שמעון דובנאָוו

# וועלט-געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק

## פֿון די עלטסטע צײַטן ביז צו דער הײַנטיקער צײַט

אין צען בענד

•

באַנד X

## די נײַסטע געשיכטע (1789—1914)

די תּקופֿה פֿון דער צווייטער רעאַקציע

ביבליאָטעק פֿון ייִוואָ

ווילנע / 1938

שמעון דובנאָוו

# די נײַסטע געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק

באַנד III

די תקופֿה פֿון דער צווייטער רעאַקציע
(1914 – 1881)

ייִדיש: ח. ש. קאַזשדאַן

ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט
היסטאָרישע סעקציע
ווילנע / 1938

דער דאָזיקער באַנד איז געוואָרן אויסגעזעצט און מאַטריצירט,
איידער עס זײַנען אָנגענומען געוואָרן די אויסלייג־תּקנות פֿון ייִוואָ

Żydowski Instytut Naukowy (Jiwo)
Yiddish Scientific Institute (Yivo)

S. DUBNOW
Historia powszechna narodu żydowskiego
w dziesięciu tomach,
tom X: Okres drugiej reakcji
World History of the Jewish People
in ten volumes,
vol. X: The Period of the Second Reaction
PRINTED IN POLAND
„Drukarnia Wydawnicza", Wilno, Kwaszelna 23

# אינהאַלט

## די תקופה צווייטע רעאַקציע (1914—1881)

### קאַפּיטל I. אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד (1900—1881)



### קאַפּיטל II. אַנטיסעמיטיזם אין עסטרייך-אונגאַרן (1900—1881)



### קאַפּיטל III. פּאָגראָמען און פאַרקנעכטונג אין רוסלאַנד
### בעת אלכסנדר III (1831—1894)

## קאַפּיטל IV. קליינע צענטרען יידנטום אין אייראָפּע ביז סוף XIX יאָרהונדערט



## קאַפּיטל V. די גרויסע איבערוואַנדערונג און נייע צענטרען אין אַמעריקע און פּאַלעסטינע (1884—1900)



## קאַפּיטל VI. נאַציאָנאַלע באַוועגונג (1897—1905)



## קאַפּיטל VII. יידן אין רוסלאַנד ביי ניקאָלאַי II ביזן סוף רעוואָלוציע 1905—1906

## קאַפּיטל VIII. די יידישע וועלט אָנהויב XX יאָרהונדערט ביז דער וועלט-מלחמה



## ביבליאָגראַפיע



## נעמען- און זאַכן-רייסטער

## קאַפּיטל 1

# אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד (1881—1900).

### § 1. די נייע אַנטיסעמיטישע רעאַקציע און אירע סיבות.

נאָך דעם אומזיניקן געשלעג פון צוויי קולטורעלסטע נאַציעס, וואָס טראָגט דעם נאָמען פראַנקאָ-פּרייסישע מלחמה, האָט מען אין 1871 אונטערגעשריבן שלום צווישן די זיגער און באַזיגטע. אייראָפּע האָט נאָך דאַמאָלסט נישט געוואוסט, אַז אינאיינעם מיט דעם ווערט פאָרויסבאַשטימט איר פּאָליטישער גורל אויף אַ האַלבן יאָרהונדערט. און אין דעמדאָזיקן מאָמענט, ווען עס איז פאַרפעסטיקט געוואָרן דער נצחון פון ברוטאַלער קראַפט, איז געבוירן געוואָרן די נייע רעאַקציע — אַ טיפערע איידער יענע, וואָס איז געקומען נאָכן ווינער קאָנגרעס פון 1815. דאַמאָלסט, נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און נאַפּאָלעאָנס אימפּעריע, איז באַשאַפן געוואָרן אַ „הייליקער בונד” פון מאָנאַרכן קעגן ליבעראַל-קאָנסטיטוציאָנעלע שטרעבונגען פון יענער צייט. אין דריי צענדליק יאָר אַרום האָבן די פרילינג-וואַסערן פון 1848 אַראָפּגעשווענקט די דאָזיקע פאַרצאמונג, און אין מיטלאייראָפּע האָט זיך איינגעשטעלט — כאָטש אַ שלעכטע — דאָך אַ קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג, וואָס האָט געבראַכט בירגער-עמאַנסיפּאַציע אויך פאַר יידן. פיל ערגער האָט זיך אַרויסגעוויזן די געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָך דער פראַנקאָ-פּרייסישער מלחמה און איז אינגאַנצן רייף געוואָרן צו די 80-ער יאָרן פונם XIX יאָרהונדערט. אירע וואָרצלען זענען געווען אין דער צווישנפעלקישער שנאה, וואָס האָט געבראַכט צום אויסבילדן צוויי אייראָפּעאישע קאָאַליציעס — דעם דריי- און צוויי-בונד, —ביידע באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס און גרייט אַ ליאַדע מינוט זיך צו וואַרפן איינער אויפן צווייטן. אין אייראָפּע האָט זיך צעבליט דער קולט מיליטאַריזם. די מלוכות האָבן געשטרעבט אַריבערצושטייגן איינע די אַנדערע מיטן פאַרמערן זייערע אַרמייען, מיטן אויסטראַכטן און פאַבריצירן געווער אויף קעגנזייטיקע אויסראָטונג. דאָס האָט מען פאַרענטפערט מיט דעם, אַז מען וויל אויסמיידן נייע מלחמות, און דאָס האָט מען גערופן — צושטאַנד פון „באַוואָפנטן שלום”.

דער קולט פון מאַרס האָט זיך געפּוצט אין אַ מאַסקע פון אַ רודף-שלום, אָבער שווער איז געווען צו באַהאַלטן אונטער דערדאָזיקער מאַסקע דאָס געזיכט פון בלוט-דורשטיקן גאָט. אַ לייבלעכער ברודער פון מיליטאַריזם — איז געווען דער אימפּעריאַליזם. אין זייער דורשט צו קאָלאָניאַלער מאַכט האָבן די „גרויסע מלוכות" זיך כסדר געיאָגט צו באַהערשן אויסער-אייראָפּעאישע טעריטאָריעס און פאַרברייטערן זייערע „ווירקונג-ספערן". דער שטרייט פאַר וועלטהעגעמאָניע האָט געוועקט קעגנזייטיקן האַס און געגרייט אַ בלוטיקע שניטצייט פאַר דער צוקונפט.

צום אויסערלעכן קאַמף איז געווען אינגאַנצן צוגעפּאַסט דער אינעווייניקסטער, וואָס האָט זיך אויך געהאַלטן אויפן רעכט פון קראַפט. אינעווייניק אין די מיליטאַריזירטע לענדער האָבן די „מלוכהשע" נאַציעס געקעמפט מיט די קלענערע פעלקער אין נאָמען פון פאַלש-פאַרשטאַנענער נאַציאָנאַלער מלוכה-איינהייטלעכקייט. דער מלוכהשער נאַציאָנאַליזם האָט געוואָלט צעגויפגיסן די בירגער פון פרעמדער אָפּשטאַמונג מיט דער הערשנדיקער נאַציע, אָנוואַרפן זיי איר שפּראַך, שול און קולטור, פּונקט ווי אַמאָל פלעגט מען אָנבינדן די פרעמדגלויביקע — די הערשנדיקע רעליגיע. דאָס געזונטע נאַציאָנאַלע געפיל איז אַלץ מער מגולגל געוואָרן אין שאָוויניזם. צום דאָזיקן אינעווייניקסטן קאַמף פון פעלקער איז נאָך צוגעקומען דער קאַמף פון קלאַסן, צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, אַ קאַמף וואָס האָט זיך אַלץ מער פאַרשאַרפט איבער דעם, ווייל מיליטאַריזם און נאַציאָנאַלע רייסערייען האָבן אָפּגעצויגן די רעגירערס אויפמערקזאַמקייט פון ברייטע סאָציאַלע רעפאָרמעס, וואָס וואָלטן געקאָנט ראַטעווען די מלוכה פון שרעקלעכע דערשיטערונגען. — אַזוי האָט מען איינצייטיק צוגעגרייט יענע אויפרייס-מאַטעריאַ‎ן, וואָס האָבן אין 1914 אַרויסגערופן די קאַטאַסטראָפע פון דער וועלט-מלחמה, און שפּעטער די שרעקן פון סאָציאַלן און בירגער-קריג, וואָס האָבן אויף לאַנג צעשטערט אייראָפּעס וואוילשטאַנד.

די נעסט פון דער „צווייטער רעאַקציע" איז געווען דייטשלאַנד. פאַרן לאַנד פון העכסטער גייסטיקער קולטור איז דער נצחון פון 1870 געווען אַ סם-המות, עס האָט איר שטאַרק געצויגן צום קולט פון „בראָנירטער פויסט". דאָס פאַראייניקן די צעשפּליטערטע דייטשע מלוכות אין אַ גרויסע מיליטערישע אימפּעריע מיט פּרייסן בראש — האָט דאָ פאַרשטאַרקט ביז גאָר דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַל-מלוכהשער איינהייט. די אידייע אַליין פון „מלוכהשאַפט" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן עפּעס אין אַ אָפּגאָט. דער אָפיציעלער געשיכטע-שרייבער פון פּרייסן — טרייטשקע האָט אין זיין בוך „פּאָליטיק" אַנטוויקלט אַ געדאַנק, אַז די מלוכה איז אַ „פּערזענלעכקייט", פאַר וועלכער „די זאָרג וועגן אייגענער אַלמעכטיקייט איז דער העכסטער מאָראַלישער געזעץ"; פאַרלייקענען דעם דאָזיקן געזעץ — הייסט „לעסטערן

דעם רוח הקודש". די צמאָליקע פאַרגעטערונג פונם מלך איז ביי דער קאָנסטיטוציאָנעלער אָרדנונג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַרגעטערונג פון דער מלוכה, דער מאָנאַרכישער אַבסאָלוטיזם — אין אַ מלוכהשן. יעדע געזעלשאַפטלעכע גרופּע מוז מקריב זיין איר אינדיווידואַליטעט צוליב דער מלוכהשער. גערמאַניזם, דייטשע קולטור, אַפילו „דייטשער גייסט" — זענען אַ חוב-זאַך פאַר אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין דער מלוכה. אויף דעם באָדן האָט די דייטשע רעגירונג, אין פערזאָן פון קאַנצלער ביסמאַרק, פאַרפירט אַ „קולטור-קאַמף" מיט דער קאָסמאָפּאָליטישער קראַפט פון קאַטוילציזם, וואָס ער איז געווען דער גלויבן פון אַ גרויסן טייל באַפעלקערונג (בייערן, פּאָליאַקן א. א.). די האַנט פונם אייזערנעם קאַנצלער האָט צעשמעטערט דעם קלויסטער-אַבסאָלוטיזם פונם „זינדריינעם" פויפּסט פּיוס IX, וואָס איז געשטאַנען אין וועג דעם קייזערלעכן אַבסאָלוטיזם. די קאַטוילן אין דייטשלאַנד האָבן געמוזט אָננעמען פאַר גוט, וואָס זייער אויטאָנאָמיע אין אַ סך בירגערלעך-רעליגיעזע ענינים איז באַגרעניצט געוואָרן (מאַי-געזעצן פון 1873). די דייטשע ליבעראַלן, און יידן בתוכם, האָבן מיטגעפּילט דעם „קולטורקאַמף", ווי דעם נצחון פון וועלטלעכקייט איבער קלעריקאַליזם. יידן האָבן נישט פאָרויסגעזען, אַז דער אייזערנער האַמער, וואָס האָט געשמידט די מלוכהשע איינהייט, וועט אויך זיי דערלאַנגען אַ שטאַרקן קלאַפּ, הגם זיי האָבן זיך געמיט צוצופּאַסן זיך צום נאַציאָנאַלן קולט פון פאַראייניקטן דייטשלאַנד.

גראָד מיטן באַשאַפן די מיליטערישע אימפּעריע איז ענדגילטיק אָנערקענט געוואָרן אויפן פּאַפּיר יידנס בירגערלעכע גלייכבארעכטונג, און זיי האָבן באַטראַכט פאַר זייער פּאַטריאָטישן חוב אונטערצוהאַלטן די נייע מלוכה-אָרדנונג. אין פּרט פון אולטראַפּאַטריאָטיזם האָבן זיי זיך באַמיט נישט אָפּצושטיין פונם געבוירענעם דייטש און גערינט דעם אָפּגאָט פון גרויס-מלוכהשקייט. דער פיליאָריקער אַסימיליר-פּראָצעס האָט שוין לאַנג אויסגעוואָרצלט פון זייערע נשמות דאָס יידישע נאַציאָנאַלע זעלבסט-באַוווסטזיין, עס פאַרביטן מיט אַ סוראָגאַט רעליגיעזער איינהייט, און אויך זי איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דורך צעשפּאַלטונגען פון אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן אין די קהילות. אָן אייגענע פאָרמען און צעשפּאָלטן אינעווייניק, האָט דאָס דייטשע יידנטום שטענדיק דעמאָנסטרירט זיין נאַציאָנאַל-פּאָליטישע איינהייט מיטן דייטשן פאָלק. מיט גרויס מי זיך דערשלאָגן צום נאָמען „שטאַטסבירגער", האָבן יידן פון אַלע מדרגות געוואָלט דערווייזן, אַז זיי זענען ווערט דעם-דאָזיקן טיטל. גלייכצייטיק האָבן זיי, פאַרשטענדלעך, געאיילט אויסצונוצן די פּרוכטן פון דער לאַנג-דערוואַרטעטער עמאַנסיפּאַציע. מיטן אָפּשאַפן די רעכטלעכע באַגרענעצן האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין יענע ספערן ווירטשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס זענען פריער געווען פאַר זיי געשלאָסן. פאַר דער האַנדלס-בורזשואַזיע האָט זיך געעפנט אַ ברייט

אַרבעט-פעלד צום אָנפאַנג די 70-ער יאָרן, ווען דאָס לאַנד, באַרייכערט צוליב דער פראַנצויזישער קאָנטריבוציע, איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון אַ „גרינדערישן" פיבער, פון קאָמערציעלער אומטערנעמערישקייט. מ'האָט געגרינדעט אַלערליי אַקציאָנערע געזעלשאַפטן, געבויט אייזנבאַנען, געקויפט און פאַרקויפט אַקציעס, ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ משוגענע בערזע-שפּיל, — אָבער סוף כל סוף האָט דערדאָזיקער מיליאַנען-טאַנץ געבראַכט צו אַ פינאַנציעלן קריזיס, וואָס האָט אומגליקלעך געמאַכט אַ גרויסן עולם אַקציע-אייגנטימער פון מיטעלן קלאַס. דאַמאָלסט האָט מען אָנגעהויבן אַרויפצעוואַרפן די שולד אויף יידן, הגם זיי האָבן זיך ביי דערדאָזיקער ספּעקולאַציע געוואָרפן אין די אויגן נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען בכלל פּראָפּאָרציאָנעל געווען שטאַרקער פאַרטראָטן אינם האַנדלסקלאַס (אין דער אמתן האָבן צווישן די אָנגעזעענע טוער פון דער בערזע און גרינדערשאַפט פיגורירט אַ סך קריסטלעכע נעמען, אַפילו טיטולירטע). אין דער געזעלשאַפט און אין דער קאָנסערוואַטיווער פּרעסע האָבן זיך אויפגעהויבן קולות וועגן אַ „גאָלד-אינטערנאַציאָנאַל", וועגן אַ כלומרשטן פאַרבאַנד פון יידישע קאַפּיטאַליסטן אין אַלע לענדער, וואָס ער איז פאַר דייטשלאַנד פּונקט אַזאַ געפאַר, ווי דער שוואַרצער און רויטער אינטערנאַציאָנאַל — דער קאַטוילישער און סאָציאַלדעמאָקראַטישער.

אַ צווייטע סיבה פאַר אומצופרידנקייט זענען געווען יידנס שנעלע דערפאָלגן אויף וויכטיקע געביטן פון מלוכהשער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. געבילדעטע יידן האָבן זיך אַלאַז געטון צו פאַרשיידענע מלוכה-אַמטן און פרייע פּראָפעסיעס, און דורך זייער באַגאַבטקייט פלעגן זיי זיך דאָרט אָפט אַרויסרוקן. באַזונדערס האָבן זיי זיך געוואָרפן אין די אויגן אין דער פּאָליטישער פּרעסע: די גרויסע ליבעראַלע צייטונגען, וואו מען פלעגט אָפט באַרירן שוואַכע פּונקטן פון דייטשן לעבן, האָבן אַרויסגעגעבן יידן, אָדער זיי האָבן געהאַט טאַלענטירטע מיטאַרבעטער פון יידישן אָפּשטאַם. הגם אינגאַנצן פרעמדע פאַר יידישע אינטערעסן (בערלינער טאַגעבלאַט, פראַנקפורטער צייטונג א. א.).

דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן אומצופרידנקייט אין פאַרשידענע קלאַסן פון דייטשער געזעלשאַפט. די אַגראַריער און יונקערס, אייניקלעך פון פעאָדאַלן, האָבן זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג צו דער נייער געלט-אַריסטאָקראַטיע, וואָס יידן האָבן אין איר פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט. די ביוראָקראַטן זענען געווען אומצופרידן מיט דעם, וואָס אין זייערע קאַנצעלאַריעס דרינגען אַריין יידישע באַאַמטע, הגם די דייטשע רעגירונגען האָבן קיינמאָל קיין יידן נישט צוגעלאָזט ווייטער פון מיטל-שטעלעס אין מלוכה-דינסט. היינט די פערזאָנען פון פרייע אינטעליגענטע פּראָפעסיעס — אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, זשורנאַליסטן — האָבן זיך דערשראָקן פאַר קאָנקורענץ. דאָרט, וואו פערזענלעכע קאָנקורענץ איז נאָך געווען פאַרבונדן מיט פאַרטייאישן פּאָליטישן קאַמף, איז

די שטימונג קעגן יידן געווען באַזונדער גרויס. „יידן האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע פרעסע" — האָבן געיאָמערט קאָנסערוואַטאָרס פון אַלע שאַטירונגען: זיי האָט געררייצט די פּאָפּולערקייט פון די ליבעראַלע צייטונגען. די קאָנסער־וואַטיווע צייטונגען (קרייצצייטונג, גערמאַניאַ) האָבן געזוען צו באַפלעקן די ליבעראַלע פרעסע אַלס אַ יידישע, נישט־נאַציאָנאַלע, הגם יידישע ליבעראַלע זשורנאַליסטן האָבן געשריבן אין לעצט־פּאַטריאָטישן גייסט.

די געזעלשאַפטלעכע יידן־פיינטשאַפט האָט גוט געשטימט מיט דער דייטשער רעגירונגס טענדענצן. נאָך דעם, ווי ביסמאַרק האָט זיך צעקריגט מיט דער ליבעראַלער פּאַרטיי, וואָס האָט אים געהאָלפן צו פאַראייניקן דייטשלאַנד, האָט זיך דער פּאַרלאַמענט־קאַמף מיט די ליבעראַלן און פּראָגרע־סיסטן געפירט זייער פאַרשאַרפט. ביסמאַרקן האָט אַלץ מער געצויגן צו די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטייען, וואָס זייער אָנשפּאַר איז געווען — קייזער ווילהעלם I, און ער האָט געמוזט אויסנוצן זייער טאַקטיק אין דער מלחמה מיטן ליבעראַליזם און דעמאָקראַטיזם, ווי מיט ריכטונגען, וואָס זענען „פרעמד דעם דייטשן גייסט". אים איז לייכטער געווען צו קעמפן מיט די פירער פון דער „ליבעראַלער אָפּאָזיציע, ריכטער און ריקערט, ווען לעבן זיי זענען געזעסן די יידן לאַסקער און באַמבערגער, דעם אייזערנעם קאַנצלערס ערגסטע שונאים אויף דער פּאַרלאַמענט־טריבונע. די רעגירונג האָט דערבײַ נישט באַדאַרפט דירעקט אַרויסטרעטן קעגן יידן, ווי דאָס האָט זיך פּראַקטיקירט אין דעספּאָ־טישן רוסלאַנד אָדער רומעניע: עס איז געווען גענוג נישט צו שטערן דער יידנפיינטלעכער פּראָפּאַגאַנדע אין דער געזעלשאַפט. דערמיט האָט מען זיך פּאַרדעקט, ווען מיניסטאָרן האָבן אָפּט עובר געווען קעגן בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג און נישט באַשטעטיקט קיין יידן אויף פאַראַנטוואָרטלעכע מלוכה־שטעלעס; אין אַזעלכע פאַלן איז געווען אַ פּאַרטיקער תּירוץ: דאָס פאָלק געטרויט נישט אַ יידישן באַאַמטן אָדער ריכטער. די אַגיטאַציע קעגן יידן האָט געטון דער רעגירונג נאָך איין טובה: דערמיט, וואָס זי האָט די ריכטונג פון סאָציאַלער אומצופרידנקייט געווענדט אויף יידישע קאַפּיטאַליסטן, האָט זי די אויפמערקזאַמקייט פון קליינבירגערלעכן און אַ טייל אַרבעטער־עולם אָפּגעצויגן פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער באַוועגונג, מיט וועלכער ביסמאַרק האָט געקעמפט דורך גרויזאַמע רעפּרעסיעס (געזעצן פון 1878).

אין דערדאָזיקער אַטמאָספער, וואָס איז געווען אָנגעזעטיקט מיט סם פון מיליטאַריזם און שאָוויניזם, האָט זיך אינם דור־דורותדיקן דייטשן יידן־האַס אַנטוויקלט אַ נייער מין, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען **אַנטיסעמיטיזם**[1].

---

1) דעמדאָזיקן טערמין האָט מען אָנגעהויבן באַנוצן ערשט פון 1879, ווען מאַרר האָט פאַרעפנטלעכט דאָס ביכל „סעמיטיזם" און געגרינדעט די „אַנטיסעמיטישע ליגע", אַזוי ווי עס וועט ווייטער דערציילט ווערן. נישט אַלע פירער פון דער באַוועגונג קעגן יידן האָבן גלייך אָנגענומען דעמדאָזיקן טערמין, אָבער אין דער געזעלשאַפט האָט ער זיך שנעל איינגעבירגערט: אַזאַ נאָמען

צונויפגעבונדן מיט דער אייראָפּעאישער „צווייטער רעאַקציע", האָט זיך דער נייער שטראָם יידנהאַס אַרויסגעוויזן אין פּאָרמען, וואָס זענען געווען ענלעך צו דער באַוועגונג קעגן יידן אין די יאָרן 1815—1819, ביים אָנפאַנג פון דער ערשטער רעאַקציע[1]). דאַמאָלסט פלעגן די יידנפיינט אַרויסטרעטן אונטערן לאָזונג אַ „קריסטלעכע מלוכה", איצטער — אונטערן לאָזונג „אַ נאַציאָנאַלע מלוכה", דאָס הייסט אַן אמת-דייטשע מלוכה, אין וועלכער קריסטלעכע קולטור ווערט אַרויסגעשטעלט ווי אַ וויכטיקער סימן. ס'איז נישט קיין צופעליקייט געווען, וואָס בראש פון דער נייער קאַמפּאַניע קעגן יידן האָט זיך געשטעלט דער הויף-פּרעדיקער אַדאָלף שטעקער, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין אַגיטאַציע אונטער דער פאָן פון רעליגיע. די „קריסטלעך-סאָציאַלע אַרבעטער-פּאַרטיי", וואָס ער האָט געגרינדעט אין בערלין אין 1878, האָט לכתחילה געהאַט דעם צוועק צו קעמפן מיט סאָציאַלדעמאָקראַטן. די העכערע קאָנסער-וואַטיווע קרייזן האָבן דעמדאָזיקן הויף-פּאַסטאָר באַגייסטערט, און ער האָט אַנט-קעגן דער געפערלעכער אַרבעטערבאַוועגונג אַוועקגעשטעלט — זיין „קריסטלעכן סאָציאַליזם", וואָס איז על-פּי דעם עוואַנגעליום און לאָזט זיך צונויפפאַסן מיט יראת-שמים, געטריישאַפט צום קייזער און פּאָליטישער הכנעה. אָבער אַרבעטער זענען אין שטעקערס פּאַרטיי נישט געגאַנגען, און זי האָט אינגיכן געמוזט אַראָפּנעמען פון איר שילד דאָס וואָרט „אַרבעטער" און זיך אָנרופן פּשוט „קריסטלעך-סאָציאַלע פּאַרטיי". אין דעם נאָמען האָט מען איצט אַריינגעלייגט אַ נייעם אינהאַלט: מען מוז בויען דאָס סאָציאַלע לעבן אויף „קריסטלעכע יסודות", וועלכע ווערן אַלץ שוואַכער אין דער געזעלשאַפט אונטערן שעדלעכן איינפלוס פון ליבעראַלן און דעמאָקראַטישן יידנטום, און דעריבער דאַרף מען פירן אַ קאַמף מיטן יידנטום. דידאָזיקע דרשות האָבן צוגעצויגן צו שטעקערן גאָר אַן אַנדער עולם, ווי דער, וואָס ער האָט פריער גערעכנט אויף אים: אין דער נייער אָרגאַניזאַציע זענען געגאַנגען האַנטווער-קער, סוחרים, אָנגעשטעלטע, אייגנטימער פון רעסטאָראַנען און ביר-האַלעס, — בכלל, יענע באַלעבאַטישע עלעמענטן, וואָס האָבן גערירשנט אַ שנאה צו יידן פונם מיטלאַלטערישן בירגערטום — מיט זיינע צעכן און גילדיעס. אָט פאַר דעם עולם האָט שטעקער געהאַלטן דרשות אין קלויסטער און אויף פאָלקס-פאַרזאַמלונגען, אַז יידן האָבן פאַרריסן די נעזער נאָכן באַקומען בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיגונג, אַז זיי קריכן דורך אין די אויבערשטע ספערן געזעלשאַפט,

איז געווען באַקוועם פאַר אַ באַוועגונג, וואָס איז געווען געריכטעט נישט אַזוי קעגן יידישער רעליגיע, ווי קעגן יידישער ראַסע, נאַציע און קולטור. דאָס וואָס טרעפט זיך זייער אָפט, אַז מען ווענדעט אָן דעם טערמין „אַנטיסעמיטיזם" צו יידנפיינטשאַפט פון אַ סך פריערדיקע עפּאָכעס, איז אַן אַנאַכראָניזם: די פאָרשטעלונג וועגן יידן, ווי אַ צווייג פון דער סעמיטישער ראַסע, אונטערשייד פון די אַריער, איז אַ פּראָדוקט פון דער נייעסטער צייט.

1) פריערדיקער באַנד ז. 2

באַקומען אַלץ אַ גרעסערן איינפלוס אויפן גאַנג פון מלוכה-לעבן, -- און אַ דעם שטעקט אַ גרויס געפאַר פאַרן גערמאַניזם. אַז בערלינער ליבעראַלע צייטונגען האָבן געמאַכט חוזק פונם הויף-פּרעדיקערס אַגיטאַציע, איז ער מיט גרימצאָרן אָנגעפאַלן אויף „די יידישע פּרעסע, וואָס פאַרפירט דאָס דייטשע פאָלק". יידן, האָט ער געטענהט, יאָגן זיך נאָך מאַטעריעלע רייכטימער, ווייל עס איז ביי זיי אַזאַ נאַציאָנאַלע מצוה; די סעמיטישע ראַסע איז אין דער נאַטור פיינטלעך צו דער אַרישער, באַזונדערס צו דעם דייטשן פאָלק, און גאָר שמד איז אימשטאַנד אָפּצווישן די שטריכן פון דערדאָזיקער ראַסע. אין אַנדערע ווידער רעדעס און שריפטן האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו שטעלן די יידנפראַגע פון ראַסן- און רעליגיעזן קוק און אַרויסגערוקט נאָר די „סאָציאַל-עטישע" זייט. בכלל, ווי אַ אידעאָלאָג, האָט שטעקער נישט פאַרמאָגט נישט קיין קלאָרקייט אין געדאַנקען, נישט קיין איינגעהאַלטנקייט אין מעשים: ער האָט זיך שטענדיק צוגעפּאַסט צו דער שטימונג און געשמאַק פון די צוהערער. אַ קלוגער פּאָליטיקער און אַ שליח פון דער הויף-רעאַקציע, האָט ער נישט געטאָרט קאָמפּראָמעטירן זיינע הויכגעשטעלטע פּראָטעזשירער מיט וואולגאַרער אַגי-טאַציע, און דערפאַר פלעגט ער זיך אויסדריקן נישט-באַשטימט, געזען נאָר צו וועקן אין גלויביקע הערצער דעם אטאוויזם פון יידנפיינטשאַפט. אַזוי פלעגט ער זיך האַלטן אויף פאַרזאַמלונגען פון דער „קריסטלעך-סאָציאַלער פּאַרטיי", אין פּרייסישן לאַנדטאַג און שפּעטער אין רייכסטאַג (פאַר אַ דעפּוטאַט האָט מען אים אויסגעקליבן אין 1879 אין לאַנדטאַג, און אין רייכסטאַג — דאָס יאָר 1881). דער אַלטער קייזער ווילהעלם I און קאַנצלער ביסמאַרק האָבן בלי ספק געשטיצט די אַגיטאַציע פונם הויף-פּרעדיקער; זיי האָבן נאָר אַכטונג געגעבן, ער זאָל נישט דערפירן צו קיין געזעלשאַפטלעכן סקאַנדאַל.

אַרויסווייזן אַנטיסעמיטיזם אין סקאַנדאַליעזע פאָרמען — דאָס האָט מען איבערגעלאָזן פאַר פרייע פאַרשוינען, וואָס זענען נישט פאַרבונדן מיט אָפי-ציעלע קרייזן. דאָס יאָר 1879 האָט זיך אויף דער סצענע באַוויזן אַ טונקעלער אַגיטאַטאָר ווילהעלם מאַרר, אַ געשמדטער זון פון אַ יידן אַן אַקטיאָר וואָס פריער האָט ער געהערט צום רעדל ראַדיקאַלע זשורנאַליסטן, אָבער פון דאָרט האָט מען אים פאַריאָגט איבער נישט קיין פיינע מעשים. האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ שאַרפן פאַמפלעט אונטערן נאָמען „דער זיג פון יידנטום איבערן גערמאַנענטום", אויפן שער-בלעטל איז געווען אַ מאָטאָ: „ווי! די באַזיגטע!" מאַרר האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן די צרות פון די „באַזיגטע" גערמאַנער און האָט אין זיין בראָשור גערופן וועגן הילף קעגן יידן די „זיגער". ער באַטראַכט, חלילה, נישט די יידנפראַגע פון רעליגיעזן שטאַנדפונקט: פאַר אים איז עס אויסשליסלעך אַ ראַסן-פראַגע אויף אַ היסטאָרישן באָדן. דעם גאַנצן סעמיטישן שבט, זאָגט ער, האָט מען אין מזרח פיינט געהאַט; האָט די האַנט פון אַמאָליקן רוים אים אַרויסגעריסן פון פּאַלעסטינע און איבערגעוואָרפן קיין אייראָפּע, און דאָ האָט ער איינגעהויבן סיסטעמאַטיש

באַהערשן די דייטשישע איינוואוינער. מאַטעריאַליסטן פון דער נאַטור, שונאים פון אַנדערע פעלקער לויט זייער רעליגיעזן געבאָט, האָבן יידן אַנטוויקלט אין אייראָפּע אינדוסטריע און האַנדל, כדי צו פאַרכאַפּן די מאַכט און אַלע רייכטימער. ווען מ'האָט זיי באַפרייט פון פאַרקנעכטונג, האָבן זיי זיך ראשית כל אַרויפגעוואָרפן אויף דייטשלאַנד און די „פאַריידישט". אין זייערע הענט ליגט דער קאַפּיטאַל און אַ גרויסע קראַפט — די פרעסע, וואָס פירט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג; זיי איז אונטערגעוואָרפן די דייטשע ליבעראַלע פּאַרטיי, זיי ווירקן אויף די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן און אינגיכן וועלן זיי געבן אַ ריכטונג דער רעגירונגס אַרבעט. יידן האָבן באַצוואונגען דייטשלאַנד, פונקט ווי אַמאָל האָבן מאַנגאָלן באַצוואונגען כינע, אָבער מאָנגאָלן האָבן זיך מיט כינעזער צונויפגעגאָסן, און יידן שטרעבן גאָר די דייטשן צו פאַריידישן: זיי זענען נישט פעאיק זיך מיט קיינעם נישט צו אַסימילירן. סעמיטיזם האָט פאַרקנעכטעט דייטשלאַנד, און אויב דייטשן וועלן נישט מאַכן יד-אחת צו באַקעמפן דידאָזיקע „סאָציאַל-פּאָליטישע געפאַר", איז דייטשלאַנדס סוף גאָר נאָענט. — דידאָזיקע סאָציאַל-פּאָליטישע משוגעת איז געקומען פון אַ מענטשן, וואָס איז נישט אַזוי אַליין געווען פאַרנאַרישט, נאָר האָט אַנדערע געוואָלט מאַכן צום נאַר; דאָך אויפן ווייניק-אויפגעקלערטן עולם האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק: זיינע אויסגעשרייען האָט מען אָנגענומען פאַר אַ סימן פון אויפריכטיקער איבערצייגונג. דעם פּאַמפלעט האָט מען געלייענט, און צו איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין עטלעכע אויפלאַגעס. אויף דער הילע פון דער בראָשור איז געווען מאַרס אַ ווענדונג צו די לעזער, זיי זאָלן קלייבן געלט אויף אַרויסצוגעבן אַ אַנטי-יידישע צייטשריפט, וואָס ער מיט אַנדערע דייטשע שרייבער נעמען אונטער. דידאָזיקע געלטזאַמלונג איז, אַפּנים, געווען דער וויכטיקסטער מאָטיוו אין דער אַגיטאַציע פונם זשורנאַליסט. וואָס איז שטאַרק בדלות געוואָרן, ווען מ'האָט אים באַזייטיקט פון צווישן די טוער אין דער „פאַריידישטער" פרעסע. אויף די צונויפגעזאַמלטע געלט האָט מאַרר אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן די „צוואַנגלאָזע אַנטיסעמיטישע העפטן" (1880). אין בערלין האָט ער אָרגאַניזירט אַן „אַנטיסעמיטישע ליגע", וואָס אירע גלידער האָבן זיך מתחייב געווען נישט צו האָבן קיינע געשעפטן מיט יידן, נישט פאַרקויפן צו זיי און נישט קויפן ביי זיי. אינגיכן האָט ער צוליב רעקלאַמע איבערגעמאַכט דעם נאָמען פון דער ליגע און זי אָנגערופן: „דייטשער רעפאָרם-בונד". דער בונד איז געווען אַזוי רעפאָרמיסטיש, אַזוי ווי שטעקערס „קריסטלעך-סאָציאַלע פּאַרטיי" — סאָציאַליסטיש. אין בערלין און אַנדערע שטעט זענען אויפגעקומען אַנטיסעמיטישע קרייזלעך, מ'האָט געדרוקט בלעטלעך און בראָשורן אין מאַרס גייסט, אין ביר-שענקען האָט מען געהאַלטן נישט קיין ניכטערע יידנהעצערישע רעדעס.

דער גאַסן-טומל איז אַריינגעדרונגען אין די קאַבינעטן צו געלערנטע, זיי האָבן אין אים פלומרשט דערקאָנט די „שטים פון פאָלק". דער ערשטער האָט זיך אָפגערופן דער אויבנדערמאָנטער בערלינער פראָפעסאָר הענריך טרייטשקע, דער אידעאָלאָג פון נייעם דייטשלאַנד, וואָס איז דורכגעזאַפט מיטן גייסט פון מלוכה-נאַציאָנאַליזם. די מגושמדיקע פראָפאַגאַנדע-מעטאָדן פון די אַנטיסעמיטן זענען פלומרשט נישט גוט געווען אין זיינע אויגן, אין תוך אָבער האָט ער די נייע באַוועגונג אַפּראָבירט, אַלס דעמאָנסטראַציע קעגן יידישער „הערשאַפט". — סוף 1879 האָט טרייטשקע פאַרעפנטלעכט צוויי אַרטיקלען אין די „פרייסישע יאָרביכער", וואָס ער האָט רעדאַקטירט: ער האָט דאָ אין אַ „וויסנשאַפטלעכער" פאָרם אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס מאַרר האָט געטאָן אין פאָרם פון אַ פאַשקוויל. דאָס יידנטום איז, נאָך דער מיינונג פונם אָפיציעלן פרייסישן היסטאָריקער, בפירוש אַ געפאַר פאַר דייטשלאַנד. „דורך אונזער מזרח-גרענעץ — זאָגט ער מיט בייזער איראָניע — שלאָגט זיך צו אונז דורך יערלעך פונם יידן-נעסט אין פוילן, וואָס איז נישט אויסצושעפן, אַ מאַסע יינגע און אונטערנעמערישע פאַרקויפער פון הויזן; זייערע קינדער וועלן עס אַמאָל זיין די באַלעבאַטים פון דער דייטשער בערזע און דייטשע צייטונגען. און אַלץ ערנסטער ווערט די פראַגע, צי וועט דאָסדאָזיקע פרעמד פאָלק זיך קענען צונויפגיסן מיט אונזער נאַציע". ווייטער ווערט אויפגעקלערט, אַז אויב די געקומענע יידן קאָנען נישט, איז די אָרטיקע — ווילן נישט ווערן דייטשן, „פראָסט און פשוט זיך אָנהויבן פילן פאַר דייטשן", זיי האַלטן זיך גאָר פאַר אַן אויסדער-וויילטע ראַסע, וואָס שטייט העכער פונם „דייטשן גוי". אַ באַווייז דערצו איז: דער יידישער היסטאָריקער גרעץ רעדט אָן שום דרך ארץ וועגן קריסטנטום און וועגן דייטשלאַנדס גרויסע מענער פון לוטערן ביז געטע און פיכטע (דאָס איז ווען ער רעדט וועגן די יידנפיינטלעכע המצאות פון דידאָזיקע גרויסע לייט). גאָר גרויסע האַרצווייטיק האָט דער געלערנטער פרייסישער שאָוויניסט פון דעם, וואָס יידן „האָבן פאַרכאַפט אין זייערע הענט" די טעגלעכע צייטונגען און אַזוי אַרום געוואָרן די פירער פון געזעל-שאַפטלעכער מיינונג. די ליבעראַלע און ראַדיקאַלע יידישע זשורנאַליסטן גייען אין די דרכים פון זייער פאָטער בערנע, וואָס האָט „דער ערשטער איינ-געפירט אין אונזער זשורנאַליסטיק די אומפאַרשעמטע מאַניער צו רעדן וועגן פאָטערלאַנד אָן שום יראת הכבוד, אַזוי ווי איינער וואָס שטייט פון דרויסן און געהערט נישט צו דעם זעלבן פאָטערלאַנד". נאָך דער עמאַנסיפּאַציע קריכן יידן אויף די ערשטע פלעצער מיט חוצפה, „פאָדערן פאַר זיך גלייכ-קייט ממש, זיי פאַרגעסן, אַז דייטשן זענען אַ קריסטלעך פאָלק און יידן זענען צווישן זיי אַ מינדערהייט". דערפאַר איז „נאַטירלעך, ווען דאָס דייטשע פאָלקסגעפיל רעאַגירט קעגן דעם פרעמדן עלעמענט, וואָס האָט אין

אונזער לעבן פֿאַרנומען אַ צו ברייט אָרט״. די באַוועגונג קענען יידן פֿאַרכאַפּט פֿאַרשידנסטע שיכטן דייטשער געזעלשאַפֿט. די אַלע פּראָטעסט־שטימען גיסן זיך צונויף אין איין געשריי: „יידן — דאָס איז אונזער אומגליק״. ווענן אָפּשאַפֿן גלייכבאַרעכטיגונג קאָן, פֿאַרשטייט זיך, קיין רייד נישט זיין, אָבער יידן דאַרפֿן זיך באַדענקען און ביי זיך פּועלן צו ווערן אמתע דייטשן, איידער „איבערמאַכן די האַרטע דייטשע קעפּ אין יידישע״. אין אַ צווייטן אַרטיקל דריקט זיך אויס טריטשקע נאָך אָפֿנהאַרציקער. ער ציטירט שטעלן פֿון גרעצס „יידישע געשיכטע״ און ער זעט אין זיי איין אַ פּרעטענזיע, אַז אינמיטן דער דייטשער נאַציע זאָל אָנערקענט ווערן אַ יידישע, און ער רופֿט אויס: „אויף אַזאַ פּרעטענזיע וועט יעדער דייטש, וואָס קריסטנטום און נאַציע זענען פֿאַר אים אַ הייליקייט, ענטפֿערן קורץ: קיינמאָל נישט. אונזער מלוכה האָט אַלע מאָל אין יידן געזען נאָר אַ רעליגיעזע געמיינשאַפֿט און בירגערלעכע גלייכשטעלונג האָט זי זיי געגעבן, ווייל זי האָט גערעכנט, אַז יידן וועלן זיך אויסגלייכן (נאַציאָנאַל צונויפֿגיסן) מיט זייערע מיטבירגער. אויב אָבער דאָס יידנטום וועט פֿאָדערן, מ׳זאָל אָנערקענען זיין נאַציאָנאַליטעט, דאַן ווערט צעשטערט דער רעכטלעכער יסוד פֿון דער עמאַנסיפּאַציע. כדי צו דערפֿילן אַזאַ פֿאַרלאַנג, בלייבט נאָר איין וועג: אויסוואַנדערן און גרינדן אַ יידישע מלוכה ערגעץ־וואו אין אויסלאַנד. אויף דייטשער ערד איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר אַזאַ טאָפּל־נאַציע״...

אין דידאָזיקע האַרטע ווערטער איז געקומען צום אויסדרוק דער גאַנצער טראַגישער מהות פֿון יידישן פּראָבלעם. פֿאָרמעל איז דאָך טריטשקעס געווען גערעכט: ווען יידן וואָלטן באמת געפֿאָדערט, זייער נאַציאָנאַליטעט זאָל אין דייטשלאַנד אָנערקענט ווערן, וואָלטן זיי געדאַרפֿט אָנווערן די בירגערלעכע רעכט, וואָס מ׳האָט זיי געגעבן מיטן תּנאי אינגאַנצן זיך אָפּצוזאָגן פֿון אייגענער נאַציע. דער גייַער יידנפֿיינטלעכער אָנפֿאַל איז געווען אומגערעכט, אויף וויפֿיל די אַסימילירטע דייטשע יידן האָבן זיך אויפֿריכטיק צוגערעכנט נישט צו דער יידישער, נאָר צו דייטשער נאַציע און זיך מיט אַלע כּוחות געמיט דאָס צו דערווייזן. אַזעלכע גייסטיקע נאַציאָנאַליסטן, ווי גרעץ, זענען געווען אַ זעלטענער אויסנאַם ביי פֿאָרשטייער פֿון דייטשן יידנטום, און אַפֿילו דער גרויסער היסטאָריקער אַליין האָט זיך אויך קיינמאָל נישט באַשלאָסן צו שטעלן אַ פֿאָדערונג פֿון מלוכהשער אָנערקענונג פֿאַר דער יידישער נאַציע. דער טראַגיזם פֿון דער לאַגע האָט טאַקע געשטעקט אין דעם פֿאַטאַלן שקר, וואָס יענע עפּאָכע האָט אים געמאַכט פֿאַר אַ תּנאי פֿון עמאַנסיפּאַציע, אין דעם דעספּאָטיזם פֿון אַ הערשנדיקער נאַציע, וואָס אויך אין נייעם דייטשלאַנד האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר געזעצלעך, וואָס האָט געלאָזט מיט געוואַלט פֿאַרדייטשן דאָס פּוילישע פּויזן, און יידן פֿאַרווערט אַפֿילו צו האַלטן זיך פֿאַר אַ נאַציע, אויב זיי ווילן נישט אָנווערן בירגערלעכע רעכט...

קיין ווירדיקן ענטפער האָט דער אידעאָלאָג פונם דאָזיקן נאַציאָנאַליזם נישט באַקומען נישט פון יידן, נישט פון פּראָגרעסיווערע קריסטן. איינער פון דייטשלאַנדס בעסטע יידן, אַן אידעאַליסט און באַגייסטערטער פאַרערער פון עטישער יידישקייט, מ. לאַצאַרוס האָט זיך אויף די ערשטע אַנטי-סעמיטישע אַרויסטרעטונגען אָפּגערופן מיט אַ מעלדונג, אַז דייטשע יידן זענען סיי מיט דער שפּראַך סיי מיטן באַוואוסטזיין — דייטשן פון יידישן גלויבן, כמעט ווי דייטשן-קאַטוילן צווישן פּראָטעסטאַנטן[1]. דערויף האָט טריטשקע געטענהט, אַז פּראָטעסטאַנטיזם און קאַטוילציזם זענען אָפּצווייגן פון קריסטלעכן גלויבן און קאָנען זיך איינלעבן אין דייטשנטום, יידנטום איז אָבער אָרגאַניש פרעמד. פון דער אַנדערער זייט האָט דער ליבעראַלער היסטאָריקער מאָמזען[2] פאַרגעוואָרפן זיין בערלינער אוניווערזיטעט-קאָלעגע טריטשקע, אַלמאַי ער צעבלאָזט אין פאַרייניקטן דייטשלאַנד די נאַציאָנאַלע ליידנשאַפטן, אָבער דאָך פאַר יידן, האָט ער געהאַלטן, איז אַ הייליקער חוב — זיך איינגאַנצן צעשמעלצן אין דייטשן פאָלק. ער געפינט, אַז דייטשע יידן דערפילן אָרנטלעך זייער אָפּמאַך וועגן אַסימילירן-זיך, און ער לייגט גרויסע האָפנונגען אויף די חתונות צווישן יידן און קריסטן — אַ זאַך, וואָס טרעפט אַלץ אָפטער: „אינם צוזאַמענשמעלץ, פון וועלכן עס פאָרמירט זיך דאָס דייטשע מעטאַל, איז זייער נוצלעך אַ צומיש פון עטלעכע פּראָצענט פאָלק-ישראל". מאָמזען פאַרשטייט נאָר נישט, פאַרוואָס שמדן זיך נישט יענע פריידענקנדיקע יידן, וואָס אָנערקענען נישט אויך זייער גלויבן; קריסטנטום — ווייזט ער אָן — באַטייט דאָך היינט נישט דאָס וואָס אַמאָל: עס איז נאָר אַ טערמין אויף צו באַצייכענען אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע, און ווער עס שטייט צו צו איר — מוז כאָטש פאָרמעל צושטיין אויך צו קריסטנטום, אויב ער וויל נישט פאַרנעמען אַ צווייטדייטיקע לאַגע. „אַריינטרעטן אין אַ גרויסע נאַציע — מוז קאָסטן קרבנות". אַזאַ קרבן ברענגען אויך סיי די האַנאָווערער סיי העסענער און שלעזוויג-האָלשטיינער, ווען זיי גיסן זיך צונויף אין איין נאַציע; אַזוי דאַרפן טאָן אויך יידן, אויב זיי ווילן נישט זיין אַן „עלעמענט פון דעקאָמפּאָזיציע". אַנדערש האָט נישט געקאָנט רעדן דער געשיכטע-שרייבער פון אַמאָליקן רוים: אין זיין קלאַסיש ווערק האָט ער געטאַדלט די העראָאישע יידישע מלוכה, וואָס האָט געצאַפּלט אין די נעגל פון רוימישן אָדלער — דערפאַר, וואָס זי האָט זיך נישט געלאָזט איינשלונגען דעם אַלוועלטלעכן רויבער לויטן ביישפּיל פון אַנדערע מזרח-נאַציעס.

אַ מער אויסגעהאַלטענער און ברענענדיקער אידעאָלאָג פון אַנטיסעמיטיזם איז געווען דער פילאָזאָף דיורינג, אַ באַגאַבטער בלינדער מיט אַ קרענקלעכן ליידנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס איז ווייניקער פאַר אַלץ געווען „פילאָזאָפיש".

1) פריערדיקער באַנד, § 36.

2) אין אַ בראָשור „אויך אַ וואָרט איבער אונזער יידנטום", בערלין 1880.

פאַרביטערט קעגן גאַנצן יידנטום דערפאַר, וואָס אייניקע פון זיינע יידישע קאָלעגן אין פּראָפעסאָרן־ראַט פון בערלינער אוניווערסיטעט האָבן צוגעהאָלפן אויסשליסן אים פון לערער־באַשטאַנד, האָט ער זיך נישט איין מאָל אַרויסגעזאָגט אין גייסט פון לעצט־„אָרגאַנישן אַנטיסעמיטיזם.“ דאָס יאָר 18־0 האָט ער אָנגעשריבן אַ ווערק: „די יידן־פראַגע, ווי אַ פראַגע פון ראַסע, מאָראַל און קולטור“. דאָס יידישע פאָלק איז, נאָך דיורינגס מיינונג, דער ערגסטער אָפּצווייג פון דער סעמיטישער ראַסע, וואָס דער רוימישער היסטאָריקער נאָך — טאַציטוס האָט אים געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט (פאַרקערט, די אַמאָליקע גערמאַנער האָט ער געלויבט). אָט דידאָזיקע העסלעכע מענטשן־ראַסע האָט דער וועלט גאָרנישט געגעבן, נאָר אַלץ פאַרנומען ביי אַנדערע פעלקער. איר ציל איז — הערשן איבער דער וועלט, עקספּלואַטירן אַלע פעלקער, אויסנוצן אַלע פּאָליטישע אומשטענדן צוליב אייגענעם נוצן. דער רעליגיעז־עטישער וועלטקוק פון תנ״ך שטייט נידעריקער נישט נאָר פון העלעניזם, נאָר אויך פון דער אַלט־גערמאַנישער מיטאָלאָגיע. חוץ שפּינאָזען, טויג צו גאָרנישט אויך דו שאַפונג פון די יידישע דענקער אין דער נייער צייט. יידן אין דער דייטשער ליטעראַטור — דאָס זענען סקאַנדאַליסטן און ציניקער: אַזעלכע זענען בערנע, היינע, מאַרקס; אַפילו לעסינג דער דייטש־יודאָפיל איז אַ ליטעראַרישע נישטיקייט און באַרימט געוואָרן איז ער בלויז דערפאַר, וואָס יידן האָבן ראַשיק רעקלאַמירט זיין „נאַטאַן דער חכם“— די אידעאַליזאַציע פונם יידן. זייערע אַנטיסאָציאַלע אייגנשאַפטן ברענגען אַ באַזונדערן שאָדן אין פּאָליטישער טעטיקייט און פרעסע. און דערפאַר דאַרף די נאָענסטע אויפגאַבע פון דער מלוכה זיין — אַרויסשטופּן יידן פון מלוכה־אַנשטאַלטן, פרעסע, שול, ווירטשאַפטלעבן; מ׳דאַרף אַפילו זיין קעגן געמישטע חתונות, כּדי אויסצומיידן דאָס „בלוט־פאַריידישן“, — הכלל, צווישן יידנטום און דייטשנטום דאַרף מען באַשאַפן אַ צוים, נישט אַריבערצושפּאַנען. אַזוי האָט דיורינג, אַן אָפענער מאַניאַק, אויפגעשטעלט אַ פילאָזאָפישע דאָקטרינע פון זיין פאַרפאָלגונגס־מאַניע לגבי יידן. די הנחות פון שטעקער און טריייטשקע האָט ער דערפירט צו העסלעכע עקסטרעמען, און ער איז דערפאַר געקומען צום טאָפּלט־אַנטיסעמיטישן פּועל־יוצא: אַז אויך פולע אַסימילאַציע וועט יידן נישט ראַטעווען, ווייל זייער צעשמעלצן אין דייטשן פאָלק וועט נאָר פאַרטרייבן די קרענק אינעווייניק און פאַרוואַנדלען די טעווטאָנען אין אַ האַלב־יידישע ראַסע. דער איינציקער אויסוועג איז — באַשאַפן פאַר דערדאָזיקער „נידריקער ראַסע“ אַ נייעם גלות־מצרים, דערפירן יידן ביזן גראַד פון פאַריעַר.

אַזוי האָט זיך אין דייטשלאַנד פון סוף XIX יאָרהונדערט איבער־געחזרט די באַוועגונג, מיט וועלכער ס׳האָבן זיך אויסגעצייכנט זיינע ערשטע יאָרצענדליקער. זי האָט זיך איבערגעחזרט אין אַן ערגערער פאָרם און איז געוואָרן אַסך אינטענסיווער. ריוס, פריס און פאַולוס זענען תחית־המתים אויפגעשטאַנען אין די געשטאַלטן פון שטעקער, מאַרר און טריייטשקע;

דיורינגס משוגעת-אַנטיסעמיטיזם האָט גאָר קיין פאַרגלייך נישט געהאַט אין דער פאַרגאַנגענהייט, סיידן מ'זאָל רעכענען די טעאָריע פונם שמירער הונדט — ראַדאָווסקי¹). אינגיכן האָט זיך אויך איבערגעחזרט דאָס פּאָגראָמען-העפּ-העפּ פון 1819: דאָס זענען די געשעענישן פון 1881, אַ יאָר, וואָס איז געבליבן אַ פּאַטאַלע דאַטע אין דער געשיכטע פוןביידע טיילן אייראָפּעאישן יידנ-טום — מערבדיקן און מזרחדיקן.

## § 2. די אַנטיסעמיטישע פּעטיציע און פּאָליטישער קאַמף (1880—81).

אין דער צייט פון דער ערשטער רעאַקציע, אָנפאַנג XIX יאָרהונדערט, איז דאָס הויפּט-געווער אין דער פּראָפּאַגאַנדע קעגן יידן געווען ליטעראַ-טור, ביכער אָדער בראָשורן; טעגלעכע פּרעסע איז נאָך דאַמאָלסט וויי‍ניק אַנטוויקלט געווען, קיין פרייהייט פון פּאָליטישע פאַריינען און פאַרזאַמלונגען איז נישט געווען, עס האָט געפעלט אויך דער פּאַרלאַמענט-אַפּאַראַט. איצט, אין קאָנסטיטוציאָנעלן דייטשלאַנד סוף XIX יאָרהונדערט, האָבן זיך די וועגן פון קאַמף פאַרברייטערט: מ'האָט געקאָנט אַגיטירן אי בעת פּאַרלאַמענט-וואַלן, אי אין די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן גופא — אינם רייכסטאַג און אין די לאַנדטאַגן פון באַזונדערע לענדער, ווייטער אין געזעלשאַפטן, פאַריינען און פאָלקספאַרזאַמלונגען, היינט אין דער טעגלעכער פּרעסע, וואָס איז זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן און בּאַקומען אַ באַדייט פון אַ „גרויסמאַכט". די יידנפיינט פון דער נייער פאָרמאַציע — די „אַנטיסעמיטן" האָבן אַלע כּלי-זיין פון אַגיטאַציע גענוצט, און די אַרבעט פון די שטעקערס און מאַררס האָט געבראַכט אירע פּירות. נאָך שטעקערן איז נאָכגעגאַנגען אַ מער מיושב-דיקער עולם, וואָס האָט זיך געוואָלט דערשלאָגן, מען זאָל יידן באַגרענעצן זייערע בירגערלעכע רעכט, דורכן באַאיינפלוסן דעם פּאַרלאַמענט און רעגי-רונג. נאָך מאַררן און זיין „אַנטיסעמיטישער ליגע" איז געגאַנגען די גאַס — קליינבירגער און הענדלער. ביי זיי האָט אויסגענומען דער רוף צו באַקעמ-פירן יידן. דער דאָזיקער עולם האָט געטומלט אויף אַנטיסעמיטישע פאַר-זאַמלונגען, געמאַכט סקאַנדאַלן אין רעסטאָראַנען — מ'פלעגט באַליידיקן און אַרויסוואַרפן באַזוכער פון יידישן טיפּ; עס פלעגט אויך קומען צו צוזאַמענ-שטויסן אויפן גאַס און אין די וואַגאָנען פון שטאָטבאַן. די מאָדע-באַוועג-גונג האָט פאַרכאַפּט אויך אַ גרויסן טייל דייטשער סטודענטנשאַפט, — יענע לוסטיקע יונגען, וואָס דער גאַנצער זינען פון סטודענטישן לעבן

1) זע פריערדיקן באנד, § 2.

זענען פאַר זיי געווען — טומלדיקע הוליאַנקעס, מאַכן אַ כוסה און דועלן. אין בערלין האָט זיך געבילדעט אַ „פאַריין פון דייטשע סטודענטן", וואָס זיינע מיטגלידער האָבן זיך מתחייב געווען נישט צו האָבן קיין שום באַציאונגען מיט קאָלעגן-יידן און נישט-זעלטן פלעגן זיי זיי באַליידיקן אין די ווענט פון אוניווערסיטעט. אָפט פלעגן די באַליידיקטע אַרויסרופן די קעגנער אויף אַ דועל און די זאַך פלעגט זיך ענדיקן מיט בלוט. אַפילו צווישן גימנאַזיסטן האָבן זיך באַוויזן קליינע אַנטיסעמיטן: דער אָפּענער מיטגעפיל פון לערער-פערסאָנאַל פלעגט זיי צוגעבן קוראַזש. איינער אַ לערער פון אַ גימנאַזיע אין בערלין, ה ע נ ר י צ י, האָט געהאַלטן אויף פאַלקספאַרזאַמלונגען פלאַמענדיקע יידנהעצערישע רעדעס. דער ליבעראַלער שטאַט-ראַט האָט געפונען, אַז אַזאַ פעדאַגאָג קאָן נישט דערציען קיין אָרנטלעכע בירגער, און מ'האָט אים פון זיין פאָסטן באַזייטיקט, — דאָס האָט אָבער העגריציס פאָפּולערקייט נאָך גרעסער געמאַכט צווישן אַנטיסעמיטן, און זיין אַגיטאַטאָרישן פייער פאַרשטאַרקט. די אַלע סקאַנדאַלן האָט מען גע- פּראָוועט אונטער דער פאָן פון פּאַטריאָטיזם, אין נאָמען פון ליבע צו גאָט, קייזער און פאָטערלאַנד. אַנטיסעמיטישע פאַרזאַמלונגען פלעגן שיקן באַגרי- סונג-דעפּעשן אין פּאַטריאָטישן גייסט צום קאַנצלער ביסמאַרק און באַקומען פון אים ליבע-ענטפערס. דער סוד פון דידאָזיקע קעגנזייטיקע חנדלען האָט געשטעקט אינם „רעפּטיליען-פאָנד", וואָס פון אים האָט דעם קאַנצלערס דעפּאַרטאַמענט געטיילט נישט קיין עפנטלעכע סובסידיעס צייטונגען פון „פּאַטריאָטישן" שניט. אויף דידאָזיקע געלט האָט מען עס, אַפנים, אַרויס- געגעבן די שפּאָגל-נייע אַנטיסעמיטישע בלעטלעך און בראָשורן, וואָס אָן הילף פון דרויסן האָבן זיי זיך נישט געקאָנט פאַרשפּרייטן.

דער ערשטער פּאָליטישער אַקט פון די אַנטיסעמיטן איז געווען — דערלאַנגען אַ קאָלעקטיווע פּעטיציע דעם רייכסקאַנצלער. דערדאָזיקער אַקט איז אַרויס פון שטעקערס חדר, זיין ציל איז געווען: פון איין זייט אונטערהאַלטן די פּרייסישע רעגירונג אין איר רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון דער צווייטער — אַנטוויקלען אַ ברייטע אַגיטאַציע ביים קלייבן אונטער- שריפטן אונטער דער פּעטיציע. די פּעטיציע-קאַמפּאַניע האָט זיך געצויגן כמעט אַ גאַנץ יאָר (1880 און אָנהויב 1881). אין דעם אַריינפיר צו דער פּעטיציע זענען געווען קלאָר פאָרמולירט אירע מאָטיוון:

„שוין לאַנג זענען די מוחות פון פּאַטריאָטן אין אַלע שטאַנדן און פּאַרטייען זייער באַאומרואיקט צוליב דעם, וואָס עס וואַקסט די הערשאַפט פונם יידישן טייל באַפעלקערונג. די אַמאָליקע האָפנונגען, אַז די סעמיטישע עלעמענטן וועלן זיך צונויפגיסן מיט די גערמאַנישע, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלשע, הגם יידן איז געגעבן געוואָרן פולע גלייכבאַרעכטיגונג. איצט האַנדלט זיך עס שוין נישט וועגן גלייכשטעלן יידן מיט אונז, נאָר ביכער וועגן דעם, וואָס צוליב דער אויבערהאַנט פון יידנטום וועלן אונזערע נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס פאַרקלענערט. די אַלץ וואַקסנדיקע ווירקונג פונם דאָזיקן פאָלק שטאַמט פון ראַסן-אייגנשאַפטן, וואָס די דייטשע נאַציע וויל נישט און קאָן נישט איבערנעמען אָן

ניטערע פאָלגן פאַר זיך. די סכנה איז פאַראַן, און אַ סך האָבן זי שוין באַמערקט. דער דייטשער אידעאַל פון ריטערטום, ערנטלעכקייט, אמתער רעליגיעזקייט, ווערט אויסגעלאָשן, ער טרעט אָפּ דאָס פּלאַץ דעם נאָכגעמאַכטן ייִדישן אידעאַל... אָנשפּאַרנדיק זיך אויף די עקזיסטירנדיקע געזעצן, וואָס זענען גינסטיק פאַר די אינטערעסן פון קאַפּיטאַליסטן און אַנשטאַנען אונטערן איינפלוס פון ייִדן; אויסנוצנדיק רייכטימער, וואָס זיי האָבן דערוואָרבן דורך געשיקטער און געוויסנלאָזער עקספּלואַטאַציע, וואָכער, בערזנשפּיל, אַקציען- און באַנק-אָפּעראַציעס; באַשאַפנדיק די געזעלשאַפטלעכע מיינונג מיט הילף פון געוויסנלאָזער און אונטערגעקויפטער פּרעסע, — האָט די ייִדישע ראַסע אויף אַזוי פיל באַוויזן צו פאַרשפּרייטן איר פאַרדאַרבנדיקע ווירקונג, אַז עס ווערט אַן ערנסטע סכנה ניט נאָר פאַר די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטנישן און וואוילשטאַנד פון דייטשן פאָלק, נאָר אויך פאַר זיין קולטור און רעליגיע, פאַר זיינע טייערסטע פּאָליטישע און גייסטיקע ווערטן. דידאָזיקע סכנות וועלן וואַקסן, ווילאַנג מ'וועט לאָזן ייִדן מאַסנווייז אַריינדרינגען אין די פרייע פּראָפעסיעס און, דערעיקרשט, פאַרנעמען מלוכה-שטעלעס, וואָס פריער זענען זיי פאַר זיי געווען פאַרמאַכט און אויף ווייטער דאַרף מען זיי אויך פאַרמאַכן. מיט קלאָגן-זיך אין דער הויך, מעלדן פּראָטעסטן און פאַרלאַנגען — וועט מען דאָ גאָרנישט העלפן. ייִדנטום — איז אַ פאַקטישע מאַכט, וואָס נאָר מיט רעאַלע מיטלען פון מלוכה-מאַכט קאָן מען עס באַצווינגען. דאָ קומען אין באַטראַכט קודם כל רעפאָרמען און דערגאַנצונגען צו דער געזעצגעבונג, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט, אַז ייִדן אָדער דייטשן, וואָס האָבן זיך אָנגעשטעקט מיטן ייִדישן גייסט, זאָלן עקספּלואַטירן און פאַרדאַרבן דאָס דייטשע פאָלק. יעדעס פאַרשפּעטיקן איז אַ סכנה."

אויפן גרונט פון דידאָזיקע מאָטיוון, אין וועלכע ס'האָט געשטעקט טרייטשקעס אָדער שטעקערס האַנט, האָבן די פּעטיציאָנערן דערלאַנגט דער רעגירונג אַזעלכע פאָדערונגען: 1) באַגרענעצן דאָס אַריבערפאָרן פון ייִדן אויס אַנדערע לענדער קיין דייטשלאַנד; 2) באַזייטיקן ייִדן פון אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע מלוכה-שטעלעס און ניט צולאָזן זיי אין געריכט אַלס זעלבסשטענדיקע ריכטער; 3) כדי איינהאַלטן דעם קריסטלעכן כאַראַקטער פון דער פאָלקסשול, צולאָזן אַהין נאָר לערער — קריסטן אַפילו אין דעם פאַל, אויב די שול באַזוכן אויך ייִדישע קינדער; ווייטער, אין מיטלע און העכערע לערנאַנשטאַלטן קאָן מען צולאָזן צום אונטערריכטן לערער — ייִדן נאָר אין באַזונדער-מאָטיווירטע אויסנאַם-פאַלן; 4) צוריק איינשטעלן אַ באַזונדערע אָפיציעלע סטאַטיסטיק פאַר ייִדן אין דייטשלאַנד.

די פּרייסישע רעגירונג האָט געמוזט הנאה האָבן פונם אינהאַלט פון דערדאָזיקער פּעטיציע: זי האָט דאָך אויך אָן דעם אין דער פּראַקטיק געבראָכן דעם קאָנסטיטוציע-אַקט וועגן גלייכבאַרעכטונג אין יענע געביטן פון מלוכה-דינסט, אויף וועלכע די פּעטיציאָנערן האָבן אָנגעוויזן. דער רעאַקציאָנערער קולטוסמיניסטער פּוטקאַמער האָט פאַרווערט צו באַשטימען ייִדן פאַר לערער אין גימנאַזיעס; אין אַנדערע מיניסטעריומס האָט מען ייִדישע קאַנדידאַטן, אַפילו די גאָר פּעאיקסטע, צוגעלאָזט געוויינלעך נאָר צו נידריקע שטעלעס. די ייִדן-עמיגראַציע פון פּוילן און רוסלאַנד האָט די פּרייסישע מאַכט פון תמיד געשטערט, און די פּעטיציע האָט נאָר געקענט געבן די געלעגנהייט צו פאַרשטאַרקן דידאָזיקע רעפּרעסיעס; אין עטלעכע יאָר אַרום

האָט ביסמארק טאקע אזוי געטאָן: פון פרייסן האָט מען אָן רחמנות ארויס־געטריבן מאסן פויליש־רוסישע יידן, וואָס האָבן שוין לאנג דאָרט זיך באזעצט. אויב מ׳זאָל משפטן נאָכן נוסח פון דער פעטיציע, איז ביי די, וואָס האָבן זי אינספּירירט, געווען נאָך ווייטער גייענדיקע כונות — איינגאנצן אָפּצושאפן דעם עמאנסיפּאציע־אַקט פאר יידן; וויסנדיק אָבער דער רעגירונגס שטימונג, האָבן די פעטיציע־איניציאטאָרס פון שטעקערס חדר געהאלטן פאר נויטיק דערווייל זיך צו באגרענעצן מיט „באשיידענע" פאָדערונגען, וואָס לאָזן זיך באפרידיקן „אין אדמיניסטראטיווער אָרדנונג", ד. ה. אָן באטראכטן זיי אין פארלאמענט, וועלכער איז דאָך מחויב צו שטיין אויף דער וואך פון דער קאָנסטי־טוציע. דעם טעקסט פון דער פעטיציע האָט מען אין צענדליקער טויזנט עקזעמפּלארן צעשיקט איבער אלע דייטשישע שטעט. אומעטום האָט מען אַקטיוו געזאמלט אונטערשריפטן אונטער איר, און אין צוזאמענהאנג מיט דעם געפירט א הפקרותדיקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאציע. אין א באגלייט־שריפט צו דער פעטיציע האָט זיך דערציילט, אז ביסמארק און די פרייסישע רעגירונג זענען מסכים מיט די דאָזיקע פאָלקס־פארלאנגען. דערי־בער האָט די אָרטיקע אדמיניסטראציע, כדי צו נושא־חן זיין ביי דער מאכט, נישט נאָר נישט געשטערט צו פארשפּרייטן די פעטיציע, נאָר גאנץ אָפט אויך אליין זיך אונטער איר אונטערגעשריבן און צוגערעדט דערצו זייערע אונטערגעוואָרפענע. ביז גאָר שטרענג צו דער פּאָליטישער פּראָפּא־גאנדע פון לינקע ראדיקאלן און באזונדער סאָציאליסטן, האָט זיך אָבער די פרייסישע פּאָליציי מיט אָפענעם מיטגעפיל באצויגן צו די „פּאטריאָטישע" מאניפעסטאציעס, מיט וועלכע מ׳האָט באגלייט דאָס פארשפּרייטן די אנטי־סעמיטישע פעטיציע, כאָטש זי איז געווען געווענדעט קעגן די גרונט־געזעצן.

קעגן אזא אונטערגראָבן די קאָנסטיטוציע און פרעדיקן בירגערקריג האָבן די ליבעראלן פּראָטעסטירט. א גרופּע אָנגעזעענע פאָרשטייער פון בערלינער געזעלשאפט האָט אין די צייטונגען פארעפנטלעכט (12 נאָוועמ־בער 1880) א ווארעם אָנגעשריבענע דעקלאראציע, אין וועלכער זי האָט די נייע באוועגונג קעגן יידן אָנגערופן: „דייטשלאנדס נאציאָנאלע חרפה".[1] אין דעם אויפרוף איז געווען געזאָגט, אז די אנטיסעמיטישע אַגיטאציע איז א סכנה, אז דייטשלאנדס נאציאָנאלע אייגהייט, וואָס איז מיט אזא שוועריקייט דערגרייכט געוואָרן, זאָל צעבראָכן ווערן, ווייל זי איז געווענדעט קעגן אזעלכע מיטבירגער, „וואָס האָבן אָרענטלעך און מיטן גאנצן הארצן זיך באמיט, אין אייניקייט מיט דער גאנצער נאציע, פטור צו ווערן פון זייערע אייגנטימלעכקייטן". א כוואליע פינסטערניש פון מיטלאלטערלעכע צייטן גייט אויף דייטשלאנד, א כוואליע ראסן־שנאה און פאנאטיזם. „לעסינגס גע־

1) קרוינפּרינץ פרידריך III, דער איינציקער האָהענצאלער, וואָס די רעאקציע האָט אים נישט פארכאפּט, — האָט אויך אין א פּאָליטישן שמועס געמאָלדן, אז ער האלט אנטיסעמיטיזם פאר „דער חרפה פון XIX יאָרהונדערט".

באַטן טרעטן מיט די פיס יענע, וואָס וואָלטן פון באַלעמער און קאַטעדרע געדאַרפט אויפקלערן, אַז אונזער קולטור איז שוין בייגעקומען די אַמאָליקע אָפּגעזונדערטקייט פון יענץ פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט די אידעע פון עבודת הבורא". די דעקלאַראַציע ענדיקט זיך מיט אַ רוף צו דער געזעלשאַפט: „אַ סוף מאַכן צו דער מהומה און אָפּקערן די נאַציאָנאַלע שאַנדע, איינשטילן די קינסטלעך צעהיצטע לײדנשאַפטן" און איינשטעלן בירגער־שלום אין לאַנד. די דעקלאַראַציע האָבן אונטערגעשריבן די באַקאַנטסטע געלערנטע (מאָמזען, דראָיזען, גנייסט, ווירכאָוו, אַסטראָנאָם פערסטער א. א.), בערלינער אויבערבורגרמייסטער, פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן, די עלטסטע אין בערלינער סוחרטום און גלידער פון שטאָטראַט (אינגאַנצן איז געווען 76 אונטערשריפטן).

אַ וואָך נאָכן פאַרעפנטלעכן די דעקלאַראַציע — איז אין פרייסישן דעפּוטאַטן־הויז (לאַנדטאַג) געקומען צו הייסע דעבאַטן איבער דער יידן־פראַגע, — אַרום דער אַנטיסעמיטישער פּעטיציע, וואָס האָט דאַמאָלסט געשפּאַצירט איבער דייטשלאַנד. אַ דעפּוטאַט אַ פּראָגרעסיסט, פּראָפעסאָר הענעל, האָט אין לאַנדטאַג אָנגעפרעגט די רעגירונג מכח דער אַגיטאַציע, וואָס גייט אין גאַנצן לאַנד קעגן יידישע בירגער און ברענגט ערטערווייז צו עקסצעסן. אַזוי ווי די אַגיטאַציע איז צוזאַמענגעבונדן מיט פאַרשפּרייטן אַ פּעטיציע אויפן קאַנצלערס נאָמען, האָט דעריבער דער דעפּוטאַט געפרעגט: ווי באַציט זיך די פרייסישע רעגירונג צו דער דאָזיקער פאָדערונג — ברעכן די גרונטגעזעצן. הענעלס אָנפרעג האָט מען באַטראַכט אויף צוויי זיצונגען פון לאַנדטאַג (20 און 22 נאָוועמבער). וויצעפּרעזידענט פון פרייסישן מיניסטאָרן־ראַט גראַף שטאָלבערג האָט געענטפערט, אַז די פּעטיציע איז נאָך צום קאַנצלער נישט אָנגעקומען, נאָר די רעגירונג טראַכט גאָרנישט אָפּצוטרעטן פונעם גרונטגעזעץ וועגן דער גלייכשטעלונג פון בירגער. דער אָפיציעלער קאַלטער טאָן פון דער תשובה, וואָס האָט יידן אַפילו נישט דערמאָנט, האָט די מחברים פונעם אָנפרעג נישט געקאָנט באַרואיקן. אָבער באַלד נאָכדעם איז געקומען אַ רעדע פון איינעם אַ קאָנסערוואַטיוון דעפּוטאַט (רייכענשפּענגער), און זי האָט געעפנט דער רעגירונגס טאַקטיק. דער דעפּוטאַט איז מסכים געווען מיט די שטרעבונגען פון די אַנטיסעמיטן און האָט פאַרלאַנגט, אַז דער פאָרשטייער פון דער רעגירונג זאָל לאָזן הערן, אַז מ'האָט נישט בדעה צו ענדערן די אַדמיניסטראַטיווע פּראַקטיק לגבי יידן. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס, וואָס אַנטיסעמיטן פאַרלאַנגען, פאַלט צונויף מיט דער רעגירונגס פּראַקטיק. דאַמאָלסט זענען עס אַרויף אויף דער טריבונע די בעסטע רעדנער פון דער ליבעראַל־פּראָגרעסיווער פאַרטיי. רודאָלף ווירכאָוו (באַרימטער מעדיקער) האָט אין זיין רעדע אָנגערופן די מעטאָדן פון די אַנטיסעמיטן „שאַרלאַטאַ־

נישע״: דאָ אָפּערירן זיי מיט ראַסן-מאָטיוון, דאָ מיט רעליגיעזע, דאָ מיט עקאָנאָמישע; ער האָט דערקלערט, אַז די רעגירונג, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, איז בלי ספק סאָלידאַריש מיט די אַנטיסעמיטן און טראָגט פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייערע מעשים. אַנדערע רעדנער האָבן שטעקערס „קריסטלעכן סאָציאַליזם״ כאַראַקטעריזירט ווי נידעריקע דעמאַגאָגיע, וואָס וויל פאַרדעקן די רעאַקציאָנערע און יידנפיינטלעכע כוונות. דער פירער פון די פּראָגרעסיסטן עוגען ריכטער האָט אין אַן אויסגעצייכנטער רעדע זיך געווענדעט צו די קאָנסערוואַטאָרס: „איר קלאָגט זיך אויף די יידנס בערזע-ספּעקולאַציע, אָבער איר פאַרגעסט, אַז אין איר האָבן זיך באַטייליקט דייטשע פירשטן און הערצאָגן, און אויפגעדעקט האָט זיי גראָד אין פאַרלאַמענט דער ייד — לאַסקער. פאָלקסבענק — זענען דאָס בעסטע געווער קעגן וואָכערטרייבן, אָבער בראש פון בערלינער פאָלקס-באַנק שטייט דער ייד שטראַסמאַן, אַ מיטגליד פון בערלינער שטאָטראַט. איר קלאָגט זיך אויף דער „יידישער פּרעסע״, אָבער זייט זיך מודה, אַז מיט דעם מיינט איר די ליבעראַלע פּרעסע בכלל. די רעגירונג פאַרפאָלגט סאָציאַלדעמאָקראַטן, וואָס טרעטן אַרויס בלויז קעגן פאַרמעגלעכע קלאַסן, און די סאָציאַלקריסטלעכע פּראָטעזשירט זי, כאָטש זיי פּרעדיקן שנאה צו אַ גאַנצער ראַסע. איך ווייס גוט, אַז אין דער זאַך זענען פאַרמישט דעם דייטשן קאַנצלערס הענט און קאָפּ; אין דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג באַטייליקן זיך ביסמאַרקס פריינט: טרייטשקע און בוש. נישט אומזיסט איז די פּעטיציע געווענדעט צום פירשט ביסמאַרק. די פּעטיציאָנערן זענען זיכער: זאָל זיך נאָר אָנקלייבן אַ מיליאָן חתימות, וועט זיך שוין ביסמאַרק נעמען פאַר דער זאַך. כדי דאָס אויפצוקלערן, האָבן מיר אַריינגעטראָגן אונזער אָנפרעג; מיר ווילן, אַז די רעאַקציאָנערע באַוועגונג, וואָס מאַכט אונזער לאַנד צו שאַנד, זאָל אונטערגעדריקט ווערן״.

נאָך די דונערדיקע רעדעס פון דער אָפּאָזיציע האָבן אַלע געוואַרט אויף שטעקערס אויפקלערונגען: ער איז דאָך געווען איינער פון די הויפּטבאַגייסטערער פון דער פּעטיציע. איז ער אַרויס מיט אַ לאַנגער דרשה, און אונטער דער מאַסקע פון אַ פרומען גלח האָט מען דערזען אַ כיטרען געשיקטן פּאָליטיקער. שטעקער האָט פאַרזיכערט, אַז זיין איינציקער וואונטש איז — „איינשטעלן ווידער סאָציאַלן שלום, וואָס יידן האָבן אים געבראָכן״. „די יידן-פראַגע איז פאַר מיר נישט קיין פראַגע פון רעליגיע אָדער ראַסע, נאָר אַ סאָציאַל-עטישע פראַגע. זי באַשטייט אין דעם, וואָס אַ האַלבער מיליאָן אונזערע מיט-בירגער יידן געהערן צו אַן אַנדער שטאַם, צו אַן אַנדער רעליגיע, האָבן אַן אַנדער סדר באַגריפן, געפילן און שטרעבונגען — גאָר אַנדערש ווי מיר; ווייטער, זיי הויבן אָן פאַרנעמען אין אונזער נאַציע אַ שטעלונג, נישט ווערדיג זייער צאָל. מיר לעבן אין אַ מלוכה, וואָס 80 פּראָצענט פון איר באַפעלקע-

רונג זענען קריסטן, און מיר האָבן רעכט צו פאָדערן, אַז אויף אַזאַ מלוכה זאָל מען קוקן ווי אויף אַ קריסטלעכע געמיינשאַפט, וואָס קריסטלעכע מאַכט אין קריסטלעכע געזעצגעבונג פירן זי אָן". שטעקער האָט נישט באַמערקט, וואָס פאַראַ סתירה עס זײַנען זײַנע לעצטע ווערטער צו דער מעלדונג אין אָנהייב, אַז די יידן־פראַגע איז נישט קיין רעליגיעזע און נישט קיין ראַסן־פראַגע. אין זיין ווייטערדיק רעדן האָט זיך שטעקער פאַרפלאָנטערט אין נעץ פון זײַנע אייגענע אויסטראַכטעניש, און מ'האָט אים געכאַפּט בײַ דער האַנט. פון לינקס האָט מען צו אים אַ געשריי געטון: „איר האָט אונטערגעשריבן די פעטיציע?"— האָט ער לכתחילה געענטפערט: ניין — אָבער אַז מ'האָט אים אָנגעוויזן, אַז זײַן חתימה געפינט זיך דאָרט יאָ, האָט ער זיך מודה געווען, אַז „שפּעטער האָט ער אויך אונטערגעשריבן די פעטיציע". די דעבאַטן אין לאַנדטאַג האָבן זיך געענדיקט אָן קיין שום באַשטימטער רעזאָלוציע. פונם מיינונגס־אויסטויש איז שוין גענוג אויפגעקלערט געוואָרן, וואָס פאַר אַ באַציאונג פאַרשידענע פאַרטייען האָבן צו דער יידן־פראַגע און וואָסער „נייטראַליטעט" די רעגירונג האַלט אין דעם ענין. צוליב דעם אָפיציעלן ענטפער פון מיניסטעריום — איז געבליבן נאָר צו וואַרטן אויפן רעזולטאַט פון דער פעטיציע נאָך דעם, ווי מען וועט זי דערלאַנגען דעם קאַנצלער.

דער רעזולטאַט איז געקומען: פאָרמעל האָט זיך די לאַגע נישט געענדערט. מערץ 1881 האָט מען די אַנטיסעמיטישע פעטיציע דערלאַנגט ביסמאַרקן — אַן ערך 300 טויזנט חתימות. קיין ענטפער איז אויף איר נישט געקומען. אַזאַ טאַקטיק פון שווייגן איז מסתמא, געווען אָן אָפּגערעדטע זאַך צווישן קאַנצלער און די פעטיציע־אָרגאַניזאַטאָרן. און באמת, וואָס האָט זיי ביסמאַרק געקאָנט ענטפערן? אַז זייערע פאָדערונגען זענען שוין געווען אין דער פראַקטיק „אויפן אַדמיניסטראַטיוון וועג" אָנגענומען, און אַז אויך ווייטער וועט מען זיי דורכפירן? אָבער אַזאַ אמת צו זאָגן איז געווען נישט באַקוועם, מען וואָלט זיך דאַמאָלסט געקאָנט ריכטן אויף אומאָנגענעמע פאַרלאַמענט־אָנפראַגן מכוח ברעכן די קאָנסטיטוציע. פאַר דער רעגירונג איז באַקוועמער געווען — ווייניקער צו רעדן און מערער צו טון. די היטער פון אַנטיסעמיטיזם אין דער געזעלשאַפט און אין דער רעגירונג האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן. די אַרבעט איז געווען פאַרטיילט: די מאַכט האָט אויפן אַדמיניסטראַטיוון וועג געטון אַלץ וואָס מעגלעך — כדי צו דריקן יידן, און די נישט־אָפיציעלע אַנטיסעמיטן האָבן זיך געפירט פריי פאַרברעכערישע פראָפּאַגאַנדע. ביסמאַרקס אָפיציאָזן (די „נאָרד־דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" און דער זשורנאַל „גרענעצבאָטן") האָבן נישט באַהאַלטן זייערע סימפּאַטיעס צו אַנטיסעמיטיזם. נאָך דעם אָנפרעג אין לאַנדטאַג, איז אין קאַנצלערס צייטונג געשטאַנען, אַז אין אַנטיסעמיטיזם מוז געוויס זיין עפּעס גוטס, ווי באַלד פראָגרעסיסטן טרעטן אַרויס קעגן אים.

״עריוײל האָט די פּראָפּאַגאַנדע פון פעלקער-האַס געבראַכט צום גע-
ווינשלעכן רעזולטאַט. דעפּוטאַט ריכטער האָט אין זיין אויבנדערמאָנטער
רעדע נביאיש געזאָגט: „היט זיך אַרויסצורופן ווילדע ליידנשאַפטן אין
דער הפקרותדיקער פאָלקסמאַסע! וועקט נישט די חיה אין מענטשן:
ער וועט זיך שפּעטער פאַר קיין זאַך נישט אָפּשטעלן״. די העצערישע רע-
דעס פון אַנטיסעמיטן אויף פאַרזאַמלונגען, די שרייענדיקע רכילות-אַרטיקלען
אין צייטונגען, די אַגיטאַציע בעת די וואַלן צום רייכסטאַג — דאָס אַלץ האָט
אַרויסגערופן אין די אונטערשטע שיכטן פון פאָלק אַ באַדערפעניש איבער-
צוגיין פון רייד צו מעשים. די פּאָגראָם-באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן
אין פאַרוואָרפענע שטעט אין בראַנדענבורג און פּאָמערן, אינם וויגעלע פון
פּרייסנטום. אין דער שטאָט ניישטעטין, וואו עס איז געווען אַ קליינע יידי-
שע קהלה, איז מיטאַמאָל פאַרברענט געוואָרן די ניי אויסגעבויטע שול (18
פעברואַר 1881). האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק
איז קיין ניישטעטין געקומען אַ וויכטיקער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַטאָר
העבריצי, וואָס איז פאַר סקאַנדאַלן באַזייטיקט געוואָרן פון זיין לערער-
פּאָסטן אין בערלין, און ער האָט דאָ געהאַלטן רעדעס, וואָס האָבן געהעצט
צו געוואַלט קעגן יידן. עס איז דעריבער געפאַלן אַ חשד, אַז די שול
האָט אונטערגעצונדן עמיצער פונם המון, וואָס איז אויפגעהעצט געוואָרן
דורך דעם אַגיטאַטאָרס דרשה. (שפּעטער האָט זיך באַשטעטיקט, אַז דאָס
איז געווען די אַרבעט פון אַ אָרטיקן קאָוואַל, אַ שיכור און אַ רציחהדיקער
אַנטיסעמיט). אין עטלעכע חדשים אַרום איז אין דעם זעלבן ניישטעטין גע-
קומען צו אַן אָפענעם פּאָגראָם. געשען איז עס צוליב אַזאַ סיבה: עס איז
פאָרגעקומען אויף דער גאַס אַ צוזאַמענשטויס צווישן אַ ייד אַ רעדאַקטאָר
פון אַן אָרטיקער צייטונג און אַן אַדוואָקאַט אַן אַנטיסעמיט, וואָס זיינע
פינסטערע מעשים האָט אין צייטונג אויפגעדעקט דער רעדאַקטאָר. אָנגע-
שלאָגן דעם רעדאַקטאָר און אַליין באַקומען פון אים צוריק דאָס אייגענע,
האָט דער אַדוואָקאַט גערופן דעם גאַסן-המון צו הילף. עס איז זיך צונויפ-
געלאָפן אַן עולם קריסטן, האָט אָנגעהויבן האַקן שויבן אין יידישע הייזער
און געוועלבער, צעקלאַפּן מעבל, ערטערווייז האָט מען געראַבעוועט פאַר-
מעגן (19 יולי). מ׳האָט אויך חרוב געמאַכט די רעדאַקציע פון דער געהאַ-
סטער „יידישער״, ד. ה. פּראָגרעסיווער צייטונג. אויפן צווייטן טאָג האָבן
זיך די אומרוען באַנייט, איז געקומען אַן אָפּטיילונג פּאָליציי מיט מיליטער
און געמאַכט אַ סוף. אינגיכן האָבן זיך פונקט אַזעלכע פּאָגראָמען, געהיים
צוגעגרייט דורך אַ פאַרצווייגטער אָרגאַניזאַציע, איבערגעחזרט אויך אין
אַנדערע ערטער פון פּאָמערן (האַממערשטיין, קאָניץ, בובליץ, יאַסטראָוו).
ענדלעך האָט זיך די מאַכט געכאַפּט און אָנגענומען ענערגישע מיטלען אויף
צו פאַרהיטן פון אומרוען. פון בערלין האָט מען געגעבן אַ באַפעל —

פֿאַרעסטירן און איבערגעבן צום געריכט די איניציאַטאָרס און העצערס, נישט דערלויבן קיין אַנטיסעמיטישע פֿאַרזאַמלונגען און נישט דערלאָזן קיין עקסצעסן. אַזוי אַרום איז די פּאָגראָמען-עפּידעמיע לאָקאַליזירט געוואָרן: זי איז איינגעשטילט געוואָרן אין איר נעסט — אין דער פּרייסישער פּראָווינץ מיט דער אַממערסטן אָפּגעשטאַנענער באַפֿעלקערונג, וואָס אויף איר, קאָן זיין, האָבן געהאַט אַ ווירקונג די קלאַנגען וועגן פּאָגראָמען אין שכנותדיקן רוסלאַנד. די געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן געקאָנט ווייזן ביסמאַרקן און די דייטשע קאָנסערוואַטאָרס, ביז וואָס פֿאַר אַ ווילדקייט עס קאָן דערגיין די מאַסן-באַוועגונג קעגן יידן, אויב מען שטעלט זי באַצייטנס נישט אָפּ; דאָס קולטורעלע דייטשלאַנד האָט זיך נישט געוואָלט גלייכן צום שכן פֿון מזרח.

דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען אין ברען פֿון וואַלקאַמפּאַניע. בעת די רייכסטאַג-וואַלן זומער און האַרבסט 1881 — איז געגאַנגען אַ פֿאַרצווייפֿלטער קאַמף צווישן די קאָנסערוואַטאָרס און ליבעראַלן. לכתחילה האָבן אַנטיסעמיטן געמאַכט יד-אַחת אונטערן אַלגעמיינעם לאָזונג: אַוועק מיט ליבעראַלן און פּראָגרעסיסטן! וויילט נישט קיין יידן! אָבער די סקאַנדאַליעזע האַלטונג פֿון די אַנטיסעמיטישע קאַנדידאַטן, אַזעלכע ווי הענריצי, אויף די וואַלפֿאַרזאַמלונגען, זייערע דעמאַגאָגישע מעטאָדן און חנדלעך-מאַכן צום פּראָ-עטאַריאַט האָבן פֿון זיי אָפּגעשטויסן די קאָנסערוואַטאָרס; די פּאָגראָמען ווידער אין פּרייסן האָבן אָנגעשראָקן די אַגראַריער און יונקערס: זיי האָבן מורא געהאַט, טאָמער וועט די כוואַליע מהומות זיך איבערוואַרפֿן פֿון די שטעט אין די גיטער פֿון די רייכע פּריצים. צוליב דעם און צוליב דער מחלוקת פֿאַר קאַנדידאַטורן, איז דער וואַלבלאָק צווישן קאָנסערוואַטאָרס און אַנטיסעמיטן צו נישט געוואָרן. ביידע פּאַרטייען האָבן ביי די וואַלן געליטן אַ מפּלה. די קאָנסערוואַטאָרס האָבן אין רייכסטאַג פֿאַרלאָרן אַסך ערטער, וואָס זענען אָנגעקומען די ליבעראַלן און פּראָגרעסיסטן; צווישן זיי איז געווען 8 יידישע דעפּוטאַטן (לאַסקער, באַמבערגער, רעדאַקטאָר פֿון „פֿראַנקפֿורטער צייטונג" זאָנענמאַן, עקאָנאָמיסט מאַקס הירש, פּובליציסט אָפּענהיימער, פֿאַבריקאַנט לעווע א. א.) פֿון אַנטיסעמיטישע קאַנדידאַטן איז אין רייכסטאַג אַדורך נאָר שטעקער — אים האָבן אונטערגעהאַלטן פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע. ביסמאַרק האָט פֿון דעם וואַלן-סך-הכּל געהאַט גרויס צער: ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז אין קאַמף מיט די ליבעראַלן און סאָציאַליסטן איז דער אַנטיסעמיטישער אָנשפּאַר נאָך זייער שוואַך. די אַנטיסעמיטן זענען געבליבן אויף אייגענעם באַראָט. פֿון איצט אָן האָבן זיי אַלע כּוחות אַוועקגעלייגט, צו פֿאַרשטאַרקן זיך אויסערן פּאַרלאַמענט, לאָזן וואָרצלען אין דער געזעלשאַפֿט און צו באַשאַפֿן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע אויף צו באַקעמפֿן יידן. אין דער דייטשער געזעלשאַפֿט איז גאָר געווען גענוג נאַטירלעכע שנאה צו יידן, און אויך אָן באַפֿעלן פֿון אויבן האָט מען יידן פֿאַר.

ביטערט דאָס לעבן. אַדמיניסטראַטאָרס און ריכטער מיט אַנטיסעמיטישן רעכטבאַוואוסטזיין האָבן געוואוסט, ווי אַזוי אָפּצואוועגדן פון די העצערס די געזעצלעכע שטראָף. די מאַכט האָט דאָס געזעץ אויסגעטייטשט אַזוי, אַז באַשטראָפן דאַרף מען נאָר אַן עפנטלעכע העצעריי קעגן יעדן ייִדן באַזונדער, אָבער נישט קעגן גאַנצן יידנטום: דאָס איז נישט קיין יורידישע פּערזאָן. די מיאוסטע באַליידיקונגען פון יידישן גלויבן האָט מען נישט באַשטראָפט — דאָס האָט מען געהאַלטן פאַר אַ „פרייע קריטיק"; אָבער אַ ליצנות איבער דעם כלומרשטן „גאָטס קלייד" אין טרירער קאַטוילישן קלויסטער — האָט מען געהאַלטן פאַר אַ גאָטלעסטערונג און דערפאַר איז געקומען אַ שטראָף לויט געריכט. בערלינער געריכט האָט באַפרייט אַ אייגנטימער פון אַ האָטעל, וואָס האָט אין די פענסטער אַרויסגעשטעלט אַ קאַריקאַטור מיט באַליידיקענדיקע אויפשריפטן קעגן יידן, אויף דעם גרונט, אַז דער באַשולדיקטער האָט דערמיט נאָר געוואָלט רעקלאַמירן זיין געשעפט. ביי אַזעלכע שטימונגען האָט דער געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם געקאָנט בליען אויך אָן דער רעגירונגס סאַנקציע. ביסמאַרק און ווילהעלם I האָבן נישט באַדאַרפט אַזוי ווי אַלכסנדר III און די רוסישע מיניסטאָרן, צו שוואַרצן דאָס פּנים מיט אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק: דאָס האָט געטון די געזעלשאַפט אַליין גאַנץ גוט.

וואָס זשע האָבן געטון דייטשע יידן צוליב אייגענער שוץ אין די ערשטע יאָרן ווילדעווען פון אַנטיסעמיטיזם? קולטורעל אַסימילירט, אָן אַשום נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, האָבן זיי פאַרמאָגט נאָר אַ שלעכטן סוראָגאַט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע אין די „רעליגיעזע קהילות" און אין דעם צענטראַלן „דייטש-איזראַעליטישן געמיינדעבונד". יעדע געמיינדע באַזונדער האָט זיך אין פּאָליטיק נישט געקאָנט מישן, ווייל נאָכן סטאַטוט איז עס געווען נאָר אַ רעליגיעזע פּאַראַפיע, דער געמיינדע-בונד אָבער האָט אין זיין סטאַטוט געהאַט אַ פונקט, וואָס האָט אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו רעאַגירן אויף אייניקע פּאָליטישע געשעענישן. דער בונד האָט געהאַט דעם חוב „אַכטונג צו געבן אויף אַלע ענינים, וואָס זענען נוגע די רעכטלעכע און סאָציאַלע לאַגע פון די, וואָס געהערן צו דער יידישער אמונה, און פאַרטיידיקן זיי פון אָנפאַלן". אויף דעם גרונט האָט דער קאָמיטעט פונם „בונד" (ער האָט זיך געפונען אין לייפּציג, אינגיכן האָט מען אים אַריבערגעפירט קיין בערלין) זיך געפּרובט ווירקן אויף דער רעגירונג, אַז די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע זאָל איינגעצוימט ווערן. נאָך אין 1879, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן מאַרס אַגיטאַציע, האָט זיך דער קאָמיטעט געווענדעט צום זאַקסישן יוסטיץ-מיניסטעריום מיט דער בקשה, עס זאָלן אָנגענומען ווערן מיטלען קעגן פאַרשפּרייטן אַנטיסעמיטישע פּאַמפלעטן, וואָס רופן צו געוואַלט-מעשים. אין דער השתדלות איז געווען אָנגעוויזן, אַז מ'קאָן צו די אַגיטאַטאָרס אָנווענדן דעם מלוכה-

געזעץ קעגן די „אַלגעמיין געפערלעכע שטרעבונגען פון די סאָציאַלדעמאָקראַטן": מערר און זיינע העלפער העצן די מאַסע קעגן יידן, אַלס קאַפּיטאַליסטן, און די באַוועגונג קאָן אַוועק קעגן דעם קלאַס פאַרמעגלעכע בכלל. דעם „בונדס" השתדלות איז געבליבן אָן שום פעולה: פון אַלע דייטשלאַנדס רעגירונגען איז די זאַקסישע פון שטענדיק געווען די מער יידנפיינטלעכע. גלייכצייטיק האָט זיך דער „בונד" געווענדעט אויך צום פירשט ביסמאַרק, דאָס האָט אויך גאָרנישט געגעבן. דעם קאַנצלער האָט מען געבעטן נישט ווען אָפיציעל באַאיינפלוסן, נאָר אַז ער „זאָל מיטן הויכן מאָראַלישן אויטאָריטעט פון זיין וואָרט אָנווייזן דעם וועג פון רעכט און הומאַנישקייט פאַר דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, וועלכע איז צעטרודערט און ווערט געפירט אויף אַ פאַלשן דרך". ביסמאַרק האָט די בעטערס אפילו נישט באַערט מיט קיין דירעקטער תשובה, ער האָט נאָר איבערגעגעבן דעם שעף פון זיין קאַנצעלאַריע, יענער זאָל מיטטיילן „אַז דער בריוו מכח אַגיטאַציע קעגן יידן האָט זיך באַקומען". מיט אָפענער פאַראַכטונג האָט זיך די פרייסישע רעגירונג פאַרהאַלטן צום פרוב פון די בערלינער יידן צוציען איר אויפמערקזאַמקייט אויף דער אַנטיסעמיטישער געפאַר. דריי מאָל (1879—80) האָט זיך דער ראַט פון בערלינער יידישער געמיינדע געווענדעט צום מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים מיט אַ שריפטלעכער מעלדונג, אַז מען מוז אָננעמען מיטלען קעגן דער „אַגיטאַציע, וואָס שטערט דער עפנטלעכער רו" — דאָ האָט מען געהאַט אין זינען די מיאוסע מעשים פון אַנטיסעמיטן אין דער רעזידענץ; אָבער מיניסטער איילענבורג האָט נישט געענטפערט. דאַמאָלסט איז פאָרזיצער פון געמיינדע-ראַט מאַגנוס אַוועק צום מיניסטער פערזענלעך זיך דורכרעדן, אָבער אין קאַנצעלאַריע האָט ער באַקומען אַ גראָבן ענטפער, אַז דער מיניסטער קאָן נישט אַריינגיין אין ויכוחים מיט יעדן באַזוכער. אויף אַ נייע שריפטלעכע מעלדונג פון ראַט האָט דער מיניסטער ענדלעך געגעבן אַ תשובה, אַז בערלינער געמיינדע איז נישט באַפולמעכטיקט צו דערלאַנגען אָנקלאָגן אין נאָמען פון אַלע פרייסישע יידן, די מלוכה-מאַכט ווידער קאָן נישט שטערן דער עפנטלעכער „קריטיק" פון די פאַראַנענע רעליגיעזע געזעלשאַפטן. אויף וויפיל זי איז נישט קעגן געזעץ, — און אַזוי איז דאָס טאַקע בנוגע די אַרויסטרעטונגען פון דער „קריסטלעך-סאָציאַלער פאַרטיי" (יולי 1880).

נאָך אַזעלכע ציניש תשובות מצד שטעקערס פאַרבאַהאַלטענע פּראָטעזשירער, האָבן בערלינער טוער געמעגט פאַרשטיין, אַז נישט מיט אַרומלויפן איבער קאַנצעלאַריעס, נאָר מיט פּאָליטישן קאַמף און זעלבסהילף קאָנען יידן זיך דערשלאָגן אַכטונג צו זייערע רעכט, — אָבער דערויף האָט זיי געפעלט ציווילער מוט. די פאָרשטייער פון דייטשן יידנטום האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצוהאַלטן פון יעטוועדער קעגן-אַגיטאַציע און פאַרבלייבן רואיק, כדי מער נישט אויפצורייצן

די שונאים. סוף 1880 האָט דער קאָמיטעט פון געמיינדע-בונד צעשיקט אַ צירקולאַר: „ווי אַזוי זאָל זיך אַ ייד פאַרהאַלטן צו דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג[2] דאָס איז געווען אַ פּאַסטעכלעכע ווענדונג, וואָס האָט געדאַרפט אַלעמען דערווייזן, אַז אין יידנטום איז דאָ מער עוואַנגעלישע פרומקייט, ווי ביי די חסידים פון אַ „קריסטלעכער מלוכה". „יעדערן פון אונזער גלויבן, — איז דאָרט געשטאַנען, — וואָס דענקט און פילט, טוט ווייט צוזעען, ווי אַזוי עס ווערט ווידער קינסטלעך פאַרשפּרייט די אויפגעוועקטע רעליגיע- און ראַסן-שנאה. דאָך זאָל קיינעמס האַרץ נישט פאַרביטערט ווערן קעגן די קריסטלעכע מיטבירגער, זאָל קיינעמס פלייס נישט אָפּגעשוואַכט ווערן ביים דערפילן דעם בירגער-חוב! דידאָזיקע צייט פון נסיונות, וואָס לערנט אונז צו שעצן אמתע פריינט און שיצער, דאַרף אונז אויך אויסלערנען זיך אַרומקוקן אויף זיך אַליין". ווייטער רעדט זיך וועגן ליבע צו אַרבעט, וועגן דער נויטיקייט אָפּצוהיטן אָרנטלעכקייט ביים האַנדלען כּדי אויסצומיידן חילול-השם, וועגן דעם, אַז יידן דאַרפן נישט זיין צו פילבאַר צו באַליידיקונגען, אַז יידן דאַרפן זיין „געטרייע דייטשן" און גלייכצייטיק איבערגעגעבענע קינדער פון סינאַגאָגע. אין דעמדאָזיקן געשריפטס איז געווען אַסך ריירנדיקע תמימות, עס האָט אָבער געפעלט דאָס, וואָס דער פּאָליטישער מאָמענט האָט געפאָדערט: באַוואוסטזיין, אַז ווען עס רעדט זיך וועגן פאַרטיידיקן אַ קאָלעקטיוו, איז שעדלעך צו פּרעדיקן — נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד קעגן דאָס שלעכטס. צו דעם, אַז עס איז נויטיק פּאָליטישע זעלבסטשוץ, האָבן זיך דייטשע יידן דערטראַכט ערשט שפּעטער, ווען זיי האָבן דערזען, אַז מיט פאַרשווייגן קאָן מען נישט איינשטילן דעם צאָרן פון די אַנטיסעמיטן. איז איצט געוואָרן דאָס געווער אין קאַמף — ליטעראַרישע פּאָלעמיק, וואָס איז אייגנטלעך באַשטאַנען אין אַפּאָלאָגיע. קעגן די אידעאָלאָגן פון אַנטיסעמיטיזם, ווי טרייטשקע למשל, איז מען אַרויסגעטראָטן מיט באַווייזן, אַז יידן פאַרמאָגן אמת-דייטשן נאַציאָנאַליזם און דערהויבנקייט פון יידישער עטיק[1]. ווייטער איז די יידישע זעלבסטשוץ נישט געגאַנגען. עס האָט זיך נאָך נישט אויפגעוועקט דער באַוואוסטזיין, וואָס זאָל יידן געבן די דרייסטקייט אַראָפּצונעמען פון זיך די דייטשע מאַסקע, אפשר מיט אַ ריזיקע מ׳זאָל אויף זיי נאָך מער אָנפאַלן, אָבער מיט אַ גלויבן, אַז סוף כּל סוף וועט רעכט טריאומפירן איבער קראַפט,— אַ גלויבן, וואָס אַנטשפּרעכט באמת דער יידישער עטיק. דאַמאָלסט האָט נאָך איבער די מוחות געהערשט דער קאָנווענציאָנעלער ליגן פונם יאָרהונדערט,

1) B r e s l a u, Zur Judenfrage; M. J o e l, Offener Brief an Treitschke; S t e r n, Die Lehrsätze des neugermanischen Judenhasses; H e r m a n C o h e n, Ein Bekenntnis in der Judenfrage, 1880.

2) אויך די אויבנדערמאָנטע רעדע פון לאַצאַרוס (§ 1).

און עס האָט געמוזט קומען אַ צעשמעטערנדיקער בליץ פון דער געשיכטע, אַז הינטער דעמדאָזיקן פאָרהאַנג זאָל אויפלייכטן דער פאַרבאָרגענער אמת פון דרייסיק יאָרהונדערטער.

## § 3. קאָנגרעסן פון אַנטיסעמיטן און פאַרשטאַרקונג פון דער פּאַרטיי.

סעפּטעמבער 1882 איז אין דרעזדן פאָרגעקומען אַ „אינטערנאַציאָנאַלער" קאָנגרעס פון אַנטיסעמיטן. באַטייליקט האָבן זיך אין אים דעלעגאַטן נאָר פון צוויי מלוכות — דייטשלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן, סך-הכל אַ 300 מאַן. עס זענען געקומען די פירער פון דייטשן אַנטיסעמיטיזם, און פון עסטרייך זענען אָנגעפאָרן די ראש-המדברים פון אונגאַרישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָבן דעמאָלסט באַשאַפן אין זייער לאַנד אַ יידנפיינטלעכן טעראָר אין צוזאַמענהאַנג מיטן טיסאַ-עסלאַרישן בלוט-בילבול (ווייטער, § 9). אין זיצונג-זאַל פון קאָנגרעס, אָן אַ זייט פון פּרעזידיום-טיש, איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פונם קרבן פון בלומרשטן ריטועלן מאָרד, און אין שאָטן פון דער בלוטיקער מיטלאַלטערישער וויזיע האָבן זיך די ניי-אויפגעשטאַנענע קאַפּיסטראַנער מישב געווען וועגן נייע מיטלען אויסצוראָטן יידן... נאָך יעדער קאָנגרעס-זיצונג איז געגאַנגען אַ געמיינזאַמער מיטאָג פון די דעלעגאַטן, און דאָ האָט מען געהאַלטן טאָסטן לכבוד די לידערס פון דער באַוועגונג, און, אגב, לכבוד „דעם גייסטיקן פאָטער פון אַנטיסעמיטיזם", פירשט ביסמאַרק. געזונגען האָט מען דערביי דאָס לידל מיטן רעפרען: „באַלד, גערמאַנען, זיי עס ווידער דייטש אין דייטשן פאַטערלאַנד". שטעקער האָט געהאַלטן אַ פאָרטראַג, און אַנטוויקלט אַזעלכע טעזן: 1) מען מוז שאַפן אַ אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אויף אַנטקעגנצושטעלן זיך דער פאַרשטאַרקונג פון יידנטום; 2) די יידנפראַגע איז נישט בלויז אַ רעליגיעזע און אַ ראַסן-פראַגע, נאָר אַ קולטור-היסטאָרישע, עקאָנאָמישע און מאָראַלע; 3) דער איינפלוס פון יידן האַלט זיך אויף דעם, וואָס זיי דערווערבן קאַפּיטאַל געוויסנלאָז און באַנוצן אים צו צוועקן, וואָס זענען פיינטלעך דער קריסטלעכער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג; 4) יידן האַלטן זיך פאַר אַ באַזונדערע נאַציע און לויט זייערע מנהגים זענען זיי אַן אָפּגעזונדערטע קאַסטע, דערבאַר קאָנען זיי נישט ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט; די רעפאָרמירטע צווישן זיי זענען נאָך געפערלעכער, איידער די פון אַלטן גלויבן; 5) די עמאַנסיפּאַציע פון יידן איז אַ ווידערשפּרוך צום מהות פון אַ קריסטלעכער מלוכה און איז אַ פאַטאַלערפעלער; 6) יידן זענען גלייכצייטיק די באַוועגער פון קאַפּיטאַליזם

און פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, און אין ביידע פרטים שטויסן זיי די מלוכות צום אונטערגאַנג; 7) קעגן דעם וואוקס פון יידישן האַנדל דאַרף מען קעמפן אויף אַ געזעצגעבערישן אופן, כדי צו קאָנצענטרירן דעם האַנדל אין קריסטלעכע הענט; 8) פולן נצחון איבערן יידנטום וועט מען דערגרייכן, ווען מען וועט איינהאַלטן אין אַלע לעבנס-ספערן דעם קריסטלעכן און נאַציאָנאַל-מלוכהשן גייסט.

שטעקערס פּראָגראַם האָט דער ראַדיקאַלער אַנטיסעמיט הענריצי געהאַלטן פאַר צו באַשיידן. ער האָט געמאָלדן, אַז די יידנפראַגע קאָן מען לייזן נאָר ווען מ׳וועט יידן אַרויסטרייבן פון לאַנד אויפן גרונט פון אַ באַזונדערן מלוכה-אַקט. „זאָלן זיי אַוועק פון אונז, וואוהין — דאָס איז נישט אונזער זאַך“. הענריצי האָט פאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע און געהאַט די דרייסטקייט צו פאָדערן אין איר אַזאַ אוממענטשלעכן אַקט „אויפן גרונט פון מלוכה-רעכט“. דער מיסיאָנער דע-לע-רואַ האָט פאָרגעלייגט משלח זיין יידן קיין עגיפּטן, וואו עס איז דאַמאָלסט איינגעשטעלט געוואָרן ענגלישער פּראָטעקטאָראַט. שטעקער איז געווען קעגן עקסטרעמען: מ׳דאַרף לייזן די יידנפראַגע אויף אַ קריסטלעכן אופן, בהדרגה, נישט יאָגן זיך מיט אַמאָל צו דערגרייכן דעם ענדציל, ד. ה. אַז יידן זאָלן אונטערגיין. „מיר דאַרפן אויך נישט אַרויסלאָזן פון אויג, — האָט ער געטענהט, — אַז די אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי איז דערווייל שוואַך, און אויב מען זאָל לאָזן אָפּשטימען אין לאַנד די פראַגע, וועמען אַרויסצוטרייבן: די סעמיטן אָדער אַנטיסעמיטן, וואָלט דער רעזולטאַט נישט געווען לטובת די אַנטיסעמיטן“. נאָך אַ דעבאַטע זענען שטעקערס טעזן אָנגענומען געוואָרן מיט אייניקע אויסבעסערונגען.

אַ צווייטער העלד אויפן קאָנגרעס איז געווען דער פירער פון אונגאַרישע אַנטיסעמיטן, פּאַרלאַמענט-דעפּוטאַט איסטאָצי. ער האָט איבערגעלייענט אַ פּראָיעקט פון אַ מאַניפעסט, וואָס איז געווענדעט „צו די רעגירונגען און פעלקער פון קריסטלעכע מלוכות, וואָס זיי דראָט אַ סכנה פון יידנטום“. אין יעדן לאַנד דאַרף דער קאַמף מיט אָט דער סכּנה געפירט ווערן אין די פּאַרלאַמענטן, שטאָטפאַרוואַלטונגען, אין פּרעסע און פאַרזאַמלונגען, און דער עיקרשט דורך אָרגאַניזירן אַנטי-יידישע פאַרטיידיק-פאַרבאַנדן. אין אינטערנאַציאָנאַלן געביט מוז מען פריער פאַר אַלץ פּאַראַליזירן די געהיימע אַרבעט פונם יידישן אינטערנאַציאָנאַל אין פּאַריז, וואָס רופט זיך „Alliance Israelite Universelle“ און אים אַנטקעגנשטעלן אַן אַלוועלטלעכן קריסטלעכן פאַרבאַנד — „Alliance Chretienne Universelle“. דער קאָנגרעס האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם מאַניפעסט און באַשלאָסן אים אָפּצודרוקן אַלס אַ מודעה אין דער „אַלוועלטלעך-יידישער צייטונג“ Times, וואָס האָט דאַמאָלסט אויפגעדעקט די פּאָגראָם-פּאָליטיק אין רוסלאַנד און וואָס אַנטיסעמיטן זענען צו איר געווען פול מיט האַס.

אָרגאניזירט אין א פּאָליטישע פּארטיי, האָבן די אנטיסעמיטן געזאָרגט פריער פאר אלץ וועגן פארשטארקן זייער פארטרעטונג אין די געזעצגעבערישע אנשטאלטן. דאָ האָבן זיי די ערשטע צייט נישט געהאט אלך-איין מזל ביי די וואלן צום רייכסטאג און צום פּרייסישן לאנדטאג: די וואלסיסטעמען זענען געווען פארשיידן — אלגעמיינע אין ערשטן, צענזוען — קלאסן-וואלן אין צווייטן. די וואלן פון 1884 צום רייכסטאג האָבן ווידער אמאָל געבראכט א זיג פאר די ליבעראלן און דעמאָקראטן — צווישן זיי איז געווען פינף דעפּוטאטן יידן; די אנטיסעמיטן האָבן דורכגעפירט נאָר צוויי דעפּוטאטן, איינער פון זיי איז, נאטירלעך געווען שטעקער. די וואלן צום לאנדטאג דאָס צווייטע יאָר האָבן געבראכט א נוצן די קאָנסערוואטאָרס-אנטיסעמיטן און נאָענטע צו זיי נאציאָנאל-ליבעראלן, וואָס האָבן זיך שוין לאנג אָפּגעטיילט פון דער ליבעראל-פּראָגרע-סיווער פּארטיי; אין לאנדטאג איז אדורך נאָר איין ייד, א קאנדידאט פון די פּראָגרעסיסטן. די קריסטלעכע פּראָגרעסיסטן האָבן נישט אָפּט פארמאָגט די דרייסטקייט ארויסצושטעלן אין זייער פּארטיי יידישע קאנדידאטן, זיי האָבן מורא געהאט פאר א דורכפאל און פאר אָנווערן א פּארטיי-מאנדאט. נאָר די סאָציאלדעמאָקראטן — מיט א גרעסערער זיכערקייט אין דערפאָלג — פלעגן ארויסשטעלן קאנדידאטן — יידן, וואָס פלעגן טאקע דורכגיין לויט די ליסטעס פון דער ארבעטער-פּארטיי (זינגער א. א.). אָבער די יידן-דעפּוטאטן פלעגן נישט אין רייכסטאג, נישט אין לאנדטאג נישט ארויסטרעטן צו פּארטיי-דיקן זייערע אייגענע, זיי פלעגן זיך באהאלטן הינטער די פּלייצעס פון אדוואָקאטן-קריסטן: זיי האָבן זיך געהאלטן ביי דער אמאָליקער טאקטיק פון לאסקערן, וואָס האָט נישט געוואָלט „זיין פארטיידיקער אין א אייגענעם פּראָצעס". דעמדאָזיקן משונהדיקן געבאָט איז נאָך לאסקערס טויט (1884) נאָכגעגאנגען זיין פריינט באמבערגער, א איינפלוסרייכער פאָרשטייער פון לינקן פליגל ליבעראלער פּארטיי, וואָס איז צוגעשטאנען צו דער נייער פּארטיי „פריידענקענדיקע".

דער דייטשער חקירהדיקער מוח, וואָס וויל פון אלץ אויפשטעלן א סיסטעם, האָט זיך ווידער געפּרובט אונטערפירן א טעאָריע-פונדאמענט אונטערן מאָדישן אָפּגאָט פון אנטיסעמיטיזם. עדואַרד האַרטמאַן, דער מחבר פון דער „פילאָזאָפי פון אומבאוווסטן" האָט אין 1885 ארויסגעלאָזט א טראקטאט „דאָס יידנטום אין געגנוואַרט און צוקונפט". לויט זיין וויסנשאפטלעכן טאָן שטייט דער טראקטאט העכער פון דעם מאניאק דיורינגס היציקן פּאמפלעט, דאָך האָט אויך ער זיך נישט אויפגעהויבן איבער דעם ניווא פון סאָציאלער פארפּירטקייט אין יענער עפּאָכע. דער פילאָזאָף, וואָס איז געווען בארופן פעסטצושטעלן די גייסטיקע קרענק פון יענעם דור, איז אין א געוויסער מאָס אליין פון איר אָנגעשטעקט געווען. הארטמאן האלט פאר א נאטירלעכע דער-שיינונג די נאציאָנאלע אחדות פון אלוועלטלעכן יידנטום, אָבער ער אָנער-

קענט, אַז זי איז שעדלעך פֿאַר די פֿעלקער, וואָס יידן וואוינען צווישן זיי; און דעריבער זשעבירט ער זיך נישט פֿאַרצולייגן יידן, זיי זאָלן זיך לויזמאַכן פֿון זייער „נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט", פּונקט ווי זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון די אַלטפֿעטערישע מנהגים. כדי צו באַרעכטיקן אַזאַ גרויזאַמע פֿאָדערונג — דערדריקן „דאָס נאַטירלעכע געפֿיל" אין אַ קאָלעקטיוון אינדיווידן, ווייזט הארטמאַן אָן, אַז יודאַאיזם גיט זיינע אָנהענגער אַ צוזאָג פֿון „וועלט-הערשאַפֿט", און דעריבער ווערן זיי פֿאַר אַנדערע פֿעלקער אומבאַקוועם. ער פֿירט ווייטער דורך אַ אונטערשייד צווישן נאַציאָנאַלן געפֿיל און „שטאַם-געפֿיל", און ער פֿאָדערט, אַז יידן זאָל מקריב זיין זייער שטאַם-געפֿיל צוליב דעם דייטשן נאַציאָנאַל-מלוכהשן. „אַ נאַציאָנאַלע מלוכה, — זאָגט ער, — וואָס שענקט פֿולע גלייכבאַרעכטונג אירן אַ באַשטאַנדטייל, וואָס איז איר עטנאָלאָגיש און רעליגיעז פֿרעמד, קאָן אַזוי טאָן נאָר אין דער האָפֿנונג, אַז דידאָזיקע דאַנקבאַרע גרופּע וועט איר אָפּגעבן די גאַנצע נשמה. צוליב דעם איז נישט גענוגנד נישט דאָס „פֿאַטערלאַנד-געפֿיל," וואָס בינדט צו דעם מענטשן צום באָדן און לאַנדשאַפֿט, נישט דער אַבסטראַקטער פּאַטריאָטיזם, וואָס ווינטשט דעם אייגענעם פֿאַטערלאַנד גרעסערע הצלחה, ווי פֿרעמדע לענדער, און אין פֿאַל פֿון מלחמה איז ער גרייט מקריב זיין צוליב זיין פֿאַרטיידיגונג דאָס פֿאַרמעגן און לעבן; ניין, עס איז דורכאויס נויטיק אַ נאַציאָנאַל געפֿיל, וואָס זאָל מיט ליבע און ענטוזיאַזם כאָוועז די קולטור-אידעאַלן פֿון דער אייגענער נאַציע, ווי דאָס גרעסטע גייסטיקע גוטס. דאָס יידנטום האָט אָבער נאָך נישט אָפּגעגעבן זיין גאַנצע נשמה די אַרומיקע נאַציעס, אין אים האָט זיך נאָך אויפֿגעהאַלטן דאָס געפֿיל פֿון שטאַם-אַחדות, וועלכע קאָנקורירט מיטן נאַציאָנאַלן (מלוכהשן) געפֿיל. דאָס יידנטום איז אַ אינטערנאַציאָנאַלע מאַסאָנען-פֿאַראייניקונג (דאָ קומט די געוויינלעכע אָנווייזונג אויפֿן „אַליאַנס איזראַעליט"). אויב די פֿאַרטיידיקער פֿון יידנטום ווילן זיין בוצלעך זייערע אייגענע, דאַרפֿן זיי פֿרעדיקן זייער פֿולע אויפֿלייזונג צווישן פֿעלקער און דאָס פֿאַרבייטן דעם שטאַם-געפֿיל אויף אַ נאַציאָנאַלן." — אַזוי אַרום קלינגט אויך אין הארטמאַנס אויספֿירן דער העסלעכער רוף פֿון אלט-פֿרענקישן באַרבאַר: ווײַ די באַזיגטע! דער נאַציאָנאַלער עגאָאיזם פֿון הערשענדיקן פֿאָלק האָט רעכט צו פֿאָדערן, עס זאָל ביי דער קלענערער אין צאָל גרופּע אונטערדריקט ווערן דאָס נאַטירלעכע „שטאַם-געפֿיל," ד. ה. די נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט. אויך דער פֿילאָזאָף האָט געהאַלטן פֿאַר זיין חוב צו דערמאָנען יידן, אַז בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג האָט מען זיי געגעבן בתנאי זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פֿון זייער נאַציאָנאַליטעט, ובכן — דאָס געשעפֿט ווערט אויס, אויב דער תנאי איז געבראָכן.

אַ ליטעראַרישע אַנקעטע, וואָס איז דאַמאָלסט דורכגעפֿירט געוואָרן, באַווייזט, אַז אין וואָס פֿאַר אַ מאָס אַנדערע דייטשע דענקער פֿון יענער צייט

זענען געווען נאָענט צו האַרטמאַנס קוק. אַ יידישער פּובליציסט פון עסטרייך י. זינגער האָט אין 1883 אַרויסגעלאָזט אַ בראָשור : „צי דאַרפן יידן ווערן קריסטן?” ער האָט זי צעשיקט אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן פון פאַרשידענע לענדער מיט דער בקשה, זיי זאָלן אַרויסזאָגן זייער מיינונג וועגן אַנטיסע־מיטיזם. דער גרעסטער טייל באַקומענע תשובות, פאַרעפנטלעכט אין אַ באַזונדער בוך (1885), האָט פאַראורטיילט דעם אַנטיסעמיטיזם. די נאַטוראַליסטן מאָלעשאָט, ביכנער, קאַרל פאָגט און דיובואַ — ריימאָן האָבן אין דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג געזען דעם פּועל־יוצא פון אַ פאַרשאַרפטן קאַמף פאַר עקזיסטענץ, פון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ און גראָבן עגאָאיזם. פאָגט האָט איבערגעחזרט דעם געדאַנק, וואָס ער האָט פריער אַרויסגעזאָגט אין דער פּרעסע : „דער שווערפּונקט פון דער יידישער פראַגע ליגט נישט אין רעליגיע, נאָר אין אינסטינקטיוון האַס פון אומפּעאיקע מענטשן צו פעאיקע, פון אומטעטיקע צו מונטערע און טעטיקע”, אויך אין דעם קינסטלעך אויפגעבלאָזענעם נאַציאָנאַלן אַנטאַגאָניזם. אָבער אין אַ סך תשובות, אַפילו אין גינסטיקע פאַר יידן, ווערן געמאַכט פאָרבאַהאַלטן, וואָס שטייען קרוב צו האַרטמאַנס קוק. קלאָר איז עס אויסגעדריקט אין דער תשובה פונם פּאָפּולערן היסטאָריקער יאָהאַן שערר. אַלס אַ פריידענקער וואַרפט ער אָפּ דעם רעליגיעזן יסוד פון דער „יידן־פראַגע, דערפאַר רוקט שערר שטאַרקער אַרויס דעם נאַציאָנאַלן גרונט : „אויב יידן וועלן זיך האַלטן פאַר אַ באַזונדערע נאַציע, וועלן דייטשן מיט רעכט זיך באַציען צו זיי פיינטלעך און שטרעבן אָפּצוטיילן פון זיך דעמדאָזיקן פרעמדן עלעמענט. אודאי, האָבן יידן רעכט צו זיין אַ באַזונדערע נאַציע, אָבער דאַמאָלסט קאָנען אַנדערע נאַציעס צו זיי זאָגן : זוכט זיך צו אַ נאַציאָנאַלע טעריטאָריע — אין פּאַלעסטינע אָדער וואו ס'געפעלט אייך. לויט געוויסן און איבערצייגונג איז אוממעגלעך צו געהערן גלייכצייטיק צו דער יידישער און דייטשער נאַציע”. דאָס זעלבע טענהן ג. פאָן־אַמינטאָר און אַנדערע : „ביז וואַנען יידן וועלן זיין אַ נאַציע בתוך נאַציע, וועט מען דעם אַנטיסעמיטיזם נישט אַנטוואָפּענען”. די אַלע לייט האָבן אַזוי ווי נישט באַמערקט, אַז די מערהייט דייטשע יידן האָבן שוין לאַנג אויסגעפילט די פאַרפליכטונג, וואָס זיי האָבן געגעבן ביי דער עמאַנסיפּאַציע, און האָבן זיך פלייסיק געטאָן אַסימילירן, — און דאָך האָט מען זיי אינם סאַמע ברען פון פאַרדייטשונג גראָב אָפּגעשטויסן. די נאַטוראַליסטן האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרעסערן חוש פאַר די סאָציאָלאָגן : אַנטיסעמיטיזם איז געווען מער אַ פּראָדוקט פון נידריקע אינסטינקטן, ווי פון אידייען און הויכע עמאָציעס. נאַציאָנאַלער עגאָאיזם פון שטאַרקע איז דאָ געגאַנגען קעגן נאַציאָנאַלן אינדיווידואַליזם פון שוואַכע, קראַפט — קעגן רעכט.

געווען אַ מאָמענט, ווען ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט בלייבן אָן דער געהיימער הילף פון אויבן, וואָס משך צען יאָר האָט

ער זי געזאָגט. קייזער ווילהעלם I-ס טויט האָט באַפרייט דעם האָהענצאָלערן-טראָן פאַר דעם איינציקן ליבעראַלן פאָרשטייער פון דערדאָזיקער דינאַסטיע — פרידריך III; אָבער דאָס רעגירן פונם דאָזיקן שווער קראַנקן מענטשן האָט געדויערט בלויז דריי חדשים (מערץ—יוני 1888). פרידריך האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן רייניקן דאָס פרייסישע מיניסטעריום פון רעאַקציאָנערע עלעמענטן, ער האָט אויך געהאַט בדעה צו באַזייטיקן פון הויף דעם גלח שטעקער. יידן האָבן געהאַט אַ גרונט צו האָפן, אַז דער קרוינפּרינץ, וואָס האָט אָנגערופן דעם אַנטיסעמיטיזם „די שאַנדע פון יאָרהונדערט", וועט זיך אים אַנטקעגנשטעלן, ווען ער וועט ווערן קייזער. דייטשלאַנדס געשיכטע וואָלט אפשר באַקומען אַן אַנדער אויסזען, ווען דערדאָזיקער שטילער קאָנסטיטוציאָנעלער מלך וואָלט געלעבט לענגער; דער גורל האָט אָבער געוואָלט (אים פאַרבייטן אויף דעם יונגן ווילהעלם II, די פאַרקערפּערונג פון אַלע זינד אין נייעם דייטשלאַנד. געטריי צו דער עבודה-זרה פון מלוכהשקייט און מיליטאַריזם, אַן אמת-דייטשער מלך אין פרייסיש-יונקערישן גייסט, האָט דער יונגער קייזער געוועקט פרייליכע האָפענונגען אין די הערצער פון אַנטיסעמיטן. די ערשטע צייט האָבן זיך דידאָזיקע האָפנונגען נישט באַרעכטיקט: אויפן אָנגענומענעם עטיקעט, האָט דער נייער קייזער געענטפערט אויף די באַגריסונגען און ברכות — מיט דער פאַרזיכערונג, אַז פאַר אים זענען אַלע בירגער גלייך. אַזעלכע מעלדונגען האָבן געקאָנט אויף אַ צייט אָפּרוקן די מורא, עס זאָל נישט קומען צום אָפּשאַפן געזעצגעבעריש בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג; אָבער ווילהעלם II האָט גאָרנישט געטאָן אויף צו באַזייטיקן דעם אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר, וואָס האָט פאַקטיש מבטל געמאַכט די יידישע גלייכשטעלונג. אַלע רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין דער רעגירונג זענען פאַרבליבן אויף די ערטער, אָדער מען האָט זיי געטוישט אויף פאַרשוינען פון דעם זעלבן נוסח; ווייטער, די פּראָפּאַגאַנדע פון גאָר לעצט-אַנטיסעמיטיזם האָט נישט באַגעגנט קיינע פּאָליצייאישע און צענזור-שטערונגען, וואָס מיט זיי האָט מען געצוימט יעדעס פריי וואָרט פון לינקס.

אין 1889 איז פאָרגעקומען אַ צונויפפאָר פון אַנטיסעמיטן אין באָכום. דאָ האָבן זיך באַטייליקט די מער ראַדיקאַלע עלעמענטן פון דער פּאַרטיי, וואָס האָבן זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט שטעקערס מעסיקער טאַקטיקע. ערשטע פידל האָבן דאָ געשפּילט די פאָרשטייער פון „ריינעם אַנטיסעמיטיזם": ליבערמאַן, פאָן-זאָנענבערג און דער נייער אָפּגאָט אין דער פּאַרטיי אָטאָ בעקעל, אַ רייכסטאַג-דעפּוטאַט, וואָס האָט אין העסען געגרינדעט די „אַנטיסעמיטישע פאָלקס-פּאַרטיי". אין זיינע דרשות און בראָשורן[1]) האָט בעקעל פאַראורטיילט די רעכטע אַנטיסעמיטן, וואָס שפּאַרן זיך אָן אויף אַגראַריער און יונקערס; ער

1) Die europäische Judengefahr, 1887; Die Quintessenz der Judenfrage, 1887; Juden, die Könige unsere Zeit, 1892.

האָט געפֿאָדערט, אַז אַנטיסעמיטן זאָלן אַרויסטרעטן ווי אַ זעלבשטענדיקע פּאַרטיי, וואָס שטעלט פֿאָר די אינטערעסן פֿון פּויערים און קליינבירגערטום (דערפֿאַר האָט מען בעקלען אין אַ שפּאַס גערופֿן „דער פּויערים-קעניג“). דער באַכומער צונויפֿפֿאָר האָט באַשלאָסן, אַז אַנטיסעמיטיזם דאַרף שטרעבן גלייכצייטיק צו פֿאַרשטאַרקן דעם גערמאַניזם און צו סאָציאַלע רעפֿאָרמעס, דערפֿאַר האָט ער דער פּאַרטיי געגעבן אַ נײַעם נאָמען: „דייטש-סאָציאַלע פּאַרטיי“. פֿון דעמדאָזיקן שינוי השם האָט זיך דער תּוך פֿון דער פּאַרטיי-פּראָגראַם געענדערט נאָר אין איין פּרט, וואָס די פֿאָדערונגען זענען געוואָרן ראַדיקאַלער: דער צונויפֿפֿאָר האָט געהאַלטן פֿאַר נויטיק צו פֿאָדערן, אַז ייִדן זאָל מען נישט טאָרן אויסקלייבן אין פּאַרלאַמענט און אַפֿילו שטאָט-ראַטן, מ'זאָל זיי נישט צולאָזן צו מוניציפּאַלער און מלוכה-דינסט; אַלס ריכטער, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, טעכניקער מעגן ייִדן פּראַקטיקירן נאָר צווישן מענטשן פֿון זייער אייגענעם גלויבן; ייִדישע סוחרים קאָנען נישט זיין גלידער פֿון האַנדלס-קאַמערן; ייִדן, פּונקט ווי אויסלענדער, ווערן באַפֿרייט פֿון מיליטער-דינסט און טראָגן דערפֿאַר אַריין אַ באַשטימטן קאָפּ-שטייער. ווייטער האָט מען געפֿאָדערט, אַז די רעגירונג זאָל איבערגעבן דעם תּלמוד צו וויסנשאַפֿטלעכער עקספּערטיזע, כּדי אויפֿצודעקן אין דעם בוך דאָס, וואָס איז „געפֿערלעך פֿאַר דער מלוכה“. עס איז אויך אָנערקענט געוואָרן פֿאַר נויטיק תּיכּף אַרויסצוטרייבן פֿון דייטשלאַנד יענע ייִדן, וואָס האָבן נאָך נישט באַקומען קיין נאַטוראַליזאַציע, און נישט דערלאָזן קיין שום איינוואַנדערונג פֿון רוסלאַנד. דידאָזיקע פֿאָדערונג האָט מען עס אַרויסגערוקט דעמאָלסט, ווען פֿון פּרייסן האָט מען אויפֿן גרויזאַמען באַפֿעל פֿון דער רעגירונג — אַרויסגעשיקט הונדערטער ייִדישע פֿאַמיליעס, וואָס זענען אַהער שוין לאַנג אַריבערגעפֿאָרן פֿון רוסלאַנד, און נייע עמיגראַנטן פֿלעגן די גרענעץ-זשאַנדאַרמען אָן רחמנות יאָגן צוריק צו דער רוסישער גרענעץ. דידאָזיקע פֿאָדערונגען פֿון די „ראַדיקאַלע“ אַנטיסעמיטן האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די פֿאַראינטערעסירטע גרופּעס שטאָטישער און דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג. די ראַדיקאַלן האָבן געוואונען אַלע סימפּאַטיעס, און שטעקערס אָנהענגער זענען אַוועק אין הינטערגרונט. שטעקער אַליין האָט שוין יענע צייט פֿאַרלוירן זיין איינפֿלוס ביים הויף און, איבער פֿאַרשידענע אינטריגעס, האָט מען אים באַפֿרייט פֿון זיין שטעלע אַלס הויף-פּרעדיקער. אין 1890 האָבן ביי די וואַלן צום רייכסטאַג געזיגט די לעצט-אַנטיסעמיטן; אין פּאַרלאַמענט איז אַדורך פֿינף אַנטיסעמיטישע דעפּוטאַטן, צווישן זיי ליבערמאַן און בעקעל.

קעגן די בייזע גייסטער פֿון אַנטיסעמיטיזם האָבן דייטשע ייִדן געקעמפֿט מיט הייליקע השבעות. אין 1884 האָט אַ ראַבינער-צונויפֿפֿאָר אין בערלין פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דעקלאַראַציע וועגן דעם, אַז די מאָראַלישע לערע פֿון ייִדישקייט, וואָס אַנטיסעמיטן באַפֿלעקן זי, איז באמת אידעאַל — ריין. „אין

נאָמען פון אײנציקן גאָט״ האָבן 120 ראַבינערס פײערלעך געמאָלדן, אַז ייִדיש׳קײט איז געגרינדעט אויף די געבאָטן פון ליבע צום נאָענטן, אַפילו צום פרעמדן און אַנדערשגלויביקן, און אויף פולער גלויבנסטאָלעראַנץ, אַזוי ווי עס איז צו זען פון די תנ״ך-טעקסטן, וואָס זענען גוט באַקאַנט אויך די אַנטיסעמיטן; און אויב אין שפּעטערדיקע רעליגיעזע שריפטן באַגעגענען זיך אַזעלכע רייד, וואָס זענען קעגן די גרונט-געבאָטן, זענען עס נאָר מײנונגען פון אײנצעלנע פּערזאָנען, וואָס זענען נישט קיין מוז. צוליב דעם זעלבן צוועק האָט דער פאַרבאַנד פון דײטש-ייִדישע געמײנדעס אין 1889 פאַרעפנטלעכט „די יסודות פון דער ייִדישער עטישער לערע״. נאָך די ווער-טער פון אײנעם אַ נאַאיוון ייִדישן היסטאָריקער, האָבן „די יסודות״ „געמאַכט אומעטום דער בעסטן אײנדרוק״ — מן הסתם אויף די ייִדן גופא, וואָס האָבן זיך געטרײסט, אַז מע וועט דעם שד קענען אויסרויכערן מיט װײרעך.

בײ דער גאַנצער דערשלאָגנקײט אויפן נאַציאָנאַל פּאָליטישן געביט, האָבן ייִדישע געמײנדעס אַרויסגעוויזן אַ גרויסע פּילבאַרקײט דאָרט, וואו מ׳האָט אָנגערירט די אמונה. אין 1886 האָבן אַנטיסעמיטן צוגעטראַכט אויף ייִדן אַזאַ שפּיצל: אין נאָמען פון פאַרשידענע חברות „צער-בעל-חיים״ איז אין רײכסטאַג אַרײן אַ פּעטיציע, מע זאָל פאַרווערן ייִדישע שחיטה: היות דערבײ קוילעט מען די בהמה — אָן פאַרטויבן זי אַפריער, האָט זי גרעסערע יסורים. די רעליגיעזע באַדײטונג פון שחיטה איז אָבער גרויס, זי איז געגרינדעט אויף אַמאָליקע אַנאַטאָמישע סברות און קײן שום אָפּווײכונגען זענען דאָ נישט דערלאָזבאַר; באַפרידיקן די פּעטיציע וואָלט דעריבער הײסן פאַרווערן פרומע ייִדן עסן פלײש. האָבן ייִדישע געמײנדעס אָנגעהויבן שיקן צום רײכסטאַג פילצאָליקע קעגנפּעטיציעס; מ׳האָט צוגעשטעלט מײנונגען פון 150 קריסטלעכע אַנאַטאָמען און וועטערינאַרן וועגן דעם, אַז בײ געהעריקער אויספירונג טוט שחיטה אָן דער בהמה נישט מער יסורים ווי אַנדערע אופנים פון קוילען, און אַז דאָס פלײש קאָנסערווירט זיך בײ דעם אופן בעסער. אין 1887 האָט מען די פראַגע באַטראַכט אין רײכסטאַג אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָיעקט צו ענדערן דאָס געזעץ, וואָס באַשטראָפט פאַר עובר זײן די אַלגעמײנע כּללים וועגן שחטן בהמות. צו פאַרטײדיקן ייִדן איז אַרויס דער באַוואוסטער פירער פון קאַטוילישן צענטער ווינדטהאָרסט, ער האָט געזאָגט: „צוליב אַ ספּקדיקן צער-בעלי-חיים קאָן מען נישט אָנטאָן קײן געוואַלט איבער דעם רעליגיעזן געוויסן פון מענטשן״. די פראַגע איז געלײזט געוואָרן נישט אין גײסט פון די צער-בעלי־חײמניקעס. אינם אַלגעמײנעם געזעץ וועגן שחטן בהמות איז געמאַכט געוואָרן אַ באַמערקונג, אַז ער איז אָבליגאַטאָריש „בתנאי עס זאָלן ווי מעגלעך אָפּגעהיט ווערן די רעליגיעזע מנהגים״. אָבער אַזאַ באַשלוס איז נישט געווען קײן חוב פאַר אַלע דײטשישע בונד-מלוכות. אין זאַקסן האָבן זיך די אַנטיסעמיטן נישט באַרואיקט, ביז וואַנען זײ האָבן

זיך נישט דערשלאָגן בײַ זײער רעגירונג, אַז שחיטה זאָל פֿאַרווערט ווער(1892). די אָרטאָדאָקסישע ייִדן זענען אין דעם לאַנד געצװאונגען געוואָרן צו ווערן וועגעטעריאַנער; זײ פֿלעגן אָבער אויסמײַדן דאָס געזעץ און ברענגען כּשר פֿלײש פֿון נאָענטע פּונקטן, וואָס זענען געלעגן אויף יענער זײַט זאַקסישער גרענעץ.

מען איז זיך דאַמאָלסט אויך נישט באַגאַנגען אָן אַ פּרוב מחיה מתים צו זײַן די אַלטע לעגענדע וועגן ריטועלע מאָרדן, וואָס דײַטשלאַנד האָט שוין לאַנג פֿאַרגעסן אין זײ. אין דעם זעלבן פּאָמערן, וואָס אָנהויב 80-ער יאָרן זענען דאָרט געווען פּאָגראָמען, האָט מען אין דאָרף סקורץ געפֿונען אין טײַך אונטערן בריק, אַ טויטן קערפּער פֿון אַ 14-יאָריק קריסטלעך ייִנגל, דעם שנײַדער ציבולים אַ זון; אַלע גלידער זענען געווען צעשניטן, דאָס בלוט אָפּגעצאַפּט (1884). אָרטיקע אַנטיסעמיטן מיטן קאַטױלישן העקער בערענט בו[illegible] האָבן גלײַך באַשולדיקט ייִדן אין אַ „ריטועלן מאָרד”: אַ ראיה — דער קערפּער איז צעגלידערט און אָן בלוט. מ׳האָט געדונגען אַ פֿאַלשן עדות אַ פֿעלדאַרבעטער, און יענער האָט געמאָלדן, אַז אין טאָג, ווען דאָס ייִנגל איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן, האָט ער געזען לעבן בריק דעם ייִדן יאָזעפֿסאָן, אַ פֿערדהענדלער. יאָזעפֿסאָנען האָט מען אַרעסטירט, און מיט אים נאָך צוויי ייִדן: דעם 73-יאָריקן סוחר פּאָסס מיטן זון, ווײַל בײַ זײ אין הויז אין קעלער האָט מען געפֿונען אַ טאָפּ מיט בלוט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס איז בלוט פֿון אַן אָקס: דאָס האָט אויפֿגעקלערט דער כעמישער אַנאַליז, וואָס מ׳האָט געמאַכט אין בערלין. עס איז קלאָר געווען, אַז מצד די באַשולדיקער שטעקט דאָ עפּעס אַ פֿאַרברעכערישע מאַכינאַציע. אויפֿן באַפֿעל פֿון די מיניסטאָרן פֿאַר יוסטיץ און אינעווייניקסטע ענינים, איז קײַן סקורץ אַראָפּגעקומען אויסצופֿאָרשן די זאַך אַ ספּעציעלער קרימינאַל-קאָמיסאַר, און דעם האָט זיך אײַנגעגעבן שנעל פֿונאַנדערצופֿלאָנטערן די נעץ פֿון ליגנס, אין וועלכע די אומשולדיקע זענען אַרײַנגעפֿאַלן. מ׳האָט אויפֿגעדעקט, אַז דער העקער בערענט האָט פֿאַרשידענע מענטשן פֿאָרגעלייגט געלט, זײ זאָלן עדות זאָגן קעגן ייִדן; דער פֿעלדאַרבעטער, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף יאָזעפֿסאָנען, האָט זיך בײַם צווייטן פֿאַרהער מודה געווען, אַז געזען האָט ער דעם טאָג פֿון קאַטאַסטראָפֿע בײַם בריק נישט יאָזעפֿסאָנען, נאָר בערענטן. נאָך אַזעלכע קלאָרע באַווײַזן האָט מען בערענטן איבערגעגעבן צום געריכט. דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין דאַנציג אין געריכט פֿון נעשוווירענע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון זעקס קאַטױלן און זעקס פּראָטעסטאַנטן. אויפֿן געריכט איז דערוויזן געוואָרן, אַז בערענט איז אַ הייסער אַנטיסעמיט, וואָס האָט אויף אַלע אופֿנים געאַרבעט, מען זאָל פֿון דאָרף משלח זײַן ייִדן. עס איז געווען זיכער, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אינעם מאָרד; אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט דער עדות, דער פֿעלדאַרבעטער,

ווידער געענדערט זיין וואָרט: ער געדענקט נישט, הייסט עס, צי האָט ער בערענסן געזען ביים בריק. די שטימען פון די געשוואוירענע האָבן זיך צעטיילט: די זעקס פּראָטעסטאַנטן האָבן געפונען בערענסן פאַר שולדיק, די זעקס קאַטוילן פאַר נישט שולדיק. דאָס איז געווען זייער פאַרשטענדלעך: דער באַשולדיקטער איז אַליין געווען אַ קאַטויל, היינט בכלל גלויבן קאַטוילן אין דער מיטלאַלטערלעכער לעגענדע מער, איידער פּראָטעסטאַנטן. אַזוי אַרום איז בערענס, לויטן כלל פון גלייכער צאָל שטימען ביי קרימינעלע פּראָצעסן, דורכן געריכט פרייגעשפּראָכן געוואָרן (1885). ווי נאָר מ'האָט דעמדאָזיקן זיכערן פאַרברעכער אַרויסגעלאָזן אויף דער פריי, איז ער טאַקע תיכף אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

## § 4. אַנטיסעמיטן אין פּאַרלאַמענט, ריטועלע פּראָצעסן און אָפּוועהר־פאַרבאַנדן (1891 — 1900).

די געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע איז אין דייטשלאַנד געוואַקסן, און די לעצטע צען יאָר פון XIX יאָרהונדערט — דאָס איז געווען די צייט פון איר פולן אויפבלי. ביסמאַרק איז באַזייטיקט געוואָרן פון אַמט מלוכה־קאַנצלער, אָבער אין זיין רעזשים פון „אייזן און בלוט", וואָס ווילהעלם II האָט געמאַכט דערפון אַ קולט, האָט זיך גאָרנישט געענדערט. דער קייזער האָט געהאַלטן נאָר פון „דייטשן גאָט", דייטשע אַרמיי און זיין שליחות פון אַ מלך מיט גאָטס גענאָד, ווי ער האָט עס אָפט אויסגעדריקט אין זיינע אָפיציעלע רעדעס. מיניסטאָרן פלעגט ער צוקלייבן פון צווישן יונקערטום, צום ליבעראַלן רייכסטאַג האָט ער זיך באַצויגן מיט פאַראַכטונג, בשלום האָט ער געלעבט נאָר מיטן קאָנסערוואַטיוון פּרייסישן לאַנדטאַג. דייטשלאַנד האָט דעמאָלסט דערלאַנגט אַ הויכע מדרגה גייסטיקער און טעכנישער קולטור, אָבער העכער פון אַ האַלב־קאָנסטיטוציאָנעלער מלוכה האָט עס זיך נישט געקאָנט שטעלן, עס זענען געבליבן אין איר אַסך שטריכן פון אַ מאָנאַרכישער און מיליטערישער דעספּאָטיע. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט דער מלוכה־פּאַרלאַמענט, הגם די וואַלן זענען געווען דעמאָקראַטישע, דאָך נישט געקאָנט האָבן קיין דעמאָקראַטישע מערהייט. נאַציאָנאַל־ליבעראַלן פלעגן זיך אָפט צונויפגיסן מיט קאָנסערוואַטאָרס — און צוזאַמען זענען זיי געווען אַ גרויסע מניעה פאַר יעדן מין רעפאָרם; צווישן דערדאָזיקער פעאָדאַל־בורזשואַזער פאָרשטייערשאַפט און סאָציאַלדעמאָקראַטן, די פאָרטרעטער פון אַרבעטער־קלאַס, איז געשטאַנען די אינטעליגענטישע פּאַרטיי פּראָגרעסיסטן

און „פריידענקער" — די איינציקע שטיק פון יידן, וואָס האָט מיט דערפאָלג געקאָנט אויספירן איר אָפּאָזיציע־אויפגאַבע נאָר מיט הילף פון „קאַטוילישן צענטר". די אַנטיסעמיטן האָבן לאַוירט צווישן רעכטן און לינקן סעקטאָר פון רייכסטאַג, זיי פלעגן אָן שום געוויסן אויסנוצן צוליב אַגיטאַציע די פּאַרלאַמענט־טריבונע. אין דער פּאַרלאַמענט־געשיכטע פון יענער צייט פאַר־פולן זיי די אָפּטיילונג פון סקאַנדאַלן־כראָניק; קיין איין פראַקציע אין רייכסטאַג האָט נישט אַרויסגעגעבן אַזוי פיל העלדן פאַר קרימינאַל־פּראָצעסן, ווי די פראַקציע אַנטיסעמיטן. דאָס יאָר 1890 איז זי באַשטאַנען פון 5 גלידער, און אין יאָר 1893 האָט זי זיך שוין אויפגעהויבן ביז 16: אויף די לעצטע וואַלן האָבן די אַנטיסעמיטן געמאַכט אין לאַנד אַ שטאַרקע אַגיטאַציע, און פאַר זייערע קאַנדידאַטן האָט געשטימט ביי אַפּערטל מיליאָן וויילער.

צוזאַמען מיט דידאָזיקע העלדן פון גאַס האָט זיך אין פּאַרלאַמענט אַריינגעכאַפּט דער גאַסן־טומל. אַ טיפּישער פאָרשטייער פונם דאַמאָלסטיקן סקאַנדאַלן־אַנטיסעמיטיזם איז געווען דעפּוטאַט אַלוואַרדט, אַ „רעקטאָר" אָדער אינספּעקטאָר פון פאָלקסשולן אין בערלין. זיין אַנטיסעמיטישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן מיט אַרויסגעבן אַ ביכל „דער פאַרצווייפלטער קאַמף פון אַרישע פעלקער מיט יידן" (1890). דער אָפענער רוף צום „אַרישן" פויסט, צו געוואַלט און עקספּראָפּריאַציע — האָט געצוואונגען פּרייסישע פּאָליציי צו קאָנפיסקירן דאָס ביכל. אין דער זעלבער צייט האָט מען אַלוואַרדטן, אויף דער פאַראָרדנונג פון בערלינער שולראַט, פאַר עפּעס אַ טונקעלן ענין (פאַרכאַפּט שולגעלטער) באַזייטיקט פון זיין רעקטאָר־אַמט. האָט ער דערפאַר געזידלט די גלידער פון ראַט אין אַ בראָשור „יודנטאַקטיק", און ער האָט לויטן באַשלוס פון געריכט באַקומען אַ פּאָר חדשים תפיסה. אָבער די פאַרפאָלגונגען האָבן אַלוואַרדטן אַלץ נישט אָפּגעהאַלטן צו שרייבן פּאַסקווילן. ער פאַרעפנטלעכט אַ פּאַסקוויל קעגן בערלינער באַנקיר בלייכרעדער, וואָס האָט געטאָן גרויסע פינאַנסיעלע טובות דער דייטשער רעגירונג; פאַרבייגייענדיק פאַרטשעפּעט ער דעם מלוכה־קאַנצלער קאַפּריווי; ווייטער גיט ער אַרויס אַ בראָשור „יודענפלינטן" (יידישע ביקסן), און ער באַשולדיקט אין איר דעם יידישן דעפּוטאַט, געווער־פאַבריקאַנט לעווע, אַז ער האָט פאַרן פּרייסישן מיליטער־אַמט פאַבריצירט שלעכטע ביקסן, לויט אַן אָפּרייד מיטן „אַלוועלטלעכן יידישן בונד" אין פּאַריז, כדי אַרויסצורופן דייטשלאַנדס מפּלה אין דער צוקונפטיקער מלחמה מיט פראַנקרייך. אַן אָפיציעלע אויספאָרשונג האָט באַוויזן, אַז די־דאָזיקע באַשולדיקונג איז אַ ליגן, און דאָס געריכט האָט אַלוואַרדטן פאַרמשפּט אויף פינף חדשים געפענגעניש (סוף 1892). אינמיטן אַזעלכע העלדישקייטן האָבן אים די אַנטיסעמיטן אויסגעקליבן פאַר אַ דעפּוטאַט אין רייכסטאַג, און דער שטענדיקער תפיסה־קאַנדידאַט האָט איצט באַקומען אַ מעגלעכקייט צו פירן

ווייטער זיין רכילות־אַרבעט פון דער פּאַרלאַמענט־טריבונע: די אומבאַרירלעכ־ קייט פון אַ דעפּוטאַט האָט אים געשיצט. נידריקע דעמאַגאָגיע האָט אויסגע־ טראָטן פאַר אַלווארדסן אַ וועג צום געזעצגעבערישן הויז: בעת די וואַלן האָט ער זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פריינט פון אַרבעטס־מאַסן און געפאָדערט, מען זאָל קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון רייכע לטובת די אָרעמע. אַזאַ טאַקטיקע האָט ער אויך ווייטער געפירט אין פאַרלאַמענט, קאַפּיטאַליזם האָט ער צונויפ־ געבונדן מיט יידנטום. מיט זיין דעמאַגאָגיע האָט אַלווארדט אָפּגעשטויסן פון זיך די קאָנסערוואַטאָרס, און מיט זיינע סקאַנדאַליעזע שטיק האָט ער אויפגע־ רעגט אַפילו זיינע חברים פון דער אַנטיסעמיטישער פראַקציע אין רייכסטאַג, אַזוי אַז שפּעטער איז ער שוין געשטאַנען מחוץ למחנה פון אַלע פראַקציעס און פאַרנומען אַן אָרט צווישן די „ווילדע״. אָבער צווישן מענטשן פון גאַס און שענק האָט ער נאָך אַלץ געהאַט גרויס דערפאָלג.

דער געזעלשאַפטלעכער און גאַסן־אַנטיסעמיטיזם האָט געווילדעוועט מער ווי פריער. עס איז שוין אין לעבן אריינגעטראָטן יענע יוגנט, וואָס איז אַרויס פון די אַנטיסעמיטישע אַקאַדעמישע קרייזלעך די 80־ער יאָרן. די יוגנט־שבועות, וואָס אַמאָליקע בורשען האָבן געגעבן ביי אַ גלאָז ביר, האָבן איצט הייליק מקיים געווען שוין רייפע מענער. און דערווייל האָבן זיך געגרייט נייע קאַדערן לעריוגנט, דורכגעדרונגענע אָדער מיט אידעאַלן פון ווילהעלמישן גערמאַניזם, אָדער מיט ניטשעאַנישן (אפשר שלעכט פאַרשטאַנענעם) קולט פון קראַפט, „ווילן צו מאַכט״, פון „דער בלאָנדער חיה״. דידאָזיקע סטודענטישע יוגנט האָט געפילט פאַראַכטונג צו די אידעאַליסטן פון אַמאָליקע צייטן, זי האָט דעמאָנסטרירט קעגן פייערן דעם 70־יאָריקן יובילעאום פון הומאַניסט ווירכאָו, זי האָט געפאָדערט מ׳זאָל אַרויסטרייבן פון הויכשולן די אויסלענדישע סטודענטן־יידן, וואָס דער צאַרישער דעספּאָטיזם האָט זיי פאַר־ טריבן פון רוסלאַנד אין די דייטשע וויסנשאַפט־טעמפּלען; דייטשע סטודענטן פון יידישער אָפּשטאַם, אָפט אַפילו משומדים, פלעגט מען נישט צונעמען אין די „נאַציאָנאַלע״ סטודענטישע קרייזלעך און גימנאַסטישע פאַריינען. געוואָרן שוין באַאַמטע, ריכטער אָדער קאָמונאַלע טוער, פלעגן דידאָזיקע לייט ווייטער פאָרזעצן די פּאָליטיק אַרויסצושטויסן יידן פון אַלע ספערן בירגערלעכן לעבן. קעגן געזעץ — האָט מען יידן אין אַסך ערטער נישט אַריינגעשטעלט אין די צעטלען געשוואוירענע. אויסגעדינטע יידישע סאָלדאַטן פלעגט מען זעלטן מאַכן פאַר אָפיצירן, און דאָס פרייסישע יונקערטום פלעגט גאָרנישט צולאָזן קיין יידן אינם „איידעלן״ שטאַנד. סוחרים און קרעמער האָבן, פאַרשטייט זיך, געאַרבעט אויף אַלע כלים. ערב גרויסע חגאות האָט מען דורכגייער אויף די גאַסן געטיילט פלאַקאַטן מיט אויפשריפטן: „קויפט נישט ביי יידן״. באַלעבאַטים פון האָטעלן אויף די קורערטער פלעגן אָפט נישט אריינלאָזן יידישע געסט, כדי זייערע הייזער זאָלן זיין באַקאַנט פאַר „יודנריין״ און

צוציען מיטן גוטן שם אמתע דייטשן. עס האָט זיך אויך פֿאַרשטאַרקט די ליטעראַרישע פּראָפּאַגאַנדע: דער „אַנטיסעמיטישער קאַטעכיזם" פֿון איינעם פֿריטשע האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין צענדליקער טויזנט עקזעמפּלאַרן, מיט זיינע געבאָטן פֿון פֿריינטשאַפֿט-רעליגיע האָט ער פֿארסמט די הערצער.

אויף אזא באָדן, דורכגעזאַפּט מיט מיאזמען פֿון מיטלאַלטער, איז אויסגעוואַקסן אַ נייער ריטועלער פּראָצעס. אין שטעדטל קסאַנטען, אין געביט פֿון אונטערשטן ריין, האָט מען געפֿונען אַ טויטן קערפּער פֿון אַ פֿאַרפֿאַלן קינד, אַ פֿונפֿיאָריקן ייִנגל פֿון אַ טישלער אַ קאַטויל (יוני 1891). דער מאָרד איז געווען אַ רעטעניש, זענען טאַקע אַוועק קלאַנגען, אַז דאָס האָט געטאָן מיט אַ „רעליגיעזן" צוועק דער אָרטיקער שוחט און פֿליישהענדלער בושהאָף, הגם אין שטאָט האָט ער געהאַט אַ נאָמען פֿון אַן אָרנטלעכן מאַן און איז געווען באַפֿריינדעט מיט די קריסטלעכע שכנים. דער מעדיציניִשער אונטערזוך און די ערשטע אויספֿאָרשונג האָבן קעגן בושהאָפֿן נישט געגעבן קיינע באַווייזן, אָבער די בבא-מעשיות און טיילווייז רכילותן האָבן אַזוי נערוועז געמאַכט די באַפֿעלקערונג פֿון קסאַנטען און אַרומיקע ערטער, אַז די קסאַנטענער ייִדישע קהילה גופֿא האָט זיך אַליין משתדל געווען אין בערלין, מע זאָל צושיקן אַ ספּעציעלן קאָמיסאַר אויף אויסצופֿאָרשן דעם ענין. לכתחילה האָט מען בושהאָפֿן מיט דער משפּחה אַרעסטירט, אָבער אין צוויי חדשים אַרום האָט מען זיי געמוזט באַפֿרייען, ווייל די אויסערגעוויינלעכע אויספֿאָרשונג האָט נישט געקאָנט פֿעסטשטעלן קיינע סימנים פֿון זייער שייכות צום פֿאַרברעך. האָט זיך דעמאָלסט אויפֿגעהויבן אין אַנטיסעמיטישער פּרעסע און פּאַרטיי-פֿאַרזאַמלונגען אַ שטאַרקע אַגיטאַציע. מ'האָט אָנגענומען רעזאָלוציעס מיט פֿאָדערונגען צום יוסטיץ-מיניסטער, אַז די אויספֿאָרשונג זאָל באַנייט ווערן. קעגן אַזאַ אַגיטאַציע איז אין רייכסטאַג אַרויס מיט אַ פּראָטעסט דער אַלטער ייִדן-פֿאַרטיידיקער, דעפּוטאַט-פּראָגרעסיסט, ריקערט (פֿעבר. 1892). ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין אויפֿרעגונג, הלמאי די אַנטיסעמיטן דריקן אויף דער געריכטלעכער אויספֿאָרשונג; ער האָט דערציילט וועגן זייערע פּרובן צו מאַכן פּאָגראָמען אין קסאַנטען און אַנדערע ערטער, און ער האָט געפֿאָדערט אָנצונעמען מיטלען, אַז די פֿאַרברעכערישע העצע זאָל אויפֿהערן. ריקערטן האָט געענטפֿערט דער „פֿאָטער פֿון אַנטיסעמיטיזם" שטעקער מיט אַ לאַנגער רעדע — ווי געוויינלעך פֿול מיט בייזע אָנצוהערענישן, ער האָט אָנגעוויזן, אַז קיינמאָל האָט ער עפֿנטלעך ייִדן נישט באַשולדיקט אין ריטועלע מאָרדן, ער האָט אַפֿילו אָפּגערעדט דערפֿון זיינע פֿריינד. „איך קאָן מיר נישט פֿאָרשטעלן, אַז ייִדישער קולט זאָל פֿאָדערן מענטשן-מאָרדן, בלויז נוצן צוליב וועלכע ס'איז צילן. אָבער די מחלוקה גייט דאָ מער צוליב ווערטער. וואָרים פֿון די, וואָס קענען געשיכטע, וועט קיינער נישט לייקענען, אַז משך יאָרהונדערטער פֿלעגן קריסטן, באַזונדערס קינדער, אומקומען פֿון ייִדישע הענט

צוליב אבערגלויבנס אָדער פֿאַנאַטיזם". אַזוי אַרום האָט ער פֿאַרדרייט דעם היסטאָרישן אמת, וואָס האָט דאָך פּסגעשטעלט דעם פֿ אַ ק ט, אַז יידן זענען אומגעקומען פֿון קריסטן און נישט פֿאַרקערט, — דאָס איז געווען אַ ב ל ב ו ל; שטעקער גיט גערן נאָך, אַז יידן נוצן קריסטלעך בלוט נישט ווייל זייער גלויבן הייסט אַזוי, נאָר פֿון אַבערגלויבן; ער איז מסכּים אָפּצושאַפֿן דעם טערמין „ריטועלע מאָרדן", אַבי נאָר לאָזן דעם אינהאַלט. זיין רעדע האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַן אַרויסרוף אויף ריקערטס אַדרעס, אַלס מיטגליד פֿון „פֿאַרבאַנד צו באַקעמפֿן אַנטיסעמיטיזם": „איך קען מיין פֿאָלק און בין זיכער, אַז אין אונזער דייטשיש פֿאָלק וועלן דריי פֿערטל זיין אויף אונזער זייט. נישט אויף אייערער". יוסטיץ-מיניסטער שעלינג האָט געמאָלדן, אַז דאָס געריכט דערפֿילט זיין חוב אָרנטלעך און וועט זיך נישט אונטערגעבן קיין שום דרוק פֿון וואַנען ס'איז. אין דער אמתן אָבער האָט די רעגירונג נאָכגעגעבן די פֿאָדערונג פֿון אַנטיסעמיטן, און די זעלבע טעג איז בושהאָף אַרעסטירט געוואָרן אַ צווייטן מאָל.

דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין געריכט פֿון געשוואוירענע אין דער שטאָט קלעווע, משך עלף טעג (4 — 14 יולי 1892). דאָס עדות זאָגן, די וויסנשאַפֿטלעכע עקספּערטיזע און געריכטס-דעבאַטע זענען געווען לטובֿה דעם באַשולדיקטן. איינער פֿון די גאָר-אויטאָריטעטע עקספּערטן, דער אָריענטאַליסט נעלדעקע, האָט קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז אין תּלמוד און רבנישע ספֿרים „זענען נישטאָ קיינע שום אָנווייזונגען אויף אַ ריטואַל פֿון בלוט"; צוויי מלוכהשע פּראָקוראָרן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין פּראָצעס, זענען געוואָרן הייסע פֿאַרטיידיקער פֿונם באַשולדיקטן און איינער פֿון זיי האָט אויסגערופֿן: „עס איז אוממעגלעך צו דערווייזן דעם אומשולד פֿונם אַ אָנגעקלאָגטן מיט אַ גרעסערער מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט, ווי עס איז געטאָן אין דעם פֿאַל". דאָס געריכט האָט איינשטימיק פֿרייגעשפּראָכן בושהאָפֿן. דער פּסק-דין, וואָס האָט אַלע פֿריינט פֿון גערעכטיקייט דערפֿרייט, האָט די אַנטיסעמיטן מצער געווען: אומדירעקט האָט ער זיי געשטעמפּלט אַלס בלבול-מאַכער. האָט זיך די אַגיטאַציע אין די פֿינסטערע פֿאָלק-מאַסן ווידער באַנייט. אויב מ'האָט דעם שולדיקן נישט געפֿונען, הייסט עס נאָך נישט, אַז יידן זענען ריין פֿונם חשד, — אַזוי האָט געהאַלטן דער המון און זיך נישט אָנגעשטויסן צו זוכן דעם סוד פֿונם מאָרד צווישן די, וואָס האָבן זיך געפּרובט זייער אייגענעם פֿאַרברעך אַרויפֿצוּוואַרפֿן אויף יידן, אַזוי ווי עס איז געווען אין פּראָצעס פֿון בערענט אין סקורץ. ס'איז געווען אַ סכּנה, אַז די אויפֿרעגונג פֿון דער מאַסע זאָל זיך נישט אויסגיסן אין עקסצעסן. די שטימונג אין קסאַנטען איז געווען אַזוי אומרואיק, אַז דער באַפֿרייטער בושהאָף און עטלעכע יידישע משפּחות האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן די שטאָט, לאַנג נאָך האָט מען נישט געקאָנט באַרואיקן דעם פֿאָלקס אויפֿרעגונג, וואָס די נייע

„קרייצטרעגער" האָבן צעבלאָזן אין געביט פון ריין, אין די זעלבע ערטער, וואו מיט אַכט יאָרהונדערט צוריק האָבן זיך געגאָסן טייכן יידיש בלוט פון די הענט פון די ערשטע „קרייצטרעגער" אין מיטלאַלטער.[1]

די „שאַנדע פונם יאָרהונדערט," וואָס איז בעיקר געווען דייטשלאַנדס שאַנדע, דער אַנטיסעמיטיזם — האָט ענדלעך אויפגעוועקט פונם פּאַסיוון צושטאַנד די בעסערע מענער אינם דייטשן פאָלק. נאָך די צען יאָר פּראָפּאַגאַנדע פון ראַסן-שנאה, וואָס האָבן שוין געבראַכט רייכע פּרוכטן, האָבן זיי באַנומען, אַז די באַוועגונג איז אין דער זעלבער מאָס געפערלעך פאַר דער דייטשער קולטור, ווי פאַר יידן. איז אַנטשטאַנען אַ געדאַנק צו באַשאַפן אַ קעגן-אַנטיסעמיטישע ליגע, וואָס זאָל פירן אַ סיסטעמאַטישן קאַמף מיט די פאַרשפּרייטער פון שנאה און קנאה צווישן בירגער. סוף 1890 איז געגרינדעט געוואָרן דער „פאַריין צום אָפּוועהרן אַנטיסעמיטיזם"; בראש זענען געשטאַנען דער באַקאַנטער יוריסט רודאָלף גנייסט, דעפּוטאַט הענריק ריקערט — פירער פון רייכסטאַג-אָפּאָזיציע — און אַנדערע אָנגעזעענע פּאָליטיקער און געלערנטע (גנייסט איז געווען פּרעזידענט פון פאַריין ביזן 1895, דערנאָך האָט אים פאַרביטן ריקערט). אָנפאַנג 1891 האָט דער פאַריין פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף אין נאָמען פון אַסך אָנגעזעענע לייט אין דייטשלאַנד, זיי האָבן גערופן די בירגער אַריינצוטרעטן אין די קעמפער-רייען קעגן אַנטיסעמיטישער רעאַקציע. משך אַ יאָר צייט איז אין פאַריין אַריינגעטראָטן ביי 12,000 מיטגלידער, און אין 1893 איז זייער צאָל שוין געווען העכער 13,000. די ערשטע יאָרן האָט דער פאַריין פאַרשפּרייט אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע, געמאַכט אין אַסך שטעט עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, וואו באַרימטע רעדנער פלעגן אַרויסטרעטן, ער האָט אַרויסגעגעבן בראָשורן און בלעטלעך, אויך אַ וואָכנשריפט „מיטטיילונגען" מיט אַ געגויער כראָניק פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג און קאַמף מיט איר. גרויס דערפאָלג האָט געהאַט דאָס פּאָלעמיש בוך, וואָס דער פאַריין האָט אַרויסגעלאָזן, „אַנטיסעמיטנשפּיגל" (1891—92). דאָס בוך איז געווען געווענדעט קעגן „אַנטיסעמיטישן קאַטעכיזם"; נאָר דער „קאַטעכיזם" האָט זיך פאַרשפּרייט אין הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן, דער „שפּיגל" אָבער, וואָס האָט באַוויזן דעם „קאַטעכיזמס" העסלעכקייט, איז זיך קוים צעגאַנגען אין אַ צאָל פון צען טויזנט. בעתן קאָנטענער פּראָצעס האָט דער פאַריין אַרויסגעגעבן אַ בוך פון הערמאַן שטראַק, בערלינער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע און העברעאישער שפּראַך, וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון עלילת-דעם צווישן פעלקער[2].

---

1) קסאנטען ווערט דערמאָנט אינם צעטל פונקטן, וואָס האָבן געליטן פונם ערשטן קרייץ-צוג (1096).

2) „דער בלוטאַבערגלויבע", 1891; די ניי'ע דערגאַנצטע אויסגאַבע פון 1900 — אונטערן נאָמען „דאָס בלוט אים גלויבן און אַבערגלויבן דער מענשהייט".

דער „אַפּווערפֿאַראיין" איז געווען אַן אַלגעמיין-דייטשע אָרגאַניזאַציע צו באַקעמפֿן אַנטיסעמיטיזם: אין באַשטאַנד פֿון זיינע גלידער זענען אַריינגעגאַנגען אויך יידן, אָבער קיין אַקטיווע ראָלע האָבן זיי דאָרט נישט געשפּילט, זיי האָבן צו דעם צוועק אַרויסגערוקט בעסער נישטיידישע טוער. אָבער אינגיכן איז פֿאַר אַ סך קלאָר געוואָרן, אַז די טאַקטיק זיך אָפּצוזאָגן פֿון זעלבסטשוץ און וואַרטן אויף הילף פֿון דרויסן איז אַ פֿאַלשע און אַ דערנידריקענדיקע. ס'האָבן זיך געלאָזט הערן נייע רייד: „קיינמאָל וועלן דייטשע יידן נישט פֿאַרגעסן, אַז אַזעלכע מענער ווי גנייסט, מאָמזען, ריקערט און אַנדערע, האָבן זיך פֿאַר זיי איינגעשטעלט דרייסט און מוטיק אין די יאָרן פֿון פּיין, אָבער צי באַפֿרייען דען אַזעלכע העלדישע מעשים פֿון נאָבעלע מענער אונז, דייטשע בירגער פֿון יידישן גלויבן, פֿונם חוב אַליין צו שטרייטן פֿאַר אונזערע באַדראָטע רעכט, און נישט ווי קליענטן זיך פֿאָרזיכטיק אויסבאַהאַלטן אין הינטערגרונט און לאָזן אַנדערע מלחמה האַלטן פֿאַר אונז? זאָל אַזאַ אומווערדיקע האַלטונג פֿון אַ האַלבן מיליאָן בירגער, וואָס נויטיקן זיך אין אַפּיטרופּסות, געדויערן ווייטער, דאַן וועט ביי אונזערע איידעלסטע פֿאַרטיידיקער זיך אָנהויבן וואַקלען דער גלויבן אין דער הייליקער זאַך פֿון עמאַנסיפּאַציע". אינם דייטשן יידן האָט זיך אָנגעהויבן וועקן דאָס געפֿיל פֿון בירגער-ווערדע, אָבער דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסט-באַוואוסטזיין האָט זיך נאָך נישט אויפֿגעוועקט. אין יענע אַסימילירטע קרייזן, וואו עס איז אויפֿגעקומען דער געדאַנק פֿון אָרגאַניזירטער זעלבסטשוץ, האָט מען גערעכנט איר צוצוגעבן בלויז אַ פּאָליטישן כאַראַקטער, אָן שום נאַציאָנאַלער באַפֿאַרבונג. אין אַ בראָשור, וואָס איז אַרויס פֿון די קרייזן, מיטן נאָמען: „יידן אונטער אַפּיטרופּסות אָדער פֿולבאַרעכטיקטע בירגער", 1) זענען געווען אַרויסגעשטעלט אַזעלכע טענות: „מיר זענען נישט קיין דייטשע יידן, נאָר דייטשע בירגער פֿון יידישן גלויבן. מיר שטייען פֿעסט אויפֿן באָדן פֿון דייטשער נאַציאָנאַליטעט. מיט יידן פֿון אַנדערע לענדער האָבן מיר פּונקט אַזויפֿיל שייכות, וויפֿיל עס האָבן דייטשע קאַטוילן און פּראָטעסטאַנטן מיט קאַטוילן און פּראָטעסטאַנטן פֿון אַנדערע לענדער". אַזאַ אידעאָלאָגיע איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אַלס יסוד פֿונם „צענטראַלפֿאַריין פֿאַר דייטשע שטאַטסבירגער פֿון יידישן גלויבן," וואָס איז דאָס יאָר 1893 געגרינדעט געוואָרן אין בערלין. פֿאָרזיצערס פֿונם צענטראַלפֿאַריין זענען די ערשטע יאָרן געווען מענטשן ווייניק באַקאַנטע (פּריוואַט-דאָצענט מאַרטין מענדעלסאָן, יוריסט מאַקס האָרוויק), אָבער דערפֿאַר מער טיפּישע פֿאַרן אַסימילירטן כּלל דייטשע יידן. די

1) איר מחבר איז געווען אַ דייטשער ייד רפאל לעווענפעלד, אַ קענער פֿון רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אין רוסלאַנד באַפֿריינדעט מיט ל. טאָלסטאָי, איבערגעזעצט זיינע ווערק אויף דייטש און אָנגעשריבן אַ גרויסע ביאָגראַפֿיע פֿונם רוסישן דענקער.

טעטיקייט פונם פאַריין האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס מ׳האָט נישט אַזויפיל טעאָרעטיש, ווי זאַכלעך יורידיש פאַרטיידיקט פאַרפאָלגטע יידן. אין פרט פון ליטעראַרישער אַגיטאַציע האָט זיך דער פאַריין באַגרענעצט מיט אַפּאָלאָגישע אַרטיקלען אין זיינע קליינע חודש-העפטן „אים דייטשן רייך״.
די הויפּטאַרבעט אָבער זיינע האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער „רעכטשוץ-קאָמיסיע״, וואָס מיט איר האָט אָנגעפירט אַדוואָקאַט עוגען פוקס. די קאָ-מיסיע האָט אַכטונג געגעבן אויף אַלע מעשים תעתועים פון די אַנטיסעמיטן אין דער פּרעסע און פאָלקספאַרזאַמלונגען, און וואו נאָר עס האָבן זיך גע-לאָזט באַנ ע״קן סימנים פון רכילות קעגן באַשטימטע גרופּעס יידן — זאַכן, וואָס לאָזן זיך געריכטלעך פאַרפאָלגן, — האָבן זיי די שולדיקע גערופן צום געריכט. די קאָמיסיע האָט אָרגאַניזירט די פאַרטיידיגונג אין יענע גע-ריכטס-פּראָצעסן, וואָס מ׳פלעגט אויפהויבן צוליב יידנפיינטלעכע מאָטיוון. זי פלעגט דערלאַנגען אָנקלאָגן אויף אומגעזעצלעכע מעשים פון ציווילער און מיליטערישער מאַכט לגבי יידן.
אינם באַריכט פאַר די ערשטע דריי יאָר אַרבעט פון צענטראַלפאַריין איז דאָ אַזאַ סך-הכל, וואָס כאַראַקטעריזירט דער סאָציאַלן מצב פון יידן. דער פאַריין האָט זיך איינגעשטעלט פאַר יידישע זעלנער, וואָס אַ מאַיאָר-קאָמאַנדיר האָט זיי באַליידיקט ביים קאָנטראָל. ער האָט גענומען אונטער זיין שוץ יידישע דאָקטוירים, ווען איינער אַ פּראָווינציעלער שפּיטאָל האָט אין זיין מעלדונג, אַז ער זוכט אַ דאָקטאָר, געפאָדערט ביי די קאַנדידאַטן, זיי זאָלן צושטעלן טויף-שיינען. אין אייניקע קרייזן פון אויבער-פּרייסן האָט דער פאַריין אָפּגעשריגן דאָס רעכט זיך צו באַטייליקן אין געריכט אַלס געשוואוירענע און שעפענער. ער איז אַרויס צו פאַרטיידיקן יידישע לע-רערינס, ווען מ׳האָט געבראָכן זייער רעכט צו פאַרנעמען שטעלעס אין געזעלשאַפטלעכע שולן. ער איז באַשטאַנען, מען זאָל אויפהערן פאַרטיילן שילער אַלס מתנות ביכער מיט אַנטיסעמיטישן אינהאַלט, אַזוי ווי עס האָט זיך פּראַקטיקירט אין אייניקע שולן. ער האָט זיך דערשלאָגן, אַז עס זאָל געגעבן ווערן אַן אָפיציעלע דערקלערונג, אַז דער ריקסדאָרפער מאָרד איז געשען מיט גזלה-צוועקן, און נישט ווי אַ ריטועלער מאָרד, ווי דאָס האָבן אַנטיסעמיטן געפּרובט פאַרדרייען. אין אַ פּראָצעס פון איינעם אַ רעדאַקטאָר אַן אַנטיסעמיט האָט דאָס בערלינער געריכט געפּסקנט נישט לטובת יידן; האָט דער פאַריין זיך דערשלאָגן אין אַלגעמיין-מלוכהשן געריכט, עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן, אַז דער בערלינער פּסק-דין איז באַגרינדעט אויף אַ טאָפּלטן יורידישן טעות. ער האָט דערלאַנגט וואו מען דאַרף אַן אָנקלאָג וועגן וועגט-פּלאַקאַטן, וואָס זענען אַ באַליידיקונג פאַר יידן. ער איז מיט דערפאָלג אַרויסגעטראָטן קעגן די פאָרשטייער פון איין געמיינדע, וועלכע האָט געשטעלט אונטער אַ ספק די וואַלרעכט פון יידן.

בכלל גענומען האָט דער צענטראַל - פאַריין פאַר דייטשע בירגער פון יידישן גלויבן געטאָן אַ כך און פיל גוטס, וואָס עס איז נויטיק געווען צום פאַרטיידיקן די בירגער-אינטערעסן און מענטשן-ווערדע פון יידן; נישט געטאָן האָט ער נאָר איינס: ער האָט נישט פאַרטיידיקט די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פונם יידן, און האָט דאָס נישט געקענט טאָן, ווייל די עקזי-סטענץ פון אַ יידישער נאַציע האָט ער אַנטשיידן אָפּגעוואָרפן. „דער פאַריין, — ווערט איבערגעחזרט אין דעם זעלבן באַריכט, — האָט געזען צו פאַרשטאַרקן ביי דייטשע יידן די איבערצייגונג, אַז די אָנהענגער פון יידישקייט האָבן צווישן זיך נאָר רעליגיעזע און היסטאָרישע פאַרבינדונגען, אָבער בשום אופן נישט קיין נאַציאָנאַלע". די נייע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין יידנטום ווערט דאָ דערקלערט נאָר ווי אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס צוליב אַנטיסעמיטישער העצע איז אינם יידן אָפּגעשוואַכט געוואָרן דאָס „נאַטירלעכע" נאַציאָנאַלע געפיל, דאָס דייטשע. אָבער — גיט צו דער באַריכט — אַזעלכע געפילן זענען סותר די פּרינציפּן פונם צענטראַל-פאַריין. „דאָס געבוירן, די דערציאונג, די שפּראַך האָבן אונז געמאַכט פאַר דייטשן, און קיין שום ציטווייליקע ריכטונג איז נישט בכוח אונז צו מאַכן פרעמד פאַר אונזער טייער פאַטערלאַנד".

אַ קאַמף מיט אַנטיסעמיטיזם האָט געפירט אויך די דייטשע פאַרטיי סאָציאַלדעמאָקראַטן, וואָס איז מיט יעדן יאָר שטאַרקער געוואָרן און געהאַט אַ היפשע צאָל דעפּוטאַטן אין רייכסטאַג. איינער פון די צילן פון אַנטיסעמיטיזם איז, ווי באַוואוסט, געווען — אָפּצוציען אַרבעטער און קליינבירגער פון רעוואָ-לוציאָנערן סאָציאַליזם. צוליב דעם צוועק האָבן שטעקער, בעקעל און אַלווארדט געטאָן פאַרשידענע דעמאַגאָגישע שפּיצלעך, זיך פאַרשטעלט פאַר פריינט פון פּראָלעטאַריאַט. די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט געאַרבעט אויף אַראָפּצורייסן פון די אַנטיסעמיטן דידאָזיקע מאַסקע. דער פירער פון דער פאַרטיי אויגוסט בעבעל האָט אין זיינע רעדעס און אין אַ באַזונדער בראָשור („אַנטיסעמיטיזם און סאָציאַלדעמאָקראַטיע", 1894) באַוויזן, אַז „אַנטיסעמיטיזם איז סאָציאַליזם פון נאַראָנים". די רעאַקציאָנערן און שאָוויניסטן, זאָגט בעבעל, רייצן אָן די דייטשע אַרבעטס-מאַסע אויף אַ הייפל יידישע קאַפּיטאַ-ליסטן, כדי אָפּצוציען דעם פּראָלעטאַריאַט פון קאַמף מיט קאַפּיטאַליזם בכלל, אָבער אַזאַ נאַרעריי וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן: דער אַרבעטער, וואָס איז אויפגערעגט קעגן יידישן פאַבריקאַנט, וועט אינגיכן אויפשטיין אויך קעגן זיין דייטשן קאָלעגע, און אין דעם פּרט טוען אַנטיסעמיטן אַ טובה די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. די יידנפראַגע האָט פאַר די סאָציאַלדעמאָקראַטן נישט געהאַט קיין סאָציאַלן באַדייט, זיי האָבן זי אָבער אויך נישט באַטראַכט פאַר אַ נאַציאָנאַלע פראַגע: אויך פאַר זיי זענען יידן נישט געווען קיין נאַציע, ווייל אַ „נאַציע אָן טעריטאָריע איז אוממעגלעך", היינט דער אינטערנאַציאָנאַליזם

פון מאַרקסיסטן האָט זיי בכלל געמאַכט גלייכגילטיק צום נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס אין בריסעל (1891) האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן — „סיי די אַנטיסעמיטישע, סיי די פילאָסעמיטישע טענדענצן". ער האָט אָנערקענט, אַז „פאַרן אַרבעטערקלאַס עקזיסטירט נישט קיין שום קעגנערשאַפט אין קאַמף פון ראַסן אָדער נאַציעס". פּונקט אַזוי גלייכגילטיק איז געווען די באַציאונג צו יידן מצד די יידישע מוטגלידער אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי. איינער פון אירע איינפלוסרייכע פירער, דער אַסימילירטער ייד פּויל זינגער, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון רייכסטאַג, האָט דאָרט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט איבער דער יידנפראַגע, הגם אַנטיסעמיטן פלעגן אָפט דערמאָנען וועגן זיין אָנטייל אין די געשעפטן פון בערלינער האַנדלספירמע „ברידער זינגער". שווער צו זאָגן, וואָס האָט זינגערן מער געקרענקט אין דידאָזיקע אָנפאַלן: דאָס דערמאָנען וועגן דעם געוועזענעם קאַפּיטאַליסט אָדער וועגן דעם נאָמינעלן יידן. דער אונטערשיד איז נאָר געווען אַזאַ: דעם פריער אָנגעקליבענעם קאַפּיטאַל האָט זינגער אויסגענוצט פאַר די נויטן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און דעם גייסטיקן קאַפּיטאַל פון זיינע יידעס האָט ער אַרויסגעוואָרפן ווי אַן איבעריקע שמאַטע.

דעם „סאָציאַליזם פון נאַראָנים" האָט מען כסדר דעמאַסקירט, דאָך איז ער אַלץ געוואַקסן און געווען אויסגעבונדן מיטן ראַסן-אַנטיסעמיטיזם פון די רעאַקציאָנערן-שאָוויניסטן אין די העכערע און מיטעלע קלאַסן. שוין גאָר ביים סוף XIX יאָרהונדערט האָט זיך באַוויזן אַן אָנגעזעענער פאָרשטייער פון דידאָזיקע רעאַקציאָנערע קרייזן, וואָס האָט געפּרובט מחיה-מתים זיין דיורינגס ראַסן-אַנטיסעמיטיזם אין אַ „וויסנשאַפטלעכער" פאָרם. אַ פאַרדייטשטער ענגלענדער, הוסטאָן טשעמבערלען, האָט אין יאָר 1898 אַרויסגעגעבן אַ בוך מיט אַ שרייענדיקן נאָמען: „די גרונדלאַגען דעס XIX יאָרהונדערטס"; די גאַנצע קולטורגעשיכטע האָט ער דאָ דערפירט צו אַ קאַמף פון צוויי אַנטקעגנגעזעצטע ראַסן — די גוטע און פרומע אַריער און זינדיקע סעמיטן. דער העכסטער און איידלסטער טיפּ פון דער אַרישער ראַסע זענען דייטשן, די ערגסטע פאָרשטייער פון סעמיטיזם — יידן; נמצא, אַז צווישן דידאָזיקע צוויי פעלקער מוז זיין אַ שנאה, נישט צו מאַכן קיין קיין שלום. די סעמיטישע יידן האָבן צעשטערט די אַנטיקע וועלט, און דער היינטיקער ייד, homo judaicus, פירט איבער דעם אייראָפּעאישן מענטשן, homo europaeus. פונאַנדערטיילן דידאָזיקע צוויי פיינטלעכע עלעמענטן, אַרויסשטויסן דעם יידן, ווי אַ פרעמדן קערפּער פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט, איז נויטיק צוליבן טריאומף פון דייטשן גייסט. טשעמבערלענס בוך איז געווען געבויט אויף כלומרשט אַנטראָפּאָלאָגישע יסודות, פול מיט שרעכלעכע סתירות און בויך-סברות; דאָך האָט עס געהאַט דערפאָלג ביי יענעם

עולם, וואָס איז געוואוינט זיך צו שפּייזן מיט וויסנשאַפֿטלעכע סוראָגאַטן. דידאָזיקע עם-הארצישע טעאָריע, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, איז נישט בעסער פֿאַר איר מוסטער — דיורינגס „דאָקטרינע פֿון פֿיינטשאַפֿט", וואָס דער באַקאַנטער שרייבער האָט פֿאַרפֿאַסט אין אַ בייזע שעה; אָבער טאַקע דערפֿאַר האָט זי געהאַט רוישנדיקן דערפֿאָלג: פֿאַנגערמאַניסטן, מיליטאַריסטן, רעאַקציאָנערן פֿון אַלע מינים האָבן זי באַגריסט. אין 1899, ווען דאָס בוך האָט שוין אויסגעהאַלטן עטלעכע אויפֿלאַגעס, האָט מען אין אַלע סאַלאָנען, אָנגעהויבן פֿון קייזערס הויף, וועגן אים גערעדט.

די נאָענטע קרובהשאַפֿט פֿון טשעמבערלענס ראַסן-טעאָריע מיט דער פּרייסיש-יונקערישער רעאַקציע איז געווען באַשיימפּערלעך; דאָס האָט כאַראַקטעריזירט די ירידה פֿון דער דייטשער געזעלשאַפֿט ביים אונטערגאַנג פֿון אַ יאָרהונדערט, וואָס האָט אַמאָל געזען אַנדערע דערשיינונגען פֿון דייטשן גייסט. די גייסטיקע קולטור האָט געבליט, מאָראַליש אָבער איז דייטשלאַנד געווען פֿאַרווילדעט, און אין XX יאָרהונדערט איז זי אַריינגעטראָטן מיט אַ שאַנדע-צייכן אויפֿן שטערן — מיט אַ מיטלאַלטערלעכן עלילת-דם-פּראָצעס. ערב פּסח 1900 האָט מען אין דער פּרייסישער שטאָט קאָניץ געפֿונען אַ טויטן קערפּער פֿון אַ דייטשן גימנאַזיסט ווינטער, צעשניטן אויף שטיקער און פֿונאַנדערגעוואָרפֿן אין פֿאַרשידענע ערטער. צום אָנפֿאַנג איז דער חשד געפֿאַלן אויף אַ דייטשן העקער האָפֿמאַן, וואָס מיט זיין טאָכטער איז דער יונגערמאַן געווען אין אינטימע באַציונגען; אָבער אינגיכן נאָך זיין אַרעסט האָט זיך דער ענין אַזוי איבערגעדרייט, אַז אין תּפֿיסה איז אַריינגעפֿאַלן אויך דער יידישער העקער איזראַעלסקי, און באַשולדיקט האָט מען אים אין אַ ריטועלן מאָרד. אַזאַ ווענדונג אין דער געריכטספֿאָרשונג האָבן עס אַרויסגערופֿן די אַנטיסעמיטן מיט זייער אַגיטאַציע אין קאָניץ און בערלין. בערלינער אַנטיסעמיטישע „שטאַטסבירגער-צייטונג" פֿלעגט אין יעדן נומער שרייען, אַז אין קאָניץ איז געווען אַ ריטועלער מאָרד — אַז דאָס איז די אַרבעט פֿון אַ יידישער סעקטע, וואָס באַנוצט קריסטלעך בלוט צוליב אירע רעליגיעזע צערעמאָניעס. אָבער די אויספֿאָרשונג האָט דעם העסלעכן בלבול נישט באַשטעטיקט, און אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מען די יידן באַפֿרייט, און ווייל עס האָבן געפֿעלט באַווייזן—האָט מען אויך דעם דייטש האָפֿמאַן באַפֿרייט. אויפֿן גאַנג פֿון דער געריכטס-אויספֿאָרשונג האָבן די אַגיטאַטאָרס-אַנטיסעמיטן נישט געקאָנט ווירקן, אין אַן אַנדער ריכטונג אָבער האָבן זיי יאָ געהאַט דערפֿאָלג: ביים העצן דעם המון אַליין צו מאַכן געריכט איבער יידן. אין קאָניץ און אין שכנישע שטעט און דערפֿער פֿון פּאָמערן האָט דער צעווילדעוועטער המון געוואָרפֿן שטיינער אין פֿענסטער פֿון יידישע הייזער און באַליידיקט יידן — דורכגייערס אין גאַס; געווען זענען אויך פּרובן פֿון ערנסטע פּאָגראָמען,

און נאָר דאָס אַריינמישן זיך פון מיליטער האָט געמאַכט צו זיי אַ סוף.
אין צוזאַמענהאַנג מיטן קאָניצער פּראָצעס זענען אַנטשטאַנען אַ ריי געריכטלעכע ענינים: פאַר פאַלש עדות-זאָגן בעת דער אויספאָרשונג האָט מען פאַרמשפּט צו צוואַנגאַרבעט עטלעכע עדות אַנטיסעמיטן, אָבער כּדי איינצוהאַלטן גלייכגעוויכט אין דער יוסטיץ האָט מען פאַרמשפּט אויך אַ אומשולדיקן יידן לעווי: מ׳האָט אים געכאַפּט ביי אַ וואָרט, כּלומרשט ער האָט גאָר איינגאַנצן נישט געקענט דעם דערמאָרדעטן. פון דער צווייטער זייט, האָט דאָס געריכט אויפגעדעקט אַ סך סודות בנוגע דער פאַרברעכערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געאַרבעט אינם קאָניצער ענין. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַ באַנדע זשורנאַליסטן פון אַרטיקע און בערלינער אַנטיסעמיטישע ציימונגען האָט אַרומגערינגלט געוויסע פאַרשוינען מיט מסירות און שאַנטאַזש; אייניקע האָבן פאַר געלט פאַרגעלייגט זייער אַרבעט גלייכצייטיק אי יידן אי זייערע פיינט. שפּעטער, ווען די געמיטער האָבן זיך באַרואיקט, האָט דאָס בערלינער געריכט פאַרמשפּט צו תּפיסה דעם רעדאַקטאָר פון „שטאַטסבירגער-צייטונג" בעטטיכער און אַ מיטאַרבעטער פון דערזעלבער צייטונג פאַר רכילות אויף די געריכטסטוער, וואָס האָבן זייער חוב אין קאָניצער ענין ערלעך דערפילט. דער פּראָקוראָר האָט כאַראַקטעריזירט די מעשים פון די אָנגעקלאָגטע זשורנאַליסטן מיט אַזעלכע ווערטער: „זייער ציל איז באַשטאַנען נישט אין אויפדעקן דעם אמת, נאָר אין צעבלאָזן שנאה צו יידן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די אַגיטאַציע פון דער צייטונג האָט אָנגעטאָן אַ סך שלעכטס: פיל משפּחות זענען דורך איר רואינירט געוואָרן ביז גאָר". — אַזוי האָט אונטערן איינפלוס פון אַנטיסעמיטיזם דעגענערירט דאָס געדרוקטע וואָרט אין אַ לאַנד מיט אַן אָרנטלעכער פּרעסע, וואָס מ׳פלעגט זי אַנטקעגנשטעלן דער פאַרקויפטער פּרעסע פון פּאַריזער בולוואַרן.

## § 5. סטאַטיסטיק. אינערלעך לעבן.

די סטאַטיסטיק באַווייזט אין ציפערן דער סך-הכּל, צו וועלכן די דינאַמיק פון יידישן לעבן האָט געבראַכט — די ערשטע צען יאָר עמאַנסיפּאַציע. אין 1871 איז די צאָל יידן אין דייטשלאַנד געווען 512 טויזנט (אין קיילעכיקע ציפערן), אין 1880 — 561 טויזנט, אין 1890 — 567 טויזנט; פון דעם איז אויף פּרייסן געפאַלן אַן ערך צוויי דריטל. די פּראָפּאָרץ-פאַרהעלטניש פון יידן צו דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג איז געווען עטוואָס מער ווי איינס פּראָצענט (1,1 פּראָצ. — 1,2 פּראָצ.). דאָס יאָר 1895 איז

געווען אַ פּאָלקסציילונג לויט באַשעפטיקונגען, און זי האָט געגעבן אַ קלאָר בילד וועגן דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן מצב פון יידן אין דייטשלאַנד. די אַרבעטספעציפיקע העלפט יידישער באַפעלקערונג האָט זיך לויט באַשעפטיקונגען אַזוי געטיילט: האַנדל — 133.451 מאַן (ביי 55 פראָצ. פון אַלע אַרבעטספעציפיקע), אינדוסטריע — 45.993 (19 פראָצ.), הכנסה פון קאַפּיטאַל — 39.870 (16 פראָצ.), געזעלשאַפטלעכע אַמטן און פרייע פראָפעסיעס — 14.641 (6 פראָצ.), הויזדינערשאַפט — 6.371 (2,61 פראָצ.), ערדאַרבעט און לאַנדווירטשאַפט 3,371 (1,38 פראָצ.); אויף אַזאַ אופן האָט זיך די גרעסטע טייל אַרבעטספעציפיקע יידן פאַרנומען מיט האַנדל, ביי אַ פינפטל איז געווען פאַרנומען אין פאַבריק-אינדוסטריע און האַנטווערק, אַ זעקסט-חלק האָט געלעבט פון הכנסה פון קאַפּיטאַל (דער עיקרשט אַלמנות), איין זיבעטל האָט זיך באַשעפטיקט מיט פרייע פראָפעסיעס אָדער געווען אויף געזעלשאַפטלעכער און מלוכה-דינסט. וויניקער פון אַלץ האָבן יידן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט, זיי זענען שוין לאַנג געווען אָפּגעריסן פון ערדאַרבעט: די דייטשע אַגראַריער, אייניקלעך פון פעאָדאַלן און מאָנאָפּאָליסטן פון גרויסלאַנדווירטשאַפט, פלעגן זיי זעלטן צולאָזן צו ערדבאַזיץ. אין תוך האָט דאָס נייע יידנטום אין דייטשלאַנד איינגעהאַלטן זיין אַלטן עקאָנאָמישן צוזאַמענשטעל: אויך איצט זענען דריי פערטל געווען פאַרנומען אין האַנדל און אינדוסטריע. אַ נייס איז נאָר געווען, וואָס עס האָט זיך באַוויזן אַ היפּשע צאָל גרויסע קאַפּיטאַליסטן — פאַבריקאַנטן, און אויך מענטשן מיט פרייע פראָפעסיעס און באַאַמטע,—אַ פּועל-יוצא פון דער עמאַנסיפּאַציע. די צאָל פערזאָנען פון דער לעצטער קאַטעגאָריע וואָלט געווען אַ סך גרעסער, ווען די רעגירונג און די דייטשע געזעלשאַפט וואָלטן נישט געמאַכט אומעטום קיין שטערונגען פאַר יצנע יידן, וואָס האָבן געשטרעבט צו מלוכה-דינסט.

יידן האָבן דערעיקרשט געוואוינט אין גרויסע שטעט, אין די צענטערן פון פּאָליטישן לעבן און גייסטיקער קולטור, און זייער געוויינלעכער אינטעליגענטואַליזם האָט זיי געצויגן צו אינטשפּרעכנדיקע באַשעפטיקונגען. די דייטשע שול האָבן יידן באַזוכט אין אַ צאָל, וואָס איז געווען אַ סך העכער פאַר זייער פּראָפּאָרץ-פאַרהעלטעניש צו דער איבריקער באַפעלקערונג. דאָס האָט זיך געלאָזט דערקלערן פריער פאַר אַלץ מיט דעם, וואָס עס האָבן געפעלט נאַציאָנאַלע שולן פאַר אַלגעמיינער בילדונג: די באַזונדערע „רעליגיעזע שולן" אין די יידישע געמיינדעס, געוויינלעך אַ צוגאָב צו דער סינאַגאָגע, האָבן עס נישט געקאָנט פאַרבייטן. די יידישע יוגנט האָט באַקומען איר בילדונג אין דער דייטשער שול פון פאַרשידענע שטופעס, און דאָ האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַזאַ דערשיינונג: פון הונדערט קריסטלעכע שילער האָבן אין פרייסן 94 זיך באַפרידיקט מיט דער אָבליגאַטאָרישער נידריקער בילדונג און נאָר זעקס האָבן באַזוכט אַ מיטלשול (גימנאַזיע און רעאַלשול); אין דער זעלבער צייט האָבן פון הונדערט יידישע שילער

כמעט אַ העלפט באַזוכט אַ מיטלשול, ד. ה. אַכט מאָל מער איידער קריסטן. אין פרייסישע אוניווערסיטעטן האָבן יידן אין 1895 אויסגעמאַכט אַ צענטחלק פון אַלע סטודענטן, בשעת אין לאַנד האָבן זיי באַטראָפן נאָר עטוואָס מער פאַר איין הונדערטסחלק באַפעלקערונג, — נמצא, אַז אויך דאָ האָבן זיי זיך געלערנט צען מאָל מער פאַר קריסטן. די דייטשע שול איז געווען דער הויפּטפאַקטאָר פון אַסימילאַציע: דאָ האָט מען אַרויסגעריסן דאָס לעצטע ביסל יידישע נאַציאָנאַלע טראַדיציעס און זיי פאַרביטן מיט דייטשע אידעאַלן. און אויב פון דער מוסטערהאַפטער דייטשער שול האָט דער אינטעלעקט געוואונען, האָט אָבער אין דער זעלבער מאָס דאָס יידישע נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין אָנגעוואָרן.

אַ צווייטע שטופּע אַסימילאַציע זענען געווען די חתונות צווישן יידן און קריסטן. די צאָל אַזעלכע חתונות האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט אין דער עפּאָכע. ביזן 1880 האָבן געמישטע חתונות אין פּרייסן אויסגעמאַכט אַ צענטחלק פון אַלע יידישע חתונות, אָבער די ווייטערדיקע יאָרן וואַקסן זיי און אין 1896 מאַכן זיי שוין אויס אַ פינפטחלק פון אַלע חתונות, ד. ה. אַז אויף יעדע פינף חתונות איז געווען פיר ריין-יידישע און איינע אַ יידיש-קריסטלעכע. צום אָנהויב איז געווען מער פאַלן, ווען קריסטן פלעגן חתונה האָבן מיט יידישע פרויען, צום ענדע פּעריאָד פלעגן שוין אָפטער טרעפן חתונות פון יידן מיט קריסטינס. אין ביידע פאַלן פלעגן אַלץ-איינס געוויינלעך די קינדער פאַרעכנט ווערן פאַר קריסטן, און אַזוי אַרום פלעגט אַ גרויסער טייל יונגער דור גיין לאיבוד פאַרן יידנטום. — די ערגסטע שטופּע אַסימילאַציע — שמד — גיט אויך די צייט אַ העכערונג אין צאָל: פאַרן פּעריאָד 1880 — 1896 האָט זיך די צאָל שמדן אין פּרייסן געהעכערט 4 מאָל (76 שמדן אין 1879 און 312 אין 1896). עס לאָזט זיך גאָרנישט פעסטשטעלן די גרויסע צאָל פאַלן, ווען מ׳פלעג אָפּשמדן מינדעריעריקע קינדער לויטן אייגענעם פאַרלאַנג פון די עלטערן, וואָס פלעגן אַליין פאַרבלייבן יידן און די קינדער באַזאָרגן מיט אַ גוטער קאַריערע דורך באַהעפטן זיי צו דער הערשנדיקער אמונה. די שמד-עפּידעמיע סוף XIX יאָרהונדערט האָט לויט איר פאַרנעם אַריבערגעשטיגן די בערלינער עפּידעמיע פון אָנפאַנג יאָרהונדערט. דאָרט איז נאָך געווען אַ געוויסע מאָס נאַאיווער אידעאַליזם אָדער ראָמאַנטיזם; ביי די נייע אָפּטריניקע איז געווען דער עיקר די מאַטעריעלע אויסרעכנונג. רעליגיעזע אַסימילאַציע איז געוואָרן אַ מיטל צו פאַרווירקלעכן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג, פּונקט ווי אַמאָל איז נאַציאָנאַלע אַסימילאַציע געווען אַ מיטל צו דערגרייכן גלייכבאַרעכטונג. נאָר אין זעלטענע פאַלן פלעגן יידן אָננעמען קריסטנטום אויס איבערצייגונג. צוליב מיסטישער שטימונג אָדער לעצט-אידעאַישער אויסגעהאַלטנקייט אין מאָמזענס גייסט: אויב, הייסט עס, זיך שוין אַסימילירן און באַהעפטן צו דייטשער קולטור, מוז מען גיין ביזן סוף, ווייל עס איז אוממעגלעך אויסצוטיילן פון דערדאָזיקער קולטור איר קריסטלעכן עלעמענט. איבריקנס,

די אַבסאָלוטע צאָל שמדן איז געווען נישט־גרויס: אין דורכשניט ביי 500 אַ יאָר אויף גאַנץ דייטשלאַנד; ביי העכער אַ האַלב מיליאָן יידישע באַפעלקערונג האָט דאָס אויסגעמאַכט אַ קליינע ברוכצאָל. אַ באַדייטונג פון אַ געפערלעכן סימפּטאָם האָט די זאַך אָנגענומען נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער עפּידעמיע אַסימילאַציע אין געמישטע חתונות, ווי אַ צוגרייטונג, אַז דער יינגער דור זאָל אָפּפאַלן.

און דערווייל האָט זיך אויך דער נאַטירלעכער צוואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד פאַרקלענערט פון יאָר צו יאָר. עס האָט זיך אין לעבן פון דייטשע יידן פון דער נייער פאָרמאַציע געלאָזט פאַרצייכענען אַ מערקווירדיקע דערשיינונג: די צאָל געבורטן האָט זיך שטאַרק פאַרקלענערט אין פאַרגלייך מיט אַמאָל, און געשטאַנען פיל נידריקער, איידער ביי קריסטן. די פריערדיקע עפּאָכע פלעגט אויסקומען אויף טויזנט יידן אין דורכשניט אַ יאָר 37 געבורטן, און פון 1879 לאָזט זיך דידאָזיקע ציפער אַראָפּ און פאַלט ביז 22 צום יאָר 1897. פאַר דערזעלבער צייט האַלטן איין די קריסטלעכע געבורטן זייער נאָרמאַלע הייך (38 אויף טויזנט). אַזאַ דערשיינונג נעמט זיך נישט פון דעם, וואָס דער מצב פון מאַטעריעלן וואויל איז ביי יידן געפאַלן (ער האָט זיך גראָד דאַמאָלסט שטאַרק געהויבן), נאָר עס זענען שנעל געוואַקסן די באַדערפענישן ביי דער מער קאָמפּליצירטער קולטור: אַסך פלעגן זיך אָפּזאָגן פון חתונה־האָבן אָדער איינפירן צווייקינדערסיסטעם צוליב גרעסערער פּערזענלעכער באַקוועמלעכקייט און קאָמפאָרט. די פאַרקלענערונג פון געבורטן און דער דירעקטער פאַרלוסט צוליב די געמישטע חתונות און שמד — האָבן געבראַכט דערצו, דאָס דער אַלגעמיינער צוואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דייטשלאַנד איז שטאַרק געפאַלן אין פאַרגלייך מיט קריסטן. אין 1880 איז די פּראָצענט־פאַרהעלטעניש פון דער יידישער באַפעלקערונג צו דער אַלגעמיינער געווען אין פּרייסן 1,33 פּראָצ., און אין 1900 — 1,14 פּראָצ. עמיגראַציע האָט דאָ נישט געשפּילט קיין שום ראָלע, זי איז געווען נישט־באַדייטנד און ווי ס'זאָל נישט זיין — די מאָס פון אַלגעמיין־דייטשישער עמיגראַציע איז די יידישע נישט איבערגעשטיגן.

אַ אומפאַרמיידלעכער פּועל־יוצא פונם אַסימילאַציע־פּראָצעס איז געווען דאָס פאַלן פון נאַציאָנאַלער גייסטיקער קולטור. עס האָט זיך געפעלט יענע העראָאישע תקופה, ווען דאָס אויפוואַכנדיקע דייטשע יידנטום האָט, אָנשליסנדיק זיך אין אייראָפּעאישער קולטור, זיך קריטיש באַצויגן צו זיינע אַלטע גייסטיקע ווערטן, איינגעפירט רעליגיעזע רעפאָרמעס, עס איז אים געגאַנגען וועגן וויסנשאַפטלעך באַלויכטן דעם עבר, און אין פּראָצעס פון אידעאישן שטרייט האָט עס געשאַפן אַ פרייע „יידישע וויסנשאַפט". אויפן אָרט פון קריטיק איז איצט געקומען גלייכגילטיקייט צו אַלע נאַציאָנאַלע ווערטן, — דער יונגער דור, שוין דערצויגן אין דייטשע שולן, האָט זיי גאָרנישט געקענט. דער

שטרייט פאַר אַ רעליגיעזע רעפאָרם האָט אָנגעוואוירן זיין זינען פאַר מענטשן וואָס זענען נישט באַקאַנט מיט יודאַאיזם און זענען גלייכגילטיק צו רעליגיע בכלל. אין די געמיינדעס איז נאָך פאַרבליבן די פריערדיקע פאַרטיילונג אויף גרופּעס אָרטאָדאָקסן און „ליבעראַלן"-רעפאָרמיסטן. אין גרויסע שטעט זענען די דאָזיקע צוויי גרופּעס פאַקטיש געווען צוויי באַזונדערע געמיינדעס; אָבער די באַציאונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז ביי ביידע אין אַלגעמיין געווען די זעלבע. סיי אָרטאָדאָקסן, סיי ליבעראַלן האָבן זיך געהאַלטן פאַר דייטשן פון יידישן גלויבן, נאָר אַזוי ווי אָרטאָדאָקסן פלעגן איינהאַלטן דערביי אַ גרעסערן באַלאַסט דינים און מנהגים, איידער די ליבעראַלן, איז דערמיט האָבן זיי טיילווייז שווערער געמאַכט אַסימילאַציע אין אירע עקסטרעמע פאָרמען, וואָס פלעגן ברעכן די גרעניצן פון רעליגיע. דער אָרגאַן פון די ליבעראַלן איז געווען די אַלטע וואָכנשריפט „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס", וואָס נאָכן טויט פון איר גרינדער לודוויג פיליפּסאָן (1889) האָט זי רעדאַקטירט דער ליטעראַטור-היסטאָריקער ג. קאַרפּעלעס. דער אָרגאַן פון די מעסיקע אָרטאָדאָקסן איז געווען די וואָכנשריפט „יודישע פרעסע", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין בערלין אונטער דער רעדאַקציע פון ראַבינער עזריאל הילדעסהיימער, ווייטער, אַ גרופּע לעצט-אָרטאָדאָקסן, וואָס האָט געשטרעבט צו פאַראייניקן די שטרענגע דינים פון „שלחן ערוך" מיטן גלאַנץ פון דייטשער קולטור, האָט געפירט איר פּראָפּאַגאַנדע אינם זשורנאַל „איזראַעליט", וואָס מ. לעמאַן האָט אַרויסגעגעבן אין מיינץ.

די נאַציאָנאַלע ירידה האָט זיך מער פאַר אַלץ אָפּגעשפּיגלט אין דער ספערע פון יידישער וויסנשאַפט, וואָס זי איז געווען דער שטאָלץ פון דייטשע יידן. אַ סך גרויסע אינטעלעקטועלע כוחות און טאַלענטן זענען אַוועק צו דער אַלגעמיין-דייטשער וויסנשאַפט און ליטעראַטור, און אויפן יידישן פעלד איז פאַרבליבן זייער ווייניק אַרבעטער. די פאָרשטייער פון יידישן וויסנשאַפטלעכן רענעסאַנס האָבן שוין געהאַלטן ביים סוף פון זייער לעבן. דער געשיכט-שרייבער, גרעץ, שוין אַ בן-שבעים, האָט ווייטער געטאָן פאַרפולקאָמען זיין ענציקלאָפּעדיש ווערק און אים דערגענצט אויפן גרונט פון נייע אויספאָרשונגען. צו זיין שטילן קאַבינעט אין ברעסלוי זענען דערגאַנגען די ערשטע קאַמפּס-רופן פון אַנטיסעמיטיזם: דער פּרייסישער היסטאָריקער טרייטשקע, ווי ס'איז אויבן דערציילט, האָט זיין באַשולדיק-אַקט קעגן יידן געבויט אויף ציטאַטן פון גרעצעס „געשיכטע", דערפאַר וואָס דאָ איז אָנגעווענדעט נישט קיין קעניגלעך-פּרייסישער, נאָר אַ יידישער קריטעריום ביים אָפּשאַצן געשעענישן. גרעץ האָט זיך שוואַך אָפּגערופן אויף די דאָזיקע „באַשולדיקונג" אין יידישן נאַציאָנאַליזם, און דאָס האָט אין אַסימילאַטאָרישע קרייזן פאַרשטאַרקט די אומצופרידנקייט קעגן דעם היסטאָריקער.[1] די אויפרעגונג קעגן דעם יידישן היסטאָריקער, וואָס האָט זיך אַרויס-

1) זע די „הוספות" סוף באַנד.

געוויזן פאַר אַזאַ שלעכטן דייטשן פּאַטריאָט, איז אין דידאָזיקע קרייזן געווען אַזוי שטאַרק, אַז גרעצן האָט מען נישט צוגעצויגן צו באַטייליקן זיך אין דער „היסטאָרישער קאָמיסיע”, וואָס מ'האָט אין 1885 געגרינדעט אין בערלין אויף צו באַאַרבעטן די מקורים איבער דער געשיכטע פון יידן אין דייטשלאַנד. גאָר די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט זיך גרעץ פאַרטיפט אין דער קריטישער אויספאָרשונג פון ביבלישן טעקסט, און אינמיטן דער אַרבעט איז ער אַוועק פון דער וועלט (1891).

אויפן געביט פון ביבל-וויסנשאַפט האָבן קריסטלעכע פאָרשער אין דער תקופה אויפגעטאָן מער, ווי יידישע. די שולע פון „ביבעל-קריטיק” אין דער פּראָטעסטאַנטישער טעאָלאָגיע, — וואָס אירע פאָרשטייער זענען אין XIX יאָרהונדערט געווען דע-וועטע, עוואַלד, רייס, גראַף, — האָט דערגרייכט צו פולקאָמענקייט אין דער שטרענגער וויסנשאַפטלעכער סיסטעם פון וועלהאַוזען, דער מחבר פון „פּראָלעגאָמענאַ צור געשיכטע איזראַעלס” (1878) און „איזראַעליטישע אונד יודישע געשיכטע” (1894). די פראַגמענטאַרישע טעאָריע פון ביבל-פאַרפאַסונג איז דאָ באַאַרבעט געוואָרן מיט אַזאַ מייסטערשאַפט צו אנאַליזירן די טעקסטן, אַז וועלהאַוזען איז פאַר אייניגע געוואָרן דער דאַרווין פון ביבל-וויסנשאַפט, און פאַר אַנדערע — אַ געפערלעכער טראַדיציע-צעשטערער. דידאָזיקע דאָקטרינע האָט באמת געהאַט אין זיך אַ געזונטן קערן: זי האָט געפּרובט פאָרצושטעלן די נאַטירלעכע עוואָלוציע פון יודאַאיזם—פון פרימיטיווע רעליגיע-פאָרמען ביזן אוניווערסאַלן עטישן מאָנאָטעאיזם פון די נביאים. איר פעלער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געהאַט אַ דרייסטע פרעטענזיע פעסטצושטעלן אַלע דעטאַלן פונם דאָזיקן עוואָלוציע-פּראָצעס; זי האָט גענומען היפּאָטעזן וואָס זענען געבויט אויף אַ שאַרפזיניקן אַנאַליז פון ביבלישע טעקסטן, און זיי אַרויסגעגעבן פאַר פאַקטן, פון וועלכע מ'האָט געמאַכט אַנטשיידענע אויספירן. דער פילאָזאָפיש-היסטאָרישער פעלער, וואָס מען געפינט אפילו ביי פריידענקעדיקע קריסטלעכע טעאָלאָגן, האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן אויך אין וועלהאַוזענס ווערק: ער באַציט זיך פּאָזיטיוו צו דער רעליגיעזער עוואָלוציע פון יודאַאיזם אין אירע אוניווערסאַלע עלעמענטן, אָבער נעגאַטיוו — אין אירע נאַציאָנאַלע דערשיינונגען. די תקופה, ווען די יידישע נאַציע האָט זיך פאָרמירט צווישן דער העלעניש-רוימישער וועלט, שטעלט וועלהאַוזען פאָר פּונקט ווי רענאַן), אַזוי ווי אַ תקופה פון אַ ירידה, ווען דאָס רעליגיעזע באַוואוסטזיין איז אונטערגעגאַנגען, און ווידער אויפגעלעבט האָט עס ערשט אין קריסטנטום. דערדאָזיקער קולטור-היסטאָרישער אַנטי-יודאַאיזם איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישע פּאַראַלעל צום דאַמאָלסטיקן סאָציאַל-עקאָנאָמישן אַנטיסעמיטיזם. מער אָביעקטיוו האָט באַאַרבעט די געשיכטע פון יהודה אין דער אויפקום-תקופה פון קריסטנטום דער געטינגער פּראָ-

פעסאָר עמיל שירער — אין זיין גרויס ווערק „געשיכטע דעס יודישן פאָלקעס אים צייטאַלטער יעזו קריסטי” (דריי בענד, 1890 — 1902). דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס באַציט זיך צו דער פּאָליטישער געשיכטע פון יענער תקופה, האָט דער מחבר אויסגעפּאָרשט דעטאַלער פאַר גרעצן, אָבער אַלס קריסטלעכער טעאָלאָג האָט ער דאָך נ״שט אָפּגעשאַצט די ראָלע פונם גרויסן נאַציאָנאַלן קאַמף אין יהודה, ווי דעם הויפּטסטימול צו דער אַנטשטייאונג פון קריסטנטום, וואָס איז דאָך געווען אַ רעאַקציע פון רעליגיעזן אינדיווידואַליזם קעגן נאַציאָנאַליזם, קעגן די העלדישע אָנשטרענגונגען פון יידישן פאָלק צו באַוואָרענען זיין זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ אין דער גריכיש-רוימישער וועלט.

נאָך גרעצן, האָבן דאָס אָרט פון שפּעטער פאַרנומען געטרייע אַרבעטער — מאַטעריאַלן-זאַמלער און מחברים פון באַזונדערע היסטאָרישע סקיצן. די דערמאָנטע היסטאָרישע קאָמיסיע האָט אַרויסגעגעבן „רעגעסטן” און „קוועלן” איבער דער געשיכטע פון יידן אין דייטשלאַנד אין די מיטלאַלטערלעכע יאָרהונדערטן („רעגעסטן” פון אַראָניוס און דריי בענד „קוועלן” 1887 — 92), און אויך אַ פערטל-יאָר-שריפט איבער דער געשיכטע פון דייטשע יידן בכלל, אונטער דער רעדאַקציע פון לודוויג גייגער, דעם באַקאַנטן רעפאָרמאַטאָרס אַ זון („צייטשריפט פיר געשיכטע דער יודן אין דייטשלאַנד”, 1887—92). אין ברעסלוי איז נאָך אַרויסגעגאַנגען די וויסנשאַפטלעכע „מאָנאַטסשריפט”, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט די נעמען פון פראַנקל און גרעץ און נאָך אַ געוויסן איבעררייס האָבן זי אַרויסגעגעבן זייערע שילער. אַלץ, וואָס האָט זיך געדרוקט אין דידאָזיקע אויסגאַבעס, איז נאָר געווען בוי-מאַטעריאַל, וואָס האָט געוואַרט אויף זיין מייסטער, דערווייל האָבן געאַרבעט קאָמפּילאַטאָרס. גוסטאַוו קאַרפּעלעס האָט פאַרעפנטלעכט אַ קאָמפּילאַטיווע געשיכטע פון יידישער ליטעראַטור, וואָס אין איר זענען געבוי נאָכגעמאכט צונץ און גרעץ. דיזעלבע צייט זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן צוויי גרויסע מאָנאָגראַפיעס איבער דער געשיכטע פון יידן אין רוים („געשיכטע דער יודען אין ראָם” פון א. בערלינער און א בשותפותדיק ווערק מיט דעמזעלבן נאָמען פון פאָגעלשטיין און ריגער, 1893—95). אייניקע, וואָס האָבן געשטאַמט פון מזרח-יידנטום און זיך באַהאָפטן צו דער מערב-וויסנשאַפט, האָבן זיך געפּרובט אויפצולעבן צוריק אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור די נאַציאָנאַלע שפּראַך, וואָס איז שוין פון דאָרט לאַנג אַרויסגעטריבן געוואָרן. שמעון בערנפעלד פון בערלין, אַ שרייבער מיט ענציקלאָפּעדישע יידישע ידיעות, האָט אָנגעשריבן אויף העברעאיש אין נייעם גייסט די געשיכטע פון דער יידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע („דעת אלהים”, 1897), די געשיכטע פון דער נייעסטער רעפאָרמאַציע אין יודאַאיזם („תולדות הריפורמציון בישראל”, 1900),

קריטישע עסייען איבער יידישער היסטאָריאָגראַפיע און אירע טוער אין פאַרשידענע תקופות. אַזעלכע ווערק האָבן געלייענט דערעיקערשט געוועזענע תּלמידים פון חדרים און ישיבות אין רוסלאַנד און פּוילן, און עס האָט זיי באַהאַפטן מיטן וויסנשאַפטלעכן געדאַנק אין מערב און צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דער ווייטערדיקער עוואָלוציע פון דער יידישער וויסנשאַפט.

יידישע וויסנשאַפט האָבן אין דייטשלאַנד פאַרשפּרייט דריי הויכשולן: דער עלטסטער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין ברעסלוי, וואָס נאָך גרעצן און פראַנקלען האָט ער אָנגעוואָרן זיין פריערדיקן שם; די „הויכשולע פיר די וויסנשאַפט דעס יודענטומס”, וואָס אברהם גייגער האָט געגרינדעט אין 1872 און וואָס זי האָט זיך גערעכנט פאַר אַ וויסנשאַפט-פעסטונג פון די רעפאָרמיסטן-ליבעראַלן; און אַלס קעגנגעוויכט צו איר, ענדלעך, דער ראַבינער-אינסטיטוט פון הילדעסהיימער, וואָס די אָרטאָדאָקסן האָבן באַשאַפן. דידאָזיקע שולן האָבן געגעבן פאַר די געמיינדעס פון ביידע מחנות ראַבינערס און פּרייִדיקערס, און פאַר דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור — נוצלעכע אַרבעטער. ג. קאַרפּעלעס האָט געגרינדעט אין דייטשלאַנד „פאַריינען אויף צו שטודירן יידישע געשיכטע און ליטעראַטור”, און זיי האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן צו פּאָפּולאַריזירן די יידישע וויסנשאַפט. אַזעלכע „פאַריינען” הויבן זיך אָן צו גרינדן פון 1892 אין אַ סך שטעט, זיי טראָגן אַריין אַן אויפלעבונג אין די געמיינדעס מיטן איינאָרדנען לעקציעס, קורסן, ביבליאָטעקן און לייען-זאַלן.

כל זמן אין די מוחות, זאָל זיין נישט קיין פילע, האָט נאָך אונטערן אַש געטליעט אַ פונק יידישע קענטענישן, כל זמן עס איז נאָך נישט פאַרשוואונדן דאָס באַוואוסטזיין, אַז די דרייטויזנטיעריקע קולטור פון יידנטום קאָן זיך מעסטן אין די כוחות מיט דער דרייהונדערטיעריקער קולטור פון דייטשלאַנד, — איז נאָך נישט אַלץ געווען פאַרלוירן. דאָ לעבן דייטשלאַנד, פון יענער זייט ניעמאַן און ווייסל, איז געווען — אַ גרויסער רעזערוואואַר יידישע גייסטיקע כוחות. פון צאַרישן רוסלאַנד האָבן זיך געטראָגן קרעכצן פון געיאָגטע און ראַבירטע, אָבער פון דאָרטן זענען אויך געגאַנגען נייע אידעען, אַ רוף צו נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. וואָס האָט ענדע יאָרהונדערט געפונען אַן אָפּקלאַנג אויך אין מערב. די אַנטוויקלונג פון דער נייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, דער עיקר אין פאָרם פון ציוניזם, באַציט זיך צו דער צווייטער העלפט פון דער באַשרייבענער תקופה, וואָס איר צעטייל-פּונקט איז דאָס יאָר 1897, דאָס יאָר פון ערשטן ציוניסטן-קאָנגרעס.

# קאַפּיטל II

# אַנטיסעמיטיזם אין עסטרייך-אונגאַרן (1881—1900).

## § 6. דייטשיש עסטרייך. די אַגיטאַציע אין ווין און ראָלינגס פּראָצעס.

די סיבות פון דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג זענען נישט געווען גאַנצן דיזעלבע אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, פונקט ווי עס איז פאַרשידן געווען זייער פּאָליטישער גורל און דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פוןביידע מלוכות. אין עסטרייך האָט קודם כל געפעלט דער פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו פאַר רעאַקציע: מ'איז נישט געווען פאַרשיכּורט פון מיליטערישער הצלחה אַזוי ווי אין דייטשלאַנד, און דערפאַר איז דאָ נישט געווען קיין אָפּגאָט פון מיליטאַריזם און קיין קרענקלעכע היפּערטראָפיע פון מלוכהשקייט. אַ באַזיגטע אין אויסערלעכע און אינעווייניקסטע מלחמות, האָט עסטרייך נישט געשטרעבט צו קיין מיליטערישע לאָרבערקרענץ; די גאַנצע זאָרג פון דער דואַליסטישער מאָנאַרכיע איז געווען, עס זאָלן אין מלוכה-פאַרבאַנד איינגעהאַלטן ווערן די פון-צענטער-לויפנדיקע כּוחות פון פאַרשידענע פעלקער, וואָס גייען אַריין אין איר באַשטאַנד. דאָ איז אומעגלעך געווען איין-איינציקער מלוכה-נאַציאָנאַליזם. דייטשלאַנד האָט געהאַט צו טאָן נאָר מיט צוויי קליינע גרופּעס פרעמדע פעלקער אין איר באַשטאַנד — פּויזנער פּאָליאַקן און יידן, — זי האָט דעריבער דאָס גערמאַניזירן זיי געקאָנט פאַרוואַנדלען אין אַ מלוכה-פּרינציפּ; אָבער דאָס פאַרשידנפאַרביקע עסטרייך-אונגאַרן האָט נישט פאַרמאָגט קיין איינהייטלעכע הערשנדיקע מלוכה-נאַציע, אין פאַרשידענע טיילן מלוכה האָט זי געהאַט עטלעכע אַזעלכע נאַציעס. אין דייטשישן עסטרייך (אויבערשטן און אונטערשטן) האָבן זיך פאַר אַזאַ מלוכה-נאַציע געהאַלטן דייטשן, אין בעהמען און מעהרען האָבן די טשעכן פּרעטענדירט אָפּצונעמען דעמדאָזיקן טיטול ביי די דייטשן, אין גאַליציע האָבן געהערשט פּאָליאַקן, און אין זעלבסטשטענדיקן אונגאַרן—מאַדיאַרן. יעדע פון דידאָזיקע גרעסערע נאַציעס האָט אין איר קאַנט געשטרעבט איינצו

שליוגען, אסימילירן די קלענערע נאציאנאלע גרופעס, וואס זענען צווישן זיי. אין רייכסישן עסטרייך האט מען זיי גערמאניזירט, אין סלאווישן עסטרייך — סלאוויאניזירט, אין אונגארן — מאדיאריזירט. די לאגע פון יידן איז אין דער־דאזיקער פעלקער־מחלוקת געווען די ערגסטע: יעדע אנערקענטע נאציאנאלע מינדערהייט האט געהאט צוטון נאר מיט דער נאציאנאלער מערהייט פון געגעבענעם קאנט; יידן אבער, וואס אפיציעל האט מען ביי זיי אפילו אפגענומען דעם טיטול „נאציע“, האבן געליטן רדיפות מצד אלע שטרייטנ־דיקע פעלקער פון געגעבענעם קאנט, ווייל יעדערער האט געפאדערט, יידן זאָלן גיין מיט אים אין קאמף אנטקעגן די איבריקע.

די צאל יידן אין עסטרייך־אונגארן איז געווען זייער גרויס: אין ציסלייטאנישן עסטרייך האט מען דאס יאר 1880 געציילט העכער א מיל־יאן יידן (אין 1890 — 1.143.305), און אין אונגארן — 638.000; דאס האט אויף יעדע מלוכה־העלפטן אויסגעמאכט העכער 4 פראצ. פון דער אלגע־מיינער באפעלקערונג. אין באזונדערע ווייטער פראווינצן, ווי למשל, אין גאליציע און בוקאווינע, האבן יידן באטראפן ביי 12 פראצ. פון דער גאנ־צער באפעלקערונג, און אין א סך שטעט — די גרעסטע העלפט. ביי אזא כוחות־פארהעלטעניש האט זיך באזונדער שארף געלאזט פילן די קאנקו־רענץ צווישן יידן און ארומיקע פעלקער אין באשטימטע געביטן פון ווירט־שאפט־לעבן[1]). שוין אט דער נאציאנאלער אנטאגאניזם, וואס האט אין עסטרייך געהאט א פאליטישן, און נישט נאר א קולטורעלן כאראקטער האט יידן געשטעלט אין אזא לאגע, אז אומעטום כמעט זענען זיי געווען, צווישן צוויי פייערן. די טשעכן, פאליאקן און אונגארער האבן אין זייערע געגנטן נישט געקאנט רואיק צוזען, ווי יידן אין זייער סביבה אסימילירן זיך מיט דייטשן און פארשטארקן דערמיט זייערע געגנער. די דייטשן ווי־דער זענען געווען אויפגערעגט, אלמאי געוויסע גרופעס יידן פאלאניזירן און מאדיאריזירן זיך. צווישן די שטרייטנדיקע נאציעס האט מען אויף יידן געדריקט פון פארשידענע זייטן. פאר א באזונדערע נאציע האט זיי קיי־נער נישט אנערקענט, ווייל טעריטאריעל זענען זיי געווען צעווארפן, הגם איינגעראמטן איז אין די אייגנטימלעכע יידישע מאסן פון גאליציע, בוקא־ווינע און טיילווייז אונגארן געווען א צווייטער אויסערלעכער סימן פון נא־

1) לויט באשעפטיקונגען האבן זיך יידן אין עסטרייך (אן אונגארן) סוף XIX יארהונ־דערטס אזוי פארטיילט: מיט מסחר האט זיך פארנומען א קארגע העלפט יידישער באפעלקערונג (נאך דער ציילונג פון 1900 אויף 1.224.000 — 553.000), מיט אינדוסטריע (האנטווערק און פאבריק־פראדוקציע) ביי א דריטל (351,000), מיט פרייע פראפעסיעס און מלוכה־דינסט — ביי א זעקסטל (198.000), מיט לאנדווירטשאפט — העכער א צענטל (139,000). דאס איז נישט געווען אזא איינזייטיקע פארטיילונג, ווי אין דייטשלאנד (§ 5), דאך האט זי זיך שארף אונטערגע־שיידט פון דער אלגעמיינער באשעפטיק־פארטיילונג: אין לאנדווירטשאפט האבן איבערגעוואויגן קריסטן, אין מסחר — יידן. אזא פארהעלטעניש אן ערך איז אויך געווען אין אונגארן.

ציאָנאַ׳יטעט—די שפּראַך. יעדע נאַציאָנאַלע מערהייט פון דער געגעבענער טעריטאָריע האָט געפאָדערט, אַז די אָרטיקע יידן זאָלן זיך צו איר צורעכענען, און ווער ס׳האָט זיך נישט אונטערגעוואָרפן — האָט מען אים גערודפט; די מינדערהייטן ווידער האָבן פיינט געהאַט יידן, וואָס שטייען צו צו דער מערהייט, וועלכע דריקט די קלענערע פעלקער.

וואָלט דער פאַטאַלער טעות פון יאָרהונדערט נישט געצוואונגען די פירער פון יידנטום, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער רעכט אויפן טיטול נאַציע, וואָלטן יידן געקאָנט אומעטום קעמפן פאַר זייערע, און נישט פאַר פרעמדע, נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג, באַגלייך מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס, און נישט שטויסן זיך פּאַסיוו צווישן זיי און באַקומען קלעפּ פון אַלע זייטן. די צ ישנפעלקערדיקע לאַגע פון יידן איז געווען דער הויפּטקוואַל פון זייערע צרות אין דער „געשטיקעוועטער" פאַרשידנפאַרביקער מלוכה. צו דעם קומען נאָך צו די קולטורעלע און סאָציאַלע קאָנטראַסטן אין עסטרייכער יידנטום גופא — אַסך שאַרפערע ווי אין דייטשלאַנד. דער פאַרדייטשטער ווינער ייד האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיטן אייגנטימלעכן און אָפּט אַלטפרענקישן גאַליציאַנער חסיד, און די מאַדיאַריזירטע רעפאָרמער פון אונגאַרן האָבן אויך געהאַט קעגן זיך אַ מאַסע אָרטאָדאָקסן פאַנאַטיקער; די קעגנזאַצן פון רייך און אָרעם אין יידישן לעבן האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן: ווינער באַנקירן — גרויסע סוחרים — און גאַליציאַנער אָרעמקייט, וואָס פלעגט זיך אָפּט באַווייזן אין שמאַטעס אויף די גאַסן פון דער אויסגעפּוצטער קרוינשטאָט. די אַלע נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און סאָציאַלעקאָנאָמישע אונטערשיידן האָבן געשאַפן אַ באָדן פאַר אַנטיסעמיטיזם, וואָס אין יעדן פון עסטרייך-אונגאַרנס טיילן האָט ער געהאַט זיינע אייגנשאַפטן און אין אַ סך פרטים האָט ער זיך אונטערגעשיידט פון זיין דייטשן פּראָטאָטיפּ.

נאָענט צום דייטשן מוסטער איז געווען נאָר דער אַנטיסעמיטיזם פון דייטשן עסטרייך, דער עיקר אין ווין. אין דער קרוינשטאָט האָט זיך מער פאַר אַלץ געלאָזט פילן דער הויפּטמאָטיוו פון אַנטיסעמיטיזם — די קנאה צום סאָציאַל-עקאָנאָמישן דערפאָלג פון יידן נאָך דער עמאַנסיפּאַציע. נאָך דער קאָנסטיטוציע פון 1867, וועלכע האָט ענדגילטיק איינגעשטעלט גלייכבאַרעכטונג פון בירגער, האָבן יידן אין די גרויסע שטעט ברייט געעפנט זייערע כוחות, וואָס ביז אַהער זענען זיי געווען געפּענטעט דורך רעכטלאָזיקייט, און פאַר אַ קורצער צייט האָבן זיי זיך שטאַרק אויפגעהויבן אויפן סאָציאַלן לייטער. אַ סך האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער ראָליע פון באַאַמטע, ריכטער, לערער, פּראָפעסאָרן — אין אַלע פרייע פּראָפעסיעס און אַפילו אין דער אַרמיי, ווייל דאָ איז יידן נישט געווען אַזוי שווער, ווי אין פּרייסן, צו דערגרייכן צום ראַנג אָפיציר. יידנס אנטייל אין דער גרויסער טעגלעכער פּרעסע האָט זיך אין ווין געוואָרפן אין די אויגן נישט ווייניקער, ווי אין בערלין. אַוודאי.

מער פאַר אַלץ האָט זיך די באַפרייטע ענערגיע אַרויסגעוויזן אין דער הויפּט־פּראָפעסיע פון די יידישע מאַסן – אין מסחר. קיין ווין, וואָס איז ביז אַהער געווען געשלאָסן פאַר יידן, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פון פּראָווינץ קאָמערסאַנטן, זיי האָבן אָנגעפילט די הויפּטשטאָט מיט מסחר־טומעל, אַנטוויקלט אַ פיבער פון אַקציען־אונטערנעמונגען און פאַרשידענערליי „גרינדערשאַפט“ — לויטן בערלינער מוסטער. דער פינאַנץ־קריזיס פון 1873, וואָס איז אויסגעפאַלן אין איין צייט איןביידע רעזידענץ־שטעט, איז פאַרשריבן געוואָרן אויפן חשבון פון יידן. דאָס איז געווען איינע פון די ערשטע דערשיינונגען פון סאָציאַלער רעאַקציע, וואָס דער שנעלער דערפאָלג פון די עמאַנסיפּירטע האָט אַרויסגערופן אין עסטרייכס רעזידענץ־שטאָט. די ווינער האָבן נאָך געדענקט די פּריווילעגיע פון דער רעזידענץ־שטאָט de non tolerandis judaeis — און זיי האָט געבייזערט דאָס, וואָס יידן פון גאַליציישער „האַלבאַזיע“ און אַנדערע העקן האָבן פאַרפולט ווין[1]). אַ סך בירגער האָבן געבענקט נאָך יענער גליקלעכער צייט, ווען קריסטלעכע סוחרים, אינדוסטריעלער און מענטשן מיט פרייע פּראָפעסיעס האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר יידישער קאָנקורענץ, וואָס מאַכט די געהאַלטער נידריקער, די פרייזן פון סחורות — ביליקער.

ווענן „יידישער געפאַר“ האָט מען פריער פאַר אַלץ אָנגעהויבן רעדן אין דער מחנה אַלטע יידישע שונאים, צווישן די קלעריקאַלן, וואָס אויך ביים נייעם רעזשים האָבן זיי אין קאַטוילישן עסטרייך איינגעהאַלטן אַ געוויסע ווירקונג. נאָך אין 1871 האָט זיך אין פּראָג באַוויזן אַ נייער אייזנמענגער — אַ פּראָפעסאָר פון אָרטיקן אוניווערסיטעט אויגוסט ראָלינג, וועלכער האָט אין זיין בוך „דער תלמוד־יודע“ דעמאַסקירט דאָס יידנטום. אינם דאָזיקן בוך איז איבערגעחזרט געוואָרן אַן אַלטער, לאַנג־פאַרגעסענער סילאָגיזם: אַלע באַליידיקנדיקע אויסדריקן אין תלמוד וועגן געצנדינער אָדער פרעמדגלויביקע פון אַמאָל — באַציען זיך אויך צו היינטיקע קריסטן, און כלומרשט, לויט די די געבאָטן פון זייער אמונה מוזן יידן זיי פאַראַכטן; דערפאַר טאָר מען יידן אין אַ קריסטלעכע מלוכה נישט דולדן. דאָסדאָזיקע פאַרראָסטעטע געווער, וואָס מ׳האָט איצט אַרויסגעשלעפּט פונם לאַגער היסטאָרישע אַלטוואַרג, האָט דאָך געוועקט מער ווי אַרכעאָלאָגישן אינטערעס. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ ויכוח. ראָלינגען האָט מען באַשולדיקט אין אַ פּלאַגיאַט פון אייזנמענגערס „דעמאַסקירטן יידנטום“, וואָס אויך יענער פון זיין זייט האָט געשעפּט פון צווייפלהאַפטע מיטלאַלטערלעכע קוועלן; מ׳האָט אים געכאַפּט, אַז ער האָט פאַרדרייט ציטאַטן פון תלמוד און בכלל נישט פאַרשטאַנען קיין אַלטע טעקסטן. האָט די פּאָלעמיק אַרויסגערופן נאָך אַ גרעסערן אינטערעס צו ראָלינגס פּאַמפלעט, און דאָס בוך האָט מען יאָר־איין און יאָר־

---

1) די צאָל יידן אין ווין איז פאַר די צען יאָר 1869 — 1879 פאַרטאָפּלט געוואָרן. אין 1880 איז זי געווען 73.000, און אין 1890 איז זי דערגאַנגען ביז 118.000.

אויס איבערגעדרוקט און מאַסנווייז פאַרשפּרייט אין דייטשער און טשעכישער שפּראַך מיט הילף פון קלעריקאַלע אַגענטן. ראָלינג האָט טריומפירט און געהאַט די חוצפּה צו מעלדן, אַז ער איז גרייט צו באַצאָלן טויזנט טאָלער יענעם, וואָס וועט דערווייזן פעלערן כאָטש אין איין ציטאַטע אין זיין בוך. ער האָט אָבער נישט מקיים געווען זיין פאַרפליכטונג אַפילו נאָכדעם, ווי אויטאָריטעטע קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן דערוויזן, אַז אַ סך זיינע ציטאַטן זענען פאַלש. דער פּראָטעסטאַנטישער טעאָלאָג, באַוואוסטער העבראַאיסט פראַנץ דעליטש פון לייפּציג, האָט אַנאַליזירט ראָלינגס בוך (1880) און געקומען צום אויספיר, אַז עס איז פול מיט „ליגן און רכילות", „נישטריכטיקע איבערזעצונגען", „פאַרדרייטע טעקסטן", „פאַלשע קאָמענטאַרן", און אַז דער מחבר הויבט נישט אָן צו פאַרשטיין די תלמוד-ספרים. ראָלינג האָט געשוויגן. דעם פאַלסיפיקאַטאָר האָט אונטערגעהאַלטן אַ איינפלוסרייכע גרופּע קלעריקאַלן אין ווין — העכערע פאָרשטייער פון קאַטוילישער גייסטלעכקייט און די שוואַרצע פּרעסע („ווינער קירכענצייטונג", „פאַטערלאַנד"). אַ געוואַלדיקער שונא פון פּראָטעסטאַנטן און יידן, איז ראָלינג געווען אַ געווער ביי דערדאָזיקער גרופּע אָבסקוראַנטן, וועלכע האָט זיך געוואָלט מטיב זיין אין עסטרייך פאַר דעם „קולטורקאַמף" קעגן קאַטוילן, וואָס איז געגאַנגען אין דייטשלאַנד — נישט אָנם אָנטייל פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער.

ווען אין דייטשלאַנד האָבן זיך אָנהויב 80-ער יאָרן באַוויזן אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציעס, האָט דאָס עסטרייכער יידן-שונאים צוגעגעבן מוט. ווין האָט גענומען פלייסיק נאָכמאַכן בערלין. די מאָדישע סחורה, וואָס מ'האָט אַראָפּגעבראַכט פון דייטשלאַנד, האָט דער ערשטער אַרויסגעטראָגן אויפן פּאָליטישן מאַרק אַ דייטשער שאָוויניסט געאָרג פאָן-שענערער אַ גליד פון עסטרייכישן רייכסראַט און פירער פון דער פּאַרטיי פּאַנגערמאַניסטן. אַזוי ווי שטעקער, פּרובט ער אויך אַריינפירן אַנטיסעמיטיזם אין באַוואוסטזיין פון די אַרבעטסמאַסן—אונטערן מאַנטל פון „קריסטלעכן סאָציאַליזם", אָבער ווינער אַרבעטער גיט זיך אים נישט איין אָפּצונאַרן, און דאַמאָלסט שטעלט ער אַרויס זיין אמתע פּאָן פון אַ פאַרברענטן דייטשן שאָוויניסט. אין אַגיטאַציע-רעדעס און אַרטיקלען (פון 1882 גיט ער אַרויס אַ בלעטל „אונפערפעלשטע דייטשע וואָרטע") אַנטוויקלט שענערער דעם געדאַנק, אַז יידן אין עסטרייך שוואַכן אָפּ דעם דייטשן עלעמענט לטובת אַנדערע נאַציעס, און דערפאַר דאַרף מען זיי צורעכענען צו די שונאים פון פאָטערלאַנד, באַגלייך מיט סלאַוון און אַנדערע פרעמדע. שענערערס אַנטיסעמיטישע דרשות האָבן אין רייכסראַט נישט געהאַט קיין דערפאָלג, ווייל דאָ זענען געזעסן פאָרשטייער פון אַלע עסטרייכישע נאַציעס און פּאַנגערמאַניזם האָט מען דאָ געהאַלטן פאַר אַ חלום. אַ גרעסערן דערפאָלג

שוין האָבן געהאַט יענע אַנטיסעמיטן — דעמאַגאָגן, וואָס האָבן אַגיטירט אויפֿן
עקאָנאָמישן באָדן צווישן קריסטלעכן קליינבירגערטום אין ווין — הענדלער,
בעלי-מלאכות, בעלי-בתּים פֿון האָטעלן און רעסטאָראַנען. מ'האָט אָנגעהויבן
גרינדן אַנטיסעמיטישע חברות אונטער די נעמען: „פֿאַריין פֿון קריסטלעכע
האַנטווערקער" און „רעפֿאָרם-פּאַרטיי", זייער אמתער ציל איז געווען קאָנטר-
רעפֿאָרם: אָפּשאַפֿן אָדער פֿאַרקירצן די בירגערלעכע רעכט פֿון יידן. אויף
דער גאַסן-אַגיטאַציע האָבן זיך אָפּגערופֿן אַלע פֿאַרזעגלעך-פֿאַראינטערעסירטע
אָדער בכלל הפקר-עלעמענטן פֿון ווינער באַפֿעלקערונג. אין פֿרײַלעכן ווין
האָבן זיך אָנגעהויבן איבערחזרן בערלינער סקאַנדאַלן. אַנטיסעמיטן פֿלעגן
אין יידישע קוואַרטאַלן באַליידיקן דורכגייער; דייטשע סטודענטן-שאָוויניסטן
פֿלעגן אין די ווענט פֿון הויכשול טשעפּען זייערע קאָלעגן-יידן. אין שענקען
און קנײַפּעס, וואו אַנטיסעמיטן פֿלעגן געוויינלעך אײַנאָרדנען זייערע פֿאַר-
זאַמלונגען, האָט מען אויף יידן אויסגעגאָסן, וואָס אין דער קאָרט, דערבײַ
פֿלעגן די בעל-דרשנס זיך פֿאַררופֿן אויפֿן „געלערנטן" ראָלינג און פֿלעגן
צעהיצן די פֿאַנטאַזיע פֿון המון מיט געפֿעלשטע ציטאַטעס פֿון יידישע ספֿרים.

פֿרי-יאָר 1882 האָט איינער פֿון אַזעלכע אַגיטאַטאָרס, פֿראַנץ גאָלובעק
געהאַלטן אַ דרשה אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון „פֿאַריין קריסטלעכע האַנט-
ווערקער", וואו פֿאָרזיצער איז געווען שנערער. „דער ייד, — האָט ער
געטענהט, — איז נישט אונזערער אַ מיטבירגער; ער איז געוואָרן אונזער
האַר און אונטערדריקער. איר ווייסט, וואָס עס שטייט וועגן אײַך אין
גמרא? דאָרט איז געזאָגט, אַז מיר אַלע (קריסטן) זענען חזירים, הינט
און אייזלען". ווען מ'האָט גאָלובעקן צוגעצויגן צו געריכטלעכער פֿאַראַנט-
וואָרטונג פֿאַר העצן איין טייל באַפֿעלקערונג אויפֿן צווייטן, האָט זײַן
פֿאַרטיידיקער צוגעשטעלט אויף צו פֿאַרענטפֿערן דעם אָנגעקלאָגטן אַן
אַנטשפּרעכנדיקע גמרא-ציטאַטע פֿון ראָלינגס-בוך. גאָלובעק אַליין האָט גע-
מאָלדן אין געריכט, אַז „וויסנשאַפֿטלעך" כאַראַקטעריזירן די באַציאונג פֿון
יידן צו פֿרעמדגלויביקע אויפֿן גרונט פֿון אַזאַ אויטאָריטעטן בוך, ווי דאָס
ווערק פֿון פּראָגער פּראָפֿעסאָר, קאָן נישט גערעכנט ווערן פֿאַר אַן אויפֿ-
פֿאָדערונג צו געוואַלט-מעשׂים. דאָס געריכט האָט זיך געלאָזט אײַנרעדן פֿון
אַזעלכע באַווײַזן און גאָלובעקן פֿרײַגעשפּראָכן. אַזאַ פּסק-דין פֿון געריכט איז
געווען אַ דירעקטער אַרויסרוף פֿאַר יידן: מ'האָט זיי עפֿנטלעך באַשולדיקט,
אַז בײַ זיי איז קריסטן-שׂנאה אַ חוב-זאַך. אויפֿן אַנדערן טאָג (דעם 30
אָקטאָבער 1882) האָט זיך אין ווינער צײַטונגען באַוויזן אַן אָפֿיציעלע מעל-
דונג פֿון יידישן געמיינדע-ראַט, מיט דער אונטערשריפֿט פֿון צוויי געלערנטע
ראַבינערס גידעמאַן און יעלינעק, וועגן דעם, אַז די ציטאַטע, וואָס האָט
פֿיגורירט אין געריכט און איז גענומען פֿון ראָלינגס בוך, געפֿינט זיך
נישט אין תּלמוד און דאָרט פֿעלט בכלל אַזוינס, וואָס זאָל זײַן פֿײַנטלעך

צו קריסטן. אַזאַ הכחשה האָט ראָלינגען אויפגערייצט, און ער האָט אין אַ צייטונג און שפּעטער אין אַ באַזונדער בראָשור, פאַרעפנטלעכט זיין „ענטפער צו די ראַבינערס", פול מיט זידלערייען קעגן ווינער רבנים, וואָס פאַרלייקענען יענע שטעלן אין תלמוד, וועלכע קאָמפּראָמעטירן יידן. דאָס פּובליקום האָט געלייענט דעם „ענטפער" און זיך געקאָכט. אַ סך האָבן געגלויבט, אַז אין תלמוד זענען ווירקלעך פאַראַן פאַרשריפטן וועגן פיינט־האָבן קריסטן. דאָס, וואָס ביי די פאָרשטייער פון ווינער קהילה האָט גע־פעלט בירגערמוט, האָט נאָר געקאָנט פאַרשטאַרקן אַזעלכע פאַלשע פאָר־שטעלונגען. ווען די ראַבינערס האָבן אין זייער הכחשה אָנגעוויזן, אַז אין תלמוד איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין פיינטלעך צו קריסטנטום, האָבן זיי געמוזט מאַכן אַ באַוואָרעניש, אַז דאָס רעדט זיך וועגן פ אָ ר ש ר י פ ט ן, און נישט וועגן מ יי נ ו נ ג ע ן, פיינטלעכע צום פרעמדן גלויבן: אַזעלכע זענען, נאַטירלעך, אין תלמוד דאָ נישט ווייניקער ווי אין עוואַנגעליום, אין די אַפּאָסטעלבריוו און שריפטן פון די קירכן־אבות, וואָס זענען פול מיט זייער שאַרפע און באַליידיקנדיקע מיינונגען וועגן יידנטום. דער תוך פון דער פאַרטיידיקונג האָט געדאַרפט באַשטיין אין דעם, אַז קריסטן האָבן נישט קיין רעכט צו מאַכן שולדיק יידן פאַר יענע אויסדריקן אין זייערע אַלטע ספרים, וואָס זענען נאָר געווען אַן ענטפער אויף נאָך פיינטלעכערע אויסדריקן אין די דאַמאָלסטיקע קירכלעכע שריפטן, אָפטמאָל נאָך פאַר־שטאַרקט מיט קלעפּ מצד דער וועלטלעכער מאַכט.

אין דערזעלבער צייט זענען ביידע העלפטן פון דער האַבסבורגער־מאָנאַרכיע אויפגעציטערט געוואָרן פון דער ידיעה מכוח אַ כלומרשטן ריטועלן מאָרד אין אונגארישן דאָרף טיסאַ־עסלאַר און פון דעם געריכט־פּראָצעס, אין וועלכן דער מינדעריעריקער זון פונם אָנגעקלאָגטן יידן האָט געזאָגט עדות קעגן פאָטער (ווייטער, § 9). אַנטיסעמיטן האָבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַנטוויקלט אין לאַנד אַ שוידערלעכע אַגיטאַציע. ראָלינג איז אַרויס מיט נייע אַנטפּלעקונגען אין אַ בראָשור: „מענטשן־קרבנות פון ראַבּיניזם"; ער האָט באַהויפּט, אַז דער העסלעכער בילבול איז באַגרינדעט. אַזאַ פּונק, אַריינגעשליי־דערט אין ברענשטאָף, האָט געקאָנט ברענגען צו אַ שרעקלעכן אויפרייס. ווייטער שוויגן אָדער זיך באַגרענעצן מיט צייטונגס־הכחשות — איז געווען אוממעגלעך: מ'האָט געמוזט אין געריכט כאַפּן ביי דער האַנט דעם העצערישן בילבול־כאַפער. האָט זיך פאַר דער זאַך גענומען איינער פון די ווייניקע דרייסטע מענער אין יענעם פחדנותדיקן דור, ד"ר י ו ס ף ב ל אָ ך, דעפּוטאַט פון רייכסראַט און ראַבינער אין דער פלאָרידסדאָרפער געמיינדע (נעבן ווין). סוף 1882 און אָנפאַנג 1883 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין „ווינער אַלגעמיינער צייטונג" אַ רייע אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט אַראָפּגעריסן די וויסנשאַפט־לעכע מאַסקע פון ראָלינגען: ער האָט באַוויזן זיין פולע עם־הארצות אין גמרא און

רבנישע ספרים און געבראַכט אַ סך ביישפּילן פון ציטאַטן, וואָס ער האָט פאַרדרייט[1]). בלאָך האָט געמאָלדן, אַז ראָלינג האָט אין אָריגינאַל גמרא קיינמאָל נישט געלייענט און איז נישט בכוח דאָ איבערצוזעצן קיין איין זייטל. דערביי האָט בלאָך צוגעזאָגט צו באַצאָלן שטראָף 3000 גולדן, אויב ראָלינג וועט עפּנטלעך איבערלייענען און ריכטיק איבערזעצן אַ זייטל פון תלמוד, אויסגעקליבן וואו ס'זאָל נישט זיין. אָנשטאָט צו געבן אַ גלייכע תשובה אויף דער אויפפאָדערונג, האָט ראָלינג ווייטער געגאָסן בוימל אין פייער און דערקלערט אין דער פּרעסע, אַז ער איז גרייט מיט אַ שבועה אין געריכט צו באַווייזן, אַז זיינע ציטאַטן פון רבנישע ספרים, וואָס באַשטעטיקן די עקזיסטענץ פון ריטועלע פאַרברעכנס ביי יידן, זענען ריכטיקע. ער האָט אָפיציעל זיך אַליין פאָרגעלייגט אַלס געשוואוירענעם עקספּערט אינם טיסאַ-עסלאַר-פּראָצעס. דאַמאָלסט האָט בלאָך דערקלערט אין די צייטונגען, אַז ער באַשולדיקט ראָלינגען, דאָס ער איז גרייט צו געבן אַ פאַלשע שבועה. דערמיט איז מען אויסן געווען צו צווינגען דעם פּראַגער בילבול-טרייבער, ער זאָל אָנגעבן אין געריכט אַ אָנקלאַג פאַר באַליידיקן אים אין דער פּרעסע, און אַזוי אַרום זאָלן אין געריכט אַרויסשווימען אַלע זיינע שפּיצלעך. און ווירקלעך, האָט ראָלינג איינגעגעבן דעראַנגט אין ווינער געריכט אַן אָנקלאַג אויפן דעפּוטאַט בלאָך. צוליב דעם באַשולדיקטנס דעפּוטאַטן-אומבאַריר־לעכקייט האָט מען געמוזט האָבן די הסכמה פון רייכסראַט אויף איבערצוגעבן אים צום געריכט, און דאָס איז געשען אָנהויב 1884.

בלאָך און זיין טאַלענטפולער אַדוואָקאַט יוסף קאָפּ האָבן געוואָלט, אַז אויפן געריכט זאָל אַרויסשווימען דער פולער אמת, און דעריבער האָבן זיי פאַר דער וויסנשאַפטלעכער עקספּערטיזע אין געריכט צוגעגרייט אַן אומגעהויער גרויסן מאַטעריאַל: אַ מאַסע אָריגינעלע ציטאַטעס פון רבנישע און אַלטקירכלעכע שריפטן, פאַרשידענערליי ידיעות און אויפקלערונגען. צו אַ לאַנגדויערנדיקן שטרייט איז געקומען ביים אויסוויילן עקספּערטן אויף צו קאָנטראָלירן די ציטאַטעס. אַזוי ווי בלאָך האָט דעם אויסוואַל פון עקספּערטן געוואָלט איבערגעבן אַ קאָמפּעטענטן אַנשטאַלט, האָט ער געבעטן דאָס געריכט באַפולמעכטיקן דערצו די דייטשע „מאָרגנלענדישע געזעלשאַפט“, וועלכע וואָלט געקאָנט אויסטיילן פון זיך אַלע פאַכמענער. די געזעלשאַפט האָט אָנגעוויזן עטלעכע ספּעציאַליסטן, אָבער אייניקע פון זיי האָבן זיך אַליין אָנערקענט פאַר נישט גענוג קאָמפּעטענט, און די אַנדערע בלי-ספק קאָמפּעטענטע געלערנטע (דעליטש א. אַ. וו.) האָט ראָלינג געפאָדערט צו דערווייטערן מחמת דעם, וואָס זיי האָבן אין דער פּרעסע אַרויסגעזאָגט זייער נעגאַטיווע מיינונג וועגן זיין בוך. פון די איינגעלאַדענע אָריענטאַליסטן האָט מסכים געווען זיך צו באַטייליקן אין דער עקספּערטיזע נאָר דער שטראַסבורגער פּראָפעסאָר נעלדעקע. ראָלינג האָט פון

1) גענוג אָנצווייזן, אַז דעם געוויינטלעכן אויסדרוק אין גמרא „מרגלא בפומא“ (דער אין דער פלעגט אַזוי צו זאָגן) האָט ער איבערגעזעצט לויטן וואָרטקלאַנג „אַ פּערל אין זיין מויל“

זיין זייט געפאָדערט, מען זאָל איינלאַדן אַלס עקספערטן צוויי „ספעציאַליסטן", וואָס דערנאָך האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי האָבן אים געהאָלפן פעלשן די ציטאַטעס: אַ משומד יוסטוס-ברימאַן, וואָס אים פלעגט ער טיטולירן „געוועזענער ראַבינער", און אַ אומבאַקאַנטער לערער פון העברעאיש אין דער קאַטוילישער אַקאַדעמיע פון מינסטער, ד"ר עקער. אינגיכן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ברימאַן איז זייער אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין. אַליין געשטאַמט פון קראָקע, געוואַלגערט זיך איבער האָלאַנד און דייטשלאַנד, איז אהרון ברימאַן גאָר קיין רב נישט געווען, נאָר זיך אַרויסגעגעבן פאַר אַ רב אַ למדן. אַז מען האָט אים געפאַקט אין אָננעמען אַ פאַלשן טיטול, האָט ער באַשלאָסן זיך צו שמדן און איז אַריבער לכתחילה צו פראָטעסטאַנטיזם און שפעטער צו קאַטויליציזם. אויפן פאַרלאַנג פון ראָלינגס קרייז און פרייסישע קאַטוילן, וואָס האָבן אים פאַוואָריזירט, האָט ער צוזאַמענגעשטעלט און אונטערן נאָמען ד"ר יוסטוס אַרויסגעלאָזן אַ בוך: „יודענשפיגעל, אָדער הונדערט ניי-אַנטדעקטע, היינט נאָך גילטיקע, דינים וועגן דער באַציאונג פון יידן צו קריסטן, מיט זייער אַן איניטערעסאַנטן אַריינפיר" (1883). דאָס בוך האָט מען אָפגעדרוקט אין דעם נעסט פון פרייסישע קאַטוילן — פאַדערבאָרן, אין אַ דרוקעריי וואָס האָט שוין אַרויסגעלאָזן גענוג יידנפיינטלעכע פאַמפלעטן. ווען איינע אַ פרייסישע צייטונג האָט איבערגעדרוקט אַן אויסצוג פון יוסטוסעס בוך מיט אירע לויבווערטער דערצו, האָט מען דעם רעדאַקטאָר פון דער צייטונג אָנגעקלאָגט צום געריכט פאַר אַרויסרופן רעליגיעזן האַס. אָט — אָ דעם געדונגענעם רענעגאַט, וואָס האָט ראָלינגען צוגעשטעלט געפעלשטע ציטאַטעס, און דעם יידנפיינט עקער—האָט מען עס פאָרגעלייגט פאַר עקספערטן; אָבער דאָס געריכט האָט צונויפגעקליבן וועגן זיי ידיעות און אָפגעוואָרפן דעמדאָזיקן פאָרשלאַג. צו נעלדעקע האָט מען צוגעגעבן נאָך איין קאָמפעטענטן עקספערט — דרעזדענער פראָפעסאָר ווינשע, וועלכער האָט איבערגעזעצט אויף דייטש די תלמודישע אגדות. ביידע עקספערטן האָבן אָנגעגעבן מיינונגען, וואָס זענען פאַר ראָלינגען געווען נישטגינסטיק: זיי האָבן באַשטעטיקט די מיינונג, וואָס האָט זיך שוין איינגעשטעלט וועגן זיינע כלומרשט-וויסנשאַפטלעכע ווערק, אַלס פראָדוקטן פון עם-הארצות, בייזקייט, נאַרעריי און טיילווייז זעלבסטנאַרעריי. ראָלינג האָט זיך איבערגעצייגט, אַז ער וועט זיך נישט אַרויסדרייען פון דער שאַנדע פון אַ געריכטלעכן פסק-דין, אויב מ'וועט דעם פראָצעס דערפירן ביזן סוף. האָט ער זיך צוגעאיילט און געמאָלדן דעם ווינער קרימינאַל-געריכט, אַז ער זאָגט זיך אָפ פון זיין אָנקלאָג אויף בלאָכן און בעט אָפשטעלן דעם פראָצעס (1885). אַזוי אַרום איז צו אַ פסק-דין פון געריכט שוין נישט געקומען, אָבער ראָלינגס אַליין-פאַרמשפטן-זיך איז געווען אַלצאיינס ווי אַזאַ פסק-דין. אין די בעסערע קרייזן געזעלשאַפט האָט מען שוין געוואוסט דעם ווערט פון אַ ראָלינגס און אַ יוסטוס-ברימאַנס פאַמפלעטן, און נאָר פינסטערע מאַניאַקן פון יידנהאַס האָבן

זיי אויך שפּעטער אויסגענוצט ווי אַ געווער פון אַגיטאַציע אין פאַרשידענע לענדער, אַגב אויך אין רוסלאַנד (שמאַקאָוו).

## § 7. אַנטיסעמיטן אין ווינער שטאָטפאַרוואַלטונג

די עסטרייכישע רעגירונג, וואָס בראש פון איר איז אַ לענגערע צייט געשטאַנען גראַף טאַפע (93—1879), האָט נישט געהאָלפן דער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג נישט אָפן, נישט געהיים; פאַרקערט, צייטנווייז פלעגט זי זיך איר אַנטקעגנשטעלן און צווינגען די פּראָקוראַטור שטעלן צום געריכט די מער חוצפּהדיקע העצערס. די רעגירונג האָט געמוזט באַלאַנסירן צווישן פאַרשידנאַרטיקע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע ריכטונגען, און זי האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט פירן קיין סיסטעמאַטישן קאַמף מיט באַזונדערע פאָרמען אַנטיסעמיטיזם; יעדנפאַלס אָבער איז די עסטרייכער פּאָליטיק אין דער יידנ-פראַגע געווען אָרנטלעכער פאַר דער פּרייסישער. דער קייזער פראַנץ-יוסף, כאָטש ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט קאָנסערוואַטיווע הויפ-לייט, איז נישט אַרונטערגעפאַלן אונטער אַנטיסעמיטישע איינפלוסן: אין דער נייער באַוועגונג האָט אים אָפּגעשטויסן פון זיך נישט אַזוי דער יידנהאַס, ווי די נידעריקע דעמאַגאָגיע, דאָס צעבלאָזן די ליידנשאַפטן פון המון, און נישט איין מאָל האָט ער געלאָזט צו וויסן געבן, אַז ער איז אומצופרידן מיט די אַנטיסעמיטישע סקאַנדאַלן אין פאַרלאַמענט און ווינער שטאָטראַט. איינמאָל האָט דער קייזער פאַרלאָזט דעמאָנסטראַטיוו דאָס טעאַטער, ווען מ'האָט דאָרט אָנגעהויבן זינגען אַנטי-יידישע קופּלעטן. יידישע דעלעגאַציעס, וואָס פלעגן זיך אים פאָרשטעלן אין פאַרשידענע ערטער, פלעגט דער קייזער מעלדן, אַז ער איז פעסט אַנטשלאָסן אָפּצוהיטן זייערע בירגערלעכע רעכט. דערפאַר איז פראַנץ-יוסף געווען שטענדיק פאָפּולער אין יענע יידישע קרייזן, וואו אינם מלך שעצט מען העכער פאַר אַלץ אַ „גוט הארץ". די באַציאונג צום אַנטיסעמיטיזם מצדן קייזער און טאַפעס רעגירונג האָט ביז אַ געוויסן גראַד איינגעהאַלטן די אָנהענגער פון דער דאָזיקער באַוועגונג, אינגאַנצן זי איינהאַלטן אָבער איז זי נישט געווען ביכולת.

די אַגיטאַציע האָט געבראַכט אירע פּרוכטן. בעת די וואַלן צום רייכס-ראַט אין 1884 איז געגאַנגען אַ ליידנשאַפטלעכער קאַמף צווישן אַנטיסעמיטן און ליבעראַלן. אין פאַרלאַמענט זענען אַדורך עטלעכע אַנטיסעמיטישע דע-פּוטאַטן, צווישן זיי אויך דער הייסער יידנפיינט פּאַטאַי, ראָלינגס אַדוואָקאַט אינם דערמאָנטן פּראָצעס קעגן בלאָכן. אין 1891 האָט זיך די אַנטיסעמיטן איינגעגעבן דורכצופירן אין רייכסראַט 13 דעפּוטאַטן, פון וועלכע „באַרימט

געוואָרן" זענען שענערער, פאַטאַי, פירשט ליכטענשטיין און שניידער. די זעלבע פערזאָנען זענען ס׳רוב געווען דעפוטאַטן אויך אין נידער-עסטרייכישן לאַנדטאַג, אַנדערש גערעדט זיי האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט דעם גורל פון דייטשן עסטרייך. אין דעם לאַנדטאַג מיט אַ רעאַקציאָנערער מערהייט האָט געהערשט דער פאַרשייטעסטער אַנטיסעמיטיזם: די יידנפיינטלעכע רעדעס פון אַזעלכע בעלי-דרשנס ווי שניידער און גרעגאָריק פלעגן אַריבערשטייגן אַלע גרענעצן פון פאַרלאַמענט-אָנשטענדיקייט. פון אָט דער קאָמפּאַניע פאָליטישע הפקר-יונגען איז אַרויסגעקומען קאַרל לועגער, וואָס איז אינגיכן געוואָרן דער אַלגעמיין-אָנגענומענער פירער פון דייטש-עסטרייכער און באַזונדערס פון ווינער אַנטיסעמיטן. אַ דעפוטאַט אין רייכסראַט און לאַנדטאַג און אַ ראַטמאַן אין ווינער שטאָטפאַרוואַלטונג, איז ער פון אַ דעמאָקראַט געוואָרן אַ רעאַקציע-דעמאַגאָג, וואָס פלעגט מיט שרייענדיקן אַנטיסעמיטיזם פאַרדעקן די פוסטקייט פון זיין אידעאָלאָגיע. אין זיינע רעדעס פלעגט ער שאַרף אָנפאַלן אויף יידן, ליבעראַלן און גרויסבורזשואַזיע, כדי צו באַקומען חן אין די אויגן פון קליינבירגערטום און גאַסן-המון. אין קליינבירגערלעכע קרייזן פלעגט לועגער דורכפירן אַנטיסעמיטישע אידעען אונטערן מאַנטל פון „קריסטלעכן סאָציאַליזם". אַ ליבלינג-רעדנער פון ווינער המון, האָט ער זיך באַזונדערס פאָפולער געמאַכט אַלס טוער פון דער שטאָטישער זעלבסט-פאַרוואַלטונג. אָנהויב 90-ער יאָרן האָבן די אַנטיסעמיטן, אונטערן נאָמען „קריסטלעכע סאָציאַליסטן", באַקומען ביי די וואַלן 35 ערטער אין ווינער שטאָטראַט. די דאָזיקע מחנה לועגערס האָט פאַרפולט די שטאָטראַט-זיצונגען מיט געטומל און סקאַנדאַלן, וואָס פלעגן אָפט אַריבער אין גאַס. געטומלט האָט דער המון פון גאַס און שענק, געבושעוועט האָט די נאַציאָנאַל-דייטשע סטודענטשאַפט, וואָס האָט כסדר פראָוואָצירט צוזאַמענשטויסן מיט קאָלעגן-יידן און זייערע קריסטלעכע פריינט.

פולן נצחון האָבן די אַנטיסעמיטן אין שטאָטראַט דערגרייכט אין 1895. ביי די סעפטעמבער-וואַלן דאָס יאָר האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט די דייטשע נאַציאָנאַליסטן און אַדורך אין ווינער מוניציפאַליטעט אין אַזאַ צאָל, אַז צוזאַמען מיט זייערע פאַרבינדעטע האָבן זיי געהאַט א מערהייט ראַטמענער. דידאָזיקע מערהייט האָט לועגערן אויסגעקליבן פאַרן ווינער בורגמייסטער. די אַנטיסעמיטן האָבן טריומפירט: זייער פירער איז געוואָרן שטאָט-בעל-הבית, ערשטער בירגער, און קאָן טון מיט יידן וואָס אים גלוסט. איין זאַך נאָר האָט פאַרשטערט זייער פרייד: דער קייזער האָט זיך אָפגעזאָגט צו באַשטעטיקן דעם פירער פון דער סקאַנדאַלן-פאַרטיי אויף זיין בכבודיקן אַמט. אויפגערעגט פון דעם, האָט די פראַקציע אַנטיסעמיטן אין רייכסראַט אַריינגעטראָגן אַן אָנפרעג דער רעגירונג וועגן די מאָטיוון פון נישט באַשטעטיקן די וואַלן. מיניסטער-פרעזידענט גראַף באַדעני האָט געגעבן אַ גאָר אָב-

יעקטיווע און גערעכטיקע תשובה: „די רעגירונג האָט זיך איבערגעצייגט, אַז די ווירטשאַפט-פאַרוואַלטונג פון דער רעזידענץ-שטאָט, וואָס פאַרמאָגט אַ באַפעלקערונג פון העכער אַ מיליאָן מיט אַ פערטל, פאַלט אַריין אין נישט באַרופענע הענט. לויט דער רעגירונגס איבערצייגונג, קאָן מען נישט צושטיין צום באַשלוס פון דער מערהייט דאָרט, וואו עס פעלט די גאַראַנטיע, אַז די שטאָטפאַרוואַלטונג וועט זיך פירן אומפּאַרטייאיש, זאַכלעך, אָן אַ שום אַגיטאַטאָרישער טענדענץ, אויפן יסוד פון גלייכבאַרעכטונג פאַר אַלע בירגער. מאַכן עקספּערימענטן, לייגן אויף מענטשן האָפענונגען, וואָס אַנטשפּרעכן נישט זייער פאַרגאַנגענהייט, האָט די רעגירונג זיך נישט געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט. און דעריבער האָט די רעגירונג געעצהט זיין מאַיעסטעט נישט צו סאַנקציאָנירן דעם אויסגעוויילטן לועגערן". נישט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון אַנטיסעמיטן און דעם ים זידל-רייד פון זייער זייט, האָט דער רייכסראַט מיט אַ מערהייט שטימען געפונען דער רעגירונגס אויפקלערונגען פאַר באַפרידיקנדיקע (8 נאָוועמבער). אין עטלעכע טעג אַרום האָט דער אַנטיסעמיטישער שטאָטראַט דעמאָנסטראַטיוו ווידער אַמאָל אויסגעקליבן לועגערן פאַר בורגמייסטער, אָבער אַלס תשובה אויף אַזאַ דעמאָנסטראַציע האָט דער רעגירונגס-קאָמיסאַר דאָ אויפן אָרט איבערגעלייענט אַ באַפעל פון שטאַטהאַלטער פאַר נידער-עסטרייך וועגן פונאַנדערלאָזן דעם שטאָטראַט. די סקאַנדאַליסטן זענען אַרויס אויף דער גאַס, באַ[illegible]גענומען אַן עולם און געמאַכט אַ פיינטלעכע מאַניפעסטאַציע לעבן קייזערס הויף, שרייענדיק: „לעבן זאָל לועגער, אַוועק מיט באַדעני!"

מערץ 1896 זענען געווען נייע וואַלן פון ראַטמענער, ווידער האָבן אַנטיסעמיטן מיט זייערע פאַרבינדעטע באַקומען אַ מערהייט, און צום דריטן מאָל איז לועגער אויסגעוויילט געוואָרן פאַר בורגערמייסטער. איצט זענען שוין ביידע צדדים — די שטאָטפאַרוואַלטונג און די רעגירונג — געווען געצוואונגען צוגיין אויף אַ קאָמפּראָמיס, כדי אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דער אומבאַקוועמער לאַגע. לועגער האָט זיך פערזענלעך פאָרגעשטעלט פאַרן קייזער, און דער פועל-יוצא פון דער אוידיענץ איז געווען אַזאַ דיפּלאָמאַטישער באַשלוס: לועגער וועט דערווייל זיך אָפּזאָגן פון בורגרמייסטער-אַמט, דער שטאָטראַט וועט אויף זיין אָרט אויסקלויבן אַן אַנדערן פון דער זעלבער מערהייט; דער קייזער וועט באַשטעטיקן דעם נייעם קאַנדידאַט, וואָס וועט אין תוך גענומען זיין לועגערס אַ ליאַלקע, און מיט דער צייט וועט מען אויך דעם לעצטן איבערוויילן און באַשטעטיקן. אַזאַ קאָמעדיע האָט מען טאַקע דורכגעמאַכט. אַלס בורגמייסטער איז אויסגעקליבן און באַשטעטיקט געוואָרן אַ בוכהענדלער אַן אַנטיסעמיט שטראָבאַך, און לועגער איז געווען וויצע-בורגמייסטער. פאַקטיש אָבער איז לועגער געווען בעל-הבית אין שטאָטראַט, און שטראָבאַך איז געווען פיקטיווער בורגמייסטער; די ווינער האָבן

זיך געוויצלט: ער הייסט נישט שטראַבאַך, נאָר „שטראָמאַן" (שטרויערנער מאַן). אינגיכן אָבער האָט מען שוין פאַרשפּאַרט צו האָבן אַפילו די שטרויענע ליאַלקע: אין 1897 האָבן די ווינער פונדאַסניי אויסגעקליבן לועגערן פאַר בורגמייסטער, דאַסמאָל האָט מען אים שוין באַשטעטיקט אָן שום טענות ומענות.

דער נייער אַנטיסעמיטישער מאַגיסטראַט האָט באַוויזן זיינע נעגל. קיין יידן האָט ער נישט צוגעלאָזט צו קיין פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין שטאָטפאַרוואַלטונג, יידישע סוחרים האָט מען נישט געגעבן קיין באַשטעלונ-גען אויף פּראָדוקטן פאַר שטאָטישע אַנשטאַלטן; מיט יידישע אָנגעשטעלטע און קאָנטער-אַגענטן פון אַמאָל — איז מען זיך אַזוי באַגאַנגען, אַז זיי האָבן אַליין געמוזט זיך אָפּזאָגן פון זייערע אַמטן. יידישע הענדלער האָט מען מיט אַלע וועגן געדריקט, איבערהויפּט די פרעמדע, וואָס זענען אַריבערגעפאָרן קיין ווין פון גאַליציע. יידישע שילער אין די שטאָטישע גימנאַזיעס האָט מען נישט באַפרייט פון שכר-לימוד, זיי האָבן געמעגט זיין ווי אָרעם, מ'האָט געמאַכט אַ פּרוב אָפּצוטיילן אין די שטאָטישע שולן יידישע קינדער פון קריסטלעכע, נאָר די רעגירונג האָט נישט דערלאָזט אַוועקצושטעלן אַזאַ שול-געטאָ. דיזעלבע נגישות האָט מען דורכגעפירט אין גאַנץ נידער-עסטרייך, ווייל אין דער דאָרטיקער לאַנדפאַרוואַלטונג און לאַנדטאַג האָבן געבאַלעבאַ-טעוועט די אייגענע אַנטיסעמיטן. דאָס אַנטיסעמיטישע געבאָט — אַרויסשטויסן יידן פון בירגערלעכן אוןווירטשאַפטלעכן לעבן — האָבן איצט די לאַנד- און שטאָט-פאַרוואַלטונגען מקיים געווען מיט דערזעלבער התמדה, ווי דאָס פלעגט טון אין דער ביז-קאָנסטיטוציע-צייט די רעאַקציאָנערע רעגירונג.

אין 1893 איז אין ווינער שטראָפגעריכט פאָרגעקומען אַ ליטעראַרישער פּראָצעס, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום אויבנבאַשריבענעם ראָלינגס ענין און געוואָרפן אַ ניי ליכט אויף די מאַכינאַציעס פון דער פינסטערער כנופיה ליטעראַרישע „יידנשלעגער". אַ קאַטוילישער פּאַטער דעקערט האָט אָפּגע-דרוקט אַ ביכל וועגן דער עקזיסטענץ פון ריטועלע מאָרדן ביי יידן; ווען דעפּוטאַט בלאָך האָט אים אין דער „עסטרייכישע וואָכנשריפט" אויסגעלאַכט, האָט ער באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו באַווייזן, אַז ער איז גערעכט. האָט ער אַרויסגערופן צו הילף איינעם אַ פינסטערן אַוואַנטוריסט און רע-נעגאַט פ ו י ל מ ע י ע ר, אַ ייד פון פוילן, וואָס האָט זיך געשמדט צוליב אַ גוטע שטעלע ביי לייפּציקער קריסטלעכע מיסיאָנערן; אַזוי ווי יוסטוס-ברימאַן, פלעגט ער פאַרקויפן זיינע רבנישע קענטנישן — די, וואָס פלעגן עס באַשטעלן פון ראָלינגס חדר. פאַר אַ אָנשטענדיקע באַלוינונג האָט ער אַרויסגעגעבן דעקערטן אַ בריוו, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז ער אַליין, מעיער, איז ייִנג, ווייז בייגעוועזן ביי אַ ריטועלן מאָרד, וואָס דער רב און עטלעכע קהילה-גלידער האָבן אויסגעפירט אין זיין געבורטשטאָט

אָסטראָוו (לובלינער גובערניע). דעקערט האָט זיך צוגעאײַלט און אָפּגעדרוקט אין אַ קאַטוילישער צייטונג „פאַטערלאַנד“ דעם בריוו מיט די נעמען פון אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינם פּלומרשטן ריטועלן מאָרד. דער פאַטער האָט טריומפירט: דער בריוו האָט געמאַכט אַן איינדרוק, אַלס אַ צייגניש פון אַן עד-ראיה, אַ געוועזענעם יידן. בלאָך און ווינער יידישע טוער האָבן באַשלאָסן דעמאַסקירן דידאָזיקע נבלה. האָבן זיי אָפּגעזוכט די אָסטראָווער יידן, וואָס זענען געווען אָנגערופן אין בריוו, און זיי אויפגעפאָדערט אָנצוקלאָגן אין געריכט דעם רכילות-טרייבער מיט זיינע צוהעלפער. האָט זיך בעת דער געריכט-פאַרהאַנדלונג אין ווינער שטראָפגעריכט אָפּגעשפיגלט אַזאַ טראַגיקאָמעדיע. דער הויפטבאַשולדיקטער פויל מעיער, וואָס האָט אויפן געריכט געמאַכט אַ העסלעכן איינדרוק, האָט גאָר אינגאַנצן געלייקנט, אַז ער האָט אַ שייכות צום בריוו, און געטענהט, אַז קיינמאָל אויף זיין לעבן האָט ער זיך נישט אַרויסגעשטעלט פאַר אַ עד-ראיה אין אַ ריטועלן מאָרד. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז דעקערט ווערט גאָר באַשולדיקט אין פעלשונג. אָבער יענער האָט פאַקטיש באַוויזן, אַז מעיער איז טאַקע דער מחבר פונם בריוו. ביים געריכטס-פאַרהער זענען קלאָר געוואָרן די מאַכינאַציעס פון ביידע באַשולדיקטע: דער יידנפיינטלעכער פאַטער האָט צוגערעדט דעם פאַרקויפטן משומד, ער זאָל מאַכן אַ סענסאַציאָנעלע אַנטדעקונג וועגן „יידישע פאַרברעכנס“; מעיער ווידער האָט צוגעשטעלט פאַר אים אַ בפירוש פאַלשן בריוו, ווייל אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דער בריוו זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן מיט אַלע נעמען פון די פערזאָנען, אויף וועלכע עס איז געטריבן רכילות און מיטן נאָמען פון מחבר אַליין. ווען אָבער דער בריוו האָט זיך באַוויזן אין דער פרעסע, האָט זיך מעיער געכאַפּט און אָנגעהויבן זיך אַרויסצודרייען מיט דער הילף פון נייע ליגנס — אַז ער איז דאָ גאָרנישט שולדיק. די שמוציקע אַפערע איז אויפן געריכט אויפגעדעקט געוואָרן מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, און ביידע באַשולדיקטע אינאיינעם מיטן רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „פאַטערלאַנד“ האָט מען פאַרמשפּט צו געפענגעניש און געלטשטראָף, מיט אַ פאַרפליכטונג צו פאַרעפנטלעכן דעם פסק-דין אין דער צייטונג, וואָס האָט אָפּגעדרוקט מעיערס בריוו, און אויך אין די גרעסערע ווינער בלעטער. דאָס אָרנטלעכע געריכט האָט פאַראורטיילט די אינספּיראַטאָרס פון אַנטיסעמיטיזם, אָבער די שטים פון אמת אין טעמידעס טעמפּל איז נישט געווען בכוח צו פאַרטויבן די געשרייען פון די הפקר-יונגען אין גאַס, וואָס אינסטינקטן און ליידנשאַפטן האָבן זיי באַהערשט.

אַ שוואַכע קעגנגיפט צום אַנטיסעמיטיזם איז געווען די טעטיקייט פונם „פאַריין צום אָפּווערן אַנטיסעמיטיזם“, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין ווין 1891 לויטן מוסטער פון בערלינער פאַריין מיט דעם זעלבן נאָ-

מען. בראש פונם ווינער פאריין זענען געשטאנען מענער פון דער העכ־
סטער אינטעליגענץ, בעיקר קריסטן: באראן און באראנעסע פאן—זוטנער (א
באקאנטע הומאניסטין, וואס האט געשריבן קעגן מיליטאריזם), דער באוואוס־
טער מעדיקער פראפעסאר נאטנאגעל און דער נישט ווייניקער באקאנטער
געאלאג און פאליטישער טוער, דער ייד עדוארד זיוס, וועלכער האט זיך
אפגעזאגט פון אוניווערזיטעט־רעקטאראט אין ווין נאך די פארגעקומענע אנטי־
סעמיטישע סטודענטן־סקאנדאלן. פון צייט צו צייט פלעגט דער פאריין איינ־
ארדנען עפנטלעכע פארזאמלונגען צו פראטעסטירן קעגן די אנטיסע־
מיטישע נבלות, וואס פלעגן אפט פארקומ״ן איבערהויפט אין לאנד־
טאג פון נידער־עסטרייך. נאטנאגעל און אנדערע רעדנער פלעגן
צעשמעטערן יענע „דאקטרינע, וואס שטאמט פון נידעריקסטע אינ־
סטינקטן אין דער מענשישער נאטור". אבער די אלטע אידעאליסטן זענען
געווען אנמעכטיק בנוגע דידאזיקע דאקטרינעס: זייער גאנצער כוח שטעקט
טאקע אין דעם, וואס זיי זענען צוזאמענגעבונדן מיט די נידעריקסטע זייטן
פון דער מענטשישער נאטור. די פארשטייער פון דעמאקראטישע און סאָ־
ציאליסטישע פארטייען האבן שוין באקעמפט די יידן־שנאה און ווייניקער
פאר אלץ האבן עס געטון די ראדיקאלן־יידן, וואס האבן פארגעסן זייער
פאלק. דער דעפוטאט פון דער דעמאקראטישער גרופע קראנאוועטער (א קריסט)
פלעגט נאך אמאל ארויסטרעטן פון רייכסראט־טריבונע קעגן אנטיסעמיטיזם
און אים אנרופן — אזוי ווי בעבעל — „דער סאציאליזם פון נאראנים".
אבער דער פירער פון עסטרייכישע סאציאל־דעמאקראטן, דער ייד וויקטאר
אדלער האט אפילו אויפן קאנגרעס פון זיין אייגענער פארטיי (אין ברי־
סעל, 1891) זיך ארויסגעזאגט, איבער פארמעלע טעמים, קעגן דעם, אז דער
קאנגרעס זאל פארארורטיילן דעם אנטיסעמיטיזם. שפעטער האט ער אומפאר־
זיכטיק געעפנט איינעם פון די מאטיוון אין זיי״ן האלטונג, ער האט גע־
זאגט: „דער אנטיסעמיטיזם ארבעט סוף כל סוף פאר אונז". דאס האט בא
טייט: זאל זיך אנטוויקלען דער סאציאליזם פון נאראנים, ער וועט אויס־
טרעטן א וועג פארן קלוגן סאציאליזם, — אזא מעלדונג איז געווען ציניש
אפילו אין מויל פון אן אסימילירטן ייד.

## § 8. סלאוויש עסטרייך: גאליציע און בעהמען.

אן ערך צוויי דריטל יידישע באפעלקערונג פון עסטרייך (אן אונגארן)
איז געווען קאנצענטרירט אין גאליציע און אין דערבייאיקער בוקאווינע:
אין 1890 האט זי באטראפן ביי 850.000 נפשות. ווי אין די אלטפעטערישע

צייטן, האָט דער ייד דאָ פאַרנומען אין סאָציאַלן פּרט אַ מיטלאָרט צווישן
דעם גרויסן און קליינעם ערדבאַזיצער, צווישן פּריץ און פּויער; דאָס איז
געווען אַ מאַסנשיכט פון אַ שטאָטישער האַנדלס-אינדוסטריעלער באַפעלקערונג
און אַ גרופּע קליינע לאַנדווירטן — „פּאָסעסאָרס” אָדער אַרענדאַרן. אין דער
קאָנסטיטוציאָנעלער תקופה לאָזט זיך דאָ פּאָליטיש אַלץ מער פילן די צווישנ-
שטעלונג פון יידן צווישן דריי נאַציעס — דייטשן, פּאָליאַקן און רוטענער.
ביי דער אַנטוויקלונג פון פּאָליטישן לעבן אין לאַנד — האָבן יידן גע-
האַט צו באַשליסן, צו וועלכער נאַציע רעכענען זיי זיך צו, ווייל זיי אַליין
האָט דאָס עסטרייכישע געזעץ, ווי געזאָגט, נישט אָנערקענט פאַר קיין
נאַציע. די אומגאַנגס-שפּראַך פון גאַליצישע יידן — יידיש — איז נישט
אַריינגעגאַנגען אין דער צאָל אַכט „לאַנדסאיבלעכע שפּראַכן”, וואָס דאָס
געזעץ האָט געהאַלטן פאַר נאַציאָנאַלע לשונות.ביים רעגיסטרירן די באַפעל-
קערונג האָבן זיך יידן געמוזט פאַרשרייבן אַלס דייטש- אָדער פּויליש-ריידער,
און אַזוי ארום פלעגן זיי גאַנץ ווילקירלעך צעשפּרייט ווערן צווישן פרעמדע
נאַציעס, הגם פאַקטיש זענען זיי, אין זייער מאַסע, פאַרבליבן אַ נאַציע
מיט אַן אייגענעם שטייגער. זינט די 80-ער יאָרן פאַרשטאַרקט זיך אין דער
יידישער געזעלשאַפט די פּאָלאָניזאַציע — אויפן חשבון פון דייטש. אַלס
אַ הערשנדיקער סאָציאַל-פּאָליטישער עלעמענט אין גאַליציע, האָבן די פּאָליאַקן
געוויזן גרויס חשק צו פּאָלאָניזירן די רוטענער פון איין זייט און יידן פון
אַ צווייטער. די רוטענער זענען אין מזרח-גאַליציע (לעמבערגער קאַנט)
געווען אַ מערהייט קאָנסערוואַטיווע דאָרפישע איינוואוינער — און זיי איז
שווער געווען צו פאַרפּוילישן; יידן אָבער, וואָס זענען אין די שטעט פון
ביידע טיילן גאַליציע (דער עיקר אין מערב-גאַליציע, קראָקעווער קאַנט)
געווען אויסגעמישט מיט פּאָליאַקן, פלעגן אָפט צו זיי צושטיין אויס פּאָלי-
טישער און עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט. אַ קולטור-כאַראַקטער האָט געהאַט
אַזאַ אַסימילאַציע נאָר ביי אַ קליינער צאָל נייער אינטעליגענץ; אין דער
מאַסע אָבער האָט זי זיך אויסגעדריקט נאָר אין פאָרם פון סטאַטיסטיק —
ביי דער פאָלקס-ציילונג פלעגט מען זיך צורעכענען צו די פּויליש-רעדנדיקע,
ובכן צו דער פּוילישער נאַציע. פאַר פּאָליאַקן איז טאַקע אַזאַ סטאַטיסטיק
געווען וויכטיקער פאַר אַלץ, ווייל דאָס, וואָס יידישע מאַסן זענען צו זיי
צוגעשטאַנען, האָט באַטייט — געוואונען איבעריקע צענדליקער טויזנט שטי-
מען לטובת די פּוילישע קאַנדידאַטן ביי די וואַלן צום פּאַרלאַמענט, סיים,
שטאָטראַטן. מיטן אונטערשטיץ פון יידן האָבן פּאָליאַקן געקענט געוואונען
אַ פּאָליטישן איבערוויכט איבער דייטשן און רוטענער אין לאַנד, — און צו
דעם האָבן זיי ליידנשאַפטלעך געשטרעבט. פּאָליאַקן האָבן געדולדעט נאָר
יענע יידן, וואָס האָבן געדינט זייערע פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע אינטע-
רעסן, אָבער שטאַרק פאַרפאָלגט האָבן זיי יעדן שיין פון נאַציאָנאַלן סעפּאַ-

ראַטיזם און עקאָנאָמישער קאָנקורענץ מצד יענע, וואָס האָבן זיך נישט געהאַלטן פאַר אַ פשוטן צוגאָב צו דער הערשנדיקער פוילישער נאַציע.

אויף דעם באָדן האָט זיך אָנהויב 80-ער יאָרן אַנטוויקלט אַן אַנטיסעמיטישע באַוועגונג אויך אין גאַליציע. לכתחילה האָט זי זיך אַרויסגעוויזן אין גאַליצישן סיים, וואו פּאָליאַקן האָבן געגעבן דעם טאָן. דאָ האָט באַוויזן זיינע גבורות דער פוילישער אַנטיסעמיט מערונאָוויטש, וועלכער האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור וועגן דער יידנפראַגע. ער האָט פאָרגעלייגט דעם סיים צו פאַרבעסערן די עולה, וואָס מ'האָט אָפּגעטון דעם לאַנד מיטן גלייכשטעלן יידן בירגערלעך, און איינצושטעלן פאַר זיי אַ רייע באַגרעניץ-געזעצן. אַזוי אַוועקשטעלן די פראַגע האָט דער סיים נישט געקענט מסכים זיין, ווייל דאָס וואָלט דאָך געהייסן איבערקוקן די גרונטגעזעצן פון קאָנסטיטוציאָנעלן עסטרייך, און אַזוינס האָט נישט באַלאַנגט צו דער קאָמפּעטענץ פונם לאַנדפּאַרלאַמענט. האָט די סיים-קאָמיסיע, וואָס האָט באַטראַכט מערונאָוויטשעס פאָרשלאַג, אים געענדערט אין דעם פּרט, אַז עס איז נויטיק צו באַגרענעצן די רעכט פון יידישע „רעליגיעזע געמיינדעס”, ביי וועלכע מען דאַרף אָפּנעמען אַלע ציווילע און פּאָליטישע פונקציעס, ד. ה. דאָס לעצטע רעשט אַמאָליקער אויטאָנאָמיע, וואָס איז נאַטירלעך אין אַ נאַציאָנאַל-זעלבשטענדיקער מיליע. די יידישע סיים-דעפּוטאַטן פונצווישן די אַסימילירטע — „פּאָליאַקן פון משה-רבינוס גלויבן”, וואָס האָבן זיך אַריינבאַקומען אַהין אַדאַנק דעם חסד פון די פוילישע פּריצים און געטריי געדינט זייערע אינטערעסן, האָבן קעגן אַזאַ פאָרשלאַג נישט דערווידערט, ווייל ווייניקער פאַר אַלץ האָבן זיי געשאַצט די „איבערבלייבענישן פון יידישער אָפּגעזונדערטקייט.” בעתן באַהאַנדלען די פראַגע אין פּלענום פון סיים — האָבן זיי זיך נאָר פאַרטיידיקט קעגן דער באַשולדיקונג, אַז די יידישע קהילה, היטנדיק די „שעדלעכע” דינים פון תלמוד, איז כלומרשט אַ נעץ פון געהיימע שפּיצלעך קעגן קריסטן. דעם פאָרשלאַג וועגן פאַרקירצן די יידישע קהילה-אויטאָנאָמיע האָט דער סיים אָנגענומען איינשטימיק, דאָס הייסט אויך מיטן הסכם פון די יידישע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט צו טון מיט דער מאַסע, וועלכע זיי האָבן פאָרגעשטעלט (1882). אזא הכנעהדיקייט האָט פּאָליאַקן גאַנץ צופרידנגעשטעלט: זיי האָבן געזען, אַז ביים פּאָלאָניזירן דאָס לאַנד וועלן זיי מצד די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער נישט אָנטרעפן קיינע שטערונגען.

איז געבליבן נאָך דער קאַמף אויפן עקאָנאָמישן באָדן, האָט מען דאָ פּראַקטיקירט די געוויינלעכע סיסטעם: דעם צוטריט צו פרייע פּראָפעסיעס און געזעלשאַפטלעכע שטעלעס האָט מען געמאַכט פאַר יידן שווער, מ'האָט געגרינדעט דאָרפישע און שטאָטישע קאָאָפּעראַציע-פאַריינען, כדי אזוי ארום ארונטערדרייסן דעם יידישן מסחר, — בכלל, געטון אלץ כדי צו האלטן די יידישע מאסן אויף א נידעריקער סאָציאַל-עקאָנאָמישער מדרגה און נישט

דערלאָזן, זיי זאָלן זיך ארויפהייבן צו דער העכערער געזעלשאפט. דער רוטענער פויער אין דאָרף און דער יידישער הענדלער אָדער בעל-מלאכה אין שטאָט — דאָס זענען פאָרשטייער פון א „נידעריקער מאָסע", און זיי דארפן דינען נאָר די אינטערעסן פון דער פוילישער נאציע, וואָס איז בארופן צו הערשן אין לאנד.

פון אלטן פוילן האָט דאָס עסטרייכישע גאליציע געירשנט נאָך איין געווער אויף אָפּצושרעקן יידן. עס האָבן אויפגעלעבט אמאָליקע עלילת-דם-פראָצעסן; דאָס איז געווען צום הארצן דער פינסטערער קאטוילישער און פראוואָסלאווישער באפעלקערונג, וואָס אין איר האָבן נאָך געלעבט די פינסטערע לעגענדעס פון XVIII יאָרהונדערט. מערץ 1882 האָט מען אין א דאָרף אין מעריב-גאליציע געפונען א טויטן קערפּער פון א קריסטלעך מיידל מניך, נישט ווייט פון א יידישן ארענדארס הויז, אייגעם ריטער, וואָס האָט געלעבט צווישן די פויערים. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז דאָס מיידל איז דערהרגעט געוואָרן אין צושטאנד פון שוואנגערשאפט, אזוי אז דא האָט געקענט זיין אָדער א זעלבסטמאָרד פאר בושה, אָדער א מאָרד אויף צו פארדעקן די זינד. אָבער די, וואָס זענען געווען פאראינטערעסירט צו פארבאהאלטן דעם אמת, האָבן איבערגעדרייט די באשולדיקונג — אויף יידן. מ,האָט ארעסטירט ריטערס גאנצע משפחה, וואָס די דערהרגעטע איז געווען מיט איר באפריינדעט. צוזאמען מיט זיי האָט מען אויך פארהאלטן דער געשטאָרבענערס א פעטער, דעם פאָליאַק סטאָכלינסקי, וועלכן מ'האָט חושד געווען אין אינטימע באציאונגען מיט דער פלימעניצע. עס האָבן זיך צונויפגעפלאָנטערט צוויי פראָצעסן — א ריטועלער און א ליבע-פראָצעס. סטאָכלינסקי האָט די שולד ארויפגעוואָרפן אויף ריטערן, זיך האָט ער אנערקענט נאָר פאר א צוהעלפער אינם פארברעך. דאָס געריכט פון געשוואוירענע אין רזשעשאָוו האָט געהאַט פאר זיך א באשולדיק-אקט, וואָס איז יורידיש געווען וואונדערבאר געבויט: באגלייך מיט א ליבעמאָטיוו אין פארברעך האָט פיגורירט אויך א רעליגיעזער. אין הסכם מיט דער אומגעלומפּערטער באשולדיגונג איז אויך ארויסגעטראָגן געוואָרן אזא פסק-דין: דאָס געריכט האָט געפונען פאר שולדיקע סיי ריטערן מיט דער ווייב און סיי סטאָכלינסקין; און אלע זענען פארמשפט געוואָרן צום טויט-שטראָף. דעמדראָזיקן פסק-דין האָט דאָס ווינער קאסאציע-געריכט אָפּגעשאַפן. בעת דער נייער געריכטס-פארהאנדלונג אין קראָקע האָט דער פּראָקוראָר באזייטיקט דעם ריטואל-מאָטיוו און איז באשטאנען בלויז אויפן פאמיליען-מאָטיוו: ריטער, הייסט עס, האָט דערהרגעט דאָס מיידל, כדי צו פארדעקן זיינע באציאונגען מיט איר. קראָקעווער געריכט האָט ווידער ארויסגעטראָגן א טויט-אורטייל די אָנגעקלאָגטע און ווידער האָט מען דעם פסק-דין סקאסירט „ווייל עס פעלן באווייזן". פיר יאָר האָט זיך געצויגן דער פראָצעס; דער ווייל איז אין תפיסה געשטאָרבן

סטאָכלינסקי — דער וואַרשיינלעכער שולדיקער אינעם פאַרברעך, און ענדלעך האָט דאָס העכסטע געריכט אין ווין באַפרייט דאָס פּאָר־פאָלק ריטער (1886).

אָנהויב די 90־ער יאָרן ווערט דער נאַציאָנאַלער און עקאָנאָמישער קאַמף אין גאַליציע פאַרשאַרפט. עס צעפלאַקערט זיך די פּויליש־רותענישע מחלוקה. די מער אָרגאַניזירטע פּוילישע מינדערהייט דריקט אין מזרח־גאַליציע די רותענישע מאַסע, וואָס איז פּאָליטיש און קולטורעל אָפּגעשטאַנען, און פאַראיינוועגס אויך יידן, אויף וועלכע זיי שטערן צו פאַרפּויילישן דאָס לאַנד, כאָטש פּאַסיוו, ווי אַ נייטראַלער עלעמענט. סיסטעמאַטיש ווערט אַזאַ קאַמף געפירט, זינט אין גאַליציע איז אָרגאַניזירט די „פּוילישע פאָלקס־פּאַרטיי", וואָס האָט אויף איר פאָן אָנגעשריבן: „קאַטוילישקייט און פאָלקסטימלעכקייט". אין אַ לאַנד פון דריי פעלקער און דריי גלויבנס האָט דאָס באַטייט — ווידער אויפלעבן די אַלטע פּויליש־אוקראַאיניש־יידישע קאָנפליקטן מיט הילף פון נייע מעטאָדן, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע. די פאָלקס־פּאַרטיי האָט זיך געשטעלט אַ צוועק — אַרויסצושטויסן הן דעם רותענער, הן דעם יידן פון פאַרשידענע ספערן ווירטשאַפט־לעבן און אויף זייער אָרט אַוועקשטעלן דעם פּאָליאַק. אומעטום, אין דאָרף און שטאָט, האָט מען געעפנט „לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַריינען", וואָס האָבן געהאַט צו זאָרגן, אַז דאָס ערד און אַלע פּרנסות זאָלן אַריבערגיין צו פּאָליאַקן. אַ פּוילישער פּויער, וואָס האָט געמוזט צוליב אָרעמקייט פאַרקויפן זיין ערד, פלעגט באַקומען פון זיין פאַריין געלטשטיץ, כדי ער זאָל קאָנען פאַרבלייבן אויפן ערד אָדער איבערגעבן עס אויך צו אַ פּאָליאַק; פון דער אַנדערער זייט, אַ פאַראָרעמטן רותענישן פּויער אָדער אַ יידישן קליינלאַנדווירט פלעגן די בעלי־בתים פון פאַריין דערפירן צו אַזאַ מצב, אַז זיי האָבן שוין געמוזט פאַרקויפן זייער ערד צו פּאָליאַקן. כדי אַרונטערצורייסן דעם יידישן מסחר, האָבן די פאַריינען געמאַכט פאַר זייערע חברים באַזונדערע קראָמען און לאַגערס סחורה; די הויפּט־הורטלאַגערס זענען געווען אין קראָקע און לעמבערג. יידן האָט מען באַזייטיקט פון דער זאַלץ־פּראָדוקציע, וואָס איז פון קדמונים געווען אין זייערע הענט. אַזאַ בייזוויליקע פאַרשווערונג פון די פּאָלאָניזאַטאָרן האָט געדאַרפט באַגעגענען אַ צוזאַמענגעשלאָסענעם ווידערשטאַנד מצד די פאַרייניקטע כוחות פון יידן און רותענער, אָבער דידאָזיקע צוויי פעלקער זענען נאָך נישט דערוואַקסן צו פּאָליטישער אָרגאַניזירטקייט, חוץ דעם האָבן זיי נישט אַלע מאָל צווישן זיך גוט געלעבט. די שרעקלעכע זכרונות וועגן דער צייט פון היידאַמאַקן זענען נאָך נישט אָפּגעווישט געוואָרן. די רותענישע פּאַרטיי „מאָסקוואָפילן", וואָס האָט געצויגן צו רוסלאַנד, האָט נישט פאַרבאַהאַלטן איר שנאה צו יידן און געשטרעבט איינצושטעלן פאַר יידן אַ רוסישן פּאָגראָמען־רעזשים. די רותענער ווידער מיט אַ עסטרייכער אָריענטאַציע אָדער אוקראַאינאָפילן, האָבן יידן נישט געקאָנט מוחל זיין, אַלמאַי זיי רעכענען זיך אָפיציעל צום פּוילישן פאָלק און פאַרשטאַרקן אים אַזוי אַרום פּאָליטיש, הגם מערסטנטייל

אומגערן אָדער אומבאַוואוסטזיניק. אָבער צעריסענע געגנער איז די פּאָליאַקן לייכטער געווען צו דערשטיקן, און אויפן דעלעגאַטן־צונויפפאָר פון אַלע אָפּטיילונגען „לאַנדווירטשאַפטלעכן פאַריין" (קראָקע, 1893) האָבן זיי זיך געקענט באַרימען, אַז אין זייער עקאָנאָמישן קאַמף האָבן זיי גרויסע נצחונות. דאָסזעלבע יאָר איז אין קראָקע זיך צוזאַמענגעקומען אַ „קאַטוילישער צונויפפאָר", אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די אייגענע לאַנדווירטן פון העכערע פּעאָדאַל־קלעריקאַלע קרייזן. דאָ האָט מען אַרויסגערוקט אַ רעליגיעזן געדאַנק, וואָס איז אינם קעמפערישן פּוילישן נאַציאָנאַליזם געווען דער תּוך און עיקר; די טעזע איז געווען אַזאַ: „פּראַוואָסלאַוונטום און יידנטום זענען אונזערע געפערלעכע שונאים". אין הסכּם מיטן דאָזיקן אַלטן פּוילישן לאָזונג פון XVII און XVIII יאָרהונדערט איז געווען די מעלדונג, אַז דער צוזאַמענפאָר איז ניִשט מסכּים מיט דער ניימאָדישער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע פון דייטשן שטייגער. דער פּאָרטרעגער אויפן צוזאַמענפאָר, גראַף טאַרנאָווסקי, האָט גערעדט מיט אַ גוטמוטיקייט פון אַ אינקוויזיטאָר, וואָס פאַרניכטעט יידן „אָן בלוט־פאַרגיסונג": „דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ גרויסע זינד, ער איז סותר די לערע פון קריסטנטום, ווייל ער איז גרויזאַם, אוממענטשלעך און דערוועקט נידריקע אינסטינקטן. קעגן יידנטום דאַרף מען שטרייטן מיט קריסטלעכע וועגן — מיט עקאָנאָמישע מיטלען. לאָמיר זיין פּאַטריאָטן! אַ קאַטויל, וואָס פאַרקויפט אַ יידן אָדער גיט אים אָפּ אין אַרענדע אַ שטיקל ערד, וואָס גיט אַ יידן אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט,— אַזאַ פּאָליאַק־קאַטויל גראָבט אונטער דעם וואוילשטאַנד פון אונזער נאַציע". אַזאַ קאַטוילישן באיקאָט־געבאָט האָט דער צוזאַמענפאָר אַפּראָביִרט, און פּראַקטיש האָט מען אים דורכגעפירט מיט הילף פון דער גאַליצישער אַדמיניסטראַציע, וואָס איז הויפּטזאַכלעך באַשטאַנען פון פּאָליאַקן.

אין דערזעלבער צייט, ווען די העכערע פּוילישע געזעלשאַפט האָט געדריקט גאַליציער יידן מיט לעגאַלע מיטלען, האָט זיך אין די נידריקע קלאַסן געפירט די מיאוסטע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע מיט אַ רוף צו באַקעמפן יידן — איינשליסלעך ביז פּאָגראָמען. אַזעלכע אויפפאָדערונגען פלעגן האָבן דערפאָלג, בעת די יידנשאַפטן פלעגן זיין צעפלאַמט ביי רייכסראַט־וואַלן. בעת דער וואַלקאַמפּאַניע פון 1898, האָט דער קאַנדידאַט פון דער אַנטיסעמיטישער „פּאָלקספּאַרטיי" דער פּאַטער־יעזואיט סטאָיאַלאָווסקי פּשוט געהעצט די פּויערים צו שלאָגן יידן. דאָס איז געווען אַ פאַנאַטיקער פון מיטלאַלטערלעכן טיפּ, אַ געפערלעכער ביז גאָר; ער האָט זיך פאַר קיינע מיטלען פון מאָדערנער דעמאַגאָגיע נישט אָפּגעשטעלט, אַבי נאָר צוציען צו זיך די אָרעמע מאַסן. די פּויערים האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער פאַרטיידיקער קעגן דעם פרעס פון די מאַגנאַטן־פּריצים. דער דורכגעטריבענער פּאַטער איז אָבער עגאַנגען מיט דער געוויינלעכער טאַקטיק פון די קריסטלעכע סאָציאַליסטן.

און ער האָט דעם פאָלקס אומצופרידנקייט געלענקט אויף יידן: מיט ווערטער האָט ער די קלעריקאַלע פוילישע אַריסטאָקראַטיע געזידלט, באמת אָבער איז ער געווען איר פאַרבינדעטער. זיין קאַנדידאַטור אַלס רייכסראַט-דעפּוטאַט האָט סטאַפּיאַלקאָווסקי אַרויסגעשטעלט אין קרייז סאַנאָק, אין מערב-גאַליציע; ער האָט דאָ געפירט אַ ווילדע אַגיטאַציע קעגן יידן, און אינגיכן האָט זי געגעבן רעזולטאַטן: אין דרייסיק שטעטלעך און דערפער פונם דאָזיקן קרייז זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן (יוני). צווישן פינסטערן המון האָט מען געלאָזן אַ קלאַנג, אַז דעם קייזער פראַנץ-יוסיפס זון, דער ראָמאַנטישער פּרינץ רודאָלף, וואָס מ'האָט אים געהאַלטן פאַר געשטאָרבן, לעבט אין דער אמתן אין אַמעריקע, און פון דאָרט האָט ער צוגעשיקט אַ פאַראָרדנונג מען זאָל שלאָגן יידן. דער גאַליצישער שטאַטהאַלטער פּאָנינסקי האָט זיך צריינגעמישט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג, ער האָט צוגעשיקט מיליטער אויף צו היטן די אָרדנונג און נאָר דאָס האָט די בויאַנעס איבערגעצייגט, אַז ראַבעווען און הפקרות דערלויבט דאָס געזעץ נישט. אַזוי ווי די פּאָגראָמען זענען געגאַנגען אונטערן קריסטלעך-סאָציאַליסטישן לאָזונג וועגן קאַמף פון פוילישער אָרעמקייט קעגן „יידן — עקספּלואַטאָרס", האָבן זיך די גאַליצישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן געאיילט אָפּצוגרענעצן זיך פון דערדאָזיקער כלומרשט-סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע פונם יעזואיט סטאַפּיאַלאָווסקי. „מען רייצט אָן אָרעמע פּאָליאַקן אויף אָרעמע יידן" — אַזוי האָט אויסגערופן דער פירער פון פוילישע סאָציאַליסטן, רייכסראַט-דעפּוטאַט דאַשינסקי, אויף אַ פאַרזאַמלונג אין ווין. ער האָט אָנגעוויזן, אַז יידן באַטרעפן אין גאַליציע 12 פּראָצ. פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, און דאָך גיבן זיי 90 פּראָצ. אָרעמעלייט און אומפאַרמעגלעכע; די לעצטע פּאָגראָמען וועלן נאָך זייער לאַגע פאַרערגערן.

אַרויסגעשטויסן פון אַלע אַרבעטס-געביטן פון אויבן און פון אונטן, זענען יידן אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אָרעמקייט, וואָס קיין שום לאַנד אויסער גאַליציע האָט נאָך אַזעלכעס נישט געוואוסט. פון 700.000 יידן האָט זיך דאָ גערעכנט ביי אַ האַלבער מיליאָן מענטשן אָן שום באַשטימטע פאַרדינסטן, וואָס האָבן טיילווייז געלעבט אויפן חשבון פון צדקה. קעגן אַזאַ נויט זענען געווען הילפלאָז אַפילו אַזעלכע פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן, ווי דער „באַראָן-הירש-פאָנד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1891 אויף די גרויסע נדבות פונם יידישן מיליאָנער מאָריץ הירש, וועלכער איז שטאַרק באַרייכערט געוואָרן ביים בויען די איזנבאַנען אין טערקיי. די גרינדער פונם פאָנד האָבן זיך געשטעלט אַ ציל צוציען די מאַסע פאַראָרעמטע יידישע הענדלער צו האַנטווערק און לאַנד-אַרבעט; מיט דעם צוועק האָבן זיי געבויט פּראָפעסיאָנעלע שולן, האַנטווערק-וואַרשטאַטן און ערד-אַרבעט-פערמעס. אָבער די אָרטיקע פוילישע מאַכט האָט גסדר געשטערט דער אַרבעט פונם „אָנד", וואָס האָט געהאַט בדעה — יידן עקאָנאָמיש געזונט צו מאַכן. נאָכן סטאַטוט, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אין

ויק, האָט מען די פּראָפעסיאָנעלע הירש-שולן פאַר יידן געמעגט עפענען נאָר בתּנאי מ׳זאָל אין זיי אונטעריכטן אין גאַליציע אויף פּויליש און אין בוקאָווינע אויף דייטש. דעם יידישן שילער פון דער גאַליצישער פּראָפעסיאָנעלער שול האָט מען פריער פּאָלאָניזירט, און ווען ער איז שוין געווען צוגעגרייט צו אַ מלאכה אָדער ערד-אַרבעט און זיך געוואָלט פאַרנעמען מיט זיין פּראָפעסיע, דאַמאָלסט האָבן אים די פּוילישע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, ווי אַ שטייגער די „לאַנדווירטשאַפטלעכע פאַריינען", פאַרצוימט דעם וועג. ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט זיך דער פּויפּעריזם פאַרשטאַרקט פון יאָר צו יאָר, און דער איינציקער אויסוועג פאַר די הונגעריקע מאַסן איז געווען — עמיגראַציע. צענדליקער טויזנט עמיגראַנטן פלעגן זיך יאָר-יערלעך לאָזן פון גאַליציע קיין אַמעריקע — צוזאַמען מיט זייערע אָרימע ברידער פון רוסלאַנד. די ברידער-מאַסן, וואָס איבער די צעטיילונגען פון אַלטן פּוילן צווישן די שכנישע מלוכות האָבן די פּאָליטישע גרענעצן זיי שוין לאַנג צעשיידט, פלעגן זיך אין דער ווייטער רעפּובליק פון יענער זייט אָקעאַן צוריק פאַרייניקן.

אין צווייטן טייל סלאַוויש עסטרייך — אין בעהמען און מעהרען — איז די צווישנפעלקערלעכע לאַגע פון יידן אויך געווען נישט נאָרמאַל, אָבער זי האָט געהאַט אירע אייגנטימלעכקייטן. אויב אין גאַליציע האָבן יידן געליטן פון דעם טריומפירנדיקן פּוילישן נאַציאָנאַליזם, איז אין בעהמען האָבן זיי געהאָט אויסצושטיין מצד דעם אונטערדריקטן נאַציאָנאַליזם פון די טשעכן. דער טשעכיש-דייטשער קאָנפליקט האָט זיך אַלץ מער פאַרפלאָנטערט נאָכן איינשטעלן די עסטרייך-אונגאַרישע דואַליסטישע קאָנסטיטוציע. טשעכן האָבן פּרעטענדירט אויף דאָס דריטע אָרט אין דער מאָנאַרכיע און אויף אַ ברייטע מלוכה-אויטאָנאָמיע; געלאָזט זיי האָט מען אָבער נאָר אַן אָרעמע פּראָווינץ-זעלבסטפאַרוואַלטונג. די דייטשע מינדערהייט אין טשעכיע האָט אַזוי געאַרבעט אויף צו גערמאַניזירן דאָס לאַנד, פּונקט ווי די פּאָליאַקן אויף צו פאַרפּוילישן גאַליציע; אָבער די טשעכן האָבן זיך קעגן דעם געוועהרט. הן די טשעכן און הן די דייטשן — האָבן יידן געשלעפּט צו זיך און זיי צוגערעכנט צו זייער אייגענעם באַשטאַנד אויפן גרונט פונם אָפיציעלן סימן „די אומגאַנגסשפּראַך", וואָס פריער איז דאָס בעיקר געווען דייטש. פאַר די יאָרן 1880 — 1900 האָט זיך אין אייגנטלעכער טשעכיע גערעכנט ביי 95 טויזנט יידן, און אין מעהרען — 45 טויזנט, — אין פּראָפּאָרץ צו דער גאַנצער באַפעלקערונג האָט דאָס אויסגעמאַכט אָנדערטהאַלבן — צוויי פּראָצענט. אַזוי ווי יידן זענען לויט דער שפּראַך און קולטור געשטאַנען נאָענטער צו דייטשן, האָבן זיי זיך צום אָנהויב ס׳רוב פאַרשריבן פאַר דייטש-ריידנדיקע; דערמיט האָבן זיי פאַרשטאַרקט די גערמאַניזאַטאָרישע רייען און ביי די טשעכן אַרויסגערופן שטאַרקע אומצופרידנקייט. אָבער צוביסלעכווייז האָט זיך געשטאַרקט די טענדענץ צו אַ בונד מיט טשעכן; עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ דייטשער אַנטיסעמיטיזם, עס האָט זיך

ווידער געפֿילט אַ נאַטירלעכע באַדערפֿעניש צו לעבן בשלום מיט דער מערהייט באַפֿעלקערונג. סוף XIX יאָרהונדערט איז די גרעסטע העלפֿט יידן (54 פּראָצ), אין אייגנטלעכער טשעכיע געווען אין דער קאַטעגאָריע טשעכיש-ריידנדיקע; נאָר אין מעהרען איז נאָך פֿאַרבליבן אַ מערהייט „יידן-דייטשן" (77 פּראָצ). אין אַזאַ איבערגאַנג-צייט, אין אַטמאָספֿער פֿון ליידנשאַפֿטלעכן נאַציאָנאַלן קאַמף, איז פֿאַר יידן שווער געווען די לאַגע צווישן צוויי פֿייערן — דידאָזיקע ירושה פֿון דער אַסימילאַציע-תּקופֿה. פֿאַרבאַהאַלטענע פֿײַנטשאַפֿט, און אַמאָל עקאָנאָמישער באָיקאָט — האָבן זיך געלאָזט פֿילן דאָ פֿון איין זייט, דאָ פֿון אַ צווייטער. אינם קעסל פֿון פּאָליטישע ליידנשאַפֿטן — אין פּראָג פֿלעגט עס אַמאָל דערגיין צו גאַסן-געשלעגן. צווישן טשעכן-שאָוויניסטן איז געווען פֿאַרשפּרייט אַ לידל: „ייד און דייטש דאַרפֿן ביידע ברענען אויף איין פֿייער". אין הלכות אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך טשעכן אַרויסגעוויזן פֿאַר גוטע שילער פֿון די דייטשן. די יידנהעצערישע פּאַמפֿלעטן פֿונעם פּראָגער פּראָפֿעסאָר ראָלינג האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אויך אויף טשעכיש. קעגן דעמדאָזיקן דראַנג פֿון צוויי זייטן איז דאָס טשעכישע און מעהרישע יידנטום נאָך שוואַכער געווען, ווי דאָס גאַליציישע: דאָרט האָבן יידן קעגן דעם אויסנווייניקסטן דרוק געקאָנט אַנטקעגנשטעלן אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד פֿון געדיכטע, קולטורעל-אָפּגעזונדערטע מאַסן, וואָס זענען געווען פֿילבאַר נאָר צום עקאָנאָמישן פּרעס, אָבער נישט צום פּאָליטישן און קולטורעלן; אין די טשעכישע פּראָווינצן אָבער זענען יידן געווען אי אין צאָל אַ סך קלענער, אי אין לעבנססטייגער ווייניקער אָפּגעזונדערט, און דערפֿאַר האָבן זיי דאָ מאָראַליש אַ סך מער געליטן איבער די פֿײַנטלעכע באַציאונגען פֿון די אַרומיקע. צום סוף XIX יאָרהונדערט האָבן זיך אין בעהמען אָפּגעשפּיגלט מעשים, וואָס האָבן יידן אין אַלטן פּראָג געקאָנט דערמאָנען די שוין לאַנג-פֿאַרגאַנגענע פֿינסטערע צייטן פֿון רעליגיעזע מלחמות.

דאָס יאָר 1897 איז דער טשעכיש-דייטשער קאָנפֿליקט דערגאַנגען ביז צו דער העכסטער אָנשטרענגונג. באַדעניס מיניסטעריום, וואָס האָט נאָכגעגעבן די טשעכן אין דער פֿראַגע וועגן גלייכבאַרעכטונג פֿון זייער שפּראַך, איז אונטערן דראַנג פֿון פּראָטעסטן מצד דייטשן געפֿאַלן; צוליב די אָבסטרוקציעס און סקאַנדאַלן האָט מען דעם רייכסראַט געמוזט פֿונאַנדערלאָזן. אויף אַזאַ אַרויספֿאָדערונג האָט מען אין פּראָג געענטפֿערט מיט פּאָגראָמען געווענדט קעגן דייטשן און יידן מיט דייטשע פֿאַמיליענעמען. די ערשטע טעג דעצעמבער האָבן טשעכן געמאַכט אַ פּאָגראָם אין די געביידעס פֿון דייטשן אוניווערזיטעט, טעאַטער און אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן; ביים צעשטערן געוועלבער האָט מען שוין קיין אונטערשיד נישט געמאַכט צווישן דייטשע און יידישע. פֿון פּראָג האָבן זיך די פּאָגראָמען איבערגעוואָרפֿן אין די בעהמער פּראָווינץ-שטעט (נאַכאָד, מעלניק א. אַ.), דאָרט האָבן שוין

באַטירט אָנפאַלן אויף בתי-מדרשים און יידישע שולן. וואו עס האָט געפעלט אַ דייטשע באַפעלקערונג, האָבן זי יידן פאַרטראָטן: מ׳האָט זיי געשלאָגן אָנשטאָט דייטשן. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דייטשע אַנטיסעמיטן — דאָרט, וואו זיי זענען שטאַרקער געווען (למשל, אין דער שטאָט עגער), — צו מאַכן פיינטלעכע דעמאָנסטראַציעס אי קעגן טשעכן אי קעגן יידן.

עס זענען אַריבער צוויי יאָר, און די אַנטיסעמיטן פון ביידע פיינטלעכע פעלקער האָבן געשלאָסן יד-אחת כדי צוזאַמען צו מאַכן אַן אָנגריף אויף יידן אויפן באָדן פון אַ ריטועלן פראָצעס; אָן אַזעלכן האָט זיך קיין שום אָנשטענדיקע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג נישט געקענט באַגיין. פרייאָר 1899, סעזאָן-צייט פון עלילת-דם, האָט מען אין וואַלד לעבן טשעכיש שטעטל פּ אָ ל נ אַ געפונען אַ טויטן קערפּער פון אַ טשעכיש מיידל, אַ שניידערין אַגנעסע גרושי, — דער האַלז איז ביי איר געווען איבערגעשניטן. חושד געווען אינם מאָרד האָט מען אַ יונגן יידן לעאָפּאָלד הילזנער, אַ פאַרסטער בחור מיט אַ צווייפלהאַפטער מאָראַל. מ׳האָט אים אַרעסטירט און איבערגעגעבן צום געריכט, ווייל אייניקע עדות האָבן אים אין טאָג פון מאָרד געזען הינטער דער שטאָט עק וואַלד מיט נאָך צוויי אומבאַקאַנטע יידן. דער אָנגעקלאָגטער האָט האַרטנעקיק געלייקנט זיין שולד, און דאָס געריכט האָט אַפילו נישט געקענט פעסטשטעלן די מאָטיוון פון פאַרברעך: געשלעכטס-אַפעקט אָדער נקמה. אָבער שוין ביזן געריכט האָבן אַנטיסעמיטישע צייטונגען, דייטשע און טשעכישע, אָנגעהויבן טומלען איבערן גאַנצן לאַנד, אַז דאָ האָט מען צו טון מיט אַ קאָלעקטיוון ריטועלן פאַרברעך. דער טשעכישער אַנטיסעמיט, ד״ר באַקסאַ, וואָס איז געווען אויפן געריכט ציווילמאָנער, האָט גלייך געמאָלדן, אַז די פּאָלנער מעשה באַשטעטיקט, דאָס „ביי יידן עקזיסטירט אַ געמיינשאַפט, וואָס קוילעט אונזערע קריסטלעכע מיטבירגער כדי אַרויסצובאַקומען זייער בלוט״. דעם אָנגעקלאָגטנס פאַרטיידיקער האָט דערויף געענטפערט: „נאָר אַ דאַנק דער עקלהאַפטער אַגיטאַציע פון דער אַנטיסעמיטישער פרעסע האָט געקענט געשען, אַז הילזנער זאָל זיצן אויף דער באַשולדיק-באַנק. צוליב אַגיטאַציע האָט מען אויפגעהויבן אַ באַשולדיקונג, בעת עס זענען נישטאָ קיין שום באַווייזן קעגן הילזנערן, סיידן נאָר דאָס, וואָס ער איז אַ ייד״. דאָס געריכט אין קוטענבערג האָט געפונען, אַז הילזנער איז שולדיק אין אויספירן דעם מאָרד מיט הילף פון נאָך אייניקע פאַרשוינען, און האָט אים פאַרמשפט אויפצוהענגען (סעפטעמבער 1899). אַנטיסעמיטן האָבן טריומפירט: אין זייערע בלעטלעך און בראָשורן האָבן זיי געשריבן, אַז דאָס געריכט האָט דערוויזן די ריטועלע פאַרברעכנס ביי יידן, — הגם אין דער אמתן האָט דער אורטייל פון געריכט נישט אָנגעצוויזן אויף קיין שום רעליגיעזן מאָטיוו פונם פאַרברעך. דער פינסטערער המון האָט אָבער געגלויבט, און עס איז אַוועק אַ נייע סדרה עקסצעסן קעגן יידן — אין פראָג, פּאָלנע, גאָלעשאָוו און אַנדערע ערטער.

קעגן דעם פּסק-דין פון געריכט, וואָס אַנטיסעמיטן האָבן אים אײַנספּירירט, איז אַרויס מיט אַ פּראָטעסט איינער פון די בעסטע פּאָליטישע טוער אין בעהמען, פּראָגער פּראָפעסאָר מ אַ ס אַ ר י ק. אין זיין בראָשור „וועגן דער נויטיקייט איבערצוקוקן דעם פּאָלנער פּראָצעס" האָט ער גענוי אַנאַליזירט דעם ענין און געקומען צום אויספיר, אַז עס איז געשען אַ שרעקלעכער יוסטיק-פעלער אונטער דער ווירקונג פון אויפגערעגטע געזעלשאַפטלעכע ליידנשאַפטן. „מיט דעמדאָזיקן אַנאַליז פון פּאָלנער פּראָצעס — זאָגט ער — וויל איך לויט מיינע כּוחות אויסקויפן די שאַנדע פון אונזער זשורנאַליסטיק, וואָס האָט אַזוי פאַלש און פּראָוואָצירנדיק איבערגעגעבן דעם דרייפוס-פּראָצעס, אַז זי האָט צוגעגרייט אַן אייגענע טשעכיש-עסטרייכישע דרייפוסיאַדע (ווי באַקאַנט, זענען 1898 און 1899 די צייטונגען פון דער גאָרער וועלט פול געווען מיט באַריכטן וועגן דרייפוס-ענין, וואָס פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן האָבן באַשאַפן). דער גאַנצער פּאָלנער פּראָצעס האָט זיך אין דער אמתן אָפּגעשפּילט אונטערן שווערן דרוק פון אַנטיסעמיטיזם מיט זיין ווילדן, אומזיניקן גלויבן אין ריטועלן מאָרד". די אויפריכטיקע בראָשור איז דורך דער מאַכט קאָנפיסקירט געוואָרן, אָבער זי איז געקומען צום עולם אויף אַן אַנדערן וועג. אין רייכסראַט זענען געגאַנגען דעבאַטן וועגן פּאָלנער פּראָצעס און איבער דער אינטערפּעלאַציע, וואָס די יידישע דעפּוטאַטן האָבן געשטעלט דעם יוסטיק-מיניסטער; האָט דער דעמאָקראַטישער דעפּוטאַט קראָנאַוועטער אויסגענוצט די געלעגנהייט און איבערגעלייענט פון דער טריבונע מאַסאַריקס גאַנצע בראָשור, און אויף אַזאַ אופן איז זי שוין אין די צייטונגען אָפּגעדרוקט געוואָרן אַלס אַ פּאַרלאַמענט-באַריכט, וואָס איז פריי פון צענזור. מאַסאַריקן אַליין האָט מען צוגעצויגן צו פאַראַנטוואָרט פאַר באַליידיקן דאָס געריכט, און די טשעכישע סטודענטן, דעמאָראַליזירטע דורך אַנטיסעמיטישע ליגנס, האָבן דעם ערלעכן פּראָפעסאָר געמאַכט פיינטלעכע מאַניפעסטאַציעס. אין ווין, פּראָג און אַנדערע שטעט האָט מען געהאַלטן פּראָטעסט-מיטינגען קעגן דער אָרטיקער דרייפוסיאַדע, וואָס, פּונקט ווי די פראַנצויזישע, האָט זי געהאַט אַ צוועק צו באַפלעקן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק.

טראַגישע טענער האָבן זיך געלאָזט הערן אין פּראָג אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער „געזעלשאַפט פאַר טשעכיש-יידישער אייניקייט", וואָס יידישע אינטעליגענץ האָט אַ צייט פריער געגרינדעט, כּדי צו דערנענטערן זיך מיט טשעכן. אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט ד"ר רײַנער האָט קאָנסטאַטירט, אַז דעראָזיקער אידעאַל האָט באַנקראָטירט: „מיר זענען איינזאַם — האָט אויסגערופן דער אַסימילאַטאָר דער בעל-תשובה. די בריק, וואָס האָט אונז פאַראייניקט מיט דער יידישער מאַסע, איז שוין לאַנג צעשטערט. און די טשעכן האָבן זיך צו אונז אויסגעדרייט מיטן רוקן. מען דאַרף שליסן אַלע אונזערע טשעכיש-יידישע פאַריינען. מער ווי 20 יאָר עקזיסטירט אונזער סטודענטן-

פאַריין, פינף יאָר — אונזער „טשעכיש-יידישע איינִיקייט", פיר יאָר — דער פּאָליטישער פאַרבאַנד, און וואָס האָבן מיר מיט דעם דערגרייכט? וואָס פאַר אַ סך-הכּל האָבן מיר מיטן וועג פון אַסימילאַציע דערגרייכט אויפן ווירטשאַפטלעכן, פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן געביט? אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט האָבן טשעכן זיך געשטעלט אויפן יסוד: „יעדער צו זיינע אייגענע" און זייער רוף איז: „קויפט נאָר ביי קריסטן!" — די אַסימילאַציע האָט דערפירט צו דעם, אַז מען האַלט אונז פאַר פרעמדע, פאַר מענטשן פון אַן אַנדער ראַסע, פון אַ פרעמדער נאַציע. מיטן דייטש גיין ווילן מיר נישט, מיטן טשעך קענען מיר נישט".

די הילזנער-אַפּערע האָט געהאַט נאָך אַ וויַיטערן עפּילאָג. אויפן אָנקלאַג פונם פאַרמשפּטנס פאַרטיידיקער, האָט דאָס קאַסאַציע-געריכט אין ווין אָפּגעשאַפט דעם אורטייל פון קוטענבערגער געריכט, ווייל פּראָגער מעדיצינישער פאַקולטעט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער ריכטיקייט פון יענעמס מעדיצינישער עקספּערטיזע. האָט מען דעם ענין אַ צווייט מאָל באַטראַכט אין געריכט אין פּיזעק (פון אָקטאָבער ביז דעצעמבער 1900). ווידער האָט אַרום געדריקט אַן אַנטיסעמיטישע אַטמאָספערע, און הילזנערן האָט מען ווידער אַרויסגעטראָגן אַ טויט-אורטייל, הגם דער פּראָקוראָר האָט דעם רעליגיעזן מאָטיוו פון פאַרברעך אָפּגעוואָרפן, ווי „אַן אומזיניקע בבא-מעשה" ביים קייזער פראַנץ-יוסף האָט מען זיך משתדל געווען וועגן באַגנעדיקונג, און ער האָט פאַרביטן דעם טויט-אורטייל אויף אייביקע קאַטאָרגע (1901). — אַט אַזוי האָט אויך בעהמען געצאָלט צינז דעם מיטלאַלטערלעכן געשפּענסט, וואָס האָט זיך ווי אַ שוואַרצער שאָטן אַוועקגעשטעלט אויפן גרענעץ פון צוויי יאָרהונדערטן „העכסטע קולטור".

## § 9. אַנטיסעמיטיזם פאַרכאַפּט אונגאַרן; טיסאַ-עסלאַר-פּראָצעס.

זינט 1867 זענען די מאַדיאַרן געוואָרן פולע בעלי-בתּים אין אונגאַרן מיט זיינע פאַרשידענע פעלקער, און עס האָט זיי אַרומגעכאַפּט אַן אַלגעמיינע מאַניע צו אַסימילירן די קלענערע פעלקער. עס איז געגאַנגען אַ קאַמף אָן אַ סוף מיט די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון די דרום-סלאַוון — קראָאַטן, סערבן, סלאָוועניער און סלאָוואַקן. מער פאַר אַלץ האָבן זיי זיך געהאַלטן באַרעכטיקט צו באַלעבאַטעווען איבערן נאַציאָנאַלן גורל פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט באַטראָפן ביי פיר פּראָצענט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אין אונגאַרן (אין 1880 — 638,000, אין 1890 — 725,000). ביז דער עמאַנסיפּאַציע האָט

מען יידן געשטעלט די געוויינטלעכע פאָדערונג זיך אָפּצוזאָגן פון זייער נאַציע, מ׳האָט געפאָדערט אַסימילאַציע; אָבער ווען זי איז אַוועק אויפן וועג פון קולטורעל זיך-צונויפגיסן מיט דייטשן, האָט זיך אויפגעהויבן אַ ויצעקו, אַז יידן פאַרדײַטשן אונגאַרן. בירגערלעכע גלײַכבאַרעכטיקונג האָט מען, ווי באַקאַנט געגעבן יידן נאָר בתנאי זיך צו מאַדיאַריזירן, האָט זיך אָנגעהויבן אין אונגאַרן אַן אָפיציעלע איבעררעגיסטרירונג פון יידן — פון דער קאַטעגאָריע דייטש-ריידנדיקע אין דער קאַטעגאָריע אונגאַריש-ריידנדיקע (דעם פאָלקס יידיש האָט מען אויך דאָ נישט גענומען אין אַכט). דאָס, וואָס ס׳האָבן פריער נישט געקענט פועלן די לעקעכלעך פון קאָשוטן און פון די ליבעראַלע פאַטריאָטן, — דאָס האָבן איצט געמאַכט די דראָאונגען פון אַנטיסעמיטן פאַר די יאָרן 1890—1881, די אויפבליצײַט פון אונגאַרישן אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך די צאָל יידן, וואָס האָבן זיך לויט דער שפּראַך פאַרשריבן צו דער אונגאַרישער נאַציע, פאַרגרעסערט אויף 23 פּראָצ., און צום סוף יאָרהונדערט האָט שוין דריי פערטל יידישע באַפעלקערונג אין אונגאַרן אָנערקענט פאַר זייער שפּראַך אונגאַריש, און נאָר איין פערטל דייטש (ציילונג פון 1900). אַזאַ אָפיציעל צושטיין פון אַ האַלבן מיליאָן יידן צו דער אונגאַרישער נאַציע איז געווען זייער וויכטיק פאַר די פּאָליטישע צילן פון מאַדיאַרן, וואָס אַפילו אין די קערן-געביטן פון לאַנד האָבן זיי געהאַט אַ שוואַכע מערהייט (51 פּראָצ.) און מיט אַלע כוחות געשטרעבט צו פאַרשטאַרקן זייער הערשנדיקע פּאָזיציע. כדי צו קומען צו אַזאַ נצחון, האָט זיך געפאָדערט אַ אינטענסיווע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך די ערשטע העלפט 80-ער יאָרן צעוואַקסן ביזן העכסטן גראַד.

די אַנטיסעמיטישע באַצילע האָט זיך באַוויזן אין אונגאַרן אין איין צײַט מיט איר באַווייזן זיך אין דייטשן עסטרייך. אין אונגאַרישן סיים האָט זיך אויסגעבילדעט אַ פעסטע גרופּע דעפּוטאַטן — אַנטיסעמיטן, וואָס געשטאַמט האָבן זיי פון די פּאַרטייען ליבעראַלן און „אומאָפּהענגיקע" און צוביסלעך האָבן זיי זיך איבערגערוקט אויף רעכטס. איסטאָטשי, אָנאָדי, סימאָני זענען געווען פירער פון דער גרופּע, געאַרבעט האָט זי אין סיים און אויסער אים. נאָך אין 1880 האָט איסטאָטשי באַוויזן צו גרינדן אַ 80 אַנטיסעמיטישע קרייזלעך אין פאַרשיידענע קאָמיטאַטן. די קרײַזן האָט מען געגעבן אַ אינסטרוקציע, זיי זאָלן שיקן אין פאַרלאַמענט פּעטיציעס וועגן אָפּשאַפן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג פון יידן צוליב דעם, וואָס דעם לאַנד דראָט אַ סכנה פון יידישער פאַגוואַלטיקונג. אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּעטיציעס פלעגן די אַנטיסעמיטישע דעפּוטאַטן האַלטן פלאַמעדיקע רעדעס אין פאַרלאַמענט און אויף פאָלקס-פאַרזאַמלונגען. מ׳האָט גערעדט וועגן אונגאַרנס „פאַריידישונג", באַזונדערס וועגן דער הויפּטשטאָט בודאַפּעשט, וואָס מ׳האָט איר מיט חוזק גערופן „יודאַפּעסט" (יידישע מגפה); מ׳האָט דערוויזן, אַז מ׳קען אָפּשאַפן יידישע גלייכשטעלונג — און דערבײַ נישט טשעפּען אַנדערע פונקטן אין דער ליבעראַלער קאָנסטיטוציע. אין

פּאַרלאַמענט האָט דידאַקטיש גאַנצע אַגיטאַציע קיין דערפאָלג נישט געהאַט. דאָס ליבעראַלע מיניסטעריום פון קאָלאָמאַן טיסאַ און די קאַמער-מערהייט האָבן אַנטשידן אָפּגעלייגט די רעאַקציאָנערע באַשטרעבונגען פון אַנטיסעמיטן. דאַמאָלסט איז דער קאַמף איבערגעטראָגן געוואָרן אין גאַס. זייער טעאָריע האָבן אונגאַרער אַנטיסעמיטן איבערגענומען ביי דייטשן, האָבן זיי איצט שטאַרק חשק געהאַט זיי צו פאַראייניקן מיט רוסישער פּראַקטיק, אַזוי ווי זי האָט זיך אַרויסגעוויזן אין די פּאָגראָמען פון 1881. אין פאַרשידענע קאָמיטאַטן האָבן זיך אָנגעהויבן אָנפאַלן אויף יידן, אָבער די רעגירונג האָט אָנגענומען פעסטע מיטלען אויף נישט צו דערלאָזן קיין ווייטערדיקע אומרוען. האָבן די אַנטיסעמיטן געפּרובט פאַרבונדן זייער אַגיטאַציע מיטן „אָנגעלויף" פון יידישע עמיגראַנטן אויס רוסלאַנד. דאָס, וואָס אין אונגאַרן האָבן זיך באַוויזן קליינע גרופּעס אַנטלאָפענע פון די רוסישע דרום-גובערניעס, האָט דער אַדמיניסטראַציע פון אייניקע קאָמיטאַטן געגעבן אַ גרונט אויפצוהייבן די פראַגע וועגן נישט אַריינלאָזן קיין עמיגראַנטן אין לאַנד. ביים באַהאַנדלען די פראַגע אין סיים האָט דעפּוטאַט אָנאָדי געשאָטן פעך און שוועבל אויף יידן פון דער גאָרער וועלט און געפאָדערט, מען זאָל דריי־הונדערט מיליאָן קריסטן באַפרייען פון אונטער „דעם יאָך פון אַכט מיליאָן יידן". דער פּאַרלאַמענט האָט אָבער אין פולן הסכם מיט דער רעגירונג באַשלאָסן, אַז עס איז אוממעגלעך אָפּצוטרייבן פון אונגאַרנס גרענעצן פאַרפאָלגטע, וואָס זוכן אַ צייטווייליקן מקום מנוחה (1882). האָבן זיך די אַנטיסעמיטן גענומען צו שרייפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע, אַרויסגעלאָזט בראָשורן מיטן רוף צו געוואַלט-מעשים קעגן יידן, אָבער אויך דאָ האָט די רעגירונג געשטערט: איינע פון די געפערלעכסטע בראָשורן, וואָס איז געווען באַשטימט פאַרן אַרבעטער-קלאַס און פול געווען מיט אַנטיסעמיטישע אויסטראַכטענישן — איינגעשלאָסן עלילת-דם, — איז קאָנפיסקירט געוואָרן. אין סיים האָט דאָס אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט־רעדע פון איסטאָטשי: דער רעדנער האָט פשוט דערקלערט, אַז די יידנעמאַנסיפּאַציע איז די שאַנדע פון מערב-אייראָפּע און אַז נאָר אין רוסלאַנד פאַרשטייט מען ווי אַזוי צו לייזן די יידנפראַגע. כדי אַריינצוציען אונגאַרן אין די דרכים פון צאַרישן רוסלאַנד, האָבן אַנטיסעמיטן פאַרטראַכט אַזאַ טייוולאָנישן פּלאַן: באַשאַפן אַ ריטואַל-מאָרד-פּראָצעס און בעת דער געריכטלעכער אויספאָרשונג פירן אַ ענערגישע אַגיטאַציע אונטערן לאָזונג: „יידן זענען מערדער פון קריסטן". אַזוי האָט מען באַשאַפן דעם אומגעהויערלעכן טיסאַ-עסלאַר-פּראָצעס, וואָס האָט משך צוויי יאָר כמעט אויפגעקאָכט אונגאַרן.

דעם 1 אַפּריל 1882 איז אין דאָרף טיסאַ-עס[?]אַר נאָענט צום גוט פונם אַנטיסעמיטישן פירער אָנאָדי, פאַרפאַלן געוואָרן, אַ 14-יאָריק קריסטלעך דינסטמיידל אסתר סאָלימאָסי, ווען די בעל-הביתטע האָט איר אַראָפּגעשיקט עפּעס איינקויפן. מ'האָט די פאַרפאַלענע אַרומגעזוכט, אָבער אָן רעזולטאַט. דאַמאָלסט האָט מען אין דאָרף גלייך אָנגעהויבן שמועסן מכח אַ ריטועלן

מאָרד. (אין דאָרף האָט זיך ביז אַהער געפֿירט אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע). די קלאַנגען האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט אַ דאַנק דעם, וואָס דאָס פֿאַרפֿאַלענע מיידל האָט געהאַט דורכצוגיין פֿאַרביי דער שול, אין יענעם טאָג האָבן זיך דאָרט געפֿונען דער שמש יוסף שאַרף און אַ גרופּע שול-בעלי-בתּים, — זיי האָבן זיך צוזאַמענגענומען אויף צו באַשטימען אַ נייעם שוחט פֿאַר דער אָרטיקער קהילה. האָט מען געשמועסט, אַז דאָס מיידל האָט מען פֿאַרנאַרט אין שול, געהאַלטן אַ מעת-לעת אין קעלער, דערנאָך געקוילעט און אויסגעצאַפּט דאָס בלוט — צו נוצן אויף מצות. אונטער דער ווירקונג פֿון אַזאַ בבא-מעשה האָט די אָרטיקע מאַכט גענומען און געלענקט די אויספֿאָרשונג אויף דער שול. צוויי חדשים נאָך דעם מיידלס פֿאַרפֿאַלן-ווערן האָט מען אין טייך געפֿונען אַ טויטן קערפּער אין די קליידער פֿון אסתּר סאָלימאָסי, דאָס פּנים איז געווען צעקאַלעטשעט ביז נישט צו דערקענען, אָבער קיינע סימנים פֿון געוואַלט-טויט זענען נישט געווען, — א קיצור ס'איז געווען אַ טיפּישער טויטער קערפּער פֿון אַ דערטרונקענער. וואָלט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס איז דער קערפּער פֿון סאָלימאָסי, וואָלט יעדער חשד וועגן ריטואַלמאָרד אַראָפּגענומען געוואָרן. אָבער פֿאַר די, וואָס האָבן פֿאַרקאָכט דעם גאַנצן ענין, האָט אַזאַ רעזולטאַט נישט געטויגט. איז אַוועק אַ נייע מעשה: די דערטרונקענע האָט נישט קיין שום שייכות צום פֿאַרפֿאַלן מיידל, און יידן האָבן עס אומישנע אַריינגעוואָרפֿן אין טייך אַ פֿרעמדן מת, גענומען אין שפּיטאָל און אָנגעטאָן אין סאָלימאָסיס קליידער, כּדי פֿון זיך אָפּצולענקען דעם חשד. די פֿישער, וואָס האָבן געפֿונען אין טייך דעם קערפּער, האָט מען אַרעסטירט, פּאָליציי האָט זיי „מיט טעמפּעראַמענט" אויסגעפֿאָרשט, און זיי האָבן אויף זייערן ווייניק-פֿאַרשטענדלעכן פֿרעמדן דיאַלעקט געגעבן געפּלאָנטערטע אָנווייזונגען. דער אויספֿאָרשער האָט עס שוין געטייטשט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט: אַז זיי האָבן באַקומען דעם טויטן קערפּער ביי יידן (שפּעטער אויפֿן געריכט האָבן די פֿישער דאָס אָפּגעלייקנט, — יענץ עדות-זאָגן האָט מען ביי זיי אַרויסגעפּרעסט מיט קלעפּ און דראָאונגען). דער אָרטיקער דאָקטאָר האָט געפֿונען, אַז די דערטרונקענע איז עלטער פֿאַר 14 יאָר, און סאָלימאָסיס מוטער האָט געטענהט, אַז דער טויטער קערפּער איז נישט פֿון איר טאָכטער, הגם פֿון לאַנגן זיין אין וואַסער זענען די שטריכן פֿון פּנים אינגאַנצן אָפּגעווישט געוואָרן. די אַטמאָספֿער איז געווען אָנגעזאַפּט מיט ווילדע קלאַנגען, און דער אַלגעמיינער פּסיכאָז האָט אפילו קינדער אַרומגענומען. קריסטלעכע יינגלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט מיטן זעקסיאָריקן זון פֿונם שמש יוסף שאַרף, האָבן איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן פֿון אים געהערט, דאָס זיין פֿאָטער האָט געקוילעט דאָס מיידל. ווען מ'האָט דעם יינגל גענומען צום פֿאַרהער, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט עס געהערט פֿון זיין עלטערן

ברודער מאָריץ (14 יאָר). אויפֿן פֿאַרהער ביים געריכטס-פֿאָרשער האָט מאָריץ שאַרף געמאָלדן: ער ווייס נאָר וועגן די קלאַנגען, וואָס מען פֿאַרשפּרייט אין דאָרף, און מכּח דעם האָט ער געמאַכט אַ שפּאַס מיטן קלענערן ברודער. דידאָזיקע אויפֿריכטיקע דערקלערונג פֿונם ייִנגל האָט מען אויס-געטייטשט קאַפּויער, און מ׳האָט אים צוזאַמען מיט די עלטערן אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין איינצלקאַמערן. אונטערן איינפֿלוס פֿון דער סביבה און פּסיכישער סוגעסטיע מצד די פֿאַרהערער, האָט זיך אין טורמע ביים ייִנגל צעשפּילט די פֿאַנטאַזיע, און ער האָט פֿאַרן געריכטספֿאָרשער געזאָגט אַזעלכע עדות, וואָס שפּעטער — שוין צו שפּעט — האָט ער עס צוריקגערופֿן: ער האָט כּלומרשט געזען דורך אַ שפּאַלט אין טיר פֿון שול, ווי אַזוי זיין פֿאָטער און נאָך דריי געקומענע שוחטים האָבן דאָרט געקוילעט דאָס מיידל און אָפּגעצאַפּט דאָס בלוט אין אַ כּלי. אויף דעם גרונט האָט מען אַרעסטירט די דריי אָנגערופֿענע און נאָך עטלעכע בעלי-בּתּים פֿון שול, אַזוי, אַז צוזאַמען מיט די פֿריערדיקע איז שוין געווען פֿאַרהאַלטן 15 מאַן. דעם יונגן מאָריצן האָט מען אַריבערגעפֿירט אין דער שכנישער קרייזשטאָט נירעדיהאַזי, מ׳האָט אים באַזעצט ביים אָרטיקן הויפּטמאַן אין הויז און אים צוגעזאָגט גאַנצע גליקן, אין פֿאַל ווען ער וועט אָננעמען קריסטנטום. פֿון רייכע קריסטן פֿלעגן זיך באַקומען גרויסע סומעס געלט און מתּנות פֿאַרן ייִדישן יונגל, וואָס האָט אַזוי גוט געדינט די שונאים פֿון זיין אייגן פֿאָלק.

די אויספֿאָרשונג האָט זיך פֿאַרצויגן, און דערווייל איז אין לאַנד געגאַנגען אַן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע משוגענערווייז. משך דעם גאַנצן זומער 1882 האָבן די צייטונגען נישט אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן דער שרעקלעכער דראַמע אין טיסאַ-עסלאַר. אין דער פּרעסע און אויף עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונגען פֿלעגן אַנטיסעמיטן אַזוי טענהן, אַז דאָס פֿאָלק האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרופֿן אַנדערש ווי מיט פּאָגראָמען. אָנגעהויבן האָט זיך פֿון אָנפֿאַלן אויף ייִדן אין קלענערע שטעט, שפּעטער אָבער איז דערגאַנגען צו אמתע פּאָגראָמען מיטן רוסישן נוסח — לויט איסטאָטשיס רעקאָמענדאַציע. אינם אַלטן צענטער פֿון אונגאַרישן ייִדנטום, אין פּ ר ע ס ב ו ר ג, האָט דער המון, אויפֿגעהעצט דורך אַנטיסעמיטן, געווילדעוועט צוויי טעג (28 און 29 סעפּטעמבער 1882), דער עולם איז געגאַנגען איבער די גאַסן מיט געשרייען: „לעבן זאָלן איסטאָטשי, אָנאָדי, סימאָני"! מ׳האָט געהאַקט פֿענסטער אין ייִדישע הייזער און קראָמען, ערטערווייז האָט מען זיך אַריינגעריסן אינעווייניק און געראַבעוועט פֿאַרמעגן. פּאָליציי פֿלעגט צעיאָגן די כוליגאַנעס, אָבער אין אַלע טיילן שטאָט האָט זי זיי נישט געקאָנט בייקומען, און נאָר דאָס אונטערגעקומענע מיליטער האָט געמאַכט אָרדנונג. באַלד נאָכדעם האָבן זיך די פּאָגראָמען איבערגעחזרט אין אייניקע ערטער אין פּרעסבורגער קאָמיטאַט. די רעגירונג האָט דערקלערט דעם גאַנצן קאָמיטאַט אין קריגס-צושטאַנד און

געדראָט די פּאָגראָם־מאַכער און זייערע העצער מיט גרויזאַמע שטראָפן. די אַנטיסעמיטן־העצערס האָבן אַריינגעטראָגן מכח דעם אַ אָנפרעג אין פּאַר־לאַמענט, האָבן זיי באַקומען פון מיניסטער־פּרעזידענט טיסאַ אַ האַרבע תשובה: „ביז וואַנען איך וועל זיין אויף דעם פּאָסטן, וועל איך פאַרטיידיקן די פּערזענלעכע זיכערקייט נישט פון די הערן באַנדיטן, גזלנים און אונטער־צינדערס, נאָר פון די אָנשטענדיקע בירגער". אָנאָדי און סימאָני האָבן ווייטער געפירט רעדן וועגן דער „הערשאַפט פון יידן" און וועגן ענין טיסלאַ־עסלאַר, זיי האָבן געפאָדערט רעפּרעסיעס קעגן דער „שעדלעכער ראַסע". אָבער טיסאַ האָט געענטפערט, אַז ער האָט נישט בדעה מחיה־מתים צו זיין די פינסטערע זכרונות פון דער תקופה אַבסאָלוטיזם, ווען מען האָט יידן געדריקט און פאַרפאָלגט, ער וועט שטרענג אָפּהיטן די גלייכבאַרעכטיקונג פון בירגער.

דריי וואָכן פאַרן פּאָגראָם אין פרעסבורג האָבן אַנטיסעמיטן אויסגע־פּרובט נאָך אַ וועג צו באַאיינפלוסן די געזעלשאַפט און דאָס געריכט, וואָס האָט זיך דאַמאָלסט געגרייט צו באַהאַנדלען דעם טיסאַ־עסלאַר־פּראָצעס. זיי האָבן אַוועקגעשיקט זייערע דעלעגאַטן אויפן דרעזדענער אַנטיסעמיטן־קאָנגרעס (§ 3), כדי זיך דאָרט צו דערשלאָגן אַ געוואונשענע רעזאָלוציע איבער דעם געריכטס־פּראָצעס, וואָס האָט אינטערעסירט גאַנץ אייראָפּע. דעפּו־טאַט אָנאָדי האָט אַוועקגעפירט מיט זיך אַ פּאָרטרעט פון אסתר סאָלימאָסי, און ווי אַ סימבאָל האָט מען אים אויפגעהאַנגען איבערן פּרעזידיום־טיש פון קאָנגרעס. מיט זיין רעדע וועגן טיסאַ־עסלאַר־פּראָצעס האָט אָנאָדי אַרויסגע־רופן עקסטאַז ביי דער פאַרזאַמלונג: „די זאַך האָט אַ שייכות צו דער גאָרער וועלט. דאָס מעסער פונם שוחט האָט דעם גאַנצן כלל־מענטשן געטראָפן אין האַרצן". דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס איז אויסגעדריקט צוטרוי „צו דער אומפּאַרטייאישקייט פון אונגאַרישן געריכט אין אַ ענין, וואָס די גאַנצע נישט־יידישע וועלט קוקט אים נאָך אויפמערקזאַם".

עטלעכע חדשים נאָך דעם האָבן די אַנטיסעמיטן געמאַכט אַ נייעם פּרוב צו ווירקן אויפן פּאַרלאַמענט. זיי האָבן אָנגערעדט אַ גרופּע קריסט־לעכע איינוואוינער פון קרייז טאָפּאָלטש, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען דאָס דאָרף טיסאַ־עסלאַר, און יענע האָבן דערלאַנגט אין סיים אַ פּעטיציע וועגן איבערקוקן דאָס געזעץ, וואָס גיט יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג. די דאָזיקע פּעטיציע צוזאַמען מיט אַנדערע מעלדונגען פון אַנטיסעמיטישע קרייזן מיט דעם זעלביקן כאַראַקטער — האָט באַטראַכט אַ באַזונדערע קאָמיסיע, און זי האָט באַשלאָסן זיי אָפּצעוואַרפן ווי קאָנסטיטוציאָנעלע. איז אין פּלענום פון פּאַרלאַמענט געקומען צו אַ הייסער דעבאַטע מכוח דעם (יאַנואַר 1883). איסטאָטשי און זיינע חברים האָבן געהאַלטן פייערדיקע דרשות וועגן דעם, אַז „יידן דעראָבערן אונגאַרן". די ליבעראַלן האָבן זיי הייס געענט־

פּרט, איבערהויפּט דער אונגאַרישער שרייבער מאָריץ יאָקאַי, וועלכער האָט דערמאָנט, אַז אין 1848 האָט ער אַליין צוזאַמען מיט יידישע פּאַטריאָטן געקעמפט פאַר אונגאַרנס אומאָפּהענגיקייט. טיסאַ האָט זיך ווידער אַרויסגעזאָגט קעגן דעם רעאַקציאָנערן פּרוב פון די אַנטיסעמיטן, און די פּעטיציע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. אַ פּועל-יוצא דערפון איז געווען, וואָס די פּאַרטיי פון אונגאַרישער אומאָפּהענגיקייט האָט אויסגעשלאָסן פון איר כּלל די דעפּוטאַטן — אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן אונטערגעהאַלטן די פּעטיציע. דאַמאָלסט האָבן די אַנטיסעמיטן, וואָס זענען געזעסן אויף די לינקע סיים-בענק, זיך אַריבערגעפּעקלט אויף רעכטס און געבילדעט אַן אייגענע פראַקציע, וואָס האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אירע נאַטירלעכע פאַרבינדעטע, די קלעריקאַלן.

נישט מקוים געוואָרן זענען אויך די האָפנונגען, וואָס אַנטיסעמיטן האָבן געלייגט אויפן אויסגאַנג פון געריכטס-פּראָצעס אין טיסאַ-עסלאַר-ענין. דער בולט טענדענציעזער פאָר-אונטערזוך, וואָס די אָרטיקע מאַכט האָט געפירט אין אַ „ריטואַל"-ריכטונג, איז נישט געפעלן געוואָרן דעם פּראָקוראָר פון געריכטס-קרייז, וועלכער האָט געקוקט אויף דער זאַך אומפּאַרטייאיש. האָט מען די אויספאָרשונג באַנייט, און די זאַך האָט זיך פאַרצויגן ביז זומער 1883. באַהאַנדלט האָט מען דעם ענין אין קרייז-געריכט אין דער שטאָט נירעדיהאַזי משך זעקס וואָכן (19 יוני — 3 אויגוסט). דאָס געריכט האָט אויפגעדעקט אַלע חטאים פון דעם פאָר-אונטערזוך. שוין אינם באַשולדיק-אַקט איז אינגאַנצן באַזייטיקט געוואָרן דער רעליגיעזער מאָטיוו פונם מאָרד, און אַלע באַמיאונגען פון די פאַלשע עדות, וואָס אַנטיסעמיטן האָבן אונטערגעשיקט, זענען נישט געווען ביכולת צו פאַרטונקלען דעם שכל-הישר פון די ריכטער. דער הויפּט-עדות פון דער באַשולדיקונג, — ריכטיקער, דער קרבן פון די באַשולדיקער, — דאָס יינגל מאָריץ שאַרף, וואָס האָט אויך אין געריכט גערעדט קעגן אייגענעם טאַטן, האָט זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט אין זיינע איינגעחזרטע ווערטער, אַז זיי האָבן פאַר די ריכטער אָנגעוווירן יעטוועדן באַטייט; ווען דאָס געריכט האָט באַקוקט די שול, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דורכן שפּאַלט פון טיר אָדער שלאָס-לאָך האָט דער עדות נישט געקענט זען דאָס אַלץ, וועגן וואָס ער האָט דערציילט. די עקספּערטן האָבן באַוויזן, אַז דער אין-טייך-געפונענער קערפּער אַנטשפּרעכט דעם עלטער פון אסתר סאָלימאָסי. די פאַרטיידיקונג פון די באַשולדיקטע האָבן געפירט די בעסטע אַדוואָקאַטן אין אונגאַרן, קריסטן און יידן: קאַרל עטוועש, פרידמאַן, היימאַן און אַנדערע. די איבערציינגנדיקסטע רעדע קעגן ריטועלער באַשולדיקונג האָט געהאַלטן דער מלוכה-פּראָקוראָר, וועלכער האָט דעם גאַנצן פּראָצעס כאַראַקטעריזירט, ווי אַן אָרגאַניזירטן „אָנפאַל אויף יידן". פון דער רעדע פונם פּריוואַטן באַשולדיקער, אַנטיסעמיט סאַלאַי, האָט געשלאָגן מיט בייזן קירכלעכן פאַנאַטיזם: ער האָט געפאָדערט נקמה אין יידן — אין נאָמען פון קריסטוס, וועלכן „יידן האָבן אַמאָל געקרייצט און ער ווערט אויך היינט געקרייציקט אין

סימבאָל פון ריטואַל-מאָרדן". „דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע קריסטלעך בלוט — האָט ער אויסגעשריגן — האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונם געקריי־ציקטן, און ער האָט עס געהייסן אַ זון עדות זאָגן קעגן אייגענעם פאָטער". איינער פון די פאַרטיידיקער האָט מכוח דעם געזאָגט: „שאָטנס פון פינסטערע יאָרהונדערטער האָבן זיך אַריינגעריסן אין די אידעען פון 19 יאָרהונדערט. פאַר אונז לעבן אויף שרעקלעכע שאָטנס פון רעליגיעזן פאַנאַטיזם: באַרטאָלאָ־מעאוס־נאַכט און מכשפות־פּראָצעסן". עטוועש האָט אין זיין גלענצנדער רעדע געזאָגט, אַז די ריטואַל־באַשולדיקונג איז אַ חרפה פאַר די באַשולדיקער, נישט פאַר די אָנגעקלאָגטע. ער האָט דערמאָנט וועגן דעם, אַז קעגן טיסאַ־עסלאַר־בלבול האָבן פּראָטעסטירט אַזעלכע מענער, ווי וויקטאָר הוגאָ, רענאַן און אונ־גאַרנס נאַציאָנאַלער העלד לודוויק קאָשוט. דעם פאָר־אונטערזוך, וואָס האָט זיך געפירט אונטערן דרוק פון אַנטיסעמיטן, האָט עטוועש אָנגערופן „די שאַנדע פון אונגאַרישער יוסטיץ", „וואָרום דרעסירן אַ קינד אַלס עדות קעגן אייגענעם פאָטער — דאָס איז דער העסלעכסטער מיסברויך, וואָס מ'קען נאָר באַגיין אונ־טערן מאַנטל פון פאָרמעלן קרימינאַל־אינטערזוך". דער פאַרטיידיקער — האָט אָנגעוויזן, אַז אַנטיסעמיטיזם אין אונגאַרן איז נישט פון אָרטיקן אָפּשטאַם: „מ'האָט אים צו אונז אַראָפּגעבראַכט פון פרעמדע לענדער—פון דייטשלאַנד און רוסלאַנד." דאָס געריכט האָט אַלע 15 אָנגעקלאָגטע פרייגעשפּראָכן. דער יינגער מאָריץ, באַפרייט פון אַנטיסעמיטישער געפאַנגענשאַפט און אומגעקערט זיך אין עלטערן־הויז, איז געקומען צו זיך און מיט אַ געפיל פון טיפער חרטה האָט ער איבער־געגעבן וועגן דעם פיזישן און גייסטיקן דרוק, אונטער וועלכן ער האָט עדות געזאָגט דאָס, וואָס מ'האָט אים אָנגערעדט.

אין גרויס צאָרן פאַר זייער דורכפאַל מיטן טייוואָלאָנישן פּלאַן, האָבן די אַנטיסעמיטן זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן, באַשולדיקט דאָס געריכט, אַז עס איז אונטערגעקויפט פון יידיש געלט, געדראָט מיטן פאָלקס זעלבסטגעריכט און ערטערווייז טאַקע געפּרובט מאַכן פּאָגראָמען. פון קליינע שטעטלעך און דערפער, וואו פּאָליציי איז געווען אָנמעכטיק קעגן צעווילדעוועטן המון, זענען יידן געלאָפן אין די שכנישע גרעסערע שטעט, אונטער דער שוץ פון מילי־טער. אָבער די צענטראַל־רעגירונג האָט שנעל געמאַכט אַ סוף מיט דערדאָזיקער מהומה. טיסאַ האָט צעשיקט איבער אַלע שטעט אַ צירקולאַר און געפאָדערט צו דערשטיקן יעדן פּאָגראָם־פּרוּב שוין ביים אַנטשטיין. קעגן אַנטיסעמיטיזם זענען אַרויס מיט בריוו אויך די העכסטע פירער פון אונגאַרישן קלויסטער — קאַטוילן און רעפאָרמירטע. דער קייזער אַליין, קעניג פון אונגאַרן פראַנץ־יוסף האָט שאַרף פאַראורטיילט די עקסצעסן פון אונגאַרישע אַנטיסעמיטן. צוביסלעכ־ווייז האָבן זיך די נאַכט־שאָטנס פונם בלוטיקן בלבול און די פּאָגראָמען־פאַ־ניק צעשפּרייט, און יידן האָבן לייכטער אָפּגעעטעמט.

דער קאָמפּערישער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַזוי ווי אויסגעשעפּט אינם

טיסאַ-עסלאַר-פּראָצעס — פֿאַר די צוויי יאָר אָנגעשטרענגטע באַמיאונגען אַרויסצורופֿן אַ קרייץ-צוג קעגן אונגאַרישע יידן. פֿון דער מיט אַכטציקער יאָרן גייט ער אַראָפּ באַרג. אין 1884, ווען דער טשאָד האָט זיך נאָך נישט געפֿעלט, האָט זיך די אַנטיסעמיטן איינגעגעבן ביי די סיים-וואַלן דורכצופֿירן זייערע 17 דעפּוטאַטן; אָבער מיט יעדע נייע וואַלן איז זייער צאָל געפֿאַלן, און דעם אַמאָליקן קוראַזש האָבן זיי שוין זעלטן אַרויסגעוויזן. די לינקע „אומאָפּהענגיקייט פּאַרטיי" וואָס האָט אין פּאַרלאַמענט געהאַט דעם גרעסטן איינפֿלוס, איז פֿעסט געשטאַנען דערפֿאַר, מ'זאָל נישט אָנרירן די בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג; אָבער זי האָט אויך גוט געדענקט דעם תּנאַי, אונטער וועלכן מ'האָט אַמאָל יידן געגעבן גלייכבאַרעכטונג, און זי האָט פֿון זיי געפֿאָדערט פֿולע מאַדיאַריזאַציע. אין איר מאַניפֿעסט בעת די וואַלן פֿון 1884 האָט די פּאַרטיי, וואָס האָט געהאָלפֿן יידן אַרויסצופּלאָנטערן זיך פֿון טיסאַ-עסלאַר-נעץ, געפֿאָדערט קאָמפּענסאַציע: יידן מוזן זיך אָפּזאָגן פֿון זייערע נאַציאָנאַלע באַזונדערקייטן; פּונקט ווי אַמאָליקע צייטן, האָט זי אַפֿילו געפֿאָדערט ביי יידן גרונטלעכע רעליגיעזע רעפֿאָרמעס. די שוואַכערע עלעמענטן צווישן יידן האָבן נאָכגעגעבן אַזעלכע פֿאָדערונגען; דאָס געפֿיל פֿון מורא פֿון איין זייט, פֿון מה-יפֿית-דאַנקבאַרקייט פֿון דער צווייטער — האָבן געשטויסן אַ סך צו לעצט-אַסימילאַציע. שנעל איז אויך צוגעגאַנגען מיטן צושרייבן זיך צו דער מאַדיאַרישער נאַציע. צענדליקער טויזנט, וואָס האָבן פֿריער גערעדט דייטש, האָבן זיך מיטאַמאָל אין דער סטאַטיסטיק אַרויסגעוויזן אונגאַרער לויט דער שפּראַך. מאַדיאַרן אין אונגאַרן האָבן זיך געהאַלטן ביי דער טאַקטיק פֿון פּאָליאַקן אין גאַליציע: זיי האָבן געשאַצט יידן, אויף וויפֿיל יענע האָבן זיי געהאָלפֿן צו זיין אַ הערשנדיקע נאַציע. דער אונטערשיד איז נאָר געווען אין דעם, וואָס אין דער חסידישער גאַליציע האָט די אַסימילאַציע אָנגערירט נאָר די אייבערשטע פֿון דער געזעלשאַפֿט, און אין אונגאַרן איז זי אַריינגעדרונגען טיפֿער — אין די מיטעלע און טיילווייז נידעריקע שיכטן. אַ צוריקהאַלטנדיקע קראַפֿט אין נאַציאָנאַלן פּרט איז דאָ געווען די צאָלרייכע פּאַרטיי אָרטאָדאָקסן, וואָס זענען דאָ נישט געווען אַזוי עקסטרעם ווי אין גאַליציע, אָבער דאָך גענוג אינערט אויף ווידערצושטעלן זיך קעגן קולטור-אַסימילאַציע.

די ערשטע העלפֿט 90 יאָרן האָט זיך די אונגאַרישע ליבעראַלן און אומאָפּהענגיקע איינגעגעבן צו פֿאַרענדיקן דעם עמאַנסיפּאַציע-אַקט פֿאַר יידן: זיי האָבן לעגאַליזירט די גלייכבאַרעכטיגונג פֿון דער יידישער רעליגיע. דאָס יאָר 1893 האָט וועקערלעס רעגירונג צוגעשטעלט אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ-פּראָיעקט, לויט וועלכן די יידישע אמונה באַקומט די זעלבע רעכט, וואָס די קאַטוילישע, לוטערישע און פּראַוואָסלאַווישע: מען איז פֿריי אַריבערצוגיין פֿון איין גלויבן אין צווייטן, חתונות צווישן קריסטן און יידן זענען געזעצלעך, אַלצאיינס לויט וועלכן ריטואַל זיי זענען פֿאָרגעקומען. קעגן דעם

ראָזיקן געזעץ-פּראָיעקט האָט לאַנג און האַרטנעקיק געקעמפט די קאָנסערוואַטיוו-
קלעריקאַלע פּאַרטיי, זי האָט פאַרטיידיקט די לעצטע פּריווילעגיעס פונם הערשנ-
דיקן קאַטוילּיציזם. אין דער געזעלשאַפט און אין פּאַרלאַמענט איז געגאַנגען אַ
העפטיקע אַגיטאַציע. אַ פּאַרזאַמלונג פון קאַטוילישע בישאָפן אין בודאַפּעשט
האָט זיך געווענדעט מיט פּעטיציעס צום פויפּסט לעאָ XIII, צום קייזער
פראַנץ-יוסף און אונגאַרישן מיניסטעריום: זיי האָבן געטענהט, אַז אַזאַ גע-
זעץ-פּראָיעקט לאָזט זיך נישט פאַרייניקן מיטן כבוד פון אַ הערשנדיקער
קירך און מיט איר לערע וועגן חתונה-סאַקראַמענט. די קלעריקאַלע צייטונ-
גען האָבן געדראָט, אַז דעם פּאָלקס צאָרן וועט אויפלאַקערן קעגן יידן, אויב
דער „גאָטלאָזער" פּראָיעקט וועט ווערן אַ געזעץ. דאָס אַלץ, צוזאַמען מיט
די וואַטיקאַן-אינטריגעס ביים הויף פון פרומען פראַנץ-יוסף, האָט אַ לאַנ-
גע צייט געשטערט, אַז דער געזעץ-פּראָיעקט וועגן גלייכקייט פון רעלי-
גיעס זאָל דורכגיין אין פּאַר־לאַמענט. און ווען מ'האָט אים געשטעלט צום
אָפּשטימען און די דעפּוטאַטן-קאַמער האָט אים איינשטימיק אָנגענומען, האָט
זיך אַקעגנגעשטעלט די מאַגנאַטן-קאַמער, די פעסטונג פון קאָנסערוואַטיווע
הויכלייט. אין דעם טייל, וואָס עס איז נוגע געמישטע חתונות, האָט דאָס
הערן-הויז נאָכגעגעבן דער ליבעראַלער רעגירונג און אים אָנגענומען; אָבער
דעם צווייטן טייל, וואָס האָט דערלאָזט, קריסטן זאָלן אַריבערגיין אין
יידנטום, האָט זי אָפּגעוואָרפן. אַ צווייט מאָל איז דער געזעץ-פּראָיעקט אָפּ-
ראָבירט געוואָרן אין דעפּוטאַטן-קאַמער, און ווידער איז געקומען אַ נעגאַ-
טיווער וואָטום מצד די מאַגנאַטן. דאָס האָט געבראַכט צו אַ מיניסטאָרן-
קריזיס, און די זאַך האָט זיך פון דאָס ניי פאַרצויגן. צוויי יאָר האָט גע-
דויערט דער קאַמף, די רעגירונג האָט אין מאַגנאַטן-הויז אַריינגעפירט נייע
מיטגלידער, און ערשט דאַמאָלט האָט די אויבערשטע קאַמער נאָכגעגעבן און
אָנגענומען דעם געזעץ-פּראָיעקט אינגאַנצן (1895). דעראָזיקער נצחון פונם
גלייכהייט-געדאַנק האָט פאַר יידן געהאַט זייער אַ גרויסע מאָראַלישע באַדיי-
טונג; אין דער פּראַקטיק האָט דער נייער געזעץ באַטייט נאָר פרייהייט צו
פּראָפּאַגאַנדירן יידישן גלויבן צווישן פרעמדע, יידן אָבער האָבן עס נישט
אויסגענוצט, ווייל זיי איז פרעמד דאָס „פאַנגען גרים" און קיין מיסיאָנערן
האָבן זיי נישט פאַרמאָגט. אַ ווערט האָט דאָס געזעץ געהאַט פאַר די גע-
מישטע יידיש-קריסטלעכע משפּחות: זייערע גלידער האָבן באַקומען פולע
פרייהייט אויסצוווילן זיך אַ גלויבן, און ס'איז געוואָרן אויס מיט געצוואונ-
גענע, פיקטיווע קריסטן. דאָס האָט פאַרקלענערט די רעליגיעזע אַסימילאַ-
ציע, אָבער נישט די נאַציאָנאַלע: דאָס האָבן געהאַלטן פאַר אַ חוב אויך
יענע ליבעראַלע קרייזן, פונוואַנען עס איז געקומען די איניציאַטיוו פון
גלויבנס-גלייכקייט. צום געדאַנק פון נאַציאָנאַלער גלייכקייט האָט מען זיך
נאָך דאַמאָלט נישט דערטראַכט.

## § 10. אינעווייניקסט לעבן און ליטעראטור

אויף וויפיל דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון דייטשע יידן אין יענער תקופה איז געווען אייגנטאָניק, אויף אַזוי פיל איז דאָס לעבן פון פאַרשיידענע גרופּעס יידן אין עסטרייך-אונגאַרן געווען פילפאַרביק און פול מיט קאָנטראַסטן. נאָנט צום דייטשן קולטור-טיפּ איז געווען די גרופּע יידן אין ווין און אין דייטשן עסטרייך, טיילווייז אויך אין בעהמען און מעהרען. דאָס יידישע גאַליציע אָבער און אונגאַרן שטעלן פאָר גאָר באַזונדערע גייסטיק-קולטורעלע טיפּן.

אין ווין און אין דייטשן עסטרייך האָט זיך דער שטרייט צווישן אַלטער און נייער קולטור איינגעשטילט, און אינם לעבן פון די יידישע געמיינדעס האָט געהערשט אַ טרויעריקע שטילקייט, וואָס טרעפט נאָר אין פאַמיליעס, וואָס די יינגערע גלידער האָבן זיי פאַרלאָזן. די יידישע יוגנט איז אַוועק צו אַלגעמיינער קולטור און צו דער אַרומיקער נאַציאָנאַלער סביבה; די יידן פון עלטערן דור, די אמתע געמיינדע-גלידער, זענען נאָר פאָרמעל געווען בעלי-בתים אין שול. לויטן נייעם געמיינדע-סטאַטוט, באַשטעטיקט אין יאָר 1890, איז די יידישע געמיינדע — אַ נשאר פון אַמאָליקער אויטאָנאָמיע — געווען נאָר אַ רעליגיעז-צדקהשע אָרגאַניזאַציע, און איר אויסגעווילטער אָרגאַן אָדער ראַט האָט געהייסן „קולטוספאָרשטאַנד”, ד. ה. אַ מין שול-גבאים. די גרויסע ווינער געמיינדע האָט אימפּאָנירט מיט אירע אויסערלעכע איינריכטונגען: שיינע רעפאָרמירטע טעמפּלען, געלערנטע ראַבינערס-פּרעדיקערס, פאַרשידענע צדקה-אַנשטאַלטן פון אייראָפּעאישן שטייגער, — אָבער אַ לעבעדיקער גייסט האָט זיך שוין לאַנג אָפּגעטאָן פון אָט דער געמיינדע; זי איז נישט געווען בכוח זיך אָפּצורופן אויף ברענענדיקע טאָגפראַגן אין געביט פון פּאָליטיק און קולטור-נאַציאָנאַלן קאַמף.

אינמיטן די 80 יאָרן איז ביי די בעסערע פאָרשטייער פון דער יידישער געמיינדע אין ווין אויפגעקומען אַ געדאַנק וועגן דעם, אַז עס איז נויטיק צו באַשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל פון איין זייט אַרויסטרעטן קעגן די אַנטיסעמיטישע אָנפאַלן כלפּי חוץ, און פון דער צווייטער זייט – קעמפן מיטן וואוקס פונם „אינעווייניקסטן אַנטיסעמיטיזם”, מיט דעם, וואָס יידישע יוגנט ווערט אָפּגעפרעמדט פון אייגענעם פאָלק, פון זיינע אידעאַלן און היסטאָרישע טראַדיציעס. רייכסראַט-דעפּוטאַט בלאָך איז געווען איינער פון די הויפּט-איניציאַטאָרן אין דער זאַך. מאַי 1885 האָט די איניציאַטיוו-גרופּע אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף, וואָס שוין זיין אופן פון ווענדן זיך צום עולם איז אַליין

געווען כאַראַקטעריסטיש: „שטאַממעט־גענאָססען” אָנשטאָט „גלויבענסגענאָססען”. אומרואיקייט פֿאַר דער צוקונפֿט הערט זיך אין די ערשטע ווערטער פֿונעם אויפֿרוף: „דער, וואָס פֿאָרשט נאָך מיטן מוח און האַרצן פֿון אַ ייד, ווי אַזוי עס לעבן אין אונזערע טעג יידן אין עסטרייך און ווי אַזוי עס ווערט דערצויגן די יידישע יוגנט, דער מוז קומען צום טרויעריקן אויספֿיר, אַז עס איז נויטיק שנעלע און צוועקמאָסיקע הילף, אויב מיר ווילן נישט, אַז די טויזנט־יעריקע געשיכטע פֿון אונזער פֿאָלק זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ טויטע מעשה־שהיה, אַז די רעליגיעז־עטישע דערציאונג פֿון דער יוגנט און דאָס פֿאָלקס־באַוואוסטזיין פֿון אונזער דור זאָלן צעשטערט ווערן, עס זאָלן ווערן אַ אילוזיע די יידישע רעכט אין עסטרייך, וואָס זענען געזיכערט דורך דער קאָנסטיטוציע און זענען איצט באַדראָט צוליבן אויפֿלעבן פֿון רעליגיעזע ליידנשאַפֿטן און ראַסן־קאַמף. אונזער היינטיקע יוגנט איז פֿון אַלע געביטן מענטשלעכן וויסן — ווייניקער פֿון אַלץ באַקאַנט מיט דער געשיכטע און ליטעראַטור פֿון אייגענעם פֿאָלק; מיט קיין זאַך שעמט זי זיך נישט אַזוי, ווי מיטן געהערן צו יידן... צום עלטסטן קולטורעלן פֿאָלק, דעם הומאַנישסטן פֿון אַלע עלטערע פֿעלקער, דעם פּיאָנער אין קאַמף פֿון כּלל־מענטשן פֿאַר קולטור, גלייכקייט און פֿרייהייט”. די מחברים פֿונעם אויפֿרוף ענטפֿערן די פּחדנישע אַפּיטראָפּסים פֿון דער געמיינדע, וואָס ציטערן פֿאַר אָרגאַניזירטע זעלבסטהילף: „ווער ס'האָט מורא, אַז מיט אַזאַ פֿאַראייניקן די כּוחות וועט מען אַרויסרופֿן אַ פֿאַרשטאַרקונג פֿון אַנטיסעמיטיזם, יענעם ווייזן מיר אָן אויף דעם פּועל־יוצא פֿון אונזער כּמעט צען־יעריקער אומטעטיקייט”. אין אַ יאָר אַרום, אַפּריל 1886, איז פֿאָרגעקומען די גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג פֿון דער נייער פּאָליטיש־קולטורעלער אָרגאַניזאַציע, זי האָט באַקומען דעם נאָמען: „עסטרייכיש־איזראַעליטישע אוניאָן”. דער ערשטער פּונקט אין סטאַטוט פֿונעם פֿאַריין האָט באַשטימט זיין ציל: „אויפֿהויבן צווישן עסטרייכער יידן אינטערעס צו יידישער וויסנשאַפֿט און צום היינטיקן מצב פֿון יידנטום, צעיאָגן די פֿאָראורטיילן וואָס זענען פֿאַרשפּרייט קעגן יידן, באַקעמפֿן אַלע פּרובן צו פֿאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן און ראַסן־האַס צו זיי”. דעם צווייפֿאַכן ציל פֿון דעם פֿאַריין — קאַמף מיט אַנטיסעמיטיזם און פּאָפּולאַריזאַציע פֿון יידישער וויסנשאַפֿט — האָבן אין אַ באַשיידענער מאָס פֿאַרווירקלעכט מער איינצעלנע פּערזאָנען, ווי דער קאָלעקטיוו. פֿון די הויפּט־אָנטיילנעמער אין פֿאַריין האָט דער רייכסראַט־דעפּוטאַט יוסף בלאָך אויך פֿריער ענערגיש געקעמפֿט מיט אַנטיסעמיטן פֿון ראָלינגס חדר, און דער ראַבינער־היסטאָריקער גידעמאַן האָט געשריבן גוטע ווערק איבער דער געשיכטע פֿון יידישער קולטור. ביז אַ געוויסער מאָס האָט זיך דעם פֿאַריין איינגעגעבן אויפֿצולעבן די יידישע געזעלשאַפֿטלעכקייט: עס האָט זיך פֿאַרשטאַרקט דער אָנטייל פֿון יידן אין די פֿאַרלאַמענט־ און קאָמונאַל־וואַלן, מ'האָט אָנגענומען מיטלען צו פֿאַרבעסערן די עלעמענטאַרע „רעליגיעזע שול”, מ'האָט געגרינדעט אין ווין אַ יידישן

טעאָלאָגישן סעמינאַר אויף צוגרייטן ראַבינער. אין 1895 האָט דער פֿאַריין געמאַכט אַ דריטסטן פּרוב צו פֿאַרייניקן צוליב דיזעלבע צוועקן אַלע עסטרייכישע געמיינדעס און באַשאַפֿן אַ צענטראַלאָרגאַן פֿונם דאָזיקן „געמיינדעבונד", אָבער די עסטרייכער רעגירונג האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן שאָטן פֿון אַ נייער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן איר סטאַטוט. מען האָט געמוזט איבערמאַכן דעם סטאַטוט און דערפֿירן דעם געמיינדעבונד צו אַ פּשוטן רעליגיעז־פֿילאַנטראָפּישן אָרגאַן פֿון פֿאַרייניקטע „קולטורגעמיינדעס."

אַ האַלב־פּאָליטישע און אַ האַלב־וואוילטעטיקע אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „ווינער איזראַעליטישער אַליאַנס", וואָס האָט זיך אין 1873 אָפּגעטיילט פֿונם אַלוועלטלעכן יידישן אַליאַנס אין פּאַריז, אָבער וועלכער האָט געוואָלט אויספֿירן דיזעלבע אויפֿגאַבן: „הילף פֿאַר אונטערדריקטע ברידער אין מזרח". פֿאַר ווין האָט „מזרח" געהייסן רוסלאַנד און רומעניע, וואו די רעגירונגס־רדיפֿות אויף יידן האָבן נישט אויפֿגעהערט. די טעטיקייט פֿון ווינער אַליאַנס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט עמיגראַנטן פֿון ביידע לענדער געגעבן הילף מיט געלט און אָנווייזונגען אויף אַריבערצופֿאָרן ווייטער קיין אַמעריקע. די קולטור־טעטיקייט פֿון אַליאַנס האָט זיך אין די 90־יאָרן אַנטוויקלט אין די מזרח־פּראָווינצן פֿון עסטרייך גופֿא — אין גאַליציע און בוקאָווינע, מ'האָט דאָ געגרינדעט אַלגעמיינע און פֿאַך־שולן פֿאַר יידן אויף די מיטלען פֿון באַראָן הירש, וואָס זיין מיליאָנען־פֿאָנד איז אַריבער אין רשות פֿון ווינער אַליאַנס.

דער ריין־פּאָליטישער קאַמף מיטן אַנטיסעמיטיזם האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער ווינער יידישער פּרעסע. אַנטיסעמיטן אַליין האָבן צו „יידישער פּרעסע" צוגערעכנט אַלע ליבעראַלע דייטשע צייטונגען, בראָש מיט דער איינפֿלוסרייכער „נייע פֿרייע פּרעסע", וואָס צווישן אירע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער איז געווען נישטווייניק יידן; אָבער דידאָזיקע צייטונגען האָבן באַקעמפֿט דעם אַנטיסעמיטיזם נאָר ווי אַן אַנטי־ליבעראַלע באַוועגונג, און די יידישע אַסימילירטע מיטאַרבעטער האָבן ווייניקער פֿאַר אַלץ געטראַכט דערביי וועגן זייער „געוועזענער נאַציע". דער אמתער קעמפֿער פֿאַר יידישע אינטערעסן איז געווען די „עסטרייכישע וואָכנשריפֿט", אָרגאַן פֿון דעפּוטאַט בלאָך (דערשינען פֿון אָקטאָבער 1884 אין ווין ביי דער מיטווירקונג פֿונם אויבנאָנגערופֿענעם עסטרייך־יידישן פֿאַריין); דער רעדאַקטאָר, אַ געבוירענער אין גאַליציע, האָט ענערגיש פֿאַרטיידיקט דעם יידישן כּבֿוד פֿון פּאַרלאַמענט־טריבונע, און ער צוזאַמען מיט אַזעלכע געלערנטע מיטאַרבעטער, ווי גידעמאַן און דוד קויפֿמאַן, האָבן גאַראַנטירט דעם זשורנאַל פֿון לעצט־אַסימילאַציע און אָפּגעשפּיגלט אין אים די אָנשויאונגען פֿונם געזונטערן טייל עסטרייכער יידן. אַ קלענערן פּאָליטישן באַטייט האָט געהאַט די וואָכנשריפֿט פֿון פּרעדיקער

יעלינעק „בייצייט״ (אין 1882) אָנפאַנג די 80-ער יאָרן איז נאָך אַרויסגע-
גאַנגען אין ווין די אַמאָליקע קאַמפּסשריפט פון נאַציאָנאַלער ריכטונג, סמאָ-
לענסקיס „השחר״, וואָס איז אונטער דער ווירקונג פונם קריזיס אין רוס-
לאַנד געוואָרן דער אָרגאַן פון חובבי-ציון. אָבער דאָס זענען שוין געווען
די לעצטע טעג פונם זשורנאַל — צוזאַמען מיט זיין באַגאַבטן, פּריצייטיק
געשטאָרבענעם רעדאַקטאָר. פונם נאַציאָנאַלן סטודענטן-פאַריין „קדימה״, וואָס
סמאָלענסקי האָט געגרינדעט אין ווין, איז אַרויס אַ יונגער פּובליציסט נתן
בירנבוים, וועלכער האָט פון 1885 אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „זעלבסט-
עמאַנציפּאַציאָן״ — אַן אָנזאָג פון ציוניסטישער פּרעסע.

אין געביט פון וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור איז ווייטער געגאַנגען
די אַרבעט, וואָס מ'האָט אָנגעהויבן אין דער פריערדיקער תקופה. דער
אַלטער א. ה. ווייס האָט געהאַלטן ביים ענדיקן זיין גרויס ווערק איבער
דער געשיכטע פון רביניזם (3—5 בענד „דור דור ודורשיו״, 1883—1891).
גידעמאַן האָט — אונטערן בילן פון אַנטיסעמיטישע שאַקאַלן — דערגאַנצט זיין
„געשיכטע פון יידישער קולטור אין מיטלאַלטער״ (זע פריערדיקן באַנד, §41) —
און צוליב דער אַטמאָספער זענען אַהין אַריין אַפּאָלאָגישע טענדענצן. אַ
צווייטער שילער גרעצס, אַ לערער פון ראַבינער-סעמינאַר אין בודאַפּעשט
דוד קויפמאַן, האָט מיט דערפאָלג געאַרבעט איבער דער געשיכטע פון
יידישער פילאָזאָפיע און ספּעציעל איבער דער געשיכטע פון יידן אין עסט-
רייך („געשיכטע דער אַטטריבוטענלעהרע אין דער יידישען רעליגיאָנס-פי-
לאָזאָפיע״, 1877; „די לעצטע פערטרייבונג דער יודען אויס וויען״, 1887;
„סאַמסאָן ווערטהיימער״, 1888; אויך אַ סך אַרטיקלען אין פּעריאָדישע אויס-
גאַבעס). דאָס איז געווען אַ נשאר פון אַמאָליקן וויסנשאַפטלעכן רענעסאַנס.
קיין נייע שאַפערישע כּוחות האָבן זיך נישט באַוויזן נישט אין דער וויסנ-
שאַפט, נישט אין אַנדערע געביטן יידישער ליטעראַטור, ווייל דאָס רוב פּעאי-
קערע קעפּ פלעגן אַוועקגיין צו דער דייטשער ליטעראַטור און דאָרט פאַר-
לוירן ווערן אין דער אַלגעמיינער מאַסע.

אין גאַליציע זענען נאָך אַלץ פאַרבליבן צוויי קולטורעלע קעגנזאַצן:
פון איין זייט — אַן אינטעליגענץ, אַסימילירט אויפן דייטשן אָדער פּוילישן
שטייגער, פון דער צווייטער — אַ אינערטע חסידישע מאַסע, וואָס איז
פאַרגליווערט געוואָרן אין די חלומות פון 18-טן יאָרהונדערט. די שעפערי-
שע כּוחות פון רביניזם און חסידיזם זענען שוין לאַנג געווען אויסגעשעפּט,
אָבער דער כּוח פון אינערציע און דורות-לאַנגער פאַרגליווערטקייט איז נאָך
געווען גענוג גרויס צו טאָרמאָזירן יעטוועדע לעבעדיקע קולטור-באַוועגונג.
אַ גרופּע פאַרדייטשטע אינטעליגענטן אין לעמבערג און קראָקע, צוזאַמענגע-
שלאָסן אין פאַריין „שומר ישראל״, האָבן מיט קנאַפּן דערפאָלג ווייטער
געפירט זייער קאַמף קעגן די אָבסקוראַנטן פון רבניש-חסידישן פאַרבאַנד

„מחזיקי הדת"[1]; דער קאַמף איז געגאַנגען אין די געמיינדעס, מ'האָט געקעמפט פאַר דער ווירקונג אין געמיינדע-ראַט, וואו ס'האָט געהערשט אַן אָרטאָדאָקסאַלע מערהייט. אָבער אַפילו אינם לאַגער אַסימילאַטאָרן איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג צווישן די אָנהענגער פון גערמאַניזאַציע און פּאָלאָניזאַציע. קעגן פאַריין „שומר ישראל" האָט געאַרבעט אַ פּאָלאָנאָפילישער פאַריין „אַגודת-אַחים" (Przymierze braci); ער איז אַנטשטאַנען תחילת די 80 ער יאָרן און האָט אין קראָקע אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט אויף פּויליש «Ojczyzna» (פאָטערלאַנד). געשטיצט אויף דעם, וואָס די פּאָליטישע קראַפט פון פּאָליאַקן אין גאַליציע וואַקסט, האָבן דידאָזיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן פון פּאָלאָניזם געהאַט גרויס דערפאָלג און צוביסלעכווייז אָפּגעשטויסן די גערמאַנאָפילן אין הינטערגרונט. פאַרן פּאָליטישן דרוק פון די פּוילישע בעלי-בתים אין לאַנד האָבן אויך אָרטאָדאָקסן געמוזט אָפּטרעטן: עקאָנאָמיש אָפּהענגיק אין לאַנדווירטשאַפט, אינדוסטריע און האַנדל פון די פּריצים — פלעגן זיי ביי רייכסראַט-סיים- און קאָמונאַל-וואַלן אָפּגעבן זייערע שטימען פאַר קאַנדידאַטן פון פּוילישע פּאַרטייען, דערעיקרשט קאָנסערוואַטיווע. אַלס באַלוינונג דערפאַר פלעגן פּאָליאַקן דורכלאָזן אין רייכסראַט און אין גאַליציער סיים אייניקע יידישע דעפּוטאַטן, אָבער זיי פלעגן זיין שטרענג געבונדן מיט דער דיסציפּלין פון די פּוילישע פראַקציעס. אַזוי איז אַריין אין רייכסראַט אין 1880 דער הויפּט פון די פאַנאַטישסטע אָרטאָדאָקסן, קראָקעווער רב שמעון שרייבער, אַ זון פון אונגאַרישן רב און פאַרפאָלגער פון השכלה ר' משה סופר. דער יידישער אָבסקוראַנט האָט זיך גערעכנט אין פּוילישן פּאַרלאַמענט-קלוב און פלעגט שטימען צוזאַמען מיט זיינע גלידער, אָפט נישט-וויסנדיק, פאַר וואָס ער שטימט, ווייל ער פלעגט שלעכט פאַרשטיין די פּאַרלאַמענט-רעדעס. געווינטלעך פלעגן פּאָליאַקן דורכפירן אין די פאַרטרעטונגס-אינסטיטוציעס געטרייע אינטעליגענטע יידן פון דער אַסימילאַטאָרישער גרופּע „פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן", וואָס זיי האָט גאַנץ ווייניק געאַרט דער אַנטיסעמיטיזם פון זייערע פּאָליטישע פאַרבינדעטע — אַ נאַטירלעכער און גאַנץ אָפענער יידנהאַס.

צווישן דידאָזיקע צוויי קעגנזאַצן, וואָס האָבן ביידע נישט געטויגט צום אַנטוויקלען אַ לעבעדיקע נאַציאָנאַלע קולטור, איז געשטאַנען אַ קליינע גרופּע אַלטע משכּילים, ליבהאָבער פון בילדונג און היטער פון לשון-קודש-קולט. די גאַנצע טעטיקייט פון דערדאָזיקער גרופּע האָט געפונען איר אויסדרוק אין דער ליטעראַטור אויף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך; גייסטיק איז די דאָזיקע גרופּע געווען פאַרבונדן מיטן ברייטערן ליטעראַרישן רענעסאַנס אין רוסלאַנד. דאָ האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די אידעען און האָפנונגען פון יענעם איבערגאַנגס-דור, וואָס איז געשטאַנען אויפן גרענעץ פון דער אַל-

1) פריערדיקער באַנד, ז. 41.

פער און נייער קולטור, דער באַליבטער ליטעראַטור-זשאַנר איז דאָ געווען דער סאָציאַלער ראָמאַן, וואָס שילדערט דעם קאַמף פון אידעען. אַזאַ „אידעאישער" ראָמאַניסט איז געווען ראובן ברוידעס, וועלכער האָט אויפגעקאָכט די הערצער פון גאַליציש-רוסישע משכּילים מיט זיין גרויסן ראָמאַן „רעליגיע און גלויבן" (הדת והחיים, 1876—85). ער האָט דאָ געשילדערט אַ גייסטיקע דראַמע פון אַ יונגן תּלמודיסט, וואָס האָט זיך דורכגעדרונגען מיט נייע געדאַנקען און פרעדיקט אַ רעפאָרמע פון יידישקייט אין נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיוון גייסט: מ'זאָל פאַרקלענערן דעם עול פון מצוות, אָפּ-רייניקן די רעליגיעזע באַגריפן פון חסידישער מיסטיק און פאָלקס פאַראור-טיילן. אַ צווייטער סאָציאַלער ראָמאַן ברוידעסעס „צוויי עקסטרעמען" (שתּי הקצוות, 1888) באַהאַנדלט אַ קראַנקן פּונקט פון יידישן לעבן אין גאַליציע — די אומנאָרמאַלע קולטור-פּאָלאַריטעט אין דער געזעלשאַפט, ביי וועלכער עס פעלט אַ שטאַרקע צווישן-ריכטונג צווישן דער אָפּגעשטאָרבענער פאַרגלי-ווערטקייט פון אַלטן דור און זעלבסטמערדערישן שטרעבן פון יונגן דור אין תּהום אַריין פון נאַציאָנאַלן נישט-זיין. דעם אַלטן שטייגער האָט געשיל-דערט אין זיינע דערציילונגען מ. בראַנדשטעטער: דאָס לעבן פון אַ פּישן גאַליציער שטעטל מיט זיינע רבנים, צדיקים, חסידישן עולם, גבירים און קבצנים, פאַנאַטיקער און ליכט-זוכער, שונאי און אוהבי-ישראל (מרדכי קיזוביץ, נפלאות מעיר זידיטשעוו, צורר היהודים בעיר גרליב א. אַ.) די הומאָ-ריסטישע סקיצן פון נתן סאַמועלי פון לעמבערג, וועלכער האָט געשריבן אויף דייטש און אויף העברעאיש (קולטורבילדער, 1885; מן החיים, 1891 א. א), האָט אויך באַלויכטן דעם לעבנסשטייגער פון יידישער גאַליציע אין אַלע זיינע פאָרמען, וואָס זענען געווען פרעמד דער מאָדערנער צייט. דעם יידישן לעבנסשטייגער אין גאַליציע האָט זיך געפּרובט שילדערן אויך דער דייטשער שרייבער ל. זאַכער-מאַזאָך (יודענגעשיכטען, 1878—1882 א. א), אָבער זיינע נאַאיווע אידילישע באַשרייבונגען שפּיגלען אָפּ נאָר פאַר-שטעלונגען פון אַ זייטיקן באַאָבאַכטער, וואָס באַנעמט נישט דעם תּהום פונם אייגנאַרטיקן פרעמדן שטייגער. די באַליבטע טעמע פון זיינע דערציילונ-גען איז — ליבע צווישן אַן איידעלעם קריסט און אַ יידישער יפת-תּואר פון אַ פאַנאַטיש-חסידישער משפּחה.

אויפן געביט פון יידישער וויסנשאַפט האָט גאַליציע אין יענער תּקופה נישט באַשאַפן קיין זאַך, וואָס זאָל זיך פאַסן פאַרן געבורטסאָרט פון ראַפּאָ-פּאָרט און קראָכמאַל. דער לעמבערגער געלערנטער שלמה בובער האָט אַרויסגעגעבן אַלטע מדרשים לויט וואַריאַנטן פון מאַנוסקריפּטן און קריטיש פאַרגליכן די טעקסטן (מדרש תּנחומא א. א.). קלענערע וויסנשאַפטלעכע פּובליציסטישע און בעלעטריסטישע ווערק האָבן זיך געדרוקט אין דער קראָקעווער פּעריאָדישער זאַמלונג „אוצר הספרות" (ביי גרעבער, 1887—96) און אין אַנדערע אויסגאַבעס פון יענער צייט.

אין אונגאַרן איז ווײַטער געגאַנגען די שפּאַלטונג אין די געמיינדעס צווישן אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמיסטן-נעאָלאָגן. אָרטאָדאָקסאַלע קהילות פלעגן נישט אָנערקענען פאַר רבנים יענע, וואָס האָבן באַקומען סמיכות אין בודאַפּעשטער ראַבינער-סעמינאַר, וואו דאָס לערנען איז געגאַנגען אין מאָדערנעם וויסנשאַפטלעכן גייסט; זיי פלעגן פאַר זיך אויסקלייבן גייסטיקע פירער פון צווישן די שילער, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין תלמודישע ישיבות. אָבער דאָס אַלטע רבנישקייט האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זײַן אַ לעבעדיקע קראַפט, עס איז נאָר געווען אַ קאָנסערווירנדיקער כוח, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן פון לעצט-אַסימילאַציע. די ליטעראַטור אויף העברעאיש, וואָס האָט אויך פריער אין אונגאַרן נישט געהאַט קיין אָנגעזעענע שרייבער, האָט איצט אָנגעווירן אַפילו דעם לעזער: יענער צווישנשיכט משכילים, וואָס האָט אין גאַליציע געשפּייזט דידאָזיקע ליטעראַטור, איז דאָ געווען זייער שוואַך. אַ נייע וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור אויף דײַטש איז אויפגעקומען אין די ווענט פון בודאַפּעשטער סעמינאַר, וואָס דאָ זענען געווען לערער דער אויבנדערמאָנטער דוד קויפמאַן און וו. באַכער, מחבר פון אַ סך פאָרשונגען איבער דער געשיכטע פון תלמוד-אגדה און העברעיִשער לינגוויסטיק („דיע אַגאַדע דער טאַנאַיטען", „אַגאַדע דער אַמאָראַיטען" א. אַ.). עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן יידישע ביכער און פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין דער אונגאַרישער שפּראַך, אָבער זיי האָבן, נאַטירלעך, געקענט האָבן נאָר אַן אָרטיקע באַדייטונג.

נאָך שוואַכער איז געווען דער גייסטיקער פּולס פון טשעכיש-מעהרישן יידנטום. פּראָג האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זײַן אַ צענטער פון רבנישקייט, אָבער זי איז נאָך נישט געוואָרן קיין צענטער פון נייער יידישער קולטור. די טאָפּעלע אַסימילאַציע אויף נוסח דייטש און טשעכיש — האָט געטון איר צעשטערנדיקע אַרבעט. און נאָר אויפן שוועל פון XX יאָרהונדערט, ווען פון עסטרייכס רעזידענץ-שטאָט וועט זיך דערהערן דער רוף צו נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, וועלן זיך אויף די אַלע בית-עלמנס פון אַמאָליקער קולטור ווידער אַ ריר טון די אויסגעטריקנטע טויטע ביינער און עס וועט זיי איבערחזרן דער וואונדער פון יחזקאל הנביא.

---

קאַפּיטל III

# פּאָגראָמען און פאַרקנעכטונג אין רוסלאַנד

## בעת אַלכּסנדר III (1881—1894)

### § 11. רעאַקציע אין רוסלאַנד

אין מערב-אייראָפּע איז די אַנטיסעמיטישע רעאַקציע געווען געווענדעט קעגן בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע, וואָס יידן האָבן שוין געהאַט, — און אין רוס-לאַנד — קעגן עמאַנסיפּאַציע, וואָס זינט אַלכּסנדר דעם II-ס ליבעראַלע רעפאָרמעס האָט מען אויף איר אַרויסגעקוקט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די האָפ-נונגען זענען אומזיסטע. מיטאַמאָל האָבן זיך דעם צאַרס אַלגעמיינע רעפאָרמעס איבערגעריסן: ער האָט באַפרייט די פּויערים פון פּערזענלעכער קנעכטשאַפט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט באַפרייען רוסלאַנד פון פּאָליטישער קנעכטשאַפט. אין פּונקט אַזוי שנעל האָבן זיך איבערגעריסן די טיילווייזע אויסבעסערונגען אין דער יידישער לאַגע. שוין אין די 70-ער יאָרן האָבן זיך קלאָר אָנגעמערקט די ליניעס פון דער קעגן-רעפאָרמע.[1] מיטן אַנטשיידענעם נצחון פון רעאַקציע באַלד ווען אַלכּסנדר III איז געוואָרן קיסר — האָט אויפגעפלאַקערט אַזאַ יידנ-פיינטשאַפט, וואָס דאָס נייע רוסלאַנד האָט נאָך אַזוינס נישט געוואוסט. די ביוראָקראַטיע האָט געלייזט די יידן-פראַגע אין קאַנצעלאַריעס, די פינסטערע פאָלקסמאַסע האָט זי אָנגעהויבן לייזן אויף די גאַסן; איינעם מיט רעכטלאָזי-קייט איז געקומען דער פּאָגראָם. צוגלייך מיטן מערב-אַנטיסעמיטיזם אין זיין קולטורעלן לבוש — האָט אין רוסלאַנד אויפגעלעבט אַ יידן-שנאה אין אָפענע פאָרמען פון הייזדאַמאַטשינע אין 17-טן יאָרהונדערט און פּאָליציי-רעפּרעסיעס פון ניקאָליי I צייטן. סיי אין מערב סיי אין מזרח האָבן געווירקט באַשטימטע פּאָליטישע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע סיבות, אָבער אין רוסלאַנד זענען די סיבות

1) זע § 44 אין פריערדיקן באַנד.

און די פועל־יוצאס געווען מער פּרימיטיווע, פונקט וואו די גאַנצע אָרדנונג אין דער גרויסער פּאָליצייאישער מלוכה, וואָס האָט זיך שאַרף אָוועקגע־שטעלט קעגן דער רעכטלעכער מערב־מלוכה.

די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סיבות פון דער נייער אַנטיסעמיטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד זענען נאָר אין איין פּרט געווען ענלעך צו די מערבדיקע: דאָ און דאָרט איז מען געווען אומצופרידן, וואָס יידן „דרינגען אַריין" שנעל אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט און אין די פּריווילעגירטע באַשעפטיקונגען. די פּאַרלייכטערונגען, וואָס מ'האָט ביי אַלכּסנדר II געמאַכט יידישן גרויסהאַנדל, האָבן פאַרשטאַרקט די קאָנקורענץ אין דער „גרינדערשאַפט", וואָס האָט זיך דאַמאָלס אַנטוויקלט אין רוסלאַנד: אַזוי איז געווען ביים אַוועקשטעלן די פאַב־ריק־אינדוסטריע, 1) ביים בויען אייזנבאַנען, ביים גרינדן בענק און פאַרשידענע אַקציאָנערע אונטערנעמונגען. ווייטער, די הנחות, וואָס יידן מיט העכערער ביל־דונג האָבן באַקומען, האָבן אַרויסגערופן אַ קאָנקורענץ מיט קריסטן אין די פרייע פּראָפעסיעס — צווישן דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן, אינזשיניערן־טעכניקער און טיילווייז צווישן ליטעראַטן, אין דער טעגלעכער פּרעסע. דאָס וואָס איינציקע גרופּעס יידן האָבן זיך אויפגעהויבן אויפן סאָציאַלן לייטער, האָט אַרויס־גערופן ווידערשטאַנד מצד די אַנטשפּרעכנדיקע גרופּעס רוסישער געזעלשאַפט, און נאָר דער בעסערער טייל רוסישער אינטעליגענץ פלעגט דעם געבילדעטן יידן צולאָזן צו זיך. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ יידנפיינטלעכע פּרעסע, וואָס רעגי־רונגס־סובסידיעס פלעגן זי נאָך אונטערשטיצן; „נאָוואָיע וורעמיאַ" אין פּעטער־בורג, „ווילענסקי וועסטניק", „קיעווליאַנין" און „נאָוואָראָסיסקי טעלעגראַף" אין פּראָווינץ — האָבן געפירט אַ געוויסנלאָזע יידנהעצערישע פּראָפּאַגאַנדע. „נאָוואָיע וורעמיע" האָט געלאָזט אין גאַנג אַ פליענדיק ווערטל: „דער זשיד גייט!" — אַן אַלאַרם־רוף וועגן סאָציאַלן וואוקס פון די, וואָס זענען נאָך גאָרנישט לאַנג געווען אויסער דער בירגערלעכער געזעלשאַפט. דיזעלבע צייטונג האָט אויף אירע שפּאַלטן געגעבן דעם פּאַמפלעט פונם דייטשן אַנטיסעמיט מאַרר „דער נצחון פון יידנטום איבער דייטשנטום" (1879), און זי האָט נישט דורכגעלאָזן די געלעגנהייט אָנצווייזן, אַז פונקט אַזאַ נצחון־צוג פון פאָלק ישראל קומט אויך אויף רוסלאַנד.

אַנטשפּרעכנד צו די צוזאַמענשטויסן אינם העכערן גראַד געזעלשאַפט, האָבן זיך אינם נידעריקן גראַד אויך אָנגעהויבן נאָך מער העסלעכע צוזאַ־מענשטויסן. עס זענען דאָ אַרויס די אייגנטימלעכע שטריכן פון רוסלענדער יידנהאַס אויפן עקאָנאָמישן באָדן. נאָך דער פּויערים־באַפרייאונג איז דער מאַסן־ייד געקומען אין אַ נענטערע באַרירונג מיטן פּויער: צווישן זיי איז שוין נישט געשטאַנען דער פריערדיקער הערשער אין דאָרף — דער

1) זע דאָרט, ז. 336, די באַמערקונג (ציפער־ידיעות).

פריץ. יענע דאָרפישע און שטאָטישע יידן, וואָס האָבן זיך פריער געשפּײזט
אַרום דעם פּריץ ווי פאַרמיטלער בײַם אָפּזעצן די דאָרפספּראָדוקטן, האָבן
איצט געהאַט צו טון דירעקט מיטן פויער=ערדאַרבעטער, וואָס איז געוואָרן
בעל=הבית איבער זײַן פּראַצע. דאָס אײַנקויפן לאַנדווירטשאַפט=פּראָדוקטן אין
דאָרף און אויף די מערק אין שטאָט, אויך דאָס אויסטוישן זיי אויף שטאָ=
טישע סחורות — דאָס אַלץ האָבן אין מערב=רוסלאַנד געטון דערעיקרשט
יידן, וואָס צוליב זייער רעכטלאָזיקייט און פאַרשפּאַרטקייט אין תחום
האָבן זיי זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט אין קליין=האַנדל. אַ באַזונדער שאַרפן
כאַראַקטער האָבן די אומפאַרמיידלעכע צוזאַמענשטויסן צווישן קליינעם לאַנד=
ווירט=פּראָדוצירער און האַנדלס=פאַרמיטלער געמוזט אָננעמען דאַמאָלס, ווען
זייער מקח=וממכר איז געגאַנגען אין יידישן שענק און דעם פויערס תבואה
פלעגט אויסגעטוישט ווערן אויף יידישן בראָנפן — דאָס איז געווען אַ שענד=
לעכע ירושה פון פוילישער פּריצשאַפט און רוסישער שיכּורות. דאָס דאָזיקע
באַקאַנטע בילד אין אוקראַינע פון הײַדאַמאַקעס אין כמעלניצקעס צייטן איז
פאַרבליבן אויף דערזעלבער טעריטאָריע אויך אין דער „תקופה גרויסע רע=
פאָרמעס", וועלכע האָבן גאָרנישט אָנגערירט די קולטור פונם באַפרייטן פויער
און אים געלאָזט זינקען אין עם=הארצות, שיכּרות און פאַרגרעבטקייט. אונטן
אין רוסישן פאָלק איז דער באָדן נאָך געווען אָנגעזאַפּט מיט וואולקאַנישע
כּוחות פון אַלטע ליידנשאַפטן און פאָראורטיילן, און יעדע פּאָליטישע
„מהומה" האָט דאָ, ווי אין די אַלטפּעטערישע צייטן, געמוזט אַרויסרופן
סכּנותדיקע אונטערערדישע אויפטרייסלונגען, וואָס האָבן געלאָזט אָנזאָגן
וועגן אַ קאַטאַסטראָפע. און די קאַטאַסטראָפע איז געקומען אין מאָמענט,
ווען דער רעוואָלוציאָנערער טעראָר אין רוסלאַנד האָט זיך פאַרענדיקט מיט
אומברענגען דעם קיסר — דעם 1 מערץ 1881. 1)

די סאָציאַל=עקאָנאָמישע פאַקטאָרן זענען זיך דאָ צונויפגעקומען מיט
די פּאָליטישע, וואָס האָבן פאַרשטאַרקט דעם אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם פון
יענער צייט. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס מ'האָט איר געקענט
איינשטילן מיט נאָכגעבן אַ „רעכטלעכע אָרדנונג" אָדער אַ קאָנסטיטוציע,
האָט זיך אַלץ מער צעפלאַקערט. אָנגעשטויסן זיך אויף פּאָליצייאישן טעראָר,
איז זי סוף די 70=ער יאָרן אַריבער צו רויטן טעראָר. אָן אויפהער האָט מען
געמאַכט אַטענטאַטן אויף אלכסנדר II=נס לעבן, און דאָס האָט אין פאָלק
באַשאַפן אַ זייער אומרואיקע שטימונג. דאָס, וואָס אַ גרופּע יידישע פּראָ=
גרעסיווע יוגנט באַטייליקט זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט
אין די רעגירנדיקע קרייזן אַרויסגערופן צאָרן. מ'איז געווען אויפגערעגט,

1) די חודש=דאַטעס אין דעם קאַפּיטל זענען אָנגעגעבן געוויינטלעך לויטן סטיל, וואָס
איז געווען אָנגענומען אין דאַמאָלסטיקן רוסלאַנד.

אַלמאַי די יידישע אינטעליגענץ, וואָס מ'האָט איר געשאָנקען „הנחות", בונטעווען זיך, — פונקט ווי די קעמפער פאַר גלייכהייט האָבן זיך געקאָנט באַפרידיקן מיט פערזענלעכע פריווילעגיעס, וואָס האָבן דאָך נאָך בולטער געמאַכט די אומגלייכקייט אינם פאָלק גופא. עס איז געוואַקסן די זיכערקייט, אַז רעפאָרמעס בכלל זענען שעדלעך און פאַרפירן דאָס פאָלק: נאָך איין הנחה מצד דער מאַכט — פאָדערן זיך ווײַטערדיקע. דער קיסר האָט זיך געוואַקלט צווישן הנחות און רעפּרעסיעס, דאָס לעצטע יאָר פון זיין לעבן איז ער נוטה געווען צו מאַכן „שלום", און דער באַשטימטער מיניסטער־דיקטאַטאָר לאָריס־מעליקאָוו האָט דאָס געדאַרפט אין אַ „דיקטאַטור פון האַרץ" פאַרווירקלעכן דעם שלום צווישן דער מאַכט און געזעלשאַפט. עס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אַ במקום־קאָנסטיטוציע: די זעמסטווע־ראַטמענער זאָלן צוגעצויגן ווערן צום אָנטייל אין געזעצגעבערישע באַראַטונגען. אָבער אינמיטן די אַלע קאָמפּראָמיס־הכנות איז געקומען די קאַטאַסטראָפע פון 1 מערץ 1881, אין דער גרופע טעראָריסטן, וואָס האָבן צוגעגרייט אַלכסנדר II־ס דערמאָרדונג, איז געווען איין יידין — העסיאַ העלפמאַן, וועלכע האָט געשפילט אַ צווייטראַנגיקע ראָלע אין דער זאַך: זי האָט געהאַלטן די קאָנספּיראַטיווע וואוינונג, ווי די פלומרשטע פרוי פון איינעם אַ רעוואָלוציאָנער [1]. אין די פּאָליציייספערן האָט מען דאָס גענומען אין אַכט און געמאַכט דערפון אַ געהעריקן אויספיר.

אויפן פאַרבלוטיקן טראָנשטול איז אַרויף אַלכסנדר III, אַ אומבאַגרענעצטער קיסר מיט אַ באַגרענעצטן גייסטיקן קוק. אַ מאַן פון אַלטרוסישן שטייגער, אַ חסיד פון פראַוואָסלאַוויע און רוסישער נאַציע, האָט ער געהאַט אַלע פאָראורטיילן פון זיינס גלייכן קעגן יידן. נאָך זייענדיק דער טראָן־יורש, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ מתנה דעם באַקאַנטן אַוואַנטוריסט ליוטאָסטאַנסקי, ווען יענער האָט אים דערלאַנגט זיין העסלעכן פאַמפלעט „וועגן נוצן קריסטלעך בלוט ביי יידן" [2]. שפּעטערדיק פון אַזוינע ביכער זיינע ידיעות וועגן יידישן גלויבן, האָט דער שפּעטערדיקער קיסר וועגן דער עקאָנאָמישער ראָלע פון יידן געמשפט לויטן סקאַנדאַליעזן פּראָצעס פון די אינטענדענט־צושטעלער בעתן רוסיש־טערקישן קריג [3]. קיין אַנדערע ידיעות

1) העלפמאַן האָט מען אינם „פּראָצעס פון קיסרס מערדער" (ריסאַקאָוו, זשעליאַבאָוו, פּעראָווסקאַיאַ פאַרמשפט צום טויט. אַזוי ווי אָבער זי איז געווען טראָגעדיק, האָט מען איר געלאָזן אין געפענגעניש. ווען זי האָט דאָס קינד געבוירן, האָט מען עס צוגענומען ביי דער אומגליקלעכער מוטער, און זי איז אין תפיסה געשטאָרבן.

2) די דאָזיקע מתנה (אַ רינג מיט אַ ברילִיאַנט) האָט ליוטאָסטאַנסקי צוגעשטעלט דעם געריכט בעת זיין פּראָצעס מיטן רעדאַקטאָר פון „המליץ" צעדערבוים, כדי אָנצושרעקן די ריכטער; דאָס ליבעראַלע געריכט האָט אָבער נישט געלאָזט דריקן אויף זיך און אָנערקענט ליוטאָסטאַנסקיס אָנקלאַג אויף צעדערבוימען פאַר בעלבלות (זע פריערדיקן באַנד § 44 ז. 342).

3) דאָרטן ז. 341.

וועגן יידן האָט, אַפּנים, דער קינפּטיקער מושל איבער פינף מיליאָן יידן
נישט געהאַט. זיין אַלגעמיינע פּאָליטישע דערציאונג האָט אַלכּסנדר III באַ-
קומען אונטער דער פירונג פונם פייערדיקן רעאַקציאָנער ק. פּ. פּאָביעדאָ-
נאָסצעוו, וואָס איז געווען פּראָפעסאָר אין מאָסקווער אוניווערזיטעט און
געוואָרן אויבער-פּראָקוראָר פון „הייליקסטן סינאָד". לערנענדיק מיטן יורש
פון רוסישן טרוין מלוכה-וויסנשאַפטן, האָט דער געוועזענער פּראָפעסאָר פון
ציווילרעכט איינגעוואָרצלט אין זיין מוח יסודות פון בירגערלעכער רעכטלאָ-
זיקייט. פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט איינגעפלאַנצט אין זיין תּלמיד אַ פאַרשטע-
לונג פון אַ אידעאַלער רעליגיעז-פּאָליציייאישער מלוכה, וואו דאָס פּראַוואָ-
סלאַוויש רוסיש פּאָלק איז נישט „פאַרפירט" דורך בילדונג און פּאָליטישער
פרייהייט, האָט פורכט פאַר גאָט און קיסר, האַלט זיך פרעמד פון אַנדערע
פעלקער און גלויבנס און איז אַליין געשטעלט אין דער לאַגע פון אַ הערשנ-
דיקער נאַציע. דער רוף „רוסלאַנד פאַר רוסן" איז פעסט געזעסן אין
אַלכּסנדר III-ס מוח און שפּעטער האָט ער עס שטאַנדהאַפטיק דורכגעפירט
אין זיין פּאָליטיק.

נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 1 מערץ האָט זיך דער נייער קיסר לאַנג
נישט געוואַקלט צווישן די קעגנזעצלעכע עצות פון זיינע הויפלייט: דער
ליבעראַלער טייל פון זיי האָט געראַטן געבן דעם לאַנד אַ מעסיקע קאָנ-
סטיטוציע, די רעאַקציאָנערן זענען געווען שטאַרק דערפאַר, עס זאָל איינ-
געהאַלטן ווערן שטרענגע זעלבסטהערשאַפט און מ'זאָל איבעררייסן די רע-
פאָרמעס. געזיגט האָט די פאַרטיי פונם „גרויסן אינקוויזיטאָר" (ווי מ'האָט
שפּעטער גערופן פּאָביעדאָנאָסצעוו): עס איז באַשלאָסן געוואָרן מיט דער
פולער מאַכט צו שטיצן דעם רעזשים פון אַליינהערשאַפט. דער קייזערלע-
כער מאַניפעסט פון 29 אַפּריל, אָנגעשריבן דורך פּאָביעדאָנאָסצעוון, האָט ווי
אַ בשורה פון הימל געטראָגן צום פּאָלק: „די שטים פון גאָט הייסט אונז
שטעלן זיך פעסט ביים רעגירן, מיט גלויבן אין דער קראַפט און גערעכטי-
קייט פון דער זעלבסטהערשנדיקער מאַכט, וואָס מיר זענען באַרופן איינצו-
האַלטן און פאַרפעסטיקן". דער צאַר האָט גערופן אַלע טרייע אונטערטאַנען
„אויסצוואָרצלען די מהומה, איינפלאַנצן פרומקייט און מאָראַל". אָנשטאָט אַן
אייראָפּעאישער קאָנסטיטוציע, האָט דער קיסר איינגיכן געשאָנקען רוסלאַנד
אַ זשאַנדאַרמען-קאָנסטיטוציע — „דאָס געזעץ וועגן פאַרשטאַרקטער אויפ-
זיכט" (אויגוסט 1881). מיט דעם אַקט האָט די אַדמיניסטראַציע אין די הויפּטשטעט
און אין אַ סך פּראָווינצן באַקומען כמעט אומבאַגרענעצטע מאַכט: גובערנאַטאָרן
און גענעראַל-גובערנאַטאָרן האָבן באַקומען אַ רעכט אַרויסצוגעבן אויכ-
נאַם-געזעצן, וואָס שאַפן אָפּ דאָס נאָרמאַלע געזעץ, צו אַרעסטירן און
פאַרשיקן קיין סיביר יעדן בירגער, וואָס מ'איז חושד אין „פּאָליטישער
נישט-כשרקייט" און בכלל צו שאַפן זיך מיטן גורל פון די איינוואוינער ווי

זיי פֿאַרשטייצן. דידאָזיקע גרויסע פֿרייהייט-כאַרטאַ, וואָס מ׳האָט געשאָנקען פּאָליציי קעגן די בירגער, פֿלעגט אין די שפּעטערדיקע צייטן יעדעס יאָר באַנייט ווערן דורך אַ באַזונדערן באַפֿעל פֿון קיסר, און דאָס רעכט פֿון אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַלץ אויף נייע און נייע גובערניעס. די פּאָליצייאישע קאָנסטיטוציע פֿון 1881 האָט איבערגעלעבט די פּאַפּירענע פּאַרלאַמענט-קאָנסטיטוציע פֿון 1905 און רעגולירט דאָס לעבן רוסלאַנד ביז צו דער פֿעברואַר-איבערקערעניש פֿון 1917.

דער צאַרן-מאָרד פֿון 1 מערץ האָט נאַטירלעך געשטויסן אויפֿן וועג פֿון רעאַקציע נישט נאָר די רעגירונג, נאָר אויך אַ גרויסן טייל פֿון רוסישער געזעלשאַפֿט, וואָס דער שאָטן פֿון אַנאַרכיזם האָט זי אָנגעשראָקן. ווי געווייינטלעך אין אַ צייט פֿון מהומות, האָט זיך געלאָזט הערן דער רוף: „זוכט דעם יידן"! אַלץ פֿיינטלעכער צו יידן איז געוואָרן דער טאָן פֿון די פֿאַרשפּרייטע רוסישע פּרעסע-אָרגאַנען, וואָס זענען געווען נאָענט צו דער רעגירונגס קורס. די צייטונג „נאָוואָיע ווערעמיאַ" און אַ רייע פּראָווינץ-צייטונגען, וואָס די רעגירונג האָט סובסידירט, האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן יידן מיט אַזאַ נוסח, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואוסט עפּעס אַ שרעקלעכן סוד. כמעט אויפֿן צווייטן טאָג נאָך דער געשעעניש פֿון 1 מערץ האָבן שוין די צייטונגען פֿון דעם מין אָנגעהויבן צו געבן אָנצוהערענישן, אַז יידן האָבן זיך אין דער זאַך באַטייליקט; און אין די דרום-בלעטער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן באַאומרואיקנדיקע ידיעות, אַז מען דערוואַרט אָנפֿאַלן אויף יידן. עס האָט זיך געלאָזט פֿילן, אַז אין די טיפֿענישן פֿון רוסישן פֿאָלק קאָכט עפּעס אומהיימלעכעס, און פֿון אויבן האָט אַ נישט-געזעענע האַנט געשטויסן די פֿאָלקסמאַסן צו אַ גרויסן פֿאַרברעך. געהיימניספֿולע עמיסאַרן פֿון פּעטערבורג האָבן זיך באַוויזן אין די גרויסע דרום-רוסלענדער שטעט (יעליסאַוועטגראַד, קיעוו, אָדעס) נאָך אין מערץ חודש; מיט העכערע פּאָליצי-שעפֿן האָבן זיי געפֿירט געהיימע אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם, אַז עס איז מעגלעך „דעם פֿאָלקס צאָרן זאָל זיך אויסלאָזן קעגן יידן", און זיי האָבן געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז עס וואָלט געווען נישט געוואונטשן, ווען פּאָליציי זאָל זיך שטעלן אַנטקעגן פֿאָלק. אין וואַגאָנעס און אויף באַן-סטאַנציעס האָבן זיך אָנגעהויבן טרעפֿן פֿיגורן פֿון גרויסרוסישע הענדלער און אַרבעטער („קאַצאַפּעס", ווי מ׳רופֿט זיי אין אוקראַאינישן דרום); זיי האָבן געפֿירט שמועסן מיט אָרטיקע רוסישע מענטשן וועגן דעם, אַז מ׳גרייט זיך אָפּצורעכענען; זיי האָבן פֿאַרגעלייענט אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען פֿון צייטונגען און פֿאַרזיכערט, אַז עס איז פֿאַראַן אַ „צאַרישער באַפֿעל", וואָס דערלויבט שלאָגן יידן אין די טעג פֿון נאָענטן קריסטלעכן פּסח. ביז היינט ווייסט מען נישט קלאָר, וועלכע אייגנטלעך אָרגאַניזאַציע האָט עס געפֿירט אין פֿאָלק דידאָזיקע פּאָגראָם-פּראָפּאַגאַנדע און אויף וויפֿיל האָט געהאַט

שייכות צו דעם די געהיימע ליגע פון איידל-לייט, וואָס האָט זיך אונטערן באַמען „הייליקע שוץ" געגרינדעט אין מערץ 1881 אויף אָפּצוהיטן דעם קיסרס פּערזאָן און צו פירן אַ טעראָריסטישן קאַמף מיט די „שונאים פון אָרדנונג" (אין דערדאָזיקער ליגע, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז האַרבסט 1882, האָבן אַגב אָנטייל גענומען פּאָביעדאָנאָסצעוו און שפּעטערדיקער מיניסטער איגנאַטיעוו); אָבער אַז די פּאָגראָמען זענען געווען צוגעגרייט און אָרגאַניזירט, זעט מען דערפון, וואָס זיי זענען אויסגעבראָכן כמעט אין איין צייט אין אַ סך ערטער אין דרום-רוסלאַנד און אומעטום געגאַנגען לויט איין שאַבלאָן — דער המון האָט אומעטום געטון דאָסזעלבע, און די מאַכט — האָט אומעטום גאָרנישט געטון.

## § 12. די פּאָגראָמען פון יאָר 1881

דער שטורם האָט אויסגעבראָכן אין יעליסאַוועטגראַד, — אַ גרויסע שטאָט אין ניי-רוסלאַנד, מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 15 טויזנט נפשות. נאָך ערב דער רוסישער פּאַסכע האָבן שוין אָרטיקע קריסטן געשמועסט אין די גאַסן און געוועלבער, אַז איינגיכן „וועט מען שלאָגן די זשידעס". יידן זענען געוואָרן אומרואיק. פּאָליציי האָט זיך צוגעגרייט צו שיצן די אָרדנונג און האָט צוליב דעם אַרויסגערופן אַ קליינע גרופּע מיליטער. די ערשטע טעג חגא זענען אַריבער רואיק, און אויפן פערטן טאָג, דעם 15 אַפּריל, האָט מען אַראָפּגענומען דאָס מיליטער פון די גאַסן. און פּונקט אין דעם מאָמענט האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם. די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אונטערגעשיקט צו אַ יידישן שענקער אַ שיכּורן קריסט, וועלכער האָט אָנגעהויבן סקאַנדאַלעווען, און ווען דער שענקער האָט דעם סקאַנדאַליסט אַרויסגעשטויסן אויף דער גאַס, האָט שוין דאָרט געוואַרט אַ המון רוסישע בירגער און אַרבעטער, און מיטן געשריי „זשידעס שלאָגן אונזעריקע" האָבן זיי אָנגעהויבן באַפאַלן און שלאָגן די פאַרבייגייענדיקע יידן. דאָס איז געווען דער אָפּגערעדטער סיגנאַל צום פּאָגראָם. אויפן מאַרקפּלאַץ האָט מען צעקלאַפּט די יידישע געוועלבער, געראַבעוועט און פאַרניכטעט די סחורות. פּאָליציי, מיט הילף פון מיליטער, האָט מיט גרויס מי פאַריאָגט די באַנדע פּאָגראָמשטיקעס. אָבער אויפן צווייטן טאָג האָט זיך דער פּאָגראָם איבערגעחזרט נאָך אין אַ שטאַרקערער פאָרם, מיט גרויסער פלאַנמעסיקייט, און פּאָליציי און מיליטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ פאַרדעכטיקע פּאַסיווקייט. אָט ווי דער פּאָגראָם ווערט באַשריבן אין אַ דאָקומענט פון דער רעגירונגס-קאָמיסיע, וועלכער איז נישט געווען באַשטימט פאַר דער

עפנטלעכקייט און איז דעריבער פריי פון דער אָפיציעלער פאַלשקייט אין עפנטלעכע באַריכטן:

„די נאַכט פון 15 אויף 16 אַפּריל איז אין די הינטער־גאַסן פון שטאָט געמאַכט געוואָרן אַן אָנפאַל אויף יידישע הייזער, דער עיקר אויף שענק־הייזער, און דערביי איז 1 ייד דערהרגעט געוואָרן. אַרום 7 אַזייגער אינדערפרי, דעם 16 אַפּריל, האָבן זיך די אומרוען באַנייט און זיך מיט אַן אומגעוויינטלעכער קראַפט פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט. אָנגעשטעלטע, דינער פון טיי־הייזער אין האָטעלן, מייסטערס, פּורמאַגנעס, לאַקייען, אָפיציר־משרתים, זעלנער פון גאַרניזאָן — די אַלע עלעמענטן זענען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג. די שטאָט האָט פאָרגעשטעלט אַן אומגעוויינטלעך בילד: די גאַסן באַדעקט מיט פעדערן און פאַרוואַלגערט מיט אַרויסגעוואָרפענע פון די הייזער און צעבראָכענע מעבל, טירן און פענסטער צעהאַקט, אַ צעיושעטער המון יאָגט זיך אַרום אין אַלע זייטן מיט געשריי און געפייפעריי און טוט אומגעשטערט זיין פאַרניכטונגס־אַרבעט, און אַלס צוגאָב צו דעם בילד — פולע גלייכגילטיקייט מצד די אַרומיקע איינוואוינער ניט־יידן צום פאָרקומענדיקן פּאָגראָם. דאָס מיליטער, וואָס איז גערופן געוואָרן, כדי צוריקשטעלן די אָרדנונג, האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטע אינסטרוקציע, און יעדעס מאָל ווען דער המון איז אָנגעפאַלן אויף אַ ניי יידישע הויז, האָט מיליטער נישט געוואוסט וואָס צו טון — און געוואַרט אויף פאַראָרדנונגען פון זיין מאַכט אָדער פון פּאָליציי. ביי אַזאַ פאַרהאַלטן זיך פונם מיליטער, האָט דער צעווילדעוועטער עולם, — ברעכנדיק הייזער און קלייטן אויף די אויגן פון פּאַסיוון מיליטער — געמוזט נישט אַנדערש מיינען, אַז זיין פאַרניכטונגס־אַרבעט איז נישט קיין אומגעזעצלעכע זאַך, נאָר אַ דערלויבטע פון דער רעגירונג... פאַרנאַכט האָבן זיך די אומרוען פאַרשטאַרקט, וואָרום ס'איז אָנגעקומען אין שטאָט אַ מאַסע פּויערן פון די נאָענטערע דערפער, כדי צו געניסן פון יידיש האָב און גוטס. ווער עס זאָל שטערן דידאָזיקע מחנות, איז שוין נישט געווען, מיליטער און פּאָליציי האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות. אַלע האָבן פאַרלוירן דעם מוט און געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיט די פאַראַנענע מיטלען איז אוממעגלעך צו דערשטיקן די אומרוען. נאָך פון 8 אַזייגער אינאָוונט האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן, מיט אַ קאַלטן ווינט, און דאָס האָט אין אַ באַדייטנ־דיקער מאָס געהאָלפן צו פונאַנדעריאָגן דעם המון. 11 אַזייגער איז אָנגעקומען פריש מיליטער, און דעם 17 אַפּריל אינדערפרי נאָך אַ באַטאַליאָן אינפאַנטעריע, און פון דעם טאָג אָן איז די אָרדנונג אין יעליסאָוועטגראַד שוין מער נישט געשטערט געוואָרן".

די ידיעה וועגן לייכטן „זיג" איבער יידן אין יעליסאָוועטגראַד האָט אויפגעוועקט די פּאָטענציעלע פּאָגראָם־ענערגיע, וואָס האָט געדרימלט אין

די היידאַמאַקעס אייניקלעך. די צווייטע העלפט אַפּריל זענען פֿאָרגעקומען פּאָגראָמען אין פֿיל דערפֿער פֿון יעליסאַוועטגראַדער קרייז און אין אייניקע אַנדערע שטעט און שטעטלעך פֿון כערסאָנער גובערניע (גאָלטע, בערעזאָווקע, אַנאַניעוו מיטן קרייז). אין די דערפֿער האָט מען זיך ס׳רוב באַנוגנט דערמיט, וואָס מען האָט צעקלאַפּט יידישע שענקען — דערביי האָבן די פּויערן געגלייבט, אַז זיי פֿילן דאָ אויס עפּעס אַ באַפֿעל פֿון אויבן. אין די שטעט און שטעטלעך האָט מען חרוב געמאַכט אַלע יידישע הייזער און געוועלבער און צעראַבירט דאָס פֿאַרמעגן. אין דער שטאָט אַנאַניעוו האָט אַ רוסישער בעל־הבית געהעצט דעם המון צו פּאָגראָם מיט אַזעלכע רייד: יידן האָבן דערהרגעט דעם צאַר, און די העכערע מאַכט האָט באַפֿוילן צו שלאָגן יידן, נאָר אונזער אָרטיקע מאַכט פֿאַרבאַהאַלט דעמדאָזיקן באַפֿעל. דעם העצער האָט מען אַרעסטירט, אָבער דער המון האָט אים אָפּגעשלאָגן פֿון פּאָליציי און האָט זיך באַלד דערויף געוואָרפֿן שלאָגן יידן. מען האָט חרוב געמאַכט ביז 200 הייזער און געוועלבער אין די הינטער־גאַסן פֿון שטאָט, וואו ס׳האָט געוואוינט די יידישע אָרעמקייט; דער צענטער אָבער, וואו עס האָבן געלעבט די מער פֿאַרמעגלעכע, איז געבליבן גאַנץ, ווייל אים האָבן געהיט פּאָליציי און אַ מיליטער־וואַך.

די באַוועגונג איז געוואַקסן, די אינסטינקטן האָבן זיך פֿונאַנדערגעשפּילט. די מאַמע פֿון די רוסישע שטעט, דער אַלטער קיעוו, וואו יידן זענען אַמאָל, אין באַגינען פֿון דער רוסישער געשיכטע, געווען, צוזאַמען מיט כאָזאַרן, די טרעגער פֿון קולטור — איז איצט געוואָרן אַן אַרענע פֿון ווילדע אָרגיעס. אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע האָט דאָ פֿלייסיק צוגעגרייט דעם פּאָגראָם, פֿאַרשפּרייט צווישן פֿאָלק קלאַנגען, אַז יידן האָבן דערהרגעט אַלכּסנדר II, אַז דער נייער צאַר האָט געהייסן שלאָגן יידן, אַז די ציווילע מאַכט און מיליטער וועלן דערין העלפֿן דעם פֿאָלק, און די וואָס וועלן נישט אויספֿילן דעם קייזערלעכן באַפֿעל, וועלן ווערן באַשטראָפֿט. די אָרטיקע מאַכט און אַפֿילו דער גענעראַל־גובערנאַטאָר דרענטלען אַליין, — אַ רעאַקציאָנער און אַ צורר ישראל, — האָבן געוואוסט, אַז עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם, זיי האָבן געוואוסט אַפֿילו דעם טאָג, אויף ווען ער איז באַשטימט — זונטאָג, 26 אַפּריל. פּאָליציי האָט מתרה געווען יידן, זיי זאָלן דעם נאָענטסטן זונטאָג נישט אַרויסגיין פֿון די הייזער און נישט עפֿענען זייערע געוועלבער. יידן האָבן געשטוינט: אין דער רעזידענץ פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר, וואו ס׳איז פֿאַראַן אַזוי פֿיל מיליטער, אַז לויט איין ווינק פֿון „נאַטשאַלסטווע" קען עס דערשטיקן די גרעסטע אומרוען — זאָגט מען אָן פֿרידלעכע בירגער, אויף וועלכע ס׳גרייט זיך אַן אָנפֿאַל, זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן, און מען נעמט נישט אָן קיין שום מיטלען אויף נישט צו דערלאָזן צום אָנפֿאַל. די עצה פֿון פּאָליציי איז נאַטירלעך, גענומען געוואָרן אין אַכט,

און יעגעם פּאַטאַלן זונטאָג זענען קיין יידן אויף דער גאַס נישט געווען ; דערפאַר אָבער האָט מען די גרויסע מחנות כּוליגאַנעס לחלוטין נישט גע-שטערט צו זאַמלען זיך אין די גאַסן און אָנצוהויבן זייער אַרבעט. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן אויף פּאָדאָל — אַ טייל שטאָט, וואָס איז גע-דיכט באַפעלקערט פון יידן. „12 אַזייגער בייטאָג — דערציילט אַ עד-ראיה — איז די לופט מיטאַמאָל פאַרהילכט געוואָרן פון געשרייען, פון פייפעריי, געבילעריי און ווילדן געלעכטער. אַ גרויסע מאַסע יונגוואַרג, מייסטערס און אַרבעטער איז געגאַנגען. די גאַנצע גאַס איז פאַרפלייצט געווען פון כולי-גאַנעס. די צעשטער-אַרבעט איבער יידישע הייזער האָט זיך אָנגעהויבן. שויבן, טירן זענען געפלויגן, און באַלד האָט מען גענומען שליידערן פון די הייזער און געוועלבער אַלץ וואָס איז נאָר געקומען אונטער דערהאַנט. אַ בראַזגעריי פון אויסגעהאַקטע שויבן און פענסטער-ראַמען, געוויינען און פאַרצווייפלטע געשרייען — אויף איין זייט, און מורא׳דיקע ברומעריי און פייפעריי אויף דער צווייטער זייט. אין גיכן האָט זיך דער המון געוואָרפן אויף דער שול, און נישט געקוקט אויף די פעסטע פרענטעס, לאָדן און שלעסער, האָט מען זי אין דער מינוט צעטראָגן אויף פיצלעך. מען האָט באַדאַרפט זען, מיט וואָס פאַר אַ מין צעיושעטקייט די כוליגאַנעס האָבן זיך געוואָרפן אויף די ספר-תורה׳ס, וואָס זענען געווען אין שול זייער פיל. מען האָט געריסן די ספר-תורה׳ס אויף פיצלעך, געטראָטן זיי אין בלאָטע און פאַרניכטעט מיט אומגעהייערן פלייס. נאָך א פאָר שעה פּאָגראָם-אַרבעט איז פון דער מערהייט כוליגאַנעס געוואָרן פיין געקליידעטע הערן, און פיל פון זיי האָבן שוין אַפילו אויסגעזען אַביסל צו דיקלעך. די זאַך איז, וואָס בעת מען האָט ראַבירט די קאָנפעקציע-מאַגאַזינען, האָבן די פּאָגראָמשטשי-קעס אַרויפגעשלעפּט אויף זיך צו דריי און צו פיר אַנצוגן, און חוץ דעם נאָך פאַרכאַפּט אונטערן אָרעם אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקאָנט באַהאַלטן. זייער פיל זענען אָפּגעפאָרן אויף פורלעך מיט פולע זעק אָנגעראַבירטע זאַכן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרהיט פון די כוליגאַנעס דערמיט, וואָס זי האָט אַרויסגעשטעלט איקאָנעס אין די פענסטער און אויף די לאָדנס און טויערן געשטעלט צלמ׳ס. בעתן פּאָגראָם איז איבער די גאַסן פון פּאָדאָל געגאַנגען מיליטער, ס׳זענען אַרומגעפאָרן קאָזאַקן און עס האָבן אַרומשפּאַצירט קאַוואַלעריע- און אינפאַנטעריע-פּאַטרולן. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוויזן אָפיצירן, עס זענען פאַרבייגעפאָרן גענעראַלן און פאַרשטייער פון דער העכערער מאַכט. אָט האָט זיך קאַוואַלעריע אַ לאָז געטון צום אָרט, פונוואַנען עס טראָגט זיך דער געטומל. געקומען אויפן אָרט, אַרומגע-רינגלט אַלעמען, און פאַרגעלייגט דעם המון זיך פונאַנדערגיין. איז דער המון אַריבער אויף אַ צווייט אָרט. די פּאָגראָם-אַרבעט האָט זיך אַזוי אַרום געצויגן ביז דריי אַ זייגער בייטאָג. פון מיליטער האָט מען סיגנאַלן גע-

געבן און אַלערליי באַפעלן, מען האָט אַלעמאָל אַרומגערינגלט דעם המון און פאַרגעלייגט זיך פונאַנדערצוגיין — און דער המון איז געוואָרן אַלץ אַכזריותדיקער צעיושעטער אין זײַנע אָנפאַלן.

אין דער זעלבער צייט האָבן אַנדערע באַנדעס געווילדעוועט אין די צענטראַלע גאַסן פון שטאָט. אומעטום האָט דער ווילדער שיכורער המון („מען האָט נישט געזען קיין איין ניכטערן", — דערציילט דער עד=ראיה) געטון זיין אַרבעט אין דער אָנוועזנהייט פון מיליטער און פּאָליציי, וועלכע האָבן בלויז אין זעלטענע פאַלן אָפּגעטריבן די פּאָגראָמשטשיקעס, ס'רוב אָבער האָבן זיי נאָר זיי באַגלייט פון איין אָרט אויפן צווייטן, ווי אַ מין ערן=וואַך. פון צייט צו צייט האָט זיך געוויזן אין גאַס דער גענעראַל=גובערנאַטאָר דרענטעלן, אין דער באַגלייטונג פון גובערנאַטאָר און פּאָליציי=מייסטער; די מאַכט=פאַרשטייער האָבן „מוסר געזאָגט דעם פאָלק", וואָס האָט זיך בעת מעשה „פאַרהאַלטן טויט=שטיל און זיך גערוקט אויף צוריק", און ווי נאָר די מאַכט איז אַוועק, האָט מען זיך ווידער גענומען צו דער איבערגעריסענער אַרבעט. די זעלבע מאַכט וואָלט, פאַרשטייט זיך, גאָר אַנ=דערש געהאַנדלט, ווען פון המון וואָלט זיך דערהערט איין רעוואָלוציאָנערער אויסרוף: מען וואָלט די מינוט געשאָסן און פונאַנדערגעיאָגט דעם המון. אין אַנדערע ערטער איז גאָר בכלל נישט געווען קיין פּאָליציי און נישט קיין מיליטער, — דאָרטן האָבן די חיהשע אינסטינקטן פון די פּאָגראָמשטשיקעס נישט געוואוסט פון קיין שום אָפּהאַלט. אויף דעמיעווקע, אַ פאָרשטאָט פון קיעוו, האָט זיך ביינאַכט אַריינגעריסן אַ באַנדע כוליגאַנעס און האָט קודם=כל חרוב געמאַכט די שענקען, זיך גוט אָנגעשיכורט, און דערנאָך אונטערגעצונדן די יידישע הייזער. אונטערן שוץ פון דער ביינאַכטיקער פינסטערניש האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט גרויל=מעשים: מען האָט געשלאָגן יידן ביז צום טויט אָדער זיי געוואָרפן אין פייער אַריין, און די פרויען האָט מען געשענדט. אַ שפּעטערדיקע פּריוואַטע אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט אַריבער 20 פאַלן פון שענדן יידישע מיידלעך און פרויען; פון די געליטענע האָבן נאָר צוויי געמאָלדן דעם אויספאָרש=ריכטער וועגן זייער אומגליק; די איבעריקע האָבן געשוויגן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר זייער רעפּוטאַציע.

ערשט אויף מאָרגן, דעם 27 אַפּריל, ווען דער פּאָגראָם האָט זיך ווידער באַנייט, האָט די מאַכט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו אים. וואו נאָר ס'האָט זיך באַוויזן אַ גרופּע שלעגער, האָבן זעלנער און קאָזאַקן זי באַלד אַרומגערינגלט און פונאַנדערגעיאָגט. וואו נישט וואו האָט מען אַפילו געמוזט שיסן אין צעווילדעוועטן המון און ס'זענען געווען עטלעכע דער=הרגעטע און פאַרוואונדעטע. די שנעלקייט, מיט וועלכער דער פּאָגראָם איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דעם צווייטן טאָג, האָט קלאָר געוויזן, אַז ווען די מאַכט וואָלט נאָר געהאַט דעם ווילן דערצו, וואָלט זי געקענט אַ סוף

מאַכן צו די עקסצעסן נאָך אין דעם ערשטן טאָג און דערשטיקן די פאַרברעכערישע באַוועגונג אין סאַמע אָנהויב. צוליב דער פאַסיווער האַלטונג פון דער מאַכט זענען חרוב געוואָרן ביז טויזנט יידישע וואוינונגען און קראָמען, מיט אַ מאַטעריעלן שאָדן פון עטלעכע מיליאָן רובל, מיט עטלעס צענדליג דערמאָרדעטע און פאַרוואונדעטע יידן און מיט אַ פאָר צענדליג געשענדעטע פרויען. אויפן אָפיציעלן לשון האָט דאָס אַלץ געטראָגן דעם דעליקאַטן נאָמען „אומרוען", און דער רעגירונגס־אָרגאַן „פּראַוויטעלסטווענני וויעסטניק" האָט וועגן אַלע קיעווער גרויזאַמקייטן געבראַכט נאָר פאָלגנדיקע קורצע דעפּעש: „דעם 26 אַפּריל האָבן זיך אין קיעוו אָנגעהויבן אומרוען, געוועגדעטע קעגן יידן. עטלעכע יידן האָבן באַקומען געשלאָגן, זייערע געוועלבער און מאַגאַזינען זענען געוואָרן צעראַבירט. אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי האָט מען די אומרוען, מיט דער הילף פון מיליטער אָפּגעשטעלט, און פון די רו־שטערער זענען פאַרהאַלטן געוואָרן ביז 500 מאַן". אין די ווייטערדיקע אָפיציעלע קאָמוניקאַטן האָט זיך שוין גערעדט וועגן 1400 אַרעסטירטע פּאָגראָמשטשיקעס און וועגן עטלעכע פאַרוואונדעטע בעת דערדאָזיקער אַקציע (צווישן זיי — איין גימנאַזיסט און איין סטודענט), אָבער וועגן די יידישע קרבנות קיין וואָרט נישט.

דער ביישפּיל פון דער מעטראָפּאָליע האָט געווירקט אָנשטעקנד אויף דער גאַנצער קיעווער סאַטראַפּיע. די נאָענטסטע טעג (27 אַפּריל — 5 מאַי) האָבן פון דער פּאָגראָם־עפּידעמיע געליטן אַרום 50 דערפער און שטעטלעך פון קיעווער גובערניע און פון די שכנותדיקע וואָלינער און פּאָדאָליער גובערניעס. אין שטעטל סמילא און אין די אַרומיקע דערפער האָט די די יידישע באַפעלקערונג איבערגעלעבט, אין מיניאַטור, אַלע שרעקנס פון קיעווער פּאָגראָם; ערשט אויפן צווייטן טאָג (4 מאַי) האָט מיליטער אָפּגעשטעלט אין סמילא דאָס שלאָגן און ראַבעווען; ס'זענען דאָ אויך געווען עטלעכע פאַלן פון מאָרד און מאַכן יידן פאַר קאַליקעס. אין אַ נאָענטסטן דאָרף האָט מען געשענדעט און פאַרפייניקט צום טויט אַ 30־יעריקע יידישע פרוי; אַ 7־יעריקן זון פון אַ צווייטער פרוי, וועלכע האָט זיך געראַטעוועט זי, איז אַנטלאָפן, האָט מען זי אויף אַ מערדערלעכן אופן דערהרגעט, דערפאַר וואָס ער האָט נישט געוואָלט זיך צלמען. אַזוי האָבן זיך אין יאָר 1881 איבערגעחזרט די גרוילן פון דער אַלטער היידאַמאַטשינע, אין איר אַמאָליקן היים־לאַנד. צו דער אָרטיקער אוקראַאינישער באַפעלקערונג איז איצט נאָך צוגעקומען אַ גרויס־רוסישער עלעמענט — „קאַצאַפּעס". גרויס־רוסישע אַרבעטער און „באָסיאַקעס" (באָרוויסעס) זענען אָפט געווען די איניציאַטאָרן פון פּאָגראָם, און אַז דער פּאָגראָם האָט זיך געענדיקט, פלעגן זיי שפּורלאָז פאַרשווינדן. אַזאַ באַנדע כוליגאַנעס איז מיט דער באַן געהאַט געקומען קיין בערדיטשעוו. אָבער דאָ, אין גרויסן יידישן צענטער, האָט

אויפֿן וואָקזאַל אָפּגעוואַרט אַ צאָלרייכע יידישע וואַך, באַוואָפֿנט מיט שטעקנס,
און מען האָט די גאַסטראָליאָרן נישט געלאָזט זיך אַרויסזעצן פֿון די
וואַגאָנעס, אַזוי אַז זיי האָבן געמוזט אָפּפֿאָרן צוריק. אָט דער זעלטענער
פֿאַל פֿון זעלבסט=שוץ איז מעגלעך געווען נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס דער
אָרטיקער פּאָליצמייסטער האָט פֿאַר אַ היפּשער „מתנה" דערלויבט די יידן
צו ווערן זיך פֿון די פּאָגראָמשטשיקעס. אין אַנדערע ערטער אָבער האָבן
אַזעלכע פּרובן פֿון זעלבסטשוץ זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פֿאַרבאָט מצד
פּאָליציי, אָדער זיי האָבן געבראַכט צו נאָך ערגערע רעזולטאַטן. אַזוי איז
געווען אין קאָנאָטאָפּ (טשערניגאָווער גוב.), וואו די רויבער זענען
אַריבער צו הריגות, ווען יידן האָבן געפּרובט זיך צו ווערן. אין די דערפֿער
האָבן פֿינסטערע פּויערן מקיים געווען די „מצווה פֿון פּאָגראָמען", זיכערע,
אַז דער קייזער האָט אַזוי געהייסן. אין איינעם אַ דאָרף, אין טשערניגאָווער
גוב., האָט דער „סטאַרשינאַ" גענומען ווירקן אויף די פֿאַרזאַמלטע פּאָגראָם=
פּויערן, זיי זאָלן זיך פֿונאַנדערגיין; די פּויערן האָבן דאַמאָלס פֿאַרלאַנגט
פֿון אים אַ שריפֿטלעכע ציינגניש, אַז זיי וועלן נישט צוגעצויגן ווערן דורך
דער העכערער מאַכט צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, דערפֿאַר וואָס זיי האָבן
זיך אַרויסגעדרייט פֿון חוב צו שלאָגן יידן — און זיי האָבן אַזאַ ציינגניש
באַקומען. ס'זענען אָבער פֿאָרט געווען נאָך „סקעפּטיקער", וועלכע האָבן זיך
נישט באַרואיקט, ביז זיי האָבן כאָטש טיילווייַז מקיים געווען די מצווה
און האָבן צעראַבירט זעקס יידישע הייזער. אין אַנדערע דערפֿער האָבן די
גלחים מיט גרויס מי אייַנגערעדט די פּויערן, אַז קיין „באַפֿעל וועגן שלאָגן
יידן איז נישט געווען".

פֿאַרענדיקט האָט זיך די דאָזיקע פֿרילינג=קאַמפּאַניע מיטן דריי=טאָגיקן
פּאָגראָם אין דער רעזידענץ פֿון דרום — אין אָדעס (3—5 מאַי). אין אָדעס
מיט אירע 100 טויזנט יידן וואָלטן די עקסצעסן אָנגענומען גאָר אַ מוראדיקן
כאַראַקטער, ווען די מאַכט וואָלט זיך ענדלעך נישט געכאַפּט, אַז נישט דערויף
איז זי געשטעלט געוואָרן, צו זייַן אַ ערן=וואַך ביי די פּאָגראָמשטשיקעס,
ווי דאָס איז געווען אין קיעוו. אָדעסער פּאָליציי און מיליטער האָבן
זיך געלאָזט נאָך די באַנדעס איבער דער גאַנצער שטאָט און האָבן זיי
מערסטנטייל פֿונאַנדערגעיאָגט. די אָרגאַניזירטע יידישע זעלבסטשוץ, אונטער
דער אָנפֿירונג פֿון סטודענטן אין אָרטיקן אוניווערסיטעט, האָט אויך אָפּט
אָפּגעטריבן ד' רויבער פֿון די טויערן פֿון יידישע הייזער. נאָר ווען ס'האָבן
זיך אָנגעהויבן אַרעסטן צווישן המון, האָט פּאָליציי נישט געמאַכט קיין חילוק
צווישן באַפֿאַלענע און אָנפֿאַלער, און — צווישן די פֿאַרהאַלטענע 800 מאַן
איז געווען אויך 150 יידן, וועלכע מען האָט באַשולדיקט אין טראָגן געווער
(ס'רוב איז עס באַשטאַנען פֿון הילצערנע אָדער אייַזערנע שטעקלעך,
נאָר בייַ איינציקע האָט מען געפֿונען רעוואָלווערן). אַלע אַרעסטירטע האָט
מען אויפֿגעזעצט אויף דריי באַרזשעס, אַרויסגעפֿירט אין ים אַריין און דאָ

ווי געהאַלטן עטלעכע טעג אין דער שווימענדיקער תּפֿיסה. דערדאָזיקער פּאָגראָם, בעת וועלכן מען האָט צערויבט נישט מער ווי עטלעכע אָרימע יידישע קוואַרטאַלן, האָט נישט געשטילט דעם אַפּעטיט פֿון צעיושעטן המון, וועלכער האָט זיך אָנגעהערט מעשׂיות וועגן די קיעווער „דערפֿאָלגן"; דער המון האָט געדראָט מיט אַ נייעם פּאָגראָם און אַפֿילו מיט אַ שחיטה. די פּאַניק אין שטאָט איז געווען אַזוי גרויס, אַז פֿיל זענען אַוועקגעפֿאָרן אין אַנדערע רואיקערע ערטער אָדער האָבן גאָר עמיגרירט קיין אויסלאַנד. דעמזעלבן נישט פֿאַרענדיקטן כאַראַקטער האָבן געטראָגן די פּאָגראָמען, וואָס זענען אין דערזעלבער צייט פֿאָרגעקומען אין אייניקע אויעזדן פֿון יעקאַטערינאָסלאַווער, כערסאָנער און טאַווּרישער גוב. (אַלעקסאַנדראָווסק, ניקאָלאַיעוו, בערדיאַנסק, אָרעכאָוו א. אַ.); דאָ זענען געווען אָנפֿאַלן אויך אויף אייניקע יידישע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניעס.[1] אָנהייב מײַ האָט די פּאָגראָם-ענערגיע אַזוי ווי אָנגעהויבן פֿאַלן. פֿון מיטן מײַ זענען די „קריגס-אָפּעראַציעס" געוואָרן אָפּגעשטעלט, און די הפסקה האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים.

די צענטראַלע רעגירונג האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין קלאָרע דעצידירטע האַלטונג בנוגע די געשעענישן אויף דרום. אין פּעטערבורג האָט מען ווייניקער פֿאַר אַלץ געקלערט וועגן שיצן יידן; דאָרט איז מען געווען פֿאַרנומען מיט אַן אַנדער פֿראַגע — צי איז נאָט די פֿאָלקס-באַוועגונג געפֿערלעך פֿאַר דער רעגירונג אָדער פֿאַרקערט, זי לוינט גאָר פֿאַר איר. אָנהייב מײַ 1881 איז אויפֿן אָרט פֿון לאָריס-מעליקאָוו געוואָרן אינערן-מיניסטער נ. פּ. איגנאַטיעוו. ער, דער געוועזענער אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי, וועלכער האָט אַריינגעצויגן רוסלאַנד אין טערקישן קריג, האָט איצט אָנגעהויבן אָנווענדן אין דער אינערלעכער פּאָליטיק די מעטאָדן פֿון דיפּלאָמאַטישע אינטריגעס. אין זיין פּראָגראַם-צירקולאַר פֿון 6 מײַ האָט ער געשריבן, אַז די הויפּט-אויפֿגאַבע פֿון דער רעגירונג איז „אויסצוואָרצלען די קראַמאָלע", עס הייסט — נישט בלויז קאַמף מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר מיט יעדן ליבעראַלן גייסט בכלל. דערביי גיט דער צירקולאַר אַזאַ אָפּשאַצונג פֿון דער באַוועגונג קעגן יידן אויף דרום: „די באַוועגונג קעגן יידן, וואָס האָט זיך באַוויזן די לעצטע טעג אויפֿן דרום, איז אַ טרויעריקער בייִשפּיל דערפֿון, ווי מענטשן, טרייע צום טראָן און פֿאָטערלאַנד, ווען זיי לאָזן זיך באַאיינפֿלוסן פֿון בייזוויליקע פֿערזאָנען, וואָס העצן אויף די שלעכטע ליידנשאַפֿטן ביי דער פֿאָלקס-מאַסע — פֿאַלן זיי אַריין אין ווילקער און הפקרות און האַנדלען, אַליין

[1] אַזעלכע קליינע פּאָגראָמען זענען געוויינלעך באַשטאַנען דערין, וואָס מען האָט בלויז געראַבעוועט. אין די חגא-טעג פֿלעגן פּויערן פֿון די אַרומיקע דערפֿער גיין „אויף פּאָגראָם", אָדער שיקן זייערע קינדער, צומאָל מינדעריאָריקע, צו פֿאַרנעמען דאָס יידישע גוטס. אַ זיבן-יאָריק דאָרפֿס-מיידעלע, וואָס האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן פֿון מעליטאָפּאָל, האָט מען געפֿרעגט, וואָס באַדאַרף זי אין שטאָט — האָט זי געענטפֿערט, אַז די באָבע האָט זי געשיקט אַהער פֿון דאָרף: „מען זאָגט, אין שטאָט האָט מען געשלאָגן יידן, טאָ גיי און ברענג אַ שאַלכעלע"

נישט פאַרשטייענדיק עס, לויט די פּלענער פון דער קראַמאָלע-חברה. פאַר אַזעלכע אָרדנונג-שטערונגען דאַרף מען נישט נאָר שטרענג פאַרפאָלגן, נאָר מען דאַרף זאָרגזאַם פאַרהיטן פון זיי, ווייל דער ערשטער חוב פון דער רעגירונג איז שיצן די זיכערקייט פון דער באַפעלקערונג פון יעדער געוואַלט-טעטיקייט און ווילדער הפקרות". אין אָט די שורות איז פאַראַן אַן אָנצוהערעניש אויף דעם חשד, וועלכער איז די ערשטע צייט געווען זייער פאַרשפרייט, — אַז די אַנטי-יידישע באַוועגונג איז אַרויסגערופן דורך די סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרס וועלכע האָבן בדעה צו ווענדן דעם צאָרן פון די פאָלקס-מאַסן לכתחילה קעגן יידן, — ווייל זיי געהערן אין זייער מערהייט צום האַנדלס-קלאַס, — און דערנאָך שוין קעגן רוסישן סוחרטום, קעגן די ערד-באַזיצער און קעגן די באַאַמטע. אַזוי ווי די רעגירונג האָט געוואוסט, אַז די וואָס זענען „געטריי דעם טראָן" אין פּראָווינץ, האַלטן פון פּאָגראָמען, — האָט זי בלויז מורא געהאַט, אַז עמעץ זאָל נישט אַ קערעווע טון די אַנטי-יידישע באַוועגונג „לויט די פּלענער פון דער קראַמאָלע-חברה". בעת דער פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה אין פּעטערבורג באַראָן האָראַץ גינצבורג האָט באַזוכט דעם צאַרס ברודער וולאַדימיר אַלעקסאַנדראָוויטש, האָט ער פון אים דערהערט אַזעלכע רייד, — אַז די אַנטי-יידישע „אומרוען, ווי די רעגירונג איז דערגאַנגען, נעמען זיך נישט בלויז פון אויפגערייצטקייט קעגן יידן, נאָר פון דער שטרעבונג אַרויסצורופן בכלל אַ מהומה אין לאַנד".

אינגיכן האָט אַ דעפּוטאַציע פון דער יידישער געזעלשאַפט אין פּעטערבורג דערהערט דיזעלבע ווערטער אויך פונם צאַר אַליין. די יידישע דעפּוטאַטן האָבן זיך געגרייט צו דער אוידיענץ מיט גרויס ציטערניש. מען האָט געוואַרט, וואָס וועט דער צאַר זאָגן מכּוח דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אַזוי שווער געטראָפן די יידן. די אוידיענץ איז צושטאַנד געקומען דעם 11 מאַי, אין גאַטשינער פּאַלאַץ. באַראָן גינצבורג, דער ראש פון דער דעלעגאַציע, האָט אויסגעדריקט „אומענדלעכע דאַנקבאַרקייט פאַר די מיטלען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן צו באַשיצן די יידישע באַפעלקערונג אין דער איצטיקער שווערער צייט", און האָט צוגעגעבן: „נאָך איין קייזערלעך וואָרט — און די מהומה וועט אויפהערן". אויף די „אויפריכטיקע" ווערטער וועגן די „אָנגענומענע מיטלען" האָט אַלכּסנדר III אויך אַזוי אויפריכטיק געענטפערט, אַז פאַר אים זענען אַלע אונטערטאַנען גלייך, און האָט אויסגעדריקט די זיכערקייט, אַז „אין די פאַברעכערישע אומרוען אויף דרום זענען יידן נישט מער ווי אַן אויסרייד — אַז ס'איז געוויס די אַרבעט פון אַנאַרכיסטן". דער דאָזיקער באַרואיקנדיקער טייל פונם ענטפער איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען, אָבער פון מויל צו מויל האָט מען איבערגעגעבן אויך דעם צווייטן טייל ענטפער, וואו דער צאַר האָט אַרויסגעזאָגט די השערה, אַז די שנאה צו יידן נעמט זיך פון זייער עקאָנאָמישער

„הערשאַפט“ און דערפון, וואָס זיי „עקספּלואַטירן“ די רוסישע באַפעלקערונג, אויף די אומדרייסטע דערווידערונגען פון אַ מיטגליד פון דער דעלעגאַציע (אַדוואָקאַט פּאַסאָווער), וועלכער האָט זיך געפּרובט פאָרשטעלן די טראַגישע לאַגע פון יידן, האָט דער צאַר געענטפערט: „שרייבט דאָס אָן אין אַ באַזונדער מעמאָריאַל“. דער מעמאָריאַל איז טאַקע צוגעגרייט געוואָרן, אָבער מען האָט אים נישט דערלאַנגט, ווייל אין עטלעכע חדשים אַרום האָט זיך די באַציאונג פון דער רעגירונג צו דער יידן־פראַגע געביטן צום ערגערן: איגנאַטיעוו האָט קאַטעגאָריש פאַרטיידיקט די טעאָריע וועגן „עקספּלואַטאַציע“ אויף צו באַרעכטיקן די פּאָגראָמען און רעפּרעסיעס, און אים האָט זיך איינגעגעבן נישט צו דערלאָזן, אַז דער מעמאָריאַל זאָל דערלאַנגט ווערן דעם צאַר.

אינגיכן האָט די ווירקלעכקייט געוויזן, ווי דער צאַר און זיין רעגירונג זענען ווייט פון יעטווועדן מיטגעפיל צו די פּאָגראָם־קרבנות. אַלעמען האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער פאַקט, אַז די רעגירונג, וועלכע אַסיגנירט געווייינטלעך הילף פאַר דער באַפעלקערונג, וואָס ליידט פון סטיכישע אומגליקן, האָט אין דעם פאַל נישט געגעבן די מינדסטע הילף דער יידישער פּאָגראָם־געליטענער באַפעלקערונג. אַזאַ הילף וואָלט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג, נישט נאָר אַ מאַטעריעלע, נאָר אויך אַ מאָראַלישע, — אַלס אָפיציעלע פאַראורטיילונג פון די באַגאַנגענע איבער יידן גוואַלט־טאַטן, בפרט ווען דער צאַר וואָלט פערזענלעך געגעבן אַ גרויסע נדבה אויף דעם צוועק, ווי ער פלעגט דאָס געוויינטלעך טון בעת גרויסע שריפות אָדער פאַרפלייצונגען. אָבער נישט נאָר די מאַכט האָט נישט געטון אַזאַ שריט, נאָר מען האָט נאָך יידן אַליין, אין פּעטערבורג, אויך פאַרווערט צו מאַכן עפנטלעכע זאַמלונגען לטובת די פּאָגראָם־געליטענע. — דער אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אַפילו נישט געוואָלט צונעמען אַ גרויסע נדבה, וואָס אָרטיקע יידישע קאַפּיטאַליסטן האָבן אים געבראַכט לטובת די פּאָגראָמירטע. די אָרטיקע מאַכט האָט אויף איר שטייגער אונטערגעהאַלטן די אַנטי־יידישע באַוועגונג. באַלד נאָך די גאַסן־פּאָגראָמען האָבן זיך אָנגעהויבן אַדמיניסטראַטיווע פּאָגראָמען. אין קיעוו האָט פּאָליציי אין מאַי נאָך אָנגעהויבן ענערגיש אויסשפּירן די יידן, וואָס וואוינען אין שטאָט „אומגעזעצלעך“, און האָט טויזנטער יידן אַרויסגעטריבן פון שטאָט. מאַסן־אַרויסשיקונגען זענען אויך פאָרגעקומען אין מאָסקווע, אין אָריאָל און אין אַנדערע שטעט, וואָס אויסערן „תחום“. און דאָס איז געווען אַ באַשיינפּערלעכע לעקציע פאַרן המון וועלכער האָט אָקאָרשט אויך אַרויסגעוויזן פונקט אַזאַ באַציאונג צו דער פּערזענלעכער אומבאַרירלעכקייט און צום אייגנטום פונם ייד.

געווען איז נאָך די האָפענונג, אַז לפּחות דער רעפאָרמירטער געריכט, אַלס אָרגאַן פון געזעלשאַפטלעכן געוויסן, וועט אַרויסטראָגן זיין האַרבן

אורטייל איבער די פּאָגראָם-העלדן, אָבער אויך דאָ איז געקומען די אָנטוי-שונג. פאַר אָפענער רציחה, פאַר געוואַלט-טאַטן איבער מענטשן האָבן די ריכטער צוגעפּסקנט נישטיקע שטראָפן (דריי חדשים אַרעסט א. ד. ג.), ווי פאַר אַ גאַסן-סקאַנדאַל אָדער ווי פאַר שטערן די געזעלשאַפטלעכע רו, דערביי האָט מען אויך פאַרמשפּט די יידן, וועלכע זענען שולדיק געווען אין זעלבשוץ (אין אָדעס). אין קיעוו, בעתן פּאָגראָם-פּראָצעס אין אָרטיקן מיליטערישן קרייז-געריכט, האָט דער פּראָקוראָר, דער רעאַקציאָנער סטרעלניקאָוו (שפּע-טער האָבן אים רעוואָלוציאָנערן דערמאָרדעט) געהאַלטן אַ באַשולדיק-רעדע נישט אַזוי קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, ווי קעגן די געליטענע (18 מאַי), ער האָט געטענהט, אַז די עקסצעסן זענען אַרויסגערופן דורך דער „עקספּלואַ-טאַציע" מצד יידן, וועלכע האָבן פאַרכאַפּט אַלע וויכטיקע עקאָנאָמישע פּאָ-זיציעס אין קאַנט. אין דעם גייסט האָט ער געשטעלט זיינע בייזוויליקע פראַגן די עדות. ווען איינער פון די עדות האָט אָנגעוויזן, אַז דער פאַר-שאַרפטער עקאָנאָמישער קאַמף נעמט זיך דערפון, וואָס יידן זענען קינסטלעך פאַרשפּאַרט אין ענגן „תחום", האָט דער פּראָקוראָר אויסגערופן: „אויב די מזרח-גרענעץ איז פאַרמאַכט פאַר יידן, איז דאָך אָבער די מערב-גרענעץ אָפן פאַר זיי, פאַרוואָס נוצן זיי זי נישט אויס?" אָט דער אומדערהערטער, מצד אַ שומר פון געזעץ, רוף צו עמיגראַציע, אָט דאָס העסלעכע אונטערשטויסן פון הינטן, בעת מען האָט זיך מחמת פּאָגראָם-פּאַניק סיי ווי געגרייט צו לויפן פון אָט דעם לאַנד פון קנעכטשאַפט — דאָס האָט געמאַכט אַ דער-דריקנדיקן איינדרוק אויף דער יידישער געזעלשאַפט. די האָפנונג אויף גע-רעכטיקייט מצד דעם געריכט איז צונישט געוואָרן, — דאָס געריכט אַליין איז אויך געוואָרן אַ ווערקצייג פון אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק.

די באַרואיקונג, וואָס ס'האָט געהאַט געבראַכט מיט זיך דער פאַרעפנט-ליכטער טייל פון צאַרס ענטפער בעת דער אוידיענץ דעם 11 מאַי, איז אויך גאָר גיך פאַרשוואונדן. ווידער האָט אומרי באַהערשט די יידישע נשמה, און פאַרקערט, די פּאָגראָם-רעזשיסערן האָבן ווידער געקראָגן מוט און באַשלאָסן, אַז ס'איז שוין צייט צו ענדיקן דעם אַנטראַקט אין דער איבערגעריסענער גאַסן-פאָרשטעלונג. די ערשטע טעג יוני האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע, זומערדיקע סעריע פּאָגראָמען. די שריפה האָט זיך אָנגעהויבן אין פּערעיאַסלאַוו (פּאָלטאַווער גוב.) — אַ שטאָט מיט קאָזאַקישע טראַדיציעס — וואו ס'האָבן זיך דאַמאָלט געפונען אַסך היימלאָזע פון נאָכן קיעווער פרילינג-פּאָגראָם. די פּערע-יאַסלאַווער קריסטן איז נישט געפעלן געוואָרן אָט דער צוואַקס פון דער יידישער באַפעלקערונג. טריי דעם וואָנגעלישן געבאָט פון ליבע צו ליידנ-דיקע, האָבן 420 קריסטלעכע באַלעבאַטים אונטערגעשריבן אַ פּאַפּיר וועגן אַרויסשיקן די אָנגעקומענע יידן פון שטאָט און ביז ס'וועט קומען אָט דער לעגאַלער פּסק — האָבן זיי באַשלאָסן דערווייל אַליין זיך אָפּרעכענען מיט

יידן. דעם 30 יוני און 1 יולי איז אין שטאָט פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, לויט אַלע כּללים, אמת, אָן פאַרשטעלטע קרבנות. אינטערעסאַנט איז געווען דער צביליאַג פונם פּאָגראָם. אין שטאָט האָט זיך געבילדעט אַ קאָמיטעט אויף אויסצופאָרשן די סיבות פון די אומרוען, און באַשטאַנען איז ער פון פאָרשטייער פון דער אַדמיניסטראַציע, 4 קריסטן און דריי יידן. האָבן די קריסטלעכע באַלעבאַטים דערלאַנגט דעם קאָמיטעט אַזעלכע תּביעות פון וואָפן-שטילשטאַנד מיט יידן: די יידישע ראַטמאַנער פון דער שטאָט-דומע און די מיטגלידער פון אַלע אַנדערע שטאָטישע אַנשטאַלטן זאָלן זיך פרייוויליק אָפּזאָגן פון אָט די ערן-אַמטן, „ווי מענטשן וואָס פאַרמאָגן נישט קיין בירגערלעכע אָרנטלעכקייט"[1]; יידישע פרויען זאָלן נישט טראָגן קיין זיידנס, סאַמעט אָדער גאָלד-צירונג; יידן זאָלן נישט האַלטן קיין קריסטלעכע דינסטן, וועלכע ווערן ביי זיי „קאַליע" רעליגיעז און מאָראַליש; אַלע פרעמדע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן קיין פּערעיאַסלאַוו פון פּאָגראָמען, זאָלן תּיכף ווערן אַרויסגעשיקט; יידן זאָל פאַרווערט ווערן אויפקויפן פּראָדוקטן אין די אַרומיקע דערפער צוליב מסחר, ווי אויך צו האַנדלען זונטאָג און אין קריסטלעכע חגאות, צו האַלטן שענקען א. א. וו. אַלזאָ, די צעראַבירטע יידן האָט מען נאָך אַרויסגעשטעלט אַן אולטימאַטום, מיט אַ דראָאונג פאָרטצוזעצן די „קריגס-אָפּעראַציעס."

ווי געוויינטלעך, האָבן אויך דאָ די שטעטלעך און דערפער פון קרייז נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון דער שטאָט. די צעווילדעוועטקייט פונם המון, וועלכער האָט זיך צוגעוואוינט צו פאַרניכטן און צו ראַבירן אומבאַשטראָפט, האָט גאָר נישט געוואוסט פון קיין גרענעץ. ווען אין שטעטל באָריספּאָל האָט אַ שיכּורע מחנה כוליגאַנעס שוין געזאָלט איבערגיין פון איר רויב-מלאָכה צו שעכטן יידן, און פּאָליציי און קאָזאַקן האָבן נישט דערלאָזט דערצו, האָט זיך די צעיושעטע מחנה געוואָרפן מיט כּעס אויף די אומגעריכטע באַשיצער פון דער יידישער באַפעלקערונג, און ערשט עטלעכע שאָסן מצד מיליטער האָבן זיי געצוואונגען אָפּצוטרעטן. בעתן פּאָגראָם אין נ י ע ז ש י ן (20 — 22 יולי) האָט די מאַכט עטלעכע מאָל געפּרובט אָפּשטעלן די עקסצעסן און נישט געקענט, ביז מיליטער איז געצוואונגען געווען צו שיסן אינעם צעווילדעוועטן המון, און ס'זענען געפאַלן עטלעכע דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע. דאַמאָלסט האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „קריסטלעך

1) אויף אָט דער עזותדיקער פאָדערונג פון די פינסטערע קלייןבירגער האָבן די יידישע מיטגלידער געענטפערט מיט ווערדע: „וואָס פאַר אַ ביטערער חוזק! עס וואַרפן פאַר יידן מאַנגל אין אָרנטלעכקייט — פאָרשטייער פּונקט פון יענע לייט, וואָס זענען ווי רוצחישע באַנדעס, מיט בילאָוועס און מיט העק אין די הענט, באַפאַלן זייערע פרידלעכע שכנים און ראַבירט זייער פאַרמעגן!" אין זעלבן טאָן זענען געווען די תּשובֿות אויף די איבעריקע פאָדערונגען פון די קריסטלעכע באַלעבאַטים.

בלוט גיסט זיך, שלאָג די זשידעס" — און דער פּאָגראָם האָט זיך איבער-
אַנייעס אָנגעהויבן, נאָך מיט מער היץ; ערשט אויפן דריטן טאָג האָט דער
פּאָגראָם זיך איינגעשטילט.

דאָס ווענען געווען די לעצטע אָנפאַלן, אין וועלכע ס'איז אויסגע-
שפּעט געוואָרן די ענערגיע פון די יולי-פּאָגראָמען. די רוצחישע באַנדעס
האָבן דערזען, אַז פּאָליציי און מיליטער טרייבן מער נישט קיין קאַטאָוועס, —
האָבן זיי זיך גיך אויסגעניכטערט פון זייער פּאָגראָם-פאַרשיכורטקייט.
אַרום סוף יולי האָט די מגפה פון וואַנדאַליזם אויפגעהערט. עס זענען ווײַ-
טער פאָרגעקומען בלויז שר ‎וּות אין אַ סך שטעט: אַז מען האָט נישט גע-
קענט מער אומבאַשטראָפט ראַבירן, האָבן די אָנגעשראָקענע כוליגאַנעס אין
געהיים אונטערגעצונדן יידישע הייזער. באַזונדער האָט אַזוי פּאַסירט אין
די צפון-מערבדיקע גובערניעס (ליטע און ווייסרוסלאַנד), וואו די העכערע
מאַכט — דער ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר טאָטלעבען — האָט גלייך פון
אָנהויב קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז ער וועט צו קיין פּאָגראָמען נישט
דערלאָזן.

פון די פּאָגראָמען אין יענעם פרילינג און זומער האָבן געליטן העכער
הונדערט יידישע ישובים, דער עיקר אויף דרום; אָבער פון דער פּאַניק,
פון דער שרעק פון וואַרטן אויף די ווילדע געוואַלט-טאַטן, האָט די יידישע
באַפעלקערונג געליטן אומעטום. און ווי אין די שלעכטע צייטן פון
אַמאָל, האָט זיך פאַרן געיאָגטן פאָלק געשטעלט די פראַגע וועגן עמי-
גראַציע. און ווי אויף אונטערצושטרייכן די ענלעכקייט צווישן סוף 19-טן
יאָרהונדערט מיטן סוף פון 15-טן, האָט זיך איצט אויפן אומגליק פון יידן
אין רוסלאַנד אָפּגערופן דאָס לאַנד, וואָס האָט אין 1492 אַרויסגעטריבן יידן
פון אירע גרענעצן: די שפּאַנישע רעגירונג האָט אויסגעדריקט איר גרייט-
קייט אויפצונעמען און געבן שוץ די פּאָגראָם-פּליטים פון רוסלאַנד. דאָס
אַלטע קאַטוילישע שפּאַניען האָט אויסגעשטרעקט אַ האַנט צו די קרבנות
פון נייעם פּראַוואָסלאַווישן שפּאַניען. אָבער ס'איז קלאָר געווען, אַז פּראַקטיש
האָט דערדאָזיקער פאָרשלאַג גאָר אַ קליינעם ווערט, און ס'האָט זיך גע-
שטעלט די פראַגע: וואוהין זאָל מען ווענדן דעם עמיגראַציע-שטראָם — אין
די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, וואו די מאַסע האָט געהאָפט
אויף ברויט און פרייהייט, אָדער אין פּאַלעסטינע אַלס אַ שוץ-אָרט פאַר
דער באַליידיקטער פאָלקס נשמה? ביז די יידישע פּובליציסטן האָבן געפירט
דעם ויכוח — וואוהין פאָרן? — האָט דאָס לעבן אַליין פאַרענטפערט די
פראַגע: כמעט אַלע עמיגראַנטן פון דרום-רוסלאַנד האָבן זיך געלאָזט, דורך
מערב-אייראָפּע, קיין אַמעריקע, וואוהין ס'האָבן זיך געצויגן אויסוואַנדערער
פון אַלע טיילן אַלטער וועלט. די באַוועגונג איז געווען אַ סטיכישע, אָן
שום אָרגאַניזאַציע, און סוף זומער האָט זיך אין בראָד, לעבן דער רוסיש-

עסטרייכישער גרענעץ, צוזאַמענגעקליבן ביז 10 טויזנט אָרימע עמיגראַנטן,
וועלכע האָבן זיך געלאָזט פֿאַרפירן פון די קלאַנגען, אַז אַגענטן פון דער
פאַריזער חברה „אַליאַנס איזראַעליט" גיבן מיטלען אויף אַריבערצופאָרן קיין
אַמעריקע. דער צענטראַל-קאָמיטעט פון „אַליאַנס" איז נישט געווען צוגע-
גרייט צו אַזאַ עמיגראַציע, און ער האָט זיך פשוט פאַרלוירן. ער האָט
פונאַנדערגעשיקט אויפרופן, וואָס האָבן געוואָרנט פאַר אַ מאַסן-אויסוואַנדערונג
(אָקטאָבער). אָבער ס'איז שוין געווען אוממעגלעך אָפּצושטעלן די באַוועגונג.
ווען די באַפולמעכטיקטע פון פאַריזער „אַליאַנס" זענען געקומען קיין בראָד,
האָבן זיי דערזען פאַר זיך אַ שרעקלעך בילד: איבער די גאַסן פון שטאָט
האָבן זיך אַרומגעשלעפּט טויזנטער אויסגעמאַטערטע פון נויט מענטשן, מיט
הונגעריקע קינדער אויף די הענט. פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט
אַ המון באַלאַגערט די דעלעגאַטן מיט קולות וועגן הילף. מאַמעס האָבן זיי
דעם וועג פאַרשטעלט, געוואָרפן זיי צו די פיס די פּיצלעך קינדער און
געבעטן צו ראַטעווען זיי פון הונגער-טויט. די דעלעגאַטן האָבן געטון, וואָס
זיי האָבן געקענט. אָבער די צאָל פּליטים איז אַלץ געוואַקסן, און דאָס
עקספּעדירן קיין אַמעריקע איז צוגעגאַנגען זייער לאַנגזאַם 1).

## § 13. די גובערניאַלע קאָמיסיעס און דער וואַרשעווער פּאָגראָם.

נישט נאָר די פּאָגראָמען און די פּאַניק, וואָס זיי האָבן אַרויסגערופן,
האָבן געטריבן יידן פון רוסלאַנד, — נאָר אויך די לעגאַלע קלעפּ, וואָס
האָבן זיך אויף זיי אַ שאָט געטון פון דער מילדער האַנט פון גראַף איגנאַ-
טיעוס רעגירונג. נאָך אַ קורצער וואַקלעניש אין דער יידן-פראַגע האָט די
דאָזיקע אַנטיסעמיטישע רעגירונג געפונען, סוף-כל-סוף, איר וועג. באַלד אין
אָנהויב פון דער פּאָגראָם-באַוועגונג האָט זי זיך פאַרלוירן, און פּרובירט דער-
קלערן די דאָזיקע באַוועגונג מיט היינטערשפּיצלעך פון דער „קראַמאָלע" און
רעוואָלוציאָנערער „אַנאַרכיע". דערנאָך אָבער איז זי געקומען צום באַשלוס,
אַז פאַרן דערפאָלג פונם נייעם רעאַקציאָנערן קורס, ווי אויך כדי צו באַ-
רעכטיקן די עקסצעסן, וואָס פאַרשוואַרצן רוסלאַנד אין די אויגן פון אייראָפּע,
איז באַקוועמער אַרויפצוואַרפן די גאַנצע שולד אויף יידן גופא. ס'איז

1) אין 1881 האָט אַרויסגעוואַנדערט פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע אַריבער 8 טויזנט
יידן, שפּעטער האָט זיך די צאָל עמיגראַנטן באַדייטנד פאַרגרעסערט (זע ווייטער § 17).

געשאַפן געוואָרן אַ טעאָריע, אַז יידן „עקספּלואַטירן די לאַנד-באַפעלקערונג". די דאָזיקע טעאָריע איז באַשטאַנען פון צוויי סתירהדיקע טיילן: 1) יידן, דער עיקר אַ הענדלס-קלאַס, פאַרנעמען זיך מיט אומפּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען און עקספּלואַטירן די פּראָדוקטיווע קלאַסן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, באַזונדערס די פויערן. 2) יידן „פאַרכאַפּן אין זייערע הענט דעם האַנדל און אינדוסטריע" (דאָ ווערט שוין, אגב, אָנערקענט דער גרויסער אָנטייל פון יידן אין האַנטווערקערײַ — און פאַבריק-אינדוסטריע), קאָנקורירן מיט דער קריסטלעכער שטאָטישער באַפעלקערונג, און יענע רעכענען זיך דעריבער אָפּ מיט זייערע קאָנקורענטן אויף אייגענער האַנט. דער ערשטער טייל פון דער טעאָריע באַזירט אויף די פּרימיטיווע פאָרשטעלונגען וועגן ווירטשאַפט-לעבן, וואָס שאַפן זיך געוויינטלעך אינם איבערגאַנג-פּעריאָד פון נאַטורעלער צו קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, ווען אַלע קאָמפּליצירטע פאַרמיטלערישע פאָרמען פון אַרבעט ווערן פאַררעכנט פאַר נישט פּראָדוקטיווע, עקספּלואַטאָרישע. דער געדאַנק, וואָס איז אויסגעדריקט אין צווייטן פּונקט, איז בכלל כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ פּאָליציי-אישער מלוכה, וואו מ'האָט ליב צו רעדן וועגן דעם, אַז די זדער יענע עקאָנאָמישע צווייגן האָט „פאַרכאַפּט" אַ פּרעמדער טייל באַפעלקערונג און אַז די מלוכה-מאַכט איז מחויב זיך אַריינצומישן אין דער פרייער קאָנקורענץ, כדי אַריבערצוּוועגן דעם דערפאָלג אויף דער זייט פון דער הערשנדיקער נאַציע. די רעגירונג האָט זיך נישט געקימערט, וואָס די טעאָריע איז אַזאַ פּרימיטיווע. זי האָט זיך גענויטיקט אין אַ שטיץ-פּונקט, כדי אָפּצוּוואַרפן פון זיך די שולד פאַר די פּאָגראָמען, און באַווייזן, אַז דאָס איז אַן אויסדרוק פון „פאָלקס-צאָרן", אַ נקמה-אַקט איבער יידן מצד די פויערן, וועלכע זיי עקספּלואַטירן, אָדער מצד די שלימזלדיקע עקספּלואַטאָרן פון רוסישן בירגערטום.

אין דעם גייסט איז אין יולי 1881 צונויפגעשטעלט געוואָרן דער באַריכט פון גראַף קוטאַיסאָוו, וועלכן דער צאַר האָט געשיקט קיין דרום-רוסלאַנד אויסצופאָרשן די סיבות פון די „אומרוען". מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג האָט דער דאָזיקער הויכער שרה מיטגעטיילט, אַז די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע האָט נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דער אַנטשטייאונג פון די פּאָגראָמען, און אַז בלויז אין געציילטע ערטער האָבן די רעוואָלוציאָנערן אומזיסט זיך באַמיט אויסצונוצן דעם פּאָגראָם קעגן יידן „כדי אַרויסצורופן אַן אַנטי-מלוכהשע באַוועגונג". די סיבות פון די פּאָגראָמען דאַרף מען זוכן, לויט קוטאַיסאָוון, אין די יידן גופא, וועלכע רופן אַרויס צו זיך „פאָלקס-שנאה" דורך דעם, וואָס זיי האָבן „פאַרכאַפּט אין זייערע הענט דעם גאַנצן האַנדל און אינדוסטריע" און „זענען געוואָרן אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער כוח". אויפן דרום „האָבן זיך יידן משך איין דור פאַרוואַנדלט פון פּשוטע מעקלערס אין מיליאָנערן, פאַבריקאַנטן און ערד-אייגנטימער, און זענען געוואָרן אַלץ חוצפּה־דיקער, פאָדערנדיק, אַז די געבירטיקע באַפעלקערונג זאָל זיך באַציען מיט

דרך-ארץ צו דער געלט-אריסטאָקראַטיע". אַן אַריסטאָקראַט פון געבוירן, און אַליין פון דער קרוינשטאַט, האָט דער גראַף ניסס געקאָנט שלום-מאַכן מיטן וואוקס פון אַ הייפל געלט-אַריסטאָקראַטן צווישן די געדיכטע יידישע פּראָלעטאַריער-מאַסן, און האָט מיט פאַרדרוס פאַרצייכנט, אַז די בעסטע הייזער און קראָמען אין אָדעס גייען איבער אין יידישע הענט. אָבער אַפילו דער דאָזיקער פּאַרטייאישער רעוויזאָר, האָט געמוזט אָנערקענען, אַז די סיבה פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּאָגראָם-באַוועגונג ליגט אין דער אומטעטיקייט פון פּאָליציי און מיליטער, וועלכע האָבן אומעטום געקענט אָפּשטעלן דאָס ווילדעווען פון המון באַלד אין אָנהייב, און האָבן עס אָבער נישט געטון, נאָר דערלאָזן דעם פּאָגראָם זיך פאַנאַנדערצעוואַקסן. „ביי די אויפגערודערטע מאַסן האָט זיך געשאַפן אַ מאָדנע איבערצייגונג: אויב די מאַכט שטעלט אַליין נישט אָפּ דעם אָנפאַל אויף יידן, איז אַ סימן, אַז ער איז דערלויבט; פון דעם האָבן זיך שוין גענומען די קלאַנגען, אַז ס'איז דערלויבט פון צאַר גופא, און די דערלויבניש האָט דאָס פאָלק דערקלערט דערמיט, וואָס יידן זענען אוממיטלבאַר שולדיק אין דער געשעעניש פון 1-טן מערץ, ווי האָבן דערהרגעט דעם צאַר".

איגנאַטיעוו האָט זיך מיט פרייד אָנגעכאַפּט פאַר דער באַקוועמער טעאָריע, וועלכע קוטאַיסאָוו האָט אויך באַשטעטיקט. ער האָט געמאַכט פון איר אַלע מעגלעכע אויספירן, און זיי אַנטוויקלט אין זיין באַריכט פאַר אַלכסנדר III. איגנאַטיעוו האָט אויפגעוויזן די פאַלשקייט פון דער פריערדיקער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, וועלכע „האָט זיך באַמיט די לעצטע 20 יאָר (ד. ה. פאַר אַלכסנדר II) מיטצוהעלפן דער צונויפגיסונג פון יידן מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג און האָט זיי כמעט אויסגעגליכן אין זייערע רעכט מיט דער געבוירטיקער-באַפעלקערונג". די לעצטע פּאָגראָמען האָבן, לויט דעם מיניסטערס מיינונג, דערוויזן, אַז די „שעדלעכע ווירקונג" פון יידן קאָן נישט באַזייטיקט ווערן דורך אַזעלכע ליבעראַלע מיטלען. „די עיקר-סיבה פון דער דאָזיקער באַוועגונג (פון די פּאָגראָמען), וואָס איז אַזוי פרעמד דעם רוסישן פאָלק, -- האָט איגנאַטיעוו געשריבן אין זיין באַריכט — וואָרצלט אין באַדינגונגען, וואָס טראָגן אויסשליסלעך אַן עקאָנאָמישן כאַראַקטער. די לעצטע 20 יאָר האָבן יידן ביסלעכווייז פאַרכאַפּט אין זייערע הענט נישט נאָר דעם האַנדל און מלאכה, נאָר מיט דער הילף פון קניות און אַרענדעס האָבן זיי דערוואָרבן אויך אַ באַדייטנדיקן ערד-אייגנטום; אַ דאַנק זייער אינערלעכער געשלאָסנקייט און סאָלידאַרישקייט, האָבן זיי, מיט ווייניקע אויסנאַמען, אָנגעווענדט זייער גאַנצע ענערגיע נישט אויף צו פאַרמערן די פּראָדוקטיווע כחות, נאָר אויף צו עקספּלואַטירן די געבוירטיקע באַפעלקערונג, באַזונדערס די אָרעמסטע קלאַסן, און דורכדעם האָבן זיי ביי די לעצטע אַרויסגערופן אַ פּראָטעסט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ באַדויערנסווערטער פאָרם —

אין גוואַלדטאַטן. נאָכדעם ווי מ׳האָט ענערגיש (?) דערשטיקט די פּאָגראָ־קומענע אומרוען און הפקרות, כּדי צו באַשיצן יידן פון גוואַלדטאַטן, אָנערקענט די רעגירונג פאַר גערעכט און אומפּאַרמיידלעך, אָנצונעמען נישט ווינציקער ענערגישע מיטלען צו באַזייטיקן די איצטיקע אומנאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָס הערשן צווישן די לאַנד־תּושבים און יידן, צו באַשיצן די באַפעלקערונג פון די יידנס שעדלעכער טעטיקייט, וועלכע האָט לויט די ידיעות פון די ערטער אַרויסגערופן די אומרוען". דעם פּלינקן מיניסטער האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן דעם צאַר, אַז די פּאָגראָמען זענען בלויז געווען אַ „פאָלקס־משפּט" איבער יידן און אַז די רעגירונג דאַרף פאַרבייטן דעם פאָלקס משפּט מיט איר געזעצלעכן געריכט, ד. ה. אָננעמען שטראָף־מיטלען נישט קעגן די פּאָגראָמטשיקעס, נאָר קעגן די פּאָגראָמירטע.

אַלס רעזולטאַט פון דאָזיקן באַריכט איז געקומען דער „אַלהעכסטער באַפעל" פון 22־טן אויגוסט. אין אים האָט זיך גערעדט וועגן דער „אומנאָרמאַלער באַציאונג צווישן דער געבירטיקער באַפעלקערונג פון אייניקע גובערניעס און יידן", און ס׳איז פאַראָרדנט געוואָרן: אין די גובערניעס, וואָס האָבן אַ באַדייטנדיקע יידישע באַפעלקערונג, שאַפן ספּעציעלע קאָמיסיעס פון פאָרשטייער פון די אָרטיקע שטאַנדן און געזעלשאַפטן, אונטער דער אָנפירונג פון די גובערנאַטאָרס. דידאָזיקע קאָמיסיעס דאַרפן אויספאָרשן, „וועלכע זייטן פון דער יידישער עקאָנאָמישער טעטיקייט האָבן בכלל אַ שעדלעכע ווירקונג אויפן לעבנס־שטייגער פון דער געבירטיקער באַפעלקערונג" און וועלכע געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע מיטלען וואָלט מען געדאַרפט אָננעמען, כּדי אָפּצושוואַכן דידאָזיקע ווירקונג. אַזוי אַרום איז אין באַפעל צו גרינדן די קאָמיסיעס שוין פון פאָראויס געגעבן געוואָרן אַן ענטפער אויף דער געשטעלטער פראַגע: אויספאָרשן יידנס „שעדלעכע ווירקונג" אויפן עקאָנאָמישן לעבן. דאָס, וואָס האָט ערשט געדאַרפט דערוויזן ווערן, גילט שוין דאָ פאַר דערוויזן, און ס׳ווערט בלויז באַשטעלט — צוצוקלייבן פאַקטישן מאַטעריאַל פאַרן אויספיר פונם פאָרטיקן באַשולדיק־אַקט. נאָך בולטער האָט איגנאַטיעוו אויסגעדריקט דעמדאָזיקן געדאַנק אין זיין צירקוליאַר צו די גענעראַל־גובערנאַטאָרס פון 25־טן אויגוסט, אין וועלכן ער האָט איבערגעחזרט זיין אויבנדערמאנטן באַריכט צום צאַר און פעסט אָנגענומען די דאָגמע וועגן „די שלעכטע פאָלגן פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פון יידנס עקאָנאָמישער טעטיקייט און וועגן זייער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט און רעליגיעזן פאַנאַטיזם".

דאָס אומגלויבלעכע איז געשען: די רואינירטע, באַרויבטע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט געהאַט רעכט צוצושטעלן אַ רעכנונג דער רעגירונג, וואָס האָט זי נישט באַשיצט, איז אַליין איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט דורך דערזעלבער רעגירונג. די ריכטער זענען געווען דער רעגירונגס אַגענטן, גובערנאַטאָרן (צווישן זיי אויך שולדיקע אין דערלאָזן פּאָגראָ־

מען), און פאַרשטייער פון די קריסטלעכע שטאַנדן, — שטאָטישע און דאָרפ־פישע, — וואָס זענען מערסטנטיילס באַשטימט געוואָרן לויטן איינזען פון די גובערנאַטאָרן. אין יעדער קאָמיסיע האָט מען צוגעלאָזן אַלס עקספּערטן, אָן שטים־רעכט, צוויי פאַרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפט, וואָס האָבן ווי געשפּילט די ראָלע פון אָנגעקלאָגטע, ווייל זיי איז כסדר אויס־געקומען צו הערן באַשולדיקונגען קעגן יידן און זיך כסדר ריינצעוואַשן. איינגאַנצן זענען אַזוינע קאָמיסיעס געווען זעכצן: אין 15 גובערניעס פון תחום (אַ חוץ קרוין־פּוילן) און אין כאַרקאָווער גובערניע. די קאָמיסיעס האָבן באַקומען צוויי חדשים צייט אויף צו פאַרענדיקן זייער אַרבעט און איבערגעבן די רעזולטאַטן אין מיניסטעריום. אין סעפּטעמבער און אָקטאָבער זענען אומעטום פאָרגעקומען זיצונגען פון די דאָזיקע „גובערניאַלע קאָמיסיעס", וואָס זענען באַרופן געווען צו משפטן דאָס יידישע פאָלק אויפן גרונט פון אָפיציעלן באַשולדיק־אַקט — דעם אויגוסט־אוקאַז — מיטן פירוש פונם מיניסטערס צירקוליאַר.

אָט ווי עס באַשרייבט די דאָזיקע זיצונגען אַ גוט אינפאָרמירטער מאַן פון יענער צייט אין אַן אָפיציעלן מעמאָראַנדום: „אין יעדער קאָמיסיע פלעגט די ערשטע זיצונג זיך אָנהויבן מיטן לייענען דעם מיניסטערס צירקולאַר פון 25־טן אויגוסט. דאָס דאָזיקע לייענען פלעגט אומעטום מאַכן דעמזעלבן שטאַרקן איינדרוק אין צוויי ריכטונגען: אויף די מיטגלידער פון פויערן־שטאַנד און אויף די מיטגלידער־יידן. די ערשטע האָבן פונם געהערטן אַרויסגעטראָגן די איבערצייגונג אין דער פיינטלעכער באַציאונג פון דער רעגירונג צו דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך אין איר מילדער באַציאונג צו די שולדיקע אין די אומרוען: די לעצטע זענען דאָך אַרויסגערופן געוואָרן, לויט דער דערקלערונג פון צירקוליאַר, איינציק און אַליין דורך דער יידישער עקספּלואַטאַציע. די דאָזיקע איבערצייגונג, וואָס איז אויף די ווייטערדיקע זיצונגען נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך כסדרדיקע אָנפאַלן מצד די יידנ־פיינטלעכע מיטגלידער, האָבן די פויערים, פאַרשטייט זיך, נישט באַהאַלטן פון זייערע געמיינדעס. דער איינדרוק ווידער פון מיניסטערס צירקוליאַר אויף די יידישע מיטגלידער איז געווען אַ דערשיטערנדיקער. זיי האָבן דערזען אין זיך די דריימיליאָניקע יידישע באַפעלקערונג, ווי מען זעצט זי אַוועק אויף דער באַשולדיק־באַנק, ווי מען גיט איבער איין טייל באַפעלקערונג צום געריכט פון אַ צווייטן טייל. און ווער זענען געווען די ריכטער? נישט פאַרשטייער, פריי געוויילטע דורך אַלע שטאַנדן באַפעלקע־רונג, ווי אַ שטייגער אין די זעמסקע פאַרזאַמלונגען, נאָר אַגענטן פון דער אַדמיניסטראַציע גופא, אַמטלעכע פּערזאָנען, אַלע מער אָדער ווייניקער אונ־טערגעוואָרפענע דעם גובערנאַטאָר. און דער געריכט אַליין איז נישט געווען קיין עפנטלעכער, ס'איז נישט געווען קיין געהעריקע פאַרטיידיקונג פון די

אָנגעקלאָגטע, אָדער, בעסער געזאָגט, פון די פאָרויס פאַרמשפטע, די האַלטונג פון די פּאָרזיצערס־ גובערנאַטאָרן און די רעדעס פון די מיטגלידער־אַנטיסעמיטן (די איבערוויגנדע מערהייט פון די קאָמיסיעס), וואָס זענען פול געווען מיט אָנפאַלן, חוזק און ראַפינירטע באַליידיקונגען, האָבן פאַרשאַפט די יידישע מיטגלידער שרעקלעכע מאָראַלישע ליידן. אין אַ גרויסער צאָל קאָמיסיעס איז זייער שטים אינגאַנצן געוואָרן אונטערדריקט און דערשטיקט. דאָס האָט געצוואונגען די יידישע מיטגלידער אָנצוקומען צו שריפטלעכער פאַרטיידיקונג פון די אינטערעסן פון זייערע פאָלקס־חברים, אַריינצוטראָגן דערקלערונגען און באַזונדערע מיינונגען. אָבער דידאזיקע דערקלערונגען און פּראָטעסטן האָבן זעלטן־וואו זוכה געווען געלייענט צו ווערן אויף די זיצונגען".

ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז קיין וואונדער נישט, וואָס די קאָמיסיעס האָבן צונויפגעשטעלט זייערע „אורטיילן" אין גייסט פון דעם באַשולדיקאַקט, וועלכן די העכערע מאַכט האָט זיי צוגעשיקט. אַנטיסעמיטישע באַאַמטע האָבן זיך געלאָזט וואויל גיין אין עם־הארצישע חקירות וועגן „גייסט פון יודאַאיזם", וועגן תלמוד און קהל, וועגן דער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט פון יידן, און האָבן פאָרגעלייגט דאָס אַלץ אויסצואוואָרצלען אויפן וועג פון פּאָליציייאישע רעפּרעסיעס: פאַרניכטן די אויטאָנאָמיע פון די יידישע קהלות, פאַרמאַכן אַלע ספּעציעלע יידישע שולן, נעמען אונטער אַ רעגירונגס־קאָנטראָל אַלע זייטן פונם יידישן אינעווייניקסטן לעבן. די פאָרשטייער פון די רוסישע קליינבירגער און פּויערן, פון וועלכע אַנדערע האָבן דאָ נישט לאַנג מיטגעהאָלפן, אָדער, לכל הפחות, סימפּאַטיזירט מיט די פּאָגראָמען, האָבן איצט אויפגעוויזן די עקאָנאָמישע „שעדלעכקייט" פון יידן און געפאָדערט פאַר זיי באַגרענצונגען אין אַלערליי שטאָטישע און דאָרפישע פּראָפעסיעס, ווי אויך בנוגע רעכט צו וואוינען מחוץ די שטעט. פינף גובערניע־קאָמיסיעס האָבן פונדעסטוועגן אַרויסגעזאָגט אַן אַפּיקורסישן פאַר יענער צייט געדאַנק, אַז ס'איז נויטיק צו געבן יידן רעכט צו וואוינען אין דער גאַנצער מלוכה, כדי שיטערער צו מאַכן די צו געדיכטע יידישע באַפעלקערונג אין „תחום".

גלייכצייטיק מיט די גובערניאַלע — ריכטיקער, גובערנאַטאָרישע קאָמיסיעס, האָבן געשיקט זייערע מיינונגען קיין פּעטערבורג אויך די העכסטע סאַטראַפּן פון תחום. קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דרענטעלן, וועלכן מען וואָלט אַליין געדאַרפט איבערגעבן צו אַ קרימינאַל־געריכט פאַר דערלאָזן אין זיין רעזידענץ אַ פּאָגראָם, — האָט שטרענג פאַרמשפּט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק און געפאָדערט רעפּרעסיווע מיטלען כדי צו „באַשיצן די קריסטלעכע באַפעלקערונג פון אָט דעם גאוהדיקן פאָלק, וואָס זיין רעליגיע איז קעגן אַ דערנענטערונג מיט קריסטן"; „דער גייסטיקער העכערקייט פונם יידן", וואָס גיט אים אַ איבערגעוויכט אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ, דאַרף מען אַנטקעגנ־

שטעלן רעפּרעסיעס. דרענטעלן האָט פאָרגעלייגט „העלפן דער יידישער עמיגראַציע פון לאַנד, כּדי צו פאַרקלענערן די וואַקסנדיקע יידישע באַפעל-קערונג". נישט ווינציקער שאַרף האָבן פאַראורטיילט דאָס יידנטום אויך אַנדערע גענעראַל-גובערנאַטאָרן (אָדעסער, ווילנער און כאַרקאָווער), זיי זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען בלויז בנוגע דעם פאַרנעם פון רעפּרעסיעס. דער ווילנער מאַכטהאָבער טאָטלעבן, וואָס האָט נישט דערלאָזן צו קיין פּאָגראָ-מען אין ליטע, האָט מסכּים געווען צו פאַרווערן יידן אויך אויף ווייטער צו באַזעצן זיך אין דערפער, אָבער דערביי האָט ער באַמערקט, אַז ער האַלט פאַר אומבאַקוועם „צוצונעמען ביים יידישן פאָלק די מעגלעכקייט צו פאַרדינען מיט אייגענע פּראַצע מיטלען צום לעבן". ס'האָט זיך געשפּירט, אַז דער קעמפּערישער אַנטיסעמיטיזם וואָלט געוואָלט אָפּנעמען ביים יידן אַפילו דאָס רעכט צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט.

די רעגירונג איז פון פאָרויס געווען זיכער אין געוואונשענעם רעזול-טאַט פון די אַרבעטן פון די גובערניאַלע-קאָמיסיעס. נישט וואַרטנדיק אויף זייערע ראַפּאָרטן און רעזאָלוציעס, האָט זי געגרינדעט אין פּעטערבורג אַ „צענטראַלן קאָמיטעט אויף צו באַטראַכטן די יידנפראַגע" (19 אָקטאָבער). דער קאָמיטעט האָט זיך געפונען ביים מיניסטעריום פון אינערן און איז באַשטאַנען פון עטלעכע באַאַמטע, אונטערן פאָרזיץ פון וויצע-מיניסטער גאָטאָווצעוו. די באַאַמטע זענען שוין צוגעטראָטן צו שאַפן אַ פּראָיעקט פון „צייטווייליקע תּקנות" אין גייסט פון זייער פּאַטראָן איגנאַטיעוו, און וואָס מער ס'האָבן זיך באַקומען באַשלוסן פון די גובערניע-קאָמיסיעס, אַלץ מער האָבן זיי אונטערגעפירט דעם פונדאַמענט אונטער זייער פּראָיעקט. אָנהויב 1882 איז די מאַשין אויף פּראָדוצירן רעפּרעסיעס געלאָזט געוואָרן אין פולן גאַנג.

דעמדאָזיקן אָרגאַניזירטן אָנגריף פון די יידן-שונאים, וועלכע האָבן נאָך די גאַסן-פּאָגראָמען געגרייט איצט אַדמיניסטראַטיווע, — האָט די יידישע געזעלשאַפט נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן קיין שום אָרגאַניזירטן כּוח. אַ טרויעריק בילד האָט פאָרגעשטעלט דער קליינער צונויפפאָר פון יידישע נאָטאַבלען אין פּעטערבורג, סעפּטעמבער 1881, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען אין דער שטיל. די פּראָווינציעלע געסט, איינגעלאַדענע דורך באַראָן גינצבורג האָבן באַהאַנדלט די פראַגן וועגן עמיגראַציע, וועגן קאַמף מיט דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע וכדומה, דערנאָך האָבן זיי זיך פאָרגע-שטעלט איגנאַטיעוון. יענער האָט זיי דיפּלאָמאַטיש פאַרזיכערט אין דער „רעגירונגס פריינטלעכקייט", און זיי זענען זיך צעפאָרן אַהיים. אַ געזעל-שאַפטלעכער כּוח איז געווען בלויז די יידישע פּרעסע, באַזונדערס אירע דריי אָרגאַנען אין דער רוסישער שפּראַך: „ראַזסוויעט", „רוסקי יעווריי" און „וואָסכאָד"; אָבער איר ווירקונג האָט נישט געגרייכט מחוץ די גרענעצן פון דער יידישער געזעלשאַפט. דידאָזיקע פּרעסע האָט טריי דערפילט איר

אויפגאַבע צו קעמפן פאַר רעכט, אָבער זי איז נישט בכוח געווען צו ווירקן אויף יענע קרייזן רוסישער געזעלשאַפט, וואו ס'האָט זיך ברייט פונאַנדער־געגאָסן דער גיפט פון יידנהאַס פון די שפּאַלטן פון אַזעלכע צייטונגען, ווי דער האַלב־אָפיציאָז „נאָוואָיע וורעמיאַ", אָדער די סלאַוויאַנאָפילישע „רוס". די צייטונג „נאָוואָיע וורעמיאַ", וואָס האָט אויסגעדריקט די מיינונג פון די הערשנדיקע קרייזן, האָט אין רעכטן ברעג פון די זומער־פּאָגראָמען געשאַפן אַ פּאַראָדיע פון האַמלעטס פראַגע — בנוגע יידן: „שלאָגן צי נישט שלאָגן זיי?" 1) (דער ערשטער זאַץ פון אַן אַרטיקל אין דער צייטונג), — און האָט באַשלאָסן, אַז שלאָגן דאַרף מען, אָבער אין רוסלאַנד, אַלס אַ מאָנאַר־כיסטיש־קאָנסערוואַטיוו לאַנד, דאַרף די דאָזיקע פונקציע אויספירן נישט די באַפעלקערונג, נאָר די רעגירונג, וועלכע קען מיט דער הילף פון אַ רעפּ־רעסיע־סיסטעם דערלאַנגען דעם יידנטום מער פילבאַרע קלעפּ, איידער דער המון אויף די גאַסן. דער רעדאַקטאָר פון מאָסקווער „רוס", איוואַן אַקסאַקאָוו, איז אָנגעפאַלן אויף דער ליבעראַלער פרעסע, וואָס האָט אויסגעדריקט מיט־געפיל די פּאָגראָמירטע יידן, און האָט אויפגעוויזן, אַז די רוסן האָבן צע־שטערט די יידישע הייזער אונטער דער ווירקונג פון „גערעכטן צאָרן". צונויפנעמענדיק אין איין הויפן די באַוויַיזן פון דער מיטלאַלטערלעכער קירך און פון נייעם דייטשן אַנטיסעמיטיזם, האָט אַקסאַקאָוו פאַרזיכערט, אַז דער יודאַאיזם איז בטבע פיינטלעך „דער קריסטלעכער ציוויליזאַציע" און אַז דאָס יידישע פאָלק שטרעבט צו „וועלט־הערשאַפט מיט דער הילף פון געלט־כוח".

דער אַנטיסעמיטישער וואָרעם פון דייטשלאַנד האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אַפילו אין געוויסע קרייזן פון דער רוסישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ. צווישן די רעוואָלוציאָנערן, „נאַראָדניקעס", וואָס האָבן אידעאַליזירט די פּויערישע ערד־געמיינדע און זענען לחלוטין נישט באַקאַנט געווען מיטן יידישן לעבנס־שטייגער, האָט מען זיך אויך אַרומגעטראָגן מיט דער פאָר־שטעלונג וועגן דעם יידן־עקספּלואַטאַטאָר, בלויז מיט דעם חילוק, וואָס מ'האָט אים פאַררעכנט צום אַלגעמיינעם כלל פון רוסישע בורזשואַזע עקספּלואַטאַ־טאָרן — „קולאַקעס און פאַראַזיטן". אויפן דאָזיקן באָדן איז פאָרגעקומען איינע אַ טרויעריקע מיספאַרשטענדעניש. אַ געוויסער טייל רעוואָלוציאָנערן פון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (פאָלקס־ווילן) האָט באַשלאָסן, אַז אויב די רוסישע פּויערן און אַרבעטער פּאָגראָמירן די יידישע „בורזשואַזיע",

---

1) אַ וואָרט־שפּיל, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבן אין יידיש. האַמלעטס באַרימטער מאָנאָלאָג „זיין אָדער נישט זיין" הייסט אין רוסיש: „ביט אילי ניע ביט" (מיט אַ האַרטן „אי"), און „שלאָגן צי נישט שלאָגן" הייסט אויך אין רוסיש „ביט אילי ניע ביט" (מיט אַ ווייכן „אי"). (דער איב.)

איז זיי אויך לײַכט צו פֿירן אין קאַמף קעגן דער אייגענער בורזשואַזיע. בעת די פֿרילינג- און זומער-פּאָגראָמען זענען אין אַ פּאָר ערטער געמאַכט געוואָרן פּרובן מצד געהיימע פּערזאָנען — מיט דער הילף פֿון פּראָקלאַמאַציעס און מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע צו שטויסן די באַוועגונג אויך קעגן רוסישע פּריצים און קעגן דער ביוראָקראַטיע.[1] סוף אויגוסט 1881 האָט זיך באַוויזן אַן אויפֿרוף פֿון אויספֿיר-קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", אין וועלכן ס'ווערט אַנטוויקלט דער געדאַנק, אַז דער צאַר האָט פֿאַרקנעכטעט דאָס פֿרייע אוקראַאינישע פֿאָלק און פֿאַרטיילט די פֿויערישע ערד די פּאַנעס און באַאַמטע; די לעצטע פּראָטעזשירן כּלומרשט יידן, וועלכע לעקן אָפּ אַ ביינדל צוזאַמען מיט זיי. דעריבער דאַרף דאָס פֿאָלק אַרויסטרעטן קעגן יידן, קעגן פּריצים און קעגן צאַר. „העלפֿט-זשע אונז! — איז געשטאַנען אינם אויפֿרוף. — הויבט זיך אויף, איר אַרבעטער: נעמט נקמה פֿון די פּריצים, ראַבעוועט די יידן, טויט די באַאַמטע!" דערדאָזיקער אויפֿרוף איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ טייל מיטגלידער פֿון אויספֿיר-קאָמיטעט, וואָס האָבן זיך דאַמאָלסט געפֿונען אין מאָסקווע. ער איז אָבער נישט באַשטעטיקט געוואָרן נישט דורך די איבעריקע קאָמיטעט-גלידער, נישט דורך דער פּאַרטיי, אַלס גאַנצע, און דעריבער איז ער פֿאַרניכטעט געוואָרן — אַלס אַקט, וואָס קאָמפּראָמיטירט די פּאַרטיי — נאָכדעם, ווי אייניקע עקזעמפּלאַרן זענען פֿאַרשפּרייט געוואָרן. פֿונדעסטוועגן האָבן אין דער נאָנטסטער צייט די „נאַראָדאָוואָלצעס" טעאָרעטיש ווײַטער באַרעכטיקט דאָס אויסנוצן די אַנטי-יידישע באַוועגונג פֿאַר די צילן פֿון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז אַזאַ טאַקטיק איז אי פֿאַרברעכעריש, אי פֿעלערהאַפֿט, ווײַל דאָס לעבן האָט באַוויזן, אַז די באַוועגונג קעגן יידן איז אַ זיכער מיטל אין די הענט פֿון די שוואַרצע רעאַקציאָנערן אויף אָפּצווענדן דעם פֿאָלקס צאָרן פֿונם מקור פֿון אַלע צרות, פֿונם אַלגעמיינעם רעזשים, — אין דער זײַט פֿון די אָממייסטן אומטערגעדריקטע קרבנות פֿונם זעלבן רעזשים.

נאָך די יולי-פּאָגראָמען האָט זיך געדאַכט, אַז די עפּידעמיע איז שטיל געוואָרן און וועט זיך אַזוי שנעל נישט איבערחזרן. און דעריבער איז דער איינדרוק געווען פֿון פֿולער אומגעריכטיקייט, ווען אין דעצעמבער 1881 איז געקומען די ידיעה וועגן דריי-טאָגיקן פּאָגראָם אין דער הויפּט-שטאָט פֿון פּוילן — אין וואַרשע. ווייניקער פֿאַר אַלץ האָט מען זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם אין וואַרשע, וואו עס זענען נאָך צו יענער צייט נישט געווען פֿאַרשאַרפֿט די באַציאונגען צווישן פּאָליאַקן און יידן; אָבער די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון

1) די דאָזיקע פֿאַלן האָבן געדינט דער רעגירונג אַלס גרונט פֿאַר די אויבנדערמאָנטע השערות מכּוח דעם אָנטייל פֿון די רעוואָלוציאָנערן אין דער אַנטי-יידישער באַוועגונג (§ 12).

פּאָגראָם, וואָס זענען צוגעשיקט געוואָרן פון אויסן, האָבן געוואוסט ווי
זיך צוצופּאַסן צו די אָרטיקע באַדינגונגען — און דאָס אומגעריכטע איז גע-
שען. אין טאָג פון קאַטוילישן ווייַנאַכטן-יום-טוב, דעם 25-טן דעצעמבער, לויט
בייעם סטיל, ווען דער קאָשטשיאָל פון „הייליקן קרייץ", אין צענטר שטאָט,
איז איבערגעפּולט געווען מיט מתפּללים, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ גע-
שריי: עס ברענט! דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטון צו די טירן, און
אין דער שרעקלעכער מהומה זענען צעטראָטן געוואָרן אויף טויט 29 מענטשן, און
אַ סך, זענען צעקאַלעטשעט געוואָרן. דער אַלאַרם האָט זיך אַרויסגעוויזן
פאַלש: קיין שום שריפה איז אין קאָשטשאָל נישט פּאָרגעקומען, און אַלע
האָבן געטראַכט, אַז דאָס איז אַ געוויינטלעך שפּיצל פון די געניטע וואַר-
שעווער גנבים, כּדי ריינצומאַכן די קעשענעס פון עולם בעת דער שטיקע-
ניש. אָבער גלייך אויפן אָרט, צווישן עולם, וואָס האָט זיך געקליבן לעבן
קאָשטשיאָל און מיט שרעק געקוקט אויף די טויטע גופים פון די דער-
שטיקטע, האָבן אומבאַקאַנטע אַגיטאַטאָרס אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג (וואָס האָט
זיך דערנאָך נישט באַשטעטיקט), אַז אין קאָשטשיאָל האָט מען געכאַפּט
צוויי יידן — די שולדיקע אין טומל. תּיכּף האָט זיך פון ערגעץ דערהערט
אַ פייפעריי, און דאָס איז געווען דער סיגנאַל צום פּאָגראָם. דער שטאָטי-
שער ערב-רב האָט גענומען שלאָגן די דורכגייענדיקע יידן, און דערנאָך
האָט זיך אָנגעהויבן די געוויינטלעכע ראַבירונג פון יידישע קראָמען, רעס-
טאָראַציעס און וואוינונגען אויף די נאָענטע צום קאָשטשיאָל גאַסן. רויבער-
באַנדעס זענען אַרומגעגאַנגען אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטע שטאָט-
גנבים און אומבאַקאַנטע פּאַרשוינען, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט געבן
סיגנאַלן דורך פייפן, און קערעווען דעם המון אויף די אַנדערע גאַסן.
פּאָליציי און זעלנער איז געווען זייער ווינציק, ווי תּמיד דאָרט, וואו דאָס
געפאַר האָט נישט געדראָט אוממיטלבאַר דער מאַכט גופא, און דאָס האָט
צוגעגעבן מוט די באַנדיטן צו ווייטערדיקער „אַרבעט". אויפן צווייטן טאָג
האָבן זיי שוין געאַרבעט אויף אַ סך גאַסן, אין די צענטראַלע און אָפּגע-
לעגענע טיילן שטאָט, אויסער די גאַסן, וואָס זענען געדיכט באַוואוינט מיט
יידן, וואו זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַן ערנסטן ווידערשטאַנד (אין אייניקע
ערטער האָבן זיך יידן פאַרטיידיקט און אין געשלעג זענען געווען פאַרוואונדעטע
פון ביידע צדדים). פּאָליציי און זעלנער האָבן אַרעסטירט אַסך כוליגאַנעס
און זיי אָפּגעשיקט אין צירקל אַריין, אָבער צעיאָגן דעם עולם האָבן זיי
נישט געוואַגט און די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָפּט געטאָן זייער פאַרברעכע-
רישע אַרבעט אויף די אויגן פון די היטער פון דער געזעלשאַפטלעכער
זיכערקייט. לויטן איינגעפירטן שאַבלאָן, האָט זיך די מאַכט ערשט אויפן
דריטן טאָג דערמאָנט, אַז ס'איז שוין צייט צו באַרואיקן דעם עולם, ווייל
די „לעקציע" איז שוין געענדיקט. דעם 27-טן דעצעמבער האָט זיך באַוויזן
אַ באַפעל פון וואַרשעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר, לויט וועלכן די שטאָט

ווערט צעטיילט אויף פיר ראַיאָנען און אין דער שפּיץ פון יעדן איז גע־שטעלט אַ קאָמאַנדיר פון אַ גוואַרדייאישן פּולק. איבער די גאַסן האָט מען צעשטעלט מיליטער, וועלכע האָבן נישט געלאָזט די פּאָגראָם-באַנדעס זיך צונויפקלייבן. דעמזעלבן טאָג האָבן די אומרוען אויפגעהערט. דאָס איז אָבער געשען צו שפּעט, נאָכדעם, ווי אין שטאָט זענען צעשטערט און צע־ראַבירט געוואָרן בײַ 1.500 ייִדישע דירות, האַנדלס-לאָקאַלן און בתּי-מדרשים, און ס'זענען פאַרוואונדעט געוואָרן 24 ייִדן; דער שאָדן האָט דערגרייכט ביז עטלעכע מיליאָן רובל. מ'האָט אַרעסטירט העכער 3.000 כוליגאַנעס, צווישן וועלכע ס'האָבן זיך געפונען אַ סך מינדעריעריקע.

בכלל האָבן געראַבירט דעק-עלעמענטן פון דער פּוילישער געזעלשאַפט, אָבער צווישן זיי האָבן זיך אָפט געטראָפן עפּעס אומבאַקאַנטע פּאַרשוינען, וואָס האָבן גערעדט רוסיש, — און זיי האָבן עס, אפשר, געשפּילט די ראָלע פון אָרגאַניזאַטאָרן פון פּאָגראָם. די פּוילישע פּאַטריאָטן פון דער העכערער געזעלשאַפט זענען געווען אויפגעבראַכט פון אָט דער איגנסצענירונג פון אַ ווילדן „רוסישן" פּאָגראָם אין וואַרשע. אין אַן אויפרוף, געווענדעט צום פאָלק, האָבן די פאָרשטייער פון דער פּוילישער אינטעליגענץ שאַרף פּראָטעסטירט קעגן די העסלעכע סצענעס, וואָס שענדן די הויפּטשטאָט פון פּוילן; דאָסזעלבע האָט געטון דער וואַרשעווער אַרציביסקופּ, און די קסיאָנדזען זענען בעת די עקסצעסן אָפט געגאַנגען מיט קרייצן איבער די גאַסן און אײַנגערעדט דעם עולם פונאַנדערצוגיין זיך אַהיים. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז דער וואַרשעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר האָט אין די פּאָגראָם-טעג אָפּגעזאָגט די השתּדלות פון „קלוב פון פּוילישע בירגער", וואָס האָט געבעטן אַ דערלויבניש צו אָרגאַניזירן אַ בירגער-וואַך מיט דער גאַראַנטיע אײַנצושטעלן רו אין שטאָט משך איין טאָג. דער אָפיציעלער פּאָגראָם-ריטואַל האָט נישט דערלאָזן, ווײַזט אויס, די קלענסטע אָפּווײַכונג; „די אומאָרדנונגען" האָבן געמוזט פאָרקומען אין אַ געוויסער אָרדנונג, לויטן געבאָט: „צוויי טעג פּאָגראָמיר, און אויפן דריטן הער אויף". עמעצן זעט אויס, איז נויטיק געווען, אַז די פּוילישע הויפּט-שטאָט זאָל איבערחזרן דעם עקספּערימענט פון קיעוו און אָדעס, כּדי די „קולטורעלע פּאָליאַקן" זאָלן נישט אָפּשטיין פון די „רוסישע באַרבאַרן", כּדי צו ווײַזן אײראָפּע, אַז פּאָגראָמען זײַנען נישט קיין ספּעציפיש רוסישע דער־פינדונג. דערגרייכט איז אָבער געוואָרן אַ גאַנץ פאַרקערטער רעזולטאַט: די נידערטרעכטיקע וואַרשעווער געשעענישן, וואָס האָבן פאַרענדיקט דעם פּאָגראָם-ציקל פון 1881-טן יאָר, האָבן געמאַכט אויף אײראָפּע און אַמעריקע אַ סך אַ שטאַרקערן אײַנדרוק, איידער אַלע פריערדיקע פּאָגראָמען; ווײַל וואַרשע איז געווען ענג פאַרבונדן מיט מערב דורך ברייטע האַנדלס-באַציאונגען, און איר פאַרוויסטונג האָט זיך אוממיטלבאַר אָפּגערופן אויפן אײראָפּעאישן מאַרק.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאָס שרעקלעכע יאָר 1881 — אַ לייבלעכער

ברודער פון די קריטישע דאַטעס אין דער יידישער געשיכטע: 1096, 1348, 1391, 1648, 1768. העכער הונדערט יאָר איז פאַרגאַנגען זייט דעם לעצטן אויסברוך היידאַמאַטשינע, און ווידער האָט זיך אַדורכגעטראָגן איבער די פעלדער פון דערזעלבער אוקראַינע און איבער די סטעפּעס פון דער געוועזענער זאַפּאַראָזשיע דער אַלטער רוף: „שלאָג די זשידעס!" פון קיעוו ביז טאַווריִדע האָט געפלאַקערט די שריפה פון דער נייער היידאַמאַטשינע, וואָס איז ערטערווייז אַרויסגערופן געוואָרן דורך גרויס-רוסישע אונטערצינדער. דער קליין-רוס האָט געשלאָגן דעם יידן, וואָס איז געווען נאָענט צו אים, און מיט וועלכן ער פלעגט זיך צוזאַמענטרעפן אויפן עקאָנאָמישן באָדן; פאַרן צוגעוואַנדערטן גרויס-רוס איז דער ייד געווען ווייט און פרעמד, אַ געהיימניספולע באַשעפעניש, אַ העלד פון פינסטערע אַבערגלויבערישע לעגענדעס, און ער האָט אים אויך געשלאָגן. ווי אין די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער, האָבן זיך אויך איצט צענויפגעגאָסן אין דער שנאה צום יידנטום רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און עקאָנאָמישע מאָטיוון; אָבער דאָ האָט זיך צו זיי צוגעמישט נאָך אַ נייער עלעמענט — אַ בירגערלעך-פּאָליטישער. אין 1881-טן יאָר האָט זיך אויפגעהויבן אַ כוואַליע באַרבאַריזם אַקעגן דער יידישער געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך אַ ריס געטאָן אין דער קורצער עפּאָכע רעפאָרמעס צו בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג און האָט געפאָדערט פאַר זיך אַן אָרט אין רוסישן מלוכה-לעבן. דער שאַרפער ווינט פון פּאָליטישער רעאַקציע, וואָס האָט אַ בלאָז געטון נאָכן 1-טן מערץ, האָט גענומען יאָגן דידאָזיקע אַנטי-יידישע כוואַליע מיט אַ באַזונדער קראַפט, און די ווילדע סטיכיע האָט ווידער אָנגענומען מיטלאַלטערלעכע פאָרמען. דאָס איז געשען אין זעלבן יאָר, ווען אין שכנותדיקן דייטשלאַנד האָט געבושעוועט דער מאָדערניזירטער אַנטיסעמיטיזם. דאָרט האָט די געזעלשאַפטלעכע רעאַקציע געקעמפט קעגן דער שוין אָנערקענטער יידישער עמאַנסיפּאַציע; דאָ האָט די אָפיציעלע רעאַקציע, אין בונד מיט פינסטערע עלעמענטן געזעלשאַפט, געקעמפט קעגן דער דערוואַרטעטער עמאַנסיפּאַציע, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער פריערדיקער עפּאָכע רעפאָרמען. סיי פון אויבן, סיי פון אונטן האָט מען אין רוסלאַנד נישט געוואָלט זען קיין גלייכבאַרעכטיקטן, פרייען יידן אויפן אָרט פון דערנידעריקטן, פאַרשקלאַפטן. דער ייד האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ — און האָט באַקומען דעם ערשטן פאָגראָם-קלאַפּ, נאָך וועלכן ס'וועלן נאָך קומען אַ סך אַנדערע קלעפּ, נאָך שרעקלעכערע.

## § 14. עמיגראַציע און פּאָגראָם אין באַלטע (1882)

דאָס יאָר 1882 האָבן יידן באַגעגנט אונטערן איינדרוק פֿון הער-שפּוּער פּאָגראָם און פֿון קלאַנגען וועגן רעפּרעסיעס, וועלכע גרייטן זיך אויף זיי. די אומגליקן פֿון די יידישע מאַסן האָבן נאָך מער צערייצט דעם צאָרן פֿון דער רעגירונג. „מ׳שלאָגט אייך, אַ סימן, אַז איר זענט שולדיק,״ — דאָס איז געווען די לאָגיק פֿון די רעגירנדיקע ספֿערן. דער אָפֿיציעלער געשיכטסשרייבער פֿון יענער עפּאָכע איז מודה, אַז ביים אונטערדריקן די פּאָגראָמען „איז דער רעגירונג פֿיינלעך געווען די געצווונגענע ראָלע פֿון יידן-פֿאַרטיידיקער קעגן דער רוסישער באַפֿעלקערונג״. אויפֿן באַריכט פֿון וואַרשעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר, וואָס איז דערלאַנגט געוואָרן דעם צאַר און וואו ס׳האָט זיך גערעדט וועגן דעם, ווי מ׳האָט אונטערדריקט די אַנטי-יידישע „אומרוען״ מיט מיליטערישער מאַכט, האָט אַלכסנדר [ה־3] געמאַכט אַ באַמערקונג: „אָט דאָס איז טאַקע דאָס טרויעריקע אין די אַלע יידישע אומרוען״. דער צאַר האָט זיך געזאָרגט נישט וועגן די צעשלאָגענע יידן, נאָר וועגן די „באַרואיקטע״ און „באַרואיקנדיקע״ רוסישע לייט. ווייטזיכ-טיקערע אין דער יידישער געזעלשאַפֿט האָבן פֿאַרשטאַנען, צו וועלכע רעזולטאַטן ס׳קענען פֿירן דידאָזיקע דראָענדיקע טענדענצן פֿון די „העכערע ספֿערן״; ווייניקער פֿילבאַרע האָבן זיך געווענדט מיט פֿראַגן צו דער רעגי-רונג גופֿא און האָבן באַקומען נישט קיין צווייידייטיקע תשובות. אין יאַנואַר 1882 האָט דער מיניסטער נ. פּ. איגנאַטיעוו דערקלערט דעם ד״ר אָרשאַנסקי (אַ ברודער פֿון באַקאַנטן פּובליציסט) און דערלויבט צו פֿאַרעפֿנטלעכן פֿאָלגנ-דיקעס: „די מערב-גרענעץ איז פֿאַר יידן אָפֿן. יידן האָבן שוין ברייט אויסגע-נוצט דאָסדאָזיקע רעכט און זייער עמיגרירן איז מיט קיין זאַך נישט געשטערט געוואָרן. וואָס איז שייך דער פֿראַגע, וועלכע איר דערוועקט מכּוח איבערפֿירן יידן אין דער טיף פֿון דער מלוכה, וועט די רעגירונג, פֿאַרשטייט זיך, אויסמיידן אַלץ, וואָס קען נאָך מער קאָמפּליצירן די באַציאונגען פֿון יידן צו דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג. און דעריבער, איינהיטנדיק אין דער פֿולער מאָס דעם תּחום פֿאַר יידן, האָב איך שוין פֿאָרגעלייגט דעם יידישן קאָמי-טעט (ביים מיניסטעריום) אָנצווייזן די געגנטן, וואָס זענען ווינציק באַוואוינט און וואו ס׳קען זיך אין קאָלאָניזאַציע, אין וועלכע מ׳קען צולאָזן אַ יידישן עלעמענט אָן שאָדן פֿאַר דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג״. דעם מיניסטערס ענטפֿער, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין די צייטונגען, האָט נאָר גע-

קענט פֿאַרשטאַרקן די פּאַניק־שטימונג. מ'האָט יידן עפֿנטלעך דערקלערט, אַז די רעגירונג וויל פּטור ווערן פֿון זיי, אַז ס'ווערט זיי געגעבן בלויז איין „רעכט" – דאָס רעכט צו עמיגרירן, אַז אויף דער פֿאַרברייטערונג פֿון תּחום איז נישטאָ וואָס צו האָפֿן און אַז בלויז אין עקסטן פֿאַל וועט די רעגירונג דערלויבן יידישע גרופּעס צו קאָלאָניזירן די וויסטע סטעפּעס פֿון מיטל־אַזיע, אָדער סיבירער טונדרעס. מער אינפֿאָרמירטע קרייזן האָבן גע־וואוסט נאָך עפּעס ערגערס: אַז אין „יידישן קאָמיטעט" ביים אינערן־מי־ניסטעריום ווערט צוגעגרייט אַ דראַקאָנישער פּראָיעקט וועגן פֿאַרשמעלערן די טעריטאָריע פֿון תּחום גופֿא, וועגן אַרויסטרייבן יידן פֿון די דערפֿער און זיי קאָנצענטרירן אין די איבערפֿולטע שטעט.

דעם פֿאָלקס נשמה איז איבערפֿולט געווען מיט פֿאַרביטערונג און שרייען, עפֿנטלעך פּראָטעסטירן איז געווען אוממעגלעך. האָט מען געמוזט אָנקומען צו דער אַלטער פֿאָרם פֿון נאַציאָנאַלן פּראָטעסט – אויסגיסן דאָס האַרץ אין בית־המדרש. אַ סך יידישע קהלות האָבן זיך צענויפֿגערעדט צו באַשטי־מען אויפֿן 18־טן יאַנואַר אַן אַלגעמיינעם פֿאָלקס־תּענית מיט תּפֿילות אין די שולן לויטן צערעמאָניאַל פֿון טרויער־טעג. אין פּעטערבורג איז דידאָזיקע טרויער־דעמאָנסטראַציע אַדורך באַזונדערס אימפּאָזאַנט. אין באַשטימטן טאָג האָט זיך אין דער גרויסער סינאַגאָגע און אין אַנדערע בתּי־מדרשים צע־נויפֿגעקליבן די גאַנצע יידישע קאָלאָניע פֿון דער קרוין־שטאָט מיט איר צאָלרייכער אינטעליגענץ. מ'האָט געזונגען די הימנען פֿון הונדערט־יעריקן מאַרטירערטום – די „סליחות"; אין דער גרויסער שול האָט דער רב דראַבקין געהאַלטן אַ רעדע וועגן די איבערגעלעבטע גרוילן. „ווען דער רעדנער, – שרייבט אַ עד־ראיה, – האָט מיט אַ ציטערנדיק קול אָנגעוואָרפֿן אַ בילד פֿון דער לאַגע, אין וועלכער ס'געפֿינט זיך איצט דאָס יידנטום, האָט זיך פּלוצלינג אַרויסגעריסן, ווי פֿון איין ברוסט, אַ טיפֿער יאָמער און זיך צעגאָסן איבער דער גאַנצער שול. אַלע האָבן געוויינט: אַלטע, יונגע, אָרימע יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס און אויסגעפּוצטע פּראַנטן, געקליידט לויט דער לעצ־טער מאָדע, באַאַמטע, דאָקטוירים, סטודענטן, – וועגן פֿרויען איז שוין אָפּ־גערעדט. אַ צוויי־דריי מינוט האָבן געדויערט דידאָזיקע האַרצרייסנדיקע גע־וויינען, דערדאָזיקער אויסגעשריי פֿון אַלגעמיינעם אומגליק. דער רב האָט נישט געקענט ווייטער רעדן. ער איז געשטאַנען אויף דער בימה, די הענט אויפֿן געזיכט און געוויינט, ווי אַ קינד." – דיזעלבע פּאָליטישע דעמאָנ־סטראַציעס פֿאַר גאָט זענען אין יענע טעג פֿאָרגעקומען אויך אין אַ סך אַנדערע שטעט, דערביי איז ערטערווייז באַשטימט געוואָרן אַפֿילו אַ דריי־טאָגיקער תּענית. אומעטום האָט די שול־יוגנט אָנטייל גענומען אין אַלגעמיינעם טרויער, ווי זי וואָלט געפֿילט, אַז איר שטייען נאָך פֿאַר צענדליקער יאָרן פֿון אומגליק און טרערן.

דער פּאָליטישער פּראָטעסט, וואָס איז אוממעגלעך געווען אין רוסלאַנד האָט זיך דערהערט פון ענגלאַנד. אין דערזעלבער צייט, ווען די רוסישע יידן האָבן געוויינט אין זייערע שולן, האָבן זייערע ענגלישע ברידער, צוזאַמען מיט אָנגעזעענע פּאָליטישע טוער פון די קריסטן, איינגעאָרדנט „פּראָטעסט-מיטינגען" קעגן די שרעקן פון רוסישן אַנטיסעמיטיזם. נאָך פריער, גלייך נאָכן וואַרשעווער פּאָגראָם, האָט זיך אין דער צייטונג „Times" באַוויזן אַ סעריע אַרטיקלען, אונטערן טיטל „די פאַרפאָלגונגען פון יידן אין רוסלאַנד" אין וועלכע ס'זענען בולט געשילדערט געוואָרן אַלע פּאַגראָמען פון 1881-טן יאָר. די אַרטיקלען האָבן געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. זיי זענען איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ באַזונדער בראָשור, וואָס האט אין אַ קורצער צייט אויסגעהאַלטן דריי אויפלאַגעס, און איז פאַרשפרייט געוואָרן ווייט איבער די גרענעצן פון ענגלאַנד. אין דער געזעלשאַפט און אין דער פרעסע האָבן זיך געהערט שטימען וועגן דער נויטווענדיקייט אָנצונעמען דיפּלאָמאַטישע שריט לטובת די אונטערדריקטע און אָרגאַניזירן מאַטעריעלע הילף פאַר די קרבנות פון די פּאָגראָמען. די רוסישע דיפּלאָמאַטן האָט זייער נישט געשמעקט דערדאָזיקער וואוקס פון אַנטי-רוסישע שטימונגען אין אַ לאַנד, וואָס זיין רעגירונג (גלאַדסטאָנס קאַבינעט, וואָס האָט פאַרביטן ביקאָנספילדס רוסלאַנד-פיינטלעכן קאַבינעט) האָט אונטערגעהאַלטן מיט רוסלאַנד פריינטלעכע באַציאונגען. אין אָרגאַן פון רוסישן אויסערן-מיניסטעריום — Journal de St. Petersbourg — זענען דערשינען צוויי אַרטיקלען, אין וועלכע מ'האָט זיך באַמיט אָפּצולייקענען די מער שרייענדיקע פאַקטן אין דער באַשרייבונג פון „Times". דער אפיציאז האָט געהאַט די דרייסטקייט צו דערקלערן, אַז „די רעגירונג איז שוין צוגעטראָטן צו באַטראַכטן נייע געזעצגעבערישע מאס-מיטלען" בנוגע יידן, נישט דערמאָנענדיק, פאַרשטייט זיך, וועגן רעפּרעסיוון כאַראַקטער פון דידאָזיקע מיטלען. דער אָרגאַן פון דער רוסישער דיפּלאָמאַטיע האָט מיט אויפרעגונג באַפרעגט, צי ווילן נישט אַמאָל די אַגיטאַטאָרן-יודאָפילן „אַריינטראָגן קריג צווישן דער רוסישער און דער ענגלישער געזעלשאַפט", צעשטערן די גוטע באַציאונגען צווישן רוסלאַנד און ענגלאַנד, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט נאָך פאַרבייטן ביקאנספילדס קאַבינעט מיט גלאַדסטאָנס. אָבער דידאָזיקע דיפּלאָמאַטישע פּאָלעמיק האָט נישט אָפּגעהאַלטן די פּאָליטישע טוער אין ענגלאַנד פון דורכפירן די צוגעגרייטע דעמאנסטראַציע.

דעם 1 פעברואַר 1882, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ ריזיקער מיטינג אין לאָנדאָן, אין זאַל Mansion House (שטאָט-הויז), אונטערן פאָרזיץ פון לאָרד-מער. די גאַנצע עליטע פון דער ענגלישער געזעלשאַפט איז דאָ געווען פאַרטראָטן: מיטגלידער פון ביידע פּארלאמענט-פּאלאטעס, ביסקופּן, הויכגעשטעלטע לאָרדן, געלערטע. ס'זענען איבערגעלייענט געוואָרן בריוו פון

אייראָפּעאישע פּאָליטיק... 

ייראָפּלוסרייכע פֿערזאָנען, וועלכע האָבן נישט געקאָנט קומען, און האָבן אויסגעדריקט זייער הייסע סימפּאַטיע פֿאַרן ציל פֿון מיטינג (דער פּאָעט-לוירעאַט טעניסאָן, דער נאַטורפֿאָרשער דזש. לעבבאָק און אנד.). דער ערשטער רעדנער אויף דער פֿאַרזאַמלונג, לאָרד שעפֿטסבעורי, האָט אָנגעוויזן, אַז די ענגלישע געזעלשאַפֿט פֿאָדערט נישט קיין אַריינמישונג אין רוסלאַנדס אינערלעכע ענינים, זי וויל אָבער ווירקן אויף איר מיט „מאָראַלישע כּלי-זין", אין נאָמען פֿון פּרינציפּ פֿון „פֿעלקער-סאָלידאַריטעט". בנוגע די אָפּלייקענונגען פֿון דער רוסישער אָפֿיציעלער פּרעסע, האָט ער באַמערקט, אַז אויב ס'איז אמת אפֿילו נאָר אַ צענט-חלק פֿון די ענגלישע ידיעות וועגן די פּאָגראָמען, איז דאַן אויך דער פּראָטעסט-מיטינג נויטווענדיק. מ'דאַרף — לויט שעפֿטסבעוריס מיינונג — אַפּעלירן צום צאַר און אים בעטן, „אַז ער זאָל זיין פֿאַר די יידן אין רוסלאַנד אַ כּורש און נישט קיין אנטיוכוס עפּיפֿאַנוס". דער לאָנדאָנער בּיסקופּ האָט אין זיין רעדע דערמאָנט, אַז מיט אַ פּאָר יאָר פֿריער איז ענגלאַנד אויפֿגעציטערט געוואָרן פֿון די קלאַנגען וועגן גוואַלדטאַטן פֿון טערקישע באַשיבוזוקן איבער בולגאַרן, וועלכע רוסלאַנד האָט פֿאַרטיידיקט, — און זי האָט איצט דאָס רעכט צו פֿאָדערן פֿון דער קריסטלעכער רוסלאַנד דאָס, וואָס מ'האָט פֿריער געפֿאָדערט פֿון דער מוסולמענישער טערקיי. די שטאַרקסטע רעדע האָט געהאַלטן דער קאַטוילישער קאַרדינאַל מאַנינג. ער האָט אויפֿמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז די רוסישע יידן זענען נישט בלויז קיין אָביעקט פֿון ציטווייליקע פּאָגראָמען, נאָר זיי קרעכצן כּסדר אונטערן יאָך פֿון אַ שעדלעכער געזעצגעבונג, וואָס זאָגט צום יידן: „זאָלסט זיך נישט דערוואַגן צו באַזעצן אין דער און דער שטאָט, טאָרסט זיך נישט דערנענטערן אויף עטלעכע מייל צו דער און דער גרענעץ". ביי אַ הילכיקן געלעכטער און אויסגעשרייען פֿון ״ערן״ האָט דער רעדנער ציטירט איגנאַטיעווס באַרימטן צירקוליאַר וועגן צונויפֿרופֿן די „גובערניע-קאָמיסיעס", אין וועלכן דער מיניסטער „באַוויינט די טרויעריקע לאַגע פֿון דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג אין די דרום-גובערניעס". נאָכדעם ווי ס'זענען ערשט פֿאָרגעקומען די שרעקלעכע פּאָגראָמען אויף יידן. זיין גלענצנדיקע רעדע האָט דער קאַרדינאַל מאַנינג פֿאַרענדיקט מיט ווערטער, אין וועלכע ס'האָט געקלונגען נביאישער פּאַטאָס: „ס'איז דאָ אַ בוך, וואָס איז דער געמיינזאַמער פֿאַרמעגן פֿון פֿאָלק ישראל און פֿון די קריסטן. דאָסדאָזיקע בוך פֿאַרבינדט אונז אַלעמען, און אין דאָזיקן בוך לייען איך, אַז דאָס פֿאָלק ישראל — איז דאָס עלטסטע פֿאָלק אויף דער ערד, בעת רוסן, עסטרייכער און ענגלענדער זענען פֿעלקער ערשט פֿון נעכטן. דאָסדאָזיקע פֿאָלק לעבט מיט דער קראַפֿט פֿון זיין אומשטערבלעכן גייסט, פֿון זיינע פֿעסטע טראַדיציעס, זיין פֿעלזן-פֿעסטן גלויבן אין גאָט און אין געטלעכע געזעצן, — ס'איז אַ פֿאָלק, וואָס איז צעזייט איבער דער

גאַנצער וועלט, איז דורכגעגאַנגען דורך שייטערהויפנס און איז נישט אונטערגעגאַנגען; עס ווערט געשטראָפט אין שטויב, אָבער ס'האָט זיך נישט אויסגעמישט מיטן שטויב".

נאָך אַ גאַנצער רייע רעדעס (פון קירכן־היסטאָריקער פּראָפעסאָר, פּראָפ. ברייס און אַנד.) איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס'האָט זיך געזאָגט: אַז די געוואַלט־טאַטן, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן איבער יידן אין פאַרשידענע ערטער פון רוסלאַנד, זענען אַ טרויעריקע פאַרשוועכונג פון די יסודות פון דער ציוויליזאַציע; אַז די פאַרזאַמלונג, נישט האָבנדיק נישט קיין רעכט און נישט קיין פאַרלאַנג אַריינצומישן זיך אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן פון אַ פרעמד לאַנד, האַלט פונדעסטוועגן פאַר איר חוב אַרויסצוזאָגן איר איבערצייגונג, אַז די רוסישע געזעצן לגבי יידן דערנידעריקן די לעצטע אין די אויגן פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און גיבן צו מוט פאַר גראָבע געוואַלדטאַטן קעגן זיי; און צום סוף, אַז דער לאָרד־מער ווערט געבעטן איבערצוגעבן אַ קאָפּיע פון דער רעזאָלוציע דעם פּרעמיער־מיניסטער גלאַדסטאָן און דעם מיניסטער פאַר אויסלענדישע ענינים גראַנוויל, מיטן וואונטש, אַז „ביי אַ גינסטיקער געלעגנהייט זאָל געמאַכט אַ פריינטלעכע איינווירקונג אין גייסט פון די אויבנגעבראַכטע פונקטן אין דער רעזאָלוציע". ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צונויפצוזאַמלען אַ געלט־פאָנד אויף צו העלפן די פּאָגראָם־געליטענע רוסישע יידן און אויף צו פאַרבעסערן זייער לאַגע דורך עמיגראַציע, אָדער אויף אַנדערע אופנים. אין קאָמיטעט, וועלכן דער מיטינג האָט צוליב דעם ציל אויסגעוויילט, זענען אַריין: דער לאָרד־מער, דער קענטערבערישער אַרכיבּיסקופּ, קאַרדינאַל מאַנינג, דער בּיסקופּ פון לאָנדאָן, נתניאל ראָטשילד און אַנד.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך די ענגלישע רעגירונג אָפּגערופן אויף דער רעזאָלוציע פון מיטינג. אין די רוסישע צייטונגען האָבן זיך באַוויזן פאָלגנדיקע טעלעגראַמעס פון לאָנדאָן מיט דער דאַטע פון 9־פעברואַר נ. ס.: „אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע האָט גלאַדסטאָן געענטפערט סימאָנען, אַז די באַריכטן פון די קאָנסולן וועגן די פאַרפאָלגונגען פון יידן אין רוסלאַנד זענען אָנגעקומען. די זאַך דאַרף אַוודאי אַרויסרופן געפילן פון באַדויערונג און עקל, אָבער עס איז אַ דערשיינונג פון אינעווייניקסטן לעבן אין אַן אַנדער מלוכה און קאָן דערום נישט זיין קיין אָביעקט פאַר אַן אָפיציעלן בריוו־אויסטויש, אָדער פאַר אַן אויספאָרשונג מצד ענגלאַנד. עס זענען בלויז מעגלעך פריינטלעכע אָנווייזונגען ביי אַ געלעגנהייט; יעדע אַנדערע האַנדלונג אין דער פראַגע וועגן דער באַציאונג פון דער רוסישער רעגירונג צו יידן, וועט גיכער ברענגען שאָדן, ווי נוצן, דער יידישער באַפעלקערונג". דעם 14־טן פעברואַר, ווידער, איז געווען אַזאַ טעלעגראַמע פון לאָנדאָן: „אין דער אויבערשטער פּאַלאַטע האָט גלאַדסטאָן, ענטפערנדיק וואָרמסן,

דערקלערט, אַז מענטשנפריינטלעכע ציילן קאָן מען נישט פאַרווירקלעכן דורך פּאַרלאַמענטאַרישע דעבאַטן וועגן רוסישע יידן. אַזעלכע דעבאַטן זענען גיכער עלול אַרויסצורופן ביי אַ געוויסן טייל רוסישער באַפעלקערונג אַ פיינטלעכע שטימונג קעגן יידן, און דעריבער וועט נישט באַשטימט ווערן קיין טאָג פאַר דעבאַטן איבער וואָרמסעס אָנפרעג".

דידאָזיקע דערקלערונגען האָבן אַביסל אָפּגעשוואַכט דעם נישטאָנגענעמען איינדרוק, וואָס די לאָנדאָנער מיטינגען האָבן אַרויסגערופן אין פּעטערבורג, אָבער אַ געוויסע אומרואיקייט האָט זיך נאָך אַלץ געשפּירט. די פּערספּעקטיוו פון „פריינטלעכע אָנווייזונגען ביי אַ געלעגנהייט" מצד ענגלאַנד האָט דער רוסישער רעגירונג נישט געשמעקט, און זי האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען אָפּצוווענדן דעמדאָזיקן מאָראַלישן קלאַפּ. אין „פּראַוויטעלסטווענוי וועסטניק" האָט זיך באַוויזן זייער אַ בייזע אָפיציעלע מעלדונג אין שייכות מיט די „קלאָגעס" וועגן דעם, אַז ס׳גרייט זיך אַן ענגלישע איינמישונג לטובת יידן".
„די יידן-פראַגע – זאָגט די מעלדונג – געהערט דורכאויס צו די אינעווייניקסטע ענינים, און יעדע מלוכה האַנדלט לויט איר אייגענעם איינזען און וועט קיינמאָל נישט דערלאָזן אַ פרעמדע אַריינמישונג, אָדער אַן עצה אין וואָסער פאָרם ס׳זאָל נישט זיין. יעדע אינטערווענץ מצד אַ פרעמדער מלוכה לטובת דער יידישער נאַציע וואָלט בלויז געקענט אַרויסרופן אומצופרידנקייט ביי ברייטע שיכטן באַפעלקערונג און אומגינסטיק זיך אָפּרופן אויף דער לאַגע פון יידן". גלייכצייטיק מיט דעראָזיקער דראָאונג האָט זיך די אָפיציעלע צייטונג באַמיט צו דערווייזן, אַז די מיטלען פון דער רעגירונג קעגן פּאָגראָמען „זענען נישט געווען שוואַך", ווי ס׳איז צו זען פון דער באַדייטנדיקער צאָל פּערזאָנען, וואָס פּאָליציי האָט אַרעסטירט נאָך די „אומרוען" (3675 אויפן דרום און 3151 אין וואַרשע). אַזעלכע דערקלערונגען מצד דער רוסישער רעגירונג האָבן געצוואונגען גלאַדסטאָנס קאַבינעט זיך אָפּצוהאַלטן פון „פריינטלעכע אָנווייזונגען" אין פּעטערבורג לטובת רוסישע יידן. גלאַדסטאָן האָט זיך אַפילו אָפּגעזאָגט אָנצונעמען, – אויף איבערגעבן דער רוסישער רעגירונג, – אַ פּעטיציע פון פאַרשטייער פון ענגלישן יידנטום מיט באַראָן ראָטשילד אין דער שפּיץ. גראַף איגנאַטיעוו האָט געמעגט זיין רואיק: די אומאָנגענעמלעכקייטן מיט דער ענגלישער רעגירונג זענען באַזייטיקט געוואָרן, און די פלאַמענדיקע פּראָטעסטן אויף די מיטינגען האָבן אים ווייניק וואָס געקימערט. ער האָט זיך ווייטער געטון דאָס, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ געפיל פון „עקל" אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט.

אַ גרויסער „פּראָטעסט-מיטינג" איז אין פעברואַר פאָרגעקומען אויך אין ניו-יאָרק, וואו ס׳האָבן שוין אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע אַנטלאָפענע פון רוסלאַנד. ס׳איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָטעסט-רעזאָלוציע קעגן די „מיטלאַלטערלעכע פאַרפאָלגונגען, וואָס זענען באַגייט געוואָרן אין רוסלאַנד", מיט

דער פאָדערונג פון אַן ענערגישער אינטערווענץ אין פּעטערבורג אין נאָמען פון פאָלק און רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן. איינער פון די רעדנער אויפן ניו-יאָרקער מיטינג, ריכטער דעוויס, האָט געזאָגט ביי באַגייסטערטע אויסגעשרייען פון פּובליקום: „אויב די לאַגע פון רוסישע יידן וועט נישט פאַרבעסערט ווערן אויף אַ געזעצגעבערישן וועג, נישט געקוקט אויף אַלע אָנווייזן פון פּאָליטישער קלוגשאַפט, דאַן האָבן די אַמעריקאַנער, אַ חוץ פּריינטלעכע אויפפאָדערונגען, אויך גענוג דאָלאַרן, כּדי אַריבערצופירן אויף דער פרייער אַמעריקאַנער טעריטאָריע און דאָרט איינאָרדנען די אַלע דריי מיליאָן בירגער, וואָס האָבן נאָך נישט דערווייל קיין פאָטערלאַנד". דער ענטוזיאַסטישער רעדנער האָט מיט די ווערטער אויסגעדריקט דעם טיפן פאַרבאָרגענעם פאַרלאַנג פון די טרוימער פון רוסישן געטאָ.

אין רוסלאַנד זענען דאַמאָלסט אַנטשטאַנען אַן אַ שיעור יידישע קרייזלעך וואָס זייערע מיטגלידער האָבן זיך געגרייט צו עמיגרירן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, אין לאַנד פון פרייהייט, און אַלע האָבן געהאָפט אויף עפּעס וואונדערבאַרע הילף פון אויסן, מצד די יידישע אָרגאַניזאַציעס פון אייראָפּע און אַמעריקע. פון דעם מאָמענט אָן, זינט איגנאַטיעוו האָט דערקלערט, אַז די מערב-גרעניץ איז פאַר יידן אָפן, האָבן די קאָרעספּאָנדענצן אין די יידישע צייטונגען גענומען ווימלען מיט ידיעות פון הונדערטער שטעט, באַזונדערס פון דרום-רוסלאַנד, וועגן דער פאָרמירונג פון וואַנדער-גרופּעס. „אונזער אָרעמער קלאַס לעבט איינציק און אַליין מיט דער האָפנונג אויף עמיגראַציע. ע מ י ג ר אַ צ י ע, אַ מ ע ר י ק ע — אָט איז דער דעוויז פון אונזערע ברידער" — אַזוי קלינגען די סטערעאָטיפּישע פראַזעס פון די דעמאָלטיקע קאָרעספּאָנדענצן. אַ סך אינטעליגענטע מענטשן האָבן געחלומט וועגן גרינדן יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע אָדער פאַרמערישע קאָלאָניעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו געוויסע עמיגראַנטישע גרופּעס האָבן שוין אין יאָר 1881 באַוויזן זיך איינצואָרדנען ביי לאַנד-פערמעס. אַ טייל יוגנט איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון געדאַנק צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע, און זי האָט אַנטוויקלט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פון דערדאָזיקער נאַציאָנאַלער אידייע צווישן דער עמיגראַנטן-מאַסע. ס'האָט זיך געפילט אַ דרינגנדיקע נויטיקייט צו פאַראייניקן דידאָזיקע אַלע צעזייטע קרייזלעך, צו גרינדן אַ צענטראַלן עמיגראַציע-קאָמיטעט, וועלכער זאָל רעגולירן די סטיכישע פאָלקס-באַוועגונג. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי די יידישע כּלל-טוער איז נישטאָ קיין איינשטימיקייט אין די אַלע פראַגן. אין דער צייט, וואָס די אינטעליגענץ (די מער נאָענטערע צום פאָלק) און אַ טייל פּרעסע (באַזונדערס „ראַזסוויעט") זענען כּסדר אַרויסגעטרעטן פאַר אָרגאַניזירן די עמיגראַציע, אַלס די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון מאָמענט, — האָט די יידישע קהלה-אָליגאַרכיע פון פּעטערבורג מורא געהאַט, אַז אויב זי וועט אַקטיוו מיטהעלפן דער עמיגראַציע, וועט מען זי

באשולדיקן אין „אומלאיאליטעט״, אין נישט-גענוגנדיקער צוגעבונדנקייט צו רוסלאנד. פון דער צווייטער זייט, האט דער ראדיקאל-געשטימטער טייל געזעלשאפט געזען אין דער אויפמונטערונג צו מאסן-עמיגראציע א מין נאכ-גיביקייט לגבי איגנאטיעווס רעגירונג, און אומדירעקטן אפזאג פון קאמף פאר גלייכבארעכטונג אין רוסלאנד גופא (דער ארגאן פון דער גרופע איז געווען „וואסכאד״). צו פרילינג-צייט 1882 איז די פראגע וועגן ארגאניזירן די עמיגראציע געווארן אזוי צייטיק, אז מ׳האט געמוזט צונויפרופן אין פעטערבורג א צוזאמענפאר פון פראווינציעלע טוער, כדי זי צו באטראכטן. אבער די דעלעגאטן האבן נאך נישט באוויזן זיך צונויפצופארן אין דער קרוינשטאט, ווי פון דרום האט זיך ווידער דערטראגן א בייזע בשורה: ס׳האט אויסגעבראכן דער שרעקלעכער פאגראם אין באלטע, — א חשובער יידישער צענטער אין פאדאליע, וואו ס׳האט זיך נישט לאנג פאר דעם ערשט געהאט געשאפן אן יידישער איבערוואנדער-קרייז. נאך לאנג ערב דער רוסישער פאסכע — דעם הויך-סעזאן פון פאגראמען — זענען א סך אויפמערקזאם געווארן אויף דער מעלדונג פון „פראוויטעלסטוועני וויעסטניק״ (אין מערץ), אז פון היינט אן וועט די צייטונג פינקטלעך מודיע זיין וועגן אלע פאלן פון „יידישע אומרועןו״, לויט אפיציעלע באריכטן פון די גובערנאטארן; ריכטיק ווי די רעגירונג וואלט געוואוסט אויף פריער, אז פאגראמען וועלן פארקומען. אפילו די קאנסערוואטיווע „מאסקאווסקיא וויעדאמאסטי״ האבן זיך וועגן דערדאזיקער אומפארזיכטיקער מעלדונג אפגערופן איראניש: „דער פראוויטעלסטוועני
יעסטניק״ טרייסט דעם עולם מיט דער מעלדונג, אז ער וועט רעכטצייטיק אן געבן מודיע זיין וועגן אלע פאלן פון ממיתן יידן. מ׳קאן מיינען, אז דאס זענען געוויינלעכע דערשיינונגען, וואס ווערן ארויסגערופן דורך נאטור-געזעצן, וועגן וועלכע ס׳בלייבט מער נישט איבער, ווי מודיע זיין דעם עולם רעכט-צייטיק. צי איז דען נישטא קיין מיטלען א סוף צו מאכן צום דאזיקן הימל-שרייענדיקן סקאנדאל?״ די געשעענישן האבן גלייך באוויזן, אז מ׳האט נישט געוואלט א סוף מאכן צום „סקאנדאל״. די יידישע באפעלקערונג פלעגט פריער וואָרענען די ארטיקע מאכט, אז ס׳גרייט זיך א פאגראם. פון מיטן מערץ האט מען אין באלטע און אומגעגנט אפן גערעדט וועגן קומענדיקן פאגראם. ווען די יידן האבן געמאלדן וועגן זייער חשד דעם באלטער פאליצמייסטער, האבן זיי באקומען פון אים א צווידייטיקן ענטפער. אין א שטאט, וואו די יידישע באפעלקערונג איז געווען דריי מאל גרעסער פאר דער קריסטלעכער, איז גאנץ לייכט געווען צו גרינדן א זעלבסטשוץ, אבער די איינוואוינער האבן געוואוסט, אז אזא ארגאניזאציע איז שטרענג פארבאטן דורך דער מאכט, און מ׳האט זיך געמוזט באנוגענען מיט א געהיימען אפמאך צווישן איניקע פאמיליעס — זיך קעגנזייטיק צו העלפן אין מאמענט פון סכנה. אויפן צווייטן טאג פון דער רוסישער פאסכע (א יפן זיבעטן טאג פון יידישן פסח), דעם

29-טן מערץ, האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם, וואָס האָט איבערגעשטיגן מיט זיין גרויזאַמקייט אַלע וואקכאנאַליעס פון 1881-טן יאָר. אָט וואָס עס שרייבט דאַמאָלסט איינער אין אַן אָפיציעלן מעמאראנדום, צענויפגעשטעלט אויפן גרינט פון אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג:

„ביים אָנהויב פּאָגראָם האָבן די צענויפגעלאָפענע יידן באַצוואונגען די באַנדע כוליגאנעס אָפּצוטרעטן, און זי האָט זיך באהאַלטן אין דער געביידע פון די פייערלעשער. אָבער מיטן באַווייזן זיך פון פּאָליציי און זעלנער זענען די כוליגאנעס אַרויס פון זייער באַהעלטעניש. אנשטאָט צו צעיאָגן די באַנדע, האָבן פּאָליציי און זעלנער גענומען שלאָגן די יידן מיט ביקסן-קאָלבעס און שווערדן. דאָס איז געווען דער סיגנאַל צום פּאָגראָם. אין זעלבן מאָמענט האָט עמיץ גענומען קלינגען אין אַלאַרם-גלאָק, און עס האָט זיך גענומען קלייבן דער שטאָטישער המון; מורא-האָבנדיק, אַז אין דעם שטאָט-טייל איז צו גרויס דער איבערגעוויכט פון דער יידישער באַפעלקערונג, האָט זיך דער המון געלאָזט איבערן בריק אויף דער אַזיגערופענער טערקישער זייט, וואו עס וואוינען ווינציקער יידן. דעם המון האָבן באַגלייט דער אָרטיקער נאַטשאַלניק, דער פּאָליצמייסטער, דער שטאָט-פּרעזידענט און אַ טייל זעלנער פון אָרטיקן באטאליאָן; דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דעם המון, אַדורכגייענדיק די סאָבאָרנע גאַס, אויפצורייסן אַ קראָם און צוברעכן די שויבן אין הויז פון אַ יידן, אַ ראטמאַן פון שטאָט-ראַט. נאָכדעם ווי דער המון איז אַריבער אויף דער טערקישער זייט, האָט די מאַכט צעשטעלט אויף אַלע בריקן, וואָס פאַרבינדן די טערקישע זייט מיטן ערשטן טייל שטאָט, אַ מיליטער-קייט, מיט אַ באַפעל: קיין יידן נישט אַדורכצולאָזן. דערפאַר האָט מען קריסטן פון אַנדערע שטאָט-טיילן און פון דאָרף אַלעקסאַנדראָווקע דורכגעלאָזט אומגעשטערט. אַ דאַנק דערדאָזיקער פאַראָרדנונג איז די טערקישע זייט צעראַבירט געוואָרן אין משך פון 4 — 3 שעה, אַזוי, אַז איינס אַ זייגער ביינאַכט האָבן שוין די רויבער דאָרט נישט געהאַט וואָס צו טון. ביינאַכט האָט די פּאָליציי און די מיליטער-מאַכט אַרעסטירט 24 רויבער און אַ סך אַ גרעסערע צאָל יידן, — די לעצטע דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואַגט צו שטיין לעבן זייערע וואוינונגען. אויף מאָרגן פרי האָט מען די קריסטן באַפרייט, און זיי האָבן פאַרשטאַרקט די רייען פון די רויבער. די יידן אָבער האָט מען געהאַלטן אַרעסטירט צוויי טעג... אויפן צווייטן טאָג, דעם 30-טן מערץ, האָבן פון 4 אַזייגער פאַרטאָג גענומען שטראָמען אין שטאָט מאַסן פויערים, וואָס זענען דורכן איספּראַווניק אַרויסגערופן געוואָרן פון די שכנותדיקע דערפער; זיי זענען געווען ביז 5000 מאַן, און אַלע באַוואָפנט מיט בולאַוועס. לכתחילה האָבן זיך די יידן דערפרייט. זיי האָבן גערעכנט, אַז די פויערים זענען אַרויסגערופן געוואָרן זיי צו פאַרטיידיקן, אָבער תיכף האָבן זיי זיך איבערצייגט אין זייער טעות: די פויערים זענען געקומען שלאָגן און ראַבעווען יידן. גלייכצייטיק מיטן אָנקום פון די

פויערים, האָבן זיך גענומען זאַמלען צום הויפּט־קלויסטער מחנות פון אָרטיקן המון, און אַרום 8 אַזייגער אינדערפרי האָט מען אָנגעהויבן געבן סיגנאַלן צו באַנייען דעם פּאָגראָם. צו ערשט האָט זיך עס נישט איינגעגעבן, ווײַל די אָפיצירן פון אָרטיקן באַטאַליאָן, וואָס זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּאַטרול איבערן גאַס, האָבן אַרומגערינגלט דעם המון מיט זעלנער און אים אַזוי אָפּגעהאַלטן אומגעפער אַ שעה צייט, אין משך פון וועלכער דער פּראָטאָיערײ ראַדזיאָנאָווסקי האָט פּרובירט אײַנצונעמען די כוליגאַנעס, זיי איבערצייגן, אַז אַזעלכע מעשים זענען קעגן די געזעצן פון קירך און פון דער מלוכה. אָבער דאָ זענען אָנגעקומען צום קלויסטער דער פּאָליצמייסטער, דער מיליטער־נאַטשעלניק און דער איספּראַווניק; די קייט האָט זיך פּאַנאַנ־דערגענומען, און דער באַפרייטער המון האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן באַנטן בראָנפן־סקלאַד, אים אויפגעריסן, זיך גוט אָנגעטרונקען מיט בראָנפן און זיך גענומען פאַרניכטן און רויבן ביי דער מיטהילף פון די פויערים, וואָס דער איספּראַווניק האָט אַרויסגערופן, און פון זעלנער מיט די פּאָליציי־לייט. און דאָ האָבן זיך אָפּגעשפּילט יענע שרעקלעכע ווילדע סצענעס פון מאָרדן, גוואַלדטאָטן און רויבערייען, וואָס זייער באַשרייבונג אין די צייטונגען איז בלויז אַ בלאַסער שאָטן פון דער ווירקלעכקייט"... „דער באַלטער פּאָגראָם, — פאַרענדיקט זיין באַשרייבונג דער מחבר — איז אַרויסגערופן געוואָרן נישט דורך דער אומטעטיקייט, נאָר דירעקט דורך דער טעטיקייט פון דער אָרטיקער מאַכט".

וועגן דידאַזיקע „ווילדע סצענעס", וואָס די דעמאָלטיקע צענזור האָט נישט געלאָזט צופיל מאריך זיין וועגן זיי, דערוויסן מיר זיך פון נישט פאַר־עפנטלעכטע קוועלן און פון די שפּעטערדיקע געריכט־באַריכטן. מען האָט חרוב געמאַכט ביז 1250 דירות און קראָמען, פאַרניכטעט אָדער צעראַבירט דאָס פאַרמעגן און סחורה („אַלע פאַרמעגלעכע מענטשן זענען געוואָרן אביונים. מ'האָט געמאַכט פאַר קבצנים, נישט ווייניקער ווי 15.000 נפשות" — האָט מודיע געווען דער אָרטיקער רב), און מ'האָט נאָך דערצו געהרגעט, געקאַ־ליעטשעט מענטשן און געשענדעט פרויען. דערמאָרדעט און שווער פאַר־וואונדעט האָט מען 40 יידן, לייכט פאַרוואונדעט ביי אַ 170; אַ סך באַזונדערס פרויען, זענען פון שרעק אַראָפּ פון זינען. פאַלן פון שענדן פרויען זענען געווען מער ווי צוואַנציק. די זעלנער פון אָרטיקן גאַרניזאָן האָבן געשלאָגן די יידן, וואָס פלעגן זיך באַווייזן אין גאַס בעת די „קריגס־אָפּעראַציעס" פונם המון. מיליטער אויף צו באַרואיקן די מענטשן־חיות האָט מען אַרויסגערופן פון דער שכנותדיקער שטאָט ערשט אויפן דריטן טאָג, ווען קיין באַלטע איז געקומען צו פאָרן דער פּאָדאָליער גובערנאַטאָר. ס'האָט זיך תיכף אַרויסגעשטעלט, אַז די אָרטיקע מאַכט איז דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרמישט געווען אין פּאָגראָם. אַ סך אַרעסטירטע פּאָגראָמשטשי־

קפּס האָט פּאָליציי איינגיכן אַרויסגעלאָזט פון תּפיסה, ווייל אין קעגנפּאַל האָבן זיי געדראָט אָנצווייזן דער העכערער מאַכט אויף די אונטערהעצער פון דער אַדמיניסטראַציע און פּאַרשטייער פון דער רוסישער געזעלשאַפט. די יידן ווידער האָט דער פינסטערער המון נאָך לאַנג געדראָט מיט אַ שחיטה און פולער פאַרניכטונג, אויב זיי וועלן וואַגן אַרויסצוטרעטן אין גע־ריכט קעגן זייערע תּלינים.

דער באַלטער פּאָגראָם האָט אַרויסגערופן בלויז שוואַכע „נאָכמאַכונגען" אין די שכנותדיקע ערטער, אין אייניקע שטעטלעך פון פּאָדאָליער און כערסאָנער גובערניעס (לעטישעוו, דובאָסאַרי און אַנד.). די גאַנצע ענערגיע פון צעשטערונג און רציחה האָט זיך אויסגעשעפּט אין די באַלטער העלדיש־קייטן. בכלל האָט די פריליננגדיקע פּאָגראָם-קאַמפּאַניע פון 1882 אַרומגעכאַפּט אַ קליינעם ראַיאָן, דערפאַר אָבער האָט זי איבערגעשטיגן די קאַמפּאַניע פון 1881 אין איכות: די גרויל-מעשים פון באַלטע זענען געווען אַ סאָלידער אָנזאָג אויף די שפּעטערדיקע גרוילן פון קישיניעוו און פון די אָקטאָבער־פּאָגראָמען אין 1905.

אונטערן פרישן איינדרוק פון באַלטער פּאָגראָם איז פון 8 ביזן 27-טן אַפּריל אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּעטערבורג אַ דעלעגאַטן-צונויפפאָר פון די יידישע קהלות, גערופן דורך באַראָן האָראַץ גינצבורג מיטן דערלויב פון מיניסטער איגנאַטיעוו. עס זענען געווען ביי 25 דעלעגאַטן פון דער פּראָווינץ (צווישן זיי דער באַקאַנטער אויגן-דאָקטאָר מאַנדעלשטאַם פון קיעוו און ר' יצחק-אלחנן פון קאָוונע) און 15 פון די פּעטערבורגער פּני (באַראָן גינצבורג, דער אייזנבאַן-פינאַנסיסט ס. פּאָליאַקאָוו, פּראָפ. נ. באַקסט און אַנד.) די הויפּט-פראַגע פון צוזאַמענפאָר איז געווען עמיגראַציע, אָבער אין שייכות מיט איר האָט זיך אַנטוויקלט אַ דעבאַטע וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע פון פאָלק. דערדאָזיקער קליינינקער קאָנגרעס האָט געוויזן אַ בילד אי פון טיפן פאָלקס-טרויער, אי פון בירגערלעכער קליינמוטיקייט. פון איין זייט זענען געהאַלטן געוואָרן אַזעלכע דערשיטערנדיקע רעדעס וועגן דער אויסזיכטסלאָזער לאַגע פון יידן, אַז איינער פון די דעלעגאַטן (שמערלינג פון מאָהילעוו) איז צום סוף פון זיין רעדע געפאַלן אין חלשות און איז אין אַ פּאָר שעה אַרום געשטאָרבן. פון דער צווייטער זייט, האָבן די אַמיינסטן איינפלוסריי־כע קרוינשטאָט-דעלעגאַטן פחדניש געוואָרפן אויגן אין דער זייט פון דער רעגירונג, מען זאָל זיי חלילה נישט חושד זיין אין מאַנגל פון פּאַטריאָטיזם. אייניקע האָבן איינגעזען אין עמיגראַציע אַ נישט-דערלאָזבאַרע פאָרם פון פּראָטעסט, פון „מרידה", און זענען געבליבן ביי דערדאָזיקער מיינונג אַפילו נאָך דעם, ווי מען האָט אין נאָמען פון מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים מודיע געווען דעם צוזאַמענפאָר, אַז ער דאַרף באַטראַכטן די פּראַגע, „ווי אַזוי שיטערער צו מאַכן די יידישע באַפעלקערונג אין

תחום, האָבנדיק דערבײַ אין זינען, אַז אין די אינעווייניקסטע רוסישע גובערניעס וועלן יידן נישט צוגעלאָזט ווערן". דער העכסטער סערוויליזם איז געקומען צום אויסדרוק אין דער רעדע פון פינאַנסיסט פּאָליאַקאָוו, וועלכער האָט דערקלערט, אַז די אַרבעט פון צוזאַמענפאָר וועט נישט ברענגען קיין פּרוכט, אויב זי וועט נישט געפירט ווערן „אויפן גרונט פון רעגירונגס-אינסטרוקציעס". פּאָליאַקאָוו האָט דערציילט דעם צוזאַמענפאָר, אַז אין אַ שמועס מיט איגנאַטיעוון האָט ער אויסגעדריקט זײַן רוסישן פּאַטריאָטיזם מיט אַזעלכע ווערטער: „העלפן דער יידישער עמיגראַציע פון רוסלאַנד וואָלט הייסן אַזוי ווי העצן צו אַ בונט, ווײַל פאַר רוסישע בירגער עקזיסטירט דאָך נישט קיין עמיגראַציע;" אויף דער פראַגע פון מיניסטער, ווי אַזוי-זשע מאַכט מען שיטערער די געדיכטע יידישע באַפעלקערונג פון תחום, האָט פּאָליאַקאָוו געענטפערט: „דורך פאַרשפּרייטן זי איבער רוסלאַנד" אָבער דער מיניסטער האָט דערויף דערקלערט, אַז ער וואָלט געקענט דערלויבן יידן זיך באַזעצן בלויז אין מיטל-אַזיע, אינם ניי-דעראָבערטן אַזיס אַכאַל-טעקע. און דער מה-יפיתדיקער פינאַנסיסט האָט פאָרגעלייגט דעם צוזאַמענפאָר ערנסט צו באַהאַנדלען איגנאַטיעווס פאָרשלאַג. קעגן דאָזיקן פאָרשלאַג האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט ד"ר מאַנדעלשטאַם, וועלכער האָט געזען דערין בלויז אַ נייעם חוזק איבער יידן; אַפילו פּראָפ. באַקסט, אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון עמיגראַציע, האָט דערקלערט, אַז אַזאַ אויסוואַנדערונג איז אין דער אמתן „אַ מין פאַרשיקונג אין די ווייטע געגנטן" און וואָלט באַטייט, אַז יידן זענען אָפיציעל פּראָקלאַמירט פאַר פאַרברעכער. דער „פאַרשיקונגס-פּראָיעקט" איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן, אָבער צוזאַמען מיט דעם האָט דער רוב פון צוזאַמענפאָר זיך אַרויסגעזאָגט אויך קעגן שאַפן עמיגראַציע-קאָמיטעטן אויף צו רעגולירן די אויסוואַנדערונג קיין אויסלאַנד, ווײַל דאָס וואָלט געשאַפן דעם איינדרוק, אַז יידן ווילן אַוועק פון רוסלאַנד.

נאָך לאַנגע דעבאַטן זענען אָנגענומען געוואָרן אַ.ע.כע רעזאָלוציעס: 1) „לחלוטין אָפּוואַרפן דעם געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן אַן עמיגראַציע, ווײַל דאָס שטייט אין סתירה צו דער ווערדע פון דער רוסישער מלוכה (!) און צו די היסטאָריש-דערוואָרבענע רעכט פון יידן אויף זייער איצטיקער פאָטערלאַנד. 2) אָנווייזן, אַז דער איינציקער מיטל צו רעגולירן די באַציאונגען צווישן דער יידישער און נישט-יידישער באַפעלקערונג, איז אָפּשאַפן די עקזיסטירנדיקע אויסנאַם-געזעצגעבונג וועגן יידן. 3) אויפמערקזאַם מאַכן דער רעגירונג אויף דער בולט-דערוויזענער פּאַסיווקייט פון דער מאַכט בעת די אומרוען. 4) זיך משתדל זײַן בײַ דער רעגירונג, זי זאָל געפינען מיטלען אויף צו באַלוינען די יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט געליטן פון די פּאָגראָמען צוליב נישט-גענוגנדער פּאָליציי-שוץ". צוזאַמען מיט דעם האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן אָפּצולייקענען די אַלטע באַשולדיקונג, וואָס

איז אויפסנײ איבערגעחזרט געוואָרן אין די „גובערניע-קאָמיסיעס", אַז בײ ייִדן האָט זיך נאָך אויפגעהיט די אַמאָליקע אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע פון די קהלות (קאַהאַלן), אַז זי עקזיסטירט אין געהיים און האַלט אונטער די ייִדישע אָפּגעזונדערטקייט צום שאָדן פון אַנדערע שיכטן באַפעלקערונג. די רעזאָלוציע האָט געזאָגט: „די אונטערגעחתמעטע, פאָרשטייער פון פאַרשידענע צענטערן פון ייִדישן תחום אין רוסלאַנד, רבנים און שול-גבאים, האַלטן פאַר זייער הייליקן חוב, רופנדיק דערבײ אַלס עדות דעם אַלוויסנדיקן גאָט, צו דערקלערן עפנטלעך, פאַר גאַנץ רוסלאַנד, אַז קיין שום קהל-פאַרוואַלטונג, נישט קיין אָפענע, נישט קיין געהיימע, עקזיסטירט נישט בײ רוסישע ייִדן, אַז דאָס לעבן פון ייִדן איז לחלוטין ווייט פון אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע און פון די אַלע אַטריבוטן, וואָס ווערן בייזוויליק דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע צוגעשריבן". די, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דידאָזיקע פײערלעכע דעקלאַראַציע, האָבן נישט באַגריפן, וואָס פאַר אַ דערנידעריקנדיקע פאַרלײקענונג פון די נאַציאָנאַלע רעכט עס ליגט אין אַזאַ דערקלערונג, אַז ייִדן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער אַמאָליקע ברייטע אויטאָנאָמיע, וואָלטן גאָר היינט געהאַלטן די עקזיסטענץ פון אַזאַ אויטאָנאָמיע פאַר אַ פאַרברעך, פאַר אַנטי-מלוכיש, פאַר אַ זאַך, וואָס מ'דאַרף דערפאַר באַשטראָפן מיט אָפּנעמען בירגערלעכע רעכט.

דער רעזולטאַט פון די רעזאָלוציעס, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען, האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זיינע דעלעגאַטן האָבן אין פאַרשידענע צוזאַמענשטעלן געהאַט אוידיענצן בײ די מיטגלידער פון מיניסטאָרן-קאַבינעט (צווישן זיי אויך בײ פּאָביעדאָנאָסצעוון) און אין גייסט פון די רעזאָלוציעס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אַ בקשה אויפן נאָמען פון צאַר. אָבער די בקשה האָט שוין פאַרשפּעטיקט: די „צייטווייליקע תקנות" פון דריטן מאַי 1882 האָבן שוין פאַרויסגעגעבן אַז ענטפער די בקשה-ברענגער. ייִדן איז אָפיציעל דערקלערט געוואָרן קריג.

## § 15. די „צייטווייליקע תקנות" און לעגאַלע פּאָגראָמען.

אין דער צייט צווישן וואַרשעווער פּאָגראָם און באַלטער, האָט איגנאַטיעווס מיניסטעריום אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם פון לעגאַלע פּאָגראָמען אויף ייִדן. אין די פאַרבאָרגענע קאַנצעלאַריעס, אין די לאַבאָראַטאָריעס פון פּאָליצײיִשן דעספּאָטיזם, האָט מען געשמידט די קייטן פון געזעצגעבערישע און אַדמיניסטראַטיווע רעפּרעסיעס, וועלכע זאָלן רעגולירן דאָס לעבן פון ייִדן אין גייסט פון פולסטער קנעכטשאַפט. דער צענטראַלער קאָמיטעט איבער דער ייִדן-

פראַגע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ביים מיניסטעריום פאַר אינעווייניקסטע ענינים (§ 13), (צוליב קורצקייט וועגן האָט ער זיך גערופן „יידישער קאָמיטעט", באמת האָט ער געהאַט דאָס פולע רעכט צו רופן זיך „אַנטי-יידישער קאָמיטעט"), האָט געלייגט אין גרונט פון זיין אַרבעט די אָפּרופן פון איגנאַטיעווס „גובערניע-קאָמיסיעס" און געגרייט ממש אַ דראַקאָנישן קאָדעקס פון רעכטלאָזיקייט. דער נייער פּראָיעקט איז געבויט געוואָרן אויף אַזאַ טעאָריע: די אַלטע רוסישע געזעצגעבונג האָט זיך תמיד באַצויגן פיינטלעך צו יידן, ווי צו אַן אָפּגעזונדערטער גרופּע פון אַ פרעמדן גלויבן און אָפּשטאַם. פון דעראָזיקר סיסטעם איז מען נאָר אָפּגעטרעטן בעת דער הערשאַפט פון אַלכסנדר II-ער ווען ס'זענען פאַרברייטערט געוואָרן די רעכט פון געוויסע קאַטעגאָריעס יידן און ס'איז געקומען אַ „פּעריאָד פון טאָלעראַנץ"; דאָס לעבן האָט אָבער באַוויזן די נישט-צוועקמעסיקייט פון אַזאַ טאָלעראַנץ; אַ סימן זענען — די נישט-לאַנג אַנטשטאַנענע „אַנטי-יידישע באַוועגונג אין אויסלאַנד" (דער דייטשער אַנטיסעמיטיזם) און די „פאָלקס-געריכטן", אין פאָרם פון פּאָגראָמען, אין רוסלאַנד. און היות רוסלאַנד טרעט איצט אַרויף אויפן וועג פון עכט-רוסישער „פאָלקס-פּאָליטיק", דאַרף מען זיך אין דער יידן-פראַגע „אומקערן צום אַמאָל", אָפּזאָגן זיך פון די נייעסן, וואָס האָבן קיין נוצן נישט געבראַכט, און שטרענג זיך האַלטן ביי די „יסודות", וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן „דורך דער גאַנצער פאַרגאַנגענער געשיכטע פון דער מלוכה", לויט וועלכע יידן ווערן פאַררעכנט פאַר „פרעמדע" און קענען נישט געניסן פון פולער טאָלעראַנץ. די דאָזיקע ווילדע טעאָריע, וואָס פירט צוריק צו די אַלט-מאָסקווער טראַדיציעס, ווערט געענוי רעפערירט אינם זיצונגס-זשורנאַל פון „יידישן קאָמיטעט", אַלס אַ מין הקדמה צום פּראָיעקט. דער וואַרשעווער פּאָגראָם האָט געטראָפן די מיטגלידער פון קאָמיטעט ביי דעראָזיקער אַרבעט, און האָט זיי פאַרשאַפט אַ גרויסע פרייד; זיי האָבן גלייך פאַרנאָטירט אין זשורנאַל, אַז די „אומרוען", וואָס זענען פאָרגעקומען אין קעניגרייך פּוילן, „וואו יידן געניסן פון גלייכבאַרעכטונג" (ד. ה. זיי האָבן רעכט צו וואוינען אומעטום), באַשטעטיקן די טעאָריע וועגן דער „שעדלעכקייט" פון יידישן פאָלק. שנעלער האָבן געענוימען סקריפּען די פעדערס, און צו פרילינג 1882 איז פאַרטיק געוואָרן דער פּראָיעקט, ווי אַכזריותדיק צו באַשטראָפן יידן פאַר די זעלבע גוואַלטטאַטן, וואָס זענען איבער זיי געוואָרן אָפּגעטון.

אָנשטאָט צו פאַרברייטערן דעם „תחום" איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך מער אים צו פאַרשמעלערן: אָפּנעמען דאָס רעכט ביי יידן צו וואוינען אין די דערפער און זיי צושמידן אויסשליסלעך צו די שטעט, וואו זיי האָבן זיך שוין אַזוי אויך זיך געשטיקט פון ענגשאַפט. מ'האָט געפּלאַנט צו פאַרווערן יידן פון ס'ניי זיך באַזעצן מחוץ די שטעט און שטעטלעך, און די, וואָס וואוינען שוין אין די דערפער, — אָדער אַרויסטרייבן לויט באַשלוסן פון

די פויערישע געמיינדעס, אָדער צונעמען ביי זיי דעם ביזן פון מויל דורך אַ פאַרבאָט צו קויפן אָדער אַרענדירן ערד און צו האַנדלען מיט בראָנפן. דעמדאָזיקן אַכזריותדיקן פּראָיעקט האָט איגנאַטיעוו פאָרגעלייגט אַדורכצופירן נישט אויפן געזעצגעבערישן אופן (דורכן מלוכה-ראַט), נאָר אין פאָרם פון אויסעראָרדנטלעכע, פון צאַר באַשטעטיקטע „צייטווייליקע תקנות", וואָס האָבן דעם ציל צו „באַזייטיקן די פאַרשאַרפטע באַציאונגען צווישן יידן און דער לאַנד-באַפעלקערונג". איגנאַטיעווס פּראָיעקט האָט אַריינגעבראַכט אין פאַרלעגנהייט אַפילו די רעאַקציאָנערע גלידער פון מיניסטאָרן-קאַבינעט, וואו ער איז באַהאַנדלט געוואָרן. דער קאַבינעט האָט געהאַלטן, אַז מ׳קען נישט אַדורכפירן אַזאַ מאַסן-עקספּראָפּריאַציע פון פּערזענלעכע און פאַרמעגנס-רעכט נישט אויף אַ געזעצגעבערישן אופן; אַז דערלויבן די פויערישע געמיינדעס אַרויסטרייבן פון די דערפער יידן — הייסט אָפּגעבן די לעצטע אויפן בראָט פון פינסטערע מאַסן, וועלכע וועלן דורך דעם נאָך פאַרשטאַרקט ווערן זיין זייער איבערצייגונג, אַז יידן מעג מען טרייבן און ראַבירן, און אַזוי אַרום וועט אָנשטאָט באַרואיקונג זיך באַקומען נאָך אַן ערגערע „פאַרשאַרפונג פון די באַציאונגען". אָבער פון דער צווייטער זייט, האָט דער מ׳ניסטאָרן-קאַבינעט אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז שטרענגע מיטלען קעגן יידן זענען נויטווענדיק, כדי די פויערים זאָלן נישט מיינען, „אַז דער קייזערלעכער ווילן צו באַפרייען זיי פון יידישער עקספּלואַטאַציע ווערט נישט פאַרווירקלעכט." נאָכדעם, ווי איגנאַטיעוו האָט אין אַ פּאָר זאַכן נאָכגעגעבן, איז דערגרייכט געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס: דער פּונקט וועגן אַרויסטרייבן פון די דערפער יידן, וואָס וואוינען שוין דאָרט, איז באַזייטיקט געוואָרן פון פּראָיעקט, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן בלויז צו פאַרווערן אויפסניי צו באַזעצן זיך מחוץ פון שטעט און שטעטלעך.

אַזוי זענען אַנטשטאַנען די באַרימטע „צייטווייליקע תקנות", וועלכע דער קיסר האָט אייליק באַשטעטיקט, אָן אַ באַהאַנדלונג אין מלוכה-ראַט, דעם 3 מאַי 1882. ווען מ׳באַפרייט אָט די תקנות פון דער קאַנצעלאַרישער מליצה באַשטייען זיי פון פאָלגנדיקן לאָקאָנישן טעקסט: „1) פאַרווערן יידן צו באַזעצן זיך מחוץ די שטעט און שטעטלעך, 2) נישט אַרויסגעבן מער אויפן נאָמען פון יידן קיין קויף-אַקטן און אַרענדע-אָפּמאַכן אויף אומבאַוועגלעכע גיטער מחוץ די שטעט און שטעטלעך, 3) פאַרווערן יידן צו האַנדלען זונטאָג און אין גרעסערע קריסטלעכע חגאות". די ערשטע צוויי פּונקטן זענען אַ שטראָף-געזעץ, וואָס האָט אָפּגענומען ביי יידן אַ גרויסן טייל פון דער טעריטאָריע, וואָס איז זיי פריער געווען צוטריטלעך, און האָט פאַרשפּאַרט מיליאָנען מענטשן אין — שטיקענדיקן תחום פון די שטעט און שטעטלעך אין מערב-קאַנט, וועלכן זיי האָבן פון היינט אָן שוין נישט געקענט אַריבערטרעטן אפילו אויף איין מייל; אפילו ביי זיי אַלטע דאָרפישע תושבים האָט מען צוגענומען דאָס רעכט פון

ס'נײַ אײַנצוקויפֿן און אַרענדירן אומבאַוועגלעכע גיטער. די דאָזיקע „צײַט־ווײַליקע תּקנה האָט געווירקט מיט אַן אומבאַרחמנותדיקער שטרענגקייט משך 35 יאָר.

באַשטימענדיק אַ שווערע שטראָף פֿאַרן פֿאַגראָמירטן יידנטום, האָט די רעגירונג געהאַלטן פֿאַר איר חוב אַ שרעק צו טון מיט שטראָף אויך די שולדיקע אין די פּאָגראָמען. אין זעלבן טאָג פֿון 3־טן מאַי האָט דער קיסר באַשטעטיקט אַ באַשלוס פֿון מיניסטאָרן־ראַט וועגן דער נויטווענדיקייט צו מעלדן פֿײַערלעך, אַז „די רעגירונג איז פֿעסט אַנטשלאָסן צו פֿאַרפֿאָלגן שטרענג יעדן גוואַלדטאַט איבער דער פּערזאָן און פֿאַרמעגן פֿון יידן, וועלכע געפֿינען זיך אונטערן שוץ פֿון די אַלגעמיינע געזעצן". אין דאָזיקן זין איז פֿאַנאַנדער־געשיקט געוואָרן צו די גובערנאַטאָרס אַ סענאַט־באַפֿעל (דעם 10־טן מאַי), וואו זיי ווערן געוואָרנט, אַז „אויף דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון דער גובערניע־מאַכט ווערט אַרויפֿגעלייגט אָנצונעמען רעכטצײַטיק מיטלען נישט צו דערלאָזן צו אַזעלכע אומרועז און צו אונטערדריקן די אומרועז גלייך אין אָנהייב". פֿאַרעפֿנטלעכנדיק אין איין און דעם זעלבן טאָג „די צײַטווײַליקע תּקנות" קעגן יידן און דעם צירקוליאַר קעגן פּאָגראָמען, האָט די רעגירונג ווי געזאָגט צום רוסישן פֿאָלק: אָט זעט איר ווי מיר גיבן זיך אַליין אַן עצה מיט יידן, מיט דער הילף פֿון געזעץ, — ס'איז דעריבער נישט נויטיק איר זאָלט זיי פּאָגראָמירן אין די גאַסן. די מחברים פֿון די „צײַטווײַליקע תּקנות" האָבן זייער גוט פֿאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע געזעצן שטעלן פֿאָר בלויז אַ מאָדיפֿי־קאַציע פֿון יענע „גוואַלדטאַטן איבער דער פּערזאָן און פֿאַרמעגן פֿון יידן", וועלכע מען האָט אויף ווײַטער פֿאַרווערט דעם גאַסן־המון, ווײַל אָפּנעמען די פֿרייהייט פֿון באַוועגונג איז אַ גוואַלדטאַט איבער דער פּערזאָן, און אָפּנעמען דאָס רעכט צו קויפֿן ערד אָדער אַ הויז איז אַ פֿאַרמעגן־גוואַלדטאַט.

פֿון אויבנגעבראַכטן צירקוליאַר איז צו זען, אַז נאָכן אכזריותדיקן פּאָגראָם אין באַלטע האָט מען אין די העכערע רעגירונגס־קרייזן אָנגעהויבן פֿאַרשטיין, אַז די סיסטעם פֿון קוקן דורך די פֿינגער אויף די פּאָגראָמען, ווי ס'האָט זיך פּראַקטיצירט אַ גאַנץ יאָר, וואַרפֿט אַ פֿלעק אויף רוסלאַנד און רײַסט אונטער די אינערלעכע אָרדנונג. און ווי נאָר מ'האָט דאָס אײַנגעזען, האָט געמוזט אַראָפּ פֿון סצענע דער פֿאַטאַלער מיניסטער, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער רוסישער אינערלעכער פּאָליטיק אין יענעם שרעקלעכן יאָר. דעם 30־טן מאַי איז גראַף איגנאַטיעוו באַזײַטיקט געוואָרן פֿון זײַן אַמט, און אויפֿן פּאָסטן פֿון אינערן־מיניסטער איז באַשטימט געוואָרן גראַף דמיטרי טאָלסטאָי — אַ שטרענגער רעאַקציאָנער, אַ צערבער פֿון אַליין־הערשאַפֿט און פּאָליציייִשער מלוכהשאַפֿט, אָבער גלײַכצײַטיק אַ געגנער פֿון יעטווידן מין המון־עקסצעסן, וואָס רײַסן בלויז אונטער דעם אויטאָריטעט פֿון דער מאַכט, אין אַ פּאָר טעג

פרום נאָך זיין נאָמינאַציע האָט דער נייער מיניסטער פאַרעפנטלעכט אַ ציר־קוליאַר (9 יוני), אין וועלכן ער האָט דערקלערט, (באַשטעטיקנדיק די נישט לאַנג פאַרעפנטלעכטע דעקלאַראַציע וועגן דער „אַנטשלאָסנקייט פון דער רעגירונג צו פאַרפאָלגן יעדע גוואַלט-טאַט איבער יידן“), אַז „פאַר יעדן אויסברוך פון אומרוען וועלן אָן שום טענות תּיכּף צוגעצויגן ווערן צו פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט אַלע אַמטלעכע פּערזאָנען, וועלכע האָבן געהאַט דעם חוב צו פאַרהיטן פון די אומרוען“. דידאָזיקע אַנטשלאָסענע ווערטער האָבן געהאַט אַ מאַגישע ווירקונג: די פּראָווינציעלע אַדמיניסטראַטאָרס האָבן דערשפּירט, אַז אין פּעטערבורג האָט מען אויפגעהערט צו טרייבן קאַטאָוועס מיט די שולדיקע אין פּאָגראָמען, און די פּאָגראָם-עפּידעמיע איז תּיכּף שטיל געוואָרן. אָנהייבנדיק פון יוני 1882, טראָגן שוין די פּאָגראָמען אַלץ מער אַ ספּאָראַדישן כאַראַקטער.

די רעזולטאַטן פון די שטרענגע מיטלען, וועלכע טאָלסטאָי האָט אָנגענומען, האָבן זיך אָפּגעגעבן אויך אין די געריכטס-פּראָצעסן, וועלכע זענען אויסגערופן געוואָרן דורך די פּאָגראָמען. פריער פלעגט געווייגלעך די אָרטיקע מאַכט זיך באַמיען נישט איבערצוגעבן צום געריכט די פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע וואָלטן מיט זייערע דערקלערונגען געקאָנט קאָמפּראָ־מעטירן די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע, און ווען ס'פלעגט שוין יאָ דערגיין צו אַ געריכט, פלעגן די שולדיקע על פּי רוב באַקומען לייכטע שטראָפן. נאָך דער רעגירונגס דעקלאַראַציע פון יוני האָט דאָס געריכט זיך גענומען שטרענגער באַציען צו די פּאָגראָמשטשיקעס. זומער 1882 זענען פאָרגעקומען אַ סך פּאָגראָם־פּראָצעסן אין באַלטע און אין אַנדערע שטעט, און דאָס געריכט פלעגט אָפט אויסטראָגן די כוליגאַנעס כּשר - פאַרדינטע שטרענגע שטראָפן (פאַר־שיקן אויף קאַטאָרגע-אַרבעט, אין אַרעסטאַנטישע ראָטעס און ענל.). געוועזן אַפילו אַזאַ פאַל: צוויי וועלנער, באַשולדיקטע אין רויב און מאָרד, זענען פאַרמשפּט געוואָרן דורכן מיליטערישן קרייז-געריכט צום טויט-שטראָף. ווען דער דאָזיקער אורטייל איז צוגעשטעלט געוואָרן דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר דרענטע'ן צו באַשטעטיקן, איז דער באַלטער רב, לויט דער באַפולמעכטיקונג פון דער יידישער געזעלשאַפט, געפאָרן קיין קיעוו, אונטערצושטיצן די בקשה פון די פאַרמשפּטע וועגן באַגנעדיקן זיי. מאָדנע איז עס געווען — אַ רוף צו באַגנעדיקן די פאַרגוואַלטיקער און מערדער — מצד זייערע אייגענע קרבנות, — פון די צעשטערטע הייזער, וואו ס'זענען נאָך נישט איינגעשטילט געוואָרן די קרעכצן פון פאַרוואונדעטע, די קלאָגן איבער פאַרפינסטערטע לעבנס, איבער געשענדעטער פרויען-ערע. עס וואָלט געווען זייער רירנדיק, ווען דאָ וואָלט געקומען צום אויסדרוק אַ פרייער דראַנג פון מחילה, אָבער דאָ האָבן גיכער געווירקט גאַנץ אַנדערע מאָטיוון: אַ געפיל פון פּחד, אַ שרעק פאַר נקמה מצד די קאָלעגן פון די געמשפּטע רוצחים, וועלכע געפינען זיך אויף דער פריי.

גאָר אינגיכן האָבן זיך די באַלטער יידן איבערצייגט, ווי אַזוי עס שאַצן אָפּ זייער הכנעה די הויכגעשטעלטע אינספּיראַטאָרס פון די רויבערייען. אָנהויב אויגוסט איז קיין באַלטע אָראָפּגעקומען דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר דרענטעלן. ער איז געווען צערייצט ביזן העכט גראַד סיי פון טאָלסטאָיס אויבנדערמאָנטן צירקוליאַר, וואָס האָט געדראָט מיט אחריות אויך אים פּערזענלעך, אויב ער וועט ווייטער דערלאָזן צו פּאָגראָמען אין קיעווער סאטראַפּיע און סיי פון די שריט, וואָס פאָרשטייער פון באַלטער יידישער קהלה האָבן אונטערגענומען אין פּעטערבורג, כדי אויפצעווייזן, אַז באַלטער מאַכט האָט געהאָלפן די פּאָגראָמשטשיקעס. געקומען אין דער פּאָרוויסטער שטאָט, האָט דער הערשער פון געגנט, וועלכער האָט אפילו עקס אָפּיציאָ געדאַרפט אויסדריקן זיין מיטגעפיל די געליטענע, — גערופן צו זיך דעם רב און פאָרשטייער פון דער יידישער קהלה און זיך געווענדט צו זיי — אין דער געגנוואַרט פון באַאַמטע — מיט אַ רעדע, וואָס איז פול געווען מיט שוימיקן כעס. די יידן, האָט ער געזאָגט, „רופן אַרויס צו זיך אַלעמענס שנאה" מיט זייערע מעשים, קיינער האָט זיי נישט ליב, אין „קיין אָרט לעבט זיך זיי נישט אַזוי גוט, ווי אין רוסלאַנד". זיי האָבן אומזיסט אומנישט געשיקט קיין פּעטערבורג אַ דעפּוטאַציע מיט אָנקלאַגעס און „געמאַכט בלבולים אויף די נאטשאַלניקעס און שטאָט-פאָרשטייער, אַז זיי האָבן געהעצט דעם צעווילדעוועטן המון קעגן יידן". צום סוף האָט ער אָנגערופן „צביעות" די שתדלנות פון דער קהלה וועגן באַגנעדיקן די פּאָגראָמשטשיקעס וואָס זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט, און האָט דערקלערט מיט נצחון אַז דידאָזיקע פּערזאָנען זענען שוין באַגנעדיקט — „נישט אויף דער בקשה פון די יידן". די רעדע פונם יידנפיינטלעכן גענעראַל, וועלכער האָט זיך געדאַרפט אַליין געפינען אויף דער באַשולדיק-באַנק, האָט אַרויסגערופן אַ פּאָגראָם-פּאַניק אין דער גאַנצער דרום-מערבדיקער געגנט. דער קאַמף-אָרגאַן פון דער יידישער פּרעסע („וואָסכאָד") האָט דערקלערט: „נאָך דער רעדע פון גענעראַל-אַדיוטאַנט דרענטעלן איז אונזער האָפנונג אויף דער אוממעגלעכקייט פון נייע פּאָגראָמען לחלוטין דערשיטערט. וואָס קאָנען דאָ העלפן מיניסטערשע צירקוליאַרן, אויב די העכסטע אַדמיניסטראַטאָרס אויף די ערטער פּאַראַליזירן עפנטלעך זייער ווירקונג?" — די מורא איז נישט באַשטעטיקט געוואָרן. דער מיניסטער טאָלסטאָי האָט נישט געקענט איבערגעבן צום געריכט דעם אַלמעכטיקן גענעראַל-גובערנאַטאָר פאַר זיין פאַרברעכערישער רעדע, אָבער דער שטרענגער מיניסטאָרישער צירקוליאַר האָט פאָרט אַרויפגעלייגט אַ צוים אויף די סאַטראַפּן, וועלכע וואָלטן חשק געהאַט צו פאַרווײַלן זיך יעדן פסח מיט אַ פּאָגראָם פאָרשטעלונג.

מיט איין באַפעל-וואָרט איז אין רוסלאַנד אָפּגעשטעלט געוואָרן די פּאָגראָם-מאַשין, אָבער די רעפּרעסיעס-מאַשין האָט געאַרבעט ווייטער, אָן

אויפֿהער. דורך די „צייטווייליקע תקנות" פֿון 3-טן מאַי איז סאַנקציאָנירט געוואָרן די סיסטעם פֿון לעגאַל פֿאַרפֿאָלגן יידן, אַלס אַן „עקאָנאָמיש שעדלעכן" עלעמענט און ס'איז געעפֿנט געוואָרן אַ ברייט פֿעלד פֿאַר הפֿקרות. אין תּחום זענען תּיכּף פֿאַרקלאַפּט געוואָרן אַלע אַרויסגענג פֿון די איבערפֿולטע שטעט אין די דערפֿער אַריין; ערטערווייז האָט מען גענומען אַרויסשיקן פֿון די דערפֿער אַפֿילו אַלטגעזעסענע יידן, באַנוצנדיק זיך מיטן רעכט פֿון די פּויערישע געמיינדעס „אַרויסטרייבן פֿאַרברעכערישע איינוואוינער"; דאָס פֿלעגט געטון ווערן זייער פּשוט: די פֿאַראינטערעסירטע פּערזאָנען פֿון די אָרטיקע רוסישע באַלעגופֿים הענדלער, פֿלעגן מיט הילף פֿון די דאָרף-סטאַרשינעס צונויפֿרופֿן אַ פּויערים-פֿאַרזאַמלונג, מכבד זיין די פֿאַרזאַמלטע מיט בראָנפֿן בשפֿע און די שיכּורע, האַלב-אַנאַלפֿאַבעטישע פּויערים פֿלעגן אונטערשרייבן אַ „באַשלוס" וועגן אַרויסשיקן די יידישע תּושבֿים פֿון געגעבענעם דאָרף; דער „באַשלוס" פֿלעגט גיך באַשטעטיקט ווערן דורכן גוּבערנאַטאָר און תּיכּף באַקומען אַ געזעץ-קראַפֿט. אַזעלכע אַרויסשיקונגען פֿלעגן פֿאָרקומען באַזונדערס אָפֿט אין די גובערניעס, וואָס זענען געווען אונטערגעוואָרפֿן דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר דרענטעלן, און ס'איז קיין שום ספֿק נישט געווען, אַז דערדאָזיקער אַכזריותדיקער יידן-שונא האָט מיט דער הילף פֿון זיינע פּאָליציייִשע אַגענטן געפֿירט אין דרום-מערבֿקאַנט אַ באַשטימטע אַגיטאַציע אין דער ריכטונג. — דאָס רואינירן ווירטשאַפֿטלעך האָט געטריבן יידן מחוץ פֿון די תּחום-גרענעצן, אין די אינעווייניקסטע גובערניעס, אָבער דאָ פֿלעגן זיי אָנטרעפֿן אויף דער בייטש פֿון געזעץ, און אויף אומבאַגרענעצטע אַדמיניסטראַטיווע הפֿקרות. פֿון פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו און אַנדערע פֿאַרבאָטענע צענטרען פֿלעגט מען יידן אַרויסשיקן מחנותווייז. דאָס פֿלעגט אַזוי שלעכט ווירקן אויפֿן האַנדלס-אומזאַץ, אַז אַפֿילו דאָס רוסישע גרויס-סוחרטום פֿון מאָסקווע און כאַרקאָוו האָט זיך משתּדל געווען וועגן פֿאַרלייכטערן די באַגרענעצונגען בנוגע יידנס קומען אין דידאָזיקע שטעט.

צום פֿאַרפֿאָלגן יידן האָט זיך אויך גענומען די קריגס-מאַכט. אין דער רוסישער אַרמיי האָבן געדינט נישט ווייניק דאָקטוירים — יידן, וואָס אַ סך פֿון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער לעצטער רוסיש-טערקישער מלחמה. די רעאַקציאָנערע רעגירונג האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט דערדאָזיקער מאָדנער דערשיינונג, אַז אַ ייד אַ דאָקטאָר זאָל געניסן די רעכט פֿון אַן אָפֿיציר אין דער אַרמיי, וואו אַ יידישער זעלנער האָט זיך נישט געקאָנט דערדינען העכער פֿון אַן אונטעראָפֿיצירישן ראַנג. איז אָט דעם 10-טן אַפּריל 1882 גיט אַרויס דער קריגס-מיניסטער וואַנאָווסקי אַ באַפֿעל: אַ) פֿאַרקלענערן די צאָל יידישע דאָקטוירים און פֿעלדשערס אין אַלע מיליטער-אַנשטאַלטן ביז פֿינף פּראָצענט פֿון דער אַלגעמיינער צאָל דאָק-

טוירים; ב) מער נישט באַשטימען אין מיליטער-קרייזן פון מערב-רוסלאַנד קיין מעדיציניש פערסאָנאַל פון יידן, און דעם גאַנצן איבערפלוס איבער פינף פּראָצענט איבערפירן אין די מזרח-קרייזן; ג) באַשטימען יידן פאַר דאָקטוירים בלויז אין די מיליטערישע טיילן, וואו עס דינען נישט ווינציקער פאַר צוויי דאָקטוירים, בתנאי, אַז דער צווייטער דאָקטאָר מוז אומבאַדינגט זיין אַ קריסט. די מאָטיווירונג פון דעמדאָזיקן באַפעל איז אויך ביז גאָר אַ באַליידיקנדיקע: „מען מוז אַ סוף מאַכן צו דער כסדרדיקער פאַרמערונג פון דאָקטוירים פון יידישן גלויבן אין מיליטער, צוליב דעם וואָס זיי דערפילן נישט גענוג געוויסנהאַפט זייערע פליכטן און ווירקן שלעכט אויפן סאַניטאַרן דינסט אין דער אַרמיי". צוליב דערדאָזיקער העסלעכער באַליידיקונג האָט אַ גרופּע יידן-דאָקטוירים תיכף אָנגעגעבן אַ בקשה וועגן דימיסיע. די בקשה פון איינעם פון דידאָזיקע דאָקטוירים, דעם באַקאַנטן בעלעטריסט יאַראָשעווסקי, איז געווען געשריבן אין אַזאַ דרייסטן טאָן, אַז דאָס קריגס-מיניסטעריום האָט געהאַלטן פאַר נויטיק איבערגעבן דעם מחבר צום געריכט: „כּל זמן, — איז געזאָגט געוואָרן אין דער בקשה, — פון יידן דאָקטוירים וועט נישט אַראָפּגענומען ווערן דער אומברחמנות געוואָרפענער אויף זיי שאָטן, איז יעדע איבריקע מינוט וואָס זיי בלייבן אין דינסט, פאַר זיי בלויז אַן איבעריקע חרפה. אין נאָמען פון זייער מענטשלעכער ווירדע, דאַרפן זיי נישט פאַרבלייבן דאָרט, וואו מ'באַציט זיך צו זיי מיט פאַראַכטונג".

אונטערציענדיק דעם סך הכל פון די טרויעריקע געשעענישן פון 1882 האָט איינער אַ זשורנאַליסט דאַמאָלסט אַזוי געשריבן: „פון דער צווייטער העלפט 1882 האָט דאָס לעבן פון יידן אָנגענומען אַן איינטאָניקן, פינסטערן, טרויעריק-דריקנדיקן כאַראַקטער. אמת, איבער די גאַסן טראָגט זיך שוין נישט מער דער פּוך פון צעריסענע קישנס, עס פליען נישט מער די שויבן פון צעבראָכענע פענסטער, — בכלל זענען שוין נישטאָ יענע דונערן און בליצן, וואָס האָבן נאָך נישט-לאַנג צוריק פאַרהילכט די לופט און אָנגעפילט מיט שמחה די הערצער פון פראַוואָסלאַוונעם פאָלק. האָבן דען אָבער יידן אַ סך געוואונען דערפון, וואָס מ'האָט פאַרביטן די אומגעזעצלעכע פאַרפאָלגונגען אויף געזעצלעכע"? די נאָנסטע צייט האָט באַוויזן, אַז אויך די „אומגעזעצלעכע פאַרפאָלגונגען" — פּאָגראָמען — זענען נאָך נישט אינגאַנצן אַרויס פון מאָדע. דער מלוכה-מאָנאָפּאָל, דאָס פאַרבייטן באַסן-פּאָגראָמען אויף קאַנצעלאַרישע, איז נישט אַריין אין קראַפט מיטאַמאָל. די גאַס האָט נאָך אַ צייט לאַנג קאָנקורירט מיט דער קאַנצעלאַריע. דעם 10 מאַי 1883, אַ פּאָר טעג פאַר דער קאָראָנאַציע פון אַלכּסנדר III, איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אין דער גרויסער דרום-שטאָט ראָסטאָוו אויפן דאָן: ס'זענען צעשטערט און צעראַבירט געוואָרן ביי הונדערט יידישע

דירות און קראָמען; אַלץ וואָס לאָזט זיך צונעמען פון יידישן פאַרמעגן האָט דער המון צעראַבירט, און דאָס רעשט פאַרניכטעט. „די באַמיאונגען פון פּאָליציי און מיליטער", ווי ס'פּירט זיך, „האָבן נישט געקענט אָפּשטעלן די אומרוען", און ערשט נאָכן ענדיקן דעם שווערן אַרבעטס-טאָג זענען זיך די כוליגאנעס צעלאָפן, געיאָגט פון קאָזאַקישע קלעפּ און שאָסן. וועגן דאָזיקן פּאָגראָם האָט די צענזור לגמרי פאַרווערט צו שרייבן אין די צייטונגען, כדי נישט צעשטערן די פייערלעכקייט פון די קאָראָנאַציע-טעג.

מען האָט מורא געהאַט, צי הויבט זיך נישט ווידער אָן אויפן דרום אַ נייע סעריע פּאָגראָמען; ס'זענען אָבער פאַרגאַנגען העכער צוויי חדשים נאָך דעם ראָסטאָווער אויסברוך, און ער האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג מער. פּלוצלונג, אין פּראַוואָסלאַוונעם יום-טוב פון אליהו-הנביא (20 יולי), האָבן די רוסישע לייט גענומען פּאָגראָמירן די אור-אייניקלעך פון זעלבן נביא אין י ע ק א ט ע ר י נ אָ ס ל אַ וו. דעם אָנדענק פון גרויסן ביבלישן נזיר, וואָס האָט געהאַלטן שכרות פאַר אַ זינד, האָבן זיינע יעקאַטערינאָסלאַווער חסידים געפייערט דורכדעם, וואָס זיי האָבן אויסגעטרונקען אַ סך ספּירט און שכור געוואָרן אויף אַזויפיל, וויפיל ס'איז נויטיק כדי צו באַגיין די ווילדעסטע רציחות. אונטערהעצער זענען געווען די צוגעוואַנדערטע אַרבעטער פון די גרויס-רוסישע גובערניעס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים בויען אַ באַן-ליניע ביי יעקאַטערינאָסלאַוו. לויט אַן אויסדרוק פון יענער צייט, האָבן זיי גענומען אויף זיך די „מיליטערישע זייט פון דער אונטערנעמונג", איבערלאָזנדיק די „ציווילע פונקציעס" פאַר די אָרטיקע רוסישע איינוואוינער: „בעת די אַרבעטער און דער געזונטערער טייל בירגער האָבן אויפגעריסן די הייזער און אַרויסגעוואָרפן אַלע חפצים און סחורות, פלעגן די פרויען און קינדער אַלץ אונטערכאַפּן און תיכף אוועקטראָגן אָדער אַוועקפירן אַהיים." די רויבערייען האָבן געדויערט אויך דעם צווייטן טאָג, דעם 21 יולי, — ביז ס'איז אָנגעקומען מיליטער. דער המון, אַ צעיושעטער פון רויבן, האָט פאַרפירט אַ קאַמף מיטן מיליטער און, פאַרשטייט זיך, געליטן אַ מפּלה. דאָס בילד פון צענדליקער געהרגעטע און פאַרוואונדעטע כוליגאַנעס האָט אויסגעניכטערט דעם עולם. דער פּאָגראָם האָט אויפגעהערט. ס'זענען שוין רואינירט געווען 500 יידישע פאַמיליעס און פאַרשוועכט געוואָרן יידישע הייליקטימער: פון איין צעשטערטער שול האָבן די כוליגאַנעס אַרויסגעוואָרפן 11 ספרי-תורות און צום טייל צעריסן, צום טייל געשענדעט די הייליקע שריפטן מיט די נישט-אָנגענעמע געבאָטן: „זאָלסט נישט מאָרדן, זאָלסט נישט גנבענען, זאָלסט נישט נואפן". דער ביישפּיל פון יעקאַטערינאָסלאַוו האָט געווירקט אָנשטעקנדיק אויף זיין קרייז; אין אייניקע שטעט און שטעטלעך פון יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע זענען אין אויגוסט און סעפּטעמבער 1833 פאָרגעקומען פּאָגראָמען; דער סאַמע אַכזריותדיקער פון זיי איז געווען אין באַ ו אָ מ אָ ס-

קאָווסק. דעם פערטן סעפּטעמבער האָט מען דאָרטן חרוב געמאַכט כמעט אַלע יידישע הייזער.

דאָס יאָר 1884 האָט אַריינגעבראַכט אין דער פּאָגראָם-כראָניק גאָר אַ נייס: אַ פּאָגראָם מחוץ פון תחום – אין אַלט-רוסישן ניזשני-נאָווגאָראָד, וואו ס׳האָבן אינגאַנצן געוואוינט צוויי צענדליק יידישע פאַמיליעס. קליין לויט דער צאָל צעשטערטע הייזער, האָט דערדאָזיקער פּאָגראָם אָבער געלאָזט נאָך זיך דערמאָרדעטע. אונטערהעצער האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יידן האָבן צוגערויבט אַ קריסטלעך קינד; פּאָליציי האָט אויפגעזוכט דאָס קינד און עס געוויזן דעם המון, אָבער דעם שכּורן המון איז אוממעגלעך געווען צו באַרואיקן. אין אַ באַריכט, וואָס באַזירט אויף אָפיציעלע ידיעות, ווערט די געשעעניש אַזוי געשילדערט: „דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן (דעם 7 יוני, אין אָוונט) פון יידישן בית-מדרש, וואָס איז פול געווען מיט מתפּללים, דערנאָך זענען צעשטערט געוואָרן 5 הייזער, באַוואוינטע דורך יידן; אין דידאָזיקע הייזער האָט דער המון פאַרניכטעט אַלץ, וואָס איז אים געקומען אונטער דער האַנט, צעהאַקט די טירן פענסטער, אַרויסגעוואָרפן פון דאָרט די זאַכן, דערביי זענען דערהרגעט געוואָרן זעקס דערוואַקסענע און איין יינגל, שווער פאַרוווּנדעט האָט מען פינף יידן, פון וועלכע צוויי זענען אין קורצן געשטאָרבן. לויט דער מיינונג פון ניזשני-נאָווגאָראָדער גובערנאַטאָר, איז דער הויפּט-מאָטיוו פון פּאָגראָם געווען דער פאַרלאַנג צו ראַבעווען. אין אַלע צעשטערטע הייזער איז נישט פאַרניכטעט געוואָרן קיין איין זאַך, וואָס האָט דעם מינדסטן ווערט און וואָס מ׳האָט געקענט מיטנעמען; נישט נאָר געלט, נאָר אַלץ, וואָס קאָן צו נוץ קומען, איז צעראַבירט געוואָרן. די אומרוען אין ניזשני זענען פאָרגעקומען דעם 7 יוני גאַנץ צופעליק, און געווענדט האָבן זיי זיך קעגן יידן דערפאַר, ווייל אין פאָלק איז געשאַפן געוואָרן די איבערצייגונג, אַז די שווערסטע פאַרברעכנס ווערן אומבאַשטראָפט, אויב זיי זענען נאָר געווענדט קעגן יידן, און נישט קעגן אַנדערע פעלקער, און אויך דערפאַר, ווייל דער גרעסטער טייל יידישע פאַמיליעס זענען באַקאַנט געווען אַלס פאַרמעגלעכע. די אויספאָרשונג האָט קלאָר דערוויזן, אַז איידער מ׳איז באַפאַלן דאָס הויז, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען דייצעלמאַנס קאַנטאָר (אַ מאָסקווער סוחר, וועלכער איז אויף אַן אכזריות-דיקן אופן דערמאָרדעט געוואָרן דורך די קוליגאַנעס), האָבן זיך פון המון געהערט געשרייען: „לאָמיר גיין צו דייצעלמאַנען, דאָרט קען מען אָפּלעקן אַ ביינדל”. די ניזשני-נאָווגאָראָדער באַרטאָלאָמעאוס-נאַכט האָט איבערגעשראָקן אַפילו די העכערע אַדמיניסטראַציע. לויט דער השתדלות פון גובערנאַטאָר באַראַנאָוו, זענען די מערדער איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ מיליטערישן געריכט און האָבן באַקומען אַ שווערע שטראָף. אָבער דערזעלבער גובערנאַטאָר האָט געהאַלטן פאַר נייטיק, כּדי צו באַרואיקן דאָס רוסישע פאָלקס-געוויסן, אַרויסגעבן אַ באַפעל וועגן אַרויסשיקן פון נישזני אַלע יידן, בנוגע וועלכע פּאָליציי וועט אָנער-

קענען, אַז זיי לעבן מחוצן תחום „אין אַ געזעצלעכן גרונט". אַזוי אַרום האָט די אַדמיניסטראַציע ווידעראַמאָל אַקעגנגעשטעלט קעגן גאַסן־פּאָגראָם דעם לעגאַלן פּאָגראָם, נישט באַגרייפנדיק, אַז די עקזעקוציעס פונם המון איבער יידן זענען נישט מער ווי אַ גראָבע קאָפּיע פון די אָפיציעלע עק־זעקוציעס. דער בלוטיקער ניזשני־נאָווגראָדער פּאָגראָם האָט בלויז געהאַט דעם רעזולטאַט, וואָס די רעגירונג האָט מורא באַקומען, אַז די שרפה זאָל זיך נישט פאַרשפּרייטן איבער די גרענעצן פון תחום און פון יידנטום, און זי האָט ענדגילטיק באַשלאָסן אויף ווייטער נישט צו דערלאָזן קיין שום עקסצעסן. און ווירקלעך, דערדאָזיקער פּאָגראָם איז געווען דער לעצטער אין דער פּאָגראָם־כראָניק פון די 80־ער יאָרן (אויב מ'זאָל נישט רעכענען עט־לעכע קליינע פאַלן אין פאַרשידענע ערטער). אויף זעקס יאָר איז די „ערד געשטילט געוואָרן", און דער מאָנאָפּאָל אויפן שטילן פּאָגראָם, אין פאָרם פון סיסטעמאַטישער רעכט־באַרויבונג, האָט זיך פאַרפעסטיקט אין די הענט פון טאָלסטאָיס און פּאָביעדאָנאָסצעווס רעגירונג.

## § 16. פּאַלענס קאָמיסיע און פאַרשטאַרקטע רעכטלאָזיקייט

(1889—1883)

אויסגעבנדיק די אויסעראָרדנטלעכע „צייטווייליקע תקנות" פון 1882, האָט די רעגירונג פאַרשטאַנען, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט זי מוזן אויפשטעלן די יידן־פראַגע אין געוויינלעכן געזעצגעבערישן סדר — פאַרן מלוכה־ראַט. צו דעם ציל האָט מען געמוזט צוגרייטן אַ ביסל אַ בעסערן מאַטעריאַל, ווי די „אַרבעטן" פון איגנאַטיעווס גובערניע־קאָמיסיעס, וועלכע זענען געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ טייל פון דער פּאָגראָם־אַרבעט בײַ אַט דעם באַזייטיקטן מיניסטער. נאָך איידער ס'זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן די „צייטווייליקע תקנות", האָט דער מיניסטאָרן־ראַט אויפמערקזאַם געמאַכט דעם צאַר אויף דער נויטיקייט צו שאַפן אַ „ספּעציעלע העכערע קאָמיסיע" וועגן דער יידן־פראַגע, וועלכע זאָל צוגרייטן אַ געזעץ־פּראָיעקט פאַרן מלוכה־ראַט. דערדאָזיקער געדאַנק איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דעם 4־טן פעברואַר 1883; אויפן קייזערס באַפעל איז געשאַפן געוואָרן די „העכסטע קאָמיסיע צו רעווידירן די פאַרפליכטנדיקע געזעצן וועגן יידן". איר פאָרזיצער איז משך עטלעכע יאָר געווען דער געוועזענער יוסטיץ־מיניסטער גראַף פּאַלען (דערפון בעמט זיך דער נאָמען — „פּאַלענס קאָמיסיע"). אין באַשטאַנד פון דער קאָמיסיע זענען אַריינגעגאַנגען זעקס באַאַמטע פון פאַרשידענע

דעפּאַרטאַמענטן ביים אינערן=מיניסטעריום און צו איין באַאַמטן פון די מיניסטעריומס פאַר פינאַנסן, יוסטיץ, בילדונג, מלוכה=ווירטשאַפט און אויסווייניקסטע ענינים, און אויך אייניקע צייטווייליק איינגעלאַדענע „עקספּערטן". דער נייער ביוראָקראַטישער קאַנצעלאַריע איז נישט געגעבן געוואָרן קיין באַשטימטע צייט אויף צו פאַרענדיקן איר אַרבעט; אדרבה, מ'האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אַז דער ענין ברענט נישט. די ערשטע זיצונג פון דער קאָמיסיע איז פאָרגעקומען ערשט אין צען חדשים אַרום נאָכן באַפעל וועגן איר גרינדונג; שפּעטער איז די אַרבעט צוגעגאַנגען זייער פּאַמעלעך, אין קאַנצעלאַרישער געהיימעניש. אַ רייע יאָרן האָט זיך די „העכסטע קאָמיסיע" געגראָבן אין דער טרויעריקער ירושה פון די אַמאָליקע „גובערניע=קאָמיסיעס" — בערג פּאַפּיר, מיט פּראָיעקטן ווי צו לייזן די יידן=פראַגע. זי פלעגט אויך אָננעמען פון דער זייט מעמאָראַנדומס וועגן דער יידן פראַגע, צווישן אַנדערע אויך פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער (דער עיקר דורך דער פאַרמיטלונג פון באַראָן ה. גינצבורג). ערשט נאָך אַ פיר=יאָריקן שטודיום איז די קאָמיסיע צוגעטרעטן צונויפשטעלן איר אייגענע מיינונג, וועלכע האָט אָבער נישט אָנגענומען די פאָרם פון אַ געזעץ=פּראָיעקט — צוליב סיבות, וועלכע מיר וועלן ברענגען ווייטער.

בעת די קאָמיסיע האָט „שטודירט" די פריערדיקע געזעצן וועגן יידן, איבערחזרנדיק די סיזיף=אַרבעט פון צענדליקער פריערדיקע ענלעך=ביוראָקראַטישע אַנשטאַלטן, האָט די רעאַקציאָנערע רעגירונג פון דמיטרי טאָלסטאָי דערווייל געפירט איר ענערגישע אַרבעט פון שאַפן נייע באַגרענעץ=געזעצן, וועלכע פלעגן אַרויסגעגעבן ווערן נישט ווי געוויינלעכע געזעצן, נאָר אין דער פאָרם פון „אַלערהעכסט באַשטעטיקטע מיינונגען פון מיניסטאָרן=ראַט". די רעגירונג האָט נישט געהאַלטן פאַר נויטיק אָפּצוואַרטן די רעזולטאַטן פון דער אַלגעמיינער רעוויזיע פון דער געזעצגעבונג, וועלכע זי אַליין האָט אונטערגענומען, און האָט ווייטער געשמידט נייע קייטן פאַרן פאַרשקלאַפטן פאָלק. די העכסטע קאָמיסיע האָט משך אַ רייע יאָרן בלויז געדינט אַלס אַ פייגן=בלאַט אויף צו פאַרדעקן די אַכזריותדיקע עקספּערימענטן פון דער מאַכט: דאָרט האָבן זיך די העכסטע באַאַמטע פון די מיניסטעריומס פאַרנומען מיט נאָכדענקען וועגן דער יידן=פראַגע און מיט צוטראַכטן מיטלען ווי צו לייזן זי אין דער צוקונפט, און דאָ האָבן דערווייל די מיניסטאָרן פּראַקטיש געלייזט די פראַגע אין גייסט פון העכסטער יידן=שנאה.

פון די הויכע פענסטער האָבן געבלאָזן גאָר נישט קיין גינסטיקע ווינטן. די פאַרשפּעטיקטע קאָראָנאַציע פון אַלכסנדר III אין מאַי 1883, ווען דער אין אַזאַ פאַל טראַדיציאָנעלער מאַניפעסט האָט געבראַכט הנחות און פאַרלייכטערונגען פאַר פאַרשיידענע שיכטן באַפעלקערונג, — האָט יידן גאָרנישט געבראַכט. אין די הויכע ספערן האָט מען זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט

צו די שטימען פון די גובערנאַטאָרס און גענעראַל־גובערנאַטאָרס, וועלכע האָבן אין זייערע „אונטערטעניקסטע באַריכטן" אַנטוויקלט די מאָדערנע אידעע וועגן דער „שעדלעכקייט" פון יידנטום; אָפט פלעגט דער קיסר מאַכן אויף די באַריכטן באַמערקונגען, וועלכע האָבן געהאַט די באַדייטונג פון באַפעלן. אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר גורקאָ האָט מודיע געווען, אָנהויב 1883, וועגן דעם אומגעהייערן וואוקס פון דער צאָל יידישע שילער — אין די גימנאַזיעס און וועגן זייער „שלעכטער ווירקונג" אויף די חברים קריסטן; דערביי האָט ער פאָרגעלייגט צו באַשטימען אַ באַגרענעצטע פראָצענט־נאָרמע ביים אָננעמען יידן; דער קיסר האָט אָנגעשריבן אויף דעם באַריכט: „איך בין אין דערזעלבער מיינונג, מ'מוז דערויף לייגן אַכט". דער מיניסטאָרן־ראַט האָט „געלייגט אַכט", ער האָט זיך אָבער נישט געאיילט צו באַטראַכטן די פראַגע אין תוך, האַלטנדיק, אַז מ'דאַרף זי צוגרייטן צו אַ געזעצגעבערישער אַנטשיידונג אין געוויינלעכן סדר. ווען די פראָווינציעלע אַדמיניסטראַטאָרס (אָדעסער גענעראַל־גובערנאַטאָר און כאַרקאָווער גובערנאַטאָר) האָבן אין די באַריכטן פון נאָנטסטן יאָר ווידער דערמאָנט וועגן דער נויטיקייט איינצופירן אַ בילדונגס־נאָרמע, האָט דער קיסר שוין געמאַכט אַן ענערגישערע נאָטיץ: „אַ פראַגע, וועלכע ס'וואָלט געווען געוואונטשן צו דערליידיקן איינמאָל פאַר אַלעמאָל". דעמאָלט איז אויך דער מיניסטאָרן־ראַט געוואָרן אַדורכגעדרונגען מיט דער איבערצייגונג, „אַז דער וואַקסנדיקער צופלוס פונם נישט־קריסטלעכן עלעמענט אין די שולן האָט זייער אַ שעדלעכע ווירקונג, אין מאָראַליש־רעליגיעזער הינזיכט, אויף די קריסטלעכע קינדער". די פראַגע איז איבערגעגעבן געוואָרן אין פאַלענס העכסטער קאָמיסיע, צו באַהאַנדלען, אָבער נישט וואַרטנדיק אויף איר אַנטשיידונג, האָט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום אין איילעניש אויסגעאַרבעט אַ פראָיעקט אין גייסט פון קיסרס רעזאָלוציע, און גאָר אינגיכן איז צייטיק געוואָרן די נייע פרוכט פון ביוראָקראַטישער שעפערישקייט — די „בילדונגס־נאָרמע", וואָס האָט שפעטער פאַרנומען גאָר אַ חשובן אָרט אין דער סיסטעם רעפרעסיעס קעגן יידן.

אין צענטער פון דערדאָזיקער סיסטעם זענען ווי פריער געבליבן די פאַרבאָטן בנוגע וואוינען און באַוועגן זיך, וואָס ס'איז אָפט געווען דאָס זעלבע, ווי פאַרווערן צו לעבן, ווי אָפנעמען די קוועלן פון חיונה. אויף דעם געביט האָבן די „צייטווייליקע תקנות" אַריינגעבראַכט אַ גרויסע פאַרשידנאַרטיקייט פון יורידישע אינקוויזיציע־מיטלען. די „תקנות" האָבן פאַרווערט יידן צו באַזעצן זיך אין דער צוקונפט מחוץ די שטעט, זיי האָבן אָבער געלאָזט אויף די ערטער די תושבים, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט ביזן יאָר 1882. אָט־אָ־די אַלט־געזעצסענע דאָרפס־לייט האָבן געריסן די אייגן ביי די יידן־שונאים, וואָס האָבן געטרוימט וועגן דעם, אַז דער יידישער עלעמענט זאָל מיטאַמאָל פאַרשווינדן פון רוסישן דאָרף, — און אָט זענען

געלאָזט געוואָרן אין גאַנג אַדמיניסטראַטיווע מיטלען, כדי אַרויסצושטויסן די אַלטע יידישע תושבים פון די דערפער. מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט וועגן די באַמיאונגען פון דער מאַכט און קריסטן-קאָנקורענטן אַרויסצויאָגן יידן אַלס „פאַרברעכערישע מיטגלידער" מיטן כוח פון געמיינדע-באַשלוסן. האָט מען צוגעטראַכט נאָך אַן אַרויסשטויס-מיטל: אַ דאָרפישן ייד, וואָס איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ געוויסער צייט אין שטאָט אַריין, האָט פּאָליציי אָפט נישט אַריינגעלאָזט צוריק אין דאָרף, אַלס אַזאַ, וואָס „באַזעצט זיך פונסניי". ס'זענען געווען פאַלן, אַז יידישע פאַמיליעס, וועלכע זענען, ווי געוויינלעך, געפאָרן פון דאָרף אין שכנותדיקער שטאָט אויף ימים-נוראים, כדי צו דאַווענען בציבור, פלעגן ביים צוריקקערן אַהיים שוין אָנטרעפן אויף שוועריקייטן; דאָס פלעגט אויסגעטייטשט ווערן, ווי אַ „באַזעצן זיך פון דאָס ניי". אין קיעווער קרייז האָט די אַדמיניסטראַציע פונם יידן-פּרעסער דרענטעלן אויסגעטייטשט די „צייטווייליקע תקנות" אין אַזאַ זין, אַז יידן איז פאַרווערט אַריבערצופאָרן פון איין דאָרף אין צווייטן און אַפילו פון איין שטוב אין אַ צווייטער אין די גרענעצן פון איין דאָרף. פּאָליציי האָט אויך באַקומען רעכט אַרויסצושיקן פון די דערפער די יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין הייזער אויף אייגענער ערד: אַזעלכע יידן וואָלטן דאָך נאָכן אָפּלויפן פון קאָנטראַקט געמוזט שליסן מיטן אייגנטימער אַ נייעם אַרענדע-אָפּמאַך, און דאָס איז דאָך דורך די מאַי-תקנות געווען פאַרבאָטן. אויפן גרונט פון אַזעלכע איבערגעשפּיצטע געזעץ-אויסטייטשונגען האָט געהאַלטן ביים אַרויסשיקן אין טשערניגאָווער און פּאָלטאַווער גובערניעס ביי אַ צענטויזנט יידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין דערפער אין געדונגענע הייזער, אָדער אין אייגענע, נאָר געבויטע אויף פּויערשער ערד. דער וויי-געשריי פון אָט די אומגליקלעכע, וועלכע ס'האָט געדראָט אַרויסגעשיקט צו ווערן אינמיטן ווינטער, איז דערהערט געוואָרן נישט אין נאָענטן קיעוו, נאָר אין ווייטן פּעטערבורג, וואו זיי האָבן זיך געווענדט מיט אַן אָנקלאָג אין סענאַט. לויט אַ באַפעל פון סענאַט (יאַנ. 1884), איז דערדאָזיקער אַדמיניסטראַטיווער פּאָגראָם אָפּגעשטעלט געוואָרן, אָבער אַ גרויסע צאָל פאַמיליעס איז שוין געווען אַרויסגעשיקט און רואינירט.

די אַנדערע רעפּרעסיעס, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט די „צייטווייליקע תקנות", זענען געבליבן אין קראַפט, — צווישן זיי אויך דער פאַרבאָט אַריבערצופאָרן פון איין דאָרף אין צווייטן, אַפילו אַ שכנותדיקן; די דאָרפישע יידן זענען אַזוי אַרום צוגעשמידט געוואָרן צו זייערע וואוינערטער. דידאָזיקע אַכזריותדיקע פּראַקטיק פון דער אַדמיניסטראַציע איז פאַרפעסטיקט געוואָרן דורכן געזעץ פון 29 דעצעמבער 1887. „דאָס האָט באַדייט, — זאָגט איינער פון יענער צייט, — אַז אויב ס'וועט אָפּברענען דאָס דאָרף, אין וועלכן ס'האָבן געוואוינט יידן, אָדער ס'וועט זיך פאַרמאַכן

די פאַבריק, אויף וועלכער זיי אַרבעטן, דאַרף זיי זיך אַריבערקלייבן אין שטעט אָדער שטעטלעך, און האָבן נישט קיין רעכט צו זוכן אַן אָפּדאַך און אַ פאַרדינסט אין אַנדערע דאָרפישע געגנטן. דאָסזעלבע, האָבן קינדער קיין מעגלעכקייט נישט נעמען צו זיך אַ מוטער אַן אַלמנה, אָדער אַלט-געוואָרענע עלטערן, וואָס וואוינען אין אַן אַנדער דאָרף; אַ זון, וואָס וואוינט נישט אין זעלבן דאָרף, וואו זיין פאָטער, קען נישט איבערנעמען די האַנדלס-אָדער אינדוסטרי-אונטערנעמונג, וואָס זיין פאָטער האָט איבער-געלאָזט. אַ ייד האָט אפילו קיין רעכט נישט צו פאַרוואַלטן מיט אַ הויז, וואָס ער האָט באַקומען בירושה פון עלטערן, אויב זיי האָבן געוואוינט אין אַן אַנדער דאָרף, אין די גרענעצן פון תחום". דידאָזיקע גאַנצע נעץ באַ-גרענעצונגען, וואָס האָבן רואינירט דעם ייד, פלעגן אַריינברענגען גרויסע הכנסות דער פאָליציייאישער מאַכט, פון די העכסטע ביז די נידעריקסטע. בלויז שוחד -- „די רוסישע קאָנסטיטוציע" פון יענער צייט — פלעגט ראַטע-ווען דעם פאַרפאָלגטן פון דער אַדמיניסטראַציעס הפקרות און גוואַלדטאַטן ביים אָנווענדן די באַגרענעץ-געזעצן, און די מאַכט האָט זיך פעסט געקלאַ-מערט אָן דער יידישער רעכטלאָזיקייט, ווי אין אירער אַ בענעפיציע. די שנאה צו יידן האָט זיך אין אַלע צייטן געפּאָרט מיט ליבע צו יידיש געלט.

די נעץ רעפּרעסיעס אויף צו פאַנגען יידן איז געווען נאָך ברייטער אויסגעשפּרייט מחוץ פון תחום. אין די אינעווייניקסטע גובערניעס זע־... געווען פונאַנדערגעוואָרפן גרופּעס פּריווילעגירטע יידן, וואָס ס'איז זיי ד'ער-לויבט געוואָרן וואוינען „אויסערן תחום": מענטשן מיט העכערער בילדונג, בעלי-מלאכות, סוחרים פון ערשטער גילדיע מיט אַ גרויסן סוחרישן סטאַזש. דעם דראַנג פון די „רעכטלאָזע" צום דאָזיקן פאַרבאָטענעם געביט פלעגט מען איינהאַלטן מיט די שטרענגסטע מיטלען. אַ ביישפּיל פון פלייס אין דעם פּרט האָט געגעבן די קרוין-שטאָט. קיין פּעטערבורג, וואו ס'האָבן גע-לעבט לעגאַל אַ צוויי צענדלינג טויזנט פּריווילעגירטע יידן, האָבן געשטראָמט מאַסן „אומלעגאַלע" מיט די סאַמע פאַרברעכערישסטע כּוונות: זיך צו פאַר-נעמען מיט קליינעם האַנדל, נישט באַצאָלנדיק די טויזנטער גילדיע-ציינזן פאַר וואוין-רעכט, זיך צו פאַרנעמען מיט לערעריי, אָפּגעבן זיך מיט וויסנ-שאַפטלעכע אַרבעט אָדער מיט ליטעראַטור אָן אַ דיפּלאָם פון העכערער בילדונג אין קעשענע. די צאָל אַזעלכע רעכטלאָזע, וואָס זענען פיקטיוו גע-ווען איינגעמאָלדן אַלס בעלי-מלאכות אָדער אָנגעשטעלטע ביי די לעגאַלע, איז געווען גאַנץ גרויס, און אויף קאַמף מיט זיי האָט פאָליציי אָפּגעגעבן זייער אַ סך כּוחות. דער פּעטערבורגער שטאָט-קאָמיסאַר גרעסער האָט גע-מאַכט פאַר זיין ספּעציאַליטעט יאַגד אויף יידן. אָט ווי אַ זשורנאַל-איבער-זיכט פון די געשעענישן פאַר 1883 שילדערט די העלדן-מעשים פון דער רעגירענק-פאָליציי: „דעם פעלד-צוג האָט מען אָרגאַניזירט אָנהויב דאָס יאָר און

ער האָט געדויערט אָן איבעררייס ביז זיין סוף. אָנהויב מערץ איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדנונג צו דער שטאָט־פּאָליציי וועגן אַ שטרענגן קאָנטראָל פון די יידישע דאָקומענטן און וואוינונגען. אין די פּאָליציייאישע קאָמיסאַריאַטן האָט מען איינגעפירט ספּעציעלע ביכער פאַר יידן, און מ'איז צוגעטרעטן אָפּצוזיינדיקן פּעטערבורג פונם נמאסדיקן פאָלק. מיטלען האָט מען געברויכט שוין נישט קיין נייע, — גוט אויסגעפּרובטע אין אַנדערע שטעט. מ'האָט געמאַכט אָבלאַוועס לויט אַלע כּללים; האָט מען געכאַפּט יידן מיט צווייפלהאַפטע רעכט אויף צו וואוינען אין דער הויפּט־שטאָט, האָט מען זיי תּיכּף טראַנספּאָרטירט (אָפט מיט פאַמיליעס) צום וואָקזאַל פון דער באַטרעפנדיקער באַן־ליניע, אונטער אַ שמירה פון פּאָליציי־לייט. די צייט און די דאַטעס פון אָפּפאָרן פלעגן געמאָסטן ווערן אויפן זייגער: מ'פלעגט געבן אַמאָל 24 שעה, אַמאָל 48 און אַ. וו., ריכטיק ווי ס'וואָלט זיך האַנדלען וועגן אויספירן אַן אורטייל פון פעלד־געריכט. און אַרויסגעשיקט פלעגן ווערן מייסטנס פערזאָנען, וואָס האָבן יאָרן לאַנג געלעבט אין פּעטערבורג, און האָבן באַוויזן זיך איינשאַפן אַ ווירטשאַפט מיט געשעפטן, וועלכע ס'איז געווען אוממעגלעך צו ליקווידירן משך 24 שעה. אַזאַ אייליק אַרויסיאָגעניש פון דער קרוין־שטאָט האָט געפירט דערצו, אַז ס'זענען געווען אַ סך פאַלן פון אָננעמען קריסטלעכן גלויבן. אין שטאָט האָבן קורסירט גענוג קאָמישע מעשיות, וועגן דעם, ווי אַזוי מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט איבערגיין אין שויס פון קלויסטער, פלעגן זיך בעטן מען זאָל זיי דערלויבן בלייבן אין שטאָט איין־אָדער־צוויי וואָכן, כּדי זיך מכין זיין צו דער נייער אמונה, ווי דער געזעץ האָט דאָס געפאָדערט, — פּאָליציי האָט אָבער נישט דערלויבט, האַלטנדיק משמעות, אַז די הכנות קענען געמאַכט ווערן אויך אין די גרענעצן פון יידישן תּחום".

פיקטיווער שמד איז, לפי ערך, זעלטן באַנוצט געוואָרן אַלס מיטל קעגן געוואַלט. געוויינטלעך פלעגט מען „אַרומגיין דעם געזעץ" מיט דער הילף פון אומשולדיקע פיקציעס, וואָס זענען אָבער געווען באַליידיקנדיק און ריזיקאַליש. אַ סך אָנגעפּאָרענע פלעגן מיטברענגען קיין פּעטערבורג בעל־מלאכהשע שיינען און זיך איינמעלדן אַלס געזעלן אין אַ וואַרשטאַט פון אַ „פּולבאַרעכטיקטן" יידישן האַנטווערקער; אָבער פּאָליציי האָט נאָר געדאַרפט אַריינגיין אין וואַרשטאַט און נישט געפינען דעם פיקטיוון פועל ביי דער אַרבעט, — פלעגט ער שוין תּיכּף אַרויסגעשיקט ווערן, דערביי פלעגט נאָך דעם באַלעבאָס פון וואַרשטאַט אויך דראָען אַ גרויסע שטראָף. כּדי צו באַקומען וואוינרעכט, פלעגן זיך אַנדערע פאַרשרייבן פאַר לאָקייען ביי יידן־ראָקטורים אָדער אַדוואָקאַטן, ווייל לויטן געזעץ האָט אַ ייד מיט אַן אוניווערזיטעט־דיפּלאָם פון ערשטער קאַטעגאָריע געמ׳ ׳ האַלטן ביי זיך צוויי „שטוב־דינער" פון זיינע פּ״קס־ברידער. אויפן גרונט פון אַזעלכע

„לאַקייאישע״ רעכט האָבן אַ צייט געלעבט אין פּעטערבורג אייניקע באַרימטע יידישע שרייבער, — צווישן זיי אויך דער יונגער פּאָעט ש. פרוג, דער דיכטער פון יידישן אומגליק, וואָס האָט דאַן גלייך פאַרנומען אַ חשוב אָרט אין דער ליטעראַטור. די לאַגע פון אַזעלכע מענטשן איז, פאַרשטייט זיך, געווען זייער אומזיכער; אין איין שיינעם טאָג האָט זיך געקענט באַווייזן אויף זייער פּאַספּאָרט דער פּאָליצייאישער רויטער שטעמפּל, מיטן באַפעל צו פאַרלאָזן די קרוין-שטאָט משך 24 שעה. איבער גאַנץ רוסלאַנד איז באַקאַנט געוואָרן די מעשה מיט אַ יונג יידיש מיידל, וואָס איז געקומען קיין פּעטערבורג צי קיין מאָסקווע, כדי אָנצוקומען אויף העכערע פרויע קורסן, און אום צו באַקומען וואוין-רעכט האָט זי געמוזט זיך פאַרשרייבן אַלס פּראָסטיטוטקע און אַרויסנעמען אַ „געלן בילעט״; ווען פּאָליציי האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס יונגע מיידל פאַרנעמט זיך גאָר מיט לערנען און נישט מיט איר אָפיציעלער פרנסה, האָט מען זי גלייך אַרויסגעטריבן פון דער קרוין-שטאָט.

די גאַנצע ענערגיע פון דער מאַכט פלעגט פאַרשווענדעט ווערן אויף צו באַקעמפן דעם נאַטירלעכן — אָבער לויטן רוסישן קאָדעקס „אומנאַטירלעכן״ — קאַמף פון יידן פאַר זייער עקזיסטענץ, דאָס הייליקע רעכט פונם מענטשן אויף פרייער באַוועגונג. דער פאַרברעכערישער געזעץ (lex crimen) וואָס איז געווען געווענדט קעגן דאָזיקן הייליקן רעכט, האָט געהייסן טרייבן מענטשן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, פון דערפער אין שטעט. אינם נעסט פון אוקראַאינישער יידן-שנאה, אין קיעוו, פלעגן נישט אויפהערן די „אָבלאַוועס״ אויף רעכטלאָזע יידן. פאַר איין יאָר 1886 זענען פון שטאָט אַרויסגעטריבן געוואָרן מער ווי צוויי טויזנט פאַמיליעס. איז דאָס נאָך געווען ווייניק, פלעגט די רעגירונג כסדר צוטראַכטן מיטלען, ווי צו פאַרברייטערן דעם פאַרבאָטענעם שטח און פלעגט איינשליסן אין אים אַזעלכע ערטער, וואָס האָבן פריער געהערט צום ראַיאָן פון יידישן תחום. אין 1887 זענען די גרויסע דרום-שטעט ראָסטאָוו-אויפן-דאָן און טאַגאַנראָג לויט אַן „אַלערהעכסטן באַפעל״ איבערגעשריבן געוואָרן פון יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע צום געביט פון דאָנער קאָזאַקנטום, וואָס איז פאַר יידן געווען געשלאָסן; מען האָט דערלויבט די פריערדיקע יידישע תושבים צו פאַרבלייבן אין די צוויי שטעט, אָבער שטרענג פאַרבאָטן צו באַזעצן זיך אויף סני.

אַלץ מער פאַרשמעלערנדיק די טעריטאָריע, וואו ס׳האָט זיך געשטיקט די יידישע באַפעלקערונג, האָט די רעגירונג נאָך אָנגענומען מיטלען צו פאַרשמעלערן דירעקט די עקאָנאָמישע ספערע פון יידישער טעטיקייט. דאָ האָט מען אָפן אַרויסגעשטעלט די מיטל-אַלטערלעכע שטאַנד- און צעכן-דאָגמע: מ׳דאַרף אָפּנעמען די געגעבענע פּראָפעסיע ביים ייד, כדי דער קריסט זאָל זי באַקומען. בעת אַלכסנדר II האָט די רעגירונג מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן צווישן יידן

מלאכה אויפן חשבון פון האנדל, און זי האט געגעבן די בעל-מלאכות דאס רעכט צו וואוינען אומעטום. אבער פאר אלכסנדר III ווערט ארויסגעגעבן א באפעל (1884) צו פארמאכן אין זשיטאמיר די האנטווערק-שול, וואס האט עקזיסטירט 23 יאר. די גזירה ווערט מאטיווירט מיט א מערקווירדיקער אפנהארציקייט: „היות אין די שטעט און שטעטלעך פון דרום-מערב-קאנט ליגט די מלאכה אין יידישע הענט און דורך דעם ווערט געשטערט די אנטוויקלונג פון מלאכה ביי דער שטאם-באפעלקערונג פון קאנט, וועלכע יידן עקספלואטירן, — דערום איז א ספעציעל יידישע האנטווערק-שול אן איבעריק כלי-זין אין יידישע הענט אויף צו עקספלואטירן די קריסטלעכע באפעלקערונג פון געגנט, וועלכע פארמאגט נישט אזעלכע שולן". דאס לערנען א מלאכה ווערט דא דערקלערט אלס כלי-זין פון „עקספלואטאציע", און דאס באלויכט שוין קלאר דעם אמתן זין פון דעם דאזיקן שרעקלעכן ווארט, וואס די רעגירונג האט דערפונדן: דער ייד איז אן „עקספלואטאטאר" אויף וויפיל ער פארנעמט זיך מיט א פראפעסיע, — זאל זיין אפילו אן ערלעכע און פראדוקטיווע — מיט וועלכער ס'וואלט זיך געקענט פארנעמען א קריסט אויף זיין ארט.

דער געזעץ האט אומברחמנותדיק פארפאלגט דעם ייד פארן קלענסטן פרוב צו פארברייטערן זיין עקאנאמישע טעטיקייט. א בעל-מלאכה, וואס האט געלעבט מחוצן תחום, האט געהאט דאס רעכט צו האנדלען בלויז מיט די אייגענע אויסארבעטונגען; פאר פארקויפן אנדערע, נישט דורך אים אויסגעארבעטע סחורות, פלעגט מען אים קאנפיסקירן די סחורה און תיכף ארויסשיקן פון זיין וואוין-ארט (דער בארימטער פאראגראף 1171 אין שטראף-קאדעקס). די קריסטן קאנקורענטן און פאליציי האבן שטרענג נאכגעקוקט, צי פארקויפט נישט אמאל א יידישער שניידער א שטיקל סחורה, א יידישער זייגערמאכער — א נייעם זייגער אדער א קייטעלע צו אים, א יידישער בעקער — א פונט מעל, אדער א גלעזל קוואס. האט מען אנטדעקט אזא פארברעכן, האט עס תיכף געפירט צו דער עקזעקוציע פונם ארימען בעל-מלאכה לויטן דערמאנטן פאראגראף 1171.

א כאראקטעריסטישער שטריך פון יענער פינסטערער תקופה קאנטר-רעפארמען איז געווען דער רעגירונגס שטרעבונג ארויסצושטויסן יידן פון די פרייע פראפעסיעס, און אין שייכות דערמיט פון דער העכערער און מיטלערער שול. מ'האט געוואלט פארקלענערן די צאל פריווילעגירטע יידן, וועלכע פלעגן לויט אלכסנדר II-טנס געזעץ באקומען רעכט צו וואוינען אומעטום. איצט האט מען געהאלטן פאר צוועקמעסיק אינגאנצן נישט צו צולאזן יידן צו בילדונג. די הויכגעשטעלטע אבסקוראנטן האבן פארזיכערט, אז די יידישע לערן-יוגנט ווירקט שלעכט אויף די חברים-קריסטן אין רעליגיעז-מאראלישער הינזיכט; די פאליטישע פאליציי ווידער האט קאנסטאטירט, אז די סטודענטן-יידן „שטייען לייכט צו צו די רעוואלוציאנערע מוער". אין א לאנד, וואו דער שעפער פון אינערלעכער פאליטיק פאביעדאנאסצעוו

האָט בכלל געהאַלטן בילדונג פֿאַר אַ צעשטערערישע קראַפֿט, אַ שעדלעכע פֿאַרן טראָן און קלויסטער, איז געווען נאַטירלעך די מורא פֿאַרן געבילדעטן פֿרעמד-גלויביקן. דאָס האָט דערדאָזיקער „גרויסער אינקוויזיטאָר" זיכער אונטערגעזאָגט דעם קיסר די איבנדערמאָנטע רעזאָלוציעס וועגן דער נויטווענ-דיקייט צו פֿאַרקלענערן די צאָל יידן אין די רוסישע בילדונגס-אַנשטאַלטן. ווי ס'זאָל זיך נישט האָבן געווערט קעגן אַזאַ רעפּרעסיוון מיטל דער רוב מיטגלידער פֿון „פּאַלענס קאָמיסיע", וואָס האָבן נאָך נישט פֿאַרגעסן די בילדונגס-טראַדיציעס פֿון דער עפּאָכע אַלכּסנדר II, איז די פֿראַגע דאָך געלייזט געוואָרן אין גייסט פֿון די באַפֿעלערישע קייזערלעכע רעזאָלוציעס. אויך דאָ ווי ביים אַרויסגעבן די „צייטווייליקע תּקנות", האָט מען באַשלאָסן אַדורכצופֿירן די רעפּרעסיע אין דער פֿאָרם פֿון אַן אויסעראָרדנטלעכן מיטל, אָן דעם געזעצגעבערישן אָרגאַן — דעם מלוכה-ראַט, ווו ס'האָבן געקענט אַנטשטיין אומגעוואונשענע דעבאַטן מכּוח דער צוועקמעסיקייט אַרויפֿצולייגן אַ פֿאַרבאָט אויף בילדונג.
דעם 5 דעצעמבער 1886 האָט אַלכּסנדר III באַפֿולמעכטיקט דעם בילדונגס-מיניסטער דעליאַנאָוו אָנצונעמען מיטלען אויף צו באַגרענעצן דעם אויפֿנעם פֿון יידן אין העכערע און מיטעלע בילדונגס-אַנשטאַלטן. דער מיניסטער, וואָס איז לויט זיין פֿונקציע באַרופֿן איינצופֿלאַנצן בילדונג, האָט זיך אַ האַלב יאָר געוואַקלט צווישן פֿאַרשידענע פּראָיעקטן, ווי אַזוי זי אויסצו-וואָרצלען. די קוראַטאָרס פֿון די שול-קרייזן האָבן פֿאָרגעלייגט פֿאַרשידענע מיטלען: אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף פֿאַרמאַכן דעם צוטריט צו דער שול בלויז פֿאַר יידישע קינדער פֿון נידעריקערע שיכטן, אין וועלכע ס'קומען באַזונדערס צום אויסדרוק „די אומסימפּאַטישע שטריכן פֿון יידישן כאַראַקטער"; אַנדערע ווידער האָבן געפֿאָדערט איינצופֿירן אַ באַגרענעצנדיקע פּראָצענט-נאָרמע פֿאַר דער גאַנצער יידישער לערן-יוגנט אָן חילוק פֿון קלאַס; אייניקע האָבן רעקאָמענדירט מעסיקייט אין די רעפּרעסיעס, מורא האָבנדיק, אַז אַ צו שטאַרקע באַגרענעצונג פֿון צוטריט אין די רוסישע אוניווערזיטעטן וועט צווינגען די יידישע יוגנט צו לערנען זיך אין אויסלענדישע אוניווער-זיטעטן, און פֿון דאָרטן וועט זי קומען קיין רוסלאַנד „נאָך אַ מער גע-פֿערלעכע", אין זין פֿון בענקשאַפֿט צו פֿרייע פֿאָרמען אין פּאָליטישן לעבן. סוף-כּל-סוף האָט דער בילדונגס-מיניסטער אַרויסגעגעבן, יולי 1887, זיינע צוויי באַרימטע צירקולאַרן וועגן באַגרענעצן פֿאַר יידן דעם צוטריט אין אוניווערזיטעטן און מיטל-שולן. ס'איז באַשטימט געוואָרן אַזאַ פּראָצענט-נאָרמע: אין תּחום ווערן יידן אָנגענומען אין די שולן אין דער גרויס 10 פּראָצ. פֿון דער צאָל אָנגענומענע קריסטן, אויסערן תּחום — 5 פּראָצ. און אין די הויפּט-שטעט — 3 פּראָצ. 1)

1) אין די מיטל-שולן איז די פּראָצענט-נאָרמע געווען געווענדט נאָר קעגן יינגלעך, אָבער נישט קעגן מיידלעך; אין דער פּראַקטיק פֿלעגט זי אָבער אָנגעווענדט ווערן אויך אין פּריוואַט-גימנאַזיעס.

אזוי ארום איז אנטשטאנען די „פראצענט-נארמע" אין שולן, וואס איז געווארן א קוואל פון אומגליק און טרערן פאר צוויי דורות רוסישע יידן. אין יולי און אויגוסט פלעגן יאר-יערלעך קלאפן אין די טירן פון גימנאזיעס און אוניווערזיטעטן טויזנטער יידישע קינדער, אבער אריינקומען פלעגן אהין בלויז א קליינער טייל. אין די שטעט פון תחום, וואו יידן האבן אויסגעמאכט פון 30 ביז 80 פראצ. פון דער גאנצער באפעלקערונג, פלעגן זייערע קינדער צוגעלאזט ווערן אין די גימנאזיעס און רעאל-שולן בלויז אין דער גרויס 10 פראצ. פון דער אלגעמיינער צאל שילער, און דער גרעסטער טייל קינדער האט נישט געקענט באקומען קיין מיטל-בילדונג. טראגיש איז געווען די לאגע פון די, וואס האבן געענדיקט א מיטל-שול און נישט געהאט די מעגלעכקייט פארטצוזעצן זייער בילדונג אין א הויך-שול. א סך פון דידאזיקע אומגליקלעכע פלעגן זיך ווענדן מיט פערזענלעכע בקשות צום בילדונגס-מיניסטער דעליאנאוו, וועלכער איז געווען א רעאקציאנער, אבער בטבע נישט קיין שלעכטער, און ער פלעגט אמאל דערלויבן אנצונעמען די בעטנדיקע „איבער דער נארמע". די מערהייט יוגנט, וואס איז געבליבן הינטער דער טיר פון דער הויך-שול, איז געצוואונגען געווען צו זוכן בילדונג אין אויסלאנד, און ד מאטעריעל נישט פארזיכערטע פלעגן אויסשטייען די גרעסטע נויט. די אכזריותדיקע געזעצן האבן נישט געקענט דערשטיקן ביי דער אלטער קולטור-נאציע דעם דראנג צו בילדונג. די, וואס פלעגן נישט אריינפאלן אין גימנאזיע, פלעגן דורכמאכן איר קורס אינדערהיים, אונטער דער אנפירונג פון פריוואטע לערער, און אפטמאל אלס אויטאדידאקטן, און נאך א געהעריקער צוגרייטונג פלעגן זיי אלס עקסטערנס אפגעבן עקזאמען אויף „מאטורע"; אויב מען האט זיי דערנאך נישט צוגעלאזט אין א הויך-שול, פלעגן דידאזיקע „בילדונג-מארטירער" זיך לאזן אין ווייטן וועג — קיין אויסלאנד. יאר-יערלעך האבן זיך געצויגן פון רוסלאנד קיין מערב צוויי שטראמען עמיגראנטן: איינע זענען געפארן איבערן ים זוכן ברויט און פרייהייט, די צווייטע האבן זיך געלאזט קיין דייטשלאנד, פראנקרייך און שווייץ — זוכן העכערע בילדונג. די מענטשן האט געיאגט פון זייער היימלאנד א interdictio aquae etiguis אין פיזישן און גייסטיקן זין פון די ווערטער.

פארמאכט פאר א סך די קוואלן פון העכערער בילדונג, האט זיך די רעגירונג איינגיכן דערטראכט צו דעם, ווי אזוי צו עקספראפריאירן די רעכט ביי די, וועלכע האבן זיך מיט די גרעסטע מאטערנישן פארט דערשלאגן צו א בילדונגס-צענז. זי האט זיך נישט באנוגנט דערמיט, וואס זי האט נישט דערלאזן קיין דיפלאמירטע יידן צו מלוכהשע אדער אקאדעמישע שטעלעס, וואס זי האט געלאזט פאר דאקטוירים, אדוואקאטן און טעכניקער בלויז דעם געביט פון פריוואטע פראקטיק,—זי האט נאך געשטרעבט

צו פֿאַרשמעלערן אויף דעמדאָזיקן געביט. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט אָנצוווענדן זייערע קענטענישן אין מלוכה־דינסט, אַפֿילו ביים יוסטיץ־מיניסטעריום, זענען יידן געגאַנגען אין אַדוואָקאַטן־שטאַנד, וואו זיי האָבן באַוויזן צו פֿאַרנעמען אַ חשובֿ אָרט, באַזונדערס אין פּעטערבורג און מאָסקווע. דאָס האָט אויפגעריסן די אויגן אין אַדוואָקאַטן־שטאַנד סיי די פּרינציפּיעלע אַנטיסעמיטן, סיי די אַנטיסעמיטן מחמת פּראָפֿעסיאָנעלער קאָנקורענץ. דער יוסטיץ־מיניסטער, רעאַקציאָנער מאַנאַסעאין, האָט דאַן איבערצייגט די העכערע מאַכט, אַז מען מוז פֿאַרשטעלן פֿאַר יידן דעם ווייטערדיקן צוטריט צו אַדוואָקאַטור. אָבער צוליב דיפּלאָמאַטישע מאָטיוון האָט מען באַשלאָסן דורכצופֿירן דידאָזיקע באַגרענצונג נישט אונטער אַ אַנטי־יידישער פֿאָן, נאָר אַלס מיטל קעגן פֿערזאָנען פֿון „נישט־קריסטלעכע גלויבנס" בכלל. אין דער נעץ פֿון באַגרענצונגען זענען אַריינגעפֿאַלן סיי מוסולמענער, סיי דאָס פּריווילעגירטע הייפֿל קאַראַאימען, און דאָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן ספּעציעל די רעליגיעזע אומטאָלעראַנץ פֿון דעמדאָזיקן אויפֿטו. 8 נאָוועמבער 1889 האָט דער קייזער באַפֿוילן: „ביז עס וועט אַרויסגעגעבן ווערן אַ ספּעציעלער געזעץ, זאָלן די געריכט־אַנשטאַלטן און ראַטן פֿון געשוואוירענע אַדוואָקאַטן נישט רעגיסטרירן קיינעם פֿון די נישט־קריסטלעכע אמונות פֿאַר אַ געשוואוירענעם צי פֿאַר אַ פּריוואַטן אַדוואָקאַט אַנדערש, ווי מיט דער דערלויבעניש פֿון יוסטיץ־מיניסטער, לויט ראַפּאָרטן פֿון די פּאָרזיצערס אין די דערמאָנטע אַנשטאַלטן אָדער ראַטן." זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז די יוסטיץ־מיניסטאָרן האָבן ברייט אויסגענוצט זייער רעכט — נישט צוצולאָזן קיין יידן אין שטאַנד פֿון געשוואוירענע און פּריוואַטע אַדוואָקאַטן. מוסולמענער און קאַראַאימען פֿלעגן באַקומען די נויטיקע דערלויבענישן, אָבער די יונגע יידישע אַדוואָקאַטן — קיינמאָל נישט, ווי גוט ס'זאָלן זיי נישט רעקאָמענדירן די געריכטן און ראַטן פֿון געשוואוירענע אַדוואָקאַטן (משך פֿינף יאָר, ביז 1895, איז נישט באַשטעטיקט געוואָרן קיין איין ייד). אַ סך טאַלענטירטע יוריסטן, וועלכע וואָלטן געקענט באַצירן אַן אוניווערזיטעט־קאַטעדרע, אָדער פֿאַרנעמען אַ גלענצנדיק אָרט אין געריכטס־וועזן, זענען אַזוי אַרום אַראָפּגעשלאָגן געוואָרן פֿון די רעלסן, מ'האָט ביי זיי צוגענומען די מעגלעכקייט צו דינען דעם לאַנד מיט זייער אַרבעט, איינצואָרדענען זייער פּערזענלעך לעבן אַזוי, ווי זיי האָבן זיך דערצו געגרייט אין אוניווערזיטעט, און זיי האָבן פֿאַרפֿולט די קאַדרען פֿון יענע, וואָס דער אומגערעכטער געזעץ האָט זיי אומברחמנותדיק עקספּראָפּיאירט.

„מיר וועלן צונעמען ביי אייך די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע און בירגערלעכע רעכט: דאָס רעכט צו וואוינען אומעטום, די פֿרייהייט פֿון באַוועגונג און באַשעפֿטיקונג, מיר וועלן אייך פֿאַרמשפּטן אויף אַ פֿיזישן און גייסטיקן הונגער, מיר וועלן אייך שטעלן מחוץ למחנה פֿון דער בירגערלעכער

געזעלשאַפט, „אָבער איר זאָלט זיך נישט דערוועגן אויף דאָס מינדעסטע זיך אַרויסצודרייען פון אייערע בירגערלעכע התחייבותן!" — אַזוי האָט אויס־געזען דער איינזייטיקער אָפּמאַך, וועלכן די רעגירונג האָט געוואָלט שליסן מיט יידן. דידאָזיקע אייגנאַרטיקע קעגנזייטיקייט האָט די רעגירונג בולט דעמאָנסטרירט ביים ענין יידן אין מיליטער-דינסט. דער רוסישער געזעץ האָט זיך שוין לאַנג געקליגט צו שאַפן אויך דאָ שווערע באַגרענעצונגען: יידן פלעגט מען צונעמען אין מיליטער מיט אַזעלכע פיזישע פעלערן, וואָס פלעגן קריסטן באַפרייען פון מיליטער (ביי אַ קלענערן וואוקס און ברוסט-מאָס); אַז ס'פלעגט אויספעלן צום רעקרוטן-קאָנטינגענט ביי דער יידי־שער באַפעלקערונג, פלעגט מען אַריינציען אין מיליטער אויך בני-יחידים־שפּייזער פון אַ פאַמיליע אָדער פון מוטערס — אַלמנות, וועלכע פלעגן בײ קריסטן אָן שום טענות באַפרייט ווערן פון דינסט. אין דער אַרמיי גופא פלעגט דער ייד תמיד בלייבן ביי אַ „נידעריקן ראַנג" און זיך קיינמאָל נישט דערדינען צום אָפיצירישן מונדיר. ווי כדי חוזק צו מאַכן איבער יידן-סאָלדאַטן, פלעגט מען נאָכן דינסט צונעמען ביי זיי דאָס רעכט צו וואוי־נען אַפילו אין די ערטער אויסערן תחום, וואו זיי האָבן געדינט, און מ'פלעגט זיי ווידער פאַרטרייבן אין די געטאָ-גובערניעס (דאָס רעכט צו וואוינען אומע־טום האָבן נאָר געהאַט די אַלטע „ניקאָלאַיעווער" זעלנער מיט זייערע פאַמיליעס).

ביי אַזאַ מין „אויפמונטערונג" צו פאַטריאָטיזם, האָט נאָך די רעגי־רונג געהאַט די העזה צו באַשולדיקן כסדר יידן אין „אַרויסדרייען זיך פון מיליטער-דינסט". אַז ביי יידן איז געווען אַ טענדענץ אויסצומיידן מילי־טער-דינסט — אין דעם איז קיין שום ספק נישטאָ. ס'וואָלט געווען קעגן דער נאַטור, ווען מענטשן, וואָס זענען באַרויבט פון עלעמענטאַרע בירגערלעכע רעכט, זאָלן פילן אַ טיפע באַדערפעניש זיך מקריב צו זיין פאַרן פאָטער־לאַנד, און נישט זוכן אויסצומיידן דידאָזיקע שווערסטע מלוכה-פליכט. אָבער אין דערווירקלעכקייט האָט זיך, פונדעסטוועגן, דאָס קלאָגן זיך אויף דער נישט געהעריקער צאָל יידישע רעקרוטן אַרויסגעוויזן פאַר איבערגעטריבן. די סטאַטיסטישע אויספאָרשונגען האָבן דערוויזן, אַז צוליב אַ נישט-ריכטיקער איינטיילונג פלעגט מען פון יידן יעדעס יאָר פאָדערן מער רעקרוטן, ווי ס'קומט אויס לויט דער פראָצענט-פאַרהעלטעניש צו דער גאַנצער באַפעל־קערונג: דורכשניטלעך פלעגט מען יידן צונעמען אין מיליטער 12 פראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָל רעקרוטן אין תחום, בעת די יידישע מענער־באַפעלקערונג האָט דאָרט אויסגעמאַכט בלויז 11 פראָצ. פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. מ'האָט נישט גענומען אין אַכט דאָס, וואָס אין די רשימות מיליטער-פליכטיקע האָבן אָפט פיגורירט שוין לאַנג געשטאָרבענע פערזאָ־נען — זיי פלעגן פאַרבלייבן אין די רשימות אַ דאַנק דער נישט-ריכטיקער

עגיטראַציע, — ווי אויך אויסגעוואַנדערטע אין פרעמדע לענדער. די יאָרלעכע עמיגראַציע פון רוסלאַנד, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אומאויפהערלעכע פאַרפאָלגונגען, פלעגט אויך פאַרקלענערן די צאָל יונגע מענטשן אין מיליטער-עלטער; די מאַכט האָט אָבער געהאַלטן, אַז די געבליבענע דאַרפן דינען אין דער רוסישער אַרמיי פאַר זייערע ברידער וועלכע זענען געוואָרן בירגער פון דער אַמעריקאַנער רעפובליק. גאַנצע בערג פאַפיר פלעגן פאַרנוצט ווערן אויף קאַנצעלאַרישע פראָיעקטן, ווי אַזוי אָפצונעמען ביי יידן די מעגלעכקייט אויסצומיידן מיליטער-דינסט. און אין איינעם אַן אַפריל-טאָג דאָס יאָר 1886 האָט די קייזערלעכע רעגירונג זיך דערטראַכט צו אַזאַ מיטל: „אויף דער פאַמיליע פון אַ יידן, וואָס האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דערפילן די מיליטער-פליכט, ווערט אַרויפגעלייגט אַ געלט-שטראָף אין דער הויך פון 300 רובל; דידאָזיקע געלט-שטראָף ווערט אַרויפגעלייגט לויט אַ באַשלוס פון דער געהעריקער מיליטער-קאָמיסיע, ווערט אויפגעמאָנט דורך פאָליציי און ווערט נישט פאַרביטן מיט אַרעסט אין פאַל, אויב די פערזאָנען, וואָס דאַרפן זי באַצאָלן, זענען אומפאַרמעגלעך.” און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקזעקוציע לויטן אַלטן מנהג פון אַלגעמיינער קעגנזייטיקער ערבות; דער געזעץ האָט די שטראָף אַרויפגעלייגט אויף דער פ אַ מ י ל י ע פון אַנטלאָפענעם, — און די פאָליצייאישע פראַקטיק האָט ברייט אויסגעטייטשט דעם טערמין „פאַמיליע”, אַרונטערנעמענדיק אונטער אים עלטערן, ברידער און בכלל נאָענטע קרובים פונם שולדיקן. ס'האָט זיך איינגעשטעלט אַזאַ סדר: יעדעס יאָר אין האַרבסט, אין די טעג פון מיליטער-רעקרוטירונג, רופט מען אויס אין דער מיליטער-קאָמיסיע לויט דער רשימה די יונגע מענטשן, וואָס זענען אַלט געוואָרן 21 יאָר; אויב דער אויסגערופענער ייד האָט זיך נישט געמאָלדן אין זעלבן טאָג, פלעגט די קאָמיסיע גלייך אויפן אָרט באַשליסן צו באַשטראָפן זיין פאַמיליע. קומט צוגיין פאָליציי צו די עלטערן פון דעם נישט-געקומענעם, כדי אויפצומאָנען די 300 רובל שטראָף; אויב ס'איז נישטאָ קיין מזומן, שרייבט מען אָפּ די שטוב-זאַכן פון די אָרימע-לייט און מ'פאַרקויפט עס אויף ליציטאַציע; ביי גאָר גרויסע אביונים, אַז ס'איז נישטאָ וואָס אָפּצושרייבן, נעמט מען אַן אונטערשריפט, אַז זיי וועלן נישט אַרויספאָרן פון שטאָט און מ'נעמט צו ביי זיי די פאַספאָרטן. און אָפט ליידן אַזעלכע פאַמיליעס גאָר שטאַרק, ווייל מ'גיט זיי נישט קיין מעגלעכקייט ערגעץ אַרויסצופאָרן נאָך אַ פאַרדינסט. אין פאַל, ווען די עלטערן זענען טויט, אָדער אַרויסגעפאָרן, זענען פאַראַנטוואָרטלעך מיט זייער פאַרמעגן די ברידער און שוועסטער פון באַשטראָפטן, דערנאָך זיין זיידע אָדער באָבע.

אין דער צייט ווען די ביוראָקראַטן, וועלכע זענען באַפולמעכטיקט געווען צו טאָן אויפן געביט פון דער יידן-פראַגע, האָבן זיך מיט

אימפּעט געוואָרפן אויף רעפּרעסיעס, — אין דערזעלבער צייט זענען זייערע קאָלעגן, וועלכע ס׳איז איבערגעגעבן געוואָרן צו באַטראַכטן און אַרומרעדן דידאָזיקע פראַגע, געקומען צום אויספיר, אַז די פּאָליטיק פון רעפּרעסיעס איז שעדלעך און געפערלעך. די העכסטע קאָמיסיע פון גראַף פּאַלען, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלטע אָנגעזעענע מלוכה-מענער און באַאַמטע פון פאַרשידענע מיניסטעריומס, האָט זיך — אין איר רוב — קעגן אַלע דערוואַרטונגען באַצויגן צו דער יידן-פראַגע ערנסטער, ווי די אָנפירער פון דער אַקטיווער פּאָליטיק, וואָס האָבן קיין צייט נישט געהאַט צו טראַכטן, און ס׳איז זיי אויסגעקומען צו האַנדלען אין איילעניש, אונטערן דראַנג פון דער רעאַקציאָנערער ענערגיע. משך פינף יאָר האָט פּאַלענס קאָמיסיע אלזייטיק באַטראַכט די יידן-פראַגע, זי האָט דורכגעשטודירט און אַליין באַאַרבעט אַ סך היסטאָרישע, יידישע און עקאָנאָמיש-סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, און געקומען צום אויספיר, אַז די גאַנצע הונדערטיאָריקע סיסטעם געזעצגעבערישע באַגרעניצונגען האָט נישט געבראַכט צום ציל, און זי דאַרף פאַרביטן ווערן דורך אַ סיסטעם רעפאָרמען, — וואָס אַן אמת, בהדרגהדיקע און זייער פּאָרזיכטיק אַדורכגעפירטע. אַזוי איז געווען די מיינונג פונם רוב מיטגלידער אין דער קאָמיסיע און פון איר פּאָרזיצער פּאַלען, און דידאָזיקע מיינונג איז רעפערירט געוואָרן אין אַ ברייטן, „אַלגעמיינעם מעמאָראַנדום“, אָנהויב 1888.

„ציִ קאָן דען אַ מלוכה, — ווערט דאָרט געזאָגט, — זיך באַציִען צו אַ פינף-מיליאָניקער באַפעלקערונג[1], צו 1/20 טייל פון אַלע אירע אונטערטאַנען, — מעגן זיי געהערן צו אַ ראַסע, וואָס איז פרעמד דער מערהייט, — אַנדערש ווי צו אירע איבעריקע אונטערטאַנען? פון מלוכה-שטאַנדפּונקט דאַרף אַ ייד זיין פולבאַרעכטיקט. נישט געבנדיק אים קיין גלייכע רעכט, קאָן מען פון אים אייגנטלעך אויך נישט פאָדערן קיין גלייכע מלוכה-פליכטן. אונטערדריקונג און פרייהייט-באַרויבונג, אומגלייכשטעלונג און פאַרפאָלגונגען האָבן די מענטשלעכע געזעלשאַפטן נישט געמאַכט בעסער און מער איבערגעגעבן צו זייערע הערשער. ס׳איז קיין וואונדער נישט, וואָס אויך יידן, דערצויגן אויף אַ הונדערטיאָריקער רעפּרעסיווער געזעצגעבונג, בלייבן

1) אין די אָפיציעלע דאָקומענטן און אין דער פּובליציסטיק פון די 80 ער יאָרן, ווערט די צאָל יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד געשאַצט דאָ אין דריי מיליאָן, דאָ אין פינף. דידאָזיקע קעגנגעזעצטע ציפערן באַזירן בלויז אויף השערות, ווייל קיין גענויע סטאַטיסטיק איז דעמאָלסט נישט געווען. צום ערשטן מאָל איז די צאָל יידישע באַפעלקערונג פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער ציילונג פון 1897. אין דער גאַנצער מלוכה האָבן דאַן געלעבט העכער 5 מיליאָן יידן (5.189.400) אויף 125 מיליאָן אַלגעמיינער באַפעלקערונג, אַזוי אַז יידן האָבן אויסגעמאַכט אַרום 4 פּראָצ. נעמענדיק אין אכט, אַז אין די 60 ער יאָרן איז די יידישע באַפעלקערונג געשאַצט געוואָרן אין 3 מיליאָן, וואָלט מען פאַר די 80 ער יאָרן געדאַרפט אָננעמען די דורכשניט צאָל — 4 מיליאָן, אָדער עפּעס מער, וואָס ס׳מאַכט אויס ביי אַ הונדערט מיליאָניקער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד דיזעלבע 4 פּראָצ.

אין דער קאַטעגאָריע ווייניקער פּינקטלעכע אונטערטאַנען, וואָס דרייען זיך אַרויס פון דערפילן די מלוכה-פליכטן און האָבן זיך נישט באַהעפט אינגאַנצן מיטן רוסישן לעבן. די צאָל אויסנאַם-געזעצן פאַר יידן דערגרייכט אין אונזער קאָדעקס ביז 650, און דער פּועל-יוצא פון די באַגרעניצונגען און אומבאַקוועמלעכקייטן, וואָס זיי שאַפן, איז דאָס, וואָס ידעם גרעסטן טייל יידן לעבט זיך אין רוסלאַנד ביז היינטיקן טאָג זייער שווער... ביי 90 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג שטעלן פאָר אַ מאַסע, וואָס איז מיט קיין זאַך נישט פאַרזיכערט און דערמאָנט טיילווייז אַ פּראָלעטאַריאַט, אַ מאַסע, וואַס לעבט פון טאָג צו טאָג, אין אָרעמקייט, אין שווערסטע היגיענישע און לעבנסשטייגער-באַדינגונגען. קעגן דידאָזיקע פּראָלעטאַריער ברעכן נאָך אַמאָל אַויס ווילדע אויפשטאַנדן פון פאָלק; די מאַסע לעבט אונטער דער מורא פון פּאָגראָמען, אונטער דער מורא פון גוואַלדטאַטן. אין דער גרעזעצגעבונג גופא ווערן יידן פאַרעכנט אין דער קאַטעגאָריע „פרעמדע״, צוגלייך מיט די געצנדינערישע סאַמאָיעדן. מיט איין וואָרט, די אומנאָרמאַלקייט פון דער איצטיקער יידן-לאַגע אין רוסלאַנד איז קלאָר... נישט אַרויסגייענדיק לחלוטין פון שטאַנדפּונקט פון פאַרטיידיקן יידן אָדער סימפּאַטיזירן מיט זיי, נאָר פון שטאַנדפּונקט פון מלוכהשן יושר און פון העכערער אביעקטיווקייט און גערעכטיקייט, מוז מען מודה זיין, אַז יידן האָבן רעכט צו באַקלאָגן זיך אויף זייער לאַגע. יידן זענען אין רוסלאַנד נישט קיין אויסלענדער,—שוין הונדערט יאָר ווי זיי זענען אַ טייל פון רוסלאַנד. די געשיכטע גופא פון דער געזעצגעבונג, הגם זי האָט זיך על פּי רוב געשאַפן אונטער דער ווירקונג פון שטרענגסטן קוק אויף יידן,—לערנט אונז, אַז ס'איז פאַראַן בלויז איין אויסגאַנג און איין וועג — צו באַפרייען און צו פאַראייניקן יידן מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג אונטערן שוץ פון איינע און דיזעלבע געזעצן. די עיקר-אויפגאַבע פון דער געזעצגעבונג באַשטייט אין דעם, וואָס מער צו פאַראייניקן יידן מיט דער אַלגעמיינער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די סיסטעם רעפּרעסיעס און אויסנאַם-תקנות דאַרף פאַרביטן ווערן מיט אַ בהדרגהדיקער סיסטעם באַפרייענדיקע און אויסגלייכנדיקע געזעצן. ביים לייזן די יידן-פראַגע דאַרף אָנגעווענדט ווערן די העכסטע פאַרזיכטיקייט און בהדרגהדיקייט״.

ביי דער גאַנצער מעסיקייט און פאָרזיכטיקייט פון די אויספירן פון פּאַלענס קאָמיסיע, וואָס אירע מיטגלידער, איבערצייגטע קאָנסערוואַטאָרן, האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דער יידן-פיינטלעכער שטימונג פון אַלכסנדר III און זיינע מקורבים, איז אין דידאָזיקע אויספירן דאָך געלעגן אַ פאַרניכטנדיקע קריטיק פון יענער רעפּרעסיווער פּאָליטיק, וואָס עס האָט געפירט זיי רעגירונג, די גרינדערין פון דער קאָמיסיע. פון די רייען ביוראָקראַטיע גופא איז אויפגעשטאַנען איר שונא אין דער יידן-פראַגע. בלעם, וועלכן מ'האָט גערופן צו שילטן דאָס יידנטום, האָט עס גאָר געבענטשט. אָבער דער באַשלוס

פון דער קאָמיסיע איז נישט געווען קיין איינשטימיקער: פאַר בהדרגהדיקע רעפאָרמעס האָט זיך אַרויסגעזאָגט דעם רוב פון דער קאָמיסיע, די מינדערהייט איז געווען פאַר פאָרזעצן די רעפּרעסיווע פּאָליטיק. צוליב דיזאָזיקע אינערלעכע מיינונגספאַרשידנהייטן, האָט די קאָמיסיע נישט געאײַלט פאָרצולייגן איר באַשלוסן דער רעגירונג. מ׳האָט נאָך געמאַכט אַ פּרוב צו פאַרשלעפּן דעם ענין. סוף 1888 האָט די קאָמיסיע איינגעלאַדן אויף אַ פאַרהער אַ גרופּע יידישע „עקספּערטן". די עקספּערטן זענען געווען יענע פּעטערבורגער געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן ווייניק בירגערלעכן מוט נאָך אויפן צוזאַמענפאָר פון 1882. מ׳האָט זיי דער עיקר אויסגעפרעגט בנוגע דער אינעווייניקסטער אָרגאַניזאַציע פון יידנטום: צי עקזיסטירט נישט קיין „געהיימער קאַהאַל", אויף וואָס גייט דער „קאָראָבקע אָפּצאָל" וכדומה. ענטפערן זענען, פאַרשטייט זיך, געגעבן געוואָרן אַפּאָלאָגעטישע: פון דער אויטאָנאָמער קהלות-אָרגאַניזאַציע האָט מען זיך אָפּגעטרייסלט, מ׳האָט אָבער געבעטן צו דערלאָזן אַ באַגרענעצטע זעלבסט-פאַרוואַלטונג אונטערן שטרענגן קאָנטראָל פון דער רעגירונג. מען האָט נאָך פאָרגעלייגט די עקספּערטן עטלעכע פראַגן וועגן דער רעכטלעכער לאַגע, אָבער דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן בלויז לשם דעקאָראַציע. מען האָט געוואוסט, אַז די מיינונג פון דער קאָמיסיע-מערהייט וועגן דער נויטיקייט פון „פאָרזיכטיקע און בהדרגהדיקע" רעפאָרמעס האָט ווינציקער שאַנסן אויף דערפאָלג, ווי די מיינונג פון דער יידנפיינטלעכער מינדערהייט וועגן פאָרזעצן ווייטער די סיסטעם פון אונטערדריקונג. די ערגסטע דערוואַרטונגען זענען טאַקע איינגיכן מקוים געוואָרן. דער רעאַקציאָנערער גראַף טאָלסטאָי, זיין מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים, האָט פאַרן פּראָיעקט פון פּאַלענס קאָמיסיע פאַרשטעלט דעם ווייטערדיקן וועג צום מלוכה-ראַט. מ׳האָט אָפן גערעדט, אַז אלכסנדר III „האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער מיינונג פון דער מינדערהייט", פון פּאַלענס קאָמיסיע. לויט אַן אַנדער ווערסיע, איז די פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אין מלוכה-ראַט, וואו די קעגנער פון רעפאָרמעס זענען ווידער געווען אין דער מינדערהייט, נאָר דער קיסר האָט מכריע געווען לטובת דער מיינונג פון דער מינדערהייט. דער געזעצפּראָיעקט, וואָס האָט נישט האַרמאָנירט מיט דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון סדר-היום. די אַרבעט פון פינף יאָר איז באַגראָבן געוואָרן אין די קאַנצעלארישע אַרכיוון.

יידן האָבן נישט געלעבט אין טעות בנוגע די מעגלעכע רעזולטאַטן פון די אַרבעטן אין דער העכסטער קאָמיסיע: זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז ווען די רעגירונג וואָלט אויפריכטיק געוואָלט רעווידירן די קאָנסטיטוציע פון רעכטלאָזיקייט, וואָלט זי כאָטש אויף אַ צייט אָפּגעשטעלט די פּראָדוקציע פון נייע געזעצגעבערישע בייטשן. אין רוסלאַנד האָט געהערשט די פינסטערע, פּאָליארע נאַכט פון דער רעאַקציע די 80-ער יאָרן. ס׳האָט זיך גאָר קיין סוף נישט

געזען צום דאָזיקן יום-טוב פון די נאַכט-סאָוועס — די פּאָביעדאָנאָסצעווס און טאָלסטאָיס, וואָס האָבן געשטרעבט מחיה-מתים צו זיין די ווילדקייט פון דער אַלטער מאָסקאָוויע, וואָס האָבן געהאַלטן דאָס פאָלק אין צוואַנגען פון עם-הארצות, שכרות און פּאָליטישער פאַרגליווערטקייט. אַלץ אין לאַנד איז שטיל-געוואָרן, זיך פאַרבאָרגן; די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער רוסישער געזעל-שאַפט זענען דערדריקט געוואָרן אונטערן פּאָליצייאישן קלעם. די פּרעסע האָט געקרעכצט אונטערן יאָך פון דער אַכזריותדיקער צענזור. דאָס עוואַנגעלישע פּרעדיקן פון לעוו טאָלסטאָי — אַ מאָראַלישער אַנטיפּאָד פון מיניסטער מיטן זעלבן נאָמען — „ווען ניט שטעלן זיך קעגן שלעכטס" איז פּונקט געווען צוגעפּאַסט צו דער שטימונג פון אַ סך, וואָס האָבן געלייגט דאָס געווער און רעזיגנירט פון פּאָליטישן קאַמף. די פינסטערע ווינטער-נאַכט פון דער רעאַקציע האָט געהערשט איבער דעם גרויסן לאַנד, איבער דעם „פאַרגליווערטן רוסלאַנד", וועגן וועלכן ס'האָבן געטרוימט די אידעאָלאָגן פון דער סלאַווישער ביזאַנץ, ווי וועגן אַ טיפּ פון אַן אומבאַוועגלעכער מלוכה, וועלכער ס'זענען פרעמד די פּאָליטישע ליידנשאַפטן און אויפטרייסלונגען פון מערב. הונדערט מיליאָן מענטשן האָבן זיך דאָ געפיניקט אין קייטן פון בירגערלעכער קנעכטשאַפט, און פיר, אָדער פינף מיליאָן, צענויפגעפּרעסטע אין אַ באַזונדער קאַמער פון דער דאָזיקער גרויסער תּפיסה, זענען געווען קנעכט ביי קנעכט. אָבער די איינציקלעך פון אַלטן קולטור-פאָלק האָבן ניט געקאָנט גייסטיק פאַרשקלאַפט ווערן. די נייע ליידן האָבן אַרויסגערופן ביי זיי אַ טיפן, אינעווייניקסטן קריזיס, וואָס האָט געעפנט נייע וועגן פאַר דער גאַנצער יידישער נאַציע.

## § 17. דער אינעווייניקסטער קריזיס פון די 80-ער יאָרן:

די קאַטאַסטראָפעס אָנהויב די 80-ער יאָרן האָבן שטאַרק צעטומלט די פּראָגרעסיווע יידישע געזעלשאַפט. ביי דער אינטעליגענץ זענען נאָך פריש געווען די איינדרוקן פון דער „רעפאָרמען-עפּאָכע": די ערשטע שריט פון אַלכּסנדר דעם צווייטנס רעגירונג צו געבן יידן בירגערלעכע פרייהייט, דער רוף פון די רוסישע ליבעראַלן צו דערנענטערונג, די ליכטיקע האָפ-נונגען אויפן באַנייטן רוסלאַנד. אויף די קאַרגע חסדים פון דער מאַכט האָט די יידישע געזעלשאַפט זיך אָפּגערופן מיט אויסערגעוויינטלעכער דאַנק-באַרקייט און איבערגעגעבנקייט. די יוגנט, וועלכע האָט דורכגעמאַכט אַ רוסישע שול, האָט זיך געריסן צו קולטורעלער באַהעפטונג מיט דער רוסי-שער געזעלשאַפט. אַסימילאַציע, „רוסיפיקאַציע" — זענען געוואָרן לאָזונגען פון טאָג, די ליטעראַטור-אידעאַלן פון יונגן רוסלאַנד זענען געוואָרן ווי-

הײליקע לוחות פֿאַר דער ייִדישער אינטעליגענץ. און מיטאַמאָל האָט דאָס דאָזיקע רוסישע פֿאָלק, צו וועלכן די פּראָגרעסיווע כּוחות פֿון ייִדנטום האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן, גאָר אַרויסגערוקט פֿון זיך באַנדעס רויבער און פֿאַרגוואַלטיקער; די רעגירונג איז אַוועק אויפֿן וועג פֿון רעאַקציע און ייִדן-האַס; און די רוסישע ליבעראַלע געזעלשאַפֿט האָט זייער ווייניק מיטגעפֿיל אַרויסגעוויזן צו דער פֿאָגראָמירטער און דערנידעריקטער נאַציע. הויך האָט געקלונגען די שטים פֿון דער פֿײַנטלעכער פּרעסע („נאָוואָיע ווערעמיאַ", „רוס" א. אַ.), און שוואַך האָט זיך אָנגענומען פֿאַר ייִדן די ליבעראַלע פּרעסע, וועלכע האָט זיך געפֿונען אין צענזור-קלעם („גאָלאָס", „פּאָריאַדאָק" א. אַ.). אַפֿילו די פּובליציסטן פֿון דער ראַדיקאַלער פּאַרטיי, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום זשורנאַל „אָטיעטשעסטווענייע זאַפּיסקי", האָבן אויך באַטראַכט די פּאָגראָמען בלויז ווי אַ ווילדע פֿאָרם פֿון נאַטירלעכן עקאָנאָמישן קאַמף; די קאָמפּליצירטע ייִדישע פּראָבלעם מיט איר דורותדיקן טראַגיזם האָבן זיי באַנומען בלויז ווי אַ צווייט-ראַנגיקע סאָציאַל-עקאָנאָמישע פֿראַגע. נאָר איין אײנציקער רוסישער שרײַבער, דער סאַטיריקער שטשעדרין-סאַלטיקאָוו, איז טיף דערשיטערט געוואָרן, דערזעענדיק די נײַע ליידן פֿון אַלטן פֿאָלק. ער האָט אויסגעגאָסן זײַנע געפֿילן אין אַ לירישער טיראַדע (גאָר נישט זײַן געוויינטלעכער סטיל), אין אַן אַרטיקל („יולי-ווינטן"), וואָס ער האָט אָנגעשריבן זומער 1882, נאָכן ערשטן ציקל פּאָגראָמען: „די געשיכטע האָט קײנמאָל נישט אויסגעקריצט אויף אירע בלעטער אַ פֿראַגע, וואָס זאָל זײַן מער שווער, מער ווײַט פֿון מענטשלעכקייט, מער פּײַנלעך, ווי די ייִדישע פֿראַגע... נישטאָ קיין מער האַרצרײַסנדיקע געשיכטע, ווי אָט די געשיכטע וועגן אומענדלעכן פּײַניקן פֿון איין מענטש דורכן צווייטן". דער סאַטיריקער פֿירט דורך אַ שאַרפֿזיניקן פֿאַרגלײַך צווישן אַכזריותדיקן רוסישן „קולאַק" און נעבעכדיקן ייִדישן „עקספּלואַטאַטאָר" — דעם הענדלער, וועלכער ווערט אַליין פֿון אַלעמען עקספּלואַטירט. פֿון די גרויסע רוסישע שרײַבער איז שטשעדרין געווען דער אײנציקער, וואָס האָט זיך אָפּגערופֿן אויפֿן ייִדישן אומגליק: טורגעניעוו און טאָלסטאָי האָבן געשוויגן, הגם מען האָט געוואַרט אויף זייער פּראָטעסט-וואָרט, בעת ס'זענען אַרויס מיט הייסע פּראָטעסטן די ליטעראַטור-קאָריפֿייען פֿון מערב — וויקטאָר הוגאָ, רענאַן און פֿיל אַנדערע. די רוסישע געזעלשאַפֿט איז פֿאַרבליבן קאַלט צו דער ברענענדיקער וואונד פֿון ייִדנטום. און די ייִדישע געבילדעטע קרייזן האָבן זייער קרענקלעך דערפֿילט אָט די קאַלטקייט; ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פֿון אַנטוישן זיך אין די אידעאַלן פֿון אַסימילאַציע.

תּחילת איז די אַנטוישטקייט געקומען צום אויסדרוק אין די ביטערע קלאָג-רייד פֿון אַסימילאַטאָרן בעלי-תּשובֿה. „די געבילדעטע ייִדישע כּוחות — איז זיך איינער פֿון זיי מתוודה באַלד די ערשטע חדשים פֿון די פּאָגראָמען —

האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון זייער געשיכטע, פאַרגעסן די אייגענע טראַדיציעס, פאַרמיאוסן אַלץ, וואָס וואָלט זיי געקענט געבן אַ באַגריף וועגן זיך, ווי וועגן גלידער פון אַן אייביק פאָלק. אָן שום באַשטימטע אידעאַלן, שלעפּנדיק נאָך זיך די ייִדישקייט, ווי עס שלעפּט די שווערע קייטן דער, וואָס לויפט פון קאַטאָרגע — מיט וואָס האָבן די מענטשן געקענט פאַרענטפערן זייער אָנגעהעריקייט צו אָט דעם פאָלק פון „קריסטוס-פאַררעטער" און „עקספּלואַטאַטאָרס"? און וואָס פאַר אַ קלאָגעדיקער לאַגע האָב זיך איצט געפונען די אַלע, וואָס האָבן ערשט נעכטן געפּריידיקט זעלבסט-פאַרלייקענונג און „אויסמישונג"! דאָס לעבן האָט פון יעדן איינעם געפאָדערט — זיך זעלבסבאַשטימען; זיצן ווייטער צווישן צוויי שטולן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. און די לאָגיק פון די געשעענישן דערפירט צו אַזאַ אַלטערנאַטיווע: אָדער אָפּן זיך דעקלאַרירן אַלס רענעגאַט, אָדער נעמען אויף זיך אַ טייל ליידן פון אייגענעם פאָלק." אַ צווייטער פאָרשטייער פון דער ייִדישער אינטעליגענץ שרייבט אַזוי סוף 1881 צום רעדאַקטאָר פון רוסיש-ייִדישן זשורנאַל: „אַז איך גיב אַ טראַכט, וואָס מען האָט מיט אונז געטון, ווי אַזוי מען האָט אונז געלערנט ליב צו האָבן רוסלאַנד און דאָס רוסישע וואָרט, ווי אַזוי מען האָט אונז פאַרנאַרט און געצוואונגען אַריינצופירן אין שטוב די רוסישע שפּראַך און אַלץ רוסישעס, ווי אַזוי אונזערע קינדער קענען נישט קיין שום אַנדערע שפּראַך, אויסער רוסיש, און ווי אַזוי מען שטויסט אונז איצט אָפּ און מען יאָגט אונז — ווערט דאָס האַרץ פול מיט ביטערסטן יאוש. אָט די גרויסע באַליידיקונג פאַרצערט מיך פּשוט. אפשר האָב איך אַ טעות, נאָר מיר דוכט, אַז ווען ס'זאָל זיך מיר אַפילו איינגעבן אַריבעפאָרן אין אַזאַ געבענטשט לאַנד, וואו אַלע מענטשן זענען גלייך, וואו ס'איז נישטאָ קיין בייטאָגעדיקע רויבערייען און קיין באַנאַכטיקע „ייִדישע קאָמיסיעס" — וואָלט איך דאָך שוין פאַרבליבן אַ גייסטיק-צעבראָכענער ביזן סוף פון מיין לעבן, — אַזוי האָט מיך אויסגעפּייניקט דאָסדאָזיקע פאַרשאָלטענע יאָר, דידאָזיקע אַלגעמיינע גייסט-פאַרבלענדעניש, וואָס איז באַפאַלן אונזער ליבהאַרציק פאָטערלאַנד".

די רוסיש-ייִדישע ליטעראַטור פון יענער צייט איז פול מיט אַזעלכע קלאָג-מאָטיוון פון אַנטוישטע אינטעליגענטן. נישט אַלעמאָל האָט לידאָזיקע תשובה-שטימונג געפירט צו פּאָזיטיווע רעזולטאַטן; געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַזוי איינגעלעבט מיט דער רוסישער קולטור, אַז זיי האָבן שוין נישט געפונען קיין וועג צום ייִדנטום און זענען דערטרונקען געוואָרן אין תהום פון פולער אַסימילאַציע; אַנדערע ווידער האָבן זיך געפונען אויפן שייד-וועג צווישן אַסימילאַציע און נאַציאָנאַלן געדאַנק; און די דריטע האָבן פון באַקומענעם קלאַפּ זיך אַזאַ וואָרף געטון אויף צוריק, אַז זייער לאָזונג איז געוואָרן „אַהיים!" אין דעם זינען, אַז זיי האָבן נישט געוואָלט מער הערן פון קיין שום פרייער

קריטיק, וועגן קיין שום שטרעבונג צו אינעווייניקסטע רעפאָרמעס. אָבער אינם געזונטן טייל יידישער געזעלשאַפט האָט די געענדערטע שטימונג אַרויסגערופן אַ קלאָרן קער אין דער ריכטונג פון אַ נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. די אידייע פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אין רוסלאַנד גופא איז נאָך דאַמאָלסט נישט געווען רייף; אונטערן איינדרוק פון די ערשטע פאָגראָמען האָט זיך די יידישע אויסלייזונג געבונדן דער עיקר מיטן געדאַנק וועגן ע מ י ג ר אַ צ י ע. די אָנהענגער פון אַמעריקאַנער עמיגראַציע האָבן נישט אָן אַ גרונט זי באַטראַכט ווי אָן אָנהייב פון באַשאַפן אַ נייעם פרייעם גלות-צענטר. נאָכן באַלטער פאָגראָם ווענדעט זיך דער דיכטער י. ל. גאָרדאָן צו דער „טאָכטער פון יעקוב", וואָס איר האָט געשענדעט דער זון פון חמור" (אַ רמז אויף דער שטעל אין חומש בראשות ל"ד מיט אַ שפּיל פון ווערטער: בן חמור אָן אייזל-זון) מיט אַזאַ רוף: „שטיי אויף, שוועסטער, לאָמיר גיין אַהין, וואו די ליכט פון פרייהייט שיינט איבער יעדער באַשעפעניש, באַשטראַלט יעדע נשמה, וואו יעדער איינער איז טייער, ווער נאָר ס׳איז געשאַפן לויטן געשטאַלט פון גאָט, וואו מען דערנידעריקט נישט קיינעם פאַר זיין פאָלק און זיין גאָט. דאָרטן וועלן אויסוואורפן דיך נישט רויבן, דאָרט וועט מען נישט שפּעטן פון דיר, רוחמה, מיין שוועסטער". אַ סך אידעאָלאָגן פון דער אַמעריקאַנער עמיגראַציע האָבן געטרוימט וועגן קאָנצענטרירן באַדייטנדיקע מאַסן אין די ווייניק-באַפעלקערטע שטאַטן, וואו מען זאָל מיט דער צייט זיך קענען דערשלאָגן צו אַברייטער אויטאָנאָמיע.[1])

פאַראַלעל מיט דערדאָזיקער אידייע — וועגן בייטן די צענטרען אין גלות גופא, — איז אין די ווייען פון דער פאָגראָם-צייט געבוירן געוואָרן אויך די אידייע — צו פאַרלייקענען דעם גלות אין נאָמען פון דער אויפריכטונג פון אַ נאַציאָנאַלן צענטר אין פאַלעסטינע. דער ערשטער אידעאָלאָג פון דער נייער „חיבת ציון" איז געווען מ. ל. ל י ל ע נ ב ל ו ם, אַ שרייבער אַ ראַדיקאַל, וועלכער האָט פריער געהאַט געפירט פראָפּאַגאַנדע פאַר דער נויטיקייט צו רעפאָרמירן יידישקייט. שוין האַרבסט 1881 האָבן זיך אין „ראַזסוועט" באַוויזן אַרטיקלען פון ליליענבלומען, אין וועלכע ער האָט באַגרינדעט די אָקאָרשט אויפגעקומענע אידייע פון קאָלאָניזירן פאַלעסטינע, אַלס אָן אויפגאַבע אַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע. ער האָט זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז די סיבה פון

1) אין 1881 האָבן יידישע פובליציסטן (אין „ראַזסוועט", „רוסקי יעוורעי", „המליץ" און „וואָסכאָד") פיל געשריבן וועגן דער עמיגראַציע-באַוועגונג קיין אַמעריקע, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן, און מיט אַ יאָר שפּעטער — וועגן דער עמיגראַציע קיין פאַלעסטינע. דער מחבר פון דעם בוך — דאַמאָלסט נאָך אַן אָנפאַנגער אַלס שריפטשטעלער — האָט אויך געהערט צו די אָנהענגער פון דער אַמעריקאַנער עמיגראַציע, און זיין אַרטיקל „די פראַגע פון טאָג" (ראַזסוועט 1881, נומ. 34—35) האָט דאַמאָלסט פאַרשאַרפט די פּאָלעמיק אַרום דער פראַגע: וואוהין — קיין אַמעריקע אָדער קיין פאַלעסטינע?

אַלע היסטאָרישע ליידן פון יידישן פאָלק איז די,—וואָס מיר זענען אומעטום אַ פרעמדער עלעמענט, וועלכער גיסט זיך נישט צונויף אינגאַנצן מיטן פאָלק־באַלעבאָס פון דער געגעבענער טעריטאָריע; דער באַלעבאָס דולדעט דעם שכן, כּל־זמן עס לוינט אים, אָבער ביי דער ערשטער אומבאַקוועמלעכקייט וויל ער אים משלח זיין. אין מיטלאַלטער האָט מען אונז פאַרפאָלגט צוליבן רעליגיעזן פאַנאַטיזם, איצט הייבט מען אונז אָן רודפן צוליב נאַציאָנאַלע און עקאָנאָמישע טעמים, און אָס דאָס „צווייטע קאפּיטל פון אונזער געשיכטע וועט נאָך האָבן נישט ווייניק בלוטיקע בלעטער". מאכן אַ סוף צו יידישע צרות קען מען נאָר אויף איין אופן — אָפּשאפן זייער סיבה: מען דאַרף אויפהערן צו זיין פרעמדע אין פאַרשידענע לענדער און זיך איינמונדעווען אין אַ לאַנד, וואו מיר זאָלן קענען זיין בעלי־בתים. אזא לאַנד, לויט די היסטאָרישע רעכט, איז פאַר אונז די אַלטע היים — פּאַלעסטינע. „מיר דאַרפן שטרעבן אַזוי צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע, אַז משך איין יאָרהונדערט זאָלן יידן כמעט אינגאַנצן פאַרלאָזן די נישט־גאַסטפריינטלעכע אייראָפּע און זיך איבערקלייבן אין דעם נישט ווייטן לאַנד פון אונזערע אָבות, אויף וועלכן מיר האָבן רעכט".

די פאַראיינפאַכטע לאָגישקייט פון דידאָזיקע געדאַנקען האָט אויסגעזען ווי אומבאַזיגבאַר, און די געדאַנקען גופא האָבן פולקאָם אַנטשפּראָכן דער דאַמאָלסטיקער פאַנישער שטימונג פון די מאַסן, וועלכע זענען געשטאַנען מיט „אָנגעגורטע לענדן", גרייט צו אַ נייעם יציאת מצרים. אין די עמיגראַציע־קרייזלעך, וועלכע זענען אַנטשטאַנען אָנהויב 1882, איז געווען נישט ווייניק אָנהענגער פון דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע; צווישן די „אַמעריקאנער" און „פּאַלעסטינעזער" האָבן זיך געפירט הייסע דיסקוסיעס. דער יונגער דיכטער ש. פ ר ו ג האָט דאַן געזונגען זיין באַגייסטערטן אויס־וואנדער־מאַרש, וועלכן ער האָט באַטיטלט מיטן ביבלישן עפּיגראַף: „זאָג צו די קינדער פון ישראל — זאָלן זיי גייען!" (שמות י"ד):

און שאַרף דער בליק, און שטאַרק די פיס און דער וואַנדער־שטעקן איז גאַנץ...
וואַסזשע ביסטו נישט גרייט
פון מיטן וועג? האָסט זיך צוועקגעשטעלט, מיין פאָלק, און לאָזסט אַראָפּ דעם גרויען קאָפּ.
זע: ס'קומען מחנותווייז צוריק דיינע קינדער פון דערווייטן.
עס נעם זיי צו, און אַלע אינאיינעם, דורך דעם פּראַנט פון פעלקער און פון צייטן,
דורך דעם תהום פון צרות, דורך דער קייט פון ווייען און פון באַנגען, מאַרש געגאַנגען!
מאַרש פאָראויס — אונטער די קלאַנגען פון אַלטע לידער! קומענדיקע דורות רופן
און גלויבן.
און דונערן שרייען צו אונז: שטיי־אויף צום לעבן ווידער! און שטורמווינטן
זינגען אונז לויבן.

דערדאָזיקער וואַנדער־מאַרש, אונטער אַקאָמפּאַנימענט פון פּאָגראָם־דונערן, האָט אויסגעדריקט די שטימונג פון די אַלע, וואָס האָבן געטרוימט וועגן אַ „געבענטשט לאַנד“ — אויף די ברעגן פון ירדן צי מיסיסיפּי. דידאָזיקע אין שטורם געבוירענע אידייע וועגן עמיגראַציע, ווי וועגן אַ מיטל צו נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, האָט באַלד געפונען איר פּאַרטיקן טעאָרעטיקער אין ד"ר לעאָן פּינסקער, דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „סיאָן“ אין אָדעס, וועלכער האָט אַמאָל געהאַלטן, אַז אַסימילאַציע לייזט די יידישע פּראָבלעם.[1] אין אַן אַנאָנימער בראָשור „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע“[2], וועלכע פּינסקער האָט אַרויסגעגעבן אין אויסלאַנד, האָט ער געשילדערט די אומגעהייערע שרעק, וואָס אים איז באַפאַלן, ווען ער האָט דערזען די מאַטעריעלע קנעכשאַפט פון יידן אין רוסלאַנד און די גייסטיקע שקלאַפעריי פון די עמאַנסיפּירטע יידן אין מערב. פאַר אים איז דאָס יידישע פאָלק אין גלות נישט קיין לעבעדיקע נאַציע, נאָר אַ שאָטן פון אַ נאַציע, — אַ שאָטן, וואָס בלאָנזשעט אַרום איבער דער ערד און וואַרפט אָן אַן אימה אויף אַלע לעבעדיקע פעלקער. אַ רעטונג פאַרן יידנטום קאָן זיין נאָר איינע — מען זאָל דעם שאָטן פאַרוואַנדלען אין אַ רעאַליטעט, ד. ה., ווידעראויפלעבן דאָס יידישע פאָלק אויף אַן אייגענער טעריטאָריע, וועלכע מען מוז באַקומען ערגעץ אין אַ פּאַסיק אָרט, מעג דאָס זיין פּאַלעסטינע צי אַמעריקע, דורך אָנשטרענגונגען פון גאַנצן פאָלק און דורך אינטערנאַציאָנאַלער הילף. אָט דאָס טאַקע איז דער וועג פון „זעלבסט־עמאַנסיפּאַציע“, להיפוך צו דער בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע, וואָס פעלקער־באַלעבאַטים שענקען יידן אין זייער גוטסקייט און וועלכע גאַראַנטירט זיי נישט פון אַנטיסעמיטיזם און פון דער באַליידיקנדיקער ראָלע פון בירגער פון צווייטן סאָרט. דאָס יידישע פאָלק קען אויפלעבן, אויב אָנשטאָט פיל מקום מקלטס איבערן גאַנצן ערד־קויל וועט עס זיך צונויפזאַמלען אין איין מקום מקלט, אַ פּאָליטיש געזיכערטן. צו דעם צוועק דאַרף מען רופן אַן אַלגעמיין־יידישן קאָנגרעס, וועלכער זאָל נעמען אויף זיך רעאַליזירן די זאַך, פינאַנסיעל און פּאָליטיש. דער הייניקער דור דאַרף מאַכן דעם ערשטן שריט אויפן וועג פון נאַציאָנאַלער רעסטאַוראַציע, די שפּעטערדיקע דורות וועלן מאַכן די ווייטערדיקע שריט. —

פּינסקערס בראָשור, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בערלין, אויף דייטש, כדי צו ווירקן אויף די מערב־יידן, האָט נישט געהאַט קיין שום דערפאָלג אין דערדאָזיקער אַסימילירטער סביבה, וואו מיט 20 יאָר צוריק האָט די שטים פון העסן נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג,—דערפאַר אָבער

---

1) זע פריערדיקן באַנד, § 45.

2) Autoemazipation, Mahnruf an seine Stamm-genossen von einem russischen Juden, Berlin 1882.

אין רוסלאַנד איז די בראָשור צוזאַמען מיט ליליענבלומס שריפטן, געוואָרן דער אַני־מאַמין פון די חובבי ציון. די טעאָריע, וואָס ווערט אין איר אַנטוויקלט, האָט שטאַרק אויסגענומען און געווירקט, סיי מיטן געבוי פון איר לאָגישער אַרגומענטאַציע און סיי מיט איר בולטער איכה־שטימונג, פון וועלכער אַלע זענען דעמאָלט געווען באַהערשט. די שוואַכע זייט אירע איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט אָפּערירט מיט אַ נישט־ריכטיקער היסטאָרישער הנחה און מיט אַ צו שמאָלער דעפיניציע פונם באַגריף „נאַציע" — אין זינען פון אַ טעריטאָריאַל־פּאָליטישן אָרגאַניזם; אין דער אמתן, האָבן יידן אין גלות נישט אויפגעהערט צו זיין אַ נאַציע — פון אַ באַזונדער טיפּ, און אין דער נייסטער פּאָליטישער געשיכטע פון אייראָפּע זענען אַלץ מער אַרויסגעטרעטן אויף דער אַרענע אַזעלכע עקסטערריטאָריאַלע פעלקער.

אין דער צייט, ווען פינסקערס „רוף צו מיינע פאָלקס־ברידער" האָט זיך נאָך געהאַלטן אין דרוקן אין בערלין — האָט אין רוסלאַנד שוין אַן ענלעכער רוף געפונען אַן אָפּקלאַנג; דערדאָזיקער רוף איז געווען מער קאָנקרעט, און דערהערט האָט ער זיך פון די רייען פון דער עקזאַלטירטער יוגנט. פרילינג 1882 האָט זיך אין כאַרקאָוו געבילדעט אַ קרייז פון יידישער יוגנט, דערהויפּט סטודענטן, מיטן נאָמען „בילו" (די ראשי תיבות פון: „בית יעקוב לכו ונלכה" — הויזגעזינד פון יעקוב, לאָמיר אַוועקגיין!); דער קרייז האָט זיך געשטעלט אַלס ציל צו גרינדן מוסטערהאַפטע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע און אומעטום פּראָפּאַגאַנדירן די אידעע צו קאָלאָניזירן די אַלטע היים. אין פאַרשיידענע פּונקטן פון רוסלאַנד זענען צום קרייז צוגעשטאַנען עטלעכע הונדערט אָנהענגער. נאָר קיין פּאַלעסטינע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט נאָר עטלעכע צענדליק פּיאָנערן (יוני־יולי 1882). תחילת זענען די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און געפּרובט אָנקניפּן אינטערהאַנדלונגען מיט דער טערקישער רעגירונג וועגן אַ גרויסן שטח באָדן פאַר קאָלאָניזאַציע. נאָר פון די אינטערהאַנדלונגען איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. די גרופּע פּיאָנערן, וואָס זענען געקומען קיין פּאַלעסטינע, האָבן געמוזט זיך שטעלן אַרבעטן אַלס לוין־אַרבעטער אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס לעבן יאַפע: אין דער קאָלאָניע „מקוה ישראל" פון פּאַריזער „אַליאַנס איזראַעליט" און אין דער קאָלאָניע „ראשון לציון", וואָס איז נישט לאַנג געגרינדעט געוואָרן דורך פּריוואַטער איניציאַטיוו. די יונגע אידעאַליסטן זענען אויסגעשטאַנען נישט ווייניק צרות אין דער פרעמדער פאַר זיי אַזיאַטישער סביבה, ביי דער שווערער אַרבעט, אויף ערד, וואָס איז הונדערטער יאָרן געווען פאַרוואָרלאָזט; דער גרעסטער טייל פּיאָנערן איז אינגיכן אַראָפּ פון סצענע, און זייער אָרט האָבן פאַרנומען ווייניקער אינטעליגענטע, אָבער פיזיש צו קאָלאָניזאַציע מער צוגעפּאַסטע עלעמענטן.

אַזוי איז געלייגט געוואָרן דער יסוד פון דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע.

ווייטער האָט שוין די אידייע גופא אויפצולעבן פּאַלעסטינע געהאַט אַ גרעסערע נאַציאָנאַלע באַדייטונג, איידער די פּראַקטישע קאָלאָניזאַציע, וועלכע האָט צוגעצויגן נאָר אַן אומבאַדייטנדיקע צאָל טוער. אין די יאָרן פון די רוסישע גרוילן זענען די אויגן פון אַסך געליטענע געווען געווענדעט צו מזרח, צום קליינינקן פּאַס ביים ברעג מיטללענדישן ים, וואו מ'האָט געחלומט וועגן אַ ניי לעבן אויף די אויפגעבויטע חורבות פונם גרויסן אַמאָל. מיט יעדן יאָר איז אַלץ געוואָקסן די פּאַלעסטינער באַוועגונג, און זי האָט אָנגענומען אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען. די קרייזלעך „חובבי ציון" האָבן זיך אין רוסלאַנד געמערט. דער צענטער וואָס האָט זיי פאַרייניקט, איז געווען אין אָדעס, און מיטן אָרגאַניזירן די זאַך האָבן זיך דאָ פאַרנומען די אידעאָלאָגן פון חבת-ציון — ל. פּינסקער און ליליענבלום. חוץ אָדעס, איז געווען נאָך אַ צענטער פון „חובבי ציון" אין וואַרשע, אָרגאַניזירט מיטן אָנטייל פונם שריפטשטעלער ש. פּ. ראַבינאָוויטש (שפ"ר). סוף 1884 האָבן זיך דעלעגאַטן פון אַלע קרייזלעך צונויפגענומען אויף אַ צוזאַמענפאָר אין פּרייסישן גרענעץ-שטעטלט קאַטאָוויץ (אין רוסלאַנד איז צוליב פּאָליציייאישע טעמים אַזאַ צונויפפאָר אוממעגלעך געווען). מ'האָט באַשאַפן אַ פאָנד „מזכרת משה" (לכבוד דעם ענגלישן פילאַנטראָפּ משה מאָנטעפיאָרע, וועלכער האָט דאָס יאָר געפייערט דעם יובילעאום פון זיין 100-סטן געבורטס-טאָג), און אַהער זענען שוין געגאַנגען אַלע נדבות לטובת פּאַלעסטינער קאָלאָניעס. צו דער באַוועגונג, מיט וועלכער ס'האָבן אָנגעפירט אינטעליגענטן, זענען צוגעשטאַנען אויך אייניקע פאָרשטייער פון דער רבנישער אָרטאָדאָקסיע (דער ביאַליסטאָקער רב שמואל מאָהילעווער א. אַ.), און דאָס האָט באַדייטנד אָפּגעשוואַכט די אָפּאָזיציע פון די אָרטאָדאָקסישע מאַסן, וועלכע האָבן אין דער באַוועגונג געזען אַ קאָנקורענץ פאַר דעם טראַדיציאָנעלן משיח-גלויבן. אַזוי ווי די חיבת-ציון-קרייזן האָבן עקזיסטירט אומלעגאַל, האָבן זיי נישט געקאָנט אַנטוויקלען אין רוסלאַנד קיין ברייטע טעטיקייט; זיי האָבן קוים געהאַט מיטלען אויף אונטערצוהאַלטן די פאָר קאָלאָניעס אין יהודה. האָט מען באַשלאָסן (אויפן צונויפפאָר אין דרוסקעניק 1887) זיך משתדל צו זיין פאַר דער רוסישער רעגירונג וועגן לעגאַליזירן אַ קאָמיטעט צו העלפן פּאַלעסטינער קאָלאָניסטן, און מען האָט שפּעטער, אין 1890, די לעגאַליזאַציע באַקומען. מיט געמיינזאַמע כוחות —פון די „חובבי ציון" אין רוסלאַנד און פון די פּיאָנערן אין פּאַלעסטינע — האָט מען געשאַפן עטלעכע קאָלאָניעס אין יהודה און אין גליל. וועגן גורל פון די קאָלאָניעס וועט זיין אַ רייד ווייטער (§ 28).

אין פאַרגלייך מיטן קליינעם טייכל פון דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע איז די עמיגראַציע קיין אַמעריקע געווען אַ ברייטער שטראָם, — די באַוועגונג איז אָבער געווען אַ סטיכישע, אַ נישט-אָרגאַניזירטע. דאָ האָבן זיך אַרויסגעוויזן די פאָלגן פון דעם פּחדנישן באַשלוס, וואָס דער דעלעגאַטן-צוזאַמענפאָר פון די יידישע קהילות האָט אָנגענומען פרילינג 1882 אין פּעטערבורג. דער צוזאַמענפאָר האָט נישט געוואָלט באַשאַפן קיין צענטראַלן אָרגאַן אויף צו רעגולירן די עמיגראַציע, און האָט דידאַזיקע גרויסע מאַסן-

באַוועגונג געלאָזט גיין סטיכיש — און דאָס האָט געמוזט פירן צו קאַטאַ-
סטראָפעס. דער באַלטער פּאָגראָם האָט אַרויסגערופן אַ נייעם אויסברוך פון
פּאַנישער עמיגראַציע. זומער 1882 האָבן זיך אין גאַליצישן גרעניץ-שטעטל
בראָד ווידער אָנגעקליבן אַ צוואַנציק טויזנט היימלאָזע, וועלכע האָבן נישט
געהאַט מיט וואָס צו פאָרן קיין אַמעריקע און האָבן געוואַרט אויף הילף
מצד די יידישע אָרגאַניזאַציעס פון מערב-אייראָפּע. די הילף-קאָמיטעטן,
וואָס האָבן זיך געגרינדעט אין די הויפּט-שטעט פון אייראָפּע, האָבן גענוי-
מען עוואַקואירן פון בראָד דידאָזיקע מאַסע היימלאָזע. אין משך פון זומער
און הערבסט איז די אַרבעט מיט גרויס מי געווען פאַרענדיקט; דער
גרעסטער טייל עמיגראַנטן זענען אָפּגעפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן
פון צפון-אַמעריקע, די איבעריקע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער פאַרשידענע
צענטערן פון מערב-אייראָפּע. דאָס צווייטע יאָר, ווען די עפּידעמיע גאַסן-
פּאָגראָמען איז איינגעשטילט געוואָרן, איז די עמיגראַציע אויך קלענער
געוואָרן (אָנשטאָט 17 טויזנט עמיגראַנטן אין 1882, איז אין 1883 געווען
נאָר 7 טויזנט); אָבער אינגיכן האָט זיך איינגעשטעלט אַ סיסטעמאַטישער
לעגאַלער פּאָגראָם — פאַרשמעלערונג פון תחום און אַנדערע באַגרענעצונגען —
און דאָס האָט ווידער פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע, וועלכע איז פון דאַן
אָן שוין כסדר געוואַקסן (פאַר די דריי יאָר 1884–86 צו 15–17 טויזנט
עמיגראַנטן אַ יאָר, און פאַר די דריי יאָר 1887–89 שוין צו 28–32 טויזנט).
די ערשטע יאָרן איז צווישן די עמיגראַנטן געווען נישט ווייניק יינגע
אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער פרייער פּראָפעסיע
אין לאַנד פון שקלאַפעריי און האָבן געטרוימט וועגן פּשוטער ערד-אַרבעט
אין דער פרייער רעפּובליק. דידאָזיקע אינטעליגענטן האָבן מיטגעריסן נאָך
זיך אַ טייל פון דער וואַנדער-מאַסע, און מיט דער הילף פון פילאַנטראָ-
פּישע חברות, מיט אומגעהייערע אָנשטרענגונגען, האָבן זיי געגרינדעט אַ רייע
פאַרמער-קאָלאָניעס אין פאַרשידענע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע. עטלעכע
יאָר האָבן די קאָלאָניסטן זיך געראַנגלט מיט דער נויט און מיט זייער
נישט-צוגעפּאַסטקייט צו די אָרטיקע באַדינגונגען — און האָבן ס'רוב
קאָלאָניעס געמוזט פאַרלאָזן; בלויז געציילטע קאָלאָניעס האָבן זיך דערהאַלטן
ביים לעבן. מיט דער צייט איז דער אידעאַליזם פון אָט די פּיאָנערן
געוואָרן אויסגעוועבט, און זיין אָרט האָט פאַרנומען ניכטערנער רעאַליזם,
וועלכער האָט זיך מער געפּאַסט פאַר די באַדינגונגען פון אַמעריקאַנער
לעבן. די הויפּטמאַסע עמיגראַנטן לאָזט זיך אין די שטעט, דער עיקר קיין
ניו-יאָרק, וואו עס בילדעט זיך ביסלעכווייז אויס אַ קאָלאָסאַלער יידישער
צענטער (זע ווייטער § 27).

די עמיגראַציע, וועלכע האָט פאַרשלונגען בלויז אַ טייל צוּוואַקס פון
דער יידישער באַפעלקערונג אין רוסלאַנד, האָט, נאַטירלעך, נישט פאַרענטפערט
די יידן-פּראָבלעם אין דעם אויסוואַנדער-לאַנד, נישט פון איר מאַטעריעלער
און נישט פון איר מאָראַלישער זייט. די מיליאָנען, וועלכע האָבן נישט אויס-

געוואַגדערט, האָבן ערשט באַדאַרפט קלערן, ווי צו פירן אַ קאַמף מיט די נייע — אין דער אמתן שוין צו אַלטע — אויסערלעכע באַדינגונגען, — מיטן רעצעדיוו פון מיטלאַלטער. די גאַנצע לאַסט פון אָט די זאָרגן איז געפאַלן אויף דער וואַכזאַמער אינטעליגענץ, וועלכע האָט נישט פאַרלוירן די פאַרבינדונג מיטן פאָלק. עס זענען נאָך געווען גלויביקע, וועלכע האָבן געהאָפט אויף אַ גיכן איבערברוך אין רוסלאַנדס אינערלעכער פּאָליטיק און האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב צו פירן ווייטער דעם קאַמף פאַר בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע און פאַר קולטורעלער באַנייאונג פון יידנטום. די אַממייסטן אומאָפּהענגיקע פּרעסע־פאַרשטייער פון דער ריכטונג האָבן זיך גרופּירט אַרום גרעסטן פעריאָדישן אָרגאַן פון יענער צייט, — אַרום „וואָסכאָד", וועלכער איז דערשינען אין פּעטערבורג אַלס אַ פּובליציסטישער וואָכנבלאַט און אַלס ליטעראַריש־וויסנשאַפטלעכער חודש־זשורנאַל (פון 1881 ביז 1905). נאָכדעם ווי ס'האָבן אויפגעהערט צו דערשיינען די צוויי רוסיש־יידישע צייטשריפטן „ראַזסוויעט" און „רוסקי יעווריי" (זיי זענען דערשינען אין פּעטערבורג צווישן 1879 און 1884), איז אין משך פון אַ סך יאָרן „וואָסכאָד" געווען די איינציקע טריבונע פאַר דער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ, וועלכע האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע צווישן אַסימילאַציע און נאַציאָנאַליזם, נאָר האָט זיך אַלץ מער געניגט אין דער זייט פון נאַציאָנאַליזם. אונטערן יאָך פון דער רוסישער צענזור האָט דער זשורנאַל געקעמפט קעגן דער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע סיי פון דער רעגירונג און סיי פון דער געזעלשאַפט, און איז נישט איינמאָל אויסגעשטאַנען צענזור־שטראָפן. אַ לאַנגע צייט איז „וואָסכאָד" געווען די פעסטונג, וואו ס'האָבן זיך געהאַלטן — נאָך די מפּלות פון די פריערדיקע קעמפער פאַר עמאַנסיפּאַציע — די לעצטע קנאים פון פּראָגרעס און גלייכבאַרעכטונג. אין די חודש־ביכלעך האָט זיך געדרוקט דאָס בעסטע, וואָס האָט נאָר געקענט אַרויסגעבן אין יענער צייט דער יידישער געדאַנק, אויפן געביט פון ליטעראַטור אויף רוסיש. דאָ האָבן זיך באַוויזן כמעט אַלע בעסטע לידער פון פרוגן אין דער בליצייט פון זיין טאַלענט, די לעצטע דערציילונגען פון לעוואַנדע און באָגראָוו, די סאָציאַלע ראָמאַנען און דערציילונגען פון ס. יאַראָשעווסקי, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַרן פעריאָד פון שפּעט־אַסימילאַציע, און אויך אָפּהאַנדלונגען וועגן יידישער געשיכטע, באַזונדער אין פּוילן און רוסלאַנד (האַרקאַווי, בערשאַדסקי א. אַ.). די פּובליציסטיק פונם וועכנטלעכן „וואָסכאָד", אויף וויפל עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין איר די בליקן פון דער רעדאַקציע גופא, (אַדאָלף לאַנדאַו און ד"ר סאַמועל גרוזענבערג), האָט זייער לאַנג נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון די פּאָזיציעס פון די 70־ער יאָרן און נאָכגעבן דער נייער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. אָבער איר חוב — קאַמף פאַר רעכט — האָט זי געטון געוויסנהאַפט.

נענטער צו דער פאָלקסטימלעכער אינטעליגענץ איז געווען די פעריאָדישע פּרעסע אויף העברעאיש. צעדערבוימס „המליץ" אין פּעטערבורג איז געוואָרן אַן אָרגאַן פון חובבי־ציון, הגם אין אים האָבן מיטגעאַרבעט אַזעלכע אומאָפּהענגיקע שריפטשטעלער, ווי דער דיכטער י. ל. גאָרדאָן, וועלכער איז

דאָ עטלעכע יאָר (9—1886) געווען אַפילו רעדאַקטאָר. די „הצפירה" פון נחום סאָקאָלאָוו אין וואַרשע האָט לענגער איינגעהאַלטן איר אומפּאַרטייאישע פּאָזיציע און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אויפקלערן פאַר דער פינסטערער חסידישער מאַסע אין פוילן פראַגן פון אַלגעמיין-אייראָפּעאישער פּאָליטיק. סיי „המליץ", סיי „הצפירה" זענען פון וואָכן-בלעטער געוואָרן טאָג-צייטונגען, נאָכן דרייסטן עקספּערימענט פון ד"ר ל. קאַנטאָר (געוועזענער רעדאַקטאָר פון „רוסקי יעווריי"), ווען ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַשאַפן אַ טעגלעכע צייטונג אויף העברעאיש. די דאָזיקע צייטונג („היום"—1886—1888) האָט געהאַט דעם פאַרדינסט, וואָס זי האָט ברייטער געמאַכט די ראַמען פון דער העברעאישער שפּראַך און האָט זי מער צוגעפּאַסט אויף איבערצוגעבן מאָדערנע באַגריפן— מיט דער הילף פון אַזעלכע סטיליסטן, ווי ד"ר ל. קאַצענעלסאָן (בוקי בן יגלי), דוד פרישמאַן א. אַ.. בעלעטריסטישע ווערק און וויסנשאַפטלעך-היסטאָרישע אַרבעטן האָבן זיך געדרוקט אין די יאָר-זאַמל-ביכער („האסיף", „כנסת ישראל" א. אַ.), וועלכע פלעגן דערשיינען אין וואַרשע פון 1885־טן יאָר אָן.

אַ שטעמפּל פון שווערער קריזיס-צייט ליגט אויף די ווערק פון די שרייבער אין די 80־ער יאָרן, סיי פון די וועלכע האָבן פאָרגעזעצט אָדער פאַרענדיקט די אַרבעט פון די פריערדיקע יאָרצענדליקן, און סיי פון די, וועלכע זענען אָקאָרשט אויפגעטראָטן אויף דער ליטעראַטור-אַרענע. די פאַרוואונדעטע נשמה פון ל ע וו אַ נ ד ע ן (זע פריערדיקן באַנד, § 46) האָט זיך די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אויסגעגאָסן מיט אַזאַ ביטערן סאַרקאַזם אין זיינע אַרטיקלען „געדאַנקען פון אַ שטויבענדן" („וואָסכאָד" און „ראַזסוויעט"), וואו אונזער ראָמאַניסט האָט געבערענט די געטער פון אַסימילאַציע און „רוסיפיקייט", צו וועלכע ער האָט זיך פריער געבוקט. דער אַנטוישטער שרייבער האָט בישט געפונען קיין טרייסט אינם אידעאַל חיבת ציון, צו וועלכן ער האָט זיך ערשט שפּעטער גענומען נייגן, — און דאָס ליכט פון זיין מוח איז פאַרלאָשן געוואָרן אַ סך פריער, איידער ס'איז געוואָרן אויסגעלאָשן דער לעצטער פונק פון זיין לעבן (1887).

דער בעסטער פּאָעט פון יענער צייט ש מ ע ו ן פ ר ו ג (1860—1916)—אַליין אַ געבוירענער אין אַ יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניע, און געקומען מיט אַ מוטיק געזאַנג פון די רחבותדיקע דרום־רוסישע סטעפּעס—האָט זיך באַלד צוזאַמענגעטראָפן מיט דער קאַטאַסטראָפע פון 1881, און זיין ליד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטענדיקער איכה. עפּעס פון די אור-אַלטע נביאים פון יהודה האָט געקלונגען אין זיין אומאויפהערלעכן געוויין איבערן גורל פון פאָלק, אין זיין הייליקן צאָרן און קולות קעגן די אונטערדריקער, אין זיינע דיכטערישע וויזיעס פון דער פאַרגאַנגנהייט און זיינע טרוימען וועגן ווידער אויפגעלעבטן יידן — אַ מונטערן אַקערער אויף אייגענעם פעלד. דער דיכטער האָט אַליין כאַראַקטעריזירט דעם הויפּט-מאָטיוו פון זיין שאַפן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

כ'בין די עאָלס האַרפע פון דעם מזל פון מיין פאָלק, דער בת-קול פון די פאָלקס-יסורים...
וואָס איך האָב מיט כּעס און גיפט געּנומען ביי מיין פאָלק, גיב איך מיט לידער אים צוריק.

אין די יאָרן פון אומעט און אַלגעמיינער דערשלאָגנקייט האָט פרוג אין זיינע וואונדערלעך-האַרמאָנישע געדיכטן, אויף דער קלאַסישער שפּראַך פון פּושקין און לערמאָנטאָוו, אויסגעדריקט געפילן פון אַן אמת נאַציאָנאַלן דיכטער, גערעדט צום האַרצן פון דער יידישער אינטעליגענץ און געוועקט ביי איר העכערע עמאָציעס. אין פּעטערבורג, וואו דער „רעכטלאָזער" פּאָעט האָט געמוזט לעבן אונטער דער מאסקע פון אַ „הויז-דינער" ביי אַ יידישן אדוואָקאַט, האָבן די מאַכטהאָבער געקאָנט דערהערן די קלאַנגען פון צער און צאָרן פון דעם געפּלאָגטן דורך זיי פאָלק. ווען ס'האָט זיך באַוויזן פרוגס ערשטע זאַמלונג לידער (1885), וועלכע האָבן זיך פריער געדרוקט אין „וואָסכאָד" און אין אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, האָט מען דעם יונגן דיכטער באַלד פאַררעכנט צו די בעסטע פאָרשטייער פון דער נייער רוסישער פּאָעזיע; אָבער ביי אַלע זיינע אָפּנויגן אין אַ זייט, איז ער פאָרט געבליבן טריי זיין אמתן באַרוף—פון אַ יידישן נאַציאָנאַלן דיכטער. הגם ער שרייבט נישט אויף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך (שפעט׳ע האָט פרוג אָנגעהויבן שרייבן אויסגעצייכנטע לידער אויף יידיש). זיינע ביבלישע געזאַנגען זענען די בעסטע דיכטערישע באַצירונג פאַר דעם אייביקן ביבל-בוך, וועלכן ער האָט אַזוי ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט און אַזוי טיף פאַרשטאַנען, ווי ער האָט ליב געהאַט און פאַרשטאַנען די נאַטור. אָבער דער הויפּט-פאַרדינסט פרוגס בלייבט פונדעסטוועגן דאָס, וואָס ער האָט געגעבן אַזאַ גלענצנדן דיכטערישן אויסדרוק פאַר די צערפולע געדאַנקען פון זיין דור אין די 80-ער יאָרן:

האָט מיר ס'מזל געוואָלט צוויי פאַרמעגנס פאַרשאַפן:
דעם הונגער נאָך פרייהייט און דעם גורל פון שקלאַפן.
...ווי אַ נזיר אַ פאַרשלאָסענעם האָב איך מיין ליד געלאָזן ליגן,
און דענסטמאָל בלויז ווען די שלוכצן הויבן אָן צו זידן,
כדי איך זאָל כאָטש נישט צווייגן — פאַרצי איך אַ ניגון.

אַ דור אַ גאַנצער האָט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם געלייענט פרוגס „לעגענדע וועגן בעכער" און די נביאישע ווערטער אין איר: „זאָל אין הייליקן בעכער פאַלן אויך דידאָזיקע טרער". די, וועלכע האָבן דורכגעלעבט דעם איבערבראָך פון די 80-ער יאָרן — זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען דאָס געפיל, וואָס האָט אונטערגעזאָגט דעם דיכטער זיינע ווערטער וועגן רוסלאַנד:

יענס לאַנד, וואו ס'האָט זיך אָנגעצונדן אונזער לעבנס מאָרגנשטערן,
וואו אויפגעשוואומען זענען די יאָרן אונזערע די בעסטע,
יענע פעלדער וואו שפּאַצירט האָב איך אַהין און צוריק
מיט תענוגדיקע טרוימערייען אָנגעטרונקען,
און אַ ריי בילדער ליכטיקע פון לעתיד-לבוא-גליק
האָבן אין ווייטקייט זיך געצייכנט און צו מיר געוואונקען, —
דאָס אַלץ האָט זיך געעקט, באַגראָבן מיט טונקל צוגעדעקט.

פרוג האָט אויך געפונען אַ טרייסט אינם אידעאַל פון חבת ציון, אָבער אַ טרייסט אַ ריין פּאָעטישע, נישט קיין פּראַקטישע: צו שטאַרק זע־נען געווען די פעדעם, וואָס האָבן אים געבונדן מיטן „גלות".

פון די אַלטע שרייבער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אינם רענעסאַנס פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, האָט איצט פאַרענדיקט זיין ליטעראַרישן וועג דער דיכטער י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט זיך אויף די נייע טאָג־פראַגן אָפּגערופן שוין נישט אין לידער (אַ חוץ דעם פריהער דערמאָנטן ליד „צו דער שוועסטער רוחמה"), נאָר אין פּובליציסטישער פּראָזע. ער, דער דעמאָס־קירער פון דער אַלטער אָרטאָדאָקסיע, דער אָנזאָגער פון רעפאָרמען און פּאַרטייידיקער פון אייראָפּייאישער בילדונג — האָט פונדעסטוועגן נישט גע־פונען קיין פּלאַץ פאַר זיך צווישן די ריכטונגען פון נאַציאָנאַלער רעסטאַוו־ראַציע. געשטאָרבן איז ער אין סאַמע ברען פון די רדיפות אויף יידן (1892). — דערפאַר האָט דער שטורם פון יענער צייט נישט באַוויזן צו צעברעכן דעם שטאַרקן דעמב פון דער יידישער ליטעראַטור — ש. אבראַ־מאָוויטש (מענדעלי מוכר ספרים); פאַרקערט, ער האָט נאָך פאַרטיפט זיין קינסטלערישע שאַפונגס־אַרבעט. אין יענעם טרויעריקן יאָרצענדלינג האָט ער אָנגעשריבן זיינע בעסטע ווערק אויף יידיש: „פישקע דער קרומער" און די ערשטע טיילן פון דער גלענצענדער עפּאָפּייע „ווינשפינגערל", וואו ס'ווערט געשילדערט דער אַלטער יידישער שטייגער ערב דעם קריזיס פון דער השכלה־עפּאָכע. עס האָט זיך אָנגעהויבן ווייזן אַ נייע ליטעראַטור, אויף דער לעבעדיקער אומגאַנג־שפּראַך פון פאָלק — עס זענען דערשינען די ערשטע ווערק פון י. ל. פרץ און שלום עליכם; זייער שאַפן האָט זיך אָבער ערשט ברייט אַנטוויקלט אין די וויטערדיקע יאָרצענדלינגען.

אָנהויב 80־ער יאָרן האָט זיך אין כאַר פון שטימען, וואָס האָבן גע־רופן „אהיים", צו נאַציאָנאַלע אידעאַלן, פּלוצים אריינגעריסן אַ שטים גאָר פון אַן אַנדער וועלט: אַ רוף צו רעליגיעזע רעפאָרמען, אַ פּאַרשפּעטיקטער אָפּקלאַנג פון דער רעפאָרמאַציע־באַוועגונג, וואָס האָט מיט עטלעכע יאָר־צענדלינג צוריק אַזוי אויפגערודערט דאָס יידנטום אין מערב־אייראָפּע. אָבער אין רוסלאַנד האָט דער דאָזיקער רוף געקלונגען ווי אַ משונהדיקער דיסאָ־נאַנס. פון צוויי נישט איינגעגעבענע פּרובן צו רעליגיעזע רעפאָרמען, וועלכע זענען דאָ געמאַכט געוואָרן, איז איינער געווען צו פּרימיטיוו און דער צווייי־טער—צו קרום. נישט לאַנג פאַר די פרילינג־פּאָגראָמען פון 1881, האָט זיך באַוויזן אַ ידיעה אין די צייטונגען, אַז אין דער שטאָט יעליסאַוועטגראַד (וואו ס'איז אין קורצן טאָקע פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם) האָט זיך געבילדעט אַ יידישע סעקטע מיטן נאָמען „ביבליש־גייסטיקע ברודערשאַפט", וואָס אירע מיטגלידער האַלטן נישט פון רעליגיעזע דאָגמאַטן און ריטואַלן, אנערקענען בלויז די מאָראַלישע לערע פון דער ביבל, פאַראורטיילן די האַנדל־פּראָפע־

פיע און שטרעבן צו לעבן פון פיזישער ארבעט, דער עיקר פון ערד־אַרבעט.
גרינדער פון דער „ברודערשאַפט“ איז געווען אַן אָרטיקער לערער און זשורנאַ־
ליסט, יעקב גאָרדין, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטערן איינפלוס פון
דער דרום־רוסישער סעקטע „שטונדיסטן“ (עוואַנגעליסטן) און גלייכצייטיק—פון די
רוסישע פאָלקס־סאָציאַליסטן. לכתחילה איז „די ביבליש־גייסטיקע ברודערשאַפט“
באַשטאַנען סך הכל פון א פאָר צענדליק מאַן. אין דעם אויפרוף, וואָס האָט
זיך באַוויזן אין די צייטונגען באַלד נאָך די ערשטע פרילינג־פאָגראָמען פון
1881, האָט דער פירער פון דער סעקטע, — באַהאַלטן אונטערן נאָמען „ביבל־
ברודער“ — גערופן יידן, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון יענע שטריכן אין זיי־
ער כאראקטער און פון יענע מינים עקאָנאָמישער טעטיקייט, וועלכע דערוועקן
קעגן זיי האַס מצד דער אַלטגעזעסענער באַפעלקערונג: זיי זאָלן אויפהערן
זיך יאָגן נאָך עשירות, און נישט פאַרנעמען זיך מיט הענדלעריי און וואוּ־
כעריי. דער דאָזיקער רוף, וועלכער האָט אַזוי הארמאָנירט מיט די שטימען
פון אנטיסעמיטן, און איז געקומען אין א מאָמענט, ווען ס'זענען נאָך נישט
פאַרהיילט געוואָרן די וואונדן פון די פאָגראָמירטע, האָט מוראדיק אויפגע־
בראַכט די יידישע געזעלשאַפט. די „ברודערשאפט“ איז זיך אינגיכן צעפאַלן
און אייניקע מיטגלידער אירע זענען צוגעשטאַנען צו אַ צווייטער ענלעכער
סעקטע „נייער ישראל“, וועלכע איז אַנטשטאַנען אָנהויב 1882 אין אדעס.
גרינדער פון דער סעקטע איז געווען דער אדעסער לערער יעקב פרילוקער.
די סעקטע „נייער ישראל“ האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל — דורך
ראַדיקאַלע רעליגיעזע רעפאָרמעס אין גייסט פון ראַציאָנאַליזם מעגלעך צו
מאַכן אַ דערנענטערונג צווישן יידן מיט קריסטן און אַזוי אַרום זיך דער־
שלאָגן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג. די דאָפּלטע סאָציאַל - רעליגיעזע
פּראָגראַם פון דער סעקטע איז געווען אַזאַ: די סעקטע אָנערקענט נאָר די
תורה און וואַרפט אָפּ דעם תלמוד, די דינים וועגן עסנוואַרג, ברית מילה,
וועגן אַלטן נוסח פון דינען גאָט; אנשטאָט שבת דאַרף דער רו־טאָג זיין
זונטאָג; די רוסישע שפּראַך ווערט אנערקענט פאַר אַן „אייגענע“ און זי
איז אָבליגאַטאָריש אין טאָג־טעגלעכן לעבן; זיך פאַרנעמען מיט וואוּכעריי
און אַנדערע נישט לייטישע פּראָפעסיעס — ווערט פאַרבאָטן. און אַלס באַ־
לוינונג פאַר אָט די אַלע מידות טובות — האָבן די גרינדער פון דער
סעקטע געהאַלטן, — האָבן זיי רעכט צו בעטן ביי דער רעגירונג, אַז די
מיטגלידער פון „נייעם ישראל“ זאָלן געניסן אַלע בירגער־רעכט, זיי זאָלן
מעגן הו[illegible]ה האָבן מיט קריסטן און זיי זאָלן מעגן טראָגן אַ ספּעציעלן
צייכן, כדי מען זאָל זיי נישט אויסמישן מיט די „יידן־תלמודיסטן“; צום
צייכן פון דאַנקבאַרשאַפט פאַרן דערוואַרטעטן חסד פון דער רעגירונג, פאַר־
פליכטן זיך די מיטגלידער אָנצורופן משך דעם נאָענסטן יאָר אַלע נייגעבוי־
רענע קינדער מיט די נעמען אַלעקסאַנדער און אַלעקסאַנדרא — אויפן נאָמען

פון רוסישן צאר. אויב די ערשטע רעליגיעזע העלפט פון פראָגראַם האָט נאָך געקאָנט צוציען אַ געוויסן קרייז אָנהענגער, האָט אָבער די צווייטע „זאַכלעכע" העלפט פון דער זעלבער פּראָגראַם אַלעמען געעפנט די אויגן אויף די אמתע כּוונות פון די נייע „רעפאָרמאַטאָרס", — אַז זיי זענען גרייט צו האַנדלען מיט זייער גלויבן, מיטן געוויסן און ערע, אַבי צו דערשלאָגן זיך בירגער-רעכט, אַז זיי מיאוסן זיך נישט אַרויסצוווייזן אַזאַ געמיינעם סערוויליזם, בעת ס'איז נאָך נישט אויסגעטריקנט דאָס בלוט פון די קרבנות פון באַלטער פּאָגראָם.

אַזוי איז קאָמפּראָמיטירט געוואָרן אויך דער דאָזיקער פּרוּב פון אַ אינעווייניקסטער רעפאָרם—דער פאַרדאָרבענער גייסט פון דער רעאַקציאָנער-אַנטיסעמיטישער צייט האָט אים פאַרקריפּלט. פון ביידע באַוועגונגען איז אין גיכן קיין שפּור נישט פאַרבליבן, און זייערע שעפער זענען אַוועק קיין אויסלאַנד: גאָרדין איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיינע „חטאות נעורים" און איז געוואָרן אַ פּאָפּולערער יידישער דראַמאַטורג, און פּריליוקער איז אַוועק קיין ענגלאַנד און איז דאָרט אָנגעקומען אויף אַ פּאָסטן צו די מיסיאָנערן, וועלכע פאַרשפּרייטן די קריסטלעכע אמונה צווישן יידן. „נייער ישראל" איז שפּעטער (1884—5) נאָך אַמאָל אויפגעשוואומען אין קישינעוו, אין געשטאַלט פון אַ קליינער „געמיינדע יידן פון נייעם טעס-טאַמענט", אונטער דער אָנפירונג פון יוסף ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט גע-וואָלט „צונויפגיסן יידנטום מיטן קריסטנטום". די געמיינדע איז אינגאַנצן באַשטאַנען פון אַ/צענדלינג מיטגלידער, און אין איר דאַוון-שטיבל האָט געהאַלטן דרשות אויף אַ פּראָטעסטאַנטישער גלח. אין עטלעכע יאָר אַרום איז דער דאָזיקער מיסיאָנערישער אויפטו אויך בטל געוואָרן.

## § 18. די רוסישע פּרעהס און דער ענגלישער פּראָטעסט (1890).

דער לעצטער יאָרצענדלינג פון 19-טן יאָרהונדערטס האָט זיך אָנגעהויבן פאַר יידן ביי זייער שלעכטע באַאומרואיקנדע סימפּטאָמען. די פּאָליטישע רע-אַקציע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעבושעוועט אין רוסלאַנד נאָך דעם „נס", ווען אַלכּסנדר III מיט זיין פאַמיליע זענען געראַטעוועט געוואָרן בעת דער באַן-קאַטאַסטראָפע אויף דער סטאַציע באָרקי (17 אָקטאָבער 1888). פּאָביע-דאָנאָסצעוו און זיין כּנופיה האָבן אַרומגערינגלט די דאָזיקע געשעעניש מיט אַ קירכלעך-מיסטישן נעפל — און ביים קייזער אין קאָפּ איז פעסט געוואָרן די איבערצייגונג, אַז גאָט אַליין באַפעלט אים צו ראַטעווען רוסלאַנד פון די רעפאָרמען און עס אַ קערעווע טון ווידער אויף די וועגן פון אַמאָליקער גאָטספאָרכטיקייט. אויף אָט דעם באָדן זענען עס אויסגעוואַקסן די קאָנטער-רעפאָרמעס אין די לעצטע יאָרן פון אַלכּסנדר III, — וועלכע האָבן געהאַט

פאַר אַ ציל צו פאַרפעסטיקן דעם פּאָליצייאיש-קלעריקאַלן רעזשים: באַגרעניצן די זעמסקע און שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג און פאַרשטאַרקן די מאַכט פונם אַדל און פונם קלער; צוליב דעם איז באַשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע פון „זעמסקי נאַטשאַלניקעס" און מען האָט גענומען פאַרמערן די צאָל רעליגיעז-קירכלעכע שולן אויפן חשבון פון די וועלטלעכע. אויף דעם זעלבן באָדן האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אַן אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט איצט געטראָגן גאָר אַ באַזונדער דראָענדיקן כאַראַקטער — מצד די העכערע ספערן. אַן ענגלישער זשורנאַליסט, וועלכע האָט דאַמאָלסט באַזוכט רוסלאַנד, דערציילט, אַז דאָס יאָר 1890 האָט איינער פון די הויפלייט דערלאַנגט דעם קייזער אַ מעמאָריאַל וועגן דעם, ווי יידן ליידן און אַז ס'איז נויטיק אָפּצושטעלן די רעפּרעסיווע פּאָליטיק; אויף די ראַנדן פון מעמאָריאַל האָט דער קיסר אויפגעשריבן, אין גייסט פון מיטלאַלטער: „מיר דאַרפן אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז יידן האָבן געקרייציקט אונזער האַר און האָבן פאַרגאָסן זיין טייערסט בלוט". דאָס פאַנאַטיש-רעאַקציאָנערע מיניסטעריום פון דורנאָוואָ-פּלעווע (דער ערשטער איז פון 1889, נאָך טאָלסטאָיס טויט, געווען אינערן-מיניסטער, און דער צווייטער — זיין געהילף) האָט איינגעפירט אין דער לאַנד-פאַרוואַלטונג אַלע אינקוויזיטאָרישע מיטלען פון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט, וואו זיי האָבן ביידע פריער געדינט, אַלס שעפן

די פּרעסע איז געוואָרן איינגעצוימט, אָדער מען האָט זי געמאַכט פאַר אַ ווערקצייג פון דער רעגירונג-פּאָליטיק. די סאַמע פאַרשפּרייטסטע פּעטערבורגער צייטונגען (אַ חוץ די מעסיק ליבעראַלע „נאָוואָסטי") זענען געווען אָפענע אָדער פאַרמאַסקירטע אָפיציאָזן. די פאַרקויפטע „נאָוואָיע ווערעמיאַ" — שטשעדרין האָט זי אין זיין סאַטירע געשטעמפּלט מיט די צונעמען „מיסט-גרוב" און „וואָס ווינטשן זיי" — האָט דאַמאָלסט גענומען טרייבן אַזאַ העצע אויף יידן, אַז ס'איז קלאָר געווען, דאָס אין די אָפיציעלע קרייזן האָט זיך געהויבן דער נאָכפרעג אויף דעם אַרטיקל. ס'איז נישט געווען אַזאַ ווילדע אינסינואַציע, וועלכע סוואָרינס צייטונג זאָל נישט געווען וואַרפן אויף יידן; אין אָט דער מלאכה איז זי אינספּירירט געוואָרן גלייכצייטיק פון הייליקסטן סינאָד און — פון פּאָליציי-דעפּאַרטאַמענט. „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט אין אַלגעמיין אויסגעדריקט די בליקן פון דער רעגירונג — און אין דער זעלבער צייט איז זי פאַרן קיסר און זיינע מקורבים אַליין געווען דער קוואַל פון פּאָליצייאישער חכמה. מיניסטאָרן, גובערנאַטאָרן און די גאַנצע אַרמיי באַאַמטע — אַלע האָבן זיך לויט אָט דער „גוט באַהאַוונטער" צייטונג אינפאָרמירט וועגן פּאָליטישן קורס — און אין דער יידן-פראַגע האָט די צייטונג געהאַט איין אָפן פאָרמולירטן לאָזונג: „מאַכן פאַר יידן אומדערטרעגלעך דאָס לעבן אין רוסלאַנד". אַ חוץ „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט זיך

פּלייסיק אָפּגעגעבן מיט יידן־הענצע אויך דאָס וואָכנבלאַט „גראַזשדאַנין” — דער רעדאַקטאָר, פירשט מעשטשערסקי, איז געווען א חשוב ביי אַלכּסנדר III און דאָס בּ׳אַט איז געווען סובסידירט פון מלוכה־קאַסע. אָט די קרוין־שטאָטישע אָרגאַנען האָבן געגעבן דעם טאָן דער גאַנצער אָפיציעלער און אָפיציעזער פּרעסע אין פּראָווינץ, און די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער איז סיסטעמאַטיש פאַרפּעסטעט געוואָרן מיט מיקראָבן פון אַנטיסעמיטיזם.

נאָכדעם ווי דער קיסר האָט אָפּגעוואָרפן די מיינונג פון דער פּאַלען־קאָמיסיע, — וואָס ער אַליין האָט זי באַשטימט — וועגן דער נויטיקייט צו פאַרלייכטערן די יידנס לאַגע, האָט מען איבערגעגעבן דעם אינערן־מיניסטעריום אויסצואַרבעטן א קעגנגעזעצטן פּראָיעקט — פון פאַרשטאַרקן די רעפּרעסיעס. דעם דאָזיקן פּראָיעקט, וועלכער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פונם פאַטאַלן פּאָליציי־שעף פּאָן־פּלעווע, האָט מען געהאַלטן שטרענג בסוד, ווי עפּעס א פּלאַן פון קריגס־אָפּעראַציעס קעגן אַ שונא. ס׳איז אָבער שווער געווען איינצוהיטן דעם סוד. די גענעראַל־גובערנאַטאָרן האָבן באַקומען עקזעמפּלאַרן פונם פּראָיעקט, כּדי אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג, און גאָר גיך האָבן — אַ דאַנק דער מי פון אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן — קאָפּיעס אָנגעהויבן אַרומצירקולירן אין לאָנדאָן, פּאַריז און ווין. פרילינג 1890 זענען איבער רוסלאַנד און אויסלאַנד געגאַנגען אומרו־קלאַנגען וועגן עפּעס „40 פּונקטן” פון א פּראָיעקט, וועלכער וויל באַגרענעצן די יידנס האַנדלס־טעטיקייט, נאָך שטרענגער מאַכן די „צייטווייליקע תקנות” אין תּחום און באַשרענקען די הנחות, פון וועלכע געוויסע קאַטעגאָריעס יידן האָבן גענאָסן אויסערן תּחום, אויסבּילדן מיטלאַלטערלעכע יידישע קוואַרטאַלן אין פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו א. ד. גל. די אויסלענדישע פּרעסע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אַלאַרם צוליב אָט די ניי געפּלאַנטע אַקטן פון באַרבאַריי. באַזונדער גרויס איז געווען דער טומל אין ענגלאַנד, וואו „טיימס” האָט זייער שאַרף אַטאַקירט די רעאַקציאָנערע פּאָליטיק פון רוסלאַנד, און וואו די רוסישע פּאָליטישע עמיגראַציע האָט צוליב דעם צוועק אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן אָרגאַן „Darkest Russia“ (דאָס פינסטערע רוסלאַנד). די רוסישע רעגירונג האָט דורך אירע דיפּלאָמאַטישע אַגענטן אָפּגעלייקנט די אַלע קלאַנגען, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן די גוט אינפאָרמירטע „נאָוואָיע וורעמיאַ” און „גראַזשדאַנין” געשריבן מיט גרויס מיטגעפיל וועגן די פּראָיעקטן פון רעפּרעסיעס און האָבן אַליין פון זייער זייט רעקאָמענדירט מיטלען, ווי צו „באַזייטיקן יידן פון אַלע צווייגן אַרבעט”, — און די רעגירונג האָט זיי דערין, נאַטירלעך, נישט געשטערט. אין אויסלאַנד האָט מען די דאָזיקע קאָמעדיע אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען. סוף יולי און אָנהויב אויגוסט (נ. סט.) האָט מען אין ביידע פּאַלאַטעס פון ענגלישן פּאַרלאַמענט אינטערפּעלירט די רעגירונג, צי קאָן זי נישט דיפּלאָמאַטיש אינטערווענירן

לטובת די פֿאַרפֿאָלגטע רוסישע ייִדן, ווייל מען וועט דאָך מוזן נעמען אויף זיך די זאָרג פֿאַר אָט די ייִדן, ווען זיי וועלן מאַסנווייז עמיגרירן קיין ענגלאַנד. דער פּרעמיער סאַליסבורי אין דער אויבערשטער פּאַלאַטע און דער אויסערן־מיניסטער פֿערגיוסאָן אין דער אונטערשטער האָבן געענטפֿערט, אַז זיי באַדויערן זייער „די פֿאַקטן, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן די אינטערפּעלאַציע", זיי קאָנען אָבער נישט זיך אַריינלאָזן אין אַ דיסקוסיע וועגן דער רוסיש־ייִדישער פֿראַגע, ווייל דאָס געהער צו די אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהייטן פֿון רוסלאַנד. ווען באַלד נאָכדעם האָט מען פֿון לאָנדאָן גענומען זיך גרייטן צו אַ פּראָטעסט־מיטינג, האָט די רוסישע רעגירונג זיך צוגעאיילט און געמאָלדן דורך דעם ענגלישן אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג, אַז קיין שום נייע מיטלען קעגן ייִדן ווערן נישט געפּלאַנט — און דער מיטינג איז אָפּגערופֿן געוואָרן. מען האָט געשמועסט, אַז דער לאָרד־מער פֿון לאָנדאָן הענרי אייזיקס (saacs) האָט, אַלס ייִד, נישט מסכּים געווען אויפֿן מיטינג, וואו ער וואָלט באַדאַרפֿט, לויטן אָנגענומענעם מנהג, פֿירן דעם פּאָרזיץ. דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פֿון „טאַקט", נאָר בלי ספֿק מיט אַ צומיש פֿון פּחדנות, ווי דאָס איז אייגנטימלעך פֿאַר דעם מערבֿדיקן רעזשים פֿון „קנעכטשאַפֿט אין דער פֿרייהייט".

די רוסישע רעגירונג האָט זיך טאַקע באַמיט צו באַרואיקן די געזעלשאַפֿטלעכע מיינונג אין אויסלאַנד, אָבער גלייכצייטיק האָט זי אַלץ געטון, כּדי אויפֿצוהאַלטן ווייטער די אומרו־שטימונג ביי ייִדן אין רוסלאַנד. די געהיימע פּראָיעקטן און צירקולאַרן פֿון פּעטערבורג זענען אויפֿגענומען געוואָרן דורך דער פּראָווינץ־אַדמיניסטראַציע מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע. אַ סך גובערנאַטאָרס און שטאָט־קאָמיסאַרן האָבן גאָר נישט געוואַרט אויף אָנווייזונגען פֿון צענטער און אַליין אָנגעהויבן אין זייערע סאַטראַפּיעס אַרויסווייזן אַ ספּעציעלע פֿלייסיקייט אין קאַמף קעגן ייִדן. מען האָט זיך באַצויגן גראָב צו ייִדן, און מען האָט זיך געטשעפּעט ביי יעדער קלייניקייט. ווי לויט אַ סיגנאַל, האָבן זיך זומער־צייט 1890 אין אַ רייע ערטער באַוויזן צירקולאַרן פֿון פֿאָרשטייער פֿון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע, וואו זיי ווענדן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די נידעריקערע פּאָליציי־לייט אויף דער „חוצפּהדיקער אויפֿפֿירונג" פֿון ייִדן, וועלכע נעמען נישט אַראָפּ דאָס היטל ביים באַגעגענען זיך מיט אַ רוסישן באַאַמטן און גריסן אים נישט. מאָהילעווער גובערנאַטאָר האָט פֿאַרלאַנגט פֿון די פּאָליציי־אַגענטן אין זיין גובערניע, זיי זאָלן אויסלערנען די אָרטיקע ייִדישע באַפֿעלקערונג „איידעלע זיטן", אין זינען פֿון דרך ארץ פֿאַר דער מאַכט. אויפֿן גרונט פֿון דאָזיקן צירקולאַר האָט די קרייז־מאַכט געצוווּנגען די רבנים, זיי זאָלן אין די בתּי מדרשים פּריידיקן פֿאַרן עולם וועגן דרך־ארץ פֿאַר דער מאַכט, און געווען אַפֿילו אַ שטאָט (מסטיסלאַוול), וואו דער אַדל־פּרעזעס האָט צונויפֿגערופֿן די

חשובערע מיטגלידער פון דער יידישער קהלה און האָט זיי געדראָט, אַז אויב מען וועט נישט אָפּהיטן דעם גובערנאַטאָרס צירקולאַר, וועלן די שול־דיקע עפנטלעך געשמיסן ווערן דורך פּאָליציי. אָדעסער שטאָט־קאָמיסאַר, דער באַקאַנטער אכזר זעלענאָי, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו פּאָליציי וועגן „איינצוימען די חוצפּה, וואָס יידן ווייזן אַרויס אין עפנטלעכע ערטער, וואו עס זאַמלט זיך אַ גרעסערער עולם און באַזונדער אין די וואַגאָנעס פון דער היגטערשטאָטישער באַן" — זיי טרעטן נישט אָפּ זייערע פּלעצער און ווייזן בכלל נישט אַרויס קיין דרך ארץ פאַר מענטשן „עלטערע, אָדער וואָס טראָגן אַן אוניפאָרם, וועלכע זאָגט עדות וועגן זייער העכער שטעלונג". די זעלבע גראָבקייט האָט זיך דערלויבט דער ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר קאַכאַנאָוו: אין אַן ענטפער אויף אַ באַגריסונג פון אַן אָרטיקער יידישער דעפּוטאַציע האָט ער אָנגעוויזן אויף דער „צעלאָזנקייט" פון דער יידישער באַפעלקערונג, מען זאַמלט זיך גאַנצע מחנות אויף די גאַסן א. ד. ג. דאָס וואָס אָט די אָפיציעלע דעקלאַראַציעס האָבן זיך גלייכצייטיק באַוויזן פון פאַרשידענע ערטער, האָט עדות געזאָגט דערויף, אַז זיי שטאַמען פון איין קוואַל, עס מוז זיין אַ געהיימע אינסטרוקציע פון פּעטערבורג. נאָר די אָר־טיקע מאַכט־אַגענטן האָבן, אַפּנים, איבערגעכאַפּט די מאָס ביים אויספירן די אַרויפגעלייגטע אויף זיי מיסיע „איינצוצוימען די יידן": זיי האָבן דערפירט די זאַך ביז צו אַבסורד — צו אַזעלכע אומגעזעצלעכע פאָדערונגען, ווי אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר „נאַטשאַלסטווע" אָדער אָפּטרעטן פּלאַץ אין די טראַמוואַי־וואַגאָנעס, און דערמיט האָבן זיי בלויז אַרויסגערופן טראַגי־קאָמי־שע צוזאַמענשטויסן און אַ ליאַרם פון פּראָטעסטן אין דער פּרעסע. וועגן אָט די דעקלאַראַציעס פון די סאַטראַפּן, וועלכע האָבן געוואָלט איבערדערציען די יידישע מאַסע אין דרך ארץ און מורא פאַר דער מאַכט, האָט געגומען רעדן אי די רוסישע אי די אויסלענדישע פּרעסע. עס האָט זיך געפילט, אז פון די קאָמישע ארויסטרעטונגען פון די ווילדע אדמיניסטראטאָרס אָטעמט ארויס אן אומגעהייערע שנאה, א שטרעבן צו באליידיקן, דערנידעריקן דעם יידן, און אז אזעלכע לייט קאָנען א ליאדע מינוט איבערגייען פון מו־ר־דעקלאראציעס צו גוואלט־טאטן.

די רעגירונג האָט געמאַכט הכנות צו אַ שטורם־אַטאַקע אויף יידן, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זי נישט פאַרגעסן צו פירן אויך אַ באָר־מאַלע באַלאַגערונג פון יידישן געטאָ. די אַדמיניסטראַציע האָט אין איר דער־פינדערישקייט דערפירט די טעכניק פון רעפּרעסיעס ביז צו דער העכסטער שלמות. מען האָט זיך שוין מער נישט באַנוגנט מיט קונציקע איינפאַלן ווי אַרויסצוזוכן אַלטע יידישע תושבים פון די דערפער (עס זענען געווען פאַלן, אַז מען האָט נישט אַריינגעלאָזט אין דאָרף זעלנער, וועלכע האָבן זיך אומ־געקערט אַהין פון מיליטער־דינסט — אַלס יידן, וואָס ווילן זיך „פון ס'ניי

באַזעצן״), נאָר מען האָט געזוכט צו פאַרשמעלערן דעם שטח שטעט, וואו די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אַזוי אויך געשטיקט אין ענגשאַפט. אין 1890, ווידער ווי לויט אַ סיגנאַל, האָט די פראָווינצער מאַכט אָנגעהויבן משנה שם זיין אַ סך קליינע שטעטלעך אויף דערפער, אַזוי, אַז יידן האָבן מער נישט געקאָנט זיך באַזעצן אין זיי. און פון אַלע אַזעלכע ערטער האָט מען זיך גענומען אַרויסיאָגן יידן, וואָס האָבן זיך דאָרטן באַזעצט נאָך די „צייטווייליקע תקנות״ פון 1882. מען האָט ווידער גענומען יאָגן יידן פון דעם פאַרבאָטענעם פאַר זיי 50־וויאָרסטיקן שטח לענג־אויס דער מערב־גרענעץ (באַזונדער אין בעסאַראַביע). צוליב אָט די אַלע אַרויסשיקונגען האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין די איבערפולטע שטעט פון תחום צענדליגער טויזנטער רואינירטע מענטשן. און אין דערזעלבער צייט האָט מען געטריבן אויך פון די שטעט, וואָס אויסערן תחום, באַזונדער פון די גרויסע צענטרען — פון קיעוו, מאָסקווע, פעטערבורג. קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט פאַרבאָטן די פרויען פון יידישע האַנטווערקער — וואָס האָבן געהאַט רעכט צו וואוינען דאָרט — צו פאַרנעמען זיך מיט פאַרקויפן שפייז־פראָדוקטן אויפן באַזאַר, ווייל האַנטווערקער מעגן האַנדלען נאָר מיט זאַכן פון זייער אייגענער פראָדוקציע. אַזוי האָט דער זאַטער סאַטראַפ געריסן דעם ביסן פון מויל ביים אָרעמען האָרעפאַשניק, וועמען דאָס ווייב האָט געוואָלט העלפן מיט איר אָרנטלעכער אַרבעט מפרנס צו זיין די פאַמיליע.

אַ פאָליטישער קלאַפ פאַר יידן איז געווען דער אַרטיקל פון רעאַקציאָנערן „סטאַטוט וועגן זעמסקי אינסטיטוציעס״ (1890), לויטן וועלכן יידן, הגם זיי צאָלן זעמסקי שטייערן, האָבן נישט קיין וואַל־רעכט ביים ווילן ראַטמענער צו די אָרגאַנען פון דער זעמסקע זעלבסטפאַרוואַלטונג. אַריינגעבראַכט דעם דאָזיקן אַרטיקל אין „סטאַטוט״ האָבן די דריי זיילן פון דער דאַמאָלסטיקער פאָליטישער אינקוויזיציע — פאָביעדאָנאָסצעוו, דורנאָוואָ און פלעווע, וועלכע האָבן מאָטיווירט די באַגרענעצונג אויף אַזאַ אופן: דער ציל פון נייעם געזעץ איז — פאַרוואַנדלען די זעמסקע ענינים אין מלוכהשע, אין אַ „שליחות פון קיסר״, וואָס דער נייער אינסטיטוט „זעמסקי נאַטשאַלניקעס״ האָט אויסצופירן, און דעריבער טויגן נישט יידן פאַרן אָנטייל אין זעמסטווע, „ווייל זיי זענען בכלל אַן אַנטימלוכהשער עלעמענט״. דער מלוכה־ראַט האָט מסכים געווען מיט דעם דאָזיקן פאָליציייאישן סילאָגיזם, און דער שענדלעכער אַרטיקל איז אַריינגענומען געוואָרן אין געזעץ.

דער פראָגרעסיווער טייל רוסישע אינטעליגענץ האָט סוף כל סוף דערפילט אַ באַדערפעניש צו פראָטעסטירן קעגן אָט דער סיסטעמאַטישער חוזקטרייבעריי איבער יידן. דער קריסטלעכער פילאָזאָף וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, אַ פריינט פון יידנטום, אַ גרינטלעכער קענער פון יידישער געשיכטע און ליטעראַטור, האָט צוליב דעם געוואָלט פאַרעפנטלעכן אַ פראָטעסט פון די

אָנגעזעענסטע רוסישע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער קעגן דער אַנטיסעמיטישער ריכטונג פון דער „רוסישער פרעסע" (דער דאָזיקער אויסדרוק איז געווען אַ געצוואונגענער פסיידאָנים, אונטער וועלכן מען האָט באַדאַרפט פאַרשטיין די רוסישע רעגירונג מיט אירע געקויפטע פעדערס אין דער פרעסע). מיט גרויס מי האָט ער צונויפגעקליבן אַריבער הונדערט אונטערשריפטן, אין מאָסקווע און פעטערבורג; צווישן די אונטערגעשריבענע זענען געווען לעוו טאָלסטאָי, וו. קאָראָלענקאָ און אַנדערע ליטעראַטור־באַרימטהייטן (מאַי—יוני 1890). ווי מילד דער פּראָטעסט איז נישט געווען לויט זיין פאָרם, האָט מען אים דאָך, ביי די דאַמאָלסטיקע צענזור־באַדינגונגען, נישט געקאָנט פאַרעפנטלעכן 1). וועגן דעם האָבן שוין די אַנטיסעמיטן געזאָרגט. דער מאָסקווער פּראָפעסאָר איל‌אָוואַיסקי — אַ צווייפלהאַפטער היסטאָריקער, נאָר אַ פּאַטענטירטער אַנטיסעמיט — האָט געמאָלדן קיין פעטערבורג, אַז אין מאָסקווע זאַמלט מען אונטערשריפטן אונטער אַ „יידן־פריינטלעכער פּעטיציע",— און די הויפּט־פאַרוואַלטונג פאַר פרעסע־ענינים האָט פאַרבאָטן די רעדאַקציעס פון אַלע צייטונגען צו דרוקן וועלכע ס'נישט איז קאָלעקטיווע דערקלערונגען מכּוח דער יידן־פראַגע. סאָלאָוויאָוו האָט זיך דאַן געווענדעט מיט אַ הייסן בריוו צו אַלכּסנדר III, ער האָט אָבער באַלד באַקומען דורך פּאָליציי אַ ק. אָרע אָנצוזהערעניש -- ער זאָל נישט אויפהויבן אַזאַ טומל צוליב יידן, אַנדערש וועט ער נישט אויסמיידן אַדמיניסטראַטיווע פאַרפאָלגונגען. אַזוי ווי פון עפנטלעכן פּראָטעסט האָט מען געמוזט זיך אָפּזאָגן, איז מען געפאַלן אויף אַזאַ איינפאַל: סאָלאָוויאָווס לערער פון יידישער ליטעראַטור (פ. געץ) האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַן עניוות'דיקע אַפּאָלאָגיע פון יידנטום, אונטערן נאָמען „דאָס וואָרט פון אַ געמשפּטן", און סאָלאָוויאָוו האָט אָנגע-

1) אַט זענען עטלעכע אויסצוגן פון אַט דעם מער ווי מעסיקן פּראָטעסט: „די קאַמפּאַניע קעגן יידנטום, וואָס ווערט געפירט דורך דער רוסישער פרעסע, באַטייט עובר זיין אויף די סאַמע גרונט־פאָדערונגען פון גערעכטיקייט און מענטשן־ליבע — אַזאַ עובר זיין, ווי ס'איז נאָך קיינמאָל פריער נישט געשען. מיר האַלטן פאַר נויטיק צו דערמאָנען דער רוסישער געזעלשאַפט די דאָזיקע עלעמענטאַרע פאָדערונגען... ביי אַלע פעלקער זענען פאַראַן מענטשן שלעכטע און שעדלעכע, אָבער ס'קאָן נישט זיין און ס'איז נישטאָ קיין שלעכט און שעדלעך פאָלק, ווייל אַזוי אַרום וואָלט געוואָרן אָפּגעשאַפט יעטוועדע פּערזענלעכע מאָראַלישע אחריות... ווען מען רייצט אַזוי שטאַרק דעם רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן האַס, דערשטיקנדיק דעם גייסט פון גערעכטיקייט און מענטשן־ליבע, וואָס איז אַזוי דערווידער דעם גייסט פון קריסטלעכקייט — דעמאָראַליזירט דאָס ביזן גרונט די געזעלשאַפט און קאָן פירן צו מאָראַלישער פאַרווילדונג, באַזונדער איצט, ווען ס'מערקט זיך שוין אַזוי אויך אַ באַדייטנדיקע ירידה פון הומאַנישע אידייען און ווען דער רעכטלעכער יסוד פון אונזער לעבן איז נאָך אַזוי שוואַך. אַט פאַרוואָס מען מוז, — שוין בלויז צוליב נאַציאָנאַלער זעלבסטדערהאַלטונג — קאַטעגאָריש פאַראורטיילן די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, נישט נאָר ווי אַ אַנטימאָראַלישע לויט איר עצם, נאָר אויך ווי אַ ביז גאָר געפערלעכע פאַר רוסלאַנדס צוקונפט".

שרײַבן אַ הקדמה צום ביכל און האָט זי איבערגעגעבן דעם מחבר צוזאַמען מיט בריוו פון טאָלסטאָיען און קאָראָלענקאָן, וואו זיי נעמען זיך אָן פאַר ייִדן. אָבער ווי נאָר דאָס ביכל איז אַרויס פון דרוק, האָט די צענזור עס קאָנפיסקירט און באַפוילן צו פאַרברענען אַלע עקזעמפּלאַרן. אַזוי האָט מען נישט געלאָזט עפענען אַ מויל די געצײלטע פאַרטיידיקער פון ייִדן, בעת די פאַרביסנסטע ייִדן-העצער האָבן געגאָסן פון פולסטער וואָרט-פרייהייט.

דער פּראָטעסט-געשריי, וועלכן מען האָט דערשטיקט אין רוסלאַנד, האָט זיך אָבער דערהערט אין אויסלאַנד. די איניציאַטיוו פון פּראָטעסט האָט גענומען אויף זיך די ייִדישע געזעלשאַפט אין ענגלאַנד. דעם 5 נאָוועמבער (נ. סט.) האָט זיך אין „טיימס" באַוויזן אַ בריוו פון נ. דזשאָזעף, דעם סעקרעטאַר פון רוסיש-ייִדישן קאָמיטעט אין לאָנדאָן, מיט אַ הייסן רוף צו די פּאָליטישע טוער אין ענגלאַנד — זיך איינצושטעלן פאַר די פאַרפאָלגטע. דער בריוו האָט אָנגעוויזן, אַז הגם די רוסישע רעגירונג לייקנט אָפּיציעל אָפּ, זי זאָל האַלטן אין צוגרייטן נייע רעפּרעסיעס קעגן ייִדן, אָבער זי ווענדט אָן אַלע פריהערדיקע באַגרענצונגען מיט אַזאַ אַכזריות, אַז אַ ייִד פון תחום איז ווי פאַרשפּאַרט אין אַ שטייג, וואו די ווענט ווערן אַלץ מער צוזאַמענגעדריקט, אַזוי אַז דער אומגליקלעכער בלייבט לסוף אַ פאַרמויערטער. „דער רוסישער געזעץ זאָגט: דער ייִד מעג וואוינען דאָ און נישט דאָרט, און וואו ער זאָל נישט וואוינען, טאָר ער נישט לעבן, טאָר ער נישט האָבן קיין מיטלען צום לעבן. דאָס איז — אַ טויט-אורטייל, רוּאיק אַרויסגעטראָגן איבער הונדערטער טויזנטער מענטשלעכע באַשעפענישן, אַן אורטייל אַ בייזוויליקער, אַ פאַרמאַסקירטער מיט קונציקע פאָרמולעס פון געזעצן". דער מחבר פאַרענדיקט זיין בריוו מיטן אויסרוף: „צי קאָן די ציוויליזירטע אייראָפּע, צי קאָנען די קריסטן פון ענגלאַנד צוזען אָט די לאַנגזאַמע טאָרטור, אָט דעם בלוטלאָזן מאָרד — און שווייגן?" דער דאָזיקער רוף פון רוסיש-ייִדישן קאָמיטעט און די נייע טרויעריקע ידיעות, וואָס פלעגן זיך באַווייזן אין „טיימס", האָבן באַוואויגן די ענגלישע פּאָליטישע טוער איינצואָרדענען דעם פּראָטעסט-מיטינג, וועלכער איז פריער געוואָרן אָפּגעלייגט. 83 פאָרשטייער פון דער העכערער ענגלישער געזעלשאַפט האָבן זיך געווענדעט צום לאָרד-מער מיט אַ ביטע, ער זאָל אָרגאַניזירן די דאָזיקע פאַרזאַמלונג. איצט איז לאָרד-מער פון לאָנדאָן געווען אַ קריסט, זשאָזעף סאַוואָרי (Joseph Savory) און ער איז פריי געווען פון יענע פערזענלעכע איבערקלערענישן, וואָס האָבן געשטערט אין דער זאַך זיין ייִדישן פאָרגייער. ווי נאָר סאַוואָרי האָט פאַרנומען זיין אַמט, האָט ער באַלד געגעבן זיין הסכמה אויפן מיטינג.

דעם 10 דעצעמבער (נ. סט.) 1890 איז אין גרויסן זאַל פון שטאָטהויז (Guildhall) פאָרגעקומען דער דאָזיקער מיטינג, וועלכער האָט צוגעצויגן

עולם פון אַריבער 2 טויזנט מאַן. דער לאָרד־מעָר, אַלס פאָרזיצער, האָט זיך אין זיין אַריינפיר־וואָרט באַמיט צו מילדערן די ביטערקייט פון דעם פראָטעסט פאַרן אָפיציעלן רוסלאַנד.

„איך קאָן מיר נישט פאָרשטעלן — האָט ער געזאָגט — אַז דער רוסישער קיסר, אַלס גוטער מאַן און צאַרטער פאָטער, זאָל זיך נישט באַציען גוט צו אַלע זיינע אונטערטאַנען. די האָפנונגען פון די רוסישע יידן זענען איצט קאָנצענטרירט אויף זיין מאַיעסטעט, דעם מלך פון רוסלאַנד. מיט איין שטריך פון פעדער קאָן ער בטל מאַכן די געזעצן, וועלכע דריקן זיי אַזוי אכזריש". דער לאָרד־מעָר האָט אויסגעדריקט דעם וואונטש, אַז אַלכסנדר III זאָל ווערן דער „עמאַנסיפּאַטאָר" פון יידן, ווי זיין פאָטער איז געווען דער באַפרייער פון פויערן. אין די ווייטערדיקע רעדעס האָט מען בענוג בולט געשילדערט די בירגער־קנעכטשאַפט פון די רוסישע יידן. דער הייסער יידן־פריינט פון צווישן די גייסטלעכע, קאַרדינאַל מאַנינג, וועלכער איז נאָך אין 1882 אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּראָטעסט קעגן אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד, האָט צוליב זיין קראַנקהייט נישט געקאָנט קומען צום מיטינג — האָט ער צוגעשיקט אַ בריוו, וועלכן מען האָט געלייענט פאַרן עולם. די טענה — האָט געשריבן דער קאַרדינאַל — וועגן נישט אַריינמישן זיך אין דער אינעווייניקסטער פּאָליטיק פון אַ פרעמדער מלוכה, טרעפן מיר צום ערשטן מאָל אין חומש, ביי קין'ען, ווען ער רופט אויס: צי בין איך אַ שומר ביי מיין ברודער? עס עקזיסטירט איין אייניקע „יידישע ראַסע", אַ צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט, און ווען מען פאַרשאַפט ווייטאָג דעם רוסלענדישן טייל פון דער ראַסע, פילט עס אויך איר ענגלישער טייל. מען טאָר נישט שווייגן, ווען מען זעט, ווי זעקס מיליאָן מענטשן ווערן באַהאַנדלט ווי פאַרברעכער, בפרט ווען די מענטשן געהערן צו אַ פאָלק, וואָס האָט „כמעט אַ פיר־טויזנט־יאָריקע הייליקע געשיכטע". דער ערשטער רעדנער אויפן מיטינג, דער הערצאָג פון וועסט־מינסטער, האָט אויסגערעכנט די יידישע צרות אין רוסלאַנד און פאָרגעלייגט אָנצונעמען אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע, און נישט נתפּעל ווערן דערפון וואָס „דער גרויסער פּראָטעסט פון 1882" איז געבליבן אָן אַ רעזולטאַט: „מיר לייענען אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, אַז גאָט האָט האַרט געמאַכט דאָס האַרץ פון פרעה. און יענער האָט נישט געוואָלט באַפרייען די קינדער פון ישראל, אָבער די רעטונג איז פונדעסטוועגן דערנאָך געקומען דורך משהן". נאָך די שטאַרקע רעדעס פון בישאָף ריפּאָן און גראַף מיס (Meath) האָט מען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער ס'איז אויסגעדריקט געוואָרן דאָס „טיפע באַדויערן צוליב די באַנייטע ליידן פון יידן אין רוסלאַנד". צוזאַמען דערמיט איז באַשלאָסן געוואָרן דערלאַנגען דעם רוסישן קיסר אַ מעמאָריאַל פון די לאָנדאָנער בירגער, אונטערגעשריבן פון לאָרד־מעָר, מיט דער בקשה אָפּצושאַפן אַלע

באַגרענעץ-געזעצן, וועלכע דריקן די יידישע אונטערטאַנער, און זיי אויס־גלייכן אין זייערע רעכט מיט אַלע איבעריקע בירגער 1).

דער מעמאָריאַל, מיט דער אונטערשריפט פון לאָרד־מער סאַוואָרי, איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פּעטערבורג צוזאַמען מיט אַ בריוו אויפן נאָמען פון גענעראַל אַדיוטאַנט ריכטער — דעם פאַרוואַלטער מיט דער קייזערלעכער קאַנצעלאַריע פאַר אויפנעמען בקשות — וואו מען האָט אים געבעטן איבער־געבן דעם דאָקומענט אַלכסנדר III. קיין ענטפער אויף דעם דאָזיקן רירנדיקן אַפּעל צו גערעכטיקייט האָט זיך, נאַטירלעך, נישט באַקומען. אָבער אַומדי־רעקט איז אַן ענטפער יאָ געגעבן געוואָרן — דורך דער פאַרקויפטער פּרעסע. דער אויסלענדישער אָפיציאַז פון דער רוסישער רעגירונג, די בריסעלער

---

1) אָט איז דער הויפּט-אינהאַלט פון דעם דאָקומענט, וועלכן מען האָט אין רוסלאַנד, נאַטירלעך, נישט געקאָנט פאַרעפנטלעכן: „מיר, בירגער פון לאָנדאָן, ווענדן זיך אַכטונגספאָל צו אייער מאַיעסטעט און בעטן אייער גנעדיקסטע דערלויבניש זיך איינצושטעלן פאַר דער זאַך פון אונטערדריקטע. עס זענען דערגאַנגען צו אונז די פאַרצווייפלטע געשרייען פון טויזנטער יידן, וועלכע לײַדן אין אייער ריזיק-גרויסער מלוכה, און מיר ענגלענדער, מיט מיטגעפיל אין הארצן צו אַלץ וואָס לײַדט, ווענדן זיך צו אייער מאַיעסטעט מיט געבעט וועגן צאַרישן חסד און הילף פאַר זיי. פינף מיליאָן אונטערטאַנען פון אייער מאַיעסטעט קרעכצן אונטערן יאָך פון אויסנאַם-און באַגרענעץ-געזעצן. רעשטן פון אַ נאַציע, וועלכע האָט ארויסגעגעבן פון זיך אַלע רעליגיעס — אונזערע און אייערע און בכלל יעדע רעליגיע אויף אונזער ערד, וועלכע אַנערקענט נאָר דעם איינציקן גאָט — מענטשן, וואָס זענען מיט דער גאַנצער קראַפט פון זייער נשמה צוגעבונדן צו זייער אַלטער אמונה און צו זייערע פאָרמען פון דינען גאָט — זיי זענען אין אייער מלוכה אונטערגעוואָרפן אַזעלכע געזעצן, ביי וועלכע ס'איז אוממעגלעך צו לעבן און פּראָספּערירן... צענויפגעדריקטע אין ענגע גרענעצן אין אייער גרויסער מלוכה, מוזן זיי אַפילו אין די דאָזיקע גרענעצן אויך דער עיקר לעבן אין די שטעט, וואו עס ווימלט פון אָרעמע לייט און פאַראומ-גליקטע; יעדע באַוועגונגס-פרייהייט איז זיי פאַרווערט; זייער יעדע האַנדלס-אונטערנעמונג שטויסט זיך אָן אויף באַגרענעץ-געזעצן; זיי טאָרן נישט אַרענדירן קיין ערד און בכלל האָבן וועלכע ס'איז שייכות צו ערד. און נישט נאָר אין זייער וואוינרעכט און אין זייערע פּראָפעס עס זענען זיי באַגרענעצט. צו העכערער בילדונג האָבן זיי נישט קיין צוטריט, ווייל מען לאָזט זיי צו אין די שולן נאָר אין אַ נישטיקער פּראָפּאָרץ, וועלכע אַנטשפּרעכט נישט זייערע נויטן און פאַרלאַנגען. זיי קענען זיך נישט פאַרנעמען מיט פרייע פּראָפעסיעס באַגלייך מיט אַנדערע אונטערטאַנען פון אייער מאַיעסטעט, זיי קאָנען זיך נישט דערשלאָגן צו קיין שום העכערן ראַנג אין מיליטער, ווי גרויס ס'זאָלן נישט זיין זייערע פאַרדינסטן... קיסר! מיר, וועלכע זענען געוואוינט געוואָרן צו אַכטן יעדע רעליגיע, וועלכע האַלטן פרייהייט פון גלויבן פאַר אַ סימן פון אמתער רעליגיעזישקייט, בעטן אייך אָפּצושאַפן די דאָזיקע געזעצן, וועלכע דריקן יידן. גיט זיי דאָס גליק פון גלייכקייט. אין אַלע לענדער, וואו יידן זענען גלייכבאַרעכטיקט, לעבן די פעלקער גליקלעך. מיר בעטן אייך מבטל מאַכן די ספּעציעלע געזעצן און רעפּרעסיעס, וואָס דריקן און האַלטן ווי געשמידט אייערע יידישע אונטערטאַנען... קייזער! אייער קייזערלעכע שוועסטער, אונזער קייזערין און קעניגין (וויקטאָריאַ) באַגרינדעט איר מאַכט אויף ליבע פון איר פאָלק, אין זיין גליק זעענדיק איר אייגן גליק. זאָל זשע אויך אייער מאַיעסטעט שעפּן קראַפט און גליק אין דער ליבע פון זיינע אונטערטאַנען, פאַרגרעסערנדיק דערמיט נאָך מער די קראַפט פון אייער מעכטיקער מלוכה".

צייטונג „Nord", וועלכע האָט זיך פאַרנומען כסדר מיט ווייס מאַכן ,י שוואַרצע פּאָליטיק פון אירע פּאַטראָנען, איז אַרויס מיט אַן אַרטיקל („אַ לעצט וואָרט וועגן סעמיטיזם"), אין וועלכן ס'איז געקומען צום אויסדרוק די גאַנצע צורייצטקייט פון די פּעטערבורגער רעגירונגס־קרייזן. „קיינמאָל נאָך — האָט געשריבן דער אומפאַרשעמטער אָפּיציאָז — האָט זיך די סעמיטן נישט געלעבט אין רוסלאַנד אַזוי לייכט ווי איצט, און דאָך האָבן זיי זיך נאָך קיינמאָל אַזוי שטאַרק נישט געקלאָגט. וואָס איז דאָ די סיבה דערפון? דאָס איז אַ סעמיטישע אייגנשאַפט: אַ סעמיט איז קיינמאָל מיט קיין זאַך נישט צופרידן. וואָס מער מען גיט אים, אַלץ מער פאַרלאַנגט ער". מיט דער קלאָרער כּונה צו נאַרן איר לעזער־עולם — האָט „נאָרד" געשריבן, אַז אומזיסט פּאָדערט דער לאָנדאָנער מיטינג „רעליגיעזע פרייהייט" (נאַטירלעך, אין זינען פון בירגער־פרייהייט פאַר אַנדערש־גלויביקע): קיינער רירט דאָך נישט אָן די פרייהייט פון יידישן ריטואַל אין רוסלאַנד; און די בירגערלעכע באַגרענעצונגען אַרן נישט יידן אויף אַ האָר נישט, וואָרום ס'איז זיי אַזוי גוט אין רוסלאַנד, אַז אַפילו די עמיגראַנטן זייערע אין אַמעריקע טרוימען וועגן צוריק אומקערן זיך אַהיים.

ווי די רוסישע רעגירונג איז געווען אָפּגעהיט אַפילו נאָר אין הלכות „רעליגיעזע פרייהייט", קאָן מען זען פון אירן אַן אַקט, דאָס זעלבע יאָר טאַקע, אין מאָסקווע. אַ רייע יאָרן האָבן מאָסקווער יידן געמוזט זיך באַגנוגנען מיט פּריוואַטע דאַווען־הייזער, און גראָד דאָס יאָר איז צום ערשטן מאָל פאַרטיק געוואָרן אַ פיינערע געזעלשאַפטלעכע שול; נאָר אַזוי ווי אײן שול האָט נישט געקאָנט אַריינכעמען אַלע דאַוונער, באַזונדער אין די גרויסע יום־טובים, האָט די יידישע קהלה איינגעהאַלטן אויך די אַלע דאַוון־שטיבלעך, וואָס זענען געווען צעוואָרפן אין פאַרשידענע טיילן שטאָט. די פּאָליציייאישע מאַכט האָט אָבער באַפוילן צו שליסן די אַלע 20 דאַוון־שטיבלעך, וועלכע האָבן אַריינגענומען ביז 10 טויזנט מתפּללים, אַזוי אַז אַ גרויסער עולם האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו דאַוונען בצבור אין די יום־טוב־טעג. דאָס גלייכן האָט פּאָליציי גוט השגחה געגעבן, קיין „רעכטלאָזע" יידן זאָלן זיך נישט אַריינכאַפּן קיין מאָסקווע, און מען האָט געמאַכט אָבלאַוועס איבער די הייזער, כּדי צו כאַפּן אַזעלכע פאַרברעכער. אין פּעטערבורג האָט דער שטאָט־קאָמיסאַר גרעסער דערפירט די יידן־פאַרפאָלגונגען ביז צו דער מדרגה פון ספּאָרט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אויף די שילדן פון געוועלבן און וואַרשטאַטן, וואָס געהערן צו יידן, זאָלן זיין אויפגעשריבן נישט נאָר די פאַמיליע־נעמען, נאָר אויך דער פולער פאָר־נאָמען און נאָמען פון טאַטן, גענוי לויטן פּאַס, „כּדי אויסצומיידן מעגלעכע מיספאַרשטענדעניש". דער ציל פון אַזאַ ביזווילליקן באַפעל איז באַשטאַנען אין דעם, אַז דער קריסטלעכער עולם זאָל נישט קויפן אין אַזעלכע געוועלבן

מען זאָל נאָך קאָנ'ן אָפּשפּעטן פֿון די נעמען פֿון זייערע אייגנטימער — ווייל די אַנאַלפֿאַבעטישע באַאַמטע פֿלעגן געוויינלעך פֿאַרקריפּלען ד יידישע נעמען אין די מעטריקעס און פּעסער (אַזוי למשל, סרול איצקאָ־זיטש—אַנשטאָט איזראַאיל איסאַקאָוויטש א. ד. ג.) די דאָזיקע פֿאַראָרדענונג איז געמאַכט געוואָרן דעם 17 נאָוועמבער 1890, און אַזוי ווי אין עטלעכע טעג אַרום איז פֿאָרגעקומען דער לאָנדאָנער מיטינג און די רוסישע רעגי־רונג האָט באַדאַרפֿט פֿאַרזיכערן אייראָפּע, אַז יידן לעבט זיך אין רוסלאַנד אויסגעצייכנט—האָט זיך דעריבער גרעסערס פּאָליצייאישע פֿאַראָרדענונג נישט באַוויזן אין דער פּרעסע, נאָר מען האָט זי אָנגעווענדעט לויט אַ געהיימער אינסטרוקציע. די געוועלבן־אייגנטימער האָבן פֿאַרשטאַנען די בייזוויליקע כּוונה פֿון דער פֿאַראָרדענונג. האָבן זיי אויפֿגעשריבן זייערע נעמען אויף די שילדן מיט קליינע אתיות׳לעך, אַז זיי זאָלן זיך נישט וואַרפֿן אין די אויגן דאַן האָט דער שטאָט־קאָמיסאַר געהייסן די פּאָליציי־אַגענטן אַכטונג צו געבן, אַז די יידישע נעמען אויף די שילדן זאָלן זיין געשריבן „קלאָר און אויף אַן אָנגעזעען אָרט, לויט די באַשטעטיקטע צייכענונגען". אַזוי האָט מען אין פּעטערבורג רעאַגירט אויף די פּראָטעסט־געשרייען, וואָס האָבן זיך געלאָזט הערן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע [1].

## § 19. מאָסקווער גירוש (1891)

ס'איז געקומען דאָס יאָר 1891. בייזע אָנזאָגן האָבן זיך געטראָגן אין לופֿטן. אין דער שטיל פֿון פּעטערבורגער קאַנצעלאַריעס האָבן ווייטער געאַרבעט אַנטיסעמיטישע פֿאַרשווערער, און געגרייט אַ נייעם קלאַפּ דעם אויסגעמאַטערטן פֿאָלק. אַ געהיימע באַראַטונג ביים מיניסטעריום פֿון אינערן, אונטער פּלעווס פֿאָרזיץ, האָט געהאַלטן אין אויסאַרבעטן עפּעס אַ מוראדיקן פּראָיעקט,—וועלכער האָט געצילט אָפּצושאַפֿן די הנחות, וואָס אייניקע קאַטעגאָריעס יידן האָבן באַקומען פֿאַר אַלכּסנדר II. מען האָט געוואָלט צוריק פֿאַרקלאַפּן די טיר אין די אינעווייניקסטע גובערניעס אַריין, וועלכע מען האָט עטוואָס געהאַט געעפֿנט מיט די געזעצן פֿון 1859 און 1865, ווען מען האָט געגעבן וואוין־רעכט קליינע גרופּעס יידישע סוחרים און האַנטווערקער. די רעאַקציאָנערע פֿאַרשווערער האָבן קודם כּל

1) גלייכצייטיק מיטן לאָנדאָנער מיטינג האָט מען געמאַכט אַן אָנפֿראַגע וועגן דער לאַגע פֿון רוסישע יידן אין וואַשינגטאָנער פּאַרלאַמענט. דער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען אַ רעזאָ־לוציע, וואו עס ווערט אויסגעדריקט באַדויערן, וואָס „אין פֿריינטלעכן לאַנד, וואָס האָט באַפֿרייט די פּויערן פֿון לייב־קנעכטשאַפֿט און האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַר די טערקישע קריסטן, ווערט אַרויסגעוויזן אַזאַ שטימונג, וועלכע אַנטשפּרעכט נישט דער היינטיקער ציוויליזאַציע, איז דערווידער די געפֿילן פֿון מענטשן־ליבע און דערמאָנט אין די פֿאָראורטיילן פֿון לאַנג פֿאַרגאַנגענע צייטן".

געוואָלט אויסרויכערן אַזעלכע „פּריווילעגירטע״ יידן פֿון ביידע רעזידענץ־שטעט. אין פּעטערבורג האָבן אין דער ריכטונג געווירקט די דערמאָנטע באַפֿעלן פֿון גרעסערן, און ס׳האָבן נאָך באַדאַרפֿט קומען אַנטשיידענערע פֿאַראָרדענונגען. פֿעברואַר 1891 האָט דער שטאָט־קאָמיסאַר באַפֿוילן דער פּאָליציי „דורכקאָנטראָלירן דעם מין האַנדל״ פֿון אַלע יידישע האַנטווערקער אין פּעטערבורג, כּדי אַרויסצושיקן פֿון שטאָט און קאָנפֿיסקירן די סחורה ביי יענע, ביי וועמען מען וועט געפֿינען פֿאַרבאָטענע סחורה ד. ה. נישט פֿון אייגענער פּראָדוקציע. די רעוויזיע האָט געבראַכט צו אַ גאַנצער רייע אַרויסשיקונגען פֿון פּעטערבורג. אָבער דער הויפּט־קלאַפּ האָט זיך געגרייט אין מאָסקווע.

די אַלטע קרוין־שטאָט האָט זיך דאַמאָלסט געריכט אויף גרויסע נייעסן. אויפֿן פּאָסטן פֿון מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, וועלכן ס׳האָט פֿאַרנומען פֿרישט דאָלגאָרוקאָוו, איז איצט באַשטימט געוואָרן דעם קייזערס ברודער, גרויספֿירשט סערגיי אַלכּסנדראָוויטש (פֿעברואַר 1891). אָט דער ערגסטער פֿאַרשטייער פֿון די ראָמאַנאָווס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין בלינדן האַס צו יידן. זיין מיסיע אין מאָסקווע האָט געזאָלט זיין גאָר אַ וויכטיקע: מען האָט געשמועסט, אַז ער זאָל צוגרייטן דעם אַקט אַריבערצוטראָגן די קייזער־רעזידענץ פֿון פּעטערבורג קיין מאָסקווע—אַלס סימבאָל פֿון צוריקקער „אַהיים״, צו דער אַלט־מאָסקווע׳שער פּאָליטיק—און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָט מען, נאַטירלעך, געמוזט אָפּרייניקן די אַלטע קרוין־שטאָט פֿון יידישן עלעמענט. די יידישע קהלה אין מאָסקווע, וועלכע האָט געציילט ביז 30 טויזנט מיטגלידער, לעגאַל אָדער אומלעגאַל וואוינענדיקע, האָט געריסן די אויגן די מאָסקווער איינפֿלוסרייכע געשעפֿט־קרייזן. מאָסקווער שטאָט־פּרעזעס אַלעקסעיעוו, אַ סוחר מיט אַ גאַנץ טונקעלער רעפּוטאַציע, האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן, וואָס דער הויפּט פֿון דער יידישער קהלה, דירעקטאָר פֿון אַגראַר־באַנק לאַזאַר פּאָליאַקאָוו,—מיט וועלכן ער האָט געהאַט עפּעס אַ קאָמערציעלן סכסוך— האָט אַזאַ איינפֿלוס אין די פֿינאַנץ־קרייזן. נאָך דער נאָמינאַציע פֿון נייעם גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט דער שטאָט־פּרעזעס פֿאַרפֿירט געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג וועגן דער נויטיקייט „אָפּצורייניקן מאָסקווע פֿון יידן״, מיט וועלכע די שטאָט איז פֿול אַ דאַנק דער יידן־פֿריינטלעכקייט פֿון פֿריערדיקן גענעראַל־גובערנאַטאָר, פֿירשט דאָלגאָרוקאָוו. די רעאַקציאָנערן פֿון מאָסקווע און פּעטערבורג האָבן זיך דערלאַנגט די הענט צוזאַמען אויסצוטראָגן יידן, מיט דער ברכה פֿונם שעף פֿון הייליקן סינאָד פּאָביעדאָנאָסצעוו. דער דאָזיקער גענעראַל־אינקוויזיטאָר האָט אַדורכגעפֿירט אַלס קאַנצעלאַריע־פֿאַרוואַלטער ביים נייעם מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר זיין משרת אין קאַנצעלאַריע ביים הייליקן סינאָד, אַ געוויסן איסטאָמין, אַזוי אַז ער האָט געהאַט אין מאָסקווע אַ טיכטיקן אַגענט, וועלכער איז געווען פֿאַקטיש באַלעבאָס איבער דער

צווייטער קרוין־שטאָט. אויף אַ באַראַטונג פון די אַנטיסעמיטן איז באַשלאָסן
געוואָרן אָנצוהויבן אַרויסשיקן יידן פון מאָסקווע נאָך פאַרן פייערלעכן
אַריינפאָר פון גרויס־פירשט סערגיי אין שטאָט אַריין — צי כּדי ריין מאַכן
דעם וועג פאַר זיין „קייזערלעכער הויכקייט", אָדער אפשר כּדי דער
ערשטער גרויזאַמער אַקט פונם גירוש זאָל נישט זיין פאַרבונדן מיט זיין נאָמען.
ביז זיין קומען האָט דערווייל פאַרוואַלטעט מיט דער שטאָט דער הויפּט פון
מאָסקווער מיליטער־קרייז קאָסטאַנדאַ, — און אָט דער געשיקטער גריך האָט
עס באַדאַרפט עפענען די קריגס־אָפּעראַציעס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.
דער ערשטער קלאַפּ איז געווען אויסגערעכנט אויף דעם טאָג, ווען יידן
פייערן זייער באַפרייאונג פון גלות מצרים — אַזוי ווי מען וואָלט בכיון
וועלן דערמאָנען דעם אייביקן פאָלק וועגן די בייזע פּרעהס.

עס איז געווען דער ערשטער טאָג פסח, 1891 (29 מערץ אַלטער
סטיל). אין די בתי־מדרשים, בעתן פרימאָרגן־דאַווענען, האָט זיך אָנגעהויבן
אַ פּחד־פולע שושקעריי: ס'איז געקומען אַ צאַרישער באַפעל אַרויסצוטרייבן
יידן פון מאָסקווע. און באַלד האָבן די צעשראָקענע געלייענט אין די צייַ־
טונגען דעם צאַרישן באַפעל פון 28 מערץ: „פאַרבאָטן יידן מעכאַניקער,
בראָנפן־ברענער, ביר־קאָכער און בכלל מייסטערס און האַנטווערקער איבער־
צוואַנדערן פון תחום אָדער פון אַנדערע געגנטן אין דער מלוכה — קיין
מאָסקווע און מאָסקווער גובערניע". אָבער דער דאָזיקער פאַרבאָט צו באַ־
זעצן זיך פון דאָסניי אין מאָסקווע איז געווען בלויז איין העלפט אורטייל;
די צווייטע העלפט, די שרעקלעכערע, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם
צווייטן טאָג: „באַפולמעכטיקן דעם אינערן־מיניסטער, לויט אַ הסכּם מיטן
מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אָנצונעמען מיטלען דערצו, אַז די אויבנ־
דערמאָנטע יידן זאָלן ביסלעכווייז איבערפאָרן פון מאָסקווע און מאָסקווער
גובערניע אין די געגנטן, וואָס זענען באַשטימט אַלס שטענדיקע וואוין־ער־
טער פאַר יידן". [1] פון ערשטן קוק איז אַפילו שווער געווען זיך אָנצושטויסן,
אַז אונטער דער אנשטענדיקער אויסערלעכקייט פונם באַפעל, ביי זיין צוויי־
דייטיקער רעדאַקציע, איז פאַרבאָרגן אַ גרויזאַמע גזירה אַרויסצוטרייבן טויזנ־
טער מענטשן; אָבער די אויספירער פון אָט דעם געשריבענעם געזעץ
האָבן באַקומען גאַנץ קלאָרע געהיימע אינסטרוקציעס, און מען האָט די
דאָזיקע אינסטרוקציעס אָפּגעהיט, לויט אַלע דינים פון סטראַטעגישער
קונסט.

---

1) די ביזאַנטישע פאַלשקייט פון דער רעדאַקציע איז באַשטאַנען אין דער פאַרמו־
ייבנדערמאַנטע יידן", וואָס דאַרף זיך כלומרשט באַציען צו די, וואָס „וואַנדערן איבער פון תחום"
אָדער וואָס באַזעצן זיך פון ס'ניי אין מאָסקווע, בעת אין דער אמתן האָט מען אין זינען גע־
האַט אַרויסצוטרייבן אַלע יידן פון די „אויבנדערמאָנטע" קאַטעגאָריעס — מייסטערס און האַנט־
ווערקער — מעגן זיי פון ווי לאַנג שוין בעזעצלעך וואוינען אין מאָסקווע.

צו אַלעם ערשטן האָט מען זיך בענומען פאַר די יידן, וואָס האָבן געלעבט אין מאָסקווע אומלעגאַל. מען האָט אויף זיי געמאַכט אַן אומגעריכטע ביינאַכטיקע אָבלאַווע. מיט דער „אַטאַקע״ האָט אָנגעפירט דער מאָסקווער אָבער־פּאָליצמייסטער. אין דער ערשטער נאַכט נאָכן פאַרעפנטלעכן דעם באַפעל האָבן זיך אין זאַריאַדיע—אַ קוואַרטאַל, וואו די מערהייט רעכטלאָזע יידן האָבן זיך געוואַלגערט — און באַזונדער אין „גליעבאָווער פּאָדוואָריע״ — געוועזענע מאָסקווער געטאָ — באַוויזן גרויסע גרופּעס פּאָליציי און פייערלעשער. די פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין יידישע דירות, אַרויסגענומען צעשראָקענע יידן פון די בעטן און אַזוי האַלב נאַקעט האָט מען דעם עולם — מענער, פרויען און קינדער — געטריבן אין צירקל אַריין. די אַרעסטירטע האָט מען געהאַלטן אַ מעת לעת און מער אין שמוציקע קאַמערן, און דערנאָך האָט מען וועמען אָפּגעלאָזט מיט דער פאַרפליכטונג תיכף אַרויסצופאָרן פון שטאָט, און וועמען מען האָט עקספּעדירט דורכן עטאַפּ, דורך דער איבערוויז־טורמע, ווי פאַרברעכער. אַ סך פאַמיליעס האָבן זיך באַצייטנס דערוואוסט וועגן דער פאָרשטייענדיקער אָבלאַווע, האָבן זיי געשלאָסן צו פאַרברענגען די נאַכט נישט אין דער היים, אָבי אויסמיידן דעם אַרעסט און די באַליידיקונגען מצד פּאָליציי. עלטערן מיט קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אין די פאָרשטעט, אויף בית עלמינס, אָדער האָבן די גאַנצע נאַכט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן פון שטאָט; אַנדערע חשובע באַלעבאַטים — האָבן געמוזט באַהאַלטן זייערע פרויען און קינדער אין שאַנד־הייזער, וועלכע זענען אָפן אַ גאַנצע נאַכט, כדי צו ראַטעווען זיי פון דער נאַכט־קעלט. אָבער פון די אַנטרונענע זענען אויך נישט ווייניק אַריינגעפאַלן צו פּאָליציי אין די הענט. אַזוי האָט מען „גערייניקט״ מאָסקווע פון „רעכטלאָזע״ אַ גאַנצן חודש כסדר ביז דער גרויספירשט סערגיי איז געקומען צופאָרן. באַלד נאָך אים איז אָנגעקומען דער קיסר אַליין אויך, מיט זיין פאַמיליע, אויפן צוריקוועג פון קרים (מאַי). אַן אויסגעדינטער יידישער זעלנער האָט דערלאַנגט דעם קיסר אַ בקשה, וואו ער האָט אין רירנדיקע ווערטער געבעטן רחמים — נישט אַרויסצושיקן פון מאָסקווע געוועזענע יידישע זעלנער, מיט וועלכע די מאַכט האָט אַליין אַזוי איינגעקנעלט, אַז „פאַר גאָט ווערט נישט פאַרפאַלן קיין תפילה, און פאַרן קיסר די דינסט״. דאָס געבעטן פונם זעלנער איז געוואָרן דערהערט: מען האָט אים משלח געווען אין טורמע אַריין און דערנאָך אַרויסגעשיקט פון מאָסקווע.

ווי די נייע מאַכט האָט זיך נאָר איינגעאָרדנט אין מאָסקווע, האָט מען אָנגעהויבן אויספירן דעם באַפעל און „ביסלעכווייז״ אַרויסשיקן די גרויסע מאַסע האַנטווערקער און מייסטערס, וועלכע דער געזעץ האָט אַ רייע מיט יאָרן געגעבן וואוינרעכט, און איצט האָט דער ווילקיר מיטאַמאָל ביי זיי צוגענומען דאָס דאָזיקע רעכט. צו דער קאַטעגאָריע פאַרמשפּטע האָט די אָר־

טיקע אַדמיניסטראַציע פאַררעכנט אויך די אַזוי גערופענע „צירקולאַר־יידן", ד. ה. די, וואָס האָבן געוואוינט אויפן סמך פון מיניסטעריאַלן צירקולאַר פון 1880 — ווייל זיי וואוינען שוין אין שטאָט פון צו־לאַנג. די דאָזיקע גאַנצע מאַסע האָרעפּאַשניקעס — האַנטווערקער, הענדלער, ביורא־אָנגעשטעלטע, לערער — האָבן לויט דער פאַראָרדענונג פון דער מאַכט געדאַרפט פאַרלאָזן מאָסקווע אין דריי טערמינען: די, וואָס וואוינען אין מאָסקווע נישט מער ווי דריי יאָר, זענען נישט פאַרהייראַט אָדער אָן קינדער — דאַרפן אַרויספאָרן משך 3 ביז 6 חדשים; פאַר די, וואָס וואוינען אין שטאָט נישט מער ווי 6 יאָר, פאַר די, וואָס האָבן קינדער אָדער אַרבעטער־געזעלן, ווערט דער טערמין פאַרלענגערט פון 6 ביז 9 חדשים; אַלטע תושבים און די, וואָס האָבן גרויסע פאַמיליעס אָדער אַ גרויסע צאָל אַרבעטער, האָבן צייט אויף אַרויספאָרן פון 9 ביז 12 חדשים. די דאָזיקע מאַקסימום־ און מינימום־זמנים זענען אַזוי ווי ספּעציעל געגעבן געוואָרן, כּדי די פּאָליציי־אַגענטן זאָלן האָבן הכנסה — פאַר אַ כאַבאַר האָבן זיי פונם מינימום געמאַכט אַ מאַקסימום און געשענקט דעם פאַרמשפּטן נאָך 3 חדשים. דערפאַר אָבער נאָכן טערמין האָט מען קיינעם נישט דערלויבט צו פאַרבלייבן קיין איין איבעריקן טאָג אין שטאָט, און טאָמער האָט זיך עמיץ פאַרהאַלטן, האָט מען אים אַרויסגעיאָגט מיט דער גרעסטער אכזריות.

„מענטשן, וועלכע האָבן אָפּגעלעבט אין מאָסקווע 20, 30 און 40 יאָר — דערציילט אַן עד־ראיה — האָבן געמוזט אין גאָר אַ קורצער צייט אויספאַרקויפן זייער פאַרמעגן און אַרויספאָרן. האָט עמיץ נישט באַוויזן, מחמת אָרימקייט, אויסצופירן דעם באַפעל פון פּאָליציי, האָט עמיץ נישט באַוויזן צו פאַרקויפן פאַר אַ שיבוש זיינע בעבעכעס — האָט אים געדראָט אַרעסט: מען האָט אים גענומען אין דער איבערוואַנדערונגס־טורמע און ער האָט דאָרטן, צוזאַמען מיט פאַרברעכער און כלערליי ערב־רב, געוואַרט אויף דער רייע, ביז מען וועט זיי אַלעמען אָפּשיקן מיטן עטאַפּ. דאָ פלעגן יידן אַריינפאַלן אין רשות פון די טורמע־וועכטער, וועלכע האָבן זיי תיכּף אויסגעגלייכט אין די רעכט מיט פאַרברעכער, פאַרמשפּטע אויף קאַטאָרגע. אין אַזאַ אַטמאָספער איז די אַרויסגעשיקטע נישט איינמאָל אויסגעקומען צו פאַרברענגען עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד, און דערנאָך האָט מען זיי מחנותווייז אָפּגעשיקט אין די „געבורטס־שטעט", וואָס אַ סך פון זיי האָבן קיינמאָל אין די אויגן נישט געזען. מענטשן פון נישט־פּריווילעגירטע שטאַנדן, האַנטווערקער און „מיעשטשאַנעס", פלעגט מען פאַר דער טורמע אָנטון הילצערנע שלעסלעך אויף די הענט. זאָגן אויף געגנוי, וויפל עולם ס'זענען דורכגעגאַנגען אָט דעם גהינום, איז שווער; אייניקע האָבן זיך נישט דערוואַרט אויפן עטאַפּ און זענען געשטאָרבן אין טורמע. ווער ס'האָט נאָר פאַרמאָגט כאָטש די קלענסטע מיטלען — האָט זיך אַריבערגעפּעקלט אין תחום אַריין אויף אייגענע קאָסטן

די הילף, וואָס יידן האָבן אין אייגעניש אָרגאַניזירט, האָט געקלעקט ניט אויף צו ראַטעווען אַ סך פון טורמע, עטאַפּ און קייטן. וואָס קאָן מען מאַכן ווען טויזנטער פאַמיליעס ווערן מיטאַמאָל אַרויסגעריסן פון זייערע אויסגע־וואַרעמטע נעסטן, ווען דאָס אומגליק שטראָמט אַזוי מוראַדיק, אַז אפילו דאָס אָפענע פּאַר צרות יידישע האַרץ קאָן אַזויפיל נישט אַריינעמען!... מענטשן האָבן זיך אין פרעסט (ווינטער 92 — 1891) באַהאַלטן אויף בית־עלמינס, כדי אויסצומיידן געפענגעניש און עטאַפּ; פרויען האָבן געבוירן קינדער אין וואַגאָנעס; געווען אַ סך פאַלן, ווען מען האָט אַרויסגעשיקט קראַנקע, און מען האָט זיי צום באַן געבראַכט אין קאַרעטעס, און אין וואַגאָן אַריין — אויף טראָג־בעטלעך. באַזונדער געדענקען די, וואָס האָבן דאָס אַלץ דורכגעלעבט, איינע אַ פּראַקטיקע יאַנואַר־נאַכט (1892). מחנות יידן, אָרעם געקליידעטע, מיט ווייבער, קינדער און אַלטע לייט און מיטן ביסל הויז־חפצים, האָבן פאַרפולט דעם בריסקער וואָקזאַל. אונטער דער דראָאונג פון תפיסה און עטאַפּ האָבן זיי געפּועלט ביי זיך צו פאָרן אין דעם 30־גראַדיקן פראָסט, ווייבאַלד מען וויל נישט פאַרלענגערן דעם טערמין פון פאַר־לאָזן די שטאָט. דער שיקזאַל האָט געוואָלט נאָך אַן איבעריק מאָל טרייבן ביטערן חוזק פון די אומגליקלעכע! לויט אַ ראַפּאָרט פון אָבער־פּאָליצמייס־טער האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר געהייסן אָפּשטעלן די אַרויסשיקונגען, ביז ס׳וועלן אויפהערן די שטאַרקע פרעסט, — אָבער די פאַראָרדענונג וועגן דעם איז געמאָלדן געוואָרן שוין נאָך אַלעמען... אַזוי האָט מען ביז 20 טויזנט יידן מיט געוואַלט פאַרטריבן אין תחום אַריין״.

וועגן אָט די אַלע גרויל־זאַכן, וועלכע דערמאָנען דעם גירוש־שפּאַניען פון 1492, האָט די רוסישע פרעסע קיין איין וואָרט נישט געשריבן. די פּאַרקויפטע און רעאַקציאָנערע פרעסע האָט נישט געוואָלט, און די ליבעראַלע פרעסע האָט נישט געקאָנט שרייבן וועגן אָט די העלדן־טאַטן פון דער רעגירונג אין איר מלחמה מיט יידן. דער ליבעראַלער פרעסע האָט דאַמאָלסט די צענזור גאָר פאַרווערט צו באַרירן אַפילו די יידן־פראַגע. דעם אייניציקן רוסיש־יידישן אָרגאַן („וואָסכאָד״), וועלכער האָט פריער אפילו אונטערן קלעם פון צענזור באַקעמפט דעם אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם, האָט מען אָפּגעשטעלט אויף אַ האַלב יאָר „פאַר זיין העכסט שעדלעכער ריכטונג״, נאָך אין מערץ חודש, קורץ פאַר דעם, ווי ס׳איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די מאָסקווער גזירה. פאַר אַ פּאָר מיטגעפיל־אַרטיקלען וועגן יידן האָט מען צייטווייליק אָפּגעשטעלט אויך די גרויסע פעטערבורגער צייטונג „נאָוואָסטי״. אַזוי האָט מען פאַר מאַכט דאָס מויל דער פרייער פרעסע ערב דעם אָנפאַל אויף יידן, כדי אַלץ זאָל צוגיין אָן טומל, אונטערן צודעק פון אַ מלוכה־סוד. דער סוד איז אַנט־פלעקט און דעמאַסקירט געוואָרן בלויז אין דער אויסלענדישער פרעסע. אַזוי ווי די יידישע אַויסוואַנדערונג קיין אַמעריקע האָט זיך זייער פאַרשטאַרקט

האָט די רעגירונג פון ד״י פאַרייניקטע שטאַטן געשיקט קיין רוסלאַנד (יוני 1891) אירע צוויי קאָמיסאַרן — וועבער און קעמפּסטער, — וועלכע האָבן באַזוכט מאָסקווע און סאַמע ברען פון די אַרויסשיקונגען, זענען דערנאָך געווען נאָך אין די וויכטיקערע שטעט פון יידישן תחום און האָבן צונויפגעזאַמלט דאָקומענטאַלע ידיעות וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אין אָט דעם נייע מצרים־לאַנד.

אַרויסטרייבנדיק יידן, האָט רוסישע רעגירונג נישט געוואָלט, אַז די געשרייען פון די קרבנות זאָל דערגיין קיין אויסלאַנד. פונקט דעמאָלסט האָט זי געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן אַן אויסערלעכער הלואה, און וועלכער ס׳האָט זיך געזאָלט דער עיקר באַטייליקן די באַנק־פירמע ראָטשילד אין פּאַריז. אין אַזאַ מאָמענט האָט זיך נישט געלוינט פאַר רוסלאַנד צו דערשייגען פאַר אויסלאַנד אין מיטלאַלטערלעכע בגדים. האָט מען טאַקע צוליב דעם דערשטיקט די פרייע פּרעסע, און דער איבעריקער פּרעסע האָט מען פאַרזאָגט, זי זאָל וואָס ווייניקער רעדן וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך מיט יידן. אָבער די געשרייען פון די קרבנות זענען פאָרט דערגאַנגען קיין אייראָפּע. די ערשטע פּליטים פון מאָסקווע, וועלכע זענען אָנגעקומען קיין בערלין, פּאַריז אָדער לאָנדאָן, האָבן דאָרטן דערציילט, וואָס אין רוסלאַנד טוט זיך. שוין אין אַפּריל 1891 האָט מען אין דער דייטשער פּרעסע (א. אַ. Börsen-Courrier) גענומען רעדן וועגן דעם, אַז „די יידישע באַפעלקערונג איז אַבסאָלוט נויטיק פאַרן האַנדל אין רוסלאַנד, און די יידן־אַרויסשיקונגען באַאומרויקן דעריבער שטאַרק די אייגנטימער פון רוסישע ווערט־פּאַפּירן, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אין דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון רוסלאַנד”. איינגיכן איז באַוואוסט געוואָרן, אַז דער פּאַריזער באַנקיר אַלפאָנס ראָטשילד האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן אין רעאַליזירן די האַלב־מיליאַרדיקע רוסישע הלואה. דער דאָזיקער ערשטער פּראָטעסט פון פינאַנץ־קעניג קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון רוסישן צאַר האָט געמאַכט גאָר אַ גרויסן איינדרוק, באַזונדער נאָך צוליב דעם, וואָס ער איז אויסגעפאַלן גראָד דאַן, ווען די דיפּלאָמאַטיע האָט זיך געגרייט צו פייערן די רוסיש־פראַנצויזישע דערנענטערונג, וועלכע איז טאַקע אין עטלעכע חדשים אַרום שפּעטער צושטאַנד געקומען. די פּעטערבורגער הויכגעשטעלטע אַנטיסעמיטן זענען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט פון אָט דער „סאָלידאַרישקייט פון יידן אין אַלע לענדער”, און „נאָוואָיע וורעמיאַ” האָט שטאַרק געזידלט די „זשידאָווסקע” פינאַנסיסטן; דאָך האָט די רעגירונג געמוזט אויף אַ שטיקל צייט אָפּשטעלן דעם שטראָם פון רעפּרעסיעס. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט מען לכתחילה בדעה געהאַט אויסצורויכערן די יידן אויך פון פּעטערבורג — און דער פּאָליציייאישער צאָרן פון גרעסערן האָט שוין געפונען אויסדרוק אין אַ ריי צירקולאַרן. נאָכן ערשטן פּאָליציייאישן איבערפאַל אויף יידן אין מאָס־

קווע, האָט גרעסער באַפּוילן זיינע זשאַנדאַרן, זיי זאָלן אויף די וואָקזאַלן כאַפּן די מאָסקווער פּליטים, וואָס וועלן זיך דערוועגן קומען קיין פּעטערבורג און זיי תּיכּף אַרויסשיקן. אין אַפּריל האָבן זיך אַרומגעטראָגן פֿאַרעקשנטע קלאַנגען, אַז מען גרייט צו אַ בהדרגהדיקע אויסווייזונג פֿון פּעטערבורגער יידן. דער פֿינאַנץ-קלאַפּ פֿון פּאַריז האָט אָבער אַביסל אָפּגעקילט די אינקוויזיטאָרס אויף די ברעגן פֿון נעווע: די מאַסן-אויסווייזונג פֿון יידן איז אָפּגעלייגט געוואָרן.

אין פֿאַרגלייך מיט אָט די גרויסע אָפֿיציעלע פּאָגראָמען, האָט זיך עפּעס אַזוי ווי נישט אָנגעזען דער גאַסן-פּאָגראָם, וואָס האָט אויסגעבראָכן דעם 29 סעפּטעמבער 1891 אין דער שטאָט סטאַראָדוב (טשערניגאָווער גובערניע) — אַן אָפּקלאַנג פֿון שטורם אין די 80-ער יאָרן. דער פּאָגראָם איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך ריין עקאָנאָמישע סיבות. די רוסישע סוחרים פֿון סטאַראָדוב האָבן שוין לאַנג געשאַרפֿט די ציין אויף זייערע יידישע קאָנקורענטן. אָט די סוחרים, מיטן אַלטגלויביקן פֿאַנאַטיקער גלאַדקאָוו בראָש, האָבן דורכגעפֿירט אין שטאָט-דומע אַ באַשלוס, וועלכער האָט פֿאַרבאָטן יידן צו האַנדלען זונטאָג און אין קריסטלעכע חגאות. יידן זענען אַזוי אַרום געצוואונגען געוואָרן צו פֿייערן אַ דאָפּלטע צאָל טעג, ווי די קריסטן, און זיי האָבן זיך משתּדל געווען פֿאַרן גובערנאַטאָר, ער זאָל אָפּשאַפֿן אָדער כאָטש מילדער מאַכן אָט דעם באַשלוס, וועלכער רואינירט די יידישע סוחרים. די בקשה איז טיילווייז באַפֿרידיקט געוואָרן: מען האָט דערלויבט יידן צו האַלטן אָפֿן די קראָמען אין קריסטלעכע חגאות פֿון האַלבן טאָג ביז 6 פֿאַרנאַכט. אַלס ענטפֿער דאַרויף האָבן די סוחרים-אַנטיסעמיטן צוגעגרייט אַ פּאָגראָם. זונטאָג, ערב יום-כּפּור, בעת יידן האָבן געעפֿנט אויף עטלעכע שעה די געוועלבער, איז אַ געדונגענע באַנדע שלעגער פֿון רוסישן המון באַפֿאַלן און אָנגעהויבן פֿאַרניכטן און ראַבירן די סחורה פֿון די קראָמען; און אַז מען האָט פֿאַרמאַכט די געוועלבער, האָבן זיך די שלעגער אַריינגעריסן אין יידישע דירות, געמאַכט אין זיי אַ חורבן און פֿול געמאַכט די גאַסן מיט בראָכוואַרג פֿון מעבל און פֿעדערן פֿון צעריסענע קישענס. צו הילף די רויבער זענען נאָך אונטערגעקומען פֿויערן פֿון די אַרומיקע דערפֿער. ביינאַכט האָט אַ שכּורער המון אונטערגעצונדן אין מאַרק אַ סך יידישע געוועלבער און הייזער. געווען איז דאָס אין דער הייליקער נאַכט פֿון יום-כּפּור. יידן האָבן נישט געוואַגט צו דאַווענען אין די שולן אָדער אַפֿילו צו פֿאַרבלייבן אין די הייזער, און זיי האָבן זיך מיט ווייב און קינד באַהאַלטן אויף בוידעמער, אין גערטנער, אין רוסישע הייזער, און פֿיל האָבן פֿאַרבראַכט די נאַכט אין פֿעלד, הינטערן שטאָט, ציטערנדיק פֿון קעלט. פֿון דערווייטנס האָבן די אומגליקלעכע צוגעזען; ווי דאָס פֿייער פֿאַרניכטעט זייער גאַנץ פֿאַרמעגן. פּאָליציי איז געווען וויניק, און זי איז געווען מאַכט-

לאָז קענען די גרויסע באַנדעס רויבער און אונטערצינדער. דעם צווייטן טאָג האָט דער פּאָגראָם אויפגעהערט — די זאַך איז שוין געווען אָפּגעטון: יידן זענען שוין געווען רואינירט. די געריכט־פאָרשונג האָט אינגיכן פעסטגעשטעלט, אַז דעם פּאָגראָם האָט אָרגאַניזירט גלאַדקאָוו מיט זיין חברותא, און די אָרטיקע מאַכט האָט נישט געקאָנט נישט וויסן וועגן דעם. גלאַדקאָוו איז אַנטרונען געוואָרן פון שטאָט, אָבער שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט און איז אָפּגעקומען מיט זייער אַ לייכטער שטראָף (פון געריכטס פאַר זיין מוראדיקן פאַרברעכן.

די רעגירונג איז געווען שטאַרק אומצופרידן, דערזעענדיק דעם גרויזאַמען שאָטן פון 1881, ווייל דער דאָזיקער שאָטן האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן דעם מהות פון דער פּאָליטיק פון לעגאַלן פּאָגראָם, וועלכע האָט שוין אַזוי אויך אויפגערודערט מערב־אייראָפּע. אין אָקטאָבער האָט דער אָפּיציאָז „גראַזשדאַנין" געמוזט ברענגען אַזאַ ידיעה פון בערלין: „נעכטן (15 אָקטאָבער) האָט אויף דער בערזע געהערשט אַ געדריקטע שטימונג, און אונזערע ווערט־פּאַפּירן זענען געפאַלן, צוליב דעם וואָס עס האָבן זיך ווידער פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען גרייט כלומרשט נייע מאָס־מיטלען קעגן יידן". די צייטונג האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע קלאַנגען זענען לחלוטין גרונטלאָז, ווייל „אין געגעבענעם מאָמענט האָבן אונזערע רעגירונגס־אַנשטאַלטן הענגען אויפן האַלדז אַזויפיל דרינגענדיקע פראַגן פון ערשט־קלאַסיקער מלוכה־וויכטיקייט (נישט־גערעטעניש און הונגער אין גרעסטן טייל לאַנד), אַז ס'איז שווער צו גלויבן, זיי זאָלן איצט האָבן צייט פאַר אַזעלכע פראַגן, ווי די יידישע, וועלכע פאָדערט אַ רייפע באַטראַכטונג און פאָרזיכטיקייט אין דער האַנדלונג". דער דאָזיקער עניוותדיקער טאָן פונעם הויכגעשטעלטן הויף־זשורנאַליסט (פירשט מעשטשערסקי) האָט נאָר צום טייל אַנטשפּראָכן דער ווירקלעכקייט: דער סטיכישער פאָלקס־אומגליק האָט בלויז געהאַט די פעולה, אַז די יידן־פאַרפאָלגער האָבן נישט געקאָנט אויספילן זייער אָנגעמערקטע פּראָגראַם אין איר פולן פאַרנעם, אָבער דעם פונקט פון פּראָגראַם, וועלכן מען האָט שוין אָנגעהויבן רעאַליזירן — דעם מאָסקווער גירוש — אים האָט מען אויסגעפירט מיט גרויזאַמסטער אומברחמנותדיקייט. דער גירוש האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן שטראָם עמיגראַציע, — און מיט אים פלעגן דערגיין אָפּקלאַנגען פון די יידישע קרעכצן אין די שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע. אינגיכן האָט זיך די וועלט מיט פאַרחידושונג דערוואוסט, אַז די רוסישע רעגירונג פירט אונטערהאַנדלונגען מיטן יידישן פילאַנטראָפּ באַראָן הירש וועגן איבערפירן ביסלעכווייז פון רוסלאַנד קיין אַרגענטינע דריי מיליאָן יידן.

## 20. יציאת רוסלאַנד — סאַנקציאָנירט און פאַרשטאַרקט מיט רעפּרעסיעס (94 — 1891)

זינט איגנאַטיעווס אַוועקגיין האָט מען אָפּגעלאָזן דעם געדאַנק וועגן פּראָטעזשירן יידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד, אָבער סוף די 80־ער יאָרן האָט ער ווידער צוגעצויגן צו זיך דער רעגירונגס אויפמערקזאַמקייט. אויפן באַריכט פון פאָדאָליער גובערנאַטאָר פאַרן יאָר 1888, וואו ס'איז געווען אָנגעוויזן, אַז „ס'וואָלט געווען זייער געוואונטשן אַרויסצושיקן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט פון לאַנד", האָט דער קיסר געמאַכט אַזאַ נאָטיץ: „און אויך זייער נוצלעך". אויפן פאָרשלאָג פון אָדעסער שטאָט־קאָמיסאַר, אַז מ'זאָל ביי די עמיגרירטע יידן אָפּנעמען דאָס רעכט זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד, האָט דער קיסר געענטפערט מיט אַ רעזאָלוציע: „יאָ". דער אָפיציעלער היסטאָריקער פונם רוסישן מיניסטאָרן־קאָמיטעט איז אַפילו מודה, אַז „טיילווייז האָט מען געהאַט אין זינען צו צווינגען יידן (אַזוי אויך דייטשע קאָלאָניסטן) צו עמיגראַציע דורך דעם, וואָס מ'וועט שטרענגער אָנווענדן צו זיי די מיליטער־פליכט", — אַ זאַך, וואָס האָט אַ קרימינאַלן כאַראַקטער און מאַכט אונדז קלאָר, פונוואַנען עס האָבן זיך גענומען די גרויזאַמע שטראָפן פאַר יידן, וואָס האָבן „אויסגעמיטן" מיליטערישע דינסט. „פאַרשטענדלעך, — דערציילט ווייטער דער זעלבער אָפּנהאַרציקער היסטאָריקער, — מיט וואָס פאַר אַ מיטגעפיל די רעגירונג האָט זיך באַצויגן צום פאָרשלאָג פון דער יידישער קאָלאָניזיר־אַסאָציאַציע אין לאָנדאָן, וואָס באַראָן הירש האָט געגרינדעט אין 1891, וועגן אַרויספירן משך 25 יאָר 3.250.000 יידן פון רוסלאַנד".

דער נאָמען באַראָן מאָריץ הירש איז שוין דאַמאָלסט באַקאַנט געווען דער רוסישער רעגירונג, ער האָט מיט איר שוין פריער געפירט אונטערהאַנדלונגען, וואָס זענען פאַר די אַנטיסעמיטישע הערצער געווען ווייניקער אָנגענעם. דער דאָזיקער דייטש־יידישער פילאַנטראָפּ, וואָס האָט זיך באַשלאָסן מקריב צו זיין הונדערטער מיליאָנען אויף צו הויבן דעם עקאָנאָמישן און קולטור־מצב פון זיינע אייגענע אין מזרח־אייראָפּע, האָט 1888 אַסיגנירט 50 מיליאָן פראַנק אויף צו מאַכן אין רוסלאַנד פּראָפעסיאָנעלע שולן, האַנטווערק־וואַרשטאַטן און לאַנדווירטשאַפטלעכע פערמעס פאַר יידן. ער איז געווען זיכער, אַז די רוסישע רעגירונג וועט מיט פרייד צונעמען אַזאַ גרויסע נדבה, וואָס האָט דעם ציל צו הויבן אין לאַנד די פּראָדוקטיווע אַרבעט און פאַרלייכטערן דעם גורל פון פאַראָרעמטע מאַסן; אָבער ער האָט זיך טועה געווען: עס האָט זיך דאָך געהאַנדלט וועגן פאַרבעסערן דאָס לעבן פונם יידישן פּראָלעטאַריאַט, און דער האָט לויטן קאַטעכיזם פון יידנהאַס געדאַרפט „אַרויסגעשיקט ווערן פון לאַנד". אין פּעטערבורג האָט מען

דעם באַראָן הירשס באַפּולמעכטיקטע געשטעלט אַ תּנאַי, וואָס איז געווען נישט אָנצונעמען: אַז דאָס געלט זאָל מען איבערגעבן נישט יידישע, בעזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן, נאָר דער רוסישער רעגירונג, און זי וועט עס שוין נוצן לויט איר איינזען. לויט עמיצנס אַ שענד־עכער עצה, האָבן די באַפּולמעכטיקטע זיך געפּרובט אונטערצוקויפן פּאָביעדאָנאָסצעוון, און זיי האָבן מנדב געווען אַ מיליאָן פראַנק אויף די באַדערפענישן פון זיין מעשה־ידיו — די קירכלעך־פּאַראַפיאַלע שולן; די „מתנה" האָט מען צוגענומען, אָבער דעם יידישן פּאָרשלאַג האָט מען דאָך אָפּגעוואָרפן. אויף אַזאַ אופן, האָבן רוסישע יידן אָנגעוואָרן אַ נעץ מיט מוסטער־שולן און קולטור־אינסטי־טוציעס, און אַ מיליאָן יידישע געלט איז אַוועק אויף צו פאַרגרעסערן די צאָל קלויסטער־שולן, וועלכע האָבן אין די רוסישע מאסן איינגעפּלאַנצט גראָבע עם־הארצות און שנאה צו יידן. באַראָן הירשס מיליאָנען, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר רוסלאַנד, זענען אַוועק אויף צו גרינדן יידישע שולן און וואַרשטאַטן אין גאַליציע.

דעם גרויסן נדבן איז קלאָר געוואָרן, אַז זיין הילף פאַר רוסישע יידן קאָן זיין — נישט איינאָרדנען זיי אין זייער היים, נאָר אויסער איר — און אָרגאַניזירן זייער אריבערוואַנדערן. הירש האָט געזען, אַז אין 1889 האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערוואַנדערונג פון אייניקע גרופּעס רוסיש־יידישע עמי־גראַנטן קיין אַרגענטינע, און אַז דאָרט האָט זיך זיי נאָך אומגעהויערע צרות איינגעגעבן צו גרינדן אַ פּאָר לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס. האָט דער באַראָן אַוועקגעשיקט קיין אַרגענטינע אַן עקספּעדיציע, אונטער דעם אָנפיר פון שווייצארישן פּראָפעסאָר — היגיעניסט לעווענטאַל, כדי אויסצו־פאָרשן דאָס לאַנד און צוזוכן פּונקטן צום קאָלאָניזירן. די עקספּעדיציע האָט זיך אומגעקערט אין מערץ 1891, און הירש האָט באַשלאָסן צוטרעטן צום איינקויפן די אָנגעמערקטע שטיקער לאַנד אין אַרגענטינע. דאָס איז גראָד גע־ווען אין יענע טעג, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מאָסקווער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק־געלויף פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע און פּאַלעסטינע. באַראָן הירש האָט זיך איבערצייגט, אַז ער וועט פריער פאַר אַלץ זיך מוזן פאַרנעמען מיטן רעגולירן די עמיגראַציע־באַוועגונג פון רוסלאַנד, און ער האָט באַשלאָסן צו אונטערהאַנדלען מכח דעם מיט דער רוסישער רעגירונג. צו דעם צוועק האָט ער געשיקט קיין פּעטערבורג זיין באַ־כוח, דעם ענגלענדער אַרנאָלד ווייט, אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט, וואָס האָט געהערט צו דער גרופּע אַנטי־אַליעניסטן. ד. ה. די, וואָס זענען געווען קעגן דעם, אַז פרעמדע זאָלן מעגן איינוואַנדערן קיין ענגלאַנד, ווייל דאָס שאַדט די אינטערעסן פון אָרטיקן אַרבעטער. אַ חוץ די אונטערהאַנדלונגען אין פּעטערבורג, האָט ווייט געהאַט די שליחות דורכצופאָרן דעם תּחום און זען, צי איז דאָרט פאַראַן אַ עלעמענט, וואָס טויג צו ערד־אַרבעט־

קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. אין מאַי איז אואייט געקומען קיין פּעטערבורג, און אים האָבן אויפגענומען פּאָביעדאָנאָסצעוו מיט אייניקע מיניסטאָרן. דאָס איז געווען אין סאַמע ברען פון מאָסקווער אַרויסשיקונגען, חען אין אייראָפּע און אַמעריקע האָבן זיך געלאָזט הערן פּראָטעסט־געשרייען אויפן אַדרעס פון דער רוסישער רעגירונג, און זי איז געווען אויפגעטראָגן סיי צוליב די דאָזיקע פּראָטעסטן, סיי צוליב דעם וואָס נישט לאַנג האָט זיך ראָטשילד אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין דער הלוואה. האָבן די פּעטערבורגער הויפלייט זייער גאַנץ ביטער האַרץ אויסגעגאָסן אין די שמועסן מיט באַראָן הירשס דעלעגאַט. אואייט האָט דערציילט, אַז אין די דאָזיקע קרײַזן האָט מען אים געשילדערט דעם טיפּ רוסישער ייד, ווי „אַ געמיש פון שווינדלער און וואָכערניק"; פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט אין שמועס מיט אואייטן מיט ביזקייט באַמערקט: „אַ ייד — איז אַ פּאַראַזיט; דערוויטערט אים פונם לעבעדיקן אָרגאַניזם, וואָס ער לעבט אינעווייניק אין אים און אויף זײַן חשבון, און זעצט אים איבער אויף אַ פעלז — און ער וועט אומקומען". אָט אַזוי האָבן די רוסישע מיניסטאָרן פאַרענטפערט פאַרן איידעלן אויס־לענדער זייער סיסטעם — אויסצוהונגערן פינף מיליאָן „פּאַראַזיטן"; ווייטער האָבן זיי אַרויסגעוויזן זייער גערן־גרייטקייט מיטצוהעלפן באַזייטיקן יידן פון רוסלאַנד, אָבער דערביי געשטעלט אַ תנאי, אַז משך 12 יאָר זאָל אַרויס־געפירט ווערן פון לאַנד אַ גרויסע מאַסע יידן — גאָר אין די מיליאָנען. נאָכדעם האָבן פּאָביעדאָנאָסצעוו מיטן אינערן־מיניסטער געגעבן אואייטן רעקאָמענדיר־בריוו צו די גובערנאַטאָרס אין פּראָווינץ, וואוהין דער לאָנדאָנער דעלעגאַט איז אַוועק אויף צו באַקאָנען זיך מיטן לעבעדיקן עקספּאָרט־מאַטעריאַל.

אואייט האָט באַזוכט מאָסקווע, קיעוו, בערדיטשעוו, אָדעס, כערסאָן און די יידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין דרום־רוסלאַנד, דער ענגלענדער האָט זיך צוגעקוקט צום יידישן לעבנסשטייגער און זיך איבער־צייגט, אַז דער טיפּ ייד, וואָס מ'האָט אים געשילדערט אין פּעטערבורג, „לעבט נאָר אינם באַוואוסטזיין פון אייניקע פּראַוואָסלאַווישע מלוכה־טוער, אָבער נישט אין דער ווירקלעכקייט". אומעטום האָט ער געזען מענטשן ניכטערע, אַרבעטזאַמע, הענדלער מיט אַ איניציאַטיוו, גוטע האַנטווערקער, וואָס זייער פיזישע שוואַכקייט איז נאָר געווען אַ רעזולטאַט פון נישטגענוג־דיקער דערנערונג. דער באַזוך אין די דרום־קאָלאָניעס האָט אים איבערצייגט, אַז יידן זענען פעאיק צו ערד־אַרבעט. „אויב, — האָט ער געשריבן, — מאָראַלער מוט, געדולד, מעסיקייט — זענען גוטע מעלות, דאַמאָלסט זענען יידן — אַן אויסגעצייכנט פאָלק, אַזאַ פאָלק איז ביי אַ קלוגער אָנפירונג בכוח יעדע גוט־אָרגאַניזירטע קאָלאָניזאַציע צו מאַכן פרוכטבאַר, אַלץ־איינס — צי דאָס וועט זיין אין אַרגענטינע, סיביר אָדער דרום־

אַפריקע". אין דעם זינען האָט אויך, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין לאָנדאָן, אָפּגעגעבן אַ באַריכט דעם באַראָן הירש. דערביי געמאָלדן, אַז די הילף פון דער רוסישער רעגירונג ביי דער עמיגראַציע-זאַך דאַרף באַשטיין אין דערלויבן מאַכן אין רוסלאַנד אַ צענטראַלן און אָרטיקע אויסוואַנדער-קאָמיטעטן, און באַפרייען די עמיגראַנטן פון פּאַס-אָפּצאָל און שענקען די רייזע-הוצאות ביזן גרעניץ.

די ידיעה, אַז דער רוסישער פּרעה איז גרייט אַרויסצולאָזן די קינדער-ישראל פון זיין לאַנד, האָט אין אויסלאַנד געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. באַראָן הירש צוזאַמען מיט די גרעסטע יידישע טוער אין מערב-איראָפּע האָבן באַטראַכט אויך באַריכט און געקומען צום באַשלוס — גרינדן אַ יידישע קאָלאָניזיר-געזעלשאַפט אויף פּלאַנמעסיק צו באַזעצן גרויסע מאַסן רוסישע יידן אין אַרגענטינע און אַנדערע אַמעריקאַנער לענדער. שפּעטיאָר 1891 איז אַזאַ געזעלשאַפט געגרינדעט געוואָרן אין לאָנדאָן אונטערן נאָמען „יק"א (Jewish Colonisation Association) אַלס אַן אַקציען-געזעלשאַפט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 20 מיליאָן רובל, דערביי איז כמעט די גאַנצע סומע געצייכנט געוואָרן דורכן באַראָן הירש. אויך איז ווייטער געפאָרן קיין פּעטערבורג, כדי צו פּועלן דאָס עפענען אויסוואַנדער-קאָמיטעטן אין רוסלאַנד און הנחות פאַר די עמיגראַנטן. קענענדיק די שטימונג פון די רוסישע מאַכט-ספערן, האָט דער ענגלישער דעלעגאַט געעפנט פאַר זיי אַזאַ גראַנדיעזן פּלאַן פון באַראָן הירש: די קאָלאָניזיר-געזעלשאַפט האָט בדעה אַרויסצופירן קיין אַרגענטינע אין 1892 יאָר — 25 טויזנט יידן, און שפּעטער וועט זי יעדעס יאָר פאַרגרעסערן די צאָל אויסוואַנדערנדיקע מיט אַזאַ חשבון, אַז משך 25 יאָר זאָל פון רוסלאַנד אַרויסגעפירט ווערן דריי מיט אַ פערטל מיליאָן יידן. אַזאַ גלענצנדע פּערספּעקטיוו האָט שטאַרק דערפרייט די „עגיפּטישע" איידל-לייט; ביי זיי האָט זיך צעשפּילט דער כּוח-המדמה. ווען מ'האָט באַטראַכט די פראַגע אינם מיניסטאָרן-קאָמיטעט, האָט דער פינאַנץ-מיניסטער טשיכאַטשעוו פאָרגעלייגט, מען זאָל דער קאָלאָניזיר-געזעלשאַפט צוזאָגן צו עטלעכע רובל פאַר יעדן עמיגראַנט, כדי משך דאָס ערשטע יאָר זאָל שוין אריבערגעוואַנדערט ווערן נישט ווייניקער ווי 130 טויזנט מאַן, אַז די אָנגעמערקטע אַלגעמיינע צאָל (3,250,000) זאָל גלייך פאַרטיילט ווערן אויף 25 יאָר. דער אָפיציעלער היסטאָריקער זאָגט עדות, אַז „דער צוציענדיקער פאָרשלאַג פון באַראָן הירש, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזן דער רעגירונג, לאָזט זיך נישט אַזוי פאַרווירקלעכן", — דאָך אָבער, אין דער האָפענונג, אַז כאָטש אַ טייל פון די אָנגעמערקטע מיליאָנען מענטשן וועט אוועקגיין, האָט די רעגירונג דערלויבט צו גרינדן אין רוסלאַנד א יידישע קאָלאָניזיר-געזעלשאַפט (יעקאָ) מיט א צענטראַל-קאָמיטעט אין פּעטערבורג און אָפּטיילונגען אין פּראָווינץ.

די עמיגראַנטן האָט מען צוגעזאָגט אַרויסצוגעבן אומזיסטע אַרויספאָר=שיינען און
באַפרייען פון מיליטער=פליכט, אָבער בתנאי אויב זיי פאַרלאָזן רוסלאַנד
אויף שטענדיק.

דעם סטאַטוט וועגן דער אַרבעט פון דער קאָלאָניזיר=געזעלשאַפט האָט
אַלכּסנדר III בעשטעטיקט אין מאַי 1892, נאָך דעם ווי דער עמיגראַציע=
פיבער פון פאַריקן יאָר האָט זיך שוין אַ ביסל איינגעשטילט. צו דער גרעסטער
אָנשטרענגונג האָט דאָס לויפן פון רוסלאַנד קיין צפון=און דרום=אַמעריקע
דערגרייכט זומער און האַרבסט 1891. פון איין זייט דער גירוש=מאָסקווע
און באַאומרויִקענדיקע שמועסן וועגן נייע אַרויסטרייבונגען, וואָס שטייען
נאָך פאָר; פון דער אַנדערער זייט, ווידער, — די גוזמאות וועגן באַראָן
הירשס מעשים טובים — האָבן אָפּגעריסן פון די ערטער צענדליקער
טויזנט מענטשן. די עמיגראַנטן האָבן זיך אין גרויסע מאַסן אָנגעזאַמלט אין
בערלין, האַמבורג, אַנטווערפּן, לאָנדאָן, און געבעטן רחמים מען זאָל זיי
אַוועקשיקן אין די פאַראייניקטע שטאַטן אָדער אַרגענטינער קאָלאָניעס.
אומעטום האָבן זיך געגרינדעט הילף־קאָמיטעטן פאַר די אָרעמע אויסוואַנ=
דערער, אָבער אַלעמען אַוועקצושיקן איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט, —
איבערהויפּט קיין אַרגענטינע, ווייל די גרויסע שטחים ערד, וואָס באַראָן
הירש האָט איינגעקויפט, זענען נאָך נישט גרייט געווען צום אויפנעמען די
קאָלאָניסטן. באַראָן הירש איז געצוואונגען געווען זיך צו ווענדן צו אַלע
קהילות מיט אַן אויפרוף — מען זאָל אָפּשטעלן אויף אַ צייט דעם דאָ=
זיקן מענטשן=שטראָם אָן שום אָרדנונג. אינגיכן איז קלאָר געוואָרן, אַז עס
לאָזט זיך אינגאַנצן נישט פאַרווירקלעכן הירשס טרוים — מיט דער הילף
פון מיליאָנען רובל אַרויסנעמען פון רוסלאַנד מיליאָנען מענטשן. ווען נאָך
לאַנגע קלויבענישן האָט זיך די טראַנספּאָרטירונג פון קאָלאָניסטן קיין אַרגענ=
טינע שוין אָנגעהויבן, איז די ציפער 25.000 עמיגראַנטן, וואָס מ'האָט אָנגע=
צייכנט פאַרן ערשטן יאָר, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ערך אין 2.500
בכלל האָט פאַר די ערשטע דריי יאָר (1892=94) איבערגעוואַנדערט קיין
אַרגענטינע ביז 6,000 מאַן, און פון זיי איז אין ערך העלפט געבליבן אין
דער הויפּטשטאָט פון רעפּובליק, בוענאָס=איירעס, און די צווייטע העלפט האָט
זיך איינגעאָרדנט אין די קאָלאָניעס (זע ווייטער, §29). דער הויפּטשטראָם
עמיגראַציע איז ווי פריער געגאַנגען סטיכייאיש קיין צפון=אַמעריקע — אין
די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. קיין פאַראייניקטע שטאַטן אַליין האָט
דאָס אומרו=יאָר 1891 אַריינגעוואָרפן 118 טויזנט עמיגראַנטן, — פון דעם
האָבן 42 טויזנט באַוויזן איבערצופאָרן נאָך דאָס זעלבע יאָר, און 76 טויזנט
זענען געבליבן שטעקן אין וועג אין פאַרשידענע צענטרען פון אייראָפּע
און אַריבערגעפאָרן ערשט דאָס צווייטע יאָר.

דאָס זעלבע יאָר 1891 — אַ שרעק=יאָר פאַר רוסישע יידן — האָט

אַרויסגערופן אַ קאָלאָניזאַציע־פיבער אויך אין שטילן פּ אַ ל ע ס ט י נ ע
אַריַין. נאָך אָנפאַנג 1890 האָט די רוסישע רעגירונג לעגאַליזירט אַ פּאַלעסטינער
אָרגאַניזאַציע אין רוסלאַנד, זי האָט באַשטעטיקט דעם סטאַטוט פון דער
אָדעסער „חברה צו שטיצן יידן — לאַנד־אַרבעטער און האַנדווערקער אין
סיריע און פּאַלעסטינע". (ערשטער פּרעזידענט פון דער חברה איז געווען
ד"ר ל. פּינסקער, דער אידעאָלאָג פון „זעלבסטעמאַנסיפּאַציע", — ביז זיַין
טויט סוף 1891). דאָס האָט די קרייזלעך „חובבי ציון", וואָס זענען געווען
צעשפּרייט איבער רוסלאַנד, געגעבן אַ מעגלעכקייט זיך צו פאַרייניקן אַרום
דעם לעגאַלן צענטער און פירן אָפן געלט־זאַמלונגען פאַר זייער זאַך. פּאַלע־
סטינער פּראָפּאַגאַנדע האָט אויפגעלעבט, און צו איר איז נאָך צוגעקומען די
עמיגראַציע־פּאַניקע פונם „בייזן יאָר", האָבן זיך אין רוסלאַנד געבילדעט
אַ סך גרופּעס מיטן ציל צו קויפן ערד אין פּאַלעסטינע. די באַפולמעכטיקטע
פון די דאָזיקע גרופּעס האָבן זיך מאַסנווייז אַ לאָז געטאָן קיין פּאַלעסטינע
פרילינג 1891. דורכן פאָרשטייער פון אָדעסער פּאַלעסטינע־געזעלשאַפט אין
יפו האָט מען אָנגעהויבן פיבערהאַפט אויפצוקויפן ערד ביי אַראַבער. עס
האָט זיך אָנגעהויבן אַ ספּעקולאַציע, וואָס האָט קינסטלעך אויפגעהויבן די
פרייזן אויף ערד. די טערקישע רעגירונג האָט זיך דערשראָקן און פאַר־
ווערט אַ מאַסן־אימיגראַציע פון רוסלאַנד — דער פּועל־יוצא איז געווען אַ
פינאַנץ־קראַך. דער פּרוב פון אַ מאַסן־קאָלאָניזירונג אין פּאַרלאָזטן, פאַט־
ריאַכאַלן ארץ־ישראל איז דורכגעפאַלן, אין די ווייטערדיקע יאָרן איז דאָס
באַזעצן דאָס לאַנד מיט אויסוואַנדערער פון רוסלאַנד ווידער געגאַנגען מיט
אַ פּאַמעלעכן טעמפּאָ. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז ביי אַזאַ לאַנגזאַמען אופן
קאָלאָניזאַציע וועט איר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער ווערט פאַר די מיליאָ־
נען יידן אין רוסלאַנד זיין נישטיק, און אַז איר איינציקע חשיבות לגבי
אַמעריקאַנער עמיגראַציע באַשטייט אין איר גייסטיקער ראָלע, אין דעם וואָס
אין דער היסטאָרישער היים פון יידנטום וועט אויפשטיין אַ קליינער צענטער
מיט אַ ריינערער נאַציאָנאַלער קולטור, ווי אין גלות. די דאָזיקע אידעע האָט
אין זיינע אַרטיקלען אַנטוויקלט דער אידעאָלאָג פון ניי־חבת־ציון א ח ד ־
ה ע ם, וועלכער האָט אינגיכן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אין דער יידישער
ליטעראַטור.

און אינם לאַנד פון היינטיקן „יציאת־מצרים" איז אַלצדינג ווייטער
געגאַנגען מיטן זעלבן דרך. די מאָסקווער טראַגעדיע איז שוין געווען נאָענט
צום סוף, אָבער אין אירע לעצטע אַקטן זענען געווען סצענעס ממש פון
אינקוויזיציע־צייט. אַרויסגעטריבן פון מאָסקווע אַן ערך אַ העלפט יידישער
באַפעלקערונג, האָט גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש באַשלאָסן צו דער־
פירן די איבערגעבליבענע קליינע יידישע קהילה צו אַזאַ מצב, אַז איר
עקזיסטענץ אין דער פּראַוואָסלאַווער קרוינשטאָט זאָל זיך גאָרנישט אָנזען.

ווי א דאָרן אין אויג איז איז דער מאכט געווען די נייע שיינע געביידע פון מאָסקווער סינאַגאָגע, וואָס מ'האָט ערשט געהאַט פארענדיקט צום פאַטאַלן גירוש-יאָר. צום אָנהייב האָט מען געהייסן אראָפּנעמען פון דאך די שיינע קופּעל מיטן מגן-דוד, וואָס דאָס פלעגט צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע דורכגייער; שפּעטער האָט פּאָליציי פּשוט געשלאָסן די שול, — הגם מ'האָט שוין אין איר געדאַוונט, — ביז מ'וועט באַקומען א ספּעציעלע דערלויבניש זי צו עפענען. דער אָרטיקער ראַבינער מינאָר און דער גבאי פון שול האָבן דערלאַנגט דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר א ביטע, מ'זאָל יידן דערלויבן מתפלל צו זיין אין דעם בנין, וואָס די מאכט האָט בשעתה דערלויבט צו בויען; זיי האָבן זיך פאררופן דערביי, אז די יידישע אמונה ווערט אין רוסלאַנד געדולדעט. דערויף איז פון פּעטערבורג אָנגעקומען אזא גרימצאָרנדיקער ענטפער (23 סעפּטעמבער 1892): „אויפן באריכט פון אינערן-מיניסטער וועגן דעם, אז ראבינער מינאָר און גבאי שניידער האָבן אליין אָן קיינעמס דערלויבניש געעפנט א שול אין מאָסקווע, האָט דער קיסר אַלערהעכסט געהייסן באפעלן: 1) דעם מאָסקווער ראבינער מינאָר באפרייען פונם דאָזיקן פּאָסטן און אים איינאָרדנען צום וואוינען אין יידישן תחום; 2) דעם גבאי שניידער באזייטיקן פון די גרענעצן פון מאָסקווע אויף צוויי יאָר; 3) מעלדן דער יידישער שולגעמיינדע, אַז אויב ביזן 1 יאנואר 1893 וועט די שולגעביידע נישט פארקויפט ווערן אָדער פארוואנדלט ווערן אין א צדקה-אינסטיטוציע, וועט זי מאָסקווער גובערניע-פארוואלטונג פארקויפן אויף א ליציטאציע". זענען דער ראבינער און דער גבאי אוועק אָפּריכטן גלות, און די געביידע פון דער אָפּגעטויטעטער שול האָט מען געראטעוועט פון עפנטלעכן חלול השם מיט דעם, וואָס די יידישע געמיינדע האָט אהין אריינגענומען איינע פון אירע לערנאנשטאלטן. צוליב דעם, וואָס די הויפּטשול איז געשלאָסן געוואָרן — זענען מאָסקווער יידן געצוואונגען געווען צו דאוונען אין ענגע מנינים, אין פריוואטע שטיבער; אזעלכע מנינים איז אין פארשידענע טיילן שטאָט געווען 14. אָבער ערב פּסח 1894 האָט דער גענעראַל-גובערנאַטאָר באפוילן צו שליסן 9 פון זיי, און פאר די רעליגיעזע הצטרכותן פון אַ פילטויזנט-קעפּיקער געמיינדע איז געבליבן נאָר 5 מנינים אין ענגע נישט-סאניטארע לאָקאַלן. דער צוועק איז דערגרייכט געוואָרן: די סינאַגאָגע איז געווען דערבידעריקט, און זי האָט שוין מער נישט באַליידיקט דעם פרומען קריסט פון דער פּראַוואָסלאווישער הויפּט-שטאָט. ערגעץ אין די הינטערגעסלעך, אין פריוואטע דירות אָן לופט, האָבן מאָסקווער יידן אויסגעגאָסן זייער הארץ פאר גאָט. אין די פייערלעכע טעג ראש השנה און יום-כפור פלעגן זיך אהין אריינגנבענען, אזוי ווי אין דער צייט פון שפּאנישער אינקוויזיציע, די מאָסקווער „מאַראַנען", יענע, וואָס מיט כלומרשטן איבערגיין צו קריסטנטום האָבן זיי זיך געראטעוועט פון געוועזענעם מאַסן-גירוש, און די

הייסע תשובה־תפילות פון די בעל־כרחו־אפטריניקע האבן זיך געטראגן צום הימל ווי אמאל אין די אונטערערדישע בתי־מדרשים אין סעווילִיע, טאלעדא און סאראגאסע.

דעם אנטיסעמיטישן שטורם פון אנפאנג 90־ער יארן האט צוביסלעכווייז פארביטן די אמאליקע רעגלמעסיקע באלאגערונג — פאבריקאציע פון רעפרעסיווע געזעצן. א גרויסן קלאפ האט געגעבן יידן די מוניציפאלע קאנטער־רעפארמע פון 1892. לויטן פריערדיקן געזעץ, איז די צאל יידן ראטמענער אין שטאטפארוואלטונג געווען באגרענעצט מיט א דריטל פון דער אלגעמיינער צאל ראטמענער, אפילו אין יענע ערטער וווּ די יידישע באפעלקערונג איז געווען אין דער מערהייט; חוץ דעם איז געווען פארווערט צו קלייבן א יידן אויפן פאסטן פון בורגמייסטער. נישט געקוקט אויף די דאזיקע באגרענעצונגען האבן יידן אין תחום געשפילט א באדייטנדיקע ראלע אין דער שטאטפארוואלטונג און זיי האבן פון זיך ארויסגערוקט גרויסע מוניציפאלע טוער. דאס האט ניש גושא־חן געווען ביי די אינקוויזיטארס פון דורנאווא־פלעווס מיניסטעריום; האבן זיי באשלאסן אינגאנצן צו באזייטיקן יידן פון אנטייל אין די שטאטראטן. די „שטאט־תקנות" פון 1892 האבן געגעבן צו וויסן, אז ביי דער יידישער באפעלקערונג זענען די דאזיקע רעכט עקספראפריאירט. דאס נייע געזעץ האט ביי יידן אינגאנצן אפגענומען דאס רעכט צו וויילן און ווערן אויסגעוויילט אין די שטאט־דומעס; דער ארטיקער אדמיניסטראציע איז נאר געגעבן געווארן רעכט צו באשטימען לויט איר איינזען יידן־ראטמענער אין א צאל, וואס זאל נישט זיין העכער פאר א צענט־חלק פונם גאנצן שטאט־ראט־באשטאנד; דערביי האבן די דאזיקע ראטמענער — „מיט פאליצייס גענאד" — נישט געטארט זיין גלידער פון די אויספיר־ארגאנען פון שטאט־דומע — אופראווע און אנדערע קאמיסיעס. ובכן איז אפילו דארט, וווּ יידן זענען געווען 80 פראצ. פון דער גאנצער יידישער באפעלקערונג, האבן זיי געקאנט האבן אין שטאט־פארוואלטונג נאר כלומרשטע פארשטייער — פון פערזאנען, וואס האבן לייטזעליקייט אין די אויגן פון דער אדמיניסטראציע, און דאס אויך אין א צאל נישט מער ווי 10% פון דער אלגעמיינער צאל ראטמענער. אזוי איז באשאפן געווארן א געזעץ פון פארקערטער פראפארציאנעלקייט ביי פארטרעטערשאפט. דאס געזעץ האט געזאגט צו יידן: איר זענט אין געגעבענעם פונקט די מערהייט שטאטישע שטייערצאלער, אבער באלעבאטעווען מיט דער שטאטווירטשאפט וועט די קריסטלעכע מינדערהייט איינוואוינער, זי קאן מיט אייך טאן וואס זי וויל. און די מינדערהייט, נישט זעלטן א פיינטלעכע צו יידן, האט טאקע פארוואלטעט צום שאדן פון די אינטערעסן פון דער מערהייט; די שטייער־סומען, וואס פלעגן אריינקומען הויפטזעכלעך פון יידן, פלעגט מען פארטיילן צווישן אלגעמיינע אנשטאלטן.

וואָס יידן האָבן זיי צום ווייניקסטן באַנוצט, און אויף אויסצוהאַלטן די יידישע געמיינדעס פלעגט מען מוזן זוכן ספּעציעלע מיטלען דורך זעלבסטבאַשטייערונג. דאָס איז געווען פולשטענדיק אין גייסט פון די מיטלאַלטערלעכע קלויסטערקאַנאָנען: אין אַ קריסטלעכער מלוכה טאָר קיין ייד נישט פאַרוואַלטן מיט קיין זאַך, ער מוז נאָר זיין ווי אַ קנעכט משועבד צום קריסט.

אַ גאַנצע סדרה געזעצן פון יענער צייט זענען אויפגעקומען אויסשליסלעך מיט דער כוונה יידן צו באַליידיקן, דערנידריקן, צוקלעפּן זיי אַ מיטלאַלטערלעכן צייכן. דאָס געזעץ „וועגן נעמען" (1893) האָט איינגעפירט קרימינאַל־שטראָף פאַר יידן, וואָס וועלן זיך אין געוויינלעכן פאַרקער רופן „נישט מיט די נעמען, מיט וועלכע זיי זענען פאַרצייכנט אין די מעטריק־ביכער". דער מנהג, וואָס איז געוואָרן ביי אַ סך געבילדעטע יידן, איבערצומאַכן זייערע נעמען אויף אַ רוסישן שטייגער (הירש — גריגאָרי, וואָלף—וולאַדימיר א. ד. ג.) האָט איצט געקאָנט ברענגען צו דער באַשולדיק־באַנק; אַפילו אויסבעסערן אַ נאָמען, וואָס איז פאַרדרייט געוואָרן אין דער מעטריק־איינשריפט, איז אויך געווען פאַרווערט: מע טאָר זיך נישט רופן אָנשטאָט יאָסעל — יוסף, אָנשטאָט סרול — ישראל א. אַ. וו. אין אייניקע ערטער פלעגט פּאָליציי פאַרפירן פּראָצעסן קעגן יידן, וואָס „האָבן גענוצט קריסטלעכע נעמען" — אין זייערע צייטונגס־פּובליקאַציעס, אויף וויזיט־קאַרטלעך אָדער טיר־שילדן. וואָס פאַר אַ גרוזמאַדיקן פּראָצעס וואָלט עס דאָס יידנטום געקאָנט אויפהויבן קעגן דער קריסטלעכער וועלט, הלמאי זי האָט פאַר זיך פאַרכאַפּט נישט נאָר ביבלישע נעמען, נאָר אויך די ביבעל אַליין, אַריינגעפירט קאַפּיטלעך תהלים אין איר גאָט־דינסט אין די קירכן און אַלס איר אויסלייזער באַטראַכט אַ מאַן מיט אַ יידישן נאָמען!

דער נייער פּאַספּאָרטן־געזעץ פון 1894 האָט געהייסן אין אַלע יידישע פּעסער אָנצוגעבן די אויסערלעכע סימנים פון די, וועמען דער פּאַס געהער, — מעגן דאָס זיין אַפילו מענטשן געבילדעטע, וועלכע קאָנען אַוועקשטעלן אין פּאַס זייער חתימה; קריסטן זענען אין אַזעלכע פאַלן געווען פריי פון באַצייכענען זייערע סימנים. דאָ האָט געשטעקט אַ באַליידיקנדיקער אומצוטרוי צו יידן, ווי צו מענטשן פאַרדעכטיקע. אין אייניקע ערטער האָט די פּאָליציי־פּראַקטיק צוגעטראַכט אַ באַזונדערן צייכן פאַר יידישע פּעסער; דעם גלויבןפונם פּאַסבאַזיצער פלעגט מען פאַרשרייבן מיט רויטן טינט, כדי עס זאָל זיך גלייך וואַרפן אין די אויגן ביים רעגיסטרירן. אַפילו ווען עס פלעגט זעלטן טרעפן אַ געזעץ מיט אַ שטיקל פּריווילעגיע, פלעגט די רעגירונג קונציק אַריינפירן אין אים פיינטלעכע טענדענצן. דאָס געזעץ וועגן חדרים (1893) האָט געמאַכט אַ סוף מיט די רדיפות אויף דער דאָזיקער טראַדיציאָנעלער שול; האָט מען איר אָבער צוגעגעבן אַן אויסשליסלעך רעליגיעזן כאַראַקטער און דערמיט אַרויסגענומען פון איר דאָס לערנען אַלגעמיינע געגנשטאַנדן. ס׳זענען געווען פאַלן

ווען מ'האָט מלמדים צוגעצויגן צום געריכט דערפֿאַר, וואָס אין זייערע חדרים האָט מען געלערנט די קינדער רוסישע שפּראַך און אַריטמעטיק.

די שרעקלעכסטע פּלאָג — דאָס אַרויסשיקן פֿון די אינעווייניקסטע גובערניעס — איז פֿאַרבליבן אויך איצט. אין 1893 האָט די דאָזיקע בייטש געטראָפֿן טויזנטער יידישע פֿאַמיליעס: דער צירקולאַר פֿון אינערן־מיניסטער דורנאָוואָ האָט אָפּגעשאַפֿן דעם הנחה־צירקולאַר פֿון 1880, וועלכער האָט לעגאַליזירט דאָס ווייטערדיקע פֿאַרבלייבן אויסערן תּחום פֿון יענע יידן, וואָס וואוינען שוין דאָרט אַ לענגערע צייט. מיט דעם אַלטן מאָטיוו פֿון דער דאָזיקער הנחה — נישט רואינירן מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ געוויסן אָרט און געגרינדעט דאָרט אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען — מיט דעם האָבן זיך די נייע המנס גאָרנישט גערעכנט. דער גירוש האָט געדראָט אַ סך טויזנטער משפּחות, וואָס האָבן שוין צענדליקער יאָרן געלעבט אויסערן תּחום. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז ס'איז שווער דורכצופֿירן אין לעבן אַזאַ מאַסנשטראָף, און די רעגירונג איז געצוואונגען געווען צו גיין אויף הנחות: אין באַלטישן קאַנט האָט מען אָפּגעשאַפֿן דאָס אַרויסשיקן אַלטגעזעסענע, אין די גרויס־רוסישע גובערניעס ווידער האָט מען עס אָפּגעלייגט אויף אַ יאָר־צוויי.

דעם קיסרס פּערזענלעכער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אַ פֿאַראָרדנונג, אַז מ'זאָל דעם קרימער קוראָרט יאַלטע אויסשליסן פֿון יידישן תּחום און אַרויסשיקן פֿון דאָרט די הונדערטער פֿאַמיליעס, וואָס זענען נישט צוגעשריבן צו דער אָרטיקער געמיינדע (1893). די נייע רעפּרעסיע איז נישט געווען מאָטיווירט אָפֿיציעל, אָבער אַלע האָבן געוואוסט, מיט וואָס זי איז אַרויסגערופֿן: לעבן יאַלטע האָט זיך געפֿונען דעם קיסרס ווילע ליוואַדיע, וואו אַלכּסנדר III האָט ליב געהאַט צו פֿאַרברענגען האַרבסט, האָט מען געמוזט דאָרט דערפֿירן די צאָל יידן צו אַ נישט באַמערקבאַרער גרייס. כּדי נישט צו רואינירן אינגאַנצן די, וואָס מ'האָט געדאַרפֿט אַרויסשיקן, האָט מען אַ סך פֿון זיי געגעבן פֿאַרלענגערטע טערמינען, אָבער ווען דער טאָג פֿלעגט קומען, האָט מען די פֿאַרמשפּטע געיאָגט אָן רחמנות. די לעצטע פּאַרטיעס אַרויסגעיאָגטע האָבן פֿאַרלאָזן יאַלטע אין אָקטאָבער און נאָוועמבער 1894, אין די טעג פֿון טרויער נאָך אַלכּסנדר III, עס איז דעם קיסר באַשערט געווען צו שטאַרבן (20 אָקטאָבער) נישט ווייט פֿון יענער שטאָט, וואָס מ'האָט צוליב אים געריינִיקט פֿון יידן. די זעלבע טעג, ווען מ'האָט דעם קייזערלעכן בר־מנן געפֿירט מיט דער אייזנבאַן ליניע קיין פּעטערבורג, האָבן זיך איבער די אייזערנע רעלסן געגליטשט צוגן מיט יידישע אַרויסגעטריבענע — פֿון יאַלטע צום תּחום. אַזוי האָט זיך סימבאָליש פֿאַרענדיקט דאָס 14־יאָריקע קעניגן פֿון אַלכּסנדר III. אָנגעהויבן זיך מיט פּאָגראָמען, פֿאַרענדיקט מיט גירושים. דאָס אויסגעמאַטערטע פֿאָלק איז געשטאַנען פֿאַר אַ ניי מלכות און זיך געפֿרעגט: וואָס — ווייטער?...

## קאַפּיטל IV.

# קליינע צענטרען יידנטום אין אייראָפּע ביז סוף XIX יאָרהונדערט.

### § 21. אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך.

אַנטיסעמיטיזם אין דייטשלאַנד איז געווען אַ רעאַקציע פון די זיגער, אין פראַנקרייך — פון די באַזיגטע. דאָרט — אַ טריאומפירנדיקע מיליטאַריסטישע אימפעריע, אַ מלוכה — אַ קאַזאַרמע, מיט אַ בלינדן קולט פאַר פאָטערלאַנד און אַרמיי, וואָס דערדריקט און נעמט צו דעם „איך" ביי אַלע; דאָ — אַ מיליטאַריזירטע רעפּובליק, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ קרענקלעכן פּאַטריאָטיזם פון דערנידריקטע און מיט אַ ליידנשאַפטלעכן באַגער צו „רעוואַנש", וואָס זוכט אינעווייניקסטע שונאים, כדי אויף זיי אויסצוגיסן דעם צאָרן, וועלכער איז אָנמעכטיק אַנטקעגן דעם אויסנווייניקסטן שונא. מיט אַזאַ מיליטעריש־פּאַטריאָטישן מאַנטל האָבן זיך אַ לענגערע צייט אין פראַנקרייך געפּוצט אַלע — פון קלעריקאַלן־מאָנאַרכיסטן, וואָס האָבן געטרוימט וועגן אַן איבערקערעניש, ביז די ראַדיקאַלן־רעפּובליקאַנער, — ביז וואַנען דער אַנטיסעמיטישער דרייפוס־פּראָצעס, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון שאָוויניזם, האָט נישט באַוויזן, וויפיל פינסטערע כוחות פון אַמאָל עס האָבן זיך פאַרבאַהאַלטן אונטערן מאַנטל פון דער דריטער רעפּובליק, וועלכע האָט אין זיך צונויפגעפּאָרט פּאַריז מיט לורד. אין אַ לאַנד, וואו דאָס הייפל אַסימילירטע יידן האָט זיך קוים אָנגעזעען אין דער פערציקמיליאָניקער באַפעלקערונג, האָט די יידנפראַגע נישט געקאָנט אויפקומען נאַטירלעך ווי אַ בירגערלעכע אָדער נאַציאָנאַלע פראַגע; אָבער ווען מ'האָט זי קינסטלעך צעבלאָזן, איז זי געוואָרן אַ געווער אין די הענט פון געשיקטע פּאָליטישע אַפעריסטן, וועלכע האָבן מיטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז ווידער אַריין אין דער מאָדע, פאַרדעקט זייערע פינסטערע צילן.

פון הונדערט טויזנט יידן אין פראַנקרייך — האָבן 60 טויזנט געוואוינט אין דער מעטראָפּאָליע, און ביי 40 טויזנט אין דער קאָלאָניע — אין

אַלזשיר [1]). אין פּאַריז און אין אַנדערע אַלטע שטעט אין פראַנקרייך האָט אַן אָרטיקן יידן פון אַ פראַנצויז געקאָנט אָפּשיידן נאָר דאָס שאַרפע אויג פון אַ רעאַקציאָנער, וואָס האָט געירשנט דעם אינסטינקט פון יידנהאַס ביי זיינע זיידעס פון פאַר דער רעוואָלוציע. אַזעלכע לייט האָבן געקריצט מיט די ציין און געטרעדט וועגן די אומגעהויערע רייכקייטן פון באַנקיר-הויז ראָטשילד, ווי האָבן געשאַפן בבא-מעשיות וועגן אַ געהיימער אַל-יידישער רעגירונג אין דעם „אַלוועלטלעכן יידישן אַליאַנס" אין פּאַריז. ווי אַ דאָרן אין אויג זענען פאַר זיי געווען די יידן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף מלוכה־דינסט: מיניסטאָרן (קרעמיע, ריינאַל א. א.) פרעפעקטן, אָפיצירן פון העכערע ראַנגען, מענטשן מיט פרייע פראָפעסיעס, איבערהויפּט זשורנאַליסטן פון דער ראַדיקאַלער פרעסע, וואָס פלעגן אויפדעקן געהיימע מעשים פון די רעפּובליק-פיינט. דעם באַראָן ראָטשילד האָבן די רעאַקציאָנערן פיינט געקראָגן נאָכדעם, ווי זיין באַנקיר-הויז האָט מיטגעהאָלפן, עס זאָל פּלאַצן די קאַטוילישע באַנק „Union Gènèrale" — דער פינאַנץ-אָרגאַן פון דער קלעריקאַל־מאָנאַרכיסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט געשטרעבט צו אַ פּאָליטישער איבערקערעניש (1882). די קאָנקורענץ פון צוויי בענק האָט מען פאָרגעשטעלט ווי אַ קאַמף פון יידישן קאַפּיטאַל מיט פראַנצויזישן, אָקאָרשט נישט פון יידנטום מיט קאַטוילנטום. — אין אַלזשיר זענען געווען נאָך אַנדערע מאָטיוון צו אַנטיסעמיטיזם. די אָרטיקע אַראַבער האָבן מקנא געווען יידן, ווייל „קרעמיעס געזעץ" [2]) האָט זיי געגעבן רעכט פון פראַנצויזישע בירגער און, הייסט עס, זיי געשטעלט העכער פאַר מוסולמענער, גלייך מיט דער נאַציע פון די אָקופּאַנטן. די קריסטלעכע ווידער באַפעלקערונג אין אַלזשיר— אַן ערב־רב פון אונטערנעמערישע פראַנצויזן, איטאַליענער און שפּאַניער, וואָס האָבן פאַרפלייצט דאָס לאַנד כדי צו עקספּלואַטירן אירע נאַטירלעכע רייכקייטן, — האָט פיינט געהאַט יידן ווי קאָנקורענטן אין האַנדל. דער עקאָנאָמישער מצב פון יידן אין אַלזשיר איז אין אַ סך זאכן ענלעך געווען צום מצב פון רוסישע און גאַליצישע יידן: אַ קליינע גרופּע גרויסע קאָמערסאַנטן האָט זיך באַשעפטיקט מיט אַרויספירן קאָלאָניאַל-סחורות און אַריינפירן פאַבריקאַנטן פון אייראָפּע; און אַ מיטלער קלאַס — הענדלער, קרעמער, האַנטווערקער, און ענדלעך, אַ מאַסע אָרעמע אַרבעטער אָדער אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין געזעלשאַפטלעכער הילף. יידן האָבן זיך שטענדיק צוזאַמענגעשטויסן מיט פאַרשידענע קלאַסן פון דער מוסולמענישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג, שטענדיק געשטאַנען צווישן פיינטלעכע

---

1) לויט דער סטאַטיסטיק פון 1880. די שפּעטערדיקע צוויי צענדליק יאָר איז די דאָזיקע צאָל אויסגעוואַקסן, צוליב דער אימיגראַציע פון יידן אויס רוסלאַנד, און האָט צום סוף יאָרהונדערט דערגרייכט ביז 150 טויזנט.

2) פריערדיקער באַנד, זײַט. 47.

סטיכייעס, און אין מאָמענטן פון פּאָליטישע מהומות פלעג מען זיי מאַכן פראַגראַמען לויטן קלאַסישן רוסישן נוסח. דאָס, וואָס מ׳האָט אין פּאַריז פאַבריצירט לויטן מאָדעמוסטער פון אַנטיסעמיטיזם, דאָס האָט מען אין אַלזשיר באַאַרבעט פשוטער, פּאַטריאַרכאַלער.

אָנפאַנג די 80-ער יאָרן האָט זיך די אַנטיסעמיטישע עפּידעמיע אַריבערגעכאַפּט פון בערלין און ווין קיין פּאַריז. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן צייטונגס־פאַרקויפער, וואָס האָבן אויסגעשריען נעמען פון נייע בלעטלעך, צו וועלכע אַ פראַנצויזיש אויער איז נאָך נישט געוואוינט געווען: „L’Anti-Juif“, און „L’Antisemitique„ (1882-83). דער דעוויז פון די דאָזיקע פינסטערע אויסגאַבעס איז געווען: „דער ייד — אָט דאָס איז דער שונא!“ דאָס איז געווען בעתן דערמאָנטן קריזיס פון דער קאַטוילישער באַנק, און יענע האָט אויף דער בערזע און אין דער פּרעסע געקעמפּט מיט דער „יידישער באַנק“ פון ראָטשילד. די אַנטיסעמיטישע בלעטלעך, וואָס פלעגן דערשיינען ביי דער געהיימער אונטערשטיץ פון די דאָזיקע קלעריקאַלע מאַכערס, זיינען געווען נאָך ערגער פאַר זייערע דייטשע חברים: מ׳האָט דאָ פילאָסאָפיצירט אי דאָס היינטיקע לעבן אי געשיכטע; אָבסקוראַנטן און אָפּעריסטן האָבן זיך דאָ פאַרשטעלט פאַר ליבעראַלן און אַפילו סאָציאַליסטן, — הגם אַזוי גוט מאַכן די פּורים-שפּיל מיט „קריסטלעכן סאָציאַליזם“, ווי אין דייטשלאַנד און עסטרייך, האָבן זיי דאָ נישט געקענט. די דאָזיקע ליטעראַטור איז געווען אויסגערעכנט אויף דעם געשמאַק פון גאַס, און די געבילדעטע געזעלשאַפט איז געווען שווער אַריינצונאַרן מיט אַזאַ נידריקן מין פּראָפּאַגאַנדע. קעגן דער ראַסן-טעאָריע פון אַנטיסעמיטיזם איז אַרויסגעטראָטן דער פּאָפּולערסטער דענקער אין פראַנקרייך — רענאַן. אין אַן עפנטלעכער לעקציע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פּאַריז אָנפאַנג 1883 („יידנטום אַלס ראַסע און אַלס רעליגיע“), האָט ער באַוויזן, אַז יידן אין גלות האָבן נאָך אין אַלטע צייטן איינגעזאַפּט אַ סך פרעמדע עלעמענטן און אָנגעוואָרן זייער רייגעם ראַסן-טיפּ; דאָס מאָדערנע יידנטום שטעלט פאָר נאָר אַ רעליגיעזע גרופּע, וואָס האָט דעם היסטאָרישן פאַרדינסט, דאָס אירע אַלטע נביאים האָבן באַשאַפן „קריסטנטום נאָך פאַר קריסטוסן“. הינטער רענאַנס היסטאָרישע קאָמפּלימענטן האָט געשטעקט אַ פולע אָפּלייקענונג פון נאַציאָנאַלן יידנטום אין געגנוואַרט, און די אַסימילירטע יידן אין פראַנקרייך האָבן געקאָנט אויפריכטיק אַפּלאָדירן דעם רעדנער: ער האָט אין אַ וויסנשאַפטלעכער פאָרם אויסגעדריקט די אַלגעמיין-אָנגענומענע דאָגמע פונם יאָרהונדערט און האָט אין דער זעלבער צייט צעשטערט דעם ראַסן-יסוד פון אַנטיסעמיטיזם. משך עטלעכע יאָר האָבן פראַנצויזישע יידן, באַטראַכטנדיק די אַנטיסעמיטישע וואקכאַנאַליע אין די שכנישע לענדער, זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז זיי וועט די כוואַליע רעאַקציע אויסמיידן, — אָבער זיי האָבן אַ טעות געהאַט.

אין דער צווייטער העלפט 80-ער יאָרן האָבן דעם אַנטיסעמיטיזם אויסגענוצט

ווי א פאָליטיש געווער — די שאָוויניסטן פון דערולעדס „פאַטריאָטן-ליגע" און
די מאָנאַרכיסטן, וואָס האָבן געטרוימט צו מאַכן אַן איבערקערעניש מיט דער
הילף פונם קריגס-מיניסטער בולאַנזשע. אין דער ליטעראַטור איז זייער ערשטער
קעמפער געווען עדואַרד דריומאָן, א געשיקטער זשורנאַליסט, וואָס
האָט אין 1886 פאַרעפנטלעכט א גרעסער בוך „דאָס יידישע פראַנקרייך". אין
דעם פאַמפלעט, אייבעם פון די ערגסטע ווערק אין דער יידנפיינטלעכער ליטע-
ראַטור, איז דער עבר און געגנוואַרט פון פראַנצויזישע יידן געשילדערט אַזוי,
אַז דער לייענער האָט נאָכן ענדיקן דאָס בוך געדאַרפט אויסרופן: „פיליי־כט,
וועט פון אונזערע רייען אויפשטיין אַ נקמה-נעמער!" אָט דאָס דאָזיקע לאַטיי-
נישע ווערטל האָט טאַקע באַפוצט די הקדמה צום בוך, וועלכע האָט זיך
אָנגעהויבן מיט אזא חוצפהדיקן פאַרגלייך: „מען האָט געשריבן וועגן דעם
נצחון פון די יאַקאָבינער; איך וויל שרייבן וועגן דעם נצחון פון די יידן".
דער עם-הארצותדיקער צייטונגס-שמירער פאַרשטעלט זיך פאַר אַ דענקער-
סאָציאָלאָג און פסיכאָלאָג, אָבער פון הינטער דער דאָזיקער מאַסקע קריכט
אַרויס דער קליינלעכער פאַשקווילן-שמירער. דריומאָן פאַרדרייט די געשיכטע
און שילדערט יידן, ווי „אָקופאַנטן" פון פראַנקרייך נאָך אין מיטלאַלטער:
קעגן די דאָזיקע אונטעריאָכער פונם לאַנד האָבן געקעמפט פרום-קריסטלעכע
קעניגן און קאַטויילישע גייסטלעכע מיט הילף פון רעפרעסיעס, אינקוויזיציע,
געלן שאַנד-פלעק אויף יידישע קליידער, ענדלעך דורך מאַסן-אַרויסשיקונגען.
דער אָרדן פון די טעמפלער, וואָס איז אין מיטלאַלטער צעשטערט געוואָרן
אין איין צייט מיט יידן, באַקומט זיך ביי דריומאָנען ווי אַ קאָסמאָפּאָליטישע יידיש-מאַ-
סאָנישע אָרגאַניזאַציע, וואָס דערפאַר טאַקע האָט זי דער קעניג פיליפ דער שיינער
פאַרניכטעט. נאָכן ענדגילטיקן אַרויסטרייבן יידן אין 1394 האָט פראַנקרייך
פריי אָפגעאָטעמט, אָבער שפּעטער האָבן אַהער ווייטער אָנגעהויבן אַריינצודרינגען
פאַרבאַהאַלטענע און אָפענע יידן, און סוף 18-טן יאָרהונדערטס זענען זיי
צוזאַמען מיט די פראַנק-מאַסאָנען שוין געווען אַ דראָענדיקע מאַכט. תחילת
האָט די דאָזיקע מאַכט געפועלט, מען זאָל פון פראַנקרייך אַרויסשיקן די
יעזואיטן, — „די דאָזיקע מענער מיט אַ ווייסן קוק, וואָס האָבן פאַרקערפּערט
פראַנצויזישן גייסט אין זיינע בעסטע פאָרמען"; שפּעטער האָבן זיי געמאַכט
די שעדלעכע רעוואָלוציע פון 1789. צוליב מער עפעקט פאַרוואַנדלט דריומאָן
דעם טרויעריקן העלד פון טעראָר — מאַראַטן — אין אַ ייד, — אַן אייניקל פון
כלומרשט אַנטלאָפענע שפּאַנישע מאַראַנען, — און ער רופט אויס: „אַן אייניקל
פון די יודאַאיזירנדיקע האָט אויף די שייטער-הויפנס פון שפּאַניען — געענט-
פערט מיט גיליאָטינע אין פראַנקרייך". די רעוואָלוציע, וואָס האָט יידן געגעבן
בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג, איז דער קוואַל פון אַלע צרות, וואָס האָבן שפּע-
טער געטראָפן דאָס לאַנד. די עמאַנסיפּירטע יידן האָבן געמאַכט פון קאַטוילישן
פראַנקרייך א לאַנד פון גאָטלאָזיקייט און מאַסאָנענטום; מיטן כוח פון

ראָטשילדס קאַפּיטאַלן הערשן זיי דאָ; זיי האָבן עס געשטויסן פראַנקרייך צו דער לעצטער אומגליקלעכער מלחמה מיט פּרייסן און אונטער געמבעטאַס פירונג (אויך ביי אים האָט דריומאָן אַנטדעקט אַ יידישן שורש) האָבן זיי איינגעשטעלט אין לאַנד אַ רעפּובליקאַנישע אָרדנונג מיטן לאָזונג: „קלעריקאַליזם — אָט דאָס איז דער שונא!”. דריומאָן ענטפערט דערויף: „דער ייד — אָט דאָס איז דער שונא!” — דער גאַנצער אינהאַלט פונעם פּאַמפלעט ”דאָס יידישע פראַנקרייך” גיט אַרויס, פונוואַנען ער שטאַמט: געקומען איז ער פון די פינסטערע באַהעלטענישן פון דער קאַטוילישער רעאַקציע, אַרויסגעגעבן איז ער אויף די מיטלען פון יעזואיטישן אָרדן. דאָס בוך איז געווען אַן אויסדרוק פון דער אַלטער אידעאָלאָגיע פון די קלעריקאַלן, צוגעווירצט מיט סקאַנדאַלן־כראָניק פון פּאַריזער גאַסן־ציישונגען. אַ געמיש פון אַלטן בישאָף אַגאָבאַרד מיט אַ שקרן אַ בולוואַר־רעפּאָרטער פון 19־טן יאָרהונדערט — אָט דאָס איז דריומאָן. אין דעם דאָזיקן צונויפמעשפאָרן די ערגסטע עלעמענטן פון אַלטן און נייעם פראַנקרייך — האָט געשטעקט זיין קראַפט. און דאָס פּובליקום האָט זיך מיט צוטרוי באַצויגן צו די „היסטאָרישע” אויספירן פונם ציישונגס־פּעליעטאָניסט, וואָס האָט געהאַט די העזה זיך צו פאַרגלייכן מיט טענען, — יענער איז דאָך געווען אַ קאָנסערוואַטיווער היסטאָריקער, נישט קיין געדונגענער אַגיטאַטאָר. דריומאָנס פּאַמפלעט האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג: מ'האָט אים איבערגעדרוקט אין עטלעכע אויפלאַגעס, מען האָט אים פּשוט געשלונגען: ס'איז דאָך אָנגענעם געווען צו לייענען אַ פּיקאַנטן פעליעטאָן מיט אַ צוגאָב פּאַריזער פּליאָטקעס אונטערן נאָמען „אַ סקיץ פאַר דער געשיכטע פון געגנוואַרט” (ווי ס'האָט גענייסן דער אונטערטיטל אין בוך). פאַר אַ סך איז דאָס „יידישע פראַנקרייך” געוואָרן די הייליקע שריפט פון יידנפיינטשאַפט. דער דערפאָלג האָט דעם מחבר צוגעגעבן קוראַזש צו נייע ליטעראַרישע אויפטוען אין דעם זעלבן נוסח.

אָנשטאָט ווערטער האָבן נאָך געזאָלט קומען מעשים, האָט מען אָרגאַניזירט אַ „נאַציאָנאַלע אַנטיסעמיטישע ליגע אין פראַנקרייך”, און אַהער זענען אַריין יורדים־מאַרקיזן, אָנזעצערס־סוחרים, בולאַנזשיסטן און רעאַקציאָנערן פון אַלע שאַטירונגען. דער דורכפאַל פון דער מלוכה־איבערקערעניש, וואָס די בולאַנזשיסטן האָבן פאַרטראַכט (1889), האָט אויף אַ געוויסע צייט אָפּגענומען דאָס געווער ביי די רעפּובליק־שונאים: אַלע באָנאַפּאַרטיסטן, אָרלעאַניסטן און קלעריקאַלן האָבן זיך איבערצייגט, אַז מיט פאַרשווערונגען קאָן מען נישט איבערקערן די רעפּובליקאַנישע אָרדנונג. האָבן זיי געמוזט זיך ערנסטער נעמען צו אונטערגראָבן די יסודות פון דער רעפּובליק. אַלע כחות האָט מען אָנגעווענדעט אויף אָנצושטעקן דאָס פאָלק מיטן גייסט פון קעמפערישן נאַציאָנאַליזם און רעוואַנש, אויף צו האַלטן אים אונטער אַ שטענדיקער מורא פאַר אַ דייטשן אָנפאַל, און אין אַזאַ אומרו־אַטמאָספער אַרויסרופן שאָטנס פון „אינעווייניקסטע פרייסן” — יידן און מאַסאָנען. די פּאַטריאָטן האָבן פיינט געהאַט דייטשן און

נאָכגעמאַכט האָבן זיי דאָך — דייטשע אַנטיסעמיטן. אין 1891 האָט אַ גרופּע דעפּוטאַטן פון דער פראַנצויזישער קאַמער אַריינגעטראָגן אַ ווילדן פאָרשלאַג וועגן אַרויסטרייבן יידן פון פראַנקרייך. די קאַמער האָט זיי אפילו נישט אָנגעטאָן דעם כבוד צו באַטראַכטן אַזאַ מיטלאַלטערלעכן פּראָיעקט, אָבער די אַנטיסעמיטן זענען בײַ זיך נישט אָראָפּגעפאַלן, וואָס זייער פּרווו איז נישט געלונגען. — ער האָט דאָך פאַר זיי באַטייט נאָר אַ דעמאָנסטראַציע, — און זיי האָבן זיך ווייטער געטון זייערס. אין 1892 איז אין פּאַריז געגרינדעט געוואָרן אַ טעגלעכע צייטונג „Libre Parole“ (דאָס פרייע וואָרט), זי פלעגט אַרויסגיין אונטער דריומאָנס רעדאַקציע, בײַ אַ געלט-אונטערשטיץ פון די יעזויאיטן (אין דער אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג איז געשטאַנען בראש אַ פּאַרשוין, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיטן פאָנד פון יעזואיטישן אָרדען). עס איז געווען אַ טייערער מוסטער פון אַ פּרעסע, וואָס דעמאָראַליזירט די געזעלשאַפטלעכע מיינונג, אַן אָרגאַן פון בלבולים אויף גאַנצע קאָרפּאָראַציעס און באַזונדערע פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפט. די צייטונג „Libre Parole“ פלעגט אויסנוצן יעדע געזעלשאַפטלעכע אָדער פשוט סקאַנדאַליעזע געשעעניש, אום צו העצן דעם עולם אויף דעם געהיימען פאַרבאַנד פון יידן און מאַסאָנען — אַ פיקציע, מיט וועלכער אַנטיסעמיטן האָבן געשראָקן מענטשעלעך מיט קליינע השגות. גראָד דאַמאָלסט האָט באַנקראָטירט די אונטערנעמונג אויף צו בויען דעם פּאַנאַמאַ-קאַנאַל, עס זענען קאָמפּראָמיטירט געוואָרן אייניקע פּאָליטישע און פינאַנץ-טוער, דערין אויך אייניקע יידן; האָט דאָס געגעבן דער צייטונג די געלעגנהייט צו דערקלערן אַלע יידן פאַר „פּאַנאַמיסטן“, וואָס שטעלן בדיל-הדל פראַנקרייך. דאָס רכילות-טרייבן אויף באַזונדערע פּערזאָנען אין דריומאָנס צייטונג האָט אַרויסגערופן אַ געריכטלעכן פּראָצעס, און דער רעדאַקטאָר האָט געמוזט אָפּזיצן אין תפיסה. די אַרטיקלען אין „Libre Parole“ קעגן אַלע יידישע אָפיצירן אין דער אַרמיי, מיט אָנצוהערעניש, אַז זיי זענען פעאיק צו פאַרראַטן די מלוכה, האָבן אַרויסגערופן אַ רייע דועלן פון באַליידיקטע פּערזאָנען מיט מיטאַרבעטער פון דער שקרימדיקער צייטונג. איינער פון אַזעלכע דועלן — צווישן דעם יידישן אָפיציר מאַיער און דריומאָנס אַ ידיד מאַרקיז מאָרעס — האָט זיך געענדיקט מיטן טויט פונם איידעלן אָפיציר. די רעגירונג און די מערהייט פּאַרלאַמענט-מיטגלידער זענען געווען אויפגערעגט צוליב דעם דאָזיקן מאָרד, און דער קריגסמיניסטער פרייסינע האָט אויסגעדריקט די געפילן פון כלל, ווען ער האָט אין זיין רעדע אין דעפּוטאַטן-קאַמער שאַרף פאַראורטיילט די אַנטיסעמיטישע העצע, ווי אַ פאַרברעך קעגן פאָטערלאַנד (1892). דאַמאָלסט האָבן די אַנטיסעמיטישע פאַרשווערער, — פּונקט ווי די קלויסטער-פאַנאַטיקער, וואָס פלעגן באַשאַפן פּראָצעסן וועגן כלומרשטע ריטועלע מאָרדן, — באַשאַפן אַ פּראָצעס וועגן מלוכה-פאַרראַט פון אַ יידישן אָפיציר, כדי צו באַדעקן מיט שאַנד דאָס גאַנצע פראַנצויזישע יידנטום. אַזוי איז אין 1894 אַנטשטאַנען דער באַרימטער

„דרייפוס־פּראָצעס“, וואָס האָט ארויסגערופן אַ לײדנשאַפטלעכן פּאָליטישן קאמף אין פראנקרייך און האָט אין משך פון א רייע מיט יאָרן געהאלטן אין שפּאַנונג די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט.

## § 22. די דרייפוס־אַפערע

אויסגעוואַקסן איז דער דאָזיקער פּראָצעס, ווי אַ גיפטיקער שוואָם, אויפן באָדן פון מיליטאַריזם און רעוואַנש. די דאַמאָלסטיקע אינטערנאַציאָנאַלע קאָאַליציעס — דער דרייבונד און דער צווייבונד — זענען געווען אין צושטאַנד פון „באַוואָפנטן פרידן“ און גוט אַכטונג געגעבן אייגע אויף דער צווייטער. די מיליטער־אַגענטן ביי די אַמבאַסאַדעס פון די גרויסמאַכטן האָבן געזען דורך שפּיאָנאַזש זיך צו דערוויסן די סודות פון גענעראַל־שטאַב ביים קעגנערישן צד וועגן צושטאַנד פון זיינע באַוואָפנטע כוחות און קריגס־פּלענער. אַזאַ שפּיאָנאַזש־אָפּטיילונג האָט געהאַט ביי זיך אויך די דייטשע געזאַנדשאַפט אין פּאַריז. דער פראַנצויזישער גענעראַל־שטאַב פון זיין זייט האָט געהאַט אַ ביוראָ פון קעגן־שפּיאָנאַזש, כדי זיך אַנטקעגנצושטעלן און אויפצודעקן די דייטשע פּלענער. איינמאָל, אין סעפּטעמבער 1894, האָט דאָס פראַנצויזישע געהיימביוראָ צוגעשטעלט דעם קריגס־מיניסטער מערסיע אַן אַנאָנימע באַגלייטשריפט אָדער „באָרדעראָ“, וואָס מ'האָט אַרויסגעגנבעט פון די פּאַפּירן אין דער דייטשער געזאַנדשאַפט און האָט אַנטהאַלטן אַ רשימה פון אַלע אַהין־צוגעשיקטע געהיימע דאָקומענטן פון פראַנצויזישן קריגס־מיניסטעריום. ס'האָט געהייסן, אַז צווישן די אָפיצירן פון גענעראַל־שטאַב האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ פאַררעטער, וואָס גיט איבער קריגס־סודות צו די אַגענטן פון פיינטלעכע מלוכות. האָט מען אָנגעהויבן זוכן דעם פאַררעטער און מען האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ יונגן קאַפּיטאַן — אַ ייד, וואָס איז נישט לאַנג אָנגעקומען אויף אַן אַמט אין גענעראַל־שטאַב. אַ זון פון אַ פאַבריקאַנט אין עלזאַס, האָט אַלפרעד דרייפוס (געבוירן אין 1859) זיך געלערנט אין פּאַריזער פּאָליטעכנישער שול, געדינט אין דער אַרמיי, איז דערגאַנגען ביזן ראַנג אַרטילעריע־קאַפּיטאַן און געשטרעבט צו אַ העכערן מיליטערישן אַמט. מיט גרויסע שוועריקייטן איז אים אָנגעקומען, ביז פאַר אים האָבן זיך געעפנט די טירן פון פראַנצויזישן גענעראַל־שטאַב, — אַ נעסט פון שאָוויניסטן און יידנפיינט, וואָס קיין שום ייד איז אַהין ביז אַהער נישט אַדורך. דרייפוסעס אַמביציע איז געווען באַפרידיקט: זיין פּאַטריאָטיזם און מיליטערישע פעאיקייטן האָט מען אָנערקענט, און ער איז געוואָרן אַ כוהן אינם הייליקן טעמפּל פון מיליטאַריזם. אַ זון פון אַ שטילן קאָרט־פאַבריקאַנט איז ער געווען גרויס ביי זיך, וואָס ער האָט פאַרנומען אַן אָרט אין דער פאַבריק פון קריגס־רעוואַנש. ער האָט נישט געוואוסט, אַז ער קומט אין אַ

מחנה פון שונאים. ווען מ׳האָט אָנגעהויבן זוכן דעם מחבר פון „באָרדעראָ״, איז דער חשד געפאַלן אויף דרייפוסן — נאָר ווייל ער איז געווען אַ ייד, וואָרום קיין אָביעקטיווע פּרטים איז צו דעם נישט געווען: דרייפוס איז געווען רייך, ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיליאָנערס אַ טאָכטער, און צוליב געלט האָט ער נישט געהאַט וואָס צו גיין אויף פאַרראַט; ער איז געווען אַ הייסער פּאַטריאָט, אַ רעוואַנשיסט און שונא פון די דייטשן, ער האָט האָט געטרוימט וועגן דעם, אַז זיין געבורטס-אָרט עלזאַס זאָל צוריק אַריבער צו פראַנקרייך. אָבער ער האָט געמוזט ווערן אַ קרבן פאַר אַנדערע. זיינע קאָלעגן אין גענעראַל-שטאַב, דער שעף-גענעראַל בואַדעפר און אַנדערע אָפיצירן פון שפּיאָנאַזש-ביוראָ, האָבן זיך געמוזט ריינוואַשן פון די חשדים און פאַר זיי איז זייער געוואונשן געווען, אַז דער פלעק פון פאַרראַט זאָל זיך זעצן טאַקע אויף אַ יידן; איינער ווידער פון זיי, דער אָבערסט-לייטנאַנט אַנרי, וועלכער — ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — האָט געוואוסט דעם נאָמען פונם אמתן פאַררעטער (עסטערהאַזי), דער האָט זיך מיט אַלע כּוחות געמיט צו געפינען באַווייזן קעגן דרייפוסן. עקספּערטן האָבן פאַרגליכן דרייפוסעס האַנטשריפט מיטן כּתב פון באָרדעראָ, האָט דאָס נישט געגעבן קיין פעסטע אָנווייזונגען: די מיינונגען פון די עקספּערטן וועגן דער ענלעכקייט פון די האַנטשריפטן זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. און דאָך האָט מען דרייפוסן אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין תּפיסה. דעם פאַקט גופא וועגן אַרעסט האָט מען געהאַלטן שטרענג בסוד, אָבער אַזוי ווי אַנרי האָט מורא געהאַט, אַז צוליב דעם, וואָס עס פעלן באַווייזן, וועט מען דרייפוסן באַפרייען, האָט ער באַשלאָסן דורך דער פרעסע צו מאַכן אַ דרוק אויף דער געריכט-אויספאָרשונג. ער האָט דערציילט דעם סוד זיינע פריינט אין דער רעדאַקציע פון דרומאָנס צייטונג, און יענע האָבן באַלד אויפגעהויבן אַן אַלאַרם וועגן „יידישן פאַרראַט״, וואָס האָט דעם ציל אונטערצוברענגען פראַנקרייך. גלייך נאָך „Libre Parole״ האָט וועגן דעם אָנגעהויבן טומלען די גאַנצע רעאַקציאָנער-שאָוויניסטישע פרעסע, און זי האָט געפאָדערט אַ געריכט אָן רחמנות איבער דעם פאַררעטער.

צערייצט פון דער דאָזיקער אַגיטאַציע, איז די געזעלשאַפט געווען אויפגערעגט, אַלמאַי דער קריגסמיניסטער מערסיע איז נישט אַנטשלאָסן, צווייפלט אין דרייפוסעס שולד און ציט אָפּ מיטן איבערגעבן אים צום געריכט. אָבער איינגיכן האָט דער מיניסטער געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די אַנטיסעמיטן. מערסיע האָט געמוזט מאַכן אַן אויסוואַל צווישן דעם גורל פון יידישן קאַפּיטאַן און זיין פערזענלעכער קאַריערע — און ער האָט באַשלאָסן בעסער מקריב צו זיין דעם קאַפּיטאַן. דער מיניסטער האָט איבערגעגעבן דרייפוסן צו אַ מיליטער-געריכט און געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער האָט זיך ענדלעך איבערגעצייגט אין יענעמס שולד. בעתן פּראָצעס האָט איינער

פון די אָפיצירן אין גענעראַל-שטאַב, דיו-פּאַטי דע-קלאַם, באַוויזן די ריכטער אין באַראַטונגס-צימער אַ בינטל דאָקומענטן („געהיימדאָסיע"), וואָס באַווײַזן כּלומרשט די שולד פונם אָנגעקלאָגטן: צווישן זיי איז געווען איין נאָטיץ, וואָס מ'האָט אַרויסגעגנבעט אין דער דײַטשער אַמבאַסאַדע, און וואָס דאָרט האָט זיך גערעדט וועגן אַ פּלאַן פון דער באַפעסטיקונג אין ניצע, וועלכע מ'האָט באַקומען מיט דער הילף פונם „אויסוואָרף ד." (le canaille de D.). האָט מען די מיליטער-ריכטער געזען צו איבערצײַגן, אַז מיט דער דאָזיקער בוכשטאַב מיינט מען דרייפוסן. יענער האָט האַרטנעקיג געלייקנט זײַן שולד, אָבער אַלץ איז שוין געווען אַזוי צוגעגרייט, אַז דרייפוס זאָל פאַראורטיילט ווערן. האָט מען טאַקע דרייפוסן אָנערקענט פאַר שולדיק אין מלוכה-פאַרראַט. מ'האָט אים פאַרמשפּט צו עפנטלעכער דעגראַדירונג און צו תּפיסה אָן אַ טערמין (22 דעצעמבער 1894). די צערעמאָניע פון דעגראַדירונג איז פאָרגעקומען בײַ אַ גרויסן אויפלויף פון המון אויף דעם מאַרס-פעלד אין פּאַריז. ווען מ'האָט איבערגעלייענט דעם פּסק-דין וועגן אויסשליסן דעם פאַררעטער פון דער אַרמיי, האָט דרייפוס אויסגעשריגן: „איר האָט פאַרמשפּט אַן אומשולדיקן. לעבן זאָל פראַנקרייך, לעבן זאָל די אַרמיי!" ער האָט כּסדר געשריגן די דאָזיקע ווערטער, און אַן אָפיציר האָט בעת מעשה אַראָפּגעריסן פון אים די אַקסל-בענד און צעבראָכן דעם שווערד איבער זײַן קאָפּ. דער צעקאָכטער עולם האָט געשריגן, אַז אַזאַ פאַררעטער קומט טויט-שטראָף. כּדי אויסצונעמען בײַם המון, האָט די מאַכט געטאָן אַלץ אויף צו פאַרוואַנדלען די לעבנסלאַנגע תּפיסה פאַרן פאַרמשפּטן אין אַ לאַנגדויערנדיקע טויט-שטראָף. דרייפוסן האָט מען פאַרשיקט אויף יענער זײַט אָקעאַן אויף איינעם פון די פראַנצויזישע אינזלען אין דרום-אַמעריקע (קאַיעננע), וואָס צוליב זײַן שעדלעכן קלימאַט האָט מען אים גערופן „דער טייוול-אינזל". דרייפוסעס פרוי האָט געוואָלט מיט אים מיטגיין, אָבער נישט געקוקט אויפן געזעץ, האָט מען דאָס איר פאַרווערט. אָפּגעריסן פון דער וועלט, באַדעקט מיט פאַראַכטונג פון גאַנצן פאָלק, בײַ וועלכן ער האָט כּבֿוד געזוכט, איז דרייפוס אַזוי ווי לעבעדיקערהייט באַגראָבן געוואָרן אויפן ווילדן פעלזן-אינזל אין דער מיט אָקעאַן.

שווער איז געווען די לאַגע פון פראַנצויזישע יידן נאָך דרייפוסעס פּסק-דין. דער שאַנדפלעק, וואָס מ'האָט אויף איינעם אַרויפגעלייגט, איז געפאַלן אויף אַלע פון זײַן פאָלק. אַנטיסעמיטן און קלעריקאַלן האָבן באַקומען אַ פעסטן באָדן אונטער זייערע פיס. איצט האָבן זיי געקאָנט טרייבן בילבולים וויפל זייער האַרץ האָט געגלוסט, אויף זייערע פאַרזאַמלונגען, פון פּאַרלאַמענט-טריבונע און אין דער פּרעסע. זיי האָבן געפאָדערט, מ'זאָל יידן באַזייטיקן פון מלוכה-דינסט, זיי האָבן זיך געגרייט צו ביסלעכווייז פועלן, אַז עס זאָל אינגאַנצן אָפּגעשאַפט ווערן בירגערלעכע גלײַכבאַרעכטיקונג. „דער

פאַררעטער דרייפוס" איז אין די דאָזיקע קרייזן געזעלשאַפט געוואָרן אַ סינאָנים פון אַ יידן בכלל. אפילו אין דער ליבעראַלער געזעלשאַפט איז געווען צו באַמערקן אַ נטיה צו אַזעלכע פאַראַלגעמיינערונגען. דאָס פראַנצויזישע יידנטום אַליין, וואָס דער לאַנגער פּראָצעס אַסימילאַציע האָט אים נאַציאָנאַל אַנטוואָפנט, האָט נישט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן אַ גענוגנדיקע גייסטיקע קראַפט לגבי דעם דאָזיקן שטראָם פון האַס און פאַראַכטונג. נאָר די רעאַביליטאַציע פונם פאַראורטיילטן וואָלט געקאָנט ענדערן די באַציאונג פון פראַנצויזן צו יידן. אָבער דער וועג צו דעם איז געווען זייער שווער, וואָרום אומקערן די ערע דעם אומשולדיק געליטענעם — האָט געהייסן אויפדעקן די מאַכינאַציעס פון גענעראַל-שטאַב און קריגס־מיניסטעריום, ד. ה. אונטערגראָבן פּראַנקרייכס פּרעסטיזש ביי אויסלאַנד — ביים פאַרבינדעטן רוסלאַנד און פיינטלעכן דרייבונד. און ווירקלעך, ווען נאָך צוויי יאָר שמאַכטן פון געפאַנגענעם אויפ'ן טייוול-אינזל האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פאַר אַיבערקוקן זיין ענין, איז אין לאַנד אנטשטאַנען אַזאַ פּאָליטישער שטורעם, וואָס האָט נישט איינמאָל געדראָט דעם קליינעם הייפעלע פראַנצויזישע יידן מיט ערנסטע סכנות.

צווישן די אָפיצירן פון פראַנצויזישן גענעראַל-שטאַב האָט זיך געפונען איין אָרנטלעכער מאַן, וואָס האָט באַשלאָסן פונאַנדערצופלאָנטערן דעם קנויל ליגנס און פעלשונגען, וואָס האָט אַרומגענומען דרייפוסעס פּראָצעס. אין 1896 איז פּולקאָווניק פּיקאַר באַשטימט געוואָרן אַלס הויפּט פון שפּיאָנאַזש-ביוראָ. ער האָט זיך באַקענט מיטן אינהאַלט פון יענעם „געהיימדאָסיע", וואָס איז שטילערהייט דערלאַנגט געוואָרן דעם געריכט איידער מ'האָט פאַרמשפּט דרייפוסן, און ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז דאָרט זענען נישטאָ קיין שום אמתע דאָקומענטן, וואָס זאָלן דערווייזן דעם פאַרמשפּטנס שולד. אין דער זע.בער צייט האָט זיך פּיקאַרן איינגעגעבן אַרויפצוקומען אויף די שפּורן פונם אמתן פאַרברעכער. עס איז איבערגעכאַפּט געוואָרן אַ שטאָטישע דעפּעשע, וואָס אַ מיליטער-אַגענט פון דער דייטשער אַמבאַסאדע האָט געשיקט אויפן נאָמען פון פראַנצויזישן מאַיאָר עסטערהאַזי און וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז דער לעצטער האָט אַ שייכות צו שפּיאָנאַזש-אָנגעלעגנהייטן. אינגיכן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אויך די „באָרדעראָ" איז די מלאכה פון דעמזעלבן אָפיציר: נויטיקענדיק זיך אין געלט, פלעגט ער די אַגענטן פון פרעמדע מלוכות פאַרקויפן געהיימע דאָקומענטן פון פראַנצויזישן קריגס־מיניסטעריום. די פראַגע איז נאָר געווען, צי איז עסטערהאַזי געווען דער איין-און-איינציקער שפּיאָן, אָדער דרייפוס האָט אויך אַ שייכות געהאַט צום ענין. פּיקאַר איז שוין געווען אויפן וועג קלאָר צו מאַכן די אומשולדיקייט פונם יידישן קאַפּיטאַן, — האָט ער אָבער באַגעגנט אַן אומגעהויערן ווידערשטאַנד מצד זיין געהילף אין שפּיאָנאַזש-ביוראָ, דעם אויבנדערמאָנטן

אָבערסט־לייטנאַנט אַנרי, וואָס איז געווען עסטערהאַזיס אַן אַלטער חבר און איז אויך געווען דער מחבר פון אַלע פעלשונגען, וואָס האָבן געבראַכט צום פאַראורטיילן דרייפוסן. וואָלט אויפגעקלערט געוואָרן עסטערהאַזיס שולד, וואָלט דאָס געקאָנט באַגראָבן אַנרי אַליין אויך, און כּדי זיך אַרויסצודרייען פון אַזאַ סכּנה, האָט ער געמאַכט נייע פעלשונגען און ווייטער געווירקט אויף דער בולוואַר־פּרעסע. אין איינער אַ צייטונג האָט זיך בּעוויזן אַ ידיעה, אַז אין הויפּט־שטאַב איז פאַראַן נאָך איין געהיימער דאָקומענט, וואָס אין אים איז אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מעשה פאַרראַט אָנגערופן דער פולער נאָמען דרייפוס. אַ תּשובה דערויף — האָט דער יידישער פּובליציסט בּ ע ר נ אַ ר  ל אַ ז אַ ר, אַ מיטאַרבעטער פון פאַריזער פּראָגרעסיווע זשורנאַלן, פאַרעפנטלעכט אַ בּראָשור (La verité sur l'affaire Dreyfus, 1896), וואו ער האָט דערוויזן, אַז קיין שוםווירקלעכע דאָקומענטן, וואָס זאָלן באַלאַסטן דרייפוסן, איז אין גענעראַל־שטאַב נישטאָ, און אַז דאָס, וואָס מ'האָט עפּעס אַזעלכע אפּאָקריפען באַוויזן דעם ערשטן מיליטערישן געריכט אָנם וויסן פון אָנגעקלאָגטן אונז זיין פאַרטיידיקער — איז אַן אָפיציעלער פאַרברעך. דאַמאָלסט האָבן אויך אַ סך אנדערע פּאָליטישע טוער זיך אָנגעהויבן אָנצושטויסן, אַז עפּעס איז נישט אַלץ כּשורה אין דעם דרייפוס־פּראָצעס. אָרנטלעכע פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן און פּובליציסטן האָבן אָנגעהויבן זוכן דעם אמת, וועלכער האָט געדראָט מיט אַזוי פיל עגמת נפש פאַר די טוער פון קריגס־מיניסטעריום און רעאַקציאָנערע פאַרטייען. האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטער קאַמף אין פאַרלאַמענט, געזעלשאַפט און פּרעסע צווישן די שאָוויניסטן־אַנטיסעמיטן און די רעוויזיאָניסטן אָדער „דרייפוסאַרן“, וואָס זענען געווען פאַר איבערקוקן דעם געריכטלעכן פּראָצעס.

דריי יאָר (1897—99) האָט געדויערט דער דאָזיקער קאַמף אַרום דער „אַפערע“, דאָס איז געוואָרן די צענטראַלע פּאָליטישע פראַגע פון פראַנקרייך, אַ פּרינציפּיעלע מחלוקה צווישן רעפּובליקאַנער און רעאַקציאָנערן, צווישן הומאַניסטן און לעצט־„נאַציאָנאַליסטן“. מיניסטעריומס פלעגן פאַלן און אויפגעשטעלט ווערן אין שייכות מיט די פּעריפּעטיען פון דער „אַפערע“; גאָר אָפט פלעגט זיך טוישן דער קריגסמיניסטער. אַזוי ווי יעדער פון זיי האָט געוואָלט ראַטעווען דעם גוטן שם פון זיין רעסאָרט, פלעגן די קריגסמיניסטאָרן צוגעבן צו די אַלטע ליגנס נייע. מ'איז געווען זיכער אין עסטערהאַזיס שולד, און דאָך האָט מען מורא געהאַט פאַר זיין פאַראורטיילונג, ווייל דאַמאָלסט וואָלטן אַרויסגעשוואומען אַלע פאַלשע שטיק פון דער מאַכט, וועלכע האָט צוגעגרייט דרייפוסעס פּסק־דין. דאַמאָלסט האָבן גענומען די אַנטי־דרייפוסאַרן און פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עסטערהאַזי — איז אַ קרבּן פון יידישע אינטריגעס, אַז מ'האָט אים איינגעפּלאָנטערט אינעם ענין כּדי אַרויסצוראַטעווען דעם יידן. און די מיליטערמאַכט האָט קעגן עסטערהאַזין

אזוי געפירט די אויספאָרשונג, אז דאָס געריכט האָט דעם דאָזיקן זיכערן פאררעטער אינגאנצן באפרייט, דערביי זענען פארלעצט געוואָרן יעטוועדע גאראנטיעס פון יוסטיץ (יאנואר 1898). קעגן אזא שאנד־פּאָליטיק האָט אויפ־געהויבן זיין שטים פראנקרייכס פּאָפּולערסטער שרייבער עמיל זאָלא. ער האָט פארעפנטלעכט אין די צייטונגען א שארפן פּראָטעסט, אין דער פאָרם פון א בריף צום פּרעזידענט פון רעפּובליק, פאָר, אונטערן טיטל „איך באשולדיק" (J'accuse). זאָלא האָט באשולדיקט די מיניסטאָרן, גענערע־לער, מיליטער־ריכטער און די רעגירונג אלס גאנצע, אז „זיי האָבן אָפּגעטאָן דאָס גרעסטע פארברעך קעגן מענטשלעכקייט", און אלס קרבן דערפון איז געפאלן דער אומשולדיקער געפאנגענער אויפן טייוול־אינזל. „איך באשולדיק— האָט זאָלא געשריבן — דעם ערשטן מיליטערגעריכט אין ברעכן דאָס געזעץ, מען האָט פארמשפּט דעם אָנגעקלאָגטן (דרייפוס) אויפן גרונד פון א געהיי־מען דאָקומענט. איך באשולדיק דעם צווייטן מיליטערגעריכט, אז ער האָט געדעקט יענע אומגעזעצלעכקייט און פון זיין זייט געטאָן א פארברעך — מיטן פריישפּרעכן א זיכערן פארברעכער (עסטערהאזי)". זאָלאס פּראָטעסט האָט געמאכט אין לאנד א געוואלדיקן רושם. אויפן באשולדיק־באנק האָט מען אוועקגעזעצט דאָס גאנצע קריגסמיניסטעריום, דעם אָפּגאָט פון מילי־טאריסטישן פראנקרייך. האָט זיך אויפגעהויבן א ויצעקו: מ'האָט באליידיקט די ארמיי, דעם מיליטערישן געריכט. האָט מען זאָלא געשטעלט צו א גע־ריכט פון געשוואוירענע, און ער איז פארמשפּט געוואָרן צו א יאָר תּפיסה און באצאָלן שטראָף; דער קאסאציע־געריכט האָט דעם פּסק־דין באשטעטיקט, און פאָרמעל האָט ער אנדערש נישט געקאָנט מאכן: דער ראָמאניסט האָט געוואָרפן מענטשן א באשולדיקונג אין פעלשן דאָקומענטן, אָבער דערוויזן דאָס האָט ער נישט געקאָנט, ווייל די געהיימע דאָקומענטן זענען געווען ביי די באשולדיקטע אויף די הענט און, ווי א מיליטערישן סוד, האָט מען זיי נישט געטאָרט פארעפנטלעכן. נאָכן פּסק־דין פון געריכט איז זאָלא אנט־לאָפן קיין ענגלאנד, כדי צו צעשטערן די נייע שמחה ביי די פיינט פון אמת, און ווייט פון פאריז ווארטן ווען עס וועט מקוים ווערן זיין נביאות: „דער אמת גייט, און קיין זאך וועט אים נישט אָפּשטעלן".

די גאנצע שווערקייט פון קאמף פארן אמת איז איצט געלעגן אויפן פּו׳קאָווניק פּיקאר. ווי נאָר ער האָט ער האָט געמאכט די ערשטע פּרובן אויפצודעקן די פּאטריאָטישע פעלשונגען, האָט אים די העכערע מיליטערישע מאכט אָנגעהויבן פארפאָלגן, אָבער ער האָט ווייטער געטאָן זיינס. אין אן אָפענעם בריף אויפן נאָמען פון פּרעמיער־מיניסטער בריסאָן האָט ער גע־מאָלדן, אז ער איז גרייט צו דערווייזן, דאָס דער געהיימער דאָקומענט וועגן א „שפּיאָן א יידן", וואָס האָט פיגורירט אין זאָלאס פּראָצעס, איז פאברי־צירט געוואָרן אין גענעראלשטאב, און אז דאָס צעטל וועגן דעם „אויסוואָרף

ד.״ באַציט זיך נישט צו דרייפוסן, נאָר צו אַן אַ־דער פּערזאָן. אָבער פּיקאַרס באַווייזן האָט מען אפילו נישט געוואָלט הערן אין קריגסמיניסטעריום, און מ׳האָט גלייכער דעם אמת־זוכער אַרייַנגעפּאַקט אין טורמע... דערווייל איז געקומען אַ געשעעניש, וואָס האָט צעטרייסלט די אַנטי־דרייפוסאַרישע פּאָזיציע אפילו אין קריגסמיניסטעריום. דער הויפּטפעלשער אַנרי איז געצוואונגען געווען זיך מודה צו זיין, אין אָנוועזנהייט פון זיין שעף בואַדעפר און נייעם קריגסמיניסטער קאַוועניאַק, אַז דעם דאָקומענט וועגן „יידישן שפּיאָן״ האָט ער געפעלשט מיטן פּאטריאָטישן צוועק — צו ראַטעווען דעם כבוד פון דער ארמיי. מ׳האָט אַנרי פארשפּאַרט אין תּפיסה און דאָ, פאָרויסזעענדיק, אַז עס וועלן זיך אויפדעקן נאָך אנדערע זיינע פעלשונגען, האָט ער זיך מיט אַ גאָל־מעסער איבערגעשניטן דעם האַלדז און געשטאָרבן (31 אויגוסט 1898). אין דערזעלבער צייט איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד עסטערהאזי: ער איז דאָך איצט געווען אונטער דער סכנה צו פאַרטרעטן דרייפוסן אויפן טייוול־אינזל. פאַר אַלעמען איז קלאָר געוואָרן, אַז עס איז אומפאַרמיידלעך איבערצוקוקן דרייפוסעס פּראָצעס, אָבער ביז מ׳האָט דאָס דערגרייכט, איז פראַנצויזישע יידן באַשערט געווען נאָך איבערצולעבן נישט ווייניק צרות.

דאָס יאָר 1898 איז געווען דאָס טרויעריקסטע אין דער נייעסטער געשיכטע פון פראַנצויזישע יידן. דער קאַמף אַרום דרייפוס־פּראָצעס האָט אויפגעוועקט פּאָליטישע ליידנשאַפטן, און זיי פלעגן זיך אויסלאָדן אין דעמאָנסטראַציעס קעגן יידן. ווען עס איז פארעפנטלעכט געוואָרן זאָלאַס בריוו, וועלכער האָט אויפגעדעקט די געשווירן פון קראַנקן פראַנצויזישן פּאַטריאָטיזם, האָבן די יידנפיינטלעכע מאַניפעסטאַציעס אָנגענומען אַ הפקר־ווילדן כאַראַקטער. אין פּאַריז האָט דער המון אויף די גאַסן געשריען: „טויט פאַר די יידן! מיר שפּייען אויף זאָלאַ!״ די זעלבע געשרייען זענען געווען אויף מיטינגען, וואָס דריומאָן, ראָשפאָר און אַנדערע אַנטידרייפוסאַרן האָבן געמאַכט (יאַנואַר 1898). אין פּראָווינץ־שטעט (באָרדאָ, מאַרסעל, נאַנט, ליאָן, נאַנסי א. אַ.) האָבן גאַסן־יינגען, — צווישן זיי האָבן זיך ערטערווייז אויסגעצייכנט סטודענטן, — געהאַקט פענסטער אין יידישע וואוינונגען און איבערגעחזרט די פּאַריזער „פּאַטריאָטישע״ אויסרופן. אין מאַי דאָס זעלבע יאָר זענען געווען וואַלן צום פּאַרלאַמענט, זענען זיי אויך אדורך אונטערן איינדרוק פון אויסגעשפּראָכענעם שאָוויניזם, וואָס האָט ארומגענומען דאָס גאַנצע לאַנד. פון די קאַנדידאַטן האָט מען געפאָדערט, זיי זאָלן זיין שטרענג געטריי דעם ארמיי־קולט און נישט דערלאָזן, אַז דרייפוסעס פּראָצעס זאָל איבערגעקוקט ווערן. אין דעפּוטאַטן־קאַמער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ סך קלעריקאַלן און אַנטיסעמיטן, בתוכם אויך דריומאָן. זיי האָבן זיך פאַרייניקט אין אַ פּאַרלאַמענט־פראַקציע „נאַציאָנאַליסטן״, און זי האָט געפירט אַ מסוכּהנעם קאַמף מיט די רעפּובליקאַנער־ראַדיקאַלן און סאָציאַליסטן. בריסאָנס

ראַדיקאַלע מיניסטעריום איז געפאַלן אין פּאַרלאַמענט־קאַמף מיט די נאַ־ציאָנאַליסטן, און אויף זיין אָרט איז געקומען דאָס מעסיקע מיניסטעריום פון דיופּואַי. אפילו אויף דעם נייעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אויף דעם אָרענטלעכן לובע, וואָס האָט פאַרביטן דעם צוויי־פּנימדיקן פאָרן, האָבן אויך די שאָוויניסטן געהאַלטן אין איין אָנפאַלן פאַר זיין אָביעקטיווע שטעלונג צום ענין דרייפוס.

די מיאוסטע זאַכן האָבן אַנטיסעמיטן אָפּגעטאָן אין אַלזשיר. דאָרט האָט די דרייפוסיאַדע־מהומה פונאַנדערגעבונדן די הענט אַלעמען. ווער עס האָט שוין לאַנג געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט יידן. אין 1897 האָבן אַלזשירער אַנטיסעמיטן אָרגאַניזירט אין די הויפּט־שטעט — אַלזשיר, אָראַן, קאָנסטאַנטין — „אַנטי־יידישע ליגעס”, וואָס פלעגן צעשיקן איבער דער פּראָווינץ זייערע אַגענטן — אַגיטאַטאָרס. מ׳האָט אַרויסגעגעבן גאַסן־בלעטלעך („L'Antijuif” א. א.), וואָס האָבן געווירקט אויף די נידריקסטע אינסטינקטן פונם המון. די סטודענטן פון דער אוניווערזיטעט אין דער שטאָט אַלזשיר האָבן דעם ניי־באַשטימטן פּראָפעסאָר לעווי, אַ ייד, נישט געלאָזט לייענען זיינע לעקציעס פון רעכטסוויסנשאַפט, האָבן באַליידיקט דעם רעקטאָר און אויסגעהאַקט די פענסטער אינעם רעדאַקציע־לאָקאַל פון אַ צייטונג, וואָס האָט פּראָטעסטירט קעגן די דאָזיקע הפקר־מעשים. אין פּראָווינץ אָראַן האָט אַ המון, וואָס איז באַשטאַנען פון אַן ערב־רב פראַנצויזן, איטאַליענער, שפּאַ־ניער און אַראַבער, געראַבעוועט בתי־מדרשים און יידישע הייזער מיט זייער פאַרמעגן. אין דער שטאָט מאָסטאַדזשאַנעם איז געקומען צו אַ געשלעג צווישן קריסטן און יידן; זענען די מוסולמענער צוגעשטאַנען צו די קריסטן, און מ׳האָט יידן שטאַרק צעשלאָגן (מאַי 1897). די כוואַליע פּאָגראָמען האָט זיך אויפגעהויבן ביז צו אַן אומגעוויינלעכער מדרגה אין 1898. פּאַריזער דעמאָנ־סטראַציעס צוליב ענין־דרייפוס און זאָלאַס פּראָטעסט האָבן זיך באַלד אָפּגע־רופן אין דער הויפּט־שטאָט פון אַלזשיר מיט אַ פּאָגראָם און מיט אַ געשלעג אויף יידן אין די גאַסן (יאַנואַר). די אַגיטאַטאָרס האָבן געטענהט, אַז מ׳מוז זיך דערשלאָגן מ׳זאָל יידן אַרויסטרייבן פון אַלזשיר, אַנדערש וועט מען זיי מוזן אויסראָטן. „מיר וועלן שפּאַלטן יעדן יידן אויף צווייען — האָבן זיי גערעדט מיט הומאָר פון הענקער — און דאמאָלסט וועט די צאָל יידן ווערן דאָפּלט”. דער פירער פון די פּאָגראָם־לייט איז געווען אַ יונגער אַוואַנטו־ריסט אַן איטאַליענער מאַקס רעזשיס, אַ מענטש מיט אַ היציקן טעמפּעראַ־מענט. מ׳האָט אים אַרעסטירט און איבערגעגעבן צום געריכט, אָבער דער המון האָט געמאַכט אַ פיינטלעכע דעמאָנסטראַציע קעגן דעם גובערנאַטאָר, וואָס האָט אים אַרעסטירט, און דאָס געריכט האָט רעזשיסן פרייגעשפּראָכן. בעת די פּאַרלאַמענט־וואַלן האָט מען אין אַלזשיר אַרויסגעשטעלט די קאַנדי־דאַטור פונם אַנטיסעמיטיזם־פּויפּסט דריומאָן, און זיין אָנקומען אַהער

האָט נאָך מער פּאַרשטאַרקט די קאַמפּאַניע קעגן יידן. דער פּאַריזער גאַסט האָט געהאַט דעם פּאַרגניגן צו זען, ווי גוט מ׳פּאַרווירקלעכט אין דער אַפּריקאַנישער קאָלאָניע זיינע געבאָטן. די טריומפירנדיקע אַנטיסעמיטן האָבן רעזשיסן געשיקט קיין פּאַריז, ער זאָל דאָרט אויף זיין אופן אויפקלערן די סיבות פון די אומרועןן און זאָל זיך משתדל זיין, עס זאָל אָפּגעשאַפט ווערן קרעמיעס געזעץ וועגן גלייכשטעלונג פון יידן אין אַלזשיר. דער אַלזשירער דעפּוטאַט סאַמאַרי האָט טאַקע אַריינגעטראָגן אַזאַ פּאָרשלאַג אין דעפּוטאַטן־קאַמער, אָבער די רעגירונג און די מערהייט פון קאַמער האָבן זיך אַנטשידן געשטעלט קעגן אַזאַ אַפריקאַנער פּראָיעקט. אומקערן זיך צו בירגערלעכער פּאַרקנעכטונג — דאָס וואָלט געווען אַ צו אָפענער סימן פון איבערנעמען רוסלאַנדס אינערלעכע פּאָליטיק, — זי איז דאָך געווען פראַנקרייכס פּאַרבונדעטע נאָר אין אויסערלעכער פּאָליטיק.

דערווייל האָט זיך די דרייפוסיאַדע־דראַמע דערנענטערט צו איר סוף. נאָך אַנריס זעלבסטמאָרד און עסטערהאַזיס אַנטלויפן איז שוין אוממפּאַרמיידלעך געווען צו רעווידירן דעם פּאַטאַלן פּראָצעס, און דאָס מיניסטעריום פון וואַלדעק־רוסאָ אין הסכם מיטן פּרעזידענט לובע האָט זיך באַשלאָסן אויף אַזאַ טריט. דאָס העכסטע קאַסאַציע־געריכט האָט געפונען, אַז ביים פירן די ערשטע אויספאָרשונג זענען געווען אומגעזעצלעכקייטן, און האָט איבערגעגעבן דעם מיליטערישן געריכט אין רענן צו באַטראַכטן דעם ענין פון דאָסניי. מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט אַהער דעם געפאַנגענעם פון טייוול־אינזל, אַן אויסגעמאַטערטן פון פינף יאָר פּאַרהאַפטונג. דעם פּראָצעס האָט מען באַטראַכט אין אויגוסט 1899, ביי אַ ליידנשאַפטלעכן פּאַרטיי־קאַמף אין לאַנד. די דרייפוסאַרן האָבן געוואַרט מיט אויפרעגונג אויפן פייערלעכן נצחון און זיי האָבן פּאַרשפּרייט די שטאַרקסטע אַגיטאַציע אין זייער פּרעסע („Siécle", קלעמאַנסאָס אָרגאַן „Aurore" א. א.). די נאַציאָנאַליסטן ווידער האָבן געשריגן, אַז פּריישפּרעכן דרייפוסן הייסט פּאַרפלעקן פראַנקרייך פּאַר דער גאַנצער וועלט, ווייל דערמיט וועט אַרויפגעלייגט ווערן די גאַנצע שולד אויף די קעפּ פון די אַרמיי־שעפן. כדי ראַטעווען זייער רעפּוטאַציע, האָבן די דאָזיקע שעפן — געוועזענער קריגסמיניסטער מערסיע און די, וואָס זענען געקומען נאָך אים — געהאַלטן אין איין דערווייזן אויפן געריכט דרייפוסעס שולד. דעם אָנגעקלאָגטנס פּאַרטיידיקער, דער באַרימטער לאַבאָרי, האָט אין זיינע גלענצענדע רעדעס צעקלאַפּט די גאַנצע פוילע געביידע פון באַשולדיקונג, וואָס איז געווען אויפגעשטעלט פון געפעלשטן מאַטעריאַל. די ריכטער האָבן פּאַרשטאַנען, אַז דער אמת איז אויף דער זייט פון דרייפוסעס פּאַרטיידיקער, אָבער זיי זענען געווען אונטערן דרוק פון נאַציאָנאַליסטישן טעראָר. בעת דעם געריכט גופא אין רענן האָט איינער אַ פּאַנאַטיקער געוואָלט הרגענען לאַבאָרי אויף דער גאַס; דער אַדוואָקאַט איז געבליבן גאַנץ, אָבער

דעם פאַרברעכער האָט מען געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרשוואונדן. עס איז געווען קלאָר, אַז דער מולך פון מיליטערישן קולט פאָדערט אַ נייעם קרבן — אַ נייעם יידישן ליגן. און די רעננער שופטים האָבן טאַקע מיט אַ מערהייט שטימען (5 קעגן 2) אַרויסגעטראָגן אַזאַ צווייַדייטיקן פּסק־דין: דרייפוס איז שולדיק, אָבער מ׳דאַרף זיך רעכענען מיט די מילדערנדיקע אומשטענדן; מען פאַרמשפּט אים צו צען יאָר תּפיסה אין אַ פעסטונג, אָבער דאָס געריכט לייגט פאָר דעם פּרעזידענט פון רעפּובליק, ער זאָל באַגנעדיקן דעם פאַראורטיילטן. אַזאַ אָפן נישט־אויפריכטיקער פּסק־דין האָט אויפגערעגט די דרייפוסאַרן, זיי האָט מער אינטערעסירט דער נצחון פון אמת און גערעכטיקייט, איידער דער פּערזענלעכער גורל פונם יידישן קאַפּיטאַן. דער אַדוואָקאַט לאַבאָרי האָט געוואָלט ביי דרייפוסן פועלן, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער באַגנעדיגונג, וועלכע נעמט דאָך פון אים נישט אַראָפּ דעם שאַנדפלעק, און ער זאָל זיך ווייטער דערשלאָגן, מען זאָל דעם ענין פון דאָס ניי באַטראַכטן. אָבער דער אויסגעמאַטערטער געפאַנגענער האָט שוין מער קיין כּח נישט געהאַט צו קעמפן; ווען פּרעזידענט לובע האָט געמאָלדן וועגן דרייפוסעס באַגנעדיגונג און באַפרייאונג פון תּפיסה, האָט ער אָנגענומען די דאָזיקע באַגנעדיגונג און פאַרבליבן רוען צווישן זיינע אייגענע. כּדי צו פאַרווישן די שפּורן פונם שענדלעכן פּראָצעס און נישט קאָמפּראָמיטירן די אַרמיי, האָט די רעגירונג דורכגעפירט אין פאַרלאַמענט אַן אַמנעסטיע־אַקט פאַר אַלע, וואָס זענען באַגאַנגען אַ פאַרברעך אין צוזאַמענהאַנג מיטן ענין דרייפוס (1900).

דאָך האָט דאָס געוויסן פון פראַנקרייכס בעסטע מענטשן זיך נישט געקאָנט באַרויקן. קלעמאַנסאָ, זשאָרעס און אַנדערע אויפריכטיקע רעפּובליקאַנער האָבן ווייטער געאַרבעט אויף אויפצודעקן די פּאַטריאָטישע פאַלשקייטן. אין 1903 האָט זשאָרעס געמאָלדן אין דעפּוטאַטן־קאַמער, אַז עס זענען אַנטדעקט נייע מאַכינאַציעס פון געוועזענעם גענעראַל־שטאַב. דער נייער קריגסמיניסטער אַנדרע האָט אויסגעפאָרשט דאָס „געהיימע דאָסיע״ און געקומען צום אויספיר, אַז מען מוז אַ צווייטן מאָל איבערקוקן דעם ענין דרייפוס. דאָס האָט באַוואויגן אויך דרייפוסן צו משתדל זיין זיך אין קאַסאַציע־געריכט וועגן אַ רעוויזיע. מ׳האָט געמאַכט אַ ציגאַב־אויספאָרשונג, וואָס האָט געדויערט צוויי יאָר, און ערשט אין 1906 האָט דאָס העכסטע געריכט ענדגילטיק געמאָלדן, אַז דרייפוס איז אָנערקענט פאַר אומשולדיק. עס איז אַראָפּגענומען געוואָרן אַ פלעק נישט נאָר פון איין יידן און פון פראַנצויזישן יידנטום, וואָס אַנטיסעמיטן האָבן אים צוגעטשעפּעט צום פּראָצעס, נאָר אויך פון דער רעפּובליק גופא. די פּאָליטישע אַטמאָספערע האָט זיך אָנגעהויבן אָפּצורייניקן פון דער קלעריקאַל־אַנטיסעמיטישער בלאָטע. קאָמבס ראַדיקאַלע מיניסטעריום, וואָס איז געשטאַנען ביי דער מאַכט פון 1902, האָט אָנגעהויבן ענערגיש צו רייניקן די אויגיאַס־שטאַלן פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק.

מיטן שליסן אַלע שולן פון קאַטוילישע גייסטלעכע און מיטן פאַרטוישן זיי אויף וועלטלעכע — האָט די רעגירונג פאַרניכטעט די שלאַנגען־נעסטן פון קלעריקאַליזם. דער פאַרקריפּלטער „נאַציאָנאַליזם" פון די דריומאָנס האָט באַקומען אַ קלאַפּ, פון וועלכן ער האָט שוין צו זיך נישט געקאָנט קומען. אין פּאַרלאַמענט האָבן די נאַציאָנאַליסטן און קלעריקאַלן מער נישט געהאַט קיין שום ווערט. דער דרייפוס־פּראָצעס איז געווען אַ מיטל צו דערפירן די שאָוויניסטישע רעאַקציע אין פראַנקרייך ביז אַבסורד.

## § 23. דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון די פראַנצויזישע יידן

האָבן יידן אַליין עפּעס געלערנט צום נוצן פאַר זיך פון די שווערע נסיונות אין דער דאָזיקער תקופה? די אַנטיסעמיטישע עפּידעמיע האָט אַביסל פאַרהאַלטן דעם פּראָצעס אַסימילאַציע און זעלבסטפאַרלייקענונג, וואָס איז געגאַנגען אין פראַנצויזישן יידנטום פון סוף 18 יאָרהונדערט. די מער פילבאַרע האָבן געוואָלט ראַטעווען דאָס, וואָס איז נאָך גאַנץ געבליבן פון די רעשטלעך נאַציאָנאַלער אידעע: דער געדאַנק וועגן אַחדות פון יידן אין אַלע לענדער, אין פאָרם פון אַ קולטורמיסיע פון מערב־יידנטום צווישן די דערדריקטע און אָפּגעשטאַנענע מזרח־ברידער. באַלד ערב דער באַשריבענער עפּאָכע (1880) איז געשטאָרבן דער שענסטער פאָרשטייער פונם דאָזיקן געדאַנק — אַדאָלף קרעמיע, דער פּרעזידענט פונם אַלוועלטלעכן יידישן פאַרבאַנד אָדער פּאַריזער „אַליאַנס". לכתּחילה איז דער „אַליאַנס" געגאַנגען מיט קרעמיעס אָנגעצייכנטן וועג; ער האָט געעפנט שולן אין מזרח, דערצויגן יידישע קינדער אין טערקיי און פּערסיען אין מאָדערנעם פּאַריזער גייסט, געגעבן הילף אין פאַלן פון גרויסע קאַטאַסטראָפעס — פּאָגראָמען, עלילת־דם־פּראָצעסן און אַלערליי פּורעניות אין טערקיי, רומעניע און טיילווייז אין רוסלאַנד (עמיגראַנטן־הילף). אָבער צוליב פאַרשידענע אומשטענדן פאַרלירט די אַרבעט פון „אַליאַנס" אַלץ מער איר פּאָליטישן כאַראַקטער און קאָנצענטרירט זיך אויף דעם קולטור־פילאַנטראָפּישן געביט. צו דעם האָט אים געצוואונגען די אַגיטאַציע, וואָס האָט זיך געפירט אין דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע פון גאַנץ אייראָפּע קעגן דעם כּלומרשטן „יידישן אינטערנאַציאָנאַל", קעגן דער „צענטראַלער יידישער רעגירונג" אין פּאַריז. דריומאָן האָט, ווי בעקאַנט, מיטן אַליאַנס געהאַלטן אין איין שרעקן אַלעמען, פּונקט ווי מיט ראָטשילדס באַנקירהויז. האָט מען געמוזט ווייזן לאָיאַליטעט, אַזוי זיך איינשרומפּן — מ׳זאָל אים קוים באַמערקן. טאָן עפּעס פּאָליטיש פאַר די געררודפטע רוסישע יידן — האָט דער יידישער פאַרבאַנד נישט געקאָנט צוליב דעם פראַנקאָ־רוסישן בונד, וואָס האָט זיך אין 1891 פאַרפעסטיקט און נישט ווייניק געהאָלפן דער דעמאָראַליזאַציע פון דער רעפּובליק, וואָס

איז געוואָרן חברותא מיטן נעסט פון דעספּאָטיזם. אַפילו ביי זיך אין דער היים איז דער „אַליאַנס" אָנמעכטיק געווען — בעת דעם שטורם פון דריי־פוסיאַדע.

אייצלנע יידישע פּאָליטישע טוער, אָבער נישט קיין גאַנצע אָרגאַניזאַציעס, האָבן גענומען אָנטייל אין דער דאָזיקער מלחמה פאַרן אמת. זשאָזעף ריינאַק, אַ פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט פון דער מעסיק־רעפּובליקאַנישער גרופּע און רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „Republique francaise" האָט פריער געקעמפט קעגן בולאַנזשיזם און שפּעטער קעגן דער — אַנטיסעמיטיש־קלעריקאַלער פאַרשווערונג אין ענין דרייפוס; אָבער דאָס אַלץ האָט ער געטאָן אַלס פראַנצויז, און נישט ווי אַ פאָרשטייער פון יידנטום, וואָס פון אים איז ער געווען זייער זייער ווייט לויט זיין קוק. נעהענטער צו זיין פאָלק איז צום סוף פון זיין לעבן געווען אַ יינגערער מיטקעמפער אין דער „אַפערע", דער אויבנדערמאָנטער בערנאַר לאַזאַר. אַ טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט, טיילווייז אַ בעלעטריסט און ליטעראַרישער קריטיקער, אַ מיטאַרבעטער פון פאַריזער גרויסע צייטונגען, איז בערנאַר לאַזאַר נישט דערטרונקען געוואָרן אין דער בלאָטע פון בולוואַר־פרעסע: אים האָט געצויגן צו זיך די טיפע פּראָבלעם פון יידנטום, און ער האָט לאַנג געבלאָנדזשעט, זוכנדיק אַ לייזונג פאַר איר. לכתחילה האָט ער זי געלייזט אין גייסט פונם יאָרהונדערט. אין אַן אַרטיקל „Juifs et Israelites" (1891) האָט ער נאָך פאַרטיידיקט יידן קעגן אַנטיסעמיטישן שקר מיט דער אַלטער, עטיש צווייפלהאַפטער, טענה, אַז עס איז פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן די עמאַנסיפּירטע מערבדיקע „איזראַעליטן" און די פאַרקנעכטעטע, קולטורעל־אָפּגעשוואַכטע מזרחדיקע „juifs" אָדער „זשידעס" — רוסישע, פּוילישע, רומענישע. אויף מערב איז, לויט אים, געווען דער פירפּאָסטן פון יידנטום; ער האָט גאָרנישט באַמערקט, אַז דער דאָזיקער פירפּאָסטן איז שוין אַזוי ווייט אוועק פאָראויס, אַז ער האָט אָנגעוואוירן יעדע פאַרבינדונג מיט דער פאָלקס־מאַסע און מיט די בעסטע געבאָטן פון דער נאַציאָנאַלער קולטור. אין זיין בוך „אַנטיסעמיטיזם, זיין געשיכטע און סיבות" (1892) האָט בערנאַר לאַזאַר אַנטוויקלט אויך אַזאַ באַנאַלן, אויבערפלאַכיקן געדאַנק: דער נאַציאָנאַלער אָדער ראַסן־אַנטיסעמיטיזם וועט זיך פעלן מיטן פאַרשוואונדן פון יידנס אָפּגעזונדערטקייט, און דער עקאָנאָמישער אַנטיסעמיטיזם וועט אויפהערן צו זיך ציען פּראָלעטאַרישע מאַסן, ווען זיי וועלן זיך איבערצייגן, אַז מען מוז קעמפן מיטן קאַפּיטאַל בכלל, און נישט נאָר מיטן יידישן קאַפּיטאַל. די דאָזיקע פאַרשפּרייטע מיינונגען האָט בערנאַר לאַזאַר שפּעטער פאַרלאָזט, ווען די דרייפוסיאַדע האָט געעפנט פאַר אים די טונקעלע טיפענישן פון דער יידישער פּראָבלעם. עטלעכע יאָר האָט ער מלחמה געהאַלטן פאַר רעוויזירן דעם געריכטלעכן פּראָצעס, ער האָט געשריבן אַרטיקלען און בראָשורן, געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט פּאָליטישע טוער, און ווען זיינע באַמיאונגען זענען געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג,

איז ער אַריבערגעגאַנגען פון אַלגעמיינער פּאָליטיק צו יידישער. אויף אַ צייט האָט אים פאַרכאַפּט דער פּאָליטישער ציוניזם און ער האָט זיך באַטייליקט אינם צווייטן באַזעלער קאָנגרעס (1898), אָבער שפּעטער איז ער אָוועק פון דער באַוועגונג, נישט צופרידן מיט הערצלס „דיפּלאָמאַטיע". ווען בערנאַרד לאַזאַר האָט זיך באַקאַנט מיט רוסישע און רומענישע יידן, האָט דאָס אים געצוואונגען אָפּצוזאָגן זיך פון זיין טעותדיקער מיינונג וועגן דעם מזרחדיקן קערן פון דער נאַציע. זיין פריצייטיקער טויט (1903) האָט דעם דאָזיקן זוכער געשטערט צו געפינען אַ פולן ענטפער אויף דער יידישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם.

נישט נאָר שונאים האָבן יידן געהאַט אין דער פראַנצויזישער געזעל־שאַפט, נאָר אויך גוטע פריינט, מענער מיט אַ גרויסן נאָמען אין אייראָפּע,— אָבער די דאָזיקע פריינט האָבן פאַרשטאַנען די אינטערעסן פון יידנטום יעדער אויף זיין שטייגער. רענאַן, וואָס זיינע היסטאָרישע אַרבעטן האָבן אים געמוזט היימישער מאַכן מיטן אַלטן יידנטום, איז אָבער פאַרבליבן פרעמד פאַר דער נייער נאַציאָנאַלער קאָנצעפּציע פון דער יידישער געשיכטע. מיר האָבן שוין געזען, ווי אַזוי ער האָט פאַרטיידיקט יידן דערמיט, וואָס ער האָט געלייקנט די ריינקייט פון זייער ראַסע און זייער רעכט אויפן טיטל נאַציע. פאַר דער צייט האָט ער אָנגעשריבן זיין גרויסע „געשיכטע פון פאָלק ישראל" (פינף בענד, 1887—93) — איינע פון די שענסטע, אָבער אויך סו־ביעקטיווע ווערק אין דער היסטאָריאָגראַפיע. אַ באַגייסטערטע פאַרגעטערונג פאַר די אוניווערסאַלע אידעאַלן ביי די ביבלישע נביאים און אַ שאַרף־נע־גאַטיווע באַציאונג צום נאַציאָנאַלן עלעמענט אין דער עוואָלוציע פון יידנ־טום — אָט די דאָזיקע וועלהויזנישע שיטה האָט אינגאַנצן צעשטערט דאָס געוועב פון דער יידישער געשיכטע, וואו דאָס נאַציאָנאַלע און אוניווערסאַלע האָבן זיך אַמאָל דורכגעפלאָכטן, אַמאָל געגאַנגען באַזונדער, אַלץ אָפּהענגיק פון פאָלקס אויסערלעכן מצב. מיט זיינע געניאַלע היפּאָטעזן האָט רענאַן אָפּט געוואָרפן העלע ליכט אויף באַזונדערע פינסטערע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון יודאַאיזם, אָבער עפּעס האָט אים פרייען דענקער געשטעקט אַ מאָדנער קירכלעכער אַטאַוויזם, וואָס האָט זיך שוין געלאָזט פילן פריער אין זיין „אַנטשטייאונג פון קריסטנטום", און אים געשטערט צו באַנעמען דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע, די נשמה פונם פאָלק, וואָס האָט זי באַשאַפן. אָט דאָס איז די סיבה, וואָס אין רענאַנס „געשיכטע פון פאָלק ישראל" האָבן געקאָנט פאַר זיך געפינען אַרגומענטן סיי אַנטי־סעמיטן סיי „יודאָפילן", סיי אַ דריומאָן און סיי אַ לערואַ־באָליע.

דער אַקאַדעמיקער אַנאַטאָל לערואַ־באָליע, דער מחבר פונם בוך וועגן רוסלאַנד („די מלוכה פון די צאַרן"), האָט אונטערגעגראָבן די אַנטיסעמיטישע טעאָריעס אין זיין ברייטער אַפּאָלאָגיע „ישראל צווישן פעל־קער" (1893). דער מחבר קומט צום געוויינלעכן אויספיר פון די הומאַניסטן

סוף 18-טן יאָרהונדערט: „פאַר זייערע מעלות זאָלן יידן צו פאַרדאַנקען זיך אַליין, פאַר זייערע חסרונות — די פאַרפאָלגונגען מצד די קריסטלעכע פעלקער". אַנטיסעמיטיזם רעכנט ער צו צו די „האַסן־דאָקטרינעס", אַזוי ווי אַנטיפּראָטעסטאַנטיזם אין קאַטוילישע לענדער און אַנטיקלעריקאַליזם בײַם רעזשים פון פריידענקערטום („Doctrines de la haine", 1902) אַליין אַ גוטער קאַטויל, האָט לערוּאַ-באָליע באַוויזן די קאָנסערוואַטיווע לייט, וואָס מיט אים פון איין גלויבן, אַז זייער „האַסנדאָקטרינע" — אַנטיסעמיטיזם — קאָן אָנגעווענדעט ווערן קעגן זיי אַליין: סיי יידן און סיי קלעריקאַלן באַשולדיקט מען אָפט, אַז זיי בילדן „אַ מלוכה אין א מלוכה". פאַרשטייט זיך, דער פאַרגלייך איז דאָ ווייט נישט קיין פּינקטלעכער: יידן האָבן הייס אונטערגעהאַלטן דעם זעלבן רעפּובליקאַנישן רעזשים, וואָס קלעריקאַלן האָבן אים אונטערגעגראָבן, און ווען די רעגירונג האָט זיך נאָכן ליקווידירן די דרייפוסיאַדע גענומען צום אויפלעזן די קלעריקאַלע קאָנגרעגאַציעס, האָט זי טאַקע באמת צעשטערט אַ מלוכה אין דער מלוכה — אַ נעסט פון קירכלעכן פאַנאַטיזם און האַס צו דעמאָקראַטיע.

דער טיפער באַאָבאַכטער פון פראַנצויזישן לעבן, עמיל זאָלאַ, האָט טאַקע אויף די קלעריקאַלן אַרויפגעלייגט די גאַנצע שולד פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך. נאָך ביז זיין מסירת-נפשדיקן אַרויסטריט אין ענין דרייפוס, האָט זאָלאַ פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „פאַר יידן" (1896), וואָס הויבט זיך אָן מיט אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פון אַנטיסעמיטיזם: „אָט איז שוין עטלעכע יאָר, ווי איך זע-צו מיט אַלץ וואַקסנדיקער שטוינונג און עקל — אַ פעלדצוג קעגן יידן אין פראַנקרייך. מיר זעט עס אויס עפּעס אומגעהויערלעך, עס גייט אַרויס פון די גרענעצן פון שכל-הישר, אמת און גערעכטיקייט, עס איז עפּעס אַזוינס, וואָס מוז אונדז אָפּוואַרפן אויף עטלעכע יאָרהונדערטער צוריק אָדער ברענגען צום ערגסטן פון אַלע שרעקן — צו רעליגיעזער פאַרפאָלגונג". זאָלאַס אָביעקטיווקייט האָט זיך באַשטעטיקט: אין אייניקע פון זיינע ראָמאַנען („געלט", „נאַנאַ" א. א.) האָט ער געשילדערט טיפּן יידישע באַנקירן און ספּעקולאַנטן, וואָס רופן מיט רעכט אַרויס אַנטיפּאַטיע.

קיין אייגענע אָנגעזעענע פּובליציסטן האָבן פראַנצויזישע יידן יענע צייט נישט פאַרמאָגט. די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם האָט זיך נאָך נישט אויפגעוויקלט פאַר דעם אינגאַנצן אַסימילירטן דור. די אינטערעסן פון יידנטום האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דער ענגער ספערע רעליגיעזע קהלה און סינאַגאָגע — פאַר די, וואָס האָבן נאָך געהאַלטן פון די דאָזיקע אינסטיטוטן. אָרגאַנען פון די קהילות אָדער פון זייערע פאָרשטייער-ראַבינערס זענען געווען די פאַריזער וואָכנשריפטן: די ליבעראַלע „Archives Israélites” און די קאָנסערוואַטיווע „Univers Israèlite” — טויטע שריפטן, וואָס האָבן נישט

געהאַט קיין שום חוש פאַר ברענענדיקע פראַגן פון נאַציאָנאַלן לעבן. נאָר
א אינטערעס צום עבר, צו דער יידישער געשיכטע, איז נאָך פארבליבן אין
אייניקע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט, און אין די לעצטע צענדלי=
קער יאָר פון 19=טן י״ה האָט זיך די יידישע וויסנשאַפט אַנטוויקלט אין
פראַנקרייך, ווי א המשך פונם רענעסאַנס, וואָס איז פריער אַנטשטאַנען אין
דייטשלאַנד. דאָ זענען נישט געווען אַזעלכע גרויסע שעפער ווי א גרעץ,
עס איז אפילו נישט געווען קיין פרוב פון א ברייטער היסטאָריאָגראַפיע,
אָבער עס האָבן זיך באַוויזן פלייסיקע זאַמלער פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן,
געדולדיקע פאָרשער, וואָס האָבן דערגאַנצט די אַרבעט פון זייערע דייטשע
פאָרגייער. די אַלע קרעפטן, צו וועלכע עס זענען נאָך צוגעקומען א סך
געלערנטע פון אַנדערע לענדער, האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם פּערטליאָר=
זשורנאַל „Revue des études juives" וואָס אים האָט פון 1880 אַרויסגעגעבן
אין פּאַריז די „געזעלשאַפט פאַר יידישער וויסנשאַפט". דער גרעסטער פאַר=
דינסט פון דעם זשורנאַל איז, וואָס דאָ איז באַאַרבעט די געשיכטע פון יידן
אין פראַנקרייך אויפן גרונט פון דאָקומענטן, וואָס מ'האָט זיי דאָס ערשטע
מאָל אַרויסגענומען פון די פראַנצויזישע אַרכיוון. איזידאָר לעב, דער
הויפּט־ראַבינער פון פראַנקרייך צדוק כהן, איזראַעל לעווי און אַנ=
דערע האָבן אין דעם טייל יידישער געשיכטע אַריינגעטראָגן אַ סך נייעס,
וואָס דערגאַנצט שטאַרק די אַנטשפּרעכנדיקע קאַפּיטלעך פון גרעצס „גע=
שיכטע". טעאָדאָר ריינאַק, אַ ברודער פונם אויבנדערמאָנטן פּאָליטישן
טוער, האָט אין זיינע אַרטיקלען באַאַרבעט די געשיכטע פון יידיש=העלענישן
פּעריאָד. דער אָריענטאַליסט יוסף הלוי האָט געגעבן אַ ריי וויסנשאַפט=
לעכע היפּאָטעזן אין זיינע „ביבלישע סקיצן", און יוסף דערענבורג
האָט דערגאַנצט די געשיכטע פון תּלמודישער און רבנישער ליטעראַטור. אין
„Revue des etudes juives" האָבן זיך אויך באַטייליקט געלערנטע פון אַנ=
דערע לענדער, און די 70 בענד פונם דאָזיקן זשורנאַל, וואָס זענען אַרויס
ביזן קריזיס פון דער וועלט=מלחמה, שטעלן פאָר אַ ביבליאָטעק פון ווערט=
פולע מאַטעריאַלן אויף אַלע געביטן פון יידישן וויסן.
אין פראַנקרייך האָט נאָך געפעלט א סינטעטישער מוח, וואָס זאָל
פאַראַלגעמיינערן די אַלע ביי באַקומענע מאַטעריאַלן אין אַ ניי היסטאָריש
ווערק. נאָר איין שרייבער האָט אַרויסגעוויזן סימנים פון אַזאַ סינטעז, אָבער
ער האָט נישט באַוויזן רייף צו ווערן אין זיין קאָפּ. דאָס איז געווען
דזשעמס דאַרמסטעטער, אַ טאַלענטפולער אָריענטאַליסט, וואָס איז
באַרימט געוואָרן מיט זיינע פאָרשונגען איבער פּאַרסיזם און אַוועסטאַ (Etudes Iraniennes, 1883). אַליין פון א יידישער פאַמיליע אין לאָטאַרינגען, וואָס
איז אַריבערגעפאָרן קיין פּאַריז, האָט דאַרמסטעטער אין די יינגע יאָרן באַ=
קומען אַ ביבליש=תּלמודישע בילדונג; דער פראַנצויזישער ליציי און הויכשול

האָבן אים שפּעטער אָפּגעריסן פון יידישער וויסנשאַפט און אריינגעצויגן אין אַן אַנדער געביט, אָבער די יידישע היסטאָרישע פּראָבלעם האָט אים נישט אויפגעהערט צו אינטערעסירן. אַן אָנהענגער פון פּאָזיטיוויזם און עוואָלוציאָניזם, האָט ער דאָך געהערט צו יענע מענטשן, וואָס ביי זיי — ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט — „אין די טיפסטע, פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון נשמה, וואו עס רוען די גייסטער פון די זיידעס, דערהערט זיך אַמאָל א קלאַנג פון אַ פאַרגעסן קאַפּיטל תהלים, און דו באַהעפסט זיך מיט אַמאָל צו די נביאים פון עבר". דאַרמסטעטער האָט געהאַט א סך געמיינזאַמעס מיט סאַלוואַדאָרן[1] — ער האָט טאקע וועגן אים אָנגעשריבן אַ גלענצענדע כאַראַקטעריסטיק; דער אידעאישער סינקרעטיזם פון „ירושלים, רוים און פּאַריז" האָט זיי ביידן געהאַלטן געפאַנגען, כאָטש אין פאַרשידענע פאָרמען. דאַרמסטעטער האָט געטרוימט וועגן ירושלים נישט ווי וועגן אַ קינפטיקן געאָגראַפישן צענטער פון אַ נייער וועלט-רעליגיע, נאָר וועגן אַ גייסטיקן ירושלים, וואָס זאָל פאַרפלאַנצט ווערן אינם הארצן פון דער אייראָפּעאישער קולטור. מיט אַ באַגייסטערטן קולט צום ביבלישן פּראָפעטיזם איז דורכגעדרונגען זיין בעסטע אַרבעט „ישראלס נביאים" (1891 (Les Prophétes d'Israel, וואו דער פּראָפעטיזם איז אָפּגעשאַצט אין רענאַנס גייסט, ווי אַן אוניווערסאַלע, נישט קיין נאַציאָנאַלע לערע, אָבער מיט מער גלויבנס-קראַפט, ווי ביים פראַנצויזישן דענקער-סקעפּטיקער. דאַרמסטעטער איז אויפריכטיק איבערצייגט, אַז „די רעליגיע פון 20-טן יאָרהונדערט וועט קומען פון צונויפגיסן די וויסנשאַפט מיט דער עטיק פון די נביאים". פּראָפעטיזם איז פאַר אים אַ צוקונפט-רעליגיע, אין וועלכער עס וועלן זיך צונויפגיסן דער „פאַרגעטלעכטער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו" פון מאָראַל — מיט דער וועלט-באַנעמונג פון נייעסטן וויסנשאַפטלעכן עוואָלוציאָניזם. אָט אין דעם איז באַשטאַנען דאָס נאַציאָנאַלע, וואָס האָט דאַרמסטעטערן געמאכט גייסטיק קרוביש מיט זיין פאָלק, — אין געזעלשאַפטלעכן פּרט האָט ער, ווי אַלע מערבלייט, געלייקנט דעם פאָלקס נאַציאָנאַליטעט. ווער ווייס, צו וואָס עס וואָלט דערגאַנגען אַזאַ אויפריכטיקער, שאַרפער מוח אין ווייטערדיקן פּראָצעס פון דענקען, איבערהויפּט נאָכן פּסיכאָלאָגישן קריזיס פון דער דרייפוסיאַדע-צייט, — אָבער ער איז געשטאָרבן צו-פרי, אויפן 45-טן יאָר פון זיין לעבן, דעם זעלבן האַרבסט, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער פאַטאַלער פּראָצעס (19 אָקטאָבער 1894). דאָס אידעאישע קערנדל, וואָס ער האָט געוואָרפן, האָט געהערט צו יענע, וואָס זינט פילון פון אַלכסנדריא רייפן זיי אין די מוחות פון יידישע דענקער און, מעגלעך, זיי זענען באַרופן צוצוגרייטן אַן איבערקערעניש אין דער וועלט-אָנשויאונג פונם כלל מענטשן.

---

1) פריערדיקער באנד, §§ 27 און 47.

## § 24. ענגלאַנד, האָלאַנד, בעלגיע, איטאַליע, שווייץ, סקאַנדינאַוויע, שפּאַניע און פּאָרטוגאַל.

אויסער פראַנקרייך, האָבן די איבעריקע קליינע צענטערן יידנטום אין מערב-איירָאָפּע נישט געוווּסט פון אַנטיסעמיטיזם, אַלס אַן אָרגאַניזירטע פּאָליטישע באַוועגונג. די קליינע גרופּעס יידן אין די דאָזיקע לענדער *) האָבן איבערגעלעבט אַ תקופה פון גאָרן שטילשטאַנד נאָך דער שטורעמדיקער עמאַנסיפּאַציע-עפּאָכע. ווען זיי וואָלט זיך געלאָזט זאָגן: „גליקלעך זענען די פעלקער, וואָס האָבן נישט קיין געשיכטע"; נאָר אויב זיי האָבן נישט געהאַט קיין אויסערלעכע געשיכטע אין פאָרם פון אַנטיסעמיטיזם, רדיפות און פּאָגראָמען — האָט זיי אויך געפעלט אינעווייניקסטע געשיכטע, ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעריסן פון נאַציאָנאַלער עוואָלוציע און געלעבט נאָר מיט אינטערעסן פון אַרומיקער סביבה. נאָר די גרופּעס פאַראָרעמטע אויסוואַנדערער, וואָס דער גורל פלעגט יעדעס יאָר פאַרוואַרפן אין די דאָזיקע לענדער, נאָר זיי פלעגן שטערן די רו פון זייערע אָרטיקע אַסימילירטע שטאַמברידער. צוליב דעם אָנגעלאָף פון „פרעמדע" פלעגט אַמאָל ערגעץ-ווו אַ בליק-טאָן אַ פונק אַנטיסעמיטיזם, אָבער אין אַן אַטמאָספער, וואָס איז פריי פון ברען-מאַטעריאַל, פלעגט עס זיך גיך אויסלעשן. דערפאַר אָבער האָט דאָס פאַרקערן מיט אמתע מאַסן יידנטום, וואָס זענען הגם געווען אָפּגעשטאַנען אין איירָאָפּעאישער בילדונג אָבער פאַרמאָגט אַן אייגענעם פּרצוף, אָפּגעשוואַכט אין די דאָזיקע אָפּגעריסענע טיילן פאָלק דעם פּראָצעס דענאַציאָנאַליזאַציע.

ביז די 80-ער יאָרן האָבן יידן אין ע נ ג ל אַ נ ד געהערט צו די מער איזאָלירטע טיילן אין גלות. נאָך דער פּאַרלאַמענט-רעפאָרם פון 1858, וואָס האָט פאַרענדיקט די עמאַנסיפּאַציע פון יידן, האָט זיך געדוכט, אַז זיי האָבן געוווּנען אַן אייגן פאָטערלאַנד. זיי האָבן גענומען זייער אַן אַקטיוון אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, ביי די פּאַרלאַמענט-וואַלן זענען זיי געווען טעטיק איןביידע גרויסע פּאַרטייען — ליבעראַלער און קאָנסערוואַטיווער. לכתחילה פלעגן יידן שטימען אויסשליסלעך פאַר ליבעראַלן: זיי האָט מען געהאַט צו דאַנקען פאַר דער עמאַנסיפּאַציע; אָבער פון דער מיט 70-ער יאָרן, זינט ביי דער מאַכט איז געווען ד'איזראַעלי-ביקאָנספילדס קאָנסערוואַטיווע מיניסטעריום, האָבן אַ סך אָנגעהויבן צוצושטיין צו די קאָנסערוואַטאָרן. דאָס האָט מען פאַרענטפערט אי מיט פערזענלעכע סימפּאַטיעס צום האַלב-יידישן פּרעמיער, אי מיט דעם וואָס מ'האָט מיטגעפילט זיין פּאָליטיק

*) אין אַלע אָנגערופענע לענדער צוזאַמענגענומען איז אין 1881 געווען אַן ערך 200.000 יידן, נעמלעך, (אין לערכדיקע קילעכיקע ציפערן): אין ענגלאַנד — 60.000, האָלאַנד — 82.000, בעלגיע — 8.000, איטאַליע — 40.000, שווייץ — 7.000, סקאַנדינאַוויע — 7.000, פּירענעאישער האַלב-אינזל — ביי 2.000, צום סוף XX יאָרהונדערט האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג כמעט אומעטום פאַרגרעסערט אדאַנק דער אימיגראַציע.

בעת דער רוסיש=טערקישער מלחמה, ווען ער האָט נישט דערלאָזן, רוסלאַנד זאָל צעשמעטערן טערקיי. אין רוסלאַנד האָט די דאָזיקע רוסאָפאָביע פונם „ייד" ביקאָנספילד אַרויסגערופן די ערשטע פייערלעך פון יידן=שנאה אין דער פרעסע; אין ענגלאַנד ווידער האָט מען זיך אויף יידן געבייזערט פאַר זייער פאַרראַטן דעם ליבעראַליזם. גלאַדסטאָן אַליין, דער פירער פון די ליבעראַלן און ד'איזראַעליס אַ שטענדיקער קעגנער, האָט אָנגעהויבן רעדן, אַז יידן „פעלט פאַטריאָטיזם". אָבער דער ברוגז מיט די ליבעראַלן איז געווען נאָר אויף א קורצע ווילע. ווען גלאַדסטאָנס ליבעראַל מיניסטעריום האָט ווידער איבערגענומען די מאַכט (1880), האָט זיך דער נאַטירלעכער בונד פון יידן מיט ליבעראַלן באַנייט. ביי זיין גאַנצער רוסאָפיליע, האָט גלאַדסטאָן נישט געקאָנט שטערן דער אַגיטאַציע קעגן רוסלאַנד, וועלכע איז אָפן בעגאַנגען אין ענגלאַנד נאָך די דרום=רוסישע פאָגראָמען פון 1881. ווען אַ רעזאָלוציע פון א לאָנדאָנער פראָטעסט=מיטינג האָט געפאָדערט ביי דער ענגלישער רעגירונג, אַז זי זאָל מאַכן אַ געהעריקע ווענדונג אין פעטערבורג צוליב די פאָגראָמען, האָט דאַמאָלסט גלאַדסטאָן געמאָלדן אין פאַרלאַמענט, אַז די געוואַלדטאַטן איבער יידן אין רוסלאַנד „מוזן ארויסרופן געפילן פון באַדויערן און עקל", אָבער דאָך האָט ער נישט קיין מעגלעכקייט זיך אַריינצומישן אין די אינעווייניקסטע ענינים פון א פרעמדער מלוכה (§ 14). שווער צו זאָגן, וואָס וואָלט אין דעם פאַל אויף גלאַדסטאָנס אָרט געטאָן ביקאָנספילד, דער דאָזיקער ראָמאַנטיקער פון יודעאָ־קריסטנטום, וואָס איז פעאיק געווען אויף דראַמאַטישע זשעסטן אין פאָליטיק; אָבער ער איז געשטאָרבן אין אפריל 1881, מיט עטלעכע טעג פריער איידער ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אינעווייניקסטער קרייץ-צוג אין רוסלאַנד.

סיי דאָס ליבעראַלע סיי דאָס קאָנסערוואַטיווע ענגלאַנד האָבן ביידע גלייך שארף פארורטיילט דעם אנטיסעמיטיזם, אפילו אין זיין „קולטורעלער" דייטשער פאָרם. האַרבסט 1883, ווען אין די פראָטעסטאַנטישע לענדער האָט מען געפייערט דעם פירהונדערטיאָריקן געבורטסטאָג פון לוטער, איז קיין לאָנדאָן געקומען צו פאָרן דער דייטשער הויף=פרעדיקער און פירער פון אנטיסעמיטן שטעקער; ער האָט געהאַט בדעה ארויסצוטרעטן מיט א רעדע אויף א מיטינג, וואָס איז צוליב דער דאָזיקער פייערלעכקייט באַשטימט געוואָרן אין שטאָטישן הויז. ווען דער לאָנדאָנער לאָרד=מער האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט ער אָפגערופן זיין דערלויבניש, וואָס ער האָט פריער געגעבן אויף צו מאַכן דעם מיטינג און האָט אין א בריוו צו די איינאָרדנער דערקלערט, אַז „מיסטער שטעקער געהער צו יענע מענטשן, וואָס קיין שום לאָרד=מער וואָלט זיי נישט געקאָנט דערלויבן צו רעדן אין שטאָט=הויז, אין סיטי, וואו עס וואוינען א סך געאַכטעטע יידישע בירגער". נישט זעלטן פלעגן דעם חשובן פאָסטן פון לאָנדאָנער לאָרד=מער, דעם בעל-הבית פון

בריטאַניענס שטאָלצער רעזידענץ, פאַרנעמען לויט וואַלן פּערזאָנען פון דער העכערער יידישער געזעלשאַפט. ביים הויף פון קיניגין וויקטאָריע איז זייער אָנגעזען געווען די יידישע אַריסטאָקראַטיע בראש מיט די מאָנטעפיאָרעס, ראָטשילדס און אַנדערע פאָרשטייער פון ספרדישע און אשכנזישע משפחות.

דאָס יאָר 1885 איז אַריין אין לאָרדן־הויז דער ערשטער ייד, באַראָן נתנאל ראָטשילד, וואָס די קיניגין האָט אים דערהויבן צום טיטל ענגלישער פּער. שפּעטער זענען מיטגלידער פון דעם זעלבן הויז געווען באַראָן וואָרמס, פאָרזיצער פון דער „ענגליש־יידישער אַסאָציאַציע", געוועזענער האַנדלס־מיניסטער אין גלאַדסטאָנס קאַבינעט, און אַנדערע: צו זייערע פאַמיליען־נעמען פלעגן זיי צוגעבן טיטלנעמען פון פּערן (וואָרמס — לאָרד Pimbright) און אַפּנים זיי האָבן זיך שטאַרק איבערגענומען מיט די דאָזיקע צונעמען, וואָס זענען געווען אַ איבערלעבעניש פון אַלטן ענגלאַנד. די צאָל דעפּוטאַטן יידן אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע איז כסדר געוואַקסן: צום סוף יאָרהונדערט איז דאָרט געזעסן 12 אַזעלכע אויסדערוויילטע פון דער ענגלישער באַפעלקע־רונג, פון זיי האָט זיך נאָר איינער געקאָנט רעכענען פאַר אַ יידישן פאָר־שטייער, סאַמועל מאָנטעגיו, וואָס אים פלעגט אויסוויילן אוּאייטשעפּעל — אַ טייל פון לאָנדאָן, וואָס איז געווען געדיכט באַזעצט מיט יידן. אַ קאָנסער־וואַטיווער אין רעליגיעזע ענינים, איז מאָנטעגיו אין פּאַרלאַמענט געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי און פלעגט אָפט אַרויסטרעטן אין דער קאַמער איבער פינאַנץ־פראַגן. איניקע פון די יידישע פּאָליטישע טוער האָבן אין פאַרשידענע קאַבינעטן פאַרנומען אַמטן פון „סעקרעטאַרן" אָדער מיניסטאָרן. יידן פלעגט מען אַמאָל באַשטימען אויך אויף הויכע אַדמיניסטראַ־טיווע אַמטן. אַ סך האָבן דערלאַנגט אין דער אַרמיי צו העכערע אָפיציר־ראַנגען — די געזעלשאַפטלעכע צונויפשמעלצונג פון יידן מיט ענגלענדער האָט אָפט באַגלייט אויך פאַמיליען־קרובהשאַפט. פאַלן פון געמישטע חתונות זענען געוואָרן אַלץ אָפטער. אין דער העכערער געזעלשאַפט זענען געווען עטלעכע אַזוינע פאַלן, דערביי פלעגט יעדער פון פּאָר־פאָלק פאַרבלייבן ביי זיין גלויבן, נאָר די קינדער פלעגן שוין בלייבן קריסטן. אַזוי איז למשל געווען ביי דער חתונה פון ראָטשילדס טאָכטער מיט לאָרד ראָזבערי, אַ באַקאַנטן פּאָליטישן טוער. וואָלט אַזאַ צונויפשמעלצונג־פּראָצעס אַריין אין די מיטעלע שיכטן געזעל־שאַפט, וואָלט ער געבראַכט מיט דער צייט צו טרויעריקע רעזולטאַטן. אָבער פון די 80־ער יאָרן האָט קיין גרויסבריטאַניען אָנגעהויבן אַריינצוקומען אַ שטענדיקער שטראָם עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, פּוילן און רומעניע, און דאָס האָט די קליינע יידישע קאָלאָניע באַהאָפטן צו דער גרויסער יידישער וועלט מיט אירע דאגות, צרות און אין שמערצן געבוירענע נאַציאָנאַלע אידעאַלן.

אָנגעהויבן פון זומער 1881, האָבן די איינוווינער פון לאָנדאָן און גרויסע האַפן־שטעט אין ענגלאַנד געקאָנט זען יעדער יאָר אַזאַ בילד: פון וויטן רוסלאַנד פלעגן

אָנקומען מאַסן עמיגראַנטן, וואָס פאָגראָמען און קנעכטשאַפט האָבן זיי פאַריאָגט פון זייער היים. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געשטרעבט ווייטער — קיין אמעריקע, אָבער גרויסע גרופּעס פלעגן פאַרבלייבן אין ענגלאַנד, דער עיקר אין לאָנדאָן. פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן פון 19 יאָרהונדערט האָט זיך אין לאָנדאָן אליין באַזעצט העכער 50,000 עמיגראַנטן. געוואוינט האָבן זיי אין די מזרח־טיילן פון שטאָט (East End). אין די שטאָט־קוואַרטאַלן סטעפּניי און אוואַייטשעפּעל, די נעסטן פון דער רעזידענץ־אָרעמקייט. מיט דער צייט האָט זיך דאָ געבילדעט א איינהייטלעכע יידישע קהילה, וואָס איז אינגאַנצן אַנדערש געווען פון דער קהילה אינם מערב־טייל לאָנדאָן—מיט דער שפּראַך (יידיש), מידות און סאָציאַל־עקאָנאָמישן מעמד. דאָס איז געווען א טיפּישע געמיינדע פון רוסישן „תחום״. דער גרעסטער טייל פון דער דאָזיקער געקומענער מאַסע--זענען געווען בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער, טישלער, וואָס אָדער זיי האָבן פאַרפירט אייגענע וואַרשטאַטן, אָדער זיי האָבן געאַרבעט אין פרעמדע אנשטאַלטן ביי זייער שווערע באַדינגונגען. לוין־אַרבעטער פלעגן שטאַרק עקספּלואַטירט ווערן דורך די בעלי בתים אַרבעטגעבער: יענע פלעגן אָן א מאָס פאַרלענגערן דעם אַרבעטסטאָג, צאָלן זייער נידעריקע שכירות, און ווי מ׳פלעג זיך דאַמאָלס אויסדריקן, פלעגן „אויספּרעסן דעם שווייס״ פון זייערע אַרבעטער (Sweating system). א צווייטער טייל עמיגראַנטן האָט זיך פאַרנומען מיט קליינהאַנדל, אָבער א סך פלעגן מיט דער צייט רייך ווערן און גרינדן גרויסע האַנדלס־געשעפטן. אַזעלכע עמיגראַנטישע קאָלאָניעס האָבן זיך אויך געבילדעט אין אַנדערע ענגלישע אינדוסטריעלע שטעט: מאַנטשעסטער, לידס, ליווערפּול, גלאַסגאָוו, בירמינגהאַם; דאָ איז שוין האַנדל געווען מער פאַרשפּרייט צווישן די געקומענע, איידער מלאכה. צום אָנפאַנג 20־טען יאָרהונדערט איז די צאָל יידן אין ענגלאַנד (אָן די קאָלאָניעס) דערגאַנגען ביז א פערטל מיליאָן, ד. ה. זי האָט זיך פאַר 20 יאָר פאַרגרעסערט פיר מאָל אזוי פיל; אן ערך א העלפט פון דער באַפעלקערונג איז געווען קאָנצענטרירט אין לאָנדאָן. דאָס האָט שטאַרק געענדערט דעם פּרצוף פון ענגלישן יידנטום. צווישן די צפון־אָרפּענע, אויסגעמישטע מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, גרופּעס ספרדים און אשכנזים האָבן זיך באַוויזן קאָמפּאַקטע יידישע אינזלען. אין לאָנדאָן האָט זיך באַזונדער געוואָרפן אין די אויגן דער קאָנטראַסט צווישן וועסט־ענד (מערב־טייל שטאָט) און איסט־ענד אָדער אוואַייטשעפּעל. די צוויי קהילות — פון מערב־ און מזרח־לאָנדאָן — האָבן סימבאָליזירט דעם חילוק צווישן אַסימילירטן אייראָפּעאישן מערב און אייגנטימלעכן מזרח. לכתחילה האָבן זיך צווישן ביידע געמיינדעס איינגעשטעלט באַציונגען אויפן באָדן פון צדקה: דער רייכער וועסט־ענד האָט באַזאָרגט הילף פאַר יענע פאַראָרעמטע עמיגראַנטן פון איסט־ענד, וועלכע האָבן נאָך גישט באַוויזן צו קריגן אַרבעט

אָדער האָבן פאַרדינט זייער ווייניק צום לעבן. פאַרנומען האָבן זיך דער־מיט — דער געמיינדע־ראַט פון די סינאַגאָגן־פאָרשטייער (Board of Deputies), דער אַפּיטרופּסים־ראַט (Board of Guardians) און א באַזונדערער „רוסיש־יידישער קאָמיטעט". ווייטער האָט זיך פאַרשטאַרקט די קולטורעלע אַפּיטרופּסות — די זאָרג וועגן פאַרשפּרייטן ענגלישע שפּראַך צווישן די עמיגראַנטן און צופּאַסן זיי צו די אָרטיקע לעבנסבאַדינגונגען. די עמיגראַנטן־קינדער האָט מען געלערנט אין ספּעציעל פאַר זיי איינגעאָרדנטע פאָלק־שולן פון ענגלישן טיפּ (Jews Free School), און די דערוואַקסענע האָבן באַזוכט אָוונט־קורסן אויף צו לערנען די ענגלישע שפּראַך. דאָך איז אין וואַייטשעפּעלער גע־מיינדע פאַרבליבן דער אַלטער סדר פון רוסיש־יידישן לעבן. די אומגאַנג־שפּראַך איז געווען יידיש, כאָטש מיט א צומיש פון ענגלישע ווערטער; עס האָבן נאָך עקזיסטירט חדרים און תלמוד־תורות, וואו מ׳האָט געלערנט אין אָרטאָדאָקסישן גייסט; שולן, רעליגיעזע און הילפס־חברות — אַלץ האָט נאָך געטראָגן א פּאַטריאַרכאַלן כאַראַקטער. און צוביסלעכווייז האָט די דאָ־זיקע נאַציאָנאַל־אייגנטימלעכע מאַסע אָנגעקומענע אָנגעהויבן ווירקן אויף די אַסימילירטע אָרטיקע יידן. די אויבערשטע פון דער יידישער געזעלשאַפט, די אָפּגעריסענע, האָבן אונטער זיך דערפילט א באָדן — געשלאָסענע פאָלקס־מאַסן, וואָס קאָנען זיך צופּאַסן צו אויסערלעכע באַדינגונגען, נישט צענויפ־שמעלצנדיק זיך מיט דער אויסערלעכער וועלט און וואָס פאַרמאָגן אין זיך אַ גרויסן רעזערוו נאַציאָנאַלע ענערגיע.

דאָס דאָזיקע צוזאַמענלעבן פון מענטשן אויס צוויי וועלטן — איז גע־שילדערט אין די ווערק פון א שרייבער, וואָס האָט אַליין געהערט צו ביידע. ישראל זאַנגוויל איז געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָן (1864), אין א פאַמיליע פון פּוילישע איינוואַנדערער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ענגלאַנד א סך פריער פאַר דער גרויסער איבערוואַנדערונג פון די 80־ער יאָרן. בילדונג האָט ער באַקומען אין לאָנדאָנער „פרייער יידישער שול", דערנאָך איז ער טאַקע דאָרט געוואָרן א לערער, און ענדלעך, האָט ער פאַרוואָרפן לערעריי צוליב זיין העכערן באַרוף — ליטעראַטור. זיין טאַלענט פון א לעבנסשטייגער־שילדערער האָט ער מיט א באַזונדערער קראַפט אַרויסגעוויזן אינם גרויסן ראָמאַן „קינדער פון געטאָ: לעבנסבילדער פון אַן אייגנאַר־טיק פאָלק" (1892). דאָס געטאָ פון מזרח־לאָנדאָן איז דאָ פאָרגעשטעלט מיט אַלע זיינע שטריכן; באַשריבן איז עס אין יענעם אָריגינעלן ענגלישן סטיל — א געמיש פון הומאָר און ליריק, רעאַליזם און ראָמאַנטיק, וואָס זאַנגוויל האָט אים באַהערשט מייסטערהאַפט. דער מחבר אַליין שטייט אויפן גרענעץ פון געטאָ, אים האָט אַרומגענומען דער ראָמאַנטישער כשוף פון דער אַלטער וועלט, אָבער מיטן מח געהער ער אינגאַנצן צו דער אייראָפּעאישער קול־טור. „אונזער לאָנדאָנער געטאָ — זאָגט ער אינם פּראָלאָג צום ראָמאַן —

אין אַזאַ פּאָעטיש ווינקל, וואָס, נישט געקוקט אויפן אַרומיקן שמוץ, — איז רויזן פון דער פאַרשווונדענער ראָמאַנטיק בליען דאָרט ביז איצט — אין דער פייכטער אַטמאָספער פון לאָנדאָנער פּראַקטישן לעבן. הינטער דער מיאוסער און, דאַכט זיך, פאַרשטיינערטער אויסערלעכקייט פון דער דאָזיקער באַזונדערער וועלט — איז פאַרבאָרגן אַן אַנדערע, אינעווייניקסטע וועלט, פול מיט פאַנטאַסטישע זעאונגען, אַזוי ווי די מיראַזשן אין מזרח... אָבער אין דער דאָזיקער פאַרכּישופטער וועלט טרעפן זיך אויך ענערגישע פערזענלעכקייטן, וואָס פועלן בײַ זיך אַריבערצושפּאַנען די פאַרבאָטענע גרענעץ, וועלכע טיילט זיי אָפּ פון ברייטערן און פולערן לעבן, נישט געקוקט אויף די בייזע אויסגעשרייען און קללות, וואָס שיטן זיך אויף זיי פון דער אַלץ=קלענער=ווערנדיקער מערהייט זייערע ברידער. צו גוטן אָדער צו שלעכטן פאַר ביידע צדדים, דאָס געטאָ וועט סוף כּל סוף פאַרלאָזט ווערן און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ נעסט פון אומגליקלעכער אָרעמקייט". זײַן פּסיכאָלאָגיע פון אַ גרענעץ=מענטש אין ביידע וועלטן — ציט זאַנגוויל צו געמישטע טיפּן, צו יענעם סינקרעטיזם פון אידעען און קולטורן, וועגן וועלכע עס האָבן אין פאַרשידענע פאָרמען געטרוימט ד'יזראַעלי=ביקאָנספילד, סאַלוואַדאָר און דאַרמשטעטער. ער געפינט אַזעלכע אוניווערסאַלע סינקרעטיסטישע טיפּן אין די „טרוימער פון געטאָ" פון אַמאָליקע צייטן — אין אוריאל אַקאָסטע, שפּינאָזע, שלמה מיימאָן, וועלכע ער שילדערט באַגלייך מיט די אייגנטימלעכע מיסטיקער שבתאי=צבי און בעש"ט („Ghetto Tragedies“ 1898 און „Dreamers of the Ghetto“). ווען עס וועט זיך פאַרשפּרייטן ציוניזם, וועט זאַנגוויל פאַרנעמען זיין באַשטימט אָרט אין דער יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג (זע ווייטער, § 46).

לעבן דעם דאָזיקן ראָמאַנטיקער, וואָס שטרעבט צו אַ סינטעז פון מזרח מיט מערב, שטייט דער ניכטערער מערב=מענטש ק ל אָ ד מ אָ נ ט ע פ י אָ ר ע (געב. אין 1858), — אַליין פון דער אַריסטאָקראַטיע אין לאָנדאָנער וועסט=ענד, אַ טעאָלאָג=ראַציאָנאַליסט און רעפאָרמיסט. אומקערן זיך צו ביבלישער יידישקייט און זיך אָפּזאָגן פון דער גאַנצער שפּעטערדיקער היסטאָרישער טראַדיציע — אָט דאָס איז קלאָד מאָנטעפיאָרעס אידעאַל, וואָס ער האָט אַנטוויקלט אין אַ ריי לעקציעס און פּרעדיקטן (Aspects of Judaism, 1894), אויך אין דער פאָרם פון אַ דידאַקטישן קאָמענטאַר צו תנ"ך (Bible for home reading 1896—99). זיין ביבלישער יודאַאיזם האָט נישט געהאַט קיין שום נאַציאָנאַלן לבוש, עס איז געוואָרן אַן אַבסטראַקטער „טעאיזם", און שפּעטער האָט ער זיך אין מאָנטעפיאָרעס געדאַנקען פאַרבונדן מיט דער עוואַנגעלישער לערע, — ער האָט אויפגעהויבן די אַלטע פראַגע וועגן צונויפגיסן די גרונט=אידעען פון יידנטום און קריסטנטום; אָבער מיט ד ע ם וועג האָט שוין ווייטער נישט געקאָנט גיין נאָך איר טעאָלאָג די קאָנסערוואַטיווע געמיינדע פון מערב=לאָנדאָן. — פאַרטרעטער פון פאַרשידענע ריכטונגען, וואָס זענען נאָך אין ענגלישן יידנטום

גאַנץ שוואַך געווען אויסגעדריקט, פלעגן זיך צונויפקומען אויפן נייטראַלן באָדן פון יידישער וויסנשאַפט. אויפן ביישפּיל פון פּאַריזער „Revue" האָט מען אין לאָנדאָן פון 1889 אָנגעהויבן אַרויסגעבן אויך אַזאַ פערטל־יאָר־זשורנאַל — Jewish Quarterly Review. קלאָד מאָנטעפיאָרע און איזראַעל אַבראַהאַמס (מחבר פון אַ ווערק איבערן מיטלאַלטערלעכן לעבן פון יידן: 1896, Jewish life in the middee Ages) זענען געווען רעדאַקטאָרן פונם זשורנאַל; סאָלאָמאָן שעכטער, אלקנה אַדלער, אַדאָלף נייבאַוער און אַ רייע דייטשע געלערנטע — מיטאַרבעטער. אין לאָנדאָנער קוואַרטל־שריפט האָט מען אַ סך אויפמערקזאַמקייט געשענקט די פריערדיקע תקופות אין דער יידישער געשיכטע, די אַפּאָקריפן־ליטעראַטור (העברעאישער אָריגינאַל פון „משלי בן־סירא") און די טונקעלע גאונים־תקופה זענען באַלויכטן געוואָרן אין אַ רייע אָפּהאַנדלונגען, געגרינדעט אויף דאָקומענטן פון דער „גניזה" — אַן אוצר מיט מאַנוסקריפּטן, וואָס ס. שעכטער האָט אַנטדעקט אין 1896 אין קאַאיראָ. אַ דאַנק דער טעטיקייט פון דער „יידישער היסטאָרישער געזעלשאַפט" איז אויך אינגאַנצן איבערגעאַרבעט געוואָרן די געשיכטע פון יידן אין ענגלאַנד. די וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישע כּוחות פון אַנגליזירטן יידנטום זענען געווען אָרעם, און דאָס נייע לאָנדאָנער געטאָ האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוגעבן פון זיך אייגענע שעפער.— די פּובליציסטיק איז געווען פאַרטראָטן דורך צוויי וואָכנשריפטן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן אויף ענגליש — „די יידישע כראָניק" (פון 1841, Jewish Chronicle) און „די יידישע וועלט" (פון 1873, Jewish World). די „כראָניק" — איז אַ גרויסער זשורנאַל, וואָס פלעגט געבן גענויעסטע ידיעות וועגן דער לאַגע פון יידן אויף דער גאַרער וועלט, ער האָט אויסגעדריקט די מעסיק־קאָנסערוואַטיווע אָנשויאונגען, וואָס האָבן געהערשט אין די העכערע קרייזן געזעלשאַפט. „די יידישע וועלט" האָט דערלאָזט אַ מער דרייסטע קריטיק פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג, און מיט דער צייט איז זי צוגעשטאַנען צו דער נאַציאָנאַלער ריכטונג.

דער „מזרח ווינט" האָט אויך אין דער אומבאַוועגלעכער אַטמאָספער פון יידישן לעבן אין האָלאַנד אַרייַנגעבראַכט אַ פרישן שטראָם. אויך דורך דעם לאַנד פלעגן יעדעס יאָר דורכגיין פּאַרטיעס עמיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע; אויפן וועג צו אַמעריקע פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן אין ראָטערדאַם און אַנדערע האַפנס, און אַמאָל פלעגן זיי דאָ איבערלאָזן אַ טייל פון זייערע גלידער צום שטענדיקן וואוינען. פון אַזאַ צופלוס עמיגראַנטן האָט זיך האָלאַנדס יידישע באַפעלקערונג עטוואָס פאַרגרעסערט פאַר די לעצטע צוויי יאָרצענדליק פון XIX יאָרהונדערט (אין 1881 איז געווען 82,000, און אין 1899 — 104,000). אַ העלפט פון אַלע יידן אין האָלאַנד האָט זיך געפונען אין אַמסטערדאַם, און די איבעריקע—אין האַאַג, ראָטערדאַם, גראָנינגען און אַנדערע קלענערע פּונקטן. אין אַמסטערדאַם האָבן יידן כּמעט ווי מאָנאָפּאָליזירט די אַלטע אָרטיקע

מלאכה — שלײַפֿן טײַערע שטײנער און דעם יובעליר-מסחר בכלל. די אויסאַרבעטונגען פֿון אַמסטערדאַמער שלײַפֿער האָבן געהאַט אַ גוטן שם און אָפּזאַץ אין אַלע לענדער. דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן פֿון האָלענדער ייִדן איז זיך געגאַנגען רואיק אין יענע יאָרן, ווען אין שכנישן דײַטשלאַנד האָט געווילדעוועט די סטיכיִיע אַנטיסעמיטיזם. זייערע בירגערלעכע רעכט האָט קײנער נישט באַשטריטן, און זייער אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פֿון לאַנד איז געווען צו קליין, אַז ער זאָל אַרויסרופֿן פּאָליטישע לײדנשאַפֿטן אויפֿן נאַציאָנאַלן באָדן. צום אונטערשיד פֿון די איבעריקע גרופּעס מערב-ייִדן, האָבן זיך האָלענדער ייִדן אין דער צווייטער העלפֿט XIX יאָרהונדערט, פּונקט ווי אין דער ערשטער, ווייניק געלאָזט אַסימילירן. די מערהייט אין די קהילות איז געווען פֿון דער אָרטאָדאָקסאַלער פּאַרטיי, וואָס בראש פֿון איר איז געשטאַנען דער אַמסטערדאַמער רב יוסף-הירש דינער, אַ באַקאַנטער תּלמודיסט און רעקטאָר פֿון ראַבינער-סעמינאַר. די גאַנץ ברייטע קהילה-אויטאָנאָמיע האָט די גײַסטיקע פֿירער געגעבן אַ מעגלעכקייט אָפּצוהיטן די אומבאַרירלעכקייט פֿון די אַלטע רעליגיעז-דערציערישע אַנשטאַלטן. די דאָזיקע אַנשטאַלטן האָבן זיך נאָר אויסערלעך צוגעפּאַסט צו די נײַע אָרדנונגען — זיי האָבן איבערגענומען די מלוכהשפּראַך אין געשעפֿטספֿירונג און שולאונטערריכט. אַ קאָנסערוואַטיווע ריכטונג האָט אויך געהערשט אין די ייִדישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס אויף דער האָלענדישער שפּראַך. אין האָלאַנד איז אין די באַציאונגען צווישן דער ייִדישער און קריסטלעכער געזעלשאַפֿט שוואַך געווען סײַ די צוציונגס-קראַפֿט, סײַ די אָפּשטויסקראַפֿט. עס זענען נישט געווען קיין אָפֿטע געמישטע חתונות, עס איז אָבער אויך נישט געווען קיין ראַסן-אַנטיסעמיטיזם. אָט די דאָזיקע קעגנזײַטיקע אײַנגעהאַלטנקייט בײַ פֿאָרמעלער בירגערלעכער גלײַכגעשטעלטקייט האָט פֿאַרקלענערט די רײַבונגען צווישן קריסטן און ייִדן און פֿאַרהיט בײדע צדדים פֿון קאָנפֿליקטן, איבער וועלכע ייִדן אין די שכנישע לענדער האָבן אַזוי פֿיל צרות געהאַט.

אויב די אַנטיסעמיטיזם-חולאַת האָט קיין האָלאַנד נישט געקאָנט אַרײַנדרינגען פֿון שכנישן דײַטשלאַנד, איז אָבער האָלאַנדס געוועזענע פֿאַרבינדעטע — בעלגיע נישט אָפּגעהיט געוואָרן פֿון דער דאָזיקער מאָדישער קרענק: פֿאַרטראָגן האָט מען זי אַהער פֿון קרובֿעשן — לויט שפּראַך און גלויבן — שכנישן פֿראַנקרײַך. אָנגעשטעקט דערמיט בעלגיע האָט דער קלעריקאַליזם, וואָס ער האָט נאָך פּרעטענדירט אויף אַ פּאָליטישע ראָליע אינם קאַטוילישן לאַנד. אין דעם זעלבן יאָר (1898), ווען אויף די פּאַריזער גאַסן האָט דער אַנטיסעמיטיזם געטומלט אין צוזאַמענהאַנג מיטן דרייפֿוס-פּראָצעס, האָט אַ הייפֿל בעלגישע אַנטיסעמיטן זיך געפּרובט אויפֿצוהייבן אויך בײַ זיך אין דער היים פּונקט אַזאַ באַוועגונג. די קלעריקאַלן, וואָס זענען געזעסן אין סענאַט, האָבן געפֿאָדערט, מ'זאָל ייִדישע אײַנוואַנדערער נישט דערלויבן זיך צו נאַטוראַליזירן. בײַם באַטראַכטן אין סענאַט אַ געזעצפּראָיעקט וועגן הויזיר-האַנדל האָבן די אַנ-

טיסעמיטן געטענהט, אַז אַלע יידן אין בעלגיע פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזי-
קער פּראָפעסיע צום שאָדן פון נאָרמאַלן האַנדל. דערויף האָט דער יידישער
סענאַטאָר הירש געענטפערט, אַז הויזירער רעכנט זיך אין לאַנד 17.000, און
יידן איז אין גאַנץ בעלגיע פאַראַן נאָר 9.000, דערין שוין מיט ווייבער און
קינדער, ד. ה. ווייניקער פון 2.000 משפחות, — ובכן, האָבן זיי נישט געקאָנט
מאָנאָפּאָליזירן דעם גאַנצן הויזירער-מסחר. דאָס זעלבע יאָר האָבן קאַטוילישע
גייסטלעכע געפּרובט אויפלעבן שנאה צו יידן מיט הילף פון איינער פון יענע
מיטלאַלטערלעכע צערעמאָניעס, וואָס איראָפּע האָט שוין לאַנג פון זיי פאַרגעסן.
אין יולי איז זיך אין בריסעל צוזאַמענגעקומען אַ קאַטוילישער קאָנגרעס, באַ-
טייליקט האָבן זיך אין אים העכערע קירכן-עדעללייט פון פאַרשידענע לענדער.
האָבן די אנטיילנעמער פון קאָנגרעס געמאַכט זונטאָג דעם 17 יולי אַ פייער-
לעכע פּראָצעסיע איבער די גאַסן צוליב דעם „נס", וואָס איז געשען דעם טאָג
אין 1370 יאָר: יידן האָבן דאַמאָלסט כלומרשט דורכגעשטאָכן דעם קלויסטער-
סאַקראַמענט אָדער האָסטיע כדי צו באַליידיקן דעם סימבאָל פון קריסטוסעס
לייב, אָבער פונם ברויט-סימבאָל האָט אָנגעהויבן רינען בלוט, און די געפונענע
גאָט-לעסטער האָט מען פאַרברענט אויף אַ שייטערהויפן — אַלס אַ שבח דעם
אויבערשטן. אָט דעם אָנדענק פון אַזאַ כלומרשטן נס האָט מען עס איצט גע-
פייערט מיט אַ צוג איבער די בריסעלער גאַסן — פון אַ צענטויזנטקעפּיקן
עולם, בראש מיט קאַרדינאַלן און בישאָפן. די ליבעראַלע און ראַדיקאַלע צייַ-
טונגען האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט זיך
פונם חושך פון 14-טן יאָרהונדערט אַריינגעריסן אינם היינט. אין אייניקע ער-
טער האָבן ליבעראַלן און סאָציאַליסטן געמאַכט קאָנטער-דעמאָנסטראַציעס קעגן
דעם גלחישן אויפטו. דאָך האָט זיך אויך צווישן די ראַדיקאַלן געפונען איינער
אַ סענאַטגליד, אַדוואָקאַט פּיקאַר, וואָס האָט געוואָלט נאָכטאָן דריומאָנען און
איינפלאַנצן אין בעלגיע עקאָנאָמישן און ראַסן-אַנטיסעמיטיזם. — עס האָט זיך
אַרויסגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער אַדוואָקאַט האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ
סאָציאַליסט און אין סענאַט איז ער אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער אַרבעטער-
פאַרטיי; פריער האָט ער זיך גערעכנט אין דער פאַרטיי ביי קלעריקאַלן, און
שפּעטער ביי ליבעראַלן. אָבער גאָר גיך איז דאָס דאָזיקע פלוצלימדיקע פייערל
פון אַנטיסעמיטיזם אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן: עס איז ליקווידירט געוואָרן
די דרייפוסיאַדע, אינם פראַנצויזישן נעסט האָט די עפּידעמיע אָפּגעלאָזט, און
אין בעלגיע מיטן הייפל יידן איז דער אַנטיסעמיטיזם אודאי שוין געווען מער
לעכערלעך, ווי טרויעריק. די קליינע בעלגישע קאָלאָניע האָט זיך ווייטער גע-
לעבט רואיק אין אירע פריערדיקע נעסטן, — אין אַנטווערפּן, בריסעל, ליעזש,
גענט; און נאָר צוביסלעכווייז פלעגט זי זיך פאַרגרעסערן מיטן צוקומען פון
איבערוואַנדערער אויס רוסלאַנד, ווייל אַנטווערפּן איז געלעגן אויפן וועג פון
די עמיגראַנטן צו אַמעריקע. אין דער דאָזיקער שטאָט זענען יידן געווען אויך

צווישן די אָרטיקע גרויסע סוחרישן און אין די רייען פון אַרבעטער־פּראָלע־טאַריאַט.

אויסער ווירקונגספער אנטיסעמיטיזם איז פארבליבן איטאַליע, וואו 35 טויזנט יידן האָבן זיך קוים אָנגעזעען צווישן 33 מיליאָן קריסטן. איטאַליענישע יידן האָבן אין דער פולער מאָס אויסגענוצט זייער בירגערלעכע פרייהייט. זיי זענען געזעסן אַלס אויסדערוויילטע פון פאָלק אין דעפּוטאַטן־קאַמער (זייער צאָל איז דאָרט געווען פון 6 ביז 15) און אין סע־נאַט. זיי האָבן אויך מלוכה־דינסט פאַרנומען הויכע פּאָסטנס, בתוכם אויך מיניסטאָרישע. יידן זענען געווען אַריינגעצויגן אין קרייז אַלגעמיין־בירגער־לעכן לעבן און זיי האָבן פאַרגעסן נישט נאָר וועגן זייער נישט־לאַנגיק געטאָ, נאָר אויך וועגן דעם, צוליב וואָס דאָס געטאָ האָט געדינט נאָר ווי א פאַר־עלטערט לבוש—וועגן זייער אויטאָנאָמער קהילה און איינוואוינערסטער נאַציאָ־נאַלער אָרגאַניזאַציע. די באַנייאונג האָט דאָ אָנגערירט נאָר די פאָרם: אויפן אָרט פון די אַלטע אָרעמלעכע בתי־מדרשים אין רוים, מילאַן, פלאָרענץ, ליוואָרנאָ, טורין און אנדערע שטעט — האָט מען אַוועקגעשטעלט גרויס־אַרטיקע „טעמפּלען”, אָפּט מיט רעפאָרמירטער גאָטעס־דינסט, מיט א מוזי־קאַלן כאָר און אָרגעל,—אָבער געדאַווענט האָבן אין די דאָזיקע טעמפּלען זייער ווייניקע. עס זענען געווען ראַבינערס — א הויפּט־רב אין רוים און אָרטיקע אין די פּראָווינץ־שטעט, אָבער די דאָזיקע פירער האָבן געהאַט א נישטיקע עדה. רעליגיעזער אינדיפערענטיזם און דאָס, וואָס עס האָט געפעלט נאַציאָ־נאַלער זעלבסטבאַוואוסטזיין, — דאָס צוזאַמען האָט געווירקט. דעם ראַבינער־אינסטיטוט אין פּאַדואַ, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן גרויסן נאָמען פון ש. ד. לוצאַטאָ, האָט מען אריבערגעפירט קיין רוים (1887), אָבער דער שינוי־מקום האָט נישט געהאָלפן, ער זאָל אויפלעבן. פון קיין יידישער וויסנ־שאַפט אין איטאַליע האָט מען מער נישט געהערט, און אַרטיקלען איבער דער גע־שיכטע פון יידן אין יודאַאיזם פלעגן זיך באַווייזן נאָר אין קלענערע פעריאָ־דישע אויסגאַבעס אין איטאַליענישער שפּראַך (Wessillo Jsraelitico, Corriere Jsraelitico). יידישע גייסטיקע קרעפטן פלעגן אוועקגיין צו דער איטאַליענישער וויסנשאַפט און ליטעראַטור. פון זיי איז שטאַרק באַרימט געוואָרן דער אַנטראָפּאָלאָג־פּסיכיאטער טשעזאַרע לאָמבראָזאָ, וואָס האָט א גרויסן טומל אָנגעמאַכט מיט זיין טעאָריע וועגן די פּסיכאָ־פיזישע אייגנשאַפטן פון פאַרברעכערישע טיפּן און וועגן דער קרובהשאפט פון גע־ניאַלקייט מיט משוגעת.

אין דער שווייץ האָט די אויפגעצוואונגענע עמאַנסיפּאַציע פון יידן 1) פאַרבעסערט זייער בירגערלעכע לאַגע, אָבער די באַציונג צו זיי מצד דער קריסטלעכער געזעלשאַפט האָט זיך נישט געענדערט. דער מאָדישער

1) זע פריערדיקער באנד, § 50.

קעמפערישער אַנטיסעמיטיזם איז דאָ נישט געווען, אָבער עס איז פאַרבליבן אַן אַלטע קעגנזייטיקע אָפּגעפרעמדקייט, וואָס אויך די אויסערלעכע אסימילאַציע האָט זי נישט באַזייטיקט. די פּאַטריאַרכאַלישע באַפעלקערונג אין די קאַנטאָנען פלעג נאָך פּרובן ערטערווייז צו מאַכן באַגרענעץ־געזעצן פאַר יידן. עס האָט זיך אָפּגעזוכט אויך א באַקוועמע געלעגנהייט, שוין אַן אויסגעפּרובטע אין דייטשלאַנד: צער בעלי־חיים. אייניקע קאַנטאָנען האָבן באַשלאָסן צו פאַרווערן יידישע שחיטה, ווייל זי פּייניקט די בעלי־חיים; דערמיט האָבן זיי ביי אַ סך יידן אָפּגענומען די מעגלעכקייט צו עסן פלייש. האָט דער שווייצער בונדעסראַט געפונען, אַז דער באַשלוס איז סותר די פּרינציפּן פון געוויסן־פרייהייט, וואָס די קאָנסטיטוציע פון דער רעפּובליק האָט איינגעשטעלט. דאַמאָלסט האָט זיך אין לאַנד אויפגעהויבן אַן אַגיטאַציע, וואָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די בונדעס־פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען אַ באַשלוס. אַז מען זאָל שטעלן צו אַ פאָלקס־אָבשטימונג די פראַגע וועגן פאַרווערן יעטוועדן אַנדערן אופן קוילענען בעלי־חיים, ווי דער אַלגעמיין־אָנגענומענער. דער רעפערענדום האָט געגעבן אַזאַ סך־הכל: 11 קאַנטאָנען קעגן 10 און 188.668 שטימען קעגן 116.592 — האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר פאַרווערן (1892). אַזוי אַרום זענען די אָרטאָדאָקסאַלע שווייצער יידן געבליבן אין דעם זעלבן מעמד, ווי די זאַקסישע: זיי האָבן געמוזט אָדער ווערן וועגעטאַריאַנער, אָדער ברענגען כשר פלייש פון אויסלאַנד אויף הויכע פרייזן. — די צאָל יידן אין שווייץ איז צום סוף 19־טן יאָרהונדערט דערגאַנגען ביז 10.000, פון זיי 3.000 געבוירענע אין רוסלאַנד. אויסער די געוויינלעכע עמיגראַנטן, איז קיין שווייץ געגאַנגען פון אויסלאַנד אַ שול־עמיגראַציע: דאָרט האָט מען די יידישע יוגנט אַרויסגעשטויסן פון הויך־ און מיטל־שול, און יעדעס יאָר פלעגט זי קומען אין די הונדערטער קיין ציריך, בערן, לאָזאַן און זשענעוו, וואו פאַר אויסלענדער איז נישט געווען אַזוי שווער אָנצוקומען אין די לערנאַנשטאַלטן, ווי אין דייטשלאַנד. דאָס רוב יונגע וואַנדערער פלעגן נאָכן פאַרענדיקן זייער בילדונג זיך צוריק אומקערן אהיים, אָבער אַ טייל פלעגט פאַרבלייבן אין שווייץ און זיך שפּעטער נאַטוראַליזירן. די געבוירטיקע שווייצער יידן זענען אין נאַציאָנאַלן פּרט געשטאַנען נאָנט צום פריר־פּונקט, אָבער דער וואַרעמער מזרח־שטראָם האָט זיי נישט געלאָזט קומען צו אַזאַ פּונקט. די שווייצאַרישע שטאָט באַזעל איז פון 1897 געוואָרן דאָס ליבלינג־אָרט פאַר די ציוניסטישע קאָנגרעסן. די צוהיצטע נאַציאָנאַלע אַטמאָספער פון די דאָזיקע קאָנגרעסן און די הייסע אידעאישע דעבאַטן פון דער רוסישער לערניוגנט, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע פּאַרטייען — דאָס אַלץ האָט געמוזט כאָטש טיילווייז צעשמעלצן דאָס אייז אין די הערצער פון די תּושבים.

די נאָענטקייט צו רוסלאַנד און די קרעכצן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דאָרטן, האָבן נישט געלאָזט אַנטשלאָפן ווערן די יידן אין סקאַנדינאַ־

זויע. די יידישע קאָלאָניע אין שוועדן איז סוף יאָרהונדערט דערגאַנגען ביז 4.000 מאַן און געווען דערעיקרשט קאָנצענטרירט אין שטאָקהאָלם; דאָסגלייכן די קליינע קאָלאָניע אין דענעמארק — אין קאָפּענהאַגען.ביידע סקאַנדינאַווישע קאָלאָניעס האָבן גענאָסן אַלע גליקן פון בירגערלעכער גלייכגעשטעלטקייט, און האָבן נישט געליטן פון די שלאַנגען־ביסן פון אַנטי־סעמיטיזם. די אויסערסט קליינע און אומבאַמערקלעכע צאָל האָט דאָ יידן באַפרייט פון יענע אומאָנגענעמלעכקייטן, וואָס עס האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט יידן אין דייטשלאַנד.

אין דער צייט ווען אין די גרויסע מלוכות פון אייראָפּע האָט געוויל־דעוועט דער ווידער־אויפגעשטאַנענער מיטלאַלטערלעכער יידן־האַס, האָט דאָס קלאַסישע לאַנד פון לעצטן — שפּאַניע זיך אַזוי ווי געשלאָגן על־חטא פאַר איר היסטאָריש פאַרברעך. גלייך נאָך די פרילינג־פּאָגראָמען פון 1881 אין רוסלאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די שפּאַנישע רעגירונג האָט דערלויבט די פּליטים פון רוסלאַנד זיך צו באַזעצן אין שפּאַניע. הגם דער קלאַנג איז אָפיציעל באַשטעטיקט געוואָרן דורך מעלדונגען פון שפּאַנישע מיניסטאָרן (סאַגאַסטאַ א. אַ.), האָבן דאָך יידישע עמיגראַנטן מורא געהאַט אַריבערצופאָרן אין אַ לאַנד, וואו משך פיר יאָרהונדערטער האָט לויט די מלוכהשע גרונדגעזעצן קיין שום ייד נישט געטאָרט וואוינען. נאָר איינ־צלנע פערזאָנען, דער עיקר האַנדלס־אַגענטן פון אַנדערע מלוכות, האָבן דאָרט צייטווייליק געוואוינט. דאָס דאָזיקע הייפל יידן (אין די 80־ער יאָרן זענען זיי געווען ביי 400 מאַן אין באַרצעלאָנע און מאַדריד) האָבן אָבער געמוזט באַהאַלטן זייער אָפּשטאַם, און אין ימים־טובים האָבן זיי געמוזט דאַווענען אין פּריוואַטע הייזער, ווייל לויט דער שפּאַנישער קאָנסטיטוציע זענען יידן געווען פאַרווערט „רעליגיעזע מאַניפעסטאַציעס", ד. ה. עפנטלעכער גאָטדינסט. אין 1886 האָט דער ליבעראַלער שפּאַנישער סענאַטאָר לאָפּעס לאַפּויא געגרידעט אַ קאָמיטעט אויף צוציען יידן אין לאַנד, און דער געלערנטער יעזואיט פידעל־פיטאַ, דער פאָרשער פון יידן־געשיכטע אין שפּאַניע, האָט באַקומען דער רעגירונגס־צוזאָג צו העלפן פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן. אָבער פון די אַלע פּרובן איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. שפּאַניע איז אַלץ געווען פאַר יידן אַ פאַרשאָלטן לאַנד.

די צווייטע מלוכה פון פּירענעאישן האַלבאינזל, פּאָרטוגאַל, האָט שוין פון לאַנג אָראָפּגענומען פון זיך דעם שאַנד־פלעק פון אומטאָלעראַנץ: זי האָט אָפּגעשאַפט רעליגיעזע באַגרענעצונגען, און דאָ איז נאָך פון אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט געווען אַ קליינע יידישע קאָלאָניע. דאָ פלעגן זיך באַזעצן גרופּעס יידן פון גיבראַלטאַר, וואָס איז געווען אונטער ענגלאַנדס פּראָטעק־טאָראַט, און פון די נאָענטע צפון־אַפריקאַנישע לענדער — מאַראָקאָ און טוניס. די דאָזיקע קליינע גרופּעס ספרדים און אַשכנזים האָבן זיך אין

ליסאַבאָן צוביסלעך פאַראייניקט אין אַ געמיינדע (1890), וואָס האָט געהאַט עטלעכע דאַוון־שטיבלעך און אַ באַזונדער בית־עלמין. אין 1902 האָט מען די שטיבלעך פאַרביטן מיט אַן אַלגעמיינער שול, אָבער לויט דער פאָדערונג פון דער מאַכט האָט זי נישט געהאַט דעם אויסזען פון אַ טעמפּל און איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכער וואַנט, כּדי זי זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן די דורכגייער. די פאָרמעל פּראָקלאַמירטע גלויבנס־טאָלעראַנץ האָט נישט געלאָזן קיין וואָרצלען אין אַ פאָלק, וואָס איז פון 16־טן יאָרהונדערט געוואוינט געווען צו זען דעם יידן נאָר אונטער דער מאַסקע פון אַ מאַראַנער. קיין פעסטע איינגעזעסנקייט אין אַזאַ לאַנד איז נישט מעגלעך געווען, און די צאָל יידן אין ליסאַבאָן איז צום אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט נישט העכער געווען פאַר 300 משפּחות.

## § 25. די יידנפיינטלעכע רומעניע

צווישן מזרח־ און מערב־אייראָפּע איז געווען אַ נעסט פון גרויזאַמסטער שׂנאה צו יידן, — אַ לאַנד, וואָס האָט מיטן מאַנטל „קאָנסטיטוציע" פאַר־דעקט פּאָליטישע באַרבאַריי. אונטערן מאָדישן צודעק פון אַ רעכטלעכער מלוכה האָט די רעגירונג פון ק ע נ י ג ר י י ך ר ו מ ע נ י ע באַשאַפן פאַר יידן אַזאַ גיהנום רעכטלאָזיקייט און פאַרקנעכטונג, אַז דאָס האָט געמאַכט אַ נאָענטע קרובהשאַפט צווישן רומעניע מיט רוסלאַנד — איר שכן מיט איין און דעם זעלבן גלויבן. אַ פינסטערע אומקולטורעלע מאַסע פויערים, וואָס ווערן עקספּלואַטירט דורך פּריצים־„באָיאַרעס"; אַ נישט ווייניקער פינסטערע און פאַנאַטישע פּראַוואָסלאַווגע קליינבירגערשאַפט, וואָס שטרעבט אַרויסצופּטרן יידן פון די שטעט; אַ קליינצאָליקע אינטעליגענץ, וואָס האָט איבערגענומען נאָר דעם אויסערלעכן גלאַנץ פון אייראָפּעאישער קולטור אָן איר גייסטיקן אינהאַלט און וואָס ביי איר איז רעכט געווען צונויפצופאָרן ליבעראַליזם מיט די העסלעכסטע פאָרמען פון פּאָליציייִשן פּרעס; אַ באַאַמטן־שטאַנד, וואָס איז געווען דורך און דורך פאַרקויפט, פון פּאָליציאַנט ביזן מיניסטער, — אָט אַזוינס איז געווען דאָס קריסטלעכע רומעניע. אַ פערטל מיליאָן מענטשן וואָס האָבן אין דאָזיקן אַגראַר־פעאָדאַלישן לאַנד געשטרעבט צו ווערן אַ לעבעדיקער אינדוסטריעלער כּח, אָבער די גרויזאַמע געזעצן האָבן זיי צוריקגעשליידערט אויפן דעק פון סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן — צו קליינהאַנדל, קליינמלאכה און קבצנות; אַלס פּועל־יוצא דערפון — אַ קולטורעלע אָפּגע־שטאַנענקייט פון די מאַסן, אַ פינסטערע הערשאַפט פון רביים איבער די חסידים; אַ שוואַכע אינטעליגענץ פון נייעם טיפּ, וואָס קאָן אָבער נישט בייקומען נישט דעם פּאָליטישן יאָך פון די פיינט, נישט די קולטורעלע פאַר־

גליווערטקייט פון דער אייגענער מאסע, — אַט אזוינס איז געווען דאָס יידישע רומעניע די לעצטע יאָרצענטן פון 19־טן יאָרהונדערט. די מלוכה ביים דונאי איז געווען א מיניאטור־בילד פון איר צפונדיקער שכנטע — מיט דעם אונטערשיד, וואָס אין אָפן־דעספּאָטישן רוסלאנד האָט די יידן־פאַרקנעכ־טונג הארמאָנירט מיט דער אלגעמיינער בירגער־פאַרקנעכטונג, קעגן וועלכער ליבעראַלע און רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען האָבן געפירט א קאַמף; אָבער אין דער „קאָנסטיטוציאָנעלער" רומעניע האָבן געטריבן חוזק איבער יידן סיי די בעזעלשאַפט, סיי די מאַכט — דערביי האָבן „ליבעראַלע" מיניסטעריומס אַרויסגעוויזן אין דעם נאָך מער פלייס, ווי די קאָנסערוואַטיווע. פּונקט ווי רוסלאַנד, איז נאָך רומעניע נישט דערוואַקסן צום נייעסטן אנטיסעמיטיזם, זי איז נאָך אַלץ געווען אין סטאַדיום פּרימיטיווער יידן־שנאה, וואָס האָט יידן נישט געהאַלטן פאַר קיין בירגער. דאָס דאָזיקע מיניאַטור־בילד פון רוסלאַנד איז נאָך העסלעכער געווען פאַר זיין אָריגינאַל דערפאַר, ווייל אין רומעניע איז דאָס אָפּנעמען בירגער־רעכט ביי יידן געווען א פאַרלעצונג פון אינ־טערנאַציאָנאַלע התחייבותן.

אזוי רומעניע האָט אָפּגע־נאַרט די גרויסמאכטן פון איירָאָפּע, וועלכע האָבן אויפן בערלינער קאָנגרעס אין 1878 מסכים געווען צו אָנערקענען איר אומאָפּהענגיקייט — בתנאי זי זאָל בירגערלעך גלייכשטעלן יידן. מיטן דערקלערן פאַר „אויסלענדער" צוויי הונדערט טויזנט יידן, וואָס זענען געבאָרן געוואָרן אין לאַנד, האָבן די רומענישע רעגירונג מיטן פאַרלאַמענט באַשאַפן אַן אומגעהויערע פּאָליטישע פיקציע: א קלאַס „אָרטיקע אויסלענדער", וואָס זענען נישט געווען קיין אונטערטאַנען פון קיין שום אנדער מלוכה, אויסער רומעניע, וואו זיי האָבן געצאָלט אלע שטייערן און געטראָגן מיליטער־דינסט באַגלייך מיט די אָרטיק־געבוירטיקע, אָבער וואָס האָבן אפילו נישט געהאט אַלע פערזענלעכע רעכט פון אַן אויסלענדער. די דאָזיקע פיקטיווע אויסלענדער האָט מען געשאָנקען דאָס רעכט, אז יעדער באַזונדער זאָל זיך משתדל זיין אין פאַרלאַמענט וועגן נאַטוראַליזירן אים, אָבער די דאָזיקע השתדלותן פלעגט די אנטיסע־מיטישע מערהייט פון דעפּוטאַטן־הויז — מיט אייגצלנע אויסנאַמען — נישט באַפרידיקן. אזא גראַנדיעזער שווינדל, וואָס אין אים האָבן אָנטיילגענומען סיי די רעגירונג און סיי די פאָלקס־פאָרשטייער, האָט דאָך ביי די מאַכט־האָבנדיקע קרייזן פון איירָאָפּע נישט אַרויסגערופן יענעם צאָרן, וואָס אזא אקט האָט געדאַרפט אַרויסרופן. צום גליק פון די רומענער אַנטיסעמיטן, איז גאָר צום אָנהויב פון זייער אָפּעראַציע געשטאָרבן ביקאָנספילד, דער איינציקער פון די דיפּלאָמאַטן, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם בערלינער

איבן איז שוין דערציילט געוואָרן [1].

1) פריערדיקער באנד ז. 51.

טראַקטאַט, וועלכער וואָלט געקאָנט באַשטיין אויף רעפּרעסיווע מיטלען קעגן אַ לאַנד, וואָס ברעכט דעם יידן-פּונקט פון טראַקטאַט. ווען אָבער די רומע־נישע מאַכט האָט געזען, אַז יידן האָבן נישט קיין פּאַרטיידיקער צווישן די אייראָפּעאישע פּאָליטישע טוער, איז זי מיט יעדן יאָר געוואָרן אַלץ דרייס־טער אין אירע עקספּערימענטן. די ערשטע יאָרן נאָכן בערלינער טראַקטאַט האָט מען נאַטוראַליזירט 800 יידישע זעלנער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער מלחמה מיט טערקיי, און עטלעכע צענדליק יידן פון די פּני, — אָבער די ווייטערדיקע יאָרן האָט מען אַלע השתדלותן וועגן נאַטוראַליזאַציע כסדר אָפּגעוואָרפן. אַלס „אויסלענדער" האָבן יידן אָנגעוואוירן אַלע פּאָליטישע רעכט — צו וויילן און אויסגעוויילט צו ווערן צום פּאַרלאַמענט, צו פּאַר־נעמען מלוכה-שטעלעס, זיך צו באַטייליקן אין דער שטאָטישער זעלבסטפאַר־וואַלטונג. הייגנט אין געביט פון עלעמענטאַרע בירגער-רעכט האָט מען דעם יידן געשטעלט אין אַזאַ לאַגע, אַז ער האָט געמעגט מקנא זיין יעדן אמת־דיקן אויסלענדער, וואָס האָט שוץ ביים אַמבאַסאַדאָר אָדער קאָנסול פון זיין מלוכה. מער פאַר אַלץ האָט מען דעם יידן געדריקט אין עקאָנאָמישן גע־ביט: צו פרייע און בכלל צו בכבודיקע פּראָפעסיעס האָט מען אים נישט צוגעלאָזן, און ווען ער פלעגט מוזן איבערגיין צו האַנדלס-פאַרמיטלונג און נידריקערע מלאכות, האָט מען אים דערקלערט פאַר אַ פּאַראַזיט און אָנגע־ווענדט צו אים אַלערליי רעפּרעסיעס. מערקווירדיק ווי געטריי די רומענער האָבן קאָפּירט די סיסטעם-פּאַרקנעכטונג, וואָס האָט זיך יענע יאָרן פּראַקטי־צירט אין רוסלאַנד. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז צווישן פעטערבורג און בוקאַרעשט איז מכוח דעם געווען אַ „האַרציקער הסכם", אַז בראַטיאַנאָס רע־גירונג האָט זיך כסדר אינפאָרמירט ביי די קאָלעגן פון איגנאַטיעוס אָדער טאָלסטאָיס רעגירונג, וועלכע דראַקאָנישע מיטלען שטייען ביי זיי אויפן סדר-היום, כדי זיי זאָלן תיכף קאָנען דיזעלבע „רעפאָרמעס" איינפירן ביי זיך אין דער היים.

רומעניע האָט פּונקט ווי רוסלאַנד געליטן פון שכרות-קרענק, און די וויין-פּראָדוקציע איז דאָ געווען שטאַרק אַנטוויקלט. די נויט האָט געצוואונ־גען פיל יידן זיך צו פאַרנעמען מיט פאַרקויפן שפּירט-געטראַנקען אין שטאָטישע און דאָרפישע שענקען. כדי אָבער צו קאָנצענטרירן די דאָזיקע הכנסהדיקע, הגם נישט גאָר בכבודיקע, געשעפטן אין קריסטלעכע הענט, האָט דאָס געזעץ פאַרווערט צו האַנדלען מיט שפּירט-געטראַנקען אין דאָרף — פּערזאָנען, וואָס זענען נישט קיין מיטגלידער פון די דאָרפס-געמיינדעס מיט וואַל-רעכט. דאָס הייסט יידן. דאָס האָט געצוואונגען די יידישע הענדלערס אַריבערצוטראָגן זייערע שענקען אין די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס פלעגן אָפט באַזוכט ווערן דורך די פּויערים. דאַמאָלסט האָט די רעגירונג דער־קלערט (מיט אַ צירקולאַר פון 1881), אַז דאָס פאַרווערן יידן צו האַנדלען

מיט בראָנפן איז חל אויך אויף די שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען פאַר=
אייניקט מיט די דאָרפסגעמיינדעס אין איין קרייז. די דאָזיקע פאַראָרדנונג
האָט אָפּגענומען דעם קוואַל פון חיונה ביי פיל טויזנטער יידישע משפחות;
אויפן אָרט פונם ווייִנשענקער דעם ייד — האָט זיך באַפעסטיקט דער קריסט,
ס'רוב פון די באַאַמטע וועלכע פלעגן אויסנוצן זייער מאַכט אויף צו פראַ=
טעזשירן שיכּרות אין פאָלק. יידן איז אויך פאַרווערט געווען צו האַנדלען
מיט טאַבאַק אַלס רעגירונגס=אַגענטן אין דעם דאָזיקן מלוכהשן מאָנאָפּאָל,
צו האַנדלען מיט אַפּטייק=סחורות און פאַרוואַלטן מיט אַפּטייקן, פאַרנעמען
דעם אַמט פון בערזן און האַנדלס=מעקלערס, דינען אין צאָל=אַמט, פאַכטן
די שטייערן, פאַרנעמען פאַראַנטוואָרטלעכע פאָסטנס אין פאָלקסבענק. יידן=
סוחרים, וואָס זענען געווען די מערהייט אין רומענישן סוחרים=שטאַנד, האָבן
נישט געקאָנט קלייבן קיין פאָרשטייער אין די האַנדלס=קאַמערן, און אַזוי
אַרום האָבן זיי געמוזט פאָלגן די באַשלוסן פון זייערע אייגענע האַנדלס=
קאָנקורענטן. אין אַן אַקציען=געזעלשאַפט האָט די מערהייט פאַרוואַלטונג
געמוזט באַשטיין פון „רומענער”, ד. ה. פון נישט=יידן. אין זייערע האַנדלס=
אונטערנעמונגען האָבן יידן געמוזט פירן אַלע איינשריפטן אויף דער רומע=
נישער אָדער אַן אַנדערער אייראָפּעאישער שפּראַך, אָבער בשום אופן נישט
אויף זייער מוטערשפּראַך. אַפילו פאַבריק=אַרבעט איז פאַר יידן געווען
באַגרענעצט: פינף יאָר נאָכן עפענען אַ פאַבריק — האָבן צוויי דריטל אירע
אַרבעטער געמוזט זיין רומענער, די פאַבריק האָט אַפילו געמעגט געגרינדעט
ווערן דורך אַ ייד — אַ קאַפּיטאַליסט און מיט דער הילף פון יידישע
אַרבעטער.

די דאָזיקע גאַנצע פאָליציייאישע רעגלאַמענטאַציע האָט מען פאַרענט=
פערט מיט איין פרינציפּ: „רומעניע — פאַר רומענער=קריסטן”. יעדער ביסן
ברויט, וואָס אַ ייד פאַרדינט אַפילו מיט אָרנטלעכער פראַצע, איז אַרויסגעריסן
ביים רומענער פון מויל; נמצא, דער ייד איז אַ רויבער, עקספּלואַטאַר, און
מען דאַרף אים אַזוי לאַנג פייניקן, ביז ער וועט נישט אַוועק פון לאַנד. וועגן
דעם מיניסטער בראַטיאַנאָ, דעם המן וואָס איז אָפט געשטאַנען בראש פון
דער רעגירונג, דערציילט מען, אַז ער האָט אין אַן ענגער מסיבה געזאָגט
אויף דער יידנפראַגע אַזאַ משל: אַ הונגעריקער, אויסגעמאָגערטער פוקס
האָט געמאַכט אַ לאָך אין צוים פון ווייִנגאָרטן, איז אַריין אַהער, האָט זיך
צוזאַט אָנגעפרעסן און איז געוואָרן אַזוי גראָב, אַז ער האָט נישט געקאָנט
אַרויסקריכן צוריק דורך דער פריערדיקער לאָך: דעמאָלסט האָט דער בעל=
הבית פון ווייִנגאָרטן פאַריאָגט דעם פוקס אין אַ ווינקל און האָט אים אַזוי
לאַנג געפּייניקט מיט הונגער, ביז ער איז נישט אויסגעדאַרט געוואָרן, און
דערנאָך האָט ער אים אַרויסגעלאָזן דורך דער זעלבער עפענונג דורך
וועלכער ער איז צום אָנפאַנג אַריינגעדרונגען אין גאָרטן. פונקט אַזוי — האָט

בראַטיאַנאָ געגעבן צו פאַרשטיין — טוען מיר מיט יידן: זיי זענען אַריינגעדרונגען קיין רומעניע הונגעריקע, נויטבאַדערפטיקע, זענען ביי אונז פעט געוואָרן, און איצט קאָנען זיי נישט און ווילן נישט אַרויסגיין פון אונזער לאַנד; וועלן מיר זיי דאַריבער אָפּצערן, זיי זאָלן קענען גיכער אַוועק פון אונז. דעם דאָזיקן חיהשן אַנעקדאָט האָט מען עס געלאָזט אין גאַנג, כדי צו פאַרענטפערן איינע פון די גרויזאַמסטע באַשלוסן פון די רומענישע געזעצגעבער: דאָס פאַרווערן יידן זיך צו פאַרנעמען מיט הויזירן. דאָס איז געווען די נישטיקע פרנסה פונם אָרעמסטן טייל יידישער באַפעלקערונג: אַן אָרעמאַן וואָס פלעגט צונויפקלייבן א פאָר גילדן; אַן אומגליקלעכע אַלמנה אָדער אַ זקן אַן אינוואַליד, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גענוג געלט אויף צו עפענען אַ געוועלב, — פלעגן איינקויפן גאַנגבאַרע ביליקע סחורות און מיט אַ קויש אויף די פּלייצעס אַרומגיין איבער שטעט און דערפער און דאָס פאַרקויפן מיטן קלענסטן ריוח, וואָס האָט קוים געקלעקט אויף צו שפּייזן די הונגעריקע פאַמיליעס. אַזעלכע הויזירער זענען פאַר די פּויערים געווען אַ טובה, — ווייל זיי פלעגן זיי איינשפּאָרן די נויטיקייט צו פאָרן נאָך יעדער קלייניקייט אין שטאָט אַריין. פון דער דאָזיקער פרנסה האָבן זיך געשפּייזט אין בוקאַרעשט אַליין נישט ווייניקער פאַר 400 משפּחות, און אין גאַנצן לאַנד ביי 5000 משפּחות, ד. ה. 25.000 נפשות. איז אָט האָט די רעגירונג אַריינגעטראָגן אין פאַרלאַמענט אַ געזעץ-פּראָיעקט, לויט וועלכן יידן ווערט פאַרווערט דאָס הויזירן. ווען דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן אין דעפּוטאַטן-הויז און אַריבער אין סענאַט, האָבן בוקאַרעשטער יידן דערלאַנגט די סענאַטאָרס א פּעטיציע, אין וועלכער זיי האָבן געשילדערט די לאַגע פון פינפטויזנט הענדלער-משפּחות, וואָס אויב עס זאָל אַרויס אַזאַ געזעץ, זענען זיי פאַרמשפּט אויף הונגער-טויט. דאַמאָלסט האָט די רעגירונג צוגעשטעלט דעם סענאַט מעלדונגען פון קריסטלעכע סוחרים אין פאַרשידענע ערטער, וואו זיי האָבן אויסגעדריקט אַ דאַנק די מיניסטאָרן פאַר זייער גוטער התחלה אין אויסראָטן יידישן האַנדל. און דער סענאַט האָט דעם געזעץ-פּראָיעקט אָנגענומען (1884). האָט זיך אָנגעהויבן אַן עקזעקוציע. פּאָליציי האָט אויף די גאַסן געכאַפּט יידן-פּעדלערס, זיי געזעצט אין תפיסה, איבערגעגעבן צום געריכט כדי אַרויפצולייגן אויף זיי שטראָף. ציייטונגען האָבן באַשריבן פאַלן פון הונגערטויט און זעלבסטמאָרדן אין די פאַמיליעס פון די אומגליקלעכע הויזירערס אין בוקאַרעשט, יאַסי און אַנדערע שטעט. אומזיסט האָבן יידן זיך געוואָרפן צום קעניג, געבעטן אָפּצולייגן דעם טערמין פון אַריינפירן דעם געזעץ — אויף אַ האַלב יאָר. קאַרל פאָן האָהענצאָלערן האָט זיך אויף דעם דריי-געשריי נישט אָפּגערופן, הגם מיט ווערטער האָט ער יידן אָפט אויסגעדריקט מיטגעפיל. דער דאָזיקער דייטשער פירשט האָט נישט געוואָלט פטרן זיין שם פון אַ עכט-רומענישן הערשער, און ער האָט זיך פאַרבאָרגן הינ-

בער אַ שוצוועכטל פון אַ קאָנסטיטוציאָנעלן קעניג, וואָס קאָן נעבעך נישט גיין קעגן פאָלקסווילן.

מיט דער זעלבער התמדה האָט מען יידן באַזייטיקט סיי פון איינפאַ־בערע און סיי פון אינטעליגענטערע פראָפעסיעס. דאָס זעלבע יאָר, ווען מ׳האָט טויזנטער אָרעמע לייט פאַרווערט פעדלעריי, האָט מען יידן־יוריסטן פאַרווערט אַרויסצוטרעטן אין געריכט אַלס געשוואוירענע און אַפילו צו זיין געהילפן אָדער סעקרעטאַרן ביי אַדוואָקאַטן: אַדוואָקאַטור איז געווען די פּריווילעגיע פון פערזאָנען, וואָס האָבן פּאָליטישע רעכט. יידן־דאָקטוירים, אינזשעניערן, טעכניקער האָט מען אויף געזעלשאַפטלעכע אַמטן נישט אָנגע־נומען, מ׳האָט אויך באַשלאָסן מאַכן פאַר יידן שווער דעם צוטריט צו הויך־און מיטל־בילדונג און אזוי אַרום אײַנגאַנצן שליסן פאַר זיי דעם וועג צו פרייע פראָפעסיעס. דאָס אַלץ איז געווען מערקווירדיק ענלעך צו רוסלאַנדס פּאָליטיק אין זעלבן געביט. איןביידע לענדער איז עס געגאַנגען כּמעט מיט דעם זעלבן דרך. לכתחילה האָבן קאָנסערוואַטיווע יידישע טאַטעס אָפּגעהאַלטן זייערע קינדער פון צו באַזוכן רומענישע שולן, און די צאָל יידישע שילער איז דאָרט געווען נישטיק. אָבער דער גייסט פון צייט אין די 60־ער יאָרן האָט די יוגנט שטאַרק געצויגן צו אייראָפּעאישער בילדונג, און קעגן די עלטערנס ווילן האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן אין די אַלגעמיינע עלעמענטאַר־שולן, גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטן. אָנפאַנג די 80־ער יאָרן איז אין אַלע רומענישע שולן שוין געווען אין דורכשניט ביי 15 פּראָצ. יידישע שילער, און אין די שטעט מיט אַ געדיכטער יידישער באַפעלקערונג (יאַסי, בוקאַ־רעשט א. אנד.) איז די דאָזיקע פּראָפּאָרץ דערגאַנגען ביז 30 און אַפילו 75 פּראָצ., ד. ה. לויט דער פּראָצענט־פאַרהעלטניש פון יידן און קריסטן אין די שטעט. האָט די רומענישע פּאַטריאָטן אַרומגעכאַפּט אַ שרעק: די שול ווערט פאַריידישט, יידן שטייגן איבער אין בילדונג די רומענער, זיי וועלן מיט זייי קאָנקורירן אין געביט פון פרייע פראָפעסיעס, מען מוז גלייך אויסוואָרצ־לען דאָס „שלעכטס". האָט מען אָנגעהויבן דריקן יידישע שילער, מ׳האָט זיי געצוואונגען באַזוכן די שול און שרייבן אום שבת און יום־טוב, און ווען אויך דאָס האָט ביי יידן נישט אָפּגענומען דעם חשק צו לערנען זיך, דאַמאָלסט האָט דער מיניסטער פון פאָלקס־בילדונג זיך באַשלאָסן אויף אַן אַנטשיידענעם שריט. אויסמיידנדיק די געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן, האָט ער אַרויסגעלאָזן אַ ציר־קולאַר, אַז יידישע קינדער („קינדער פון פרעמדער נאַציאָנאַליטעט") זאָל מען צונעמען אין עלעמענטאַרע און מיטעלע לערן־אַנשטאַלטן ערשט נאָכדעם, ווי עס וועלן אָנגענומען ווערן אַלע, וואָס וועלן דאָס פאַרלאַנגען פון צווישן קינדער פון רומענישער נאַציאָנאַליטעט, לויט דער צאָל פאַרבליבענע וואַ־קאַנסן. דאָס איז געווען אין זעלבן זומער 1887, ווען אויך אין רוסלאַנד האָט אַן אַנאַלאָגישער צירקולאַר געהתמעט דעם גורל פון דער יידישער לערניוגנט.

אין 1893 האָט דער פּאַרלאַמענט געבּשרט דעם מיניסטערס ווילקיר, אָנגעמענדיק אַ באַזונדער געזעץ, לויט וועלכן עס איז דערלויבט צוצונעמען יידן אין עלעמענטאַרשולן נאָר אויף די וואַקאַנסן, וואָס פאַרבלייבן נאָך די רומענער, און דאָס אויך אונטערן באַדינג פון אַריינטראָגן אַן אָפּצאָל שכר-לימוד (רומענער זענען פון דעם פריי געווען). אין 1898 איז דער דאָזיקער געזעץ פאַרשפּרייט געוואָרן אויך אויף הויכשולן. און אַזוי ווי הויכשולן איז אין רומעניע געווען ווייניק, האָבן זיך וואַקאַנסן פאַר יידן געמאַכט זעלטן, און יענע גליקלעכע, וואָס פלעגן אויפגענומען ווערן אין שול, פלעגן מוזן באַצאָלן פאַר זייער געהערן צום יידנטום אַ באַזונדער שטייער — אַ פלומרשטן שכר-לימוד, — אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט ביז 360 פראַנק אַ יאָר. די הייך פון אָפּצאָל איז געווען אָפּהענגיק פון בילדונגס-מיניסטער, און יענער פלעגט שוין זען צו העכערן אים אַזוי, אַז אָרעמע זאָלן נישט האָבן קיין צוטריט צום לערנען.

אַרויסגעשטויסן פון דער מלוכהשער שול — איז יידן געבליבן נאָר צו עפענען אייגענע פּריוואַטע שולן. אַזעלכע שולן, עלעמענטאַרע און מיטעלע, האָבן זיך באַלד באַוויזן אין פאַרשידענע ערטער; יידישע קינדער פלעגן דאָ גיין גערן: זיי זענען אויסגעלייזט געוואָרן פונם חוזק-טרייבן מצד חברים-רומענער און לערער-אַנטיסעמיטן. האָט די רעגירונג באַמערקט, אַז אַזוי אַרום דערלאַנגט זי נישט איר וואונש-ציל — יידן באַרויבן פון בילדונג —, האָט זי אָנגעהויבן אויסצוטראַכטן אַלערהאַנט שיקאַנעס, כדי אומצוברענגען די יידישע שולן. אַזוי ווי אין זיי האָט מען נאַטירלעך געהאַלטן פון שבת-רו און נישט פון זונטאָג, האָט דער בילדונגס-מיניסטער אָנגעזאָגט די שול-דירעקטאָרס, אַז אַלע שולן, וואו מ'וועט נישט האַלטן דעם געזעץ וועגן זונטאָג-רו, וועט ער שליסן. האָבן די דירעקטאָרס געמוזט נאָכגעבן און באַשלאָסן צו פייערן צוויי טעג אין וואָך. דערויף האָט דער מיניסטער געענטפערט, אַז די מלוכהשע שול-פּראָגראַם פאָדערט, די לימודים זאָלן זיין זעקס טעג אין וואָך. דאַמאָלסט האָט מען באַשלאָסן צו האַלטן אָפן די שולן אום שבת און לערנען דאַן נאָר יידישע רעליגיע, אָבער דער מיניסטער האָט זיך דערמיט נישט באַפרידיקט, ווייל דער אַלגעמיינער לערנפּלאַן האָט נישט קיין באַזונדערן טאָג פאַר רעליגיעזע לימודים... אַזוי האָט מען געטריבן חוזק איבער יידן, איבער זייערע בעסטע גייסטיקע שטרעבונגען, איבער זייערע מצוות און מנהגים.

דער ערגסטער חוזק איז געווען, וואָס מענטשן, וועלכע מ'האָט באַרויבט אַלס „אויסלענדער" פון אַלע בירגער-רעכט, האָט מען דאָך געצוואונגען צו געבן זעלנער פאַר דער רומענישער אַרמיי, ד, ה. דערפילן אַ פליכט, וואָס איז אינגאַנצן קיין חוב נישט פאַר אויסלענדער. לכתחילה האָט די מורא פאַר די מלוכות, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם בערלינער טראַקטאַט,

אַביסל איינגעהאַלטן דעם ברעך פון די אַנטיסעמיטישע רומעניער מושלים,
און כדי יענע יידן, וואָס וועלן ענדיקן מיליטער-דינסט, זאָלן נישט קאָנען
פּרעטענדירן אויף דער צוגעזאָגטער נאַטוראַליזאַציע, האָט מען גערעכנט
יידן פון דער אַרמיי אויסצושליסן. צווישן די יאָרן 1879 און 1882 האָט
מען יידן גאָרנישט גערופן צו רעקרוטן-דינסט. און ווען די רומענישע הער־
שער האָבן דערזען, אַז די גרויס־מאַכטן לייגן נישט קיין אַכט אויפן ברעכן
אָפן דעם פונקט פון בערלינער טראַקטאַט וועגן גלייכבאַרעכטונג, האָבן
זיי באַשלאָסן, אַז מ'קאָן יידן נעמען פאַר זעלנער און אין דערזעלבער צייט
נישט געבן קיין בירגער־רעכט. ביים באַטראַכטן די פראַגע אין פּאַרלאַמענט
(1882) האָבן איי ניקע דעפּוטאַטן אַרויסגעזאָגט די מורא, אַז דאָס וועט פירן
צום אַריינמישן פון די מלוכות, ווייל זיי וועלן פאָדערן נאַטוראַליזאַציע לכל
הפּחות פאַר די אויסגעדינטע זעלנער, — אָבער דער מיניסטער־פּרעזידענט
בראַטיאַנאָ האָט ציניש געענטפערט: „איצט איז אין גאַנץ אייראָפּע אַ רע־
אַקציע קעגן יידן, אפילו דאָרט וואו זי איז פריער נישט געווען, ווער וועט
זיך איצט פאַר זיי איינשטעלן? אפשר עסטרייך־אונגאַרן, צי דייטשלאַנד?
וואָס איז שייך ווידער רוסלאַנד, האָט דאָך וועגן דעם אפילו קיין רייד קיינ־
מאָל נישט געקאָנט זיין". די רעגירונג האָט געפילט, אַז די קאָנטראָלערן
פון בערלינער טראַקטאַט וועלן גאָרנישט טאָן די רומענישע שווינד־ער, און
זי האָט גלייך געמאָלדן אין פּאַרלאַמענט: יאָ, מיר וועלן נעמען יידן אין
דער אַרמיי, אין פאַר קיין בירגער וועלן מיר זיי נישט אָנערקענען; זיי
וועלן דינען אַלס פּשוטע זעלנער, אָבער מ'וועט זיי קיינמאָל נישט שענקען
דעם אָפיצירן־ראַנג, — דאָס קאָן געגעבן ווערן נאָר פולבאַרעכטיקטע ביר־
גער. דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן, און יידן האָט מען נישט נאָר
אָנגעהויבן רופן צום מיליטער, נאָר אפילו כאַפּן די, וואָס האָבן געוואָלט
אויסמיידן מיליטער־דינסט. מ'האָט זיי גענומען אפילו אין אַ גרעסערער
פּראָפּאָרץ, ווי רומענער. אין 1895 האָט זיך אין דער רומענישער ווירקלע־
כער און רעזערוו־אַרמיי גערעכנט ביז 30 טויזנט יידישע זעלנער, ד. ה. ביי
13 פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג, בעת קריסטן האָבן געגעבן
אַ קלענערן פּראָצענט זעלנער. אין די דאָזיקע פּאַרטייאישע פון פאָטערלאַנד
זענען געווען פונקט אזוי רעכטלאָז און שוצלאָז אין דער אַרמיי, ווי אין
דער בירגער־געזעלשאַפט. אין אַ מעמאָראַנדום, וואָס יידישע מיליטער־לייט
האָבן דערלאַנגט דער רעגירונג און דעם פּאַרלאַמענט (1893), זענען אויסגע־
רעכנט די אַלע באַגרענצונגען: יידן נעמט מען נישט צו אין דער קאַטע־
גאָריע פרייוויליקע, וואָס דאָס גיט איי ניקע דינסט־פּריווילעגיעס; מ'נעמט זיי
נישט צו אין די שולן אויף צוצוגרייטן אָפיצירן, ווייל דער אָפיצירן־ראַנג
איז נישט פאַר זיי; אין אַ סך פולקן גיט מען זיי אַפילו נישט דעם ראַנג
קאַפּראַל אָדער אונטעראָפיציר; יידן־דאָקטוירים דינען אין דער אַרמיי אַלס

פשוטע זעלנער-סאַניטאַרן, בעת זייערע קריסטלעכע קאָלעגן זענען די שעפן.–
אויף דעם דאָזיקן פראָטעסט האָבן, פאַרשטייט זיך, די רעגירונג מיטן פאַר-
לאַמענט קיין שום אַכט נישט געלייגט.

איז יידן געבליבן – אומלעגאַל, אויפן רעוואָלוציאָנערן וועג צו
קעמפן מיטן דאָזיקן רעזשים פון ווילקיר, געוואַלדטאַט און פאַלשקייט; אין
דער קריסטלעכער באַפעלקערונג אָבער זענען זעווען ווייניק רעוואָלוציאָנערע
עלעמענטן. דאָס פויערטום איז געווען טעמפ און דערשלאָגן, און קיין העזה
נישט געהאַט אויפצושטיין קעגן זייערע אונטערדריקער – די באָיאַרעס;
דער פאַבריק-פראָלעטאַריאַט ווידער איז אינם לאַנד מיט אַן אָפגעשטאַנענער
אינדוסטרי געווען קליין אין צאָל. אַ שטאָטישער פראָלעטאַריאַט איז אויסגע-
וואָקסן צווישן יידן גופא, אַ דאַנק דער רעכטלאָזיקייט און רדיפות, און
דערפאַר איז דאָ צום ערשטן אויפגעקומען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע באַווע-
גונג, אין וועלכער עס האָט זיך אויך אַריינגעצויגן אַ טייל קריסטלעכע אַר-
בעטער. צווישן די פירער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי האָט זיך אַרויס-
גערוקט דער ייד נחום קאַץ, וואָס איז געווען באַקאַנט אונטערן רומענישן
פסיידאָנים דאָבראָדזשעאַנאָ גערס. דאָס, וואָס יידן האָבן אין פאַרטיי
געהאַט דעם איבערגעוויכט, איז פאַר אירע קעגנער געווען אַן אויסרייד צו
טענהן, אַז עס איז דורכאויס אַ יידישע פאַרטיי, און צוביסלעך זענען פון
איר אָפגעפאַלן די מיטגלידער פון רומענישער נאַציאָנאַליטעט – פיל פון
זיי זענען אַריבער צו דער מחנה ליבעראַלן. די ליבעראַלע פאַרטיי אין רו-
מעניע איז גאָר רייך געווען מיט אַקטיווע אַנטיסעמיטן; איינער פון אירע
פירער, דער הויפט פון ליבעראַלן מיניסטעריום, בראַטיאַנאָ, איז געווען דער
ערשטער שולדיקער אין יידנס צרות אין רומעניע. די קאָנסערוואַטיווע
פאַרטיי האָט זיך פאַרקערט עטוואָס טאָלעראַנטער באַצויגן צו יידן, און דער
הויפט פון קאָנסערוואַטיוון מיניסטעריום קאַרפּ פלעגט שטענדיק מעסיקער
מאַכן די אַנטיסעמיטישע פאָליטיק פון זיין פאָליטישן קעגנער 1). יידן-סאָציאַ-
ליסטן האָט פאָליציי, נאַטירלעך, שרעקלעך גערודפט און אָפט פלעגט זי זיי
אַרויסטרייבן פון לאַנד אויפן סמך פון געזעץ וועגן אַרויסשיקן „אויסלענ-
דער – געפערלעכע פאַר דער מלוכה-אָרדנונג”, וועלכער איז אַרויסגעגעבן
געוואָרן נאָכן צאַרן-מאָרד פון 1881 אין רוסלאַנד. דעמזעלבן געזעץ האָט
מען אויך אויסגענוצט אויף צו דערשטיקן די לעגאַלע אָפּאָזיציע; ער איז
געוואָרן אַ געווער אויף נוקם צו זיין זיך אין יעדן, וואָס האָט קריטיקירט

---

1) די סיבה דערפון איז אפנים געווען, וואָס אין דער ליבעראַלער פאַרטיי האָט די ערשטע
פידל געשפילט די בורזשואַזיע – יידנס קאָנקורענטן, בעת אין דער קאָנסערוואַטיווער פאַרטיי איז
געווען מער אַגראַריער, באָיאַרעס, וועלכע האָבן זיך נעגויטיקט אין יידן אַלס פאַרמיטלער ביים אָפ-
זעצן זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פראָדוקטן.

דער רעגירונגס אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. אַזוי האָט מען אין 1885 אַרויסגע־שיקט פון רומעניע דעם ד"ר משה גאַסטער, אַלעקטאָר פון רומענישער ליטעראַטור ביים בוקאַרעשטער אוניווערזיטעט; ער האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין לאָנדאָן און דאָ האָט מען אים אויסגעקליבן פאַרן "חכם" פון דער ספרדישער געמיינדע, — שפּעטער האָט ער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין דער זעלבער צייט האָט מען אַרויסגעשיקט קיין אויסלאַנד דעם יידישן היסטאָריקער־פּובליציסט אליהו שוואַרצ־פעלד, וועלכער האָט אין דער פּרעסע געקעמפט קעגן אָפיציעלן אַנטיסעמיטיזם.

שטיקנדיק יעדעס פרייע וואָרט, וואָס לטובת יידן, האָט אָבער די רע־גירונג פולע פרייהייט געלאָזן די אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרס. אין 1895 איז געגרינדעט געוואָרן אַ רומענישע אַנטיסעמיטישע ליגע — און אין איר באַ־שטאַנד זענען געווען אייניקע מיניסטאָרן, אַ סך דעפּוטאַטן און באַאַמטע פון פאַרשידענע שטעט. לויטן סטאַטוט פון דער ליגע איז יעדער מיטגליד אירער מחויב געווען "צו טאָן אַלץ, כדי צו מאַכן די לאַגע פון יידן אין רומעניע אומדערטרעגלעך און העלפן זייער עמיגרירן פון לאַנד". די אַרבעט פון דער ליגע האָט זיך איינגיכן אויסגעדריקט אין אַ סדרה פּאָגראָמען. אין בוקאַרעשט האָבן סטודענטן אָנגעהויבן אַ געשלעג מיט די אָנטיילנעמער פון אַ מיטינג, וואָס יידישע זעלנער־רעזערוויסטן האָבן איינגעאָרדנט אויף צו פּראָטעסטירן קעגן דער רעגירונגס באַציונג צו יידן; פון ביידע צדדים זענען געווען צעהרגעטע. און דאָס האָט געגעבן די געלעגנהייט צו אַ גאַסן־פּאָגראָם מיט ראַבירן יידישע געוועלבער (נאָוועמבער 1897), אונטער דער זעלבער צייט האָט מען יידן פּאָגראָמירט אין דער שטאָט גאַלאַץ. אין מאַי 1899 איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אין דער שטאָט יאַסי, וואָס איז געווען פול געפּאַקט מיט יידן. און ווען צוליב דעם אַלעם האָט זיך די יידישע עמיגראַציע פאַרשטאַרקט, האָבן רומענער פּרעהס, לויטן ביישפּיל פון זייערע עגיפּטישע פאָרגייער, אַלץ געטאָן אויף שווער צו מאַכן די עמיגראַנטן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון קנעכטשאַפט. די עמיגראַציע איז געגאַנגען אין אומאָרדנונג און דערפאַר האָבן זיך מאַסן אומגליקלעכע פליטים אָנגעקליבן אין ווין און לאָנדאָן (1899—1900), פון וואַנען נאָר אַ טייל פון זיי איז מיט דער הילף פון אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס אָפּגעשיקט געוואָרן קיין אַמעריקע, און די איבעריקע זענען געצוואונגען געווען זיך אומצוקערן אין זייער היים; אָבער צוריק דורך דער רומענישער גרענעץ האָט מען זיי שוין נישט דורכגעלאָזן, און זיי האָבן געמוזט ווייטער אָפּריכטן גלות.

אָנמעכטיק צו שטרייטן קעגן ווילקיר און פאַרקנעכטונג, האָט דאָס רומענער יידנטום זיך געהאַלטן נאָר מיטן כח פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד — מיט זייער אינעווייניקסטער אחדות. פיר פינפטל יידישער באַפעלקערונג (אין 1899 האָט זי באַטראָפן 299.000 נפשות) האָבן געלעבט אין געדיכטע מאַסן

אין שטאָט, און איין פינפטל — אין דאָרף. אין די שטעט האָבן יידן אויס־געמאַכט אַ גרויסן פּראָצענט באַפעלקערונג — וואָס איז ערטערווייז דערגאַנגען ביז 50 פּראָצ. און מער (יאַסי, באָטאָשאַני א. א.). די יידישע קהלות אין בוקאַ־רעשט און יאַסי האָבן געציילט ביי 45 טויזנט מאַן יעדערע. אין די דאָזיקע צוויי הויפּט־שטעט זענען אין די קהלות אַ חוץ אָרטאָדאָקסן געווען פּראָגרעסיווע גרופּעס אינטעליגענץ. אין די פּראָווינציעלע שטעט אָבער האָבן אומבאַגרע־נעצט געהערשט די אָרטאָדאָקסן — ס'רוב חסידים — און דאָס לעבן איז דאָ געגאַנגען אַזוי ווי בשכנות אין דער רוסישער בעסאַראַביע אָדער פּאָ־דאָליע. די אומגאַנגשפּראַך איז דאָ געווען ביי די מאַסן דערזעלבער יידיש, נאָר דאָ איז ער נאָך נישט דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַרישער שפּראַך. אין דער אָרעמער רומעניש־יידישער ליטעראַטור האָט מען געניצט אָדער רומעניש אָדער העברעאיש. ס'רוב האָבן די אָרטיקע שרייבער גע־דרוקט זייערע ווערק אין אויסלאַנד, אין רוסלאַנד אָדער אין מערב. דער אויבנדערמאָנטער עמיגראַנט שוואַרצפעלד האָט פריער געשריבן אין דער רומענישער שפּראַך — סקיצן איבער דער געשיכטע פון רומענישן יידן, דערציילונגען פון זייער לעבן און צייטונגס־אַרטיקלען איבער זייער בירגער־לעכן מצב. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין פּאַריז, האָט ער פּאַרעפנטלעכט אין פראַנצויזישער שפּראַך אַ בוך „יידן אין רומעניע" (1901, אונטערן פּסע־אודאָנים Sincerus): ער האָט דאָ בולט געשילדערט די העסלעכע אַנטיסעמי־טישע פּאָליטיק פון די רומענישע הערשער זינט בערלינער קאָנגרעס אָן. צווישן די רומענישע אויסוואַנדערער האָט זיך אין דער יידישער וויסנשאַפט אויסגע־צייכנט דער תּלמודיסט און אָריענטאַליסט שלמה שעכטער — פון 1890 אָן איז ער געווען לעקטאָר איבער תּלמוד־פאָרשונג אין קעמברידזשער און לאָנדאָנער אוניווערזיטעטן. אין 1896 האָט ער אין דער „גניזה"—דעם אַמאָליקן אַרכיוו — פון דער אַלטער שול אין קאַאירא אַנטדעקט דעם אוראַלטן העברע־אישן אָריגינאַל פון „משלי בן־סירא" און אַ סך אַנדערע כּתב־ידן, הויפּטזאַכלעך פון דער תּקופה גאונים, — זיי אַלע האָבן אים געדינט פאַר אַ גרונט־מאַטעריאַל צו אַ רייע פאָרשונגען (Saadyana The Wisdom of Ben-Syra א. א.). שפּעטער איז ער אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע און דאָרטן געוואָרן דער ראש פון העברעאישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק. אין רומעניע אַליין זענען די איינציקע נעסטן פון גייסטיקער קולטור געווען די יוגנט־קרייזן, וואָס אונטערן איינפלוס פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין רוס־לאַנד און עסטרייך האָבן זיי זיך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט חבת־ציון און שפּעטער מיט ציוניזם. די יידישע עמיגראַציע פון רומעניע איז געגאַנגען מיטן הויפּטשטראָם — קיין אַמעריקע, זי האָט אָבער אויך געהאַט אַ ביישטראָם—קיין פּאַלעסטינע: די רומענישע אויסוואַנדערער האָבן דאָ לעבן זייערע ברידער פון רוסלאַנד געגרינדעט אַ פּאָר לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס.

## 2. באַלקאַנישע מלוכות: בולגאַריע, סערביע, גריכנלאַנד און אייראָפּעאישע טערקיי

אַנדערש, ווי אין רומעניע איז געווען דער גורל פון צוויי אַנדערע באַלקאַן-מלוכות — בולגאַריע און סערביע, וואָס האָבן דערלאַנגט אומאָפּהענגיקייט אויפן באַשלוס פון בערלינער קאָנגרעס. ווי באַקאַנט 1), האָבן ביידע מלוכות געוויסנהאַפט מקיים געווען דעם חוב, וואָס דער בערלינער קאָנגרעס האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט — צו געבן יידן בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג. די צוזאַמענשטעלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין בולגאַריע איז געווען אַן אַנדערע, ווי אין רומעניע. די דרייסיק טויזנט בולגאַרישע יידן זענען ס׳רוב (ביי 90 פּראָצ.) באַשטאַנען פון ספרדים אָדער שפּאַניאָלן, וואָס האָבן געשטאַמט פון די אַרויסגעטריבענע פון שפּאַניע און זיך שוין לאַנג באַזעצט אין דער דאָזיקער טערקישער פּראָווינץ; די שפּראַך איז ביי דער מאַסע געווען שפּאַניאָליש (לאַדינאָ). צווישן פּערטהאַלבן מיליאָן בולגאַרן און טערקן האָט מען זיי גאָרנישט באַמערקט. געוואוינט האָבן זיי כמעט אויסשליסלעך אין די שטעט (סאָפיע, רושטשוק, פיליפּאָפּאָל, וואַרנאַ), פּאַרנומען זיך מיט קליינהאַנדל און מלאכה. באַלד ווי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די קאָנסטיטוציע פון אומאָפּהענגיקער בולגאַריע, האָבן יידן גענאָסן פון גלייכבאַרעכטונג — אויף וויפיל עס איז נאָר מעגלעך געווען ביי זייער אָפּגעזונדערטן לעבנסשטייגער. מ׳האָט זיי געקליבן פאַר ראַטמענער אין די שטאָטראַטן, און אַמאָל אויך פאַר דעפּוטאַטן צום פּאַרלאַמענט — צו דער פאָלקספאַרזאַמלונג. די רעגירונג פון בולגאַרישן פירשטנטום (שפּעטער קעניגרייך) בעת דעם פירשט אַלכּסנדר באַטענבערג—האָט באַהאַנדלט יידישע בירגער מיטן גאַנצן צוטרוי, און יענע האָבן דאַרויף געענטפערט מיט העפטיקן פּאַטריאָטיזם בשעת דער מלחמה מיט סערביע (1885). די געמיינדעס פון רושטשוק, ווידדין און וואַרנע האָבן אויף זייער חשבון אויסגעראָכטן צוויי יידישע לעגיאָנען פון 500 און 300 מאַן, און צענדליקער יידישע פרייוויליגע זענען אַריין אין בולגאַרישע גרופּעס באַרמהערציקע שוועסטער. דער אָנפירער פון רושטשוקער לעגיאָן דוד מזרחי האָט זיך אין די קאַמפן שטאַרק אויסגעצייכנט און באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל „פאַר העלדישקייט” פון פירשט אַלכּסנדרס הענט אַליין: ער האָט באַגריסט די זעלנער פון יידישן לעגיאָן, ווי די „אמתע אייניקלעך פון די מאַקאַבייער”. זייער טראַגיש איז אָבער געווען, וואָס די בולגאַרישע אייניקלעך פון די מאַקאַבייער האָבן געמוזט זיך שלאָגן קעגן די סערבישע, אויך אַזעלכע ספרדים...

אויפמערקזאַם האָט זיך אויך באַצויגן צו יידן די רעגירונג פון פירשט

---

1) פריערדיקער באַנד § 51

פערדינאַנד פאָן קאָבורג (זינט 1887), וועלכער איז אויך געווען אַ קעגנער פונם רוסישן איינפלוס אין בולגאַריע און באַזונדערס פונם אַנטיסעמיטיזם. נאָר איין-איינציק מאָל איז די עפּידעמיע אַנטיסעמיטיזם אַריינגעדרונגען קיין בולגאַריע. אין 1890 איז געקומען צו צוזאַמענשטויסן צווישן קריסטלעכע און יידישע שילער אין סאָפיער אוניווערזיטעט און גימנאַזיעס; אונטער דער זעלבער צייט איז אויך פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דעם ייד-דעפּוטאַט פון פאָלקספאַרזאַמלונג, דעם רייכן גוטבאַזיצער גאַבבע. דאָס צווייטע יאָר איז פאָרגעקומען אַן עלילת-דם קעגן יידן אין ווראַץ, אָבער געענדיקט האָט ער זיך מיט פרייספּרעכן די אָנגעקלאָגטע — אַ דאַנק דער ענערגישער פאַרטיידיקונג פון אַדוואָקאַט סטאַאילאָוו, אַ באַקאַנטן פּאָליטישן טוער. ווען נישט דער גינסטיקער אויסגאַנג פונם פּראָצעס, וואָלט געוויס געקומען צו גרויסע אומרוען, ווייל די פינסטערע בולגאַרישע באַפעלקערונג האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן אויפצורעגן. די בולגאַרן וואָלטן בכלל געוויס געגאַנגען אין די דרכים פון זייערע רוסישע און רומענישע גלויבנס-ברידער, אָבער זיי האָבן געזען, אַז די רעגירונג שטייט אויף דער וואַך פון בירגער-גלייכקייט און זיי האָבן נישט געהאַט דעם סטימול צו פּאָגראָמען — וואָס דאָס באַוואוסטזיין פון אומבאַשטראָפטקייט גיט די פּאָגראָם-לייט.

לויט איר קולטורעלן מצב איז די יידישע מאַסע געשטאַנען העכער פאַר דער בולגאַרישער. אין אַלגעמיינע שולן האָבן זיך יידן געלערנט אין אַ גרעסערער צאָל און פלייסיקער; חוץ דעם זענען געווען באַזונדערע יידישע שולן (אין סאָפיע, פיליפּאָפּאָל און אַנדערע שטעט), וואָס מ'האָט אויסגעהאַלטן אויף די מיטלען פון פּאַריזער „אַליאַנס”. דאָ האָט מען אַלגעמיינע לימודים געלערנט אין בולגאַרישער שפּראַך, און יידישע — אין שפּאַניאָלישער. אין די געמיינדעס האָט לכתחילה געפעלט אחדות צווישן דער ספרדישער מערהייט, — וואָס איז געווען דער אָרטיקער קערן באַפעלקרונג, — און דער אָנגעקומענער אשכנזישער מינדערהייט; אָבער מיט דער צייט האָט זיך די דאָזיקע היסטאָרישע מחלוקה געפעלט. הויפּט-ראַבינערס אין בולגאַריע זענען געווען געבילדעטע אשכנזים פון עסטרייך און דייטשלאַנד — ד"ר דאַנקאָוויטש, גרינוואַלד און ערענפּרייז (דער לעצטער — אַ באַקאַנטער ציוניסטישער טוער).

די קליינע ספרדישע קאָלאָניע א סערביע, (ביז [illegible] טויזנט מאַן) האָט געלעבט נאָך רואיקער, ווי אין בולגאַריע. די קאָנסטיטוציע פון לאַנד האָט פּראָקלאַמירט פולע גלייכקייט פון בירגער. און די רעגירונג פון פירשט מילאַן אָברענאָוויטש האָט אָרנטלעך געהאַלטן דעם פּרינציפּ לגבי יידן. פריער זענען יידן געווען אָפּגעזונדערט, איצט זענען זיי צוביסלעך צוגעשטאַנען צום בירגערלעכן לעבן פון לאַנד. איינער פון זיי (אברהם עוזר) איז אפילו אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטאַט צום סערבישן פּאַרלאַ-

מענט („סקופּשטשינאַ״); אַנדערע האָבן פֿאַרנומען מלוכה־אַמטן. עס האָבן זיך באַוויזן פֿאָרשטייער פֿון ליבעראַלע פּראָפֿעסיעס — אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן, דאָקטוירים. די מאַסע האָט זיך ווי פֿריער פֿאַרנומען מיט מסחר — זי איז געווען אויסשליסלעך אַ שטאָטישע באַפֿעלקערונג. אין פּריוואַטן לעבן איז די אָפּגעזונדערטקייט געווען ווי פֿריער: יידן האָבן ווייניק געהאַט צו טאָן מיט דער סלאַווישער באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד. נאָך אין 1895 האָבן 80 פּראָצ. יידן בעת דער פֿאָלקסציילונג אָנגעגעבן פֿאַר זייער מוטער־שפּראַך — שפּאַניאָליש, און נאָר 3 פּראָצ. — סערביש. אין עטלעכע יאָר אַרום גיט שוין די ציילונג גאָר נייע ציפֿערן: 27 פּראָצענט רעדט שפּאַניאָליש, 46 פּראָצ. — סערביש, און די איבעריקע — דייטש און אַנדערע שפּראַכן. די אָפֿיציעלע סטאַטיסטיק האָט זיכער נישט געשטימט מיט דער ווירקלעכקייט, ווייל אַזאַ שינוי האָט נישט געקאָנט פֿאָרקומען פֿאַר אַ קורצע צייט. בלי שום ספק האָט דאָ געהאַט צו זאָגן די פּאָליטישע חשבונות, וואָס האָבן געצוואונגען אַ סך אָנצוגעבן די מלוכה־שפּראַך פֿאַר זייער אייגענע. דער איינציקער פּרעסע־אָרגאַן פֿון די סערבישע יידן „דער פֿאָלקס־פֿריינט״ (El amigo del Pueblo) האָט אין די יאָרן 1884—99 דערשיינט אויף זייער פֿאָלקסשפּראַך — שפּאַניאָליש. פֿון 6000 סערבישע יידן האָבן פֿיר טויזנט געלעבט אין בעלגראַד, די איבעריקע — אין ניש, שאַבאַץ און אַנדערע שטעט. הויפּט־ראַבינער פֿון די סערבישע קהלות איז געווען דער באַקאַנטער יידישער געלערנטער שמעון בערנפֿעלד פֿון בערלין (1886—1894).

אומרואיק איז אונטער דער צייט געגאַנגען דאָס לעבן פֿון יידן אין גריכנלאַנד. פֿון צען טויזנט יידן, וואָס האָבן געלעבט אין דעם לאַנד, האָט די מערהייט געוואוינט נישט אין צענטער פֿון דער מלוכה, נאָר אין דער פּעריפֿעריע. אַ פֿיר טויזנט האָט געוואוינט אין די שטעט פֿון טעסאַליען — לאַריסאַ, וואָלאָ, טריקאַלאַ, און אַ פֿינף טויזנט — אויפֿן אינזל קאָרפֿו און אויף די יאָנישע אינזלען; אין אַטען איז געווען אַ קליינע קהלה (אַ 300 מאַן), — ערשט צום סוף 19־טן יאָרהונדערט האָט זי זיך אויפֿגעשטעלט אַ אָנשטענדיקע שול (1899). די קאָנסטיטוציע פֿון גריכישן קעניגרייך האָט געזיכערט גלייכבאַרעכטונג פֿאַר אַלע בירגער, און די רעגירונג איז פֿון דעם פּרינציפּ נישט אָפּגעטרעטן, אָבער אויך דאָ האָט זיך דאָס פֿאָלק אַרויסגעשטעלט נידריקער פֿון זיינע הערשער. אין טעסאַליען און קאָרפֿו, וואו די גריכן האָט נישט געשמעקט יידנס האַנדלס־קאָנקורענץ, פֿלעגן פֿאָרקומען צוזאַמענשטויסן. אין 1891 איז אויף קאָרפֿו געשען אַ פּאָגראָם אויף אַ בלומרשט־ריטועלן באָדן. קורץ פֿאַר פּסח האָט מען געפֿונען אַ טויטן קערפּער פֿון אַ זיבניאָריק מיידעלע רובינאַ סאַרדאַ, די טאָכטער פֿון אַ יידן, אַ שניידער, וואָס, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, האָבן איר דערהרגעט גריכיש־פּראַוואָסלאַווישע פֿאַנאַטיקער. פֿון יענע קרייזן,

צו וועלכע עס האָבן געהערט די מערדער, האָט מען געלאָזט אַ פאַלשן קלאַנג, אַז די דערהרגעטע איז נישט קיין יידישע, נאָר אַ קריסטלעך מיידעלע, וואָס יידן האָבן געבראַכט פון דער אַלבאַנישער שטאָט יאַנינאַ, כדי אויסצופירן דעם ריטועלן מאָרד פאַר פסח. אויפן אַנדערן טאָג נאָכן אַנטדעקן דעם טויטן קערפער, דעם 14 אַפריל, האָט זיך אַן אויפגערעגטער המון גריכן אַריינגעריסן מיט נקמה-אויסרופן אין די יידישע קוואַרטאַלן און זיך גענומען שלאָגן מענשן און ראַבירן הייזער. פאָליציי און מיליטער האָבן דעם המון צעטריבן, אָבער אין די ווייטערדיקע טעג האָט דער המון אַרומגערינגלט די יידישע קוואַרטאַלן און קיינעם פון דאָרט נישט אַרויסגעלאָזן אין שטאָט אַריין. דריי וואָכן זענען יידן געזעסן אין זייער פערטל, אַזוי ווי אין אַ באַלאַגערטער שטאָט: מ'האָט נישט געקאָנט אַרויסגיין אין מאַרק נאָך נויטיקע פראָדוקטן, נישט האַנדלען און פאַרדינען צום לעבן. צווישן די באַלאַגערטע האָבן זיך אָנגעהויבן קראַנקהייטן איבער אויסגעשעפטקייט; ס'זענען געווען פאַלן פון טויט, אָבער באַגראָבן די טויטע האָט מען נישט געקאָנט, ווייל דער בית-עולם איז געווען מחוץ דעם יידישן קוואַרטאַל. ווען די באַלאַגערונג איז אַראָפּגענומען געוואָרן און יידן האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן אין די גאַסן, האָט מען אייניקע פון זיי צעשלאָגן. דער דאָזיקער טעראָר האָט געצוואונגען פיל יידן צו פאַרלאָזן קאָרפו: אַן ערך 1500 מאַן האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין איטאַליע און טערקיי; דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך אומגעקערט אהיים ערשט דאַמאָלסט, ווען די געמיטער האָבן זיך אויפן אינזל באַרואיקט. אונטערן איינפלוס פון די געשעענישן אויף קאָרפו האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף יידן אויף אַ צווייטן יאָנישן אינזל — זאַנטי, און זיין גאַנצע יידישע באַפעלקערונג (ביי 250 נפשות) איז געצוואונגען געווען אויסצוּוואַנדערן. די גריכישע רעגירונג האָט שפּעטער אָנגענומען מיטלען אויף צו באַשטראָפן די פּאָגראָמשטשיקעס אויפן אינזל קאָרפו, אָבער די אמתע שולדיקע אין דער פּראָוואָקאַציע — די קריסטלעכע מערדער פונם יידישן קינד — האָט מען נישט אַנטדעקט, הגם די נעמען פון אייניקע פערזאָנען, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום פאַרברעך, זענען אָנגערופן געוואָרן אין די צייטונגען. די אָרטיקע מאַכט האָט זיך באַמיט צו פאַרווישן די שפּורן פון דער פאַרשווערונג קעגן יידן.

אין עטלעכע יאָר אַרום האָט זיך אָנגעהויבן אַ אַנטי-יידישע באַוועגונג אויף אַ פּאָליטישן באָדן אין אַ צווייטן צענטער פון גריכישן יידנטום — אין טעסאַליען. דאָס איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אומגליקלעכער גריכיש-טערקישער מלחמה פון 1897. די קריגס-אָפּעראַציעס זענען געגאַנגען אַרום לאַריסא און אַנדערע שטעט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג. הגם יידישע זעלנער האָבן זיך געשלאָגן אין דער גריכישער אַרמיי און פיל קרבנות געליטן בעת איר מפּלה, דאָך האָבן זיך קעגן זייערע ברידלעכע ברידער

אויפגעהויבן באַשולדיקונגען אין טורקאָפּיליע. אַזוי פּירט זיך שוין שטענ=
דיק: די באַזיגטע זענען פול מיט חשדים און ווילן צו עמיצן אויסלאָזן
זייער כעס. נאָכדעם ווי טעסאַליען האָט זיך באַפרייט פון טערקישער אָקו=
פּאַציע און אַהער האָט זיך אומגעקערט די גריכישע אַדמיניסטראַציע (1898),
האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן אַגיטאַציע קעגן יידן; אין צייטונגס=אַרטיקלען האָט
מען באַוויזן, אַז כדי איינצושטעלן רו און אָרדנונג אין דער מלחמה=געלי=
טענער פּראָווינץ מוז מען פון דאָרטן דערווייטערן יידן, וועלכע האָבן זיך
בעת דער אָקופּאַציע געחברט מיט די טערקן. אין יידישע הייזער האָט מען
כסדר געמאַכט אונטערזוכונגען אום אויפצודעקן דאָס רעקוויזירטע פאַרמעגן
פון גריכן, וואָס יידן האָבן אויפגעקויפט ביי טערקן. אַגיטאַטאָרס האָבן גע=
העצט דעם המון „פּאַטריאָטן”, און יענע האָבן געמאַכט פיינטלעכע דעמאָנ=
סטראַציעס קעגן יידן; ערטערווייז איז אַפילו געקומען צו געשלעגן און
פּאָגראָמען. אין לאַריסאַ האָט זיך אָרגאַניזירט דער זעלבער „באַלאַגערונגס=
צושטאַנד”, וואָס אין קאָרפו: ווי נאָר אַ ייד פלעגט פאַרלאָזן זיין הויזטיר
אָדער עפענען זיין קראָם, האָט ער געקראָגן געשלאָגן. דאָס זעלבע איז
געווען אין די שטעט וואָלאָ און טריקאַלאַ; אין דער לעצטער האָבן כולי=
גאַנעס אונטערגעצונדן די שול. כדי צו העצן דעם פּראַוואָסלאַווישן המון,
האָט מען אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג וועגן אַ נייעם ריטואַל=מאָרד ערגעץ אין
אַ שטעטל; דער כלומרשטער קרבן האָט זיך אָבער אינגיכן אויפגעזוכט
אומגעשעדיקט, און דער טייוולאָנישער פּלאַן פון די יידנפיינט איז דורכ=
געפאַלן. פאַר יידן איז אוממעגלעך געווען צו פאַרבלייבן אין אַזאַ טעראָ=
ריזירטן קאַנט, און אַ סך האָבן באַשלאָסן צו עמיגרירן. פון לאַריסאַ אליין
איז אַרויסגעפאָרן ביי הונדערט משפחות, אַ דריטל פון דער גאַנצער יידי=
שער באַפעלקערונג. געלאָזט האָבן זיי זיך אין די גרויסע יידישע צענטערן
פון טערקישן גריכנלאַנד — קיין סאַלאָניקי און סמירנע; שפּעטער אָבער,
ווען די אומרוען האָבן זיך איינגעשטילט, האָט זיך אַ טייל פון זיי אומגע=
קערט צוריק. די פּראָגרעסיווע גריכישע פּרעסע האָט פאַרטיידיקט יידן, די
רעגירונג און דער בעסערער טייל געזעלשאַפט זענען געווען פאַר זיי,
אָבער אין די מאַסן האָבן נאָך געלעבט די איבערבלייבענישן פון אַלטן בי=
זאַנץ. — אין קולטורעלן לעבן פון גריכישן יידנטום איז דער ביזאַנטישער
באַזיס שוין לאַנג געווען באַדעקט מיט אַ ספרדישן שיכט; די אומגאַנג=
שפּראַך איז אָפטער געווען שפּאַניאָליש, איידער ניי=גריכיש.

אין פאַרגלייך מיט די דאָזיקע שטיקלעך גלות=פונקטן אויף באַלקאַן
האָט די יידישע קאָלאָניע אין א י י ר אָ פּ ע א י ש ע ר ט ע ר ק י י אויס=
געוויזן צו זיין גאָר רייך: זי האָט געציילט צום סוף יאָרהונדערט 190
טויזנט מאַן. די גרעסטע קהילות זענען געווען אין סאַלאָניקי (75.000),
קאָנסטאַנטינאָפּאָל (65.000) און אַדריאַנאָפּאָל (17.000); מיטעלע קהילות זענען

געווען אין מאָנאַסטיר (6.000), אַלבאַנישער יאַנינע (4.000), סערעס, אוסקיוב
און אַנדערע שטעט. די פּאָליטישע לאַגע פון יידן אינם דאָזיקן טייל
אָטאָמאַנישער מלוכה איז געווען אַ בעסערע, איידער אין פיל לענדער פון
„קריסטלעכער קולטור". דער גורל פון אַ שעיר לעזאזל, וואָס יידן האָבן
געטראָגן אין רוסלאַנד און רומעניע, איז אין טערקיי אויסגעפאַלן אויף די
אומגליקלעכע אַרמענער: די טערקן האָבן זיי פּעריאָדיש געמאַכט פּאָגראָמען,
איבערהויפּט אין אַרמעניע. יידן האָט מען געהאַלטן פאַר לאָיאַלע בירגער,
און סולטאַן אבדול־האַמיד האָט נישט איין מאָל אונטערגעשטראָכן זייער פּאַט־
ריאָטיזם. און ווירקלעך, ביי זייערע באַשיידענע פּאָליטישע פאָדערונגען האָבן
די אָרטיקע יידן געקאָנט זיין גאָר און גאָר צופרידן מיט זייער לאַגע. אין
דעם מינימום בירגער־רעכט, וואָס איז געווען אויסגעטיילט אַלע טערקישע
אונטערטאַנען, זענען יידן גלייכגעשטעלט געווען מיט מאָהאַמעדאַנער און
גריכן; מ'האָט זיי צוגעלאָזן צו מלוכה־שטעלעס און אַ חוץ דעם געלאָזט
פולע זעלבסטפאַרוואַלטונג אין די קהילות. דער חכם־באַשי, הויפּטראַבינער
אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז אַלץ געזעסן אין מלוכה־ראַט (דיוואַן), אַלס פאָר־
שטייער פון יידנטום, צוגלייך מיטן גריכישן פּאַטריאַרך. די טערקן האָבן זיך
באַצויגן צו יידן אָן שנאה, און נאָר צווישן גריכן האָט זיך געלאָזט באַ־
מערקן אַ קנאה צו יידנס עקאָנאָמישע פעולות, באַזונדערס אין דער הויפּט־
שטאָט פון מאַקעדאָניע — אין סאַלאָניקי. יידן זענען דאָ געווען די גרעסטע
העלפט באַפעלקערונג, און דאָס האָט געלעגט אַ באַזונדערער חותם אויפן
אויסזען פון דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן האַפן. אין אַלע געביטן פון
ווירטשאַפטלעכן לעבן האָבן זיך דאָ געלאָזט פילן יידישע אַרבעט און יידישער
שכל. צו יידן האָבן געהערט די גרעסטע בענק, אָבער אין סאַלאָניקער האַפן
האָבן זיי אויך מאָנאָפּאָליזירט די שווערע אַרבעט פון טרעגער און לאַסט־
אַרבעטער. רייזנדע פלעגן באַוואונדערן די שיינע שלאַנקע פיגורן פון די
אייניקלעך פון אַמאָליקע ספרדים — וואָס בויגן זיך אונטער שווערע לאַסטן.
שבתדיקן טאָג פלעגט דאָס גאַנצע קאָמערציקע לעבן אין סאַלאָניקי אָפּשטאַרבן:
עס האָבן גערוט באַנקירן, רייכע סוחרים, קליינהענדלער, בעלי־מלאכות און
לאַסט־טרעגער. דער שטאַרקער צומיש פון אַשכנזים־עמיגראַנטן אויס רוסלאַנד,
עסטרייך און רומעניע — האָט דער פאַרגליווערטער ספרדישער קולטור צו־
געגעבן פאַרשידנאַרטיקייט און באַוועגונג. לעבן דעם שפּאַניאָלישן דיאַלעקט
„לאַדענאָ" — האָט אויך געקלונגען יידיש. אָבער דאָך האָט דער אָרטיקער
ספרדישער עלעמענט געהערשט. יידישע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן זיך
געווינלעך געדרוקט אויף שפּאַניאָליש מיט יידישע אותיות (El Telegrafo,
El Tiempo און אַנדערע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סאַלאָניקי). אין די פיל־
צאָליקע שולן פון „אַליאַנס" האָבן זיך יידישע קינדער דערצויגן אויף פראַנ־
צויזיש — און זיי פלעגן לייכט באַהערשן די דאָזיקע שפּראַך, וואָס איז

קרוב צייט זייער שפאנישן דיאַלעקט. עס איז געוואָקסן אַ דור אייראָפּעאי־זירטער יוגנט, אָבער אָן אַ ברייטן נאַציאָנאַלן פאַרנעם, מיט דער געוויינלע־כער נהוש צו אַסימילאַציע, — נאָר ווייל מיט טערקן זיך צו אַסימילירן איז געווען אוממעגלעך, האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין אַ אויבערפלאַכיקן קאָסמאָ־פּאָליטיזם.

די ערגסטע זייטן פון טערקישן רעזשים, וואָס זענען אין אייראָפּעאישער טערקיי געווען מילדער, האָט אָבער גאָר שטאַרק געפילט די באַפעלקערונג פון אַזיאַטישער טערקיי, אין יענע פאַרוואָרפענע ווילאַיעטן און פאַשאַליקן, וואו די וואַליס און פאַשאַס האָבן ווילקירלעך געבעליבתעוועט איבערן גורל פון מיליאָנען מענטשן. באַזונדערס האָבן די דאָזיקע לאַסט פון טערקישן רעזשים געפילט די יידן פון פאַלעסטינע, ווען אַהין האָבן אָנגעהויבן אָנצו־קומען די קאָלאָניזיר־פּיאָנערן פון רוסלאַנד, וועלכע זענען געווען באַגייסטערט מיטן אידעאַל אויפצולעבן זייער אַלטע היים אויפן יסוד פון אַ נייער קולטור.

## קאַפּיטל V

# די גרויסע איבערוואַנדערונג און נייע צענטערן אין אַמעריקע און פּאַלעסטינע (1881—1900)

### § 27. נייער גלות־צענטער אין אַמעריקע

דער סוף 19־טער אָנהויב 20־טער יאָרהונדערט — דאָס איז אַ צייט פון גרויסער איבערוואַנדערונג אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, זינט דעם גירוש־שפּאַניען און דער בהלה אין קאָזאַקן־אוקראַינע — איז נאָך אין די גלות־לענדער נישט געווען אַזאַ דויערנדיקע מאַסן־וואַנדערונג, ווי נאָך די רוסישע פּאָגראָמען דאָס יאָר 1881. די רדיפות אין רוסלאַנד און רומעניע און די אָרעמקייט אין דער עסטרייכישער גאַליציע פלעגן יאָר־יערלעך פאַרטרייבן פון זייער היים צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן געזוכט אין די ווייטע לענדער אַ רואיק ווינקל און ברויט. די נאָענטע מערב־אייראָפּעאישע מלוכות האָבן אַליין געהאַט אַן אַרבעטסלאָזן פּראָלעטאַריאַט און נישט געקאָנט אַריינגעמען די דאָזיקע מאַסע אויסוואַנדערער פון די מזרח־טיילן; און זי האָט זיך געלאָזן ווייטער, אין די אויסעראייראָפּעאישע לענדער. דער הויפּט־שטראָם פון דער יידישער עמיגראַציע איז געגאַנגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע. אַהין האָבן געשטראָמט יענע צייטן מיליאָנען אַרבעטסלאָזע אָדער פּאָליטיש־אונטערדריקטע פון אַלע לענדער אין דער אַלטער וועלט: דייטשן, אירלענדער, איטאַליענער, פּאָליאַקן און עמיגראַנטן פון אַנדערע נאַציעס. קלענערע גרופּעס יידן זענען אַריבערגעפאָרן קיין קאַנאַדע, דרום־אַמעריקע און דרום־אַפריקע, דער עיקר אין די ענגלישע קאָלאָניעס. נישט קיין גרויסער, אָבער אין נאַציאָנאַלן זין אַ באַזונדער וויכטיקער, עמיגראַציע־שטראָם איז געגאַנגען אין דער טערקישער פּאַלעסטינע — דאָס דאָזיקע אוראַלטע פאָטערלאַנד פונם גלות־פאָלק; דאָס איז געווען געבונדן מיטן אידעאַל פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, וואָס האָט זיך יענע צייט אַרויסגעוויזן מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער קראַפט. צוליב די אַלע איבערוואַנדערונגען אין געשען אַ נייעס: די צענטרען פון גלות האָבן זיך

איבערגערוקט. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט דער וואוקס פון אויסעראייראָפּעישן יידנטום, וואָס איז ביזאָהער געשטאַנען אָן אַ זייט פונם געשיכטלעכן הויפּט־וועג. אַ גאָר גרויסער נייער צענטער האָט זיך אויפגעבויט אין אַמעריקע, און צווישן די חורבות פון אַזיע — אינם וויגעלע פון יידישער און ציוויליזאַציע בכלל — האָט זיך דערוועקט אַ לעבן, וואָס איז געווען אַן אָנזאָג פון אַ היסטאָרישער ווענדונג אינם גורל פון מזרח.

די עמיגראַנטן־מאַסע איז געגאַנגען דער עיקר פון רוסלאַנד. טאַקע די דאָזיקע מאַסן — צוזאַמען מיט אירע קרובישע גרופּעס פון גאַליציע און רומעניע — האָט עס דערפירט דעם אַמעריקאַנער קיבוץ צו אַזאַ מדרגה, אַז ער איז געוואָרן דער צווייטער לויט דער גרייס נאָך דעם פינף־מיליאָניקן צענטער אין רוסלאַנד. מיטן חורבן פון רוסלאַנד איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַמעריקע — אַזוי האַלט מען געקאָנט זאָגן מיטן נוסח פון דער גמרא. 400 יאָר נאָך קאָלומבוסן האָט דאָס גלות־פאָלק ישראל פון דאָס ניי אַנטדעקט אַמעריקע, אַ טרוים־לאַנד פאַר מאַסן־אימיגראַציע. ביזן יאָר 1881 זענען די צפון־אַמעריקאַנישע פאַראייניקטע שטאַטן געווען אַ ווייט פאַרשפּאַרט גלות־ווינקל מיט אַ 300 טויזנט יידישע איינוואוינער; דאָס דאָזיקע ביסל יידן האָט זיך אָנגעקליבן כמעט פאַר פיר הונדערט יאָר עמיגראַציע פון אייראָפּע — לכתחילה ספרדים, שפּעטער אשכנזים. אָבער פאַר די לעצטע צוואָנציק יאָר פון 19־טן יאָרהונדערט און פאַרן ערשטן צענדליק פון 20־טן י"ה — איז דאָרטן צוגעקומען העכער צוויי מיליאָן יידן, אַזוי, אַז ערב דער אַלוועלטלעכער מלחמה האָט זיך אין דער רעפּובליק פון די פאַראייניקטע שטאַטן גערעכנט ביז דריי מיליאָן יידן. זייער שנעל, נאָר דערפאַר אַלץ מער קרענקלעך איז צוגעגאַנגען דער דאָזיקער פּראָצעס. מיט חבלי־לידה איז אויפגעקומען דער נייער דיאַספּאָרע־צענטער פון יענער זייט אָקעאַן. ווער עס האָט געזען יאָר־איין יאָר־אויס די אָקעאַנישע דאַמפּערס, די אייזנבאַן־וואָקזאַלן און ים־האַפנס אויף דער גאָרער וועלט, איבערפולטע פון פאַראָרעמטע עמיגראַנטן מיט ווייב און קינדער; ווער עס האָט געהערט די קרעכצן פון דער דאָזיקער פאַראומגליקטער מאַסע, וואָס איז געיאָגט דורך מענטשן־האַס און הונגער אין עק וועלט אַריין, אום צו פירן אַ ביטערע מלחמה פאַר איר עקזיסטענץ, — יענער ווייסט, וואָס פאַר אַ חבלי־לידה די נייע יידישע אַמעריקע האָט געהאַט. ביי דער גאַנצער סטיכייאישקייט אין דער עמיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע קיין אַמעריקע, איז אין דער דאָזיקער באַוועגונג געווען אויך אַ היפּשער עלעמענט אידעאַליזם. אויב די נויטליידנדיקע מאַסן האָבן געזוכט אין אַמעריקע אַ שטיקל ברויט און אַ פאַרזיכערונג פאַר געוואַלט־טאַטן, האָבן אָבער די ערשטע גרופּעס אינטעליגענץ, וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט דער מאַסע, דערוואַרט פונם נייעם פאָטערלאַנד עפּעס מער. יענץ קריטיש יאָר (1881—82) זענען אין רוסלאַנד אַנטשטאַ־

נען קריינלעך „אַמעריקאַנער" און „פּאַלעסטינער", און אין דער אינטעליגענץ האָבן געקעמפט צוויי ריכטונגען: איינע האָט די דורות-אַלטע משיח-בענקשאַפט גע-צויגן צום אַמאָליקן פאָטערלאַנד, די אַנדערע האָט די דורשט נאָך פּאָליטישער פרייהייט געטריבן צו דער גרויסער רעפּובליק פון יענער זייט אָקעאַן. סיי די, סיי יענע האָבן דאָס פאַרווירקלעכן זייערע שטרעבונגען צונויפגעבונדן מיט ערד-קאָלאָניזאַציע: מ'דאַרף זיך באַהעפטן מיט דער ערד — טאַקע פשוט באַאַרבעטן זי, און אויף אַזאַ אופן באַשאַפן אַ געזונטן יסוד פאַר אַ צוזאַמענלעבונג פון אונזערע ברידער אין דער נייער אָדער אין דעם באַ-נייטן פאָטערלאַנד. צום אָנפאַנג יציאת-רוסלאַנד זענען בראש פון די עמיג-ראַנטן, וואָס האָבן זיך געלאָזט קיין אַמעריקע, אויך געגאַנגען פּיאָנערן פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע, אָבער די גרויסע מאַסן אויסוואַנדערער האָבן דאָ אין אינדוסטריעלן לאַנד געפונען אַ דירעקטע פאַרווענדונג פון זייערע געוואוייהייט-אַרבעטן: נישט לאַנדווירטשאַפט, נאָר פאַבריק-אינדוסטרי, האַנטווערק, מסחר — דאָס איז געוואָרן דער יסוד פון יידישן ווירטשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע, דעם דאָזיקן צענטער פון וועלט-אינדוסטרי.

אין באַרימטן פרי-יאָר 1882 ווען אין דרום-רוסלאַנד האָט זיך געגרינ-דעט די גרופּע „בילו" מיטן ציל צו קאָלאָניזירן פּאַלעסטינע, איז שוין דאָרט געווען טעטיק אַן אָרגאַניזאַציע „עם עולם", וואָס אירע מיטגלידער — יונגע לייט פון אָדעס, קיעוו, יעליסאַוועטגראַד און אַנדערע פּאָגראָם-געליטענע שטעט — האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו גרינדן אין צפון-אַמעריקע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אָדער פערמעס אויף פרייע קאָמונאַלע יסודות. אָבער קוים האָט די דאָזיקע יוגנט באַוויזן צוטרעטן צו פאַרווירקלעכן איר אידעאַל, איז זי שוין געווען אין סאַמע קאָך פון אַ מאַסן-עמיגראַציע-באַווע-גונג, וואָס האָט געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ פּאַניק-געלויף. זומער דאָס יאָר 1881, און נאָך מער פרילינגצייט דאָס צווייטע יאָר, האָבן זיך אין דער גאַליצישער גרענעץ-שטאָט בראָד אָנגעקליבן טויזנטער אַנטרונענע פון רוסלאַנד, וואָס האָבן זיך געלאָזט קיין אַמעריקע, רעכענענדיק אויף דער הילף פון מערב-יידן, — אָבער באַקומען האָבן זיי זייער באַגרענעצטע הילף. נאָך לאַנגע מאַטערנישן האָט מען די דאָזיקע פּילטויזנטיקע מאַסע צוביסלעך אַרויסגעשיקט אין פאַרשידענע לענדער. דער גרעסטער טייל איז אַוועק קיין אַמעריקע און איז אויסגעשטיגן אין ניו-יאָרק. דאָ האָט זיך פאַר די וואַנדערער אָנ-געהויבן אַ פעקל נייע צרות, וואָס זינט דער פאַרשטאַרקטער כוואַליע עמי-גראַנטן פון פאַרשידענע פעלקער האָבן אַלע אָרעמע אויסוואַנדערער דאָס געמוזט אויסשטיין. יעדע ניי-אָנגעקומענע פּאַרטיע פלעגט מען פון דאַמפער אַראָפּנעמען אין אַ באַזונדער הויז אין האַפן אונטערן נאָמען קאַסטעלגאַר-דען; דאָ פלעגט מען די עמיגראַנטן גענוי אויספאָרשן און באַטראַכטן, איינע אַריינלאָזן אין שטאָט אויף צו זוכן אַרבעט, אַנדערע אָפּגעבן אונטער

דער אויפזיכט פון צדקה־חברות, און די, וואָס האָבן גאָרנישט געטויגט צו אַרבעט אָדער נישט באַפרידיקט די פאַרשידענע אימיגראַציע־באַדינגונגען, האָט מען מיט די זעלבע דאַמפּערס אומגעקערט צוריק קיין אייראָפּע.

די אָרעמע עמיגראַנטן, געקומען מיט נישטיקע מיטלען און נישט באַהערשנדיק די ענגלישע שפּראַך, האָבן זיך גענויטיקט אין הילף פון אָרגאַניזאַציעס, וואָס זאָלן זיי פאַרלייכטערן דאָס אויפזוכן אַרבעט און דאָס צוגרייטן זיך צו איר. צו דעם צוועק האָט זיך אין ניו־יאָרק געבילדעט אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָט די ערשטע צייט געאַרבעט אינאיינעם מיטן קאָמיטעט פאַר וואוילטעטיקייט. ביידע קאָמיטעטן האָבן דער עיקר זיך באַשעפטיקט נישט מיט דער אָרגאַניזאַציע פון הילף דורך אַרבעט, נאָר מיט שפּייזן די הונגעריקע און איינאָרדנען פאַר זיי צייטווייליקע באַראַקעס אָדער קאַזאַרמעס. דאָס האָט דעמאָראַליזירט סיי די, וואָס זענען אָנגעקומען צו שטיצע, סיי די פאַרוואַלטער פון די דאָזיקע הייזער, וואָס פלעגן דאָרט אָפט איינפירן קאַזאַרמע־דיסציפּלין. אַ סך פאַבריקאַנטן און וואַרשטאַטן־אייגנטימער פלעגן די אָרעמע עמיגראַנטן באַגליקן מיט שטיצע דורך דעם, וואָס זיי פלעגן זיי אַריינגעמען אין זייערע אַנשטאַלטן — פאַר אַ לוין, וואָס איז געווען צוויי און דריי מאָל נידעריקער אַנטקעגן דעם לוין פון די אָרטיקע אַרבעטער, און אויף אַזאַ אופן פלעגן זיי אויסנוצן די אומבאַהאָלפנקייט פון זייערע אָרעמע ברידער, אום זיי שרעקלעך צו עקספּלואַטירן. די דאָזיקע קאָנקורענץ האָט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע פאַרקלענערונג פונם אַרבעטס־לוין, און דאָס האָט געבראַכט צו דעם, אַז די אַמעריקאַנער אַרבעטער זענען געווען אויפגעבראַכט אויף די עמיגראַנטן, ווי אויף פאָרשטייער פון ביליקער אַרבעט, כמו די פאַראַכטע כינעזישע „קוליס". אָבער מיט דער צייט האָבן די געקומענע יידישע אַרבעטער זיך צוגעפּאַסט צו די אָרטיקע פאָדערונגען פון זייער קלאַס: זיי פלעגן זיך אָנשליסן אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן און פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן אין קאַמף מיט די אַרבעטגעבער עקספּלואַטאַטאָרס דורך שטרייקן און סאָלידאַרישקייט מיט די אָרטיקע אַרבעטער. אַ סך זענען באַלד צוגעשטאַנען צו די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, מיט זייער אָנטייל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיי אָפּגעשטויסן פון זיך די יידן־קאַפּיטאַליסטן. פון דאַן אָן איז אַלץ זעלטענער געוואָרן די פילאַנטראָפּיע־סיסטעם, וואָס פלעגט אָפט פאַרדעקן די עקספּלואַטאַציע פון די „גרינע" עמיגראַנטן. די אַלטע עמיגראַנטן פלעגן פאַרלייכטערן זייערע נישטדערפאַרענע לאַנדסלייט דאָס שווערע איינאָרדנען זיך אין פרעמדן לאַנד. די עמיגראַציע פון רוסלאַנד, וואָס האָט די ערשטע צוויי יאָר אונטער דער ווירקונג פון פּאָגראָמען געטראָגן אַ כאַראַקטער פון אַ געלויף, איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַריין אין אַ צושטאַנד פון נאָרמאַלער איבערוואַנדערונג. פון 1884

ביזן 1890 פלעגט יעדעס יאָר אַריבערפאָרן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון 15 ביז 30 טויזנט יידן אויס רוסלאַנד און אַן ערך אויך אַזוי פיל אויס די אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער אינאיינעם, דער עיקר פון גאַליציע און רומעניע.

די גרעסטע מערהייט פון דער דאָזיקער עמיגראַנטן-מאַסע פלעגט פאַרבלייבן אין ניו-יאָרק, די איבעריקע פלעגן זיך באַזעצן אין די גרויסע שטעט פון די נאָענטע מזרח-שטאַטן — פילאַדעלפיע, טשיקאַגאָ, באָסטאָן. אייניקע פלעגן זיך רוקן ווייטער, צו די מערב-שטאַטן. יעדנפאַלס דורך ניו-יאָרק פלעגט דורכגיין כמעט די גאַנצע עמיגראַציע, און דאָ פלעגט זי באַאַרבעט ווערן אויפן אַמעריקאַנער שטייגער. דאָ האָבן עקזיסטירט יידישע קאָנגרעגאַציעס און לאַנדסמאַנשאַפטן; זיי פלעגן אַרייננעמען צו זיך יעדן נייעם לאַנדסמאַן, יעדן „גרינעם", און אים מחנך זיין אין די נייע אַמעריקאַנער לעבנס-דרכים. אין ניו-יאָרק, פּונקט ווי אין לאָנדאָן, פלעגן יידישע עמיגראַנטן זיך באַזעצן, אין באַשטימטע פערטלען, אינם אונטערשטן טייל שטאָט, דאַון-טאַון, אויסבילדנדיק אויף אַזאַ אופן אַ פרייווילליק געטאָ. דער כח פון די געקומענע איינוואוינער אין דעם טייל שטאָט איז טאַקע באַשטאַנען אין דער דאָזיקער ענגער פאַרבונדנקייט פון גרויסע איינהייטלעכע מאַסן אויף אַ באַשטימט אָרט. געלעבט האָבן זיי זייער צענויפגעשפּאַרט, אין גרויסע פילשטאָקיקע הייזער, וואָס זענען פון אונטן ביז אַרויף אָנגעפּאַקט מיט לאָקאַטאָרן. די ענגשאַפט איז געוואַקסן מיט יעדן יאָר, מיט יעדן דאַמפער, וואָס האָט אויפן ניו-יאָרקער ברעג אַרויסגעוואָרפן הונדערטער נייע איינוואַנדערער. שוין צום סוף די 80-ער יאָרן האָט די יידישע באַפעלקערונג פון ניו-יאָרק אַריבערגעשטיגן 200 טויזנט מאַן, פון וועלכע דריי פערטל איז געקומען אין לאַנד פאַר'ן לעצטן יאָרצענדלינג. די אַלטגעזעסענע פאַרמעגלעכע יידן, געקומען בעיקר פון דייטשלאַנד, האָבן געוואוינט אין די צענטראַלע שטאָט-טיילן; אַנטקעגן, אין דאַון-טאַון האָט זיך געמאַכט אַ נעסט די עמיגראַנטישע אָרעמקייט. אָבער דאָס לעבן פון געטאָ איז דאָ געווען נאָר אַן עטאַפּ אינם קרענקלעכן פּראָצעס פון אויסבילדן אַ נייעם צענטער. דאָס איז נישט געווען אַן אָרעמקייט אָן שום אויסוועג — ווי אין רוסלאַנד אָדער גאַליציע; דאָ איז געגאַנגען אַ האַרטער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, מיט דער געצוואונגענקייט זיך צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען פונם נייעם לעבנסשטייגער. דעם קאַמף האָבן באַגלייט שווערע ליידן, אָבער ער האָט זיך געמוזט ענדיקן מיט נצחון. די געקומענע מאַסן האָבן זיך פאַרטיילט איבער פאַרשידענע אַרבעטס-געביטן. אַ סך האָבן זיך פאַרנומען מיט „פּעדלעריי": נישט צוגעוואוינט צו קיין שום באַשטימטער פּראָפעסיע, געקומען מיט אַ פּאָר דאָלאַר, פלעגט דער עמיגראַנט קויפן פאַר די געלט אַ קוישל מיט סחורה און אַרומגיין מיט דעם איבער די גאַסן, פון הויז צו הויז, און צומאָל איבער די פאָרשטעט און דערפער, און פון

דעם פאַרדינען אויף אַ טאָג לעבן. אַן אַנדערן פּלעגט זיך איינגעבן פון דעם פאַרדינסט נאָך מאַכן אָפּשפּאָרעניש, און דאַמאָלסט פּלעגט ער אַוועקוואַרפן דעם וואַנדער-מסחר און ווערן פון אַ פּעדלער — אַ הענדלער, און מיט דער צייט — אַן אייגנטימער פון גרויסע געשעפטן. נישט איין רייכע פירמע אין ניו-יאָרק און אַנדערע שטעט איז אויסגעוואַקסן אויף דעם פונדאַמענט, וואָס איז געלעגט געוואָרן מיטן קויש פון אַן אָרעמען פּעדלער. די נעמען פון מיליאָנערן, געוועזענע פּעדלערס, זענען שטענדיק געווען ביי אַלעמען אין מויל, און די מעשיות וועגן אַזעלכע פאַרוואַנדלונגען האָבן נישט איין אונטערנעמעריש אָרעמאַן פון דער עמיגראַנטן-מאַסע דעם קאָפּ פאַרדרייט.

דאָך האָט אַ היפּשער טייל פון דער מאַסע זיך פאַרנומען מיט פיזישער אַרבעט אין פאַבריקן און אין גרויסע האַנטווערק-וואַרשטאַטן פון פאַבריק-טיפּ. די אייגנשאַפטן פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע פּלעגן אויסגלייכן דעם אונטערשיד צווישן פאַבריק און וואַרשטאַט: אי דער האַנטווערקער אי דער פאַבריק־אַרבעטער זענען דאָ געווען נאָר קליינע שרייפעלעך אינם קאָמפּליצירטן פּראָדוקציע־מעכאַניזם. די סיסטעם אַרבעטס-פאַרטיילונג האָט צעשטויבט יעדע האַנטווערק-פּראָדוקציע אויף אַ גרויסע צאָל באַזונדערע עלעמענטאַרסטע אַרבעטן, וואָס אפילו מענטשן אָן אַ שום באַגריף וועגן דער געגעבענער מלאכה אַלס גאַנצע — פּלעגן זיך עס שנעל אויסלערנען. מ׳האָט גאָרנישט געדאַרפט זיין קיין שניידער, אום צו אַרבעטן אין אַ שניידער-וואַרשטאַט מיט צענדליקער און הונדערטער מענטשן, פון וועלכע איינער האָט צוגעשניטן די סחורה, אַ צווייטער האָט גענייט אָדער געמאַכט לעכלעך, אַ דריטער האָט צוגענייט קנעפּלעך, אַ פערטער געפּרעסט מיטן אייזן. וועשעריי און שניידעריי זענען געווען אַממערסטן פאַרשפּרייט אין די יידישע קוואַרטאַלן פון ניו-יאָרק: מיט דער פאַבריקאַציע פון העמדער זענען אָפט געווען באַשעפטיקט גאַנצע משפּחות. נאָך שניידעריי איז געגאַנגען טאַבאַק-אַרבעט — ציגאַרן- און פּאַפּיראָסן-פאַבריקאַציע איז געוואָרן דער הויפּט-געביט פון פרויען- און קינדער-אַרבעט. אין די דאָזיקע צווייגן האָט די קאָנקורענץ דערפירט דעם אַרבעטס-לוין ביז אַ מינימום. דער וואַרשטאַט-אייגנטימער, — אַליין פון די אַלטע עמיגראַנטן, וואָס איז גאַנץ אָפט אַליין געווען אַן אָביעקט פון עקספּלואַטאַציע און זיך קוים אַרויפגעאַרבעט פון נויט צו אַ געזיכערטס לעבן, — האָט עקספּלואַטירט די האָרעוואַניע פון זיינע „גרינע" אַרבעטער, זיי געצוואונגען צו אַרבעטן 12—15 שעה אַ טאָג פאַר אַ נישטיקן געצאָלט. נישט לייכט איז געווען אויך די לאַגע פון פערזאָנען מיט פרייע פּראָפעסיעס — דאָקטוירים, אינזשעניערן, קאָנטאָריסטן, זשורנאַליסטן. די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך בעסער באַצאָלט, דערפאַר איז איר שווערער געווען צו באַקומען — צוליב דער פּראָפעסיאָנעלער קאָנקורענץ. די אינטעליגענטן פּלעגט אָפט אויסקומען אָנצוהויבן זייער קאַריערע אין אַמעריקע מיט שווערער פיזישער אַרבעט און

זיך פאַרנעמען מיט כּלערליי באַשעפטיקונגען. איינער פון אַזעלכע עמיגראַנטן,
וואָס האָט שפּעטער אָנגעשריבן אַ בוך איבער דער „גרויסער וואַנדערונג"
פון די 80-ער יאָרן, גיט אָן אַזאַ רשימה אַרבעטן, וואָס ער אַליין האָט
דורכגעמאַכט פאַר די ערשטע זיבן יאָר פון זיין איפּהאַלטן זיך אין די
פאַרייניקטע שטאַטן: „איך האָב געאַרבעט אין אַזעלכע פאַבריקן: פון טאַבאַק,
פּרוכטן, האָלץ־זעגעריי, פּאַפּירענע קעלנער, באַוול־סחורות און אויף אַן אייזן־
מאַשינען־פאַבריק. חוץ דעם האָב איך אויסגעפּרובט אַזעלכע מלאכות: גע־
פלאָכטן קוישן, געמאַכט שטולן און געניייט העמדער מיט דער מאַשין. חוץ
דעם בין איך געווען איינס נאָכן אַנדערן אַ ערד־גרעבער, אַ פאַרם־אַרבע־
טער, אַן אייזנבאַן־קאָנטראָלער, אַן אייגנטימער פון אַ בשמים־קרעמל, אַ
באַנק־אָנגעשטעלטער, אַ סטודענט־מעדיקער, אַ סאַניטאַר־אינספּעקטאָר, אַ פאַר־
וואַלטער מיט הייזער, אַ שטאָטישער לערער, אַ רעדאַקטאָר פון אַ טעגלע־
כער צייטונג און לסוף אַ מיטאַרבעטער פון עטלעכע גרויסע אַמעריקאַנער
בלעטער". אָט אַזוי האָבן שטאָטישע אינדוסטריע, מסחר און פרייע פּראָ־
פעסיעס פאַרשלונגען די אַרבעט כּמעט פון אַלע עמיגראַנטן, און נאָר גאָר
אַ קליינעם טייל איז אויסגעפאַלן צו פלאַנצן יידישע לאַנדווירטשאַפט אין
אַמעריקע — דאָס, וואָס איז געווען דער טרוים פון די ערשטע אינטעלי־
גענטע פירער אין דער עמיגראַציע.

און באמת, די איניציאַטאָרס פון דער זאַך זענען גיכער געווען העלדן,
איידער בעוויינלעכע גליק־זוכער. זייער גליק איז באַשטאַנען אין עטוואָס
אַנדערש. געבילדעטע מענטשן, סטודענטן, לערער — האָבן זיי זיך אָפּגע־
זאָגט פון זייערע פרייע פּראָפעסיעס אינם לאַנד פון קנעכטשאַפט, און באַ־
וואוסטזיניק געגאַנגען אויף שווערע ערד־אַקער־אַרבעט אינם לאַנד פון פריי־
הייט. זיי האָבן געוואָלט דערמיט געבן אַ ביישפּיל פון נאָרמאַלן לעבן יענע
עמיגראַנטן־מאַסן, וואָס זענען געגאַנגען נאָך זיי. פיל האָבן זיי זיך אָנגע־
ליטן ביים צוזאַמענשטויס פון זייער אידעאַל מיט דער ביטערער ווירקלעכ־
קייט, פיל אַנטוישונגען האָבן זיי איבערגעלעבט. שוין דער ערשטער קאָלאָ־
ניזאַציאָנס־פּרוב האָט זיך געענדיקט מיט גאָרנישט. שפּעטיאָר 1881 האָבן
דרייסיק משפחות פון קיעוו און יעליסאַוועטגראַד — די ערשטע פּאָגראָמ־
נעסטן — געגרינדעט אַ לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניע אין שטאַט לואיזיאַנע,
נישט ווייט פונם ברעג מיסיסיפּי. אין דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען
טיילווייז מענטשן פון פיזישער אַרבעט, טיילווייז אינטעליגענטן בראש מיט
הערמאַן ראָזענטאַל (שפּעטער דער ביבליאָטעקאַר פון דער סלאַווישער
אָפּטיילונג ביי דער ניו־יאָרקער עפנטלעכער ביבליאָטעק). אונטערגעהאַלטן
האָט זיי מיט געלט־מיטלען דער ניו־יאָרקער הילפס־קאָמיטעט פאַר עמיגראַנטן,
אָבער ביידע, דער קאָמיטעט און די איניציאַטאָרס פון דער זאַך, האָבן גע־
מאַכט אַ גרויסן פעלער: די ערד, וואָס מ'האָט געקויפט פאַר דער קאָלאָניע

איז געווען אין אַ נידריק זומפּיק אָרט אין אַ ווייטן שטאַט, מיט זייער נישט קיין גינסטיקן קלימאַט, אַ קוואַל פון געלן פיבער, וואָס נאָר די אָרטיקע נעגער, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די פּלאַנטאַציעס, האָבן עס געקאָנט אַריי־בערטראָגן. דאָך האָבן די נייע קאָלאָניסטן, אין דער צאָל פון 173 מאַן, זיך הייס גענומען צו דער אַרבעט, פאַרזייט אַ גרויסן שטח מיט קאָרן און גרינ־וואַרג, און אָנגעהויבן וואַרטן אויפן ערשטן גערעטעניש. אָבער פרי־יאָר 1882 האָט זיך די מיסיסיפּי צעגאָסן און פאַרטרונקען דאָס צעאַקערטע לאַנד, אַוועקגעטראָגן די הייזער, פאַרניכטעט די פי און ערד־אַרבעט־מאַשינעס. די גאַנצע האָרעוואַניע איז געגאַנגען לאיבוד, און די אומגליקלעכע קאָלאָניע האָט מען געמוזט פאַרלאָזן.

נאָר אויך דאָס האָט נישט אָפּגעקילט די קאָלאָניזאַטאָרס. דאָס יאָר 1882 זענען געמאַכט געוואָרן פּרובן איינצואָרדנען אויף ערד פאַרשידענע גרופּעס עמיגראַנטן אין אַנדערע שטאַטן. אין דרום־דאַקאָטע זענען אַנטשטאַ־נען מיטאַמאָל צוויי קאָלאָניעס: „קרעמיע" און „בית־לחם"; די לעצטע איז געגרינדעט געוואָרן דורך אַ גרופּע עמיגראַנטן פון צוואַנציק מאַן אויף קאָ־מוניסטישע יסודות. אין ביידע קאָלאָניעס האָבן זיך באַזעצט די רעשטלעך פון די געוועזענע לואיזיאַנער פּיאָנערן און נייע עמיגראַנטן פון דרום־רוס־לאַנד, פאַמיליען־מענטשן און בחורים. די ערד, געגעבן אומזיסט פון מלוכה־פאָנד, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גוט, געשטערט האָבן אָבער די קלימאַט־באַזונדערקייטן — ווינטן און אָפטע טרוקענישן. די קאָלאָניסטן האָבן געאַר־בעט פלייסיק, מיט באַגייסטערונג, און די אַרומיקע פערמערס האָבן זיך צו זיי באַצויגן מיט גרויס מיטגעפיל; עס האָט נאָר נישט געקלעקט קיין געלט־מיטלען אויף צו באַזאָרגן די קאָלאָניע מיט לאַנדווירטשאַפט־מכשירים און אויף אונטערצוהאַלטן די ערד־אַרבעטער אויפן פאַל פון אַן אומגערעטעניש, ווייל די הילף מצד ניו־יאָרקער צדקה־חברות איז געווען גאָר קליין. די קאָ־לאָניעס האָבן מיט יעדן יאָר אַלץ מער געצאַנקט און ענדלעך זיך אינגאַנצן צעפאַלן. צוליב ענלעכע סיבות — פון באָדן, קלימאַט אָדער אָרגאַניזאַציאָ־נעלע — זענען זיך צעפאַלן אויך די איבעריקע קאָלאָניעס, וואָס זענען גע־גרינדעט געוואָרן אין די דרום־מערבדיקע שטאַטן פון רעפּובליק: „מאָנטע־פיאָרע", „לאַסקער", „באר־שבע" (1884—86).

לאַנג און עקשנותדיק האָט פאַר איר עקזיסטענץ געקעמפט די מוס־טער־קאָלאָניע „ניי־אָדעס", וואָס די אָדעסער גרופּע אינטעליגענטן פון דער־מאָנטן פאַרבאַנד „עם־עולם" האָט געגרינדעט. די דאָזיקע מענטשן האָבן אינאיינעם מיט דער עמיגראַנטן־מאַסע איבערגעטראָגן אַלע וואַנדער־צרות פון 1882 יאָר — פונם זיצן אין בראָד ביז דער פאַרהאַפטונג אין קאַסטעל־גאַרדן און אין די צדקה־קאַזאַרמעס פון ניו־יאָרק. לכתחילה האָבן זיי זיך איינגע־אָרדנט ווי פּשוטע אַרבעטער אויף פערמעס און פאַבריקן, אָבער אין דער

זעלבער צייט האָבן זיי געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן זייער
אידעעלן קאָלאָניזיר-פּלאַן. אַ צופאַל האָט צונויפגעפירט די דאָזיקע אינטע-
ליגענטע פּיאָנערן מיט אויך אַזאַ פלאַמיקן אידעאַליסט — מיכל היילפּרין,
וואָס האָט געשטאַמט פון פּוילן, איבערגעלעבט אין אונגאַרן די רעוואָלוציע
פון 1848 און שפּעטער זיך אַריבערגעקליבן קיין אַמעריקע. דאָ איז ער גע-
וואָרן אַן אָנגעזעענער זשורנאַליסט און רעדאַקטאָר פון דער אַמעריקאַנישער
ענציקלאָפּעדיע. געווען איז היילפּרין אַן ענטוזיאַסט פון דער קאָלאָניזיר-
אידעע, האָט ער אויסגענוצט זיין גאַנצן איינפלוס אין די העכערע געזעל-
שאַפט־קרייזן, אַז מ'זאָל העלפן די יונגע פּיאָנערן פון רוסלאַנד. אויף די
מיטלען, וואָס ער האָט געמאַכט, האָט מען אינם ווייטן מערב-שטאַט אָרע-
גאָן געקויפט אַ פּלאַץ ערד מיט די נויטיקסטע ערד-אַרבעט-מכשירים און איינ-
געאָרדנט אַ קאָלאָניע ביי־אָדעס, וואו ביי אַ האַלבע מאה מענטשן האָבן גע-
בילדעט אַ דאָרפישע קאָמונע (1883). זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט זייער
תבואה, און אין זייער גאַנצער היץ גאָרנישט באַמערקט, אַז די שכנישע
אָרעגאָנער פאַרמער פאַרנעמען זיך גאָר בעיקר מיט פיצוכט און מילך-ווירט-
שאַפט, וואָס זענען מער פּאַסיק פאַר די אָרטיקע באַדינגונגען. האָבן זיי
געמוזט זיך פאַרנעמען מיט אַ זייטיקער פרנסה — האַקן וואַלד און צושטעלן
האָלץ פאַר דער שכנותדיקער אייזנבאַן; אָבער ווען דער וואַלד אויפן גע-
קויפטן שטח איז שוין געווען אויסגעהאַקט און ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז מ'דאַרף
צוקויפן נייע ערד אויף צו באַאַרבעטן, האָט דאָס נויטיקע דערצו געלט
אויסגעפעלט. עטלעכע יאָר האָבן זיך די קאָלאָניסטן געמאַטערט, געליטן נויט,
נישט געקאָנט באַשליסן זיך צו פאַרפירן אַ פאַמיליען-לעבן. לסוף האָט זיך
די געדולד אויסגעשעפּט, און צוביסלעכווייז האָבן די גרינדער פאַרלאָזן די
קאָלאָניע — דאָס דאָזיקע קינד פון אידעאישן ענטוזיאַזם. אייניקע קאָלאָ-
ניסטן זענען אַזוי פאַראָרעמט געוואָרן, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין מיט-
לען אויף דער נסיעה מיט'ן באַן, און זיי זענען צופוס אַדורכגעגאַנגען דעם
גרויסן מהלך פון סאַן-פראַנציסקאָ ביז ניו-יאָרק, פונם גרויסן אָקעאַן ביזן
אַנטלאַנטישן — במשך דריי חדשים צייט (1888).

פעסטער האָבן זיך אַרויסגעוויזן די לאַנד-קאָלאָניעס, וואָס זענען איינ-
געאָרדנט געוואָרן אין ניו-דזשערסי, איינעם פון די לעבעדיקסטע מזרח-
שטאַטן, נישט ווייט פון די גרעסטע צענטרען אין לאַנד — ניו-יאָרק און
פילאַדעלפיע. דאָס יאָר 1882 זענען דאָרט אַנטשטאַנען מיטאַמאָל דריי קאָ-
לאָניעס, אויף אַ קליינעם מהלך איינע פון דער צווייטער: אַליאַנס, כרמל
און ראָזנהיין, — לכתחילה זענען זיי געווען באַזעצט מיט געקומענע פון
רוסלאַנד, אין דער צאָל פון 70 משפחות. די דאָזיקע קאָלאָניסטן האָבן זיך
פאַרנומען דער עיקר מיט גערטנעריי און וויינטרויבן-פלאַנצן, — און די
נאָענטקייט צו די גרויסע שטעט האָט זיי פאַרלייכטערט דאָס אָפּזעצן די

פּראָדוקטן. דאָך וואָלט זיך אויך דאָ נישט באַגאַנגען אָן אַ קריזיס, ווען די קאָלאָניסטן און זייערע פֿילאַדעלפֿער שיצער וואָלטן זיך נישט דערטראַכט צו אַ גאַנץ פּשוטן געדאַנק: פֿאַרייניקן לאַנדווירטשאַפֿט מיט אַ שטאָטישער הילפֿס־פּרנסה — מיט אויסאַרבעטן וועש. אין די קאָלאָניעס זענען געגרינדעט געוואָרן פֿאַבריק־וואַרשטאַטן צום נייען העמדער, און דאָס האָט די קאָלאָניסטישע משפּחות געגעבן אַ צוגאָב־פֿאַרדינסט: זיי פֿלעגן זיך דערמיט פֿאַרנעמען ווינטער און אין אַנדערע פֿעריאָדן, ווען זיי זענען פֿריי פֿון לאַנד־אַרבעט. אַ דאַנק דעם, האָבן זיך די קאָלאָניעס אויפֿגעהאַלטן און מיט דער צייט זיך פֿאַרוואַנדלט אין וואוין־פֿלעצער פֿון האַלבשטאָטישן טיפּ. אַ דאַנק דער דאָזיקער צוזאַמענפֿלעכטונג פֿון דאָרף און שטאָט איז אויסגעוואַקסן אין וואוילשטאַנד די נייע קאָלאָניע וואודביין, געגרינדעט אין דעם זעלבן שטאַט אַ סך שפּעטער (1891). איינגעאָרדנט מיט דער הילף פֿון באַראָן הירש, האָט זיך שפּעטער די דאָזיקע קאָלאָניע פֿאַרוואַנדלט אין אַ אינדוסטריעל יידיש שטעטל, אַרומגערינגלט ביים ראַנד מיט אַ קייט פֿון פֿערמעס. בכלל איז דאָרט, וואו די קאָלאָניזאַציע האָט זיך אָנגענומען, — האָט זי באַקומען דעם פּרצוף פֿון אַמעריקאַנער פֿאַרמער־ווירטשאַפֿט, און די נישטפֿילע יידישע פֿערמעס — איינצלנע אָדער גרופּעסווייז, — וואָס רייזנדע פֿלעגן טרעפֿן אין פֿאַרשידענע שטאַטן צפֿון־אַמעריקע — דאָס איז געבליבן דער גאַנצער רעזולטאַט פֿון דעם גראַנדיעזן טרוים פֿון די פּיאָנערן־אידעאַליסטן.

דאָס יאָר 1891 איז געווען פּונקט אַזאַ אומרו־מאָמענט אין דער געשיכטע פֿון דער אַמעריקאַנער אימיגראַציע, אַזוי ווי דאָס יאָר 1882. דער שטורעם רוסלענדער רעאַקציע האָט אַ יאָג געטאָן צו די ברעגן פֿון אַמעריקע אַ נייע כוואַליע עמיגראַנטן — די אַרויסגעטריבענע פֿון מאָסקווע און אַנדערע קרבנות פֿונם פֿאַרשטאַרקטן יידנפֿיינטלעכן טעראָר. די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט זיך דערשראָקן פֿאַרן אָנגעלויף פֿון אָרעמע עמיגראַנטן און אָנגענומען מיטלען צו באַגרענעצן די אַריינוואַנדערונג: מענטשן אָן שום מיטלען צום לעבן און אָן באַשטימטע באַשעפֿטיגונגען האָט מען נישט אַרויפֿגעלאָזן אויפֿן ברעג אין ניו־יאָרק און אַנדערע האַפֿנס, און מ׳פֿלעג זיי אָפּשיקן צוריק אין אייראָפּע. דאָך האָט זיך דער גרעסטער טייל עמיגראַנטן־מאַסע אַריינבאַקומען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן (אין 1891 — 92 איז פֿון רוסלאַנד אָנגעקומען 118.000 יידן, און פֿון גאַליציע, רומעניע און אַנדערע לענדער — ביי 130.000). ניו־יאָרקער געטאָ האָט אויפֿגעלעבט: די וואַרשטאַטן און פֿאַבריקן האָבן זיך אָנגעפֿילט מיט „גרינע" אַרבעטער, אויף די גאַסן האָבן זיך אַרומגעדרייט נייע מאַסן פּעדלערס, ביי די טירן פֿון צדקה־חברות זענען געשטאַנען געדיכטע רייען פֿון נויטבאַדערפֿטיקע, וואָס האָבן געוואַרט אויף שטיצע. אין ניו־יאָרק האָט זיך דאַן געגרינדעט דער פֿאָנד פֿון באַראָן הירש; זיין קאָמיטעט און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן מיט

אַלע כחות געאַרבעט אויף צו פונאַנדערזעצן די עמיגראַנטן איבער פאַרשי־דענע שטעט און זיי צושטעלן אַרבעט, אָבער אַלע באַמיונגען האָבן נאָר טיילווייז געקאָנט פאַרקלענערן די מאָס פון ליידן, וואָס דער פלוצלונגדיקער אָנקום פון צענדליקער טויזנט נישט פאַרזיכערטע מענטשן האָט מיט זיך אַרויסגערופן. דאָס יאָר 1893 האָט אַמעריקע געבראַכט אַ לאַנגדויערנדיקן אינדוסטריע־קריזיס, און צוליב דעם האָט זיך די אימיגראַציע פון אייראָפּע בכלל פאַרקירצט. דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויך אויף דער יידישער אימי־גראַציע: די יערלעכע צאָל איינוואַנדערער פון רוסלאַנד האָט זיך אומגע־קערט צום מיטעלען דורכשניט (אַן ערך 30.000 אַ יאָר פאַרן משך 1893 — 1900), אָבער צוזאַמען מיט די אויסוואַנדערער פון רומעניע און גאַליציע האָט אַמעריקע דאָך באַקומען ביז 60.000 יידן אַ יאָר. אויף אַזאַ אופן איז פאַר די לעצטע צוויי יאָרצענדליק פון 19־טן יאָרהונדערט די יידישע באַ־פעלקערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרגרעסערט געוואָרן בלויז פון אי־מיגראַציע אַן ערך אויף אַ מיליאָן מענטשן, און צום אָנהויב 20־טן יאָר־הונדערט האָט זיך שוין דאָרטן אויסגעבילדעט אַ גרויסער קיבוץ פון אַנ־דערטהאַלבן מיליאָן.

דאָס איז געווען אַ צענטער — אַ פעסטער און אַ שטענדיקער. די יידישע אימיגראַציע אין אַמעריקע, אַ טייל פון דער אַלגעמיין־אייראָפּעאישער (12—15 פראָצ.), איז אָבער גאָר אַנדערש געווען לויט אירע צילן. אירלענדער, איטאַליענער, דייטשן אָדער פּאָליאַקן פלעגן געוויינלעך פאָרן קיין אַמעריקע אויף אַ צייט, אויף צו פאַרדינען, און אָן די פאַמיליעס; אָנגעקליבן פאַר אַ יאָר אָדער עטלעכע אַ געוויסע סומע געלט, פלעגן אַזעלכע עמיגראַנטן זיך אומקערן אין זייער פאָטערלאַנד. יידן אָבער פלעגן פאָרן קיין אַמעריקע אויף צו געפינען אַ ניי פאָטערלאַנד אָנשטאָט זייער פריערדיקער רשעות־דיקער היים, זיי פלעגן פאָרן אויף שטענדיק — צי מיט זייערע משפחות צי אָן זיי, אָבער מיטן פעסטן מיין זיי אַרויסצורופן באַלד נאָכן איינאָרדנען זיך אין דער נייער מדינה. ביזן קומען פון זייערע משפחות — פלעגט דער דאָזיקער עמיגראַציע־אַוואַנגאַרד שיקן אַהיים אַ גרויסן טייל פון זייערע פאַרדינסטן. אין ליטע פלעגן זיך באַגעגענען אַ סך אָרעמע שטעטלעך, וואָס אַ זיכערע העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג פלעגט דאָ לעבן אויף „אַמעריקאַנער געלטער", וואָס פלעגן פּינקטלעך אָנקומען מיט דער פּאָסט. און ווען אַ משפחה פלעגט איינאיינעם מיט געלט דערהאַלטן פון איר שפּיי־זער אויך „אַ שיפסקאַרטע" אויף איבערצופאָרן קיין אַמעריקע, דאַן פלעגט שוין אינגאַנצן איבערגעריסן ווערן דער צוזאַמענבונד פון עמיגראַנט מיט דער אַלטער היים: ער פלעגט ווערן אַ שטענדיקער איינוואוינער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. לויט די געזעצן פון דער רעפּובליק, האָט מען געקאָנט ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער נאָך פינף יאָר וואוינען אין לאַנד. דער דאָ־

זיקער נאַטוראַליזאַציע=אַקט פלעגט דורכגעמאַכט ווערן זייער גערן, און עס איז געווען אַ טאָג=טעגלעכע דערשיינונג — אַז דער רעכטלאָזער אונטערטאַן פון דער רוסלענדער דעספּאָטיע פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פולבאַרעכטיקטן בירגער פון דער פרייסטער רעפּובליק.

די נייע בירגער האָבן גענומען דעם לעבעדיקסטן אָנטייל אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, איבערהויפּט אין די פּאַרלאַמענט=וואַלן. ביים גרויסן וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַרמאָגט צענדליגער טויזנט וואַל=שטימען, איז איר פּאָליטישער באַטייט געוואָרן אַלץ גרעסער. בעת פּרעזידענטן=וואַלן, ווען עס פלעגן געוויינלעך שטרייטן צוויי קאַנדידאַטורן — פון דער רעפּובליקאַנישער און דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — האָבן יידישע שטימען אין די גרויסע שטעט, דער עיקר אין ניו=יאָרק, געקאָנט געבן אַ איבערוואָג דעם קאַנדידאַט פון דער אָדער יענער פּאַרטיי. און נישט זעלטן האָט דער קינפטיקער פּרעזידענט פון דער גרויסער רעפּובליק געמוזט בעת דער וואַלקאַמפּאַניע זיך באַמיען נושא=חן צו זיין ביי די, וואָס אין אַלטן פאָטערלאַנד האָט זיי יעדער פּאָליציי=באַאַמטער געקאָנט באַליידיקן. דער באַוואוסטזיין פון בירגערלעכער גלייכשאַצונג האָט דעם יידן צוגעבונדן צו זיין נייעם פאָטערלאַנד; ער פלעגט זיך דורכדרינגען מיטן געפיל פון אָרטיקן פּאַטריאָטיזם און פלעגט אַרויסווייזן גרייטקייט צו די שווערסטע קרבנות צוליב דעם גליק פון לאַנד אין יעדן געגעבענעם מאָמענט. בעת דער מלחמה פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט שפּאַניע צוליבן אינזל קובאַ (1898), זענען אַ סך יידישע פריי=וויליקע אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער אַמעריקאַנישער ווירקלעכער אַרמיי. צווישן די פרייוויליקע זענען געווען נישט ווייניק פּערזאָנען, וואָס האָבן פריער געדינט אין רוסישן חיל ווי צאַריסטישע קנעכט. אין ניו=יאָרק האָט די פּאַטריאָטישע יידישע יוגנט אויסגעמאַכט אַ גרויסן טייל פון דעם פוסגייער=פּולק, וואָס האָט זיך דאָרטן פאָרמירט, און אין פילאַדעלפיע איז געבילדעט געוואָרן אַ ריין יידישער לעגיאָן. יידן האָבן אויך געקעמפט אין די רייען פון דער רעגולערער אַרמיי — אויף דער יבשה און אויפן ים. ווי באַוואוסט, האָבן די שטאַטן געזיגט אין דער מלחמה מיט שפּאַניע, און דער פּועל=יוצא פונם זיג איז געווען, אַז שפּאַניע האָט אָנגעוואוירן קובאַ און אירע לעצטע וועסט=אינדישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע. אַזוי האָבן יידן מיטגעהאָלפן אַרויסצוטרייבן שפּאַניע פונם דאָזיקן טייל נייע וועלט, וואָס זי אַליין האָט אַנטדעקט מיט פירהונדערט יאָר צוריק, אין זעלבן יאָר פונם גירוש=שפּאַניע. אייניקלעך פון ספרדים און עמיגראַנטן פון רוסלאַנד — דאָס דאָזיקע נייע אינקוויזיציע=לאַנד — זענען דאָ געווען אַ ווערקצייג אין די הענט פון דער היסטאָרישער נעמעזידע.

נאָך צום סוף ערשטן יאָרצענדלינג פון דער רוסיש=יידישער עמיגראַ=

ציע, האָט איינער פון אירע אַקטיווע אנטיילנעמער געשריבן: „דער, וואָס האָט געזען, ווי דער אָרעמער, דערשלאָגענער, דערשראָקענער תּושב פונם באַקאַנטן „תּחום", וואָס איבער זיין קאָפּ איז שטענדיק געהאָנגען דער חלף פון ברוטאַלער נקמה, וואָס האָט געציטערט ווי אַ בלאַט ווען ער האָט דערזען דעם פּאָליי־צייבאַמטן פון זיין באַצירק אָדער דעם „גאָראָדאָוואָי", — ווער עס האָט געזען ווי אָט דאָס יידעלע פּלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אונטער דער ווירקונג פון קאַמף פאַר עקזיסטענץ און פון דער אומאָפּהענגיקייט — אין אַ פרייעם אמעריקאַנער יידן, וואָס האַלט זיך מיט שטאָלץ, לאָזט זיך פון קיינעם אויף דער גאָרער וועלט נישט באַליידיקן, איז אַ בירגער אין פולן זין פון וואָרט, — ווער עס האָט געזען אָט די דאָזיקע וואונדערבאַרע מעטאַמאָר־פאָזע, דער קאָן נישט צווייפלען אין דער גרויסער באַדייטונג פון דער עמיגראַציע־באַוועגונג פאַר די 200 טויזנט יידן, וואָס זענען געבליבן אין אַמעריקע". באַאָבאַכטער פון יענער צייט פאַרצייכענען, מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט עס פלעגן זיך איבערבייטן דער אויסערלעכער שטייגער און מנהגים פון די געקומענע יידישע מאַסן. דער פּאַטריאַרכאַלער ייד פון ליטווישן אָדער פּאָדאָלער שטעדטל פלעגט געוויינטלעך פאַרענדערט ווערן אין אַן אַמעריקאַנער באַלד נאָך זיין קומען אין לאַנד: ער פלעגט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אַלטמאָדישן מלבוש און אים פאַרבייטן מיט אַ קורץ רעקל אָדער אַרבעטס־העמדל, כדי ער זאָל נישט הייסן „גרינער" און די גאַסן־יינגלעך זאָלן איבער אים נישט חוזק מאַכן. אויס דערזעלבער נויטיקייט זיך צוצופּאַסן צום נייעם לעבנסשטייגער פלעגן די מאַנסבילן מקריב זיין זייערע באָרד און פּאות און די פרויען זייערע פּאַרוקן. די ווירקונג פונם דאָזיקן שטייגער האָט אַפילו אָנגערירט איינעם פון די גרונטזיילן פון דער אמונה — דאָס אָפּהיטן שבת. נאָך קליינע וואַקלונגען פלעגן פאַבריק־אַרבעטער זיך באַשליסן צו אַרבעטן אום שבת, ווייל אומעטום, אויסער יענע פאַבריק־וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געהערט צו אָרטאָדאָקסאַלע יידן, האָט מען זיך געהאַלטן ביים מנהג צו רוען זונטאָג. אָבער פילע האָט דער מוז מחלל שבת צו זיין טאַקע אָפּגעהאלטן פון אַריינצוטרעטן אין די פאַבריקן; ביי אַזעלכע מענטשן איז בעסער רעכט געווען זיך צו פאַרנעמען מיט קליינהאַנדל און פעדלעריי, אַבי האָבן די מעגלעכקייט איבערצורייסן די אַרבעט אין טאָג פון זייער נאַציאָנאַלן יום־טוב.

בכלל האָט זיך די רעליגיעזע לעבנס־אָרדנונג נישט שטאַרק געענדערט ביים ערשטן דור עמיגראַנטן. מ'איז געווען צונויפגעזאַמלט אייגנאַרטיק מאַ־סעסווייז אין ענגע קוואַרטאַלן, געלעבט צווישן לאַנדסלייט — און דאָס, ווי אויך ריין־גייסטיקע סיבות, האָט אונטערגעהאַלטן די קאָנסערוואַטיווע נטיות אין זייערע רייען. לויטן אַלטן מנהג פון דער יידישער מאַסן־וואַנדערשאַפט האָבן די געקומענע פון איין שטאָט אָדער געגנט זיך אין די נייע ערטער

פּאַראייניקט אין לאַנדסמאַנשאַפטן, געמאַכט פּאַר זיך באַזונדערע בתּי-מדרשים און פאַרשידענע זעלבסטהילף-חברות. אין ניו-יאָרק זענען געווען הונדערטער שולן, וואָס האָבן געטראָגן די נעמען פון פאַרשיידענע לאַנדסמאַנשאַפטן: ביה״כנ של אַנשי קאָוונע, ווילנע, זשיטאָמיר, קישעניעוו א. א. די דאָזיקע קליינע שילכעלעך האָבן זיך געוויינלעך געפונען אין אַ געדונגענעם לאָקאַל אין אַ פּריוואַטן הויז, און זיי האָבן געדינט נישט נאָר פאַר תּפילה-הייזער, נאָר אויך פאַר קלובן, וואו די לאַנדסלייט פלעגן זיך צונויפקומען אויף אַ חברישן שמועס און געשעפטלעכע אונטערהאַנדלונגען. יידיש, די מוטער-שפּראַך פון די מאַסן, האָט געהערשט אין די יידישע קוואַרטאַלן און זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן דער ענגלישער שפּראַך, וואָס די לערניוגנט האָט אין שול באַקומען. קורסן פון ענגליש פלעגט מען אויך איינאָרדנען פאַר עלטערע עמיגראַנטן — נאָך דער אַרבעט בייטאָג פלעגן זיי גערן שטודירן די שפּראַך פון לאַנד, וואָס איז געווען נויטיק אי דעם אַרבעטער אויף דער פאַבריק, אי דעם פּעדלער אויפן גאַס ביים צונויפרעדן זיך מיטן נישט-יידן. צווישן זיך אָבער האָבן די עמיגראַנטן גערעדט אויף זייער מוטער-שפּראַך, אַריינפירנדיק אין אים טעכנישע ענגלישע טערמינעס און גאַנגבאַרע אויסדריקן, פון וואָס עס האָט זיך באַקומען אַ באַזונדערער ענגלישיזירטער דיאַלעקט פון יידיש. אויף יידיש האָבן אויך דערשיינט די צייטונגען אין די ניו-יאָרקער יידישע קוואַרטאַלן. צום סוף די 80-ער יאָרן האָט שוין עקזיסטירט 12 אַזעלכע צייטונגען — וואָכנטלעכע און טעגלעכע. די מער פאַרשפּרייטע זענען געווען די טאָג-בלעטער „יידישע צייטונג״ און „יידישער טאָג-בלאַט״, און פון דער פּראָלעטאַרישער פּרעסע — „אַרבעטער-צייטונג״.

אַ דאַנק די אָנגעוויזענע אַרבעטס-באַדינגונגען אין אַמעריקע, האָבן די געקומענע אַרבעטער זיך גיך אַריינגעצויגן אין די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, און אָפט געבילדעט באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָפּגעזונדערט פון אַנדערע פעלקער, ווייל די יידישע פּראָפעסיעס האָבן געטראָגן זייער ספּעציפישן כאַראַקטער. די פאַראיינען פון שניידער, מאָדיסטקעס, היטל-מאַכער, סטאָליאַרעס און אַנדערע מלאכות האָבן געציילט צענדליקער טויזנט מיטגלידער; די נויטבאַדאַרפטיקע בעת עקאָנאָמישע שטרייקן פלעגן פון פאַראיינס קאַסע באַקומען שטיצע; פון דאַנען פלעגט מען אויך אַרויסגעבן מיטלען אויף אויסצוהאַלטן די קולטורעלע פאַראיינס-אינסטיטוציעס — ביבליאָטעקן, קורסן, קלובן. סוף 80-ער יאָרן איז אַנטשטאַנען אַ צענטראַלע פעדעראַציע פון די יידישע האַנטווערקער-פאַראיינען. אין פּרט פון עקאָנאָמישער זעלבסט-הילף האָבן די אַלע אָרגאַניזאַציעס געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר די אַרבעטס-מאַסן; חוץ דעם האָט דאָס זיי געגעבן אַ סאָציאַל-פּאָליטישע דערציאונג, לעקציעס פון מאָדערנער בירגעלעכקייט. אַ נעגאַטיווע דערשיינונג איז נאָר געווען די גרופּע גאָר עקסטרעמע סאָציאַליסטן, האַלב-

אַנאַרכיסטן, וואָס בײַם איבערגיין פֿון רוסישער קנעכטשאַפֿט צו אַמעריקאַנער פֿרײַהייט האָבן זיי פֿאַרלוירן זייער גייסטיקן גלײַכגעוויכט און פֿלעגן אַרײַנפֿאַלן אין איבעריקן ליבערטיניזם. בכלל, איז דער יידישער סאָציאַליזם אין אַמעריקע געווען ראַדיקאַלער פֿונם אָרטיקן, וואָס האָט געטראָגן אַ ריין עקאָנאָמישן כאַראַקטער: אַ קרבן פֿון פּאָליטישער אונטערדריקונג, האָט דער עמיגראַנט אַרײַנגעטראָגן אין זײַן קלאַסן-קאַמף רעוואָלוציאָנערע לײַדנשאַפֿט. אַזוי ווי ער וואָלט באַשטימט דעם דאָזיקן סאָציאַליזם אויף עקספּאָרט אין זײַן אַלטע היים.

אויסער קלאַס און פּאַרטיי זײַנען געווען די הילף- און קעגנהילף-אָרגאַניזאַציעס, די יידישע „ברידערלעכע" אָרדנס פֿון מאַסאָנען-טיפּ, וואָס האָבן זיך פֿון לאַנג אָן פֿאַרפֿעסטיקט אין דער נײַער וועלט. דער עלטסטער פֿון זיי „בני-ברית" איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין 1843 אין ניו-יאָרק — דורך די אויסוואַנדערער פֿון דײַטשלאַנד, ער האָט זיך געשטעלט פֿילאַנטראָפּישע אויפֿגאַבעס, „אין גייסט פֿון יודאַאיסטישער עטיק". דער אָרדן האָט געהאַט עטלעכע „גרויסע לאָזשעס" אין פֿאַרשיידענע שטעט און אום סוף יאָרהונדערט געציילט בײַ 30 טויזנט מיטגלידער. דאָס יאָר 1859 איז אַנטשטאַנען נאָך איין „ברודערלעכער" אָרדן „ברית-אברהם", און נאָך דער מאַסן-אימיגראַציע פֿון רוסלאַנד זײַנען צוגעקומען אַ רײַע נײַע אָרדנס („אומאָפּהענגיקע ברית-אברהם", 1887; מערב-שטערן, 1891; פּראָגרעסיווער מערב-אָרדן, 1896, א. א.), וואָס האָבן געצויגן מיטגלידערשאַפֿט פֿון צווישן די נײַע אימיגראַנטן.

די גרויסע איבערוואַנדערונג פֿון סוף 19-טן יאָרהונדערט האָט אויסגעבילדעט אין אַמעריקאַנער יידנטום אַ נײַעם געזעלשאַפֿטלעכן שיכט — איבער די צוויי אַלטע שיכטן: דעם ספֿרדישן עלעמענט, וואָס האָט קאָלאָניזירט דאָס לאַנד במשך עטלעכע יאָרהונדערטן און דעם דײַטשן, וואָס האָט זיך אַרויסגערוקט אין דער מיט 19-טן יאָרהונדערט. אין כּמות איז דער דריטער שיכט — דער רוסיש-יידישער — איינגיכן געוואָרן דער הערשנדיקער, אָבער לויטן סאָציאַלן מצב און צוגעפּאַסטקייט צו דער אַמעריקאַנער קולטור איז ער געשטאַנען נידעריקער פֿון די פֿריערדיקע עלעמענטן. די ספֿרדישע און דײַטשע יידן האָבן הויפּטזעכלעך געהערט צום קלאַס גרויסע אָדער מיטעלע קאַפּיטאַליסטן; צו זיי האָבן געהערט די גרעסטע באַנקיר- און האַנדלס-פֿירמעס, די רײַכסטע געשעפֿטן פֿון ניו-יאָרק, פֿילאַדעלפֿיע, באָסטאָן און אַנדערע שטעט. אין ניו-יאָרק האָבן זיי געלעבט אין די צענטראַלע שטאָט-טיילן, אין די רײַכע קוואַרטאַלן; דאָרט האָבן זיי אויך געפֿונען זייערע געפּוצטע סינאַגאָגעס, ס'רוב רעפֿאָרמירטע אויפֿן דײַטשן שטייגער, אויך די וואוילאײַנגעאָרדנטע קולטור-אַנשטאַלטן פֿון זייערע קהילות אָדער „קאָנגרע-

נאַציעס". אין די דאָזיקע אַריסטאָקראַטישע קאָנגרעגאַציעס האָבן די עמי גראַנטן פון מזרח-אייראָפּע נישט געקאָנט און נישט געוואָלט אַריינקומען. צווישן אויבערשטן און אונטערשטן טייל שטאָט איז געווען אַזאַ חילוק, אַזוי ווי צווישן אַ העכערער און נידעריקערער שטופע פון סאָציאַלן לייטער. צווישן די אַסימילירטע דייטשע „יאהודים" און די יאָדערדיקע יידן פון רוסישן אָדער גאַליציאַנער געטאָ איז קיין שום אינעווייניקסטע נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג נישט געווען. און נאָר אין מאָמענטן, ווען עס פלעגן אָנקומען מאַסן פאַראָרעמטע מזרח-עמיגראַנטן, פלעגן זיך די באַרמהערציקע איינוואוי-נער פון אויבערשטן טייל שטאָט אַראָפּלאָזן אין די אָרעמע פערטלען, כּדי פונאַנדערצוטיילן די נויטבאַדערפטיקע שטיצע פון די מיטלען פון די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן. די זעלבע גבֿרים האָבן פאַרוואַלטעט מיטן באַראָן הירשס פאָנד — אויף איינצוואָרדנען שולן און אַנדערע אַנשטאַלטן אין יידישן געגנט.

אָבער דער עצם פאַקט, וואָס עס איז אָנגעוואַקסן אַ גרויסער אייגנט-לעכער יידישער צענטער, האָט געהאַט אַ נאַציאָנאַליזירנדיקע ווירקונג: די אָפּגעריסענע פון פאָלק אויבער-עלעמענטן האָבן אָנגעהויבן פילן אונטער זיך אַ באָדן, וואָס האָט זיי געפעלט. ביי דער גאַנצער העכערקייט אין פּרט פון אויסערלעכער קולטור אין פאַרגלייך מיט די מזרח-עמיגראַנטן, האָבן די פילבאַרע צווישן די אָרטיקע יידן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז די בויער פון קינפטיקן צענטער אין אַמעריקע וועלן זיין אָט די געדיכטע מאַסן, וואָס קומען אָן איבערריס פון אייראָפּעאישן ברעג אַטלאַנטיק. אַזאַ אומקלאָר געפיל האָט אַרויסגערופן ביי דער ניו-יאָרקער פּאָעטעסע עמאַ לאַזאַרוס (1849—1887) באַגייסטערטע ווערק, פול מיט נאַציאָנאַלן פּאַטאָס. אַ טאָכטער פון אַ ספרדי — אַ פאַבריקאַנט, וואָס האָט אירע ערשטע ווערק געשריבן אונטער דער ווירקונג פון באַרימטן דענקער-אינדיווידואַליסט עמערסאָן, אירן אַ פּער-זענלעכן פריינט, האָט עמאַ לאַזאַרוס דאָס ערשטע מאָל דערפילט איר צוזאַ-מענבונד מיט יידנטום אין יענעם מאָמענט, ווען צו איר זענען דערגאַנגען די געשרייען פון רוסלענדער געיאָגטע און אין ניו-יאָרקער האַפן האָבן זיך פאַר איר באַוויזן די אויסגעמאַטערטע פיגורן פון די אַנטלאָפענע. אין איר האָט זיך אויפגעוועקט דער מאַרטירער-פּאַטאָס פון אירע ווייטע אור-עלטערן, וואָס זענען אַמאָל געלאָפן פון די שייטערהויפנס פון דער אינקוויזיציע. זי האָט שטודירט די העברעאישע שפּראַך, דעם תנ"ך, די געשיכטע פון איר פאָלק, און האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער און נאָוועלן אויף נאַציאָנאַלע טעמעס 1), דורכגעדרונגענע מיט ליבע צום ליידנדיקן פאָלק און גלויבן אין

1) Songs of a Semite, The banner of the Jew, By the waters of Babylon, 1882—1887.

זיין ווידערגעבורט. אין אַ רייע אַרטיקלען אונטערן אַפּאָסטאָל־קעפּל „אַ געשריפטס צו יידן״ האָט זי אַרויסגעזאָגט איר קוק אויף דער יידן־פּראָבלעם אין גייסט פון ראָמאַנטישן ציוניזם. די פּאָעטעסע האָט אויך גענומען אַ הייסן אָנטייל אין דער הילפס־אַרבעט פאַר רוסיש־יידישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך געמאַטערט אין ניו־יאָרקער געטאָ. דער פריצייטיקער טויט האָט איבערגעריסן די טעטיקייט פון עמאַ לאַזאַרוס, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון דער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט צום עמק הבכא פון דער אונטערשטער שטאָט, אום צו טיילן די ליידן פון אומגליקלעכע ברידער. אָבער צו דער צייט איז אין דעם זעלבן געטאָ, פון די רייען פון דער עמיגראַנטן־מאַסע, אַרויסגעטרעטן אַ מער באַרופענער פּאָעט, וואָס האָט אַליין איבערגעלעבט אַלע צרות פון אַן עמיגראַנט און אָנגעהויבן זינגען דעם פאָלק לידער פון צער אויף זיין אייגענער שפּראַך. דאָס איז געווען דער בעסטער פאָלקס־פּאָעט פון דער נייעסטער צייט, וואָס האָט אין זיינע ווערק פאַראייביקט די חבלי־לידה פונם נייעם צענטר אין אַמעריקע, מ אָ ר י ס ר אָ ז ע נ פ ע ל ד (געב. 1862, געשטאָרבן 1923).

אַן אָרעמער עמיגראַנט פון סוואַלקער גובערניע, וואָס די עמיגראַנטן־כוואַליע פון 1882 האָט אים פאַרוואָרפן פריער אין לאָנדאָן, שפּעטער אין ניו־יאָרק, איז ראָזענפעלד אַריינגעפאַלן אין איינע פון יענע גרויסע שניידער־וואַרשטאַטן, וואָס זייערע באַלעבאַטים פלעגן, אויסנוצנדיק די נויט פון די גרינע אַרבעטער, זיי צווינגען צו אַרבעטן פאַר גראָשנס לויט דער „שוויץ־סיסטעם״. אינם שניידער־געזעל האָט זיך אויפגעוועקט אַ פּאָעטישער טאַלענט, און ער האָט אָנגעהויבן דיכטן זיינע לידער אין די לאַנגע אַרבעטס־שעהן אין „שאַפּ״, בעת די פאַרמאַטערטע האַנט מיטן נאָדל אָדער פּרעסל איז אין קראַמפּן אַרומגעפלויגן איבער די שטיקער סחורה און אַרום האָט זיך געהערט אַ קרעכצן פון נאָך אַזעלכע אויסגעמאַטערטע ווייסע קנעכט, וואָס דעם מגושמדיקן באַלעבאָס געשרייען האָבן זיי כסדר אונטערגעיאָגט. אַליין אַ קרבן פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער קנעכטשאַפט, האָט ראָזענפעלד געשילדערט אין זיינע בולטע לידער די דאָזיקע ביידע עלעמענטן פון יידישן צער, אָבער זיין קראַפט און אָריגינאַליטעט האָבן זיך אַרויסגעוויזן דער עיקר אינם שילדערן דעם סאָציאַלן מאָמענט. דער מאַן פון גלות, וואָס איז אַנטלאָפן פון דער פּאָליצייאישער מלוכה אין דער פרייער רעפּובליק און אַזוי מיטאַמאָל אַריינגעפאַלן אין די נעגל פון רויבערישן קאַפּיטאַליזם, הויבט אויף זיין שטים פון צאָרן קעגן דעם דאָזיקן גרויל, וואָס ווערט געדולדעט אין די לענדער פון העכסטער קולטור. זיין באַשרייבונג פון ניי־וואַרשטאַט אין לאָנדאָנער אָדער ניו־יאָרקער געטאָ („דער שוויץ־שאַפּ״) שטייט לויט איר קראַפט העכער איידער דאָס באַרימטע „ליד וועגן העמד״ פון טאָמאַס הוד:

עס רוישן אין שאַפּ אַזוי ווילד די מאַשינען,
אַז אָפטמאָל פאַרגעס איך אין רויש, דאָס איך בין.
איך ווער אין דעם שרעקלעכן טומל פאַרלאָרן,
מיין איך ווערט בטל, איך ווער אַ מאַשין.
איך אַרבעט און אַרבעט, און אַרבעט אָן חשבון,
עס שאַפט זיך און שאַפט זיך, און שאַפט זיך אָן צאָל.
פאַרוואָס? און פאַר וועמען? — איך ווייס נישט, איך פרעג נישט, —
ווי קומט אַ מאַשינע צו דענקען אַמאָל?...

ס'איז אוממעגלעך צו לייקענען אָן אויפרעגונג דעם פּאָעטס טרויעריקע דיכטונג וועגן זיין קליינעם זונעלע, וועלכן דער פּאָטער קאָן זען נאָר בעת ער שלאָפט, ווייל פון פאַבריק קערט ער זיך אום שפּעט אין אָוונט, ווען דאָס קינד שלאָפט שוין, און צו דער אַרבעט גייט ער אוועק גאַנץ פרי, ווען דאָס קינד שלאָפט נאָך („מיין ייִנגעלע"). זיין שטורמישע נבואה וועגן דער צעשטערנדיקער רעוואָלוציע, וואָס מוז קומען ווי אַ נקמה אין רויבעריש קאַפּיטאַליזם („א נבואה"), דערמאָנט מיט איר קראַפט די אַלטע שטראָף-רייד פון עמוס און ישעיהו. ראָזענפעלד איז פאַרכאַפּט פון דער מאָדערנער סאָציאַליסטישער דאָגמע, דאָך פילט ער אויך די נאַציאָנאַלע צרות פון יידישן כלל. אים פאַרכישופט די פּאָעזיע פון עבר, די גאַנצקייט און אינערלעכע שיינקייט פון אַמאָליקן יהודה — אַלס אַ קאָנטראַסט פון דער גלות-צעבראָכנקייט, און אין זיינע נאַציאָנאַלע לידער הערשט בענקשאַפט נאָך ציון. דאָס צווייפּאָרן סאָציאַליזם און ציוניזם איז דאָ אַ פּאָעטישער פּראָלאָג צו דער פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס האָט אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט אַרומגעכאַפּט א טייל פון דער יידישער יוגנט אין אַמעריקע און רוסלאַנד (די פּאַרטיי „פּועלי-ציון" און ציוניסטן-סאָציאַליסטן). צו דער צייט האָט זיך דער דיכטער שוין באַפרייט פון דעם יאָך אינם ניי-וואָרשטאַט: זיינע לידער האָבן געהאַט דערפאָלג, זענען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ענגלישער איבערזעצונג און די קריטיק האָט זיי געלויבט; דאָס האָט ראָזענפעלדן געגעבן א מעגלעכקייט זיך אינגאַנצן צו ווידמען דער ליטעראַרישער טעטיקייט.

גלייכצייטיק מיטן דיכטער פון צער אין נייעם געטאָ זענען אַרויסגעטרעטן שריפטשטעלער פּראָזאַיקער: אברהם קאַהאַן, ל. קאָברין, י. ליבין (גורעוויטש) און אַנדערע. די הויפּט-טעמע פון זייערע ווערק איז די פאַרוואַנדלונג פונם רוסיש-יידישן עמיגראַנט אין אַן אַמעריקאַנער בירגער, פונם „גרינעם" — אין אַ „געלן"; דאָס ווערט באַהאַנדלט אַמאָל אין הומאָריסטישן, אַמאָל אין טראַגישן גייסט. קאַהאַן, וואָס האָט אויך געשריבן ענגליש, האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין דערציילונג „יעקעל" (Jekel, a tale of the Ghetto, 1896), וואו ער האָט געשילדערט א קאָמישן

טיפּ פון אַן עמיגראַנט אַן עם-הארץ, וואָס באַמיט זיך איבערנעמען די אוי־סערלעכע מאַניערן פון אַן אמתן יאנקי. ליבין און קאָברין שילדערן אין קורצע נאָוועלן סצענעס פון ניו-יאָרקער לעבן, וואָס זיי האָבן אַליין געשטו־דירט אין אַלע פּינסטערע ווינקעלעך פון יידישן פּערטל. זייערע דערציילונ־גען האָבן זיי געדרוקט אין די אָרטיקע יידישע צייטונגען און באַקומען דערפאַר אַ נישטיקן האָנאָראַר, איבער דעם זענען זיי געווען געצוואונגען צו האָרעווען אויפן שטיקל ברויט שווערע פיזישע פּראַצע. קאָברין האָט גע־אַרבעט אין אַ שניידער-וואַרשטאַט און אין אַ בעקעריי, אָבער ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פּאַר אומפעיק צו פיזישער אַרבעט, ווייל זיין מוח איז שטענ־דיק געווען פאַרנומען מיט רעפּראָדוצירן בילדער פון לעבן. ליבין איז פאַר־בליבן אַ צייטונגס-פאַרקויפער אויך נאָך דעם, ווי זיינע אייגענע דערציילונגען, אָפּט זייער טאַלענטירטע, האָבן זיך געדרוקט אין דיזעלבע צייטונגען, וואָס ער פלעגט פאַרקויפן.

דער נייער יידישער ניו-יאָרק האָט באַשאַפן אויך אַן אייגענעם פאָלקס־טעאַטער. צושטעלער פון פּיעסן פאַר דעם טעאַטער איז געוואָרן דערזעלבער יעקב גאָרדין, וואָס האָט ערב די פּאָגראָמען פון 1881 געגרינדעט אין יעלי־סאַוועטגראַד „די גייסטיק-ביבלישע ברודערשאַפט". ווען דידאַזיקע אומגעס־לונגענע סעקטע איז זיך צעפאַלן, האָט זיך גאָרדין אָנגעכאַפּט אין לעוו טאָלסטאָיס אידעען, און דאָס יאָר 1891 האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו ער האָט זיך געפּרובט גרינדן אַן ערד-אַרבעט־קאָלאָניע, אַ קאָמונע לויטן מוסטער פון די טאָלסטאָישע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד. אויך דאָס האָט זיך געענדיקט מיט שלים-מזל, און גאָרדין האָט דאַן אָנגעהויבן שרייבן אויף יידיש דראַמעס פאַרן פאָלקס-טעאַטער אין ניו־יאָרק. דאָס זענען נישט געווען קיין דראַמעס פון לעבנס-שטייגער, נאָר פּסי־כאָלאָגישע אָדער מאָראַלישע (למשל, די פּיעסע „מירעלע אפרת"): ער האָט אויך איבערגעמאַכט ווערק פון די אייראָפּעאישע קלאַסיקער. יעקב אַדלערס טרופּע און אַנדערע טאַלאַנטפולע אַרטיסטן האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע טעאַטער-שטיק און באַשאַפן אַ פאָלקס-טעאַטער, וואָס איז געוואָרן אַ גרויסע קולטורקראַפט אין יידישן אַמעריקע.

די פאָלקס-שפּראַך, — דער „זשאַרגאָן", וואָס מ'האָט אים אַזוי פאַר־אַכטעט אין דער אַלטער היים, — איז אין אַמעריקע געוואָרן אַ מעכטיק געווער פון יידישער קולטור, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט די אַסימילירנדיקע ווירקונג פון אַמעריקאַנער לעבן אויף די געקומענע. אינם ערשטן דור עמיגראַנטן האָט זיך די מוטערשפּראַך פעסט געהאַלטן, נישט נאָכגעבנדיק דער ענגלישער שפּראַך אין אינערלעכן לעבנסשטייגער קיין איין שריט. אָבער דער צווייטער דור, וואָס איז שוין געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע אָדער באַקומען דאָרט בילדונג אין דער אַלגעמיינער שול, האָט געביטן זיין מו־

טערשפראַך אויף דער אָרטיקער, יידישער; ער האָט אויך טיילווייז איבער־גענומען די אמעריקאַנער זיטן און זיך גענויגט צו אַסימילאַציע. די רעזול־טאַטן פונם דאָזיקן פּראָצעס וועלן זיך אַרויסווייזן שפּעטער, אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט, אָבער אויך דאַן וועט די אַסימילאַציע זיך אָנטרעפן אויף אַ ווידערשטאַנד מצד נייע עמיגראַנטן־מאַסן און יענער נאַציאָנאַלער באַוועגונג, וואָס האָט ארומגענומען די יידישע געזעלשאַפט אין ביידע האַלבקוילן.

## § 28. די נייע קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע

צוויי קאַטאַסטראָפעס אין דער יידישער געשיכטע — גירוש־שפּאַניע און אָנהויב פּאָגראָמען אין רוסלאַנד — האָבן געבראַכט נאָך זיך מאַסן־קאָ־לאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע. אָנהויב 16־טן יאָרהונדערט איז געגאַנגען אַ שטאָטישע קאָלאָניזאַציע, צו־וואַנדערער פון פּירענעאישן האַלבאינזל און אַנ־דערע אייראָפּעאישע לענדער האָבן באַזעצט די הייליקע ערטער; ענדע 19־טן יאָרהונדערט איז געלייגט געוואָרן אַ יסוד פאַר דאָרפישער קאָלאָניזאַציע, פאַר איינאָרדנען ערד־אַרבעטער־קאָלאָניעס אינם חרובן לאַנד. די פּיאָנערן פון 16־טן יאָרהונדערט זענען געפאָרן אין הייליקן לאַנד, וואָס איז דאַן אַריבער אונטער טערקייס ממשלה, מיט אַ טיפן גלויבן, אַז עס איז באַענט די „צייט פון וואונדער״, דאָס גיכע קומען פון משיחן, און דער דאָזיקער מיסטישער גלויבן איז געוואָרן אַ קוואַל פון משיחישן פּאַטאָס, וואָס די שפּע־טערדיקע דורות האָבן געצויגן יניקה פון אים. די פּיאָנערן פון 19־טן י״ה זענען געגאַנגען פון רוסלאַנד אונטער דער ווירקונג פון אַ נאַציאָנאַלן אימ־פּעט, מיט אַ ליכטיקן גלויבן אין דער מעגלעכקייט אויפצולעבן דאָס יידישע פּאַלעסטינע דורך עקשנותדיקער אַרבעט, דורך עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף. די אַלטע שטאָטישע קאָלאָניזאַציע האָט במשך דריי יאָרהונדערט באַ־שאַפן אַ רייע קהילות פון טיפּ פּרושים, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין מתפלל זיין אויף די הייליקע חורבות; די נייע דאָרפס־קאָלאָניזאַציע האָט במשך דריי יאָרצענדלינג באַשאַפן אַ רייע ערד־אַרבעטער־קאָלאָניעס מיט אַ מוטיקער האַרעפּאַשנער באַפעלקערונג — אַ קערן פון נאָרמאַלן צוזאַמענ־לעבן, — גלייכצייטיק האָט זי אויך אויפגעלעבט די טויטע פּאַלעסטינער שטעט.

די נייע קאָלאָניסטן האָבן זיך באַגעגנט מיט די קינדער פון די אַלטע — און דאָס איז געווען אַ צוזאַמענטרעף פון צוויי וועלטן. זומער 1882 איז אָנגעקומען קיין פּאַלעסטינע די גרופּע יונגע פּיאָנערן פונם פאַר־באַנד „בילו״ (§ 17), וואָס האָט זיך געבילדעט אין רוסלאַנד. זיי האָבן גע־טראָפן אַ פאַרלאָזט לאַנד, דער דאָרפסמאַן — אַן אַראַבער אָדער „פעלאַך״, וואָס פירט זיין באַלעבאַטישקייט אויפן פּרימיטיווסטן אופן, און אָפט וואַנ־

דערט ער איבערן סטעפּ ווי אַ בעדואין; זיי האָבן דערזען פּיליגרימען פון אַלע אמונות און — גלחים, וואָס האַנדלען מיט רעליגיע אַרום די הייליקע ערטער. די יידיש; באַפעלקערונג האָט געוואוינט אין פיר אינעווייניקסטע שטעט (ירושלים, חברון, צפת, טבריה) און צוויי ים־שטעט (יפו אין יהודה און חיפה אין גליל). אין אַ גרויסן טייל איז דאָס אויך איצט געווען אַ מאַסע פּיליגרימען — פרומע זקנים פון גאָרע עקן וועלט, וואָס זענען געקומען אין הייליקן לאַנד צו פאַרברענגען זייערע לעצטע יאָרן אין תפילה און תורה. געלעבט האָבן די דאָזיקע לייט אויפן חשבון פון צדקה, „חלוקה", וואָס פלעגט זיך באַקומען פון דער גאנצער וועלט, און געטיילט האָבן זיי זיך אויף לאַנדסלייט־גרופּעס — לויט די ערטער אין אייראָפּע און אַמעריקע, פון וואַנען די חלוקה־סומען פלעגן זיך באַקומען און פאַרטיילט ווערן צווישן די גלידער פון יעדער לאַנדסמאַנשאַפט („כולל"). די דאָזיקע אייגנטימלעכע „פּרושים", וואָס האָבן געלעבט אָן שום באַשעפטיגונג און געווען באַזאָרגט מיט ברויט צוליב זייער פרומקייט און תפילות ביים „כותל מערבי", זענען געווען א שטער פאַר יעטוועדער לעבעדיקער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער אונטערנעמונג. היטער פון הייליקע קברים, העלדן פון „יענער וועלט", האָבן זיי נישט געקאָנט פאַרשטיין די, וואָס זענען געקומען קיין פּאַלעסטינע נישט צו שטאַרבן, נאָר לעבן און פלאַנצן א ניי לעבן, נישט צו וויינען ביי די ירושלימער חורבות פון „כותל מערבי", נאָר אויף צו בויען אַ ניי ירושלים. די פּיאָנערן פון דער נייער קאָלאָניזאַציע זענען פרעמד געווען פאַר די אַלע פרומע לייט, פונקט ווי פאַר די אַראַבער; מיט אומצוטרוי האָט זיך אויך באַצויגן צו די אַראָפּגעקומענע פון רוסלאַנד — די טערקישע מאַכט, וואָס האָט אָפּגעהיט „דאָס טויטע לאַנד צופוסנס פון ירושלים"—פון יעטוועדע פרישע ווינטן. די טערקישע רעגירונג האָט זיך דערשראָקן פאַר די קלאַנגען וועגן דער פאָרשטייענדיקער מאַסן־עמיגראַציע קיין פּאַלעסטינע און האָט אין 1882 פאַראָרדנט, אַז אין יפו זאָל מען אַראָפּלאָזן אויפן ברעג נאָר אייצלנע פּאַסאַזשירן־יידן, וואָס האָבן באַקומען אַ ספּעציעלע שריפטלעכע דערלויבניש („טעסקערע") פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אָבער די אַלע שטערונגען האָבן נישט געשראָקן די פּיאָנערן פון קאָלאָניזאַציע: זיי האָבן דאָך געזוכט נישט קיין פערזענלעכן וואוילשטאַנד, נאָר געטרוימט צו ווערן דער אַוואַנגאַרד פון פאָלק ביים אויפלעבן די אַלטע היים.

זומער 1882 זענען צום ברעג אָנגעקומען דאַמפּערס מיט קליינע גרופּעס עמיגראַנטן פונם נייעם טיפּ. די פירער זענען דאָ געווען אינטעליגענטע יונגע לייט פונם רוסלענדער קרייז „בילו". אייניקע זייערע חברים זענען פאַרבליבן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויף צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער טערקישער רעגירונג, זי זאָל פריי דורכלאָזן די עמיגראַנטן קיין פּאַלעסטינע און זיי דערלויבן קויפן ערד אויף צו באַאַרבעטן. אָבער די

אונטערהאַנדלונגען האָבן זיי גאָרנישט געבראַכט. אַ סך פֿון די „בילוער״
גופֿא איז אויסגעקומען צו פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון טערקישע פֿאַרפֿאָלגונגען:
אין יפֿו האָט מען זיי נישט אַראָפּגעלאָזן אויפֿן ברעג, און זיי האָבן געמוזט,
אַזוי ווי אַמאָל די בני־ישראל אין מדבר, דורכמאַכן דעם וועג אַרום און
אַרום דורך פּאָרט־סאַאיד און עגיפּטן און פֿון דאָרטן זיך אַריינבאַקומען אין
לאַנד פֿון די אבֿות. די זין פֿון פֿאַרשקלאַפֿטן פֿאָלק האָבן דערזען דאָס
פֿאַרשקלאַפֿטע מוטערלאַנד. עס איז פֿאָרגעשטאַנען אַ שווערער, אויסמאַטערנ־
דיקער קאַמף: מיט רידל און אַקעראייזן, מיט עקשנותדיקער האָרעוואַניע,
דורך באַאַרבעטן טויזנטיאָריקע חורבות — האָט מען געדאַרפֿט באַהערשן
דאָס טייערע לאַנד. און די קאָלאָניסטן האָבן זיך מיט היץ גענומען פֿאַר
דער זאַך. אַ טייל פֿון זיי האָבן געאַרבעט אַלס טאָג־אַרבעטער אויף דער
פֿערמע „מקוה ישׂראל״, הינטער יפֿו, וואָס פֿאַריזער „אַליאַנס״ האָט שוין
לאַנג (1870) געגרינדעט, כּדי צוצוציִען די אָרטיקע יידן צו לאַנדווירטשאַפֿט.
אַנדערע ווידער האָבן באַקומען פֿאַרוויסטע שטיקער ערד נישט ווייט פֿון יפֿו
און דאָרט געגרינדעט די ערשטע אין יהודה לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קאָלאָניע
אונטערן נאָמען „ראשון לציון״. ביידע גרופּעס האָבן זיך אײַנגיכן פֿאַראייניקט
און געאַרבעט צוזאַמען אין „ראשון״. פֿיל צרות און נויט האָבן די גרינדער
פֿון דער קאָלאָניזאַציע איבערגעטראָגן. ביי אומגעוויינלעכע באַדינגונגען פֿון
קלימאַט און באָדן, אָפֿט ליידנדיק פֿון היץ, פֿיבער און אויגן־קראַנקהייטן —
האָבן זיי דאָך געאַרבעט מיט אַזאַ אָנשטרענגונג, וואָס נאָר ביים באַוואוסטזיין
פֿון אַ הויכן ציל איז אַזוינס מעגלעך. מ׳האָט געדאַרפֿט צעאַקערן שטיינער־
נעם אָדער זאַמדיקן באָדן, וואָס יאָרהונדערטער האָט אים קיין אַקעראייזן
נישט באַרירט; געמוזט גראָבן ברונעמס און אין אַ טרוקן לאַנד אַרויסבאַ־
קומען וואַסער פֿון טיפֿסטע ערד־שיכטן; בויען הייזער צום וואוינען און דער־
ווייל זיך וואַלגערן שפּעטיאָר און ווינטער איןביידלעך, — בכּלל לעבן און
אַרבעטן ביי לעצט־פּרימיטיווע אומשטענדן. נישט אַלע האָבן אויסגעהאַלטן
די דאָזיקע גרויזאַמע האָרעוואַניע, אָבער פֿיל זענען געבליבן אויף דער
וואַך און געבויט דאָס נייע פּאַלעסטינע. דאָס זעלבע יאָר זענען געקומען
צוויי פּאַרטיעס אויסוואַנדערער פֿון רומעניע, וואו עס האָבן זיך אויך דאַ־
מאָלסט פֿאַרשטאַרקט רדיפֿות אויף יידן. זיי האָבן געגרינדעט צוויי קאָלאָניעס
אין געגנט פֿון חיפֿה, אין אַלטן שומרון און גליל (שומרון, שפּעטער „זכרון־
יעקבֿ״ און ראש פּנה). פּאַמעלעך האָט זיך די קאָלאָניזאַציע פֿון רוסישע
יידן פֿאַרברייטערט. דאָס יאָר 1883 האָבן זיי באַזעצט די קאָלאָניע „פּתח־
תּקווה״ לעבן יפֿו, וואָס איז מיט עטלעכע יאָר פֿריער געגרינדעט געוואָרן פֿאַר
אָרטיקע יידן, אָבער צוליב דעם וואָס עס האָבן אויסגעפֿעלט פּעאיקע אַרבע־
טער — האָט זי געפּוסטעוועט. דאָס זעלבע יאָר איז געגרינדעט געוואָרן
די קאָלאָניע יסוד־המעלה אין גליל, דאָס צווייטע יאָר — עקרון און גדרה

אין יהודה. אין עקרון האָבן זיך באַזעצט דערפאַרענע ערד־אַרבעטער פון די דרום־רוסישע קאָלאָניעס, און אין גדרה (קאַטראַ) — רעשטלעך פון די ביל״ו־טעליגענטן־בילויער, וואָס האָבן ביז אַהער געאַרבעט אין ראשון.

זייער שווער איז געווען דער מאַטעריעלער מצב פון די דאָזיקע קאָלאָניעס. צוריק־אויפשטעלן לאַנדווירטשאַפט אין אַ פאַרלאָזט לאַנד — דאָס האָט געפאָדערט גרויסע געלט־מיטלען, אַ חוץ אָנגעשטרענגטער האָרעוואַניע פון די קאָלאָניסטן פערזענלעך. דער גרעסטער חלק לאַנד אין בערגיקן יהודה האָט געטויגט נישט פאַר תבואה־נאָר פאַר ווייַנטרויבן־קולטור. אַזוי ווי אָבער דער ווייַנגאָרטן גיט גוטע פּירות ערשט עטלעכע יאָר נאָכן פאַרפלאַנצן, האָט מען געמוזט האָבן הילף מן הצד, ביז דער קאָלאָניסט וועט אָנהויבן באַקומען הכנסה פון זייַן אַרבעט. אָבער די הילף פון דרויסן איז לכתחילה געווען נישטיק. די קרייַזן „חובבי־ציון" אין רוסלאַנד האָבן פאַרמאָגט פיל ענטוזיאַזם, אָבער ווייניק געלט, די רייַכע ווידער מערב־ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין נאַציאָנאַלן אינטערעס צו פאַלעסטינע. די קאָלאָניעס זענען געשטאַנען אין אַ סכּנה אייַנגאַנצן זיך צו צעפאַלן. צו יענער צייַט אָבער איז זיי געקומען צו הילף אייַנער פון די גרעסטע פאָרשטייער פון דער מערב־פּלוטאָקראַטיע, וואָס אויסער בערזע־אינטערעסן האָט זיך בייַ אים געפונען אינטערעס צום לאַנד פון זייַנע ווייַטע אבות. שעף פון די ראָטשילדס פאַריזער באַנקהויז, באַראָן עדמאָנד, האָט מיט זייַנע מיליאָנען געראַטעוועט די קאָלאָניזיר־זאַך און נאָך קיינמאָל האָבן ראָטשילדשע געלטער נישט געפונען אַזאַ נוצלעכע פאַרווענדונג, ווי אין דעם פאַל. אין 1884 האָט זיך עדמאָנד ראָטשילד דער וואויסט וועגן דער קריטישער לאַגע פון די נייַע פאַלעסטינער קאָלאָניעס, האָט ער לכתחילה פאַראָרדנט מען זאָל די משפּחות פון די אָרעמע קאָלאָניסטן אַרויסגעבן גרעסערע געלט־שטיץ, שפּעטער אָבער האָט ער צוביסלעך איבערגענומען אַלע קאָלאָניעס אונטער זייַן אויפזיכט. מיליאָנען פראַנק האָט ער אויסגעגעבן אויף צו רעאָרגאַניזירן די ווירטשאַפט אין די קאָלאָניעס: אָנשטאָט תבואה־באַאַרבעטונג, וואָס האָט נישט געפּאַסט פאַרן אָרטיקן באָדן אין די קאָלאָניעס פון יהודה, האָט מען אונטער דער השגחה פון געניטע אַגראָנאָמען פאַרפירט ווייַנגערטנער, כּדי צו אַנטוויקלען דאָס ווייַנטרויבן־געשעפט אין לאַנד אויפן פראַנצויזישן מוסטער; אין די גליל־קאָלאָניעס ווידער, האָט מען אַ חוץ תבואה־קולטור אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן גערטנערייַ און זייַדקולטור. אומעטום האָט ער פאַר די קאָלאָניסטן געבויט שייַנע הייַזער, אויך געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן: בתּי־מדרשים, שפּיטעלער, שולן און קינדערהיימען די קאָלאָניסטן אַליין האָבן באַקומען פאַר זייער אַרבעט אַ באַשטימטן לוין נאָך דער צאָל גלידער אין אַ משפּחה, — אַזוי אַז זיי זענען, הייסט עס פון זעלבסטשטענדיקע בעלי־בתּים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עפּעס צווישן אַרענדאַטאָרס און לוין־אַרבעטער. דער באַראָן ראָטשילד האָט אויף אָנצופירן

מיט אַלע קאָלאָניעס באַשטימט אַן אַדמיניסטראַציע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון פאַרוואַלטערס, אַגראָנאָמען און אַנדערע אָנגעשטעלטע. מאַטעריעל זענען די עקזיסטירנדיקע קאָלאָניעס געווען באַזאָרגט: זיי זענען זיך צעוואַקסן און האָבן אויסגעזען ווי וואויל-איינגעאָרדנטע שטעטלעך (איבערהויפט ראשון-לציון, פתח-תקוה און זכרון־יעקב); די קאָלאָניסטן האָבן נישט געליטן קיין נויט, געהאַט דערפֿאַרענע אָנפֿירער אין די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַרבעטן, מען האָט זיי פֿאַרטיידיקט פֿון נגישות מצד דער טערקישער מאַכט אָדער ביי צוזאמענשטויסן מיט שכנים-אַראַבער.

אָבער די סיסטעם אַפיטרופסות האָט געהאַט אויך אַ שעדלעכע זייט: זי האָט דעמאָראַליזירט סיי די באַזאָרגער סיי די באַזאָרגטע. די אַדמיניסטראַטאָרס, באַשטימט פֿון פֿאַריז און דאָס רוב גלייכגילטיק צום נאַציאָנאַלן אידעאַל פֿון יידנטום, פֿלעגן זיך באַגיין מיט די קאָלאָניסטן ווי מיט שכירי־יום, פֿאַר וועלכע עס פֿאָדערט זיך אַ שטרענגע דיסציפלין, זיי פֿלעגן זיך אַריינמישן אין זייער אינערלעכן לעבן, באַשטראָפֿן די וואָס האָבן ביי זיי נישט גושא-חן געווען מיט פֿאַרקירצן די שטיצע און אַפילו באַזייטיקן פֿון קאָלאָניע. צווישן די קאָלאָניסטן האָט זיך אַנטוויקלט פֿון איין זייט אונטערטעניקייט, פֿון דער צווייטער — אויפגערייצטקייט. די מער דרייסטערע, וואָס די אָפהענגיקייט האָט זיי געדריקט, האָבן געקעמפט קעגן דער אַדמיניסטראַציע און געמאַכט קעגן איר „אויפשטאַנדן", וועלכע מ'פֿלעגט אונטערדריקן מיט געוואַלט, אָפט מיט הילף פֿון טערקישער פּאָליציי. ערגער פֿון אַלץ איז געווען, וואָס די אַרבעטס-ענערגיע פֿון די קאָלאָניסטן איז געפֿאַלן, זיי האָט געפֿעלט דער אימפולס צו אַרבעט, וואָס איז מעגלעך נאָר ביים באַוואוסטזיין פֿון אומאָפהענגיקייט, ביי דער זיכערקייט אַז מען באַאַרבעט אייגן לאַנד און אַז מען וועט געניסן אומדירעקט די פרוכט פֿון דער אַרבעט. עס האָט אויך געפֿעלט דער דראַנג צו גרינדן נייע קאָלאָניעס, און ביי די חובבי־ציון אין רוסלאַנד, וואָס האָבן געחלומט וועגן אַ שנעלער אויפלעבונג פֿון ציון, האָבן זיך אַראָפגעלאָזט די הענט.

אַזוי האָט זיך געצויגן די זאַך ביז סוף די 80-ער יאָרן. אָבער נאָכדעם איז געקומען אַ צייט פֿון אויפלעבונג. דאָס יאָר 1890 איז אין רוסלאַנד לעגאַליזירט געוואָרן די יידישע „פּאַלעסטינער געזעלשאַפט" (דער אָפיציעלער נאָמען — „געזעלשאַפט אויף צו העלפֿן יידן-ערד-אַרבעטער און האַנטווערקער אין סיריע און פּאַלעסטינע"). דאָ האָבן זיך פֿאַראייניקט אַלע קרייזלעך „חובבי ציון", וואָס האָבן ביז דאַן עקזיסטירט אומלעגאַל. דער קאָמיטעט פֿון דער חברה האָט זיך געפֿונען אין אָדעס, בראש פֿון אים זענען געשטאַנען די ערשטע אידעאָלאָגן פֿון „אויטאָ-עמאַנסיפּאַציע" ל. פינסקער און ליליענבלום. צו זיי איז צוגעשטאַנען אַ נייער טוער, וואָס האָט פֿאַרטיפט זייער אידעאָלאָגיע: אשר גינצבערג, וואָס איז דאַן דאָס ערשטע

מאָל אַרויסגעטראָטן אין דער ליטעראַטור אונטערן פּסיידאָנים אחד־העם.
די חברה האָט אָנגעמערקט אַ ברייטע גייסטיק־קולטורעלע און קאָלאָניזיר־
טעטיקייט אין פּאַלעסטינע, און צו דעם צוועק האָט זי אָרגאַניזירט איר פּאַר־
וואַלטונג אין יפו. קוים איז די חברה צוגעטרעטן צו איר פּלאַנמעסיקער
אַרבעט, און אין רוסלאַנד האָט אויסגעבראָכן דער קריזיס פון 1891: ס'האָט
זיך ווידער געלאָזט הערן דער רוף זיך צו נעמען פאַרן וואַנדערשטעקן.
טויזנטער אַרויסגעטריבענע פון מאָסקווע און אַנדערע ערטער האָבן זיך
אַוועקגעלאָזן אין די לענדער פון מערב־אייראָפּע, אַמעריקע און אין פּאַלע־
סטינע. אין דער אָדעסער חברה האָט זיך פאַרפעסטיקט די מיינונג, אַז פּאַ־
לעסטינע קאָן מען באַזעצן נישט מיט אָרעמעלייט, וואָס נויטיקן זיך אין
פרעמדער שטיצע, נאָר מיט זעלבשטענדיקע מענטשן, וואָס ווילן דאָרט פּאַר־
ווערבן גרויסע גיטער, צוציען צו דער אַרבעט יידישע אָדער אַראַבישע
ערד־אַרבעטער און שפּעטער אַנטוויקלען דאָרט אינדוסטריע. אין פאַרשידענע
ערטער פון רוסלאַנד האָבן זיך שנעל אויסגעבילדעט קרייזן און פּאַי־געזעל־
שאַפטן, וואָס פלעגן שיקן אין פּאַלעסטינע זייערע דעלעגאַטן אויף איינצו־
קויפן ערד. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס פּאַטריאַרכאַלע לאַנד
אונטערן טערקישן רעזשים איז נישט צוגעגרייט צו דעם דאָזיקן אָנקום פון
קאַפּיטאַליסטן און „גרינדערס”. דאָס לאַנד פון פרומע עולי־רגל איז פול גע־
וואָרן מיט קונים און מעקלערס פון ערד, מיט פאַרמיטלער צווישן די קינפּ־
טיקע גוטבאַזיצער און די אַראַבישע פאַרקויפער. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען
א משוגענע ערד־ספּעקולאַציע. די ערד־אייגנטימער, די פריצישע עפענדיס און
פויערים־פעלאַכן, האָבן מיט יעדן טאָג געהעכערט דעם פּרייז פון זייערע
ערד־חלקים; די אומאָרנטלעכע מעקלערס האָבן גענאַרט די פאַרקויפער און
די קויפער, און פיל אָפּעראַציעס זענען צעשטערט געוואָרן. דערווייל האָבן
די אָרטיקע טערקישע רעגירער, באַאומרויקט דורכן אָנגעלויף פון די נייע
„אָקופּאַנטן”, געלאָזט וויסן קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און פון דאָרט האָט זיך באַקו־
מען אַ באַפעל, אַז דער אַמאָליקער פאַרבאָט, רוסישע יידן זאָלן פאַרווערבן
אומבאַוועגלעכע גיטער אין פּאַלעסטינע, איז ווידער באַנייט, זיי טאָרן אפילו
נישט קומען אַהער מער ווי אויף דריי חדשים. די טערקישע פאַרבאָטן האָט
מען געקאָנט אויסמיידן מיט הילף פון „באַקשישן” — שוחד די באַאמטע —
אָדער דורך קויפן ערד אויפן נאָמען פון נישט־רוסישע אונטערטאַנען; די
מניעות אָבער מצד די פּרימיטיווע ווירטשאַפטלעכע באַדינגונגען אין לאַנד,
איז גאָרנישט בייצוקומען געווען. דער אָנגריף פון ספּעקולאַנטן אויף דער
אָפּגעשטאַנענער טערקישער פּראָווינץ, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין שום
אינדוסטריע און אַלץ וואָס נויטיק איז צוליב גיכן עקאָנאָמישן וואוקס,
האָט געהאַט איין רעזולטאַט: מ'איז געוואָרן רואינירט און אַנטוישט. די אַלע
אומגליקן האָט פאָראויסגעזאָגט דער פריערדערמאָנטער פּובליציסט אחד־העם

אין זײַנע אַרטיקלען „אמת מארץ ישראל" — נאָך זײַן באַזוכן דאָס לאַנד פֿרילינג 1891. ער האָט געוואָרנט פֿאַר אַ פּאַרסירטער קאָלאָניזאַציע אָן אָרדע־נונג, וואָס רעכנט זיך נישט מיט דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון לאַנד און מיט איר פּאָליטישן מצב. ער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון געדאַנק, אַז די פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע, אַ גאַנץ קליינע לויט איר פֿאַרנעם, וועט נישט באַפֿרייען פֿון נויט און אומרעכט די יידישע מאַסן פֿון רוסלאַנד — און צו־ליב דעם צוועק וועלן זיי אויך ווייטער פֿאָרן קיין אַמעריקע. אחד־העם האָט דעריבער פֿאָרגעלייגט זיך באַגרענעצן אין פּאַלעסטינע מיט אַ קאָלאָניזאַציע, וואָס זאָל שטרעבן נישט אַזוי צו אַ מאַטעריעלן ציל, נאָר צו אַ גייסטיקן, צו באַשאַפֿן אַ קליינעם צענטער מיט אַ ריין־נאַציאָנאַלער קולטור — כדי אַנטקעגנצושטעלן זיך דער אומנאָרמאַלער געמישטער קולטור אין גלות. די דאָזיקע אידעע האָט שפּעטער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפֿן גאַנג פֿון דער אַרבעט אין פּאַלעסטינע.

דעם לעצטן יאָרצענדלינג פֿון 19־טן יאָרהונדערט האָט מען אין יהודה און אין גליל געגרינדעט נייע קאָלאָניעס אויף מיטלען פֿון פּריוואַטע מענטשן אָדער חברות, טיילווייז בײַ דער מיטהילף פֿון אָדעסער קאָמיטעט פֿון דער פּאַלעסטינער געזעלשאַפֿט (רחובות, חדרה, משמר־הירדן, קאסטיניא, מתולה). אין די אַלטע קאָלאָניעס איז ווייטער געגאַנגען דער קאַמף פֿאַר באַפֿרייען זיך פֿון באַראָן ראָטשילדס און זײַן אדמיניסטראַציעס אַפּוטרופּסות. גאָר צום סוף יאָרהונדערט (1899—1900) איז דער קאַמף געקומען צו אַ געוויסן דער־פֿאָלג: דער גרעסטער טייל קאָלאָניעס איז אַריבער אין רשות פֿון דער יידי־שער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפֿט, וואָס באַראָן הירש האָט לכתחילה געגרינ־דעט אום איינצוואָרדנען קאָלאָניעס אין אַרגענטינע. דער דאָזיקער קאָמיטעט פֿון דער געזעלשאַפֿט האָט באַשטימט גרעסערע סומעס אויף אונטערצוהאַלטן פּאַלעסטינער קאָלאָניעס, ער האָט צוגעזאָגט די קאָלאָניסטן פֿון דער אדמיניסטראַטיווער אַפּוטרופּסות און זיי געשאָנקען זעלבסטפֿאַרוואַלטונג. פֿון דעמאָלט אָן אַנטוויקלען זיך די קאָלאָניעס שנעלער און זיי ווערן אַ פֿעסטער קערן פֿונם קינפֿטיקן יידישן צענטער אין לאַנד. נישט גרויס איז געווען דער דאָזיקער קערן. דאָס יאָר 1900 האָט פּאַלעסטינע פֿאַרמאָגט בײַ 30 יידישע קאָלאָניעס מיט אַ באַפֿעלקערונג פֿון 5600 מאַן, אָבער פֿאַר דיזעלבע צוויי צענדליק יאָר איז אויסגעוואַקסן אויך די שטאָטישע באַפֿעלקערונג: זי איז דערגאַנגען ביז 50—60 טויזנט, וואָס אַ העלפֿט פֿון זיי האָט געלעבט אין ירושלים און די איבריקע איז געווען צעוואָרפֿן איבער אַלטע און נייע שטאָ־טישע פּונקטן (נייע פּונקטן זענען געווען אין רמלה, עכו, עזה). צו די פֿרומע פּוסט־און־פּאַסניקעס, וואָס האָבן געלעבט פֿון חלוקה־געלט, צו די קליינהענד־לער און אָרעמע בעלי־מלאכות — זענען איצט צוגעקומען פֿאָרשטייער פֿון גרויסהאַנדל, אינדוסטרי און פֿרייע פּראָפֿעסיעס. דאָס אַלץ האָט זיך נאָך

געפונען אין אַ בראשית=צושטאַנד, אָבער מ׳האָט געקאָנט פאָרויסזען, אַז די
דאָזיקע התחלה וועט זיך ווייטער אַנטוויקלען.

עס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אַ פעסטער, הגם באַשיידענער, יסוד פאַר
אַ נאַציאָנאַלער גייסטיקער קולטור. ביז אַהער האָט אין פאַלעסטינע געהערשט
דער אַלטער רבניש=חסידישער שטייגער; סיי יונג סיי אַלט האָט זיך געשפּייזט
מיט דער אַלטער שול — חדר און גמרא-ישיבה — און אַלטפרענקישע
ספרים. צו נייער אייראָפּעאישער בילדונג האָט מען זיך באַצויגן מיט אומ=
צוטרוי און אָפט אפילו מיט שאַרפער פיינטשאַפט; די עטלעכע שולן פון
מאָדערנעם טיפּ, וואָס פּאַריזער „אַליאַנס" האָט איינגעאָרדנט אין ירושלים
און אַנדערע ערטער, האָבן געגעבן די קינדער זייער אַן אָרעמע יידישע
בילדונג און געווען פרעמד דעם נאַציאָנאַלן גייסט. די פּיאָנערן פון דער
נייער קאָלאָניזאַציע האָבן אַריינגעבראַכט אַ פרישן שטראָם אויך אין דעם
געביט. צונויפשמעלצן נאַציאָנאַלע בילדונג מיט אייראָפּעאישער — דאָס איז
געוואָרן דער דעוויז פון די, וואָס האָבן באַנייט די אַלטע היים. אָנהויב די
90=ער יאָרן איז מיט דער הילף פון פּאַלעסטינער געזעלשאַפט געגרינדעט
געוואָרן אין יפו אַ מוסטערהאַפטע אָנפאַנגשול, וואָס צוביסלעכווייז האָט מען
אין איר איינגעפירט דעם אונטערריכט פון אַלע געגנשטאַנדן אויף העברע=
איש. דאָס האָט געווירקט, אַז די נאַציאָנאַלע שפּראַך זאָל אויפלעבן און
בהדרגה אַריינגיין דורך דער שול אין טאָג=טעגלעכן געברויך. אין פיל היי=
זער האָט מען אָנגעהויבן רעדן העברעאיש. אין דעם פּרט האָט געוויזן אַ
ביישפּיל דער שרייבער בן=יהודה (פריערדיקער נאָמען — אליעזר פּערל=
מאַן), איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן פּראָפּאַגאַנדירט די פּאַלעסטינער
אידעע. ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים נאָך איידער עס האָט זיך אָנגע=
הויבן די נייע מאַסן־קאָלאָניזאַציע. בן=יהודהס טרוים איז געווען — צו פאַר־
וואַנדלען די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אַ ליטעראַרישער אין אַ לעבעדיקער,
און דעם געדאַנק האָט ער געווידמעט זיין גאַנץ לעבן. מיט זיין משפחה
און אין דער געזעלשאַפט האָט ער גערעדט אויסשליסלעך העברעאיש און
מיט זיין ביישפּיל האָט ער פאַרכאַפּט אַ סך מענטשן. אין דער וואָכנשריפט
„הצבי", וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, האָט ער געשטרעבט צוצופּאַסן די ביב=
לישע שפּראַך צו דער היינטיקער טערמינאָלאָגיע, אַריינפירנדיק אַ סך טער=
מינען פון די שפּעטערדיקע העברעאישע דיאַלעקטן און פון דעם קרובישן
אַראַביש. מיט דעם זעלבן צוועק צו „פאַרברייטערן די שפּראַך" האָט בן=
יהודה אונטערגענומען אַ מאָנומענטאַלע אויסגאַבע — „אַ ווערטערבוך פון
דער העברעאישער שפּראַך" (מלון הלשון העברית). די אַנטוויקלונג פון הע=
ברעאיש שבעל=פּה האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אויף צו דערנענטערן
צווישן זיך די פריער-פרעמדע עלעמענטן פון דער פּאַלעסטינער באַפעלקע=
רונג: די אשכנזים און ספרדים, וואָס האָבן גערעדט אויף צוויי פאַרשידענע

זשאַרגאָנען — דייטשן און הישפּאַניש. די אַלטע נאַציאָנאַלע שפּראַך, וואָס אויך פריער פלעגן זי די ספרדים, אַלס תושבים פון פּאַלעסטינע, באַנוצן צום ריידן, האָט איצט געגעבן די אשכנזים, איבערהויפּט די רוסישע יידן, אַ מעגלעכקייט זיך צונויפצורעדן מיט זייערע ספרדישע ברידער. צווישן ביידע גלות־גרופּעס, וואָס זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אין פאַרשידענע צייטן אויף דער אייגענער ערד, האָט זיך איינגעשטעלט אַ קעגנזייטיקע קולטור־רעלע ווירקונג.

אויפן געביט פון ליטעראַטור האָט זיך ווייניקער געלאָזט באַמערקן דער דערפאָלג אינם אָנגעהויבענעם נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. ביי די שווערע אַרבעטן און זאָרג פון קאָלאָניזיר־אויפבוי האָט זיך קיין ליטעראַרישע שאַ־פונג נישט געקאָנט צעוואַקסן. פּאַלעסטינע האָט אין דער צייט נישט געגעבן קיין איינע פון די שאַפונגען, וואָס מיט זיי איז באַרייכערט געוואָרן די לי־טעראַטור אין גלות, וואָס איז געווען באַגייסטערט פון פּאַלעסטינער אידעאַל. נאָר עטלעכע נאַציאָנאַלע הימנען, וואָס זענען געהאָרן די מאַרסעליעזעס פון ציוניזם, זענען אויפגעקומען אויף פּאַלעסטינער באָדן. דער פּאָפּולערסטער פון זיי איז „התקוה“, וואָס אים האָט אָנגעשריבן דער פּאָעט נפתלי אימ־בער, אַ געקומענער פון גאַליציע. דער געדאַנק אויפצולעבן ציון — דאָס איז דער הויפּט־מאָטיוו פון אימבערס לידער, וואָס זענען צונויפגעקליבן אין אַ בוך אונטערן נאָמען „ברקאי“ (1886 און 1899). עס איז אַ ביטערע אי־ראָניע פון הימל, וואָס דעם דאָזיקן זינגער פון ציונס אויפלעבונג איז באַ־שערט געווען צו פאַרלאָזן דאָס ליבע לאַנד און זוכן גליק אין ענגלאַנד און אַמעריקע, וואו ער איז טאַקע אין 1909, נאָך לאַנגע וואַנדערונג און צרות, געשטאָרבן.

## § 29. קאַנאַדע, אַרגענטינע, דרום־אַפריקע.

די גרויסע וואַנדערונג פון סוף XIX יאָרהונדערט האָט באַשאַפן אַ ריי יידישע היימען אין אַזעלכע ווייטע פון אייראָפּע לענדער, וואָס פריער פלעגן אַהין אָנשפּאַרן נאָר אייגצלנע גלידער פון גלות. ווען די דאָזיקע וואַנדערונג האָט זיך אָנגעהויבן, איז אין קאַנאַדע געווען נישט מער ווי 3000 יידן. דאָס זענען געווען ס׳רוב אוראייניקלעך פון די ענגלישע ספרדים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קאַנאַדע נאָך אין 18־טן יאָרהונדערט, ווען די ענ־גלישע הערשאַפט האָט אין דעם לאַנד פאַרטרישט די פראַנצויזישע. די דאָ־זיקע אַלטע קאָלאָניסטן האָבן באַקומען בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיגונג, זיך אַסימילירט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג און ביים אָפיציעלן איבער־שרייבן די באַפעלקערונג האָבן זיי זיך פאַררעכנט נישט צו דער יידישער נאַציע, נאָר צו „די נאָכפאָלגער פון יידישן גלויבן“. זיי האָבן געהאַט זייע־

רע קליינע קהילות אין די שטעט מאָנטרעאַל און טאָראָנטאָ. ערשט מיטן אָנקומען פון די ערשטע עמיגראַנטן אויס רוסלאַנד — האָט זיך אין קאַנאַדע באַוויזן דער מין יידישע „נאַציאָנאַליטעט". ביזן 1881 איז אַזעלכע געווען עטלעכע הונדערט, אָבער זייער צאָל האָט פון דאַמאָלסט אָן געוואַקסן — באַגלייך מיטן וואוקס פון אימיגראַציע אין די שכנותדיקע פאַראייניקטע שטאַטן. קיין קאַנאַדע פלעגן אָנקומען יענע רוסיש-יידישע עמיגראַנטן, וואָס די פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס פלעגן עוואַקואירן פון לאָנדאָן, אָדער יענע וואָס זיי פלעגט זיך נישט איינגעבן איינצואָרדנען זיך אין ניו-יאָרק. געוויינלעך פלעגן די עמיגראַנטן זיך באַזעצן אין די גרויסע שטעט, וואו עס האָבן שוין עקסיסטירט יידישע קהילות. פּונקט אַזוי ווי די אַלטע קאַנאַדער, פלעגן זיי איינאָרדנען זייערע קהילות אין מאָנטרעאַל און טאָראָנטאָ, די הויפּט-שטעט פון די פּראָווינצן קוועבעק און אָנטאַריאָ. זיי פלעגן זיך פאַרנעמען מיט די געוויינלעכע אַמעריקאַנער-יידישע פּרנסות — מיט קליינהאַנדל און פּעדלעריי אָדער האַנטווערק, דער עיקר מיט שניידעריי און אויסאַרבעטונג פון ציגאַרן און פּאַפּיראָסן. נאָר קליינע גרופּעס האָבן זיך איינגעאָרדנט אין ערדאַרבעט-קאָלאָניעס און פערמעס. צום סוף 19-טן יאָרהונדערט איז די צאָל יידן אין קאַנאַדע דערגאַנגען ביז 16.000, אָבער די ווייטערדיקע יאָרצענטן איז דער וואוקס פון אימיגראַציע אַוועק אַ סך גיכער, ווייל די עמיגראַנטן קומען שוין אַהער דירעקט פון מזרח-אייראָפּע און פון די איבערגעפּולטע ערטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. קולטורעל האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן געדינט פאַר קאַנאַדע כמו ווי אַ מעטראָפּאָליע: ניו-יאָרקער יידישע צייטונגען און טעאַטער-טרופּעס האָבן באַדינט אויך די קאַנאַדער קאָלאָניזאַציע: שפּעטער אָבער האָבן זיי שוין געשאַפן אַן אייגענע פּרעסע אין דער מוטער-שפּראַך פון די רוסיש-יידישע מאַסן. די אַסימילאַציע אין קאַנאַדע איז צוגעגאַנגען שווערער, ווייל דאָ האָבן געהערשט צוויי נאַציעס — די ענגלישע און פראַנצויזישע, און די עמיגראַנטן וואָלט אויסגעקומען זיך צו אַסימילירן אויף צווייערליי אופנים; דער שכל הישר האָט די יידן אונטער-געזאָגט, אַז ס'איז גלייכער צו פאַרבלייבן דאָס, וואָס מ'איז. די איינוואַנ-דערער פון דער נייער פאָרמאַציע האָבן שוין אָפיציעל ביי די מלוכה-ציילונג אָנגעגעבן זיך פאַר גלידער פון „יידישער נאַציאָנאַליטעט".

גאָר אַ נייס אין גלות, אַ פּראָדוקט פון סוף 19-טן יאָרהונדערט, זענען געווען די יידישע קאָלאָניעס אין דער גרויסער רעפּובליק פון דרום-אַמעריקע — אין אַ ר ג ע נ ט י נ ע. דער אָנפאַנג פון די דאָזיקע קאָלאָניעס איז פאַרבונדן מיט די קאָלאָניזיר-פּלענער פון באַראָן הירש. דאָס יאָר 1889 האָט די עמיגראַציע-כוואַליע צופעליק פאַרוואָרפן קיין אַרגענטינע אַ גרופּע 800 רוסישע יידן, וואָס שיף-אַגענטן האָבן זיי איינגערעדט צו פאָרן אינם דאָזיקן ווייטן לאַנד, צוזאָגנדיק זיי גאַנצע גאָלדענע בערג. די געקומענע

האָבן אין לאַנד געטראָפן אַ הייפל יידן, דערהויפט פאַרשטייער פון אויס-לענדישע האַנדל-פירמעס, וואָס האָבן געוואוינט אין דער קרוינשטאָט פון אַרגענטינע — בוענאָס-איירעס. אַ טייל פון די נייע עמיגראַנטן איז געבליבן דאָ אין שטאָט, די איבריקע — וואָס האָבן געשטאַמט פון פּאָדאָליער גוּבערניע — האָבן זיך געפּרוווט איינאָרדנען אַן אייגענע ערדאַרבעט-קאָלאָניע. דאָס לאַנד איז געווען זייער פּרוכטבאַר. זיי זענען אָבער געווען דאָ אינגאַנצן איינזאַם און אָן הילף אינם ווייטן פרעמדלאַנד, צווישן אַ באַפעלקערונג, וואָס איז באַשטאַנען פון שפּאַניער אָדער „גאַוטשאָסן" — אַ געמיש פון שפּאַניער און אָרטיקע אינדיאַנער; שווער איז זיי אויך געווען צוצופּאַסן זיך צום לעבנסשטייגער פון לאַנד, וואָס האָט פּאַרייניקט אין זיך פּאָליטישע פאָרמען פון אַ מאָדערנער רעפּובליק מיט פעאָדאַליזם פון אַריסטאָקראַטיע און אַ נידריקער קולטור פון פּאָלקסמאַסן. דאַמאָלסט האָט אויפן דאָזיקן עקזאָטישן לאַנד געוואָרפן אַן אויג באַראָן הירש, וועלכער האָט געזוכט אַ מקום-מקלט פאַר די געטרודפטע רוסישע יידן. אויבן (§ 20) איז שוין דערציילט געוואָרן, וואָס פאַר אַ פאַנטאַסטישע פּלענער מ'האָט פאַרבונדן מיטן אַריבערפירן יידן אין אַרגענטינע בעת דער פּאַניק-עמיגראַציע פון רוסלאַנד אין 1891—1892. גאָר אינגיכן איז אויפגעקלערט געוואָרן, אַז איבערפּלאַנצן דריי מיליאָן יידן פון רוסלענדער שפּאַניע אין געוועזענער אַמעריקאַנער שפּאַניע — איז אַ חלום, אָבער אין אַ באַשיידענעם פאַרנעם האָט זיך די ערדאַרבעטקאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, — הגם מיט גרויסע שוועריקייטן — דאָך יאָ געלאָזט פאַרווירקלעכן.

אַ סך פעלערן האָבן אָפּגעטאָן סיי די קאָלאָניסטן סיי די קאָלאָניזאַטאָרס פון אַרגענטינע. די חלקים ערד, וואָס הירשס אַגענטן האָבן איינגעקויפט, זענען נאָך נישט געווען צוגעגרייט פאַר די קאָלאָניסטן, עס האָבן נאָך געפעלט וואוינונגען און נויטיקע לאַנד-מכשירים, — און שוין האָבן זיך אַ שאָט געטאָן טויזנטער עמיגראַנטן, וואָס האָבן געמוזט אַ גאַנץ יאָר זיך וואַלגערן אין אכסניות און אין אויף דער גיך איינגעאָרדנטע ביידלעך — ביז די הייזער וועלן ווערן פאַרטיק. אַ לאַנגע צייט האָט די אַדמיניסטראַציע, וואָס באַראָן הירש האָט באַשטימט, זיך געשלאָגן מיט דער דעה איבער דער סיסטעם, ווי אַזוי צו באַזעצן די קאָלאָניסטן: לויט אַ צענטראַליזאַציע-סיסטעם, באַזעצן זיי אין קאָלאָניעס נאָענט איינע צו דער צווייטער, אָדער צעשפּרייטן זיי איבער פאַרשידענע פּראָווינצן. וועגן דער אינעווייניקסטער פאַרטיילונג אין די קאָלאָניעס גופא איז אויך געגאַנגען אַ מחלוקה צווישן דער אַדמיניסטראַציע און קאָלאָניסטן. יענע האָבן געוואָלט זיך באַזעצן גאַנצע דערפערווייז, מ'זאָל דאָ קענען אויסבילדן געמיינדעס מיט רעליגיעזע און כלערליי קולטורעלע איינריכטונגען; אָבער אייניקע פון די אַדמיניסטראַטאָרס, מענטשן וואָס האָבן זיך ווייניק גערעכנט מיט די גייסטיק-

נאַציאָנאַלע הצטרכותן פון די קאָלאָניסטן, זענען נוטה געווען צו דער אָנ־גענומענער אין אַרגענטינע סיסטעם פון פאַרם־באַלעבאַטישקייט. ביי דער סי־סטעם זענען די משפחות קאָלאָניסטן צעזייט איבער די פערמעס, וואו יעדער האָט זיינע פעלדער, וויינגערטנער, וואַלד און לאָנקע ביי זיין הויז, אָבער דערפאַר איז ער אָפּגעטיילט פון אַנדערע אַזעלכע פערמע־באַלעבאַטים מיט אַ גרויסן מהלך. נאָך לאַנגע ישוב־הדעתן האָט מען באַשלאָסן צו גרינדן יידישע קאָלאָניעס אין דריי פּראָווינצן: סאַנטאַפע, ענטרע־ריאָס און בוענאָס־איירעס, און ווייטער דערלויבן די קאָלאָניסטן זיך צו באַזעצן — אויב זיי ווילן — גאַנצע דערפערווייז און פאַרפירן דאָרט זייערע קהלות. אַזוי אַרום האָט מען די ערשטע יאָרן (1892—94) איינגעאָרדנט ביי דריי טויזנט מאַן אין די קאָלאָניעס מאָזעסוויל, מאַריציאַ, קלאַרא (די לעצטע צוויי נאָך די נעמען פון באַראָן הירש און זיין פרוי) און סאַן־אַנטאָניאָ. די ווייטערדיקע יאָרן זענען פון רוסלאַנד אָנגעקומען נייע פאַרטיעס עמיגראַנטן, אָרגאַניזירט דורך דעם פּעטערבורגער קאָמיטעט פון דער יידישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעל־שאַפט; אַ סך פון זיי זענען געווען פון די יידישע ערד־אַרבעטער־קאָלאָניעס אין רוסלאַנד. אָבער נאָך אַלע אָנשטרענגונגען איז דאָך די באַפעלקערונג אין אַרגענטינער קאָלאָניעס צום אָנפאַנג 20־טן יאָרהונדערט נישט געווען העכער פון 7000 מאַן. אַזוי איז שוין דער פאַמעלעכדיקער גאַנג פון לאַנד־קאָלאָניזאַציע אין אַ ווייטער מדינה, ביי אומגעוויינלעכע באַדינגונגען פון קלימאַט און באָדן. פיל מי האָט מען אַוועקגעלייגט אויף צו באַאַרבעטן דעם דאָזיקן נישט־אָנגעריירטן באָדן — מיט אַ סוב־טראָפּישן קלימאַט. דער סדר צייטן פון יאָר איז דאָ געווען פונקט פאַרקערט ווי אין איירָאָפּע (דער זומער הויבט זיך אין אַרגענטינע אָן אין נאָוועמבער, און דער ווינ־טער — אין יוני), מיט אָפטע טריקענישן, ווינטן, אָנקומענישן פון היישע־ריקן, וואָס פרעסן אָפּ אויף אַלץ, וואָס מ'האָט פאַרזייט; פון די אָרטיקע גאַוטשאָסן האָבן אַ סך געהאַט די נטיה צו ראַבעווען פרעמדס. און דאָך זע־נען די קאָלאָניסטן בייגעקומען אַלע שוועריקייטן: ווילדע סטעפּעס האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין בליִענדיקע פעלדער און מיט רעכט האָבן זיי געקאָנט זאָגן אויפן לאַנד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט זייער שווייס, אַז עס איז זייערס. אַ דאַנק זייער התחלה איז אַרגענטינע ווייטער באַזעצט געוואָרן מיט יידן. די דאָרפישע קאָלאָניזאַציע האָט זיך אינגיכן אָפּגעשטעלט, ס'איז געקומען די שטאָטישע, שטאַרק אויסגעוואַקסן איז די יידישע קהלה אין בוענאָס־איירעס (צום אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט — 10.000 גלידער).

ביז דער עמיגראַציע פון די 80־ער יאָרן האָבן די בריטישע קאָלאָניעס פון דרום־אַפריקע — קאַפּלאַנד, נאַטאַל, אָראַנזש־רעפּובליק און טראַנס־וואַאַל — געהאַט אַ קליינע יידישע באַפעלקערונג. פריערדיקע צייטן פלעגן אַהערקומען גרויסע יידישע סוחרים פון ענגלאַנד אָדער האָלאַנד און זיך

ס'רוב באַזעצן אין קאַפּשטאָדט אָדער קאַפּטאָון, אינם זיצאָרט פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע. די דאָזיקע אונטערנעמערישע לייט פלעגן גרינדן פאַבריקן און האַנדלס=פאַקטאָריעס אויף צו באַאַרבעטן און אַרויספירן די נאַטירלעכע רייכטימער פונם לאַנד; די ווייסע זענען דאָ געווען אַ מינדערהייט אין דער באַפעלקערונג, און דער אַרבעטער=קלאַס איז באַשטאַנען פון אָרטיקע פאַרביקע שבטים — קאַפרען, זולוסן, מאַלאַיער. דער הויפּט=צווייג פון דער אינדוסטרי איז געווען — דאָס באַקומען קוילן, מעטאַלן און דימענטן פון די ערדגרובן אין טראַנסוואַל און אָראַנזש=רעפּובליק. די צווייטע העלפט 19-טן י"ה, ווען די גרויסע האָלאַנדיש=בורישע קאָלאָניע טראַנסוואַל איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע רעפּובליק, האָט זיך דער צענטער פון יידישע וואוינערטער אַריבערגעטראָגן אַהער. און ווען עס זענען אַנטדעקט געוואָרן די גאָלדגרובן אין טראַנסוואַל (1872) און עס האָט זיך געשאַפן אַ ניי געביט — די גאָלד=אינדוסטרי, האָט זיך די דאָזיקע איבערגרופּירונג נאָך פאַרשטאַרקט. די יידן־אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד, וואָס האָט זיך אינגיכן נאָך דעם אָנגעהויבן, האָט פאַרטראָגן קיין דרום=אַפריקע עטלעכע אונטערנעמער פון די רוסישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין לאָנדאָן,— נאָך די רייכע אָדער רייך=געוואָרענע זענען געקומען אויך די אָרעמע. אין די נייע ערטער האָבן די עמיגראַנטן זיך פאַרנומען מיט האַנדל צווישן די קאַפרען און אין די ערטער, וואָס זענען געלעגן נאָענט צו די גאָלד-גרובן, פלעגן זיי אָפט גוט פאַרדינען. די נייע שטאָט יאָהאַנעסבורג, וואָס איז געלעגן אינמיטן די גאָלדגרובן, האָט שטאַרק צוגעצויגן רוסישע עמיגראַנטן. אין יאָהאַנעסבורג און פּרעטאָריע האָבן זיך געבילדעט קהילות פון די דאָזיקע עמיגראַנטן, דער עיקר געקומענע פון ליטע.

די בירגערלעכע לאַגע פון יידן אין דער בורן=רעפּובליק טראַנסוואַל איז נישט געווען אַזוי גינסטיק, ווי אין די לענדער אונטער ענגלישער הערשאַפט. די קאָנסערוואַטיווע בורן אונטער דער אָנפירונג פון זייער פּרעזידענט קריוגער האָבן איינגעפירט אַ קאָנסטיטוציע (1890), וואָס האָט ערנסט באַגרענעצט די רעכט פון אַלע „אויטלענדער", ד. ה. פרעמדגעבירטיקע און אויך פרעמדגלויביקע: קאַטוילן און יידן (די בורן, אַזוי ווי אַלע האָלענדער, זענען רעפאָרמאַטיש). קיין פרעמדגלויביקע האָט מען נישט צוגעלאָזט אויף פאַראַנטוואָרטלעכע מלוכה=שטעלעס און נישט געקאָנט אויסקלייבן פאַר מיטגלידער פון פאָלקסראַט (פאָלקסראַאַד); אין מלוכה=שול האָט מען דעם אונטעריכט געפירט אין קריסטלעך=רעפאָרמאַטישן גייסט, און דעריבער האָבן דאָ קאַטוילן און יידן פאַקטיש נישט געקאָנט זיין נישט קיין שילער, נישט קיין לערער. כאַראַקטעריסטיש איז פאַר די בורישע הערשער אַזאַ קוריאָז=צופאַל: אין יאָהאַנעסבורג איז געווען אַ חנוכת=הבית פון אַ נייער שול, אויפן יום=טוב איז געווען איינגעלאַדן דער פּרעזידענט פון רעפּובליק

קריוגער, האָט ער געהאַלטן א באַגריסונג־רעדע און דערקלערט די שול־
פאַר געעפנט „אין נאָמען פון אונזער גאָט יעזוס קריסטוס״ (1891). די אוי־
איטלענדער האָבן נישט געקאָנט צופרידן־בלייבן מיט זייער לאַגע, און נישט
איינמאָל האָבן זיי אויפגעהויבן פּראָטעסטן קעגן דער רעגירונג; קעגן די
רעכט־באַגרענעצונגען האָבן אויך יידן פּראָטעסטירט. אייניקע פון זיי האָבן
זיך באַטייליקט אין א באַוואָפנטן אויפשטאנד און ארייַנגעפאַלן אין געפענ־
געניש; איינער פון די פאַרהאַלטענע — ליאָנעל פיליפּס — איז געווען פאַר־
משפּט צום טויט (1896). פּראָטעסט־מיטינגען און פּעטיציעס צום פאָלקסראַאַד
האָבן געצוואונגען דעם פּרעזידענט קריוגער נאָכצוגעבן: ער האָט פאָרגע־
לייגט דעם פּאַרלאַמענט, אַז דעם פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע, וואָס זאָגט,
אז פולע בירגער־רעכט האָבן נאָר קריסטן־פּראָטעסטאַנטן, זאָל מען ענדערן
אַזוי, דאָס אָנשטאָט דאָס וואָרט „פּראָטעסטאַנטן״ זאָל שטיין: „אַלע, וואָס
גלויבן אין דער געטלעכער אַנטפּלעקונג, וואָס איז אויסגעדריקט אין תנ״ך״.
אָבער אויך אַזאַ רעפאָרם האָבן די פאָלקסראַאַד־גלידער אָפּגעוואָרפן (1899).
דערוויַיל, טאַקע טייַלווייַז צוליב דער פראַגע וועגן די אויטלענדער, איז
אָנגעקומען די ענגליש־בורישע מלחמה (1899—1900). יידן האָבן זיך גע־
שלאָגן איןביידע ארמייען. די ענגלישע אונטערטאַנען זענען געווען באַגייס־
טערט פונם געדאַנק, אַז זיי קעמפן פאר גלייכבאַרעכטונג קעגן רעשטן פון
מיטלאַלטער; די יידן ווידער, וואָס האָבן געקעמפט אין די רייען פון די
בורן, זענען געווען געפירט פון אָרטיקן פּאטריאָטיזם אָדער עקאָנאָמישע
אינטערעסן. דער סוף פון דער גרויזאמער מלחמה איז געווען, ווי באַוואוסט,
אַז די בורן־רעפּובליקן — טראַנסוואַאַל און אָראַנזש — זענען פאַראייניקט
געוואָרן צו גרויס־בריטאַניע. אָנהויב 20־טן י״ה (1904) איז די צאָל יידן אין
דרום־אַפריקע געווען שוין גאַנץ היפּש: זי איז באַשטאַנען פון אַן ערך 50.000
מענטשן, פון זיי 20.000 אין קאַפּלאנד, 15.000 אין טראַנסוואַאַל, די איבריקע—
אין אָראַנזש־קאָלאָניע און נאַטאַל.

## קאַפּיטל VI

# נאַציאָנאַלע באַוועגונג (1897—1905)

### § 30. הערצל און „די יידישע מלוכה"

די צווייטע רעאַקציע אין אייראָפּע — די רעסטאַווראַציע פון יידנ=
פיינטשאַפט — האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע וואַנדערונג פון די יידישע מאַסן
אין מזרח, זי האָט אויך צעטרייסלט די אידעאָלאָגיע פון די עמאַנסיפּירטע
יידן אין מערב. אַלעמאָל זענען די מאַסן=וואַנדערונגען, ווי אַ סימן פון אי=
בערבראָך אין דער געשיכטע פונם גלות=פאָלק, געווען באַגלייט מיט גייסטיקע
קריזיסן אין דער געזעלשאַפט. אַמאָליקע צייטן האָבן די דאָזיקע קריזיסן
געטראָגן אַ רעליגיעזע באַפאַרבונג, זיך אויסגעדריקט אין מיסטיש=משיחישע
פאָרמען; סוף 19=טן יאָרהונדערטס האָט דער אינעווייניקסטער קריזיס, אין
הסכם מיטן גייסט פון דער צייט, באַקומען אַ באַפאַרבונג פון פּאָליטישן
משיחיזם. וויבאַלד די צענטרען אין גלות האָבן זיך געהאַלטן פון דאָס ניי
אין אריבערטראָגן, איז נאַטירלעך אַנטשטאַנען אַ פראַגע: קאָן מען נישט
אַריבערטראָגן דעם צענטר פון דער נאַציע אויסן גלות קיין פּאַלעסטינע, אין
אַלטן ארץ=ישראל? דורותלאַנג האָט געצויגן דאָס פאָלק צו זיין היסטאָריש
וויג, און אינם חושך פון פיינטלעכע פרעמדלענדער האָט זיך אָנגעהויבן אויס=
מאָלן אַ ליכטיקע צוקונפט פונם „לאַנד אָן אַ פאָלק, וואָס ווערט אומגעקערט
צום פאָלק אָן אַ לאַנד".

די אידעע ווידעראויפצושטעלן דעם נאַציאָנאַלן צענטר אין פּאַלע=
סטינע האָט זיך שוין אַנטפּלעקט אין דער חבת=ציון די 80=ער יאָרן
אין רוסלאַנד, אין דעם הויפּט=נעסט פון יידנפיינטשאַפט. ליליענבלום, פּינס=
קער, לעוואַנדא, אָפּגעענטפערט אין זייערע האָפנונגען אויף בירגערלעכע עמאַנ=
ציפּאַציע, האָבן געלאָזט הערן דעם רוף: „מיר זענען אומעטום פרעמדע,
מ'דאַרף זיך אומקערן אַהיים!" דער דאָזיקער עלעמענטאַר=פשוטער ענטפער
אויף דער קאָמפּליצירטער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם האָט אַלס טעאָריע צוגע=
צויגן זייער פיל, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט ער געגעבן קליינע רעזול=

טאָטן. אויפן שמאָלן שטעג פון פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע, וואָס פּיאָנערן, ענטוזיאַסטן פון דער אידעע האָבן אויסגעטראָטן, האָבן נישט געקאָנט אַרויף קיין גרויסע מאַסן איבערוואַנדערער. יעדן יאָר האָבן קיין אַמעריקע עמיגרירט צענדליקער טויזנט, קיין פּאַלעסטינע — נאָר עטלעכע הונדערט מענטשן. דאָס האָט נישט באַרעכטיקט די האָפענונגען אויף אריבערצוטראָגן דעם נאַציאָנאַלן צענטער פון גלות אין היסטאָרישן היים. און עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן א פּאַרטיפּערונג און שפּעטער אַן אויסברייטערונג פון דער נייער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע: אַ פּאַרטיפּערונג אין דער ריכטונג פון גייסטיקן אָדער קולטור=ציוניזם, וואָס שטרעבט צו באַשאַפן אין פּאַלעסטינע אַ קליינעם נאַציאָנאַלן צענטער ווי א מוסטער פאַרן גלות; אַן אויסברייטערונג — אין דער ריכטונג פון אויטאָנאָמיזם, וואָס פאַרטיידיקט די נאַציאָנאַלע רעכט פון גלות אין אַלע לענדער. קוים אָבער האָבן די אַלע דאָקטרינעס באַוויזן אָנצונעמען באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען, האָט זיך מיט אַמאָל אין מערב=אייראָפּע דערהערט אַ נייער רוף צו שאַפן אַ יידישע מלוכה. עס איז געווען אַזא פּסיכאָלאָגישער מאָמענט, אַז דער רוף האָט געפונען אָפּקלאַנג און דערפירט צו א נאַציאָנאַ/ער באַוועגונג, וואָס האָט במשך פון עטלעכע יאָר אַריינגעבראַכט אַ גרויסע אויפלעבונג אין פאַרשידענע שיכטן יידישער באַפעלקערונג, — הגם דעם דירעקטן ציל האָט זי נישט דערגרייכט.

פינסקערס רוף האָט זיך דאָ איבערגעחזרט אין אַ מער אַנטשיידענער פאָרם. אויך די אַמאָליקע חבת=ציון האָט געהאַט אין זיך ווי אַ עבדע=ציל — פּאָליטישן ציוניזם, אָבער איצט איז ער אַרויסגערוקט געוואָרן אויפן ערשטן פלאַץ, ווי אַן אויסגאַנג=פונקט. דער געדאַנק פונם מערב=יידן האָט זיך זייער פאַמעלעך גערוקט אין דער ריכטונג צו א אינעווייניקסטער נאַציאָנאַלער פאַרענטפערונג פון דער יידן=פראַגע, און נאָר דער כסדרדיקער וואוקס פון אַנטיסעמיטיזם די לעצטע יאָרצענדליקער פון 19=טן יאָרהונדערט האָט געצוואונגען פילבאַרע מענטשן אַ טראַכט צו טאָן וועגן זעלבסטהילף דורך אָרגאַניזירן די כוחות פון דער גאַנצער נאַציע. די פאָן פון פּאָליטישן ווידערגעבורט האָט אין מערב אויפגעהויבן אַ מענטש מן הצד, וואָס איז ביז אַהער געווען ווייט פון דער אַקטיווער יידישער געזעלשאַפט און האָט ווייניק געוואוסט וועגן דער חובבי=ציון=באַוועגונג אין רוסלאַנד. דעם ווינער זשורנאַליסט טעאָדאָר הערצל האָט אַרומגענומען אַ פייערדיקע באַדערפעניש פון נאַציאָנאַלן העלדנטאַט: ער האָט יענע יאָרן אַלס צייטונגס=קאָרעספּאָנדענט באַאָבאַכטעט אין פּאַריז די טראַגעדיע פון דער דרייפוס=אַפערע, און אומקערנדיק זיך קיין ווין האָט ער דערזען די וואַקכאַנאַליע פון אַנטיסעמיטן אונטער דער פירונג פון שטאָט=באַלעבאָס ליועגער. און ער איז געוואָרן דער נביא פון באַפרייאונג, אַזוי ווי אין 16=טן יאָרהונדערט איז עס געווען שלמה מולכו, וועלכער האָט זיך אומגעקערט צו יידנטום פון צווישן

מאראַנער — אין דער צייט ווען די פּאַרטריבענע פון פּירענעאישן האַלבּ־אינזל האָבן שטאַרק געליטן און צו די חורבות פון פּאַלעסטינע האָבן זיך געצויגן פאַרוואָגלטע ספרדים. אַזוי ווי דער יונגער מולכו האָט גלייכצייטיק געהאַלטן משיחישע דרשות אין די שולן און געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן פּויפּסט און דייטשן קייזער וועגן באַפרייען פּאַלעסטינע פונם טערק, אַזוי האָט אויך הערצל געפּרעדיקט שריפטלעך און מינדלעך זיין אידעע, אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיי און געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן טערקישן סולטאַן און קריסטלעכע הערשער אין אייראָפּע מכח צוריקאויפשטעלן דאָס יידישע פּאַלעסטינע. דער עקזאַלטירטער מיסטיקער פון 16־טן יאָרהונדערט און דער פּאָליטישער ענטוזיאַסט פון סוף 19־טן י״ה — האָבן זיך ביידע דורכגעטראָגן ווי העלע מעטעאָרן אויפן יידישן האָריזאָנט און אינגיכן פאַרלאָשן געוואָרן. אָבער דער לעצטער נביא פון ווידעראויפלעבונג האָט בעלאָזט נאָך זיך אַ רעאַלן שפּור, דאָס איז — די אַלוועלטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס ער האָט באַשאַפן: זי האָט די לעצטע יאָרצענדליקער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויפן לעבן פון גאַנץ יידנטום.

טעאָדאָר הערצל איז געבוירן אין בודאַפּעשט דאָס יאָר 1360 — אין אַ יידישער האַנדלס־פאַמיליע, וואָס איר ספר היוחסון איז געגאַנגען פון די ספרדים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין טערקיי. די פאַמיליע איז געווען אַסימילירט אויפן דייטשן שטייגער, און דאָס יינגל האָט באַקומען זייער אַן אָרעמע נאַציאָנאַלע דערציאונג. אַ קורצע צייט איז טעאָדאָר געווען אין אַ יידישער רעליגיעזער שולע, נאָך דעם איז ער אריינגעקומען אין אַן אַלגעמיינער רעאַלשולע און שפּעטער אין אַ גימנאַזיע, וואו די יידנפיינטלעכע שפּיצלען מצד אייניקע לערער און חברים־קריסטן האָבן דעם יינגל דערמאָנט, פון וואנען ער שטאַמט. קורץ פאַר זיין אָנקומען אין אוניווערסיטעט— איז הערצלס פאַמיליע אַריבערגעפאָרן קיין ווין (1878). זיינע סטודענטישע יאָרן זענען אויסגעפאַלן אַקוראַט די צייט, ווען אין עסטרייך און אונגארן האָט זיך צום ערשטן מאָל צעפלאַקערט דער אַנטיסעמיטיזם, און אומעטום האָט געקאָכט מיט ראַליגג־בלאָכס פראָצעס און מיטן טיסאַ־עסלארישן עלילת־דם (§ 6 און 9). געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט, איז הערצל אָנגעקומען אין אַ קאַנצעלאַריע פון אַ ריכטער אין זאַלצבורג אַלס אַ פּראַקטיקאַנט אָדער אַ קאַנדידאַט אויף אַ געריכטס־שטעלע, אָן שום געהאַלט; אָבער אַלס ייד האָט ער נישט געהאַט קיין האָפנונג צו באַקומען מיט דער צייט אַזאַ פּאָסטן, און אינגיכן האָט ער אוועקגעוואָרפן די יורידישע פּראַקטיק און זיך גענומען פאַר ליטעראַרישע טעטיקייט. ער האָט געשריבן פעליעטאָנען פאַר ווינער צייטונגען און פּיעסן פאַרן טעאַטער; אייניקע פון זיינע קאָמעדיעס און דראַמעס, וואָס האָבן פאַרמאָגט מער שאַרפזיניקע רעזאָנירונגען איידער קינסטלערישע טיפּקייט, האָבן געהאַט גרויס

דערפֿאָלג אויף די בינעס פֿון ווין און בערלין, די שאַלענטפֿולע פֿעליעטאָנען ס'רוב איינדריקן פֿון וועג, האָבן צוגעצויגן צום אויטאָר די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער גרעסטער ווינער צייטונג „נייע פֿרייע פּרעסע", און דאָס יאָר 1891 איז הערצל אריבערגעפֿאָרן קיין פּאַריז אַלס שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער דאָזיקער צייטונג. משך פֿיר יאָר האָבן זיך דאָ געדרוקט זיינע וויציקע בריוו פֿון פּאַריז. פֿון די קלאַסישע „פּאַריזער בריוו" בערנעס האָבן זיי זיך אונטערגעשיידט דערמיט, וואָס אין זיי איז פֿראַנקרייכס פּאָליטיש לעבן געווען געשילדערט דורך דער פֿעדער פֿון א לעבנסבאַשרייבער אַ דראַמאַטורג, אָן רעוואָלוציאָנערער ליידנשאַפֿט, וואָס האָט געפּאַסט פֿאַרן קעמפֿער פֿון דער עפּאָכע ערשטער רעאַקציע (הערצלס קאָרעספּאָנדענצן מיט באַריכטן פֿון די זיצונגען אין פֿראַנצויזישן פּאַרלאַמענט זענען ארויסגעגעבן געוואָרן ווי אַ בוך אונטערן קעפּל „Das Palais Bourbon"). יענע צייט האָט זיך הערצל אינטערעסירט מיט אייראָפּעאישער פּאָליטיק ווי אַ צושויער, נישט ווי אַ באַטייליקטער. פֿון יידישע אינטערעסן אָבער איז ער געווען אינגאַנצן ווייט, אַזוי ווי אַלע יידישע זשורנאַליסטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער ליבעראַלער פּרעסע.

צוביסלעכווייז האָט זיך אינם דאָזיקן „דייטשן שרייבער" אויפֿגעוועקט דאָס יידישע נאַציאָנאַלע געפֿיל. ער האָט געלעבט אין פּאַריז יענע יאָרן, ווען דריומאָן האָט געווילדעוועט קעגן יידן אין זיין צייטונג „Libre Parole". ער איז געווען אַן עדות פֿונם ערשטן אַנטיסעמיטיזם-אויפֿרייס אינם ענין דרייפֿוס, וואָס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן (1894). צוגעוואוינט צו יידנפֿיינטשאַפֿט אין דייטשלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן, האָט אָבער הערצל נישט געקאָנט באַנעמען, ווי אַזוי איז דאָס פֿראַנקרייך — דאָס פֿאָטערלאַנד פֿון רעוואָלוציע און יידישער עמאַנסיפּאַציע — אָנגעשטעקט געוואָרן דורך דער דאָזיקער מחלה. די דרייפֿוס-אַדע האָט אים איבערגעצייגט, אַז די אַנטיסעמיטישע באַוועגונג איז פֿאַטאַל אומפֿאַרמיידלעך אין אַלע לענדער. ווי גרויס ס'איז געווען די גייסטיקע איבערקערעניש, וואָס דער ענין דרייפֿוס האָט אין אים געמאַכט, באַווייזט זיין אייגענע דערקלערונג אין איינער פֿון זיינע שפּעטערדיקע רעדעס: „פֿאַר אַ ציוניסט האָט מיך געמאַכט דרייפֿוסעס פּראָצעס, וואָס איך בין אים בייגעווען אין 1894. איך האָב דאַמאָלסט געוואוינט אין פּאַריז אַלס צייטונגס-קאָרעספּאָנדענט און בין געווען ביים פֿונאַנדערקלייבן דעם ענין אין מיליטער-געריכט ביזן מאָמענט, ווען די געריכט-זיצונגען זענען דערקלערט געוואָרן פֿאַר געשלאָסענע. אַזוי ווי ערשט זע איך נאָך דעם באַשולדיקטן אין זיין טונקעלן אַרטילעריע-מונדיר מיט די שנירלעך. ער קומט אַריין אין זאַל און איך הער זיינע ענטפֿערס אויף די געוויינלעכע פֿראַגן פֿונם געריכט: אַלפֿרעד דרייפֿוס, קאַפּיטאַן פֿון אַרטילעריע, אין מיינע אויערן קלינגען נאָך די משוגענע אויסגעשרייען פֿונם המון אויף

דער גאַס, בײַ דעם בנין פֿון דער מיליטערישער שולע, וואו מ'האָט בײַ אים צוגענומען זײַן ראַנג: „טויטן אים, טויטן אַלע זשידעס!" אַ טויט אַלע ייִדן דערפֿאַר, וואָס צווישן זיי האָט זיך געפֿונען איין פֿאַררעטער! אָבער איז ער טאַקע באמת געווען אַ פֿאַררעטער?... אינם ענין דרייפֿוס איז געווען עטוואָס מערער, ווי אַ געריכטלעכער פֿעלער: דאָ האָט דער גרעסטער רוב פֿון פֿראַנקרײַכס באַפֿעלקערונג געוואָלט פֿאַרמשפּטן בפֿירוש אַ ייִדן און אין זײַן פּערזאָן — אַלע ייִדן. פֿון דאַן אָן איז דער אויסגעשריי „נידער מיט די ייִדן!" געוואָרן דער קאַמפּס־רוף פֿונם המון, און וואו? — אין רעפּובליקאַנישן, מאָדערנעם, ציוויליזירטן פֿראַנקרײַך, הונדערט יאָר נאָך דער דעקלאַראַציע פֿון רעכט. ענין דרייפֿוס קאָן מען פֿאַרגלײַכן אין דער געשיכטע נאָר מיטן אָפּשאַפֿן דעם עדיקט פֿון נאַנט. דער עדיקט פֿון דער גרויסער רעוואָלוציע איז אָפּגעשאַפֿן. אויב אויף אַזאַ וועג איז אַוועק אַ פֿאַרגעשריטן, הויך־ציוויליזירט פֿאָלק, היינט וואָס קאָן מען שוין דערוואַרטן פֿון אַנדערע פֿעלקער?" — און הערצל איז געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז „פֿאַר ייִדן איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג און רעטונג, ווי נאָר זיך אומקערן צו דער אייגענער נאַציע און זיך צוריק באַזעצן אינם אייגן לאַנד". דעם געדאַנק האָט ער אַנטוויקלט אין זײַן בוך „די ייִדישע מלוכה" (Der Judenstaat), וואָס איז אָנגעשריבן דאָס יאָר 1895. הערצל איז אַליין מודה, אַז ביז דעם מאָמענט „איז ער געווען אינגאַנצן פֿרעמד צו זײַן פֿאָלק", האָט נישט געוואוסט די לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן אין רוסלאַנד און איז אַפֿילו נישט געווען באַקאַנט מיט די ווערק פֿון העס און פּינסקער, וועלכע האָבן לאַנג פֿאַר אים אַרויסגעזאָגט אַן ענלעכן געדאַנק.

דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיל, וואָס איז געווען אײַנגעשלעפֿערט דורכן לאַנגיאָריקן ניגון פֿון עמאַנסיפּאַציע־דור, האָט זיך מיט אַמאָל אויפֿגעוועקט אין הערצלען. נאָך האָבן אים געפֿעלט גענוג פּרטים אויף פּאָזיטיוו צו באַגרינדן זײַן נאַציאָנאַלע אידעע, אָבער דער נעגאַטיווער מאָמענט איז געווען גענוג קלאָר: „נאַציע הייסט אַ היסטאָרישע גרופּע מענטשן מיט ניכּרדיקע סימנים פֿון אַ כּלל און פֿאַראייניקט דורך דעם, וואָס זיי האָבן אַ געמיינזאַמען שונא. דער פֿיינט מאַכט אונדז פֿאַר אַ פֿאָלק קעגן אונדזער ווילן". די דאָזיקע אידעע פֿון געצוואונגענעם נאַציאָנאַליזם איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די פּראָזעליטן אין מערב: דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיי נישט איבערגעצייגט, אַז די אַסימילאַציע איז אינערלעך באַנקראָט, נאָר אַז זי איז פּשוט פּראַקטיש נישט נוצלעך. דער שונא עקזיסטירט אומעטום, וואו עס איז גלות, און דערפֿאַר דאַרף מען פֿון די פֿײַנטלעכע לענדער אַוועקגיין אין אַן אייגענע מלוכה. דער טרוים וועגן משיח, וואָס איז אַזוי אַלט ווי דער גלות, האָט באַקומען אין הערצלס מוח מאָדערנע פּאָליטישע פֿאָרמען. זײַנע פֿאָרגייער און חובבי־ציון־טוער אין רוסלאַנד האָבן געשטרעבט דורך קאָלאָניזאַציע בהדרגה פֿאַרפֿעסטיקן פֿאַר זיך די פּאַלעסטינער טעריטאָריע — מיט דער האָפֿנונג שפּעטער זיך צו דערשלאָגן

מלוכה-אויטאָנאָמיע. צום אונטערשייד פון זיי האָט הערצל באַשלאָסן צו בויען דעם בנין פון אויבן: פריער דאַרף מען זיך דערשלאָגן פון די גרויסע מלוכות אַן עפנטלעכן אַקט, וואָס זאָל אָנערקענען דאָס רעכט פון יידישן פאָלק אויף אַ באַשטימטע טעריטאָריע, און שפעטער דאַרף מען צוטרעטן זי צו באַזעצן מאַסנווייז מיט אויסוואַנדערער פון גלות. אין זיין לכתחילהדיקן פלאַן האָט הערצל געמאָלדן, אַז מען דאַרף נעמען יעדע טעריטאָריע, וועלכע די אָרטיקע רעגירער זאָלן נאָר פאָרלייגן יידן אונטער אַן אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע, — אַליין איינס, זאָל דאָס זיין פאַלעסטינע אָדער אַרגענטינע, די צוויי לענדער, וואָס אין זיי האָט זיך שוין דעמאָלסט אָנגעהויבן אַ יידישע לאַנד-קאָלאָניזאַציע.

אינם בוך „דער יודענשטאַט" האָט הערצל אַנטוויקלט אַ פלאַן, ווי אַזוי עס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן זיין גרויסער טרוים; די פרטים זענען געווען אַזעלכע, אַז דאָס דאָזיקע ווערק האָט באַקומען אַ כאַראַקטער פון אַ סאָציאַלער אוטאָפּיע, אַ שטייגער אַזוי ווי די ראָמאַנען פון בעלאַמי און הערצקא, וואָס זענען דעמאָלסט פאַרעפנטלעכט געוואָרן (1888—1890)[1]. דער גאַנצער פלאַן איז געבויט אויפן הסכם פון באַזונדערע רעגירער און סאַנקציע פון די גרויסע מלוכות „צו שענקען יידן סוווערעניטעט איבער אַ שטיק ערדפלאַך, וואָס זאָל זיין גענוג צוליב דעם פאָלקסנויטן"; יידן ווידער דאַרפן זאָרגן וועגן דעם, עס זאָל אָרגאַניזירט ווערן אַ מאַסן-איבערוואַנדערונג אויף דער דאָזיקער טעריטאָריע, כדי דאָרט איינצואָרדנען אַ מלוכהשע צוזאַמענוואוינונג. צו דעם צוועק דאַרף מען איינאָרדנען צוויי אָרגאַניזאַציעס: פאַרבאַנד פון יידן (Society of Jews) און יידישע קאָמפּאַניע (Jewish Company). דער פאַרבאַנד פירט אונטערהאַנדלונגען מיט די מלוכות וועגן אָפּטרעטן יידן אַ נייטראַלע טעריטאָריע, און דערנאָך אַרבעט ער אויס אַ קאָנסטיטוציע פאַר דער נייער מלוכה (דער מחבר רעקאָמענדירט אָדער אַ דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיע, אָדער אַן אַריסטאָקראַטישע רעפּובליק) — און בכלל די יסודות פון צוזאַמענוואוינונג אין גייסט פון פרייהייט און גלייכהייט. די יידישע קאָמפּאַניע אָרגאַניזירט די איבערוואַנדערונג, וואָס וועט דויערן עטלעכע צענדליק יאָר. לכתחילה וועלן זיך לאָזן די גאָר אָרעמע און ברענגען דאָס לאַנד אין אָרדנונג: דורכפירן אייזנבאַנען, טעלעגראַף, אויפשטעלן בריקן און וואַסער-וועגן; שפעטער וועלן קומען קאַפּיטאַליסטן און עפענען פאַבריקן, האַנדלס-הייזער און פאַרשידענע אינדוסטרי-אונטערנעמונגען, — דאָס וועט פאַרבינדן דאָס לאַנד מיטן אַלוועלטלעכן מאַרק. אויף דער ערשטער איבערוואַנדערונג און דער עיקר אויף צו קויפן ערד וועט מען מוזן האָבן גרויסע סכומים געלט, אַן ערך אַ מיליאַרד מאַרק. דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל קלייבט מען צונויף אין פאָרם פון אַקציעס און ער קומט אַריין אין רשות פון דער יידישער קאָמפּאַניע, וועלכע ווערט איינגעאָר-

1) „Looking Backward", „Freiland".

דעגט לויטן טיפּ פֿון די ענגלישע קאָלאָניזיר-קאָמפּאַניעס, וואָס באַקומען אַ כאַרטיע אָדער „אַ טשאַרטער" אויף צו באַזעצן די אָדער אַנדערע טעריטאָריע אויסער אייראָפּע. די הויפּט-פֿאַרוואַלטונג פֿון דער יידישער קאָמפּאַניע געפֿינט זיך אין לאָנדאָן „אונטערן שוץ פֿון דער גרויסער מלוכה, וואָס איז איצטיקע צייט נישט אַנטיסעמיטיש" (דערפֿון נעמען זיך די אויבנגעבראַכטע ענגלישע נעמען פֿונם פֿאַרבאַנד און קאָמפּאַניע). דער מחבר פֿונם פּראָיעקט זעט פֿאָרויס פֿיל פּרטים פֿון אינערלעכער אָרדנונג אין דער יידישער מלוכה: די באַציאונג צו אַרבעטער, זיבנשעהדיקער אַרבעטסטאָג, מיטלען פֿון סאָציאַלער פֿאַרזיכערונג פֿאַר די אַרבעטנדיקע, פּלאַנען פֿון די שטעט א. אַנד.; ער פֿאַרבאַהאַלט נישט, אַז ער מיינט נישט צו פֿאַרוואַנדלען יידן אין אַן אויסשליסלעך לאַנדווירטשאַפֿטלעך פֿאָלק, ער האַלט טאַקע מער פּאַסיק פֿאַר זיי אַ ברייטע האַנדלס-אינדוסטריעלע טעטיקייט, פֿאַרשטייט זיך — אויפֿן געביט פֿון לאַנדווירטשאַפֿט.

הערצל האָט פֿאָרויסגעזען אַ סך דערווידערונגען מצד די קעגנער פֿון אַזאַ דרייסטן פּראָיעקט: אייניקע וועלן אים האַלטן פֿאַר אוטאָפּיש, נישט צו פֿאַרווירקלעכן; אַנדערע — פֿאַר נישט געוואונשען, אפֿילו שעדלעך. קעגן די פּרינציפּיעלע טענות רוקט ער אַרויס אינם אָנגערופֿענעם בוך אַז.לכע מאָטיוון: „די יידן-פֿראַגע איז פֿאַר מיר נישט קיין סאָציאַלע, נישט קיין רעליגיעזע פֿראַגע, כאָטש זי פֿאַרמאָגט סיי איינע, סיי די אַנדערע באַפֿאַרבונג. דאָס איז — אַ נאַציאָנאַלע פֿראַגע, און כּדי זי צו פֿאַרענטפֿערן, דאַרף מען זי מאַכן פֿאַר אַ פֿראַגע פֿון וועלט-פּאָליטיק, וואָס וועט פֿאַרענטפֿערט ווערן אינם ראַט פֿון די קולטורעלע פֿעלקער. מיר — זענען אַ פֿאָלק, אַן איינהייטלעך פֿאָלק. מיר האָבן אומעטום אָרנטלעך זיך געמיט בטל צו ווערן אין דער אַרומיקער סביבה, אײַנהאַלטן נאָר דעם גלויבן פֿון אונזערע אבות. אָבער אומזיסט זענען מיר געטרייע, אָפֿט אפֿילו צופֿיל געטרייע, פּאַטריאָטן; אומזיסט ברענגען מיר קרבנות מיט בלוט און פֿאַרמעגן; אומזיסט פֿלייסן מיר זיך באַרימט צו מאַכן אונזערע פֿאָטערלענדער אויפֿן פֿעלד פֿון קונסט און וויסנשאַפֿט, פֿאַרמערן זייער רייכקייט מיט באַ..יליקן זיך אין האַנדל און אויסטויש. אין אונזערע פֿאָטערלענדער, וואו מיר וואוינען אַ סך יאָרהונדערטער, האַלטן אונז פֿאַר פֿרעמדע אפֿילו יענע, וועמענס אבות עס האָבן נאָך נישט געלעבט אין לאַנד, בשעת דאָרט האָבן זיך שוין געלאָזט הערן קרעכצן פֿון אונזערע זיידעס. וועמען זאָל מען אין לאַנד רעכנען פֿאַר אַ פֿרעמדן, דאָס הענגט, פֿאַרשטייט זיך אָפּ, פֿונם ווילן פֿון דער מערהייט: דאָס איז א פֿראַגע פֿון קראַפֿט, אַזוי ווי אַלץ אין צווישנפֿעלקערלעכער געמיינשאַפֿט... און ביי דער הײַנטיקער לאַגע אין דער וועלט, און מסתּמא נאָך לאַנג וועט קראַפֿט גיין פֿאַר רעכט". הערצל איז מודה, אַז אין עצם פּרינציפּ אַסימילאַציע „זעט ער נישט קיין שום שענדלעכע זאַך", אָבער ער גלויבט נישט אין איר מעגלעכקייט, וואָרום פֿולע אַסימילאַציע, אין

דעם זין, אַז יידן זאָלן פאַרשווינדן אין דער אַרומיקער באַפעלקערונג, וואָלט געווען מעגלעך נאָר ביי געמישטע חתונות, אָבער עס איז אַ ספק צי אַזעלכע וועלן אַמאָל ווערן אַ מאַסן-דערשיינונג. „מער ערנסט — זאָגט ער — איז די טענה, אַז מיט דעם, וואָס איך רוף אָן יידן פאַר אַ איינהייטלעך פאָלק, ברענג איך נוצן די אַנטיסעמיטן; איך שטער דער אַסימילאַציע דאָרט, וואו זי האָט זיך אָנגעהויבן. די דאָזיקע טענה ווערט זיך בעיקר לאָזן הערן אין פראַנקרייך. נאָר אויב מען ווערט דעם פּראָטעסט פון יידן קעגן מיין פּראָיעקט באַגרינדן דערמיט, וואָס זיי זענען שוין אַסימילירט, איז דאָן מיין ענטפער גאָר פּשוט: דער דאָזיקער ענין איז זיי אינגאַנצן נישט נוגע. די מלוכה-בויאונג, וואָס איך לייג פאָר, ווערט פונקט אַזוי ווייניק שאָדן ברענגען די „איזראַעליטישע פּראָווינצן", אַזוי ווי די אַסימילירטע יידן פון אַנדערע לענדער. פאַרקערט, זי וואָלט פאַר זיי נוצלעך געווען. זיי וואָלטן זיך רואיק געקאָנט אַסימילירן, ווייל דער איצטיקער אַנטיסעמיטיזם וואָלט זיך אויף אַלע מאָל באַרואיקט. ווען די נייע יידישע מלוכה ווערט ווערן אַ פאַקט, און יענע וועלן נאָך פאַרבלייבן אויף די אַלטע ערטער, ווערט מען זיי גלויבן, אַז זיי האָבן זיך פון טיפסטן האַרצן אַסימילירט... ווי נאָר מיר וועלן צוטרעטן צום אויספירן דעם פּלאַן (פון אַ יידישער מלוכה), ווערט דער אַנטיסעמיטיזם אומעטום אויפהערן. וואָרום דאָס באַטייט — שליסן שלום".

הערצל האָט, הייסט עס, אַזוי באַשטימט זיין שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע: אויף וויפיל יידן פאַרבלייבן צווישן אַנדערע פעלקער, מוזן זיי זיך נאַטירלעך אַסימילירן, און ער פאַראורטיילט עס נישט; אָבער די צרה איז, וואָס אין גרויסע מאַסן איז פולע אַסימילאַציע נישט מעגלעך, און דערפאַר איז, אויב די דאָזיקע מאַסן וועלן אַוועקגיין אין אַן אייגענער מלוכה, ווערט ווערן לייכטער זיי אַליין און אויך די, וואָס וועלן פאַרבלייבן אויסער דער יידישער מלוכה און אויסער דער יידישער נאַציע. דערפון נעמט זיך פון אָנהויב אָן די פאָרמולע פון הערצלס ציוניזם: „באַשאַפן אַ רעכטלעך-געזיכערטע היים פאַר די, וואָס ווילן נישט אָדער קאָנען נישט זיך צו אַסימילירן".

אָנגעשריבן זיין בוך „דער יודנשטאַט" אין פּאַריז (1895), האָט הערצל נישט געאיילט עס צו פאַרעפנטלעכן. ער האָט באַשלאָסן פריער זיך אָן עצה האַלטן מיט פריינט, און אויך איבערגעבן זיין פּראָיעקט איינעם רייכע פילאַנטראָפּן, וואָס ער האָט געוואַרט פון זיי הילף. זומער 1895 האָט ער שריפטלעך און מינדלעך אונטערהאַנדלט מיט באַראָן הירש, דעם שטיצער פון ארגענטינער קאָלאָניזאַציע, ער האָט אים געוואָלט צורעדן צו זיין דרייסטן פּאָליטישן פּלאַן; אָבער דער פּראַקטישער פינאַנסיסט האָט זיך נישט געקאָנט באַציִען צו אַזאַ פּלאַן אַנדערש, ווי צו אַ פאַנטאַזיע. הערצל האָט אים שטאָלץ אָפּגעענטפערט: „אַ פּאָליטיק פון אַ גאַנץ פאָלק, איבערהויפּט פון אַזאַ, וואָס איז צעשפּרייט איבער דער גאָרער וועלט, קאָן מען שאַפן נאָר מיט כחות, וואָס לאָזן זיך נישט אָנ-

טאַפּן, אָפּווּעגן, וואָס שוועבן אין דער לופטן. ווייסט איר, פון וואָס די דייטשע
מלוכה איז באַשאַפן געוואָרן? פון טרוימען, לידער, פאַנטאַזיעס און שוואַרץ-
רויט-גאָלדענע בענדלעך. ביסמאַרק האָט נאָר אַראָפּגעשאַרט פרוכטן פון אַ בוים,
וואָס פאַנטאַזיאָרן האָבן פאַרפלאַנצט".

נאָהענטע פריינט האָבן אויך געצווייפלט אינם דערפאָלג פון הערצלס
פּראָיעקט. נאָר איינער פון זיי, דער שריפטשטעלער מאַקס נאָרדוי,
וואָס האָט געוואוינט אין פּאַריז, איז גלייך צוגעשטאַנען צו הערצלען און זיך
דורכגעדרונגען מיט זיין שטימונג. דער וועג, וואָס האָט ביידע שרייבער גע-
בראַכט צו דער יידישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם, האָט געהאַט אַ סך געמיינזאַמע
עטאַפּן, וואָס אַזעלכעס האָט מען געקאָנט געפינען אין לעבן פון יעדן אַסימי-
לירטן מערב-יידן. מאַקס נאָרדוי איז געבוירן געוואָרן דאָס יאָר 1849 אין
בודאַפּעשט אין דער פאַמיליע פון אַ יידישן לערער גבריאל זידפעלד (די
אמתע פאַמיליע פונם שרייבער). ער איז געווען אַ סך עלטער פון זיין לאַנדס-
מאַן הערצל און בשעת זיי פלעגן זיך טרעפן אין פּאַריז, איז נאָרדוי געווען
אַ סך מער ליטעראַריש באַרימט. ער האָט אויך אָנגעהויבן מיט צייטונגס-פע-
ליעטאָנען און רייזע-באַשרייבונגען — אין סטיל פון די, וואָס האָבן באַשאַפן
דעם דאָזיקן זשאַנר -- בערנע און היינע. שפּעטער אָבער, אונטערן איינפלוס
פון נאַטורוויסנשאַפט און לאָמבראָזאָס לערע, איז ער אריבער צו פראַגן פון
סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע און עטיק. אין אַ ריי ביכער, שאַרף אָנגעשריבן, האָט
נאָרדוי באַוויזן דעם אונטערשלאַק פון דער גלענצענדיקער אייראָפּעאישער קול-
טור. אין 1883 האָט אין אייראָפּע אָנגעמאַכט אַ טומל זיין בוך „קאָנווענציאָנע-
לער ליגן ביי דער קולטורמענטשהייט", און שפּעטער אויך זיינע „פּאַראַדאָקסן"
און „ענטאַרטונג" (1892). אינם לעצטן בוך האָט ער אַנטוויקלט זיין טעאָריע
וועגן דער גייסטיקער און מאָראַלישער חולאת פונם סוף XIX יאָרהונדערט. ער
האָט דאָס דערוויזן אויף ביישפּילן פון מאָדערנער שיינער ליטעראַטור; ער איז
דערביי אַזוי ווייט אַוועק, אַז צו די בישט-געזונטע טיפּן פון אייראָפּעאישער ליטע-
ראַטור האָט ער צוגערעכנט נישט נאָר סימבאָליסטן און דעקאַדענטן, נאָר אויך
אַזעלכע שרייבער, ווי זאָלאַ און טאָלסטאָי. קיין וויסנשאַפטלעך-פילאָזאָפישן
ווערט האָבן נאָרדויס ביכער נישט געהאַט, אָבער מיט זייער גלענצנדיקער
דיאַלעקטיק און שאַרפזיניקע פּאַראַדאָקסן האָבן זיי געוועקט געדאַנקען און
אַרויסגערופן שטורעמדיקע פּלפּולים אין יענע געזעלשאַפט-קרייזן, וואו מען
פאַרנעמט זיך מער מיט „לעבנספילאָזאָפיע", איידער מיט העכערע פילאָזאָפישע
פּראָבלעמען. נאָרדויס ווערק האָט מען איבערגעזעצט אין אַלע אייראָפּעאישע
שפּראַכן און אין דער וועלט-ליטעראַטור האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ רע-
וואָלוציאָנער און צאַמען-ברעכער. די יידן-פּראָבלעם האָט אים יענע צייט נאָך
ווייניק באַשעפטיקט. אָבער ווען דער יונגער ווינער זשורנאַליסט איז געקומען צו אים
מיט זיין פּראָיעקט פון אַ יידישער מלוכה, האָט זיך נאָרדוי דער שאַרפער

אַלעקטישער בעל־מוח גלייך אָנגעכאַפּט פאַר דער דאָזיקער אידעע, ווי פאַר די איינציקע לאָגישע און ראַדיקאַלע תשובה אויף דער יידן־פראַגע. פון דאַמאָלסט אָן איז ער געוואָרן הערצלס געטרייער מיטהעלפער ביים פּראָפּאַגאַנדירן דעם פּאָליטישן ציוניזם, און די נעמען פוןביידע שרייבער האָבן שטענדיק פיגורירט צוזאַמען — אַלס די אָנערקענטע פירער פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי.

פרי־יאָר 1896 איז הערצלס „יודנשטאַט" אַרויס פון דרוק אין ווין, וואָס אַהין האָט זיך דער מחבר אומגעקערט נאָך אַ לאַנגן פאַרברענגען אין פּאַריז. אין דער הויפּטשטאָט פון עסטרייך האָט זיך דאַן געקאָכט: אין שטאָט־ראַט האָט זיך אויסגעבילדעט אַן אַנטיסעמיטישע מערהייט און קעגן קייזערס ווילן (7 §) איז ליועגער ווידער אויסגעקליבן געוואָרן פאַר בורגמייסטער. זומער 1896 איז צווישן דער רעגירונג און מוניציפּאַליטעט צושטאַנדגעקומען אַ קאָמפּראָמיס, וואָס האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון ווין אָפּגעגעבן אין רשות פון די שטאָט־בעלי־בתים — די אַנטיסעמיטן. די יידישע געזעלשאַפט איז געווען אין יאוש, און דאָס האָט נישט ווייניק מיטגעהאָלפן, הערצלס בוך זאָל האָבן ערפאָלג. עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן זיך אין דער אידעע פון אַ יידישער מלוכה אָנגעכאַפּט, אַזוי ווי פאַר אַ רעטונגס־בייגל ביי אַ שיפס־קאַטאַסטראָפע. אויסער זיין פאָטערלאַנד האָט דער נייער נביא געהאַט נאָך אַ שטאַרקערן דערפאָלג אין די מאַסן. די אַלטע חברות חובבי־ציון אין גאַליציע, רומעניע און רוסלאַנד האָבן זיך הייס אָפּגערופן אויף הערצלס ווענדונג; זיי האָבן פון דעם דערוואַרט, אַז דער ענין פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע, וואָס איז אָפּגעקילט געוואָרן, וועט איצט אויפלעבן. אין בריוו צו הערצלען פון די דאָזיקע קרייזן איז שוין געווען בפירוש די רייד וועגן דעם, אַז פאַר דער להבאדיקער יידישער מלוכה קאָן זיך האַנדלען נאָר וועגן איין טעריטאָריע — פּאַלעסטינע. ביז אַהער האָט הערצל געצווייפלט, געשטאַנען צווישן דעם לאַנד און אַרגענטינע — איצט האָט ער אַנטשיידן אויפגעהויבן ציונס פאָן. ער האָט געזען פאַר זיך אַ פּאַרטיק חיל — די אַלטע קרייזלעך „חובבי־ציון", און ער האָט געהאָפט זיי אַריינצוציען אין דער נייער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע. צוביסלעך איז הערצל אַריבער פון פּלענער ביים שרייב־טיש — צו פּראַקטישער אַרבעט, ער האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צו דער פּאָלקס־זאַך, — און דאָ האָט זיך פאָרמירט הערצלס קוק אויף די אויפגאַבן פון ציוניזם. ער האָט געאַרבעט נישט מיד צו ווערן, צוגעגרייט די אָרגאַניזאַציע פון די ציוניסטן — און גלייכצייטיק אויך געפּרובט דעם באָדען אין דיפּלאָמאַטישע קרייזן, אויף וויפל עס זענען מעגלעך קאָנצעסיעס אין פּאַלעסטינע.

זומער 1896 איז הערצל געווען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, דאָרט האָט ער

מיט אַגענטן פון דער טערקישער רעגירונג געפירט געהיימע אונטערהאַנדלונגען. מ׳האָט געשמועסט, אַז סולטאַן אַבדול-האַמיד, וואָס אין דער אייראָפּעאישער פּרעסע האָט מען אים געהאַלטן פאַרן שולדיקן אין דער שחיטה פון אַרמענער אין טערקיי, האָט אויסגעדריקט גרייטקייט צו געבן יידן די געפאָדערטע קאָנצעסיעס אין פּאַלעסטינע בתנאי, אַז די ליבעראַלע „יידישע" ציטונגען זאָלן איבעררייסן די אָנפאַלן און אַז די איינפלוסרייכע ווינער ציטונג, וואו הערצל אַרבעט, זאָל אויך ווייזן אַזאַ ביישפּיל. אָבער אַזאַ מיסיע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט אויף זיך נעמען דער פאָרשטייער פון אַ נאַציע, וואָס האָט אין רוסלאַנד דעמזעלבן גורל, ווי די אַרמענער אין טערקיי; בפרט ווען די איינפלוסרייכע ציטונגען, וואָס פּאָליטישע אָדער פינאַנץ-טוער פון אַסימילירטע יידן האָבן זיי געשטיצט, זענען גאָר געווען פיינטלעך געשטימט בנוגע הערצלס נאַציאָנאַלער פּראָפּאַגאַנדע (אפילו „נייע פרייע פּרעסע", וואָס הערצל איז דאָרט געווען אַ מיטגליד פון רעדאַקציע, האָט אויסגעמיטן צו געבן מיטטיילונגען וועגן זיין פּאָליטישער טעטיקייט און וועגן ציוניזם בכלל). אָבער די שוועריקייטן האָבן הערצלען נישט אָפּגעשטעלט, און אין זיין אַגיטאַציע צווישן יידן האָט ער געוועקט די האָפענונג, אַז די אָנגעהויבענע אונטערהאַנדלונגען וועלן זיך ענדיקן מיט דערפאָלג. אין יולי דאָס יאָר האָט הערצל געהאַלטן אַ רעדע אין לאָנדאָן, אין קלוב „מאַקאַבעער", וואוהין אים האָט אַריינגעפירט דער באַרימטער שרייבער ישראל זאַנגוויל. הערצל האָט דאָ אָנגעהויבן פון אַ סענסאַציאָנעלער ידיעה, אַז „דער פּלאַן צו גרינדן אַ יידישער מלוכה ווערט זייער ערנסט באַהאַנדלט דורך רעגירנדיקע פּערזענלעכקייטן", און — דאָך האַלטן דעם דאָזיקן פּלאַן די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער אין מערב — פאַר אַן אויפטו פון פאַנטאַסטן. ער האָט זיך אַנטשיידן אַרויסגעזאָגט קעגן דער פריערדיקער סיסטעם „אינפילטראַציע" אָדער דאָס אַריינדרינגען אין פּאַלעסטינע פון קליינע גרופּעס קאָלאָניסטן, וואָרום אָן אַן אָפיציעלער און אינטערנאַציאָנאַלער אָנערקענטער כאַרטיע אויף אַ מאַסן-באַזעצונג פונם לאַנד ריזיקירן די איינגעוואַנדערטע, אַז מ׳וועט זיי אַרויסוואַרפן פון דאָרט. אין זיין לאָנדאָנער רעדע האָט הערצל נאָך איבערגעחזרט דעם געדאַנק, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין „יודענשטאַט" — וועגן „אָפּטרעטן יידן אַ טעריטאָריע, זאָל עס זיין פּאַלעסטינע אָדער אַן אַנדער מדינה". אָבער אין עטלעכע חדשים אַרום איז ער אַרויסגעטראָטן אין ווין אויף אַ פאַרזאַמלונג פון „עסטרייכיש-איזראַעליטישער אוניאָן", און דאָ האָט ער שוין אָנערקענט פּאַלעסטינע פאַרן איינציק אָרט פון דער להבאדיקער מלוכה. ער האָט דאָ דערוויזן, אַז טערקייס שווערע פינאַנץ-לאַגע קאָן משפיע זיין, דאָס דער סולטאַן זאָל געבן יידן די נויטיקע קאָנצעסיעס פאַר אַ גרויסער הלואה, וואָס יידישע פינאַנסיסטן דאַרפן רעאַליזירן אין אייראָפּע. ווי אַזוי איז גע-

ווען געשטימט די אוידיטאָריע, פאַר וועלכער הערצל האָט געשילדערט אַזעלכע פערספּעקטיוון, דאָס זעט מען פון די אַריינפיר־ווערטער צו זיין רעדע: „אייניקע פון אייך האָבן, מסתּמא, געהערט, אַז איך וויל גרינדן אַ יידישע מלוכה, און איר זענט געקומען אַהער אַ קוק טאָן אויף דעם לע־כערלעכן מאָדנעם נפש, וואָס האָט פאַרקאָכט אַזאַ אומגעווינלעכן עסק". און ער באַמיט זיך אָפּצוּווענדן די מיינונג, אַז זיין פּלאַן איז אילוזאָריש, און ער וואַרפט אויף אָפּ־דעם שווערערן פאָרוואורף: אַז אַזאַ פּלאַן פאַרשטאַרקט דעם אַנטיסעמיטיזם, ווייל ער רייסט אונטער דעם צוטרוי צו די יידנס אָר־טיקן פּאַטריאָטיזם און שטעלט זיי אַרויס ווי אַ איינהייטלעכע נאַציע להיפּוך צו דער דאָגמע אַסימילאַציע.

מיטן לעצטן מאָטיוו דערקלערט זיך דער אַרויסטריט פון ווינער הויפּט־ראַבינער מ. גידעמאַן קעגן פּאָליטישן ציוניזם. דער געלערנטער געשיכטשריי־בער פון יידישע קולטור האָט פאַרעפנטלעכט אַ קליינעם טראַקטאַט „נאַציאָ־נאַליודנטום" (ווין, 1897). ער האָט דערוויזן, אַז דעם איצטיקן באַגריף „יידישע נאַציע" האָט געבוירן דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס אומעטום רוקט ער אַרויס דעם עלעמענט פון ראַסן־ אָדער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט. אין דער אמתן, מיינט גידעמאַן, האָבן יידן זינט זיי האָבן אָנגעוואָרן זייער מלוכה זיך קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר קיין נאַציע, זיי זענען געווען נאָר אַ רעליגיעזער פאַר־באַנד — טרעגער פון הויכע וועלט־אידעאַלן. פאַר אויפגעקלערטע יידן האָט נאַציאָנאַליטעט קיין שום באַטייט, זיי גייען אַריין אין באַשטאַנד פון די אַרו־מיקע נאַציעס לויט זייער וואוינאָרט נאָך. זיי בינדט צוזאַמען נאָר דער באַ־וואוסטזיין פון רעליגיעזער אחדות און פון אַ היסטאָרישער מיסיע, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז „דער אינדיווידואַליזם פון די נאַציעס זאָל פאַרניכטעט ווערן און דער כּלל מענטשן זאָל פאַראייניקט ווערן אין איין אַלמענטשלעכע משפּחה". לויט איר גייסט „איז די יידישע רעליגיע אַנטינאַציאָנאַל" און שטרעבט צו אוניווערסאַליזם, אַזוי אַז פאַרוואַנדלען יידן פון אַ רעליגיעזן פאַרבאַנד אין אַ נאַציאָנאַלן — וואָלט געווען אַ טריט צוריק, וואָלט געהייסן אומקערן זיי צום אַלטפּעטערישן מצב. נאָך אַ גרעסערע רעאַקציע איז דער פּאָליטישער ציוניזם, ווייל ער רופט יידן צו באַשאַפן אַן אייגענע מלוכה און מישט זיך אַריין אין גאָטס דרכים, פון וועמען דאָס פאָלק ישראל האָט באַקומען אַ באַזונדערע שליחות אין גלות.

גידעמאַנס רייד האָבן באַוויזן, אַז אפילו אַ היסטאָריקער קאָן אונטערן איינפלוס פון אַ הערשנדיקער אידעאָלאָגיע איבערדרייען דעם זינען פון גע־שיכטע. דאָס יידנטום איז אומעטום און שטענדיק אויפגעטראָטן ווי אַ בולטע נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט, כאָטש זי איז בעיקר פון גייסטיקן טיפּ. וואָלט ציוניזם זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע ווידעראויפצולעבן די יידישע נאַציע בכלל, נישט נאָר אויף אַ באַשטימטן שטיק ערד, — וואָלט ער לייכט

געקאָנט אָפּווענדן די קלעפּ פון ווינער ראַבינער און אַנדערע ענלעכע מנהיגי הדור (דער ענגלישער הויפּט־ראַבינער, נ. אַדלער, איז אויך אַרויס מיט אַ פּראָטעסט קעגן דער נאַציאָנאַלער קאָנצעפּציע פונם יידנטום); אָבער ביי דער שמאָלער נאַציאָנאַלער באַזע, אויף וועלכער הערצל האָט אויפגע־שטעלט זיין פּאָן פון פּאָליטישן ציוניזם, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו שוואך אין דעם היסטאָרישן ויכוח. אין זיין תשובה גידעמאַנען האָט ער ווייטער באַהויפּטעט זיין נעגאַטיווע באַשטימונג פון נאַציע — אַלס „אַ גרופּע מענטשן, וואָס זענען צוזאַמענגעבונדן דורך דעם וואָס זיי האָבן אַ געמיינזאַמען שונא", בכן האָט ער אַזוי ווי באַשטעטיקט די קעגנערס טענה, אַז נאַציאָנאַלע יידנטום איז נאָר אַ פּראָדוקט פון אַנטיסעמיטיזם. מאַקס נאָרדוי איז אַרויסגעטראָטן קעגן גידעמאַנען, האָט ער אויך נישט געפונען קיין פּאָזיטיווע היסטאָרישע ארגומענטן פ א ר דער נאַציאָנאַלער אידעע. אין דער פּאָלעמיק האָט מען אַריינגעבראַכט פּערזענלעכע פאָרוואורפן: הערצל האָט דערציילט, אַז בעתן דרוקן דעם „יודענשטאַט" האָט ער צוגעשיקט גידעמאַנען קאָרעקטור־בויגנס, יענער האָט עס איבערגעלייענט און געענטפערט, אַז ער געפינט נישט וואָס מ'זאָל דאָ דאַרפן אויסצובעסערן. הייסט עס, אַז אַרויסלאָזנדיק זיין פּאָלעמישן טראַקטאַט, האָט דער ראַבינער געטון אונטער עמיצנס דרוק. זיכער איז, אַז דער רבי האָט עס טאַקע געטאָן כדי יוצא צו זיין קעגן זיינע „צאן קדושים" — דער ווינער יידישער קהילה, וועלכע האָט זיך דערשראָקן פאַרן שאָטן פון אַ „נאַציאָנאַל יידנטום", בעת אַרום אין דער עסטרייכישער הויפּטשטאָט האָט געפלאַקערט מיט אַנטיסעמיטישע ליידנשאַפטן: מיט די אָפיציעל־רבנישע השבעות האָט מען געמיינט צו פאַריאָגן דעם שד.

כדי צו קעמפן פאַר דער אידעע פון פּאָליטישן ציוניזם האָט הערצל אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין ווין, פון יוני 1897, אַ וואָכנשריפט „די וועלט". אַלס דעוויז פון זשורנאַל זענען געווען אַרויסגעשטעלט די ווערטער: „באַשאַפן אַ געזעצליך-געזיכערטע היים פאַר יענע יידן, וואָס אין זייערע איציקע וואוין־ערטער קאָנען זיי נישט אָדער ווילן זיך נישט אַסימילירן". מ'האָט געפירט אין צייטונג אַ ליידנשאַפטלעכע פּאָלעמיק מיט די קעגנער פון דער נייער באַוועגונג, אָבער די עיקר־זאַך פונם דאָזיקן קאַמפּס־אָרגאַן איז געווען — צוגרייטן אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג אָדער אַ קאָנגרעס, וואָס זאָל אויסאַרבעטן די פּראָגראַם און אַרבעטספּלאַן פון דער פּאַרטיי פּאָליטישע ציוניסטן. אום צו פאַרוואַנדלען דעם פּאָליטישן ציוניזם אין אַ פאָלקס־באַוועגונג, האָט מען באַדאַרפט לאָזן אין גאַנג דעם גאַנצן אַפּאַראַט פּאַרטיי־אַגיטאַציע, און הערצל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ מענטשן, וואָס טויג דערצו זייער. הערצל איז אַזוי ווי געווען באַשאַפן אויף אָנצופירן מיט פאָלקסמאַסן: פון זיינע באַאָבאַכטונגען ווי אַ צייטונגס-קאָרעספּאָנדענט איז ער

געווען באַקאַנט מיטן גאַנצן פּאַרלאַמענט-מעכאַניזם אין אייראָפּע און מיט די
מעטאָדן פון פּאָליטישע פּאַרטייען; ער איז געווען אַ גלענצנדער רעדנער,
וואָס פלעגט דעם עולם פאַרכישופן שוין מיט זיין אויסערלעכקייט אליין.
דאָרט וואו זיינע אידעען האָבן נישט געהאַט דעם איינפלוס, האָט געווירקט
זיין פערזענלעכקייט, זיין אייזן-פעסטער ווילן און השפעה-קראַפט. פאַר אַ
קורצע צייט האָט ער איינאיינעם מיט אַ קליינער גרופּע אידעאישע חברים
אין ווין, צוגעגרייט דאָס צונויפרופן אַן אַלוועלטלעכן ציוניסטן-קאָנגרעס. און
כדי צו דערוועקן אינטערעס צום קאָנגרעס, האָט מען פאַרשפּרייט קלאַנגען,
אַז עס זענען אָנגענומען געלונגענע דיפּלאָמאַטישע שריט אויף צו פאַרווירק=
לעכן דעם פּראָיעקט פון אַ יידישער מלוכה.

לכתחילה איז דער קאָנגרעס געווען באַשטימט אין מינכען אויף אוי-
גוסט 1897. ווי נאָר די זאַך איז מפורסם געוואָרן אין דער פּרעסע, האָבן
די אַסימילאַטאָרן אויפגעהויבן אַ טומל. אויף זייער געוויינלעכן שטייגער פון
פחדנות-פּאָליטיק, האָבן זיי מער פאַר אַלץ געזאָרגט — צו באַרואיקן די
קריסטלעכע באַפעלקערונג בנוגע יידנס אמתע שטרעבונגען און צו פאַרלויפן
דעם וועג אַנטיסעמיטן מיט זייערע באַשולדיקונגען (אין דער ווירקלעכקייט
האָבן יענע זיך נאָר געקאָנט פרייען. וואָס יידן גייען אַוועק קיין אזיע).
איז אָט האָבן ראַבינערס פון פינף קהילות אין דייטשלאַנד (מייבוים פון
בערלין, האָראָוויץ פון פראַנקפורט, גוטמאַן פון ברעסלוי, אויערבאַך פון
האַלבערשטאַט און ווערנער פון מינכען) געלאָזט דרוקן אין בערלינער און
אַנדערע דייטשע צייטונגען אין נאָמען פון דייטשן ראַבינער-פאַרבאַנד אַזאַ
דעקלאַראַציע: „אין צוזאַמענהאַנג מיטן צונויפרופן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס
און באַקאַנטמאַכן זיין טאָג-אָרדנונג — האָט מען פאַרשפּרייט זייער געפעל=
שטע פאָרשטעלונגען וועגן מהות פון דער יידישער תורה און די שטרע=
בונגען פון די, וואָס אָנערקענען זי. דערום געפינט דער קאָמיטעט פון ראַ=
בינער-פאַרבאַנד אין דייטשלאַנד פאַר נויטיק צו געבן אַזעלכע דערקלערונ=
גען: 1) די אַזויגערופענע ציוניסטן שטרעבן צו גרינדן אין פּאַלעסטינע אַ
נאַציאָנאַל-יידישע מלוכה. — דאָס איז סותר די משיח-האָפענונגען פון יידנ=
טום, וואָס זענען פאַרבליבן אין דער תורה הקדושה און אין די שפּעטער=
דיקע אמונה-ספרים; 2) יודאַאיזם איז מחייב זיינע אָנהענגער צו דינען גע-
טריי דעם פאָטערלאַנד, צו וועלכן זיי געהערן, און מיטהעלפן דעמס נאַציאָ=
נאַלע אינטערעסן מיטן גאַנצן האַרצן און אַלע כוחות; 3) דער דאָזיקער
פאַרפליכטונג איז אָבער נישט סותר דאָס איידעלע שטרעבן צו באַזעצן פּאַ=
לעסטינע מיט יידישע ערד-אַרבעטער, וואָרום דאָס האָט נישט קיין שום
שייכות צום גרינדן אַ יידישע מלוכה. סיי די אמונה און סיי די ליבע צום
פאָטערלאַנד זענען אונז דעריבער מחייב צו בעטן אַלע, וואָס נעמען נאָענט
צום האַרצן די טובה פון יידן, זיי זאָלן זיך האַלטן ווייט פון די דערמאָנטע

ציוניסטישע שטרעבונגען און איבערהויפּט פונם קאָנגרעס, וואָס נישט בעקוקט אויף אַלע אָפּריידענישן, גרייט מען אים נאָך אַלץ צו". פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז די דאָזיקע דעקלאַראַציע האָט מען געלאָזט מעלדן נישט אַזוי צוליב דעם יידישן עולם, ווי צוליב דעם קריסטלעכן. און הערצל איז געווען אינגאַנצן גערעכט, ווען ער האָט אין זיין אַרטיקל „פּראָטעסט־ראַבינער" (16 יולי 1897) געשריבן, אַז דער דאָזיקער דאָקומענט וועט קיין גרויס כבוד יידן נישט שאַפן, אַז ער איז געווענדעט כלפּי חוץ און איז פול „מיט הכנעהדיקע פאַרענטפערונגען, וואָס האָבן דעם ציל אויסצובעטלען ביי שונאים אַ גוט וואָרט". ער האָט אונטערגעכאַפּט יענעם זאַץ אין דער דעקלאַראַציע, וואָס האָט גערעדט וועגן געטריישאַפט פון יידן צו דעם פאָטערלאַנד, „צו וועלכן זיי געהערן", און ער האָט אונטערגעשטראָכן די קנעכטישקייט פון מענטשן, וואָס קוקן אויף זיך ווי אויף אַן אייגנטום פונם פאָטערלאַנד, בעת אין דער אמתן געהערט דאָס פאָטערלאַנד צו די פרייע בירגער — און נישט פאַרקערט. אָבער דאָס דאָזיקע אָפּשפּעטן האָט נישט אויסגעהיילט די אַסימילאַטאָרן פון זייער חולאת מאָראַלישע קנעכטישקייט. אין זייערע פּרעסע־אָרגאַנען („אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס" א. אַנד.) האָבן זיך ווייטער געדרוקט פּראָטעסט־מעלדונגען און אַרטיקלען קעגן ציוניסטישן קאָנגרעס. די פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה אין מינכען האָט מודיע געווען די אָרגאַניזאַטאָרס פון קאָנגרעס, אַז די קהילה וויל נישט, דער ציוניסטן־קאָנגרעס זאָל פאָרקומען אין דער שטאָט. מ'האָט געמוזט טוישן דאָס אָרט, און דער קאָנגרעס איז באַשטימט געוואָרן אין דער שווייצערישער שטאָט באַזעל.

## § 31. די ערשטע קאָנגרעסן פון ציוניסטן (1897—1900).

די לעצטע דריי טאָג אויגוסט 1897 איז אין שטאָט־הויז פון באַזעל, אויפן ברעג טייך ריין, פאָרגעקומען אַ היסטאָרישע געשעעניש. יידישע פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער זענען זיך צונויפגעקומען און אויסגעדריקט זייער ווילן, דאָס יידישע פאָלק זאָל ווידער אויפשטיין ווי אַ נאָרמאַלע נאַציע אין זיין אַלטער געבורטס־היים. אַזאַ פאַרזאַמלונג וואָלט געהאַט נאָך אַ וויכטיקערן וועלט־באַטייט, ווען זי וואָלט באַשטאַנען פון דער מערהייט פאָלק־אויסדערוויילטע און וואָלט געקאָנט לאָזן הערן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ יידישער נאַציע אויף דער גאָרער וועלט און אין אַלע עפּאָכן, ד. ה. זי וואָלט אָפּגעלייקנט דעם ליגן פון 19־טן יאָרהונדערט, אַז קיין יידישע נאַציע עקזיסטירט נישט. גערופן אָבער אונטער דער פאָן פון אַ „יידישער מלוכה", האָט דער פאַרטייאישער קאָנגרעס געמוזט זיך באַגרענעצן מיט פּראָקלאַמירן די נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ פון יידנטום בתנאי, אויף

חיפיל עס וועט באַקומען אַן אייגענע טעריטאָריע. אָבער אויך די מאַניפעסטאַציע אין אַזאַ פאָרם האָט געהאַט אַ היסטאָרישן באַטייט. זינט דעם פאַריזער סנהדרין האָבן יידן אין מערב-אייראָפּע נישט אויפגעהערט צו טענהן, אַז זיי פּרעטענדירן מער נישט אויפן טיטול נאַציע; מיט אַמאָל האָט זיך דאָ געלאָזט הערן אַ רוף צו נאַציאָנאַלן ווידעראויפלעבן. באַזעל פון 1897 האָט אויסגעקויפט די זינד פון פאַריז 1807.

דעם 29 אויגוסט האָבן זיך געעפנט די זיצונגען פון קאָנגרעס — ביי 200 דעלעגאַטן און 300 געסט און צייטונגס-קאָרעספּאָנדענטן. דער מער באַוואוסטזיניקער עלעמענט פון דער פאַרזאַמלונג זענען געווען די דעלעגאַטן פון רוסלאַנד, ס'רוב מיטגלידער פון חובבי-ציון-קרייזלעך; אָבער אויפן ערשטן קאָנגרעס איז די ראָלע פון די דאָזיקע דעלעגאַטן (אוסישקין, טיאָמקין א. אַנד.) פאַרשטעלט געוואָרן דורך די מער אָנזעעוודיקע מערב-פירער — הערצל און זיינע מקורבים. פאַרן עפענען דעם קאָנגרעס זענען געווען „פאָר-קאָנפערענצן" פון דעלעגאַטן — לויט די לאַנדסמאַנשאַפטגרופּעס. דאָ האָט מען באַהאַנדלט די צילן און פּראָגראַם פון דער נייער אָרגאַניזאַציע און די טאַקטיק פון יעדער גרופּע אויפן קאָנגרעס. די סאַמע הייסעסטע ויכוחים זענען געגאַנגען אין דער רוסישער גרופּע: איינע זענען געווען דערפאַר, מען זאָל פאַרשטאַרקן די פריערדיקע קליין-קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע און נישט וואַרטן אויף עפנטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע גאַראַנטיעס; אנדערע — מען זאָל אָפּשטעלן די קאָלאָניזאַציע ביז מען וועט זי באַנייען אין אַ גרעסערן פאַרנעם אויפן גרונט פון אָפיציעל-אנערקענטע רעכט פאַרן יידישן פאָלק צו באַזעצן פּאַלעסטינע. אויך אין דער דייטשער גרופּע דעלעגאַטן איז צווישן די אַלטע „פּאַלעסטינצעס" און נייע „ציוניסטן" — נישט געווען קיין אחדות אין דער דאָזיקער פראַגע. ווען מ'האָט געעפנט דעם קאָנגרעס, איז דער פּירוד הדעות איינגעשטילט געוואָרן אונטערן איינדרוק פון הערצלס און נאָרדויס אַריינפיר-רעדעס, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם. דער עלטסטער גליד פון קאָנגרעס, ד"ר ליפּפע פון רומעניע, האָט אים געעפנט און דערמאָנט, אַז די ערשטע ציוניסטן זענען געווען יענע באַשיידענע פּיאָנערן פון דער פּאַלעסטינע-קאָלאָניזאַציע, וואָס מיט 15 יאָר צוריק זענען זיי אַוועק פון רוסלאַנד און רומעניע און געגרינדעט די ערשטע ערד-אַרבעט-קאָלאָניעס אין יהודה און גליל. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז דאָס קומענדיקע אומקערן זיך פון יידן אין זייער געבורטס-לאַנד וועט צוגיין אין דער זעלבער אָרדנונג, ווי נאָכן גלות בבל, מיט דער הילף פונם נייעם כורש, דעם הערשער פון מזרח; ער האָט פאָרגעשלאָגן דעם קאָנגרעס צו שיקן אַ דאַנק-רעפּעשע צום טערקישן סולטאַן פאַר זיין גוטוויליקער באַציונג צו זיינע יידישע אונטערטאַנען. דער פאָרשלאַג, וואָס האָט געהאַט אַ באַשטימטן דיפּלאָמאַטישן כאַראַקטער, איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. נאָך

דעם האָט הערצל געהאַלטן זיין אַריינפיר־רעדע, לייענענדיק זי פון פּאַפּיר, אַזוי ווי אַ רעגירונגס־דעקלאַראַציע [1].

אין דער דאָזיקער רעדע האָט דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם זיך געמיט צונויפצופּאַסן די פאַרשידנאַרטיקע שטרעמונגען פון נאַציאָנאַלן געדאַנק — כּדי אַלעמען צוציען צו דער געמיינזאַמער אַרבעט. די ראַמען פון זיין פּאָליטישער פּראָגראַם האָט ער שטאַרק פאַרברייטערט מיטן גוטן אַפאָריזם: „ציוניזם — דאָס איז דער אומקער צו יידנטום, וואָס דאַרף קומען פאַרן אומקער אין דער יידישער מלוכה אַריין“; דערמיט האָט ער געמיינט צו זאָגן, אַז די האָפנונג אַליין אויף פּאָליטישער אויפלעבונג וועט ברענגען דעם אַסימילירטן יידן צו נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין, אָבער פון דער דאָזיקער פאַרברייטערטער קאָנצעפּציע פון ציוניזם האָט ער נישט געמאַכט די געהעריקע אויספירן און אין דער זעלבער רעדע האָט ער ווייטער אַרויסגערוקט זיין שמאָלע פאָרמולע פון אַ יידישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אַלס רעאַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם. אויך אין דער פראַגע וועגן בהדרגהדיקער קאָלאָניזאַציע איז אים געווען נישט איינצוברעכן. די פּיאָנערן פון דער דאָזיקער קאָלאָניזאַציע האָט ער אָפּגעגעבן וואָס עס קומט זיי, ער האָט אָבער דערוויזן, אַז פירן זי ווייטער האָט פאַר דער פאָלקסזאַך קיין שום צוועק נישט: אויב מען זאָל יעדעס יאָר באַזעצן אין פּאַלעסטינע צען טויזנט קאָלאָניסטן, וועט דאָס איבערפירן אַהין אַלע ניין מיליאָן יידן פון דער גאָרער וועלט פאַרנעמען 900 יאָר, אָבער די טערקישע מאַכט וועט אפילו אַזאַ באַשיידענע אימיגראַציע נישט דערלאָזן און וועט באַניצן אירע רעפּרעסיעס קעגן די „וואָס גנבהנען זיך אַריין“ אין לאַנד. נאָר דורך אַ פּאָליטישן אָפּמאַך מיט דער פּאָרטע אויפן יסוד פון קעגנזייטיקע לייסטונגען—קאָן מען זיך דערשלאָגן צו אַ לעגאַלער מאַסן־באַזעצונג פון פּאַלעסטינע דורך יידן און גרינדן דאָרטן אַ פעסטן נאַציאָנאַלן צענטר, געזיכערט פון יעטוועדע צופעליקייטן. די אויפגאַבע פון קאָנגרעס איז — צו געפינען אַזעלכע וועגן און געבן זיין סאַנקציע די אַנטשפּרעכנדיקע פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען.

דעם שטאַרקסטן איינדרוק אויפן קאָנגרעס האָט געמאַכט די גרויסע רעדע פון מאַקס נאָרדוי „וועגן די יידנס אַלגעמיינער לאַגע“. דאָס גאַנצע יידנטום איז אין דער רעדע פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פיזיש און גייסטיק קראַנקער אָרגאַניזם, און דער שטרענגער פסיכיאַטער (נאָרדוי איז געווען אַ דאָקטאָר פון נערוון־קראַנקהייטן) האָט פאַר די צוהערער געעפנט די סיבות פון דער קרענק. עס עקזיסטירט אומעטום, האָט ער געזאָגט, אַ באַזונדער

---

1) די אָפיציעלע שפּראַך פון ערשטן קאָנגרעס, פונקט ווי אויף די שפּעטערדיקע, איז געווען דייטש; יענע רעדעס, וואָס דעלעגאַטן האָבן געהאַלטן אין אַנדערע שפּראַכן, בתוכם אויך העברעאיש, האָבן באַזונדערע סעקרעטאַרן איבערגעזעצט אויף דייטש.

„יידישע צרה״ (יודנגאָטה) אין אַ פאָרם, וואָס אַנדערע פעלקער ווייסן פון איר נישט. אין מזרח-אייראָפּע, וואו דער רוב אונזער פאָלק איז צונויפגעקליבן, דריקט זיך די צרה אויס אין אַ שווערן קאַמף פאַר מאַטעריעלער עקזיסטענץ, וואָס איז נאָך דערצו באַשווערט מיט פּאָליטישן פּרעס און בירגערלעכער אָנרעכט. אין מערב-אייראָפּע, וואו דער קאַמף פאַרן קיום איז יידן פאַרלייכטערט דורך בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע, האָבן יידישע צרות א מאָראַלן כאַראַקטער: דער ייד, וואָס אסימילירט זיך דאָ אויפריכטיק מיט די אַרומיקע פעלקער, פילט זיך שטענדיק אין אַטמאָספער פון שנאה אָדער אָפּגעפרעמדקייט. „די פעלקער, וואָס האָבן עמאַנסיפּירט יידן, האָבן זיך אַליין אין זייערע געפילן אָפּגענאַרט. די עמאַנסיפּאַציע פון יידן איז נישט געקומען פון באַוואוסטזיין, אַז דער כּלל מענטשן האָט שטאַרק געזינדיקט קעגן דער יידישער אומה, האָט אים אָנגעטון שרעקלעכע ליידן, און אַז עס איז צייט אויסצוקויפן די טויזנט-יאָריקע שולד; זי איז גאָר געקומען ווי אַ פועל-יוצא פונם גראָדליניקן פראַנצויזישן ראַציאָנאַליזם אין 18-טן יאָרהונדערט. מ׳האָט געמאַכט אַ ריכטיקן סילאָגיזם: יעדער מענטש פאַרמאָגט נאַטירלעכע רעכט, דער ייד איז אַ מענטש, הייסט עס, אַז ביים יידן קאָן מען אויך נישט אָפּנעמען זיינע נאַטירלעכע רעכט. אַזוי האָט מען די יידן-עמאַנסיפּאַציע אין פראַנקרייך געקינדיקט נישט מחמת ברידערלעכן געפיל צו זיי, נאָר ווייל אַזוי האָט געפאָדערט די לאָגיק״. אויך אַנדערע נאַציעס האָבן דאָס זעלבע געטון, ווען זיי האָבן איבערגענומען די פּרינציפּן פון פראַנצויזישער רעוואָלוציע און איינגעפירט ביי זיך פרייע פּאָליטישע איינריכטונגען. „יידישע עמאַנסיפּאַציע איז געווען איינע פון די פאַראַנשטאַלטונגען, וואָס זענען נויטיק אין יעדער הויך-קולטורעלער מלוכהשער ווירטשאַפט, פּונקט ווי אַ פּאַרטעפּיאַן, וואָס מוז זיך געפינען אין יעדן אָנשטענדיקן סאַלאָן, כאָטש קיין איין גליד אין דער משפּחה שפּילט נישט אויף אים״. אין די קאָנסטיטוציעס האָט מ׳ען פון אנשטענדיקייט וועגן אַריינגעשטעלט דעם פּרינציפּ בירגערלעך גלייכשטעלן יידן, אָבער די ציוויליזירטע קריסטלעכע פעלקער האָבן זיך גאָרנישט באַפרייט פון די געירשנטע נישט-גוטע געפילן לגבי יידן. דערווייל האָט דער עמאַנסיפּירטער ייד מיטן גאַנצן האַרצן זיך אַ לאָז געטון צו צונויפגיסן זיך מיט דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. ער האָט צעשטערט זיין פעסטונג— די מיטלאַלטערלעכע געטאָ, וואו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון דער אַרומיקער פיינטלעכער סביבה, און ווען ער איז, — אָן שום געווער, צעבראָכן הינטער זיך די בריק, — געקומען צו די פעלקער מיט אַ ברודערלעכן געפיל, האָט מען אים אָפּגעשטויסן ווי אַ פרעמדן. אַ גלייכגעשטעלטער לויטן בוכשטאַב פון געזעץ, איז ער אין לעבן אָנערקענט ווי אַ נישט-גלייכער. דער אַנטיסעמיטיזם פון נייער פאָרמאציע האָט באַשאַפן פאַר יידן אַ גיהנם אויף דער ערד. די מאָראַלישע ליידן פון אַסימילירטן מערב-יידן מאַטערן מער

אויס, ווי די מאַטעריעלע צרות פון זיין אייגנאַרטיקן מזרח־ברודער. „דער עמאַנסיפּירטער ייד האָט נישט אונטער זיך קיין אָנשפּאַר; ער איז שרעקע־דיק אין די באַציונגען צו אַרומיקע און איז נישט זיכער אין די אינטימע געפילן אַפילו פון זיינע פריינט; זיינע בעסטע כחות גייען אַוועק אויף צו דערשטיקן אָדער אויסבאַהאַלטן די אייגנאַרטיקע שטריכן פון זיין כאַראַקטער, ווייל ער איז אין שטענדיקער מורא, די דאָזיקע שטריכן זאָלן נישט אַרויס־געבן דעם ייד אין אים. ער איז קיינמאָל נישט דאָס, וואָס ער איז — אין געדאַנק און געפיל, אין טאָן פון דער שטימע, אין יעדן קוק, יעדן באַוועגן זיך. גייסטיק איז ער צעבראָכן, אויסערלעך פאַלש און דערפאַר לעכערלעך, ווייל אין יעדן אייִדעלעם, עסטעטיש־אַנטוויקלטן מענטשן רופט ער אַרויס עקל, אַזוי ווי אַלץ וואָס איז געמאַכט און אומנאַטירלעך". די דאָזיקע „נייע מאַראַנען" ליידן מער פון די אַמאָליקע שפּאַניער מאַראַנען, ווייל יענע האָבן געשטרעבט אויסצוקויפן זייער ליגן דורך דעם, וואָס זיי האָבן בסוד מקיים געווען יידישקייט, און די האָבן אין זייער נשמה אויסגעוואָרצלט אַלץ וואָס יידיש. פאַר דעם דאָזיקן גייסטיק־קראַנקן יידנטום מוז מען געפינען אַ רפואה, און דאָס ליגט נאָר אין ציוניזם.

דאָס גרויזאמע בילד, וואָס נאָרדוי האָט געשילדערט, האָט געמאַכט אַן ערשיטערנדיקן איינדרוק; אַ סך האָבן געוויינט, און ווען דער רעדנער האָט געענדיקט, האָט מען אים באַגלייט מיט באַגייסטערטע אָוואַציעס. אַלעמען האָט זיך געדוכט, אַז דער דיאַגנאָז פון דער יידישער חולאת איז געשטעלט דורך אַ גאָר אויטאָריטעטן דאָקטאָר און אַז דער קאָנגרעס איז באַרופן איינצו־שטעלן אַ סיסטעם ווי אַזוי צו היילן דאָס קראַנקע פאָלק, כדי צו ראַטעווען עס פון פאַמעלעך־אויסשטאַרבן. באַטראַכטן די דאָזיקע סיסטעם — די פּראָ־גראַם פון ציוניזם — דאָס איז געוואָרן די הויפּט־באַשעפטיגונג פונם גרינ־דונגס־קאָנגרעס.

נאָך לאַנגע ויכוחים, האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען אזאַ פּראָגראַם פון ציוניזם: „דער ציוניזם שטרעבט צו באַשאַפן פאַרן יידישן פאָלק אַן עפנטלעך־רעכטלעך געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינע. כדי צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, האָט דער קאָנגרעס בדעה: 1) לויט אַ באַשטימטן פּלאַן באַ־זעצן פּאַלעסטינע מיט יידן — ערדאַרבעטער, האַנטווערקער און אינדוסטריע־לער; 2) פאַראייניקן דאָס גאַנצע יידנטום אין אָרטיקע און אַלגעמיינע אָר־גאַניזאַציעס, וועדליג נאָך די געזעצן פון יעדן לאַנד; 3) פאַרשטאַרקן אינם יידישן פאָלק דאָס נאַציאָנאַלע געפיל און זעלבסטבאַוואוסטזיין; 4) צוגרייטן מיטלען אויף צו באַקומען ביי די רעגירונגען אַ הסכמה צו פאַרווירקלעכן די צילן פון ציוניזם". אַזוי איז אויפגעשטעלט געוואָרן „די באַזעלער פּראָ־גראם", די קאָנסטיטוציע פון פּאָליטישן ציוניזם, וואָס שפּעטער האָט מען געמאַכט צו איר פירושים אויף אַלערליי אופנים. ווייטער האָט מען פעסט־

נעשטעלט די יסודות פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע: פּעריאָדיש
ווערט גערופן דער קאָנגרעס — דער העכסטער פּאַרטיי־אָרגאַן, ער קלייבט
אויס אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע לענדער און אַ
שטענדיקן אויספיר־קאָמיטעט אינם צענטער פון דער אָרגאַניזאַציע, אין ווין;
פּאַר אַ מיטגליד פון פּאַרטיי אָנערקענט מען יעדן, וואָס צאָלט איין אין
איר קאַסע אַ „שקל“ — אַ יאָריקן אָפּצאָל אין דער גרויס אַן ערך פון אַ
דייטשן מאַרק; די דאָזיקע פּאַרטיי־מיטגלידער קלויבן עס דעלעגאַטן צום
קאָנגרעס. דעם אויספיר־קאָמיטעט האָט מען איבערגעגעבן צו שאַפן ביזן
צווייטן קאָנגרעס די פינאַנץ־אָרגאַנען פון דער ציוניסטישער פּאַרטיי — די
קאָלאָניאַל־באַנק און דעם נאַציאָנאַל־פאָנד. בראש פון קאָמיטעט איז, פאַר־
שטענדלעך, אויסגעקליבן געוואָרן הערצל, וועלכער האָט פריער ביים צו־
גרייטן דעם קאָנגרעס און שפּעטער אַלס זיין פּאָרזיצער, אַרויסגעוויזן אוי־
סערגעוויינלעכע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן. נאָר אַ דאַנק זיין קענען אָנ־
פירן מיט אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג, האָט דער באַזעלער קאָנגרעס מיט זיין
פאַרשידנאַרטיקן און פאַרשידנשפּראַכיקן באַשטאַנד געהאַט דעם אויסזען פון
אַן אייראָפּעאישן פּאַרלאַמענט. הערצלס איינדרוקספולע פיגור האָט אים אונ־
טערגעוואָרפן די אויפגערעגטע מאַסן. זאַנגוויל, וואָס איז בייגעווען אויפן
קאָנגרעס אַלס גאַסט, האָט באַשריבן זיינע איינדרוקן אין אַן אַרטיקל „די
טרוימער פון געטאָ אויפן קאָנגרעס“, — דעם פירער פון די ציוניסטן האָט
ער אַזוי כאַראַקטעריזירט: „די הדרת־פנימדיקע פיגור פון פאָרזיצער זעט
אויס גרעסער ווי זי איז אין דער אמתן, בשעת ער שטייט אויף פון זיין
אָרט און דרינגט דורך די פאַרזאַמלונג מיטן קוק פון זיינע פלאַמיקע אויגן.
ער דערמאָנט די סטאַטועס פון אַלטפרענקישע אשורישע קיסרים, וואָס באַ־
פּוצן אונזערע מוזעאומס. אין אַ פאַרזאַמלונג, וואָס ווערט געשטורעמט פון
ליידנשאַפטלעכע רעדנערס, באַוואונדערט ער באַזונדערס מיט זיין רואיקייט,
וואָס איז נישט צו צעשטערן, און מיט זיין געמעסיקייט אין אויסדרוק. מיט
איין וואָרט און אפילו אַ קוק אָדער אַ קלונג פון גלעקל — צוימט ער איין
די, וואָס שטערן דער אָרדנונג“.

אין אַ יאָר אַרום איז זיך אין דעם זעלבן באַזעל צונויפגעקומען
דער צווייטער קאָנגרעס פון די ציוניסטן (28—30 אויגוסט 1898). ער
איז געווען פון אַ גרעסערער צאָל דעלעגאַטן (385) און געהאַט אַ מער
זאַכלעכן כאַראַקטער אין זיין באַשעפטיקונג. דאָס יאָר, וואָס האָט אָפּגעטיילט
ביידע קאָנגרעסן, איז געווען אַ צייט פון שטאַרקער פּראָפּאַגאַנדע אין ציו־
ניזם. אין מערב־אייראָפּע זענען אַ סך צוגעשטאַנען צו דער דאָזיקער באַ־
וועגונג אין איר נייער פּאָליטישער פאָרם. אין רוסלאַנד איז געגאַנגען אַ
הייסער קאַמף צווישן די „פּאָליטיקער“ און אַלטע חובבי־ציון פּראַקטיקער.
די דעלעגאַטן פון רוסלאַנד זענען געקומען צום קאָנגרעס מער צוגעגרייט

און געהאַט אַ ווירקונג אויף די באַשלוסן, וואָס מ׳האָט דאָ אָנגענומען. אין פּרעזידיום פון קאָנגרעס זענען, חוץ הערצלען און נאָרדוי, אויסגעקליבן געוואָרן דער באַרימטער דאָקטאָר-אָקוליסט מ. מאַנדעלשטאַם פון קיעוו און דער לאָנדאָנער „חכם״ מ. גאַסטער. דאָס מאָל האָט הערצל אין זיין איינלייטונג-וואָרט גערעדט נישט אַזוי פיל וועגן די ווייטע צילן פון ציוניזם, ווי איבער די וועגן צו אים, איבער די נאָענטסטע אויפגאַבן. אין אינעווייניקסטן לעבן האָט ער אַרויסגערוקט די נויטיקייט, אַז ציוניסטן זאָלן „פאַרכאַפּן די קהילות״, ד. ה. זיי זאָלן זיך פאַרשטאַרקן אינם באַשטאַנד קהילה-פאַרוואַלטונגען און אינסטיטוציעס, כדי אין נאָמען פון פאָלק זאָלן נישט קאָנען אַרויסטרעטן פאַלשע פאָרשטייער, אַזוי ווי די אויבנדערמאָנטע דייטשע „פּראָטעסט-ראַבינער״, וואָס „זענען מתפּלל וועגן ציון און אַרבעטן קעגן ציון״. אין אויסערלעכער פּאָליטיק האָט ער רעקאָמענדירט אַ פּשוטן קאָמערציעלן פּרינציפּ do ut des (איך געב, כדי דו זאָלסט געבן): מ׳דאַרף דער טערקישער רעגירונג געבן פינאַנץ-הילף און דערפאַר באַקומען אַ קאָלאָניזאַציאָנס-כאַרטיע אין פּאַלעסטינע. צוליב דעם דאַרף מען גרינדן אַ קאָלאָניאַל-באַנק, וואָס וועט אָנהויבן זיינע אָפּעראַציעס ווי נאָר עס וועט זיך אָנקלייבן אַ גענוגנדיקער סכום געלט. — מאַקס נאָרדוי האָט ווידער געהאַלטן אַ שטאַרקע רעדע וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע פון יידן אין פאַרגאַנגענעם יאָר. די טרויעריקע געשעעניש פון דעם יאָר — די אַנטיסעמיטישע דעמאָנסטראַציעס אין פראַנקרייך אין פאַרבינדונג מיטן איבערקוקן דרייפוסעס פּראָצעס, די פּאָגראָמען אין אַלזשיר, רומעניע און גאַליציע — האָבן אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו פאַרשטאַרקן זיין באַווייז, אַז די לאַגע אין גלות איז אָן האָפענונג. זיין רעדע איז געווען פול מיט בייזע פאָרוואורפן קעגן די זאַטע מערבדיקע אויף-מיר-יידן, וואָס זענען גלייכגילטיק צום גורל פון זייער נאַציע, האַלטן זיך פאַר יידן אויף דעם סמך, וואָס זיי באַזוכן איין מאָל אין יאָר, יום כיפּור, די שול און, אויסער דעם האָבן זיי ליב צו לייענען היינעס ווערק. דער רעדנער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט די דאָזיקע גערעכטיקע באַשולדיקונגען, ער האָט נאָך צום סוף פירגעוואָרפן אַלע נישט-ציוניסטן אָן אונטערשיד: „די ציוניסטן זענען נישט קיין פּאַרטיי, זיי זענען דאָס גאַנצע יידנטום. ישראל איז אין אונזער מחנה; איר, אַלע איבעריקע, זענט קליינלעך און נעבעכדיק״. געוויס, איז אַזאַ אויסרוף נישט געווען אַזוי פּאַסיק אין מויל פון אַ מאַן, וואָס האָט אַליין אַ גרעסטן טייל זיין לעבן פאַרבראַכט ווייט פון דער מחנה ישראל.

אַז די ציוניסטן זענען נישט דאָס גאַנצע נאַציאָנאַלע יידנטום און אַפילו נישט קיין איינהייטלעכע פּאַרטיי, דאָס האָט מען אַרויסגעזען פונם פאָרטראַג, וואָס ד״ר מאַנדעלשטאַם האָט געלייענט „וועגן די פאַרשידענע שטרעמונגען אין ציוניזם״, אויך פון די מעלדונגען, וואָס פאָרשטייער פון

יידישע סאָציאַליסטן (ס. סירקין, ס. ר. לאַנדוי א. א.) האָבן געמאַכט וועגן זייערע חלוקי־דעות מיט די „בורזשואַזע״ ציוניסטן. דער כּלל ציוניסטן איז זיך צעפאַלן אין צוויי מחנות — „פּאָליטיקער״ און „פּראַקטיקער״. אַלע זע־נען מסכּים געווען מיט דעם פּונקט אין באַזעלער פּראָגראַם, אַז עס איז נויטיק זיך צו דערשלאָגן עפנטלעך־רעכטלעכע גאַראַנטיעס פאַר אַ מאַסן־קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. אָבער איינע האָבן געהאַלטן, אַז ביז דאַן דאַרף מען איבעררייסן די אימיגראַציע — אויס מורא פאַר אַ קריזיס; די אַנדערע האָבן דורכאויס געמיינט, אַז ביי די געגעבענע באַדינגונגען קאָן מען פאַרשטאַרקן די קאָלאָניזאַציע, כּדי צום מאָמענט פונם דערלויבן אַ מאַסן־אימיגראַציע זאָל אין לאַנד אויסגעבילדעט ווערן אַ שטאַרקער לאַנדווירט־שאַפטלעכער קערן. אַזאַ מחלוקת זאָל זיך צעפלאַקערן אויפן קאָנגרעס — וואָלט געווען אַ סכּנה, עס זאָל קומען צו אַ שפּאַלטונג. ווען די פירער פוןביידע גרופּעס זאָלן נישט קומען באַצייטנס צו אַ הסכּם דורך קעגנזייטיקע פּשרות. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די ווייטערדיקע אימיגראַציע איז צו דערלאָזן אונטער דער השגחה פון אַ קאָנגרעס־קאָמיסיע בלויז מיט דער דערלויבניש פון דער טערקישער רעגירונג, און ביז דאַן זאָל מען אין די קאָלאָניעס איינאָרדנען די שטאָטישע יידן, וואָס וואוינען שוין אין טערקיי.

ביים באַטראַכטן די פראַגע וועגן גייסטיק־קולטורעלער טעטיקייט האָבן זיך אויפן קאָנגרעס געמאַכט פרישע חלוקי־דעות. די לעצט־פּאָליטישע ציוניסטן האָבן אַזאַ טעטיקייט אויסגעשלאָסן פון פּאַרטייאישן פּראָגראַם, ווייל דאָס וואָלט אָפּגעצויגן פון דער דירעקטער זאַך און אַ חוץ דעם וואָלט עס אַרויסגערופן מחלוקת צווישן אָרטאָדאָקסן און פריידענקער: עס איז באַקאַנט געווען, אַז רוסלענדער רבנים זענען באַזונדערס אומרואיק צוליבן איינ־שליסן „קולטור״ אין פּראָגראַם, זיי האָבן אין „קולטור״ איינגעזען עפּעס שרעקלעכעס, כּמו די דייטשע רעליגיעזע רעפאָרמעס. די אויפגעקלערטע נאַציאָנאַליסטן האָבן דערוויזן, אַז אַנטוויקלען נאַציאָנאַלע קולטור — איז די נשמה פון דער באַוועגונג, עס דאַרף אין איר פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט. די רעפערענטן איבער דער פראַגע זענען געווען די רבנים גאַסטער פון לאָנדאָן און ערנפּרייז פון סאָפיע. זיי האָבן אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז „מ׳קאָן זיך נישט פאָרשטעלן קיין נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ווידעראויפלעבונג אָן אַ גייסטיקער באַנייאונג אין דער זעלבער צייט״. יעדער ציוניסט מוז זיך באַהעפטן צו דער רייכער קולטור־ירושה פון אייגן פאָלק און זאָרגן צו דע־ציען די יונגוואַרג אין פרייען נאַציאָנאַלן גייסט. „די יידישע קולטור האָט געראַטעוועט די גאַנצקייט פון אונזער פאָלק, האָט אים באַשאַפן אַ גייסטיק פאָטערלאַנד, און ראַטעווען אָט דאָס פאָטערלאַנד דאַרף זיין אונזער ערשטע זאָרג״. אַזוי האָבן גערעדט מענער, וואָס זענען צום היסטאָרישן יידנטום געשטאַנען נענטער, איידער די אָפיציעלע פירער פון דער פּאַרטיי. באָכדעם

ווי גאסטער האָט פייערלעך געמאָלדן, אַז דער ציוניזם גיט זיינע אָנהענגער
פולע פרייהייט פון רעליגיעזע איבערצייגונגען און אַז די קולטור-אַרבעט
וועט זיך אינם דאָזיקן געביט נישט אַריינרייסן, איז אויסגעקליבן געוואָרן
אַ קאָמיסיע אויף צו באַאַרבעטן די פראַגע וועגן פאַרשפרייטן נאַציאָנאַלע
קולטור, נאַציאָנאַליזירן די שול און דערציִונג. אַזוי אַרום איז דער צווייִ-
טער קאָנגרעס געווען אין אַלגעמיין אַ קאָנגרעס פון פשרות צווישן פאַרשי-
דענע גרופּעס ציוניסטן: ער האָט דערנענטערט דעם ציוניזם פון מערב מיטן
מזרחדיקן.

דער באַשלוס פון קאָנגרעס, וואָס האָט דערלאָזט פּלאַנמעסיק צו באַ-
זעצן פּאַלעסטינע נאָר מיטן הסכם פון דער טערקישער רעגירונג, האָט
אַרויפגעלייגט אויפן צענטראַל-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אַ חוב אָנצונעמען
ענערגישע שריט, כּדי צו באַקומען דעם דאָזיקן הסכם. הערצל האָט געלאָזט
אין גאַנג זיין גאַרע דיפּלאָמאַטישע קונסט אויף צו דערגרייכן דעם דאָזיקן
ציל. ער האָט באַנייט די אונטערהאַנדלונגען מיטן סולטאַנס מקורבים. יענע
האָבן, ווי דער שטייגער פון טערקישער דיפּלאָמאַטיע, אים געוואָלט איבער-
קליגן — אָט געגעבן האָפנונגען דעם ציוניסטישן פירער, אָט זיך אַרויסגע-
דרייט פון דער עצם זאַך. הערצל האָט נישט געזען קיין וועג אויף צו
באַאיינפלוסן דעם סולטאַן, איז ער אָנגעקומען צו אַזאַ העראָאיש מיטל. ער
האָט זיך דערוואוסט, אַז דער דייטשער קייזער ווילהעלם II גרייט זיך צו
פאָרן אין פּאַלעסטינע דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז ער אָנגעקומען אין דער
טערקישער הויפּטשטאָט בראש פון אַ דעפּוטאַציע מיטגלידער אין ציוניסטישן
צענטראַל-קאָמיטעט (וואָלפסאָן, באָדנהיימער א. א.). דער קייזער האָט אים
אויפגענומען אין אַן אוידיענץ און געהאַט מיט אים אַ לענגערן שמועס
(18 אָקטאָבער 1898). הערצל האָט ווילהעלמען באַקענט מיטן צוועק פון דער
ציוניסטישער באַוועגונג און געבעטן אים העלפן אין דער גרויסער היסטאָ-
רישער זאַך, דער עיקר ווירקן אויפן סולטאַן אין אָנגעוויזענעם פּרט. פון
קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז די דעפּוטאַציע אַוועק קיין פּאַלעסטינע, אום איינצו-
אָרדענען דעם קייזער אויפן באָדן פון הייליקן לאַנד, וואָס ער האָט געדאַרפט
אינגיכן אָנקומען אַהין, א פייערלעכן קבלת-פּנים. די באַגעגעניש אין פאָר-
געקומען נישט ווייט פון ירושלים בעת ווילהעלם מיט זיין סוויטע זענען דאָ
דורכגעפאָרן. באַמערקט פון דערווייטן הערצלען בראש פון דער ציוניסטי-
שער דעפּוטאַציע, איז דער קייזער צו אים צוגעפאָרן אויפן פערד, דער-
לאַנגט די האַנט און זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ פּאָר ליבנסווערדיקע זאַצן
וועגן זיינע רייזע-איינדריקן. דעם 2-טן נאָוועמבער איז די דעפּוטאַציע
אויפגענומען געוואָרן דורכן קייזער אין אַ פייערלעכער אוידיענץ אין ירו-
שלים גופא. דער פירער פון די ציוניסטן האָט זיך געווענדעט צו ווילהעלם
דעם 2-טן מיט אַ רעדע אין הויכן געשיכטלעכן סטיל, ווי עס פּאַסט פאַר

אַ שמועס צווישן דעם, וואָס קומט אַרויס פון חשמונאים מיט דעם, וואָס שטאַמט פון ריטער־קרייצטרעגער: „די דעפּוטאַציע פון בני ישראל טוט זיך דערנענטערן מיט טיפן יראת הכּבוד צום דייטשן קייזער אינם לאַנד, וואָס האָט אַמאָל געהערט אונזערע אבות. פיל דורות זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען, זינט די דאָזיקע ערד איז געווען אַ יידישע. איצט דערמאָנט מען עס ווי א חלום פון גאָר אַלטע צייטן, אָבער דער דאָזיקער חלום לעבט נאָך: ער לעבט אין הונדערטער טויזנטער הערצער, ער איז אַ וואונדערלעכער טרייסט פאַר אונזער פאָלק אין די טעג פון צער. עפּעס אייביקס שטעקט אין דער דאָזיקער אידעע, זי האָט געביטן אירע פאָרמען אָפּהענגיק פון צייט, מענטשן און אַנשטאַלטן. די היינטיקע ציוניסטישע באַוועגונג איז אויך אינגאַנצן מאָדערן. זי איז פאַרבונדן מיט די אומשטענדן און פאָדערונגען פון היינטיקן לעבן און שטרעבט צו פאַרענטפערן די יידן־פראַגע, זיך רעכנענדיק מיט די מעגלעכקייטן פון אונזער צייט. יאָ, מיר גלויבן, אַז מיר וועלן דערגרייכן דערפאָלג אין אונזער זאַך, ווייל דער כּלל מענטשן איז באַרייכערט מיט קאָמוניקאַציע־מיטלען און טעכנישע דערפינדונגען... אָט איז זי, די ערד פון אונזערע אבות, זי טויג צום קאָלאָניזירן און באַאַרבעטן. איר, אייער מאַיעסטעט, האָט געזען דאָס דאָזיקע לאַנד: עס רופט צו די מענטשן, מען זאָל עס באַאַרבעטן. און צווישן אונזערע ברידער איז פאַראַן אַ שרעקלעכער פּראָלעטאַריאַט; די דאָזיקע מענטשן רייסן זיך צו ערד, זיי וואָלטן זי געקאָנט באַאַרבעטן. און מיר האָבן די מעגלעכקייט צו טאָן די דאָזיקע גוטע זאַך, צו באַפרידיקן ביידנס נויטן — פון פאָלק און לאַנד און דאַרבונדן זיי לויט א באַשטימטן פּלאַן. מיר האַלטן דאָס פאַר אַזאַ גוטע פאַך, וואָס איז כּדאי, אַז די גרויסמוטיקסטע לייט זאָלן זיך אין איר באַטייליקן, און מיר באַשליסן זיך צו בעטן אייער קייזערלעכע מאַיעסטעט צו געבן אונז אייער הויכע הילף אין דער זאַך. מיר וואָלטן זיך דאָס קיינמאָל נישט דערוועגט, ווען אין אונזערע געדאַנקען וואָלט געווען כאָטש עפּעס, וואָס קאָן ברענגען שאָדן אָדער באַליידיקונג פאַרן הערשער פונם דאָזיקן לאַנד. די גוטפריינטשאַפט פון אייער קייזערלעכער מאַיעסטעט מיט זיין מאַיעסטעט דעם סולטאַן איז אויף אַזויפיל באַקאַנט, אַז עס קאָן נישט זיין קיין שום ספק אין די כּוונות פון יענע, וואָס ווענדן זיך מיט דער בקשה וועגן גנעדיקער פאַרמיטלונג צו אייך". הערצל האָט פאַרענדיקט זיין רעדע מיט אַ באַגריסונג „דעם אַלמעכטיקן קעניג פון פרידן, וואָס איז אַריינגעטרעטן אין דער אייביקער שטאָט".

אויף דער רעדע פון ציוניסטישן פירער האָט „דער קעניג פון פרידן"— נישט פון אמתן, נאָר פון „באַוואָפנטן"—געגעבן אַן אומבאַשטימטע תשובה[1].

---

1) איצט זענען וועגן דעם פאַראַן גענויע ידיעות אין די נישט־לאַנג פאַרעפנטלעכטע

עס איז אַ ספק, צי ווילהעלם II האָט געפּאַסט פאַר דער פאַרמיטלער-שליחות צווישן טערקישן סולטאַן און דעם יידישן פאָלק, פאַר וועלכן ער האָט נישט געהאַט קיינע שום סימפּאַטיעס. הערנדיק הערצלס באַגייסטערטע רעדע, האָט ער זיך געמוזט טראַכטן, אַז אויב פּאַלעסטינע טויג פאַר יידן צום קאָלאָניזירן, וואָלט דאָך נאָך גלייכער געווען זי צו באַזעצן מיט דייטשן און אַזוי אַרום פאַרשטאַרקן דאָ די פּאָליטישע ווירקונג פון דייטשלאַנד. אין דעם האָט טאַקע געשטעקט דער טיפער טראַגיזם פון דער באַגעגעניש צווישן יידישן ריטער פון געדאַנק מיטן דייטשן ריטער פון שווערד...

די וואָרט-דיפּלאָמאַטיע האָט נישט געפירט צום ציל. האָט מען דערפאַר געמוזט לאָזן אין גאַנג דעם פינאַנץ-אַפּאַראַט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע—דעם קאָלאָניאַל-באַנק: צוציען, הייסט עס, די טערקן מיטן קלאַנג פון גאָלד. דאָס יאָר 1899 איז דער באַנק פאַרערגיסטרירט געוואָרן אין לאָנדאָן (The Jewish Colonial Trust), אָבער זיינע אָפּעראַציעס האָט מען געעפנט שפּעטער, ווען דאָס צייכנען די אַקציעס האָט אַריינגעבראַכט דעם געפאָדערטן מינימום-קאַפּיטאַל (אַ פערטל מיליאָן ענגלישע פונט, ביי אַ גרונט-קאַפּיטאַל פון צוויי מיליאָן). נישט די מיליאָנערן האָבן אויפגעקויפט די אַקציעס, נאָר דאָס אָרעמע פאָלק. דער אָרעמער רוסישער ייד האָט אָפּט אויסגעגעבן זיינע לעצטע צען רובל אויף צו קויפן איין אַקציע: ער האָט געהאַלטן, אַז דערמיט און מיטן באַצאָלן אַ פּאַרטייאישן „שקל" באַהעפט ער זיך צו דער בויאונג פון אייגענעם לאַנד. וועגן דעם באַשיידענעם דערפאָלג און סימפּאַטיעס פון הויכע פּערזענלעכקייטן האָט הערצל געקאָנט מעלדן ערשט אין זיין רעדע ביים עפענען דעם דריטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל (דעם 15—18 אויגוסט 1899). איצט האָט ער געהאַלטן פאַר מעגלעך קלאָרער צו פאָרמולירן דעם הויפּטצוועק פונם געבילדעטן פינאַנץ-אָרגאַן: באַקומען פון דער טערקישער רעגירונג אַ „טשאַרטער" אָדער אַ קאָלאָניזיר-קאָנצעסיע אין פּאַלעסטינע אין דער פאָרם פון אַן אָפּמאַך צווישן דער פּאָרטע און יידישן קאָלאָניאַלבאַנק, ווי מיט אַ יורידישער פּערזאָן, וואָס איז לעגאַליזירט אין ענגלאַנד. פאַר אַ טייל קאָנגרעס-לייט איז קלאָר געווען, ווי ריזיקאַליש עס איז צו בויען די צוקונפט פון פאָלק אויפן קויפן טערקייס חסד. און עס איז אויפגעקומען אַ פּלאַן צו באַזעצן דעם אינזל ציפּערן, וואָס איז נאָהענט צו פּאַלעסטינע און געפינט זיך אונטער ענגלאַנדס ממשלה. דעם פּלאַן האָט אַריינגעטראָגן דער קאָנגרעסגליד דוד טריטש, וואָס האָט געפּרעדיקט דעם געדאַנק פון „גרויס-פּאַלעסטינע", ד. ה. פון יידישער קאָלאָניזאַציע אין די לענדער, וואָס בשכנות

טאָג-ביכער הערצלס („הערצלס טאַגעביכער", בערלין 1923, ב. II, ז. 224—226). זע וועגן דעם די „הוספות" צום סוף באַנד.

מיט פּאַלעסטינע. דאָך איז די שטימונג פון גרעסטן טייל קאָנגרעס-דעלעגאַטן געווען אַזאַ, אַז שוין דאָס באַטראַכטן דעם „ציפּערן-פּראָיעקט" אַליין האָט געהייסן פאַרראַטן פּאַלעסטינע. עס האָבן זיך אויפגעהויבן גאָר שטאַרקע פּראָטעסטן, און מ'האָט דעם פּראָיעקט אַראָפּגענומען פון סדר היום.

פּונקט אַזוי פּרוכטלאָז איז אַדורך פאַרן דירעקטן צוועק פון ציוניזם דער פ ע ר ט ע ר צ י ו נ י ס ט ן-ק אָ נ ג ר ע ס, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אויגוסט 1900 אין לאָנדאָן. מיטן טוישן דאָס אָרט פון קאָנגרעס איז מען אויסן געווען צוציען צום ענין די אויפמערקזאַמקייט פון דער ענגלישער געזעלשאַפט, דער עיקר פון די לאָנדאָנער גבירים. דעם ציל האָט מען נישט דערגרייכט. די רוסיש-יידישע עמיגראַנטן פון איסט-ענד אָדער וואַייטשעפּל האָבן באַגעגנט די העראָלדן פון באַפרייאונג מיט באַגייסטערונג, אָבער דער אַריסטאָקראַטישער וועסט-ענד איז געבליבן קאַלט; אייניקע אַסימילאַטאָרן האָבן אַפילו פּראָטעסטירט אין דער פּרעסע, הלמאי מען טראָגט אריין די יידישע נאַציאָנאַלע פראַגע קיין ענגלאַנד, וואו די מענטשן פון יידישן גלויבן האַלטן זיך לויט דער נאַציאָנאַליטעט נאָר פאַר ענגלענדער. אומזיסט האָט נאָרדוי אין זיינע רעדעס פון קאָנגרעס-טריבונע געדונערט וועגן יידישע צרות אין מזרח-אייראָפּע, איבערהויפּט אין רומעניען, פון וואַנען עס האָבן זיך דאַן אַ לאָז געטון מאַסן יידישע עמיגראַנטן; אומזיסט האָט מען באַוויזן, אַז די מערב-פילאַנטראָפּיע איז נישט בכוח צו העלפן און עס מוז קומען זעלבסטהילף אין אַ פּאָליטישער פאָרם. דאָס יידישע פּראָלעטאַרישע לאָנדאָן האָט מיט מיטגעפיל אַפּלאָדירט די רעדנער, די פּלוטאָקראַטיע אָבער האָט געשוויגן. נאָר איינער פון זיי, פּרענסיס מאָנטעפיאָרע, אַ פּלימעניק פון באַרימטן פילאַנטראָפּ, איז צוגעשטאַנען צום ציוניזם און אַריין אין באַשטאַנד פון קאָנגרעס-פּרעזידיום.

די קאָנגרעס-טריבונע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו ווייניק צו דער אַגיטאַציע, מען האָט געמוזט פאַרשטאַרקן די שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע. דאָס האָט מען געטון דער עיקר אינם אָפיציעלן פּאַרטיי-אָרגאַן „די וועלט" (Die Welt), וואו די פירער האָבן געדרוקט זייערע קאַמפּסאַרטיקלען. נאָרדוי האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן פּאָלעמישן ברען אין זיינע רעדעס און אַרטיקלען. אין בערלין האָט ער געהאַלטן אַ רעדע (1898), האָט ער אויסגעשריגן: „יידן ווילן שטרעבן צו ציון, אָדער זיי וועלן גאָרנישט זיין!" ער האָט געלייקנט יעטוועדע פאָרם פון נאַציאָנאַלער באַוועגונג אויסער דעם ציוניזם: ער האָט נישט געוואוסט און נישט פאַרשטאַנען די מער טיפערע נאַציאָנאַלע אידעען, וואָס זענען דאַן אַנטשטאַנען אין רוסישן יידנטום. סיי נאָרדוי סיי הערצל האָבן געוואוסט נאָר צוויי עקסטרעמען: אַסימילאַציע און פּאָליטישן ציוניזם; דאָס, וואָס די אַסימילאַציע האָט זיך נישט איינגעגעבן, האָט זיי געמאַכט פאַר פירער פון דער נאַציע — אַ קאָלעקטיוו, „וואָס האָט

אַ געמיינזאַמען שונא״. ביידע פירער פון ציוניזם האָבן טיף איבערגעלעבט די טראַגעדיע פון מערב־יידן און זיי האָבן עס געשילדערט אין צוויי טעאַטערשטיק, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן אַגיטאַציאָנס־דערפאָלג אויף דער סצענע. אין זיין דראַמע „די נייע געטאָ״ (1898) שילדערט הערצל אַן אדוואָקאַט, וואָס דאָס אָפּשטאַמען פון יידן האָט אים איבערגעפירט זיין געריכטלעכע און פּאָליטישע קאַריערע; אים פעלט דערפאָלג און דאָס שטויסט אים, דעם אַסימילירטן, צוריק צו זיינע ברידער; ביי צוזאַמענשטויסן מיט אַנטיסעמיטן האַלט ער הויך דעם קאָפּ, און ער באַצאָלט מיטן לעבן: מ׳דערהרגעט אים אויף אַ דועל. ער שטאַרבט מיטן רוף: „ארויס פון געטאָ!״ — ענלעך לויטן סיוזשעט איז נאָרדויס דראַמע „דאָקטאָר קאָן״ (1899). אַ טאַלענטירטער מאַטעמאַטיקער אַ ייד קאָן זיך נישט דערשלאָגן צו קיין קאַטעדר אין אוניווערזיטעט צוליב זיין יידישקייט, ער פאַרליבט זיך אין אַ קריסטלעך פריילין, א טאָכטער פון אַ יידן, וואָס האָט זיך פון לאַנג געשמדט און אַסימילירט; אָבער דער מיידלס ברודער, אַ דייטשער אָפיציר און א שאָוויניסט־אַנטיסעמיט, באַליידיקט קאָנען און דערהרגעט אים שפּעטער בעת אַ דועל. ביים שטאַרבן זאָגט דער העלד: „יעדער ייד פאַר זיך פאַרשטייט נישט אַלע מאָל קלאָר, אַז די שנאה פון די פיינט בינדט אים אָן דעם ערן־טיטול פון א פאָלקס־פאָרשטייער. דאָס, וואָס האָט איצט פּאַסירט, איז אַ רעזולטאַט פון אַלטע טויזנטיאָריקע באַוועגונגען אין דער אַלוועלטלעכער געשיכטע״.

אין 1902 האָט הערצל אויסגעפּרובט נאָך אַ פאָרם צו פּראָפּאַגאַנדירן זיין געדאַנק: דעם אוטאָפּישן ראָמאַן. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ בוך „אַלט־ניילאַנד״ און האָט אין פאָרם פון אַ „ראָמאַן״ געשילדערט דאָס, וואָס ער האָט פריער פּראָיעקטירט אין דער „יידישער מלוכה״. אויפן שערבלאַט פון בוך האָט ער אוועקגעשטעלט אַ מאָטאָ: „ווילט איר, וועט דאָס נישט זיין קיין מעשהלע״. אין דער דערציילונג ווערט געשילדערט דער גליקלעכער צושטאַנד פון פּאַלעסטינע צוואַנציק יאָר נאָכן באַקומען דעם טשאַרטער און אָנהויבן אַ מאַסן־קאָלאָניזאַציע. פון אַ מדבר־לאַנד איז פּאַלעסטינע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בליהענדיק און קולטורעל ווינקל פון ערדקויל, זי ציט צו טוריסטן אזוי ווי שווייץ. די גאָרטן־שטעט זענען באַפּוצט מיט גרויסאַרטיקע געביידעס פון נייעסטער אַרכיטעקטור; אייזנבאַנען שניידן דורך דאָס גאַנצע לאַנד; דער ים המלח איז דורך אַ קאַנאַל פאַראייניקט מיטן מיטללענדישן ים, און ביים וואַסערפאַל אין טאָל פון ירדן גיט ער אַ גרויסן קוואַל עלעקטרישע ענערגיע אויף באַלייכטונג און פאַר די פאַבריק־מאַשינען. דאָס לאַנד איז באַדעקט מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פערמעס, פאַבריקן און וואַרשטאַטן. עס וואוינען דאָרט נישט נאָר יידן, נאָר אויך מענטשן פון אנדערע פעלקער, וואָס זענען געקומען אהער פון אייראָפּע און אַמע־

ריקע, אזוי אז דאָס לאַנד האָט אַ קאָסמאָפּאָליטישן כאַראַקטער, מ'רעדט דאָרט אויף אַלע שפּראַכן, און אַפילו ביי יידן גופא איז נישטאָ קיין איינהייטלעכע שפּראַך, דעם אַלטן נאַציאָנאַלן לשון באַנוצט מען נאָר אין בית־מדרש און צום טייל אין שול און ליטעראַטור. אַלע מענטשן זענען דאָ גלייך, אַלע לעבן אין אידילישער חברשאַפט, ירושלים און די אַנדערע הייליקע ערטער זענען באַפּוצט מיט געבעטהייזער פון אַלע גלויבנס; פרייד, צופרידנקייט און קעגנזייטיקע ליבע הערשן אינם דאָזיקן גליקלעכן גן־עדן, וואָס פּאָר צוויי צענדליק יאָר האָבן זיך דאָ באַוויזן איינצוואָרדנען מיליאָנען יידן און מענטשן פון אַנדערע פעלקער... דער קריטיקער פונם דאָזיקן אוטאָפּיסטישן ראָמאַן אחד־העם האָט געשטעלט אַזאַ קשיה: וואו זשע איז דאָ די יידישע מלוכה און יידישע קולטור אינם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן געמיש? קיין ענטפער האָט ער נישט באַקומען, מ'האָט אים נאָר שטאַרק פאַרגעוואָרפן, אַז ער באַליידיקט זיין עקסעלענץ — דעם פירער פון די פּאָליטישע ציוניסטן. און באמת, אין דעם ראָמאַן איז אַרויס דער גאַנצער נאַציאָנאַליזם הערצלס: דער מחבר האָט נאָר געוואָלט שילדערן די יידישע מלוכה אַלס קאָנטראַסט צו דער אַנטיסעמיטישער אייראָפּעאישער מלוכה, אַ פרייען קאָסמאָפּאָליס — להיפּוך צו דער מלוכה מיטן קולט פון אַ הערשנדיקער נאַציע. דאָס איז אַ פריי לאַנד אָן דעם „יידישן אומגליק" — דעם אַנטיסעמיטיזם, און דערפאַר איז עס אויך אָן אַ אינדיווידועלן חותם פון אַ יידישער נאַציע: עס פעלט דאָך דאָ דער „געמיינזאַמער פיינט", און דאָס איז לויט הערצלס באַשטימונג דער הויפּט־תנאי פון נאַציאָנאַלן אייגענעם שטייגער. וועגן דעם פילפאַכן קאָמפּלעקס פּאָזיטיווע גייסטיק־קולטורעלע סימנים, מיט וועלכע ניי־ירושלים דאַרף זיך אונטערשיידן פון הייניקן פּאַריז אָן אַ דריומאָן, וועגן דעס האָט הערצל גאָרנישט געקענט זאָגן, אין אַזאַ פּראָבלעם איז ער גאָרנישט אַריין. און דאָס האָט אים טאַקע געמאַכט אויפמערקזאַם דער פירער פון גייסטיקן ציוניזם.

## § 32. דער פּאָליטישער ציוניזם ביז הערצלס טויט (1901–1904).

דער קעגנזאַץ צווישן דער טרויעריקערווירקלעכקייט און דעם חלום פון אַ פּאָליטישן משיחטום איז געוואָרן אַלץ בולטער. יידן אין רוסלאַנד האָבן געליטן מיט יעדן יאָר שטאַרקער. עס האָט זיך דערנענטערט אַ נייע כוואַליע פּאָגראָמען, ס'איז געוועזן ערב קישעניעווער קאַטאַסטראָפע. ציוניסטישע מאַסן האָבן מיט אָנשטרענגונג געוואַרט, אַלע צוזאָגן זאָלן מקוים ווערן: דעם סולטאַנס טשאַרטער, דער אָנהויב פון אַ מאַסן־וואַנדערונג אין הייליקן לאַנד. הערצל און זיינע חברים פון ווינער אויספיר־קאָמיטעט האָבן ווידער אָנגענומען שריט צו פועלן עפּעס ביי דער טערקישער רעגירונג.

אין 1901 איז באַשלאָסן געוואָרן אָנצוהויבן אונטערהאַנדלען דירעקט מיטן
סולטאַן אַבדול-האַמיד, און נישט ווי פריער מיט זיינע אַגענטן. צו דעם
צוועק האָט הערצל צוגעצויגן צו דער זאַך דעם אַלטן קענער פון טערקיי,
דעם אונגאַרישן רייזנדער הערמאַן וואַמבערי, וואָס בעת זיינע אַמאָלי-
קע מזרח-וואַנדערונגען אַלס אַ פאַרשטעלטער מוסולמענער (געווען איז ער אַ
ייד פון פרעסבורג) איז ער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געוואָרן אַ מקורב צו די
הויף-קרייזן און אַ פאַרטרויאונגס-מאַן ביים פרינץ האַמיד, דעם שפּעטערדיקן
סולטאַן אַבדול-האַמיד. וואַמבערי איז געווען ווייט פון ציוניזם און פון יידי-
שע אינטערעסן בכלל, אָבער ער האָט נישט געקאָנט ביישטיין דעם צויבער
פון הערצלס פּערזענלעכקייט און האָט איהם געגעבן אַלע נויטיקע רעקאָ-
מענדאַציעס — אויף צו פאַרגרינגערן אים דאָס צוקומען צום קאַליף פון
די רעכטגלויביקע. מאַי 1901 איז הערצל אָפּגעפאָרן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל,
באַגלייט דורך צוויי מיטגלידער פון אויספיר-קאָמיטעט — וואָלפסאָן און
מאַרמאָרעק. דער סולטאַן האָט אים אויפגענומען אין אַ לענגערער אוידיענץ.
עס האָט זיך איינגעגעבן צו געווינען דעם סולטאַנס צוטרוי צו די ציו-
ניסטנס לאָיאַלקייט און צו זייער טערקישן פּאַטריאָטיזם, מ'האָט אים אויך
פאַראינטערעסירט מיט דער גרויסער פינאַנץ-הילף, וואָס די ציוניסטישע
אָרגאַניזאַציע איז גרייט צו געבן טערקיי — שכר פאַרן טשאַרטער. הערצל
האָט אויף אַבדול-האַמידן געמאַכט אַן איינדרוק פון א „נביא”. מ'האָט אים
אָפּגעלאָזט גנעדיק און פאָרגעלייגט צו דערלאַנגען שריפטלעך דעם פּלאַן צו
באַזעצן פּאַלעסטינע. פול מיט שטראַלנדיקע האָפנונגען, האָט זיך הערצל
אומגעקערט קיין ווין און זיך תיכף אַוועקגעלאָזט קיין פאַריז און לאָנדאָן,
כדי אַרויסצובאַקומען ביי יידישע מיליאָנערן די סומען, וואָס זענען נויטיק
אויף איינצוהאַנדלען דעם טשאַרטער (צוויי מיליאָן פונט). אָבער די באַנקירן
זענען געבליבן טויב צום רוף פונם ציוניסטישן פירער „אַרויסצוווייזן די
היסטאָרישע הילף”. נאָך הילף האָט זיך הערצל אויך געווענדעט צום אַמערי-
קאַנער פילאַנטראָפּ קארנעדזשי און צום דרום-אַפריקאַנישן קאָלאָניזאַטאָר סע-
סיל ראָדס, אָבער אויך דאָ האָט ער גאָרנישט געפועלט. אין אַ יאָר אַרום
(יולי 1902) איז הערצל אַ צווייט מאָל געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל,
וועגן דעם ענין האָט אים אויפגענומען דער גרויסוויזיר, מ'האָט אים איינ-
געלאַדן באַגלייך מיט אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן צום סעלאַמליק אין הויף,
אָבער די זאַך האָט זיך פאָרויס נישט גערוקט. בעת די אוטערהאַנדלונגען
מיטן גרויסוויזיר האָט זיך אַרויסגעוויזן אַזאַ חלוקי-דעות: הערצל האָט פאַר-
לאַנגט מ'זאָל אָפּטרעטן אין פּאַלעסטינע פאַר יידן אַ גאַנץ שטיק טעריטאָר-
ע, אים אָבער האָט מען פאָרגעלייגט צו באַזעצן זיי אין פאַרשידענע פונקטן
פון דער טערקישער אימפעריע — און דאָס האָט מען דאָך נישט געקאָנט
גנעמען.
אַ

סוף 1901 איז זיך אין באַזעל צונויפגעקומען דער **פינפטער ציוניסטן־קאָנגרעס**, קיין שום פרייליכע נייעס האָט ער אָבער פון זיין פירער זיך נישט דערוואוכט. מ׳האָט נאָר איבערגעגעבן, אַז אין לאָנדאָן האָט זיך געעפנט דער יידישער קאָלאָניאַל־באַנק — ביי זייער אַ קליינעם גרונד־קאַפּיטאַל. דער קאָנגרעס האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ נאַציאָנאַל־פאָנד אויף איינצוקויפן לאַנד אין פּאַלעסטינע, אָבער אויך דאָ האָט זיך נישט געלאָזט וואַרטן אויף גרויסע איינקונפטן. אין אויסערן־פּאָליטיק האָט דער קאָנגרעס זיך געפילט אומבאַהאָלפן, האָט ער זיך ארייַנגעלאָזט אין באַטראַכטן די עקאָנאָמישע און קולטור־פראַגן פון גלות. נאָרדוי האָט באַריכטעט וועגן דער נישט־זיכערער עקאָנאָמישער לאַגע פון יידן, וועגן די מאסן לופט־מענטשן אין דער ווירטשאַפט — ער האָט אָנגערירט אַ גאָר און גאָר קראַנק אָרט אין פאָלקס לעבן. זאנגוויל האָט אין אַ שאַרפזיניקער רעדע געמוסרט די סיסטעם פילאַנטראָפּיע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט, וואָס וואַרפט צו דעם פאָלק נדבות פון באַראָן הירשס מיליאָנען און איז נישט אימשטאַנד זיך צו דערהויבן ביז גרויסע נאַציאָנאַלע מעשים. ווייטער האָבן זיך צעפלאַקערט ליידנשאַפטלעכע וויכוחים אַרום דער פראַגע, צי זאָל מען קולטור־ און געגנוואַרטס־אַרבעט איינשליסן אין ציוניסטישן פּראָגראַם; צווישן דער אָרטאָדאָקסישער פראַקציע „מזרחי” און דער יונגער דעמאָקראַטישער פראַקציע איז געקומען צו צוזאַמענשטויסן — און ווידער האָט דער קאָנגרעס געמוזט נאָכגעבן די אָנגרייפנדיקע לעבעדיקע כוחות, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז אָן רעאַלער אַרבעט אין גלות וועט דער ציוניזם מגולגל ווערן אין אַ טויטע דאָגמע אָדער פרוכטלאָזע דיפּלאָמאַטיע. פאַר די ניכטערע מענטשן איז קלאָר געוואָרן, אַז דער איינציקער קאָנקרעטער פּועל־יוצא פון דער ציוניסטישער באַוועגונג גייט נישט מיט דער גראָדער ליניע פון „פּאָליטיק”, נאָר מיט זייטיקע וועגן פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַרבעט אויף די ערטער: צווישן די אָפּגעריסענע גרופּעס אינטעליגענץ און יוגנט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אינטערעס צום פאָלקס לעבן, עס האָבן זיך געגרינדעט נאַציאָנאַלע שולן, מ׳האָט שטודירט די נאַציאָנאַלע שפּראַך און געשיכטע, עס איז שטאַרק אויפגעלעבט געוואָרן די ליטעראַטור, — הכלל, עס איז אַוועק אַ שאַפנדיקע אַרבעט אין די רייען פון יידנטום, נישט פון ציון.

דאָס, וואָס די אונטערהאַנדלונגען מיט טערקיי האָבן גאָרנישט געפועלט, האָט די מערב־טויער פון ציוניזם אַרייַנגעגעבן אַ געדאַנק, מען זאָל אָנקניפּן באַציאונגען מיט דער ענגלישער רעגירונג, זי זאָל אָפּטרעטן אַ טעריטאָריע, וואָס געפינט זיך אין איר רשות לעבן פּאַלעסטינע. נאַטירלעך, האָט דער געדאַנק געפירט צו עגיפּטן, וואָס איז געווען אונטער ענגלאַנדס אַפּטרופּסות, און צו דעם פּאַס, וואָס טיילט אָפּ אים פון פּאַלעסטינע. דורכן לאָנדאָנער ציוניסט גרינבערג האָט זיך הערצל דערשלאָגן די הסכמה פון דער

ענגלישער רעגירונג ארויסצוגעבן דער ציוניסטישער אָרגאניזאַציע אַ קאָנצעסיע אויפן האַלבאינזל סיני, אין דעם ווייניק-באַזעצטן קאַנט על-אַריש, וואָס האַלט אַן ערך 1000 קוואַדראַט-וויאָרסט (האַרבסט 1902). דער אויסערן-מיניסטער לענסדאָון האָט גרינבערגן אָפּגעשיקט אין קאַאירע צום עגיפּטישן פאָרשטייער פון גרויסבריטאַניע לאָרד קראָמער, וועלכער האָט געדאַרפט דעם ענין פון דער דאָזיקער קאָנצעסיע באַטראַכטן צוזאַמען מיטן עגיפּטישן כעדיוו. אין קאַאירע האָט מען אויך אָנגענומען דעם פּראָיעקט. קראָמער האָט באַשטימט זיין פאָרשטייער אין דער ציוניסטישער קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אויספאָרשן די טעריטאָריע על-אַריש, צי זי טויג פאַר אַ מאַסן-קאָלאָניזאַציע. מ׳האָט אָפּגערעדט, אַז אויב דער פועל-יוצא פון דער עקספּעדיציע וועט זיין גינסטיק, וועלן די ציוניסטן באַקומען אַ טשאַרטער אויף צו באַזעצן דאָס לאַנד מיט זעלבסטפאַרוואַלטונג-רעכט אונטער ענגליש-עגיפּטישער סוווערעניטעט. פרי-יאָר 1903 איז די עקספּעדיציע געקומען צוריק אין קאַאירע פון על-אַריש — מיט אַ גינסטיקן סך-הכל. פול מיט האָפענונגען, אויפגעמונטערט דורכן צוזאָג מצד אייניקע פינאַנסיסטן וועגן אונטערשטיץ, איז הערצל פערזענלעך אָפּגעפאָרן אויף צו פאַרענדיקן די אונטערהאַנדלונגען מיט לאָרד קראָמער. מיטאַמאָל אָבער האָט די עגיפּטישע רעגירונג חרטה געקריגן: זי האָט דערקלערט, אַז זי קאָן נישט געבן די געפאָדערטע קאָנצעסיע, מחמת ווען מ׳וועט באַזעצן על-אַריש, וועט ער דאָך זיך נויטיקן אין דער באַוואַסערונג פון נילוס, און דאָס אָבער איז נויטיק עגיפּטן אַליין: זיין וואַסער לאָזט זיך נישט אָפּפירן אָן אַ זייט. ווען די אונטערהאַנדלונגען אין עגיפּטן האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט, האָט די ענגלישע רעגירונג אויסגעדריקט איר גרייטקייט אָפּצוטרעטן פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע אַן אַנדערע טעריטאָריע אין איינעם פון אירע אַפּריקאַנער הערשאַפטס-לענדער. — ווער ווייס, מיט וואָס דער פּרוב צו קאָלאָניזירן דעם מדבּרדיקן על-אַריש וואָלט זיך געענדיקט, ווען עס זאָל שוין קומען צו אַ הסכם פון די צדדים, אָבער די אידעע גופא איז היסטאָריש געווען גראַנדיעז. באַזעצן כאָטש אַ קליינעם טייל אוראייניקלעך פון אַלטן ישראל אין יענע ערטער, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער וועלט-לעגענדע פון סיני, צווישן לאַנד פון די פּרעהס און הייליקע אבות, אויפן גרענעץ פון אַפריקע און אַזיע, — דאָס וואָלט דאָך געווען אַ געשעעניש פון גרויסן היסטאָרישן באַטייט, א חוץ דעם וואָלט דאָס פאַרלייכטערט די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע גופא.

די אונטערהאַנדלונגען וועגן אומקערן יידן אין לאַנד פון לעגענדאַרישן הייליקן באַרג, וואָס פון א״ם האָט מיט דורות צוריק געדונערט דאָס געבאָט: לא תרצח, האָבן זיך פאַרענדיקט יענעם אומגליקלעכן פרילינג 1903, ווען אין לאַנד פון די רוסלענדער פּרעהס האָט מען פון אויבן געגעבן אַ

סיגנאַל עובר צו זיין דעם זעלבן געבאָט. פֿון דער קישענעווער באַרטאָלאָמעוס-נאַכט איז אויפגעציטערט געוואָרן די גאַנצע וועלט. אויך אויף דער שטימונג פֿון די מערב-טוער אין ציוניזם האָט עס געמוזט ווירקן. דער געדאַנק וועגן אַ יציאת־מצרים פֿון רוסלאַנד — האָט זיך געשטעלט אויפֿן סדר היום. אויב מ׳קאָן נישט פֿירן די, וואָס זענען פֿאַרקנעכטעט און ווערן פֿאַרטיליקט, גלייך אין הייליקן לאַנד, — איז אפשר זאָל מען זיי צייטווייליק אַרויספֿירן וואוהין נישט איז, אפילו אין דער מדבר? הערצל האָט דערפֿילט אַ גרויס באַדערפֿעניש אַריינצוקוקן אינגם הויז פֿון קנעכטשאַפֿט — קומען אין רוסלאַנד און איבערצייגן די פּרעהס, אַז זיי לוינט מיטצוהעלפֿן די יידן אַרויסצוציען פֿון לאַנד לויטן פּלאַן פֿון די ציוניסטן. אָפֿיציעל האָט עס געהייסן, אַז דער ציל פֿון זיין קומען איז צו בעטן, מ׳זאָל אַראָפּנעמען די רעפּרעסיעס קעגן דער ציוניסטישער פּאַרטיי, וואָס מיניסטער פּלעווע האָט דאַמאָלסט איינגעפֿירט; אָבער אין זינען האָט מען געהאַט עפּעס גרעסערס: באַוועגן די רוסישע רעגירונג, זי זאָל אויפֿן דיפּלאָמאַטישן וועג העלפֿן די ציוניסטן ביי זייערע אונטערהאַנדלונגען מיט דער טערקישער רעגירונג. אָנהויב אויגוסט איז הערצל געקומען קיין פּעטערבורג, אין דער באַגלייטונג פֿון אייניקע רוסישע ציוניסטישע טוער; ער האָט געהאַט אַ רייע לענגערע געשפּרעכן מיט פּלעווע. אים האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן דעם חשד-פֿולן מיניסטער־זשאַנדאַרם, אַז „העלפֿן דער ציוניסטישער באַוועגונג פֿאַלט צונויף מיט די אינטערעסן פֿון דער רוסישער רעגירונג“ (די ווערטער פֿון אָפֿיציעלן ביאָגראַף און פֿריינט הערצלס). פּלעווע האָט געענטפֿערט, אַז די רוסישע רעגירונג איז גרייט צו העלפֿן דעם ציוניזם, אויף וויפֿל ער שטרעבט צו באַשאַפֿן אַ יידישן צענטער אין פּאַלעסטינע און צו פֿאַרשטאַרקן די יידישע מאַסן-עמיגראַציע פֿון רוסלאַנד; אויב אָבער די באַוועגונג וועט זיך ווענדן נאָך אינעווייניק, זי וועט ווערן אַ יידישע נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדע אין רוסלאַנד גופא, דאַמאָלט וועט מען זי שטרענג פֿאַרפֿאָלגן, ווייל דאָס איז אין סתירה צו דער נאַציאָנאַל-רוסישער פּאָליטיק. דער ציוניסטישער פֿירער האָט פֿאַרזיכערט פּלעווען, אַז ריינער פּאָליטישער ציוניזם האָט אין זינען נאָר דאָס באַשאַפֿן אַ צענטער אויסערן גלות. מיטן רעזולטאַט פֿון געשפּרעך זענען אַ פּנים געבליבן צופֿרידן ביידע מענער, וואָס האָבן אים געפֿירט. הערצל איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון פּעטערבורג עפּעס מיט האָפֿנונגען. שטורמישע אָוואַציעס פֿון ציוניסטן האָבן הערצלען באַגלייט אויפֿן וועג (באַזונדער אין ווילנע), אָבער אַ סך געזעלשאַפֿטלעכע טוער האָבן הערצלען שטרענג פֿאַרמשפּט: זיי האָבן געהאַלטן פֿאַר אַ נאַציאָנאַלע דערנידריקונג צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען וועגן וואוילשטאַנד פֿון יידנטום מיט יענעם מאַן, וואָס אויף זיין שטערן האָט געפֿלאַמט דער קין-שטעמפּל פֿון קישענעוו.

אין פּאָליטישן ציוניזם איז געקומען אַ שווערער קריזיס; די האָפֿנונ-

גען צו באַקומען פון סולטאַן א טשאַרטער — זענען געפאַלן, און דאָס האָט טאַקע הערצלען געצוואונגען זיך אָנצוכאַפּן פאַר אַ שטרוי — פאַר די אונטערהאַנדלונגען מיט דער רוסישער רעגירונג. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די פּרעהס, וואָס האָבן דערלאָזט צו פאַרקלענערן די יידישע באַפעלקערונג אין רוסלאַנד מיט די קישעניעווער מעטאָדן, וועלן דאָך מסכּים זיין דאָס זעלבע צו טאָן דורכן העלפן אויפן דיפּלאָמאַטישן וועג די ציוניסטישע פּלענער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אָבער הערצל האָט צופיל אמונה געלייגט אויף די הבטחות פון די רוסישע שרים, וואָס האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַן עדלמוטיקן פאַנטאַזיאָר. פאַרשטייט זיך, אַז פון דער פּעטערבורגער נסיעה איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. צוויי וואָכן נאָך דער נסיעה איז דער קריזיס פון ציוניזם אַרויסגעטראָטן אין אַ שאַרפער פאָרם אויפן זעקסטן קאָנגרעס אין באַזעל (23—26 אויגוסט). הערצל האָט דאָ געמאָלדן וועגן אַ נייעם פּראָיעקט: דער ענגלישער קאָלאָניאַל־מיניסטער טשעמבערלען האָט פאָרגעלייגט אָפּצוטרעטן יידן אַלס טשאַרטער, מיט רעכט פון אינעווייניקסטער אויטאָנאָמיע, א שטיק לאַנד אין ענגלישן טייל מזרח־אַפריקע, אין קאַנט אוגאַנדע, צווישן פּאָרט מאָמבאַס און אָזערע וויקטאָריע. עפנענדיק דעם קאָנגרעס, האָט הערצל מתרה געווען, אַז דאָ רעדט זיך נישט וועגן פאַרטוישן פּאַלעסטינע אויף אַוועלכע ס׳איז אַנדערע טעריטאָריע, נאָר וועגן א הילפס־קאָלאָניזאַציע, וועלכע איז נויטיק כּדי שוין צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די פאַראומגליקטע מאַסן. נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער פאַרענטפערונג, וואָס איז אויסן געווען, עס זאָל נישט קומען צו קיין צו־הייסע ויכּוחים, האָבן זיך דאָך אַזעלכע צעפלאַקערט מיט אַזאַ קראַפט, אַז עס האָט געדראָט, דער קאָנגרעס און די גאַנצע אָרגאַניזאַציע זאָלן נישט אויפגעריסן ווערן פון אינעווייניק. אין דער אָפּאָזיציע זענען געווען בעיקר דעלעגאַטן פון רוסלאַנד; זיי האָבן דערוויזן אַז מיטן פּראָיעקט אוגאַנדע ווערט אויס קאָנסטיטוציע פון ציוניזם, אויס באַזעלער פּראָגראַם, אין וועלכער עס רעדט זיך בלויז וועגן ציוניזם: דער נייער וועג, הייסט עס, איז „ציוניזם אָן ציון", די פירער זענען פאַררעטער פון דער פאָלקס־זאַך, זיי טרעטן אָפּ פון נאַציאָנאַלן געדאַנק. הערצל, נאָרדוי און אַנדערע מערב־פירער האָבן געטענהט, אַז קיין שום פאַרראַט פאַר דער ציוניסטישער שבועה איז דאָ נישטאָ, אַז אוגאַנדע איז נאָר אַ „נאַכט אַזיל" (נאָרדויס אַ וואָרט), אַז דאָס איז אַ „פּאָליטישער וועג" צו ציון און אַז עס איז נישט־באַקוועם אָפּצושטויסן ענגלאַנדס גרויסמוטיקן פאָרשלאַג. נאָך לאַנגע שטורמישע דעבאַטן האָט מען געשטעלט צו אָפּשטימונג די פראַגע וועגן אָננעמען דעם ענגלישן פאָרשלאַג — מיט אַ תּנאי, אַז פאַר אַלץ זאָל מען שיקן קיין אוגאַנדע אַן עקספּעדיציע אויף אויסצופאָרשן דאָס לאַנד. געשטימט האָט מען נאָמענטלעך, און יעדער דעלעגאַט האָט געדאַרפט ענטפערן: יאָ אָדער ניין. פון 500 דעלעגאַטן האָבן נאָר 185

געענטפערט: ניין. דער סוף פון דער אָפּשטימונג האָט געמאַכט אויף דער אָפּאָזיציע א אויפטרייסלנדיקן איינדרוק. אלע דעלעגאטן פון דער גרופּע ניין־זאָגער האָבן דעמאָנסטראטיוו פאַרלאָזן דעם זיצונגס־זאַל און געזעסן אין א שכנותדיקן זאַל דערשיטערטע, און „געוויינט איבער ציון": זיי האָט זיך געדוכט, אַז פאַלעסטינער אידעאַל איז שוין באַגראָבן און די באַזעלער פּראָגראַם איז אָפּגעשאַפן. צווישן די אויפגערעגטע רוסישע דעלעגאטן האָט זיך געהערט אַ שטאַרקער געוויין. טיף־רירנדיקעס איז געווען אין דער דאָזיקער אויפרעגונג פון מענטשן, וואָס זענען אָקאָרשט געקומען פונם לאַנד מיט בלוטיקע פּאָגראָמען — און פאַרגיסן איצט טרערן איבער די חורבות פון א ווייטן ציון־אידעאַל אין א מאָמענט, ווען מען לייגט זיי פאָר אַ רואיק ווינקל אונטערן שוץ פון אַלמעכטיקן ענגלאנד. די דאָזיקע אידעאַליסטן זענען גרייט געווען לאַנגע יאָרן נאָך צו ליידן אין רוסישן גיהנום, אבי נאָר זיך צו דערשלאָגן נאַציאָנאַלע אויפלעבונג אין אייגענעם לאַנד, וואו עס זאָל באַזייטיקט ווערן נישט נאָר דער מאַטעריעלער, נאָר אויך דער גייסטיקער עלנד פון יידנטום. די מערב־ציוניסטן האָבן נישט פארשטאַנען און נישט אָפּגעשאַצט דעם אידעאַליזם פון די דאָזיקע „גאָטס־שטאָט־זוכער". עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז נישט צו פאַרמיידן אַ שפּאַלטונג אין דער ציוניסטישער פּאַרטיי. אָבער הערצלען האָט זיך אויף אַ צייט איינגעגעבן אָפּצוקערן די געפאַר. מיט פּאַטאָס האָט ער גערעדט פון טריבונע אין זיין שלוסוואָרט: „איך מעלדע פון דעם אָרט, אז איך בין ערב פּערזענלעך, אַז גאָרנישט וועט נישט געענדערט ווערן אין באַזעלער פּראָגראַם, וואָס איך אליין האָב זי געהאָלפן צו באַשאַפן. אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיר מיין רעכטע האַנט אָפּדאַרן!"

די שבועה פון פירער האָט אַביסל באַרואיקט די פאַרצווייפעלטע פּאַלעסטיניסטן, אָבער נאָכן פאַנאַנדערפאָרן־זיך פון קאָנגרעס האָבן זיי באַשלאָסן אָרגאַניזירן זייערע כוחות, כדי זיך אנטקעגנצושטעלן דעם אוגאַנדע־פּראָיעקט. זייער אָרגאַניזאטאָר איז געווען דער ענערגישער טוער פון רוסישע „חובבי ציון" און מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — מ. אוסישקין. ער האָט זיך נאָרוואָס אומגעקערט פון אַ רייזע אין פאַלעסטינע, וואו עס איז פאָרגעקומען א קליינער אנטיקאָנגרעס קעגן דעם באַשלוס פון לעצטן באַזעלער קאָנגרעס. אין זיין אויפרוף צו די פאַרטייגלידער האָט אוסישקין פאָרגעוואָרפן די מערב־פירער, אַז „פּאָליטיקמאַכעריי און דיפּלאָמאַטיע האָט זיי פאַרבלענדעט". צוזאמען מיט אנדערע אָפּאָזיציאָנעלע גלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט ער אין כאַרקאָוו געמאכט א באַראַטונג, וואָס האָט הערצלען אָפּגעשיקט אַן אולטימאַטום: זיך אָפּזאָגן פון אַפריקאַנער פּראָיעקט נאָך ביזן צונויפרופן דעם ווייטערדיקן קאָנגרעס. דאָס האָט שוין געהייסן זיך פארמעסטן אויף דער סוווערעניטעט פון קאָנ־

גרעס, זיין באַשלוס איז דאָך געווען א חוב-זאַך פאַרן קאָמיטעט, וואָס איז דורך אים אויסגעקליבן. צווישן הערצלס אנהענגער האָט דאָס אַרויסגערופן אַן אויפרייצונג, דעם פירער אליין האָט עס טיף באַליידיקט. כּדי צו באַווייזן מיט מעשים זיין געטריישאפט צום ציון-אידעאַל, האָט הערצל באַנייט זיינע דיפּלאָמאַטישע פּראָבעס אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל: ער האָט גערעכנט, אז ווען דער סולטאַן וועט זיך דערוויסן וועגן ענגלאַנדס גרייטקייט צו געבן ציוניסטן אַ טשאַרטער, וועט ער ווערן באַכגיביקער. אָנפאַנג 1904 איז הערצל געפאָרן קיין רוים, האָט זיך דאָרט פאָרגעשטעלט דעם איטאַליענישן קעניג וויקטאָר-עמנואל און זיך פאַרזיכערט מיט זיין מיטגעפיל צו ציוניזם; ער האָט געהאַט געשפּרעכן מיט קאַרדינאַלן און אליין מיטן פּויפּסט פּיוס X, וועלכע ער האָט פאַרזיכערט, אז ציוניסטן האָבן נישט בדעה צו פאַרכאַפּן די הייליקע ערטער אין ארץ-ישראל.

אין פיבער האָט הערצל זיך געוואָרפן אויף אלע זייטן — אום צו ראַטעווען זיין אידעאַל, אָבער ער האָט שוין געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות. די אומאויפהערלעכע אַרבעט און אויפרעגונגען במשך אַזויפיל יאָרן האָבן אונטערגעגראָבן זיין געזונט: ער האָט באַקומען שטארקע אָנפאַלן פון אַ האַרץ-קרענק. די פארביטערונג, וואָס ער האָט איבערגעלעבט זינט דעם לעצטן קאָנגרעס, האָט נאָך פאַרערגערט זיין צושטאַנד. אויפן ווינער צונויפפאָר פון די צענטראַלקאָמיטעט-מיטגלידער (אַפּריל 1904) איז אפילו געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער אָפּאָזיציע און דעם פאַרטיי-פירער, אָבער די פּסיכישע רפואות האָבן שוין זיין קראַנק האַרץ נישט געהאָלפן. די קרענק האָט זיך מיט יעדן טאָג געשטארקט, און די דאָקטוירים האָבן דעם קראַנקן אַוועקגעשיקט אין קוראָרט עדלאַך, נישט ווייט פון ווין. דעם 3-טן יולי (כ׳ תמוז) 1904 איז דאָ הערצל געשטאָרבן אַרומגערינגלט מיט משפחה און פריינט, און אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אים מקבר געווען אויפן יידישן הייליק-אָרט אין ווין. 44 יאָר האָט ער געלעבט, און פון זיי די לעצטע צען יאָר אינגאַנצן אָפּגעגעבן אויף צו דינען זיין פאָלק. די דאָזיקע יאָרן „האָט ער נישט געלעבט, נאָר געברענט" — און ער איז פארברענט געוואָרן. אַ צווייטער אַזאַ אין 16־טן יאָרהונדערט, שלמה מולכו, איז פאַרברענט געוואָרן אויפן אינקוויזיציע-פייער; טעאָדאָר הערצל איז פאַרברענט געוואָרן אויפן מזבח, וואָס ער אַליין האָט פאַר זיך אויפגעשטעלט; די משא פון משיח-העלדנטום, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען, האָט אים אונטער זיך דערדריקט. מיט אים איז אַוועק אַראָפּ פון סצענע דער העראָאישער ציוניזם, וואָס פאַרבלייבט אַ שיין בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן משיחיזם.

## § 33. גייסטיקער ציוניזם

דער פּאָליטישער ציוניזם האָט נישט געגעבן קיין תשובה אויף דער גרויסער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם אין איר גאַנצער היסטאָרישער קאָמפּליצירטקייט. לויט אָפּשטאַם איז ער געווען אַ פּראָדוקט פון רעאַקציע קעגן אַנטיסעמיטיזם, ער האָט געשטרעבט איינצושטילן דעם ווייטאָג פונם באַליידיקטן יידישן הארץ. אָבער ער האָט געהאַט אַלע חסרונות פון אַ דאָקטרין — אין תוך גענומען אַ משיחישער, — וואָס איז אויסגערעכנט אויף סוּביעקטיווע כוחות פון גלויבן און ווילן. „אויב איר וועט וועלן, וועט דאָס נישט פאַרבלייבן קיין מעשהלע" — האָט געזאָגט דער נביא פון פּאָליטישן ציוניזם: ער האָט געגלויבט, אַז ביי אַן אויסערגעוויינלעכער אָנשטרענגונג פון פאָלקס ווילן קאָן מען דאָס מעשהלע וועגן א יידישער מלוכה — פאַרוואַנדלען איןווירקלעכקייט. וואָס וועט זיין מיט יידנטום, אויב די קראַפט פון פאָלקס גלויבן און ווילן — וועלן נישט בייקומען די באַדינגונגען, וואָס ליגן אויסער אונז, אין דעם פרעמדן ווילן, — אַט אויף דער פראגע האָט דער פּאָליטישער ציוניזם געהאַט אַזאַ ענטפער: אָן ציון וועט דאָס יידנטום אונטער גיין. אָבער מיט אַזאַ אורטייל האָט דעם פאָלקסבאַוואוסטזיין נישט געקאָנט שלום שליסן. מענטשן, וואָס האָבן טיפער פאַרשטאַנען דעם היסטאָרישן פּראָצעס פון פאָלקס-אַנטוויקלונג, האָבן נישט געקאָנט מסכים זיין מיט אַזאַ נאַציאָנאַליזם בתנאי: אין אויטאָנאָמער פּאַלעסטינע וועט איר זיין אַ נאַציע, אָבער אויסער איר — זענט איר פאַרמשפּט אינגאַנצן זיך צו צעשמעלצן צווישן אַנדערע פעלקער. אַזאַ פּסק-דין איז געווען אין סתירה מיט דער צוויייטויזנטיאָריקער דערפאַרונג פון היסטאָרישן לעבן. אַ מער פולשטענדיקע לייזונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם האָט געקאָנט קומען נישט אַלס פּועל-יוצא פון אַ אויסערלעכער רעאַקציע קעגן יידנפיינטשאַפט, נאָר פ נם אָנערקענען די היסטאָרישע עוואָלוציע אין גלות און צופּאַסן צו איר די נייע נאַציאָנאַלע באַוועגונג. אין דעם פּרט איז דער ערשטער קאָרעקטיוו צום פּאָליטישן ציוניזם געווען דער גייסטיקער אָדער קולטור-ציוניזם פונם פריער דערמאָנטן אָריגינעלן שרייבער אחד-העם (אשר גינצבורג).

דער דאָזיקער פּובליציסט-פילאָזאָף האָט אָנגעפאַנגען זיין טעטיקייט אין פּעריאָד צווישן אויפקומען פון חובבי-ציון און פּאָליטישן ציוניזם. געקומען פון צווישן אוקראַאינער חסידישער אַריסטאָקראַטיע (געבוירן אין שטאָט סקוויר, קיעווער גוב., דאָס יאָר 1856) און אַליין דורכגעגאַנגען אַלע פאַזן פון יידישן היסטאָרישן געדאַנק, האָט אשר גינצבורג פאַרשטאַנען ווי צו פאַראייניקן דעם יודאַאיזם-וועלטקוק מיט דער סיסטעם איראָפּעאיש-וויסנשאַפטלעכן עוואָלוציאָניזם, וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן. אין די 80-ער יאָרן האָט ער זיך באַזעצט אין אָדעס און זיך נאָענט צונויפגעגאַנגען מיט

די ערשטע אידעאָלאָגן פון חבת-ציון פינסקער און ליליענבלום. זייער דאָקטרינע איז אים באַשערט געווען שטאַרק צו פאַרטיפערן. אין 1889, אין מאָמענט, ווען פאַלעסטינער אידעע איז געגאַנגען באַרג-אַראָפּ, ווען די באַשיידענע קאָלאָניזאַציע-פּרובן האָבן נישט באַרעכטיקט די האָפענונגען פון חובבי-ציון, איז אחד-העם אַרויס מיט אַן אַרטיקל (אין צייטונג „המליץ"), וואו ער האָט דערוויזן, אַז די חבת-ציון איז ביזאַהער געגאַנגען „נישט מיט דעם וועג" (דאָס אַרטיקל האָט טאַקע אַזוי געהייסן: „לא זו הדרך"), מיט וועלכן מ'האָט געדאַרפט גיין. עס איז נישט גענוג אַרויסצולאָזן אַ רוף — באַזעצן דאָס אייגן לאַנד און וואַרטן, די רעטונג זאָל קומען פון באַזונדערע פּריוואַטליקע גרופּעס קאָלאָניזאַציע אָדער פון אירע פילאַנטראָפּישע שיצער; מ'דאַרף עס פאַרוואַנדלען אין אַ לעבעדיק שטרעבן פון גאַנצן פאָלק, אויפוועקן אין אים דעם ווילן צו ווידעראויפלעבונג בכלל. זאָל זיין, דער אידעאַל איז נישט צום דערגרייכן אין פולער מאָס, אָבער דאָס שטרעבן אַליין צו אים וועט ווערן אַ גרויסער פאַקטאָר פון נאַציאָנאַליזירן די מאַסן. איידער מ'נעמט זיך גרייטן דאָס לאַנד פאַרן פאָלק, דאַרף מען גרייטן דאָס פאָלק פאַרן לאַנד, מאַכן אים פעאיק — נאָך פיל דורות גלות — צו לעבן, כאָטש טיילווייז, אומאָפּהענגיק אויף אייגן לאַנד. פאַר זיך דאַרף מען אַנטוויקלען דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין דורך פאַלעסטינער אידעאַל, — אַזאַ געדאַנק איז טאַקע געלעגן אין גרונט פונם קרייז „בני משה", וואָס האָט זיך געבילדעט אין אָדעס אונטער דער אָנפירונג פון אחד-העם. דער דאָזיקער קרייז האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אין אַ מין קליינע מאַסאָנען-ליגע, ער האָט געהאַט „לאָזשעס" אין אייניקע שטעט אין רוסלאַנד און פאַלעסטינע און עקזיסטירט עטלעכע יאָר (1889—1897). דער עיקר האָט דער קרייז געפירט קולטור-אַרבעט אין די ארץ-ישראל-קאָלאָניעס. אין פּראָגראַם פון דער ליגע איז געשטאַנען: „די געשיכטע פון יידן אין גלות, איבערהויפּט דאָס לעצטע יאָרהונדערט, האָט באַוויזן, אַז מיר קאָנען נישט לעבן צווישן פרעמדע פעלקער גלייכצייטיק ווי מענטשן און ווי גלידער פון אַ באַזונדערער נאַציע, באַטייליקן זיך אין אַלע געביטן פון בירגערלעכן לעבן און פאַרבלייבן אַ פאָלק מיט אַן אייגענעם שטייגער אין אָנשויאונגען און מנהגים. ווי איז אונז סיי אין שלעכטע, סיי אין גוטע צייטן! צרות פאַרדאַרבן אונזער מענטשלעכן כאַראַקטער, וואוילשטאַנד — דעם נאַציאָנאַלן גייסט; די ערשטע רופן אַרויס ביי אַנדערע פאַראַכטונג צו אונז, און דער צווייטער — רופט אַרויס ביי אונז אַליין פאַראַכטונג צו דער אייגענער נאַציע. מיר האָבן פאַר זיך דעם וועג פון לעבן און טויט. אום צו לעבן, דאַרפן מיר זיך בויען אַ באַזונדער וואוינונג אין אַ זיכער אָרט — אין אַן אייגן לאַנד. אָבער פאַר אַלץ דאַרף אונזער ליגע איינעמען די מענטשנס הערצער דורך מאָראַלישן איינפלוס: זי דאַרף פאַרברייטערן דעם באַגריף

נאַציאָנאַליטעט און אים פאַרוואַנדלען אין אַ דערהויבענעם מאָראַלישן אידעאַל".

די ליגע „בני משה", וואָס איז געווען באַרופן צוצוגרייטן דעם דור המדבר אויף אריינצוקומען אין פארשפּראָכן לאַנד, האָט אַרויסגעוויזן אַ שוואַכע אַרבייט, אָבער איר גרינדער האָט געאַרבייט אָן אויפהער, ער האָט אַלץ מער פאַרפולקאָמט זיין נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, און ער איז געוואָרן דער מנהיג הדור פאַר פילע פון זיין צייט. נאָכן באַנקראָט פון דער פּאַני־שער קאָלאָניזאַציע דאָס יאָר 1891 (§ 28) איז אחד־העמס ווירקונג פאַרשטאַרקט געוואָרן: מיט זיין „אמת פון ארץ ישראל" האָט ער דער געזעלשאַפט די אויגן געעפנט, אַז אינדיווידועלע קאָלאָניזאַציע האָט קיין צוועק נישט, זי קאָן נאָר שאַדן ברענגען דעם נאַציאָנאַלן אידעאַל. אחד־העמס עיקר־גלויבן ווערט: נאַציאָנאַליזירן דעם דור נישט אַזוי אין ציון, ווי דורך ציון. אין אַ רייע אַרטיקלען, וואָס זענען געווען קלאָר דורכגעטראַכט און אָנגעשריבן מיט אַ פיינעם העברעאישן סטיל, האָט ער אַנטוויקלט זיין קוק אויף דער פּראָבלעם פון יידנטום. „דער וועג פון גייסט" — איז געווען דאָס אַלגעמיינע קעפּל פון דער סעריע אַרטיקלען, און דאָס האָט כאַראַקטעריזירט דעם מחברס ריכטונג. אין אַן אַרטיקל וועגן פינסקערן בינדט ער צונויף זיין דאָקטרינע מיט דער אידעע פון „אויטאָעמאַנסיפּאַציע" אויף אַזאַ אופן: פינסקער האָט לכתחילה גערופן צו באַשאַפן אַ „זיכערער היים" פאַרן יידנטום אויף אַ וועלכער ס'זאָל נישט זיין פרייער טעריטאָריע, דערנאָך איז ער צוגעצויגן געוואָרן צו דעם ענין — פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע און צום סוף פון זיין לעבן האָט ער זיך איבערגעצייגט, אַז אויך מיט אַזאַ וועג איז נישט צו דערגרייכן קיבוץ גליות און נישט־לאַנג פאַרן טויט איז ער געקומען צום געדאַנק, אַז אין פּאַלעסטינע לאָזט זיך באַשאַפן נאָר אַ קליינעם קולטור־צענטער פאַר דער נאַציע. דעם דאָזיקן מטושטשדיקן געדאַנק פינסקערס האָט אחד־העם דערפירט צו אַ קלאָרער פאָרמול: „דער נאַציאָנאַלער צענטער דאַרף זיין אַ זיכערע היים נישט פאַר יידן, נאָר פאַר יידישקייט, פאַר אונזער נאַציאָנאַלן גייסט. אויף וויפיל אינם באַשאַפן אַזאַ צענטער וועלן עמען אָנטייל פאַרשטייער פון פאַרשידענע גלות־לענדער, וועט די געמיינקאַמע אַרבייט דערנענטערן מענטשן, וואָס זענען לויט אָרט און קוק ווייט זיינער פון צווייטן. די ווירקונג פון אַזאַ צענטער אויף אַלע פונקטן פון אַרייז וועט באַנייען דעם נאַציאָנאַלן גייסט און אין די הערצער פאַרשטאַרקן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל". אַלץ ווערט דערפירט צו דעם, אַז מען דאַרף „איבעררוקן דעם צענטער" אָדער באַשאַפן אַ צוציאונגס־פונקט, וואָס אַהין זאָלן לויפן אַלע צום־צענטער־שטרעבענדיקע כחות פון דער נאַציע.

די דאָזיקע טעזן האָבן באַקומען אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישע באַגרינדונג אין אחד־העמס סעריע „פראַגמענטן" (פרורים). אייגנטלעך גיט ער דאָ אַ נייע עוואָלוציע־טעאָריע פון יידישן משיחיזם. דער גאָר אַמאָליקער פּאָליטי־

שער משיחיזם איז אין מיטלאלטער פארוואנדלט געווארן אין א מיסטישן און געווארן א טויטע דאגמע פון פאסיווער ווארטעניש; הערצל האט געוואלט אין א מאדערניזירטער פארם מחיה־מתים־זיין דעם פאליטישן משיחיזם, גע־לייגט האפנונגען אויף א פלוצלומדיקן דיפלאמאטישן אקט, וואס וועט מאכן די רעוואלוציע אין יידישן לעבן; אחד־העם מאדערניזירט דעם משיחיזם אויף זיין שטייגער און רוקט ארויס א פאמעלעכדיקע אינעווייניקסטע עוואלוציע אנשטאט אויסנווייניקסטער רעוואלוציע. ביים פראגנאז פון צוקונפטיקן גורל פון יידנטום פארנעמט דער וויסנשאפטלעכער מעטאד דאס ארט פון מיסטיק און אוטאפיע. אבער די קראפט פון אחד־העמס דאקטרינע שטעקט נישט אזוי אין איר פראגנאז, ווי אין דעם דיאגנאז איבער דער קרענק פון דער צייט,— א מער טיפערער דיאגנאז, איידער דער, וואס מאקס נארדוי האט געמאכט אין זיינע עפעקטפולע קאנגרעס־רעדעס. ריכטיק האט אחד־העם געשילדערט די אסימילאציע־פסיכאלאגיע אין זיין ארטיקל „קנעכטשאפט אין פרייהייט".
די עמאנסיפירטע מערב־יידן, וואס האלטן זיך פאר פרייע בירגער, זענען באמת קנעכט אין אטמאספער פון בירגערלעכער פרייהייט: אינם פראצעס אסימילאציע גיבן זיי אוועק די פעלקער־בעלי־בתים זייער פערזענלעכקייט, זייער פאלקס־אינדיווידואליטעט. זיי פארלייקענען זייער נאציאנאליטעט און צוזאמענבונד מיט ציון: זיי האבן מורא, מ'וועט זיי חושד זיין, אז עס פעלט זיי בירגערלעכער געפיל אדער ארטיקער פאטריאטיזם. די אסימילא־טארס ווארפן אפ דעם געדאנק וועגן נאציאנאלן רענעסאנס און טראגן זיך ארום מיט א טעאריע וועגן אויפלעבן דעם כלל מענטשן דורכן יידנטום: יידן דארפן פארבלייבן צעשפרייט צווישן פעלקער פון דער וועלט, כדי מקיים צו זיין זייער מיסיע — פארשפרייטן איבער דער וועלט ריינעם מאנאטעאיזם. די דאזיקע טעאריע וועגן א מיסיע איז, נאך אחד־העמס מיינונג־א פארם פון גייסטיקער קנעכטשאפט: זי איז אומישנע צוגעטראכט אויף צו בא־רעכטיקן די אומנארמאלע לאגע פון א גאנצער נאציע — א געווער צו פאר־פאלקאמען אנדערע פע׳קער. (אין דער אמתן האט מען דא געקאנט מאכן אן אנדער אויספיר: אז די מיסיע־טעאריע איז א שלעכטער סוראגאט פון יידישן נאציאנאלן געדאנק, צוגעפאסט צו דער דאגמע פון 19־טן יארהונדערטס, וואס האלט יידן נישט פאר קיין נאציע, נאר פאר א רעליגיעזע גרופע). אגב, אחד־העם זעט די געפאר פארן יידנטום נישט אזוי אין אסימילאציע, ווי אין דעם פראצעס פון פאלקסצעשטויבונג אויף באזונדערע גרופעס מיט אן ארי־טיקן קאלאריט אין יעדן לאנד; דאס ברענגט דאס פאלק צום גאר אמאליקן צושטאנד פון יידישע שבטים, וואס זענען נישט פאראייניקט דורך איין געמיינזאמען צענטר. אזא פאראייניקנדיקער רעטונגס־צענטער דארף איצט ווערן דאס באנייטע ארץ־ישראל, וואס האט שוין אמאל ארויסגעוויזן זיין קראפט ביים צענויפנעמען די צעשפרייטע פאלקסטיילן.

אין דער זעלבער מאָס, ווי עס איז געוואַקסן די באַוועגונג פון פּאָליטישן ציוניזם, איז אויך אַלץ קלאָרער געוואָרן דער פּרצוף פון גייסטיקן ציוניזם. דער באַטייט פון אחד־העמס פּסעוודאָנים איז: „איינער פון פאָלק"; דער קוק פון אַזאַ איינעם איז אָבער געלעגן מיט די וואָרצלען אין די טיפענישן פון פילדורותדיקן נאַציאָנאַלן געדאַנק, — און דאָס האָט נישט געקאָנט שטימען מיט הערצלס קוק, וואָס איז געקומען צום פאָלק פון אַ פרעמדער סביבה. בשעת ער האָט זיך פּערזענלעך צוגעקוקט צום ערשטן באַזעלער קאָנגרעס — האָט אחד־העם געהאַט דעם זעלבן דערדריקנדיקן איינדרוק, וואָס מיט עטלעכע יאָר פאַר דעם בעתן קאָלאָניזיר־פיבער אין ארץ ישראל, מיטן קאַטאַסטראָפאַלן סוף. אין דער מערב־באַוועגונג האָט ער געזען: מען איז פאַרכּישופט מיט דיפּלאָמאַטיע, מען דערוועקט האָפנונגען, וואָס קאָנען נישט מקוים ווערן — און דאָס מוז ברענגען צו אַנטוישונג. אינם פריידיקן הלל־געזאַנג לכבוד דעם ווינער משיח האָט זיך ווי אַ שאַרפער דיסאָנאַנס אַריינגעריסן אחד־העמס וואָרנדיקע שטים: „די רעטונג פון יידנטום וועט קומען דורך נביאים, נישט דורך דיפּלאָמאַטן". „ביטער איז דער אמת, — שרייבט ער באַלד נאָכן ערשטן קאָנגרעס, — אָבער אַלץ בעסער, ווי לייכטגלויבן. מיר מוזן זיך מודה זיין, אַז צענויפזאַמלען דאָס צעשפּרייטע פאָלק אויף איין פּונקט — איז אַן איבערנאַטירלעכע זאַך. אויפן נאַטירלעכן וועג וועלן מיר אפשר קומען אַמאָל צום גרינדן אַ יידישע מלוכה; מעגלעך, אַז יידן וועלן זיך מיט דער צייט פאַרמערן אין ארץ־ישראל און זי פאַרפולן, אָבער אפילו דעמאָלסט וועט דאָך אַלץ די מערהייט נאַציע פאַרבלייבן אין גלות, צעשטויבט איבער פרעמדע לענדער. צענויפקלייבן די פאַרוואָרפענע ברידער פון אַלע פיר עקן וועלט — דאָס קען צוזאָגן נאָר די רעליגיע, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף נסים אין דער באַפרייאונג. אויב אָבער אַזוי, אויב יידישע מלוכה און אויס גלות איז נישט איינס און דאָס זעלבע, אויב די גאַנצע זאַך באַשטייט נאָר אין איינאָרדנען אַ קליינעם טייל פאָלק אין ארץ־ישראל, איז מיט וואָס פאַר אַן אופן וועט דאָס דער ציוניזם באַזייטיקן דעם מאַטעריעלן אומגליק פון יידנטום?" וואָס איז שייך דעם מאָראַלישן אומגליק, וואָס וועגן אים האָט נאָרדוי גערעדט אויפן קאָנגרעס, ווערט ער פאַרשיידן באַנומען אין מערב־אייראָפּע און אין מזרח. אין מערב־אייראָפּע איז עס — דער אומגליק פון די אַסימילירטע, וואָס דער אויפקום פון אַנטיסעמיטיזם האָט זיי שטאַרק פאַרוואונדערט און באַליידיקט זייערע לײַדן, מחמת זייער ליבע ווערט אָפּגעשטויסן; אויף מזרח אָבער הויבט מען אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָס אומגליק פון יידנטום שטעקט אַ סך טיפער — אין דעם, וואָס מ'איז געצוואונגען אונטערצוואַרפן די אייגענע נאַציאָנאַלע קולטור אונטער צענדליקער פרעמדע קולטורן, לויט דער צאָל ג׳ות־לענדער און דאָס פאָלק פאַרלירט דעריבער זיין אייגענעם פרצוף און ווערט אַ פּול.

פנימדיקער. אין מערב ווייס מען דאָס אומגליק פון  י י ד ן  (צרת היהודים),
און מען וויל זיך פון אים ראַטעווען אין א יידישער מלוכה; אין מזרח
אנערקענט מען דאָס אומגליק פון  י י ד י ש ק י י ט  (צרת היהדות), און פון
אים וויל מען זיך באַפרייען אויפן וועג פון באַשאַפן אַ גייסטיקן קולטור-
צענטער אין ארץ־ישראל, — זאָל זיין פאַר אַ קליינעם טייל פאָלק אַפילו, —
נישט אויפגעבנדיק די האָפנונג אין ווייטער צוקונפט צו דערלאַנגען פּאָלי-
טישע אומאָפּהענגיקייט. „נישט וויניקער ווי די פּאָליטישע ציוניסטן האלטן
חובבי-ציון טייער דעם אידעאַל פון א יידישער מלוכה און גלויבן אין דער
מעגלעכקייט אַזעלכע צו פאַרווירקלעכן אין דער צוקונפט; נאָר ציוניזם
זוכט אין דעם א ליזונג פון אַלע צרות, זוכט רו און פּאָליטישע ערע, ווען
חבת-ציון זעט אין דעם בלויז אַ זיכערע היים פאַר יידישקייט, אַ קולטור-
קנופּ אויף צו פאַרשטאַרקן די איינהייט פון פאָלק. ציוניזם הויבט דערפאַר
אָן זיין אַרבעט פון פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע, און חבת-ציון — פון נאַציאָ-
נאַלער קולטור, דורך וועלכער און צוליב וועלכער עס קאָן זיך מיט דער
צייט באַשאַפן אַ מלוכה, וואָס איז אין הסכם מיטן פאָלקסגייסט".

אין אַזאַ ריכטונג האָט אחד-העם רעאַגירט אין זיין חודש־שריפט „השלוח"
(בערלין-אָדעס, 1896—1903) אויף אַלע באַשלוסן פון ציוניסטישע קאָנגרעסן
און אויף די מעשים פון ווינער צענטראל-קאָמיטעט. אויף הערצלס אוטאָ־
פּיע אין „אלטניילאנד" האָט ער געענטפערט מיטן אויבנדערמאָנטן קריטישן
אַרטיקל, וואו ער האָט באַוויזן, אַז אין דעם אידעאַלבילד פון הערצלס יידי-
שער מלוכה איז נישטאָ גאָרנישט יידישעס. געשריבן מיט פיינער איראָניע,
האָט דער אַרטיקל געטראָפן פּונקט אין ציל. הערצל האָט זיך צוליב אים
געפילט שטאַרק געטראָפן, און זיין פריינט נאָרדוי איז אַרויס קעגן דעם
דרייסטן קריטיקער מיט א נישט־אָנשטענדיקער פּאָלעמיק, אין וועלכער דער
ג ר אין נאַציאָנאַלן געדאַנק האָט געוואָלט מבטל מאַכן דעם דענקער, וואָס
איז אַריינגעדרונגען אין דעמס גאָרע טיפענישן. אַ גרויסער טייל ציוניסטן
אין רוסלאנד איז געווען אונטערן איינפלוס פון „אחד-העמיזם". אויפן צונויפ-
פאָר פון די רוסישע ציוניסטן אין מינסק (אויגוסט 1902) האָט געהאַט גרויס
דערפאָלג אחד־העמס רעפעראט וועגן דער „קולטור־פראַגע" — יענע פראגע,
וואָס האָט נישט איינמאָל ארויסגערופן צוזאמענשטויסן אויף די אַלוועלטלעכע
ציוניסטישע קאָנגרעסן. כּדי צו באַזייטיקן אַלע מאָמענטן פון מיינונגס-פאַר-
שידנהייטן, האָט דער רעפערענט פאָרגעלייגט צו באַשאַפן אַן אַלגעמיין-יידישע
קולטור־אָרגאַניזאציע, וואָס זאָל שטיין אין קאָנטאַקט מיט דער ציוניסטישער
אָרגאַניזאַציע. איר צוועק זאָל זיין — „צוזאַמענעמען אונזער גייסטיקן גלות,
אונזערע שאַפנדיקע כּחות, וואָס זענען צעוואָרפן איבער פרעמדע ליטעראַטורן
און וואָס איבער דעם איז אונזער נאַציאָנאַלע שאַפונג אויסגעטריקנט געוואָרן.
נאַציאָנאַלע דערציונג דורך שול און ליטעראַטור — דאָס דאַרף שטיין אויפן

ערשטן פּלאַן סײַ אין גלות סײַ אין ארץ־ישראל. „מיטן גרינדן אין ארץ־ישראל איין הויך־שול פאַר וויסנשאַפט אָדער קונסט, איין אַקאַדעמיע פאַר שפּראַך־וויסנשאַפט און ליטעראַטור — דערנענטערן מיר זיך צום ציל מער, ווי מיט הונדערט לאַנדווירשאַפט־קאָלאָניעס, וואָרום קאָלאָניעס זענען נאָר שטײנער צום צוקונפטס־בנין, אָבער אַ העכערער צענטער פאַר וויסנשאַפטלעכע כּחות און שעפערישע טאַלאַנטן קאָן באַנײַען דעם גייסט פון גאַנצן פאָלק און באַלעבן אונזער גאַנצן נאַציאָנאַלן פאַרמעגן". אָבער אויך דאָ איז אחד־העם דער שטרענגער מאָניסט אָדער צענטראַליסט: אַזוי ווי פּאַלעסטינע איז פאַר אים דער איינציקער אמת־נאַציאָנאַלער צענטער, אַזוי איז אויך העברעיִש — די איינציקע נאַציאָנאַלע שפּראַך; די יידישע ליטעראַטור אין פרעמדע שפּראַכן און אַפילו אויף די אומגאַנגס־שפּראַכן אָדער „זשאַרגאָנען" פון די פאָלקס־מאַסן — איז נישט קיין אָרגאַנישער טייל פון דער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. דעם דאָזיקן צו שטרענגן ריגאָריזם האָט מען נישט געקאָנט באַרעכטיקן מיט היסטאָרישע פּרעצעדענטן: וואָרים אַפילו דער היסטאָרישער יודאַאיזם האָט זיך דאָך אויך איינגעהאַלטן אין פאַרשידענע אויסערלעכע לבושים, פון די גאָר אַלטע יידיש־גריכישע אַפּאָקריפן און ארמישן תּלמוד — ביז די יידיש־אַראַבישע דענקער פון מיטלאַלטער און „חכמת היהודות" פון דער נייער צייט.

אין אַ צייט, ווען אַלץ איז געווען פאַרכאַפּט פון אַ נייעם משיח־גלויבן, אַזוי ווי אין דער תּקופה שבתי־צבי, האָט זיך געפאָדערט אַזאַ שטים פון אַ ניכטערן דענקער, אַזוי ווי ששפּורטש און עמדין בשעתם, וואָס זאָל מזהיר זיין, וואָס זאָל קעמפן קעגן די נייע אוטאָפּיעס, וועלכע פאַרשלעפערן דאָס פאָלק און גרייטן אים צו אַ שווערן אויפוואַכן. אחד־העם האָט פיל געטאָן כּדי אויסצוניכטערן די מוחות פון אַנדערע אין זיין צייט אין רוסלאַנד, פון יענע, וואָס אונטערן יאָך פון קנעכטשאַפט און רדיפות זענען זיי געווען מער אויפנאַמספעיק צו אַלערליי פּאָליטישע פאַנטאַזיעס. ער האָט פאַר זיי אוועקגעשטעלט דעם זעלבן אידעאַל פּאַלעסטינע־צענטער — אין זיין עוואָלוציע־פאָרם. ער האָט געלערנט, אַז אויפלעבן אַ נאַציע — איז נישט קיין צופעליקער ווילקירלעכער אַקט, נאָר אַ לאַנגדויערנדיקער פּראָצעס, אין וועלכן די צום־צענטער־שטרעבנדיקע כּחות נעמען בהדרגה די אויבערהאַנט איבער די פון־צענטער־לויפנדיקע. ער האָט אויסגעלייטערט און פאַרטיפט דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין, וואָס פלעגט אין פּאָליטישן ציוניזם פאַרטונקלט ווערן אַדאַנק דעם טומל פון קאָנגרעס־דרשות און דיפּלאָמאַטישע קלאַנגען. אָבער ער האָט דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין נאָר אין איין ריכטונג פאַרטיפט, נישט געפּרובט אים פאַרברייטערן ביז יענע וועלט־גרענעצן, וואָס די געשיכטע אַליין האָט איינגעשטעלט פאַר דער נאַציאָנאַלער עוואָלוציע פון יידנטום.

## § 34. גלות-אויטאָנאָמיזם

ציוניזם איז אין ביידע זיינע פאָרמען — פּאָליטישן און גייסטיקן — אַרויסגעגאַנגען פון פּרינציפּ „אָפּצולייקענען דעם גלות״, ד. ה. פון דער איבערצייגונג, אַז דאָס גלות-יידנטום קאָן זיך ווייטער נישט אַנטוויקלען ווי אַ איינהייטלעכע נאַציע, און דערפאַר האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם צענטר פון יידנטום אויסערן גלות, אין פּאַלעסטינע. דער חילוק איז נאָר געווען אַזאַ: פּאָליטישער ציוניזם האָט סתם פאַרמשפּט יידן, וואָס אויסער דער „יידישער מלוכה״, אויף נאַציאָנאַלן טויט דורך אַסימילאַציע, און דער גייסטיקער ציוניזם האָט געמאַכט אָפּהענגיק דעם ווייטערדיקן נאַציאָנאַלן קיום פון גלות פון דעם, אויף וויפל עס וועט אויף אים ווירקן יענע אויסדערוויילטע פאָלקסמינדערהייט, וואָס וועט באַשאַפן אין ארץ-ישראל אַ צענטר פון רייכער נאַציאָנאַלער קולטור, אַ קוואַל פון גייסטיקער שפּייזונג פאַרן גאַנצן צעזייטן פאָלק. אין איינער און אין דער צווייטער פאָרם האָט מען אָפּגעלייקנט די נאַציאָנאַלע לעבנספעאיקייט פון גלות — צי אַבסאָלוט צי רעלאַטיוו. אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זיך באַוויזן אַ דאָקטרינע, וואָס האָט דעם נאַציאָנאַלן צענטר אַריינגעשטעלט אין גלות גופא און אים אָנערקענט פאַר לעבנספעאיק — אויב נאָר עס וועט אָפּגעהיט ווערן דער פּרינציפּ אויטאָנאָמיזם, וואָס האָט משך טויזנטער יאָרן רעגולירט דאָס גאַנצע אינעווייניקסטע לעבן פון צעשפּרייטן יידנטום. די דאָזיקע היסטאָרישע לערע איז אַרויסגעטראָטן אין איין צייט מיטן נייעם ציוניזם, דאָס זעלבע יאָר 1897, ווען דער ערשטער באַזעלער קאָנגרעס האָט געלאָזט הערן זיין פּראָגראַם-אַלטערנאַטיוו: אָדער ציון, אָדער נאַציאָנאַלער טויט.1)

די לערע פון אויטאָנאָמיזם אָדער „גייסטיקן נאַציאָנאַליזם״ איז זיך סומך אויף דער דערפאַרונג פון דער יידישער געשיכטע אין אַלע צייטן, נישט אַזוי ווי דער ציוניזם, וואָס שפּאַרט זיך אָן דער עיקר אויף דער דערפאַרונג פון XIX יאָרהונדערט — דער עפּאָכע פון עמאַנסיפּאַציע און אַסימילאַציע, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם. דער אויטאָנאָמיזם גייט אַרויס פון דעם פאַקט, וואָס מען פאַרגעסט אים אָפּט, אַז גלות איז אַנטשטאַנען אַ סך פריער איידער ס'איז געפאַלן די אַמאָליקע יידישע מלוכה, אַ לאַנגע צייט האָט ער עקזיסטירט צוגלייך מיט איר, און אַזוי אַרום איז ער אַ שטענדיקער פאַקטאָר אין דער יידישער געשיכטע. אַנשטאַנען נאָך

1) די סיסטעם אויטאָנאָמיזם איז בענוי אַנטוויקלט אינם ווערק פונם מחבר פון דעם בוך, אונטערן נאָמען: „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום״. די „בריוו״ האָבן זיך געדרוקט אין זשורנאַל „וואָסכאָד״ פון 1897 ביז 1902, און אין אַ באַזונדערער סיסטעמאַטיש באַאַרבעטער אויפלאַגע זענען זיי אַרויס דאָס יאָר 1907.

אין דער עפּאָכע פון אַשור־בבלס הערשאַפט אין צוזאַמענהאַנג מיטן אונ־
טערגאַנג פון מלכות ישראל און יהודה, האָט זיך דער גלות פאַרשפּרייט
איבער דער גאַנצער דאַמאָלסטיקער ציוויליזירטער וועלט זינט דער העלעניסטי־
שער הערשאַפט אין אַזיע און אַפריקע (IV יאָרהונדערט ביז דער קריסטלי־
כער ערע). דאָס צווייטע יהודה (פון דער תקופה „בית שני”), אונטער דער
גריכיש־רוימישער הערשאַפט און אונטער דער נאַציאָנאַלער דינאַסטיע חשמו־
נאים, איז געווען אַ קליינער אינזל אינם גרויסן וועלט־גלות: צוגלייך מיט
ירושלים זענען געשטאַנען אַזעלכע צענטערן, ווי די ייִדיש־העלעניסטישע
אַלעקסאַנדריע און אַנטיאָכיע. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דער דאַמאָלס־
טיקער גלות האָט זיך געשפּייזט נאָר מיט דער נאַציאָנאַלער ענערגיע, וואָס
האָט געשטאַמט פון יהודה, אָבער מיר זעען דאָך, אז נאָכדעם ווי יהודה איז
פּאָליטיש געפאַלן און זיין גייסטיקע העגעמאָניע האָט זיך איבערגעריסן, האָט
זיך אויפגעשטעלט די העגעמאָניע פון ייִדישן בבל, און אין די שפּעטערדיקע
עפּאָכן איז זי איבערגעגאַנגען צו די צענטערן פון אייראָפּעאישן גלות —
שפּאַניע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, פּוילן. אין די אַלע צענטערן האָט דאָס
ייִדנטום אייגעהאַלטן זיין נאַציאָנאַלן פּרצוף, ווייל אומעטום האָט עס פאַר־
היט זיין אינעווייניקסטע אויטאָנאָמיע, די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון זייגע
קהילות און אומאָפּהענגיקייט פון זייגע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע
אַנשטאַלטן. משך פיל יאָרהונדערטער איז דער גאַנצער ייִדישער לעבנסשטיי־
גער געווען באַפאַרבט מיט רעליגיעזן קאָליר, ווייל אים האָט רעגולירט דער
אויטאָריטעט פון רעליגיע, און די אַלטע אויטאָנאָמיע פון געטאָ איז געווען
קאָנצענטרירט אַרום בית־המדרש,—דאָס האָט טאַקע געגעבן די נייעסטע אידעאָ־
לאָגן פון אַסימילאַציע די געלעגנהייט צו האַלטן ייִדן בלויז פאַר אַ רעליגיעזע גרופּע,
וואָס איז צעשפּרייט צווישן פאַרשיידענע פעלקער. אין דעם איז באַשטאַנען
דער הויפּט־פעלער פון דעם פאַריזער סנהדרונס דעקלאַראַציע (1807), אַז
„דאָס ייִדנטום איז היינט נישט קיין נאַציע”, — אַ פעלער, וואָס איז גע־
וואָרן דער אַני־מאמין פון XIX יאָרהונדערט. די נייעסטע אַנטוויקלונג פון
דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָט באַוויזן, אז ייִדן זענען אַ לעבנספעאיקע
נאַציע, וואָס איז צעשפּרייט איבער פאַרשידענע מלוכות, און רעליגיע איז
נאָר איינע פון אירע פונקציעס. פאַרוועלטלעכט אין היינטיקן גייסט, באַשטייט
די ייִדישע נאַציאָנאַלע אידעע אין דעם, אַז אַלע פּאָליטיש־צעשטויבטע טיילן
פון ייִדנטום שטעלן פאָר אַ איינהייטלעכע קולטור־היסטאָרישע וועלט־נאַציע,
וואָס אומעטום, צוזאַמען מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין די פיל־
פעלקערדיקע מלוכות, דאַרף זי שיצן אירע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר ע כ ט — אוי־
טאָנאָמיע פון קהילה, שול און שפּראַך. דאָס וואָס מ'האָט יאָרהונדערטער
אָפּגעהיט אונטערן לבוש פון רעליגיעזער ייִדישקייט, דאַרף איצטער אויסגע־
טיילט ווערן פונם דאָזיקן לבוש און אַרויסטרעטן אין זיין אמתן אויסזען.

דעם גורל פֿון אַלװעלטלעכן פֿאָלק קאָן מען נישט פֿאַרבונדן בלויז מיט איין איינציקן צענטער, נאָר מען מוז זיך רעכענען מיטן היסטאָרישן פֿאַקט פֿון אַ סך צענטערן, וואָס די גרעסערע און מער קולטור־אויטאָנאָמע פֿון זיי האָבן די העגעמאָניע. אין די לענדער, וווּ בירגערלעכע עמאַנסיפּאַציע איז שוין דערגרייכט, שטייט פֿאַר אַ קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער אָנערקענונג, און אין די יידישע צענטערן פֿון מזרח־איירופּע דאַרף זיך פֿירן דער קאַמף גלייכצייטיק פֿאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט. צוליב צייטווייליקע מפּלות אינעם דאָזיקן קאמף קאָן ביי זיך נישט אַראָפּפֿאַלן אַ פֿאָלק, וואָס האָט תּמיד אין זיין גאַנצער מאַסע געקעמפֿט פֿאַרן נאַציאָנאַלן קיום און איינגעהאַלטן זיין גייסטיקע פֿרייהייט אַפֿילו אין קנעכטשאַפֿט. פֿאַרגרינגערן די אומגליקן קאָן נאָר דער אַלטער פֿאַקטאָר פֿון דער יידישער געשיכטע — דאָס אַריבערטראָגן די צענטערן דורך מאַסן־עמיגראַציע פֿון איין לאַנד אין אַ צווייטן, וווּ די באַדינגונגען פֿון קאַמף פֿאַרן קיום זענען מער גינסטיק. אַזוי האָט די לעצטע יאָרצענדליקער די עמיגראַציע פֿון רוסלאַנד באַשאַפֿן אַ גרויסן יידישן צענטער אין צפֿון־אַמעריקע און אַ קלענערן, וואָס האָט קולטורעל מער ווערט, אין פּאַלעסטינע. דער לעצטער קאָן ווערן אַ געוווער צו נאַציאָנאַליזירן דעם גלות נאָר ביי דעם באַדינג, אויב דער גלות וועט אַליין זיין אָרגאַניזירט אויף יסודות פֿון קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. ציוניזם, דערפֿירט צו רעאַל־דערגרייכבאַרע רעזולטאַטן, איז נאָר איינער פֿון די פּונקטן אין נאַציאָנאַל־פּראָגראַם; דער פּאַלעסטינער צענטער קאָן פֿאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע אַנטוויקלונג פֿון גלות, אָבער דאָס איז גאָרנישט קיין אומבאַדינגטער תּנאי פֿון זיין אויטאָנאָמען קיום: מ'טאָר נישט פֿאַרבונדן דעם גורל פֿון אייביקן פֿאָלק מיט דעם, צי עס וועט זיך איינגעבן אָדער נישט איינצואָרדנען אַ טייל פֿון אים אין אַמאָליקן היסטאָרישן נעסט.

אַ באַווייז פֿאַר דער לעבנספּעאיקייט פֿון גלות איז דער פֿאַקט, וואָס ער האָט נאַציאָנאַל אויפֿגעוואַקסט נאָכן געפֿערלעכן קריזיס פֿון 19־טן יאָרהונדערט, ווען דער אַנטיטעזיס פֿון אַסימילאַציע איז אויפֿגעשטאַנען קעגן דעם פֿאַרעלטערטן טעזיס פֿון אָפּגעזונדערטקייט אָדער געטאָ. די דאָזיקע צייט פֿון פֿאַרלייקענען קומט איצט צום סוף, עס זענען דאָ קלאָרע סימנים, אַז עס ווערט געבוירן אַ נייער טעזיס, וואָס שטרעבט צו פֿאַראייניקן הומאַניזם און נאַציאָנאַליזם, בירגערלעכקייט און אויטאָנאָמיע. גינסטיק איז פֿאַר יידן, וואָס איבעראַל שטרעבן אַלע קליינע פֿעלקער צו זעלבסטבאַשטימונג. אין אַזעלכע מלוכות מיט פֿאַרשידנאַרטיקן פֿעלקער־באַשטאַנד, ווי עסטרייך־אונגאַרן און רוסלאַנד, פֿאָדערן אַ״ע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, מ'זאָל אָנערקענען זייערע רעכט אויף טעריטאָריאַלע אָדער אויף פּערסאָנאַלע אויטאָנאָמיע. צום אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט פֿאָדערן די פֿעלקער פּונקט אַזאַ דעקלאַראַציע נאַציאָנאַלע רעכט, ווי די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט גע־

געבן דעם יחיד, „דעם מענטש און בירגער". די נאַציאָנאַלע מלוכה מיטן יאָך פון אַ נאַציע, וואָס הערשט איבער די מינדערהייטן, — מוז פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „נאַציאָנאַליטעטן־מלוכה", אין אַ פּאָליטישן פאַרבאַנד פון גלייכבאַרעכטיקטע פעלקער. און אויב נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע וועט אַריין אין די קאָנסטיטוציעס פון אַלע רעכטלעכע מלוכות, אַזוי ווי עס איז אַריין בירגערלעכע גלייכהייט, דאַן וועט די יידישע נאַציע להבא זיין נישט ווייניקער באַוואָרנט פון דענאַציאָנאַליזאַציע, ווי די אַמאָליקע דורות, וואָס פלעגן פאַרהיטן זייער אייגנאַרטיקייט מיט אַ כינעזישער וואַנט פון געטאָ. די פאָרמען חידער פון היינטיקער יידישער אויטאָנאָמיע וועט דאָס לעבן אַליין אויסאַרבעטן. דאָס קערנדל זעלבסטפאַרוואַלטונג דאַרף זיין די וועלטלעכע נאַציאָנאַלע קהילה, נישט די „קולטוס־געמיינדע" פון מערב־טיפּ, דאָס דאָזיקע קינד פון אַסימילאַציע. די קהילות אין יעדער מלוכה פאַראייניקן זיך אין פאַרבאַנדן און באַשאַפן צענטראַל־אָרגאַנען פון זעלבסטפאַרוואַלטונג. דער פאַרבאַנד פון די אַלע פאַרבאַנדן וועט זיין דאָס אַלוועלטלעכע יידנטום, וואָס וועט האָבן אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע קאָנגרעסן. פרייהייט פון אייגענער שפּראַך — באַציט זיך סיי אויפן גאָר־אַלטן נאַציאָנאַלן לשון, סיי אויך אויף די אומגאַנגס־שפּראַכן אָדער „זשאַרגאָנען" פון באַזונדערע גלות־גרופּעס, וואָס צווישן זיי איז י י ד י ש די מוטערשפּראַך פון דער גרעסטער העלפט יידישן פאָלק אין רוסלאַנד, פוילן, רומעניע און אַמעריקע. אין דער סיסטעם עפנטלעכער דערציאונג דאַרף די נאַציאָנאַלע שול פאַרנעמען אַן אָרט באַגלייך מיט דער מלוכהשער שול. דאָס אַלץ וועט דעם נייעם יידנטום געבן די זעלבע נאַציאָנאַלע פעסטקייט, ווי דאָס אַלטע האָט פאַרמאָגט.

די באַציאונג פון אויטאָנאָמיזם־דאָקטרינע צו אַנדערע געזעלשאַפטלעכע ריכטונגען איז פאַרשידן. צו אַסימילאַציע באַציט זי זיך אומבאַדינגט נעגאַטיוו, זי זעט אין איר דעם גרונט־פעלער פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען מ'האָט זיך אין דערנידריקונג אָפּגעזאָגט פון אייגענער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט לטובת די „פעלקער־באַלעבאַטים". אין ציוניזם פאַראורטיילן די אויטאָנאָמיסטן דעם פּרינציפּ פון „אָפּלייקענען דעם גלות" — וואָס פאַרמשפּט דעם גרעסטן טייל פאָלק אויף פּאַטאַלן אונטערגאַנג. אין דער פּאָזיטיווער פּראָגראַם פון ציוניזם אונטערשיידן זיי אוטאָפּישע און רעאַלע עלעמענטן און שטייען איינגאַנצן צו צום בויען אַ באַנייטן צענטער אין ארץ־ישראל, אָבער זיי זענען מתרה, מ'זאָל אין דער זייט נישט אָפּציען אַלע כוחות צום שאָדן פון אָרגאַניזירן דעם גלות. נעענטער פאַר אַלץ שטייט דער אויטאָנאָמיזם אָדער „גייסטיקער נאַציאָנאַליזם" — צום גייסטיקן ציוניזם, אויף וויפל דער לעצטער שטרעבט צו באַשאַפן אין פּאַלעסטינע אַ צענטר נישט אין כמות, נאָר אין איכות, און אויף חיפל ער לייקנט נישט אָפּ די פּאַרטלעלע אַנטחיקלונג פון גלות.

דער אויטאָנאָמיזם האָט צווישן אַלע ריכטונגען אין רוסישן יידנטום זיך געמוזט אויסטרעטן א וועג און פּאַרטיידיקן זיינע פּאָזיציעס סיי פון רעכטס סיי פון לינקס. א באַקאַנטער פּובליציסט פון די 70-ער יאָרן, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף די טראַדיציעס פון רוסיפיקאַציע (מ. מארגוליס) האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאַר דער פּערספּעקטיוו פון אויטאָנאָמען יידנטום, פּאַרטיקולאַריזם און „אַליידנטום"; און ער איז אַרויס מיט אַ סעריע אַרטיקלען (וואָסכאָד, 1902) אויף צו ראַטעווען די „אַלמענטשלעכע" אידעאַלן, — ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז אינם גייעם סינטעז זענען זיי צונויפגעגאָסן מיט נאַציאָנאַלע. מ. ל. ליליענבלום, דער עלטסטער אידעאָלאָג פון חבת-ציון, וואָס איז טיילווייז פאַרכאַפּט געוואָרן פון הערצלס פּאָליטישן ציוניזם, האָט אַרויסגערוקט קעגן די אויטאָנאָמיסטן אַ טענה, וואָס איז אויך גענומען פון דער אַלטער פּאָליטישער פּראַקטיק: אַז די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר יידן אין די גלות-לענדער איז נאָך אַ גרעסערע אוטאָפּיע, איידער דער פּלאַן צו גרינדן אַ יידישע מלוכה אין דער נאָענטער צוקונפט; ער איז, אַפּנים, נישט אַריינגעדרונגען אין פּראָצעס, וואָס אויפן אָרט פון דער נאַציאָנאַלער מלוכה וואַקסט אויס אַ נייע „נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה". אַ מער ערנסטע מחלוקה איז געגאַנגען צווישן די גייסטיקע ציוניסטן און אויטאָנאָמיסטן. אחד-העם האָט באַוויזן, אַז די טעאָריע פון נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות איז נאָר אַן איבערגאַנג-שטופע צו ציוניזם: די ביטערע דערפאַרונג וועט שוין די אָנהענגער פון דער דאָזיקער טעאָריע באַווייזן, אַז עס איז נישט צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע רעכט אויסער דעם איינציקן לאַנד, וואָס יידן האָבן אויף אים היסטאָרישע נאַציאָנאַלע רעכט. אויך די טענה איז געקומען פון אַ פאַלשער פאָרשטעלונג, אַז די אוניטאַרע נאַציאָנאַלע מלוכה איז כלומרשט אייביק און אַז דער גורל פון די קלענערע נאַציעס איז פאַטאַל: די גרעסערע הערשנדיקע נאַציעס מוזן זיי איינשלונגען. די אויטאָנאָמיסטן האָבן געוויזן די גייסטיקע ציוניסטן, אַז אויך אין זייער סיסטעם איז פאַראַן אַ אינעווייניקסטע סתירה: פון איין זייט וויל מען איינשטעלן די נאַציאָנאַלע ווירקונג פון פּאַלעסטינע אויפן גלות און פון דער אַנדערער זייט גלויבט מען נישט, אַז די נאַציאָנאַלע רעכט, וואָס זייער פאָדערונג וועט זיין אַ פּועל-יוצא פון דערדאָזיקער ווירקונג, זאָלן קענען פאַרווירקלעכט ווערן. צום סוף פון ליטעראַרישן וכּוח איז קלאָר געוואָרן, אַז דער סינטעז פון פּאַלעסטינע און גלות וועט פריער אָדער שפּעטער מבטל מאכן דעם קינסטלעך צובלאָזענעם אנטיטעזיס.

צו דעם סינטעז זענען טאקע געקומען אונטערן דרוק פון לעבן אויך אַ סך פּאָליטישע ציוניסטן אין רוסלאַנד. בעת דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905—1906, ווען אַלע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע נאַציאָנאַל-פּאָליטישע פאָדערונגען, האָבן די ציוניסטן פאַרן לויפנדיקן מאָמענט אָנגע-

נומען די פּראָגראַם פון די אויטאָנאָמיסטן. זיי האָבן דעם פּרינציפּ נאַציאָ־נאַלע רעכט אין גלות סאַנקציאָנירט אויף זייער צוזאַמענפאָר אין העלסינג־פאָרס (סוף 1906), וואו עס איז באַשאַפן געוואָרן דער אַזוי-גערופענער „סינטעטישער ציוניזם". גלייכצייטיק מיט ציוניסטן האָבן די זעלבע פּראָגראַם איבערגענומען אין אַ פאַרשיידענער מאָס די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, וואָס זענען געווען טעטיק בעת דער רעוואָלוציע. אָנהויב 1905 איז געגרינדעט געוואָרן דער „פאַרבאַנד צו דערגרייכן גלייכבאַרעכטונג פון יידן אין רוסלאַנד" (זע דאָס ווייטערדיקע קאַפּיטל), האָט ער אויך דיזעלבע פּראָגראַם געמאַכט פאַרן יסוד פון זיין אַרבעט. אַזוי אַרום איז דער אויטאָ־נאָמיזם, אינגאַנצן אָדער טיילוויז, אָנערקענט געוואָרן דורך פאַרשידנאַרטיקע פּאָליטישע פּאַרטייען, נאָך איידער ער אַליין האָט געהאַט זיין אייגענע פּאָ־ליטישע אָרגאַניזאַציע.

וואָס עס איז פּאָרגעקומען אין רוסלאַנד, האָט זיך איבערגעחזרט אויך אין עסטרייך — אין דער טיפּישער פיל-פעלקער-מלוכה, וואו יידן האָבן מער פאַר אַלץ געליטן צוליב דעם, וואָס אויף זיי האָט פּרע־טענדירט יעדע פון די קעמפנדיקע טעריטאָריאַלע נאַציעס — דייטשן, טשעכן, פּאָליאַקן און אונגאַרן, יעדע האָט צוגערעכנט יידן צו איר טעריטאָריע. דאָ האָט זיך באַזונדער בולט ארויסגעשטעלט, אַז די איינציקע ריכטיקע פּאַרענט־פערונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראַגע איז: יידן געהערן נישט צו די אַרומיקע נאַציעס, נאָר צו זייער אייגענער. אין עסטרייך איז צו דער ריכטונג אויטאָנאָמיזם צוגעשטאַנען אַ פּובליציסט, וואָס האָט זיך פריער גע־רעכנט צווישן די פירער פון ציוניזם. דער טאַלאַנטפולער גאַליצישער שריפט־שטעלער נתן בירנבוים (פּסיידאָנים — מתתיהו אחר) האָט אין דער יוגנט געגרינדעט אין ווין דעם ערשטן נאַציאָנאַלן סטודענטישן קרייז „קדימה" (1882), שפּעטער האָט ער דאָרט אַרויסגעגעבן אַ חובבי-ציון-צייטונג „זעלבסט־עמאַנציפּאַציאָן" (1885). ווען הערצל האָט זיך באַוויזן, איז בירנבוים צוגע־שטאַנען צום פּאָליטישן ציוניזם און אויפן ערשטן באַזעלער קאָנגרעס האָט ער געלייענט אַ פאָרטראַג „וועגן ציוניזם ווי אַ קולטור-באַוועגונג". דאַמאָלסט האָט ער נאָך געזען די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ יידישע קולטור — נאָר אין אַ אייגענער מלוכה. אָבער נאָך צוויי יאָר דערפאַרונג אין שטאַב פון די פּאָליטישע ציוניסטן, אין דער נאָענטסטער סוויטע פון הערצלען, האָט זיך בירנבוים אַנטוישט אין זייער אידעאַל. נאָכן צווייטן קאָנגרעס איז ער אַרויס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין זיינע אַרטיקלען אָנגעהויבן באַווייזן, אַז מיט דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונגען קאָן מען דאָס יידנטום נישט ראַטעווען, אַז דאָס „אָפּלייקענען דעם גלות" פירט צום אָפּלייקענען דאָס נאַציאָנאַלע לעבן אין גלות און אַזוי אַרום האַלט מען אומ־דירעקט אונטער די אַסימילאַציע. דער גלות דאַרף זיך פאַראייניקן און זיך

אָרגאַניזירן צוליב אַ נאַציאָנאַל לעבן אויף יעדן אָרט, און דער סימבאָל פון אַזאַ יידישן אינטערנאַציאָנאַל דאַרף זיין אַ העכסטער אָרגאַן מיט אַ פּאָרשטייערשאַפט פון פאַרשידענע לענדער. אַ וויכטיקע ראָלע מוז דאָ שפּילן דאָס מזרח-יידנטום, וואָס איז דער קערן פון דער נאַציע סיי לויט דער צאָל און סיי לויט זיין אַממערסטן אייגנאַרטיקער קולטור. רוסישע, פּוילישע און רומענער יידן מיט זייערע קאָלאָניעס אין אַמעריקע און אין אַנדערע וועלט-טיילן — האָבן איינגעהאַלטן דעם בולטסטן סימן פון דער נאַציע, די אייגענע שפּראַך יידיש, וואָס איז דערוואָרבן געוואָרן אין גלות און געוואָרן דאָס לשון פון פאָלק; די דאָזיקע שפּראַך דאַרף מען קולטיווירן, ווי אַ מעכטיקן פאַקטאָר פון פאָלקס-איינהייט, באַגלייך מיט דער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך, וואָס פאַרנעמט אַן אָרט נאָר אין ליטעראַטור און שול. די אידעע אויטאָנאָמיזם האָט זיך געשטעלט אויפן סדר היום אין עסטרייך די ערשטע יאָרן פון XX יאָרהונדערט, ווען מ'האָט געגרייט אַ נייעם וואַלגעזעץ, וואָס האָט פאָרגעזען די פאָרשטייערשאַפט פון פאַרשיידענע נאַציעס אין פאַרלאַמענט. עס איז פאָרגעשטאַנען אַ שווערער קאַמף איבער אָנערקענען יידן פאַר אַ נאַציע באַגלייך מיט אַנדערע פעלקער, אַ קאַמף אַן אויסנווייניקסטער — מיט די הערשנדיקע פעלקער, און אַן אינעווייניקסטער — מיט די דייטשן, פּאָליאַקן טשעכן און מאַדיאַרן פון „משה רבינוס גלויבן".

## § 35. סאָציאַליסטישע פּאַרטייען

גלייכצייטיק מיט דער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען א סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע. זי האָט אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן דעם קלאַסן-פּרינציפּ — אַמאָל באַהאָפטן מיטן נאַציאָנאַלן פּרינציפּ, אַמאָל קעגן אים. די יידישע אַרבעטער-באַוועגונג איז געבוירן געוואָרן סוף 80-ער יאָרן אין ליטע (ווילנע, מינסק), צווישן אַרבעטער, וואָס זענען בעיקר געווען באַשעפטיקט אין האַנטווערק און קליין-באַטריב. אין די 90-ער יאָרן האָט זיך די באַוועגונג פאַרשפּרייט אין די אויסגעוואָקסענע פאַבריק-צענטרען פון ליטע און פּוילן (ביאַליסטאָק, סמאַרגאָן, וואַרשע, לאָדז). לכתחילה האָבן זיך אויסגעבילדעט אַרבעטער-קרייזלעך מיטן צוועק פון עקאָנאָמישן קאַמף — אָרגאַניזירן שטרייקן פאַר פאַרקירצן דעם אַרבעטסטאָג, פאַרגרעסערן דעם לוין א. א. וו. די פירער פון די קרייזען — יוגנט-אינטעליגענץ, וואָס האָט טיילווייז שטודירט אין אויסלאַנד, — האָט זיך באַמיט צוצוגעבן דער באַוועגונג אַ פאָרם לויטן מוסטער פון דער אייראָפּעאישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די מאַרקסיסטישע אידעאָלאָגיע האָט מען דאָ אָפּט צו אייליק אָנגעווענדעט, ווייל אין יידישן תחום זענען נאָך געווען דער עיקר פּרימיטיווע פאָרמען פּראָדוקציע און עס איז שווער געווען דורכצופירן א

גרענעץ צווישן „קליינבירגערטום", ד. ה. דער מאַסע אָרעמע הענדלער און האַנטווערקער-באַלעבאַטים, און דעם ארבעטער-פּראָלעטאריאַט אין די האַנדלס- און האַנטווערק-אַנשטאַלטן. דאָ האָט אַ פּראָלעטאַרישער ארבעטער געקעמפּט מיטן פּראָלעטאריער-באַלעבאָס: איין געמיינזאַמער רעזשים האָט זיי ביידן געדריקט — אָן בירגערלעכע רעכט, אָן פרייהייט פון באַוועגונג און באַשעפטיקונג, פאַרמאַכט פאַר זיי דעם גאַנצן פאַס פון דערפער, צונויפגעפּרעסט מיליאָנען מענטשן אין אַ „תחום" פון שטעט און שטעטלעך. איז טאַקע איינגיכן קלאָר געוואָרן, אַז די הויפּט-כוחות דאַרף מען אַוועקלייגן אויף צו באַזייטיקן דעם דאָזיקן געמיינזאַמען קוואַל פון אומגליקן; און פון דער צווייטער העלפט 90-ער יאָרן ווערן די יידישע אַרבעטער-קרייזלעך אריינגעצויגן אין פּאָליטישן קאַמף, זיי שטייען צו צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די דאָזיקע סאָציאַל-פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס האָט געזוכט אָנהענגער אין דער טיף פון פאָלק, איז געווען א נויטיקע דערגאַנצונג צו דער נאַציאָנאַל-פּאָליטישער באַוועגונג פון דער אינטעליגענץ און מיטלשטאַנד. ביי פריינטלעכער מיטאַרבעט וואָלטן די אַלע פאַקטאָרן געבראַכט יידן גרויסע נוצן אין לאַנד פון דעספּאָטיזם, וואו זיי האָבן געליטן מאַטעריעלע נויט, בירגערלעכע רעכטלאָזיקייט און נאַציאָנאַלן פּרעס. אָבער אַזאַ געמיינזאַמע ארבעט איז געווען אוממעגלעך דאָרט, וואו קלאַסן-פּרינציפּ לויט מארקסיסטישער דאָגמע איז געשטאַנען קעגנאיבער דעם נאַציאָנאַלן. די אינטעליגענטע אָנפירער פון די אַרבעטער-מאסן האָבן זיך געמיט זיי אָנצושטעקן מיט רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם אין אַ איינזייטיקער מאַטעריאַליסטישער און אינטערנאַציאָנאַלער פאָרם, וואָס האָט זיי אָפּגעטיילט פון דער נאַציע אַלס טאַנצע. מען האָט געפלאַנצט אין די אַרבעטער אומצוטרוי צו דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ, ווי צו אַ „בורזשואזער". מ'האָט מיט זיי געקנעלט, אַז „אויך יעדע אינטעליגענץ געהערט צו אַ קלאַס", אז „יעדע אידעע, וואָס פאַרכאַפּט אין געגעבענעם מאָמענט די אָדער יענע גרופּע אינטעליגענץ, האָט זיך אויסגעבילדעט אויפן גרונט פון מאַטעריעלע באַדערפענישן פון געגעבענעם קלאַס". דעם גייסטיקן פאַקטאָר, וואָס איז באַזונדער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער געשיכטע, האָט מען אַלס אַ זעלבשטענדיקע קראַפט אינגאַנצן איגנאָרירט. „אויב געשיכטע ווערט באַוועגט דורכן קלאַסן-קאַמף, — האָבן געטענהט די אַגיטאַטאָרס[1], — באַשטייט די ראָלע פון אי-

---

1) די אלע ציטאטעס זענען גענומען פון דער בראָשור: „דער ווענדעפּונקט אין דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער-באַוועגונג". דאָרט איז געבראַכט א רעדע, וואָס מ'האָט געהאַלטן אין ווילנע אויף א פארזאמלונג פון יידישע אגיטאטאָרס, אין מאי 1895. דער אויטאָר איז געווען מארטאָוו—צעדערבוים, וואָס איז שפּעטער בארימט געוואָרן אלס טוער פון דער

דייען אין דער געשיכטע נאָר אין דעם, וואָס זיי דריקן אויס און באַלויכטן די מאַטעריעלע באַדערפֿנישן פֿון די קעמפֿנדיקע קלאַסן. דאָס צעשטערן דעם אידעאַליזם מוז גיין באַגלייך מיטן צעשטערן דעם אריסטאָקראַטיזם. דער אידעאַליזם און אריסטאָקראַטיזם פֿון דער בורזשואזער אינטעליגענץ באַשטייט אין דעם, וואָס נאָך איר פֿאָרשטעלונג ווערט געשיכטע געמאַכט דורך קריטיש-דענקענדיקע פּערזענלעכקייטן, און צום קאַמף באַוועגט זיי די אידייע,— אין דער אמתן אָבער איז דער קאַמף פֿון אידייען בלויז אַ קאַמף פֿון קלאַסן-אינטערעסן". ביי אַזאַ באַגרענעצטער אויפֿפֿאַסונג וואָלט געדאַרפֿט זיין די קאָנסעקווענץ — צוליב דעם קלאַסן-עלעמענט אָפּוואַרפֿן דעם נאַציאָנאַלן, און צונויפֿגיסן די יידישע פּראָלעטאַרישע באַוועגונג מיט דער רוסלענדער אָדער אַלגעמיין-אייראָפּעאישער. אָבער דאָ האָבן די מארקסיסטן אָנגעטראָפֿן אויף שטערונגען, וואָס נישט בייצוקומען זיי. די אַגיטאַציע צווישן יידישע ארבעטער אין ליטע און פּוילן האָט מען געקאָנט פֿירן נאָר אויף זייער מוטערשפּראַך; חוץ דעם האָט מען זיך געדאַרפֿט צופּאַסן צו דער אייגנאַרטיקער סאָציאַל-עקאָנאָמישער לאַגע פֿון די דאָזיקע מאסן און אין פּאָליטישן קאַמף ארויסרוקן באַזונדערע לאָזונגען, ווי למשל דעם פּראָטעסט קעגן דער ספּעציפֿיש-יידישער רעכטלאָזיקייט, וואָס מאַכט דעם יידישן אַרבעטער פֿאַר אַ פּאריער אפֿילו אין פֿארגלייך מיט זיין קריסטלעכן חבר. האָט מען דעריבער געמוזט באַשאַפֿן פֿאר די יידישע ארבעטער אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע, און זייענדיק נאַציאָנאַל לויטן נאָמען און אַגיטאַציע-מיטלען, האָט זי דאָך זיך נישט געדאַרפֿט שטעלן קיינע אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע אויפֿגאַבן, ווי נאַציאָנאַלע רעכט אָדער קולטורעלע אויטאָנאָמיע. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די פֿאַראייניקונג פֿון די יידישע ארבעטער-קרייזן, וואָס האָבן זיך פֿריער גרופּירט אַרום די „שטרייק-קאַסעס", און זייער צונויפֿגיסן אין אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פֿאַרבאַנד. אין 1897 האָט זיך געבילדעט דער דאָזיקער פֿאַרבאַנד אונטערן נאָמען: „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער-בונד אין רוסלאַנד און פּוילן".

אין סעפּטעמבער פֿון דאָזיקן דענקווירדיקן יאָר, אַ חודש נאָכן ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, איז אין ווילנע געווען אַ דעלעגאַטן-צונויפֿפֿאָר פֿון נייעם ארבעטער-בונד. די קליינע גרופּע דעלעגאַטן האָט זיך געמוזט באַראַטן געהיים, ווייל די רוסישע פּאָליציי, וואָס האָט געוואוסט, אַז יידישע אַרבעטער זענען אַריבער פֿון עקאָנאָמישן קאַמף צו פּאָליטישן, וואָלט שרעקלעך פֿאַרפֿאָלגט פֿאַרזאַמלונגען פֿון אַזעלכע געפֿערלעכע „מלוכה-פֿאַרברעכער". עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אומלעגאַלע צענטערן פֿון „בונד" אין רוסלאַנד

---

רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (ער איז געווען אַן אייניקל פֿונעם רעדאַקטאָר פֿון „המליץ", — געשטאָרבן דאָס יאָר 923).

(מינסק און אנדערע שטעט), און אין אויסלאנד איז איינגעשטעלט געוואָרן דער אַגיטאַציע-צענטער פון דער פּאַרטיי; אין געגנף האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן אויף יידיש דעם פּאַרטיי-אָרגאַן „אַרבעטער-שטימע". אין 1898 איז געגרינדעט געוואָרן די „רוסלענדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי", און דער בונד איז אַריין אין איר מיט רעכט פון אַ אויטאָנאָמער גרופּע, וואָס האַנדלט זעלבשטענדיק אין פראַגן, וועלכע האָבן אַ שייכות צום יידישן פּראָלעטאַריאַט. צווישן די פירער פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי האָבן אויך פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט יידן סאָציאַל-דעמאָקראַטן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון שטרענגען אינטערנאַציאָנאַליזם און אסימילאַציע, און די פאָרשטייער פון בונד זענען געווען לגבי זיי — נאַציאָנאַליסטן. לכתחילה איז דער בונד געווען אַן אויטאָנאָמע פּאַרטיי אָן א נאַציאָנאלער פּראָגראַם, שפּעטער אָבער האָט די פּאַרטיי אויף אירע צוזאַמענפאָרן זיך געפּרובט איינשטעלן אַזאַ פּראָגראַם, פּלאָנטערנדיק זיך אין סתירות צווישן איר און אָרטאָדאָקסאַלן מאַרקסיזם. צום אָנהויב האָט געהערשט אַ טענדענץ צו באַגרענעצן דעם נאַציאָנאַלן עלעמענט אין פּראָגראַם מיט דעם, וואָס מ'באַנוצט די יידישע פאָלקס-שפּראַך, ווי אַ געווער פאַר אַגיטאַציע צווישן די מאַסן. אויפן דריטן צוזאַמענפאָר פון בונד (אין קאָוונע 1899) האָט מען דעם פאָרשלאַג צו פאָדערן נאַציאָנאַלע גלייכשטעלונג פאַר יידן — אָפּגעוואָרפן, כדי נישט אָפּצוציען דעם פּראָלעטאַריאַטס אויפמערקזאַמקייט פון די קלאַסן-אינטערעסן — אין דער זייט פון אַלגעמיין-נאַציאָנאַלע. דער פערטער צוזאַמענפאָר פון בונד (1901) האָט אָנערקענט, אַז „דער באַגריף נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ט ע ט לאָזט זיך אָנווענדן אויך צום יידישן פאָלק", — אפנים, אַז אין דער פּאַרטיי איז אויך געווען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו דער פראַגע. פונדעסטוועגן האָט מען אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „האַלטנדיק פאַר פריצייטיק ביי היינטיקע באַדינגונגען אַרויסצושטעלן פאָדערונגען פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר יידן, געפינט דער צוזאַמענפאָר אויף היינט פאַר גענוג צו קעמפן פאַר אָפּשאַפן אַלע אויסשליסלעכע געזעצן קעגן יידן, פּראָטעסטירן קעגן די דערשיינונגען פון אונטערדריקן די יידישע נאַציאָנאַליטעט. דערביי זאָל אויסגעמיטן ווערן צו פאַנאַנדערבלאָזן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל, וואָס קאָן נאָר פאַרטונקלען דעם קלאַסן-זעלבסטבאַוואוסטזיין פון פּראָלעטאַריאַט און ברענגען צו שאָוויניזם". ערשט נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע אין דער פּאַרטיי-ליטעראַטור און נאָך שאַרפע קאָנפליקטן מיטן צענטראַליזם פון דער רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט דער צוזאַמענפאָר פון בונד אין 1905, שוין בעת דער רעוואָלוציע, אָנגענומען אַ באַשלוס צו פאָדערן אַ באַשרענקטע „נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע" — אויפן געביט פון פאָלקסבילדונג און עפנטלעכע רעכט פאַר דער יידישער שפּראַך.

אויף אַזאַ אופן איז בהדרגה נאַציאָנאַליזירט געוואָרן אויך יענע אידעאָלאָגיע, וואָס אין תּוך איז זי געווען פיינטלעך צום נאַציאָנאַלן פּרינציפּ. דאָס איז געווען צו דערקלערן מיט די נייע שטרעמונגען צווישן דער מערבדיקער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. דער ברינער סאָציאַליסטישער צוזאַמענפאָר פון 1899, וואָס האָט געשטרעבט פונאַנדערצובונדן דעם קנופּ פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין עסטרייך, האָט אָנערקענט פאַר איינגאַנצן געזעצלעך די אויטאָנאָמיסטישע שטרעבונגען פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, וואָס זענען צעשפּרייט צווישן די טעריטאָריאַלע נאַציעס און פאַרמאָגן נישט קיין קאָמפּאַקטע טעריטאָריעס. דער עסטרייכישער סאָציאַליסט שפּרינגער (רענער) האָט דאַמאָלסט אַנטוויקלט זיין טעאָריע וועגן „פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע" פאַר אַזעלכע עקסטעריטאָריאַלע פעלקער; לויטן אינהאַלט איז דאָס געווען דער זעלבער טיפּ געמיינדע-זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס האָט זיך שוין לאַנג איינגעשטעלט ביי יידן אין גלות. מיט דער דאָזיקער אַלגעמיינער שטרעבונג צו פאַראייניקן סאָציאַליזם מיט דער נאַציאָנאַלער באַפריי-באַוועגונג האָט געשטימט די טענדענץ, וואָס האָט זיך דאַמאָלסט באַוויזן—צו באַשאַפן אַ סאָציאַליסטישע גרופּע אין ציוניזם. אייניקע ציוניסטישע קרייזלעך, וואָס זענען באַשטאַנען פון אַרבעטער און לערניוגנט, האָבן זיך אויסגעטיילט פון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע און אַרום 1900 געמאַכט אַן אייגענע פראַקציע אין רוסלאַנד אונטערן נאָמען „פּועלי ציון". די אידעאָלאָגן פון דער פראַקציע האָבן אויסגעאַרבעט אַ טעאָריע, וואָס באַשטייט אין דעם, אַז אמתער סאָציאַליזם ביי יידן קאָן פאַרווירקלעכט ווערן נאָר אויף אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע; אין גלות אָבער ווערן די יידישע מאַסן דורכן אַנטיסעמיטיזם אַרויסגעשטופּט פון דער גרויסאינדוסטריע און קאָנען נישט אַריין אין די רייען פון פאַבריק-פּראָלעטאַריאַט, וואָס פירט דעם אויסגעהאַלטענעם קלאַסנקאַמף. צו אַ נאָרמאַל עקאָנאָמיש לעבן לויטן אייראָפּעאישן מוסטער — מוז מען באַשאַפן אַ דעמאָקראַטישע יידישע צוזאַמענוואוינונג אין ארץ ישראל. אין 1903 האָט זיך פון דער פראַקציע אויסגעטיילט אַ גרופּע אונטערן נאָמען „וואָזראָזשדיענע" (ווידעראויפלעבונג), זי האָט שוין אָפּגערוקט אין הינטערגרונט דעם אידעאַל פון ציוניזם און טעריטאָריאַליזם און געהאַלטן פאַר איר הויפּט-אויפגאַבע צו קעמפן פאַר וואָס מער נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין גלות. אַ צווייטע גרופּע האָט זיך אויסגעטיילט פון דער פראַקציע „פּועלי ציון" און אָנגענומען דעם נאָמען „ציוניסטן-סאָציאַליסטן" (ס. ס., 1904). זיי האָבן אין זייער פּראָגראַם אַרויסגערוקט דעם טעריטאָריאַלן יסוד און געהאַלטן, אַז אין גלות איז נישט מעגלעך קיין סאָציאַליסטישע און נישט קיין נאַציאָנאַל-אויטאָנאָמע אַנטוויקלונג פון די מאַסן. אין דער דאָזיקער פּיל-פאַרביקייט פון שטאַנדפּונקטן איז אָפּט געווען מער טעאָרעטישער פּלפּול, ווי ערנסטע פאַרשטענדעניש פאַר די ווירקלעכע אויפגאַבן

פון יידנטום. דאָס איז נאָר געווען א באַווייז, אַז אין אַלע טיילן פאָלק קומט פאָר אַ טיפע יוירונג, אַז אין מאָמענט פון גרויסע ליידן און צערודע־רונג איז דאָך פאַראַן אַ מעכטיקע שטרעבונג צו ווידעראויפלעבן — נאַציאָ־נאַל און סאָציאַל גלייכצייטיק. די דאָזיקע צווייפאַכע באַוועגונג האָט אינגיכן באַוויזן איר קראַפט — אינם קאָכיקן נאַציאָנאַל־פּאָליטישן קאַמף, וואָס דאָס רוסישע יידנטום — דער הויפּט־קערן פון דער נאַציע — האָט אויפגעהויבן בעת דער שטורם־צייט פון דער רעוואָלוציע אין 1905.

## קאַפּיטל VII

# יידן אין רוסלאַנד ביי ניקאָלאַי II ביזן סוף רעוואָלוציע 1906—1905

### § 36. המשך פון אונטערדריקונג (1902—1895)

משך 19־טן יאָרהונדערט איז מיט יעדער ענדערונג אויפן טראָן־שטול געקומען אויך א ענדערונג אין דער סיסטעם פון פירן די מלוכה. יע־דעס נייע רעגירן פלעגט, לכל הפחות צום אָנהויב, זיין א היפוך פון דעם ביז אַהעריקן. מיטן אָנהויב קיניגן פון אַלכסנדר דעם 1־טן און 2־טן איז געקומען אַ ווענדפּונקט צו ליבעראַליזם, מיטן קיניגן פון ניקאָלאַי דעם 1־טן און אַלכסנדר דעם 3־טן — אַ ווענדפּונקט צו רעאַקציע. מיטן לעצטנס טויט האָט וועדלוג נאָכן סדר געדאַרפט קומען ליבעראַליזם, אָבער די ווירק־לעכקייט האָט אָפּגענאַרט די האָפענונגען פון די אָפּטימיסטן אין דער רו־סישער און יידישער געזעלשאַפט. די שווערסטע צייט פאַר רוסלאַנד און אי־בערהויפּט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען דאָס קיניגן פון ני־קאָלאַי דעם 2־טן, א מענטש א באַגרענעצטער, אַ שוואַכזיניקער, וואָס האָט בלינד געגלויבט אין זיין „געטלעכער" שליחות — איינצוהאַלטן אין רוס־לאַנד זעלבסטהערשונג און קעמפן מיט דער באַפריי־באַוועגונג. די ערשטע חדשים פון דער נייער רעגירונגס־צייט (נאָוועמבער 1894 — יאַנואַר 1895) האָבן די ליבעראַלע זעמסקע פאַרזאַמלונגען פון אייניקע גובערניעס דער־לאַנגט ניקאָלאַי דעם 2־טן אַלאונטערטעניקסטע בריוו, אין וועלכע עס איז געווען אויסגעדריקט די האָפנונג, אַז די פאָרשטייער פון זעמסטוועס וועלן צוגעלאָזן ווערן צום באַטייליקן זיך אין מלוכהשן געזעצגעבן. אויף דאָס דאָזיקע שעמעוודיקע פאָדערן אַ קאָנסטיטוציע איז געקומען אַ בייזע תשובה. דעם 17 יאַנואַר 1895 זענען פאָרשטייער פון אַדעל, זעמסטווע און שטעט געקומען אין ווינטער־פּאַלאַץ צו באַגריסן דעם יינגן קיסר, — האָט ער זיך צו זיי געווענדעט מיט אַזאַ רעדע: „די לעצטע צייט האָבן זיך אויף איי־ניקע זעמסקע פאַרזאַמלונגען געלאָזט הערן שטימען פון מענטשן, וואָס לאָזן

זיך מיטרייסן פון אומזיניקע טרוימען, אַז אין די ענינים פון מלוכה־פירונג
זאָלן זיך באַטייליקן פאָרשטייער פון זעמסטווע. זאָלן אַלע וויסן, אַז איך
וועל אָפּהיטן דעם יסוד פון זעלבסטהערשונג פּונקט אַזוי פעסט און נישט־
אָפּצוטרעטן, אַזוי ווי דאָס האָט אָפּגעהיט מיין אומפאַרגעסלעכער פאָטער״.
דאָס דאָזיקע בייזע אָנשרייען האָט איבערגעשראָקן די פּחדנותדיקע קאָנסטי־
טוציאָנאַליסטן. אַלע האָבן דערפילט, אַז דער דעספּאָטיזם וועט נישט אָפּ־
טרעטן און אַז רוסלאַנד וועט נישט אַזוי גיך ווערן פון אַ פּאָליצייאישער
מלוכה — אַ רעכטלעכע.

אויך יידן האָבן דערפילט, אַז די 14־יעריקע מלחמה מיט זיי וועט ווייַ־
טער גיין. אויף זייערע באַגריס־בריוו צוליב דער חתונה פון יונגן קיסר
האָבן די יידישע קהילות באַקומען אָפיציעלע דאַנק־אויסדריקן. זיי האָט מען
נישט פאָרגעוואָרפן קיין „אומזיניקע טרוימען״ פּשוט דערפאַר, ווייל זיי האָבן
אין זייערע אדרעסן גאָרנישט געהאַט די העזה צו שטעלן פאָדערונגען פון
בירגערלעכער גלייכשטעלונג: עס איז נישט געווען קיין שום האָפענונג, אַז
אַזעלכע פאָדערונגען זאָלן האָבן דערפאָלג. ביי דער מאַכט זענען פאַרבליבן
די זעלבע הויכע באַאמטע, וואָס זענען ביי אלכסנדר דעם 3־טן געווען די
גייסטיקע פאָטערס פון דער יידן־פיינטלעכער פּאָליטיק: אָבערפּראָקוראָר פון
הייליקן סינאָד פּאָביעדאָנאָסצעוו; אינערן־מיניסטער דורנאָוואָ, וואָס איניגיכן
האָט אים פאַרביטן אויך אַזאַ רעאַקציאָנער ווי ער — גאָרעמיקין; דער
צווייַ־פּנימדיקער פינאַנץ־מיניסטער וויטע, וואָס האָט זיך געטריי צוגעפּאַסט
צום רעאקציאָנערן קורס. וועגן וואָס פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט געטראַכט ביים
אָנהויב בייער רעגירונגס־תקופה, איז צו זען פון זיין באַריכט צום קיסר
וועגן דעם מצב פון פּראַוואָסלאַווישן קלויסטער אין 1895 יאָר. „דער גרויס־
אינקוויזיטאָר״ האָט זיך שטאַרק מצער געווען איבער דעם, וואָס יידן האָבן
כלומרשט אַ שעדלעכע ווירקונג אויף די רעליגיעזע איבערצייגונגען פון זיי־
ערע קריסטלעכע הויזדינער. „אַז מינדעריאָריקע פאַרברענגען ביי יידן עט־
לעכע יאָר, פאַרגעסן זיי אינגאַנצן דאָס פּראַוואָסלאַוויש גלויבן. אָבער אויך
ביי דערוואקסענע ווערט דאָס גלויבן אַרונטערגעריסן. מיט שרעק הערן אויס
די גלחים בעתן וידוי פון יידישער דינערשאַפט, וואָס פאַרא אומדערהערטע
לעסטערונגען יידן שיטן אויף קריסטנטום, אויף יעזוסן און גאָטס מוטער.
און דאָס קאָן נאָך דורך דער דאָזיקער דינערשאַפט באַקומען אַ פאַרשפּריי־
טונג צווישן פאָלק״. אַזוי האָט דער דאָזיקער פאַנאַטיקער פון קלויסטער מיט
זיינע מסירות, וואָס זענען מערקווירדיק געראָטן אין די אָנקלאַגעס פון די
מיטלאַלטערלעכע דאָמיניקאַנער, צוגעגרייט דעם פרומען מלך צו פאַרשטיין
די יידן־פראַגע; דערזעלבער פּאָביעדאָנאָסצעוו האָט דאַמאָלסט מיט זיינע
רדיפות געצוואונגען די בעסטע סעקטאַנטן־עוואַנגעליסטן („דוכאָבאָרן״) צו
עמיגרירן קיין קאַנאַדע.

פּאָביעדאָנאָסצעווס טרוים איז געווען — אַרויסטרייבן יידן פֿון רוסלאַנד מיט דער הילף פֿון באַראָן הירשס מיליאָנען (§ III 20). דעם דאָזיקן ציל האָט ער נישט דערגרייכט, האָט ער זיי לכל הפּחות געטון שאָדן אין די הויכע ספֿערן. אין 1898 איז קיין פּעטערבורג געקומען אַ דעלעגאַציע פֿון פּאַריזער ראַט פֿון דער יידישער קאָלאָניזיר־געזעלשאַפֿט, זי האָט זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט אַ בקשה, מען זאָל דער חברה דערלויבן איינאָרדנען ערד־אַרבעט־קאָלאָניעס פֿאַר יידן אין רוסלאַנד גופֿא; האָט פּאָביעדאָנאָסצעוו געענטפֿערט, אַז רוסישע מענטשן קאָנען נישט אַריינעמען יידן צווישן זיך, ווייל אַ ייד איז פֿעאיקער און געבילדעטער פֿונם רוס און ער קאָן אים נאָך אַרויסשטופּן פֿון ווירטשאַפֿטלעכן לעבן. מען דערציילט, אַז מ׳האָט אַמאָל דעם רוסישן אינקוויזיטאָר געפֿרעגט: וואָס וועט ווערן פֿון יידן ביי דער סיסטעם פֿון שטענדיקע רדיפֿות — האָט ער אָפֿנהאַרציק געענטפֿערט: איין דריטל וועט אויסשטאַרבן, איין דריטל וועט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, איין דריטל וועט אָן אַ שפּור צעשמאָלצן ווערן מיט דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג. פּאָביעדאָנאָסצעוו און די הויכע פּערזאָנען, וואָס האָבן געדענקט אַזוי ווי ער, האָבן אין דעם גייסט געווירקט אויפֿן קיסר, וועלכער האָט אין דער יידנפֿראַגע אַזוי ווייניק פֿאַרשטאַנען, ווי אין אַנדערע פֿראַגן פֿון אינעווייניקסטער פּאָליטיק. ווען דער ווילנער גובערנאַטאָר האָט אין זיין באַריכט וועגן צושטאַנד פֿון דער גובערניע אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז צוליב דער טובֿה פֿון דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג וואָלט מען געדאַרפֿט דערלויבן יידן אַרויספֿאָרן פֿון דער איבערגעפֿולטער ווילנער גובערניע אין די ערטער אויסערן תּחום, — האָט דער צאַר אונטערן טייטל פֿון זיין מיניסטער אָנגעשריבן אַ רעזאָלוציע: „איך האַלט זיך אינגאַנצן נישט ביי אַזאַ מיינונג, ווי דער גובערנאַטאָר" (1895). די יידישע געזעלשאַפֿטלעכע טוער אין פּעטערבורג האָבן גוט געוואוסט וועגן קיסרס דאָזיקער שטימונג. אין איין געהיים־שריפֿט פֿון יענער צייט דערציילט זיך; „די אַלערהעכסטע מאַכט באַציט זיך צו יידן זייער נישט גינסטיק, ווייל מען שטעלט איר סיסטעמאַטיש צו וועגן זיי פֿאַרקריפּלטע ידיעות. נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט צו לענקען דעם קיסרס אויפֿמערקזאַמקייט אויף דער ווירקלעכער זאַך־לאַגע, און אַפֿילו יענע הויפֿלייט, וואָס באַציען זיך צו יידן טאָלעראַנט און גערעכטיק, האָבן מורא אַ וואָרט צו רעדן פֿאַר זיי, כּדי מען זאָל זיי נישט באַשולדיקן אין פּניותדיקייט".

דעם קיסרס פֿעטער, גרויספֿירשט סערגיי אַלכּסנדראָוויטש האָט ווייטער געטריבן חוזק איבער יידן אין מ אָ ס ק ו ו ע, וואו ער האָט אַלץ פֿאַרנומען די שטעל פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר. נאָכן גרויזאַמען גירוש פֿון 1891 איז דאָ געבליבן אַ יידן־קאָלאָניע פֿון אַ קליינער צאָל. אויפֿן באַפֿעל פֿון אַלכּסנדר III (§ 20) איז די געזעלשאַפֿטלעכע סינאַגאָגע געווען געשלאָסן, און

יידן האָבן אפילו נישט געהאַט וואו צו דאַוונען. פרילינג 1896 האָבן געדאַרפט זיין פייערונגען צוליב ניקאָלאַי וו קאָראָנאַציע אין מאָסקווע. האָבן דאַמאָלסט פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה געבעטן דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר זיך משתדל זיין פאַרן קיסר, ער זאָל דערלויבן עפענען די שול „ווי אַ באַזונדער חסד, כדי מאָסקווער יידן זאָלן האָבן די מעגלעכקייט ווי געהעריק יומטובדיק צו פייערן די פרייַלעכע געשעעניש". אָבער דער גרויספירשט האָט געהייסן מעלדן די יידן דורכן פאָליצמייסטער, אַז זייער השתדלות באַטייט „אַ חוצפּהדיק אַנטקעגנשטעלן זיך דעם אַלערהעכסטן ווילן" און קאָן נישט באַפרידיקט ווערן. די מאַרטירער־לאַגע פון מאָסקווער קהילה איז געווען אַ ירושה פון פאַריקן מלכות, און איבערהויפּט האָט זי זיך בולט אויסגעצייכנט מיט א מיטלאַלטערלעכן רעליגיעזן קאָלאָריט. נאָכן דערמאָנטן באַפעל פון 1892, האָט מען די געביידע פון דער געשלאָסענער סינאַגאָגע געדאַרפט פאַרקויפן פון עפנטלעכן אויקציאָן, אויב מען וועט זי נישט פאַרטאָן אויף אַ וועלכן ס'איז צדקה־אַנשטאַלט. כדי נישט צו דערלאָזן צו א חלול השם און איינהאַלטן די געביידע ביז בעסערע צייטן, האָט די קהילה איבערגעפירט אַהין איר האַנטווערק־שול, וואָס איז געווען געגרינדעט צו אַלכּסנדר וו אָנדענק. די יידנפיינטלעכע מאָסקווער אדמיניסטראַציע האָט אָבער איינגעזען אין דעם אַ בייזע כּוונה, און דער גענעראַלגובערנאַטאָר האָט געמאַכט א אַנטשפּרעכנדיקע ווענדונג צום בילדונג־ און צום אינערן־מיניסטער. איז אָט אין מאַי 1896 געקומען פון פּעטערבורג אַ באַפעל — אויפהערן אָננעמען שילער אין דער יידישער האַנטווערק־שול, און אַז די פריערדיקע שילער וועלן ענדיקן דעם קורס, זאָל מען די שול אינגאַנצן שליסן. דאַמאָלסט האָבן יידן געפּרוווט אַן אַנדער מיטל אויף צו ראַטעווען זייער הייליקטום: די קהילה האָט אַריינגעפירט אַהין איר „תּלמוד־תּורה" — אַ שול־היים פאַר אָרעמע קינדער און יתומים. דאַרויף האָבן די מאָסקווער המנס אָפּגעענטפערט מיט אַ נייער גזירה: אין אָקטאָבער 1897 האָט דער גענעראַל־גובערנאַטאָר געגעבן צו וויסן, אַז מיטן הסכּם פון אינערן־מיניסטער איז באַשטימט צו שליסן די דאָזיקע שול־היים, וואו אַן ערך הונדערט אָרעמע קינדער האָבן זיך דערצויגן: דער אויסרייד איז געווען, אַז זיי קאָנען זיך לערנען אין רוסישע אָנפאַנגשולן. דערביי האָט מען די קהילה אָנגעזאָגט, אַז אויב משך צוויי חדשים וועט מען די שול־געביידע נישט איבערבויען פאַר אַ שפּיטאָל אָדער אַן אַנדער צדקה־אַנשטאַלט, וועט מען זי פאַרקויפן פון אויקציאָן. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן א קאַמף פון דער יידישער קהילה פאַר איינהאַלטן איר הייליק הויז, וואָס פיינט האָבן עס נישט אַנדערש געוואָלט פאַרשוועכן. מ'האָט אָנגעהויבן איבערבויען די געביידע, זיך געמיט נישט צופיל קאַליע מאַכן איר פריערדיק אויסזען, אָבער דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט באַשטימט אַ קאָמיסיע צו באַטראַכטן די איבערבויאונגען, און

זי האָט איינגעפונען, אַז די ענדערונגען זענען צו קליין און מען מוז אַזוי איבערבויען אינעווייניק די געביידע, אַז מען זאָל זי שוין קיינמאָל נישט קאָנען צוריק איבערמאַכן אויף אַ שול. די דאָזיקע מלחמה האָט געדויערט נאָך אכט יאָר ביז דער רעוואָלוציע פון 1905, ווען דער רשע סערגיי אַלכסנדראָוויטש איז דערהרגעט געוואָרן און עס האָט זיך איינגעגעבן צוריק אומקערן דאָס לעבן דער שול, וואָס איז פאַרמשפּט געווען צום טויט.

די הערשערס טרוים איז געווען — אויסצוואָרצלען אין דער אַלטער הויפּטשטאָט פון רוסן־לאַנד דעם רעשט יידישע קהילה, מיט פּאָליציי־אַישע און רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען דערפירן די דאָזיקע מענטשן, זיי זאָלן מוזן אנטלויפן פון דער פּראַוואָסלאַווישער מעטראָפּאָליע. דאָס וואַקסן פון דער יידישער קאָלאָניע אין מאָסקווע האָט מען אונטערגעשניטן מיט געפּערלעכסטע מיטלען. האַנטווערקער האָט מען שוין ארויסגעטריבן דאָס יאָר 1891, זענען נאָך געבליבן יידישע סוחרים, וואָס פלעגן זיך קויפן וואוינרעכט מיט דעם, וואָס זיי פלעגן יעדעס יאָר איינצאָלן אַ שטייער פון טויזנט רובל פאַר אַ צייגניש פון ערשטער־גילדיע־סוחר. מאָסקווע איז געווען דער גרעסטער אינ־דוסטריע־צענטער אין רוסלאַנד, פלעגט זי צוציען צו זיך אויך אַ מאַסע פּראָ־ווינץ־סוחרים יידן, וואָס פלעגן קומען אהין געשעפטלעך אויף אַ צייט. מיט די דאָזיקע „אָנגעפּאָרענע" איז מען זיך באַגאַנגען ערגער, ווי מיט אונטער־טאַנען פון אַ פייַנטלעכער מלוכה בעת מלחמה. אויף די גאַסן און וואָקזאַלן האָבן אַרומגעשנאָרעט פּאָליציי־באַאַמטע, פלעגן כאַפּן יעדן דורכגייער מיט אַ „סעמיטישער פיזיאָנאָמיע" און שלעפּן אין פּאָליציי־צירק, אויף צו קאָנטראָ־לירן זיינע וואוינרעכט; טאָמער זענען די דאָקומענטן ביי אַזאַ איינעם געווען נישט אין אָרדנונג, פלעגט מען אים תּיכּף אַרויסטרייבן. אין די „ידיעות פון מאָסקווער פּאָליציי" פלעגט מען מעלדן וועגן באַשטימטע פּרעמיעס פאַר כאַפּן יידן אָן רעכט. אין אָקטאָבער 1897 האָט דער אויבערפּאָליצמייסטער באַשטימט אַ גלייכע באַלוינונג פאַר כאַפּן איין יידן אָדער צוויי רויבער. אין 1897, ווען אין מאָסקווע איז געזעסן דער אינטערנאַציאָנאַלער מעדיצינישער צוזאַמענפאָר, האָט מען דער פּאָליציי באַפוילן איבערצורייסן אויף יענע טעג די גאַסן־יאַגד אויף יידן: צווישן די אָנטיילנעמער פון קאָנגרעס האָבן גע־קאָנט זיין מעדיצינישע באַרימטהייטן מיט אַ סעמיטישער פיזיאָנאָמיע — און איראָפּע האָט נאָך געקאָנט מאַכן אַ סקאַנדאַל. אין יאַנואַר 1899 האָט דער וואָוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מאָסקווע באַקומען אַ נייעם קלאַפּ: מיט אַ קייזערלעכן באַפעל איז פאַרווערט געוואָרן יידן־סוחרים אפילו פון ערשטער גילדיע זיך צו באַזעצן פון דאָס ניי אין מאָסקווע אָן דער הסכמה פון אינערן־מיניסטער און מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דערביי האָט מען זיך טאַקע פאָרויס צוגעפּגערעדט—אַזעלכע דערלויבענישן נישט צו געבן. דער זעלבער באַפעל האָט איינגעשטעלט אַ רייע באַליידיקנדיקע בגי־

שות פאַר סוחרים, וואָס האָבן זיך פריער באַזעצט: מ'האָט צוגענומען בײַ
זיי דאָס רעכט צו קלײַבן פאָרשטייער אין די סוחרים־פאַרזאַמלונגען וכד'.
שפּעטער האָט מען אָפיציעל דערקלערט, אַז מ'שטרעבט דערמיט „חי ווייס
מעגלעך צו באַפרייען מאָסקווער גובערניע פון יידן, וואָס וואוינען שוין דאָ
מיט אַ לעגאַלן גרונט".

די צענטראַלע רעגירונג אין פעטערבורג האָט רואיק און מעטאָדיש
געטריבן איר פּאָליטיק קעגן יידן, זי האָט דאָס באַטראַכט פאַר איינע פון
די וויכטיקסטע אויפגאַבן אין דער מלוכה־פירונג. אויף דער וואַך פונם היי־
ליקן אינסטיטוט — יידישער „תחום" און אַנדערע באַגרענעץ־געזעצן —
זענען געשטאַנען אַזעלכע געטרייע דינער פון דער רעאַקציע, ווי די כסדר־
דיקע מיניסטאָרן פון אינעווייניקסטע ענינים: גאָרעמיקין (1896—1899), סי־
פּיאַגין (1899—1902) און פּלעווע (1902—1904). אין תחום האָט מען ווייטער
פאָרגעזעצט דעם פּראָצעס פון צוזאַמענפּרעסן יידן אין דעם פּאַס שטעט און
שטעטלעך און זיי נישט צוצולאָזן אין די דערפער. זינט מען האָט אַרויסגע־
געבן די „צייטווייליקע תקנות" פון 1882, האָט מען אין פעטערבורג גע־
טרוימט, עס זאָלן צוביסלעך אויסשטאַרבן יענע יידישע דאָרף־תושבים, וואָס
זענען דאָ געבליבן לויט די זעלבע תקנות, און עס זאָל קומען די גליקלעכע
צייט, ווען דער רוסישער פּויער וועט שוין מער נישט זען לעבן זיך קיין
יידן. אָבער דער הייליקער טרוים האָט זיך געלאָזט פאַרווירקלעכן נאָר זייער
פּאַמעלעך. האָבן אייניקע גובערנאַטאָרן פאָרגעלייגט פּשוט אַרויסצוטרייבן פון
דערפער אַלע יידן, אפילו די, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג באַזעצט; דאָס איז
שוין געווען אַ צו־האַרטער מיטל פאַר פעטערבורג, און מ'האָט אָנגעהויבן
טראַכטן וועגן אומדירעקט אַרויסשטויסן יידן פון די דאָרפס־ערטער. דער פי־
נאַנץ־מיניסטער וויטע האָט באַוויזן, אַז דאָס וועט זיך לאָזן דערגרייכן מיטן
פאַרווירקלעכן די טרונק־רעפאָרמע — די מלוכהשע מאָנאָפּאָליזירונג פון ווייַן־
האַנדל, וואָס דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט־באַשעפטיקונגען בײַ
דאָרפישע יידן. וויטעס השערה האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס באַרעכטיקט:
די יידישע באַפעלקערונג אין דאָרף איז צום סוף 90־ער יאָרן פאַרקלענערט
געוואָרן, אָבער נישט קלענער זענען געוואָרן דער אַדמיניסטראַציעס אַפּעטיטן.
די גובערנאַטאָרס און אַנדערע פּראָווינץ־מושלים האָבן אַלץ ווייטער צוגע־
טראַכט מיטלען אַרויסצושטופּן יידן פון דאָרף — בכלל פון יעדער געגנט
אויסער די שטעט. קריסטלעכע ערדבאַזיצער פלעגן זיך אָפט קלאָגן אויף
דאָס דאָזיקע אַרויסשיקן יידן און בעטן די גובערנאַטאָרס צו דערלויבן
וואוינען אויף די דאָרפישע באַן־סטאַציעס יידן־ברויטהענדלער, וואָס קויפן־
אויף און עקספּעדירן תבואה פון דאָרף נאָכן געדרעטעניש, אָבער אַזעלכע
„קעגנגעזעצלעכע השתדלות" פלעגט מען אָפּוואַרפן.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פאַרווער צו באַזעצן זיך אויסער די שטעט,

איז געקומען א נייע צרה — „פראגע זומער-וואוינונגען". די אַדמיניסטראַציע פלעגט אָפּט פאַרווערן יידישע פאַמיליעס צו באַזעצן זיך אויף זומערצייט אין שטאָטישע וואַלד-געגנטן, אויב נאָר די דאָזיקע זומער-וואוינונגען זענען געווען נישט אויף שטאָט-ערד. ביי טויזנטער פאַמיליעס האָט מען צוגענומען דאָס רעכט צו רוען זומער אויף דער נאַטור, עטעמען מיט פרישער לופט פון וואַלד און פעלד. דאָס געזעץ האָט קיין רחמנות נישט געלייגט אפילו אויף קראַנקע: אויף קורערטער אין די פאַרזוערטע ראַיאָנען פלעגט מען קיין קראַנקע יידן נישט צולאָזן קומען קורירן זיך. פון קרימער קוראָרט יאַלטע פלעגט מען אַרויסטרייבן יידן, וואָס זענען געווען אין לעצטן גראַד שווינדזוכט. געווען אַזעלכע פאַקטן: אַ פרוי פון אַ דאָקטאָר—א ייד איז געקומען קיין יאַלטע פאַרריכטן איר צעשטערטן געזונט; איז בעת אַ שטאַרקן בלוטשטורץ אַריין אין איר שלאָף-צימער א פּאָליציי-באַאַמטער און געפאָדערט די קראַנקע זאָל אונטערשרייבן — אין 24 שעה צו פאַרלאָזן די שטאָט; די קראַנקע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, און אויפן גרונט פון אַ דאָקטאָר-צייגניש, אַז יעדע באַוועגונג איז פאַר איר אַ געפאַר, האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס אַרויסשיקן; אָבער די שרעק און אומרו האָבן פאַרשטאַרקט דעם בלוטשטורץ, די יונגע פרוי האָט גענומען צאַנקען און אינגיכן אַוועקגעשטאָרבן. א צווייטן לונגענקראַנקן, א סטודענט, האָט מען אום ווינטער אַרויסגעשיקט פון יאַלטע מיטן עטאַפּ, צווישן קרימינעלע אַרעסטאַנטן. האָט דער געליטענער דערלאַנגט אַן אָנקלאָג אין סענאַט, אָבער דאָס העכסטע סנהדרין פון דער מלוכה האָט אייגגעפונען, אַז די פאַראָרדענונג פון דער פּאָליציי „אַנטהאַלט אין זיך נישט קיין שום זאַך קעגן געזעץ".

אַן אמתער גיהנום פאַר יידן אָן רעכט איז אַלץ געווען די שטאָט קיעוו, וואָס מ׳האָט זי קינסטלעך אויסגעשניטן פון יידישן תחום, כאָטש זי איז געשטאַנען אין איר סאמע געדיכטעניש. א חוץ די פּריווילעגירטע שטענדיקע איינוואוינער, האָט מען אהין צוגעלאָזן יידן נאָר אויף א צייט און געשעפטלעך, אָבער פּאָליציי פלעגט גוט אַכטונג געבן, אַז די געקומענע זאָלן נישט פאַרזיצן אין שטאָט לענגער פון דערלויבטן טערמין. פעריאָדיש פלעגט זי מאַכן „אָבלאַוועס" אויף יידן, אַזוי ווי אויף הינט, וואָס אָן א היים. איין מאָל אין וואָך פלעגט פּאָליציי ביינאַכט באַפאַלן האָטעלן און אכסניאס, די געכאַפּטע „רעכטלאָזע" פלעגט מען פאַרהאַלטן און אַרויסשיקן פון שטאָט אויף די שטענדיקע וואוינערטער, און דאָרט פלעגט מען זיי ערשט איבערגעבן צום געריכט פאַר אומגעזעצלעך וואוינען אין קיעוו. צוליב דער דאָזיקער שווערער נאַכט-אַרבעט — האָט מען אויף פאַרשטאַרקן דעם באַשטאַנד פון קיעווער פּאָליציי אַסיגנירט אַ יאָר-סובסידיע 15 טויזנט רובל פון די סומען פון דער יידישער טאַקסע. אַזוי אַרום האָבן יידן אַליין געדאַרפט דעקן די שכירות פון יענע פּאָליציי-אַגענטן, וואָס האָבן זיי פאַרפאָלגט: דער

פאַרמשפּטער צום הענגען האָט געמוזט צאָלן פאַרן שטריק. די פּראַקטיק פון דער רוסלענדער אינקוויזיציע איז געקומען צו שלמות. אפילו דער יידנ־פיינטלעכער אָפיציאָז „קיעוולייאַנין" האָט אַמאָל געמוזט מודה זיין, אַז „משך יולי חודש (1901) האָבן זיך אין קיעוו געטאָן מעשים, וואָס ס'איז שווער זיי זיך פאָרצושטעלן".

בכלל האָט מען איצט דעם גאַנצן שטח אויסערן יידישן תחום — אָפּגעהיט פון יידן נאָך געטרייער, ווי בעת אלכסנדר דעם 3־טן. דאָס יאָר 1896 האָט מען יידן־סאָלדאַטן פאַרווערט צו פאַרבלייבן אויסערן תחום בעת די קורצע פויזעס פון אורלויב, און דער אָפּגעלאָזטער זעלנער פלעגט מוזן אָפּפאָרן פונם אָרט, וואו זיין פולק איז געשטאַנען, אָפט זייער ווייט. אין א סך ערטער איז דער אַדמיניסטראַציע־ווילקיר דערגאַנגען ביז פולקאָמען חוזק־מאַכן פון יידן. אין סיביר האָט די מאכט אויסגעטראַכט אַזאַ געזעץ: א ייד אַ סוחר אָדער בעל־מלאכה, וואָס איז צוגעשריבן צו איינער פון די סיבירער שטעט, קאָן וואוינען נאָר אין דער דאָזיקער שטאָט. אַזוי ווי אַ סך האָבן געוואוינט בישט אין די ערטער, וואו זיי זענען געווען צופעליק צו־געשריבן, נאָר גאָר אין אנדערע, האָט זיך אָנגעהויבן א צוואַנג־איבערוואַנ־דערונג: יידן, וואָס זענען געווען צוגעשריבן צו טאָמסק און געוואוינט אין אירקוטסק, האָט מען גאַנצע פּארטיעסווייז געטריבן קיין טאָמסק, און זיי אַנטקעגן זענען געגאַנגען פּאַרטיעס אַרויסגעטריבענע פון טאָמסק, וואָס האָבן געהאַט דאָס אומגליק זיך צו רעכענען אין די מעטריק־ביכער פון איר־קוטסק. מענטשן האָט מען אַזוי ווי קאָרטן געטאַסירט, און אַזאַ פּראַקטיק האָט אפילו מצד דעם סענאַט קיין שום דערווידערונגען נישט באַגעגנט (1897).

דער פועל יוצא פון די אַלע רדיפות איז געווען — אַ עקאָנאָמישער חורבן. דער ווירטשאפטלעכער סדר פון יידישן לעבן האָט בכלל אין אָנפאַנג פון ניקאָלאַי II קיניגן איבערגעטראָגן אייניקע פאַרענדערונגען. דאָס יאָר 1894 האָט דער פינאַנצמיניסטער וויטע דורכגעפירט דאָס געזעץ פון מלוכה־מאָנאָפּאָל איבערן האנדל מיט בראָנפן און אַנדערע שאַרפע משקאות. צו־פּאַסנדיק זיך צום געשמאַק פון די הויכע ספערן, האָט ער נאָך אלכסנדר דעם III דערוויזן, אז אַזאַ מאָנאָפּאָל וועט מיטן וואָרצל אונטעררייסן די „יידישע עקספּלואַטאַציע", וואָס איז בעיקר פאַרבונדן מיט דער יידישער שענקער־פרנסה אין שטאָט און דאָרף. האָט מען דעריבער די מאָנאָפּאָל איינגעפירט מיט אַ באַזונדער ענערגיע אין די „יידישע" מערב־גובערניעס, און שוין ביזן 1898 האָבן דאָ אַלע פּריוואַטע געטראַנק־הייזער אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פאַר די מלוכהשע („קאַזיאָנע") וויין־קראָמען, די „מאָנאָפּאָלקעס" אָדער צאַרישע שענקען. צוליב דער דאָזיקער רעפאָרמע זענען געבליבן אָן פרנסה עטלעכע צענדליגג טויזנט יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך געשפּייזט

אָדער דירעקט פון וויין־מסחר אָדער פון פרנסות, וואָס זענען פארבונדן מיט אים — האַלטן אַכסניאַס, תבואה־לאַגערס אין דאָרף, וכדומה. פון מאָראַלישן שטאַנדפונקט וואָלטן אַלע בעסערע עלעמענטן אין דער יידישער געזעל־שאַפט געקאָנט באַגריסן אַזאַ רעפאָרמע, וואָס נעמט אַראָפּ פון פאָלק דעם העסלעכן פלעק — שענקעריי, אַ ירושה פון אמאָליקן פוילן און אוקראַינע. אַליין דאָס ניכטערסטע פאָלק אויף דער וועלט, זענען יידן געווען געשטעלט אין אַזאַ טראַגישע לאַגע, אַז טויזנטער זייעריקע האָבן געמוזט צוליבן שטיקל ברויט דינען פאַר אַ געווער צו פאַרשפּרייטן דאָס שעדלעכע רוסישע שיכּרות. עס זענען נאָך פריש געווען אין זכרון יענע טעג, ווען יידישע שענקען האָבן געדינט פאַר אַ נעסט, וואו עס זענען געבוירן געוואָרן פּאָ־גראָמען קעגן יידן. וואָלטן עקזיסטירט מער אָנגענומענע פרנסה־וועגן, וואָלטן יידן מיט פרייד אָפּגעטראָטן דעם בראָנפן־האַנדל יענע רוסישע שענקערס און באַאַמטע, וואָס האָבן אַליין געהאַט אַ אינערלעכע נייגונג צו בראָנפן. אָבער די רעגירונג האָט געשלאָסן דעם וויין־האַנדל, וואָס האָט געשפּייזט ביי אַ פערטל מיליאָן יידן, און אַפילו נישט אַ טראַכט געטאָן וועגן אַראָפּנעמען די באַגרענעצונגען, וואָס פאַרמאַכן יידן דעם וועג צו נוצלעכע פּראָפעסיעס. געבליבן אָן אַ שטיקל ברויט אין דאָרפישן שענק, האָבן זיך די מאָנאָפּאָל־קרבנות אַ לאָז געטאָן אין די שטעט, און דאָ האָבן זיי זיך געטראָפן מיט אַ מאַסע שטאָטישע קרבנות פון דער זעלבער רעפאָרמע, און אויך מיט דער אָרעמקייט פון קליינהאַנדל און האַנטווערק, וואָס איר קרעכצן האָט זיך גע־טראָגן איבערן ניעמאַן, דניעפּר און ווייסל.

דער האַנטווערקער־ און האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט אין מערב־קאַנט איז אויסגעוואַקסן ביז גאָר. אַ פאָרשער־עקאָנאָמיסט (דער רוסישער פּראָפעסאָר סובאָטין) האָט פאַרצייכנט אַ שרעקלעכן וואוקס פון פויפּעריזם אין יידישן תחום. פון 1894 ביז 1898 האָט זיך די צאָל נויט־באַדערפטיקע יידישע פאַ־מיליעס פאַרגרעסערט אויף 27 פּראָצ. אין 1897 איז די צאָל פערזאָנען אָן באַשטימטע פּראָפעסיעס דערגאַנגען אין אייניקע שטעט ביז 50 פּראָצ.; די צאָל אָרעמע לייט, וואָס האָבן באַקומען קהלשע שטיצע אויף פסח, איז אין די גרויסע שטעט דערגאַנגען ביז 40—50 פּראָצ. פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג 1). אַ סך זענען געווען גרייט זיך צו פאַרנעמען מיט לאַנד־

1) נאָך דער אַלגעמיינער ציילונג פון 1897 איז געווען יידן אין רוסלאַנד מער ווי פינף מיליאָן (5.189.401). פון זיי האָט אין די 15 גובערניעס פון תחום געוואוינט 3.558.060; אין די 10 גובערניעס פון קעניגרייך פוילן — 1.316.576, און אין די אינעווייניקסטע גובערניעס מיט קאַווקאַז און סיביר—ארום 315.000. לויט באַשעפטיגונגען האָט זיך די דאָזיקע באַפעלקערונג אַזוי פאַרטיילט: פון יעדע 100 מענטשן איז געווען פאַרנומען מיט האַנדל (דער חשבון איז געמאַכט אין גאַנצע צאָלן, אָן ברוך־פּראָצענטער) — 39, מיט אינדוסטריע (בעלי־מלאכות, אַרבעטער, אַנגע־

ווירטשאַפט, אָבער צום דאָרף האָט אַ ייד קיין צוטריט נישט געהאַט, איס איז פאַרוועדט געוועזן צו נעמען אין אַרענדע אַפילו איין דעסיאַטינע ערד. מ׳האָט געפרובט זיך משתדל זיין ביי דער רעגירונג, מען זאָל דערלויבן יידן קויפן קליינע חלקים ערד אויף אליין צו באַאַרבעטן, אָבער מ׳האָט באַקומען אַן אָפּזאָג. אין מינסק האָט די שטאָט־אופּראַווע זיך אַנטזאָגט צו פאַרקויפן אַ יידישן פילאַנטראָפּ (פּאָליאַק) אַ חלק אויסערשטאָטישע ערד אויף איינצוּאָרדנען דאָרט אַ לערן־פאַרמע. אַפילו די שילער, וואָס האָבן געענדיקט דעם קורס פון דער שול ביי דער יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער פאַרמע לעבן אָדעס, האָט אויך די רעגירונג נישט דערלויבט צו קויפן קיין שטיקל ערד אויף צו פירן דאָרט אַן אָרענטלעך לעבן אין אַרבעט, ווי זיי האָבן זיך דאָס געגרייט. מיט די זעלבע מיטלען האָט מען אויך געהאַמעוועט, עס זאָל זיך נישט פאַרפּולקאָמען די האַנטווערקער־אַרבעט, וואָס איז ביי יידן געווען שטאַרק פאַרשפּרייט, אָבער געשטאַנען אויף אַ נידריקן טעכנישן ניוואָ. מ׳האָט אַפילו בייזוויליק געשטערט צו אָרגאַניזירן הילף פאַר אַרבעטנדיקע. דער קיעווער מיליאָנער בראָדסקי האָט באַשלאָסן צו עפענען אין קיעוו אַ האַנטווערקער־באַנק, צו העלפן אָרעמע האַנטווערקער אָן אונטערשיד פון גלויבן, און האָט אויף דעם מנדב געווען 120.000 רובל. האָט ער צוגעשטעלט צום באַשטעטיקן אַ באַנק־סטאַטוט; האָט די מאַכט געשטעלט אַ פאָדערונג, אַז דער דירעקטאָר און פאָרזיצער פון באַנק־פאַרוואַלטונג זאָלן נישט אַנדערש זיין קריסטן, און צווישן די מיטגלידער פון פאַרוואַלטונג האָט געקאָנט זיין נאָר איין ייד. אויף דער דאָזיקער חוצפּהדיקער פאָדערונג האָט בראָדסקי געענטפערט: „איך בין אַליין אַ ייד, און קאָן בשום אופן נישט דערלאָזן, אַז אין סטאַטוט פון אַ אַנשטאַלט, וואָס ווערט געגרינדעט אויף מיין געלט און דאַרף טראָגן מיין נאָמען, זאָלן זיך געפינען באַגרענעצונגען פאַר די, וואָס געהערן צו איין גלויבן מיט מיר״. און ער האָט צוריקגעצויגן זיין פאָרשלאַג (1895). קיעוו איז געבליבן אָן אַ האַנטווערקער־באַנק, געליטן האָבן אויך קריסטלעכע האַנטווערקער, דערפאַר אָבער האָט מען יידן געטאָן אַ מאַטעריעלן שאָדן און אַ מאָראַלע באַליידיקונג, — און נאָר דאָס זענען אויסן געווען די יידישע שונאים.

צו מלוכה־דינסט האָט די יידישע אינטעליגענץ קיין צוטריט נישט געהאַט; אָבער אויך פון די פרייע פּראָפעסיעס, צו וועלכע זי האָט געשטרעבט, האָט מען זי מיט אַלערליי מיטלען אָפּגעטריבן. צו אַדוואָקאַטור האָט מען קיין יונגע יוריסטן נישט צוגעלאָזן אויפן גרונט פון אַ געזעץ פון 1889. דער יוסטיץ־מיניסטער פלעגט קיינמאָל נישט דערלויבן צו פאַררעכענען אין

(...שטעלטע) — 46, מיט פרייע פּראָפעסיעס — 5, מיט לאַנדווירטשאַפט — 3, אין דער אַרמיי — 1, און 6 האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטע פּראָפעסיעס.

אדוואָקאַטן-שטאַנד אַ ייִדן, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצן צוגרייט-סטאַזש, און דערפאַר טאַקע איז דער פּראָצענט ייִדן אין אַדוואָקאַטן-שטאַנד געפאַלן פון 14 ביז 9 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל אַדוואָקאַטן. אין 1897 האָט אַ רעגירונגס-קאָמיסיע באַהאַנדלט די פראַגע וועגן איינשטעלן אַ באַגרענעצטע פּראָצענט-נאָרמע פאַר ייִדן אין אַדוואָקאַטור. אין איר פּראָיעקט האָט די קאָמיסיע מאָטיווירט די דאָזיקע באַגרענעצונג מיט מיטלאַלטערלעכע טענות: „די האַלטונג פון אַן אַדוואָקאַט ווערט באַוועגט דורך זיין ווילן, זיין געוויסן, דאָס הייסט דורך יענעם געביט אינעווייניקסטן לעבן, וואָס געפינט זיין אויסדרוק אין רעליגיע; אָבער ביים אָננעמען ייִדן דאַרף מען זיך שרעקן פאַר אָנשויאונגען, וואָס זענען קעגן דער קריסטלעכער מאָראַל, אַזוי ווי דאָס טרעפט געוויינלעך ביים ייִדישן שטאַם". שפּעטער האָבן די אַפּאָסטאָלן פון קריסטלעכער מאָראַל אין יוסטיץ-מיניסטעריום באַשלאָסן, אַז עס איז גלייכער שוין מער אינגאַנצן נישט צוצולאָזן קיין ייִדן-יוריסטן אין אַדוואָקאַטן-שטאַנד. און הונדערטער יונגע יוריסטן, וואָס האָבן געענדיקט אוניווערזיטעט, האָבן אָנגעוואָרן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרנעמען מיט אַ פּראָפעסיע, צו וועלכער זיי האָבן זיך געגרייט. ייִדן-דאָקטוירים האָבן זיך געמוזט פאַרנעמען מיט פּריוואַטער פּראַקטיק, הגם נאָך זייערע פעאיקייטן האָבן אַ סך געוויס געקאָנט פאַרנעמען אַקאַדעמישע אָדער קליניק-שטעלעס. אויף מלוכה-שטעלעס האָט מען זיי נישט צוגענומען. און אפילו די אויטאָנאָמע זעמסטוועס פלעגן זיך אָפּט אָפּזאָגן פון זייער אַרבעט, און אין די געדרוקטע מעלדונגען וועגן איינלאַדן דאָקטוירים פלעגן זיי שטעלן אַ תּנאַי: „אויסער ייִדן".

מיט אייזערנע צוואַנגען האָט מען געדריקט ייִדן ביי שול-בילדונג. אין 1887 האָט מען איינגעפירט אַ לערן-נאָרמע, וואָס האָט געהאַט דעם ציל צו פּטרן די יוגנט, וואָס קלאַפּט אין די טירן פון די לערן-אַנשטאַלטן. אָנפאַנג 1898 האָט דעם פּאָסטן פון פאָלקסבילדונג-מיניסטער פאַרנומען אָנשטאָט דעליאַנאָוון, דער מאָסקווער פּראָפעסאָר באָגאָליעפּאָוו. דעליאַנאָוו פלעגט נאָך אַמאָל אָפּשוואַכן די רשעות פון דער נאָרמע: מ'פלעגט זאָגן, אַז ער קאָן נישט צוזען קיין ווייבערשע טרערן. אין די תּחנונים פון די מאַמעס, וואָס זייערע קינדער זענען נישט אָנגענומען געוואָרן אין שול, פלעגן אים צווינגען דערלאָזן אין די שולן אַ געוויסע צאָל ייִדן אויסער דער נאָרמע. אָבער דער אַנדערער אויף זיין אָרט. — דער פּראָפעסאָר, וואָס איז געוואָרן זשאַנדאַרם פון בילדונג,—האָט שוין פון קיין רחמנות נישט געוווּסט. פאַר זיינע דריי יאָר אַמט איז נישט דערלאָזט געוואָרן נישט נאָר אָפּצוטרעטן פון דער נאָרמע, נאָר פאַרקערט, מ'האָט אָנגענומען מיטלען זי צו קירצן. עס איז געקומען אַ באַפעל אויסרעכענען די פּראָצענט-נאָרמע פאַר ייִדן, וואָס מ'לאָזט אַריין אין אוניווערזיטעט, נישט לויט דער אַלגעמיי-

נער צאָל נייע סטודענטן, נאָר לויט יעדן פאַקולטעט באַזונדער: דערמיט האָט מען געוואָלט באַגרענעצן די יידישע יינגעלייט, וואָס פלעגן בעיקר אָנקומען אויפן מעדיצינישן און יורידישן פאַקולטעט, ווייל אַנדערע פאַקול־טעטן (היסטאָריש־פילאָלאָגישער און פיזיקאליש־מאַטעמאַטישער) האָבן זיי נישט געזיכערט קיין געהעריקע פרנסה. פאַר דער דאָזיקער רשעות פון בילדונגס־מיניסטעריום קעגן דער יידישער יוגנט איז איצט געווען אַזא תירוץ: זי באַטייליקט זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער סטודענטן־באַוועגונג. דער צירקולאַר פון 26 מאַי 1901 האָט געוואוסט צו דערציילן: „די אומרו־ען, וואָס זענען סוף 90־ער יאָרן פאָרגעקומען אין די העכערע לער־אַנ־שטאַלטן, האָבן באַוויזן, אז שולדיק אין די אומרוען זענען מערסטנטייל פערזאָנען פון נישט־רוסישער אָפּשטאַמונג". בעת די סטודענטן־אומרוען האָט מיניסטער באָגאָליעפּאָוו געפּרובט באַרויקן די רעוואָלוציאָנערע סטודענטן מיט אָפּגעבן פאַר סאָלדאטן, — איז ער אַליין געפאַלן א קרבן: אים האָט גע־טראָפן א קויל פון אַ רוסישן טעראָריסט קארפּאָוויטש. אויף זיין אָרט איז געקומען גענעראַל וואַנאָווסקי (1901—1902), וואָס האָט זיך באַמיט צו באַ־רואיקן די אויפגערעגטע יוגנט מיט זיין „הארציקן זאָרגן". נאָר צו יידן האָט ער זיך באַצויגן גאָר אָן הארץ. אַזוי ווי אין אַלע אוניווערסיטעטן האָט מען פאַקטיש אַריבערגעשטיגן די יידישע נאָרמע, האָט ער באַפוילן אויף אַ צייט פאַרקירצן דאָס אויפנעמען יידן. פאַר זיי איז איינגעשטעלט געוואָרן אַזאַ נאָרמע: אין די הויפּטשטעט 2 פּראָצענט (אָנשטאָט פריערדיקע 3 פּר.), פאַר די אוניווערסיטעטן אויסער דעם יידישן תחום 3 פּראָצ. (אָנשטאָט 5), אין תחום 7 פּראָצ. (שטאָט 10). מ'האָט אויך פאַרשאַרפט די באַגרענעצונגען ביים אָנקומען אין גימנאַזיעס, רעאַל־ און קאָמערץ־שולן, און טויזנטער קינ־דער פלעגן בלייבן יאָר־יערלעך הינטער דער שול־שוועל. די אָרעמע קינ־דער פלעגן זיך גרייטן אין דערהיים צום איינטריט־עקזאַמען, פלעגן אים אויסהאַלטן גלענצנד, און מ'פלעגט זיי ענטפערן: אָנקומען קאָנט איר נישט, פאַר אייך זענען קיין וואקאַנסיעס נישטאָ, — אָבער רוסישע קינדער פלעגט מען אין דער זעלבער צייט אָננעמען גערן, כאָטש זיי האָבן ערגער אויס־געהאַלטן די עקזאמענס. כאַראַקטעריסטיש, אז ביים אומברענגען די שול־עלטער־קינדער אין רוסלאַנד — האָט מען אָפּגעהיט פרעהס כלל: „יעדן יינגל זאָלט איר דערטרונקען, אָבער מיידלעך זאָלט איר לאָזן לעבן". אין פרויען־גימנאַזיעס האָט מען לויטן געזעץ יידישע מיידלעך צוגעלאָזט אָן באַ־גרענצונגען, און נאָר אַנטיסעמיטישע דירעקטאָרן פלעגן אין דער פּראַקטיק מאַכן שווער אויך זייער אָנקומען. אפנים, די מענער־בילדונג, וואָס האָט יידן געגעבן אַ מעגלעכקייט צו קאָנקורירן מיט קריסטן אין די פרייע פּראָפע־סיעס, האָט די געזעצגעבער מער באַאומרואיקט, איידער די סאַלאָן־בילדונג פון פרויען.

פאַרבליבן פון יענער זייט שול־טיר, האָט די יידישע יוגנט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט פילן קיין גוטס צו אַ רעזשים, וואָס האָט געקאַלעטשעט איר לעבן. די „עקסטערנעס", וואָס האָבן יאָר־איין יאָר־אויס אָפּגעגעבן די איינטריט־עקזאַמענעס אין פאַרשידענע קלאַסן גימנאַזיע און זענען קיינמאָל נישט אָנגענומען געוואָרן, זענען געווען אויפגערייצט און געטראָגן אין האַרצן אַ שנאה צום רוסישן דעספּאָטיזם. אַ גרויסע מחנה בחורים און פריילינס, נישט אָנגענומענע אין הויך־שול, האָבן פאַרפולט די אוניווערסיטעטן און ספּעציעלע שולן אין אויסלאַנד — אין דייטשלאַנד, שווייץ, פראַנקרייך און איטאַליע. אַ גרויסער טייל פון דער דאָזיקער יוגנט פלעג שפּעטער זיך אומקערן אַהיים גאַנץ גוט צוגעגרייט צום אָנטייל אין דער רעוואָלוציע. אָט דאָס האָט געפועלט מיט אירע גרויזאַמקייטן די רעגירונג, וואָס האָט דעם ציל פון איר עקזיסטירן געזען אינם באַקעמפן די רעוואָלוציאָנערע אידעען.

די אָפיציעלע יידנפיינטשאַפט האָט אויפגעמונטערט די רוסישע רעאַקציאָנערע פּרעסע, און זי האָט פאַרשטאַרקט איר העצע קעגן יידן. די ווילדע צענזור האָט געשטיקט יעטוועדעס פריי דרוקוואָרט. אָבער דער יידנפיינטלעכער פּרעסע האָט זי געלאָזן פולע פרייהייט פון פּראָפּאַגאַנדע. דער אַממערסטן פאַרשפּרייטער האַלב אָפיציאָזער צייטונג „נאָוואָיע וורעמיאַ" און ענלעכע בלעטער אין די קרוינשטעט און אין פּראָווינץ איז אַלץ געווען דערלויבט: טרייבן רכילות אויף דער יידישער אמונה, אויפן גאַנצן יידישן פאָלק. אַ סך אַרטיקלען אין די אַנטיסעמיטישע צייטונגען האָבן זיך ווייניק אונטערשיידט פון פּראָקלאַמאַציעס, וואָס האָבן גערופן דאָס פעבל צו פּאָגראָמען. איבעריקנס, די בעסטע פּאָגראָמען־פּראָפּאַגאַנדע איז געווען די פּאָליטיק פון דער רעגירונג גופא: די רוסישע באַפעלקערונג האָט געזען, ווי מען טרעטירט אָן אויפהער יידן, אַזוי ווי פאַרברעכער, וואָס מ'האָט ביי זיי צוגענומען אַלע רעכט; ווי מען מאַכט „אָבלאַוועס" איבער די, וואָס וואוינען אומגעזעצלעך; ווי מען מאַכט חוזק איבער יידישע קינדער פון שול־עלטער, — און עס האָט איר דורכגעדרונגען די איבערצייגונג, אַז אויסוואָרצלען יידן — איז אַ העכסט פּאַטריאָטישע זאַך, וואָס איז אָנגענעם דעם קיסר און דער רעגירונג. ביי גאָר געוויינלעכע עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע צוזאַמענשטויסן — האָבן אַזעלכע פאַרשטעלונגען זיך געמוזט פאַרוואַנדלען אין פּאָגראָם־מעשים. איז טאַקע סוף 90־ער יאָרן ווידער אין דרום־רוסלאַנד דורכגעלאָפן דער שאָטן פון 1881. דעם 18 און 19 פעברואַר 1897 איז אין שטעטל ש פּ אָ ל ע (קיעווער גובערניע) פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, וואָס „נאָוואָיע וורעמיאַ" האָט אים אַזוי באַשריבן: „דריי אַ זייגער ביי טאָג האָט זיך אַ גרויסער המון פּויערים אַריינגעגאָסן אין אונזער שטעטל און ביז אַ פאָדעם צערויבט קראָמען, הייזער און סחורה־לאַגערס, אויסשליסלעך אַזעלכע

וואָס געהערן צו יידן. אַ מאַסע רייכע געוועלבער, קליינע קרעמלעך און הונדערטער הייזער האָט דער המון צעראַבירט, ער האָט געאַרבעט מיט עפּעס אַ סטיכייאישער קראַפט און אַלץ, וואָס ער האָט געטראָפן אויפן וועג, איז פאַרניכטעט געוואָרן. שפּאַלע, וואָס איז באַרימט מיט איר בליענדיקן מסחר און איינגעאָרדנטקייט, שטעלט איצט פאָר אַ בילד פון אַ שטאָט, וואָס איז דורכן שונא פאַרוויסט געוואָרן. זיכער, אַז די אומרוען זענען פריער געווען צוגעגרייט. די אָרטיקע יידן האָבן מיט פיר טעג פריער געוואוסט וועגן דעם אומגליק, וואָס שטייט פאָר, זיי האָבן גערעדט וועגן דעם מיטן סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו, אָבער ער האָט זיי באַרויקט און געזאָגט, אַז עס וועט גאָרנישט זיין". אין צוויי חדשים אַרום (דעם 16—17 אַפּריל) איז פּונקט אַזאַ פּאָגראָם פאָרגעקומען אין שטעטל קאַנטאַקוזענקע, כערסאָנער גובערניע. איןביידע שטעטלעך האָבן זיך באַוויזן די גובערנאַטאָרס מיט מיליטער-אָפּטיילן שוין נאָך דעם ווי אַ״ך האָט זיך פאַרענדיקט. מ׳האָט אַ סך אַרעסטירט, איבערגעגעבן צום געריכט. אין ביידע פּראָצעסן האָט מען פאַרמשפּט העכער 60 מאַן צו תּפיסה פון 8 ביז 14 חדשים. איינער פון די פאַרמשפּטע, אַן אוקראַינער פּויער, האָט דאָס בשום אופן נישט געקאָנט באַגרייפן: „ס׳טייטש, האָט ער געטענהט, מ׳האָט געזאָגט, אַז מען מעג שלאָגן יידן, ווייזט זיך אַרויס — ס׳איז אַ ליגן".

צו אַ גרויסן פּאַסכאַ-פּאָגראָם, וואָס האָט זיך געצויגן דריי טעג (19—21 אַפּריל 1899), האָט מען אויך דערלאָזט אין דעם דרום-האַפן ניקאָלאַיעוו. אַ המון כוליגאַנעס פון עטלעכע טויזנט מאַן האָט געראַבעוועט יידישע געוועלבער און דירות, פאַרניכטעט און געריבט דאָס פאַרמעגן, פּאָליציי און קאָזאַקן זענען נעבעך געווען „צו-שוואַך". אויפן דריטן טאָג האָט זיך אין שטאָט אַריין אַ לאָז געטון אַ צענדליק-טויזנדיקע מאַסע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, כדי צו פאַרנעמען אויף פורן דאָס אָנגעראַבעוועטע גוטס, אָבער זי האָט פאַרשפּעטיקט: קאָזאַקן און זעלנער האָבן באַקומען אַ באַפעל איבערצורייסן די פּאַטריאָטישע פאָרשטעלונג און צעיאָגן די אָנטייל-נעמער. די צערייצטע פּויערים, וואָס האָבן זיך געמוזט אומקערן אהיים מיט ליידיקע פורן, האָבן חרוב געמאַכט הינטער דער שטאָט דעם יידישן בית-עולם, און דערנאָך זיך געלאָזט איבערן געגנט און געמאַכט פּאָגראָמען אין די דאָרפס-ערטער. אין דער יידישער לאַנדווירטשאַפט-קאָלאָניע נהר-טוב (נאַהאַרטאַוו) האָט מען חרוב געמאַכט און צעריבט אַלע הויפן, מ׳האָט פאַרניכטעט ערדאַרבעט-מאַשינען. דער רוסישער פּויער האָט חרוב געמאַכט דעם יידישן. אין די שכנותדיקע קאָלאָניעס האָבן די פּיזיש שטאַרקע יידן פאַריאָגט די רויבערס. דאָס מאָל איז פון פּעטערבורג געקומען אַ באַפעל, מען זאָל אָפּשטעלן די פּאָגראָם-באַוועגונג. עס האָט דאמאָלסט געהאַלטן ביים עפענען די אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ אין האַאַג (6—8 מאַי), צונויפגע-

רופן אויף דער איניציאַטיוו פון רוסישן קיסר צו באַטראַכטן די פּראָגע וועגן פאַרקירצן די באַחאַפּנונגען. איז געווען נאַטירלעך, מ׳זאָל דערביי א טראַכט טאָן וועגן אַנטוואָפּענען די פּאָגראָם־באַנדעס אין דער אייגענער מלוכה פונם צאַר, וואָס האָט אָנגעטאָן א מאַסקע פון א רודף־שלומניק.

אז ביי א גוטן ווילן האָט די אַדמיניסטראַציע געקאָנט נישט דערלאָזן צו קיין פּאָגראָמען, איז צו זען פון דעם, מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט מען האָט שפּעטער אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם אין פּוילישן טשענסטאָכאָוו (19 אויגוסט 1902). אין דעם דאָזיקן נעסט פון פּוילישן קלעריקאַליזם, וואָס מאַסן קאַטוילן פלעגן זיך אַהין צונויפקומען מתפּלל זיין צו גאָטס מוטער אויף דער יאַסנע גורע, איז א פּשוטער געשלעג אויפן מאַרק אונטערן איינפלוס פון העצערס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ אָנפאַל פון אַ המון 15 טויזנט פּאָליאַקן אויף דער יידישער באַפעלקערונג. ס׳האָבן זיך געלאָזט הערן אויסרופן: „שלאָג די יידן, מ׳וועט אונז גאָרנישט טאָן!". אָבער דאָ האָבן די כוליגאַנעס א טעות געהאַט אין חשבון: קיין גרויס ליבשאַפט האָט די מאַכט נישט געהאַט צו פּאָליאַקן — זיי זענען דאָך געווען פיינטלעך סיי צו יידן, סיי צו „מאָסקאַלן". און דער פּאָגראָם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער פרי, איז שוין צום אָוונט דורכן מיליטער איבערגעריסן געוואָרן. אויפן געריכט האָט דער פּראָקוראָר געפאָדערט פאַר די שולדיקע שטרענגע שטראָף, און דאָס געריכט האָט אַ סך פאַרמשפּט צו אַרעסטאַנטן־אָפּטיילונג און אפילו באַפרידיקט די ציוויל־פאָדערונגען פון יענע יידן, וואָס זייערע הייזער האָט מען צעשטערט, — אַ זאַך, וואָס פלעגט טרעפן אין ענלעכע פּראָצעסן זייער זעלטן.

פון אַ זיווג צווישן פּוילישער יידנפיינטשאַפט מיט רוסישער — איז אין ווילנע געבוירן געוואָרן אַ פאַרזעעניש: בלאָנדעסעס ריטואַל־פּראָצעס. די פּוילישע דינסט אין פריזיר־אַנשטאַלט פון דוד בלאָנדעס, וועלכע איז געוואָרן א געווער אין די הענט פון אַבערגלויביקע קסיאָנדזן, איז אין איינעם אַ מערץ־אָוונט (1900) אַרויסגעלאָפן אין הויף מיט אַ געשריי, אַז דער באַלעבאָס האָט איר געמאַכט אַ וואונד, כּדי אויסצוצאַפּן בלוט צו דער מצה. די קריסטן, וואָס זענען זיך צונויפגעלאָפן און דערזען די ריצן ביי דער דינסט אויף די הענט און האַלז, האָבן אָנגעשלאָגן בלאָנדעסן. דעם מכלומרשטן פאַרברעכער האָט מען פאַרנומען אין געפענגעניש, און די אויספאָרש־מאַכט האָט לאַנג געזוכט די פעדעם פונם פאַרברעכן. אין דער ערשטער אינסטאַנץ האָט דאָס געריכט פעסטגעשטעלט די פאַרוואונדונגען, און לאָזנדיק אָן אַ זייט דעם ריטועלן מאָטיוו, האָט מען פאַרמשפּט בלאָנדעסן צו תּפיסה. בלאָנדעסעס פאַרטיידיקער (דער באַרימטער אַדוואָקאַט אָ. גרוזענבערג) האָט דערלאַנגט אַ קאַסאַציע, כּדי צו פאַנאַנדעריאָגן דעם נעפּל פון ריטועלער לעגענדע, וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם דאָזיקן פּראָצעס. די זאַך

האָט זיך אים איינגעגעבן: דער סענאַט האָט דעם ענין אומגעקערט, מ׳זאָל אים פון דאָס ניי באַטראַכטן אין ווילנער קרייז־געריכט, און דאָס געריכט פון געשוואוירענע, וואָס האָט אויסגעהערט די געלערנטע עקספערטן און די גלענצנדיקע רעדעס פון דער פאַרטיידיקונג, האָט אַרויסגעטראָגן בלאָנדעסן אַ באַפרייאונגס־אורטייל (פעברואַר 1902). דעם געפאַנגענעם האָט מען באַפרייט, און דער געשפּענסט פון אַ „ריטועלער דרייפוסיאַדע" איז אויף אַ צייט פאַרשוואונדן.

## 37. נאַציאָנאַלע באַוועגונג און ליטעראַרישער רענעסאַנס

משך צוויי יאָרצענדלינג האָט דער האַמער פון פּאָליציי־מלוכה געשלאָגן איבערן קערפּער פון פינפמיליאָניקן פאָלק, אָבער צום סוף האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער שווערער האַמער האָט נישט געבראָכן, נאָר גאָר האַרטער געשמידט דעם אייזערנעם אָרגאַניזם פון דער נאַציע אין איר אומצעשטערלעכן גייסטיקן מהות. פריער האָט זיך געדוכט, אַז אונטער די דאָזיקע קלעפּ ווערט פּוגם יידנטום אַ אומפאַרמיקע מאסע; ס׳זענען געווען מינוטן פון ני־דערגעשלאָגנקייט און יאוש, מ׳האָט נישט געזען קיין אויסוועג אינם אָנגעקומענעם כאַאָס; שפּעטער זענען אין דער געזעלשאַפט אנטשטאַנען אומקלאָרע שטימונגען, מטושטשדיקע שטרעבונגען צו זעלבסטהילף און אינעווייניקסטן נאַציאָנאַלן אויפלעב. אַזאַ איבערגאַנג־צושטאַנד האָט זיך געצויגן משך די 80־ער יאָרן און ערשטע העלפט 90־ער יאָרן. אָבער צוביסלעכווייז האָבן פונם כאַאָס געזעלשאַפטלעכע שטימונגען זיך אָנגעהויבן אויסטיילן שטריכן פון באַשטימטע נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ריכטונגען. איינע פון זיי האָבן אָנגענומען דעם געשטאַלט פון פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, אַנדערע — די פאָרם פון דאָקטרינעס אָדער פּראָגראַמען, וואָס האָבן באַאיינפלוסט די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. דאָס רוסישע יידנטום איז געווען דער הויפּט־קוואַל פון יענער נאַציאָנאַלער אויפלעב־באַוועגונג, וואָס האָט זינט 1897 פאַרכאַפּט די מוחות אויף מזרח, מערב און אין ווייטן גלות פון יענער זייט אָקעאַן. די ציוניסטישע קאָנגרעסן פלעגן זיך צונויפקומען אויסער די גרענעצן פון רוסלאַנד, ווייל די פּאָליצייאישע באַדינגונגען אין רוסלאַנד האָבן נישט צוגעלאָזן קיין אָפענע טעטיקייט פון אַזאַ אַלוועלטלעכער אָרגאַניזאַציע; אויב אָבער דער קאָפּ פון פּאָליטישן ציוניזם איז געווען אין מערב, איז זיין האַרץ געווען אין מזרח, וואו דער נאַציאָנאַלער דופק האָט שטאַרקער געקלאַפּט. משך אַ ריי יאָרן, די צייט פון די ערשטע באַזעלער קאָנגרעסן, האָט זיך איבערן יידישן תחום געטראָגן עפּעס אַ פרילינג־געדויש, אַ ענלעכע שטימונג האָט מסתמא געהערשט מיט יאָרן צוריק אין דייטשלאַנד און האָלאַנד, ווען אין סמירנאַ און קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז אַרויסגעטראָטן שבתאי־צבי (1666—1668). אומעטום האָבן

זיך געבילדעט קרייזלעך, מ׳האָט געקליבן פּאַרטיי־שקלים און פאַרקויפט אַק־
ציעס פון קאָלאָניאַל־באַנק, מ׳האָט געפירט וואַלן פון דעלעגאַטן צו יעדן
קאָנגרעס, באַטראַכט דיפּלאָמאַטישע סודות — הערצלס אונטערהאַנדלונגען
מיטן סולטאַן, מיט ווילהעלם II און אַנדערע מאַכטהאָבער וועגן אָפּטרעטן
פּאַלעסטינע, ס׳האָבן זיך געפירט הייסע וויכוחים צווישן גלידער פון באַזונ־
דערע ציוניסטן־פראַקציעס. דאָס אַלץ האָט אָפּגעלענקט דעם געדאַנק פון די
שטיקנדיקע טאָג־טעגלעכע צרות. עס האָט באַלויכטן און דערוואָרעמט די
נשמה אינם חושך־מצרים. די אַנטוישונגען, וואָס זענען שפּעטער געקומען,
האָבן נישט אָפּגעשטעלט די נאַציאָנאַלע באַוועגונג: זי האָט זיך פאַר דער
צייט פאַרטיפט, אויסגעאַרבעט קאָרעקטיוון צום פּאָליטישן ציוניזם און אַרויס־
געפירט דעם געזעלשאַפטלעכן געדאַנק אויפן ברייטן שליאַך פון זעלבסטע־
טיקייט אין גלות. אַלע ריכטונגען פון נאַציאָנאַלן געדאַנק, וועגן וועלכע עס
האָט זיך אויבן גערעדט (§§30—35), האָבן געפונען אַ בולטע אָפּשפּיגלונג
אין דער יידישער ליטעראַטור. נאָך דער צייט פון דערשלאָגנקייט אין די
80־ער יאָרן, איז די דאָזיקע ליטעראַטור שטאַרק אויפגעלעבט געוואָרן
און אַרויסגערוקט אַ רייע שעפערישע כוחות — אַנזאָגער פון ליטעראַרישן
רענעסאַנס.

דאָס לעצטע יאָרצענדלינג פון 19־טן יאָרהונדערט לאָזט זיך באַמערקן
אַזאַ דערשיינונג פון גרויסער באַדייטונג: די נייע ליטעראַטור פאַרלירט אַלץ
מער איר אינטעליגענטישן, קרייזל־כאַראַקטער און ווערט נענטער צום לעבן,
צוגענגלעכער פאַרן מאַסן־לייענער. די פריערדיקע השכלה־ליטעראַטור
איז געווען צו עלעמענטאַר־דידאַקטיש; זי איז געווען אַן איבערגאַנג־שטופּע
פון דער טויטער רבנישער ליטעראַטור צו די באַנייטע פאָרמען פון נאַציאָ־
נאַלער שפּראַך און מאָדערנע לעבנס־פראַגן. לכתחילה איז די ליטעראַטור
אויפן באַנייטן העברעאיש געווען אַ סך הינטערשטעליק לויטן אינהאַלט אין
פאַרגלייך מיט דער יידישער ליטעראַטור אויף דער רוסישער שפּראַך, וועלכע
איז אויסגעוואַקסן אין די 80־ער יאָרן ווי אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע קראַפט,
ווי אַ מיינונג־אויסדרוק פון אַ אייראָפּעאיש־געבילדעטן קלאַס. געווען אַ מאָ־
מענט, אַז די ליטעראַטור פון דער אינטעליגענץ אויף דער מלוכה־שפּראַך,
וואָס איז געווען פאַר די מאַסן נישט צוגענגלעך, האָט פאָרט געהאַט איבער־
האַנט און אפילו אַרויסגערוקט איר נאַציאָנאַלן פּאָעט פרוג, פריער, איידער
די ליטעראַטור אויף דער נאַציאָנאַלער שפּראַך האָט אַרויסגערוקט ביאַליקן.
דאָס האָט זיך געלאָזט דערקלערן דערמיט, וואָס די אייראָפּעאיזירטע אינ־
טעליגענץ האָט שנעלער רעאַגירט אויף פּאָליטישע און קולטורעלע קריזיסן,
איידער די פאָלקס־אינטעליגענץ פון אַלטן שניט. די געזעלשאַפטלעכע אויפ־
לעבונג פון דער ליטעראַטור אויף דער אַלטער שפּראַך איז געקומען נישט
אין ערשטן, נאָר אין צווייטן יאָרצענדלינג רעאַקציע, אין די 90־ער יאָרן;

פון דאַמאָלסט איז שנעל אַוועק פאָרויס [illegible] צופּאַסן די שפּראַך גופא צו מער קאָמפּליצירטע פאָרמען פון דענקען. אין דער זעלבער צייט וואַקסט די ליטעראַטור אויף דעם פאָלקס שפּראַך יידיש; לכתחילה איז זי נישט אָנער־קענט, — זי איז עפּעס אַזוי ווי אַ נישט־געזעצלעך קינד, — אָבער שפּעטער רייסט זי זיך אַלץ מער אַריין פון לעבנס־שטייגער — געביט, פון דער סטאַטיק — אין געביט פון געזעלשאַפטלעכער דינאַמיק.

פריער פאַר אַלץ האָט אויפגעלעבט די פּעריאָדישע פּרעסע. צום אָנ־פאַנג 90־ער יאָרן זענען שוין די וואָכנטלעכע העברעאישע בלעטער געוואָרן טעגלעכע פּאָליטישע צייטונגען פון אייראָפּעאישן טיפּ („המליץ" אין פּעטער־בורג און „הצפירה" אין ווארשע). אין עטלעכע יאָר אַרום ווערט אויפן אָרט פון די וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישע זאַמלביכער. וואָס פלעגן אַרויסגיין איין מאָל אין יאָר, אַ חודש־זשורנאַל „השלח". אַ מער לעבעדיקער, וואָס רופט זיך אָפּ אויף פראַגן פון טאָג (ער דערשיינט פון 1896 אין אָדעס אונטער דער רעדאַקציע פון אחד־העם: פון 1903 איז רעדאַקטאָר — י. קלויזנער); דער דאָזיקער זשורנאַל האָט אויף דער וועלט־אָנשויאונג פון דער נאַציאָנאַלער יוגנט—אויפן גרעניץ פון 19 און 20 יאָרהונדערטן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. די ליטעראַטור אויף יידיש. וואָס פריער האָט זי זיך באַשיידן אויפגעהאַלטן בעיקר אין יאָר־ביכער (ספּעקטאָרס „הויז־פריינד". שלום־עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" און פּרצס „יידישע ביבליאָטעק"). האָט איצט באַקומען אַ לעבעדיקן וואָכנטלעכן אָרגאַן („דער יוד" אין וואַרשע, 1899—1902) און לסוף די ערשטע טעגלעכע צייטונג („דער פריינד" אין פּעטער־בורג, פון 1903), וואָס נאָך איר איז געקומען אַ צעטל נייע רירעוודיקע צייטונגען אין ווארשע און אין אַנדערע צענטערן פון תחום. דער אַמאָליקער קאַמפּס־אָרגאַן פון עמאַנסיפּאַציע „וואַסכאָד" (וואָכנטלעכע און חודשדיקע אויסגאַבע) איז אַלץ מערער צוגעשטאַנען צו דער נאַציאָנאַלער ריכטונג, און די צווייטע פּעטערבורגער וואָכנבלאַט אויף רוסיש „בודושטשנאָסט" (צו־קונפט, 1899—1903) — צו ציוניזם. אָבער עס איז געווען באַשיינפּערלעך, אַז די העגעמאָניע האַלט אין אַריבערגיין פון דער דאָזיקער אינטעליגענטי־שער ליטעראַטור — צו יענער. וואָס האָט אומפיטלבאַר געווירקט אויפן מאַסן־לעזער דורך דער אַלטער ספרים־שפּראַך און דורך דעם לעבעדיקן פאָלקס־לשון.

אין דער אידעאישער פּובליציסטיק האָט דאַמאָלסט געהערשט אחד־העם, וואָס זיין סיסטעם איז אויבן איבערגעגעבן (§ 33). ער האָט רעאַגירט אויף די ברענענדיקע פראַגן פון טאָג און זיך אויך פאַרנומען מיט די אייביקע פּראָבלעמען פון יודאַאיזם, ריכטיקער — ער האָט איינע און די אַנדערע צונויפגעבונדן אין איין אָרגאַנישעס גאַנצעס. אין אַ קייט עוואָלוציע. זיינע אַרטיקלען, צונויפגענומען אין דריי בענד פון זיין בוך „על פרשת דרכים"

(אויפן שיידוועג, 1895—1904), האָבן געפונען אַ וועג צום מוח און הארצן פון יענעם לעזער, וואָס איז געשטאַנען אויפן שיידוועג און נישט געוואוסט, וואו צו גיין: מיטן וועג פון דער פריערדיקער איינזייטיקער השכלה אָדער פונם נייעם סינטעז הומאַניזם און נאַציאָנאַליזם. אין דער פּראַקטישער צייטונגס־פּובליציסטיק האָט זיך אַרויסגערוקט אַ טאַלאַנטפולער זשורנאַליסט נחום סאָקאָלאָוו, דער רעדאַקטאָר פון וואַרשעווער „הצפירה", וואָס איז נאָך אייניקע וואַקלונגען צוגעשטאַנען צום פּאָליטישן ציוניזם. אויפן גרענעץ פון פּובליציסטיק און ליטעראַרישער קריטיק האָבן פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט דוד פרישמאַן און מיכה־יוסף בערדיטשעווסקי. דער ערשטער האָט אין זיינע טאַלענטירטע קריטישע אַרטיקלען אַנטוויקלט דעם עלעמענט אייראָפּעאיזאַציע אין דער יידישער ליטעראַטור, און אין זיינע דערציילונגען און פּאָעמעס, טיילווייז איבערזעצונגען, האָט ער פאַרפולקאָמט דעם נייעם סטיל אין העברעאיש. דער צווייטער האָט אריינגעפירט ניטשע־אַנישע אידעען און פּראָטעסטירט קעגן דעם דערדריקן דעם „מענטשן" אינם יידן, קעגן דעם, וואָס אין דער יידישער קולטור הערשט דער ספּיריטועלער יסוד איבערן מאַטעריעלן. בערדיטשעווסקיס פּען געהערן אויך דערציילונגען, וואָס שילדערן די פּרימיטיווע שלמות פון דער אַלטער חסידישער וועלט, אַ קאָנטראַסט פון דער נשמה־צעשפּאָלטנקייט ביים מאָדערנעם אינטעליגענט. דער זעלבער אַלטער נישט געריררטער שטייגער מיט זיין „ליכטיקייט אין האַרצן און פינסטערניש אין מוח" — איז געשילדערט אין די „חסידישע דערציי־לונגען" (ספורי חסידים) פונם בעסאַראַבער שרייבער יהודה שטיינ־בערג (געשטאָרבן אין 1908). די גרופּע יונגע נאָוועליסטן (בן־אביגדור, ש. בן־ציון, ברענער א. אַ.) האָט זיך געהאַלטן בעיקר ביי דער רעאַליסטי־שער ריכטונג, אָבער ביי אייניקע האָט זיך שוין געפילט אַ נטיה צו נייעם סימבאָליזם.

גרויסע שעפערישע קרעפטן אויפן געביט פון דער רעאַליסטישער נאָ־וועלע זענען אַריבער צו דער „זשאַרגאָנישער" ליטעראַטור, דאָ האָבן זיי נישט געהאַמעוועט די צוימען פון דער אַלטער שפּראַך און זיי האָבן געקאָנט שילדערן דאָס לעבן פון דער מאַסע אויף איר אמתער אומגאַנגשפּראַך. אַזאַ וועג האָט דורכגעלייגט דער וועטעראַן אין דער שענער ליטעראַטור ש. י. אַבראַמאָוויטש אָדער מענדעלע מוכר ספרים (פריערדיקער באַנד, § 46). אין דער תקופה האָט ער פונאַנדערגעוויקלט די גאַנצע קראַפט פון זיין טאַלענט. זיין ראָמאַן „דאָס ווינשפינגערל", אויף דאָס ניי באַאַרבעט, איז אַ רייך בילד פונם לעבן פון די יידישע מאַסן בעת ניקאָלאַי 1 און דער שפּעטערדיקער השכלה־צייט. געשריבן האָט עס דער אויטאָר גלייכצייטיק אויף יידיש און אויף העברעאיש („בעמק הבכא" אין זשורנאַל „השלח" פון 1896); פאַר דער ענגער תנך־שפּראַך האָט ער זיך געוועהרט דורך דעם, וואָס ער האָט

זי פֿאַרברייטערט מיט דער הילף פֿון אויסדרוק און טערמינען פֿון דער
שפּעטערדיקער ליטעראַטור. צו דער דאָזיקער עפּאָפּעע פֿון עבר קומט נאָך
צו די גרויסע אויטאָביאָגראַפֿישע דערציילונג „שלמה ר׳ חיימס״, — אַ באַ=
צויבערנדיקן איינדרוק מאַכט אין איר דאָס פֿאַראייניקן עפּאָס מיט ליריק.
אין אַ ריי דערציילונגען, וואָס שילדערן דעם געזעלשאַפֿטלעכן תּוהו=ובוהו
פֿון דער נייסטער עפּאָכע פּאָגראָמען און עמיגראַציע=באַוועגונג (בימי הרעש,
בישיבה של מטה א. אַ.), קומט אויפֿן אָרט פֿון דער ליריק פֿון יוגנט=
זכרונות — הומאָר אָדער טרויעריקע איראָניע: דער קינסטלער, אַליין אַ טוער
פֿון השׂכּלה=צייט, האָט נישט געפֿונען קיין וועג אינם דאָזיקן תּוהו=ובוהו, וואָס
פֿון אים זענען אַרויס די נייע אידעאישע ריכטונגען.

אַ האַלבער יאָרהונדערט שאַפֿנדיקע אַרבעט האָט אַבראַמאָוויטשן
געבראַכט דעם טיטל „דער זיידע״ פֿון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט
שוין געקאָנט זען דעם גלענצנדיקן דערפֿאָלג פֿון זיינע ליטעראַרישע קינדער
און אייניקלעך, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער יידישער ליטעראַטור.
דער באַגאַבטער הומאָריסט ש ל ו ם ע ל י כ ם (שלום ראַבינאָוויטש, געבוירן
אין פּערעיאַסלאַוו אין 1859, געשטאָרבן אין ניו=יאָרק אין 1916) האָט געלאָזט
הערן זיין געלעכטער אינם טרערן=טאָל פֿון יידישן תּחום. לכתּחילה האָט ער
געפּרובט זיינע כּוחות אין פּסיכאָלאָגישן ראָמאַן („סטעמפּעניו״, „יאָסל סאָ=
לאָוויי״) — ער האָט געוואָלט שאַפֿן אַ קעגנגעוויכט קעגן די סענסאַציאָנעלע
שונד=ראָמאַנען פֿון שמ״ר — שייקעוויטש און אַנדערע „זשאַרגאָנישע״ מחברים.
אינגיכן אָבער האָט ער געפֿונען זיין אמתן וועג — פֿון אַ לעבנסבאַשרייבער
הומאָריסט. אין קורצע נאָוועלן, וואָס קייטלען זיך אין גרעסערע סעריעס
אונטערן נאָמען פֿונם דערציילער דעם הויפּט=העלד („מנחם=מענדל״, „טוביה
דער מילכיקער״), שילדערט ער די פּראָסט=פּשוטע טיפּן איינוואוינער פֿון
מאַזעפּעווקע און כּתריאלעווקע — די טיפּישע שטעטלעך פֿון תּחום, — ווי אַזוי
זיי זעען אויס אין זייערע אָרעמע פּאַטריאַרכאַלע נעסטן און אין די גרויסע
שטעט, וואוהין אייניקע פֿון זיי קומען זוכן אַ שטיקל ברויט. אַ נאַאיווער,
פֿריילעכער קבצן, וואָס שאַצט אָפּ אַלע וועלט=דערשיינונגען פֿון דער הייך
פֿון זיין הויפֿן מערעשקעס, אָדער וואָס דערציילט מיט אַ גוטמוטיקן געלעכ=
טער וועגן זיינע צרות, — אָט דאָס איז דער באַליבטער העלד שלום=עליכמס.
„קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות״, טראַגיקאָמישע וואַנדערער פֿון
געטאָ אין געשטאַלט פֿונם לופֿט=מענטשן מנחם=מענדל און „לאַכנדיקע פֿילאָ=
זאָפֿן״ אינדער פּערזאָן פֿון טוביה דעם מילכיקן, — אָט די אַלע מענטשן מיט
זייער חסידישן בטחון, מיטן געמיש פֿון רעזיגנאַציע און אָפּטימיזם, זענען
עס יענע פּאַסיווע העלדן, וואָס מיט זייער גייסטיקן אויסדויער האָט זיך עס
געהאַלטן דאָס פֿאָלק אינמיטן זיינע ביישפּיללאָזע צרות. אויך דאָ ציט דער
אַלטער שטייגער צו דעם קינסטלערס אויפֿמערקזאַם מער, ווי די נייע באַ=

וועגווגען און אויפטרייסלונגען, וואָס האָבן דעם דאָזיקן שטייגער אונטערגעגראָבן אין די העכערע שיכטן געזעלשאַפט.

דער סאַמע ערנסטער פאָלקס־שרייבער פון יענער צייט, י. ל. פּ ר ץ (געבוירן אין זאַמאָשטש אין 1851, געשטאָרבן אין וואַרשע אין 1915), האָט זיינע ערשטע דערציילונגען און פּאָעמעס געשריבן אין מוסר־גייסט פון השכלה־עפּאָכע. ער שטעלט פאָר טיפן פיגסטערע מענטשן אין פּוילן, וואָס זענען היפּנאָטיזירט דורך חסידות, בטלנים אָן באַשעפטיגונגען, וואָס וואַרפן אַרויף דעם גאַנצן עול פון פאַמיליע־יענזאָרג אויף זייערע מער פּראַקטישע ווייבער, ער דעקט־אויף סאָציאַלע קראַנקהייטן — דאָס עקספּלואַטירן אַרבעטער דורך די בעלי־בתים און דאָס טרויעריקע בילד פון הונגערנדיקע מאַסן לעבן די ווייניקע זאַטע („ערציילונגען און בילדער", „רייזעבילדער" א. א.). אָבער צוביסלעכווייז גייט ער אַריבער פון סאָציאַלע דערשיינונגען צו אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען, פון רעאַליזם און סאַטירע צו סימבאָליזם און צו דער זעלבער חסידישער ראָמאַנטיק, וואָס ער האָט זי פריער געשטעמפּלט. אונטערן מיסטישן לבוש געפינט ער דאָ שפּורן פון טיפער וועלט־באַנעמונג און ער באַשאַפט זיין קולט פון אַ צדיק—אַ שלימותדיקער האַרמאָנישער נאַטור, וואָס שטייט איבער דעם וואָכעדיקן לעבן און באַצויבערט דערפאַר יעדן, וואָס וויל זיך אָפּרייניקן פון לעבנס־זומפּ. פּרצס „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" שטעלן פאָר אַ פּאָעטישע באַאַרבעטונג פון חסידישע מעשיות, וואָס די אטמאָספערע פון יידישן פּוילן איז נאָך אָנגעזעטיקט מיט זיי. אויב דער רעאַליסט שלום עליכם שילדערט מיט גוטמוטיקן הומאָר דעם אויסערלעכן שטייגער פון יידישן שטעטל און זיינע נאַאיווע פאָרשטעלונגען, איז פּרץ, דער סימבאָליסט, באַלויכט דעם פאָלקס נשמה גופא, אַזוי ווי זי ווייזט זיך ארויס אין די נאַאיווע פאָרשטעלונגען, איגם סוביעקטיוון וועלט־באַנעם פון די פשוט־פרומע מענטשן, וואָט אנטהאַלט אין זיך אָפּט מער אינעווייניקסטן אמת, ווי די נייע אָביעקטיווע קלוגשאפט פונם יאָרהונדערט. דאָ האָט זיך ווידער דער מאָדערנער אינטעלעקט צונויפגעגאָסן מיטן פאָלקס עמאָציע אין עפּעס א העכערן פּאָעטישן סינטעז.

מיט מער אוממיטלבארקייט, ווי יענע צוויי שרייבער, האָט די עפּישע ש נקייט פונם פּאַטריאַרכאַלן שטייגער באַנומען דער יונגסטער שרייבער פון דער עפּאָכע שלום אש (געב. אין קוטנע, וואַרשעווער גובערניע, אין 1881). זיין דערציילונג „א שטעטל" (1904), וואָס הייסט „פּאָעמע" אָבער איז אָנגעשריבן מיט געוויינלעכער פּראָזע, שילדערט דאָס לעבן פון אַ טיפּיש יידיש שטעטל אין פּוילן אין אזא רואיקן עפּישן טאָן, ווי עס איז געשילדערט דער היימישער שטייגער פון די גריכן ביי האָמערן אָדער דער אַלטדייטשער שטייגער אין געטעס „הערמאַן און דאָראָטעע". נישטאָ דאָ קיין הומאָר, קיין קריטיק, קיין סימבאָליק — נאָר א אוממיטלבאַר געפיל צום

אלטן, שטאַרקן לעבנסדר, וואָס דער שטורם פון צייט האָט אים אין די שטילע ווינקעלעך פון יידישן פוילן נאָך נישט צעשטערט. פון עפּאָס איז אַש אריבער צו דראַמע און צו דערציילונגען אויף מאָדערנע טעמעס, אָבער די דאָזיקע טעטיקייט זיינע האָט זיך אַנטוויקלט ערשט נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905.

ליטעראַרישער רענעסאַנס אין אמתן, היסטאָרישן זינען פון וואָרט האָט זיך ארויסגעוויזן אויפן פעלד פון ריינער פּאָעזיע אין דער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך. סיי די שפּראַך, וואָס אַ גאַנצע פּלאַנגע פּאָעטן אין 19־טן יאָרהונדערט האָבן זי באַנייט, סיי דער אינהאַלט פון דער באַנייטער העברעאישער פּאָעזיע האָבן דערלאַנגט זייער העכסטע פאַרפולקאָמונג אין דער שאפונג פון ה י י ם ־ נ ח מ ן ב י אַ ל י ק. געבוירן (1872) אין אַ קליין וואָלינער שטעטל, דורכגעגאַנגען אַ גרויזאַמע שול פון אָרעמקייט אין הויז פון די עלטערן און אַ שטרענגע תלמודישע שול אין בית־המדרש, האָט ביאַליק דערלאַנגט דעם העכסטן שטאַפּל פון רבנישער תורה אין דער באַרימטער וואָלאָזשינער ישיבה, אָבער אינגיכן איז ער אוועק מיט געוויינלעכן וועג פון אַ בחור אַ משכיל. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פונם שטראָם אחד־העמס אידעען, וואָס האָבן באַצויבערט די ישיבהשע יוגנט אָנפאַנג די 90־ער יאָרן. אין פּאָעזיע האָבן אויפן יונגנמאַן געהאַט, אגב, אַ גרויסע ווירקונג פרוגס לידער, וואָס ער האָט זיי נאָך אין וואָלאָזשינער ישיבה געלייענט. אָבער אים איז באַשערט געווען אריבערצושטייגן דעם רבין זיינעם. ביאַליק האָט פאַרטיפט די מאָטיוון פון נאַציאָנאַלער פּאָעזיע; פרוגס טרויער־ליד וועגן דעם געיאָגטן פאָלק איז ביי אים געוואָרן אַ ליד פון צער און צאָרן וועגן דעם פאָלק, וואָס איז אינערלעך פאַרקנעכטעט, נישט פעאיק זיך אָפּצורופן אויפן קאַמפּס־רוף פון באַפרייאונג. דאָס יאָר פון ערשטן באַזעלער קאָנגרעס איז דער פּאָעט־ציוניסט אַרויס מיט אַזאַ פיליפּיקע:

פאַרוואָר דאָס פאָלק איז שטרוי, עס איז טרוקן ווי ביין
פאַרוואָר דאָס פאָלק איז אַ הורג, ליגט שווער ווי אַ שטיין.

עס גייט ווי אַ דונער די געטלעכע שטימע, פון דאַן און פון דאָרט,
נאָר נישט באַוועגט זיך, נישט וועקט זיך נישט שרעקט זיך דאָס פאָלק און ליגט אויף אַ אָרט.

ער וועט נישט דערוואַכן אויב ס'וועט נישט אַ רוט אים דערלאַנגען אַ שטאָך,
ער וועט נישט אויפשטיין כּל זמן עס וועט אים נישט אויפשטעלן די בראָך.

און ווען דער שופר וועט שוין בלאָזן און די מענער וועלן פּאַכען —
צי וועלן אויפשטיין די סקעליעטן ? וועלן רירן זיך די קנאָכן ?

דער פּאָעט האָט נישט געגלויבט, אַז צווישן פאַרוועלקטן פאָלק קאָן זיך באַווייזן

אַ מענטש פון טאַט, אַ מענטש פון לעבן, מיט אַ שלאָגנדיקן האַ[illegible]
מיט באַגייסטערונג אַ ביסעלע, אמת פיל און דרייסטקייט,
מיט שטאַרקער שנאה צו אַ לעבן פון קנעכטישקייט און שאַנ[illegible]

ער האָט נישט געקאָנט זען די פולע פאַרקערפּערונג פונם דאָזיקן אידעאַל אין הערצלען, וואָס איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ פאָלקס-העלד נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס: דערויף איז ביאַליק צו נאָענט געווען צו די וואָרצלען פון אמתער יידישקייט און צו דער קאָנצעפּציע פון גייסטיקן ציוניזם. אָבער פונם קאָנגרעס אַליין איז ער געווען גערירט, און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זיין באַגריסונג-געדיכט „צו די אויסדערוויילטע פון ציון". ווי אַ „נס" האָט די דאָזיקע געשעעניש באַטראַכט אויך דער עלטערער דיכטער פון צער, פרוג, וועלכער האָט שוין איבערגעלעבט די אַנטוישונג פון פריערדיקער חבת-ציון. „דאָס פאָלק קוקט אַרויס אויף משיחן" — האָט פרוג געשריבן וועגן באַזעלער קאָנגרעס (דאָס געדיכט „אַ נס" אין „סיאָנידן"):

אין אַ בייזן חלום גלויבט דאָס פאָלק און אויף נסים וואַרט עס!
נאָר צי איז דער נס שוין נישט געשען? ווער זענען זיי, וואָס אַזוי הייס
און פלאַמענדיק האָט זייער האַרץ אַ שלאָג געטאָן
כדי אין שאָטנס פון דער נאַכט צו זיין פאַר אונז דער עמוד-אש?

די נשמה פונם עלטערן דיכטער האָבן אָבער אינגיכן אַרומגענומען ספקות. אין זיין ציוניסטישן „קרעדאָ" האָט פרוג געבעטן מיט טרויער, האָפנונג און אומרו:

אַז ציונס שטערן, וואָס רופט דעם נע-ונדניק איצט אויף דער היימישער ערד,
זאָל נישט זיין פון יענע פאַלנדיקע שטערן, וועלכע האָבן
אַזוי פיל מאָל אַ גלאַנץ געטאָן אויף איין מינוט אין דער נאַכט
פון זיין טרויער — און זיך פאַרלאָשן אין דעם טונקל פון דער נאַכט.

דאָס מאָמענטאַלע אויפפלאַקערן פון פּאָליטישן משיחיזם האָט אויך פאַר ביאַליקן אָנגעוואוירן זיין רייץ, און ער קערט זיך אום צו אַלטע טעמעס, אינדיווידועלע און נאַציאָנאַלע. אין דער ליריק פון נאַטור און ליבע אַנטפּלעקט ער יענע פרישקייט פון אָריגינעלער שאַפונג, וואָס מיט איר צייכענען זיך אויס „שיר השירים" פון תנך און דאָס „לידער-בוך" היינעס. אין נאַציאָנאַלע לידער דערהויבט ער זיך ביז דער העכסטער מדרגה שאַפונג, ווען ער באַזינגט דעם גייסט-העראָאיזם פון אַלטן יידנטום. ביאַליקס באַגייסטערטסטע סטראָפן, וואָס רירן מיט זייער הייליקן טרויער, באַציען זיך צום שטילן רואָרט פון גייסט — בית-המדרש, וואו דעם דיכטערס פריע יוגנט איז אַדורך (1898):

ווילסטו קענען דעם קוואַל, וואָס פון אים האָבן דיינע דערמאָרדעטע ברידער געשעפּט
אין שלעכטער צייט אַזאַ מוט, אַזאַ פעסטקייט דעם טויט צו גיין פריילעך אַנטקעגן, צו
שטרעקן דעם האַלדז
צו יעדן בלאַנקן חלף, צו יעדער אויסגעשטרעקטער האַק, און צום עשאַפאָט גיין
און שפּרינגען אין פלאַמען און שטאַרבן מיט „אחד" דעם טויט פון קדושים;
ווילסטו קענען די פעסטונג, וואו עס האָבן באַהאַלטן די עלטערן דיינע זייער גרעסטן פאַרמעג

זייער תורה, די קדשי קדשים — און האָבן זיי מציל געווען... — טאָ גיי אין בית־
מדרש דעם אַלטן אור־אַלטן,
דאָרט אין אַ ווינקל, אָדער לעבן דעם אויוון, ווי איינציקע זאַנגען, ווי אַ שאָטן דער־
פון וואָס אַוועק איז,
פאַרפינסטערטע יידן, איינגעשרומפּטע פּנימער, פאַרצרהטע יידן, קינדער פון דעם גלות,
אין שווערן יאָך געשפּאַנט,
פאַרגעסן זייער עלנט אין אַ צעפוילטן דף־גמרה, פאַרגעסן זייער אָרימקייט אין אַלטע
שפּרוכן פון אַ מדרש,
און רעדן זייער זאָרג אַראָפּ אין געזאַנגען פון דעם תהלים (ווײַ! ווי חרפּהדיק, ווי
עלנט זעט עס אויס
אין אויג פון פרעמדן וואָס פאַרשטייט נישט...) דענסטמאָל וועט דאָס הארץ דיר זאָגן,
אַז דו טרעטסט אויף דעם שוועל פון אונזער לעבעדיקן הויז, און דו זעסט דעם אוצר
פון אונזער נשמה,
מחמת דאָס איז נאָר אַ פונק, אַ קליינער פונק וואָס איז אַנטרונען, וואָס על פּי נס איז
ער אַנטלאָפן פון דעם גרויסן פייער,
וואָס געברענט האָבן דײַנע אבות אויף זייער מזבח תמיד. און ווער ווייס, אויב נישט
זייערע טרערן־טייכן האָבן געבראַכט אונז ביז אַהער
און מיט די תפלות זייערע בײַ גאָט אונז אויסגעבעטן... און האָבן שטאַרבנדיק באַפוילן
אונז דאָס לעבן — דאָס לעבן און דער אייביקייט.

אויסגעמאַטערט דורכן לעבנס־קאַמף, זוכט ווידער דער פּאָעט רעטונג (אין געדיכט „אויפן שוועל פון בית־המדרש") בײַ דעם דאָזיקן הייליקן שוועל, אינם טעמפּל פון זײַן יוגנט, אינם אַלטן אויסגעליידיקטן נעסט, וואָס די יונגע פייגעלעך האָבן אים פאַרלאָזט. ער קלאָגט סיי אויף דעם חורבן פון זײַן אייגענער נשמה, סיי וועגן דער צעשטערונג פונם דאָזיקן „עיר־מקלט פון אייביקן פאָלק, דעם משכן פון זײַן מעכטיקן גייסט", וואָס די יוגנט צעלויפט זיך פון דאָרט צו פרעמדע שוועלן, בלאָנדזשעט, ווערט אָפּגעשטויסן דורך דער פרעמדער סביבה אָדער — וואָס נאָך ערגער — ווערט דורך איר פאַרשלונגען, און זי ווערט פאַרפאַלן פאַרן פאָלק. אין דער פּאָעמע „דער מתמיד" (1895) שילדערט ער דעם אָפּגעלעבטן טיפּ ישיבה־בחור, וואָס זיצט טאָג און נאַכט איבער די גראָבע גמרות און אינם אומעטיקן ניגון פונם גרוי־אַלטן טעקסט גיסט ער אויס דעם צער פון זײַן נשמה, וואָס פרעמד זענען איר ליבע, יוגנט־אויפשוואונג, שמייכל פון דער נאַטור:

„אוי, אוי האָט רבא געזאָגט!" און אַלעס וואָס לעבט —
הילכט קילי־קולותדיק, געפילדערט און שרייט.
נאָר דײַנע אויערן זענען פאַר די קלאַנגען פאַרקלעבט,
ביסט טויב און דו הערסט נישט די שפּראַך פון דער צײַט.

די פערזענלעכקייט קומט אום בײַ אַזאַ העלדן־עובדא פון די בית־מדרש־נזירים, אָבער די נאַציע — האָבן די דאָזיקע קדושים געראַטעוועט. וועט דאָס נײַע לעבן אַרויסרוקן אַזעלכע ריטער פון גייסט? דער דיכטער

איז נישט זיכער אין דעם, — אזוי ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען, אַז ער אַליין און אַנדערע גלייכע צו אים, וואָס טראָגן דעם אַלטן גייסט אונטער אַ נייעם לבוש, שאַפן יענעם סינטעז פון אַלטער און נייער ייִדישקייט, וואָס אין אים שטעקט דער סוד פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. שפּעטער, פונם קישיניעווער פּאָגראָם אָן (1903), ווערט דעם דיכטערס גייסט ווידער באַטריבט, און אין זיינע לידער קלינגען יאָמערלעכע קאַסאַנדרע-טענער.

גאָר אַנדערש, ווי דער דאָזיקער דיכטער פון נאַציאָנאַלן צער, איז געווען אַ צווייטער פּאָעט פון יענער צייט, ש אָ ו ל ט ש ע ר נ י כ אָ ו ס ק י (געב. אין קרים, 1875). ער טראָגט אַריין אין זיין שאַפונג אַלגעמיין-מענטש-לעכע און לעבנס-פריידיקע מאָטיוון. ער בוקט זיך צו אַפּאָלאָס סטאַטוע („לנוכח פסל אפולו") און ברענגט צום גריכישן גאָט אַ ווידוי פונם ייִדן, וואָס האָט געלייקנט אויסערלעכע שיינקייט און עולם-הזהדיקע פרייד. אים באַצויבערט העלעניזם — דער היפוך פון איינזייטיקער גייסטיקייט און פון אַלט-ייִדישער שטרענגקייט. עראָטיק, ליכטיקע נאַטור-בילדער, באַלאַדעס און עפּאָס פון ייִדישן דאָרף-שטייגער — דאָס איז דער אינהאַלט פון טשערני-כאָווסקיס פּאָעזיע. לויט דער מייסטערשאַפט פון פערז פאַרנעמט ער אַן אָרט לעבן ביאַליקן: זיין איבערזעצונג פון לאָנגפעלאָס פּאָעמע „הייאַוואַטאַ" וואָלט געמעגט מקנא זיין יעדער איבערזעצער, וואָס אָפּערירט מיט רייכע מיטלען פון אַ מאָדערנער אייראָפּעאישער שפּראַך. מיטן אָנהויב 20-טן יאָרהונדערטס קומען אויף נייע דיכטער, וואָס נעמען איבער די מעטאָדן פון אַלגעמיין-אייראָפּעאישער פּאָעזיע, און אייניקע פון זייערע ווערק דערנענטערן זיך צו די בעסטע מוסטערן ביי די אָנגערופענע שעפער פון פּאָעטישן רע-נעסאַנס.

לאַנגזאַמער איז צוגעגאַנגען די אַנטוויקלונג פון פערזן-פּאָעזיע אין דער לעבעדיקער פאָלקסשפּראַך, וועלכע האָט פאַרנומען אַזאַ אָנגעזעען אָרט אין דער בעלעטריסטישער פּראָזע. געפּרובט האָט אויף דעם געביט זיינע כוחות פרוג, אָבער אַ סך פון זיינע געדיכטן אויף ייִדיש טראָגן אַ פעליע-טאָן-כאַראַקטער, ווייל צום אָנפאַנג האָט זיך דער דיכטער באַצויגן צום פּשוטן פאָלקס-לשון פון אויבן אַראָפּ. דאָך האָט זיך אויך דאָ געפילט די האַנט פונם פערזן-מייסטער: פרוגן האָט זיך איינגעגעבן צו דערהייבן די פערזן-שפּראַך צו אַ העכערער מדרגה, און ערטערווייז דערהייבט זיך אויך דער אינהאַלט פון זיינע פאָלקסלידער — צו דעם לירישן פּאַטאָס פון זיינע בע-סטע ווערק אין דער רוסישער שפּראַך. צום אָנפאַנג פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט האָט אויך פרץ געשריבן לידער אויף ייִדיש. אָבער זיין ליריק איז געווען אַ נאָכזינגען היינען, און די מער טאַלאַנטפולע פּראָזאַאישע ווערק זיינע האָבן פאַרשטעלט אויך די שטייגער-פּיעסן פון דעם דאָזיקן שרייבער.

א געוויסע אויפלעבונג איז געווען צו באַמערקן אויך אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור. צום ענדע יאָרהונדערט פאַרשטאַרקט זיך אַן אַרבעט, וואָס איז אַ המשך פון דער טעטיקייט ביי די שעפער פון יידישער וויסנשאַפט אין מערב. פון די 90־ער יאָרן ווערט סיסטעמאַטיש באַאַרבעט די געשיכטע פון יידן אין פּוילן און רוסלאַנד. עס באַווייזן זיך אויספאָרשונגען און מאָנאָגראַפיעס איבער יידישער געשיכטע, דער עיקרשט אויף רוסיש. כאַראַקטעריסטיש זענען די פּרובן דורכצולייגן נייע וועגן אין דער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. דאָס איז געווען אַ המשך פון יענער עוואָלוציע־קאָנצעפּציע, וואָס באַטראַכט די געשיכטע פון יידנטום נישט פונם רעליגיעזן אָדער אויסשליסלעך גייסטיקן קוק, נאָר פונם סאָציאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, ווי די געשיכטע איבערן פיל־דורותדיקן קאַמף פון נאַציאָנאַלן אינדיוויד פאַר זיין אויטאָנאָמיע אין אַלע לעבנס־געביטן.

## § 38. קישיניעווער שחיטה און אָנהויב פּאָליטישע פּאָגראָמען (1903)

צוואַנציק יאָר רעאַקציע אין רוסלאַנד האָבן געבוירן די רעוואָלוציע. די קלעפּ פון אָנפאַנג 80־ער יאָרן האָבן די רוסישע רעוואָלוציע דערדריקט; צום אָנפאַנג 20־טן יאָרהונדערט האָט זי זיך אויפגעוועקט: עס האָבן ענדגילטיק געפּלאַצט די האָפענונגען, אַז דער פּאָליטישער קורס מצד ניקאָלאַי דעם II־טנס רעגירונג זאָל זיך איבערבייטן. עס האָט זיך פאַרשטאַרקט די באַוועגונג צווישן אַרבעטער און סטודענטן; שטרייקן אויף פאַבריקן און „אומרוען" אין אוניווערסיטעטן זענען געוואָרן אָפטער. עס האָט אויפגעלעבט די רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע אין דער אונטערערדישער און אויסלענדישער פּרעסע. אין 1898—1900 האָבן זיך פאָרמירט צוויי גרויסע רוסלענדער פּאַרטייען: די סאָציאַלדעמאָקראַטישע און פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. די לעצטע האָט צוגעלאָזט אויך טעראָר, ווי אַ קאַמפּסמיטל קעגן צאַריזם, וואָס דערדריקט יעדע אידעאישע פּראָפּאַגאַנדע מיט פּאָליצייאישע טעראָר־מיטלען. פרי־יאָר 1902 איז געפאַלן אַ קרבן פון רעוואָלוציאָנערן טעראָר דער מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים סיפּיאַגין, ער איז דערהרגעט געוואָרן אין געביידע פון מלוכה־ראַט. דער קיסר האָט דערויף געענטפערט מיט באַשטימען אויפן זעלבן פּאָסטן נאָך אַן ערגערן רעאַקציאָנער — וו. פּלעווע, דעם געוועזענעם דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, איינעם פון די דערפאַרנסטע אַגענטן פון פּאָליטישן שפּיאָנאַזש. דעם דאָזיקן מענטשן איז באַשערט געווען צו האָבן אַ פאַטאַלע ראָלע אינעם מאַרטיראָלאָג פון רוסישן יידנטום.

מ׳האָט געקאָנט לכתחילה פאָרויסזען, אַז אין דער נייער רעוואָלוציאָ־

נערער באַוועגונג חעט זיך אַריינציען אַ גרויסער טייל יידישער יוגנט. וואָלט מען א וואָסער ס'איז אנדער קולטורעל פאָלק אַזוי האַרטנעקיק געפּייניקט און דערנידריקט ווי יידן, וואָלטן פון אים אַרויס אַ סך פאַרצווייפלטע טעראָריסטן. יידן האָבן, אמת, פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי געגעבן קעמפער אין אַ פראָפּאָרץ, וואָס איז געווען העכער פון זייער צאָל און לאַנד, אָבער די דאָזיקע פּראָפּאָרץ האָט אודאי נישט אַנטשפּראָכן זייערע ליידן. יידן-סאָציאַליסטן פלעגן געוויינלעך אָנקומען אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי אָדער אין „בונד", זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי מאַרקסיזם און אָנערקענט נאָר פּלאַנמעסיקן קלאַסנקאַמף. אָבער נישט ווייניק יידן איז געווען אויך אין דער רוסישער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וואו איינִיקע האָבן זיך אַרויסגערוקט אין די פירער-רייען (גערשוני, גאָץ א. א.). אַ דירעקטן אָנטייל אין טעראָריסטישע אַקטן האָבן יידן זעלטן גענומען. איינעם אַזאַ אַקט האָט אויסגעפירט אַליין זעלבשטענדיק דער אַרבעטער הירש לעקערט אין ווילנע. דער אָרטיקער גובערנאַטאָר פאָן-וואַל האָט זיך אויף אַ ווילדן אופן אָפּגערעכנט מיט די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן דעם 1-טן מאַי 1902 איינגעאָרדנט אַ דעמאָנסטראַציע — דער גובערנאַטאָר האָט באַפוילן זיי שמייסן. לעקערט איז געווען אויפגערעגט פון דעם און געשאָסן אין גובערנאַטאָר; יענער איז געבליבן גאַנץ, אָבער דעם נקמה-נעמער פאַר דער באַפלעקטער ערע האָט מען אויפגעהאָנגען. וואָלט די רעגירונג אויסן געווען מלוכה-אינטערעסן, וואָלט זי געדאַרפט אָפּשוואַכן די סיסטעם אונטערדריקונג, וואָס האָט בעסער פון יעדער פּראָפּאַגאַנדע יידן רעוואָלוציאָניזירט. אָבער דאָס האָט די קאַסטע ביוראָקראַטן נישט געקאָנט טאָן, זי האָט פאַרטיידיקט נאָר אירע שטאַנדן-אינטערעסן און פערזענלעכע קאַריערעס, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט איינהאַלטן די זעלבסטהערשונג. אין דער רעוואָלוציע האָט די ביוראָקראַטיע געזען אַ פערזענלעכע סכנה פאַר זיך, און דער דאָרשט צו נקמה האָט פאַרטויבט די שטים פון שכל הישר. דערפאַר, וואָס אַ געוויסער טייל יידישע יוגנט באַטייליקט זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט די רעגירונג געוואָלט זיך נוקם זיין אין גאַנצן יידישן פאָלק און אַזוי אָרום אים אָנשרעקן. אין פּלעווס מוח איז רייף געוואָרן אַ טייוולשער פּלאַן: פירן אַ קאַמף מיט דער רוסישער רעוואָלוציע דורך אויסראָטן יידן, דעם אויפמערקזאַם פון דער געזעלשאַפט אָפּלענקען אויף די „פּרעמדפעלקערדיקע" (אינאָראָדצעס) און קאָמפּראָמיטירן די רוסישע באַפריי-באַוועגונג, ווי אַ ענין פון יידישע הענט, וואָס איז דעם רוסישן פאָלק פרעמד. צו דעם צוועק האָט מען באַדאַרפט אַראָפּנעמען די צוים, וואָס די רעגירונג האָט אַמאָל אַוועקגעשטעלט קעגן אַנטי-יידישע פּאָגראָמען, און געבן די יידנפיינט אַ מעגלעכקייט אָרגאַניזירן ערגעץ-וואו אַן „ערנסטן" בלוטיקן פּאָגראָם. „דערטרונקען די רעוואָלוציע אין יידיש בלוט" — דאָס איז

געווען די פאָרמולע פונם שרעקלעכן נעדאַנק, און פון 1903 אָן פלעגן די ניקאָלאַי דעם וו־טנס זשאַנדאַרמען דורכפירן אין אַלע מאָמענטן, ווען די רוסישע באַפריי־באַוועגונג האָט זיך שטאַרק געהויבן.

קיין ברען־מאַטעריאַל האָט נישט געפעלט. איינע פון די פאַרברעכע־רישע נעסטן פאַר די אונטערציינדער איז געווען דאַמאָלסט קישיניעוו, די הויפּטשטאָט פון מאָלדאַוואַרוסישער בעסאַראַביע. 50 טויזנט יידן האָבן דאָ געלעבט אינאיינעם מיט אַ קריסטלעכער באַפעלקערונג פון 60 טויזנט אָן קיין שום צוזאַמענשטויסן, וואָס וואָלטן געווען גאַנץ נאַטירלעך ביי דער פינסטערניש און מגושמדיקע איינרעדענישן פון די אָרטיקע מאָלדאַוואַנען און רוסן. זאָמען פון יידנפיינטלעכקייט האָבן דאָ אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן די רוסישע באַאַמטע, וואָס זענען געווען אויפגעקלערט אין גייסט פונם אָפּי־ציעזן „נאָוואָיע ווערעמיאַ" און זיך געמיט דורכצופירן אין לעבן די אידעען פון דער העכערער מאַכט. דער אָרטיקער אַקציז־באַאַמטער קרושעוואַן, א רוסיפיצירטער מאָלדאַוואַן, האָט געוואָלט מאַכן קאַריערע דורך יידנהעצע־רישער אַגיטאַציע. און ער האָט פון 1897 אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין קי־שיניעוו אַ צייטונג „בעסאַראַביעץ", וואָס אינגיכן האָט זי זיך אַזוי אויסגעצ־ייכנט מיט דינען דער רעאַקציע און העצן קעגן יידן, אַז זי האָט באַקו־מען פון דער רעגירונג געלטשטיץ. משך עטלעכע יאָר האָט זיך אין קרו־שעוואַנס בלעטל געפירט אַ הפקרותדיקע אַגיטאַציע קעגן יידן: מ׳האָט זיי גלייכצייטיק באַשולדיקט סיי אין עקאָנאָמישער עקספּלאָאַטאַציע פון קריסטן, סיי אין סאָציאַליזם, אין ריטועלע מאָרדן און אין צוגרייטן די „גאָטלאָזע" רעוואָלוציע. פּראָטעזשירט האָט דער צייטונג דער וויצעגובערנאַטאָר אוסטרו־גאָוו, ער אַליין איז געווען איר צענזאָר און געדרוקט אין איר זיינע איי־גענע יידנהעצערישע אַרטיקלען. די דאָזיקע דרוק־אַגיטאַציע איז געווען נאָך געפערלעכער דערפאַר, וואָס „בעסאַראַביעץ" איז געווען די איינציקע צי־טונג פאַר גאַנץ בעסאַראַביע, די רעגירונג האָט קיינע אנדערע צייטונגען דאָ נישט דערלויבט. דער פועל יוצא האָט זיך אינגיכן באַוויזן: די דאָזיקע טאָג־טעגלעכע דאָזן גיפט האָבן אָפּגעסמט דאָס באַוואוסטזיין פון די קריסט־לעכע מאַסן, די פינסטערע אינסטינקטן פון המון האָבן זיך צעהיצט, און דער לופט האָט געשמעקט מיט געוויטער.

אָנפאַנג 1903 האָט קרושעוואַן מיט זיין קאָמפּאַניע געפונען אַ געלע־גענהייט צו פאַרשטאַרקן זייער פּראָפּאַגאַנדע. אין שטעטל דובאָסאַרע, אין דער שכנותדיקער כערסאָנער גובערניע, האָט מען געפונען אַ צעשטאָ־כענעם טויטן קערפּער פון אַ רוסיש ייִנגל ריבאַטשענקאָ. ווי עס האָט שפּע־טער באַוויזן די געריכטס־אויספאָרשונג, האָבן אים דערהרגעט זיינע קרובים כדי צו באַקומען זיין חלק ירושה; ווי עס האָט זיך מודה געווען איינער פון די באַטיי׳יקטע, האָט דער מערדער געפּייניקט דעם קערפּער „אויפן

שטייגער פון די זשידעס״, אזוי ווי יידן טוען עס אין די ווילדע עלילת־דם־מעשיות, ער האָט געוואָלט אַרויפוואַרפן די שולד אויף יידן און אָפּציען דעם חשד פון זיך. אָבער נאָך פריער, איידער די אויספאָרשונג האָט אַנט־דעקט די אמתע שולדיקע, האָבן זיך אין „בעסאַראַביעץ״ אָנגעהויבן דרוקן אָנשטעקנדיקע אַרטיקלען וועגן דעם, אַז די שולד פון יידן אינם ריטועלן מאָרד איז דאָ אויסער יעדן ספק, און מ׳האָט פּשוט גערופן די קריסטלעכע באַפעלקערונג צו נעמען נקמה. „אַ טויט די זשידעס, אַלע זשידעס דאַרף מען אויסקוילען״ — אַזעלכע רופן האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט אין דער דאָזיקער צייטונג, וואָס אין אַלע אכטניאס און טיי־הייזער פון בעסאַראַביע האָט מען זי געליינט. דער פינסטערער קריסטלעכער עולם האָט זיך קוים איינגעהאַלטן. אין דובאָסאַרע איז געווען אַ פּרוב פון אַ פּאָגראָם, האָבן אים די אָרטיקע יידן אָפּגעשלאָגן. אין קישיניעוו גופא האָט מען ערב פּסח 1903 פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן איינעם אַ יידן, וואָס האָט דערהרגעט זיין קריסטלעכע דינסט, — אין דער אמתן האָט זי זיך אַליין געסמט, און כאָטש דער בעלעבאָס האָט זיך געמיט צו ראַטעווען דאָס לעבן פון דער זעלבסט־מערדערין, איז זי דאָך געשטאָרבן.

דאָס, וואָס ס׳האָט זיך געטאָן אין קישיניעוו פאַר פּסח, איז געווען אַן ענערגישע אַרבעט פון אַ געהיימער אָרגאַניזאַציע, וואָס גרייט צו עפּעס אַ טייוולאָנישן פּ.אָן. דער מקום פון דער פאַרברעכערישער אָרגאַניזאַציע איז געווען אין אָרטיקן רוסישן קלוב, וואו עס פלעגן זיך דערעיקערשט פאַר־זאַמלען גובערניאַלע באַאַמטע. קורץ פאַר די חגאות האָט זיך מיטאַמאָל אין שטאָט באַוויזן אַ שליח פון פּעטערבורג, אַן אַגענט פון פּאָליציי־דעפּאַר־טאַמענט, זשאַנדאַרמען־אָפיציר לעווענדאַל. דער טריומווירטאַט קרושעוואַן—אוסטרוגאָוו—לעווענדאַל איז, אַפּנים, געווען די נשמה פון דער געהיימער פאַרשווערונג קעגן יידן, וואָס האָט זיך פאַרקניפּט אינם רוסישן קלוב. איבער דער שטאָט האָט מען צעוואָרפן געדרוקטע בלעטלעך, און אין זיי איז גע־יוען געזאָגט, אַז אויפן קיסרס באַפעל ווערט דערלויבט משך דריי טעג קריסטלעכע פּאַסכאַ זיך בלוטיק נוקם צו זיין אין די יידן. פּאָליציי האָט נישט געשטערט דאָס פאַרשפּרייטן די דאָזיקע בלעטלעך, און אייניקע אירע אַגענטן האָבן אין שמועסן מיט באַקאַנטע יידן אפילו געגעבן אָנצו־הערן, אַז עס שטייען פאַר געשעענישן. אין די רעסטאָראַציעס, טיי־ און ביר־הייזער האָט מען אָפן גערעדט וועגן פּאָגראָם, וואָס גרייט זיך. יידן האָבן געפילט, אַז עס דערנענטערט זיך אַ סכנה. ערב פּאַסכאַ האָבן פאָר־שטייער פון קישיניעווער קהילה געבעטן שוץ ביים גובערנאַטאָר און פּאָ־ליצמייסטער, זיי האָבן אָבער באַקומען אַ קאַלטע תשובה, אַז אַלע פאַרהיט־מיטלען זענען אָנגענומען. בעת דעם אָרטיקן פּראַוואָסלאַווישן בישאָף האָט זיך פאַרגעשטעלט דער רב, האָט יענער אים געפרעגט: איז אמת, אַז

צווישן יידן איז פאַראַן אַ סעקטע, וואָס באַנוצט קריסטלעך בלוט ביי זייערע מנהגים?

די אונטערצינדער האָבן זאָרגפאָל צוגעגרייט די שרפה, און זי האָט זיך צעפלאַקערט צום באַשטימטן מאָמענט, זונטאָג 6 אַפּריל, דעם ערשטן טאָג פון קריסטלעכן און פאָרלעצטן טאָג פון יידישן פסח. האַלבן טאָג, ווען די גלעקער אין די קלויסטערס האָבן אָנגעהויבן קלינגען, האָבן זיך פּילצאָליקע באַנדעס בירגער און בעלי־מלאכות, ווי אויף אַ סיגנאַל, זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער שטאָט און אָנגעהויבן צעשטערן יידישע הייזער און געוועלבער. פּאַרויס זענען געגאַנגען גאַסן־יינגלעך און געהאַקט מיט שטיינער די פענסטער, די דערוואַקסענע נאָך זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק אין די הייזער און קראָמען, אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס דאָס פאַרמעגן, און דאָ אויף דער גאַס פלעגט עס דער צעהוליעטער יום־טוב־דיקער עולם פאַרניכטן אָדער צעשלעפּן. פּאָליציי און מיליטער, צעשטעלט אויף דער גאַס, האָבן נישט צעטריבן דעם עולם ראַבירער, זעלטן נאָר פלעגט מען עמיצן אַרעסטירן און אָפּשיקן אין פּאָליציי־צירקל, און פון דאָרט פלעגט מען די פאַרהאַלטענע אינגיכן אָפּלאָזן. דאָס האָט אינם המון פאַרשטאַרקט די זיכערקייט, אַז עס זענען טאַקע ריכטיק די קלאַנגען, דאָס „מען דערלויבט שלאָגן יידן". איבער די גאַסן האָט זיך געצויגן אַ גרויסער המון שיכורים; אין דער לופט איז געשטאַנען איין געשריי: שלאָג די זשידעס! פון אָוונט האָבן זיך אָנגעהויבן הריגות; די רויבער, באַוואָפנט מיט פלעקענער, העק און מעסערס, האָבן געהרגעט יידן אין שטוב און גאַס. אָבער אויך דאָ האָט די מאכט געשוויגן; דערפאַר ווען אין איין אָרט האָט אַ גרופּע יידן, באַוואָפנט מיט שטעקנס, זיך געפּרובט פאַרטרייבן די רוצחים, האָט פּאָליציי די פאַרטיידיקער אַנטוואָפנט. אַ זייגער 10 אין אָוונט האָט זיך דער פּאָגראָם אָפּגעשטעלט; אין הויפּט־שטאַב פון די פּאָגראָם־לייט זענען געגאַנגען באַראַטונגען וועגן ווייטערדיקן פּלאַן פון די קריגס־אָפּעראַציעס, און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, געבן פולע פרייהייט די באַנדיטן. מ'האָט געגעבן אַ צייכן איבער דער „אַרמיי", — און דעם גאַנצן טאָג 7 אַפּריל זענען אין קישיניעוו געגאַנגען רציחות, וואָס אין די פריערדיקע פּאָגראָמען איז אַזוינס נישט געווען. דערזען, אַז זיי זענען אָן שוץ, געלאָזט אויפן באַראָט פונם ווילדן המון, האָבן אַ סך יידישע פאַמיליעס זיך באַהאַלטן אין קעלערס, אויף בוידעמס, אַמאָל געזוכט רעטונג אין דירות פון גוטע שכנים־קריסטן, אָבער די האַנט פון די רוצחים האָט די אומגליקלעכע אומעטום געפונען. מ'האָט געהרגעט יידן און דערביי אָנגעטאָן זיי יסורים: אַ סך האָט מען נישט דערענדיקט און געלאָזט זיך מאַטערן אין אַנגסטן, אייניקע האָט מען אַריינגעהאַקט טשוועקעס אין די קעפּ אָדער אויסגעשטאָכן די אויגן; קליינע קינדער האָט מען אַראָפּגעוואָרפן פון די

אויבערשטע שטאָקן אויפן ברוק, פרויען האָט מען אָפּגעשניטן בריסטן. אַ סך פרויען זענען פאַרגוואַלטיקט געוואָרן. שיכּורע באַנדעס האָבן זיך אַריינגעריסן אין שולן און געריסן אויף שטיקער, געטראָטן און פאַראומרייניקט ספר-תּורות. אין איין בית=מדרש האָט אַן אַלטער שמש, איינגעהילט אין טלית, מיט זיין ברוסט פאַרשטעלט דעם ארון=קודש פון די פאַראומרייניקער, האָט מען אים ביי דער טיר דערהרגעט.

דעם צווייטן טאָג פון פּאָגראָם אין דער פרי האָט אַ יידישע דעפּוטאַציע ווידער געבעטן הילף ביים בעסאַראַבער גובערנאַטאָר פאָן=ראַאַבען; יענער האָט געענטפערט, אַז ער וואַרט אויף פאַראָרדנונגען פון פּעטערבורג. ערשט אָוונט=צו האָט זיך אַזאַ פאַראָרדנונג באַקומען אין אַ דעפּעשע פון מיניסטער פּלעווע, און באַלד האָבן זיך אויף די גאַסן באַוויזן גרויסע מיליטער=אָפּטיילונגען, גרייט צו שיסן אין די באַנדיטן. דער המון האָט דערשפּירט, אַז דער טערמין פון גנאָד איז אַריבער, און איז זיך גלייך פונאַנדערגעגאַנגען. נאָר אין די עקן שטאָט, וואוהין דאָס מיליטער איז נאָך נישט צוגעקומען, האָבן די שחיטות און דאָס ראַבעווען נישט אויפגעהערט ביז שפּעט אין דער נאַכט. צום דריטן טאָג פּאַסכאַ אין דער פרי האָט דער פּאָגראָם אויפגעהערט. קרבנות איז געווען: 45 דערהרגעטע יידן, 86 שווער פאַרוואונדעטע, ביז 500 לייכט פאַרוואונדעטע; 1500 הייזער און געוועלבער איז געווען צעשטערט אָדער צעראַבירט. מער פאַר אַלץ האָט געליטן דער אָרעמער טייל באַפעלקערונג, ווייל די רייכע פאַמיליעס האָבן אָפט געקויפט שוץ ביי פּאָליציי פאַר גרויסע געלטער, און זי האָט נישט צוגעלאָזט די באַנדיטן צו זייערע הייזער. אויף דער גרויסער צאָל יידישע קרבנות איז אויסגעקומען אינגאַנצן צוויי דערהרגעטע קריסטן. קישיניעווער יידן, אויף טויט איבערגעשראָקענע, האָבן נישט געהאַט דעם מוט אַפילו אין דער לעצטער מינוט זיך אַנטקעגנצושטעלן די מערדער און טייער פאַרקויפן זייער לעבן.

אַ וויי=געשריי האָט זיך דערהערט אין רוסלאַנד און אויסלאַנד, ווען עס זענען אָנגעקומען די ידיעות וועגן קישיניעווער פּאָגראָם. די ליבעראַלע צייטונגען האָבן שאַרף פּראָטעסטירט קעגן די שענדלעכע מעשים, וואָס ווערן אָפּגעטאָן ביי דער נאַכלעסיקייט פון דער מאַכט. פּלעווע האָט שנעל פאַרמאַכט דאָס מויל דער פּרעסע — מיט גרויזאַמע צענזור=רעפּרעסיעס. דער גאַנצער רוסישער פּרעסע האָט די רעגירונג אויפגעצוואונגען צו פאַרשפּרייטן דעם ליגנערישן נוסח פון איר אָפיציעלער מיטטיילונג, אין וועלכער דער אָרגאַניזירטער פּאָגראָם איז געווען פאָרגעשטעלט ווי אַ פּועל=יוצא פון אַ צופעליקן יום=טוב=געשלעג, וואָס יידן האָבן אים אָנגעהויבן. די צענזור האָט נישט דורכגעלאָזט קיינע שום פאַקטישע ידיעות וועגן די ווירקלעכע סיבות און אומשטענדן פון פּאָגראָם. אָבער אין דער אויסלענדישער פּרעסע האָבן

זיך באַווייזן שרעקלעכע אַנטדעקונגען. לאָנדאָנער „טײַמס" האָט פּאַרעפֿענט-
לעכט אַ קאָפּיע פֿון פּלעווער א געהיימען בריוו אויפֿן נאָמען פֿון בעסאַראַ-
בער גובערנאַטאָר: מיט צוויי וואָכן פֿאַרן פּאָגראָם האָט מען דאָ דעם גו-
בערנאַטאָר פֿאָרגעשריבן, אַז אין פֿאַל פֿון „אומרוען" קעגן יידן זאָל מען
נישט באַנוצן קיין געווער, כדי נישט אויפֿצעוועקן קיין פֿײַנטלעכע געפֿילן
צו דער רעגירונג אין דער רוסישער באַפֿעלקערונג, וואָס די רעוואָלוציאָנע-
רע פּראָפּאַגאַנדע האָט זי נאָך נישט אָנגערירט. די צייטונגען פֿון אייראָפּע
און אמעריקע זענען פֿול געווען מיט ידיעות וועגן די שרעקן פֿון קישינעוו,
מ'האָט זיי פֿאַרגליכן מיט די אַרמענער-שחיטות אין טערקיי, וואָס פֿלעגן זיך
אויך איבערחזרן מיטן וויסן פֿון דער טערקישער מאַכט. מערב-יידן האָבן
געזאַמלט מיליאָניקע נדבות לטובת די פּאָגראָם-געליטענע, און דאָס איז
געווען זייער אומדירעקטער פּאָליטישער פּראָטעסט. אין רוסלאַנד גופא האָבן
זיך געלאָזט הערן נאָר עטלעכע איינצלנע פּראָטעסטן (טאָלסטאָי, קאָראָ-
לענקאָ א. א.). איבער די הענט זענען געגאַנגען קאָפּיעס פֿון לעוו טאָלס-
טאָיס מערקווירדיקער שריפֿט (נישט לאַנג פֿאַר דעם האָט מען אים אויסגע-
שלאָסן פֿון פּראַוואָסלאַווישן קלויסטער). טאָלסטאָי האָט געשריבן: „נאָך די
ערשטע ידיעות אין די צייטונגען האָב איך באַנומען די גאַנצע שרעקלעכ-
קייט פֿון דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען, און איך האָב דערשפּירט גלייכצײַ-
טיק — שאַרפֿן רחמנות-געפֿיל צו די אומשולדיקע קרבנות פֿון דער באַפֿעל-
קערונגס גרויזאַמקייט, דערשטוינונג איבער דער חיהשקייט פֿון די אַלע
אַזוי-גערופֿענע קריסטן, עקל צו די דאָזיקע אַזוי-גערופֿענע קולטורעלע
מענטשן, וואָס האָבן געהעצט דעם המון און מיטגעפֿילט זיינע מעשים. באַ-
זונדערס האָב איך דערפֿילט אַ גרויל צו דעם הויפּט-שולדיקן — צו אונזער
רעגירונג מיט אירע גייסטלעכע, וואָס וועקן אין פֿאָלק חיהשע געפֿילן און
פֿאַנאַטיזם, מיט איר באַנדע באַאַמטע — רוצחים. קישינעווער פֿאַרברעך —
דאָס איז אַ דירעקטער פּועל-יוצא פֿון יענער ליגן- און גוואַלט-פּראָפּאַגאַנדע,
וואָס די רוסישע רעגירונג פֿירט מיט אַזאַ ענערגיע".

די קאַטאַסטראָפֿע האָט טיף אויפֿגעטרייסלט דאָס רוסישע יידנטום. אַ
געמישט געפֿיל פֿון צאָרן און שאַנדע האָט באַהערשט די יידישע געזעלשאַפֿט:
צאָרן אויף די שולדיקע אין דער שחיטה, שאַנדע פֿאַר די ברידער, וואָס
האָבן זיך געלאָזט שחטן אָן ווידערשטאַנד, אָן ערנסטע פּרובן פֿון זעלבסט-
שוץ קעגן די מענטשן-חיות. דער פּאָעט פֿרוג האָט אין א געדיכט אויף
יידיש אויסגעגאָסן זיין צער צוליב דער פֿיזישער אָנמאַכט פֿון פֿאָלק. ער
האָט געגרופֿן דאָס גוטע יידישע האַרץ — געבען הילף די אומגליקליכע:

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות,
גרויס און שרעקלעך איז די נויט,

ניט די טויטע אויף תכריכים,

ניט די לעבעדיקע ברויט...

ביאַליק האָט דאָס געפיל פון פאָלקסצאָרן אויסגעדריקט מיט אַן אומ־געוויינלעכער קראַפט אין „דער זאָג וועגן נעמיראָוו" (מעשה נמירוב" — אַזוי איז לכתחילה געווען אָנגערופן אין דער פרעסע די פּאָעמע, צוליב צענזור־טעמים; איר אמתער נאָמען איז געווען: „אין דער שחיטה־שטאָט"). דאָס איז אייגאַייגציקער שמערץ־געשריי קעגן הכנעהדיקן פאָלק. גאָט זאָגט צום נביא,

די שאַנד איז זייער גרויס, און זייער גרויס דער ווייטאָג —
און וואָס איז גרעסער? — זאָג שוין, דו, בן־אדם!...
די הערצער? זיי קלאַפּן זיך אין ברוסט „אשמנו",
זיי בעטן, איך זאָל זיי די זינד פאַרגיבן...
וואָס בעטן זיי? וואָס שטרעקן זיי די הענט?
א פויסט וואו איז? וואו איז א גרויסער דונער,
וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דורות,
און אײַנליגן די וועלט, צערייסן הימלען,
מיין שטול, מיין כסא־כבוד איבערקערן!...

טרויעריקע שליחות באַקומט דער פּאָעט:

און דיין גייסט־אויסגעווייינטע טרער באַגראָב אין זיך
אין האַרצן טיף פאַרמויער זי, בוי אויס דאָרט
פון האַס, פון גרימצאָרן און גאַל פאַר איר א פעסטונג,
און לאָז זי וואַקסן דאָרט א שלאַנג אין נעכט...
און ווען א בייזער יום־הדין וועט קומען —
צעברעך דיין האַרץ, באַפריי די בייזע שלאַנג!
און לאָז זי אָפּ ווי א פאַרסמטע פייל,
שוויט־הונגעריק מיט ברענענדיקן גיפט,
אין מיטן האַרצן פון דיין אייגן פאָלק...

דער דיכטער האָט געטראָפן, וואָס פאַר אַ גייסטיקע שטימונג עס איז בײַם פאָלק: דער קישעניעווער פּאָגראָם האָט אויפגעוועקט א שפּיל פון נקמה און קאַמף. סיי נאַציאָנאַלע, סיי סאָציאַליסטישע קרייזן זענען געווען פאַרכאַפּט מיטן דאָזיקן געפיל. די רעוואָלוציאָנערע שטימונג ביי דער יוגנט האָט זיך שטאַרק געהויבן. אַלע האָבן זיך געריסן צו אָרגאַניזירן זעלבסטשוץ: אויב די רעגירונג פאַרטיידיקט נישט אונזער לעבן און ערע, דאַרפן מיר זיך אַליין באַשיצן. תּיכּף נאָך דער קאַטאַסטראָפע פון 6—7 אַפּריל האָט די נאַציאָנאַל־

רעוואָלוציאָנערע יוגנט אָנגעהויבן פאָרמירן אין פארשידענע ערטער אויף דרום און ליטע גרופעס יידישער זעלבסטשוץ. פלעווע האָט זיך דערוואוסט וועגן די דאָזיקע צוגרייטונגען און צעמישט געוואָרן: ער האָט דערזען, אַז די בלוט-באָד, וואָס איז אונטערגענומען געוואָרן אויף אָפצושרעקן יידישע רעוואָלוציאָנערן, פירט גאָר צו פאַרקערטע רעזולטאַטן. אין א צירקולאַר צו די גובערנאַטאָרס האָט זיך דער מיניסטער געאיילט מודיע צו זיין, אַז „קיינע שום קרייזן פון זעלבסטשוץ דארפן נישט געדולדעט ווערן” און אז די מאכט איז מחויב אָנצונעמען מיטלען „נישט צו דערלאָזן קיין געוואַלט-מעשים און אונטערדריקן אומרוען”. ווי די שפעטערדיקע געשעענישן האָבן באַוויזן, האָט מען דעם צווייטן פונקט אין ערגעץ נישט אָפגעהיט, דערפאר האָט מען דעם ערשטן אויסגעפירט מיט אכזריות אָן שום רחמנות: ביי די ווייטערדיקע פאָגראָמען האָט דאָס מיליטער פריער פאַר אַלץ געשאָסן אין די גרופעס יידישער זעלבסטשוץ.

ווייטאָג און שאַנדע פאַר די קישעניעווער טעג האָבן באַוואָפנט די האנט פונם יוגנטלעכן אידעאַליסט פנחס דאַשעווסקי, קעגן דעם נאָענטסטן שולדיקן אין דער שחיטה — קרושעוואַן. אַ סטודענט פון קיעווער פאָליטעכניקום, אַ ציוניסט-סאָציאַליסט, איז דאַשעווסקי געקומען קיין פעטערבורג, וואו קרושעוואַן האָט דאמאָלס פאַרבראַכט, כדי נוקם צו זיין זיך אין דעם מיאוסן געדונגענעם שונא ישראל, וואָס האָט אָנגעצונדן די קישעניעווער שרפה און האָט איצט ווייטער געטון זיין פארברעכערישע ארבעט (ער האָט דאַמאָלס מיט פלעווס אונטערשטיץ אַרויסגעגעבן אין פעטערבורג אַ יידנהעצעריש בלעטל „זנאמיאַ”). דעם 4-טן יוני איז דאשעווסקי אין צענטער-הויפטשטאָט, אויפן נעווא-פראָספעקט, אָנגעפאַלן אויף קרושעוואַנען און מיט אַ מעסער אים געמאַכט א וואונד אין האלז. די וואונד איז אזאַ לייכטע געווען, אַז דער געליטענער האָט זיך אָפגעזאָגט צו נעמען גיכע הילף אין אַ דערנעבדיקער יידישער אַפטייק און איז אַוועק אַהיים. דאשעווסקין האָט מען פאַרהאַלטן און איבערגעגעבן צום געריכט. ביי דער אויספאָרשונג האָט ער גלייך געמאָלדן, אַז ער האָט געוואָלט הרגענען קרושעוואַנען, כדי נוקם צו זיין זיך פאַר דער קישעניעווער שחיטה. דעם פראָצעס האָט מען באַהאנדלט אין קרייז-געריכט ביי פאַרמאַכטע טירן, — אַזוי האָט באַפוילן פלעווס פריינט, דער יוסטיץ-מיניסטער מוראַוויאָוו. דער אָפיציעלער טעם איז געווען אַזאַ; „די געריכטס-פאַרהאַנדלונג קאָן באַרירן קרושעוואַנס ליטעראַרישע טעטיקייט בנוגע די אומרוען, וואָס זענען געווען אין קישעניעוו, און עפנטלעכקייט אין דער ריכטונג אָנערקענט דאָס מיניסטעריום פאַר אינעווייניקסטע ענינים פאר נישט געוואונטשן”: עס וואָלט דאָך באקאנט געוואָרן די ראָלע פונם מיניסטעריום גופא אין דעם ענין. דאָס געריכט האָט דעם באשולדיקטן פאַרמשפט צו שווערער שטראָף: פינף יאָר צוואַנגאַרבעט אין ארעסטאנטן-ראָטעס. די

קאַסאַציע-אָנקלאַג פון דער פאַרטיידיקונג (גרוזענבערג) האָט דער סענאַט געלאָזן אָן שום פאָלגן. דער יוגנטלעכער, וואָס האָט אין ליידנשאַפטלעכן דראַנג אויסגעדריקט דעם הייליקן צאָרן פון מאַרטירער-פאָלק, איז אַוועק אין קייטן צווישן קרימינעלע פאַרברעכער; און דער, וואָס האָט געהעצט צו מאַסן-הריגות, האָט ווייטער געטאָן זיין זאַך אונטערן שוץ פון דער העכסטער מאַכט.

פּלעווע פּאָליצייאישער מוח האָט שנעל געמאַכט אַ סך-הכל פון דאַשעווסקיס פּראָצעס. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז קישעניעווער שחיטה מוז אָנצינדן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל ביים יידנטום און לענקען די נאַציאָנאַלע באַוועגונג אָדער דעם ציוניזם אין דער זייט פון רעוואָלוציע. האָט ער פון דאָס ביי געלאָזן אין גאַנג דעם אַפּאַראַט רעפּרעסיעס. דעם 24 יוני איז צעשיקט געוואָרן צו אַלע גובערנאַטאָרס אַ „גאָר געהיימער” צירקולאַר, וואָס האָט פאָרגעשריבן אָנצונעמען פעסטע מיטלען קעגן דער פּראָפּאַגאַנדע פון ציוניסטישן געדאַנק, ווייל ער איז אָפּגעטראָטן פון זיין לכתחילהדיקן צוועק — אַריבערפירן יידן קיין פּאַלעסטינע — און „האָט אָנגעווענדעט זיין אַרבעט אויף צו פאַרשטאַרקן דעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק, ער פּרעדיקט — זיי זאָלן זיך פאַראייניקן אין געשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס אויף זייערע איצטיקע וואוינערטער”. אויפן סמך פונם דאָזיקן צירקולאַר האָט פּאָליציי אין פאַרשידענע ערטער אָנגעהויבן שטארק רודפן ציוניסטן: מ'האָט פאַרווערט פאַרקויפן אַקציעס פון פּאַלעסטינער קאָלאָניאַל-באַנק, קלייבן אויף נאַציאָנאַלפאָנד, מאַכן פאַרזאַמלונגען און צונויפפאָרן פון ציוניסטישע קרייזן. דאַמאָלסט טאַקע איז עס געקומען הערצלס נסיעה קיין פּעטערבורג, וואָס מיר האָבן אויבן וועגן איר דערציילט (§ 32). די רדיפות אויפן ציוניזם האָבן אַביסל אָפּגעלאָזן, אָבער דער קאַמף מיט דער יידישער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג איז געגאַנגען ווייטער און איינגיכן געבראַכט צו אַ נייער קאַטאַסטראָפע.

אין **האָמעל** — אַ לעבעדיקע שטאָט אין ווייס-רוסלאַנד — וואו יידן האָבן באַטראָפן די גרעסטע העלפט באַפעלקערונג, איז דאַמאָלסט געווען אַ שטאַרקע געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג. אין שטאָט איז געווען אַ גרויסע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מיט אַ פּאַרטייאישן ראַיאָן-צענטער. פּאַראַלעל איז טעטיק געווען אַן אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע, דער עיקר אונטער דער פירונג פון „בונד”, סיי די נאַציאָנאַליסטן, סיי די סאָציאַליסטן האָבן פון זייער יוגנט אויסגעטיילט געהיימע גרופּעס זעלבסטשוץ, און מען האָט געקאָנט פאָראויסזען, אַז אויב ס'וועט זיך טרעפן אַן אָנפאַל, וועט זיך דאָ נישט איבערחזרן די חרפה פון קישיניעוו. דעם 29 אויגוסט 1903 האָט זיך אויפן האָמלער מאַרקפּלאַץ אָנגעהויבן אַ געשלעג צווישן אַ המון יידן און קריסטן איבער דעם, וואָס איין פויער האָט געוואָלט צונעמען מיט גוואַלט אַ פעסל הערינג פון

אַ יידיש קרעמל פֿאַר אַ פּרייז, וואָס דער בעל-הבית פֿון קרעמל האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן זיין סחורה. דעם חוצפּהדיקן קונה האָט מען אַרויסגעוואָרפֿן פֿון געוועלב, האָבן זיך די פּויערים פֿון מאַרק איינגעשטעלט פֿאַר אים, עס איז אַנטשטאַנען אַ געשלעג, די צעקאָכטע יידן האָבן געאַרבעט מיט אַ צו שטאַרקן אַזאַרט און איין פּויער האָט מען דערהרגעט. דער המון פּויערים איז זיך אין שרעק צעלאָפֿן און פּאָליציי האָט געמאַכט אַרעסטן צווישן יידן. האָמלער קריסטן, איבערהויפּט די באַן-אַרבעטער, האָבן נישט געקאָנט פֿאַרשווייגן אַ זאַך, וואָס איז שלא כּדרך הטבע: יידן זאָלן שלאָגן קריסטן. איז אין צוויי טעג אַרום, דעם 1 סעפּטעמבער, אַ המון רוסישע אַרבעטער אַרויס פֿון די אייזנבאַן-וואַרשטאַטן און אָנגעהויבן ראַבעווען יידישע הייזער און בתי-מדרשים. צו די באַנדיטן זענען צוגעשטאַנען „שוואַרצע" אַרבעטער און לומפּן; ערטערווייז האָבן דעם המון געהעצט צום פּאָגראָם מענטשן פֿון דער געזעלשאַפֿט: אַ סוחר, אַ לערער, אַ סטודענט. אויף דעם קאָנגע פּלאַץ האָט די באַנדעס באַגעגנט אַ גרופּע יידישע זעלבסטשוץ פֿון עטלעכע הונדערט מאַן. די כוליגאַנעס וואָלטן געוויס אָפּגעטראָטן פֿאַרן דרייסטן ווידערשטאַנד פֿון דער זעלבסטשוץ, אָבער אין דעם מאָמענט זענען אָנגעקומען זעלנער און אויסגעשאָסן פֿון ביקסן אויף די יידן; דריי פֿון דער זעלבסטשוץ זענען געפֿאַלן אויפֿן אָרט און איינער איז געווען פֿאַרוואונדעט. דערזען אונטערשטיץ מצד דעם מיליטער, זענען די כוליגאַנעס געוואָרן דרייסטער און נאָך מיט מער אימפּעט זיך גענומען פֿאַר דער צעשטער-אַרבעט. אַ קייט זעלנער האָט זיי אומעטום באַשיצט פֿאַר די יידישע גרופּעס זעלבסטשוץ; די דרייסטע זעלבסטשוץ-גלידער, וואָס האָבן זיך געפּרובט דורכרייסן די קייט, האָבן די זעלנער געיאָגט מיט ביקסן-קאָלבעס און באַגנעטן, אָבער די כוליגאַנעס האָט מען נישט געשטערט צו שלאָגן, צו חרוב מאַכן און ראַבעווען. צו אָוונט האָט זיך דער פּאָגראָם איבערגעריסן, דער סך-הכּל איז געווען אַזאַ: 12 דערהרגעטע און שווער פֿאַרוואונדעטע יידן, 8 דערהרגעטע און פֿאַרוואונדעטע קריסטן, אַ סך יידן צעקלאַפּטע און לייכט פֿאַרוואונדעטע, ביי 250 צעראַבירטע יידישע וואוינונגען און געוועלבער. אַרעסטירט האָט פּאָליציי יידן אַ סך מער ווי קריסטן.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אין האָמעל אַראָפּגעקומען ׳ צו׳ מאָהילעווער גובערנאַטאָר, ער האָט צונויפֿגערופֿן אין שטאָט-דומע פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿט און צו זיי געהאַלטן אַזאַ רעדע: „איך האָב רחמנות אויף די אומגליקלעכע קרבנות. אָבער פֿון וואַנען האָט געקאָנט קומען אַזאַ פֿאַרביטערונג? אין רוסלאַנד איז פֿולע גלויבנסטאָלעראַנץ (!). די סיבות פֿון די לעצטע געשעענישן ליגן טיפֿער. יידן זענען איצט געוואָרן אָנפֿירער און איניציאַטאָרס אין אַלע באַוועגונגען קעגן דער רעגירונג. דער גאַנצער „בונד" און די סאָציאַלדעמאָקראַטיע — דאָס זענען לויטער יידן.

איר זענט אַליין שולדיק אין אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט. איר דערציט נישט גוט אייערע קינדער, איר האָט אויף זיי קיין איינפלוס נישט; אָבער איר קאָנט דאָך זיי אויפדעקן, אָנווייזן זיי דער רעגירונג, און איר באַהאַלט זיי. צווישן אַ נישט-ציוויליזירטער באַפעלקערונג פּראָפּאַגאַנדירט איר, זי זאָל נישט זיין אונטערטעניק, זי זאָל קעמפן קעגן דער רעגירונג, אָבער די רוסישע מאַסע וויל דאָס נישט און זי ווענדעט זיך קעגן אייך זעלבסט". מיטן גובער-נאַטאָרס מויל האָט גערעדט פּלעווע אַליין. נאַאיוו און גראָב איז אין דער דאָזיקער רעדע אויסגעדריקט געוואָרן דער פאַרבאַהאַלטענער געדאַנק פון דעם קאָפּ פון דער פּאָליטישער פּאָליציי — שטראָפן עלטערן פאַר דער רעוואָלו-ציאָנערער שטימונג פון קינדער און אַרויסשטעלן די גאַנצע רוסישע באַפריי-באַוועגונג ווי א יידישע זאַך. דאָס אויפפאָדערן עלטערן, אַרויסצוגעבן זייערע קינדער דער פּאָליציי אויף אָפּצורעכנען זיך, איז געווען די קרוין פון דער דאָזיקער זשאַנדאַרמען-אידעאָלאָגיע.

נאָכן פּאָגראָם האָט זיך באַוויזן דער רעגירונגס א „מיטטיילונג"; דאָס פּאָרגעקומענע אין האָמעל איז דאָ געווען פאָרגעשטעלט ווי אַ רעזולטאט פון דעם, וואָס יידן זענען אָנגעפאַלן אויף די רוסישע שטאָטלייט און זעלנער, אַזוי, אַז די זעלנער האָבן זיך פאַרטיידיקט און געווען געצוואונגען צו שיסן. דער אויספיר איז געווען: „די סיבה פון די אומרוען איז — די זייער פיינטלעכע און חוצפּהדיקע באַציאונג צו קריסטן מצד די אָרטיקע יידן". אַזוי האָט מען פאַרדרייט דעם אמת אין אַן אָפּיציעלן אַקט, אַזוי האָט מען פאַרוואַנדלט די העלדן פון זעלבסטשוץ — אין שולדיקע אין געוואַלט-מעשים. אין דער אמתן איז די האַלטונג פון האָמעלער מאַכט געווען אין פולן הסכם מיטן פּריילינג-צירקולאַר פון פּלעווע וועגן „נישט דערלאָזן" קיין זעלבסטשוץ מצד יידן, צונעמען ביי זיי דאָס נאַטירלעכע רעכט זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די פאַרגוואַלטיקער. איצט איז קלאָר געוואָרן, אַז די העלדן פון יידי-שער זעלבסטשוץ וואָלטן לייכט געשלאָגן די פּחדנותדיקע באַנדיטן, ווען אויף זייער זייט זאָלן זיך נישט שטעלן פּאָליציי און מיליטער. דאָס האָט געהויבן דעם יידישן מוט, וואָס איז געווען געדריקט נאָכן קישעניעווער פּאָ-גראָם, הגם דאָ איז געווען אָן אָנזאָג אויף א נייעם מאַרטיראָלאָג: פאַלן אין קאַמף פאַר דאָס רעכט אַליין זיך צו פאַרטיידיקן. דער רעגירונגס האַל-טונג אין דעם פּרט האָט ביי דער יידישער געזעלשאַפט אַרויסגערופן נאָך א גרעסערע שנאה צום רעזשים, וואָס דערלויבט איינע אויסצופירן מאָרדן, און די אנדערע פאַרווערט ער זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די מערדער.

הארבסט 1903 האָט מען פאַרענדיקט די געריכטלעכע אויספאָרשונג וועגן דעם פּאַסכאַ-פּאָגראָם אין קישעניעוו. די אויספאָרשונג האָט זיך געפירט אַזוי, מ'זאָל פאַררייבן אַלע סימנים פון דער פּאָגראָם-פּאָרבאַרייטונג. מ'האָט

גוט געזאָרגט, אַז פון דער אויספאָרשונג זאָלן אויסגעשלאָסן ווערן אַלע
פאָרשטייער פון דער מאַכט און דער רוסישער געזעלשאפט, וואָס זייער אָנ־
טייל איז באשיינפערלעך דערוויזן געוואָרן בעתן פארהער; צום געריכט האָט
מען איבערגעגעבן בלויז די געדונגענע מערדער אָדער די פרייוויליקע רוי־
בערס פון פראָסטן פאָלק, בסך־הכל 400 מאַן. אויס מורא, אַז אויפן געריכט
קאָן אַרויס דער אמת, האָט דאָס יוסטיץ־מיניסטעריום אין הסכם מיט פלע־
ווען פאראָרדנט, אַז דעם פראָצעס זאָל דאָס געריכט פירן ביי פאַרמאַכטע
טירן. מיט דעם אַקט האָט די רעגירונג, וואָס איז געווען פאַרפלעקט מיט
בלוט, שוין פון לכתחילה רעזיגנירט זיך צו רעאַביליטירן פאַר דער גאָרער
ציוויליזירטער וועלט, וועלכע האָט איר געהאַלטן פאַרן שולדיקן אין דער
קאַטאסטראָפע. בעת די געריכט־דעבאַטן, וואָס זייער אָפּקלאַנג פלעגט דורכ־
דרינגען דורך די ווענט פון פאַרמאכטן געריכטסזאַל, האָט די ציוויל־מאָנער
(פון די בעסטע רוסישע אַדוואָקאַטור־פאָרשטייער) זיך איינגעגעבן צו דער־
ווייזן, אז אויף דער שולד־באַנק זיצן נאָר די, וואָס זענען געווען
בלינדע געווער אין פארברעכן, בעת די אָרגאַניזאַטאָרס זיינע און די הע־
צער פונם המון האָט מען צום געריכט נישט צוגעצויגן. אויף דעם גרונט
האָבן זיי געפאָדערט, אַז דעם ענין זאָל מען איבערגעבן צו א צוגאָב־אויס־
פאָרשונג. דאָס געריכט האָט זיי אין דעם אָפּגעזאָגט. דאמאָלסט האָבן די
אַדוואָקאטן איינער נאָכן צווייטן פאַרלאָזן דעם זיצונגזאַל, זיי האָבן זיך אָפּ־
געזאָגט זיך צו באַטייליקן אינם פראָצעס איבער מאָטיוון, וואָס זיי האָבן
דאָ גלייך געמאָלדן אין פאָרם פון דירעקטע באַשולדיגונגען לגבי דעם גע־
ריכט און דער רעגירונג בכלל. דער סאמע אָנגעזעענסטער פון די ציוויל־
אָנקלאָגער, דער באַרימטער אדוואָקאַט קאַראַבטשעווסקי, האָט אין זיין מאָטי־
ווירטער מעלדונג געזאָגט: „גאַנץ קישיניעוו איז בעת די עקסצעסן פאַר־
וואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן אַנטיקן צירק, וואו פאַר די אויגן פון ביי־
גיריקע צוקוקער פון דער אַדמיניסטראַציע און אַרמיי, פאַר דעם יום־טוב־
דיק אָנגעטאָנענעם המון, האָט מען אויף דער אַרענע צעגויפגעיאָגט פון איין
זייט באַוואָפנטע קרבנות, און פון דער אַנדערער זייט אויף זיי אַרויפגעלאָזט
צעיושעטע חיות, — ביז עס איז נישט געקומען דער סיגנאַל: אַ סוף! —
און דאָס שוידערלעכע שוישפיל האָט זיך מיט אמאָל איבערגעריסן". נאָכן
אַוועקגיין פון די ציווילמאָנער, האָט דאָס געריכט געמאַכט פונם גאַנצן ענין
אַ געוויינלעכן קרימינעלן פֿאַרברעכן, די ערשטע גרופּע באַשולדיקטע איז
פאַרמשפּט געוואָרן צו קאַטאָרגע אָדער צו אַרעסטאַנטן־ראָטעס, אָבער די
ציווילפאָדערונגען פון די רואינירטע יידן האָט מען געלאָזן נישט באַפרי־
דיקט. ווען אין אַ האַלב יאָר אַרום האָבן די געליטענע דערלאַנגט אין סע־
נאַט ציווילפאָדערונגען צום באַפרייטן נאָכן פאָגראָם גובערנאַטאָר פאָן־ראַאַבען,
צום וויצע־גובערנאַטאָר אוסטרוגאָוו און פּאָליצמייסטער, ווי צו די שולדיקע

אין זייער רואין, — האָבן די אָנגעקלאָגטע ציניש געמאָלדן, אַז „די יידנס שאָדנס זענען עטלעכע מאָל געדעקט מיט די נדבות פון רוטלאַנד, מערב־אייראָפּע און אמעריקע", — און דער העכסטער טריבונאַל פון דער מלוכה האָט אויך אָפּגעזאָגט די ציוויל־פּאָדערונגען. די רעגירונג האָט נישט געוואָלט מאכן קיין פּרעצעדענט אויף אומצוקערן די פאַרלוסטן, וואָס אירע אַגענטן האָבן אָנגעטאָן די רואינירטע יידן, וואָרים „דאָס וואָלט די פאַרשטייער פון אַדמיניסטראַציע אַוועקגעשטעלט אין אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג", ווי עס האָט נאַאיוו דערקלערט דער קישיניעווער גובערנאַטאָר: אום צו צאָלן פאַר די אָפּיציעלע פּאָגראָמען־מאַכער, וואָלט מען געמוזט פאַרגרעסערן דעם מלוכה־ביודזשעט אויף מיליאָנען רובל.

אינמיטן די דאָזיקע שרעקלעכע געשעענישן האָט זיך די רעגירונג מיט אַמאָל גענומען „מאכן אָרדנונג אין דער געזעצגעבונג וועגן יידן". אויגוסט 1903 האָט פּלעווע פונאַנדערגעשיקט די גובערנאַטאָרס אַ צירקולאַר, אין וועלכן ער האָט פאָרגעלייגט: היות די געזעצפאַראָרדנונגען וועגן יידן זענען פאַרפּלאָנטערט, זאָל מען אָנווייזן מיטלען „ווי אַזוי די דאָזיקע פאַר־אָרדנונגען צו ברענגען אין אַ געהעריקע אָרדנונג און אַ מעגלעך האַרמאָ־נישע סיסטעם". ווי אַן ענטפער אויף דעם דאָזיקן פאָרשלאַג, איז פון ווילנער גובערנאַטאָר פאַלען אָנגעקומען אַ גרויסע שריפט, וואו ער האָט אָנגע־וויזן, אַז אַלע באַגרעניץ־געזעצן בנוגע דעם תחום מוזן אָפּגעשאפט ווערן, ווי שעדלעכע אין פּאָליטישן זינען, ווייל זיי שטויסן די יידישע מאסע אין די רייען פון רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט. אייניקע אַנדערע גובערנאַטאָרס האָבן זיך אויך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז די רעפּרעסיווע פּאָליטיק לגבי יידן זאָל ווערן ווייכער. יאַנואַר 1904 איז אין פּעטערבורג געזעסן אַ קאָמיסיע פון גובערנאַטאָרס און העכערע מיניסטעריאַלע באַאמטע אויף צו באַטראַכטן די יידן־פראַגע. באַלד פון אָנהויב איז קלאָר געוואָרן, אַז אין די „העכערע ספערן", ד. ה. ביים הויף, וויל מען אַפילו נישט הערן וועגן פאַרגרינגערן דעם גורל פון יידן. איינער פון די באַטייליקטע אין קאָמיסיע, דער נייער בעסאַראַבער גובערנאַטאָר אורוסאָוו, האָט שפּעטער, ווען ער איז אָפּן אַריבער צו די ליבעראַלן, מיטגעטיילט, אַז נאָכן קישיניעווער פּאָגראָם און דעם טומל אַרום אים „האָט מען נאָך פילבאַרער דערשפּירט די אומגינסטיקע באַ־ציונג פון די העכערע ספערן צו יידן". ביי אַזאַ שטימונג פון קיסר און הויף־כּנופיא איז טאקע מער נישט געבליבן ווי צו ברענגען די דראַקאָנ־געזעצן וועגן יידן „אין אַ האַרמאָנישע סיסטעם". אָבער מיט אַמאָל איז די אַרבעט פון דער קאָמיסיע איבערגעריסן געוואָרן: עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה מיט יאַפּאַן (27 יאַנואַר 1904), און אין א יאָר אַרום איז גע־קומען די רוסישע רעוואָלוציע.

## § 39. די מלחמה מיט יאַפּאַן (1904)

אויפן צווייטן טאָג נאָכן מעלדן די מלחמה האָט „וואָסכאָד", דער אָרגאַן פון די רוסישע יידן, אַזוי געשריבן: „איצט איז נישט די צייט אויפצורייסן אַלטע וואונדן. לאָמיר זיך מיען, אויף וויפיל עס איז אין אונזערע כּוחות, צו פאַרגעסן אי דעם נישט-לאַנגיקן גירוש פון פּאָרטאַרטור[1], אי קישיניעווער און האָמעלער פּאָגראָמען, און אַ סך, אַ סך אַנדערס. זאָלן זיך יידישע עלטערן נישט פאַרטראַכטן איצט איבערן ביטערן גורל פון זייערע קינדער, וואָס זענען פאַרבליבן פון יענער זייט לערן-אַנשטאַלטן. ווי איינפאַכע זעלנער וועלן יידן גיין אין שלאַכט, אָן האָפנונג אויף אָפיציר-ראַנגען, עפּאָלעטן און געהאַלטן, — אָבער דאָס בלוט פון אונזערע קינדער וועט זיך אויך אַזוי רייך גיסן, ווי דאָס רוסישע". יידן זענען אַוועק אין די רייען פון דער רוסישער אַרמיי אויף ווייטן מזרח, כּדי צו פאַראייניקן מאַנדזשוריע צו סיביר, וואו יידן האָבן קיין וואוינרעכט נישט געהאַט. די צאָל יידישע זעלנער אויפן פראָנט איז געווען זייער גרויס (ביי 30 טויזנט), ווייל לויט די מיליטערישע כּללים פלעגט מען יידן — רעקרוטן פון מערב-גובערניעס צושיקן בעיקר צו סיבירער פּולקן, און איצט האָבן זיי זיך אַלע געפונען נאָענט צום קריגס-פלאַץ. נישט-פּראָפּאָרציאָנעל גרויס איז געווען אויך די צאָל יידן — דאָקטוירים פון רעזערוו: זיי האָט מען מאָביליזירט אין דער ערשטער רייע, ווייל זיי האָבן נישט פאַרנומען קיינע מלוכה-שטעלעס און זענען געווען פריי — פאַר אַ קרבן אויפן שלאַכט-פעלד. אונטערן מערדערישן פייער פון די יאַפּאַנער, פון עפּידעמיעס און אַנדערע צרות אין דער אומגליקלעכער מלחמה האָבן עס פריער פאַר אַלעמען געדאַרפט אומקומען די, ביי וועמען דאָס אומגערעכטע געזעץ האָט אין פרידנצייט אָפּגענומען די עלעמענטאַרע בירגעררעכט.

אין דער צייט, ווען צענדליקער טויזנט רעכטלאָזע האָבן געקעמפט פאַרן כּבוד פון רוסלאַנד אויפן ווייטן מזרח, האָט דער רעגירונגס פּרעס נישט אויפגעהערט צו דריקן זייערע ברידער אין לאַנד. פון אַ רייע ערטער אויסערן תּחום האָט די אַדמיניסטראַציע אָנגעהויבן אַרויסצושיקן די פאַמיליעס פון די רעזערוו-זעלנער און דאָקטוירים, וואָס זענען אַוועק אויף דער מלחמה: דער גרונט איז געווען, אַז מיטן אָפּפאָר פון דעם הויפּט פון דער פאַמיליע פאַרלירן די פרוי און קינדער דאָס וואוינרעכט, וואָס מ'האָט געהאַט צוליב דער פּראָפעסיע. אָבער אינגיכן האָט זיך די ווילדקייט פון אַזאַ פּאָליטיק געוואָרפן אין די אויגן אין פּעטערבורג, און פּלעווע האָט באַפוילן, אַז די משפּחות פון די מאָביליזירטע זאָל מען לאָזן אויף די פריערדיקע וואוינערטער „ביזן סוף קריג".

1) צוויי חדשים פאַרן קריג האָט דער רוסישער שטאָטהאַלטער אויפן ווייטן מזרח — פאַרווערט יידן צו וואוינען אין פּאָרט-אַרטור און אויפן גאַנצן קוואַנטונגער האַלב-אינזל.

נאָר אויב די רעגירונג האָט אויף א צייט אָפּגעשוואכט דעם דרוק איבער דער געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם, פאַרשטאַרקט דורכן שאָוויניזם פון קריגס-צייט, זיך איצטער צעפלאַקערט מיט א באַזונדער קראַפט. אויפגעבראַכט פון די ערשטע מפלות פון דער רוסישער אַרמיי און פון די אומדערוואַרטעטע קריגס-דערפאָלגן פון די יאַפּאַנער, האָט די רעאַקציאָנערע פרעסע („נאָוואָיע ווּרעמיאַ" א. א.) אָנגעהויבן פונאַנדערלאָזן אַבסורדנע קלאַנגען, אַז יידן העלפן כלומרשט געהיים די יאַפּאַנער, „וואָס זענען זיי קרוביש לויט דער ראַסע" (?), כדי אָפּצוצאָלן רוסלאַנד פאַר דער קישינעווער שחיטה. פון דער רעזידענץ-פרעסע איז די בבא-מעשה וועגן יידיש-יאַפּאַנישן יד-אחת אַוועק שפּאַצירן איבער דער פּראָווינץ: מ'האָט דערציילט, אַז יידן פירן אַרויס געלד קיין אויסלאַנד, קויפן איין פערד פאַר יאַפּאַן, זאַמלען געלד אויף פאַנצערשיפן פאַרן מיקאַדאָ, העצן ענגלאַנד און אַמעריקע קעגן רוסלאַנד.

עס איז קלאָר געווען, אַז דאָ אַרבעט א באַנדע געוויסנלאָזע אַגיטאַטאָרס פון קרושעוואַנס חדר, וואָס וויל אַרויסרופן א פּאָגראָם קעגן יידן אונטער דעם מאָדישן אויסרייד וועגן יידישן „פאַרראַט". דאָס איז נאָך געווען אַרויסצוזען פון דעם, וואָס די העצערישע קלאַנגען האָט מען באַזונדער פאַרשפּרייט אין מערץ, פאַר פּסח — צום סעזאָן פון פּאָגראָמען, פּונקט ווי מיט א יאָר צוריק האָט מען אין דער זעלבער צייט פאַרשפּרייט דעם דובאָסאַרער ריטואַלן בילבול. „די אונטערצינדער האָבן זיך גענומען צו זייער אַרבעט" — האָט א יידישער זשורנאַל געוואָרנט זייַנע לעזער („וואָסכאָד" פון 11 מערץ). אין א וואָך אַרום האָט ער שוין געהאַט מיטצוטיילן וועגן דער פּאַניק צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, איבערהויפּט אין דרום. אין קישינעוו האָט מען זיך געשראָקן פאַר אַן איבערחזרן פון פּאָגראָם. און דאָס האָט אַרויסגערופן א פאַרשטאַרקטע עמיגראַציע קיין אַמעריקע; אין אָדעס האָבן די בייזע קלאַנגען דענערווירט יידן, און זיי האָבן זיך געהיים געגרייט צו זעלבסטשוץ. דער אַלאַרם איז אַריבער אין דער אויסלענדישער פרעסע. אָבער די רעגירונג האָט אַליין פאַרשטאַנען, אַז קריגס-צייט איז נישט באַקוועם אויף צו באַגייען די מלחמה אינעווייניק. האָט מען צעשיקט די גובערנאַטאָרס צירקולאַרן וועגן אָננעמען אַנטשלאָסענע מיטלען נישט צו דערלאָזן קיין שום פּאַסכאַ-עקסצעסן. דער בעסאַראַבער גובערנאַטאָר אורוסאָוו און אָדעסער שטאָט-קאָמיסאַר (גראַדאָנאַטשאַלניק) האָבן זיך געווענדעט צו דער רוסישער באַפעלקערונג מיט ערנסטע וואָרנונגען. און דאָס האָט געווירקט. ווי נאָר די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע און די רוסישע באַפעלקערונג האָבן זיך איבערגעצייגט, אַז פּאָגראָמען זענען פון אויבן פאַרווערט, האָט די אַגיטאַציע אויפגעהערט, און אין אַפּריל האָבן שוין די צייטונגען געקאָנט מעלדן, אַז „דער פּסח איז אומעטום אַריבער רויִק". [1]

---

1) אין זייַנע מעמואַרן דערציילט אורוסאָוו א כאַראַקטעריסטישן פאַקט. אין יענע אומרויִ-

דעם 15-טן יולי 1904 אינדערפרי, איז אויפן פּלאַץ פון וואַרשעווער וואָקזאַל אין פּעטערבורג געלעגן דער צעבלוטיקטער טויטער קערפּער פון דעם שעפער פון דער רוסישער אינערנפּאָליטיק—פּלעווע: אים האָט דערהרגעט אַ באָמבע פון אַ רוסישן טעראָריסט אין מאָמענט, ווען ער איז געפאָרן מיט אַ באַריכט צום קיסר קיין פּעטערהאָף. די רעוואָלוציע האָט ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. נאָך צוויי יאָר משוגענעם פּאָליצייאישן טעראָר, נאָכן פרוב אָפּצוציען פון רעפאָרמען די אויפמערקזאַמקייט פון דער געזעלשאַפט פריער מיט פּאָגראָמען, שפּעטער מיטן אויסגעווייניקסטן קריג (פּלעווע איז געווען פאַר דערקלערן יאַפּאַן קריג, אין דער האָפנונג צו פאַרטויבן די רעוואָלוציע מיט שאָוויניזם), — האָט זיך דאָס געשטאַלט פון דער רעוואָלוציע דראָענד אַוועקגעשטעלט פאַרן לאַנד. אַפילו די רעאַקציאָנערע רעגירונג איז געבליבן שטיין צעמישט פאַר דעם שטורם, וואָס רוקט זיך אָן, און האָט נישט געענטפערט מיט פּאָליצייאישן טעראָר אויפן רעוואָלוציאָנערן, נאָר פאַרקערט — זי האָט זיך געפּרובט עטוואָס ווייכער מאַכן דעם קנעכטשאַפט-רעזשים. דעם 2-טן אויגוסט, צוליבן געבורט פון יורשעצר, איז ארויסגעגעבן געוואָרן אַ מאַניפעסט וועגן פאַרשידענע „טובות" און חסדים פאַר דער באַפעלקערונג; די הויפּט-פאַרלייכטערונג איז געווען — מ'האָט אָפּגעשאַפן לייב-שטראָף פאַר פּויערים און זעלנער — אַ נשאר פונם קאַנטשיק-רעזשים. דעם זעלבן טאָג איז אַרויס אַ באַפעל, אין וועלכן דער קיסר „האָט געהאַלטן פאַר גערעכטיק, אַז ביז מען וועט איבערקוקן די אַלגעמיינע געזעצגעבונג וועגן יידן — זאָל מען איינפירן אייניקע ענדערונגען אין די ווירקנדיקע באַשטימונגען וועגן זייערע וואוינרעכט". די ענדערונגען זענען געווען נישט קיין גרויסע: יידן מיט הויכבילדונג האָט מען דערלויבט וואוינען אין דערפער און פאַרווערבן דאָרט אומבאַוועגלעכע גיטער, אויך פירן אומעטום מסחר; די באַטייליקטע אין קריג, וואָס האָבן זיך מיט עפּעס אויסגעצייכנט אָדער אָפּגעדינט אָן שום פאָרוואורפן, ווערט צוגעזאָגט אַלגעמיינע וואוינרעכט; פרויען און קינדער פון יידן מיט הויכבילדונג ווערט געגעבן וואוינרעכט אַפילו נאָכן טויט פון מאַן און פאָטער. אָט דאָס איינע האָט מען „געהאַלטן פאַר גערעכטיק" צו שענקען יידן, וואָס האָבן געשיקט 30 טויזנט מענער אין דער אַקטיווער אַרמיי.

---

קע ערב-פּסח-טעג האָט ער צוזאַמען מיטן פּאָליצמייסטער אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט ווי 8 י אָפּצוהיטן אין שטאָט די אָרדנונג; האָט ער אָבער באַמערקט בעת דער אַרבעט, אַז דער פּאָליצמייסטער האָט עפּעס ספקות און באַדענקעניש. אַזוי האָט געדויערט ביז עס איז אָנגעקומען פון מיניסטער אַ צירקולאַרישע דעפּעשע וועגן ני שט-דערלאָזן קיין פּאָגראָמען. ווי נאָר דער גובערנאַטאָר האָט באַוויזן דעם פּאָליצמייסטער די דאָזיקע דעפּעשע, האָט יענער אויסגערופן: „זייט רואיק, — איצט וועלן קיינע אומרוען אין קישיניעוו נישט זיין". דער היטער פון אָרדנונג האָט זיך געפּועלט צו דערפילן זיין חוב ערשט נאָך אַ באַזונדערן באַפעל פון דער צענטראַלמאַכט, ווייל ביז אַהער איז ער געווען זיכער, אַז די דאָזיקע מאַכט פאַרלאַנגט אַ פּאָגראָם

די יידישע געזעלשאַפט האָט די דאָזיקע נדבה אויפגענומען קאַלט: אירע אויגן זענען געווען געווענדעט צו די נייע האָריזאָנטן, וואָס האָבן זיך דעמאָלסט אַנטפּלעקט פאַר רוסלאַנד. אויפן קאַלטן פאַל פון דער רעאַקציע האָט גענומען שמעקן מיט „פּאָליטישן פּרילינג״.

דעם 26=טן אויגוסט איז אויפן פּאָסטן פון מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים באַשטימט געוואָרן ווילנער גענעראַל=גובערנאַטאָר סוויאַטאָפּאָלק=מירסקי — מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ ליבעראַלן אדמיניסטראַטאָר. ער האָט דערקלערט, אַז ער וועט שטרעבן איינצושטעלן „צוטרוי״ צווישן דער רעגירונג און דער געזעלשאַפט; אַ יידישער דעפּוטאַציע אין ווילנע האָט ער צוגעזאָגט, אַז זיין כּלל אין דער יידנפראַגע וועט זיין יושר און „גוטסקייט״. דאָך האָט זיך דער גוטער מיניסטער די ערשטע צייט אַרויסגעוויזן פאַר נישט בכּוח צו באַהערשן די ביי אָנגעקומענע פּאָגראָם=באַוועגונג. סוף זומער זענען אין עטלעכע דרום־ערטער פּאָרגעקומען געוויינלעכע פּאָגראָמען, וואָס אָנהויבן פלעגן זיי זיך מיט אַ געשלעג אין אַ יידיש קרעמל און ענדיקן זיך מיט אַ חורבן פון הייזער און געוועלבער (אין שטעטל סמילע קיעווער גוב., דעם 22 אויגוסט, און אין ראָוונע, וואָלינער גוב., דעם זעלבן טאָג). אינגיכן האָבן די נייע פּאָגראָמען אָנגענומען אַ באַשטימטע באַפאַרבונג: עס איז אַוועק אַ סדרה מאָביליזאַציע=פּאָגראָמען. די מאָביליזירטע רוסישע רעזערוויסטן, אויפגערעגט פון דעם, וואָס מ׳שיקט זיי אויף די טויטפעלדער אין מאַנדזשוריע, האָבן זייער פּראָטעסט אויסגעגאָסן מיט דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד, רעכענענדיק אויף דער ווייכקייט פון דער מאַכט. שיכּורע זעלנער צוזאַמען מיט שטאָטישן פעבל האָבן חרוב געמאַכט יידישע הייזער, געשלאָגן די איינוואוינער, געראַבעוועט דאָס פאַרמעגן. אַ בלוטיקער פּאָגראָם איז געווען אין שטאָט אַלעקסאַנדריע (כערסאָנער גוב.) אין די טעג פון 6 און 7 סעפּטעמבער. אַ המון באַנדיטן האָט זיך אַריינגעריסן אין שול, וואָס איז געווען איבערפולט מיט דאַוונער צוליב יום=כּפּור, און געשלאָגן 20 מאַן; צווישן די שווערפאַרוואונדעטע זענען געווען סטודענטן און גימנאַזיסטן. פּאָליציי האָט זיך נישט געמישט אין דער אינעווייניקסטער מלחמה, און נאָר אויפן צווייטן טאָג, אַז דער פּאָגראָם האָט זיך באַנייט, האָט מען פון דער שכנישער שטאָט אַרויסגערופן קאָזאַקן און זיי האָבן געמאַכט אָרדנונג. אין אַ חודש אַרום האָבן די מאָביליזירטע געהוליעט אויף צפון, אין מאָהילעווער גוב. אין מאָהילעוו ביים דניעפּר האָט דאָס ווילדעווען פון זעלנער און אָרטיקע כוליגאַנעס געהאַט אַ גרעסערן פאַרנעם: דאָ האָבן געליטן די אָרעמסטע יידישע קוואַרטאַלן, אַ קרבן פונם ראַבעווען זענען געווען אויך פאַמיליעס פון רעזערוויסטן, וואָס זענען אַוועק אויף מלחמה (10 אָקטאָבער). פון דער גובערניע=שטאָט האָט זיך די חולאת פאַרשפּרייט איבער דער גובערניע (ביכאָוו, גאָרקי, מסטיסלאַוו). אין דער

שכנישער וויטעבסקער גובערניע האָבן זעלנער געראַבעוועט ערטערווייז אָן אונטערשיד פון נאַציע און אפילו אויף פּאָליצײַ אָנגעפאַלן. די מאַכט האָט אַפּנים, מורא געהאַט צו־האַרט אונטערצודריקן „די פּאַרטייַדיקער פון פאָ־טערלאַנד", כּדי נישט קאַליע צו מאַכן די ווייטערדיקע מאָביליזאַציע. ערשט סוף אָקטאָבער האָבן זיך די פּאָגראָמען איינגעשטילט.

די זעלבע אָקטאָבער־טעג 1904 האָט מען אין דער סעסיע פון קיעַ־ווער געריכטס־פּאַלאַטע, וואָס איז געזעסן אין האָמעל, אָנגעהויבן צו באַ־האַנדלען דעם פּראָצעס וועגן פּאַראַיאָריקן אָרטיקן פּאָגראָם. אַ גאַנץ יאָר האָט זיך עס געפּאָדערט פאַר דער געריכטס־פאַרוואַלטונג — נישט אַזוי אויף אויסצופאָרשן דעם ענין, ווי אויף צו פאַרפלאָנטערן אים און צושטעלן דעם עפנטלעכן געריכט אין דער פּאָליטישער באַלויכטונג פון דער רעגירונג (די אויספאָרשונג האָט זיך געפירט נאָך בעת פּלעווע האָט געלעבט און אונטערן דרוק פון זיין אידעאישן חבר, יוסטיץ־מיניסטער מוראַוויאָוו). ס'איז געווען נשתומם צו ווערן פון דער פרעכער טענדענציעזקייט אין באַשולדיק־אַקט. דעם גאַנצן ענין האָט מען פאָרגעשטעלט ווי אַן אַנטירוסישן פּאָגראָם, וואָס יידן האָבן געמאַכט אויס נקמה פאַר דער קישיניעווער שחיטה; די רוסן האָבן זיך נעבעך נאָר פאַרטיידיקט קעגן דער באַוואָפנטער יידישער זעלבסט־שוץ. צווישן די 60 באַשולדיקטע, וואָס מ'האָט צוגעצויגן צום געריכט, איז געווען 36 יידן, ד. ה. פון דעם צעראַבירטן טייל באַפעלקערונג. יידן, וואָס האָבן געהאַט די העזה צו שטעלן די רוצחים אַ ווידערשטאַנד, זענען איצט געזעסן באַגלייך מיט זיי אויף דער שולד־באַנק. אונטערן דרוק פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג האָט די רעגירונג געמוזט דערלאָזן מ'זאָל דעם האָמעלער פּראָצעס באַהאַנדלען ביי אָפענע טירן, אָבער דער געריכטספאָרזי־צער האָט באַקומען אַ אינסטרוקציע נישט צו דערלאָזן אין די געריכטס־דע־באַטן קיינע פּאָליטישע אַנטדעקונגען. פּאַרטיידיקער פון די באַשולדיקטע זע־נען געווען די בעסטע קרעפטן פון יידישער און רוסישער אַדוואָקאַטור (ווי־נאַווער, סליאָזבערג, קאַלמאַנאָוויטש, ראַטנער, סאַקאָלאָוו, זאַרודני, קופּערניק א. א.). קרוב דריי חדשים האָט זיך געצויגן דער פּראָצעס — אַ צווייקאַמף צווישן דער אדוואָקאַטור, וואָס האָט געוואָלט אויפדעקן דעם אמת, און דעם קרוינגעריכט, וואָס האָט זיך באַמיט אים צו פאַרטונקלען. ווען עס פלעגט צוקומען צום אויפדעקן די אמתע שולדיקע אין פּאָגראָם, פאַרשטייער פון דער מאַכט, פלעגט דער פאָרזיצער פון געריכט אָפּשטעלן די פאַרטיידיקער און צונעמען ביי זיי דאָס וואָרט. אזא ווילקיר און גראָבקייט האָט ענדלעך געצוואונגען די פאַרטיידיקער און ציווילמאָנער — זיי זאָלן אַוועק פון גע־ריכט: נאָך שאַרפע פּראָטעסטן האָבן זיי דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזן דעם זי־צונגזאַל, ביי צושטימענדיקע אויסרופן פון די באַשולדיקטע יידן, וואָס האָבן אין אַזא דעמאָנסטראַציע געזען די בעסטע פאַרטיידיקונג פון זייער גערעכ־

שער זאַך. דער פּראָצעס האָט זיך פאַרענדיקט אין יאַנואַר 1905 מיט דעם, וואָס מ'האָט א העלפט באַשולדיקטע — יידן און קריסטן — צוגעמשפּט לייכטע שטראָפן: תּפיסה אויף נישט גרויסע טערמינען: דערבײַ האָט דאָס געריכט באַשלאָסן זיך משתּדל צו זיין, מ'זאָל די דאָזיקע שטראָפן נאָך פאַרלייכטערן, און אויך דאָ האָט מען קיין אונטערשיד נישט געמאַכט צווישן אָנפאלער און װער ס'האָט זיך פאַרטיידיקט. װעגן דעם דאָזיקן פּסק־דין האָט דער רוסישער יורידישער זשורנאַל „פּראַוואָ" געשריבן: „דער אמת טרעט בולט אַרויס אפילו אין דעם דאָזיקן פּסק־דין. אויב אי די יידן אי די קריסטן זענען אינם מאָרד, אין די גוואַלט־מעשׂים און רויבערייען שולדיק נאָר אין אַ גאָר קליינער מאָס (אַנדערש, מיט וואָס זאָל מען דערקלערן די מילד־ווייכע שטראָפן?), מוז דאָך בײַ יעדערן אומפּאַרמיידלעך אויפקומען די פראַגע: ווער זשע איז דער אמתער שולדיקער אין די גרוילן, וואָס האָבן זיך אָפּגעטאָן אין האָמעל? אַן ענטפער קאָן זיין נאָר איינער: חוץ קריסטן און יידן, איז פאַראַן נאָך א דריטער חייב — די פּאָליטיק־טרייבנדיקע ביוראָקראַטיע. דער שולדיקער האָט געפעלט אויף דער שולד־באַנק, אָבער פאַרמשפּט איז ער. אָט דער שולדיקער טאַקע האָט זיך עס געשראָקן פאַרן אמת און אים פאַרדעקט מיט אַן אַלגעמיינער אַמנעסטיע".

אַזוי האָבן זיך פאַרענדיקט די דאָזיקע צוויי פּאַטאַלע יאָרן אין דער יידישער געשיכטע, — די נצחון־יאָרן פון דער רוסישער פויסט אין קישעניעוו און האָמעל, און פון די מפּלות אין פּאָרט־אַרטור און מוקדען. די דאָזיקע אומרואיקע יאָרן האָבן פאַריאָגט פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע בײַ 125 טויזנט יידישע עמיגראַנטן. צום סוף פונם צוויי־יאָריקן קאָשמאַר האָט דער פּאָליטישער האָריזאָנט גענומען ווערן קלאָרער: עס איז אָנגעלאָפן די כוואַליע פרייהייט־באַוועגונג, און יידן האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין איר מיטן גאַנצן ברען פון מאַרטירער. אָבער די זעקס מיליאָן יידן איז נישט באַשערט געווען איבערצולעבן אָן שרעקלעכע פּאָגראָמען אפילו דעם יום־טוב פון דער רוסלענדער רעוואָלוציע.

## § 40 די רעוואָלוציע און פּאָגראָמען פון 1905

דער „פּאָליטישער פרילינג", דער פּרוּוו פון סוויאַטאָפּאָלק־מירסקיס רעגירונג שלום צו מאַכן מיט דער ליבעראַלער געזעלשאַפט, האָט געגעבן דעם ערשטן שטויס צו אַ אָפענער פרייהייטס־באַוועגונג. די ליבעראַלע „פאַרשוועטער", וואָס האָבן געחלומט וועגן אַ מאָנאַרכישער קאָנסטיטוציע, האָבן געלאָזט הערן זייער פאַרוערטן לאָזונג. נאָוועמבער 1904 האָט אַ צוזאַמענפאָר פון זעמסקע טוער אין פּעטערבורג אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע וועגן דער „נישט־באַרעכטיקייט פון אַ מלוכה־אָרדנונג", וואָס האַלט זיך אויף אַליינהערשונג, און

אויך וועגן דער גויטיקייט, אז אין דער געזעצגעבונג זאָל זיך באַטייליקן דעם פאָלקס פאָרשטייער. אַ צאָלרייכער מיטינג, פלומרשט אַ באַנקעט פון אַדוואָקאַטן און ליטעראַטן, האָט אויך פראָקלאַמירט אַזאַ רעזאָלוציע מיט אַ צוגאָב־פאָדערונג: „אָפּצושאַפן אַלע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע באַגרענעצן". די פרעסע האָט אויסגענוצט די צייטווייליקע אָפּשוואַכונג פון די פּאָליצײ־שטרענגקייטן, און אָנגעהויבן רעדן פרייער די געזעלשאַפט האָט זיך אָנ־געהויבן פאַראייניקן אין פאַרשידענע פּאָליטישע פאַרבאַנדן. די רעגירונג איז שווערלעך געגאַנגען אייף הנחות. זי האָט שטרענג פאַראורטיילט די „טומל־דיקע געזעמלען", וואָס פאָדערן מ'זאָל ענדערן די „אומבאַרירלעכע יסודות פון אונזער מלוכה־סדר", אָבער אין דער זעלבער צייט האָט זי — אין קייזערלעכן באַפעל פון 12 דעצעמבער 1904 — צוגעזאָגט אַ רייע טיילווייזע רעפאָרמעס: פאַרבעסערן דעם רעכטלעכן מצב פון פויערים, פאַרברייטערן די טעטיקייט פון זעמסטווע, מלוכה־אַסעקוראַציע פאַר אַרבעטער, פאַרלייכטערן דעם פּאָליצײ־ און צענזור־פּרעס, און אויך „איבערקוקן יענע געזעצן, וואָס באַגרענעצן די רעכט פון פרעמדע", איינהאַלטנדיק נאָר די פון זיי, „וואָס וויכטיקע מלוכה־אינטערעסן און אָפּענער נוצן פון רוסישן פאָלק פאַרלאַנגען עס". אַזאַ מין יעזואיטיש פאָרבאַהאַלטן האָט געמאַכט דעם צוזאָג צו גאָר־נישט, וואָרים יידישע אָנרעכט האָט מען דאָך אַלע מאָל דערקלערט מיט „נויטווענדיקע מלוכה־אינטערעסן", וועדלוג די רעאַקציאָנערן האָבן זיי פאַר־שטאַנען. דורכפירן די האַלב־רעפאָרמעס האָט מען איבערגעגעבן דעם ביוראָ־קראַטישן אָרגאַן — דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט: דאָס באַטייליקן זיך פון פאָלקס פאָרשטייער האָט מען אָפּגעוואָרפן.

די פרייהייט־באַוועגונג האָט געשטויסן ניקאָלאַי II צו נייע הנחות. יעדעס מאָל האָט מען זיי ביי אים צו קאַרגע ביסלעך אַרויסגעריסן — נאָך אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד. דער „בלוטיקער זונטאָג" פון 9 יאַנואַר 1905 אין פעטערבורג האָט געמאַכט די התחלה פון אַן אָפענער רעוואָלוציע, אין וועלכער סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאָדערונגען האָבן זיך צוזאַמענגע־פלאָכטן. די פאַרשטרייקטע פעטערבורגער אַרבעטער האָבן זיך אין אַ גרוי־סער מאַסע געלאָזן צום ווינטער־פּאַלאַץ מיט אַ פעטיציע צום קיסר וועגן באַשיידענע רעפאָרמעס, אָבער דאָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ קאַטאַסטראָפע. די פעטיציאָנערן, וואָס זענען געגאַנגען מיט צלמים און קלויסטער־פענער אונטער דער פירונג פונם גלח גאַפּאָן, האָט מען באַגעגנט מיט ביקסן־שאָסן פון דער קייזערלעכער גוואַרדיע. פון די אָנטיילנעמער אין דער מאַניפעסטאַ־ציע און פונם עולם איז געפאַלן אַ סך קרבנות, — צווישן זיי אויך עטלעכע יידן: אַ פעלדשעריג, אַ ציינדאָקטאָר, אַן אַפּטייק־שילער און אַ זשורנאַליסט. די דאָזיקע נידערטרעכטיקע האַלטונג פונם צאַר, וואָס האָט געענטפערט מיט קוילן אויף תחנונים מכח רעפאָרמעס, האָט אין דער רעזידענץ און אין

פראָווינץ ארויסגערופן אַ רייע קעגנמלוכהשע מאניפעסטאַציעס, פאַבריק־
שטרייקן און טעראָר־אַקטן.

אין דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אין די מערב־גובערניעס האָבן
יידן גענומען אַ באַמערקבארן אָנטייל, — צווישן זיי א סך אָרגאניזירטע אר־
בעטער פון „בונד" און אַנדערע סאָציאַליסטישע פארטייען. אין אָדעס האָט
אַן ארבעטער, שטילמאַן, געשאָסן אין פאָליצמייסטער און אים געמאַכט אַ
וואונד (19 יאַנואר). אין מאָהילעוו ביים דניעפּר האָט א יידישער יינגערמאַן
געשאָסן אָן רעזולטאַט אין פאָליצמייסטער, וואָס אלע האָבן אים געהאַלטן
פארן שולדיקן אינם פאָגראָם — פאָריקן הארבסט. אזעלכע פאַלן האָבן גע־
געבן דער רעגירונג אַן אויסרייד צו פארענטפערן איר אונטערדריקן יידן,
אַז זיי זענען „די ערשטע אין דער רעוואָלוציע" (נאָכן 9 יאַנואַר האָט מען
דעם ליבעראלן סוויאטאָפאָלק־מירסקי באזייטיקט און פארביטן מיטן רעאק־
ציאָנער בוליגין). נאָר איין וויטע, דער פאָרזיצער פון מיניסטאָרן־קאָמיטעט,
האָט אנדערע אויספירן געמאכט פונם פאקט, וועגן די יידנס רעוואָלוציאָנע־
רישקייט. אויף דער זיצונג פון קאָמיטעט (11 פעברואר), האָט ער געזאָגט,
אז „די פיינטלעכע באציונג צו דער רעגירונג, וואָס באמערקט זיך איצט
צווישן יידן, איז א פועל יוצא פון די שווערע מאטעריעלע באדינגונגען, ביי
וועלכע עס לעבט די מערהייט רוסישע יידן אונטערן פרעס פון באגרענעץ־
געזעצן"; ער האָט געוואָרנט, אז דער פאָליציי־מאכט וועט אויסקומען נאָך
„מיט פארשטארקטער ענערגיע צו קעמפן מיט יידנס קעגנמלוכהשער טעטיקייט,
ווי לאנג עס וועט נישט פארווירקלעכט ווערן יענע פארלייכטערונג אינם גורל
פון די פרעמדע, וואָס דער באפעל פון 12 דעצעמבער האָט צוגעזאָגט".

דערווייל האָט זיך אין דער יידישער געזעלשאפט — נאָך יענעם בא־
פעל — אָנגעהויבן א פעטיציע־באוועגונג, מיטן צוועק צו צווינגען די רע־
גירונג געבן מער ראדיקאלע רעפאָרמעס. אין פעברואר האָט מען אויף ווי־
טעס נאָמען אָפגעשיקט עטלעכע מאסן־פעטיציעס וועגן גלייכבארעכטונג פאר
יידן. די פעטיציע פון 32 יידישע קהלות (פעטערבורג, ווילנע, קאָוונע, האָ־
מעל, בערדיטשעוו, קישעניעוו א. אנד.) האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי: „אַלץ,
וואָס מען האָט אונטערגענומען פאַר יידן דאָס לעצטע פערטל יאָרהונדערט,
איז פשוט אויסן געווען, מען זאָל זיי פאַרוואַנדלען אין אַ מאַסע בעטלער, אָן
מיטלען צו עקזיסטירן, אָן ליכט פון בילדונג און אָן מענטשלעכן ווערט. די
גאנצע מלוכה־מאַשין איז געווען געווענדט דערצו, אַז מען זאָל דאָס לעבן
פון יידן אין רוסלאַנד מאַכן אוממעגלעך". די פעטיציע וואַרפט אָפ דעם גע־
דאנק פונם דעצעמבער־באַפעל וועגן ב ה ד ר ג ה אויסבעסערן די לאַגע פון
יידן און וועגן אייניקע „פאַרלייכטערונגען": „די באַליידיקטע מענטשן־ווערדע קאָן
זיך נישט באַרויקן מיט האלבע מאָסמיטלען". „אלע יידן אין רוסלאנד זענען
איצטיקע מינוט דורכגעדרונגען מיט איין־אייניציקן געדאַנק: אַז די גרויזאַמע

סיסטעם פון באַגרענעצן און נגישות אָן אַ סוף רייסט אונטער גאָר ד'עם
יסוד פון זייער עקזיסטענץ, אַז אַזוי לעבן ווייטער איז אוממעגלעך. אויסגע=
מאַטערט פון אַלעם איבערגעלעבטן, וואַרטן יידן מ'זאָל זיי אינגאַנצן מאַכן
אויס קנעכט, זיי וואַרטן מ'זאָל אַנטשיידן אָפּשאַפן אַלע אויסנאַם=געזעצן, און
פרייע און גלייכע מיט אַנדערע זאָלן זיי קאָנען האַנט ביי האַנט מיט די
איבעריקע בירגער פון גרויסן לאַנד ארבעטן פאַר זיין גליק און אויפבליי".
אַ מער שאַרפע שריפט איז געקומען פון 26 יידישע קהלות (מאָסקווע, אָדעס
א. אנד.) און פון די ראַדיקאַלע גרופּעס אין יענע קהלות, וואָס האָבן אונ=
טערגעשריבן די ערשטע פּעטיציע: „מיר דערקלערן, אַז מיר האַלטן פאַר
אומפּרוכטיק יעדן פּרוב צו באַפרידיקן און באַרויקן די יידישע באַפעלקערונג
מיט עפּעס טיילווייזע פאַרבעסערונגען. מיר וואַרטן אויף גלייכבאַרעכטונג,
ווי מענטשן, וואָס אין זיי לעבט דאָס געפיל פון אייגענער ווערדע, ווי באַ=
וואוסטזיניקע בירגער אין אַ פרייער מלוכה". אין דער שריפט פון דער
ווילנער גרופּע איז צום לעצטן פּונקט געווען צוגעגעבן: „ווי אַ קולטורעלע
נאַציע, פאָדערן מיר יענע רעכט פון נאַציאָנאַל=קולטורעלער אַליינבאַשטימונג,
וועלכע מוזן געגעבן ווערן אַלע פעלקער, וואָס גייען אַריין אין באַשטאַנד פון
דער רוסישער מלוכה".

די פרייהייט=באַוועגונג אין רוסלאַנד איז געוואַקסן. עס האָבן זיך גע=
בילדעט פּראָפעסיאָנעלע פאַרבאַנדן פון אייזנבאַנער, אינזשעניערן, אַדוואָקאַטן;
וואו=נישט=וואו האָבן זיך אָנגעהויבן געפערלעכע אייזנבאַן=שטרייקן, די סטו=
דענטנשאַפט האָט זיך געקאָכט. אַלס ענטפער האָבן זיך אומעטום געלאָזט
הערן — שיסערייַ פון זעלנער און דאָס פייפן פון קאָזאַקישע נאַהייקעס. פון
עקסטרעמען פליגל סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָט מען אויף די פּאָליצייאישע
רעפּרעסיעס געענטפערט מיט רויטן טעראָר. אין מאָסקווע האָט מען דערהרגעט
דעם גענעראַלגובערנאַטאָר, גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש (4 פעב=
רואַר). ווען דער עדעלער רוסישער יוגנטלעכער קאַליאַיעוו האָט געוואָרפן זיין
אויפרייס=באָמבע אין איינעם פון די העסלעכסטע גלידער אין ראָמאַנאָווס
הויז, האָט ער מסתמא נישט חושד געווען, אַז ער איז דאָס געווער פון דער
געשיכטלעכער נעמעזידע, וואָס באַשטראָפט דעם מאָסקווער המן פאַר זיין
שענדן יידן. די רעוואָלוציע=כוואַליע איז אין צוזאַמענהאַנג מיט די מפּלות
אין יאַפּאָנישן קריג געשטיגן, און דאָס האָט איבערגעשראָקן ניקאָליי II און
ער האָט געגעבן נאָך אַ הנחה. דעם טאָג פון 18 פעברואַר זענען פאַרעפנט-
לעכט געוואָרן דריי אַקטן: דעם קיסרס מאַניפעסט, וואָס האָט פאַראורטיילט
דעם רעוואָלוציאָנערן „אומרו" אין מאָמענט פון „בלוטיקער שלאַכט אויפן
ווייטן מזרח" און האָט גערופן אַלע „ווי דענקענדיקע מענטשן" צו קעמפן
מיט דער „אינעווייניקסטער פיינטשאַפט"; ווייטער אַ רעסקריפּט אויפן נאָמען
פון אינערן=מיניסטער בוליגין מיט דער בשורה, אַז דער קיסר איז אַנטשלאָסן

„צוציען די ווירדיקסטע אויסדערוויילטע פון דער באַפעלקערונג אויף אָנטייל=
צונעמען ביים באַטראַכטן געזעצגעבערישע פראָיעקטן”, ד. ה. רופן אַ באַ=
ראַטנדיקע פאַרזאַמלונג פון פאָלקס פאָרשטייער; צום סוף, אַ באַפעל דעם
סענאַט דערלויבן פריוואַטע מענטשן און אנשטאַלטן צו דערלאנגען דער רע=
גירונג זייערע „מיינונגס־פראָיעקטן, וואָס האָבן אַ שייכות צום פאַרפאָלקאָ=
מען די גוטע איינריכטונג פון דער מלוכה”. די רוסישע פראָגרעסיווע גע=
זעלשאַפט איז נישט געווען צופרידן סיי מיט דער צווייידייטיקייט פון די דאָ=
זיקע אַקטן, אין וועלכע דראָאונגען און הנחות זענען געגאַנגען איינס נאָכן
צווייטן, סיי מיטן קליינעם פאַרנעם פון דער עצם הנחה, — אָבער די געגע=
בענע פרייהייט צו מעלדן וועגן די נויטיקע רעפאָרמעס — האָט זי ברייט
אויסגענוצט. עס האָט זיך א גאָס געטון אַ מבול רעזאָלוציעס און דעקלאַראַ=
ציעס, מיט דער פאָדערונג פון איין־איינציקער גרונט=רעפאָרמע: אָפּשאַפן
אַליינהערשונג און איינפירן א פארלאַמענט=קאָנסטיטוציע. די יידישע אנשטאַלטן
זענען אויך צוגעשטאַנען צו דער דאָזיקער קאמפּאַניע דעקלאַראַציעס. די
עלטסטע געזעלשאַפט אין פעטערבורג „מפיצי השכלה” האָט אָנגענומען אַזאַ
רעזאָלוציע (27 פעברואַר): „ריכטיק אוועקשטעלן בילדונג ביי יידן, אין הסכם
מיט די קולטור=באַזונדערקייטן פון יידישן פאָלק, איז מעגלעך נאָר ביי דעם
תנאי, מען זאָל זיי איינגאַנצן גלייכשטעלן אין רעכט מיט דער איבריקער
באַפעלקערונג פון רוסלאַנד. ווי א פעסטע גאראנטיע פון פרייער קולטור=
אַנטוויקלונג און פולער פעלקער=גלייכקייט, איז נויטיק, אז אין דער געזעצ־
געבערישער מאַכט און אינם קאָנטראָל איבערן פאַרוואַלטן מיטן לאַנד זאָלן
זיך באַטייליקן פאָרשטייער פון פאָלק, אויסגעוויילטע אויפן יסוד פון אלגע=
מיינער, גלייכער און געהיימער אָפּשטימונג דורך אַלע בירגער אָן אונטער=
שייד פון נאַציע, גלויבן און פארמעגן”. אין דעם זעלבן נוסח זענען געווען
די דעקלאַראַציעס פון אנדערע געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן, פון וועלכע יע=
דער האָט פארבונדן זיין אויפגאבע מיט דער גרונטפאָדערונג אויפצובויען אַ
קאָנסטיטוציאָנעל רוסלאַנד.

עס איז רייף געוואָרן די נויטיקייט צו באַשאַפן א באַזונדערע פּאָלי=
טישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל רעגולירן דעם קאַמף פאַר יידישע גלייכ=
שטעלונג נישט אויפן גרונט פון פּאַרטיי אָדער קלאַס, נאָר פון פאָלקס=כלל.
אַזא אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן אויפן צוזאַמענפאָר פון יידישע
געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען זיך צונויפגעקומען אין ווילנע סוף מערץ
1905. מ'האָט געבילדעט א „פאַרבאַנד צו דערגרייכן פולבאַרעכטונג פון
יידישן פאָלק אין רוסלאַנד”, וואָס האָט זיך געשטעלט אַזאַ ציל: „פאַרווירק=
לעכן אין פולער מאָס בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע
רעכט פון יידישן פאָלק אין רוסלאַנד”. די נאַציאָנאַלע רעכט זענען אין
פראָגראַם פון פארבאַנד געווען אויסגעדריקט אַזוי, ווי דאָס איז געווען אין

דער טעאָריע פון אויטאָנאָמיזם: „פרייהייט פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער זעלבסטבאַשטימונג אין אַלע אירע אויסדריקן — ברייטע אויטאָנאָמיע פון קהילות, פרייהייט פון שפּראַך און שול-בילדונג". אין דער נייעסטער געשיכטע איז דאָס געווען די ערשטע פּראָגראַם פון א יידישער פאַראייניקונג, וואָס זאָל שטעלן נאַציאָנאַלע רעכט אין איין שורה מיט בירגערלעך-פּאָליטישע, — דער ערשטער פּרוב פון פרייהייט-קאַמף ווי אַ נ אַ צ י ע, און נישט ווי באַזונדערע פּערזאָנען אָדער ווי אַ „רעליגיעזע גרופּע", וואָס איז צוגערעכנט צו די הערשנדיקע נאַציעס, אַזוי ווי דאָס איז געווען אין מערב-אייראָפּע. דאָס צענטראַל-ביוראָ פון „דערגרייכער-פאַרבאַנד" איז געווען אין פּעטערבורג; אין זיין באַשטאַנד האָט דער צוזאַמענפאָר אויסגעקליבן פאַרטרעטער פון פאַרשידענע פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע ריכטונגען, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אויף דער אָנגעוויזענער פּראָגראַם (מ. ווינאַווער, ג. סליאָזבערג, ש. לעווין, ב. גאָלדבערג, ש. דובנאָוו, ל. בראַמסאָן, מ. ראַטנער און אַנדערע, אין דער צאָל פון 22 גלידער). די ערשטע פּראַקטישע רעזאָלוציעס פון פאַרבאַנד זענען געווען: פאָדערן אַלגעמיינע וואַל-רעכט ביי די וואלן צום קינפטיקן פאַרלאַמענט מיט א גאַראַנטיע פון פאַרטרעטערשאַפט פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין יעדן קרייז; באַאיינפלוסן די רוסישע געזעלשאַפט, אַז אין די אַלגעמיינע רעזאָלוציעס וועגן בירגערלעכער גלייכקייט זאָל מען קלאָר און דייטלעך אַרויסשטעלן די פאָדערונג גלייכצושטעלן דאָס יידישע פאָלק. צווישן אַנדערע האָט דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון פאַרבאַנד באַשלאָסן פאָרצולייגן אַלע יידישע ראַטמענער אין די שטאָט-דומעס (ראַטן), זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע „מאַנדאַטן", וואָס זיי האָבן באַקומען נישט דורך וואַלן, נאָר אויף דער באַשטימונג פון אָרטיקער אַדמיניסטראַציע: דאָס האָט מען באַטראַכט ווי אַ באַליידיקונג פאַרן נאַציאָנאַלן כבוד (ווי באַקאַנט, האָט דאָס געזעץ פון 1892 אָפּגענומען ביי יידן מוניציפּאַלע רעכט, עס איז נאָר דערלאָזט געוואָרן, אַז אויף דער רעקאָמענדאַציע פון גובערנאַטאָר זאָלן אייניקע יידן קאָנען זיצן אין שטאָט-ראַט). די דאָזיקע רעזאָלוציע האָט געווירקט: אין א סך שטעט האָבן די אָפּיציעלע ראַטמענער דעמאָנסטראַטיוו זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע מאַנדאַטן און דערלאַנגט אַ פּראָטעסט קעגן אָפּנעמען ביי יידן וואַל-רעכט צו דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג. לכתחילה האָט זיך די אַדמיניסטראַציע פאַרלוירן און געפּרובט באַשטימען נייע פּערזאָנען אויפן אָרט פון די, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט; אַז זיי האָבן אָבער געזען, דאָס דער יידישער באָיקאָט גייט ווייטער, האָבן זיי זיך מער נישט געגומען צום האַרצן, וואָס אין שטאָטראַטן פעלן אינגאַנצן יידישע פאָרשטייער. מיטן יידישן פּראָטעסט איז שטיל געוואָרן: דער אַלגעמיינער רעש פּראָטעסטן אין רעוואָלוציאָנערן יאָר — האָט אים פאַרשטעלט.

דאָס פאַרקנעכטעטע פאָלק האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו פרייהייט, אָבער די פינסטערע כּוחות פון רעאַקציע האָבן געגרייט דעם געפאַנגענעם אַ שרעקלעכע נקמה פאַר זיין אָנטיילנעמען אין דער באַפריי־באַוועגונג. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע האָט פאַרכאַפּט אַלע קלאַסן פון דער רוסישער געזעלשאַפט; איר אַנטקעגן איז געגאַנגען אַ שמוציקע כוואַליע „שוואַרצע מאות", וואָס פּאָליציי־אַגענטן פון דער זעלבסטהערשונג האָבן זיי פון גאָר אונטן אַרויסגעפירט, פון די אומקולטורעלע נידריקע שיכטן רוסיש פאָלק. אין פאַרצווייפלטן קאַמף מיט דער רעוואָלוציע האָט די צאַריש מאַכט אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש צו פאַרווירקלעכן איר דראָונג: „Acheronta mowebo". אַרויסלאָזנדיק דעם אכעראָן פון מגושמדיקן המון קעגן דער ליבעראַלער אינטעליגענץ און „זשידעס", האָט די רעאַקציע דערגרייכט דריי זאַכן: זי האָט דירעקט געוואָרפן אַ פּחד אויף די ליבעראַלן און סאָציאַליסטן, זי האָט דעמאָנסטרירט דעם „פאָלקס" אומווילן צו פאַרבייטן די זעלבסטהערשונג אויף קאָנסטיטוציע, און זי האָט קאָמפּראָמיטירט די גאַנצע פרייהייט־באַוועגונג ווי אַ זאַך פון די פרעמדע פעלקער, דער עיקר יידן, ווי אַ נישט־נאַציאָנאַלן ענין. האָט זיך אָנגעהויבן אַן אָפענע פּאָגראָם־אַגיטאַציע אונטערן פּאַראָל: „שלאָגן די רעוואָלוציאָנערן און זשידעס!" אין אַ פּראָקלאַמאַציע פון דער דרום־רוסישער „געזעלשאַפט פון נאַציאָנאַליסטן" איז געשטאַנען: „די אויסרופן „אַוועק מיט דער זעלבסטהערשונג!" — דאָס זענען רופן פון יענע בלוטזייגער, וואָס הייסן זשידעס, אַרמענער, פּאָליאַקן, היט זיך פאַר די זשידעס! דאָס גאַנצע אומגליק, די גאַנצע צרה פון אונזער לעבן זענען זשידעס. אינגיכן וועט אָנקומען אַ גליקלעכע צייט, אַז קיין זשידעס וועט אין רוסלאַנד נישט זיין. אַוועק מיט די פאַררעטער! אַראָפּ די קאָנסטיטוציע!" די פּאָגראָמען האָט מען אָפן געגרייט צום פּסח־סעזאָן. פון פיל שטעט האָט מען די צייטונגען דעפּעשירט: „מ'דערוואַרט פּאָגראָמען". וואו נישט וואו האָט אַ גובערנאַטאָר אָנגענומען מיטלען קעגן עקסצעסן, אָבער אין אַ סך ערטער האָט די מיליטערישע און בירגערלעכע מאַכט, איבערהויפּט די פּאָליציי — די זשאַנדאַרמען־אָדער „פאַרזיכערונג"־אָפּטיילונגען, אָפן צוגעגעבן קוראַזש די, וואָס האָבן געגרייט פּאָגראָמען. אין דער פאַבריקשטאָט ביאַליסטאָק, אַ צענטער פון יידישער אַרבעטערבאַוועגונג, האָבן קאָזאַקן געשלאָגן אויף די גאַסן יידן־דורכגייער, זיך אַריינגעריסן אין בתי־מדרשים און וואוינונגען, געמאַכט אונטערזוכונגען, געראַבעוועט און געממיתט יידישע איינוואוינער (9—10 אַפּריל). פּאַסכאַ־צייט האָבן פּויערים געראַבעוועט יידן אין שטעטל דוּסיאַטי (קאָוונער גוב.). אויף דרום, אין מעליטאָפּאָל, האָט אַ שיכּורער המון חרוב געמאַכט און אונטערגעצונדן יידישע קראָמען, און דערנאָך אָנגעהויבן ראַבעווען אויך רוסישע הייזער, אָבער די זעלבסטשוץ פון יידישער און רוסישער יוגנט, האָט אָפּגעשטעלט די מהומה (18—19 אַפּריל). אין סימפעראָפּאָל האָבן די „שוואַרצמאַהניקעס" פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַ יידיש יינגל, אַן אָפּ-

טייקערס אַ זון, האָט כּלומרשט אַרייַנגעוואָרפן אַ קריסטלעך הייליק בילד אין אַן אומרייַן אָרט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם. לכתחילה האָט קעגן אים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די יידישע באַוואָפנטע יוגנט, שפּעטער אויך דער אָרטיקער מיליטער-גאַרניזאָן (22 אַפּריל).

דאָס זענען אַלץ געווען צופעליקע, נישט אָרגאַניזירטע עקסצעסן. אָבער אין איין אָרט האָט מען זיך גוט געגרייט בלוטיק אָפּצורעכנען זיך מיט יידן אויפן פּאָליטישן באָדן, און דאָ האָט זיך איבערגעחזרט די טראַגעדיע פון קישעניעוו און האָמעל. אין זשיטאָמיר, אַ צענטער פון וואָלין, זענען מיט דער פרייהייט-באַוועגונג באַגלייך געווען פאַרכאַפּט סיי די פּראָגרעסיווע רוסישע, סיי די יידישע געזעלשאַפט. נאָכן בלוטיקן זונטאָג אין דער רעזידענץ האָט מען דאָ אויך געמאַכט פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס, שטרייקן, אַרויסגעגעבן רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס, געשיקט דער רעגירונג רעזאָלוציעס פון פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען. אַזוי ווי די יידישע יוגנט האָט גענומען אַ גאָר אַקטיוון אָנטייל אין די אָרטיקע סאָציאַליסטישע קרייזלעך, האָט די שוואַרצע מאה באַשלאָסן אָנצוּלערנען די יידישע רעוואָלוציאָנערן. מ'האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז יידן לערנען זיך הינטער דער שטאָט שיסן, זיי שיסן אין קיסרס פּאָרטרעט, זיי גרייטן זיך „אויסצוקוילן די קריסטן" א. א. וו. פאַר פסח האָבן די אָרגאַניזאַטאָרס פון פּאָגראָם אַראָפּגעבראַכט זיך צו הילף פון מאָסקווע אַ גרופּע „קאַצאַפּעס" — גרויסרוסן. יידן האָבן ווירקלעך זיך באַוואָפנט צוליב זעלבסטשוץ, און דאָס אָפענע אייַנגיטן-זיך פון די יונגעלייט אין שיסן האָט געגעבן אַ גרונט פאַר די דערמאָנטע קלאַנגען. די טעג פון פּאַסכא האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ בלוטיקע פאָרשטעלונג, וואָס איז בסוד דערלויבט געוואָרן דורך דער מאַכט. משך דריי טעג (23—25 אַפּריל) איז די שטאָט געווען אין רשות פון שוואַרצמאהדיקע באַנדעס, וואָס האָבן געראַבעוועט, געהרגעט און פאַרוואונדעט יידן; באַגייסטערט האָט זיי דאָס אויסגעטרונקענע בראָנפן און די זיכערקייט, אַז דער קיסר וועט נישט באַשטראָפן די, וואָס פאַרטיליקן זייַנע שונאים, וועלכע פאָדערן פרייהייט. די יידישע זעלבסטשוץ אין זשיטאָמיר האָט באַוויזן וואונדער פון העלדישקייט דאָרט, וואו פּאָליציי און מיליטער האָבן איר נישט געשטערט, און מוטיק איז זי אומגעקומען דאָרט, וואו די מאַכט האָט פּאַסיוו אָדער אַקטיוו צוגעהאָלפן די פּאָגראָמ-לייט. פאַר די דריי טעג איז דערהרגעט געוואָרן 15 יידן און פאַרוואונדעט אַן ערך 100. צווישן די געליטענע זענען געווען דערעיקרשט יונגע אַרבעטער און האַנטווערקער; עס זענען געווען אויך סטודענטן, און צווישן זיי איין רוסישער — בלינאָוו, וואָס איז מיט מסירת-נפש אַרויס צו פאַרטיידיקן די, וואָס מ'שעכט. די שוואַרצע חיות האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף בלינאָוון מיט אַ געשריי: „כאָטש דו ביזט אַ רוס, אָבער אַ סאָציאַליסט, און ערגער פון די זשידעס!" מיט הילף פון זעלנער און פּאָליציאַנטן האָבן זיי דעם יונגן מאַן דערהרגעט אויף טויט.

אין איינעם פון די דאָזיקע טעג האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שווידערלעכע טראַגעדיע אין טראָיאַנאָוו, אַ שטעטל נישט ווייט פון זשיטאָמיר. דערהערט, אַז אין זשיטאָמיר ראַבעוועט מען יידן, האָבן 14 דרייסטע יידישע יונגעלייט פון דער שכנישער שטאָט טשודנאָוו, זיך באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און געלאָזט זיך צו הילף זייערע ברידער. אויפן וועג, אין טראָיאַנאָוו, האָט זיי אָפּגעוואַרט אַ המון רוסישע אַרבעטער און פּויערים, אויפגעהעצטע פון די קלאַנגען, אַז עס גייען „זשידעס־קוילערס" צו פּאַרטיליקן רוסן. דער המון איז אָנגעפאַלן אויף די יוגנטלעכע און פאַר די אויגן פון די אָרטיקע יידן מערדעריש אויסגעהרגעט צען מאַן. „14 חברים זענען מיר געווען, — דערציילט איינער פון די אָפּגעראַטעוועטע — געפאָרן זענען מיר פון טשודנאָוו קיין זשיטאָמיר. אין טראָיאַנאָוו האָבן אונז אַרומגערינגלט קאַצאַפּעס, אָנגעהויבן באַזוכן, אַלץ אָפּגענומען און אָנגעהויבן שלאָגן מיט העק, פלעקער. איך האָב געזען, ווי מיינע חברים פאַלן טויט איינער נאָכן צווייטן. ביז עס איז געקומען דער אוריאַדניק, זענען געבליבן לעבעדיקע פיר: איך און נאָך דריי מאַן. דער אוריאַדניק האָט באַפוילן אָפּצופירן אונז אין זשיטאָמירער שפּיטאָל. אָבער אויפן וועג האָבן די קאַצאַפּעס אונז אַרויסגעריסן פון די פּאָליציאַנטן און ווידער אָנגעהויבן צו פּייניקן. מיך האָט מען געבונדן און אַריינגעשלעפּט צום גלח. ער האָט געבעטן מ'זאָל מיך נישט טשעפּען, אָבער מ'האָט אים אויסגעלאַכט, מיך אוועקגעשלעפּט און ווידער אָנגעהויבן צו שלאָגן. האָבן דאַמאָלסט די פּאָליציאַנטן אָנגעהויבן זאָגן, אַז זיי וועלן פאַר מיר מוזן ענטפערן, ווייל זיי האָט מען באַפוילן מיך צוצושטעלן קיין זשיטאָמיר. „נו, אויב אַזוי, — האָבן די קאַצאַפּעס געזאָגט, — וועלן מיר אים אָפּלאָזן, אָבער פריער מוז דער דאָזיקער הונט אַ קוק טאָן אויף זיינע זשידעס". און מ'האָט מיך אוועקגעשלעפּט צו די דערהרגעטע חברים. איך האָב דערזען צען מתים... איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד: ווער ס'איז געלעגן מיט אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ, ביי וועמען דער בויך אויפגעטרייבערט, אָפּגעשניטענע הענט... איך בין געפאַלן אין חלשות". אויפן טראָיאַנאָווער בית־עולם קאָן מען ביז היינט זען די צען קברים פון יונגע קדושים, — זיי דאַרפן הייליק פאַרבלייבן פאַרן גאַנצן יידנטום.

דער פלאַם פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך מיט אַ גרעסערער קראַפט צעפלאַקערט זומער 1905, נאָכדעם ווי דער רוסישער פלאָט איז פאַרניכטעט געוואָרן אין שלאַכט מיט די יאַפּאַנער ביי צוסימע. דער פלאַקער האָט אויך יידן פאַרכאַפּט, און זיי האָבן אויף פּאָגראָמען געענטפערט מיט פאַרשטאַרקן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. דער יידישער עלעמענט איז געווען אַקטיוו אין אַלע אָפּטיילן פון דער באַפריי־אַרמיי: צווישן די קאָנסטיטוציאָנאַליסטן־דעמאָקראַטן, סאָציאַלדעמאָקראַטן און סאָציאַלרעוואָלוציאָנערן. עס האָט זיך באַקומ"ן אַ פאַרכישופטע ראָד: קרבנות פון ערגסטן דעספּאָ-

טיזם, האָבן יידן נישט געקאָנט נישט אריינוואַרפן זיך אין דער פרייהייט=
באַוועגונג, אָבער דאָס שוואַרצע רוסלאַנד האָט זיי דערפאַר געצאָלט מיט
פּאָגראָמען, וועלכע האָבן זיי נאָך מער געשטויסן צו רעוואָלוציע. די זומער=
חדשים 1905 איז אוועק אַ נייע כוואַליע פּאָגראָמען — מיליטערישע. אויפ=
געדעגטע איבער די מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי אין מאַנדזשוריע, האָבן
די זעלנער און קאָזאַקן באַשלאָסן זיך צו באַלוינען מיט לייכטע נצחונות
איבערן „אינעווייניקסטן שונא״ — און פאַר אַזעלכן האָט מען יידן פאָרגע=
שטעלט אין די פּראָקלאַמאַציעס פון די שוואַרצמאהניקעס. האָבן זיי געשלאָגן
יידן אויף די גאַסן פון מינסק (26 מאי), בריסק=דליטא (29—31 מאי), שעד=
לעץ און לאָדזש (9 יוני). אין לאָדזש האָבן זעלנער געשאָסן אין די אָנ־
טיילנעמער פון אַ געמישטער פּויליש=יידישער ארבעטער־מאַניפעסטאַציע. אַ
בלוט=באָד האָט די סאָלדאַטן=מאַסע געמאַכט אין ביאַליסטאָק (30 יוני): א
גאַנצן טאָג האָט זי אויף די גאַסן געשאָסן פשוט פון ביקסן אויף פריד=
לעכע דורכגייער — יידן, אויסגעהרגעט ביי א האלבע מאה מענטשן און
פאַרוואונדעט נאָך מער. אויפן דרום=עק רוסלאַנד, אין דער שטאָט קערטש,
האָט אויף זיך די בירגערלעכע מאַכט גענומען מאכן אַ גרויסן פּאָגראָם. ווי
אַ תשובה אויף אַ רואיקע פּאָליטישע מאַניפעסטאַציע קעגן זעלבסטהערשונג,
מיטן אָנטייל אויך פון יידישער יוגנט, האָבן דער שטאָט=קאָמיסאַר און
זשאַנדאַרם־פּאָלקאָווניק איינגעאָרדנט אַ קאָנטרמאַניפעסטאַציע — אַ „פּאַטריאָ=
טישע״ האָט עס געזאָלט הייסן (31 יולי). מיטן קיסרס פּאָרטרעט אויף דער
פאָן און מיטן געזאַנג פון הימן „גאָט, היט דעם קיסר״, האָט דער המון
„פּאַטריאָטן״ — מיט א שטיק צוגאָב גנבים און כוליגאַנעס — געראַבעוועט
יידישע הייזער און, אין נאָמען פון ליבע צום פאָטערלאַנד, געראַבעוועט יידיש
פאַרמעגן. און ווען די באַוואָפנטע יידישע זעלבסטשוץ האָט אָנגעהויבן אַר=
בעטן קעגן די באַנדיטן, האָט איר פאַרטריבן א האָגל קוילן פון זעלנער,
און אַ צענדליגג העלדן איז געבליבן אויפן אָרט. די שפּעטערדיקע אויס=
פאָרשונג האָט דערוויזן, אַז דעם פּאָגראָם האָט דעטאַל צוגעגרייט די פּאָלי־
צייאיש=זשאַנדאַרמישע מאַכט, זי האָט זיך וועגן דעם טעלעגראַפיש פאַרבונדן
מיטן פּאָליציי=דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג. דאָס זענען געווען רעפּעטי=
ציעס צו די אָקטאָבער=פּאָגראָמען, וואָס זענען שפּעטער געקומען אומעטום.

## § 41. די אָקטאָבער-פּאָגראָמען

אונטערן געדויש פון רעוואָלוציאָנערע און קאָנטררעוואָלוציאָנערע מאַ=
ניפעסטאַציעס האָט די רעגירונג זיך געיִשובט מכּח דער פראַגע וועגן אַ פאָלקס=
פאַרטרעטערשאַפט, אזוי ווי עס האָט צוגעזאָגט דעם קיסרס באַפעל פון 18
פעברואַר. אונטערן פאָרזיץ פון מיניסטער בוליגין איז געזעסן אַ קאָמיסיע,

וואו מ׳האָט אויסגעאַרבעט א פּראָיעקט פון א באַראַטנדיקער פאָלקספאַרזאַמלונג; נאָך דעם פּראָיעקט האָט מען יידן נישט געזאָלט צולאָזן צו דער פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט, ווייל מענטשן אָן בירגערלעכע רעכט, האָט זיך געדוכט, קאָן מען נישט געבן קיין פּאָליטישע וואַלרעכט. אַ שטורם פּראָטעסטן האָט דער פּראָיעקט אַרויסגערופן אין אַלע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט. אין יוני האָט זיך אין דער פּרעסע באַוויזן אַ גרויסע צאָל פּראָטעסט־רעזאָלוציעס אין נאָמען פון די יידישע קהלות אין פּעטערבורג, ריגע, ווילנע, קישעניעוו, זשיטאָמיר און אַ סך אנדערע שטעט; אייניקע פון זיי זענען געווען אין אַ באַזונדער שאַרפן טאָן. פּראָפעסאָר טרובעצקאָי, וואָס איז געקומען צום קיסר בראש פון א זעמסקע־שטאָטישער דעפּוטאַציע (6 יוני), האָט אין זיין וואָרט דערמאָנט, אַז מ׳דאַרף קיינעם נישט אויסשליסן פון דער פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט: „מ׳דאַרף, עס זאָל קיינער נישט זיין באַליידיקט און אָן רעכט״. די רעגירונג האָט זיך מישב געווען: נאָכוואָס „צערייצן יידן נאָך מער״, און דער מיניסטאָרן־ראַט האָט פון פּראָיעקט אויסגעשלאָסן דעם פּונקט וועגן נישט־צולאָזן יידן צו די וואַלן אין דער קינפטיקער פאָלקספאַרזאַמלונג. אין יולי זענען אין פּעטערהאָף געגאַנגען באַראַטונגען אונטערן פאָרזיץ פון קיסר וועגן דעם פּראָיעקט פון אַ מלוכה־דומע (פּאַרלאַמענט), מ׳האָט באַרירט אויך די יידנפראַגע. די קאַמאַריליע־הויפלייט האָבן געפאָדערט נישט צוצולאָזן צו דער דומע די „שעדלעכע יידישע נאַציע״, אָבער פאַראַנטוואָרטלעכע מלוכה־טוער (פינאַנץ־מיניסטער קאָקאָווצעוו א. א.) זענען געווען פאַר צולאָזן, און דער צאר האָט פאַרענדיקט די דיסקוסיע מיט דער באַמערקונג: „לאָזן דעם פּראָיעקט (מיט דער אויסבעסערונג לטובת יידן) אָן ענדערונגען״. אזוי אַרום איז געשען, אַז דאָס העכסטע פּאָליטישע רעכט אָנטיילצונעמען אין פאָלקספאַרטרעטערשאַפט האָבן באַקומען מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פרייהייט פון באַוועגן זיך, פון אויסקלייבן אַ פּראָפעסיע און אַנדערע עלעמענטארע רעכט פון א בירגער. א קעגן, אָפּשאַפן גלייך די בירגערלעכע קנעכטשאפט פון יידן האָט דער קיסר נישט געוואָלט: דאָס צוגעזאָגטע פאַרגרינגערן דעם גורל פון יידן (אין באַפעל פון 12 דעצעמבער 1904) האָט ער אָפּגעלייגט ביז עס וועלן זיך צונויפקומען די פאָלקס־פאָרשטייער: ער האָט געהאָפט, אַז די „אמת־רוסישע לייט״ וועלן נישט מסכים זיין צו עמאַנסיפּירן יידן.

דעם 6־טן אויגוסט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער לכתחילהדיקער טעקסט פון דער קאָנסטיטוציע: די מלוכה־דומע האָט געהאַט אַ צענזן־באַשטאַנד, איז געווען לויט איר טעטיקייט אַ באַראַטנדיקע, יידן זענען נישט געווען באַגרענעצט אין די וואַלרעכט. „איצט — האָט געשריבן „וואָסכאָד״ — האָט דער ייד רעכט צו זיין אַ פאָלקס־פאָרשטייער, אָבער אים פעלט וואוינרעכט אינעם אָרט, וואו די מלוכה־דומע געפינט זיך, אין דער רעזידענץ״.

 די יידישע געזעלשאַפט, אויסער דעם לינקן פליגל, האָט זיך שוין געגרייט צו וואַלן אין דער שלעכטער דומע אריין, כדי דאָרט זיך צו דערשלאָגן אַ מער פאַרפולקאָמטע קאָנסטיטוציע; אָבער דער שטורמישער גאַנג פון די געשעענישן האָט געשטויסן צו מער אנטשיידענע מעשים. אַ סוראָגאַט פון פאָלקס־פאַרטרעטערשאַפט האָט נישט באַפרידיקט די ראַדיקאַלע דעמאָקראַטיע, און דער קאמף קעגן צאַריזם האָט זיך באַנייט מיט פרישער קראַפט. פריי־ערדיקע פּאָליטישע מיטינגען אין די הויכשולן, וואָס האָבן באַקומען אַקאַ־דעמישע אויטאָנאָמיע, האָבן גערופן צו שטורמען די זעלבסטהערשונג. די אויטאָנאָמע פּראָפעסאָרן־ראַטן האָבן אָנגעהויבן אָנצונעמען יידן אין שול אָן די פריערדיקע פּראָצענט־באַגרענעצן, און אינם קאָכעדיקן ים רוס־לענדער סטודענטנשאַפט האָט זיך אַריינגעגאָסן אַ הייסער שטראָם יידישע יוגנט. עס איז אַוועק אַ סדרה נייע שטרייקן — סטודענטישע, אויף פאַבריקן און אייזנבאַנען. עס האָט זיך געגרייט אַן אַלרוסלענדער גענעראַל־שטרייק. די אַרמיי פון דער פרייהייט־באַוועגונג האָט באַשלאָסן אָפּצושטעלן די באַנען, פאַבריקן און יעדע אַנדערע אַרבעט אין לאַנד, כדי אַזוי אַרום אַרויסצופּרעסן ביי דער זעלבסטהערשונג אַ דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע און דאָס באַלדיקע אָנערקענען אַלע בירגערלעכע פרייהייט. אָבער אויך די שוואַרצע מחנה פון דער זעלבסטהערשונג האָט זיך אין דער זעלבער צייט געגרייט—צו קאָנטער־רעוואָלו־ציע, צו באַרטאָלאָמעען־נעכט קעגן רעוואָלוציאָנערן און דערעיקרשט—יידן. וועגן די פּלענער פון די באַפרייער האָבן אַלע געוואוסט, אָבער וועגן די געהיימע כוונות פון די רעאַקציאָנערן האָט זיך קיינער נישט אָנגעשטויסן, און ערשט נאָכדעם, ווי די בלוטיקע מעשים זענען געשען, האָט מען אַנטדעקט פעדים פון אַ פאַרברעכערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס ציען זיך פון קיסרס פּאַלאַץ און הויפּלייט, דורך די פּאָליציי־קאַנצעלאַריעס, ביז צו די פאַרבאהעלטענישן פון גזלנים און כוליגאַנעס 1).

עס איז געקומען דער דענקווירדיקער אָקטאָבער 1905. די ערשטע טעג פון חודש (נאָכן אַלטן סטיל) האָט זיך אָנגעהויבן אַן אייזנבאַן־שטרייק, און באַלד האָט זיך אָפּגעשטעלט גאָר די אַרבעט אין אַלע אינדוסטריעלע צענטרען. עס איז אָפטער געקומען צו צוזאַמענשטויסן צווישן רעוואָלוציאָנערן

1) די אַנטדעקונגען אין דער פּרעסע און שפּעטער אין דער מלוכה־דומע דערלאָזן נישט קיינע ספקות, אַז אין דער אָרגאַניזאַציע פון די אָקטאָבער־פּאָגראָמען האָבן זיך באַטייליקט פּערזאָנען נאָענטע צום קיסר, זיי האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט די גובערנאַטאָרס פון פּראָווינץ מכח אויסבילדן „קאַמף־גרופּעס“ פון שוואַרצמאַהדיקע פּאָגראָם־לייט. פּראָקלאַמאַציעס מיט רופן צו פּאָגראָמען האָבן זיך געדרוקט אין דער דרוקעריי פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג און מען האָט זיי צעשיקט איבער דער פּראָווינץ. מיליאָנען רובל האָט מען אויסגעגעבן דערויף פון געהיימען מלוכה־פאָנד, וואָס איז געווען אין פּערזענלעכן רשות פונם קיסר.

מיט מיליטער און פּאָליציי. איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך געלאָזט הערן דער רוף פונם זשאַנדאַרמען־שעף אין פּעטערבורג: „קיין קוילן זאָל מען נישט קאַרגן!" אָבער דערשיסן די פרייהייט־באַוועגונג פונם פאָלקס־כּלל האָט זיך אַרויסגעוויזן שווער. אין לעצטן מאָמענט איז די זעלבסטהערשונג דער־ציטערט געוואָרן פאַרן פאָלקס אָנגריף — און זי האָט נאָכגעגעבן. דעם 17 אָקטאָבער איז אַרויס אַ קייזערלעכער מאַניפעסט, וואָס האָט דעם פאָלק צוגע־זאָגט אַלע בירגערלעכע פרייהייטן (פּערזענלעכע אומבאַרירלעכקייט, פרייהייט פון וואָרט, פאַרזאַמלונגען און פאַראיינען) און אַ געזעצגעבערישע דומע מיט אַ מער דעמאָקראַטיש וואַלרעכט. וועגן גלייכקייט פון בירגער און וועגן גלייכשטעלן פעלקער איז אין מאַניפעסט גאָר נישט געשטאַנען, און אינם צוגעגעבענעם מעמאָראַנדום פון פרעמיער־מיניסטער וויטע איז וועגן דעם געווען דערמאָנט אין זייער נעבלדיקע אויסדריקן. אָבער אויך אין דער דאָזיקער אומבאַשטימטער פאָרם האָט דער מאַניפעסט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. או־מעטום האָבן זיך אָנגעהויבן פייערלעכע מאַניפעסטאַציעס לכּבוד דעם, וואָס דאָס לאַנד פון דעספּאָטיזם איז פאַרקערט געוואָרן אין אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה; יידן האָבן אין די דאָזיקע פייערלעכקייטן גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל. אָבער גלייך האָבן זיך אויפן באַפרייטן טריומפירנדיקן פאָלק אַרויפגעוואָרפן די פאַרשווערער פון קאָנטר־רעוואָלוציע. ווי אויף אַ געגעבענעם סיגנאַל, איז די שוואַרצע אַרמיי פון אַלטן רעזשים אַרויסגעטרעטן, — און עס איז אַוועק אַ שוידערלעכע בלוט־אָרגיע, וואָס האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע וואָך (18—25 אָקטאָבער). הויפּט־קרבּנות אין דער דאָזיקער לאַנגער באַרטאָלאָמעען־נאַכט זענען געווען יידן: מ'האָט זיי געצאָלט פאַר זייער אָנטייל אינם אַרויספרעסן דעם פרייהייט־מאַניפעסט בײַם דעספּאָטיזם. משך איין וואָך האָט מען אויס־געפירט ביי 50 בלוטיקע פּאָגראָמען קעגן יידן אין פאַרשידענע שטעט (אָדעס, קיעוו, קישעניעוו, קאַלאַראַש, סימפעראָפּאָל, ראָמען, קרעמענטשוג, טשערניגאָוו, ניקאָלאַיעוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק, יעליסאַוועט־גראַד א. אַ.) און עטלעכע הונדערט געוויינלעכע פּאָגראָמען אויפן גאַנצן שטח פון תּחום און אין איינציקע פּונקטן אויסערן תּחום.

אַלע זענען נשתּומם געוואָרן, מיט וואָס פאַר אַ פּלאַנמעסיקייט און איינהייטלעכקייט די בלוטיקע אַרבעט איז אויסגעפירט געוואָרן. געוויינלעך איז דאָס בילד געווען אַזאַ: צוליב דעם מאַניפעסט פון 17 אָקטאָבער מאַכט דער פּראָגרעסיווער טייל געזעלשאַפט אַ צוג איבער די גאַסן מיט געהעריקע עמבלעמעס און רעדעס, אָפט מיט רויטע פענער און לאָזונגען פון לינקע פּאַרטייען; אין דער זעלבער צייט גייען אַרויס פון פאַרשידענע ווינקלען די אָנטיילנעמער פון אַ „פּאַטריאָטישער מאַניפעסטאַציע", על פּי רוב אָפּפאַ־לעכטס פון דער געזעלשאַפט, שפּור־אַגענטן, איבערגעטאָנענע פּאָליציאַנטן — מיטן קיסרס בילד אונטער אַ נאַציאָנאַלער פאָן, מיטן געזאַנג פון צאַרישן

הימן און געשריען: „הוראַ, שלאָג די זשידעס; די זשידעס האָט זיך פרייהייט פאַרוואָלט, זיי גייען קעגן אונזער קיסר, כדי אויף זיין אָרט אַרויפצוזעצן זייערן אַן אייגענעם!" די דאָזיקע מאַניפעסטאַנטן־„פּאַטריאָטן" ווערן באַגלייט פון פּאָליציי און זעלנער, דערעיקרשט פון די ווילדע קאָזאַקן, כלומרשט אויף צו היטן אָרדנונג, אין דער אמתן אָבער, כדי צו געבן די כוליגאַנעס אַ מעגלעכקייט צו ראַבעווען און די קרבנות — שטערן זיך צו פאַרטיידיקן. וואו נאָר יידן האָבן געפּרובט זיך צו שיצן, האָבן פּאָליציי און מיליטער געשאָסן אין זיי. אַזוי האָט מען די באַנדיטן געלאָזט פראַנק און פריי, מעטאָדיש טאָן זייער זאַך: הרגענען און חרוב מאַכן, פון הויז צו הויז, פון גאַס צו גאַס. אין דער דרום־הויפּטשטאָט אָדעס האָט זיך דער פּאָגראָם געצויגן פיר טעג: עס האָבן אָפן זיך באַטייליקט פּאָליציי און מיליטער, דער שטאָט־קאָמיסאַר ניידגאַרט האָט צוגעהאָלפן, און דער אַרמיי־קאָמאַנדיר קאַולבאַרס האָט פאַרברעכעריש זיך נישט געמישט. די יידישע זעלבסטשוץ האָט דאָ אַרויסגעוויזן אַזאַ העלדישקייט, וואָס איז געווען פול־קאָם גענוג אָפּצושלאָגן די באַנדיטן, אָבער קעגן געווער פון פּאָליציי און זעלנער איז זי געווען אומבאַהאָלפן. העכער 300 דערהרגעטע, טויזנטער פאַרוואונדעטע אָדער צעקאַליעטשעטע יידן, 140 אלמנות, 600 יתומים, העכער 40.000 מאַטעריעל־רואינירטע — אָט דאָס איז געווען דער סך־הכל פונם שלאַכט, וואָס מ'האָט יידן געגעבן אין אָדעס. אַן ערך אויף דעם זעלביקן שטייגער זענען צוגעגאַנגען די פּאָגראָמען אין צענדליקער אַנדערע שטעט, מיט אייניקע וואַריאַציעס אין באַזונדערע ערטער (אין ניעזשין, למשל, האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס געצוואונגען די יידישע קהילה מיטן רב, אונטער אַ טויט־דראָונג, זיי זאָלן עפנטלעך שווערן טרייהייט צום קיסר). אין הונדערטער ווייטע [illegible]טעט שטעטלעך און דערפער זענען די פּאָגראָמען אַראָפּ נאָר מיט צעשט[illegible]רן א[illegible]ן צעראַבעווען פאַרמעגנס. אפילו אין עטלעכע שטעט אויסערן תחום ד[illegible]אָט מ[illegible]ן רואינירט קליינע יידישע קהילות (סאַראַטאָוו, וואָראָניעזש א. א.). אין יענע קאַנטן האָבן זיך די העלדישע שוואַרצע מאות געוואָרפן אויף דער רוסישער אינטעליגענץ און סטודענטישע יוגנט בכלל, אָבער די צאָל פּאָגראָמען איז דאָ געווען אַ סך קלענער, ווי אין תחום.

די אומברחמנותדיקע קאָנטר־רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעבראָכן אינם זעלבן מאָמענט פון פאַרעפנטלעכן דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט, האָט געשטויסן די רעוואָלוציע צו טעראָר און אַנאַרכיע. אַלע זענען געווען טיף אויפגערעגט איבער ניקאָלאַי II־טנס פאַררעטערישער פּאָליטיק: מיט איין האַנט האָט ער געגעבן אַ צייכן פון שלום מיט דער ליבעראַלער געזעלשאַפט, מיט ־ער אַנדערער האָט ער איר אַ מעסער אין רוקן אַריינגערוקט. נישט נאָר לינקע, נאָר אפילו מעסיקע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען האָבן שוין נישט געגלייבט, אַז דעם קיסרס צוזאָגן וועלן דערפילט ווערן. עס האָט זיך אָנגע־

הויבן אַ כאַאָס. די לינקע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבן געפּאָדערט ווער אַ דעמאָקראַטישע, ווער אפילו אַ סאָציאַלע רעפּובליק, וואָס מערב-אייראָפּע האָט נאָך צו איר אויך נישט דערלאַנגט; פּאָליטישע און עקאָנאָמישע שטרייקן — בתוכם אויך יידישע, אָרגאַניזירט דורכן „בונד" — זענען אַוועק אויף אַן אַנאַרכישן וועג; עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ פּויערשע אַגראַר־באַוועגונג, מ'האָט געראַבעוועט פּריצישע גיטער: אין פּוילן און אין באַלטישן קאַנט האָט געהערשט רעוואָלוציאָנערער טעראָר; אין מאָסקווע האָט זיך אָנגעצונדן דער באוואָפנטער דעצעמבער־אויפשטאַנד פון די אַרבעטער. וויטע — דורגאָוואָס רעגירונג האָט גרויזאַם דערשטיקט דעם אויפשטאַנד, איבערן גאַנצן לאַנד זענען אַוועק אַרעסטן, טויט־שטראָפן, שטראָף־עקספּעדיציעס. אַרום דעם צאַר האָט געאַרבעט אַ רעאַקציאָנערע כנופיה, וואָס האָט אים אָנגערעדט קעגן יידן. ווען עס האָט זיך אים פאָרגעשטעלט איינע פון די שוואַרצמאהדיקע דעפּוטאַציעס („פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק") און אים געבעטן נישט צו געבן יידן קיין גלייכבאַרעכטונג, האָט דער צאַר געענטפערט: „איך וועל א טראַכט טאָן". ביים דאָזיקן פּאָליטישן טויגעניכטס אין מוח האָט זיך געלאָזט פאַרייניקןביידע זאַכן: אַ רעכטלעכע מלוכה, וואָס אַ טייל בירגער אין איר זאָל זיין אינגאַנצן אָן רעכט. עס איז געווען קלאָר, אַז די אָקטאָבער־התחייבות גאַראַנטירט כּלל נישט, עס זאָל באַשאַפן ווערן אַ פריי רוסלאַנד.

מיט אויסערגעוויינלעכער מוטיקייט האָבן יידן אַריבערגעטראָגן דעם שרעקלעכן קלאַפּ פון אָקטאָבער. איינזאַם זענען זיי געווען אין זייער אומגליק. די רוסישע פּראָגרעסיווע געזעלשאַפט האָט זיך שוואַך אָפּגערופן אויפן אומגליק פונם פאָלק, וואָס איז געוואָרן דער הויפּט־קרבן פון קאָנטער־רעוואָלוציע. האָט טאַקע דערפאַר שטאַרקער אָנגעהויבן רעדן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל ביים בעסערן טייל יידן. אַ חודש נאָך די פּאָגראָם־וואַקכאַנאַליעס זענען זיך אין פּעטערבורג צונויפגעקומען די דעלעגאַטן פון „פאַריין גלייכצושטעלן דאָס יידישע פאָלק". אויף דעם דאָזיקן צווייטן צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געדויערט פיר טעג (25—22 נאָוועמבער), איז געקומען צום אויסדרוק די פולע קראַפט פונם פאָלקס צאָרן. דעם פאָרשלאַג שיקן א דעפּוטאַציע צום גראַף וויטע בעטן, מ'זאָל תיכּף אָנערקענען די בירגערלעכע גלייכשטעלונג פון יידן, האָט דער צוזאַמענפאָר אָפּגעוואָרפן — איבער אַזעלכע מאָטיוון: „אַזוי ווי פאַקטן נישט־צום־אָפּלייקענען האָבן באַוויזן, אַז די לעצטע, פּירכטערלעכע לויט פאַרנעם און צאָל קרבנות, פּאָגראָמען זענען אויסגעפירט געוואָרן ביי אָפענער אומטעטיקייט, און אין אַ סך פאַלן — ביים קלאָרן באַטייליקן זיך און אָנפירן מצד פּאָליציי און אָרטיקער העכערער אַדמיניסטראַציע; אַזוי ווי די רעגירונג האָט זיך נישט געפונען געטראָפן פון די אומגעהויערע פאַרברעכנס פון אירע אָרגאַנען — די אָרטיקע מאַכט־פאַר-

טרעטער, און האָט נישט באַזייטיקט פון זיין שטעלע קיין איינעם פון די, וואָס אויף זיי פאַלט די באַשולדיקונג, און נישט אָנגענומען מיטלען איבערצוגעבן זיי צום געריכט; אַזוי ווי גראַף וויטע האָט נישט איין מאָל זיך אַרויסגעזאָגט, אַז די רעגירונג האַלט נישט פאַר מעגלעך איצט צו פאַרעפנטלעכן גלייכשטעלונג פאַר יידן כלומרשט אין זייערע אייגענע אינטערעסן, ווייל אַזאַ זאַך וואָלט געקאָנט פאַרשטאַרקן די אויפגערעגטקייט פון די פאָלקסמאַסן קעגן יידן, ווען אין דער אמתן האָט די פּאָגראָמען אַרויסגערופן טאַקע דאָס יידישע אומרעכט, — דעריבער האָט דער צוזאַמענפאָר באַשלאָסן, אַז שיקן אַ דעפּוטאַציע צום גראַף וויטע און פירן מיט אים אונטערהאַנדלונגען האָט נישט קיין צוועק, נאָר מ'דאַרף אַלע כוחות אָנווענדן צו אָרגאַניזירן דאָס רוסישע יידנטום אויף פירן אַ קאַמף פאַר זיין פולבאַרעכטונג און צושטיין צו דער אַלגעמיינער פרייהייט-באַוועגונג". דורכגענומען מיט מאַרטירער-שטימונג, האָט זיך דער צוזאמענפאָר דערמאָנט וועגן דעם העלד דעם קדוש דאַשעווסקי און באַשלאָסן איבערצוגעבן אַ פייערלעכן גרוס דעם נקמה-נעמער פאַר קישעניעווער שחיטה, וואָס האָט זיך אַלץ געמאַטערט אין אַרעסטאַנטן-ראָטעס. אָבער אויך נאָך אַלע איבערגעטראָגענע שרעקן איז אין די פאָרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפט נישט אויסגעלאָשן געוואָרן דער גלויבן אין א בעסערער צוקונפט. דער קאַמפּסלאָזונג פאַר נאַציאָנאַלע רעכט האָט אויפן צווייטן צוזאַמענפאָר פונם „פאַרבאַנד" געפונען אויסדרוק אין אַ דרייסטער רעזאָלוציע וועגן צונויפרופן אַ יידישע גרינדונג-פאַרזאַמלונג: „תיכף ומיד צוטרעטן רופן, אויפן יסוד פון אַלגעמיינעם וואַלרעכט, אַן אַלרוסלענדער יידישע נאַציאָנאַל-פאַרזאַמלונג, כדי פעסטצושטעלן, אין הסכם מיטן ווילן פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, די פאָרמען און פּרינציפּן פון איר נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג און די יסודות פון איר אינעווייניקסטער אָרגאַניזאַציע".

## § 42. די מלוכה-דומע און פּאָגראָמען פון 1906.

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1906 און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל-קאַמפּאַניע. אַ סך האָבן געמיינט, אַז דער ערשטער רוסישער פּאַרלאַמענט, כאָטש די רעגירונג איז קעגן דעם, דאַרף ווערן כמו אַ גרינדונג-פאַרזאַמלונג, און אין נאָמען פון פאָלק דאַרף ער אויטאָריטעטיש הייליקן די גרויסע פּרינציפּן פון פרייקייט און גלייכקייט. אָרגאַניזירן די יידישע וואַלן צו דער מלוכה-דומע האָט גענומען אויף זיך דער „פאַריין פון פולבאַרעכטונג"; אויף זיין דריטן דעלעגאַטן-צונויפפאָר (10 — 13 פעברואַר 1906) האָט ער זיך טאַקע פאַרנומען מיט דער פראַגע. מ'האָט אָפּגעוואָרפן דעם נישט-באַטראַכטן פאָרשלאַג פון דעם לינקן פליגל דעלעגאַטן אין פאַראיין — מ'זאָל באָיקאָטירן די וואַלן צו דער דומע, ווייל זי וועט נאָך זייער מיינונג „זיין אַ שוץ-מויער פון דער רעאַקציע" (שפּע-

טער האָט זיך עס אַרויסגעוויזן פאַלש). מ'האָט באַשלאָסן צו נעמען אַ ביז גאָר טיכטיקן אָנטייל אין די וואַלן, דורכפירן אומעטום קאַנדידאַטן - יידן, און וואו דאָס איז אוממעגלעך — אָפּגעבן די שטימען פאַר אַ נישט-יידן אויב עס וועט זיך מתחייב זיין אונטערצוהאַלטן אין דומע די בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פאָלק. נאָך אַ באַשלוס האָט מען אָנגענומען: „באַשטיין דאַרויף, אַז די יידנפראַגע אין דומע זאָל געלייזט ווערן דווקא אין צוזאַמענהאַנג מיט די גרונטאַרטיקלען פון דער קאָנסטיטוציע און מיט די פראַגן וועגן עלעמענטאַרע אַלגעמיינע בירגערלעכע פריי־הייטן". די וואַלקאַמפּאַניע איז צוגעגאַנגען ביי שווערע באַדינגונגען. אין אַ סך ערטער איז איינגעפירט געוואָרן קריגסצושטאַנד, און די פּאָליציי מאַכט האָט דאָס אויסגענוצט, כדי צו שטערן אַ ברייטע פּאָרוואל-אַגיטאַציע; די שוואַרצע מאות, פון דער אַנדערער זייט, האָבן געשראָקן יידן מיט פּאָ־גראָמען צום נאָענטן פסח. אין וואַרשע האָבן פּוילישע שאָוויניסטן געדראָט יידן מיט געוואַלט-מעשים פאַר זייער „העזה" צו וועלן אויסקלייבן זייערע אייגענע קאַנדידאַטן אין דומע באַגלייך מיט קריסטלעכע. אין דער זעלבער צייט האָבן די יידישע סאָציאַליסטישע גרופּעס (בונד א. אַ.) געפירט אַ טאַקטיק פון באָיקאָטירן די דומע און אָפּט האָבן זיי געשטערט די וואַלן. פונדעסט־וועגן זענען די פּחדים נישט מקוים געוואָרן: קיין פּסח-און פּאָרוואל-פּאָגראָ־מען זענען נישט געקומען. די יידישע געזעלשאַפט האָט ביי די וואַלן אַרויסגעוויזן גרויסע אַקטיוויקייט, און אין סך-הכל איז אין דומע אויסגעקליבן געוואָרן 12 דעפּוטאַטן-יידן. די מער-טיכטיקע פון זיי זענען געווען: מ. ווינאַווער, איינער פון די לידערס אין דער רוסישער קאָנסטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי („קאַדעטן") און פּאָרזיצער פון יידישן פּאַריין פאַר פולבאַרעכטונג; ד"ר שמריהו לעווין פון די לידערס אין דער ציוניס־טישער פּאַרטיי, און דער געזעלשאַפטלעכער טוער ל. בראַמסאָן, וואָס איז צוגעשטאַנען צו דער רוסישער דעמאָקראַטישער גרופּע „טרודאָוויקעס". אַלע יידישע דעפּוטאַטן זענען געשטאַנען אויף דער נאַציאָנאַלער פּלאַטפאָרמע פונם פּאַריין פאַר גלייכבאַרעכטונג. דער באַשלוס פון 4-טן צוזאַמענפאָר פונם פּאַריין (9—12 מאַי) האָט זיי מחייב געווען צו באַראַטן זיך און אַרויסטרעטן געמיינזאַם ביי אַלע פראַגן פון יידישער גלייכשטעלונג, דערביי אָבער נישט אויס־בילדן קיין באַזונדערע פּאַרלאַמענטאַרישע פראַקציע.

דעם 27 אַפּריל איז זיך צונויפגעקומען די „גאָסודאַרסטווענע" מלוכה־דומע, און דעם 8 יולי איז זי פונאַנדערגעלאָזט געוואָרן אויפן באַפעל פון קיסר, ווייל זי איז געווען איבער דער מאָס אָפּאָזיציאָנעל. אין דומע האָט געהערשט יענע קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישע מערהייט, וואָס צו איר איז נאָך זיינע פּאָליטישע סימפּאַטיעס צוגעשטאַנען דער גרעסטער טייל יידישע געזעלשאַפט און 8 פון 12 זיינע פאָרשטייער אין דומע (דריי דעפּוטאַטן האָבן

געהערט צו די „טרודאָוויקעס", איינער איז געווען אומפּאַרטייאיש). ס'איז געווען נאַטירלעך צו דערוואַרטן, אַז אַזאַ פּאַרלאַמענט וועט אָן שוועריקייטן לייזן די פראַגע וועגן יידישער גלייכשטעלונג, — דאָס קומט דאָך ארויס פונם פּאַרפליכטנדיקן יסוד גלייכהייט פאַר בירגער. צום אומגליק, איז די דערוואַרטונג נישט מקוים געוואָרן. די גאַנצע קורצע סעסיע פון דער דומע איז אַריבער אין כּסדרדיקן קאַמף פון דער אָפּאָזיציע מיט דער רעגירונג, וואָס בראש פון איר איז געשטאַנען דער אַלטער רעאַקציאָנער גאָרעמיקין. אינם ענטפער אויף דער טראָן-רעדע האָט די דומע אָנגעוויזן, אַז „נישט קיין פרייהייט, נישט קיין אָרדנונג קאָנען נישט גוט פּאַרפעסטיקט ווערן אָן גלייכקייט פון א. ע בירגער פאַרן געזעץ". אָבער אין דער רעגירונגס-דעקלאַראַציע (13 מאַי) איז קיין וואָרט נישט געווען וועגן בירגערלעכער גלייכקייט, און דאָס דאָזיקע שווייגן האָט עדות געזאָגט, אַז די רעגירונג האָט נישט בדעה צו גיין אויף הנחות אין דער יידן-פראַגע. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט דעפּוטאַט מ. ווינאַווער געהאַלטן אַ שטאַרקע רעדע: „פון דער טריבונע, — האָט ער געזאָגט, — וואָס פון איר האָט מען אַזוי פיל גערעדט וועגן פּאָליטישע פרייהייטן, האָבן מיר יידן, פאָרשטייער פון איינעם פון די מער-אויסגעמאַטערטע פעלקער אין לאַנד, קיין איין מאָל קיין וואָרט נישט גערעדט וועגן זיך, ווייל אונז האָט זיך געדוכט, אַז עס פּאַסט שוין נישט דאָ צו רעדן וועגן בירגערלעכער נישט-גלייכקייט. איצטער ווערט אונז קלאָר, אַז די רעגירונג קלייבט זיך אויך ווייטער צו גיין מיט דעם זעלבן וועג, וואָס זי איז ביז אַהער געגאַנגען, און מיר מוזן דערקלערן: ביז ווי לאַנג איר וועט דערלאָזן בירגערלעכע פאַרקנעכטונג, וועט קיין שלום נישט זיין אין לאַנד". דער פעלער פון די יידישע דעפּוטאַטן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי „האָבן וועגן זיך קיין וואָרט נישט געזאָגט" פונם אָנהויב אָן. אין דער דעבאַטע איבערן ענטפער אויף דער טראָן-רעדע, וואו עס איז אויך פאַרשוויגן געוואָרן די בירגערלעכע גלייכהייט, און וואָס זיי האָבן דאָס דאָזיקע וואָרט נישט געזאָגט מיט יענער פראָטעסט-קראַפט, מיט וועלכער עס האָבן געדאַרפט רעדן „פאָרשטייער פון דער אויסגעמאַטערטער נאַציע". שפּעטער איז שוין אַזוי אויסגעקומען — צוליב די ווייטערדיקע געשעענישן, — אַז די דעבאַטע איבער דער יידן-פראַגע איז אַוועק אויף דער ליניע פון דער רעגירונגס פּאָגראָם-פּאָליטיק. דעם 8-טן מאַי איז אין דומע אַריינגעטראָגן געוואָרן אַן אָנפרעג וועגן דעם אָנטייל פון דעפּאַרטאַמענט פאַר מלוכה-פּאָליציי אין העצן צו די פּאָגראָמען פון 1905. דער מיניסטער פאַר אינעווייניקסטע ענינים סטאָליפּין האָט צוגעזאָגט צו געבן אַן ענטפער אויף דעם אָנפרעג אין א חודש אַרום, אָבער נאָך ביז עס איז אריבער דער דאָזיקער טערמין — האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ נייער בלוטיקער פּאָגראָם — אין ב י אַ ל י ס ט אָ ק.

אינם דאָזיקן צענטר פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג, וואָס אין 1905 האָבן פּאָליציי און מיליטער דאָ צוויי מאָל געטאָן זייער פליכט צו שלאָגן יידן, האָט מען צוגעגרייט אַ נייע מיליטעריש־פּאָליצייאישע פאַרשווערונג קעגן די „שולדיקע אין דער באַפריי־באַוועגונג״. אַ צופעליקער, נישט באַוואוסט דורך וועמען אויסגעפירטער טעראָריסטישער אַקט, — די דערמאָרדונג פונם פּאָליצמייסטער, — האָט געגעבן די שחאַרצמאהדיקע פאַרשווערער דעם אויסרייד צו פאַרווירקלעכן זייער פּלאַן. דעם 1 יוני, בעת אַ קלויסטער־פּראָצעסיע, האָט זיך פון ערגעץ דערהערט אַ פּראָוואָקאַטאָרישער שאָס, און אין המון האָט מען געלאָזט א קלאַנג, אַז „יידן־אַנאַרכיסטן שיסן אינם קרייץ־צוג״. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאָגראָם. משך צוויי טעג האָט דער המון געשלאָגן יידן, געראַבעוועט זייערע וואוינונגען און געוועלבער, און פּאָליציי מיט זעלנער האָבן סיסטעמאטיש געשאָסן אין יידן אויף די גאסן און אין הייזער, וואו נאָר די אומגליקלעכע האָבן זיך אויסבאהאלטן. עס האָבן זיך איבערגעחזרט די רציחות פון קישעניעוו: גאַנצע משפחות אויסגעקוילעט, מענטשן צעהאַקט אויף שטיינער, אויסגעשניטן גלידער פון קערפּער, אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס אין קאָפּ. 80 דערהרגעטע און הונדערטער פאַרוואונדעטע — קרבנות פון רוסלענדער ווילדקייט און רעאַקציאָנערן גרימצאָרן. דעם 2 יוני האָט מען דער מלוכה־דומע געגעבן צו וויסן וועגן ביאַליסטאָקער שחיטה, און גלייך דאָ, נאָך די הייסע רעדעס פון ש. לעווין, ראָדיטשעוו און אנדערע דעפּוטאַטן, איז באַשלאָסן געוואָרן צו שטעלן דער רעגירונג אַ דרינגענדיקן אָנפרעג און איבערגעבן אַ פאַרלאַמענט־קאָמיסיע אויסצופאָרשן די זאַך אויפן אָרט. קיין ביאַליסטאָק זענען תיכף אַרויסגעפאָרן דריי דעפּוטאַטן, און ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט, האָבן זיי דער דומע צוגעשטעלט א באריכט וועגן אַלע גרוילן, וואָס זיי האָבן געזען אויף די פרישע שפּורן. דער דאָזיקער אויפריכטיקער באַריכט האָט קלאָר פעסטגעשטעלט, אַז דער ביאַליסטאָקער פארברעך איז געווען דעטאַל צוגעגרייט ווי אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אַקט און אַז די פרידלעכע יידישע באַפעלקערונג האָט מען אָן רחמנות צעשאָסן.

דריי טעג נאָך דעם, ווי אין דומע איז דורכגעשווימען דער בלוטיקער שאָטן פון קאָנטער־רעוואָלוציע, האָט מען באַטראַכט דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגן בירגערלעכער גלייכשטעלונג (5 יוני). צו קאַלט האָט מען אין די דעפּוטאַטן־רעדעס באַהאַנדלט די ברענענדיקע פראגע וועגן דער פאַרקנעכטונג פון זעקס מיליאָן מענטשן, מ׳האָט עס געשטעלט אין איין שורה מיט אָפּשאַפן קלענערע שטאַנד־באַגרענצונגען. נאָר אין דער רעדע פונם יידישן דעפּוטאַט לעווין האָט אויפגעפלאַקערט אַ פונק גרימצאָרן, ווען ער האָט דערמאָנט, אַז ער אַליין, אַלס ייד, האָט נישט אין געוויינלעכע צייט קיין חאוינרעכט אין רעזידענץ־שטאָט, ער פאַרמאָגט נאָר צייטווייליק דאָס דאָזיקע

רעכט אַלס דעפּוטאַט; ווי נאָר זיינע דעפּוטאַט־פּולמאַכטן ווען זיין געע:דיקט
וועט ער אַרויסגעטריבן ווערן פון פּעטערבורג. דעם געזעץ־פּראָיעקט האָט מען,
איבערגעגעבן אין אַ קאָמיסיע צו באַאַרבעטן ענדגילטיק.

נאָכן חודש־טערמין זינט דעם אָנפרעג וועגן די פּאָגראָמען פון 1905,
האָט מיניסטער סטאָליפּין געגעבן זיין ענטפער דערויף אין דער מלוכה־
דומע. ער האָט שוואַך פאַרטיידיקט די רעגירונג. אים האָט געענטפערט דער
געוועזענער קישעניעווער גובערנאַטאָר און געהילף פון אינערן־מיניסטער,
דער ליבעראַלער דעפּוטאַט אורוסאָוו. דער געוועזענער ביוראָקראַט האָט אנט־
פּלעקט סקאַנדאַליעזע סודות. ער האָט דערציילט, אַז ביים פּאָליציי־דעפּאַר־
טאַמענט עקזיסטירט אַ געהיימע דרוקעריי, וואו מ׳האָט געדרוקט „פּאַטריאָ־
טישע״ אויפרופן מיטן רוף אויסצוראָטן יידן; ער האָט ציטירט די ווערטער
פונם זשאַנדאַרמען־אָפיציר, דעם פאַרוואַלטער מיט דער זאַך: „אַ פּאָגראָם
קאָן מען איינאָרדנען אזאַ, ווי מ׳וויל: אויף צען מענטשן און אויף צען
טויזנט״... זיין רעדע האָט אורוסאָוו געענדיקט מיט די ווערטער: „די געפאַר
וועט נישט אַריבערגיין, ביז ווי לאַנג אויף די פאַרוואַלטונג־ענינים און אויפן
גורל פון לאַנד וועלן האָבן איינפלוס מענטשן, וואָס לויט זייער דערציאונג
זענען זיי וואַכמיסטרען און פּאָליציאַנטן, און לויט די איבערצייגונגען —
פּאָגראָמשטשיקעס״. די דומע האָט אָנגענומען אַן איבערגאַנגס־פאָרמולע —
מיט א שאַרפער פאַראורטיילונג פון דער רעגירונגס פּאָליטיק. א ליידנשאַפט־
לעכן כאַראַקטער האָבן געהאַט די דעבאַטן אין דומע אַרום דעם באַריכט פון
דער פּאַרלאַמענט־קאָמיסיע וועגן לעצטן פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק (23—26
יוני). די רעגירונג האָט אויפגעבראַכט די ליבעראַלע דומע מיט אירע ליגנערישע אָפּי־
ציעלע מיטטיילונגען, אין וועלכע יידן זענען געווען פאָרגעשטעלט ווי די
שולדיקע אינם פּאָגראָם; אַלעמען האָט איבערראַשט די חוצפּה פון דער הע־
כערער מיליטערישער מאַכט, וועלכע האָט אין אַ באַזונדער באַפעל אויסגע־
דריקט אַ דאַנק דעם מיליטער פון ביאַליסטאָקער גאַרניזאָן „פאַר זיין אויס־
געצייכנטע דינסט בעת די פּאָגראָמען״, פּשוט גערעדט פאַר שיסן יידן. דער
אויפגעברויזטער צאָרן האָט געפונען אויסדרוק אין די רעדעס פון די יידישע
דעפּוטאַטן ווינאַווער, לעווין און יאַקובסאָן (ער איז געווען אין דער ביאַלי־
סטאָקער פּאַרלאַמענט־דעלעגאַציע). דער מיראַבאָ פון דומע, ראָדיטשעוו, האָט
צום שאַנדסלופּ געשטעלט די אָפיציעלע שולדיקע אין דער בלוטבאָד. דעם
7 יולי האָט די דומע אין איר אָנגענומענער איבערגאַנגס־פאָרמולע געשטעמ־
פּעלט די סיסטעם פון פּיין און טעראָר, וואָס האָט באַשאַפן „אַ לאַגע אָן
איר גלייכן אין דער געשיכטע פון קולטורעלע לענדער״; די רעזאָלוציע
האָט געפאָדערט, דאָס מיניסטעריום זאָל תיכף אַוועק אין דימיסיע. אָבער
דער צאַר האָט באַשלאָסן צו געבן דימיסיע דער דומע אַליין. אין צוויי טעג
אַרום, אַז די דעפּוטאַטן זענען געקומען צום בנין פון דומע, איז ער געווען

געשלאָסן, און אויף די טירן האָט געשיינט דער קייזערלעכער מאַניפעסט
וועגן צעלאָזן די דומע, ווייל זי „איז אַוועק אויף אַ געביט, וואָס געהער
נישט צו איר, און האָט זיך פאַרנומען מיט אויספאָרשן מעשים פון דער
מאַכט, וואָס איז דורך אונז אוועקגעשטעלט". דער פועל־יוצא פונם פלוצלונג־
דיקן פאַנאַנדערלאָזן די דומע איז געווען דער „ווי־באָרגער אויפרוף" פון
דער גאַנצער פאַרלאַמענט־אָפּאָזיציע: ער האָט גערופן דאָס פאָלק נישט צו
צאָלן קיין שטייערן און נישט צו געבן קיין זעלנער דער רעגירונג, וואָס
האָט פאַרטריבן דעם פאָלקס פאַרטרעטער. אונטערן אויפרוף האָבן זיך אונ־
טערגעשריבן אויך אַלע יידישע דעפּוטאַטן, און זיי האָבן שפּעטער באַצאָלט
דערפאַר מיט תפיסה און אָנווערן וואַלרעכט.

דער רעוואָלוציאָנערער טעראָר, וואָס איז בעת די זיצונגען פון דומע
שטיל געוואָרן, האָט זיך נאָך איר צעטרייבן ווידער באַנייט. זאַכן פון יעדן
טאָג זענען געוואָרן — עקספּראָפּריאַציעס, אַנאַרכישע אַרבעטער־שטרייקן און
אַטענטאַטן אויפן לעבן פון אַדמיניסטראַטיווע פּערזאָנען (דער שרעקלעכ־
סטער איז געווען דער באָמבען־אויפרייס אויף דער זומער־וואוינונג פון סטאָ־
ליפּין, וואָס איז ביים צעטרייבן די דומע באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעמיער).
האָט די רעגירונג דערויף געענטפערט מיט אויסטערלישע רעפּרעסיעס: מען
האָט געגרינדעט אַ קריגס־פעלדגעריכט, וואָס האָט משך פינף חדשים (סעפּ־
טעמבער 1906—יאַנואַר 1907) איבערגעגעבן צום טויטשטראָף העכער טויזנט
„פּאָליטישע פאַרברעכער", צווישן זיי אויך אַ סך יידן. אויף צו באַקעמפן
דעם יידישן רעוואָלוציאָניזם האָט די רעגירונג צוגעגעבן צום געריכטלעכן
טעראָר אַ גאַסן־, פּאָגראָמען־טעראָר: מ'האָט געשאָסן מאַסנווייז. דער שעף
פון דער פאַרזיכערונגס־פּאָליציי אין שעדלעץ, טיכאַנאָוויטש, האָט דאָרט
געמאַכט אַ בלוטיקן מיליטערישן פּאָגראָם (27—28 אויגוסט), — קרבנות זע־
נען געווען 30 געהרגעטע און 150 פאַרוואונדעטע יידן. דער אויסרייד איז
דאָ געווען — אַ פּראָוואָקאַטאָרישע שיסערייַ אויף אַ זעלנערוואַך: האָט מי־
ליטער נאָך דעם געעפנט אַ ווילדע שיסערייַ איבער די גאַסן און באָמבאַר־
דירט יידישע הייזער. אַ צווייטער אַגענט פון דער אָרטיקער „אָכראַנקע", אַ
זשאַנדאַרם־ראָטמיסטער, האָט אָפּגעגעבן אַן אָפיציעלן ראַפּאָרט, אַז יידן האָבן
קיין שום פּרעטעקסט צום פּאָגראָם נישט געגעבן און אַז דאָס איז געווען
בלויז אַ צוגעגרייטע קריגס־פּאָליצייאישע עקזעקוציע; נישט געקוקט אויף
דעם, איז דער שולדיקער טיכאַנאָוויטש נישט נאָר נישט באַשטראָפט גע־
וואָרן, נאָר נאָך באַקומען אַ דאַנק פון וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר
„פאַר זיין ענערגיע און פאַראָרדנונגס־פעאיקייט".

אזוי האָט אויף די ערטער די מאַכט פון שוואַרצן לאַגער רעאַקציע
זיך גאָר פשוט אָפּגערעכנט מיט דער „יידישער רעוואָלוציע"; די צענטראַלע
רעגירונג האָט זי געפּרובט אָפּשוואַכן מיט געוויסע פאַרלייכטערונגען אינם

יידישן פּיין. סטאָליפּינס רעגירונג האָט צוגעזאָגט „אָן אָפּלעג צו באַטראַכטן, וועלכע באַגרענצונגען, — אַזעלכע, וואָס פאַרביטערן אַלעמען און זענען שוין באמת פארעלטערט,—לאָזן זיך תּיכף אָפּשאַפן, און וועלכע מוז מען לאָזן פאַרן פאָלקס געוויסן און זיי איבערגעבן אין געזעצגעבערישע אַנשטאַלטן, ווייל זיי רירן אָן דעם מהות באציאונגען פון יידישן פאָלק צו דער געבירטיקער באפעלקערונג״ (ציר־קולאַר פון 24 אויגוסט 1906). אָבער דער צאַר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן דעם דאָזיקן באַשלוס פון מיניסטאָרן־ראַט. אומזיסט האָט סטאָליפּין איינגע־רעדט ניקאָלאַי װ, אַז עס זענען נויטיק אייניקע הנחות אין דער יידנפראַגע, כּדי „צו באַרויקן דעם נישט־רעוואָלוציאָנערן טייל יידנטום״, אומזיסט האָט ער אָנגעוויזן אויף דער אומבאַקוועמער געשאַפענער לאַגע, ביי וועלכער „די געזעלשאַפט און יידן״ וועלן האָבן רעכט צו זאָגן: „דער מיניסטאָרן־ראַט האָט זיך איינשטימיק אַרויסגעזאָגט פאַר אָפּשאַפן אייניקע באַגרענצונגען, נאָר דעם קיסר האָט זיך פאַרוואָלט זיי איינצוהאַלטן״. דער צאַרישער מטורף, וואָס האָט געפירט רוסלאַנד צום תּהום, האָט נישט מסכּים געווען צו קיינע הנחות. מ׳האָט געשמועסט, אַז ער האָט אַזוי געענטפערט: „ביז וואַנען איך וועל קיניגן, וועט אין רוסלאַנד נישט זיין קיין גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן״. ניקאָלאַי װ איז דאַמאָלס געווען אינגאַנצן אונטערן איינפלוס פון דער אַזוי־גערופענער „צווייטער רעגירונג״ — רעאַקציאָנערע הויפלייט, וואָס האָבן זיך אָנגעשפאַרט אויף די פאַראייניקטע שוואַרצע מאות פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק״. דער דאָזיקער פאַרבאַנד, וואָס זיין מלאכה איז געווען ספּעציעל מאַכן יידישע פּאָגראָמען, איז אינגיכן אָנערקענט געוואָרן אין אַ קייזערלעכער שריפט אַלס „די שטיץ פון טראָן״.

עס איז נאָך געבליבן אַ האָפענונג אויף דער נייער דומע, וואָס האָט זיך געדאַרפט צונויפקומען פעברואַר 1907. די וואַלקאַמפּאַניע איז אומעטום געגאַנגען אונטערן דרוק פון אַדמיניסטראַציע און אירע שוואַרצע „פאַרבאַנדלייט״, וואָס האָבן יידן געשראָקן מיט פּאָגראָמען, אויב יידישע קאַנדידאַטן וועלן האָבן דערפאָלג. דער באַשטאַנד פון דער צווייטער דומע האָט זיך באַקומען נישט קיין נאָרמאַלער. עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט ביידע עקסטע פליגלען — דער רעכטער און לינקער, די שוואַרצע מאה און סאָציאַליסטן; דער קאָנ־סטיטוציאָנעל־דעמאָקראַטישער צענטער איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פון יידן זע־נען אין דער דומע אַריין נאָר דריי דעפּוטאַטן, מענטשן ווייניק־באַקאַנטע, ווייל די דעפּוטאַטן פון דער ערשטער דומע האָט מען געשטעלט צו אַ גע־ריכט פארן וויבאָרגער אויפרוף און זיי האָבן נישט געקאָנט אַרויסשטעלן זייערע קאַנדידאַטורן. די גאַנצע אַרבעט פונם נייעם פאַרלאַמענט איז באַ־שטאַנען אין אַ מלחמה צווישן רעכטן און לינקן פליגל. מיט דער יידן־פראַגע האָט מען זיך באַשעפטיקט נאָר אין דער „קאָמיסיע פאַר געוויסן־פרייהייט״. די רעגירונג האָט אַריינגעטראָגן אַ געזעצפּראָיעקט וועגן אָפּשאַפן

אַלע רעליגיעזע באַגרענעצונגען, „אויסער יידישע״, און די קאָמיסיע האָט באשלאָסן אויסשטרייכן דעם דאָזיקן אויסנאַם פאַר יידן און אַזוי אַרום דורכ־פירן יידישע גלייכבאַרעכטונג אונטערן פאָן פון געוויסנספרייהייט. אָבער אויך דאָ איז די האָפנונג נישט מקוים געוואָרן: די צווייטע דומע איז איינגיכן פנאַנדערגעלאָזט געוואָרן אונטערן אויסרייד, אַז מ׳האָט אַנטדעקט אַ פאַר־שווערונג פון איר סאָציאַלדעמאָקראַטישער פראַקציע. ס׳איז פאָרגעקומען די מלוכה־איבערקערעניש פון 3 יוני 1907: דער פריערדיקער וואַל־געזעץ, וואָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט פון פאַרלאַמענט־פאַרטרעטונג סיי דער דעמאָ־קראַטיע סיי די געדריקטע נאַציעס, איז איז איצטער אויפן קיסרס פאַרלאַנג געענדערט געוואָרן אַזוי, אַז אין דער מלוכה־דומע איז געווען געזיכערט אַ קאָנסערוואַטיווע רעגירונגס־מערהייט פון פריצים און גלחים. עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פינסטערע רעאַקציע, געווענדעט קעגן אַלע געווינסן פון דער רעוואָלוציע.

קאַפּיטל VIII

# די יידישע וועלט אָנהויב XX יאָרהונדערט ביז דער וועלט-מלחמה

## § 43 דייטשלאַנד (1901 – 1914)

אין דער צייט, וואָס אין רוסלאַנד האָט זיך די יידנפיינטשאַפט געשטאַרקט אינם קאַמף פון פאַרביטערטן צאַריזם מיט דער פרייהייט־באַוועגונג, האָט זיך אין דייטשלאַנד געלאָזט פילן, אַז דער קעמפנדיקער אַנטיסעמיטיזם גייט באַרג אַראָפּ. די לעצטע צוויי יאָרצענדליק פון XIX יאָרהונדערט האָט דער מערבדיקער אַנטיסעמיטיזם איבערגעלעבט זיין שטורעמדיקע יוגנט־צייט, און אָנהויב ביים יאָרהונדערט איז ער שוין אריין אין דער תקופה מיושבדיקער רייפקייט. גאַסן־אַנטיסעמיטיזם האָט שוין קיינעם צו זיך נישט געצויגן. ווען אין 1901 — 1902 איז דער מאַניאַק פון יידנפיינטשאַפט, גראַף פּיוקלער, געקומען אויף פאַרזאַמלונגען אין בערלין, דרעזדען און אַנדערע שטעט און גערופן שלאָגן יידן און זיי פאַריאָגן פון לאַנד, איז ער נאָר געוואָרן דער העלד פון סקאַנדאַל־כראָניק: מען פלעגט אים ארעסטירן, פאַרמשפּטן פאַר די סקאַנדאַלן צו תּפיסה און צולעצט איז ער אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ משוגענעם. מיטן ליקווידירן קאָניצער עלילת־דם פון 1901 (§ 4) איז אויך אַראָפּ פון דער סצענע די מיאוסע ריטואַל־לעגענדע, ווי אַ געווער פון אַנטיסעמיטישן־קאַמף. דאָס האָט זיך געלאָזט דערקלערן נישט מיט דעם, וואָס די יידנפיינטלעכע געפילן זענען אין דער דייטשער געזעלשאַפט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, נאָר פאַרקערט, וואָס מ׳איז זיי איצט נוטה געווען אַרויסצוווייזן מער ערנסט און צוועקמאַסיק. פונם טומלדיקן אויבן־אויף איז דער אַנטיסעמיטיזם אַריבער אין דער טיפעניש פון לעבן, און דאָרטן האָט ער ווייטער געטאָן זיין צעשטערערישע אַרבעט שטיל, אָבער האַרטנעקיג. אין קאָנסערוואַטיווע געזעלשאַפט־קרייזן איז אַנטיסעמיטיזם אין אַזאַ „קאָרעקטער״ פאָרם געווען אַ סימן פון גוטן טאָן: „אייגנטלעך איז דאָך יעדער אַנשטענדיקער מענטש אַן אַנטיסעמיט״ — אַזוי האָט געזאָגט איינער אַ פירער פון דער קאָנסער־

וואַטיווער פּאַרטיי. די קאָנסערוואַטאָרן האָבן מוחל געווען דעם אַנטיסעמיטיזם זיין יוגנט־זינד, דאָס שפּילן זיך אין סאָציאַליזם, און האָבן אים געמאַכט פּאַרן געווער פון זייער שטאַנדן־פּאָליטיק: יונקערישער, פעאָדאַל־אַגראַרער, קאַפּי־טאַליסטישער. מיטן דאָזיקן וועג לעגאַל צו באַקעמפן דאָס יידנטום זענען אויך געגאַנגען דייטשלאַנדס רעאַקציאָנערע רעגירונגען, דערעיקרשט די פּרייסישע. דער אָפענער יד־אחת מיט די קאָנסערוואַטאָרס פלעגט אָפּשוואַכן די אַנטיסעמיטישע דערפאָלגן ביי פּאַרלאַמענט־וואַלן אין דאָס רוב וואַל־קרייזן: די באַפעלקערונג פלעגט אָפּגעבן אירע שטימען דער ליבעראַלער אָדער סאָציאַליסטישער אָפּאָזיציע. אין 1903 איז אין רייכסטאַג אויסגעקליבן געוואָרן 9 דעפּוטאַטן פון דער אַנטיסעמיטישער פּאַרטיי (שטאָט פּריערדיקע 13), און אין 1908 — נאָר 6. אָבער וואָס מער אַנטיסעמיטן האָבן זיך דער־ווייטערט פון דער אָפּאָזיציע, אַלץ מער מחותּן איז געוואָרן מיט זיי די רעגירונג. אַצינד האָבן שוין מיניסטאָרן נישט נאָר פּראַקטיש געבראָכן ביר־גערלעכע גלייכבאַרעכטונג פון יידן, וואָס די קאָנסטיטוציע האָט זיי געזיכערט, נאָר זיך אַפילו נישט געשעמט, אין תשובות אויף די אָנפרעגן פון דער אָפּאָזיציע, צו מעלדן פון רייכסטאַג־טריבונע, אַז אזוי דאַרף טאַקע זיין, ווייל די קריסטלעכע געזעלשאַפט אָנערקענט נישט באמת די גלייכשאַצונג פון יידן.

אויף אַ זיצונג פון פּרייסישן לאַנדטאַג (פעבר. 1901) האָט מען דעם יוסטיץ־מיניסטער שענשטעדט געשטעלט אזא פראַגע: פאַרוואָס באַשטימט ער נישט קיין יידן־יוריסטן אויף געריכט־שטעלעס און אַפילו די בעסטע קאַנדי־דאַטן פון זיי באַשטעטיקט ער נישט אַלס נאָטאַרן? האָט דער מיניסטער גע־ענטפערט: „איך לייקן נישט אָפּ די אויסגעצייכנטע מעלות פון די יידישע נאָטאַרן, זייער אָרנטלעכקייט, געוויסנהאַפטיקייט, פליכט־באַוואוסטזיין, — אָבער עס איז פאַר מיר אוממעגלעך נישט צו נעמען אין אַכט דעם פאַקט, אַז אַ גרויסער טייל קריסטלעכער באַפעלקערונג באַציט זיך צו יידן מיט אומצוטרוי און די שטעלע פון א נאָטאַר איז דאָך גראָד אַזאַ, וואָס פאָדערט באַזונדערן צוטרוי: צו אים ווענדעט מען דאָך זיך מיט גאָר און גאָר אינטימע ענינים. דאָס זעלבע דאַרף געזאָגט ווערן בנוגע באַשטימען יידן פאַר ריכטער". דער יוסטיץ־מיניסטער האָט די דעפּוטאַטן געטרייסט, אַז אין אַנדערע רעסאָרטן נעמט מען קיין יידן אינגאַנצן נישט אָן אויף קיין אַמטן. אומזיסט האָט מען דעם מיניסטער באַוויזן, אַז וויבאַלד אַזוי — איז די קאָנסטיטוציע אָן אי־בעריקע זאַך: יעדער מיניסטער קאָן זיך זאָגן, אַז ער פאַרשטייט בעסער די אינטערעסן פון דער באַפעלקערונג, איידער די פאַרפאַסער פון די גרונט־געזעצן, וואָס זענען א חוב ביים מלוכה־פירן. דער פּרייסישער לאַנדטאַג, וואָס האָט אין זיין מערהייט פאַרטראָטן די פּריווילעגירטע שטאַנדן, האָט אָנגע־נומען אַזא רעזאָלוציע, אין וועלכער ער האָט נישט־דירעקט אַפּראָבירט דעם מיניסטערס תשובה: „אויף להבא וועט דאָס מיניסטעריום ביים באַשטימען

נאָטאַרן זיך ריכטן, *אַזוי ווי ביז איצט*, מיט די אינטערעסן פון גאָר דער באַפעלקערונג". די יידישע געמיינדעס פון בערלין, פראַנקפורט, קעניגסבערג און אַנדערע פרייסישע שטעט האָבן צוליב דער אנטיקאָנסטיטוציאָנעלער מעלדונג פון יוסטיץ-מיניסטער דערלאַנגט אַ פראָטעסט דעם מלוכה-קאַנצלער און פרייסישן מיניסטער-פרעזידענט ביולאָוו; זיי האָבן זיך אָבער גאָרנישט דערשלאָגן. האָבן דאן די יידישע בירגער פון בערלין איינגעאָרדנט א פראָטעסט-פאַרזאַמלונג, וואו זיי האָבן אַפעלירט צו דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, אָבער אויך דאָס האָט קיינע פאָלגן נישט געהאַט.

דאָס זעלבע יאָר האָבן די יידן פון גרויסהערצאָגטום העסען-דאַרמשטאַט דערלאַנגט דעם דאָרטיקן לאַנדטאַג א פעטיציע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געקלאָגט, אַז יידישע קאַנדידאַטן אויף ריכטער און פראָקוראָר-שטעלעס באַזייטיקט מען צוביסלעכוויַיז, און עס ווערט אָנגענומען נאָר יענער פון די קאַנדידאַטן, וואָס איז זיך מסכים צו שמדן. פונקט ווי אין די אַמאָליקע צייטן ביז דער קאָנסטיטוציע, — האָבן די פעטיציאָנערן געשריבן — „הערשט אַזא אָרדנונג, ביי וועלכער רעליגיע-פאַררעט ווערט באַלוינט, און געטריישאַפט צו איר — באַשטראָפט". די דאָזיקע פעטיציע איז אַריבער צו א פאַרלאַמענט-קאָמיסיע, און דאָ האָט דער העסענער יוסטיץ-מיניסטער דיטמאַר איבערגעחזרט די דערקלערונגען פון זיין פרייסישן קאָלעגע: פרינציפיעל איז געטריי דער קאָנסטיטוציע, אָבער אין יעדן באַזונדערן פאַל מוז ער זיך רעכענען מיט דער שטימונג פון דער באַפעלקערונג, — און די איז, למשל אין דאָרף, נישט צופרידן ווען מען באַשטימט אַ יידן פאַר אַ ריכטער. די פאַרלאַמענט-קאָמיסיע איז געבליבן באַפרידיקט מיט דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע-אָנערקענונג אויפן וואָרט און ווילקיר אין דער פּראַקטיק. דאָס זעלבע איז געווען אויך אין זאַקסן, מעקלענבורג, בּרוינשוויַיג, ווירטעמבערג. אַן אויסנאַם איז געווען בּייערן, וואו מ'פלעגט אָפט באַשטימען יידן אויפן אמט פון שטאָטישע ריכטער, פּראָקוראָרן און נאָטאַרן, — און דאָס האָט טאַקע אַרויסגערופן אומצופרידנקייט ביי די קלעריקאַלן-קאַטוילן. אָבער אין דער אַרמיי האָט מען נישט דאָ און נישט אין אַנדערע דייטשע מלוכות — קיין יידן נישט צוגעלאָזן צו אָפיצירן-שטעלן. יידן האָבן דאָס באַטראַכט ווי אַן אויסדרוק פון אומצוטרוי צו זייער פּאַטריאָטיזם, און באַזונדערן צער דערפון האָבן געהאַט יענע, וואָס זענען נישט געווען פרייַ פונם דייטשן קולט מיליטאַריזם. פאַר דעם יידן, וואָס האָט זיך דערדינט צום אָפיצירן-ראַנג, איז עס געווען אַ באַליידיגונג — ווייטער צו דינען אַלס פּשוטער זעלנער און אַלס אַזעלכער אַרויסצוגיין אין רעזערוו. אין פרייסישן לאַנדטאַג און אין אַנדערע דייטשע פאַרלאַמענטן האָט די אָפּאָזיציע נישט איינמאָל געמאַכט אינטערפעלאַציעס וועגן דעם, און די קריגסמיניסטאָרן פלעגן תמיד געבן איין תשובה: זיי קאָנען נישט ווירקן אויפן אָפיצירן-שטאַנד, וועלכער וויילט

נישט אויס קיין יידן פאר מיטגלידער פון זייער קאָרפּאָראַציע און אַנערקענט זיי נישט פאַר חברים. דאָס איז געווען אפשר נאַטירליך: דאָס פּרייסישע יונקערטום האָט זיך נישט געקענט חברן מיט מענטשן, וואָס זייערע זיידעס זענען נישט באַרימט געוואָרן מיט העלדן-מעשים פון פּויסט-ריטערטום. יידן האָט מען אָבער ארויסגעשטויסן אויך פון אַזעלכע געביטן, וואו זיי, אייניקלעך פון גאָר אַלטע גייסט-ריטער, זענען גראָד יאָ געווען צום פּלאַץ: אָנגעזעענסטע יידישע געלערנטע האָבן נישט געקאָנט צוקומען צום אמט פון אָרדינאַרע פּראָפעסאָרן אין הויך-שולן. דאָס איז געווען די שולד נישט בלויז פון די בילדונגס-מיניסטאָרן, נאָר אויך פון די פאַקולטעט-ראַטן: זיי פלעגן אויסמיידן צו שטעלן יידישע קאַנדידאַטורן, ווייל אויך צווישן די פּראָפעסאָרן איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען פאַרשפּרייט. אין גימנאַזיעס און רעאַלשולן, וואָס די שטעט פלעגן אויסהאַלטן, זענען געווען יידן אויף לערער-פּאָסטנס, אָבער אין עלעמענטארע פאָלקס-שולן האָט מען זיי אויף אַלע אופנים געשטערט אָנצוקומען. און זענען שוין יידן אָנגעקומען דאָ אַלס לערער, האָט מען זיי געוויינלעך איבערגעגעבן צו לערנען מאַטעמאַטיק און נאַטורוויסנשאַפט, אָבער קיינמאָל נישט דייטשע שפּראַך און געשיכטע, וואָס זענען אַזוי וויכטיק פאר דער פּאַטריאָטישער דערציאונג פון דער יוגנט.

די דאָזיקע חברותאדיקע אַרבעט פון אַנטיסעמיטיזם אין דער געזעלשאַפט און אין דער רעגירונג — האָט ווידער געצוואונגען דייטשע יידן זיך צו פאַרטראַכטן. פון פריער האָבן עקזיסטירט דער „פאריין צו אָפּוערן אַנטיסעמיטיזם” און דער צענטראַלפאַריין פאַר דייטשע מלוכה-בירגער פון יידישן גלויבן”, אָבערביידע האָבן קיין דערפאָלג נישט געהאַט. די רופן פון קריסטלעכע טוער אינם ערשטן און די פּאַטריאָטישע שבועות פונם צווייטן האָבן נישט פועל געווען, אַז די אַנטיסעמיטן זאָלן תשובה טון. עס איז קלאָר געווען, אַז דאָ פאָדערט זיך א מער אַקטיווע אינעווייניקסטע זעלבסטהילף, וואָס איז נישט אויסגעשטעלט אויף די גוטע געפילן, וואָס מ'וועט אויפוועקן אין די לייט מיט שלעכטע אינסטינקטן. צו אַזאַ זעלבסטהילף האָט יידן גערופן מאַרטין פיליפּסאָן, אַ געשיכטע-שרייבער און טוער אין בערלינער קהילה, אַ זון פון באַקאנטן פּובליציסט לודוויג פיליפּסאָן. זיין פאָרשלאַג איז געווען — צונויפנעמען א צוזאַמענפאָר פון דייטש-יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער (יודענטאַג) און עס זאָל באַשאַפן ווערן א שטענדיקער פּאָליטישער אָרגאַן, וואָס דאַרף אויסקעמפן פאַר יידן פאַקטישע גלייכבאַרעכטונג, אַזוי ווי עס איז פריער אויסגעקעמפט געוואָרן גלייכשטעלונג אויפן פּאַפּיר. אין זיין אויפרוף צו דער אַסימילירטער יידישער געזעלשאַפט (1901) האָט פיליפּסאָן גערעדט מיט אַן אשמנו-טאָן: „מיר האָבן זיך געמיט אויסצומיידן אַלץ, וואָס האָט אונז פאַר דער וועלט געוויזן אַלס יידן. מיר האָבן נאָר געזען זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן, קיינעם נישט

דערמאָנען וועגן אונזער זעלבשטענדיקער עקזיסטענץ. וואָס האָבן מיר געפּועלט — ווייסט יעדערער. טאַקע אויף די בעלי־פּחד, וואָס פלעגן זיך פּאַרשטעקן הינטער די קוסטעס, האָט דער אַנטיסעמיטיזם אויסגעגאָסן זיין גאַנצן צאָרן, פאַראַכטונג און ווילדקייט". יידן אין דייטשלאַנד האָבן ביזאַהער מורא געהאַט אַרויסצוטרעטן ווי אַ זעלבשטענדיקע *פּאָליטישע* אָרגאַניזאַציע, איצט מוז מען באַשאַפן אַזאַ אָרגאַניזאַציע — אין פאָרם פון אַ יידישן סיים אָדער פּעריאָדישן דעלעגאַטן־צונויפפאָר מיט אַ שטענדיקן אויספיר־קאָמיטעט. איר אויפגאַבע איז — „שטרייטן קעגן פאַרקלענערן אונזערע בירגערלעכע רעכט מיט אַלע געזעצלעכע מיטלען": דורך דער צענטראַלער רעגירונג, רייכסטאַג, דורך די רעגירונגען און לאַנדטאַגן פון באַזונדערע מלוכות; ווירקן אויף דער פּרעסע, מאַכן עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, ביי וואַלן שטיצן נאָר יענע קאַנדידאַטן, וואָס וועלן זיך מתחייב זיין צו פאַרטיידיקן ווירקלעכע גלייכבאַרעכטונג. דער נייער אָרגאַן דאַרף אָנערקענט ווערן דורך דער רעגירונג, און זי מוז זיך רעכענען מיט זיין מיינונג — ווי מיטן ווילנס־אויסדרוק פון דער יידישער געזעלשאַפט. פיליפּסאָנס פּראָיעקט האָט געפונען מיטגעפיל אין יענע קרייזן יידישער געזעלשאַפט, וועלכע האָבן זיך געקוויינקלט צווישן אַסימילאַציע און אַנטיסעמיטיזם. נאָך לאַנגע הכנות איז אין 1904 געגרינדעט געוואָרן אַ נייער „פאַרבאַנד פון דייטשע יידן", און דאָס צווייטע יאָר איז אויף זיין צונויפפאָר אין בערלין געקומען 400 דעלעגאַטן פון 169 פונקטן אין דייטשלאַנד. א סך תשובה־רייד האָבן זיך געלאָזט הערן אויפן צונויפפאָר — וועגן דעם, וואָס די יידישע אינטעליגענץ זאָגט זיך אָפּ פון אייגענעם פאָלק און אַז עס איז נויטיק צו דעמאָנסטרירן יידנס פּאָליטישע אחדות. הויפּטרעדנער אויפן צונויפפאָר זענען געווען די אָקאָרשטיקע זיילן פון דער אַסימילירטער געזעלשאַפט — בערלינער ראַבינער מאַיבוים און אַדוואָקאַט פוקס (פונם צענטראַלפאַריין דייטשע בירגער פון יידישן גלויבן). ביי אַזאַ צוזאַמענשטעל האָט דער צונויפפאָר נישט געקאָנט ציען קיין געהעריקע פּועל־יוצאס פון דעם פאַקט, וואָס די אַסימילאַציע האָט באַנקראָטירט; ער האָט אפילו נישט אָנערקענט אָפן דעם פאַקט גופא. ער האָט נאָר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן סאָלידאַרישקייט ביים פאַרטיידיקן בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, — אין דעם זעלבן יאָר פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט דער „פאַרבאַנד צו דערלאַנגען פולבארעכטונג פון יידן אין רוסלאַנד" אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון „בירגערלעכער, פּאָליטישער און *נאַציאָנאַלער* גלייכבאַרעכטונג פונם יידישן פאָלק" (§ 40). צו שוואַך איז נאָך געווען דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין אפילו ביי די בעסטע פאָרשטייער פון דייטשן יידנטום, אַז זיי זאָלן זיך קאָנען באַשליסן אַרויסצוטרעטן אין נאָמען פון דער נאַציע, נאָכדעם ווי זיי האָבן יאָרנלאַנג פאַרזיכערט אַז אַזאַ נאַציע איז נישט בנמצא. אפילו דייטשע ציוניסטן האָבן

קיין מוט דערויף נישט געהאט: נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָבן זיי דערלאָזט נאָר ביי זייערע „אָרעמע מזרח־ברידער״ און אין קינפטיקן פּאַלעסטינער צענטער.

אויף זייער עקאָנאָמישן מעמד האָבן יידן אין דייטשלאַנד זיך נישט געהאַט וואָס צו קלאָגן. דער מיטלשטאַנד איז ביי זיי געווען אין אַלגעמיין זייער פאַרמעגלעך. אין די גרעסערע צענטערן — בערלין, פראַנקפורט, ברעסלוי — האָט די יידישע באַפעלקערונג, דער עיקר האַנדלסלייט, אַריינ־געטראָגן אין דורכשניט אַ גרעסערן הכנסה־שטייער, ווי די קריסטלעכע. יידן מיט אינטעליגענטע פּראָפעסיעס — פּאָפּולערע מעדיקער, יוריסטן, אינזשע־נירן — האָבן געהאַט גרויסע הכנסות, און פון דעם שטאַנדפּונקט האָט זיי געמעגט נישט באַנג־טאָן, וואָס מ'לאָזט זיי נישט צו צו קיין מלוכה־אַמטן: מאַטעריעל האָבן זיך יענע ווייניקער געלוינט. צו מלוכה־שטעלעס האָט יידן געצויגן נאָר דערפאַר, ווייל אַ מלוכה־אַמט איז אין דייטשלאַנד געווען אַ זאַך פון כבוד, און אפילו באַרימטע פּראָפעסאָרן האָט בתמימות זיך גרויסגע־האַלטן מיטן טיטול „געהיימראַט״. אָפּט פלעגט טאַקע די פּוסטע גאוה און דער פאַרלאַנג אַריינצוגיין אין דער העכערער דייטשער געזעלשאַפט — שטויסן יידישע יוגנט צו שמד. די צאָל משומדים איז געוואַקסן מיט אַ שרעק־לעכער שנעלקייט. אין איין בערלין האָבן זיך אין 1904 געשמדט ביי 500 מאַן, ד. ה. אַזוי פיל, וויפיל פריער האָט זיך געשמדט אין גאַנץ דייטשלאַנד פאַר אַ יאָר צייט (5 §). אָפּטער זענען אויך געוואָרן געמישטע חתונות. פאַר די יאָרן 1905—1909 האָבן זיי אויסגעמאכט כמעט אַ פערט־חלק (22—25 פּראָצענט) פון אַלע יידישע חתונות אין דייטשלאַנד, און אין בערלין און האמבורג זענען די געמישטע חתונות איניקע יאָרן דערגאַנגען ביז 43 און 49 פּראָצענט. געגאַנגען איז זיך ווייטער אויף דער פּראָצעס פון געוויינלע־כער אַסימילאַציע, וואָס האָט שוין געהאַט הינטער זיך 100 יאָר פּראַקטיק,— אָבער איצט פלעגט דעם פּראָצעס אָפּט באַגלייטן יענע טראַגישע נשמה־צע־בראָכנקייט, וואָס הערצל, נאָרדוי און אַנדערע אַרויסגעקומענע פון דיזעלבע רייען — האָבן געשילדערט אין זייערע רעדעס, דראַמעס און דערציילונגען. אַ סך האָבן זיך איינגעלעבט מיט דער דאָזיקער נשמה־צעבראָכנקייט און באַשאַפן פאַר איר פאַרענטפער־טעאָריעס. זיי האָבן אַזוי געטענהט: יידנטום— איז אונזער ראַסן־נאַציע, דאָס דייטשע פאָלק — איז אונזער קולטור־נאַציע, און קרובהשאַפט פון קולטור איז וויכטיקער ווי פון בלוט. אַזאַ טעאָריע האָט אַנטוויקלט דער יונגער שריפטשטעלער ס. ליובלינסקי אין זיין בוך „ליטעראַטור אונד געזעלשאַפט אים 19־טן יאַהרהונדערט״ (1899); ער האָט זיך דאָ דעררעדט צו דעם, אַז אַ ייד, וואָס איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען מיט דייטשער קולטור, איז אַ סך מער דייטש ווי דער נישט־געבילדעטער דייטש, וואָס שטאַמט פון הערמאַנען. ער האָט זיך אַזוי בלינד געבוקט צו דער דייט־

שער קולטור, אַז ער האָט אפילו באַרעכטיקט דעם אידעאַל פון דער פריי-
סישער „נאַציאָנאַלער מלוכה, וואָס גיסט צונויף פעלקער און רעליגיעס אין איין אָרגאַנישעס גאַנצעס". אַ צווייטער שריפטשטעלער, דער פריצייטיק פאַרשטאָרבענער לודוויק יאַקאָבאָווסקי, האָט אין זיין ראָמאַן „ווערטהער דער יודע" (1892) געשילדערט די ליידן פון אַ סטודענט, וואָס זיין נאַציאָנאַלע נשמה איז אינגאַנצן צעשפּאָלטן; דערביי אָבער האָט דער מחבר זיך נישט געוואָלט אידענטיפיצירן מיט זיין העלד און ער איז מתרה אין דער הקדמה, אַז ער פאַרזענלעך בלייבט געטריי זיין אַלטער איבערצייגונג, אַז אַ געבילדעטער ייד „מוז זיך פולשטענדיק צונויפגיסן מיטן דייטשן גייסט און דייטשע זיטן".

אַ ניכטער וואָרט האָט צו די דאָזיקע דינער פון פרעמדער קולטור געזאָגט אַן אמתער דייטש, וואָס איז פריי געווען פון פיל פאָראורטיילן אין זיין נאַציע, דער באַקאַנטער נאַציאָנאַל-עקאָנאָם וו. זאָמבאַרט. אין אַ ציקל עפנטלעכע לעקציעס, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פאַרשידענע שטעט און שפּעטער אָפּגעדרוקט אין אַ בוך „דיע צוקונפט דער יודען" (1912), האָט ער באַצייכנט די אַסימילאַציע אַלס באַנקראָט און דערפון געמאַכט אַן אויספיר—פונקט דער היפּוך פון אנטיסעמיטישן: אויב יידנס באַמיאונגען זיך צונויפצושמעלצן מיט די אַרומיקע פעלקער האָבן געבראַכט צו אַ פאַרקערטן פועל יוצא, וואָס דריקט זיך אויס אין אַנטיסעמיטיזם, דאַמאָלסט פאַרבלייבט פאַר יידן דער אויסגעפּרובטער היסטאָרישער וועג — זיין געטריי זיך אַליין, דער אייגענער נאַציע. אַהאַספער, וואָס זוכט דעם טויט און קאָן אים נישט געפונען, דאַרף זיך באַשליסן צו לעבן ווייטער אַלס אייביקער ייד. דאָס יידנטום מוז „די גאַנצע קראַפט פון זיין ווילן אָנווענדן, אום צו פאַרבלייבן צו-להכעיס דער גאָרער וועלט אַ זעלבשטענדיקער פאָלקס-אָרגאַניזם, אַ יודענפאָלק". „דאָס יידישע פאָלק, זאָגט זאָמבאַרט, האָט דאָך זינט די נביאים אריינגעבראַכט אינם כאָר פון כלל מענטשן א הויכן עטישן טאָן, און ביז היינט טוט עס דאָסזעלבע דורך זיינע בעסטע זין. דער גרויסער טראַגישער פּאַטאָס, וואָס דאַרף מאָראַליש פאַראיידעלן די וועלט פון סטיכייאישע כוחות, שטאַמט דאָך פון יידנטום, און ערשט פונדאַנען איז ער אריבער צו קריסטנטום. אַנטקעגנשטעלן דעם העלעניזם אַן אַנדער גרויסן לעבנסמויסטער — דאָס פאַרבלייבט נאָך ביז היינט די אויפגאַבע פון ישראל". זאָמבאַרט באַגריסט די נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט פון יידן, וואָס באַמערקט זיך אין מזרח, און ער פאַראורטיילט די דייטשע יידן, וואָס שטרענגען אָן אַלע זייערע כּוחות אויף אַריינצודרינגען אין דער דייטשער געזעלשאַפט און האַלטן פאַר זיך פאַר אַ כּבוד צו ווערן באַאַמטע אָדער אָפיצירן. ווי קרענקענד עס זאָל נישט זיין די האַלטונג פון דער פרייסישער ביוראָקראַטיע אָדער יונקערטום, וואָס ווילן נישט האָבן קיין יידן אין זייערע רייען, — איז נאָך קרענקענ-

דער פאַר דער ווירדע פון יידן זייער אייגענע באַמיאונג אַריינצובאַקומען זיך אין דער דאָזיקער סביבה. „זאָל זיך די קריגסקאַסטע אָנפילן מיט די, וואָס קומען אַרויס פון קריגסלייט”. עס זענען פאַראַן פאַלן, ווען מענטשן האָבן פולע בירגערלעכע רעכט — און דאָך זענען זיי מחויב אַליין זיך צו באַגרענעצן אין נאָמען פון העכערע אינטערעסן. דער נייעסטער אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּראָדוקט פון רייבונגען צווישן יידן און אַרומיקער סביבה, וועלכע זענען אָפטער געוואָרן נאָך דער קעגנזייטיקער דערנענטערונג, — נמצא, עס וועלן ווערן ווייניקער רייבונגען, ווען יידן וועלן זיך נישט רייסן צו דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. דאָס ערשטע מאָל האָט עס אַ דייטשער שריפטשטעלער גערעדט מיט יידן אין אַ טאָן פון אָביעקטיוון באַאָבאַכטער, וואָס אָנערקענט פאַר דער טיפּישסטער נאַציע אין דער געשיכטע דאָס פולע רעכט אויף נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט. אָבער „די פאָן” פון דער דייטשיש־יידישער געזעלשאַפט האָט זאָמבאַרטן נישט פאַרשטאַנען. זיי האָבן אים באַשולדיקט אין העלפן דעם אַנטיסעמיטיזם, פּונקט ווי פריער האָבן זיי דאָס זעלבע פחדנותדיק פאָרגעוואָרפן דעם ציוניזם. די גרויסע ליבעראַלע צייטונגען, וואָס פלעגן אויסמיידן צו רעדן וועגן דער יידנפראַגע, כדי די וועלט זאָל זיך נישט דערמאָנען אינם יידישן אָפּשטאַם פון זייערע פאַרלעגערס און רעדאַקטאָרס, — זיי האָבן איצט מער פאַר אַלע געזידלט זאָמבאַרטן: ער האָט דאָך וועגן אַזאַ טאַקטיק גערעדט מיט פאַרדינטער פאַראַכטונג.

דער „פאַרבאַנד פון דייטשע יידן”, וואָס פלעגט יאָר־יערלעך פאַרעפנטלעכן פּראָטעסט־רעזאָלוציעס קעגן באַרויבן יידן דעם כבוד צו זיין באַאַמטע אָדער אָפיצירן, וואָלט געקאָנט א סך לערנען ביי דעם דאָזיקן דייטש, וואָס האָט מן הצד באַטראַכט דאָס יידישע לעבן. גרויסע צרות האָט דער פאַרבאַנד געהאַט, וואָס יידן זענען נישט פאָרגעשטעלט אין פּרייסישן יונקערטום, אָבער וועגן אַן אַנדער טרויעריקער דערשיינונג האָט ער אַפילו נישט אַ טראַכט געטאָן: אַז 600,000 דייטשע יידן האָבן נישט קיינע נאַציאָנאַלע פאָרשטייער נישט אין רייכסטאַג, נישט אין די לאַנדטאַגן פון באַזונדערע מלוכות אין דייטשן בונד. יענע יידן־דעפּוטאַטן, וואָס פלעגן אַריין אין פּאַרלאַמענט אַלס גלידער פון די דייטשע ליבעראַלע אָדער סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, זענען געווען געבונדן דורך דער דאָגמע צו פאַרלייקענען די יידישע נאַציע און שוין איבער זייער מאַנדאַט אַליין האָבן זיי זיך נישט געהאַלטן פאַר אירע פאָרשטייער. בעת דעבאַטן איבער דער יידנפראַגע האָבן זיי זייער זעלטן גענומען אַ וואָרט, זיי האָבן געהאַלטן פאַר גלייכער, עס זאָלן אַרויסטרעטן די מער אויטאָריטעטע פירערס פון זייערע פּאַרטייען; די ליבעראַלן אָבער האָבן געשוויגן, און צווישן פּראָגרעסיסטן און פריידענקער האָבן זיך שוין געפעלט אַזעלכע הייסע פאַרטיידיקער פון גלייכבאַרעכטונג, ווי ריקערט און ריכטער. מיט גרעסערן מוט פלעגט אין אַזעלכע פאַלן אַרויסטרעטן דער

סאָציאַלדעמאָקראַטישער דעפּוטאַט אין רייכסטאַג (בעת דער סעסיע 1903—1907) עדואַרד בערנשטיין, אַ אָנגעזעענער טוער אין אינטערנאַציאָנאַל—ער פלעגט פאַרטיידיקן אויף זיין שטייגער די בירגערלעכע גלייכשטעלונג פון זיין פאָלק (אַליין איז ער געווען א זון פון אַ ייד אַ מאַשיניסט אין בערלין). דער דאָזיקער „רעוויזיאָניסט" און רעפאָרמאַטאָר פון מאַרקסיזם, וואָס האָט דעם אַבסאָלוטן פּרינציפּ פון קלאַסן־קאַמף פאַרביטן אויף דער אידעע פון „קלאַסן־סאָלידאַריטעט", האָט דאָ אפשר געהאַנדלט אומבאַוואוסטזיניק אונטערן אַטאַוויסטישן איינפלוס פון אור־אור־עלטערן, די ביבלישע עטישע סאָציאַליסטן. — דערמיט האָט ער אויסגעקויפט די יוגנטזינד פון מאַרקסן קעגן יידן.

אינם אינעווייניקסטן געמיינדע־לעבן פון דייטשע יידן איז אויך אַזוי וויניק באַוועגונג געווען, ווי אין פּאָליטישן. אין די גרעסערע געמיינדעס זענען אַלץ געשטאַנען איינס קעגן אַנדערן די פּאַרטייען ליבעראַלן און אָרטאָדאָקסן, די דאָזיקע פאַרשטיינערטע עדות פונם אַמאָליקן רעפאָרמאַציע־קאַמף. ענדע XIX יאָרהונדערט לאָזט זיך באַמערקן אַ געוויסע באַוועגונג אין דער מחנה ראַדיקאַלע ליבעראַלן־רעפאָרמיסטן: אין בערלין האָט זיך אויפגעהויבן אַן אַגיטאַציע, מען זאָל ווידער איינשטעלן זונטאָג־תפילות אין די סינאַגאָגן, — דאָס וואָס איז שוין אַמאָל געווען איינגעפירט אין דער רעזידענץ־שטאָט, אָבער נישט דאָ און נישט אין דער פּראָווינץ האָט זיך עס נישט אָנגענומען. די ראַדיקאַלן האָבן געטענהט, אַז טאַקע צוליב חזוק־הדת דאַרף מען איינשטעלן גלייך מיט שבת אויך זונטאָגדיקע גאָטעסדינסט: עס זענען פאַראַן אַ סך, וואָס אַרבעטן אין פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, און זיי קאָנען רוען און באַזוכן די סינאַגאָגע נאָר אַלע זונטאָג; אויב מען זאָל ביי אַזעלכע מענטשן אָפּנעמען די מעגלעכקייט צו דאַווענען און הערן דעם ראַבינערס דרשה אין שול כאָטש איין מאָל אין וואָך, וועלן זיי דאָך אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט ווערן פון יידישקייט. קעגן דעם האָבן זיך אַנטשיידן געשטעלט די אָרטאָדאָקסן און אפילו מעסיקע ליבעראַלן. עס האָט געשיינט געפערלעך צו זיין מאַכן דעם קריסטנטום אַזאַ פאָרמעלע הנחה אין אָפיציעל מבטל צו מאַכן שבת־רו, הגם דאָס לעבן אַליין האָט אים שוין מבטל געמאַכט פאַר דער מערהייט געמיינדע־גלידער. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ ליידנשאַפטלעכע פּאָלעמיק צווישן די אָנהענגער און קעגנער פון „צווייטן שבת". ביידע צדדים האָבן גערופן צו ראַטעווען יידישקייט: איינע — דורך אָפּהיטן אירע גרונטגעזעצן, די אַנדערע—דורך אָפּהיטן דעם נייעם דור פאַר יידישקייט וועגן. צו דער פאַרוואַלטונג פון בערלינער געמיינדע איז אָנגעקומען אַ פּעטיציע מיט 4000 חתימות, מען זאָל איינפירן תפילות אום זונטאָג. אָבער דער ליבעראַלער ראַבינאַט האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַזאַ רעפאָרם, און די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די געמיינדע־גלידער האָט זי אָפּגעוואָרפן מיט אַ גרויסער מערהייט שטימען (1898).

דער רעליגיעזער ליבעראַליזם האָט אַלץ מער נאָכגעגעבן דעם אָרטאָ-דאָקסיזם. עס איז אויפגעקומען אַ פּאַרטיי נעאָ-אָרטאָדאָקסן, וואָס האָבן מיט פריידיניקייט פאַראייניקט אַכטונג צו די רעליגיעז-נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס פון יידישקייט. עס האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט די אַלטע אָרטאָדאָקסיע, וואָס איר הויפט-נעסט איז געווען אין פראַנקפורט ביים מיין; אין איר בלינדן טראַ-דיציע-קולט פלעגט זי אָפט אַוועק צו ווייט. די נייע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע, וואָס וואָלט אַ סך געקאָנט איינהאַלטן אין דער נאַציע מיטן כוח פון פרייער איבערצייגונג, האָט זי אָפּגעלייקנט; אַקעגן, האָט זי זיך ווייטער איינגעשטעלט בלויז פאַר שטרענגע רעליגיעזע און ריטועלע דיסציפּלין אין גייסט פון „שולחן ערוך" — און דערמיט האָט זי די יוגנט נאָך מער אָפּגעשטויסן פון יידישקייט. פון דער צווייטער זייט, האָבן די אַסימילירטע ליבעראַלן זיך געשפּייזט מיט רעפאָרם-פּאַליאַטיוון, וועלכע האָבן שוין קיינעם נישט צוגעצויגן. אין 1908 האָט זיך געגרינדעט די „פאַראייניקונג פאַרן ליבעראַלן יידנטום אין דייטשלאַנד", האָט זי איבערגעגעבן אַ קאָמיסיע פון רבנים און געלערנטע צענויפצושטעלן אַ פאַרצייכניש פון יענע הויפט-אידעען אין יידישקייט, וואָס לאָזן זיך פאַראייניקן מיט מאָדערנער וועלטאַנשויאונג. דער פּראָיעקט האָט פעסטגעשטעלט דריי פּליכט-עיקרים: וועגן דעם איינציקן ריין-גייסטיקן גאָט פון גערעכטיקייט און ליבע, וועגן דעם מענטשנס גאָטעגלעכקייט אין פרט פון שטרעבן צו גייסטיקער שלמות, וועגן דער איינהייט פון דער מענטשהייט ווי אַ כלל גאָטס קינדער און איר דערגענטערונג צום משיח-אידעאַל פון שלום און אמת אויף דער ערד. פון מצוות האָט דער פּראָיעקט געלאָזן אין קראַפט די דינים וועגן מילה, שבת און יום-טובים — דערביי זענען באַזונדערע שטרענגקייטן אין יום-טוב-רו באַזייטיקט געוואָרן; ביים דאַווענען האָט מען די הויפט-תפילות געזאָלט זאָגן אויף לשון-קודש, און די איבעריקע אויף דייטש, קריאת-התורה—אין אָריגינאַל מיט דייטשער איבערזעצונג. דאָך, ביי דער גאַנצער מעסיקייט פון די דאָזיקע רעפאָרמעס, האָט דער צוזאַמענפאָר פון דער ליבעראַלער „פאַראייניקונג" (אָקטאָבער 1912 אין פּויזן), זיך אָפּגעזאָגט צו באַשטעטיקן דער קאָמיסיעס פּראָיעקט. מ'האָט זיך געשראָקן פאַר אַ שפּאַלטונג, און די יידישע אחדות איז דאָך געווען טייער אַלע פּאַרטייען. — דאָ האָט געוועדט די קראַפט פון אומבאַוואוסטזיניקן נאַציאָ-נאַלן געפיל, וואָס האָט געלעבט אויך אין יענע קרייזן, וועלכע האָבן פאָרמעל געלייקנט די מאָדערנע נאַציאָנאַלע אידעע.

די אידעע פון יידישער אחדות אין אַלע לענדער, וואָס האָט אַמאָל באַ-גייסטערט קרעמיע און זיינע מיטאַרבעטער ביים באַשאַפן דעם „אַלוועלטלעכן יידישן אַליאַנס" אין פּאַריז, האָט זיך 40 יאָר שפּעטער פאַר די כלל-טוער אין בערלין אַנטפּלעקט אין אַ נייעם, טראַגישן אַפילו, אָרעאָל. די דייטשע רעזי-דענץ-שטאָט איז געווען נאָענט צו די הויפּטנעסטן פון יידישע צרות — רוסלאַנד און פּוילן, — און דאָס האָט בערלינער יידן באַוואויגן צו שאַפן אַן אָרגאַ-

ניזאַציע אויף צו קומען צו הילף יידן פון מזרח-אייראָפּע און נאָענטן מזרח,
איינגעשלאָסן אויך פּאַלעסטינע. אין 1901 איז אין בערלין געגרינדעט געוואָרן
דער „הילפספאַראיין פון דייטשע יידן", הויפּט-טוער איז דאָ געוואָרן דער
ענערגישער קעמפער קעגן אַנטיסעמיטיזם, פּ ו י ל נ אַ ט אַ ן. באַלד נאָך זיין
גרינדונג איז דער „הילפס-פאַראיין" געשטאַנען פאַר די קאַטאַסטראָפעס פון
קישעניעווער פּאָגראָם אין 1903 און די אַלרוסישע פּאָגראָמען פון 1905; אין
קאַמף מיט די פאָלגן פון די דאָזיקע אומגליקן האָט ער ארויסגעוויזן אַן אומ-
געהויערע ענערגיע: דורכן פאַראיין זענען אַ דורך מיליאָנען-סומען, צענויפגעקלי-
בענע לטובת די פּאָגראָם-קרבנות. און ווען נאָך די פּאָגראָמען איז געקומען דער
געוויינלעכער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער פּרעס, האָט דער הילפספאַריין זיין
גאַנצע אַרבעט קאָנצענטרירט אויף העלפן די קרבנות פון די דאָזיקע גזירות —
די מאַסן-עמיגראַנטן — און אויך אויף גרינדן יידישע שולן אין די לענדער
פון נאָענטן מזרח: באַלקאַנישער האַלב-אינזל, אַזיאַטישע טערקיי און באַזונדערס
פּאַלעסטינע. בערלינער „פאַריין" האָט דאָ קאָנקורירט מיטן פּאַריזער „אַליאַנס":
ער האָט אין אַ געוויסער מאָס געשטרעבט צו פאַרדייטשן די יידישע שול, די
פּאַריזער טוער — צו פאַרפראַנצויזישן. מ'האָט געשמועסט, אַז די פּאָרשטייער
פון הילפספאַריין האָבן אויף זיך גענומען התחייבותן לגבי דער דייטשער רעגי-
רונג אויף צו פאַרשפּרייטן דייטשע קולטור אין אַזיע: דייטשלאַנד האָט דאָ דאַ-
מאָלס געוואָלט פאַרשטאַרקן איר איינפלוס דורכן אויסבויען די באַגדאַדער
אייזנבאַן. דאָך דאַרף מען מודה זיין, אַז די בערלינער קולטורטרעגער זענען
פּאָרט געווען אין שול-ווען מער נאַציאָנאַל איידער די פראַנצויזישע: אין זייערע
שולן האָט מען בעסער געלערנט העברעאיש און יידישע געשיכטע און נאָר
דער אָבליגאַטאָרישער דייטש-לימוד איז געווען אַ טריבוט פון די אָרגאַניזאַטאָרס
לאַנדפּאַטריאָטיזם. אין 1912 איז דער „הילפספאַריין" צוגעטראָטן צו בויען אַ
טעכניקום אין פּאַלעסטינע — כדי צו העלפן דער אַנטוויקלונג פון אינדוסטרי-
אינעם וואַקסנדיקן יידישן צענטער, — אָבער דאָ איז אַרויסגעקומען אַ צוזאַמענ-
שטויס צווישן די פירער פון פאַריין מיט די ציוניסטן צוליב דער אונטעריכטס-
שפּראַך, און צום אָנפאַנג פון דער וועלט-מלחמה איז נאָך די מחלוקה נישט
געשטילט געוואָרן (זע ווייטער, § 50).

די פּאָליטישע לאַגע פון יידן אין דייטשלאַנד גופא איז ביז צום סוף
פון דער תקופה געבליבן אָן ענדערונגען. אַ פּאָר חדשים נאָך פאַרן אויסברוך
פון דער וועלט-שרפה, זענען אין רייכסטאַג און אין פּרייסישן לאַנדטאַג געגאַנגען
געוויינלעכע אינטערפּעלאַציעס וועגן פאַרלעצונגען פון יידישער גלייכבאַרעכטונג.
דער פירער פון די עקסטרעמע סאָציאַלדעמאָקראַטן, קאַרל ליבקנעכט, האָט אין
לאַנדטאַג פּראָטעסטירט קעגן די פאַרשטאַרקטע רדיפות לגבי יידישע סטודענטן
פון רוסלאַנד, וואָס האָבן זיך געלערנט אין פּרייסישע אוניווערזיטעטן צוליב די
שול-רעפּרעסיעס אין זייער פּאָטערלאַנד (דייטשע סטודענטן און אַ טייל פּראָפע-

סאָרן האָבן געפאָדערט, מען זאָל נישט צולאָזן רוסיש-יידישע סטודענטן אין הויך-שול, ווייל עס פעלן דאָ אָפּט פּלעצער אין די לאַבאָראַטאָריעס און קליני-קעס פאַר די דייטשן אַליין). דער זעלבער ליבקנעכט האָט געשטעמפּלט די אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון בילדונגס-מיניסטעריום, וואָס לאָזט נישט צו אויף וואַקאַנטע פּראָפעסאָרן-שטולן אַפילו קיין יידישע דאָצענטן, וואָס זענען באַקאַנט מיט וויסנשאַפטלעכע פאַרדינסטן. אין רייכסטאַג איז ווידער ארויסגעשוואומען די אַלטע טעמע וועגן נישט-צולאָזן יידן אין אָפיציר-קאָרפּוס. דאָס מאָל האָט דער קריגסמיניסטער געענטפערט, אַז אַזאַ באַציונג צו יידן איז טאַקע קעגן דער קאָנסטיטוציע און אַז אויף להבא וועט מען יידן, וואָס צייכענען זיך אויס, ווי מעגלעך פאַררעכענען פאַר רעזערוו-אָפיצירן. דאָס איז געווען געזאָגט אָנפאַנג מאַי 1914. אין דריי חדשים אַרום האָבן צענדליקער טויזנט יידישע זעלנער מאַרשירט אין די רייען פון דער דייטשער אַרמיי צו דער רוסישער און פראַנ-צויזישער גרענעצן — זיי האָבן זיך געדאַרפט שלאָגן לכבוד דעם לאַנד פון מיליטאַריזם און אַנטיסעמיטיזם.

## § 44. עסטרייך-אונגאַרי (1901–1914)

אין דער בונטער האַבסבורגער מלוכה, וואָס נאַציאָנאַלע מחלוקתן האָבן זי געריסן אויף שטיקער, איז די יידישע צווייט-מיליאָניקע באַפעלקערונג [1] צום אָנהויב XX י. ה. געווען אין דער לאַגע פון אַ נישט אָנערקענטער נאַציע, וואָס קעמפנדיקע צדדים האָבן זי געשלעפּט אין אירע רייען און „פריינט" און פיינט האָבן זי מכבד געווען מיט קלעפּ. יידן האָט מען דאָ געשטויסן אויף אַ נידריקערע סאָציאַלע שטופע, און יעדע נאַציע האָט זיך מיט זיי געשאַפן ווי מיט אַ געווער אין קאַמף קעגן אירע קאָנקורענטן. אין דייטשן עסטרייך, באַזונדערס אין ווין מיט איר קרייז, האָט דער פאַנגערמאַנישער אַנטיסעמיטיזם געשניטן די פרוכט פון זיין פּיליאַריקער אַרבעט. אונטער דעם שלייער פון „קריסטלעכן סאָציאַליזם" האָט ער געבאַלעבאַטעוועט אין שטאָט-פאַרוואַלטונג פון רעזידענץ, בעת בורגמייסטער איז געווען לועגער, און דער זעלבער נוסח האָט זיך איינגעשטעלט אויך אין נידערעסטרייכישן לאַנדטאַג.

---

1) נאָך דער פאָלקסציילונג פון 1900 האָט זיך אין ציסלייטאַנישן עסטרייך גערעכנט 1.224.896 יידן, פון זיי אין גאַליציע און בוקאָווינע העכער 900,000. אין אונגאַרן איז אין דעם זעלבן יאָר געווען 831,160 יידן, און אין 1910 — 911,175. אַ וואוקס פון דער יידישער באַפעל-קערונג האָט זיך געלאָזט מערקן בלויז אין אונגאַרן; אין גאַליציע און בוקאָווינע איז ער צוליב דער שטענדיקער עמיגראַציע פון די פאַראָרעמטע מאַסן געווען קליין, און אין בעהמען און מעהרען האָט זיך די צאָל יידן צום אָנפאַנג 20-טן י. ה. אַפילו פאַרקלענערט (אין 1890 יאָר — 94,479 און 45,324, און אין 1900 יאָר — 92,745 און 44,255).

אין גאַליציע האָט געהערשט פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט יידן געדריקט אין עקאָנאָמישן געביט און געשטרעבט אָפּצווישן זייער פּאָליטישן פּרצוף. אויסנוצנדיק יידישע שטימען ביי וואַלן צום רייכסראַט און סיים — אויפן חשבון פון די רוטענער, האָט דער פּוילישער רעזשים אין גאַליציע פאַרשפּרייט שנאה צווישן ביידע נאַציעס, וועלכע ער האָט גלייך געדריקט. אין בעהמען און מעהרען האָבן יידן געדענקט די פּאָגראָמען פון 1897 און פאָרזיכטיק לאַווירט צווישן טשעכן און דייטשן; אָפיציעל האָבן זיי זיך צוגערעכנט צו דער טשעכישער נאַציע — אין יענע קרייזן, וואו זי איז געווען די מערהייט באַפעלקערונג. די סיסטעם פון „צורעכנען זיך" צו אַ פרעמדער נאַציע איז ווי פריער געווען אַ פּועל־יוצא פון דעם, וואָס דאָס עסטרייכישע געזעץ האָט יידן נישט אָנערקענט פאַר אַ באַזונדער נאַציע און יידיש — די שפּראַך פון גאַליציער און בוקאָווינער מאַסן — פאַר קיין פאָלקסשפּראַך. דאָס האָבן אויסגענוצט פּאָליאַקן: זיי פלעגן הונדערטער טויזנט יידישע וויילער איינשליסן אין זייער נאַציאָנאַלע קוריע און אַזוי אַרום געווינען איבערגעוויכט איבער די רוטענער; דאָס זעלבע האָבן געטאָן דייטשן און טשעכן אין זייערע קעגנזייטיקע שטרייטן. די רוטענישע פּאָליטישע טוער און דער אָרנטלעכער טשעכישער פּאָליטיקער מאַסאַריק, דער פירער פון פּאַרטיי „רעאַליסטן", האָבן אונטערגעהאַלטן דאָס שטרעבן פון בעסערע יידן צו פּראָקלאַמירן זייער אייגענע נאַציאָנאַליטעט און באַשאַפן אַן אייגענע וואַל־קוריע, אָבער אין אַזאַ שטרעבן זענען געווען פיל מניעות: דאָס עסטרייכישע געזעץ, די דראָונגען פון די הערשנדיקע טעריטאָריאַלע נאַציעס און די אינעווייניקסטע מכה — דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך מצד אַסימילאַטאָרס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער יידישער נאַציע.

די לאַגע האָט זיך געדאַרפט ענדערן פון דעם מאָמענט, זינט אין עסטרייך האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ נייער גייסט און עס איז רייף געוואָרן די פּאַרלאַמענט־רעפאָרם, וואָס איז געווען ענג צוזאַמענגעבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָקטאָבער 1905 האָט די עסטרייכישע רעגירונג, אָנגעשראָקן פון דער רוסישער רעוואָלוציע, נאָכגעגעבן דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג און צוגעזאָגט איינצופירן אַלגעמיינע וואַלרעכט אָנשטאָט דער פריערדיקער שטאַנדישער צענזן־סיסטעם. דאָס יאָר 1906 איז אַדורך אין צוגרייטונגען צו דער דאָזיקער רעפאָרם. אין רייכסראַט האָט מען באַטראַכט דעם פּראָיעקט; ער האָט לויטן שפּראַך־סימן אָנערקענט אַכט נאַציעס אין עסטרייך (דייטשן, טשעכן, פּאָליאַקן, רוטענער, סלאָוואַקן, סערבאָ־כאָרוואַטן, איטאַליענער, רומענער) און צווישן זיי פאַרטיילט די פאַרטרעטערשאַפט אין מלוכהשן פּאַרלאַמענט דורך אַ קאָמבינאַציע פון אַלגעמיינעם וואַל־רעכט מיט זייער אַ קאָמפּליצירטער סיסטעם נאַציאָנאַלע קוריעס. אַלע פעלקער זענען מער אָדער ווייניקער געווען באַזאָרגט מיט אַ פאָרשטייערשאַפט אין רייכסראַט,

און נאָר יידן, האָט האָבן צווישן די פֿעלקער פֿון עסטרייך פֿאַרנומען לויט דער צאָל דאָס פֿינפֿטע אָרט, האָבן נישט געקאָנט האָבן קיין אייגענע פֿאָלקספּאַרטרעטער און געמוזט פֿאָרשטעלן אין פּאַרלאַמענט פֿרעמדע פֿעלקער, צו וועלכע זיי זענען אין יעדן קאַנט צוגערעכנט געוואָרן. איצט ענדלעך האָט מען דערפֿילט די יידישע נאַציאָנאַלע רעכטלאָזיקייט. ציוניסטן, אויטאָנאָמיסטן פֿון דער יידישער פֿאָלקספּאַרטיי (נתן בירנבוימס) און יידישע סאָציאַליסטןסעפּאַראַטיסטן, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָבן אַגיטירט דערפֿאַר, אַז יידן זאָלן אָנערקענט ווערן פֿאַר אַ באַזונדערע נאַציע און עס זאָל זיי פֿאַרזיכערט ווערן אַ נאַציאָנאַלע פֿאַרטרעטערשאַפֿט אין פּאַרלאַמענט. ביי 250 פּעטיציעס מיט אַזעלכע פֿאָדערונגען האָט מען אָפּגעשיקט דער רעגירונג און די רייכסראַט-דעפּוטאַטן בעת מען האָט באַטראַכט דעם געזעצפּראָיעקט. די רוטענישע פֿראַקציע אין רייכסראַט האָט געשטיצט די יידנס פֿאָדערונגען מיטן צוועק אָפּצושוואַכן דעם פּוילישן יאָך אין גאַליציע, אָבער אַלע איבעריקע פֿראַקציעס — באַזונדערס די פּוילישע — האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט. פּאָליאַקן האָבן אנטשיידן געמאָלדן, אַז זיי וועלן נישט דערלאָזן קיין „דריטע נאַציע" אין גאַליציע צוגלייך מיט זיי און רוטענער. אַ שטיק האָבן זיי געפֿונען ביי די מה-יפֿיתדיקע „פּאָליאַקן פֿון משה רבינוס גלויבן", דעם אַסימילירטן טייל יידישער אינטעליגענץ און גרויס-בורזשואַזיע; די אסימילאַטאָרס האָבן געשראָקן די פֿינסטערע חסידישע מאסע מיט נקמה מצד פּאָליאַקן און געפּועלט ביי איר, זי זאָל פּראָטעסטירן קעגן אויסטיילן יידן אין א באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּע. ווי באַלד ביי יידן אַליין איז געווען א שפּאַלטונג, האָט שוין די רעגירונג, — הגם זי האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן אַביסל צו קווייקלען, — באַשלאָסן צו לאָזן דעם געזעצפּראָיעקט אָן שום ענדערונגען. מ'האָט נאָר אריינגעטראָגן עטלעכע אויסבעסערונגען אינם פּאַרטיילונג-פּלאַן פֿון די וואַל-קרייזן אין גאַליציע און בוקאָווינע, אַזוי אז דאָס האָט יידן געגעבן אַ מעגלעכקייט אין די ערטער, וואו זיי האָבן געוואוינט אין געדיכטערע מאַסן, דורכצופֿירן זייערע קאַנדידאַטן אין רייכסראַט אויסשליסלעך מיט אייגענע שטימען אָדער מיט הילף פֿון רוטענער.

דער נייער געזעץ איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן דעם 26-טן יאַנואַר 1907, און אינגיכן האָט זיך אָנגעהויבן די וואַל-קאַמפּאַניע, — לויט דער ליידנשאַפֿטלעכקייט פֿון נאציאָנאַל-פּאָליטישן קאַמף האָט זי צו זיך קיין גלייכע נישט געהאַט. באַזונדערס האָבן זיך די ליידנשאַפֿטן צעפֿלאַקערט אין גאַליציע און בוקאָווינע. פּאָליאַקן האָבן צוגעזאָגט שטיצן יידן-קאַנדידאַטן ביי די וואַלן אונטערן תּנאי, אַז אַלע יידישע ווייִלער זאָלן שטימען פֿאַר די קאַנדידאַטן פֿון דער פּוילישער רייכסראַט-פֿראַקציע („קאָלאָ") און אַז די אויסגעוויילטע דעפּוטאַטן-יידן זאָלן זיך אונטערוואַרפֿן דער פּאַרלאַמענט-

דיסציפּלין פון דער דאָזיקער פראַקציע. די אַסימילאַטאָרס און די פּאָליטיש ניִשט-באַוואוסטזיניקע מאַסן זענען איינגעגאַנגען אויף אַזעלכע דערנידעריקנדיקע באַדינגונגען, אָבער די יידישע נאַציאָנאַליסטן האָבן זיך פאַרבונדן מיט די רוטענער און סאָציאַל-דעמאָקראַטן דורך אַ צוזאָג פון קעגנזייטיקער שטיץ און האָבן אומעטום אַרויסגעשטעלט אייגענע קאַנדידאַטן אונטערן לאָזונג — קאַמף פאַר יידישע נאַציאָנאַלע רעכט. זיי האָבן זיכער געקאָנט האָפן אויף דערפאָלג אין 6—7 קרייזן, אָבער די פּוילישע אַדמיניסטראַציע האָט אויסגעאיבט אַזאַ דרוק אויף די וואַלן און ערטערווייז אַזוי מיאוס זיי פאַלסיפיצירט, אַז אין סך-הכּל זענען אויסגעוויילט געוואָרן נאָר פיר קאַנדידאַטן פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פאַרטיי: פון גאַליציע — די ציוניסטן אַדאָלף שטאַנד, גאַבעל און מאַלער, פון בוקאָווינע (די שטאָט טשערנאָוויץ)— ד״ר שטרויכער, וואָס איז פריער אויך געווען רייכסראַט-גליד. אויסער דעם זענען אין פאַרלאַמענט אַ דורך צען אַסימילאַטאָרס, שליחים פון דייטשע און פּוילישע פאַרטייען (קוראַנדאַ און אָפנער פון ווין, לעווענשטיין און אַנדערע פון פאַרשידענע קרייזן אין גאַליציע). די וואַלן בכלל האָבן געבראַכט נצחון פאַר צוויי עקסטרעמע פליגלען — די קלעריקאַלן און קריסטלעכע סאָציאַליסטן פון איין זייט, און סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון דער צווייטער: עס האָט זיך באַקומען אַ „שוואַרץ-רויטער” פאַרלאַמענט, אָן אַ שטאַרקן ליבעראַל-דעמאָקראַטישן צענטער. פּרעזידענט פון רייכסראַט איז געוואָרן דער פירער פון קריסטלעך-סאָציאַלער פאַרטיי, לועגערס פריינט, ווייסקירכנער (יוני 1907). די רעאַקציאָנערע פּוילישע „קאָלאָ” האָט געצוואונגען אירע יידישע מיטגלידער אין רייכסראַט — צו שטימען פאַרן דאָזיקן אַנטיסעמיט. און אַסימילאַטאָרס האָבן זיך גאָרנישט זשענירט: ביי די אַלגעמיינע וואַלן האָבן זיי דאָך אויך געשטימט פאַר אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן פון דער פּוילישער שליאַכטע, זיי האָבן אַליין נישט געקוקט אויף זיך ווי אויף פאָרשטייער פון יידנטום, און אַלס קרעאַטורן פון קריסטלעכע פאַרטייען האָבן זיי דאָך געמוזט פאָלגן דעם טייטל.

די אמתדיקע אויסדערוויילטע פון יידנטום, די פיר דעפּוטאַטן פון דער נישט-אָנערקענטער נאַציע, זענען נישט צוגעשטאַנען צו קיין איינער פון די פאַרלאַמענט-פראַקציעס און האָבן געבילדעט אַן אייגענע נאַציאָנאַלע פראַקציע אין רייכסראַט — אַ „יידישן קלוב”. דאָס איז געווען די ערשטע אין אַ אייראָפּעאישן פאַרלאַמענט יידישע נאַציאָנאַלע פראַקציע. אין איר אויפרוף איז געשטאַנען אַזוי: „דער יידישער קלוב וועט שטענדיק פאַרטיידיקן די רעכט, אינטערעסן און טובה פון פאָלק. ער וועט ענערגיש פאָדערן דאָס אָנערקענען אַ יידישע נאַציע און דאָס פּאַקטישע דורכפירן פון יידנס גלייכבארעכטונג און גלייכשאַצונג. ער וועט שטעלן אַן אַנטשיידענעם ווידערשטאַנד קעגן די אָנפאַלן אויף יידן, פון וואַנען זיי זאָלן נישט קומען. אין היסכּם

מיט דער פראָגראַם פון דער יידישער פאָלקס־פאַרטיי וועט ער פירן אַ פּראָגרעסיווע אמתדיקע פאָלקס־פאָליטיק, זיך האַלטן ביי די יסודות פון פאָליטישן און עקאָנאָמישן פראָגרעס, סאָציאַלער גערעכטיקייט, אינדיווידועלער און נאַציאָנאַלער גלייכשטעלונג און גלייכשאַצונג פון אַלע נאַציאָנאַלע גרופּעס. פאַרענטפערן די נאַציאָנאַלע פראגע אויפן גרונט פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, אַ ברייטע דעמאָקראַטיזירונג פון דער קאָנסטיטוציע מיט דער גאַראַנטיע פון מינדערהייט־רעכט, דעמאָקראַטיזירן די אדמיניסטראַציע, פראָטעזשירן עסטרייכס אינדוסטריעלער און האַנדלס־אנטוויקלונג, אנטוויקלען די סאָציאַלע געזעצגעבונג, שוץ פון אַרבעט, פרייהייט פון פאַראייניגן און פרעסע, — אָט וואָס דער יידישער קלוב וועט פאַרטיידיקן. ער וועט פירן אַן עקשנותדיקן קאַמף קעגן יעטוועדער רעאַקציאָנערער שטאַנדן־פאָליטיק". אַזאַ פראָגראַם איז געווען צו גרויס פאַר אַזאַ קליינער פראַקציע, אָבער אייניקע פונקטן האָט דאָס הייפל יידישע דעפוטאַטן שטאַרק מקיים געווען. זיי פלעגן אָפט ארויסטרעטן מיט רעדעס איבער אַלגעמיין־מלוכהשע פראַגן — און זיי אָפשאַצן מיט אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן קריטעריום; זיי פלעגן אינטערפּעלירן די רעגירונג צוליב יעדן פאַל פון ברעכן יידנס רעכט און דערנידריקן זייער נאַציאָנאַלן כבוד, און אויף די אויפטרעטונגען פון די „קריסטלעכע סאָציאַליסטן" פלעגן זיי געבן דרייסטע תשובות, וואָס אַזוינס האָט מען נאָך אין עסטרייכישן פאַרלאַמענט נישט געהערט. ביי דער גאַנצער שוואַכקייט אין צאָל פון דער יידישער פאַרלאַמענט־פראַקציע — האָט די רעגירונג זיך געמוזט מיט איר רעכענען, ווייל ביי אָפשטימונגען האָט זי געקאָנט געבן איבערגעוויכט איינער אָדער דער צווייטער העלפט פאַרלאַמענט (אַלע דייטשע פראַקציעס אין רייכסראַט צוזאַמען מיט דער איטאַליענישער האָבן געהאַט 257 דעפוטאַטן, און אַלע סלאַווישע 255). דער קאָנסערוואַטיווער מיניסטער־פּרעזידענט בעק האָט זיך איינגעלאַדן דעם פאָרזיצער פון „יידישן קלוב" שטרויכער און אים פאַרזיכערט, אַז זיין באַציאונג צו יידן איז ליבעראַל.

גאָר אַן אנדער בילד איז געווען אין גאַליצישן סיים, וואו פאָליאַקן האָבן געבאַלעבאַטעוועט אַ דאַנק דער שטאַנדן־און צענזוס־וואַל־סיסטעם, וואָס איז דאָ פאַרבליבן. זייער קאמף מיט רוטענער, וועלכע זענען אין מזרח־גאַליציע געווען מיט זיי גלייך אין צאָל (אַן ערך צו דריי מיליאָן אין יעדן פאָלק), איז געווען זייער פאַרביטערט; איבערגעוויכט האָבן פאָליאַקן געהאַט אין סיים נאָר מיט הילף פון די יידישע דעפוטאַטן, וועלכע זיי האָבן טאַקע דאָ דורכגעפירט מיטן תנאי, זיי זאָלן שטיצן די פוילישע פאָליטיק אין קאַנט. די דאָזיקע „הויז־יודן" פון פאָליאַקן פלעגן אין זייער מה־יפית דערגיין צו העסלעכע מעשים. זיי האָבן פריינטלעך מיטגעאַרבעט מיט דער קלעריקאַל־שליאַכטישער „אַלפוילישער פאַרטיי" און מיט דער בייער שאָוויניסטישער פאַרטיי „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן", וואָס האָט אָפן געוויזן איר אַנ־

טיסעמיטיזם סיי אין גאַליציע, סיי אין רוסישן פּוילן, אָנפאַנג 1908 האָט די אַלפּוילישע פּאַרטיי אַרויסגעלאָזן אַן אויפרוף, וואָס אין אים איז געווען איינער אַזאַ פּונקט: „דורכגעדרונגען מיט דער איבערצייגונג, אַז אמתער פּראָגרעס איז מעגלעך נאָר ביי אַ פרידלעכער מיטאַרבעט פון אַלע קלאַסן באַפעלקערונג, וועלכע געהערט אין איר גרויסער מערהייט צום קאַטוילישן קלויסטער, אָנערקענען מיר, אַז דאָס גאַנצע עפנטלעכע לעבן פון דער באַפעלקערונג מוז גיין אין גייסט פון קריסטלעכער מאָראַל". אונטער דעם דאָזיקן אויפרוף זענען געווען אונטערגעשריבן, אויסער די ריטערס פון אַלפּוילישקייט און קאַטוילישקייט, אויך די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער און סיים-דעפּוטאַטן (לעווינשטיין, גאָלד, קאָלישער א. א.), וועלכע האָבן נישט געקאָנט נישט וויסן, ווי אַזוי די „קריסטלעכע מאָראַל" פון די פּוילישע פּריצים און גלחים רופט זיך אָפּ אויפן גורל פון די פּאַרוואָרלאָזטע, דערנידריקטע יידישע מאַסן אין גאַליציע.

צופרידן מיט די דאָזיקע אונטערטעניקע קנעכט פון זייער פּאָליטיק, פלעגן פּאָליאַקן דערפאַר זיך מיט גרויס צאָרן אַרויפוואַרפן אויף יענע יידן, וואָס האָבן געהאַט די העזה צו פירן אַן אייגענע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק. אין לעמבערג און אין קראָקע האָבן די נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטן פּונקט אַזוי הויך געשריען וועגן דעם, אַז קיין „דריטע נאַציע" אין גאַליציע איז נישט צו דערלאָזן, אַזוי ווי אין וואַרשע — אַז זיי וועלן נישט דולדן קיין „צווייטע נאַציע ביים ווייסל". די פאַנאַטיקער פון פּאָלאָניזם האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן קיין פּוילישע מלוכהשאַפט — אָן פּאָלאָניזירן פרעמדע פעלקער. אַזוי ווי רוטענישע פּויערן-מאַסן האָבן זיך נישט געלאָזט פאַרפּוילישן און האָבן אָפּט שאַרף רעאַגירט אויפן פּרעס פון דער סיים-שליאַכטע (די דערמאָרדונג פון גאַליצישן שטאַטהאַלטער גראַף פּאָטאָצקי אין 1908), איז דעריבער דער גאַנצער אַסימילאַטאָרן-אַפּעטיט פון פּאָליאַקן אָנגעווענדעט געוואָרן אויף יידן, וואָס אין דער מאַסע זענען זיי געווען עקאָנאָמיש דערשלאָגן און אין די אויבערשטע געזעלשאַפטלעכע עלעמענטן קולטורעל אָן שום פּרצוף. עס מוז דערביי באַטאָנט ווערן, אַז נישט נאָר קאָנסערוואַטיווע און נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, נאָר אויך פּוילישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן נישט צוגעלאָזט דעם געדאַנק וועגן אָנערקענען אַ יידישע נאַציאָנאַליטעט. די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן געפאָדערט אַזאַ אָנערקענונג, האָבן געמוזט אַרויסטרעטן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיטן שאַנד-שטעמפּל פון „אָפּטריניקע", „סעפּאַראַטיסטן". דער פירער פון די פּויליש-גאַליצישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, רייכסראַט-דעפּוטאַט דאַשינסקי, האָט נישט אָנערקענט נישט קיין יידישע נאַציע און איר שפּראַך, נישט איר רעכט אויף קולטור-אויטאָנאָמיע.

דערווייל אָבער איז די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אַלץ געוואָקסן. סטודענטן אין עסטרייכישע אוניווערזיטעטן פלעגן זיך ביים רעגיסטרירן פאַרשרייבן אַלס „יידן" לויט שפּראַך און נאַציאָנאַליטעט — להכעיס דעם אומגעלומפּערטן עסטרייכישן געזעץ, וואָס האָט געפירט אַ שטרייט קעגן דער געשיכטע. מ'פלעג זיי פאַרפאָלגן, אויסשליסן פון אוניווערזיטעט און פאָדערן, אַז זיי זאָלן זיך צושרייבן צו איינער פון די געזעצלעך אָנערקענטע נאַציעס, אָבער די „רעוואָלוציאָנערן" האָבן נישט נאָכגעגעבן. אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע האָט מען איינגעאָרדנט בעת דער פאָלקס-ציילונג, דעצעמבער 1910. הגם די רעגירונג האָט מתרה געווען, אַז די בירגער זענען מחויב צו שרייבן אין די צייל-ליסטעס נאָר איינע פון די אָנערקענטע „אומגאַנג-שפּראַכן", האָט זיך דאָך צווישן יידן פאַרשפּרייט דער רוף נישט צו גיין אויף דעם אָפיציעלן ליגן. ציוניסטן, פאָלקיסטן און סאָציאַליסטן האָבן אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען גערופן אַלעמען אַריינצוטראָגן אין די צייל-ליסטעס ביי דער שפּראַך-רובריק דאָס וואָרט „יידיש". אין אַ סך שטעט אין גאַליציע און בוקאָווינע האָבן די יידישע „ציילונגס-קאָמיטעטן" פאַרלייכטערט דער באַפעלקערונג די פּראָצעדור פון פאַרפילן די בויגנס. דער דערפאָלג איז געווען א היפשער: אין טשערנאָוויץ האָט דריי פערטל יידישע באַפעלקערונג אָנגעגעבן אַלס אומגאַנג-שפּראַך יידיש, אין דעם פאַרפּוילישטן קראָקע — אַ פערטל. אין גאַנץ גאַליציע מיט בוקאָווינע האָט אַן ערך א העלפט פון דער יידישער באַפעלקערונג פּראָקלאַמירט איר אייגענע פאָלקס-שפּראַך — מיט אַ דעמאָנסטראַטיוון צוועק, — ווייל מ'האָט געוואוסט, אַז די עסטרייכישע מאַכט וועט דאָס נישט נעמען אין אַכט, און דאָס געריכט קאָן אפילו באַשטראָפן פאַר אַזאַ האַנדלונג. אַ סך זענען טאַקע באמת שטראַפירט געוואָרן; אַנדערע זענען נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון און פאַרביטן אין די פראַגע-בויגנס די יידישע שפּראַך — מיט פּוילישער. אַזוי האָט מען געמאַכט נאַציאָנאַלע סטאַטיסטיק אין דער „נאַציאָנאַליטעטן-מלוכה".

אין 1909 האָט דער בוקאָווינער לאַנדטאַג באַטראַכט אַ פּראָיעקט פון אַ נייעם וואַל-געזעץ פאַר דעם קאַנט; די 100 טויזנט יידן האָבן דאָ פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט לעבן די פיר אָנערקענטע נאַציעס: דייטשן, רומענער, רוטענער און פּאָליאַקן. ביים באַטראַכטן די פראַגע וועגן נאַציאָנאַלע קוריעס האָט דער לאַנדטאַג זיך ארויסגעזאָגט פאַר געבן יידן אַ באַזונדערע קוריע. די עסטרייכישע רעגירונג, וועלכע האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די אייביקע נאַציאָנאַלע קאַמפן, וואָלט אפשר איינגעגאַנגען אויף אַזאַ באַשלוס, אַלס אויסנאַם פון די אַלגעמיינע כללים — פאַר דעם דאָזיקן קליינעם ראַנד-געביט, — ווען יידן אַליין וואָלטן זיך איינשטימיק איינגעשטעלט פאַר דעם; אָבער דאָ האָבן זיך ווידער אַריינגעמישט די איינפלוסרייכע אַסימילאַטאָרס, צווי רייכסראַט-דעפּוטאַטן — קוראַנדא פון דער פראַקציע דייטשע פּראָגרע-

סיסטן און לעווינשטיין פון פוילישן קאָלאָ — האָבן געבעטן דעם מיניסטער־
פּרעזידענט בינערט, אַז די רעגירונג זאָל נישט באַשטעטיקן דעם לאַנדטאַגס
באַשלוס, ווייל „ער באַגרענעצט דעם יידנס פרייהייט אין אויסוויילן זיך א
נאַציאָנאַליטעט". די דאָזיקע צוויי דעפּוטאַטן האָבן נישט אומזיסט פּאַרטיי־
דיקט די פרייהייט צו האַנדלען מיט נאַציאָנאַליטעט: אַ דאַנק דעם זענען
זיי דאָך טאַקע אַריין אין רייכסראַט — איינער אַלס דייטש, דער צווייטער —
אַלס פּאָליאַק. די פאָרשטייער פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי האָבן
זיך משתדל געווען, אַז דער בוקאָווינער באַשלוס זאָל באַשטעטיקט ווערן,
אָבער זיי האָבן געמוזט אויסהערן פון מיניסטער די טענה, אַז וויבאַלד אַ
טייל יידן אָנערקענט נישט זייער נאַציאָנאַליטעט, קאָן אויך די רעגירונג זי
נישט אָנערקענען, בפרט ווען דער „זשאַרגאָן" איז אָפיציעל נישט צוגערעכנט
צו די אומגאַנג־שפּראַכן. אַזוי איז דער באַשלוס פון לאַנדטאַג געבליבן אָן
שום רעזולטאַט. דאָך האָט די עסטרייכישע רעגירונג אין נאָענטסטן יאָר
דערלאָזן, אַז אין דער ניי־אַנעקסירטער טערקישער פּראָווינץ באָסניען־
הערצעגאָווינע זאָל יאָ אויסגעבילדעט ווערן אַ יידישע וואַל־קוריע. אין
באָסנישן לאַנדטאַג איז די פאַרטרעטערשאַפט באַשטימט געוואָרן לויטן רע־
ליגיעזן סימן: קאַטוילן, פּראַוואָסלאַווער, מאָהאַמעדאַנער און יידן האָבן גע־
קענט וויילן דעפּוטאַטן פּראָפּאָרציאָנעל צו זייער צאָל, און די 12 טויזנט
באָסנישע יידן האָבן געהאַט רעכט אויף צוויי ערטער אין לאַנדטאַג (איינע
פון זיי — פאַר אַ רב). דאָ, הייסט עס, איז צוהילף געקומען דער קאָנפעסיאָנעלער פּרינציפּ: ווי אַ רעליגיעזע גרופּע האָט מען יידן אָנערקענט, ווי
אַ נאַציע — אָפּגעוואָרפן.

דער קאַמף פון נאַציאָנאַליסטן און אסימילאַטאָרס ביי יידן האָט גע־
בראַכט צו אַ קאַטאַסטראָפע בעת די פּאַרלאַמענט־וואַלן אין 1911. אין דער
גאַליצישער שטאָט דראָהאָביטש האָבן בעת די וואַלן צום רייכסראַט קאָנקו־
רירט צוויי קאַנדידאַטן: אַ ציוניסט און דער דערמאָנטער שליח פון פּאָליאַקן
לעווינשטיין. געוואונען האָט דער לעצטער אַ דאַנק דער מיאוסער וואַל־
פאלסיפיקאַציע, וואָס פּוילישע אדמיניסטראַטאָרס זענען אין דעם געווען
גרויסע בריות: ציוניסטישע וויילער האָט מען אָפּט געטריבן פון די אור־
נעס, צוליב קליינִיקייטן געפּסלט זייערע וואַל־צעטלעך, — בעת פאַר לע־
ווינשטיינען האָט מען אָנגענומען אפילו פּיקטיווע וואַל־צעטלעך. די יידישע
נאַציאָנאַליסטן זענען געווען אויפגערעגט איבער דעם, און זיי האָבן שטור־
מיש אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט. א גרופּע פּראָטעסטאַנטן, דער עיקר
אַרבעטער, האָבן צעטראָגן לעווינשטיינס וואַל־ביוראָ, וואו עס האָבן געאַר־
בעט אַגענטן—וואַל־שווינדלער, און זיי האָבן זיך געלאָזט צו דער געביידע,
וואו מ'האָט אָפּגעגעבן די שטימען, כדי דאָרט אויפצודעקן די פעלשונגען.
אָבער אויפן וועג האָט זיי אָפּגעשטעלט פּאָליציי און מיליטער, וועלכע האָבן

אויפֿן באַפֿעל פֿון זייער הויפּטמאַן, אַ פּאָליאַק, אָנגעהויבן שיסן אינם המון. 20 מאַן זײַנען דערהרגעט געוואָרן, נאָך מער פֿאַרוואונדעט (19 יוני 1911). די ידיעה וועגן דער דאָזיקער רציחה האָט אויפֿגעטרייסלט די יידישע וועלט: אין קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַליטעט איז פֿאַרגאָסן געוואָרן ברידערלעך בלוט; איין ייד האָט באַשטראָפֿט דעם צווייטן דורך דער האַנט פֿון געשוואוירענעם פּאָלקס-שונא. אין רייכסראַט, ביים באַטראַכטן די אינטערפּעלאַציע וועגן דער קאַטאַסטראָפֿע, האָט זיך צעפֿלאַקערט אַ לאַנגע דעבאַטע; די פּאָליאַקן האָבן, פֿאַרשטענדלעך, די גאַנצע שולד אַרויפֿגעלייגט אויף די ציוניסטן און סאָציאַליסטן. עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס שטרענג אויסצופֿאָרשן די זאַך און די געליטענע משפּחות אַרויסצוגעבן אַנטשעדיקונג, אָבער די פּוילישע אַדמיניסטראַציע פֿונם געגנט האָט אַזוי געפֿירט די אויספֿאָרשונג, אַז קיינע פֿון זייערע וואַל-מאַכינאַציעס זאָל נישט אויפֿגעדעקט ווערן. ביי די בייע וואַלן האָט די יידישע נאַציאָנאַלע פּאַרטיי געליטן אַ מפּלה: פֿון איר איז אַדורך נאָר איין בוקאָווינער דעפּוטאַט שטרויכער, פֿון גאַליציע אָבער זײַנען אַ דורך לעווינשטיין און נאָך זעקס יידן — פּאָליאַקן, און אויך אייניקע סאָציאַליסטן (דיאַמאַנד א. א.), וואָס זײַנען געווען פּונקט אַזעלכע אַסימילאַטאָרס; פֿון די ליבעראַלן אין דייטשן עסטרייך זײַנען אויסגעוויילט געוואָרן די פֿריערדיקע אַסימילאַטאָרס פֿון דייטשן נוסח (קוראַנדא און אָפּנער). די ערשטע פּאַרלאַמענט-פֿראַקציע האָט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן. די איינציקע טרייסט פֿאַר יידן איז געווען, וואָס די „קריסטלעכע סאָציאַליסטן", ד. ה. אַנטיסעמיטן, האָבן אויך געליטן אַ גרויסע מפּלה: זיי האָבן בעת די וואַלן פֿאַרלוירן אַ סך ערטער אפֿילו אין זייער פֿעסטונג, אין ווין; אָבער זייער אָרט האָבן פֿאַרנומען דייטשע נאַציאָנאַליסטן, צווישן וועלכע די מערהייט איז געווען — אַנטיסעמיטן. די פּוילישע דעפּוטאַטן האָבן געמוזט איינהאַלטן זייער יידנהאַס אין מלוכה-פּאַרלאַמענט, כּדי נישט קאַליע צו מאַכן זייערע באַציאונגען מיט די יידישע מיטגלידער אין „קאָלאָ"; די זעלבע איינגעהאַלטנקייט אין וואָרט — איז אויך געווען זייער פּאָליטיק אין גאַליציש סיים, — אָבער אין ווירטשאַפֿטלעכן לעבן האָט די פּוילישע געגנט-אַדמיניסטראַציע ווייטער געפֿירט איר אַלטע טאַקטיק אַרויסצושטויסן יידן פֿון פֿאַרשידענע פּראָפֿעסיעס.

דער עקאָנאָמישער נאַציאָנאַליזם פֿון פּאָליאַקן איז נאָך אָבער ערגער געווען פֿונם פּאָליטישן. ער איז עס געווען די הויפּט-סיבה פֿון יענער יידיש-גאַליצישער אָרעמקייט, וואָס קיינד און קייט האָבן וועגן איר גערעדט. די גאַנצע געגנט איז באַדעקט געווען מיט אַ נעץ דאָרפֿישע געברויך-געזעלשאַפֿטן, וואָס פּוילישע פּאַטריאָטן האָבן געעפֿנט דער עיקר צוליב דעם, אַז ביים יידישן קליינהענדלער זאָל אָפּגענומען ווערן דער גרעסטער פּרנסה. דאָס מאָנאָפּאָליזירן די זאַלץ-גרובן און וויין-געשעפֿטן אין גאַליציע האָט אָפּ-

גענומען דעם ביסן ברויט ביי אַ סך טויזנטער יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך דערמיט געשפּייזט. נאָכדעם ווי די גאַליציִשע אַדמיניסטראַציע האָט אין איר רשות באַקומען דעם ווייןהאַנדל (1911), האָט זי קאָנצעסיעס אויף צוהאַלטן שענקען אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין דער ערשטער רייע פּאָליאַקן און זי האָט באַזייטיקט דערפון פיל יידישע פאַמיליעס, וואָס זענען שוין יאָרנלאַנג אַריינגעצויגן געוואָרן אין שענקעריי־פּרנסה דורך דעם אַלטן פּריציִשן רעזשים. פון 15 טויזנט אַמאָליקע יידישע שענקערס זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער דאָזיקער פּרנסה 8,000 משפּחה־שפּייזערס, און ביי 40,000 מאַן זענען געבליבן אָן ברויט. צוויי טויזנט פון די דאָזיקע פאַראָרעמטע זענען געקומען קיין ווין און דאָ געמאַכט אין די גאַסן אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע. די מיניסטאָרן האָבן צוגעזאָגט צו העלפן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַלטן קיין וואָרט; דער גאַליציִשער סיים האָט באַטראַכט די פראַגע, ווי אַזוי צו פאַרלייכטערן די יידישע נויט, און האָט צוליב דעם פונאַנדערגעשיקט אַן אַנקעטע, ער האָט אָבער נישט אַ טראַכט געטון וועגן דעם שורש פונם אומגליק — וועגן דעם נאַציאָנאַלן פּ״עס אין עקאָנאָמישן לעבן. איבּריקנס, אַ גרויסער שולד־חלק איז געפאַלן אויף יידן גופא. די מאַסן זענען קולטורעל געווען אָפּגעשטאַנען, האָבן זיך געקלאַמערט אין אַלטע פּרנסות און פּרימיטיווע מלאכות, אין די פאַרשלאָפענע חסידישע שטעטלעך האָט געפעלט אַלגעמיינע בילדונג און אונטערנעמערישקייט — און אַ דאַנק דעם האָבן זיך דורות קבצנים געמערט. די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס — ווינער „איזראַעליטישע אַליאַנס״, באַראָן־הירש־פאָנד און אַנדערע — האָבן ווייטער געטאָן זייער אַרבעט: זיי האָבן געגרינדעט אַלגעמיינע בילדונג־ און פאַך־שולן, געזעלשאַפטן פאַר קליינקרעדיט און הילף־ביוראָס פאַר עמיגראַנטען, — אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט באַזייטיקן דעם עלנט, וואָס האָט געשטאַמט פון דער עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט אין לאַנד און פון דעם עסטרייך־פּוילישן רעזשים.

אויסערלעך רואיקער האָט זיך אין דער צייט יידן געלעבט אין דער צווייטער העלפט מלוכה—אין א ו נ ג אַ ר ן, וואו זיי האָבן געוואוינט אין געדיכטע מאַסן (די צאָל יידן אין גאַליציע און אין אונגאַרן איז יענע תקופה געווען כמעט די זעלבע: צווישן 800 און 900 טויזנט אין יעדערער). אין בודאַפּעשט איז מען אַזוי באַשעפטיקט געווען מיטן קאַמף פאַר זיין אומאָפּהענגיק פון ווין און מיטן אינעווייניקסטן באַקעמפן דעם סעפּאַראַטיזם פון דער סלאַווישער באַפעלקערונג, אַז עס איז קיין צייט נישט געווען זיך צו פאַרנעמען מיט דער אַלטער יידנפראַגע. די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק וועגן אַ איינהייטלעכער מאַדיאַרישער מלוכה, האָבן זיך פעסט געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז יידן לאָזן זיך אַמבעסטן מאַדיאַריזירן, ובכן זענען זיי פּאָליטיש אַ סך כשרער איידער

כלאַוון אָדער רומענער. און באמת, אונגאַרישע יידן, טיילווייז אַסימילירטע, טיילווייז אָנגעשראָקענע אַ דאנק דעם אויסבראָך פון ווילדן אַנטיסעמיטיזם אין די 80-ער יאָרן פאָריקן יאָרהונדערט, האָבן דער רעגירונג נישט גע-שטעלט קיין שום נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. זיי האָבן זיך שטרענג געהאַלטן אין די גרענעצן פון אַ „רעליגיעזער גרופּע", און דאָס האָבן זיי דעמאָנ-סטרירט מיט שטענדיקע מחלוקות אויפן ריין-רעליגיעזן באָדן — אַ ירושה פון דער רעפאָרמאַציע-צייט. אין די יידישע קהילות אין אונגאַרן האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן יענע טיפע צעשפּאַלטונג צווישן אָרטאָדאָקסן און רעפאָר-מיסטן-„נעאָלאָגן", וועלכע האָט אין יעדן שטעטל צעטיילט די יידישע באַ-פעלקערונג אויף צוויי קהילות מיט באַזונדערע סינאַגאָגעס, כלי-קודש און באַזונדערע אינסטיטוציעס פאַר יעדערער. פריינט און פיינט האָבן אויפגע-וואָרפן אונגאַרער יידן, הלמאי זיי מאכן פון זיך צוויי פאַרשידענע קאָנפע-סיאָנעלע גרופּעס. באַזונדערס פאַרביסן זענען געווען די אָרטאָדאָקסן, זיי האָבן זיך געקלאַמערט אין אַלטפרענקישע מנהגים און מידות. אין צאָל האָבן זיי געהאַט גרויס איבערגעוויכט איבער זייערע קעגנער. אין 1906 איז די גרעסטע העלפט היפשערע קהילות און דריי פערט, פון די קלענערע באַשטאַנען פון אָרטאָדאָקסן. אַלטע פרומקייט האָט דאָ געשטעקט דער עיקר אין די פאַרוואָרפענע שטעטלעך, פונקט ווי אין רוסלאַנד און פוילן. ביי די אָרטאָדאָקסן איז די נאַציאָנאַלע אידעע דערטרונקען געוואָרן אין דער רע-ליגיעזער, ביי די נעאָלאָגן האָט איר אַרויסגעשטופּט די אַסימילאַציע. און עס איז דאָ דעריבער נישט געווען ווער עס זאָל פירן אַ קאַמף פאַר דער מלוכהשער אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציע. ביידע פאַרטייען האָבן נאָר פאַרלאַנגט קאָנפעסיאָנעלע אויטאָנאָמיע אין פאַרשידענעם פאַרנעם.

די אונגאַרישע רעגירונג האָט געפאָדערט, אַז אַ צוזאַמענפאָר פון פאַרטרעטער פון אַלע יידישע קהילות זאָל אויסאַרבעטן אַ פּראָיעקט, ווי אַזוי זיי זאָלן איינגעאָרדנט און זעלבסטפאַרוואַלטעט ווערן, אָבער ביידע קעמפנ-דיקע פאַרטייען האָבן זיך נישט געקאָנט צונויפרעדן. די נעאָלאָגן זענען גרייט געווען אויף אַ קאָמפּראָמיס, אָבער די אָרטאָדאָקסן האָבן נישט גע-וואָלט זיצן צוזאמען מיט אפּיקורסים. אָנפאַנג 1912 האָט זיך ענדלעך איינ-געגעבן צוזאַמענצוזעמען אין בודאַפּעשט אַ קאָנגרעס פון פאַרטרעטער פון ביידע פאַרטייען. אויפן קאָנגרעס האָבן זיך געלאָזט הערן פייערדיקע דרשות וועגן אחדות, וועגן באַשאַפן אַ צענטראַלע געמיינדע-אָרגאַניזאַציע אָדער איין „קאָנצעלאַריע" אָנשטאָט די צוויי — רעפאָרמיסטישע און אָרטאָדאָקסאַלע, וועלכע די רעגירונג האָט סאַנקציאָנירט אויף דער פאָדערונג פון די אָרטאָ-דאָקסן. מ'האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן דער „איינהייט און אומטייל-באַרקייט פון יידנטום" אין די גרענעצן פון אויטאָנאָמע קהילות. אָבער די אַלע גוטע ונכות זענען נישט מקוים געוואָרן. פון צוויי טויזנט קהילות זענען

אויפֿן קאָנגרעס פֿאַרטראָטן געווען נאָר 243, און פֿון דעם נאָר 26 אָרטאָדאָקסישע. ביי אַזאַ צוזאַמענשטעל פֿון קאָנגרעס האָבן די אָרטאָדאָקסן זיך נישט געקאָנט האַלטן געבונדן מיט זיינע באַשלוסן. איז צונויפֿגערופֿן געוואָרן אַ נייער צוזאַמענפֿאָר שוין אויסשליסלעך פֿון אָרטאָדאָקסן, און ער האָט דערקלערט די באַשלוסן פֿונעם פֿריערדיקן קאָנגרעס פֿאַר נישט-גילטיק: דאָרטן, הייסט עס, האָט די צופֿעליקע רעפֿאָרמיסטישע מערהייט אונטערן לאָזונג פֿון פֿאַרייניקונג געוואָלט דערדריקן די אָרטאָדאָקסיע. דעם געדאַנק וועגן אַ איינהייטלעכער אָרגאַניזאַציע האָט מען פֿאַרוואָרפֿן, און דער רעליגיעזער דואַליזם אין דער קהילה-אָרדנונג פֿון אונגאַרישע יידן איז פֿאַרבליבן אַזוי פֿעסט, ווי דער פּאָליטישער דואַליזם אין דער אַלגעמיינער סטרוקטור פֿון דער מלוכה.

אונגאַרישע יידן האָבן זייער גאַנצע ענערגיע געפּטרט אויף רעליגיעזע מחלוקות, און גאָר נישט באַמערקט די טרויעריקע שאָטנס פֿון אַנטיסעמיטיזם, וואָס פֿלעגן זיך נאָך באַווייזן אויפֿן האָריזאָנט. מיניסטאָרן-קאָנסערוואַטאָרס מיט היסטאָרישע נעמען, ווי אַ שטייגער גראַף אַפּאָניאי אָדער פּאָלאָניאַי, און די פּאַטריאָטישע „פּאַרטיי אומאָפּהענגיקע", וואָס האָט געהערשט אין פּאַרלאַמענט און איז געווען די הויפּט-שטיץ פֿון מאַדיאַריזירטע יידן, האָבן דאָך יידן נישט געקאָנט פֿאַרהיטן פֿון רעצידיוו אַנטיסעמיטיזם. גאַנץ אָפֿט האָבן זיך אין אונגאַרן פּראַקטיצירט פּרייסישע מעטאָדן. אַ יידישן לערער איז שווער געווען צו באַקומען אַ פּאָסטן אין אַ עלעמענטאַרשול, און אַ געלערנטן — אַ קאַטעדער אין אוניווערזיטעט. יידישע דעפּוטאַטן אין אונגאַרישן פּאַרלאַמענט האָבן פֿריער געמוזט דורכגיין דורכן פֿילטר פֿון דער אולטראַ-נאַציאָנאַלער פּאַרטיי אומאָפּהענגיקע. 10—15 אַזעלכע כשרע דעפּוטאַטן זענען זיך געזעסן שטיל אין פּאַרלאַמענט, און זיי האָבן אפֿילו נישט געהאַט די העזה אַ וואָרט אויסצורעדן וועגן אָנערקענען די יידישע נאַציע און איר נאַציאָנאַלע רעכט. זיי וואָלטן אַליין געפֿונען אַזעלכע פֿאָדערונגען פֿאַר אַ פֿאַרלעצונג פֿונעם אַלטן „האַנדלס-אָפּמאַך": אַסימילאַציע פֿאַר עמאַנסיפּאַציע, — און אין דעם פּרט האָבן זיי זיך ווייניק אונטערגעשיידט פֿון זייערע גאַליצישע חברים, די קליענטן פֿון די פּוילישע פּאַרטייען. ערשט דער ציוניזם, וואָס האָט זיך צוביסלעכווייז פֿאַרשפּרייט אין לאַנד, האָט אריינגעבראַכט נייע באַגריפֿן אין די ספֿערן פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס איז געווען מאַדיאַריזירט אָדער פֿאַרגליווערט אין אַלטן אָרטאָדאָקסיזם. ווי אומעטום, האָט אויך דאָ דער עלעמענטאַרער ציוניזם אויסגעטראָטן אַ וועג פֿאַר אַ מער קאָמפּליצירטער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע. אָבער די דאָזיקע באַוועגונג האָט נאָך נישט באַוויזן זיך צו פֿונאַנדערוויקלען, און עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה, וואָס אין איר אָנקום האָבן טאַקע עסטרייך-אונגאַרישע קריגערייען געהאַט נישט קיין קליינעם חלק.

## § 45. רוסלאַנד פאַר די זיבן יאָר שוואַרצער רעאַקציע (1914—1907)

מיטן יוני־אַקט פון 1907 (§ 42) האָט די באַפרייַ־באַוועגונג אין רוסלאַנד באַקומען איר לעצטן קלאַפּ. א דאַנק די ענדערונגען אין וואַל־געזעץ, איז די קאָנסטיטוציע געוואָרן א דינערין ביי דער זעלבסט־הערשונג. די מלוכה־דומע איז געווען באַזאָרגט מיט אַזאַ מערהייט, וואָס האָט געקאָנט דינען דער רעאַקציאָנערער רעגירונג אַלס אָנשפּאַר. די מאַכט אין לאַנד האָבן באַקומען יענע „שוואַרצע מאות״, וועלכע האָבן אין 1905 אנטקעגנגעשטעלט דער רעוואָלוציע אַנטי־יידישע פּאָגראָמען. די לעצט־מאָנאַרכיסטישע גרופּעס, פאַראייניקט אין אַ „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק״, זענען אָפן אַרויס מיטן לאָזונג צוריק אויפצושטעלן די אומבאַגרענעצטע צאַרישע זעלסטהערשונג און מבטל מאַכן די קאָנסטיטוציע. דער ראש וראשון אין פאַרבאַנד, דובראָווין, האָט געשיקט ניקאָלאַי II אַ באַגריסונג צוליב דער איבערקערעניש פון 3 יוני, און ער האָט באַקומען אַ תשובה פון קיסר, אַז פון היינט אָן וועט דער „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק״ זיין „די זיכערע שטיצע פון טרוין״. באמת אָבער איז דער „טרוין״ געוואָרן די שטיצע פונם שוואַרצן פאַרבאַנד צאַרישע מלאכי־חבלה, וואָס זייער דינסט האָט זיך גוט באַצאָלט מיט די „טונקעלע געלטער״ פון געהיימען פאָנד, וועלכער איז געווען אין קיסרס רשות פערזענלעך. העלדן פון גאַס, שעפער פון פּאָגראָמען — האָבן איצט געמאַכט פּאָליטיק אין דער רוסישער מלוכה. מ׳האָט געהאַלטן אין איין ליקווידירן די באַפרייַ־באַוועגונג. טאָג־טעגלעך זענען די שפּאַלטן פון צייטונגען געווען פול מיט ידיעות וועגן אַרעסטן פון פּאָליטיש־פאַרדעכטיקע פערזאָנען און טויט־אורטיילן איבער רעוואָלוציאָנערן. תליה און תפיסה — זענען געוואָרן די עמבלעמען פון דער מלוכה־מאכט. דאָס בילד פון טאָג־טעגלעכע טויט־שטראָפן משך צוויי יאָר כמעט (ביז 1909) האָט אַרויסגערופן ביים גרויסן זקן לעוו טאָלסטאָי אַ פאַרצווייפלטן געשריי פון האַרצן: „איך קאָן נישט שווייגן״, אָבער ניקאָלאַי II־ס רעגירונג האָט די הענקער־אַרבעט ווייטער פאָרגעזעצט.

אין דער זעלבער צייט, ווען יונגע בחורים און פרייליינס, וואָס זייער זינד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי מיטגעריסן, — און צווישן זיי פיל יידן, — האָט מען כסדר געפירט אויפן עשאַפאָט, — זענען די פאַרברעכער פון דער שוואַרצער מאה, די אָנטיילנעמער פון „פאַטריאָטישע״ פּאָגראָמען קעגן יידן אין 1905 און 1906 געבליבן אומבאַשטראָפט. דאָס רוב אַזעלכע העלדן זענען אַפילו נישט איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט: די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע האָט זיך פשוט געמיט צו פאַרווישן די שפורן פון איר אייגענעם אָנטייל ביים אָרגאַניזירן די פּאָגראָמען; אָבער אויך די, וואָס מ׳פלעגט אַוועקזעצן אויף דער שולדבאַנק און אָנקלאָגן פאַר מאָרד

און ראַבירונג, פלעגן דורך פאַרשריפטן פון פעטערבורג באַפרייט ווערן פון שטראָף. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט די אַרטיקע אָפּטיילונג פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק" שיקן אַ ביטבריף אויפן קיסרס נאָמען דורכן יוסטיץ־מיניסטער (שטשעגלאָוויטאָוו — א געוועזענער ליבעראַל, וואָס איז איצט געוואָרן מיט־גליד אין שוואַרצן פאַרבאַנד), אַז מ׳זאָל באַגנעדיקן די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די „פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס". און כמעט שטענדיק פלעגט זיך אַזאַ אַמנעסטיע באַקומען, — עס איז מסתמא געווען אַזאַ געהיימער אָפּמאַך צווישן דער צאַרישער רעגירונג און די פּאָגראָם־מאַכער פון 1905. דערפאַר אָבער די טיילנעמער פון דער יידישער זעלבסטשוץ קעגן פּאָגראָמען — האָט מען נישט געשאַנעוועט. אין אָדעס האָט דאָס קריגס־געריכט פאַרמשפּט אויף לאַנגיאָריקע קאַטאָרגע אַ גרופּע יידישע יונגעלייט פאַר באַטייליקן זיך אין זעלבסטשוץ אין די טעג פון אָקטאָבער־פּאָגראָמען — אָדער ווי עס האָט פאַרדרייט די פאָרמולע פונם געריכט — „פאַר באַטייליקן זיך אין אַ חברה, וואָס האָט זיך געשטעלט אַ ציל אראָפּצוּוואַרפן די עקזיסטירנדיקע אָרדנונג דורך באַוואָפנעטן דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט צום אָנפאַלן אויף פּאָליציי און מיליטער". דאָס אַפּעלירן צום הויפּט־געריכט האָט נישט געהאָלפן, און די קעגנער פון דער „עקזיסטירנדיקער" פּאָגראָמען־אָרדנונג האָבן געמוזט אַוועקגיין אויף קאַטאָרגע (אויג. 1907). אָט דער דאָזיקער בולטער ווידעראַנאַנד פון באַגנעדיקן פּאָגראָם־העלדן און פאַרמשפּטן פּאָגראָם־געליטענע — האָט דערגרייכט זיינס: עס איז געווען אַן אָנווייזונג פון אויבן פאַר די אַדמיניסטראַטאָרס און ריכטער.

אין לאַנד האָט מען גוט געוואוסט, אַז די איינפלוסרייכע מיטגלידער אין „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק" — דאָס איז די „צווייטע רעגירונג" ביי ניקאָלאַי II, אַ שטאַרקערע איידער די כלומרשט־קאָנסטיטוציאָנעלע רעגירונג סטאָליפּינס. און דערפאַר האָבן די יידנפיינטלעכע „פאַרבאַנד"־לייט געהאַט פרייע הענט. אין אָדעס האָבן באַנדעס כוליגאַנעס טאָג־טעגלעך געשלאָגן יידן אויף די גאַסן מיט גומענע שטעקנס, און ווען עמיצער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן — האָט מען געשאָסן פון רעוואָלווערן. ווען דער שטאָט־קאָמיסאַר גריגאָריעוו האָט געפּרובט איינצאָמען די שוואַרצע טעראָריסטן, האָט ער באַקומען דעמיסיע (אויגוסט 1907). מ׳האָט דערציילט, אַז ווען גריגאָריעוו איז געקומען קיין פעטערבורג מיט אַ באַריכט וועגן די געשעענישן אין אָדעס, איז דער קיסר אַרויסגעקומען צו דער אוידיענץ מיט אַ צייכן פון „פאַרבאַנד רוסישן פאָלק" אויף דער ברוסט, און דעם רעגירונגס־קאָמיסאַר איז קלאָר געוואָרן, אַז דער קיסר סאָלידאַריזירט זיך מיט די אָדעסער „העלדן". דער פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין, וועלכער האָט געוואָלט איינהיטן כאָטש אַ שיין קאָנסטיטוציע, האָט זיך געמוזט רעכענען מיט די דאָזיקע שטימונגען פון ניקאָלאַי II און דער נישט־אָפיציעלער רעגירונג, כדי איינ־

צוהאַלטן זיין מיניסטאָרן־פּאָרטפעל. אויף דער פאָדערונג פון די „פאַרבאַנד״־
לייט אין קיעוו, האָט סטאָליפּין באַפוילן אויסצושליסן פון אָרטיקן פּאָליטעכ־
ניקום הונדערט סטודענטן יידן און זיי פאַרבייטן מיט רוסישע אַספּיראַנטן,
וואָס האָבן נישט אויסגעהאַלטן דעם קאָנקורס־עקזאמען. דער דירעקטאָר און
די פאַקולטעטן־דעקאַנען האָבן פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ מיאוסער אַריינמישונג
אין דער אַקאַדעמישער אויטאָנאָמיע, אָבער דער דאָזיקער פּראָטעסט האָט
באָר געבראַכט צו זייער דעמיסיע (סעפּט. 1907). אין דער זעלבער צייט
האָט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום צוריק איינגעשטעלט די פּראָצענט־נאָרמע
ביים אויפנעמען יידן אין הויך־שולן, וואָס זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די
רעוואָלוציע האָבן די אויטאָנאָמע אַקאַדעמישע ראַטן זי מער נישט אָנגע־
ווענדעט. — דער סענאַט האָט דערקלערט פאַר „אומלעגאַל״ די ציוניסטישע
אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט שוין פיל יאָרן עקזיסטירט, און דערמיט געעפנט
אַ וועג פאַר פּאָליציי־רעפּרעסיעס קעגן ציוניסטן.

אָט ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָבן עס האַרבסט 1907 געדאַרפט זיין
וואַלן צו דער דריטער מלוכה־דומע. דער נייער וואַל־געזעץ האָט פאַרמאַכט
דעם וועג אַהין — די פּראָגרעסיווערע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן, און
דורך פּאָליציי־טעראָר האָט די רעגירונג באַזייטיקט פון די וואַלן פיל אָפּאָ־
זיציאָנעלע קאַנדידאַטן. צוליב דעם, וואָס די וויילער־גרופּעס זענען ווילקיר־
לעך פאַרטיילט געוואָרן לויט שטאַנדן, זענען די שאַנסן פון די יידישע
קאַנדידאַטן נעווען בישטיקע. אין דומע זענען אַריין באָר צוויי דעפּוטאַטן —
יידן — פון קאָוונער און קורלענדער גובערניעס (פרידמאַן און ניסעלאָ־
וויטש), — ביז אהער אומבאַקאַנטע צווישן די געזעלשאַפטלעכע טוער. נאָ־
וועמבער 1907 איז זיך די דריטע דומע צונויפגעקומען. באַלד האָט זיך דאָ
אויסגעבילדעט אַ רעכטע מערהייט: דער קאָנסערוואַטיווער צענטר — די
פּאַרטיי „אָקטאָבריסטן״ — איז געוואָרן מחותן מיטן רעכטן פליגל — נאַ־
ציאָנאַליסטן און „פאַרבאַנד״־לייט. אין דער יידנפראַגע האָט די דאָזיקע
רעכטע מערהייט געאַרבעט אין פולער אחדות קעגן דער קליינער גרופּע
אָפּאָזיציע — די פּאַרטיי „קאַדעטן״ (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן), טרו־
דאָוויקעס און אַ הייפל סאָציאַליסטן. איר באַציאונג צו דער יידנפראַגע האָט
די רעאַקציאָנערע דומע אַרויסגעוויזן שוין אין די ערשטע סעסיעס, ביים באַ־
טראַכטן דעם געזעצפּראָיעקט וועגן אומבאַרירלעכקייט פון פּערזאָן. אויף דער
פאָדערונג פון דער אָפּאָזיציע איז באַוועגונג־פרייהייט אָנערקענט געוואָרן
פאַר איינע פון די תּנאים אין דער אומבאַרירלעכקייט פון פּערזאָן, אָבער
דער רעכטער מערהייט האָט זיך איינגעגעבן אַריינצושטעלן אין געזעצפּראָ־
יעקט אַזאַ פּאָרבאַהאַלט: „קיינער קאָן נישט באַגרענעצט ווערן אין זיין רעכט
אויסצוויילן זיך אַ וואוינאָרט אָדער זיך צו באַוועגן, מיטן אויסנאַם פון
יענע פאַלן, וואָס זענען אָנגעוויזן אין געזעץ, און — יידן, וואָס זענען גע־

קומען אין די ערטער אויסערן תחום" (1908). דאָ איז געווען אַ בייזע כּוונה צו פּאַרפּעסטיקן דעם תּחום־אינסטיטוט, ד. ה. אויפן גאַנצן לעבן פּאַרשפּאַרן מיליאָנען מענטשן אין אַ באַשטימטן ראיאָן, אַלס אויסנאַם פונם אַלגעמיינעם כּלל וועגן באַוועגונגס־פרייהייט. די דומע־אַנטיסעמיטן האָבן אַזוי געטריי געהיט דעם דאָזיקן אינסטיטוט, אַז זיי האָבן אפילו דעם הויפּט פון דער רעגירונג באַשולדיקט אין נישט גענוג אַכט־געבן אויף אים. די מעשה איז, וואָס אין מאַי 1907, קורץ פאַר דער איבערקערעניש, האָט סטאָליפּין צירקולאַריש פאַרגעשריבן די גובערגאַטאָרס, מ'זאָל נישט אַרויסשיקן פון די אינעווייניקסטע גובערניעס יענע יידן, וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט ביז אויגוסט 1906, וואָס "באַזיצן אַ פאַמיליע און הויזהאַלטונג, מ'האַלט זיי אומשעדלעך פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג און זיי רופן נישט אַרויס קיין אומצופרידנקייט מצד דער באַפעלקערונג". אַזוי ווי צוליב דעם צירקולאַר האָבן עטלעכע טויזנט יידישע פאַמיליעס געזאָלט נישט אַרויסגעטריבן ווערן פאַר "אומגעזעצלעך וואוינען אויסערן תּחום", האָט די רעכטע דומע־פראַקציע געשטעלט אַ אָנפרעג: אויף וואָס פאַר אַ סמך האָט די רעגירונג איינגעשטעלט אַזאַ פריווילעגיע פאַר יידן? דאָס האָט געווירקט, און די רעגירונג האָט געגעבן אַ נייעם באַפעל, אַ דאַנק וועלכן די פריווילעגיע איז פאַקטיש אָפּגעשאַפט געוואָרן. אין דער זעלבער סעסיע 1908 האָט די דומע אָפּגעוואָרפן דער אָפּאָזיציעס פאָרשלאַג, אַז מ'זאָל קראַנקע יידן דערלויבן צו באַזוכן קור־ערטער אויסערן תּחום.

פיינלעך זענען געווען נישט נאָר די דאָזיקע רעכטלעכע באַגרענעצונגען, נאָר אויך דאָס חוזק־טרייבן איבער יידן, וואָס דער רעכטער דומע־פליגל פלעגן זיך דערלויבן ביים באַטראַכטן די יידנפראַגע. אונטער דער אָנפירונג פון בעסאַראַבער דעפּוטאַט פורישקעוויטש און קורסקער — מאַרקאָוו, האָבן די שוואַרצע מאַהניקעס מיט חוצפּה געטריבן חוזק פון דער טריבונע איבער יידן, ווי אויך, איבעריקנס, איבער אַלע פרינציפּן פון פרייהייט, גלייכהייט און מענטשלעכקייט ("קלעקשפּיי־הומאַניזם" — לויט מאַרקאָווס אויסדרוק). די זידלווערטער "זשיד" און "זשידיש" — האָבן זיך כּסדר געלאָזט הערן פון די רעכטע בענק. אין יעדן געזעצפּראָיעקט האָט מען אַריינגעשטעלט אויסבעסערונגען, כּדי יידן צו באַגרענעצן אָדער באַליידיקן. דעם קריגסמיניסטער האָט מען פאָרגעלייגט, ער זאָל טאָן אַלץ, כּדי אויסצושליסן יידן פון דער אַרמיי — אַלס אַ שעדלעכן עלעמענט, אַ נישט־זיכערן אין פאַל פון מלחמה, אַז ער זאָל יידן נישט אָננעמען אַלס סטודענטן אין דער קריגסמעדיציניש ער אַקאַדעמיע — צוליב דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע פון יידישע דאָקטוירים אין דער אַרמיי בעתן יאַפּאַנישן קריג. די אָקטאָבריסטן האָבן געפאָדערט, מ'זאָל יידן נישט צולאָזן פאַר קיין פרידנס־ריכטער, וויילן אַזוינס איז קעגן די יסודות פון אַ "קריסטלעכער מלוכה" (1909). אַ

דעפּוטאַט פון דער אָפּאָזיציע, קאַראַאולאָוו, האָט דערויף אויסגעשריגן: „וואו עס פעלט גלייכהייט, וואו עס זענען דאָ פעלקער=פאַריער, דאָרט איז נישטאָ קיין קאָנסטיטוציאָנעלער רעזשים!". האָט מען אים פון די רעכטע בענק געענטפערט: „דאַנקען גאָט, מען דאַרף עס נישט". מיט דעם זעלבן ציניש געלעכטער האָבן די לאָקאַיען פון דעספּאָטיזם באַגעגנט דעם דעפּוטאַט ראָדיטשעווס התראה: „אָן דעם פאַרניכטן יידישע באַגרענעצונגען איז נישטאָ קיין צוגאַנג צום טעמפּל פון פרייהייט". וואָרום די שווארץ=מאהניקעס האָבן דאָך דעם אַריינגאַנג אין פרייהייט=טעמפּל אָקאָרשט פארשטעלט נישט נאָר מיט פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס, נאָר מיט בערג פון יידישע טויטע קערפּערס. די צוויי יידישע דעפּוטאַטן אין דומע האָבן אַלע כוחות אָנגעווענדט, מען זאָל זיי אויסהערן: די שוואַרצע פלעגן זייערע רעדעס איבעררייסן מיט באַליידיגנדיקע אויסרופן. אין 1910 האָט זיך דעם דעפּוטאַט ניסעלאָוויטש איינגעגעבן צענויפצונעמען 166 חתימות פון דעפּוטאַטן אונטער אַ געזעץ=פאָרשלאַג וועגן אָפּשאַפן דעם תחום; ער האָט אים אַריינגעטראָגן אין דומע, אָבעם אויסער פּרוכטלאָזע דעבאַטן האָט דאָס גאָרנישט געבראַכט. מ'האָט דעם פּראָיעקט צו פאַרלייכטערן יידישע רעכטלאָזיקייט איבערגעגעבן אין אַ קאָמיסיע, און דאָרט איז ער באַגראָבן געוואָרן.

אונטערגעשטויסן דורך דער רעאַקציאָנערער דומע, איז די רעגירונג געגאַנגען אַלץ ווייטער אויפן וועג פון רעפּרעסיעס. דער פּרעמיער סטאָליפּין האָט זיך אַלץ מער געדרוקט אויף רעכטס און גאָר פארגעסן דעם צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבן אין 1906, אַז עס וועלן באַזייטיקט ווערן „די אָפּן אָפּגעלעבטע באַגרענצונגען, וואָס פאַרשפּרייטן פאַרביטערונג". ער אַליין און זיינע קאַבינעט־גלידער האָבן זיך סיסטעמאטיש פאַרנומען מיט פאַרביטערן די יידן. דעפּוטאַט פרידמאַן האָט מיט פולער רעכט געמאָלדן אין דומע (פעבר. 1910), אַז „אַפילו אין די שווערסטע צייטן, וואָס יידן האָבן איבערגעלעבט בעת פלעוועס מיניסטעריום, זענען נישט געווען אַזעלכע גרויזאַמקייטן, ווי עס פּראַקטיצירן זיך היינט". דאָס מאַסן=ארויסשיקן יידן פון פאַרווערטע שטעט און דערפער האָט איצט אָנגענומען אַ מגפה=כאַראַקטער. פרילינג 1910 האָט מען באַשלאָסן צו ב'יענגען דעם גאָט פון יידנהאַס אַ גאַנצע העקאַטאָמבע קרבנות: ארויסשיקן פון קיעוו 1200 יידישע פאַמיליעס. געטריבן האָט מען אָן שום רחמים: קליינע קינדער, קראַנקע, זקנים. די דאָזיקע רציחות האָבן אין אייראָפּע אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג, און דאָס האָט געצוואונגען די רעגירונג אָפּצושטעלן די ארויסשיקונגען. מיט שלאָגן יידישע שילער האָט זיך באַשעפטיקט דער בילדונגס=מיניסטער, וועלכער האָט געטראָגן אַ סימבאָלישן פאַר יענער תקופה שוואַרצער רעאַקציע נאָמען — שוואַרץ. די שול=„נאָרמע", וועלכע האָט עקזיסטירט ביז דער רעוואָלוציע, האָט ער באַנייט מיט אַ „געזעץ", באַשטעטיקט דורכן קיסר — אויסמיידנדיק די גע=

זעצגעבערישע אַנשטאַלטן (סעפּטעמבער 1908). ווידער האָבן יידן זיך געקאָנט לערנען אין הויך־שולן בלויז אין דער צאָל 3 פּראָצ. אין די קרוין־שטעט, 5 פּראָצ. אין פּראָווינץ אויסערן תּחום און 10 פּראָצ. אין תּחום. אַזוי ווי אָבער משך די יאָרן פון באַפריי־באַוועגונג האָט זיך די יידישע יוגנט אַריינ־געכאַפּט אין די הויכשולן העכער פאַר דער נאָרמע, איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינפירן זי צוביסלעכווייז אין די נאָרמע־גרענעצן, און אין אַ סך לערן־אַנשטאַלטן האָט מען צייטווייליק אינגאַנצן אויפגעהערט אויפצונעמען יידן צוליב דעם, ווייל די „נאָרמע איז פאַרפולט". און ווידער האָבן זיך שורות מאַרטירער פון וויסנשאפט אַ לאָז געטון קיין מערב, כּדי דאָרט צו שעפּן תּורה און רעוואָלוציאָנערע געני־טקייט אויף צו באַקעמפן דעם רעזשים, וואָס האָט ביי זיי אָפּגענומען רעכט אויף בילדונג. די פּראָצענטנאָרמע איז פאַר־פעסטיקט געוואָרן אויך פאַר דער מיטל־שול (פון 5 ביז 15 פּראָצ.). די פרעהס פון בילדונג זענען נאָך ווייטער אוועק, און אין מערץ 1911 איז אויף אַ באַפעל פון קיסר די נאָרמע פאַרשפּרייט געוואָרן אויך אויף יידן־עקסטערנעס: פון היינט אָן זאָל מען זיי צולאָזן צו עקזאַמענעס אויף באַקו־מען אַ גימנאַזיע־צייגניש — נאָר אין די ראַמען פון עטלעכע פּראָצענט לגבי דער צאָל עקסטערנעס — קריסטן. פאַקטיש האָט דאָס געהייסן — אינגאַנצן אָפּשאַפן דעם אינסטיטוט יידישע עקסטערנעס, וואָס איז געווען אַ קאָמבי־נאַציע פון הויז־בילדונג מיט גימנאַזיע־עקזאַמענס, וואָרום די צאָל עקסטער־נעס־קריסטן איז געווען זייער קליין: זיי האָבן דאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך צו לערנען אין שולן. דעם דאָזיקן געזעץ האָט מען אויך אַרויסגעגעבן אָן דער דומע, בעת אַ קורצן איבעררייס אין איר סעסיע. מ'האָט אַריינגע־טראָגן שפּעטער אין דומע אַ דרינגלעכן אָנפרעג מכּח דעם דאָזיקן גנבישן אופן אַדורכצופירן אַ „געזעץ" — האָט מען דעם אָנפרעג אָפּגעוואָרפן.

לויטן באַקאַנטן פּסיכאָלאָגישן געזעץ, איז דער צאָרן פון די פאַר־פאָלגער געוואַקסן אַלץ מער מיט די פאַרפאָלגונגען. אין 1911 איז די רע־אַקציע דערגאַנגען צום העכסטן פונקט, און אינאיינעם מיט איר — אויך די פאַרביטערונג קעגן יידן. פריליגג דעם זעלבן יאָר האָבן די שוואַרץ־מאַהניקעס אין מלוכה־דומע און אין די פּראָווינציעלע אָפּטיילונגען פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק" באַשלאָסן צו באַשאַפן אַ מאָנסטרעזן עלילת־דם — „בייליסעס פּראָצעס". די געלעגנהייט איז געווען אַזאַ: אין קיעוו איז דערהרגעט געוואָרן אַ רוסיש יינגל יושטשינסקי, פון אַ משפּחה, וואָס האָט זיך גערעכנט צווישן די גנבים־באַנדעס; דעם טויטן קערפּער האָט מען געפונען לעבן אַ יידישער פאַבריק, — דאָס איז געווען גענוג, אַז די יידנפיינט זאָלן דורך דער דומע אויפהויבן אַ ויצעקו איבערן גאַנצן לאַנד, אַז יידן האָבן אויסגעפירט אַ ריי־טועלן מאָרד. אַ חשד האָט מען געוואָרפן אויפן ייד בייליס, וואָס האָט געדינט אויף דער פאַבריק, וואו דער טויטער קערפּער איז געווען אונטערגעוואָרפן.

לכתּחילה האָט זיך דאָך די רעגירונג געקווענקלט, ווי אַזוי צו קוואַליפיצירן דעם „רעטעניש־פול״ קיעווער פאַרברעך, וואָס איז געשען אין אַ גנבים־נעסט — אָבער אַ געוויסע פּאָליטישע געשעעניש האָט די רעגירונג אַרויסגעפירט פון פאַרלעגנהייט. אין סעפּטעמבער 1911 איז אין קיעווער טעאַטער, — אין אָנוועזנהייט פונם קיסר און מיניסטאָרן, וואָס זענען געקומען קיין קיעוו צו אַ רעליגיעזער פייערונג, — שווער פאַרוואונדעט געוואָרן דער פּרעמיער סטאָליפּין. געשאָסן האָט עס אַ זון פון אַן אַדוואָקאַט און אייניקל פון באַקאַנטן יידישן שרייבער, דמיטרי באָגראָוו, אַ יונגערמאַן, וואָס איז איין צייט געווען אַן אַנאַרכיסט און צוליב רעוואָלוציאָנערע צילן איז ער אָנגעקומען אין פּאָליציי אויף אַן אמת. דאָס איז געווען גענוג אויף אַרויסצורופן אַ פּאַראָקסיזם פון צאָרן קעגן אַלע יידן ביי די רעאַקציאָנערן, וועלכע האָבן אין סטאָליפּינען פאַרלוירן אַ שטאַרקן פּראָטעזשירער. אין קיעוו האָט זיך אָפן געגרייט אַ שחיטה אויף יידן, אָבער די רעגירונג האָט געפונען, אַז ס'איז נישט באַקוועם פאַר אַ פאַרברעך פון אַ יחיד צו דערלאָזן אַזאַ מאַסן־הריגה אין די פייערלעכע טעג פונם קיסרס זיין אין קיעוו. סטאָליפּינס פאַרטרעטער, קאָקאָווצעוו, האָט באַפוילן נישט צו דערלאָזן קיין עקסצעסן. איז טאַקע צו קיין בלוטיקן גאַסן־פּאָגראָם נישט געקומען, אָבער אָנשטאָט דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ צוויי־יאָריקער געריכטלעכער פּאָגראָם אויפן באַזיס פונם בלוט־בלבול.

דער יוסטיץ־מיניסטער שטשעגלאָוויטאָוו האָט באַשלאָסן צוצוגעבן דער בייליס־אַפערע אַ בולטן ריטועלן כאַראַקטער, פאַרוואַנדלען עס אין אַ פּראָצעס קעגן יידנטום. אַזוי ווי די אויספאָרשונג האָט שוין לכתּחילה נישט געגעבן קיינע סימנים פון בייליסעס שייכות צום פינסטערן פאַרברעך פון דער באַנדע גנבים, האָט דער יוסטיץ־מיניסטער באַשטימט אַ נייע אויסעראָרדענטלעכע אויספאָרשונג; דערנאָך האָט ער צוגעשיקט אין קיעוו זיינע אַגענטן און געטויטשט דעם פּראָקוראַטור־באַשטאַנד, ביז ער האָט זיך נישט דערשלאָגן אַ באַשולדיק־אַקט אין געוואונטשטן גייסט. דעם ענין האָט מען איצט פאָרגעשטעלט ווי אַ ריטועלן פאַרברעך, וואָס דער ייד בייליס האָט אויסגעפירט מיט דער הילף פון „נישטאַנטדעקטע פאַרשוינען״. צוויי יאָר האָט זיך אויפן גרונט פון בייליסעס פּראָצעס געפירט אַ פאַרביסענע אַנטי־סעמיטישע אַגיטאַציע אין דער געזעלשאַפט, אויפן גאַס, אין פּרעסע און אין מלוכה־דומע. דער ווילנער דומע־דעפּוטאַט, געוועזענער פּראָקוראָר זאַמיסלאָווסקי, איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און געפירט אַן אָפענע אַגיטאַציע קעגן „די מערדער פון יושטשינסקי און אַנדערע רוסישע קינדער״. אין דער גאָרער וועלט האָט דער פּראָצעס אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג, ווייל אומעטום האָט מען געוואוסט, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן בלוט, וואָס יידן האָבן כּלומרשט פאַרגאָסן, נאָר וועגן אַ פאָרשטייענדיקער בלוטיקער

אָפּרעכענונג מיט יידן. הונדערטער קריסטלעכע טעאָלאָגן און געלערנטע אין אייראָפּע און אַמעריקע האָבן פּאַרעפנטלעכט פּראָטעסט־דעקלאַראַציעס קעגן בלוט־בלבול; אַלץ, וואָס איז געווען אין דער רוסישער געזעלשאַפט מיט יושר און שכל הישר, האָט זיך אָפּגעקערט פון דער אנטיסעמיטישער כנופיא, — אָבער די וואָס האָבן איינגעאָרדנט די געריכטלעכע שוישפּיל, זענען ווייניק נתפעל געוואָרן פון דער קריטיק און געווען זיכער, אַז דעם געהעריקן עפעקט וועלן זיי דערגרייכן. די געריכטספאַרהאַנדלונג אין קיעוו, אָקטאָבער 1913, האָט געדאַרפט קרוינען מיט דערפאָלג די באַמיונגען פון יוסטיץ־מיניסטער און שוואַרצער מאה, אָבער די האָפנונגען זענען נישט מקוים געוואָרן. הגם דער צוזאמענשטעל פון געריכט איז געווען ספּעציעל צוגעקליבן און איז באשטאנען פון אַנטיסעמיטן קרוינריכטער און פון געשוואוירענע — פינסטערע פּויערים און בירגער, וואָס זענען קאַפּאַבל צו גלויבן אין דער ריטועלער לעגענדע — דאָך האָט דאָס געריכט די יידנס שולד אָפּגעוואָרפן און ביילִיסן האָט מען פרייגעשפּראָכן.1) די רעגירונג איז געווען אויפגעבראַכט איבער איר מפלה און האָט זיך נוקם געווען אין אַלע געזעלשאַפטלעכע און ליטע־ראַרישע טוער, וואָס האָבן מיט זייער אַגיטאַציע קעגן דעם העסלעכן בלבול אַרויסגעריסן דעם קרבן ביי די שוואַרצמאַהניקעס פון די הענט. מ׳האָט פאַרפירט געריכטס־פּראָצעסן קעגן רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פון צייַ־טונגען, אויך קעגן דעם פּעטערבורגער ראַט פון געשוואוירענע אַדוואָקאַטן, וועלכער האָט אַרויסגעטראָגן א פּראָטעסט־רעזאָלוציע, וואָס איז אומדירעקט געווען געריכטעט קעגן דער חרפּהדיקער ראָלע פון יוסטיץ־מיניסטער אין ענין ביילִיס. דער סענסאַציאָנעלער „פּראָצעס פון אַדוואָקאַטן" איז געקומען אין יוני 1914, א חודש פאַרן אָנפאַנג פון קריג; געענדיקט האָט ער זיך מיט פאַרמשפּטן 25 אָנגעזעענע רוסישע און יידישע אַדוואָקאַטן פאַר „העצן קעגן דער רעגירונג".

די יאָרן פאַרן גרויסן אייראָפּעישן קריג איז אויסגעוואַקסן א דראָנגע־דיקע געפאַר פאַרן יידנטום אויך אין רוסישן פּוילן, אין אַזוי גערופענעם קעניגרייך פּוילן. אין דער נייעסטער געשיכטע איז נישט געווען נאָך אַ ביישפּיל פון אזאַ נאַציאָנאַל־רעליגיעזן פאַנאַטיזם ווי ביי די פּאָליאַקן; אויפגעהאָדעוועט האָט אים דער רוסישער פּרעס און דער קעמפנדיקער קא־טוילִיציזם, און אַלס אָביעקט האָט ער זיך אויסגעקליבן דאָס יידישע פאָלק. יידן האָבן זיך אין קעניגרייך פּוילן שטאַרק פאַרמערט — צוליב דעם וואָס אין די אינדוסטריע־צענטרען פון קאַנט, אין וואַרשע און לאָדזש, זענען כסדר צוגעקומען ליטווישע יידן („ליטוואַקעס"); די עקאָנאָמישע טעטיקייט פון די יידן איז געווען גרויס, זיי האָבן אין זייערע הענט געהאַלטן די הויפּט־גע־

1) געהאָלפן דערביי האָט די אָרגאַניזאַציע פון די בעסטע אדוואָקאַטור־כחות און וויסנ־שאַפטלעכער עקספּערטיזע (דער באַקאַנטער פאַרטיידיקער פון בלאָנדעסן, אָ. גרוזענבערג, מאָסקווער ראַבינער י. מאַזע א. אַ.).

ביטן פון פאַבריק־אינדוסטריע און האנדל, — און דאָס אַלץ האָט זייער באַ־אומרויקט די פּוילישע פּאַטריאָטן. זיי האָט זיך געוואָלט צעברעכן די ווירטשאַפטלעכע און קולטורעלע קראַפט פון יידן אין דעם געגנט, פּונקט ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין גאַליציע; זיי האָבן געוואָלט אַריינגעמען אין יאָך די דאָזיקע כמעט צוויי־מיליאָניקע באַפעלקערונג, וואָס האָט די חוצפּה — אויסער א קליינעם הייפל „פּאָליאַקן פון משה רבינוס גלויבן“ אין דער העכערער געזעלשאַפט — זיך צוצורעכענען צו דער יידישער נאַציע און פאָדערן פאַר זיך נאַציאָנאַלע רעכט. קעגן די „ליטוואַקעס“ האָט מען ארויסגעשטעלט צוויי־ערליי טענות: אז זיי רוסיפיצירן פּוילן, רעדן רוסיש אויף די וואַרשעווער און לאָדזשער גאַסן, און פון דער אַנדערער זייט — אַז זיי באַשאַפן דאָ א „צווייט יהודה־לאַנד“ — טרעטן אַרויס ווי א געשלאָסענע נאַציע, האָבן זייערע אייגענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, אייגענע פּרעסע אין צוויי יידישע שפּראכן און ווילן זיך גאָרנישט אַסימילירן מיטן פּוילישן פאָלק. אַנדערע קטיגורס האָבן נאָך צוגעגעבן, אַז יידן גערמאַניזירן פּוילן, ווייל זיי רעדן אויף אַ יידיש־דייטשן זשאַרגאָן. אין דער פּוילישער פּאָליטיק האָט דאָס ערשטע פידל געשפּילט די שטאַרקע פּאַרטיי „נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן“, וועלכע האָט געהאַט אירע ענערגישע פאָרשטייער אין דער רוסישער מלוכה־דומע (דמאָווסקי און אַנדערע) און איז אין דער יידנפראַגע געגאַנגען צוזאַמען מיט רוסישע אַנטיסעמיטישע פּאַרטייען. די דאָזיקע פּוילישע „נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן“ — א פּסעוודאָנים פון פּריציש־בורזשואַזע שאָוויניסטן — האָבן דאָ אָנגעהויבן פּראַקטיצירן זייערע גאַליצישע מעטאָדן פון עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אונטערדריקן יידן. די עקאָנאָמישע אינטערעסן זענען דאָ געווען אויפן ערשטן פּלאַן. דער פּוילישער האַנדלס־אינדוסטריעלער קלאַס, וואָס האָט זיך צוביסלעכווייז פאַרשטאַרקט, האָט געוואָלט ארויסשטויסן יידן פון יענע ווירטשאַפט־געביטן, וועלכע דאָס אַלטע פּריצישע פּוילן האָט זיי אָפּגעטראָטן, — און צו דעם צוועק האָט ער זיך גענומען פארן אויסגעפּרובטן מיטל — באָיקאָט. עס האָבן זיך געלאָזט הערן אויסרופן: „קויפט נישט ביי קיין יידן!“, „קויפט נאָר ביי אייגענע!“ — און דער קריסטלעכער עולם איז געגאַנגען אין געוועלב פון פּוילישן הענדלער, מקיים־זייענדיק דערמיט א פּאַטריאָטישע מצוה. די פּוילישע קאָאָפּעראַטיווע געוועלבער האָבן אַרויסגע־שטויסן יידן פון האנדלס־פאַרמיטלונג אונטער דעם זעלבן פּאַטריאָטישן לאָזונג. יידישער האַנטווערק האָט נישט געקאָנט אויסהאלטן די קאָנקורענץ פון פאַבריק־אינדוסטריע; איז דאַריבער אויסגעוואַקסן א יידישער אַרבעטער־פּראָלעטאַריאַט, אָבער צוליב שבת האָט ער געוויינלעך קיין אַרבעט אויף פאַבריקן נישט געקאָנט געפונען. אין רוסישן פּוילן האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דער זעלבער יידישער פּויפּעריזם, וואָס אין גאַליציע.

אין פּאָליטישן געביט האָבן יידן זיך דאָ ווייניקער געלאָזט בויגן,

איידער אין גאַליציע: דאָס הייפּל וואַרשעווער „פּאָליאַקן פון משה רבינוס
גלויבן“ איז דאָ דערטרונקען געוואָרן אין אַ מאַסע פּאַסיווער חסידישער אָר-
טאָדאָקסיע פון איין זייט און אַקטיווע „ליטוואַקעס“ — נאַציאָנאַליסטן אָדער
ציוניסטן — פון דער צווייטער. די יידישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג אין
וואַרשע, וואו עס זענען אויסגעוואַקסן אַ גרויסע יידישע פּרעסע, אַ יידיש
טעאַטער און אַ נעץ קולטור-אַנשטאַלטן, האָבן געשראָקן די פּאָליאַקן; די
פאָדערונג פון „נאַציאָנאַלע רעכט“ מצד יידן האָט מען געהאַלטן פאַר אַ
חוצפּהדיקע אַרויספאָדערונג דעם פּוילישן סובערעניטעט אין לאַנד. אין עסט-
רייך האָבן פּאָליאַקן געהאַט אַ אונטערשטיץ אין מלוכהשן געזעץ, וועלכער
האָט נישט אָנערקענט קיין יידישע „נאַציאָנאַליטעט“; אין רוסלאַנד אָבער,
וואו די רעגירונג האָט געאָרבישט געהאַט קעגן דער קעגנזייטיקער רייסעריי
פון פעלקער, האָבן פּאָליאַקן געמוזט אַליין קעמפן קעגן אָנערקענען יידן
אַלס נאַציע. אין דעם פּרט זענען זיך צונויפגעגאַנגען אַלע פּוילישע פּאַר-
טייען, פון רעכטע ביז סאָציאַליסטישע. אין 1909 האָט דער „פּוילישער
פּראָגרעסיווער פאַרבאַנד“, צו וועלכן אויך יידן-אַסימילאַטאָרן זענען צוגע-
שטאַנען, פאַרעפנטלעכט אַזאַ רעזאָלוציע: „דער פאַרבאַנד אָנערקענט יידן —
נישט פאַר קיין באַזונדערע נאַציע, נאָר בלויז אַלס קאָנפעסיאָנעלע שטאַם-
גרופּע אָן אַן אַנטוויקלטן נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין (?), וואָס דער
איינציקער מיטל פאַר איר אַרויסצוגיין פון געטאָ און באַקומען פּאַקטישע
גלייכבארעכטיקונג — איז פּאָליטישע און קולטורעלע אסימילאַציע. דער
זשאַרגאָן קאָן זיך נישט רעכענען פאַר קיין נאַציאָנאַלע שפּראַך. די פּאָלאָ-
ניזירטע יידן האַלטן מיר פאַר מיטברידער, די יידן, וואָס זונדערן זיך אָפּ—
פאַר אַ פרעמדן עלעמענט, און אין געוויסע פאַלן אויך פאַר א פיינטלעכן.
דאָס פּוילישע פאָלק וועט קיינמאָל נישט דערלאָזן, אַז זיין לאַנד און אָר-
גאַניזאַציע זאָלן פאַרטיילט ווערן דורך אַ גלייכבאַרעכטיקטער פּויליש-יידישער
קאָמפּאַניע, און אויף צו באַקעמפן אַזאַ שטרעבונג וועט עס שטענדיק פאַר-
מאָגן גענוג כוחות“. אַלס תשובה אויף אזאַ אַרויספאָדערונג איז אין די
יידישע צייטונגען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די ווייטערדיקע דעקלאַראַציע פון
דער נאַציאָנאַלער פּאַרטיי: „מיר פּראָטעסטירן ענערגיש קעגן דער באַשול-
דיקונג, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אייניקע גרופּעס יידן, אין פיינטלעכ-
קייט צום פּוילישן פאָלק. אַזעלכע גרופּעס זענען נישטאָ. יעדער אָרנטלעך-
דענקנדיקער ייד-נאַציאָנאַליסט איז פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג
און אויפבליאונג פון דער פּוילישער קולטור און וועט קיינמאָל נישט טאָן
קעגן די אינטערעסן פון פּוילישן פאָלק. דער יידישער נאַציאָנאַליזם איז
בעיקר פון קולטורעלער נאַטור; קיינע אַגרעסיווע שטרעבונגען האָט נישט
דער יידישער נאַציאָנאַליזם, און אַלע רייד וועגן פאַרטיילן דאָס פּוילישע
לאַנד צווישן פּאָליאַקן און יידן זענען אַ בלבול. מיר זענען איבערצייגט, אַז

נאָר דאָס אָנערקענען די בירגערלעכע און קולטור־נאַציאָנאַלע רעכט פון יידישן פאָלק קאָן מאַכן פון יידן מיטאַרבעטער מיט פּאָליאַקן אין דער אַרבעט איבער פּוילנס פרידלעכער אַנטוויקלונג. מיר גלויבן אין דער גייסטיקער קראַפט פון אונזער פאָלק און קיינע דראָונגען וועלן אים נישט אַראָפּפירן פון גלייכן וועג און נישט פאַרהאַלטן דעם זעלבסטדערהאַלטונג־פּראַצעס און אַנטוויקלונג פון דער יידישער נאַציע״.

פּאָליאַקן זענען אָבער טויב געווען צו די אַלע אַרגומענטן. נאָך דער קאַמפּאַניע פון עקאָנאָמישן באָיקאָט, וואָס מ׳האָט דורכגעפירט אין 1909—10, האָט זיך צעפלאַקערט אַ ריין־פּאָליטישער קאַמף בעת די וואַלן צו דער פערטער מלוכה־דומע (1912). די יידישע וואַלמענער אין וואַרשע, אין וועלכער די יידישע קהילה האָט דערגרייכט ביז 200,000 מאַן, האָבן געהאַט אַ מערהייט און געקאָנט שיקן אין דומע אַן אייגענעם דעפּוטאַט; אָבער נאָכגעבנדיק דעם נאַציאָנאַלן געפיל פון פּאָליאַקן, וועלכע האָבן פון זייער הויפּטשטאָט געוואָלט שיקן דורכאויס אַן „אייגענעם״, אַ קריסט, — האָבן יידן מסכים געווען צו שטימען פאַר אַ פּוילישן קאַנדידאַט נאָר מיט איין תנאי: ער זאָל נישט זיין קיין אַנטיסעמיט. מצד יידן איז דאָס געווען אַן אַקט פון גרויסמוט, און דאָך האָט דער פּוילישער וואַלקאָמיטעט אַרויסגעשטעלט אַ קאַנדידאַט אַן אַנטיסעמיט פון די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטן, קוכאַזשעווסקין. יידן האָבן נאָכדעם געהאַט דאָס מאָראַלישע רעכט אויסצוקלייבן אַן אייגענעם קאַנדידאַט, אָבער זיי האָבן זיך ווידער גערעכנט מיטן פּוילישן נאַציאָנאַלן זעלבסטגעפיל און באַשלאָסן אויסצוווילן אַ פּאָליאַק — אַ סאָציאַליסט, ווייל נאָר אין די רייען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט מען געקאָנט געפונען אַ קריסט, וואָס איז נישט אָנגעשטעקט מיט אַנטיסעמיטיזם. אויסגעווילט געוואָרן איז דער פּוילישער אַרבעטער יאַגעלאָ. דאָס האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די העכערע פּוילישע געזעלשאַפט, וועלכע איז געווען באַליידיקט מיט די יידנס אַריינמישן־זיך אין די „נאַציאָנאַלע וואַלן״ און אינגאַנצן נישט אָפּגעשאַצט דעם יידישן קרבן. די בייזווילִיקע העצע קעגן יידן האָט זיך פאַרשטאַרקט, אין דער פּרעסע און אין גאַס האָט מען זיי גערופן „בייליס״ — אַ וואונק אויפן דאַמאָלסטיקן ריטועלן פּראָצעס אין קיעוו, וואָס פּאָליאַקן האָבן פון אים אַ באַזונדער הנאה געהאַט. דער עקאָנאָמישער באָיקאָט איז געגאַנגען מיט אומגעווינלעכער רשעות, ערטערווייז האָט ער געפירט צו טרויעריקע רעזולטאַטן. די אַנטיסעמיטיזם־מגפה האָט אָנגענומען אַלץ געפערלעכערע פאָרמען, און צום אָנפאַנג פון קריג איז כמעט די גאַנצע פּוילישע געזעלשאַפט, פון קלעריקאַלן ביז „פּראָגרעסיווע אַנטיסעמיטן״ (די באַקאַנטע שרייבער שוויענטאָכאָווסקי, ניעמאָיעווסקי א. א.), געשטאַנען אין פולער באַוואָפנונג קעגן יידן. פון דער דאָזיקער באַוואָפנטער מחנה איז געגאַנגען אַ קאַמפּס־רוף: „עס קאָנען נישט זיין קיין צוויי נאַ־

ציעס ביים ווייסל!" — אַ טויט=אורטייל די צוויי מיליאָן יידן, וואָס האָבן געהאַט די העזה זיך צו האַלטן פאַר אַ טייל פון דער יידישער, און נישט פון דער פוילישער נאַציע. דער דאָזיקער סם פון יידנפיינטשאַפט איז אין אָנהויב וועלט=מלחמה אַריינגעדרונגען אויך אויפן רוסיש־פוילישן פראָנט און געבראַכט יידן צרות אָן אַ סוף.

אויב אין פוילן איז די יידנפראַגע שוין אַריינגעטרעטן אין אַ נאַציאָנאַלער פאַזע, איז ער אויף אַ צווייטן ראַנד פון רוסלאַנד — אין פינלאַנד נאָך נישט אַרויס פון סטאַדיום פרימיטיווער רעכטלאָזיקייט. דאָס פאַרעלטערטע שוועדישע געזעץ פון 18=טן יאָרהונדערט, וואָס האָט באַגרענעצט יידנס רעכט צו וואוינען אין פינלאַנד, האָט אַזוי האַרמאָנירט מיט די רוסישע אָרדנונגען, אַז עס איז פאַרבליבן אויף א גאַנצן יאָרהונדערט. אָנהויב 20=טן י"ה האָט מען נאָך אין פינלענדישן סיים דעבאַטירט, צי דאַרף מען געבן בירגערלעכע רעכט דעם הייפל דאָרטיקע „טאָלערירטע" יידן (עטלעכע הונדערט משפחות אין העלסינגפאָרס, וויבאָרג און אַבאָ) און דערלויבן וואוינען אין לאַנד נייע איינוואַנדערער. אין פינלאַנד האָט מען מורא געהאַט, אַז ביי דער שטאַרקער יידן=עמיגראַציע אויס רוסלאַנד וועט די קליינע מדינה זיך פאַרוואַנדלען אין א יידישע קאָלאָניע; די רוסישע רעגירונג ווידער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו באַשאַפן אַזאַ קאָלאָניע האַרט נעבן פעטערבורג, און ביי איר האָט שטאַרק אויסגענומען דער אומווילן פון פינלענדישן סיים צו עמאַנסיפירן יידן. איז די רעכטלאָזיקייט פאַרבליבן אפילו שוין נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905. טויזנטער יידישע פאַמיליעס פון פעטערבורג, וואָס פלעגן קומען אויף זומער=אָפרו אינם דאָזיקן פרעכטיקן לאַנד פון וועלדער און אָזערעס, האָבן געמוזט אויסבעטן ביי די אָרטיקע גובערנאַטאָרס אַ באַזונדערע דערלויבניש אויף צו פאַרבלייבן דריי חדשים אין לאַנד. צו אַזעלכע שטרענגקייטן האָט מען נאָך געווינלעך אויפגעמונטערט מיט פאָרשריפטן פון פעטערבורג.

יידן-פאַרקנעכטונג איז געוואָרן אַזאַ גרונט-דאָגמע אין דער רוסישער אינעווייניקסטער פאָליטיק, אַז די צאַרישע רעגירונג האָט נישט דערלאָזן דעם מינדעסטן אַטענטאַט פון אויסן אויף דעם דאָזיקן גלויבנס=אַרטיקל. עס האָט איר נישט אָפגעשטעלט דאָס צעררייסן איר האַנדלס-אָפמאַך מיט די פאַראייניקטע שטאַטן, אבי נישט צו באַפרידיקן די פאָדערונג פון דער דאָזיקער רעפובליק וועגן אריינלאָזן אַמעריקאנער יידן אין רוסלאַנד באַגלייך מיט אַמעריקאַנער בירגער פון אַנדערע פעלקער (ווייטער § 51). דאָס צעשטערן די האַנדלס-באַציאונגען מיט אַמעריקע האָט פאַר רוסלאַנד געהאַט שווערע עקאָנאָמישע פאָלגן, אָבער דערפאַר איז נאָך איין מאָל פאַר דער גאָרער ציוויליזירטער וועלט דורכגעדעמאָנסטרירט געוואָרן די אַנטיסעמיטישע שטאַנדהאַפטיקייט פון דער רוסישער רעגירונג.

## § 46. ציוניזם און טעריטאָריאַליזם

אַ שווערע ירושה האָט דאָס 19=טע יאָרהונדערט געלאָזן פאַרן 20=טן: אַנטיסעמיטישע אָרגאַניזאַציע אין צענטראַל-אייראָפּע, סטיכישע יידנפיינטשאַפט אין רוסלאַנד. דאָס נייע יאָרהונדערט האָט נאָך פאַרגרעסערט די דאָזיקע ירושה: איצט איז אויך די פינסטערע רוסישע סטיכייע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרגאַניזירטע קראַפט, וואָס איז תמיד גרייט צו דינען דער רעאַקציע אָדער קאָנטר-רעוואָלוציע. אָבער צוזאַמען מיט דער דאָזיקער פינסטערער ירושה האָט דאָס 20=טע יאָרהונדערט באַקומען פון זיין פאָרגייער אויך עפּעס פּאָזיטיוועס: דעם באַנייטן נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין פון יידנטום, וואָס האָט זיך דורכגעבראָכן אַ וועג דורכן צודעק פון אַלטער רעליגיעזער טראַדיציע אין מזרח און דורך דער מאָדישער מאַסקע פון אַסימילאַציע אין מערב. דאָס שטרעבן צו נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט, וואָס האָט זיך סוף 19=טן יאָרהונדערט באַוויזן אין פאָרמען פון ציוניזם און קולטור=אויטאָנאָמיזם, האָט זיך אין אָנפאַנג פון פאָלגנדיקן יאָרהונדערט אויסגעגאָסן אין מער אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. דער געדאַנק וועגן נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט האָט געהאַט בייצוקומען זייער גרויסע אויסערלעכע און אינערלעכע שטערונגען, און באַהאָפטן האָט ער זיך מיט אַלע פּאָליטישע ריכטונגען ביי יידן — פון קאָנסערוואַטיווע ביז רעוואָלוציאָנערע. פיל האָט ער נאָך געהאַט בייצוקומען אין די הונדערטיאָריקע אַסימילאַציע=רגילותן, אָבער לויט אַלע סימנים איז קלאָר געווען, אַז זיגן וועט דער ווידערגעבורט פון יידישן פאָלק, נישט זיין אונטערגאַנג.

אין צענטער פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין אַלע לענדער איז ווי פריער געווען דער צ י ו נ י ז ם. ער האָט אַליין אַ גרעסערן איינפלוס באַקומען אויף די מאַסן מיט זיין אָרגאַניזירטקייט, זיין ברייטן פּראָפּאַגאַנדע-אַפּאַראַט און מיט דער דעקאָראַציע פון אַלוועלטלעכע קאָנגרעסן, וואָס אַהער פלעגן זיך צונויפפאָרן דעלעגאַטן פון אַלע עקן וועלט. דעם ציוניזם האָט זיך אויך איינגעגעבן אויסצולעבן יענע טיפע שפּאַלטונג, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער פּאַרטיי נאָך פאַר הערצלס טויט און זיך פאַרענדיקט מיט אַ פאָרמעלער שפּאַלטונג נאָכן פירערס טויט. דער שטרייט צווישן פּאַלעסטיניסטן און אוגאַנדיסטן אויפן 6=טן קאָנגרעס אין באַזעל (§ 32) האָט זיך אויפן אַנדערן באַזעלער קאָנגרעס (אויגוסט 1905) פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס די ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל י ס ט ן האָבן זיך אויסגעטיילט אין אַ באַזונדער פּאַרטיי. אין רוס׳אַנד האָט דאַמאָלסט געקאָכט דער שטורם פון רעוואָלוציע, פאַר די אויגן פון אויסגעמאַטערטן פאָלק האָבן זיך אָט געטראָגן פייערלעך פון נאָענטער באַפרייאונג און אָט שרעקלעכע שאָטנס פון קאָנטר=רעוואָלוציאָנערע פּאָגראָמען. און אין דער זעלבער צייט איז מען אין שטילן באַזעל

געזעסן און געפּסקנט די שאלה: צי מעג מען פאַרראַטן דעם ציון-אידעאַל און געבן גיכע הילף דער מאסע, וואָס לויפט אין פּאַניק פון רוסלאַנד, דורך אויפזוכן פאַר איר א שטילן האַפן ערגעץ-וואו אויסער פּאַלעסטינע, וועלכע איז דאָך נישט צוגעפּאַסט פאַר אַ גרויסער אימיגראַציע? פּאַלעסטי-ניזם און טעריטאָריאַליזם, וואָס האָבן אַמאָל געקעמפט אין די מוחות פון פּינסקער און הערצל, האָבן זיך איצט צונויפגעשטויסן אויף אַ פּראַקטישער אר'ענע — און זיך צעגאַנגען אין פאַרשידענע זייטן. א גרופּע קאָנגרעס-דעפּוטאַטן מיט ישראל זאַנגווילן בראש האָט באַשלאָסן, אַז יעטוועדע פרייע טעריטאָריע, וואָס מ'זאָל יידן אָפּטרעטן מיט זעלבסט-פאַרוואַלטונג-רעכט אין וועלכער ס'איז פון די ענגלישע קאָלאָניעס, וואָלט געקאָנט ווערן פאַרן פאָלק אַ צווייטע פּאַלעסטינע. דאָס איז געווען אַ „ציוניזם אָן ציון", ווי די קעגנער האָבן איראָניזירט. די מערהייט פון קאָנגרעס האָט בײַ זיך נישט געקאָנט פועלן אַזאַ גרונטלעכע רעוויזיע אין פּאַרטיי-פּראָגראַם און האָט אָנגענומען אַזאַ רעזאָלוציע: „די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַרבלײַבט פעסט בײַם גרונט-פּרינציפּ פון דער באַזעלער פּראָגראַם — וועגן באַשאַפן אַ געזעצלעך-געזיכערטע היים פאַר יידן אין פּאַלעסטינע". עס איז באַשלאָסן געוואָרן דערווײַל צו פירן די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע אין א באַשיי-דענער מאָס, און די מאַסן-באַזעצונג אָפּלייגן ביזן מאָמענט פון באַקומען אַן אָפיציעלע קאָנצעסיע אָדער „טשאַרטער", אויף וואָס מ'דאַרף אָנווענדן אַ-ע כוחות פון פּאַרטייאישן אַקציאָנס-קאָמיטעט. פאָרזיצער פון קאָמיטעט איז אויסגעוויילט געוואָרן דער ענערגישער מיטקעמפער פון פאַרשטאָרבענעם הערצל, דער קעלנער קאָמערסאַנט דוד וואָלפסאָן, וועלכער האָט זיך אַרויסגערוקט בײַם פאַרוואַלטן מיט די פינאַנץ-אָרגאַן פון דער פּאַרטיי. ער האָט זיך געפּרובט באַנייען די אונטערהאַנדלונגען מיט דער טערקישער רע-גירונג וועגן טשאַרטער, אָבער זיי זענען ווייטער פאַרבליבן אָן רעזולטאַטן, אַזוי ווי אַמאָל בײַ הערצלס לעבן. די „קליין-קאָלאָניזאַציע" אין פּאַלעסטינע האָט זיך אויך געשלעפּט שווער, ווײַל דער טערקישער רעזשים און די פּרימיטיווע ווירטשאַפט-באַדינגונגען אין לאַנד האָבן זי געהאַמעוועט.

ערשט אין 1908, נאָך דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער איבערקערעניש, וואָס האָט פאַרוואַנדלט טערקיי אין אַ קאָנסטיטוציאָנעל לאַנד, האָבן די ציוניסטישע האָפנונגען אויפגעלעבט. אַלעמען האָט זיך געדוכט, אַז מיט דער ליבעראַלער רעגירונג פון די יונג-טערקן וועט מען לײַכטער זיך צונויפרעדן מכח א יידישן צענטר אין פּאַלעסטינע, איידער מיטן דעספּאָט אַבדול-האַמיד און זײַנע משרתים. „דעם ציוניסטישן טייל פון יידישן פאָלק האָט אַרומגענומען אַ פיבערהאַפטע אויפרעגונג. די איבערקערעניש אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט בײַ אַלעמען אויסגעזען ווי אַ גאָר וויכטיקע געשעעניש אין דער יידישער געשיכטע. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער ציוניזם איז זייער נאָנט צום

ציל. דאָס פרייע טערקיי — האָבן ציוניסטן געטראַכט — מוז אונז באַגעגנען מיט אָפענע אָרעמס. מיר דאַרפן נאָר וועלן — און מיר וועלן באַקומען דאָס רעכט פון פרייער אימיגראַציע קיין פאַלעסטינע. אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדעט צו די פירער פון דער באַוועגונג. וועגן וואָס טראַכט קעלן (דער ציוניסטישער אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס איז פון ווין אַריבער קיין קעלן)? — האָבן געפרעגט טויזנטער אומגעדולדיקע שטימען. דער אָנפיר־אָרגאַן פון דער באַוועגונג מוז זיך מאָמענטאַל פאַרבינדן מיט די טערקישע איינפלוסרייכע פערזאָנען און געוואונען די געזעלשאַפטלעכע מיינונג פאַר די ציוניסטישע פלענער — איבערצייגן, אויפקלערן, מאַכן פאָרשלאַגן. מען מוז אַפילו איבערטראָגן די פאַרוואַלטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און דאָרטן צונויפרופן דעם קאָנגרעס". אזוי האָט געשילדערט די שטימונג פון ציוניסטן די ערשטע צייט נאָך טערקייס באַנייאונג — מאַקס באָרדוי אין זיין רעדע אויפן 9־טן פאַרטיי־קאָנגרעס, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין האַמבורג דעצעמבער 1909. ער האָט גערעדט וועגן די דאָזיקע האָפנונגען און טרוימען שוין נ אָ כ ד ע ם, ווי זיי האָבן זיך נישט באַרעכטיקט, די בויער פון נייעם טערקיי, די יונג־טערקן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס אויסגעשפּראָכענע צענטראַליסטן, קעגנער פון אראַבישער און וועלכער ס'איז אַנדערער אויטאָנאָמיע פון זייערע אונטערגעוואָרפענע פעלקער. זיי האָבן מורא געהאַט פארן ציוניזם ווי פאַר א באַוועגונג, וואָס גייט צו באַשאַפן אַ יידישן אויטאָנאָמען צענטר אין פאַלעסטינע, און זיי האָבן יידן פאָרגעלייגט זיך צו באַזעצן אין אַנדערע פּראָווינצן פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה אין צעוואָרפענע גרופּעס, וואָס זאָלן זיך שנעל אסימילירן מיט דער טערקישער באַפעלקערונג. איז דאַריבער געקומען אַ שווערע אנטוישונג, און דער פאַרטיי־פירער נאָרדוי האָט דאָס דאָזיקע געפיל אויסגעדריקט אין דער דערמאָנטער קאָנגרעס־רעדע: „יענע וואָס פאָדערן, אַז דער ציוניזם זאָל גלייך אָנקניפּן באַציונגען מיט די איינפלוסרייכע יונג־טערקן, — פאַרגעסן, אַז די לעצטע זענען נאָר אַ פאַרטיי אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה, דער ציוניזם אָבער טאָר זיך נישט פאַרבונדן מיט וועלכער ס'איז איינער אַן אָטאָמאַנישער פאַרטיי. לאָמיר צוימען אונזער אומגעדולד. מיר ווילן בילדן אַ נאַציע אין אָטאָמאַנישן מלוכה - בונד, מיר פאָדערן יעדנפאַלס — אָנערקענען אונזער נאַציע, — און אונז זאָגט מען: קומט צו אונז אין טערקיי, מיר וועלן אייך פונאַנדערזעצן איבער אַלע פּראָווינצן פון דער מלוכה, אָבער גראָד קיין פאַלעסטינע וועלן מיר אייך נישט אַריינלאָזן. לגבי אַזעלכע אָנשויונגען — הייסט אונז אונזער ערע, אונזער זעלבסטבאַוואוסטזיין — אָנצעווייזן אויף דער באַזעלער פּראָגראַם, דאָ איז נישט צו דערלאָזן קיין שום קאָמפּראָמיס. ווילן מיר גיין קיין טערקיי, איז צוליב דעם, אַז מיר זאָלן זיין פאַלעסטינער יידן, און נישט אום צו ווערן

טערקן ערגעץ אין מאַקעדאָניע אָדער קליין־אַזיע. האַלטן מיר געהאַלט זיך אַסימילירן, וואָלטן מיר דאָך עס געקאָנט מאַכן נענטער אין ביליקער דאָ, וואו מיר זענען, און איינשפּאָרן הוצאות הדרך". דער קאָנגרעס האָט שטאַרק אָפּלאָדירט דעם רעדנער, וועלכער האָט אויסגעדריקט דאָס באַליידיקטע געפיל פון נאַציאָנאַלער ערע, — אָבער ווייניק פרייד איז אין די דאָזיקע אָוואַציעס געווען. עס האָט זיך געפילט, אַז עס גייט פאַרלוירן נאָך איין האָפנונג — אויף דער נאַציאָנאַלער טאָלעראַנץ אין נייעם טערקיי. די אייראָפּעיזירטע יונגטערקן פון דער פאַרטיי „איינהייט און פּראָגרעס" האָבן איבערגענומען דאָס ערגסטע פון אייראָפּעס נייעסטער פּאָליטישער פּראַקטיק — דעם פּרינ־ציפּ פון אַ הערשנדיקער נאַציע, פון אַ איינהייטלעכער נאַציאָנאַלער מלוכה, וואָס אַסימילירט די פרעמדע מיט געוואַלט. עס וואָלט געווען אַ שטאַרקער חוזק איבערן אידעאַל פון ציוניזם, ווען אָנשטאָט אַן אויטאָנאָמען צענטער אין דער היסטאָרישער היים, אָנשטאָט שוץ פאַר אייראָפּעאישער אַסימילאַציע, וואָלטן יידן זיך צעשפּרייט איבער פאַרשידענע פּראָווינצן פון דער אָטאָמאַ־נישער מלוכה מיט אַ פּערספּעקטיוו פון טערקישער אַסימילאַציע. ווידער איז דער ציוניזם געשטאַנען פאַר אַ טויבער וואַנט, און דער האַמבורגער קאָנ־גרעס האָט זיך געמוזט פאַרנעמען מיט פראַגן וועגן קליין־קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע, וועגן קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס לויטן פּלאַן פון עקאָנאָמיסט פראַנץ אָפּענהיימער און נאָך אַזעלכע ענינים, וואָס זענען זייער ווייט פונם פּאָליטישן אידעאַל ציוניזם.

דער צענטער ציוניסטן־קאָנגרעס אין באַזעל (אויגוסט 1911), דער אַזויגערופענער „יובילעאום־קאָנגרעס", איז געווען ווייט פון טריאומף. אין רוסלאַנד האָט דעמאָלט געווילדעוועט אַ ביטערע רעאַקציע און עס האָט זיך געגרייט דער ענין ביילים. די עמיגראַציע האָט געשטיגן, אָבער אין אַמע־ריקע און אַנדערע אימיגראַציע־לענדער האָט מען צוגעטראַכט מיטלען קעגן אַ צו־שטאַרקן צופלוס פון פרעמדע. אין טערקיי האָט מען אויך ערנסט גע־טראַכט וועגן קירצן די יידישע עמיגראַציע. „אונזער קאָנגרעס רופט מען יובילעאום־קאָנגרעס — האָט נאָרדוי געזאָגט — אָבער נישט אין זינען פון יובעל, פון פרייד און טריאומף, וואָרום איצט איז ווייניקער ווי ווען עס איז פאַראַן אַ גרונט צו יובעלירן, דאָס יידישע פאָלק לעבט היינט איבער די טרויעריקסטע טעג פון זיין געשיכטע אין גלות. אַלע אונזערע וועכטער־פונקטן ברענגען אונז נאָר איין בשורה: דער שונא איז אַרום!". — דער אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט אין זיין באַריכט דערציילט וועגן דער זיצונג פון טערקישן פּאַרלאַמענט מיט אַ קורצער צייט צוריק, וואו די דעבאַטן האָבן געטראָגן אַ פיינטלעכן כאַראַקטער צום ציוניזם. דער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָלפסאָן, האָט געפּרובט אָפּצוווערן די אָנגריפן פון די טער־קישע פּאָליטיקער, און ער האָט אין זיין איינלייטונגס־וואָרט געמאָלדן, אַז

די באזעלער פּראָגראַם האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן פּלאַן פון א „יידישער מלוכה", וואָס איז אַנטוויקלט אין הערצלס בוך „יודענשטאַאַט" נאָך איידער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז באַשאַפן געוואָרן. „נישט קיין יידישע מלוכה ווילן מיר באַשאַפן, נאָר אַ היים אויף דער אַלטער ערד פון אונזערע אבות, וואו מיר זאָלן קאָנען נאַציאָנאַל אויפלעבן, נישט ליידנדיק קיין פאַרפאָלגונגען און אונטערדריקונגען". אין דער דאָזיקער מעלדונג האָט געשטעקט נישט נאָר דיפּלאָמאַטיע: אויפן צענטן קאָנגרעס האָט דער פּאָליטישער ציוניזם באמת קאַפּיטולירט פאַרן פּראַקטישן און קולטורעלן ציוניזם — פאַר דער אַלטער חבת-ציון און אחד-העמיזם. אלע רעזאָלוציעס פון דעם קאָנגרעס האָבן געהאַט איין ציל: „פאַרשטאַרקן די יידישע פּאָזיציעס" אין פּאַלעסטינע. מ'האָט באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן די ארבעט פון די אַגראַר- און פינאַנץ-אָרגאַנען אין לאַנד, באַזאָרגן די קאָלאָניסטן מיט קרעדיט, זען צוציען גרעסערע קאַפּיטאַלן אויף צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע, גרינדן מיטל- און הויך-שולן מיט דער נאַציאָנאַלער אונטעריכט-שפּראַך. דער פּונקט וועגן „קולטור" האָט ווידער, אַזוי ווי אויף די ערשטע קאָנגרעסן, געשראָקן די דעלעגאַטן פון דער אָרטאָדאָקסאַלער פראַקציע „מזרחי". זיי האָבן זיך געקלאָגט, אַז אין דער יפוער העבּרעאישער גימנאַזיע לערנט מען תנ"ך אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, אָבער נישט אין גייסט פון דער נאַציאָנאַלער רעליגיע, נאָר אין גייסט פון דער צעשטערנדיקער „ביבל-קריטיק". די מזרחיסטן האָבן זיך ערשט דאַן באַרואיקט, ווען מ'האָט זיי פאַרזיכערט, אַז מ'גיט זיי פולע פרייהייט צו פאַרבינדן זייער קולטור-טעטיקייט נישט נאָר מיט דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, נאָר אויך מיט אַלע טראַדיציעס פון דער אמונה. אַ קאָמפּראָמיס מיט די פאַרהעלטענישן איז אויך געווען דער באַשלוס פון קאָנגרעס, לויט וועלכן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דאַרף מיטאַרבעטן צוזאַמען מיט אומפּאַרטייאישע אַנשטאַלטן ביים רעגולירן די יידישע עמיגראַציע, וואוהין זי זאָל נישט גיין. דאָ האָבן די ציוניסטן דאָס ערשטע מאָל מודה געווען, אַז באַשאַפן אַ פאָלקסצענטר אין פּאַלעסטינע דאָס איז נאָר אַ טייל פון דער גרויסער פּראָבלעם אַריבערצוטראָגן די נאַציאָנאַלע צענטרען און אַז דעם דאָזיקן טייל קאָן מען נישט אָפּטיילן פון דאָס גאַנצע. דער קאָנגרעס האָט אויך אַריבערגעטראָגן זיין אייגענעם צענטר — דעם אויסגעוויילטן אַקציאָנס-קאָמיטעט — פון קעלן קיין בערלין, און פרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע איז אָנשטאָט וואָלפסאָנען געוואָרן פּראָפעסאָר אָטאָ וואַרבורג.

דער לעצטער פאַרן וועלטקריג ציוניסטישער קאָנגרעס איז געווען אין ווין אויגוסט 1913, און ער האָט נאָך מער פאַרפעסטיקט דעם איבערגאַנג פון פּאָליטישן ציוניזם צום „פּראַקטישן". פּרעזידענט וואַרבורג האָט אָנגעוויזן אויפן קריזיס פונם באַלקאַן-קריג, וואָס טערקיי האָט נאָר-וואָס

אַריבער„טראָגן און וועלכער האָט ביי איר אָפּגענומען אַ גרויסן טייל פון ...ע אייראָפּעאישע פּראָווינצן; ער האָט אויסגעדריקט זיין האָפענונג, אַז דער ...קער קריזיס וועט זיך אָפּשפּיגלען אויף אַזיאַטישער טערקיי און אויף פּאַלעסטינע. דאָ, האָט דער רעדנער אויפגעקלערט, איז דער ציוניזם אַריין אין אַ נייער פאַזע: נאָך דער פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע פון אָנפאַנג-פּעריאָד און נאָכן זוכן פּראַקטישע וועגן, וואָס איז שפּעטער געקומען, אנערקענען איצט די ציוניסטן, אַז די באַשיידענע רעאַלע ארבייט אין פּאַלעסטינע איז נישט נאָר אַ מיטל, נאָר אויך אַ ציל, ווייל זי פאַרשטאַרקט דעם יידישן עלעמענט אין לאַנד און באַשאַפט אַ קאָנקרעטע באַזע פאַר דער קינפטיקער אויטאָנאָמער אָרדנונג. מעלאַנכאָליש האָט אויך געקלונגען די רעדע פונם אויסגעצייכנטן פּובליציסט נחום סאָקאָלאָוו, וועלכער האָט אויף דעם קאָנגרעס פאַרטראָטן מאקס נאָרדויען אין דער ראָלע פון איבערזיכטער אין היסטאָרישן מאָמענט. סאָקאָלאָוו איז נאָענטער געשטאַנען צו די טיפענישן פון יידישן גייסט, און ער האָט געגעבן אַ נייעם ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. „אין גלות, — האָט ער געזאָגט, — איז אַ תוהו ובוהו. קאָן דער ציוניזם ענדערן דאָס לעבן פון גלות? אָט די האַרבסטע שאלה, וואָס דער גורל האָט פאַר אונז אַוועקגעשטעלט, דריקט אָן אויפהער אונזער נשמה. און אַלס ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע, וויל איך אַנטקעגן דעם בילד פון צעריסנקייט אין גלות אַוועקשטעלן אַן אַנדער בילד: אַ גלות וואָס איז געאָגראַפיש צעשפּרייט, אָבער פאַראייניקט דורך איין לעבעדיקן צענטר; אַ גלות מיט אַלע ליידן, וואָס רייסן זיך אין אים אַריין פון דרויסן, אָבער אָן געפאַלנקייט און דערשלאָגנקייט, אָן גייסטיקער אונטערטעניקייט, אָן אַסימילאַציע, — אַ גלות מיט אמת-יידישער אַחדות. דאָס יידנטום טראָגט אין זיך אויך אין גלות אַ מעגלעכקייט זיך צו אַנטוויקלען, — אויב עס וועט אַוועק מיטן וועג צו באַשאַפן אַן אייגענעם צענטר אין פּאַלעסטינע. דורך פּאַלעסטינע קאָן זיך דאָס נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַוואוסטזיין רעאַליזירן אין לעבן. נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַוואוסטזיין — דאָס איז די איינציקע בריק צווישן ציוניזם און גלות-פּראָבלעמען. די אַרבעט געהערט דעם גלות, דער אימפּולס — פּאַלעסטינע". דאָס האָט שוין געשמעקט מיטן גייסט פון אחד-העמס קולטור-ציוניזם: דער אפּיקורוס איז אָפיציעל אָנערקענט געוואָרן דורך די דאָגמאַטיקער פון ציוניזם. דער קאָנגרעס און די פאָרקאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטן האָבן אַ סך אויפמערקזאַמקייט אָפּגעגעבן דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג, וועגן איינשטעלן די הערשאַפט פון העברעאיש אין שול און אין ליטעראַטור („העברעאיזם"). מיט באַגייסטערונג איז אויפגענומען געוואָרן מ. אוסישקינס פּראָיעקט צו גרינדן אין ירושלים אַ נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט, וואָס זאָל זיין אַ צוצי-פּונקט פאַרן גלות. אונטער דעם דאָזיקן איינדרוק פון נצחון פון גייסטיקן עלעמענט אין ציוניזם — האָט

זיך געשלאָסן דער ווינער קאָנגרעס. אין אַ יאָר אַרום האָט אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה, אויך טערקיי איז אינגיכן אין איר אַרייַנגעצויגן געוואָרן, און נאָך דער אויסגאַנג פון דריי-יאָריקן קאַמף צווישן די פּאָליטישע טיטאַנען האָט געעפנט פאַר דער צעשפּליטערטער נאַציע אַ פּערספּעקטיוו פון אַ אויטאָנאָמער יידישער פּאַלעסטינע.

פּאַראַלעל מיטן ציוניזם, ווי אַ קלייַנער שטראָם לעבן אַ גרויסן, איז געגאַנגען דער טעריטאָריאַליזם. בײדע ריכטונגען זענען ארויס פון איין פונקט — די אידעאָלאָגיע פון פּינסקער און הערצל, וועלכע האָבן לכתחילה נישט געזען קיין אונטערשיד צווישן פּאַלעסטינע אָדער אַן אַנדער פרייער טעריטאָריע פאַר אַ נאַציאָנאַלן צענטר, — אָבער שפּעטער זענען זיי זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין פאַרשידענע וועגן. ישראל זאַנגוויל און די גרופּע דעלעגאַטן אויפן קאָנגרעס פון 1905, וואָס איז צו אים צוגעשטאַנען, זענען אַרויסגעטראָטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע נאָכדעם, ווי דער קאָנגרעס האָט אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון אַן אויטאָנאָמען צענטר אויסער פּאַלעסטינע. דאָס איז געווען זומער אין דעם זעלבן יאָר, ווען די קאָנטררעוואָלוציאָנערע פּאָגראָמען האָבן אַרויסגעטריבן פון רוסלאַנד צענדליקער טויזנט עמיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין אַלע אייראָפּעאישע האַפנס, וואַרטנדיק מען זאָל זיי אָפּשיקן קיין אַמעריקע. דאָס לעבן אַליין האָט דאָ געוויזן אַ וועג די טעריטאָריאַליסטן: מען דאַרף דעם דאָזיקן כסדרדיקן עמיגראַציע-שטראָם ריכטן אין אַ וועלכע ס'איז פרייע קאָלאָניע פון בריטאַניע אָדער אַן אַנדער מלוכה, אויסער די איבערגעפילטע פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, און דאָרטן מיטן הסכם פון דער סובערענער מלוכה איינאָרדענען אַ אויטאָנאָמע יידישע צוזאַמענוואוינונג. „מיר ווילן — האָט זאַנגוויל געזאָגט אויפן קאָנגרעס — ראַטעווען צענדליקער און הונדערטער טויזנט עמיגראַנטן און אייַנאָרדענען זיי אויף אייגענער ערד, ווי אַן אָרגאַניזירטע יידישע געמיינשאַפט. די יידישע עמיגראַציע איז אַ קאָנקרעטער פאַקט: הונדערט טויזנט מענטשן פאַרלאָזן יעדעס יאָר רוסלאַנד. פאַרוואָס זשע זאָלן זיי זיך צעשפּרייטן און איינגעשלונגען ווערן דורך פרעמדע ציוויליזאַציעס, וואָס וועלן פאַרקריפּלען זייער גאַנצן גייסטיקן לעבן?“ ארויסגייענדיק אָט פון אזאַ געדאַנק, האָט זאַנגוויל דאָס זעלבע יאָר געגרינדעט אין לאָנדאָן אַ „יידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע“ (יט“אָ). איר פּראָגראַם איז געווען אַזאַ: „אונזער ציל איז — באַקומען אַ טעריטאָריע אויף אויטאָנאָמיע-רעכט פאַר יענע יידן, וואָס ווילן נישט און קאָנען נישט פאַרבלייבן אין די לענדער, וואו זיי וואוינען איצט. צו דעם ציל באַמיט זיך די אָרגאַניזאַציע צו פאַראייניקן אַלע יידן, וואָס זענען מסכים מיט אירע צילן, צו פאַרבינדן זיך מיט רעגירונגען, געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע אַנשטאַלטן, וואָס קאָנען און ווילן אָפּטרעטן יידן אַ טעריטאָריע, צו באַשאַפן

פינאַנץ-אַנשטאַלטן, איבערוואַנדערונג-און אַרבעט-ביוראָס, אויך אַנדערע אָר-
גאַנען וואָס זענען נויטיק צום אָנגעווייזענעם צוועק". אין לאָנדאָן איז גע-
גרינדעט געוואָרן דער הויפּטראַט פון דער אָרגאַניזאַציע אונטער זאַנגווילס
פאָרזיץ; אַלס מיטגלידער זענען אַריין ד"ר מאַקס מאַנדעלשטאַם פון קיעוו
און אַדוואָקאַט יאַסינאָווסקי פון וואַרשע, דער לאָנדאָנער זשורנאַליסט לוסיען
וואָלף, אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכע טוער סולצבערגער און שפּילמאַן, און
אַנדערע. דער ראַט האָט אויסגעוויילט אַ „געאָגראַפישע קאָמיסיע", און זי
האָט זיך גלייך פאַרנומען מיט זוכן טעריטאָריעס אין פאַרשידענע וועלט-
טיילן. אין 1907 האָט די קאָמיסיע צוגעשטעלט דער טעריטאָריאַליסטישער
קאָנפערענץ אין לאָנדאָן אַ רייע פּראָיעקטן וועגן גרינדן קאָלאָניעס אין
קאַנאַדע, אַרגענטינע, אויסטראַליע, אַפריקע און אַזיע. דאָס נאָענטסטע יאָר
איז געשיקט געוואָרן אַן עקספּעדיציע אין קירענאַיקע (צפון-אַפריקע), וואו
עס האָט נאָך אין אַלטערטום עקזיסטירט אַ יידישער קולטורעלער צענטער;
די עקספּעדיציע האָט זיך אָבער אומגעקערט מיט אַ נעגאַטיוון באַריכט וועגן
דעם לאַנד. שפּעטער איז אויפגעקומען אַ פּלאַן צו קאָלאָניזירן די האַלב-
מדבּרדיקע טערקישע פּראָווינץ מעסאָפּאָטאַמיע, דאָס דאָזיקע וויגעלע פונם
יידישן פאָלק, וואָס איז נאָך עלטער פאַר פּאַלעסטינע (1909). מ'האָט גע-
רעכנט אויף טערקייס הסכם, ווייל זי איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז די
קאָלאָניזאטאָרס זאָלן פאַרווענדן א גרויסן קאַפּיטאַל (8 מיליאָן ענגלישע פונט)
אויף צו באַוואַסערן דאָס פאַרלאָזטע לאַנד. זאַנגוויל איז לייכט מיטגעריסן
געוואָרן פון דעם פּראָיעקט און האָט געשילדערט אַ בילד פון מעסאָפּאָטאַמיע,
וואָס בליט אין דער צוקונפט און יידן האָבן איר באָדן געמאַכט אַזוי
פרוכטבאַר, „ווי אין די צייטן פון די אבות און תּלמוד-בּבלי". אָבער איניגיכן
האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אויך דאָס איז אַ נישט-אויספירבאַרער טרוים.

דאָס אַלץ האָט די טעריטאָריאַליסטן געצוואונגען אַריבערצוטראָגן זייער
טעטיקייט פון קאָלאָניזיר-געביט אויפן געביט פון רעגולירן די עמיגראַציע
אין איר הויפּטשטראָם — דעם אַמעריקאַנער. זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר
א ציל אָפּצוציען דעם שטראָם עמיגראַנטן פון ניויאָרק און די מזרח-שטאַטן —
אין די ווייניקער באַפעלקערטע מערב- און דרום-שטאַטן. צו דעם צוועק
האָבן זיי אָרגאַניזירט אין די גרעסערע אייראָפּעאישע האַפנס דעם טראַנס-
פּאָרט פון עמיגראַנטן קיין גאַלוועסטאָן — אַ דרום-מערבדיקער אַמעריקאַנער
פּאָרט, — און דאָרט ווידער פלעגט אַ באַזונדערער קאָמיטעט איבערשיקן
די געקומענע אין די שכנישע שטאַטן און פאַר זיי אויפזוכן אַרבעט. אין
קיעוו האָט זיך אונטער מאַנדעלשטאַמס אָנפירונג געגרינדעט א יידישע עמי-
גראַציע-געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט צוקלייבן די עמיגראַנטן
און זיי איבערשיקן מיטן באַן ביז די האַפנס, פון וואַנען עס פלעגן אָפּגיין
אָקעאַן-שיפן קיין גאַלוועסטאָן. דאָס איז געווען אַ פּראַקטישע אַרבעט, זייער

אַ וויכטיקע אין די יאָרן פֿון עמיגראַציע=וואוקס, אָבער זי איז שוין ווייט אַוועק פֿונם לכתּחילהדיקן צוועק פֿון די טעריטאָריאַליסטן: ער איז דאָך באַשטאַנען נישט אין צעשפּרייטן, נאָר אין קאָנצענטרירן די וואַנדער=מאַסן אויף אַ באַשטימטער אויטאָנאָמער טעריטאָריע. דער אויטאָנאָמיסטישער אידעאַל האָט געמוזט אָפּבליאַקעווען אין אַ פּאַרטיי, וואָס ער האָט צווישן די פֿירער געהאַט פּרינציפּיעלע קעגנער.

דער לעצטער פּרוּוו צו פֿאַרווירקלעכן די לכתּחילהדיקע אויפֿגאַבע פֿון דער פּאַרטיי — איז געווען דער פּראָיעקט צו באַזעצן ייִדן אין אַנגאָלע — אַ גרויסע פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע אין מערבֿ=אַפֿריקע (1912). די רעגירונג און פּאַרלאַמענט פֿון פּאָרטוגאַל זענען געווען פֿאַראינטערעסירט צו פֿאַרווירקלעכן אַזאַ פּראָיעקט: זיי האָבן פֿון אים דערוואַרט אַ אינדוסטריע=אויפֿלעבונג פֿון דער מדבר=געגנט, וואו אויף פֿיר מיליאָן אָרטיקע בעגער איז אויסגעקומען נאָר אַ צען טויזנט אייראָפּעער. דער פּאַרלאַמענט האָט איינשטימיק אָנגענומען דעם געזעץ וועגן ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַנגאָלע אויף אַזעלכע באַדינגונגען: יעדער אָנגעקומענער באַקומט אַ שטיק ערד פֿון 250 העקטאַר צום באַאַרבעטן אָדער צו אינדוסטריע=צוועקן, אָבער די קאָלאָניסטן מוזן ווערן פּאָרטוגעזישע אונטערטאַנען און באַהערשן די פּאָרטוגעזישע שפּראַך. די ייִדישע געזעלשאַפֿט און פּרעסע האָט זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צו אַזאַ פּלאַן פֿון עקזאָטישער קאָלאָניזאַציע צווישן נעגערס, אין אַ לאַנד מיט אַן אומגעזונטן קלימאַט, אונטערן שוץ פֿון אַזאַ שוואַכער רעגירונג, ווי די פּאָרטוגעזישע רעפּובליק. אין קורצן האָבן אַלע רייד וועגן אַנגאָלע אויפֿגעהערט, און צוזאַמען מיט דעם איז זיך צעפֿאַלן די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע גופֿא: זי איז אפֿשר געווען שטאַרק גענוג אין איר באַזע, אָבער צו שוואַך אין איר שפּיץ. זי האָט געהאַט אַ גרויסע מאַסע מיטגלידער אין רוסלאַנד און אַנדערע לענדער, אָבער בראש פֿון איר זענען געשטאַנען מענטשן מיט פֿאַרשידנאַרטיקע נאַציאָנאַל=פּאָליטישע שטרעבונגען, וואָס זענען נישט געווען צעמענטירט דורך יענער אידעע אויטאָנאָמיזם און קאָנצענטראַציע פֿון די ייִדישע וואַנדער=מאַסן, וועלכע איז געשטאַנען אין איר פּראָגראַם. אַ טאַלענטפֿולער בעלעטריסט און שאַרפֿזיניקער קריטיקער פֿון אַלע עקזיסטירנדיקע אָרגאַניזאַציעס, האָט זיך אָבער זאַנגוויל אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ נישט=געלונגענעם אָרגאַניזאַטאָר פֿון זיין אייגענער פּאַרטיי. איבעריקנס, די הויפּט-סיבה פֿונם נישט-דערפֿאָלג איז געלעגן נישט אַזוי אין די פּערזאָנען, ווי אין די גרויסע שוועריקייטן פֿון דער זאַך גופֿא. דאָס אַריבערטראָגן די צענטרען פֿון ייִדנטום איז אַ פּאַמעלעכדיקער היסטאָרישער פּראָצעס, און נישט קיין רעזולטאַט פֿון אַ קינסטלעך געריכטעטער באַוועגונג.

## § 47. וואוקס פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג

אין צענטער פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג זענען געשטאַנען רוסישע ייִדן, זיי זענען יענע יאָרן אַממערסטן צרות אויסגעשטאַנען און דאָך — און אפשר טאַקע דערפאַר — האָבן זיי איינגעהאַלטן אין זיך דעם הייסעסטן שטרעבן צו נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט. זיי האָבן געשפּילט אַן אַקטיווע ראָלע סיי אין ציוניזם, סיי אין טעריטאָריאַליזם, וואָס ביידנס פּראַקטישע צילן זענען געווען — אויסבעסערן דעם גורל פון רוסישע ייִדן. אָבער זיי האָבן זיך נישט באַגרענעצט מיט די דאָזיקע צוויי זעלבסטשטענדיקייט-פאָרמען בנוגע פאַרלאָזן רוסלאַנד, זיי האָבן אויך געשאַפן פאָרמען פון אינעווייניקסטער באַנייאונג אין רוסלענדער גיהנום, אינמיטן פון די קרעכצן און שמערצנרופן פון די געדריקטע און מאַרטירער. די אומרואיקע פיר יאָר פון קישעניעווער פּאָגראָם ביזן אונטערדריקן די רוסישע רעוואָלוציע (1903—1907) האָבן דעם נאַציאָנאַל-פּאָליטישן געדאַנק פון די ייִדישע מאסן דערפירט צו גרויסער ראַטיינירטקייט. די געזעלשאַפט האָט זיך שנעל דיפערענצירט אין פּאָליטישע און קלאַסן-פּאַרטייען. די שאַרפע טיילונג אויף דער קלאַסן-סאָציאַלער ליניע האָט אָפּט געבראַכט שאָדן דער איינהייטלעכער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס איז נויטיק אין אזאַ געפערלעכע צייט. אָבער ביי די אַלע אונטערשיידן און ריכטונגען איז געווען אויך עפּעס געמיינזאַמעס פאַר אַלעמען, כאַראַקטעריסטישעס פאַר דער רוסלענדער העלפּט ייִדנטום: דאָס איז — דאָס דרייסטע אַרויסטרעטן קעגן דעספּאָטיזם אונטער דער פאָן פון נישט נאָר בירגערלעך-פּאָליטישער, נאָר אויך נאַציאָנאַלער פרייהייט. אָן שום רעכט, נאָך אַ גרויסן חורבן — האָט דאָך אין אַלגעמיין די ייִדישע געזעלשאַפט זיך נישט דערנידריקט צום אויסבעטלען רעכט „ברעקלעכווייז". זי האָט געפאָדערט רעכט אין פולן פאַרנעם, געפאָדערט נישט אין נאָמען פון אַ ייִדישער „באַפעלקערונג", נאָר פון אַ ייִדיש „פאָלק", אַלס אַ נאַציע צווישן נאַציעס. די דאָקטרינע פון נאַציאָנאַל-קולטורעלער אויטאָנאָמיע האָט זיך אַרויסגעגאָסן אין באַשטימטע לאָזונגען. דאָס איז, ווי מיר האָבן געזען, געווען דער לאָזונג פונם „פאַרבאַנד צו דערגרייכן פולבאַרעכטונג פון ייִדישן פאָלק אין רוסלאַנד", וועלכער האָט אין זיין באַשטאַנד פאַראייניקט אַלע פּאָליטישע גרופּעס, אַ חוץ סאָציאַלדעמאָקראַטן. אָבער בעת דער רעוואָלוציע האָט די דאָזיקע אַלגעמיינע ריכטונג פאַרכאַפּט אויך די ציוניסטן, וועלכע האָבן פריער געלייקנט די מעגלעכקייט פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג אין גלות. אין נאָוועמבער 1906 האָט דער צוזאַמענפאָר פון רוסלענדער ציוניסטן, אין העלסינגפאָרס אָנגענומען די פּראָגראַם פון „סינטעטישן ציוניזם" ד. ה. פון פאַראייניקן פּאַלעסטינער אידעע מיטן קאַמף פאַר נאַציאָנאַל-קולטורעלע אויטאָנאָמיע אין גלות. די אַלגעמיינע רעזאָלוציע פונם צוזאַמענפאָר האָט

אזוי געזאָגט: „די רוסלענדער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע סאַנקציאָנירט דאָס צושטיין פון די ציוניסטן צו דער באַפריי-באַוועגונג פון רוסלאַנדס טעריטאָריעלע פעלקער, און האַלט פאַר נויטיק, אַז דאָס רוסלענדער יידנטום זאָל פאַראייניקט ווערן אויפן יסוד פון אָנערקענען די יידישע נאַציאָנאַליטעט און איר זעלבסטפאַרוואַלטונג אין אַלע ענינים פון יידישן נאַציאָנאַלן לעבן". די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלע רעכט גלייך מיט בירגערלעכע — איז געוואָרן אַ חוב-זאַך ביי די ציוניסטישע קאַנדידאַטן בעת די וואַלן צו די ערשטע מלוכה-דומעס. אין אַ קלענערער מאָס האָבן דעם לאָזונג נאַציאָנאַלע רעכט אונטערגעהאַלטן די צוויי סאָציאַליסטישע גרופּעס, וואָס זענען געווען אָנגעשלאָסן צו ציוניזם און טעריטאָריאַליזם: „פּועלי ציון" און „ציוניסטן-סאָציאַליסטן" (ס. ס.), וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין ציוניסטן-טעריטאָריאַליסטן. ביידע גרופּעס האָבן געפאָדערט בלויז מינימאַלע קולטור-אויטאָנאָמיע אין גלות, ווייל זייער גאַנצע ענערגיע איז געווען געווענדעט אויף עמיגראַציע — די ערשטע קיין פּאַלעסטינע, און די צווייטע — אויף וועלכע ס'איז טעריטאָריע. פון דער צווייטער זייט, איז אין 1906 אַנטשטאַנען די יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי („סיימיסטן"), און זי האָט אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג פון מאַקסימום נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין גלות, אַ יידישן סיים איינגעשלאָסן. אין פּראָגראַם פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי „בונד" האָט פיגורירט אַ מינימום קולטור-אויטאָנאָמיע, הויפּטזאַכלעך בנוגע אָנערקענען די מוטער-שפּראַך פון די יידישע מאַסן אַלס די אונטעריכט-שפּראַך אין שול.

צווישן די אַלע פּאַרטיי-פּראָגראַמען איז ווי אַ גלייכווירקנדיקע קראַפט געשטאַנען אויסער פּאַרטיי און אויסער קלאַסן דער „פאַרבאַנד פאַר פולבאַרעכטונג". אָבער אים איז קיין אריכת ימים נישט באַשערט געווען. ער איז געבוירן געוואָרן מיטן אָנפאַנג פון דער באַפריי-באַוועגונג, און אינאיינעם מיט איר ענדע איז דער פאַרבאַנד אוועק פון דער וועלט. ווען די דירעקטע פּראַקטישע אַרבעט האָט אָנגעוואוירן איר פריערדיקן באַטייט, זענען שאַרפער אַרויסגעטראָטן די טעאָרעטישע חלוקי-דעות צווישן די פאַרשידענע גרופּעס, וואָס זענען אַריין אין פאַרבאַנד. די חלוקי-דעות האָבן גענומען איבערהאַנט איבער דעם געמיינזאַמען נאָענטן ציל, וואָס מיטן אָנקומען פון פּאָליטישער רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט ער זיך אָפּגערוקט גאָר ווייט. צום אָנהייב 1907 איז זיך דער „דערגרייכער-פאַרבאַנד" צעפאַלן אויף זיינע באַשטאַנד-טיילן. איינמאָל איז פון אים אַוועק די ציוניסטישע פּאַרטיי: זי האָט בעסער געוואָלט אויך איר „געגנוואַרטס-אַרבעט" פירן אונטער דער אייגענער פאָן. די העלסינגפאָרסער פּראָגראַם פון סינטעטישן ציוניזם האָט זיך אַלץ מער פאַרשמעלערט, וויבאַלד די האָפנונגען אויף גיכע עמאַנסיפּאַציע זענען אָפּגעשוואַכט געוואָרן. נאָך האָט זיך אויסגעטיילט פון פאַרבאַנד די „יידישע פאָלקסגרופּע", וועלכע איז פּרינציפּיעל געווען קעגן ציוניזם און קעגן זוכן נייע צענטערן אויסער

רוסלאַנד בכלל. די דאָזיקע גרופּע (אין פּעטערבורג זענען בראש פון איר געשטאַנען דער פירער פון דער קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטשיער פּאַרטיי מ. ווינאַווער און דער איינפלוסרייכער געזעלשאַפטלעכער טוער ה. סליאָזבערג, אַן אָפּטער שתדלן ביי דער רעגירונג וועגן יידישע ענינים) האָט אויפן ערשטן פּלאַן אַרויסגערוקט — דעם קאַמף פאַר בירגערלעכער גלייכבארעכטונג אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט דער רוסישער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפט; אין געביט פון „נאַציאָנאַלע רעכט" ווידער האָט זי זיך באַגרענעצט מיט דער אַלגעמיינער פאָדערונג פון „זעלבסטבאַשטימונג", נישט דערקלערנדיק, וואָס אַזוינס איז דער אינהאַלט פונם דאָזיקן אומבאַשטימטן טערמין. אינגאַנצן אויפן גרונט פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז געשטאַנען אַ דריטע גרופּע, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פונם „דערגרייכער-פאַרבאַנד" און באַקומען דעם נאָמען „יידישע פאָלקס-פּאַרטיי". די פּראָגראַם פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך נאָך נישט באַוויזן אויסצופאָרמירן צוליב דער רעאַקציע, וואָס איז געקומען אויף רוסלאַנד, האָט זיך באַזירט אויף יענעם פּרינציפּ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וועלכער האָט זיך נאָך ביז דער רעוואָלוציע אַנטוויקלט פּאַראַלעל מיטן ציוניזם (§ 34). קעמפן גלייכצייטיק פאַר בירגערלעכע און נאַציאָנאַלע רעכט; שאַפן אויטאָנאָמע נאַציאָנאַלע קהילות, וואָס זאָלן זיין פאַראייניקט אין אַ קהילות-פאַרבאַנד מיט אַ צענטראַלן זעלבסטפאַרוואַלטונגס-אָרגאַן; אַ נאַציאָנאַלע שול מיט אָנערקענונג פון ביידע שפּראַכן, העברעאיש און יידיש, — אָט דאָס זענען די הויפּטפּונקטן פון דער פאָלקספּאַרטייס פּראָגראַם. גלייכצייטיק, אַרויסגייענדיק פונם היסטאָרישן געדאַנק וועגן איבערפלאַנצן די גלות-צענטרען, האָט די פּאַרטיי אָנערקענט די עמיגראַציע קיין אַמעריקע און די קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינע פאַר גרויסע נאַציאָנאַלע פאַקטאָרן. געווען איז נאָך אַ פערטער עלעמענט אינם „דערגרייכער-פאַרבאַנד" — די קליינע „יידישע דעמאָקראַטישע גרופּע", — זי האָט זיך אונטערשיידעט פון דער „פאָלקסגרופּע" בלויז מיט אַ גרעסערן פּאָליטישן ראַדיקאַליזם. נאָכדעם ווי דער פאַרבאַנד איז זיך צעפאַלן, פלעגן די פאַרטרעטער פון אַלע פיר גרופּעס אין פּעטערבורג זיך אָפּט פאַראייניקן אין פאַרשידענע קאָאַליציעס. אַלע געמיינזאַם האָבן זיי געאַרבעט אין אַ שטענדיקן ראַט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט די יידישע דעפּוטאַטן פון מלוכה-דומע געפירט די יידישע פּאָליטיק אין דומע און אויסער איר[1]. אָן

[1] אַ געווויסע צייט (1910—12) האָט די ראָלע פון אַזאַ ראַט געשפּילט דער אַזוי-גערופענער „קאָוונער קאָמיטעט", אַ צווישנפּאַרטייאישע פאַראייניקונג, וואָס איז געבילדעט געוואָרן אויפן צונויפפאָר פון יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער אין קאָוונע, סוף 1909. מיט דער צייט איז אָבער די פאַרטרעטערשאַפט פון באַזונדערע פּאָליטישע פּאַרטייען אין דעם קאָמיטעט געוואָרן נישט פיל, און די אָנפירער אין אים זענען געוואָרן די פאָרשטייער פון דער „יידישער פאָלקס-גרופּע".

אַ זייט פון דער דאָזיקער קאָאַליציע גרופּעס, וועלכע זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט פון אַלגעמיינער פאָלקס-פּאָליטיק, זענען פאַרבליבן די סאָציאַלדעמאָקראַטישע גרופּעס („בונד" און אנדערע), וועלכע האָבן קלאַסן-אינטערעסן העכער געשטעלט פאַר נאַציאָנאַלע און נישט צוגעלאָזט קיין שום צוזאַמענאַרבעט מיט „בורזשואַזע" עלעמענטן — הגם אין דער אמתן זענען עס ס'רוב געווען קלאַסנלאָזע, אינטעליגענטע, אָפט זייער ראַדיקאַלע און דעמאָקראַטישע עלעמענטן.

די פּאָליטישע טעטיקייט פון די יידישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד האָט זיך נאָך דער רעוואָלוציע שטאַרק פאַרשמעלערט, דערפאַר אָבער האָט זיך די בילדונגס-קולטורעלע אַרבעט פאַרשטאַרקט. פון אַלע געווינסן פון דער רעוואָלוציע זענען, אַ חוץ דער צעקאַליעטשעטער קאָנסטיטוציע, פאַרבליבן גאַנץ נאָר איניקע שטיקלעך פרייהייט — פון פּרעסע, פאַראיינען און פאַרזאַמלונגען. די פרייהייט פון פאַראיינען, הגם אין אַ באַגרענעצטער מאָס, האָט דאָך געגעבן אַ מעגלעכקייט צו גרינדן קולטור-געזעלשאַפטן און איינאָרדנען עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען, פאָרלעזונגען און דעבאַטן. און אַהער האָט זיך טאַקע געוואָרפן די יידישע אינטעליגענץ מיט דער גאַנצער ענערגיע. אויפן גרונט פון געזעץ פון 1906 וועגן געזעלשאַפטן און פאַרזאַמלונגען האָט מען אומעטום געגרינדעט גייסטיק-קולטורעלע און עקאָנאָמישע (פאַר קאָאָפּעראַציע און קרעדיט) געזעלשאַפטן. אין 1908 איז אין פּעטערבורג אַנטשטאַנען די „יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט", און אינגיכן האָבן זיך צעצווייגט ביז הונדערט אירע אָפּטיילונגען אין פּראָווינץ. אומעטום זענען געגאַנגען צאָלרייכע פאַרזאַמלונגען פון מיטגלידער אין דער געזעלשאַפט, מ'האָט געהאַלטן רעפעראַטן, לעקציעס, פאָרגעלייענט ווערק פון די בעסטע פאָלקס-שרייבער, געפירט דעבאַטן איבער אַלע נאַציאָנאַלע פראַגן. גלייכצייטיק האָט מען אין פּעטערבורג געגרינדעט די ערשטע יידישע וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפט — די היסטאָריש-עטנאָגראַפישע, וועלכע האָט פון 1909 אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ פערטליאָרשריפט „יעווריעיסקאַיאַ סטאַרינאַ" (יידישע אַלטערטימער). די וויסנשאַפטלעכע פאָרטראַגן אויף די פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט פלעגן צוציען אַ גרויסן עולם און אַרויסרופן אינטערעס צו די טיפערע פּראָבלעמען פון יידנטום. די עלטסטע געזעלשאַפט „מפיצי השכלה" האָט איר טעטיקייט פאַרברייטערט און אין אַ גרויסער מאָס באַנייטער פּראָגראַם — זי האָט דער עיקר געשטרעבט איצט צו באַשאַפן אַ גרויסע נעץ עלעמענטאַרע נאַציאָנאַלע שולן.

די פראַגע וועגן דער שפּראַך ביים שול-אונטעריכט איז אין יענער צייט געוואָרן אַלץ ברענענדיקער. אַ חוץ דעם הייפל אַסימילאַטאָרס, האָבן אַלע פאַרשטאַנען די נויטיקייט צו רעפאָרמירן די אַלגעמיינע שול פאַר יידישע קינדער אין דעם זין, אַז אַלע געגנשטאַנדן זאָלן געלערנט ווערן

אין דער מוטער-שפּראַך פֿון די תּלמידים. ס'איז נאָר געגאַנגען אַ מחלוקה
וועלכע שפּראַך זאָל עס זיין: די אומגאַנג-שפּראַך פֿון די פֿאָלקס-מאַסן, יידיש-
וואָס קעגנער האָבן זי באַטראַכט ווי אַ „זשאַרגאָן", אָדער די אַלטע נאַציאָ-
נאַלע שפּראַך, וועלכע מען דאַרף דורך דער שול מאַכן פֿאַר אַ מוטער-
שפּראַך, מאַכן זי לעבעדיק און פֿון אַ ליטעראַרישער זי ווידער פֿאַרוואַנד-
לען אין אַ אומגאַנג-שפּראַך. ביי דער לעצטער מיינונג האָבן זיך געהאַלטן ציו-
ניסטן: זיי האָבן געוואָלט ציוניזירן דעם גלות און אָפּשוואַכן די קאָנקורענץ
פֿון די „זשאַרגאָנען" מיט דער איינציקער נאַציאָנאַלער שפּראַך; אָבער די
אַנדערע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישע גרופּעס האָבן נישט מסכּים געווען מיט
אַזאַ קינסטלעכער שול-בויאונג צוליב דער דערגרייכונג פֿון פּאָליטישע צילן
און זיי האָבן אַלס מוטער-שפּראַך אָנערקענט יידיש, אויף וועלכן עס רעדן
באמת מיליאָנען קינדער פֿון יונגסטן שול-עלטער. דער שטרייט צווישן
„העברעאיסטן" און „יידישיסטן" איז אַוועק ווייט איבער די גרענעצן פֿון
דער שול-פֿראַגע און איז אַריינגעדרונגען אין געביט פֿון אַלגעמיינער
נאַציאָנאַל-קולטורעלער פּראָבלעם. צי דאַרף די לעבעדיקע נאַציע דערלאָזן,
אַז איר ליטעראַטור זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַלע וועלט-שפּראַכן, צום שאָדן
פֿון דער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך אָדער פֿון איצטיקן פֿאָלקס-לשון ביי
דער גרעסטער העלפֿט יידן? צי דאַרף מען נישט שטרעבן, אַז די אייגענע
שפּראַך — זאָל עס זיין די אַלטע, אָדער די נייע — זאָל הערשן אין אַלע
קולטור-געביטן, אין פּריוואַטן און עפֿנטלעכן לעבן, און אַזוי אַרום איינ-
האַלטן די אַסימילירנדיקע ווירקונג פֿון די פֿרעמדע שפּראַכן? הייסע קעמפֿ
זענען שוין דאָ פֿאַרקראָכן צו ווייט, — זיי האָבן פֿאַרגעסן וועגן די איי-
זערנע אַנטוויקלונגס-געזעצן אינם וועלט-גלות משך טויזנטער יאָרן, וועגן
דעם אַז פֿון אייביקע יאָרן זענען יידן געווען פֿיל-שפּראַכיק סיי אין טאָג-
טעגלעכן לעבן, סיי אין ליטעראַטור. ביידע צדדים — העברעאיסטן און
יידישיסטן — זענען אין די מחלוקות דערגאַנגען צו לעצט-שאַרפֿקייטן, —
נישט זעלטן אויך ביז עפֿנטלעכע סקאַנדאַלן: די שרייערס פֿון יעדער פּאַר-
טיי פֿלעגן אויף פֿערזאַמלונגען פֿאָדערן פֿון די רעדנער, אַז יענע זאָלן
רעדן אויף דער שפּראַך וואָס זייער פּאַרטיי אָנערקענט. די לעצט-העברע-
איסטן האָבן געלאָזט אין גאַנג אַזאַ רוף: „אָדער העברעאיש, אָדער רוסיש"
(או עברית או רוסית), יידיש האָבן זיי פֿאַראַכטעט ווי די שפּראַך פֿון גלות
(אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון רוסישע ציוניסטן אין האַמבורג 1909 האָט מען
דעם רעפֿערענט נישט געלאָזט רעדן אויף יידיש). פֿון דער אַנדערער זייט
האָבן אַ סך יידישיסטן, באַזונדערס פֿון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אויס-
געדריקט פֿאַראַכטונג צו דער „טויטער" העברעאישער שפּראַך און אַפֿילו צו
איר ליטעראַטור — זיי האָבן געהאַלטן, אַז פֿון היינט אָן דאַרף נאָר די
לעבעדיקע שפּראַך פֿון די פֿאָלקס-מאַסן הערשן אין אַלע ווינקלען פֿון

לעבן. דאָך ביי די אַלע עקסטרעמען איז אין תוך פונם שפּראַכן-שטרייט זיכער געווען א געזונטע שטרעבונג: בויען דאָס לעבן אויף נאָרמאַלע אוי-טאָנאָמע יסודות, אויפלעבן אָדער איינהאַלטן און אַנטוויקלען איינעם פון חיכטיקסטע סימנים ביי א לעבעדיקער נאציע.

די רוסישע רעגירונג פון דער תקופה רעאַקציע האָט זיך מיט אומרו צוגעקוקט צום וואוקס פון דער קולטור-נאציאָנאַלער באַוועגונג ביי יידן און האָט זי געפּרובט אָפּשטעלן, אַזוי ווי זי האָט עס געטון לגבי די איינהיימ-לעכע באַוועגונג ביי אוקראַינער און פּאָליאַקן. אין 1910 האָט סטאָליפּין אין א צירקולאַר צו די גובערנאַטאָרס אָנגעוויזן, אַז די קולטור- און בילדונגס-פאַראיינען ביי די פרעמדע פעלקער העלפן אויפוועקן אין זיי „שמאָלן נאַ-ציאָנאַל-פּאָליטישן זעלבסטבאַוואוסטזיין" און ברענגען צום „פאַרשטאַרקן די נאציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייט", — דעריבער דאַרפן אַלע געזעלשאַפטן פון אוי-קראַינער און יידן, וואָס זענען געגרינדעט מיט אַזאַ ציל, פאַרווערט ווערן. אין נאָענטן יאָר האָט מען, אויפן באַפעל פון דער רעגירונג, געשלאָסן די יידישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט אין פעטערבורג און אַלע אירע 120 אָפּ-טיילונגען אין פּראָווינץ, וועלכע האָבן געפירט א באַזונדער אינטענסיווע אַרבעט מיט איינאָרדנען ביבליאָטעקן, לעקציעס, קורסן פון יידישע קענטע-נישן וכדומה געזעלשאַפטלעכע פאַרזאַמלונגען. אודאי האָט דער פּאָגראָם קעגן יידישער גייסטיקער קולטור נישט אַזוי שנעל דערגרייכט זיין ציל, ווי די געוויינלעכע לעגאַלע גאַסן-פּאָגראָמען. נישט געקוקט אויף אַלע רדיפות און נגישות, איז די קולטור־אַרבעט ווייטער געגאַנגען אין פאַרשידענע גע־זעלשאַפטן און אומלעגאַלע קרייזן.

עס האָט זיך אויך ווייטער אַנטוויקלט דער ליטעראַרישער רענעסאַנס, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסלאַנד אין די 90-ער יאָרן און איז נאָך־ צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן דורכן רעוואָלוציע-שטורם. די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע איז געגאַנגען פּאַראַלעל אין אַלע דריי שפּראַכן. גאָר שטאַרק האָט אויפגעלעבט די פּעריאָדישע פּרעסע, וועלכע האָט אָפּגעשפּיגלט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. צוגלייך מיט דער זשורנאַ-ליסטיק אין העברעאיש און רוסיש (די צייטונגען „הצפירה" אין וואַרשע און „הזמן" אין ווילנע, דער סאָלידער חודש-זשורנאַל „השלוח" אונטער י. קלויז-נערס רעדאַקציע אין אָדעס, די וואָכנשריפטן „ראַזסוויעט", „יעווריעיסקי מיר" און „נאָווי וואָסכאָד" אין פעטערבורג) איז אויסגעוואַקסן א פּרעסע אויף דער שפּראַך פון די פּאָלקסמאַסן, וועלכע האָט געהאַט הונדערטער טויזנט לייענער (די צייטונג „פריינד" אין פעטערבורג, „היינט" און „מאָמענט" און אַנדערע אין וואַרשע). עס זענען אויפגעקומען טאַלענטירטע פּובליציסטן, וואָס האָבן געהאַוסט צו פאַרבונדן טאָגפּראַגן מיט העכערע פּראָבלעמען פון יידנ־טום, לויט אחד-העמס מעטאָד. אין געביט פון קונסטשאַפונג זענען צוגעקו-

מען צו די פריערדיקע אַ סך נייע כּוחות. נאָכן אָנערקענטן נאַציאָנאַלן
פּאָעט ביאַליק איז געקומען א גאַנצע פּלאַנגע באַגאַבטע דיכטער: ז. מ ן
ש נ י א ו ר, וועלכער האָט אין זיינע לידער אָפּגעשפּיגלט די גייסטיקע בלאָנ־
דזשעניש פון יענער שטורמישער תּקופה אין פאַרבינדונג מיט די מאָדער־
ניסטישע ריכטונגען; די ראָמאַנטיקער י ע ק ב כּ ה ן, פ י כ מ אַ ן און אַנדערע
טאַלענטן, וואָס האָבן זיך נאָך נישט באַוויזן פאַנאַנדערצוויקלען. אַ רייע
עפּיקער און נאָוועליסטן איז אַוועק אין די דרכים פון פּרץ און שלום אַש.
אַשס גופא טאַלענט האָט זיך אין דער פולער מאָס אַנטפּלעקט אין די יאָרן
נאָך דער רעוואָלוציע. זיינע דראַמען האָבן געהאַט שטאַרק דערפאָלג אויף
דער יידישער און אויף דער רוסישער סצענע („משיחס צייטן", „גאָט פון
נקמה", „יחוס" א. א.); זיינע לעבנסשטייגער־נאָוועלן זענען געווען א דער־
גאַנצונג צו זיין פּאָעמע פון יידישן שטעטל (§ 37). קליין זענען אַלץ געווען
די שעפערישע כּוחות אין געביט פון יידישער וויסנשאַפט, אָבער דער אינ־
טערעס צו איר, באַזונדערס צו געשיכטע, איז געוואָקסן. דעם מאנגל אין
יחידישער שאַפונג — האָט געדעקט די קאָלעקטיווע ארבעט. „יעווריעיסקאַיאַ
סטאַרינאַ" האָט שטאַרק פאַרברייטערט דעם קרייז ידיעות אין געשיכטע
פון פּויליש־רוסישן יידנטום; היינט די „יידישע ענציקלאָפּעדיע" אין דער רו־
סישער שפּראַך, צונויפגעשטעלט לויט דער אמעריקאַנער Jewish Encyclopedia
מיט אַ סך הוספות, האָט געגעבן דעם ברייטן עולם א מעגלעכקייט זיך צו
אָריענטירן אין געביט פון יידישער וויסנשאַפט בכלל. פיל ווערק פון דייטש־
יידישע געלערנטע זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש און העברע־
איש, — מ'האָט אומגעקערט דעם פאָלק דאָס, וואָס ס'איז פריער צוגענגלעך
געווען בלויז פאַר יחידים. בכלל איז ערב דעם פאַטאַלן קריזיס פון
1914 געווען א סך סימנים, אַז די גייסטיקע שאַפונג זאָגט צו צו וואַקסן
ווייטער שנעל.

מיט ווייניקער אינטענסיווקייט, ווי אין רוסלאַנד, איז געגאַנגען די נאַ־
ציאָנאַל־קולטורעלע אַרבעט אין מערב. אויסער גאַליציע, — אַן אָרגאַנישער
טייל פון פּויליש־רוסישן יידנטום — איז דאָ נישט געווען אַזאַ צוזאַמענבונד
פון נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע מיטן לעבן, אַזוי ווי אין מזרח־אייראָפּע. אין
די מוחות פון די פאַרגליווערטע אַסימילאַטאָרס איז פאַר אַזאַ אידעאָלאָגיע
קיין פּלאַץ נישט געווען. נאָך אין 1913 האָט דער „פאַרבאַנד דייטשע בירגער
פון יידישן גלויבן" אָנגענומען אַ רעזאָלוציע: נישט צונעמען פאַר קיין
מיטגלידער אין פאַרבאַנד אַזעלכע יידן, וואָס האַלטן זיך נישט פאַר קיין
דייטשן לויט נאַציאָנאַליטעט. אין קורצן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אפילו
ציוניסטן אין דייטשלאַנד פירן נישט אַלעמאָל דורך קיין באַשטימטע גרענעץ
צווישן נאַציאָנאַלן און אַסימילאַטאָרישן אני־מאמין. דער מערבדיקער ציוניזם,
אין זיין פּראַקטיק אַ פילאַנטראָפּישער, האָט פון דער נאַציאָנאַלער דאָגמע

נישט געמאַכט קיינע פֿאַרפֿליכטנדיקע אויספֿירן פֿאַרן אינעווייניקסטן לעבן, אַ סך פֿאָרשטייער פֿון דייטשן ציוניזם האָבן געהאַלטן פֿאַר מעגלעך צו פֿאַראייניקן נאַציאָנאַליזם אין פּאַלעסטינע מיט אַסימילאַציע ביי זיך אין דער היים. הייסע ויכּוחים מכּוח דעם האָבן זיך געפֿירט אויפֿן צונויפֿפֿאָר פֿון דייטשע ציוניסטן אין לייפּציג, יוני 1914, סאַמע ערבֿ דעם וועלטקריג. די מחלוקה איז געגאַנגען צווישן צוויי גרופּעס — „ראַדיקאַלן" און „רעוויזיאָניסטן". די ערשטע האָבן געהאַלטן, אַז ציוניזם איז מחייב זיינע אָנהענגער צו זיין נאַציאָנאַליסטן אויך אין זייער פּערזענלעכן לעבן, ביים דערציִען די קינדער, און בכלל זיך אָפּזאָגן פֿון אַלע אַסימילאַציע־רגילותן. די רעוויזיאָניסטן האָבן געטענהט, אַז ציוניזם איז מחייב צו בויען נאַציאָנאַלע קולטור אין פּאַלעסטינע, אָבער נישט אין גלות, וואו אַזוינס איז אוממעגלעך. צוויי אָנגעזעענע פֿאָרשטייער אין דער פּאַרטיי, הערצלס ביאָגראַף פֿרידעמאַן און דער איניציאַטאָר פֿון קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניעס אין פּאַלעסטינע פֿראַנץ אָפּענהיימער, האָבן אויפֿן צוזאַמענפֿאָר אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז ציוניזם און אַסימילאַציע לאָזן זיך אינגאַנצן פֿאַראייניקן. ווען די באַזעלער פּראָגראַם — זאָגט אָפּענהייער — זאָל פֿון מיר פֿאָדערן מער, ווי דאָס באַוואוסטזיין פֿון אונזער געמיינזאַמען אָפּשטאַם, מיט וועלכן איך שטאָלציר, וואָלט איך קיין ציוניסט נישט געוואָרן. הערצל האָט גוט געוואוסט, אַז פּאַלעסטינע מיט די שכנישע לענדער קאָנען נישט אַריינעמען קיין 12 מיליאָן יידן; ער האָט אויך פֿאַרשטאַנען, אַז מערבֿ־אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער יידן וועלן אַהין נישט גיין. דאָס יידישע צוזאַמענלעבן אין פּאַלעסטינע וועט מעגלעך מאַכן אַ ווירדיקע עקזיסטענץ אין גלות, אַנטיסעמיטיזם וועט אָפּגעשוואַכט ווערן, עמיגראַציע פֿון די מזרח־לענדער וועט אויפֿהערן, און *אין מערבֿ־אייראָפּע וועט זיך עפֿענען אַ מעגלעכקייט פֿון פֿולשטענדיקער אַסימילאַציע*. אָפּענהיימער וואַרפֿט נאָר אָפּ די געמיינע אַסימילאַציע, וואָס שטופּט דעם יידן צו קריכן אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפֿט צוליב קאַריערע, אָבער אויף אַ קולטורעלע אַסימילאַציע גייט ער איין אין פֿולן פֿאַרנעם — ווי אַן אידעע און ווי אַ פֿאַקט. „איך בין נישט קיין אַסימילאַטאָר, אָבער איך בין דאָך אַסימילירט. איך בין אַ דייטש, און איך בין שטאָלץ דערויף, פּונקט ווי איך שטאָלציר מיט מיין יידישן אָפּשטאַם. איך בין גליקלעך, וואָס איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין לאַנד פֿון קאַנט און גוטע, רעד אויף זייער שפּראַך, האָב אין זיך איינגעזאַפּט זייער קולטור און קונסט, זייער וויסנשאַפֿט און פֿילאָזאָפֿיע. מיין „דייטשישקייט" איז פֿאַר מיר אַזוי הייליק, ווי מיין יידישער אָפּשטאַם, און איך וועל ווי קעגן אַ מערדער קעמפֿן — באַנוצנדיק גבֿריאלס ריסערס אַ וואָרט, — קעגן יעדן, וואָס וועט באַליידיקן מיין דייטשיש געפֿיל. איך פֿאַרבונד אין מיר דייטשיש און יידיש נאַציאָנאַל געפֿיל. איך און מיינע פֿריינט שטייען פֿעסט

אויפן באָדן פון באַזונדער פּראָגראַם, און אונדזער דייטש־נאַציאָנאַלע וועלט־באַנעמונג שטערט אונדז נישט צו זיין גוטע ציוניסטן". פרידעמאַן האָט דער־קלערט, אַז דאָס נאַציאָנאַלע „קרעדאָ" פון א ציוניסט, וואָס האָט איינגע־צאָלט דעם פּאַרטיי־שקל, אינטערעסירט נישט די פּאַרטיי, אַז די קולטור־אידעאַלן בייטן זיך נישט איבער דעם און אַז אין דייטשלאַנד איז אוממעג־לעך צו פלאַנצן א יידישע נאַציאָנאַלע קולטור. „מיר קאָנען נאָר זיין קול־טור־דייטשן" — האָט ער פאַרענדיקט. די מערהייט גלידער פון לייפּציגער צוזאַמענפאָר האָט נישט מסכים געווען מיט אַזאַ טעאָריע פון א טאָפּל־נאַציע און זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון די „ראַדיקאַלן", אָבער ס'איז מערקווירדיק געווען, ווי אַזוי הערצלס מיטקעמפער דערלאָזן די געזעצלעכ־קייט פון פולער אסימילאַציע אין מערב ביים דערגרייכן דעם אידעאַל פון ציוניזם אין מזרח. דער מערב־ציוניזם האָט נישט געוואוסט פון קיין אידעע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע אין גלות און האָט נישט באַנומען דעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט, וועלכן עס האָבן געפירט די יידן אין רוס־לאַנד און גאַליציע. ער איז נאָך נישט געקומען צו דעם, וואָס עס איז געווען דער זינען און ציל פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג: די באַדערפע־ניש צו אָנערקענען די יידישע נאַציע, אַלס א גאַנצע איינהייט אויף דער גאַנצער וועלט.

עפּעס א אידעאישער כאַאָס האָט געהערשט ביי די בעסטע מוחות פון מערב־יידנטום אין יענער איבערגאַנגס־תקופה. די גאַנצקייט פון די אָנשוי־אונגען אין דער אסימילאַציע־תקופה האָט זיך געפּעלט, עס האָט זיך אָבער נאָך נישט איינגעשטעלט קיין גאַנצקייט פון א נאַציאָנאַלער וועלט־אָנשויאונג. מארטין פיליפּסאָן, דער אויבנדערמאָנטער מחבר פונם פּראָיעקט וועגן א „יודענטאַג", האָט דער ערשטער אין דייטשלאַנד געהאַט די דרייסטקייט צו באַנוצן דעם נאַציאָנאַלן טערמין אינם קעפּל פון זיין בוך: „די נייעסטע געשיכטע פונם יידישן פ אָ ל ק" (לייפּציג, 1907—1911, 3 בענד); אָבער אינם אינהאַלט פונם בוך פעלן די מינדעסטע שפּורן פון א נאַציאָנאַלער קאָנצעפּציע פון יידנטום. פאַרקערט, מען טרעפט דאָ א דירעקטן אָפּלייקענען פון אַזא אויפפאַסונג. רעדט ער וועגן די פּאָרוואורפן, וואָס מ'האָט פראַנ־צויזישע יידן געמאַכט בעת נאַפּאָלעאָן I וועגן דעם, אַז זיי זענען נישט קיין רעליגיעזע גרופּע, נאָר גאָר א באַזונדער פאָלק, — רופט אויס דער מחבר: „אַזוי אַלט איז דער דאָזיקער ליגן!" (ב. I, ז. 12[1]). צום פּראַקטישן אָדער פילאַנטראָפּישן ציוניזם באַציט זיך פיליפּסאָן מיט טאָלעראַנץ, אַקעגן קאָן ער אפילו נישט באַנעמען דעם מאָדערנעם „ריינעם נאַציאָנאַליזם", ד. ה. דעם אויטאָנאָמיזם און דאָס פאָדערן נאַציאָנאַלע רעכט אין גלות: „אַט

---

1) אין דער צווייטער אויסגאַבע פון דעם באַנד, וואָס איז אַרויס נאָכן מחברס טויט, אונטער דער רעדאַקציע פון פּ. ריגער (1921), איז דער דאָזיקער אויסרוף אַרויסגעלאָזן.

דער דאָזיקער״ ריינער נאַציאָנאַליזם, וואָס וויל דאָס יידנטום פאַרוואַנדלען פון א רעליגיעזער גרופּע אין א נאַציע, — א פאָלק, וואָס האָט נישט קיין מלוכה און לויט אַלע אויסזיכטן וועט עס אויך נישט האָבן, — דאָס איז דאָך אַן אומזין״ (ב. II, ז. 165). זיין אידעאַל פון דייטשן יידנטום זעט פיליפּסאָן אין דעם, אַז מען זאָל פאַרבלייבן „אין דער פולער מאָס דייטשן פון יידישן גלויבן״ (I, 120). ער באַרעכטיקט אפילו דאָס, וואָס יידן באַטייליקן זיך אין גערמאַניזירן דאָס פוילישע פויזן: דאָס איז א באַווייז פון זייער פרייסישן פּאַטריאָטיזם (I, 263). א חוץ אידעאָלאָגישער נישט-קאָנסעקווענטקייט, באַוואונדערט אין פיליפּסאָנס בוך זיין נישט-קענען דעם אינעווייניקסטן לעבנס-שטייגער פון יידן און באַזונדער זיין נישט-קענען די ליטעראַטור אין העברעאיש, וועלכן ער באַהערשט אפּנים נישט. די נעמען פון יידישע שרייבער זענען פאַרפלאָנטערט, די כאַראַקטעריסטיקעס פון זייערע ווערק אַנטשפּרעכן אָפט נישט דעם אינהאַלט (למשל, סמאָלענסקיס פּובליציסטיש בוך „עם עולם״ איז אָנגערופן „ראָמאַן״; אחד-העם איז פאָרגעשטעלט אַלס פּרעדיקער פון „רעליגיעזער אחדות, אָבער אָן טראַדיציאָנעלע מנהגים״; II, 167, 169). אויף אַזוי פיל איז געפאַלן די קענטניש פון העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור אינם קלאַסישן לאַנד פון יידישער וויסנשאַפט, אין דער היים פון צונץ, גרעץ, אברהם גייגער און דעם פאָטער פונם מחבר אַליין פונם אָנגערופענעם בוך — לודוויק פיליפּסאָן. מאַרטין פיליפּסאָן האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר א בעסערן געשיכטס-שרייבער פון אַלטן פרייסן און דער תקופה פון לודוויג דעם 14-טן, איידער פון זיין אייגענעם פאָלק, — וואָרום ער האָט געהערט צום צווייטן דור אַסימילירטע, וועלכע זענען שוין ווייט געווען פון די מקורים אין נאַציאָנאַלן וויסן. דער זון פונם היסטאָריקער — רעפאָרמיסט, בערלינער פּראָפעסאָר לודוויג גייגער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין געשיכטע פון דייטשער ליטעראַטור און א דילעטאַנט אין יידישע געשיכטע. פון 1909 האָט ער רעדאַקטירט די אַלטע „אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס״ אין אַזא ראַדיקאַל-אַסימילאַטאָרישן גייסט, וואָס וואָלט אויפגערעגט זיינע פאַרשטאָרבענע פאָרגייער — קאַרפּעלעס און פיליפּסאָן-דער-פאָטער. ער האָט זיך נישט זשענירט צו שרייבן וועגן ציוניסטן, אַז דאָס זענען שונאים פון דייטשן פאָטערלאַנד, וואָס זענען נישט ווערט צו געניסן בירגערלעכע רעכט. די געקומענע יידן פון רוסלאַנד האָט ער געשילדערט ווי שעדלעכע פרעמדע און האָט פאָרגעלייגט זיי אויסצושליסן פון די אָרטיקע דייטש-יידישע געמיינדעס. צום כבוד פון דייטשע יידן, דאַרף מען אָבער באַמערקן, אַז אַזוינע פאַרקריפּלונג-דערשיינונגען האָט מען לערך זעלטן געטראָפן. די תקופה קאַמפּסאסימילאַציע האָט זיך שוין געפעלט, און צווישן די סטיכייאיש-אסימילירטע האָט מען גאַנץ אָפט געטראָפן שטימונגען פון בעלי-תשובה, אַ בענקעניש צום אייגן פאָלק.

אין געביט פון יידישער וויסנשאַפט האָט זיך ווייטער געצויגן דאָס אויסטריקענען פון אָריגינעלער שאַפונג, — וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך גרעצס טויט. נישט געווען מער יענע ענציקלאָפּעדישע קעפּ, וואָס זאָלן קענען אין זייער געזיכטקרייז איינשליסן דרייסיק יאָרהונדערטער יידישער געשיכטע, פּונקט ווי אַזעלכע האָבן געפעלט אין דייטשלאַנד לגבי דער אַל-וועלטלעכער געשיכטע זינט ראַנקעס צייט. יידישע געשיכטע האָט מען גע-מוזט באַאַרבעטן קאָלעקטיוו, אַריינגעמענדיק אין איין זאַמלונג מאָנאָגראַ-פיעס פון באַזונדערע ספּעציאַליסטן. אין 1902 איז אין בערלין געגרינדעט געוואָרן א „געזעלשאַפט צור פערדערונג דער וויססענשאַפט דעס יודענטומס״,— און זי האָט פאַרגענומען אַ קאָלעקטיווע אַרבעט, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ פיל-בענדיקע אויסגאַבע און ארומנעמען נישט נאָר אַלע געשיכטע-תקופות, נאָר אויך אַנדערע געביטן פון יידישער וויסנשאַפט. די דאָזיקע אויסגאַבע איז אָנגעהויבן געוואָרן מיט דעם דערמאָנטן נישט-געלונגענעם ווערק פון פיליפּסאָן, דעם פאָרזיצער פון דער געזעלשאַפט, אָבער אין די ווייטערדיקע בענד זענען אַרויס אַזעלכע ערנסטע מאָנאָגראַפיעס, ווי די „עקאָנאָמישע גע-שיכטע פון יידן אין מיטלאַלטער און נייע צייט״ פון ג. קאַראָ (1908: ביים מחברס לעבן איז אַרויס דער ערשטער באַנד, דער צווייטער — שוין נאָך זיין טויט), „די תלמודישע אַרכעאָלאָגיע״ פון שמואל קראַוס, פּראָפע-סאָר פון ראַבינער-סעמינאַר אין ווין (דריי בענד, 1910—12), „אַפּאָלאָגעטיק״ פון ווינער ראַבינער גידעמאַן און „די סיסטעמאַטישע טעאָלאָגיע״ פון ק. קאָהלער, פּראָפעסאָר פון ראַבינער-סעמינאַר אין צינצינאַטי (אַמעריקע).

תחילת 20-טן יאָרהונדערט האָט זיך די געזעלשאַפט — סיי יידישע סיי קריסטלעכע — שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער וויסנשאַפטלעכער דיסקוסיע וועגן „בבל און ביבל״, וואָס דער דייטשער אַסיריאָלאָג פרידריך דעליטש האָט אַרויסגערופן מיט זיינע לעקציעס און ווערק (Babel und Bibel, 1903—1904). אויפן גרונט פון אוראַלטע אַשוריש-בבלשע אויפשריפטן און באַזונדערס פונם ניי-אַנטדעקטן (בעת אויסגראָבונגען) קאָדעקס פון האמוראַבי האָט דעליטש דערוויזן, אַז די ביבעל האָט דער וועלט געגעבן ווייניק נייעס: אירע רעליגיעזע גרונט-אידעען, מיטן, פּאָעטישע לעגענדעס און ביר-גערלעכע געזעצן זענען גענומען פון אוראַלטע בבלשע קוועלן. אין אַ רייע עפנטלעכע לעקציעס, וואָס דעליטש האָט געהאַלטן אין בערלין אין 1903, האָט ער אַנטוויקלט אָט דעם געדאַנק, און דאָס האָט געשאַפן אַ סענסאַציע אין דער געזעלשאַפט, און אפילו צוגעצויגן דעם אויפמערקזאַם פון קייזער ווילהעלם. עס איז אויפגעקומען אַ מחלוקה צווישן די „פּאַנבאַבילאָניסטן״ און פאַר-טיידיקער פון תנ״ך, עס האָט אַרויסגערופן אַ רייכע ליטעראַטור. און דאָס האָט אַ שטאַרקן שטויס געגעבן דער תנ״ך-וויסנשאַפט אין אַ נייער ריכטונג. ברייער האָט אין דעם געביט געהערשט דער אַנאַליטישער מעטאָד פון דער

ביבל־קריטיק, וואָס וועלהויזן האָט דערפירט צו פולקאָמענהייט (§ 5), אָבער ער איז געווען זייער איינזייטיק און האָט אָפּערירט מיט סברות און היפּאָטעזן; איצט אָבער האָט זיך צוגלייך מיט אים איינגעשטעלט אַ רעאַלערער מעטאָד פון אַ סינטעזע צווישן יידישער געשיכטע מיטן אַלטן מזרח. נאָך אין די לעצטע יאָרצענטן פון 19־טן יאָרהונדערט, זינט מען האָט אַנטדעקט די לייט־טאָוולען אין על־אמאַרנע אין עגיפּטן (1887), האָט דער נייער מעטאָד אָנגעהויבן גובר צו זיין דעם פריערדיקן, אָבער איצט, אַ דאַנק די נייע אַנטדעקונגען און דעם ארויסגערופענעם טומל, האָט ער זיך ארויסגערוקט גאָר אויפן ערשטן פּלאַץ. אין סך־הכל פון אַלע אויספאָרשונגען פון די אַסיריאָלאָגן און עגיפּטאָלאָגן האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז די ניי־אַנטדעקטע דענקמעלער פון אַלטן מזרח האָבן נישט פאַרקלענערט, נאָר באַשטעטיקט די גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג פון ביבל, אַלס די העכסטע קרוינונג פון דער אַלט־מזרחישער קולטור אין דער אידעע פון עטישן מאָנאָטעאיזם. אַ סך איבערטרייבונגען פון דער ביבל־קריטיק זענען באַזייטיקט געוואָרן, אָבער דאָס זעלבע — אויך פון פּאַנבאַביליאָניזם. דער נייער היסטאָריקער פון אַלטן ישראל, דער קריסטלעכער טעאָלאָג רודאָלף קיטעל, האָט אין זיין ווערק („געשיכטע דעס פאָלקעס איזראעל”, ב. ב. I און II, 1909 — 1912) פאַרבונדן ביידע מעטאָדן — אַנאַליז פון ביבעל־טעקסט און פאַרגלייך מיט דענקמעלער פון אַלטן מזרח — און ער איז געקומען צו אויספירן, וואָס האָבן גאָר און גאָר פאַרשטאַרקט דעם אויטאָריטעט פון תנ״ך, אַלס היסטאָרישער מקור. אין דער גאַנצער וויסנשאַפטלעכער באַוועגונג האָבן יידישע געלערנטע גענומען גאָר אַ שוואַכן אָנטייל, און די באַאַרבעטונג פון תנ״ך־וויסנשאַפט איז ווייטער געבליבן ביי פּראָטעסטאַנטישע טעאָלאָגן. אָבער גראָד דאָ, אין געביט פון „הייליקער געשיכטע”, איז דאָך וויכטיק געווען איינצושטעלן אַן אַלגעמיינעם סאָציאָלאָגישן קוק אויף דער אַנטוויקלונג פון יידנטום, אַנשטאָט דעם ספּעציפישן טעאָלאָגישן. דער אויפגעוואַכטער נאַציאָנאַלער געדאַנק פון נייעם יידנטום האָט געזאָלט ארייַנברענגען אין דער יידישער וויסנשאַפט אַ פרישן שטראָם פרייער שאַפונג, אָבער עס איז אָנגעקומען די וועלט־מלחמה, וועלכע האָט צעשטערט אַ סך העכערע גייסטווערטן פון דעם כלל מענטשן, און זי האָט אויך געמאַכט צו נישט דאָס אויפלעבן פון דער יידישער וויסנשאַפט

## § 48. פראַנקרייך, ענגלאַנד און איטאַליע (1901—1914).

אין דער פּאָליטישער געשיכטע פון פ ר אַ נ ק ר יי ך האָט דער אָנפאַנג 20־טן יאָרהונדערט זיך שאַרף אונטערגעשיידט פונם סוף פאָריקן יאָרהונדערט, דאַמאָלסט האָט דער נאָך נישט פאַרפעסטיקטער רעפּובליקאַנישער רעזשים זיך

געמוזט פאַרטיידיקן פון פיל שונאים אין דער מחנה ראַיאַליסטן און קלערי־קאַלן, וועלכע האָבן געאַרבעט אונטער דער מאָדישער מאַסקע פון „נאַציאָנאַ־ליסטן" — אַנטיסעמיטן. די דרייפוס־אַפערע, אַ „שטיקל אַרבעט" פון דער רעאַקציע, האָט אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון די דאָזיקע פאַרשווערער קעגן דער רעפּובליק, און זיי זענען געשטעלט געוואָרן צום משפט פון פאָלק, וואָס אים האָט דער שטענדיקער טויש פון רעגירונגס־פאָרמען שוין פאַרמאַטערט און עס האָט געלעכצט נאָך רו אונטער די פליגלען פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. די ערשטע צייט אין נייעם יאָרהונדערט זענען בראש פון דער רעגירונג געשטאַנען אָרנטלעכע רעפּובליקאַנער — דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק לובע און די פּרעמיער־מיניסטאָרן וואַלדעק־רוסאָ און קאָמב, וועל־כע האָבן באַשלאָסן ענדגילטיק צו צעטרעטן די פיל־קעפּיקע הידרע פון דער רעאַקציע. איר נעסט איז געווען דערעיקר אין די קאַטוילישע קלויס־טערס און קאָנגרעגאַציעס, אין די קירכנשולן, וואָס מיט זייער נעץ האָבן די גלחים באַדעקט דאָס גאַנצע לאַנד, לענקענדיק די פאָלקס־בילדונג אין גייסט פון מיטלאַלטער. מיניסטער קאָמב איז געווען זייער אַנטשיידן אין קאַמף מיטן קלעריקאַליזם, און ער האָט אים אַ שטאַרקן קלאַפּ געגעבן, ווען ער האָט מיטן היסכם פון פאַרלאַמענט געשלאָסן אַלע קוואַלן פון אָבערגלויבנס און איינגעשטעלט אין לאַנד איין וועלטלעכע שול (1902). שפּעטער זענען די רעגירונג און ביידע קאַמערן אַוועק נאָך ווייטער: אין 1905 איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ געזעץ וועגן אָפּטיילן די קירך פון דער מלוכה; לויט דעם האָט די רעפּובליק, דערלאָזנדיק פרייהייט פון רעליגיעזע קולטן, געזאָלט „נישט אָנערקענען און נישט אונטערהאַלטן קיין איינעם פון זיי", — זאָרגן וועגן זיי זאָלן פּריוואַטע קאָנפעסיאָנעלע אַסאָציאַציעס. צו דעם אַלעם איז צוגעקומען פראַנקרייכס איבעררייסן מיטן וואַטיקאַן, און אַלץ אינאיינעם האָט אָפּגעשוואַכט די פּאָליטישע ווירקונג פון דער קלערי־קאַלער רעאַקציע און איר באַגלייטער — דעם אַנטיסעמיטיזם. דרויומאָן און זיין חבריא האָבן פאַרלוירן זייער פריערדיקן איינפלוס. אין 1900 האָט נאָך די פּאַרטיי נאַציאָנאַליסטן געהאַט אַ מערהייט אין פּאַריזער שטאָטראַט, אָבער די וואַלן פון 1904 האָבן איר געבראַכט אַ מינדערהייט: די רעזידענץ האָט אָנגעוואָרן דעם צוטרוי צו די פּאָליטישע מאַכערס און סקאַנדאַליסטן. די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער איז געוואָרן ריין.

צען יאָר געווען אונטערן אַנטיסעמיטישן טעראָר, וואָלטן איצט פראַנ־צויזישע יידן זיך געמעגט נעמען פאַר באַנייען זייער איינעווייניקסט לעבן, אָבער דער קוואַל פון נאַציאָנאַלער ענערגיע האָט אין זיי שוין לאַנג אויס־געטריקנט. אפילו דער אַקט „סעפּאַראַציע" — דאָס אָפּטיילן די קירך פון דער מלוכה, — וועלכער איז געווען נוגע אויך דער יידישער געמיינדע, האָט ביי זיי נישט אַרויסגערופן קיין באַדערפעניש אין רעפאָרמען, אויף

וועלכע מ׳וואָלט זיך געקאָנט ריכטן. מיט הונדערט יאָר צוריק האָט נאַפּאָ־לעאָן דער 1־טער אַריינגעשפּאַרט די יידישע געמיינדע אין ראַמען פון קאָנ־סיסטאָריאַלער אָרדנונג, האָט זי פאַרוואַנדלט אין א סינאַגאָגאַלע פּאַראַפיע און די רבנים — אין באַאַמטע, וואָס האָבן שפּעטער אָנגעהויבן צו באַקומען געהאַלט פון דער מלוכה. איצט איז די אַפּיטראָפּסות פון דער מ״וכה אַראָפּ־גענומען געוואָרן: יידן האָבן אומעטום געקאָנט אָרגאַניזירן אייגענע „אַסאָ־ציאַציעס״ — נישט נאָר רעליגיעזע, נאָר אויך נאַציאָנאַלע מיט א געוויסער אויטאָנאָמיע. אָבער די לאָזונגען „נאַציאָנאַלע רעכט״, וואָס האָבן זיך דאַ־מאָלסט געטראָגן פון רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד, האָבן נישט געהאַט קיין אָפּ־קלאַנג ביי דער היימישער פּראַנצויזיש־יידישער געזעלשאַפט, וועלכע איז שוין געווען היפּשלעך־אַסימילירט. אודאַי האָט דער סעפּאַראַציע־אַקט די ערשטע צייט צעמישט די ראַבינערס און שול־באַלעבאַטים: זיי האָבן זיך געשראָקן, אז ביים הערשנדיקן רעליגיעזן אינדיפערענטיזם וועלן זיך די קהילות אינגאַנצן צעפאַלן, ווי באַלד די רעגירונג וועט שוין מער נישט צאָלן קיין געהאַלט די יידישע גייסטלעכע, אָבער אינגיכן האָט מען אַן אויסוועג געפונען: ווי די קאַטוילן און פּראָטעסטאַנטן, האָבן אויך יידן אָנ־געהויבן צו עפענען זייערע רעליגיעזע אַסאָציאַציעס אָנשטאָט די פריערדיקע קאָנסיסטאָריאַלע געמיינדעס. אין 1906 איז געגריינדעט געוואָרן העכער 60 אַזעלכע געזעלשאַפטן, און זייערע פאָרשטייער, אין דער פערזאָן פון די ראַבינערס אין פראַנקרייך און אַלזשיר, האָבן באַשלאָסן צו גרינדן א „צענ־טראַלראַט״, כדי צו זאָרגן וועגן די גייסט־באַדערפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אָנשטאָט דעם פאַרשטאָרבענעם פּאָפּולערן „גראַנדראַ־בינער״ פאַר גאַנץ פראַנקרייך, צדוק כהן, איז איצט אויסגעקליבן געוואָרן א נייער, אַלפרעד לעווי, פון ליאָן. מ׳האָט דורכגעפירט אייניקע קלענערע רעפאָרמעס בנוגע געוויסע דינים (מ׳האָט דערלויבט פאָרן אין עלעקטרישע טראַמוואַיען אום שבת און יום־טוב, כדי צוציען דעם עולם אין שול אַריין, וכדומה), אָבער ווייטער פון דעם איז די באַנייאונג נישט אַוועק. סיי די קאָנסערוואַטיווע מיטן פאַריזער ראָטשילד בראש און סיי די ליבעראַלן — זענען געווען ביי איין מיינונג, אז דאָס מערב־יידנטום קאָן איינהאַלטן מע־רער אָדער ווייניקער רעליגיעזע עלעמענטן פון יידישקייט, הגם עס וועט אינגאַנצן פאַרלירן זיינע נאַציאָנאַלע עלעמענטן.

וואָס פאַר א אידעאישער תהום עס האָט זיך אויסגעבילדעט צווישן די פאַרטרעטער פון נייעם יידנטום אין מערב־ און מזרח־אייראָפּע, האָט באַוויזן דער ווייטערדיקער עפּיזאָד. איינער פון דער איינפלוסרייכער פאַריזער משפחה ריינאַך, א מיטגליד פון דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע, דער העלעניסט־אַר־כעאָלאָג שלמה ריינאַך, וואָס איז אויך געווען א מיטגליד פון צוויי יידישע צענטראַלקאָמיטעטן — פון „אַליאַנס״ און יק״א,—האָט פאַרעפנטלעכט

אַן אַרטיקל אונטערן נאָמען „די אינעווייניקסטע עמאַנסיפּאַציע פון יידנטום״
(אין זשורנאַל „Univers Israèlite״ פון 1901). דאָרט האָט ער די יידישע
מאַסן פאַרגעלייגט זיך אָפּצוזאָגן פון צוויי נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אינסטיטו־
ציעס—שבת און כשרות,—וועלכע ברענגען זיי שאָדן מאַטעריעל און מאָראַליש:
דער שבת שטערט זיי צו אַרבעטן אין פאַבריקן, די דינים וועגן כשרות
דערלויבן נישט דעם אָרעמאַן צו נוצן אַזא ביליק און געזונט פלייש, ווי
חזיר־פלייש; חוץ דעם, רופן די דאָזיקע מנהגים אַרויס אַ פאַרשטעלונג וועגן
יידנס נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט. די מערב־יידן זענען פון אַט די פאַר־
אורטיילן פריי, און עס איז, לויט רייִנאַכס מיינונג, זייער חוב צו באַפרייען
פון דעם אויך „זייערע אָרעמע און פינסטערע מזרח־ברידער״, פרעדיקן פאַר
זיי די „רעליגיע פון גלייכקייט און פּראָגרעס״. די עצה פונם פּאַריזער פּאָ־
זיטיוויסט צו פאַרוואַנדלען די גלויביקע יידן אין פריידענקער האָט זיך באַ־
זירט אויף פּראַקטישע מאָטיוון: דער ייד דאַרף זיך אָפּזאָגן אפילו פון זיינע
עלטסטע מנהגים, כדי צו פאַרבעסערן זיין פּערזענלעכע לאַגע און דערוויזן,
אַז דער גאַנצער כּלל יידן שטעלט [illegible] פאָר קיין באַזונדער פאָלק. אויף
דעם דאָזיקן פּראָיעקט פון אַ מערב־ייד האָט זיך אָפּגערופן אחד־העם, אַ
מזרח־ייד — אויך אַ פריידענקער, וואָס האָט שוין אָבער לאַנג געשטעמפּלט
די „קנעכטשאַפט אין פרייהייט״. אין אַ קורצער צייטשריפט־נאָטיץ האָט ער
רייִנאַכן דערמאָנט, אַז אינערלעך פריי זענען יענע, וואָס טוען לויט איבער־
צייגונג, זיך נישט רעכענענדיק מיט פּראַקטישע נוצן, און אינערלעך־קנעכ־
טיש זענען די, וואָס כדי פרעמדע צו געפעלן — טרייסלען זיי זיך אָפּ
פונם אייגענעם פאָלק. „די דאָזיקע בעלי־טובות אונזערע — האָט ער גע־
שריבן — ווייסן נישט, וואָס מיר טראַכטן וועגן זיי, וועגן דער אינעווייניק־
סטער קנעכטשאַפט, אין וועלכער זיי שטעקן. וועגן יענער קנעכטשאַפט אין
פרייהייט. וואָס איז אַממערסטן געוואָרן דער גורל פון פראַנצויזישע יידן.
וואָלטן זיי דאָס געוואוסט, וואָלטן זיי פאַרשטאַנען, מיט וואָס פאַר אַ פאַר־
אַכטונג מיר, אומדאַנקבאַרע, באַציִען זיך צו זייער „רחמנות״, צו זייערע
פּרובן אונז צו באַפרייען פון גייסטיקער קנעכטשאַפט. קנעכט, באַפרייט
פריער זיך אַליין!... אָבער ניין, זיך קאָנט איר נישט באַפרייען! מיר, גלוי־
ביקע קבצנים פון מזרח, וועלן צו אייך קומען און אייך באַפרייען פון אייער
אינעווייניקסטער קנעכטשאַפט, וועלכע איר באַמערקט אפילו נישט. קוקט זיך
אַרום: זיי גייען שוין, די דאָזיקע קבצנים פון מזרח, און זייער איינפלוס
לאָזט זיך שוין פילן אין אייער געזעלשאַפט, כאָטש איר ווילט אויף זיי
גאָר קיין אַכט נישט לייגן. האָבן דאָך אויך די עדל־לייט פון אַלטן רוים
מיט פאַראַכטונג געקוקט אויף די קבצנים פון מזרח, ביז וואַנען יענע זענען
נישט געקומען און נישט איבערגעקערט ביי זיי אַלץ מיטן קאָפּ אַראָפּ״ די
דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אַרויסגעוויזן נביאיש: אין קורצן זענען אין פּאַ־

ריז אָנגעקומען גרויסע מאַסן פונם רוסלענדער רעזערוואַר יידנטום און זיי האָבן אַוועקגעלייגט אַ התחלה פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט דאָרט, וואו עס זענען שוין בולט געווען אַלע סימנים פון צעפוילטקייט.

די יידישע אויסוואַנדערער פון רוסלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין פּאַריז גרויסע גרופּעסווייז זינט די פּאָגראָמען פון 1903—1905. פריער איז קיין פראַנקרייך געגאַנגען א סטודענטן־עמיגראַציע: אַ טייל יוגנט, וואָס מ׳האָט נישט אַריינגעלאָזן אין די רוסישע אוניווערזיטעטן, האָט זיך געצויגן צו די הויכשולן אין פּאַריז, נאַנסי, מאָנפּעליע. אין לאַטיינישן קוואַרטל אין פּאַריז האָט זיך געבילדעט אַ קליינע קאָלאָניע פון אַזעלכע בילדונגס־ און טיילווייז פּאָליטישע עמיגראַנטן, אָבער שפּעטער איז צוגלייך מיט זיי אין די אָרעמע ווינקעלעך פון דער רעזידענץ אויסגעוואַקסן אַ נייע געטאָ, באַזעצט מיט יידישע בעלי־מלאכות און אַרבעטער, וואָס זענען אַנטלאָפן אויס רוסלאַנד פאַרן פּאָליצייאישן פּרעס אָדער גאַסן־טעראָר. די געקומענע שניידערס, שוסטערס, טישלערס האָבן ביליק פארקויפט זייער אַרבעט צו די באַלעבאַטים פון לוקסוסדיקע מאָדע־מאַגאַזינען אין פּאַריז, און אַליין מיט זייערע משפּחות האָבן זיי געלעבט האַלב־הונגעריקע אין פינסטערע קעלערס, הינטער די געפּוצטע גאַסן פון דער הויפּטשטאָט, אין באַזונדערע קוואַרטלען, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט אין קאָמפּאַקטע מאַסן, פּונקט ווי אין לאָנדאָנער אוּאייטשעפּעל. אין 1910 האָט זיך גערעכנט אין פּאַריז העכער 50.000 אַזעלכע אָנגעקומענע. די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן דערפילט די קאָנקורענץ פון דער דאָזיקער מאַסע — זיי זענען גראָד דאַמאָלסט געשטאַנען אין אַ שווערן קאַמף מיט די אַרבעטסגעבער, געפירט דורך זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און סינדיקאַטן. האָט זיך צווישן די אַרבעטער אויף דעם באָדן אָנגעהויבן אַן אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע; פונם אַלטן לאָזונג: „אַוועק מיט די ראָטשילדס” — זענען אַ סך גרייט געווען אַריבערצוגיין צום רוף: „אַוועק מיט די געקומענע יידן, וואָס דריקן אַראָפּ דעם אַרבעטסלוין!” — יידן האָבן פאַרשטאַנען די געפאַר, און רעכטצייטיק פאַרלאָפן דעם וועג. פיל עמיגראַנטן זענען צוגעשטאַנען צום אַרבעט־סינדיקאַט, האָבן זיך דערנענטערט צו זייערע פראַנצויזישע חברים און אָנגעהויבן מאַכן אייגענע אָרגאַניזאַציעס פאַר קעגנזייטיקער הילף. אָבער דאָס אַלץ האָט נאָר טיילווייז אָפּגעשוואַכט די שאַרפּע נויט אינם נייעם פּאַריזער געטאָ. א בעסערע צוקונפט האָבן פאַר די דאָזיקע פאַרוואָרלאָזטע מענטשן געשילדערט ציוניסטן פון איין זייט, סאָציאַליסטן פון דער צווייטער. מאַקס נאָרדוי האָט נישט איין מאָל געהאַלטן פלאַמעדיקע אַגיטאַציע־רעדעס אינם יידישן פּאָלקסאוניווערזיטעט, וואָס די אָרעמע וואַנדערער האָבן שוין באַוויזן דאָ צו גרינדן. געווען זענען אויך פּרעדיקערס פון אַנדערע אידעען, וואָס האָבן גערעדט אין דער שפּראַך פון דער פאַרוואָלאָזטער היים — אין יידיש. דער היימישער לשון פון

ליטע און וואָלין האָט געקלונגען אין די שמאָלע געסעלעך אַרום Rue de Rivoli (די עמיגראַנטן האָבן עס אויף זייער אופן איבערגעמאַכט: „ריוועלעס גאַס"); אויף די שילדן פון וואַרשטאַטן און געוועלבער האָבן זיך דאָ געוואָרפן אין די אויגן יידישע אויפשריפטן. צו־להכעיס די ריינאַכס פון די אַריסטאָקראַטישע פּאַריזער גאַסן, האָט מען דאָ קולטיווירט נאַציאָנאַלע זעלבשטענדיקייט, און אין דער פרעמד האָט דאָס פאַרהיט די ניי געקומענע פון מאָראַלישער איינזאַמקייט און זיי געגעבן כוח קאָלעקטיוו זיך צו ווערן קעגן דעם דרוק פון זייער אַרומיקער סביבה. אין דער זעלבער שטאָט, וואָס די 70 גלידער פון נאַפּאָלעאָנס „סנהדרין" האָבן יאָ אַמאָל אונטערגעשריבן אַ טויט־אורטייל דעם נאַציאָנאַלן יידנטום, האָבן די געקומענע פון מזרח אין טויזנטער שטימען גערופן, אַז נאַציאָנאַלע יידישקייט לעבט נאָך און וועט לעבן. די דאָזיקע שטימען האָבן פאַרשפּרייט אומרו אין די הערצער פון די געבירטיקע פּאַריזער יידן: זיי האָבן געפילט, אַז עס קומט אָן עפּעס אַ קראַפט, אויסערלעך אַן אַלטע, אָבער מיט דער צייט קאָן זי, אין צוזאַמענהאַנג מיט די בעסערע עלעמענטן מאָדערנער קולטור, באַנייען דעם גאַנצן לעבנס־סדר פון מערב־יידנטום.

צו קינפטיקע אַמאַלגאַמע פון מערב־ און מזרח־יידנטום האָט זיך געלאָזט מערקן אויך אין ע נ ג ל א נ ד. וואוהין עס זענען נאָך פריער אַריינגעדרונגען עמיגראַנטישע איינפלוסן. די יידישע שטאָט אין מזרח־טייל לאָנדאָן — איסטענד מיט וואַייטשעפּעל אין צענטער — איז געוואַקסן מיט אַ שנעלקייט, וואָס איז פאַר אַ געדיכטבאַזעצטער אייראָפּעאישער רעזידענץ געווען אויסערגעוויינלעך. די געקומענע יידישע באַפעלקערונג האָט שוין אין דעם טייל שטאָט געהאַט איבערגעוויכט אין צאָל איבער דער געבירטיקער באַפעלקערונג. דאָס ערשטע יאָרצענדלינג פון 20־טן י"ה האָט די צאָל יידן אין לאָנדאָן דערגרייכט ביז 150.000, און צווישן די איז געווען ביי הונדערט טויזנט עמיגראַנטן, וואָס זענען דער עיקר געקומען פון רוסלאַנד משך דעם לעצטן פערטל יאָרהונדערט. געוואַקסן איז אויך די געקומענע יידישע באַפעלקערונג אין אַזעלכע פּראָווינץ־שטעט, וואו פריער האָט זי כמעט אינגאַנצן געפעלט: אין מאַנטשעסטער (ביי 25.000 אין 1908), לידס (15.000), ליווערפּול און גלאַזגאָ (צו 7000). אין 191 האָט זיך די אַלגעמיינע צאָל יידן אין ענגלאַנד גערעכנט קרוב צו 3 פערטל מיליאָן. אַזאַ אימיגראַציע־וואוקס אין אַ מדינה, וואָס צוליב אייגענעם מענטשן־איבערפלוס איז זי אַליין געווען אַ עמיגראַציע־לאַנד האָט דאָ אַרויסגערופן דעם שאָטן פון יידן־פּראָבלעם אונטערן מאַנטל פון אַן אַלגעמיינער פראַגע וועגן פרעמדע (Aliens). עס האָבן זיך געהערט אַזעלכע שטימען: די געקומענע שטויסן אַרויס ענגלישע אַרבעטער פון אַ רייע מלאכות, איבערהויפּט פון דער באַליבטער ביי יידן שניידעריי; זיי רופן אַרויס אַ געדיכטקייט איבער דער מאָס אין דער

באַפעלקערונג פון די אַרבעטערקוואַרטלען אין די גרויסע שטעט. די רעגי־רונג און דער פּאַרלאַמענט האָבן נישט געקאָנט איגנאָרירן אַזאַ עקאָנאָמישע פראַגע. משך עטלעכע יאָר (1905—1902) האָט זיך אַ באַזונדערע פּאַרלאַ־מענט-קאָמיסיע באַשעפטיקט מיט אויספאָרשן די אימיגראַציע, זי האָט באַ־האַנדלט דעם „ביל וועגן אויסלענדער" (Aliens bill) — אין דער ריכטונג צו באַגרענעצן דעם אַריינפאָר פון אָרעמע עמיגראַנטן. דער ביל איז גע־ווען געריכטעט קעגן אימיגראַציע בכלל, אָבער אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז פאַר אַלעמען וועט ער טרעפן די געצוואונגענע יידישע אויסוואַנדערער פון רוסלאַנד און רומעניע. און דאָס איז טאַקע געווען די סיבה, פאַרוואָס יידן זענען געווען אויפגערעגט און פאַרוואָס די ענגלישע רעגירונג האָט גע־קווענקעלט: עס איז איר נישט לייכט געווען אָפּצונעמען אַ מקום־מנוחה ביי יענע, וואָס ווערן געיאָגט אויסן לאַנד פון דעספּאָטיזם און פאַרקנעכטונג. דער פּאַרלאַמענט האָט דעם ביל אָנגענומען אין אַ געמילדערטער פאָרם: מ'האָט איינגעשטעלט אַ קאָנטראָל פאַר עמיגראַנטן, וואָס קומען אָן אין ענג־לישע האַפנס, כדי נישט צו דערלאָזן אויסצושטייגן קראַנקע אָדער אָרעמע, וואָס קאָנען נישט איינצאָלן 5 פונט פאַר זיך און צו 2 פונט פאר יעדן פאמיליענגליד, און אויך אזעלכע, וואָס זענען פארמשפט פאר קרימינעלע פארברעכנס; אָבער די אלע שטרענגקייטן לגבי אָרעמע עמיגראנטן זענען נישט חל געווען אויף אזעלכע, וואָס זענען געצוואונגען צו פארלאָזן זייער היים „איבער רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע רדיפות". אריינגענומען דעם לעצטן פּאָרבאהאלט, וואָס איז אויסן געווען רוסישע און רומענישע יידן, האָט די ענגלישע רעגירונג אליין פּאָרגעלייגט. אזוי ארום איז דער וועג פאר יידן קיין ענגלאנד נישט געווען פארמאכט, אָבער אריינקומען אין לאנד איז זיי שווער געוואָרן. איבריקנס, די ארבעטערפראגע אין ענגלאנד איז אָן דעם געווען גענוג פארשארפט, און דאָס האָט, א חוץ די אָפיציעלע פארווערן, אָפּגעהאלטן א סך פון עמיגרירן אהין.

געווען אַ מאָמענט, ווען עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס געשפּענסט פון אַנטיסעמיטיזם איז אַדורך איבערן לאנד און אַז דאָס פרייע ענגלאַנד וועט נישט אויסמיידן די מחלה פונם יאָרהונדערט. אויגוסט 1911 זענען אין קוילן־ראַיאָן פון דרום־אועלס, מיטן באַרימטן קאַרדיף אינדערמיט, פּאָרגע־קומען געפערלעכע געשעענישן. אין טרעדעגאַר און אייניקע אַנדערע קלע־נערע שטעט האָט דער גאַסן־המון, אין צוזאַמענהאַנג מיטן דערקלערטן אר־בעטער־שטרייק, זיך געוואָרפן אויף יידישע הייזער און געוועלבער, און גע־ראַבעוועט זייער פארמעגן; אין המון האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען, אַז די יידישע הויז־אייגנטימער העכערן אין זייערע הייזער דאָס דירה־געלט, און די יידישע קרעמער מאָנען איין דורכן געריכט געלט פאַר סחורה, וואָס די ארבעטער האָבן באַקומען אויף קרעדיט. שפּעטער האָט זיך אויפן געריכט

אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס הייפל ייִדן איז אין דעם געווען שו׳דיק נישט מער, איידער די קריסטלעכע הויז־אייגנטימער און קרעמער; אָבער עמיצנס פֿינסטערע אַגיטאַציע האָט דעם המון געשטויסן קעגן די „אויסלענדער", פּונקט ווי מיט אַ צייט פֿריִער האָט מען אים געשטויסן קעגן די כינעזישע אַרבעטער אין די קאַרדיפֿער קוילן־גרובן. די ענגלישע געזעלשאַפֿט און פּרעסע זענען געווען אויפֿגערעגט איבער די געשעענישן, די פֿירער פֿון די אַרבעטער־פֿאַרײַנען האָבן דערקלערט, אַז אין די עקסצעסן האָבן זיך באַטייליקט בלויז כוליגאַנעס פֿון די אָרטיקע קוילנגרעבער; אין דעם זעלבן טרעדעגאַר האָט מען גערופֿן אַ פּראָטעסט־מיטינג און מען האָט די כוליגאַנעס אויסגעדריקט „טיפֿע פֿאַראַכטונג", און „די פֿרידלעכע מיטבירגער־ייִדן" — מיטגעפֿיל; דאָס געריכט האָט די שולדיקע באַשטראָפֿט מיט תּפֿיסה און די געליטענע אומגעקערט די היזקות. דאָך איז אַ געוויסע פֿאַרביטערטקייט געבליבן אין די הערצער פֿון ענגלישע ייִדן: אַ פּאָגראָם אין ענגלאַנד, זאָל זײַן אָן מענטשן־קרבנות און אָן דער אַדמיניסטראַציעס אונטערשטיץ, האָט דאָך אויסגעוויזן צו זײַן שרעקלעך. לכתּחילה האָט מען זיך געקאָנט טרייסטן, אַז דאָס איז — אַנטיאַליעניזם, נישט קיין אַנטיסעמיטיזם; אָבער עס זענען געווען פֿאַלן, וואָס האָבן עדות געזאָגט וועגן עפּעס אַנדערש, גאָר פֿאַרקערט. אין אַ געוויסן טייל פּרעסע האָט זיך געפֿירט אַן אַגיטאַציע קעגן די ייִדישע מיניסטאָרן אין אַסקוויטס קאַבינעט — הערבערט סאַמועל און רופֿוס אייזעקס: מ'האָט זיי באַשולדיקט צוזאַמען מיטן לאָרד־קאַנצלער לאָיד־דזשאָרדזש, אַז ביים שליסן אַן אָפּמאַך מיט דער מאַרקאָני־געזעלשאַפֿט פֿאַר דראָטלאָזן טעלעגראַף האָבן זיי געהאַט אייגננוציקע צילן. אַ פּאַרלאַמענט־קאָמיסיע האָט אויסגעפֿאָרשט דעם ענין און געפֿונען, אַז די באַשולדיקונג איז אַ ליגן; דער פּרעמיער אַסקוויט האָט אין פּאַרלאַמענט אויסגעדריקט זײַן אויפֿרעגונג צוליב דעם, וואָס מען אַפּעלירט „צו רעליגיעזע און ראַסן־ליידנשאַפֿטן", — אַ זאַך וואָס איז אינגאַנצן ניי אין פּאָליטישן לעבן פֿון מאָדערנעם ענגלאַנד (1913). איינער אַ אידעאָלאָג פֿון ענגלישן אַנטיסעמיטיזם, טשעסטערטאָן, האָט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו מעלדן, אַז ער איז נישט אַזוי אַנטיסעמיט, ווי „אַסעמיט": ער וויל נישט, אַז ייִדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פֿון זייער אייגענער נאַציע, זאָלן אַרײַנטרעטן אין באַשטאַנד פֿון דער ענגלישער נאַציע, וואָרום אַ ייִד קאָן נישט ווערן קיין ענגלענדער, און ער דאַרף פֿאַרנעמען אַ באַזונדער לאַגע אין דער געזעלשאַפֿט. אויף וויפֿל אונטער אָט דער „באַזונדערער לאַגע" האָט מען נישט געמיינט באַגרענעצן אין בירגערלעכע רעכט, איז די דאָזיקע אַגיטאַציע געווען געווענדעט נאָר קעגן אַסימילירטע, און נישט נאַציאָנאַלע ייִדן, זי האָט געטראָגן אַ כאַראַקטער פֿון אַ קולטור־קאַמף.

אין די ענגליזירטע קרייזן ייִדישער געזעלשאַפֿט האָט דאָס, נאַטירלעך, אויסגעוויזן צו זײַן אַ טיפֿע באַליידיקונג — אַזאַ הנחה, אַז אַ ייִד קאָן נישט

וערן קיין ענגלענדער לויט דער נאַציע. ביי זיי האָט דער געדאַנק ווייטער געאַרבעט אין דער ריכטונג פֿון אינעווייניקסטער אסימילאַציע, פֿון אַ מיגלעכן אָפּווישן די גרעניצן צווישן יידישער און קריסטלעכער וועלט. דער לאָנדאָנער שריפֿטשטעלער און געזעלשאַפֿטלעכער טוער קלאָד מאָנטעפֿיאָרע האָט אויסגעטראַכט אַ טעאָריע „ליבעראַלער יודאַאיזם״: ער אָנערקענט דעם עוואַנגעליום — אָן דער קירכענדאָגמאַטיק, וואָס האָט זיך שפּעטער צוגעקלעפּט צו זיין לערע — אַלס אַ באַשטאַנדטייל פֿון ביבל, אפֿילו פֿאַר איר קרוין. אין זיין בוך „The Synoptic Gospels״ (לאָנדאָן, 1909) האָט מאָנטעפֿיאָרע באַוויזן, אַז אָן אַ קאָמפּראָמיס מיט עוואַנגעלישן קריסטנטום וועט יודאַאיזם שטענדיק פֿאַרבלייבן אַ איזאָלירטע רעליגיע, אָן שום וועלט-באַדייטונג; אַקעגן, ביים צונויפֿגיסן ביבל מיט עוואַנגעליום וואָלט ער געקאָנט איינגעמען די גאַנצע וועלט. אליין מער דאָגמאַטיקער איידער היסטאָריקער, איז מאָנטעפֿיאָרע נישט אַריינגעדרונגען אינעם טיפֿן היסטאָרישן אונטערשיד צווישן די צוויי לערעס, וועלכער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס קריסטנטום האָט פֿון אָנהייב אָן פּראָקלאַמירט אַ אידעאַל פֿון אינדיווידועלער רעליגיע און פֿאַרוואָרפֿן אַלע נאַציאָנאַלע עלעמענטן פֿון ביבלישן יודאַאיזם, אפֿילו דעם עצם געדאַנק וועגן קאַמף פֿון יידנטום פֿאַר זיין נאַציאָנאַלע דערהאַלטונג. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון אַסימילאַציע איז אַוודאי געווען גאָר און גאָר קאָנסעקווענט אין 20-טן יאָרהונדערט אויפֿצוגעבן דעם דאָזיקן אידעאַל פֿון אַ אינדיווידועלער — הייסט עס אויך פֿון אַ וועלט-רעליגיע, אַלס קעגנגעוויכט צום נאַציאָנאַלן יידנטום; אָבער ביי אַ בעסערן באַנעמען די יידישע געשיכטע וואָלט נישט שווער געווען איינצוזען, אַז אויף אַזאַ שריט וואָלט זיך געקאָנט באַשליסן נאָר אַ סעקטע, וואָס האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון דעם קערן פֿון דער נאַציע. דער געלערנטער טעאָלאָג-ראַציאָנאַליסט קלאָד מאָנטעפֿיאָרע האָט זיין פּראָיעקט באַגרינדעט מיט העכערע מאָטיוון, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט מען אין לאָנדאָן פֿאַרפֿאָלגט דעם זעלבן ציל, וואָס פֿריער מיט עטלעכע יאָר האָט אים פֿאָרמולירט אין פּאַריז סאַלאָמאָן ריינאַך, און נאָך מיט הונדערט יאָר פֿאַר דעם — דער בערלינער דוד פֿרידלענדער אינעם בריוו צום פּאַסטאָר טעללער. איין ציל זענען אויסן געווען די אַלע פּרובן: אַריבערוואַרפֿן אַ בריק צווישן יידנטום און קריסטנטום און איבער דער דאָזיקער בריק אַריבערפֿירן דאָס יידישע פֿאָלק אויף יענעם ברעג, וואו עס זאָל אויפֿהערן ליידן אַלס אַ לעבעדיק פֿאָלק און זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ אידעאַישע אַבסטראַקציע אָדער היסטאָרישע רעליקוויע. אויף דעם נייעם פּרוב האָט דער לאָנדאָנער איסטענד געגעבן דעם וועסטענד פּונקט אַזאַ תּשובֿה, ווי פֿאַריזער געטאָ — זיינע שכנישע אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען: ער האָט געענטפֿערט מיט אויסבילדן נעסטן פֿון נאַציאָנאַלן יידנטום אָט דאָ לעבן די נעסטן פֿון אַסימילאַציע.

ווי פריער, איז דאָס לעבן פון די איינוואוינער אין לאָנדאָנער איסטענד געווען אַלץ אייגנאַרטיק. יידיש אין פריוואטן און עפנטלעכן לעבן. יידישע צייטונגען און פאָלקס־טעאַטער, באַזונדערע טרעד־יוניאָנען פאַר יידישע אַרבעטער, אַ נעץ געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, — דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן מזרח־לאָנדאָן א פּרצוף פון אַ רוסישער שטאָט אין תחום. שווער האָט זיך דאָ געלעבט, אין אויסשעפּעלער קוואַרטלען, דער הונדערט־טויזנטיקער מאַסע אַלטע און נייע איבערוואַנדערער. אין די גרויסע שניידער־וואַרשטאַטן און קאָנפעקציאָנס־פאַבריקן האָט זיך פּראַקטיצירט די אַלטע „שוויץ־סיסטעם" (§ 24), פאַר א 14־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג האָט מען דאָ געוויינלעך געצאָלט דריי שילינג. די פּאַטריאַרכאַלע אָרעמקייט פון די ליטוויש־פּוילישע שטעט האָט זיך דאָ אַרויסגעוויזן אין מאָדערנע פאָרמען פון א פּראָלעטאַרישער עקזיסטענץ. קעגן דער דאָזיקער העסלעכער עקספּלואַטאַציע פון אַרבעט האָבן געקעמפט אייגענע יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, פון צייט צו צייט האָבן זיי געמאַכט שטרייקן און געפאָדערט — קירצן דעם אַרבעטס־טאָג און העכערן דעם לוין. אָפט פלעגן יידישע און קריסטלעכע פאַריינען אַרויסטרעטן סאָלידאַריש. פרילינג 1912 האָבן פאַרשטרייקט די שניידערס פון וועסטענד, ס'רוב קריסטן; האָבן די יידישע שניידערס פון איסטענד זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן די באַשטעלונגען, וואָס מ'האָט זיי געמאַכט פון דעם צווייטן שטאָטטייל, זיי האָבן אפילו אַליין פאַרשטרייקט מיטן צוועק אונטערצוהאַלטן זייערע חברים. אַזא סאָלידאַרישקייט אין פּראָלעטאַריאַט פון ביידע פעלקער איז געווען דער בעסטער פאַרהיט־מיטל קעגן צוזאַמענשטויסן, וואָס די קאָנקורענץ פון געקומענע אַרבעטער מיט היימישע קאָן אַרויסרופן.

די קלאַסן־סאָלידאַרישקייט האָט אָבער נישט געשטערט דעם יידישן איסטענד צו זיין נאַציאָנאַל זעלבשטענדיק. אודאי, די קינדער פון די עמיגראַנטן, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען א אָבליגאַטאָרישע פאָלקס־שול און באַהערשט ענגליש, האָבן שוין אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו אייראָפּעאיזאציע אין ענגלישן גייסט, אָבער צו פולשטענדיקער אָפּפרעמדונג צווישן קינדער און עלטערן איז דאָ נישט דערגאַנגען. פאַרקערט, גרופּעס עמיגראַנטישער יוגנט, וואָס האָבן זיך געלערנט אין ענגלישע אוניווערזיטעטן, האָבן דאָ געגרינדעט אייגענע נאַציאָנאַלע סטודענטן־פאַראיינען — א ציוניסטישן אין אָקספאָרד און אַ אַלגעמיין־נאַציאָנאַלן אין קעמברידזש. אַזאַ אומדערהערטע מעשה (1909) האָט אַרויסגערופן גרויס אומרו ביי די היימישע „ענגלענדער פון יידישן גלויבן". נאָך שטאַרקער איז זייער שרעק געוואָרן, ווען אין די צייטונגען האָט זיך באַוויזן אַ געשפּרעך פון איינעם אַ זשורנאַליסט מיט אַן אָנגעזעענעם לאָנדאָנער ציוניסט, אַדוואָקאַט בענטוויטש, וועלכער האָט געמאָלדן, אַז די יידישע סטודענטן מוזן אייננאָרדנען נאַציאָנאַלע פאַריינען, ווייל מענטשן

וואָס זענען נישט געבוירן אַלס ענגלענדער, קאָנען נישט ווערן קיין ענגלענדער לויט נאַציאָנאַליטעט אָדער „לויטן גייסט". אַלס ענטפער אויף דער מעלדונג, האָבן 25 פאָרשטייער פון דער לאָנדאָנער יידישער געזעלשאַפט (ק. מאָנטעפיאָרע, לאָרד ראָטשילד א. אַ.) פאַרעפנטלעכט אַזאַ פראָטעסט[1]: „מיר זענען טיף געקרענקט איבער דער באַהויפּטונג, אַז יידן זענען כּלומרשט נישט קיין פולע ענגלענדער לויטן גייסט און קאָנען נישט ווערן אַזעלכע. מיר וואַרפן אָפּ דעם אונטערשייד, וואָס מען מאַכט צווישן יידן און די, וואָס שטאַמען פון ענגלישע עלטערן, וואָרום מיר מיינען, אַז יידן קענען זיך רעכענען פאַר געבוירענע ענגלענדער אַפילו ווען זיי האַלטן זיך ביים יידישן גלויבן. יודאַאיזם שטערט נישט זייַנע אָנהענגער צו זיין ענגלענדער לויטן גייסט. מיר האַלטן פאַר געפערלעך דאָס, וואָס די יידישע לערניונגנס נעמט זיך אָן מיט אַזעלכע מיינונגען, וואָס פירן צו יידנס אָפּפרעמדונג פון די איבעריקע ענגלענדער, וואָס רייסן אַרונטער די אַרגומענטן-קראַפט פון אַזעלכע מענטשן ווי מאַקאָליי, וועלכע האָבן אונז געשאַפן גלייכבאַרעכטונג אין ענגלאַנד, און וואָס קאָנען ענדלעך אַרויסרופן ספקות אין די יידנס פּאַטריאָטיזם, איבערהויפּט ביים אַרבעטערקלאַס, וואָס מיט אים קומט אויס די אימיגראַנטן צו לעבן אין שטענדיקן קאָנטאַקט. מיר געפינען נישט, אַז עס זאָל זיין לאָגיש צו פאָדערן רעכט און פליכטן פון ענגלישער בירגערשאַפט—מצד פערזאָנען, וועלכע קאָנען זיך נישט פולשטענדיק צענויפגיסן מיט דער ענגלישער נאַציע און זיין ענגלענדער לויטן גייסט". אין די דאָזיקע ווערטער פון די שטאָלצע פּאַטריציער איז ווייניקער פאַר אַלץ געווען יענע אמתע שטאָלצקייט, וואָס יידן האָבן אַרויסגעוויזן משך טויזנטער יאָרן לגבי דער אויסערלעכער וועלט. לאָנדאָנער אַריסטאָקראַטן האָבן זיך געשראָקן, עמיצער זאָל חלילה נישט זאָגן, אַז מ'האָט נישט געהאַלטן די באַדינגונגען, אונטער וועלכע מ'האָט יידן געגעבן גלייכבאַרעכטונג אין ענגלאַנד. די פּלעבעיער פון מזרח-לאָנדאָן האָבן זיך נישט גערעכנט מיט די דערנידעריקנדיקע באַדינגונגען פון נאַציאָנאַלער קאַפּיטולאַציע, און אַפילו דער אָרטיקער ענגלישער פּלעבס האָט ביי יידן נישט געפאָדערט, אַז זיי זאָלן ווערן „ענגלענדער לויטן גייסט". די פּחדים פונם יידישן וועסט-ענד האָבן זיך נישט באַרעכטיקט, און אים איז נאָך פאָרגעשטאַנען פיל צו לערנען ביי די איסטענדער עמיגראַנטן, אום אַריבערצוגיין אין סטאַדיע פון אַ סינטעזע צווישן אַלטער און נייער יידישקייט.

דער נאַציאָנאַלער געדאַנק איז צוביסלעך אַריינגעדרונגען אויך קיין א י ט אַ ל י ע, — אין אַ לאַנד וואו דאָס הייפל יידן האָט שוין אויסגעזעהן צו זיין פאַרשוואונדן אין דער קריסטלעכער מאַסע. דאָ איז נישט געווען קיין שום צושטראָם פון נאַציאָנאַלער ענערגיע, וואָס די מזרח-עמיגראַנטן האָבן

[1] Jewish Chronicle, אַפּריל 1909.

אריינגעטראָגן מיט זיך קיין ענגלאַנד און פראַנקרייך: איטאַליע איז נישט געווען קיין אימיגראַציע-לאַנד, זי האָט אַליין געשיקט איר אָרעמקייט קיין אַמעריקע, מיטן וועג פון וואַנדערנדיקן ישראל. אין דער סטרוקטור פון איטאַליענישן געזעלשאַפט-לעבן איז אַלץ געווען גינסטיק פאַר דער אַסימילאַציע פון יידן. פּאָליטישע און בירגערלעכע גלייכקייט איז געווען דורכגעפירט אין פולער מאָס. ווי פריער, האָבן דאָ יידן אָפט פאַרנומען אָנגעזעענע פּאָסטנס אין געזעלשאַפטלעכער און מלוכה-דינסט. דער געוועזענער פּראָפעסאָר יוריסט און לאַנגיאָריקער פּאַרלאַמענט-דעפּוטאַט לואידזשי לוצצאַטי איז געווען פינאַנץ-מיניסטער, און אין 1910 איז ער געוואָרן פּרעמיער-מיניסטער אינם ליבעראַלן קאַבינעט. דאָס איז געווען דער ערשטער ייד, וואָס זאָל שטיין בראש פון דער רעגירונג אין אַ גרויסער מלוכה (זיין פאָרגייער סאָנינאָ, א זון פון אַ ייד און אַ קריסטין, האָט געגאָלטן אַלס קריסט, ווייטער דיזראַעלי-ביקאָנספילד אין ענגלאַנד איז, ווי באַקאַנט, קינדווייז געווען אָפּגעטויפט). אַלס סינדיק אָדער שטאָט-פּרעזידענט פון רוים איז אין 1907 אויסגעוויילט געוואָרן דער פּאָפּולערער מוניציפּאַלער טוער, מיטגליד פון מאַסאָנישן אָרדן, דער ייד ערנעסטאָ נאַטאַן. אַזוי האָט געהאָלט דער גורל, אַז בראש פון נייעם רוים זאָל אָוועקגעשטעלט ווערן אַ אייניקל פון די געפאַנגענע אין רוימישן געטאָ — נאָכדעם ווי דער אַנטקרוינטער הויפּט פון פּויפּסטלעכן רוים איז אַליין געוואָרן אַ געפאַנגענער אין וואַטיקאַן. אַלס פאָרשטייער פון איטאַליענישער רעזידענץ אויף פאַרשידענע פייערלעכקייטן, איז נאַטאַנען אָפט אויסגעקומען צו האַלטן אויך פּאָליטישע רעדעס. אין זיין רעדע צוליב דעם פערציקיאָריקן יובילעאום פון דעם טאָג, ווען דאָס קעניגליכע מיליטער איז אריין אין רוים (סעפּטעמבער 1910), האָט דער שטאָטישער סינדיק פאַרגליכן די פרייע רעזידענץ פון דער נייער איטאַליע — מיט דער אַלטער רעזידענץ פון פּויפּסטן און קאַרדינאַלן, מיט דער פינסטערער קלעריקאַלן-נעסט, וואו עס זענען געווען אינקוויזיציע פאַר אַפּיקורסים און אַ געשלאָסענע געטאָ פאַר יידן. נאַטאַנס רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און האָט, פאַרשטייט זיך, זייער אויפגעבראַכט די קלעריקאַלן. זיי האָבן אין זייער פּרעסע אויפגעהויבן אַ ויצעקו, אַז אַ ייד אַ מאַסאָן האָט באַליידיקט דעם הויפּט פון דער קירך. דער פּויפּסט אַליין פּיוס X האָט פאַרעפנטלעכט אַ פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס אַ פאָרשטייער פון אַ פיינטלעכער מאַכט האָט געלעסטערט דאָס קאַטוילישע גלויבן. נאַטאַן האָט געענטפערט דעם פּויפּסט מיט אַן אָפענעם בריף אין די צייטונגען און פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט נישט געמיינט צו באַליידיקן עמיצנס רעליגיעזע געפילן, ער האָט נאָר אָנגעוויזן אויף היסטאָרישע פאַקטן, און ער איז גרייט צו ענטפערן פאַרן געריכט פון לאַנד און פאַר זיינע וויילער, אויב ער האָט געבראָכן זיין פליכט פון בירגער אָדער שטאָט-סינדיק. „אויב אָבער — האָט ער געשריבן — איך האָב פאַרלעצט דעם געבאָט פון רעליגיע, וועל איך ענטפערן

נאָר פאַר גאָט, ווייל קיינע פאַרמיטלער צווישן אים און מענטשן אנערקען איך נישט". דער אויפריכטיקער און דרייסטער טאָן פון דער דאָזיקער תשובה, וואָס אין איר האָט זיך געשפּירט אַן אַרויספאָדערונג דעם פּאַפּיזם, האָט אַנטציקט אַלע פריידענקער, און נאָר די דערשראָקענע אַסימילירטע דייטשע יידן האָבן זי פאַראורטיילט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דער אומצופרידנקייט פון די דייטשע קאַטוילן.

אודאי, די אַלע מלוכהשע און געזעלשאַפטלעכע טוער אין איטאַליע זענען נאָך ווייט געווען פון נאַציאָנאַלן יידנטום: אַלס ליבעראַל און נישט אַלס ייד — האָט לוצאַטי אָפיציעל געטאַדלט רומעניעס אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק; אַלס פריידענקענדיקער מאַסאָן — האָט נאַטאַן געקעמפט קעגן קלעריקאַליזם. דאָך האָבן די וואַטיקאַן־אַגיטאַטאָרס פאַרגעשטעלט די גאַנצע פּאָליטיק פון דער איטאַליענישער רעגירונג אַלס די זאַך פון יידן און מאַסאָנען. אַ געוויסן דערפאָלג האָט די אַגיטאַציע געהאַט בעת דער איטאַליעניש־טערקישער מלחמה אין 1911—1912, וועלכע האָט זיך געענדיקט מיטן אַנעקסירן צו איטאַליע די אַפריקאַנישע פּראָווינצן טריפּאָליס און קירענאַאיק. אַ מלחמה רופט שטענדיק אַרויס שלעכטע ליידנשאַפטן אונטערן שלייער פון „פּאַטריאָטיזם", און אויך איצט האָט זי דאָ דערנענטערט די קלעריקאַלן צו ליבעראַלן, און אויף דעם באָדן האָבן זיך באַוויזן אייניקע שפּראָצונגען פון אַנטיסעמיטיזם. ווען די דייטשע און ענגלישע צייטונגען האָבן אָפּגעדרוקט אַרטיקלען קעגן איטאַליעס דעראָבערונגס־פּאָליטיק, האָבן די איטאַליענישע צייטונגען אָנגעהויבן רעדן וועגן דער פיינטלעכקייט פון דער „יידישער פּרעסע" צו איטאַליע און וועגן איר בייזוויליקער אַגיטאַציע לטובת טערקיי. די קלעריקאַלן האָבן געטענהט, אַז אַנדערש קאָן עס גאָר נישט זיין: אַז עס קעמפט אַ קריסטלעכע מלוכה מיט אַ מאָהאַמעדאַנישער, זענען יידן תּמיד אויף דער זייט פון איסלאַם, ווייל זייער צוועק איז — צו פאַרניכטן קריסטנטום. קיין שעדלעכע פאָלגן האָט די דאָזיקע אַגיטאַציע נישט געהאַט. אַ יידישע דעפּוטאַציע מיט לוצאַטי בראש האָט זיך אין מערץ 1912 פאָרגעשטעלט פאַרן קעניג וויקטאָר־עמנואל III, און זי האָט פון אים אויסגעהערט אַ סך גוטע באַרויאיק־ווערטער. דער קעניג־בירגער האָט דעמאָנסטראַטיוו באַזוכט די רוימישע סינאַגאָגע און נאָך איין שול אין פּראָווינץ, און האָט געענטפערט אויף דער באַגריסונג מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געלויבט „יידנס פּאַטריאָטיזם און הויכע גייסטיקע אייגנשאַפטן". די אַפריקאַנער מלחמה האָט אויך ביי דער יידישער באַפעלקערונג געפאָדערט קרבנות, און ווען זי האָט זיך בשלום געענדיקט, איז דאָס אַנטיסעמיטישע פייערל אין איטאַליע אויסגעלאָשן געוואָרן.

דאָך האָט דער דורכגעלאָפענער שאָטן אַנטיסעמיטיזם געצוואונגען עמפינדלעכע מענטשן זיך צו פאַרטראַכטן. די פּראָפּאַגאַנדע פון ציוניזם האָט

נעצויגן אַלץ מער אויפמערקזאַם, זי האָט געוועקט נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין— באַזונדערס ביי דער יוגנט. האַרבסט 1911 איז אין פלאָרענץ, אויף דער איניציאַטיוו פון אָרטיקן ראַבינער ס. מארגאַליאָס, צושטאַנדגעקומען א צונויפפאָר פון יידישער יוגנט, און דאָ זענען געהאַלטן געוואָרן פלאַמעדיקע דרשות וועגן גייסטיק אויפלעבן דאָס פאָלק, וועגן צוריק אויפשטעלן דאָס „דינאַמישע" יידנטום מיט זיינע הויכע סאָציאַל־עטישע אידעאַלן, וועגן נאַציאָנאַלער דערציונג און אַנטוויקלונג פון יידישער קולטור. מ'האָט באַשלאָסן צו פאַראייניקן די ביזאהעריקע קרייזלעך „Pro cultura Ebraicd" — אָרגאַניזירן רעפעראַטן איבער יידישער געשיכטע און מאָדערנע פראַגן, עפענען שולן אָדער קורסן אויף שטודירן העברעאישע שפּראַך און ליטעראַטור. דער צווייטער צונויפפאָר פון פאַרבאַנד יידישער יוגנט, וועלכע האָט זיך צוזאַמענגענומען אין טורין סוף 1912, האָט צוגלייך מיט פראַבלעמען פון נאַציאָנאַלער קולטור אויך באַהאַנדלט די פראַגע וועגן פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע. אויפן דריטן צונויפפאָר (רוים, פעברואַר 1914) האָט מען באַטראַכט די לאַגע פון די 30.000 יידן אין די אַנעקסירטע פּראָווינצן טריפּאָליס אין קירענאַאיקע. פון די יוגנט־רייען איז די נאַציאָנאַלע באַוועגונג אַריינגעדרונגען צום עלטערן דור מענטשן, און האָט דאָרט צעטרייסלט די דאָגמע אַסימילאַציע. עס איז אַנטשטאַנען א געדאַנק צו באַשאַפן א פאַרבאַנד פון די יידישע געמיינדעס אין איטאַליע — אַלס סימבאָל פון נאַציאָנאַלער אחדות. צוליב דעם איז אין רוים צונויפגערופן געוואָרן (מאַי 1914) א קאָנגרעס פון געמיינדעפאָרשטייער; דער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט מיט אמאָל אויסצובילדן אַזאַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון קהילות אויף אויטאָנאָמע יסודות, אָבער ער האָט שוין אָנגעמערקט דאָס אַריבערגיין פון א קאָנפעסיאָנעלער קהילה צו א נאַציאָנאַל־קולטורעלער. אינם אָנגענומענעם סטאַטוט פונם געמיינדעפאַרבאַנד איז אַלס זיין הויפּט־אויפגאַבע באַצייכנט געוואָרן „די זאָרג וועגן אַלץ, וואָס שטעלט פאָר א געמיינזאַמען אינטערעס פאַר אַלע געמיינדעס, און איבערהויפּט דאָס זאָרגן וועגן אַנטוויקלען יידישע קולטור". אזוי האָט זיך דריי חדשים פארן וועלט־קריג אָנגעהויבן די אָרגאַניזאַציע פון יידנטום אין א לאַנד, וואָס האָט דאַמאָלסט געציילט ביי 44.000 יידן, און צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג פון די אַפריקאַנישע פּראָווינצן — 74.000. די וועלט־מלחמה, אין וועלכער אויך איטאַליע איז אינגיכן אריינגעצויגן געוואָרן, האָט איבערגעריסן דעם דאָזיקן פּראָצעס פון נאַציאָנאַלן ווידערגעבורט.

קיינע שום אויסטערלישע געשעענישן זענען יענע יאָרן נישט געווען אינם לעבן פון די אַנדערע קלענערע צענטרען פון מערב־יידנטום: אין האָלאַנד, בעלגיע, שווייץ און סקאַנדינאַוויע. דאָס איז געווען א סימן פון אויסערלעכן וואוילשטאַנד און אינעווייניקסטער פארגליווערטקייט. עס איז אָבער לייכט געווען פאָרויסצוזען, אַז די כוואַליע נאַציאָנאַלע באַוועגונג וועט זיך

איגיכן דערקייקלען אויף ײַ די דאָזיקע גלות=ווינקעלעך און דאָרט פּילע אויפוועקן פון דער אסימילאַציע=לעטאַרגיע.

## § 49. רומעניע, ניי-טערקיי און דער באַלקאַן=קריג

דאָס צווייטע נאָך רוסלאַנד ייִדנפיינטלעכע לאַנד אין מזרח=אייראָפּע, רומעניע, האָט אויך אָנהויב 20-טן יאָרהונדערט פאָרגעזעצט יענע פּאָליטיק, ביי וועלכער זי האָט זיך געהאַלטן פון דער צייט אָן, זינט איר האָט זיך איינגעגעבן דורך מאַכן די אָרטיקע יידן פאַר „אויסלענדער" — אָפּצונארן אייראָפּע און ברעכן דעם פּונקט אין בערלינער טראַקטאַט וועגן בירגערלעכער גלייכבאַרעכטונג (§ 25). די דאָזיקע קונציקע המצאה האָט די רומענישע מושלים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו דריקן דריי הונדערט טויזנט יידן, זיי צו דערפירן ביז לעצטער דערנידריקונג און רעכטלאָזיקייט. די סיסטעם אונטערדריקונג איז אַלץ מער פאַרפולקאָמט און קאָמפּליצירט געוואָרן. נאָכדעם ווי מ׳האָט ביי יידן אָפּגענומען די מער הכנסהדיקע האַנדלס=פּרנסות, האָט מען באַשלאָסן אָפּצונעמען ביי זיי אויך די פרייהייט פון האַנטווערק-אַרבעט — דעם צווייטן יסוד פון ווירטשאַפט=לעבן ביי די אַרבעטס=מאַסן. אין 1902 האָט מען אַרויסגעגעבן אַ געזעץ, וואָס דערלויבט זיך צו פאַרנעמען מיט האַנטווערק נאָר יענע אויסלענדער, וועלכע וועלן צושטעלן א באַווייז, אַז אויך אין זייער פאָטערלאַנד איז רומענער דערלויבט זיך צו באַשעפטיקן מיט דער זעלבער מלאכה. אַזוי ווי יידן, פיקטיווע אויסלענדער, איז אוממעגלעך געווען צוצושטעלן אַזעלכע „באַווייזן פון קעגנזייטיקייט" מצד זייער נישט עקזיסטירנדיקער מלוכה, האָט די רעגירונג דערקלערט, אַז מ׳וועט צולאָזן צו האַנטווערק=מלאכות נאָר יענע יידן, וואָס וועלן באַפרידיקן אַזעלכע באַדינגונגען: זיי זאָלן דערווייזן, אַז זייערע עלטערן זענען געבוירן אין רומעניע און קיינמאָל נישט געווען קיין פרעמדע אונטערטאַנען, און אַז זיי אַליין האָבן נישט אויסגעמיטן מיליטער=דינסט; אַזעלכע פערזאָנען איז דערלויבט געווען משך אַ יאָר צייט אָנצוגעבן בקשות וועגן נאַטוראַליזאַציע. עס איז קלאָר געווען, אַז אַזעלכע באַדינגונגען באַטייטן דאָס זעלבע, וואָס פאַרווערן זיך צו באַשעפטיקן מיט האַנטווערק: שווער געווען צוצושטעלן אַ באַווייז וועגן די עלטערנס געבורט אין רומעניע, בשעת אין די אַלטע אומקולטורעלע פירשטענטומס אין מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע האָט געפעלט יעדע שום רעגיסטראַציע; ווייטער, די ווענדונגען וועגן נאַטוראַליזאַציע האָט די פאַרלאַמענט=קאָמיסיע באַפרידיקט אַזוי, אַז פאַר 24 יאָר זינט דעם בערלינער קאָנגרעס איז נאַטוראַליזירט געוואָרן גאַנצע 70 יידן. די רומענישע מאַכט האָט, הייסט עס, געוואָלט צו דער אַלטער פּיקציע צוגעבן נאָך אַ נייע, כּדי צו פאַרקנעכטן נייע הונדערט טויזנט יידן

יידישע האנטיזועמיער האָבן גלייך דערפילט, אַז ס׳ס העננט איבער זיי אַ חלף, — האָבן זיי פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף וועגן דער נויטיקייט צו נעמען זיך פאָרן וואַנדערשטעקן און פאַרלאָזן דאָס לאַנד: „מיר זענען געבוירענע אין רומעניע, אָבער מ׳האָט אונז דערקלערט פאַר אויסלענדער. אונזער לאַגע איז פיל ערגער ווי די לאַגע פון ווירקלעכע אויסלענדער, ווייל מיר האָבן נישט קיין שום שוץ. מיר זענען פאַריער, וואָס יעדערער קאָן זיי עקספּלאָאַטירן. פאַר רומענער האלט מען אונז נאָר דאַמאָלסט, ווען מ׳גיט אונז אָפּ פאַר זעלנער אָדער מ׳רייסט פון אונז שטייערן. פון די דערפער האָט מען אונז אַרויסגעטריבן, און איצט געפינט מען, אַז מיר זענען צופיל אין די שטעט. מיר ווילן לעבן ווי מענטשן, און אויב דאָ איז עס אוממעגלעך, לאָמיר זוכן אַן אַנדער אָרט, וואו מ׳וועט קאָנען באַקומען ברויט און פרייהייט“. די רעגירונג האָט, מיטן מויל פונם „ליבעראַלן“ מיניסטער-פּרעזידענט סטורדזאַ, באַשטעטיקט, אַז „לעבן ווי מענטשן“ וועט מען יידן אין רומעניע נישט לאָזן. אין אַ שמועס מיטן בוקאַרעשטער ראַבינער ד״ר בעק האָט ער אָפן איבערגעחזרט דאָס, וואָס ס׳ס האָבן שוין פריער אַרויסגעזאָגט דער רומענישער המן — בראַטיאַנאָ און דער רוסישער — פּאָביעדאָנאָסצעוו: „די אחדות פון אייערע גלויבנסברידער — איז אַ שיינער שטריך, וואָס פאַרדינט מען זאָל איר שטאַרק לויבן, אָבער אייער אחדות שאַדט די אינטערעסן פון רומעניע. די רומענער פון זייער זייט שטרעבן אויך צו סאָלידאַרישקייט אין זעלבסטשוץ. מיר זענען פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט פרעמדע פעלקער, וואָס רעדן אויף שפּראַכן — פרעמדע פאַר אונז, און מיר נעמען באַטירלעך אָן מיטלען קעגן זייער אַריינדרונגען אין אונזער סביבה. אָבער אונזער אַרבעט ווערט פאַרשווערט אַ דאנק דער גרויסער צאָל יידן אין רומעניע, וועלכע ווילן זיך נישט אַסימילירן“. דער ראַבינער-„דאָקטאָר“, וועלכער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ מערבדיקן ראַבינער-סעמינאַר, האָט זיך גענומען איבערצייגן דעם מיניסטער, אַז גראָד טאַקע די אונטערדריקונג פאַרשטאַרקט די יידישע סאָלידאַרישקייט און שטערט זייער פולשטענדיקער אסימילאַציע. דער דאָזיקער געבילדעטער „מנהיג“ איז מסתמא נישט געווען באַפולעכטיקט צו מאַכן אַזאַ מעלדונג אין נאָמען פון יענע אַרבעטסמאַסן, וואָס האָבן פאַרעפנטלעכט דעם אויבנגעבראַכטן אויפרוף — וועגן זוכן אין אַן אַנדער לאַנד נישט נאָר ברויט, נאָר אויך „פרייהייט“, אין דעם שוין אויך פרייהייט פון נאַציאָנאַלער אַליינבאַשטימונג.

די רעגירונגען פון די אייראָפּעאישע מלוכות, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן דעם בערלינער טראַקטאַט, האָבן שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו רעאַגירן אויף דעם רומענישן חוזק-טרייבן איבער דעם דאָזיקן אינטערנאַציאָנאַלן אַקט; נאָר איין רעגירונג פון די אַמעריקאַנער פאַראייניקטע שטאַטן

האָט געריירט דער געשריי פון די גערודפטע ביי די דונאַי־ברעגעס. פּרעזי־
דענט רוזוועלט האָט געהאט דעם אויפריכטיקן פאַרלאַנג זיך איינצושטעלן
פאַר יידן, אָבער צום דירעקטן אַריינמישן זיך איז נישט געווען קיין אָפּי־
ציעלער אויסרייד: די פאַראייניקטע שטאַטן זענען דאָך נישט געווען צווישן
יענע מלוכות, וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם בערלינער טראַקטאַט. האָט
מען זיך געמוזט לאָזן אויף אומוועגן. אויגוסט 1902 האָט דער אַמעריקאַ־
נער שטאַטס־סעקרעטאַר העי צעשיקט צו די פאַרטרעטער פון פאַראייניקטע
שטאַטן ביי די אייראָפּעאישע רעגירונגען אַ צירקולאַרישע נאָטע מיט א
פאָרשלאַג צו זען ווירקן אויף די דאָזיקע רעגירונגען, אז זיי זאָלן באַוועגן
רומעניע אויסצופירן איר התחייבות וועגן די יידנס עמאַנסיפּאַציע. די אומ־
דירעקטע אינטערווענץ פון דער אמעריקאַנער רעפּובליק איז אין דער נאָטע
מאָטיווירט געווען מיט דעם, וואָס אמעריקע ליידט איבערן אָנגעלויף פון
אָרעמע עמיגראַנטן אויס רומעניע, וועלכע פאַלן ווי א שווערע לאַסט אויף
דער געזעלשאַפט, אָבער דאָ גלייך איז אויך געווען געזאָגט, אַז דער הויפּט־
מאָטיוו פונם איינשטעלן זיך איז דער וואונש צו העלפן די קרבנות פון
דער פארגוואַלדיקונג. די נאָטע איז געווען געשריבן אין אַן איידעלן טאָן,
וואָס אין אייראָפּע האָט מען זיך שוין לאַנג פון אַזעלכן אָפּגעוואוינט: „די
לעקציעס פון דער געשיכטע און די דערפארונג פון אונזער נאציע באַווייזן,
אַז יידן פאַרמאָגן אין אַ הויכער מאָס גייסטיקע און מאָראַלישע מעלות פון
באוואוסטזיניקע בירגער. קיין שום גרופּע אימיגראַנטן קאָן נישט רעכענען
אויף א מער פריינטלעכן אויפנאם אויף אונזער ברעג, אויב נאָר זיי קומען
פיזיש און גייסטיק צוגעגרייטע צום קאַמף פאר עקזיסטענץ. אָבער ווען זיי
קומען אַהער ווי אַרויסגעשליידערטע פונם צווייטן לאַנד, רואינירטע דורך
פיזישן און מאָראַלישן פרעס און נויטיקן זיך גאָר אין געזעלשאַפטלעכער צדקה,
דאַמאָלסט פארלירט שוין אַזאַ אימיגראַציע יענע וועזנטלעכע אייגנשאַפטן,
וואָס מאַכן אימיגראַציע בכלל נוצלעך און אָננעמבאַר... אונזער רעגירונג
קאָן נישט שווייגנדיק צוקוקן אַזא אינטערנאַציאָנאַלע אומרעכט, וואָס ווערט
געטאָן אין רומעניע. זי איז געצוואונגען צו פּראָטעסטירן קעגן דעם באַגיין
זיך מיט יידן אין רומעניע נישט נאָר דערפאר, ווייל פון דעם קומט אַרויס
שאָדן פאר אונזער מדינה, נאָר אויך אין נאָמען פון הומאַנישקייט. די פאַר־
אייניקטע שטאטן קאָנען נישט אין קיין קאַטעגאָרישער פאָרם אַפּעלירן צו
די באַשלוסן פון בערלינער טראַקטאַט, וועלכן זיי האָבן נישט אונטערגע־
שריבן, אָבער זיי אַפּעלירן ערנסט צו די פּרינציפּן, וואָס האָבן דיקטירט די
דאָזיקע באשלוסן, אַלס יסודות פון אינטערנאַציאָנאַלן רעכט און פון אייבי־
קער גערעכטיקייט; זיי פאַרטיידיקן די ברייטע טאָלעראַנץ, וואָס איז פעסט־
געשטעלט איבם דאָזיקן פייערלעכן אקט, און זיי זענען גרייט צו לייסטן
מאָראַלישע הילף די, וואָס האָבן אים אונטערגעשריבן, ביים פארווירקלעכן

אים פּראַקטיש". אויפן רוף פון דער גרויסער רעפּובליק האָבן זיך, פאַר־
שטענדלעך, נישט אָפּגערופן נישט רוסלאַנד, רומעניעס רבי אין הלכות אַנ־
טיסעמיטיזם, נישט רוסלאַנדס פאַרבינדעטע — פראַנקרייך; געשוויגן האָבן
אויך די מלוכות פון דרייבונד. ענגלאַנד האָט זיך יאָ געגרייט עפּעס טאָן,
אָבער, זעענדיק די גלייכגילטיקייט פון קאָנטינענט, האָט זי באַשלאָסן, אַז
א סעפּאַראַטער אריינמיש אין די רומענישע אָנגעלעגנהייטן וועט נישט דער־
גרייכן דעם צוועק. דאָך האָט מען אין רומעניע זיך צוגעהערט צום געביי־
זער פון יענער זייט אָקעאַן, און דאָס האָט אירע מושלים געצוואונגען
אויף א צייט שטיל צו ווערן. דעם מאָנסטרעזן געזעץ וועגן האַנטווערקער—
אויסלענדער האָט מען צו יידן נישט אָנגעווענדעט, און דער רעפּרעסיעס־
אימפּעט בכלל האָט זיך איינגעשטעלט אויף עטלעכע יאָר.

אין 1907 האָט די רומענישע יידן געטראָפן א קאַטאַסטראָפע. עס האָט
זיך צעשפּילט די פאָלקסמאַסע — דאָס פויערטום, וואָס די פּריצים־„באָיאַרן"
האָבן פאַרקנעכטעט: כמעט א העלפט אַקערלאַנד האָט צו זיי געהערט, און די
לאַנד־אָרעמע פויערים זענען ביי זיי קנעכט געווען. האָט זיך אויפגעהויבן א
שטאַרקע אַגראַר־באַוועגונג. דער פויערים־אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן מערץ
חודש אין מאָלדאַוויע און איז שוין לכתחילה אַוועק מיט דער ליניע פון
קלענסטן ווידערשטאַנד — קעגן יידן. אַזוי ווי אין אוקראַינע אין כמיעלניצקיס
צייטן, זענען דאָ ביי א סך גוטבאַזיצער די „אַרענדאַרן" געווען יידן, די ערד־
אייגנטימער פלעגן ביי זיי מאָנען הויכע אַרענדע־פּרייזן און דערמיט צווינגען
צו נעמען אָנטייל אין עקספּלואַטירן די פויערים. האָט זיך טאַקע אויף די דאָ־
זיקע לאַנדפּאַכטערס אויסגעגאָסן דער ערשטער צאָרן פון די אויפגעשטאַנענע.
מ'האָט געשלאָגן, געראַבעוועט פריער די אַרענדאַרן אין דאָרף, און שפּעטער
יידן בכלל אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. כדי אָפּצוּלענקען פון זיך
דאָס געוויטער, האָבן די באָיאַרן און זייערע פאַרבינדעטע רעגירונגס־אַגענטן
אויף די ערטער פשוט געהעצט דעם צעבונטעוועטן המון דירעקט קעגן יידן. די
פּרעפעקטן פון באָטאָשאַני און אַנדערע שטעט האָבן אין זייערע קרייזן געפירט
אָן אָפענע פּאָגראָם־אַגיטאַציע, און די נידעריקערע פּאָליציי־אַגענטן און זעלנער
זענען אָפט צוגעשטאַנען צו די פּאָגראָם־באַנדעס. אין מאָלדאַוויע האָט מען
רואינירט עטלעכע טויזנט יידישע משפּחות. אָנגעהויבן מיט אַזאַ דערפאָלג די
קריגס־אָפּעראַציעס פון יידן, זענען די פויערים אינגיכן אַריבער צו זייער ווירק־
לעכן פיינט — באָיאַרן. אין וואַלאַכיע האָט דער אויפשטאַנד שוין געהאַט א
ריין אַגראַרישן כאַראַקטער: מ'האָט געשלאָגן און געהרגעט גוט־באַזיצער, גע־
צינדן און געראַבעוועט זייערע רייכע גיטער. און ערשט פון דעם מאָמענט אָן
האָט די רעגירונג, וועלכע האָט רואיק צוגעזען דאָס ראַבירן יידן, אָנגענומען
ענערגישע מיטלען אונטערצודריקן דעם אויפשטאַנד. דאָס מיליטער האָט גע־
אַרבעט אָן רחמנות: אויפן המון פויערים האָט מען געשאָסן פון האַרמאַטן,

גאַנצע דערפֿער פֿון די אויפגעשטאַנענע האָט מען אונטערגעצונדן, די אַגראַר-באַוועגונג איז איינגעשטילט געוואָרן. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז יידן-אַרענדאַרן איז אין די פריצישע גיטער געווען איינגאַנצן עטלעכע הונדערט, רואינירט האָט מען אָבער עטלעכע טויזנט יידישע פאַמיליעס אין די שטעט: אַ קונציקע האַנט פֿון אַגיטאַטאָרס האָט אַהין געלענקט דעם צערייצטן המון. די געליטענע באַיאַרעס האָט די רעגירונג זיך געאיילט צו באַרויקן — מיטן צוזאָג זיי אומצוקערן אַלע הזיקות, אָבער די אומשולדיק-רואינירטע יידן האָט מען נישט נאָר גאָרנישט אומגעקערט, נאָר מ'האָט נאָך באַשלאָסן זיי צו באַשטראָפן: אין פאַרלאַמענט איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ געזעצפראָיעקט וועגן פאַרווערן די ערדבאַזיצער אָפצוגעבן זייער ערד אין פאַכט צו „אויסלענדער". אַ סך ווידער יידן זענען בעת דער פאַניק אַנטלאָפֿן,—האָט זיי איצט די מאַכט געשטערט אומצוקערן זיך אויף זייערע פריערדיקע וואוין-ערטער

די יידן-עמיגראַציע פֿון רומענישן סדום איז געוואָרן שטאַרקער. מער פאַר אַלץ האָט מען זיך געלאָזן קיין אַמעריקע, אָפגעשטאַנענע גרופעס זענען אויפן וועג פאַרבליבן אין ענגלאַנד און אַנדערע לענדער. עס איז אויך שטאַרקער געוואָרן די בייגונג צו ציוניזם. אָבער אַזוי ווי פאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע האָט זיך צו דער צייט כמעט ווי אָפגעשטעלט, האָט מען די ענערגיע אָפגעגעבן דער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַרבעט אויף די ערטער. אין דעם פרט האָבן ציוניסטן און אומפאַרטייאישע נאַציאָנאַליסטן אין רומעניע פיל אויפגעטאָן, לויטן מוסטער פֿון רוסלאַנד. עס זענען אַנטשטאַנען געזעלשאַפטן און קרייזן אויף צו פאַרשפרייטן יידישע קולטור, אַ סך שולן מיט אַ נאַציאָנאַלער פראָגראַם; אין בוקאַרעשט, יאַסי און אַנדערע שטעט האָט מען אַרויסגעגעבן עטלעכע פעריאָדישע שריפטן, וואָכן- און חודש-אויסגאַבעס, אויף יידיש און רומעניש. עס זענען זיך פעריאָדיש צענויפגעפאָרן קהילה-פאָרשטייער, און זיי האָבן אָפט געשטעלט די גרונטפראַגע וועגן בילדן אַ פאַרבאַנד פֿון אויטאָנאָמע קהילות; אַזאַ זאַך אָבער האָט געפאָדערט די סאַנקציע פֿון דער רומענישער רעגירונג און פאַרלאַמענט — און פֿון זיי איז יידן שווער געווען צו דערוואַרטן הילף ביים פאַרפעסטיקן זייער אינעווייניקסט לעבן. אין אַ שמועס מיטן מיטאַרבעטער פֿון לאָנדאָנער "Times„, לוסיען וואָלף, האָט דער אויבנדערמאָנטער מיניסטער סטורדזאַ שטאַרק געלויבט די ציוניסטן און אויסגעדריקט גרייטקייט זיי צו העלפן, כדי זיי זאָלן קענען אַרויספירן וואָס מער יידן פֿון רומעניע, אָבער דערפאַר האָט ער — לויטן ביישפיל פֿון די רוסישע מיניסטאָרן פלעווע און סטאָליפין — געהאַלטן פאַר „פאַרברעכעריש" יעטוועדע טעטיקייט, וואָס שטרעבט צו פאַרשטאַרקן די יידישע נאַציע אין גלות. „אויב איר זענט אַ נאַציע, איז מיט וואָס פאַר אַ רעכט טרעט איר אַרויס קעגן דער באַהויפטונג פֿון דער רומענישער רעגירונג, אַז איר זענט אויסלענדער?" — אַזוי האָט געטענהט צו יידן דער ביזווילקער מיניסטער. די יידישע נאַציאָנאַל-קולטורעלע באַוועגונג

האָט ער אויסגענוצט אויף צו באַרעכטיקן דעם רומעניִשן שווינדל. נאָך אַזעלכע אויטאָריטעטע דערקלערונגען האָבן יידן ווייניק האָפנונגען געהאַט אויסצובעסערן זייער לאַגע אין רומעניִשן גיהנום, — און דאָך האָט דער גורל געוואָלט, אַז די טעריטאָריע פונם דאָזיקן גיהנום זאָל זיך נאָך פאַרברייטערן און איר יידי־שע באַפעלקערונג זאָל פאַרגרעסערט ווערן. געשען איז דאָס אין די יאָרן פון באַלקאַן־קריג, וועלכער האָט דערלאַנגט אַ שווערן קלאַפ אייראָפעאישער טערקיי.

די יולי־איבערקערעניש פון 1908 האָט אויף אַ צייט באַנייט די אַלטע, אָפגעשוואַכטע ט ע ר ק י י. די יונגטערקן, וואָס האָבן דורכגעפירט די דאָזיקע איבערקערעניש, דערצויגענע אין אייראָפעאישן גייסט, האָבן געוואָלט באַ־העפטן זייער פאָטערלאַנד צו דער מערב־ציוויליזאַציע מיט אירע ליכט־ און שאָטן־זייטן. קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, מעסיקער ליבעראַליזם, בירגערלע־כע גלייכבארעכטונג — אָבער בתנאי טערקן זאָלן שפּילן ערשטע פיול, אָן שום הנחות פאַר די אויטאָנאָמיסטישע שטרעבונגען פון גריכן, אַרמענער, אַראַבער און אַנדערע נאַציעס פון דער פאַרשידנפעלקערדיקער מלוכה, — אָט דאָס איז געווען די פראָגראַם פון יינגטערקישן קאָמיטעט „איינהייט און פראָגרעס”, וועלכער האָט פאַקטיש רעגירט אין לאַנד די ערשטע יאָרן נאָך דער רעוואָלוציע. „אָטאָמאַניזאַציע” פון נישט־טערקישע פעלקער — דאָס איז געווען דער טרוים פון די פאַטריאָטן אין דער יונגער טערקיי. די אַר־מענער, גריכן, אַראַבער, מאַקעדאָניער בולגאַרן — זענען צופרידן געווען מיטן איינפירן אַ קאָנסטיטוציע, נאָר צו דער נאַציאָנאַלער פאָליטיק פון דער נייער רעגירונג האָבן זיי זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי. יידן אָבער האָבן די ערשטע צייט אינגאַנצן סימפאַטיזירט דער רעגירונג. די אָרטיקע ספרדים אין קאָנסטאַנטינאָפאָל און באַזונדערס אין זייער רעזידענץ סאַלאָניקי, אין דער פעסטונג פון יונגטערקן, זענען אויף זייער אופן געווען טערקישע פאַטריאָטן, און די מער אויפגעקלערטע פון זיי, וואָס האָבן זיך געלערנט אין די מזרח־שולן פון פאַריזער „אַליאַנס”, זענען געווען אַקטיווע מיטגלידער אין דער פאַרטיי „איינהייט און פראָגרעס”. די לערער פון די יידישע „אַליאַנס”־שולן אין טערקיי, וועלכע האָבן באַקומען פעדאַגאָגישע צוגרייטונג אין פאַריזער לערער־סעמינאַר, זענען אומעטום געווען אַפאָסטאָלן פון אַסימילאַציע און אָטאָמאַנישן צענטראַליזם. ביי די וואַלן צום ערשטן טערקישן פאַרלאַמענט (נאָוועמבער 1908) זענען יידן נישט געגאַנגען ווי אַ באַזונדער נאַציע, מיט אַן אייגענער קאַנדידאַטן־ליסטע, נאָר זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט יונגטערקן, דער קאָמיטעט „איינהייט און פראָגרעס” האָט זיינע מיטגלידער — יידן גע־געבן פיר מאַנדאַטן, און אַזוי אַרום איז אויסגעקליבן געוואָרן אין פאַרלאַ־מענט צו איין יידישן דעפוטאַט פון די שטעט קאָנסטאַנטינאָפאָל, סאַלאָניקי, סמירנע און באַגדאַד. פון זיי האָט זיך שפּעטער אויסגעצייכנט דער סאַלאָ־

ניקער אַדוואָקאַט עמנואל קאַראַסאָ און דער פּראָפעסאָר-יוריסט ניסים מצליח פון סמירנע, אָבער אין פּאַרלאַמענט פלעגן זיי אַרויסטרעטן איבער אַלגעמיינע פראַגן און כמעט קיינמאָל נישט באַרירן קיין פראַגן, וואָס האָבן אַ נאַציאָנאַלן אינטערעס פאַר יידן. זיי האָבן, למשל, נישט געפאָדערט אָפּצוש פן די „רויטע פּעסער", וואָס צוליב זיי האָבן יידן נישט געקאָנט פאַרבלייבן אין פּאַלעסטינע לענגער ווי דריי חדשים. דער דאָזיקער שאנד-געזעץ, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן בעת אַבדול-האַמיד, איז אויך דורך דער קאָנסטיטוציאָנעלער רעגירונג נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן: זי האָט אויך מורא געהאַט פאַרן צופלוס פון יידן אין זייער היסטאָרישע היים. און ווען בעת די פּאַרלאַמענט-דעבאַטן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ פיינטלעכע צום ציוניזם שטימונג, האָבן די יידישע דעפּוטאַטן זיך אַרויסגעזאָגט אין דעם זעלבן אַנטי-ציוניסטישן גייסט, ווי זייערע יונג-טערקישע חברים.

אין דער זיצונג פון 1 מערץ 1911 האָט דער גרויסוויזיר כאַקי-פּאַשאַ אָנגערופן די ציוניסטן „פאַנטאַזיאָרן", ווייל זיי טראַכטן דורך אַ מאַסן-אימיגראַציע קיין פּאַלעסטינע צו באַשאַפן אַ יידישע מלוכה; ער האָט אָנערקענט די „רויטע פּעסער" פאַר אַ נויטיק פאָרזיכט-מיטל קעגן אַזעלכע „פאַנטאַזיעס". דאַמאָלסט האָט דער יידישער דעפּוטאַט קאַראַסאָ גלייך געמאָלדן, אַז ער איז אינגאַנצן מסכים מיט דעם גרויסוויזירס מיינונג. איך האָב — זאָגט ער — שטודירט דעם ציוניזם, און איך באַנעם אים נישט; איך געפין, אַז קיין ערנסטן באַטייט דאַרף מען נישט צוגעבן דער דאָזיקער באַוועגונג. דער מאָהאַמעדאַנישער דעפּוטאַט פון דמשק, ריזעביי, האָט באַוויזן אַז ציוניזם איז פאַר טערקיי זייער געפערלעך, און ביי דער געלעגנהייט האָט ער צוגעשטעלט דעם פּאַרלאַמענט „זאַכלעכע" באַווייזן פון יידישן סעפּאַראַטיזם: ציוניסטישע פענער, שטעמפּלען און מאַרקעס מיט נאַציאָנאַלע עמבלעמעס; דער דעפּוטאַט האָט געמאָלדן, אַז ער האָט פון זיינע ווילער אַ דירעקטיוו צו קעמפן קעגן אַריינלאָזן יידן קיין פּאַלעסטינע. איז אָט כדי צו באַרואיקן די טערקישע פּאַטריאָטן, וואָס די דאָזיקע דעבאַטן האָבן זיי אויפגערודערט, האָט דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער חכם-באַשי — דער העכסטער פאָרשטייער פון יידישע קהילות אין טערקיי — חיים נחום באַזוכט דעם גרויסוויזיר, אים אויסגעדריקט אַ דאַנק פאַר זיין רעדע וועגן ציוניזם און פאַרזיכערט אים פּאַטריאָטיזם פון די יידישע קהילות. עס האָט זיך, הייסט עס, באַקומען, אַז דער אָפיציעלער פאַרטרעטער פון יידנטום דאַנקט דעם הויפּט פון דער רעגירונג פאַרן לאָזן די שענדלעכע „רויטע פּעסער" פאַר יידן, וואָס קומען קיין פּאַלעסטינע. דאָ איז ווידער אַ רב אַרויסגעטראָטן אַלס מלוכה-באַאַמטער, און נישט אַלס פאָרשטייער פון זיין פאָלק. אַליין אַ לערער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער ראַבינער-סעמינאַר, וואָס פאַריזער „אַליאַנס" האָט געגרינדעט, איז נחום אויסגעקליבן געוואָרן אויפן פּאָסטן פון חכם-באַשי

באַלד נאָך דער איבערקערעניש פון 1908, אַ דאַנק זיינע פאַרבינדונגען מיט די פירער פון יונג=טערקן, און ער האָט אין אַלץ קאָפּירט די מעשים פון די מערב=אַסימילאַטאָרס אין דער תקופה עמאַנסיפּאַציע. איינגיכן האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איינער פון די קאָמיטעט=גלידער אין פּאַריזער „אַליאַנס" האָט אַ שייכות צו דער אַגיטאַציע, וואָס פירט זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל קעגן ציוניזם. דער רעדאַקטאָר פון דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער ספרדישע צייטונג „El Tiempo" (שפּאַניאָליש) דוד פרעסקאָ, וועלכער איז געווען אינספּירירט פון פּאַריז, האָט נאָך מער אַריבערגעכאַפּט די מאָס: ער האָט געוואוסט צו דערציילן, אַז יידן שטרעבן אָפּצוטיילן פּאַלעסטינע פון טערקיי. דאָס האָט אין דער טערקישער געזעלשאַפט אַרויסגערופן אַ טומל. אין דער רעזידענץ האָבן צווישן די מאָהאַמעדאַנער צירקולירט נישט=געשטויגענע קלאַנגען. אפילו דעם פינאַנץ=מיניסטער דזשאַוויד=ביי, וואָס זיינע עלטערן האָבן געהערט צו דער סאַלאָניקער סעקטע דאָנמע (אָנהענגער פון שבתאי=צבי, וואָס האָבן כלפּי חוץ אָנגענומען איסלאַם), האָט מען חושד געווען אין מיטגעפיל צום ציוניזם: ער האָט כלומרשט פּראָטעזשירט די ציוניסטישע בענק אין טערקיי; אין דער אמתן אָבער האָט דער דאָזיקער פירער פון ניי=טערקיי, אַן אור=אייניקל פון די מעסיאַניסטן אין 17=טן יאָרהונדערט, זייער ווייניק אינטערעס געהאַט צום יידישן פּאָליטישן משיחטום פון 20=טן יאָרהונדערט.

ערשט נאָך עטלעכע יאָר פּאָליטישער דערפאַרונג אין קאָנסטיטוציאָנעלן טערקיי האָבן יידן באַגריפן, אַז זיי מוזן פירן אַן אייגענע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק צווישן די קעמפנדיקע נאַציעס פון דער פילפאַרביקער אָטאָמאַנישער מלוכה. צו דער גרענעצלאָזער ממשלה פון די יונגטערקן פון פאַרבאַנד „איינהייט און פּראָגרעס" איז געקומען אַ סוף: איצט האָט געהאַט דערפאָלג דער פיינטלעכער צו אים „ליבעראַלער פאַראיין", וואָס אין אים האָבן זיך באַטייליקט אָנהענגער פון דעצענטראַליזאַציע אין פאַרוואַלטונג און פון פעלקער=אויטאָנאָמיע. אַזוי ווי אָבער יידן האָט מען אידענטיפיצירט מיט די יונגטערקן, צו וועלכע זיי פלעגן תמיד צושטיין, איז איצט אינם פּאַרטיישטרייט נישט אויסגעמיטן געוואָרן קיין אגיטאַציע קעגן יידן. בעת די פּאַרלאַמענט=וואַלן אין 1912 האָבן זיך אין אייניקע רעזידענץ= און פּראָווינץ=בלעטער, דערעיקרשט גריכישע, באַוויזן אַזעלכע שאַרפע יידנפיינטלעכע אַרטיקלען, אַז דער ראַט פון יידישע קהלות אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געפונען פאַר נויטיק זיך צו ווענדן נאָך שוץ צו דער רעגירונג, און די לעצטע האָט טאַקע מתרה געווען די רעדאַקטאָרס פון די צייטונגען, אַז זי וועט שטרענג באַשטראָפן פאַר דרוקן העצערישע אַרטיקלען. בעת די נייע וואַלן איז די לאַגע פון יידן געווען זייער אַ שווערע: די יונגטערקן האָבן לץ מער פאַרלאָרן זייער פּאָפּולערקייט אין לאַנד, און אָנשפּאַרן זיך איני-

גאַנצן אויף זיי איז געווען געפערלעך, אָבער עס איז אויך געווען אומבאַקוועם צוצושטיין צום „ליבעראַלן פאַריין", ווייל דאָרט האָבן די הויפטראָלע געשפילט די יידנפיינטלעך געשטימטע גריכן און אַראַבער. און אָט די שוועריקייט האָט יידן אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן וועג: זיי האָבן באַשלאָסן זיך אויסצוטיילן אין אַ באַזונדערן נאַציאָנאַלן פאַריין און זיי האָבן געבילדעט אַן אייגענעם וואַלקאָמיטעט. דער קאָמיטעט האָט פאַרעפנטלעכט אַ „פאָליטישע פּראָגראַם פון אָטאָמאַנער יידן". און דאָ איז, צוגלייך מיטן פּרינציפּ פון טערקייס איינהייט און אומטיילבאַרקייט, אַוועקגעשטעלט געוואָרן דער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלע רעכט פאַר אַלע פעלקער: „אַלע עלעמענטן באַפעלקערונג האָבן דאָס רעכט אָפּצוהיטן זייער נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן לעבנסשטייגער, אַנטוויקלען זייער נאַציאָנאַלע שפּראַך און קולטור. דאָס געווער און די מאַכט-אָרגאַנען מוזן באַשיצן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון אַלע עלעמענטן באַפעלקערונג. און אויב אַלע גרופּעס באַפעלקערונג זענען גלייכגעשטעלט, דאַן מוז יעדע נאַציע האָבן רעכט אויף אַן אַנטשפּרעכנדיקן אָנטייל אין דער מלוכה-דינסט; די פעלקער, וואָס זענען אַריין אין מלוכה-באַשטאַנד, דאַרפן זיין פּראָפּאָרציאָנעל פאַרטראָטן אין ביידע געזעצגעבערישע קאַמערס, און אויך אין די אַדמיניסטראַטיווע ראַטן אין פּראָווינץ (ווילאַיעטן)". אַזוי האָבן זיך טערקישע יידן געגרייט צו אַ ניי לעבן אין מאָמענט, ווען דער אויפרייס פון פּאָליטישע ליידנשאַפטן אין באַלקאַן האָט דערפירט צו אַ מלחמה, וואָס איז געווען אַ התחלה פון דעם צעפאַלן פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה.

האַרבסט 1912 האָבן בולגאַריע, סערביע און גריכנלאַנד געשלאָסן צווישן זיך אַ בונד און געעפנט קריגס-אָפּעראַציעס קעגן טערקיי מיטן צוועק צו פאַרכאַפּן און פאַרטיילן צווישן זיך אירע אייראָפּעאישע טיילן. ערב דער מלחמה האָט זיך אין די טערקישע באַלקאַן-געביטן גערעכנט ביי 200.000 יידן, און אין די דריי פאַרבינדעטע מלוכות צוזאַמען — ביז 60.000 (אין בולגאַריע 45.000, אין סערביע און גריכנלאַנד אומגעפער צו 7.000 אין יעדער). אין די רייען פון דער פאַרבינדעטער אַרמיי האָבן זיך געשלאָגן העכער 5000 יידישע זעלנער; אין דער טערקישער אַרמיי ווידער איז דער יידישער עלעמענט געווען קליין, ווייל מיליטער-פליכט פאַר נישט-מאָהאַמעדאַנער האָט מען דאָ איינגעפירט ערשט נישט לאַנג, ווען מ'האָט איינגעשטעלט די קאָנסטיטוציע, און דעריבער זענען קיין רעזערוון פון קריסטלעכע און יידישע גרופּעס באַפעלקערונג נישט געווען. צו די יונגע יידן, וואָס די מלחמה האָט זיי געטראָפן בעת דער דינסט, איז אין סאַלאָניקי צוגעקומען אַ גרופּע יידישע פרייוויליקע, דורכגעדרונגענע מיט טערקישן פּאַטריאָטיזם. און ווידער האָט זיך איבערגעחזרט די טראַגעדיע פונם גלות-פאָלק: די אור-אייניקלעך פון די גולי-שפּאַניע אויפן באַלקאַן זענען געשטאַ-

נען אין צוויי פיינטלעכע מחנות. טרויעריק איז אויך געווען די לאַגע פון דער פרידלעכער יידישער באַפעלקערונג אויפן באַלקאַנישן האַלבאינזל, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אינגאַנצן אין א קריגס-פלאַץ. די פאַרבינדעטע האָבן שנעל פאַרנומען איין טערקישע שטאָט נאָך דער צווייטער. אין אָקטאָבער און נאָוועמבער האָבן די סערבן פאַרנומען אוסקיוב און מאָנאַסטיר, די בולגאַרן האָבן באַלאַגערט אַדריאַנאָפּאָל און פאַרנומען מוסטאַפאַ, סטרומיצאַ, קאַוואַלאַ, סערעס און דראמאַ; די גריכן האָבן פארכאַפּט די ספרדישע רעזידענץ סאַלאָניקי און אַנדערע מאַקעדאָנישע שטעט. אין אַלע אָקופּירטע שטעט איז די יידישע באַפעלקערונג פון קריג אויסגעשטאַנען צרות אין אַ סך אַ גרעסערער מאָס, ווי די קריסטלעכע: מיט קריסטן זענען זיך די אָקופּאַנטן באַגאַנגען ווי מיט ברידער לויט גלויבן אָדער נאַציאָנאַליטעט, און מיט יידן — ווי מיט טערקישע פרייַנט. רעקוויזיציעס, גזלות, פּאָגראָמען — זענען געווען מעשים פון יעדן טאָג. נאָר אין געציילטע פאַלן, האָבן די יידישע זעלנער פון דער בונדעס-אַרמיי באַוויזן צו פאַרהיטן זייערע פרידלעכע ברידער פון פּאָגראָמען (למשל, איין גרופּע אין דער בולגאַרישער אַרמיי ביים איינעמען סערעס).

מער פאַר אַלע האָט געליטן די סאַלאָניקער קהילה מיט אירע 70 טויזנט יידן. דאָ איז שוין לאַנג געגאַנגען אַ „יודעאָ-העלעניש" מלחמה פאַר הערשאַפט, יידן האָבן זיך שטענדיק אָנגעשפּאַרט אויף דער טערקישער מאַכט, און איצט ווען די שטאָט איז גענומען געוואָרן דורך דעם גריכישן חייל (9 נאָוועמבער 1912), האָט מען זיי דערמאָנט דעם דאָזיקן „חטא". ס'איז אַוועק אַ סדרה פּאָגראָמען, רויבערייען, געוועט אויך פאַלן פון מאָרדן. די אַטענישע רעגירונג איז געווען קעגן אַזעלכע עקסצעסן פון איר אַרמיי: דאָס וואָלט געקאָנט שאַדן גריכנלאַנד ביים אַנעקסירן די שטאָט מיטן הסכם פון די אייראָפּעאישע מלוכות. חוץ דעם, מיט די גריכן האָבן נאָך געפירט אַ מחלוקה די בולגאַרן וועגן דעם, וועמען זאָל געהערן דער דאָזיקער גרויסער האַפן; בולגאַרן האָבן זיך אין אַלגעמיין בעסער באַצויגן צו יידן, און עס איז דאַריבער געווען דער דירעקטער אינטערעס פון די גריכישע פּאָליטיקער נישט אָפּצושטויסן די יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט און נישט אַריינוואַרפן זיי אין די אָרעמס פון בולגאַרן. איז טאַקע אָנגעקומען פון אַטען אַ באַפעל, מען זאָל נישט דערלאָזן קיין ווייטערדיקע אַנטי-יידישע עקסצעסן. דער גריכישער קעניג אַליין, געאָרג, האָט ביים אויפנעמען אַ יידישע דעפּוטאַציע אין סאַלאָניקי, זי פאַרזיכערט אין זיינע סימפּאַטיעס צו יידן און האָט אָנגעוויזן, אַז אין אירע שטאַם-געביטן האָט גריכנלאַנד שוין לאַנג עמאַנסיפּירט יידן. אין דעם זעלבן גייסט האָט אויך גערעדט מיטן סאַלאָניקער הויפּטראַבינער דער גריכישער פרעמיער-מיניסטער ווענעזעלאָס. די אַטענישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט, אָפּצושאַפן די פאַראָרדנונג פון דער אָקופּאַציע-מאַכט אין די שטעט, וואָס גריכן

האָבן פאַרנומען, אַז דער יאָר־יריד זאָל אריבערגעטראָגן ווערן פון מאָנטאָג אויף שבת, א זאַך וואָס האָט יידן רואינירט.

עס האָבן זיך נאָך נישט פאַרהיילט די וואונדן פונם ערשטן באַלקאַן־קריג, און עס האָט זיך אָנגעצונדן אַ צווייטע מלחמה — צווישן די פאַרבינדעטע גופא: זיי האָבן נישט געקאָנט דורכקומען ביים צעטיילן די טערקישע ירושה. יולי 1913 האָט אַ קאָאַליציע פון סערביע מיט גריכנלאַנד, וואָס צו איר איז נאָך צוגעשטאַנען רומעניע, אָפּגענומען ביי בולגאַריע דעם גרעסטן טייל טעריטאָריע, וואָס זי האָט דעראָבערט; רומעניע האָט פאַרכאַפּט סיליסטריע. בולגאַריע איז געווען צעקלאַפּט און געבעטן שלום; געשלאָסן געוואָרן איז ער אין בוקאַרעשט (אויגוסט 1913). לויט דעם אָפּמאַך איז פון טערקיי אָפּגעשניטן געוואָרן א טעריטאָריע מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 120,000 נפשות; דערפון האָט גריכנלאַנד באַקומען 80.000 יידן אין די שטעט סאַלאָניקי, יאַנינאַ, סערעס, קאַוואַלאַ און דראַמאַ; פאַר סערביע איז אָנגעקומען מאָנאַסטיר, אוסקיוב און קלענערע שטעט מיט אַ יידישער באַפעלקערונג פון 10 טויזנט מאַן; פאַר בולגאַריע זענען געבליבן אַדריאַנאָפּאָל, דעמאָטיקאַ, קירגיליסע מיט 30 טויזנט יידן; אָבער דער הויפּט־געווינס פון בולגאַרן — אַדריאַנאָפּאָל מיט זיינע 19 טויזנט יידן — איז נאָך דערווייל געווען ביי די טערקן אין די הענט, — זיי האָבן אים צוריקגענומען בעתן צווייטן באַלקאַן־קריג. רומעניע האָט אַנעקסירט דעם בולגאַרישן געביט סיליסטריע (ביי־דאָברודזשאַ) מיט עטלעכע טויזנט יידן.

די לאַגע פון יענע טערקישע יידן, וואָס זענען איצט געוואָרן בולגאַרישע און סערבישע אונטערטאַנען, איז נישט געוואָרן ערגער, ווייל אויך פריער האָט מען אין די דאָזיקע מלוכות אָפּגעהיט גלייכבארעכטונג. וויי־ניקער באַשטימט איז געווען די לאַגע פון גריכנלאַנדס נייע אונטערטאַנען: נאָכן אַנעקסירן סאַלאָניקער קרייז איז זי געוואָרן בעל־הבית איבערן גורל פון 87.000 יידן אָנשטאָט פריערדיקע 7.000. די גריכישע רעגירונג האָט זיך געהאַלטן קאָרעקט לגבי אירע נייע יידישע אונטערטאַנען, זי האָט זיי גאַראַנטירט פולע בירגערלעכע גלייכבאַרעכטונג און קהלה־אויטאָנאָמיע, האָפנדיק זיי צו פאַרוואַנדלען פון טערקישע פּאַטריאָטן אין גריכישע. פאָרשטעלנדיק זיך דעם נייעם קעניג קאָנסטאַנטין, האָט דער סאַלאָניקער רב יעקב־מאיר געזאָגט: די אָרטיקע יידן זענען תמיד געווען טערקייס פריינט, ווייל זי האָט אַמאָל געגעבן אַ מקום־מנוחה אין דער שטאָט פאַר די גולי־שפּאַניע; אַזוי ווי אָבער דער גורל האָט זיי איצט פאַראייניקט מיט גריכנלאַנד, וועלן זיי אָרנטלעך מקיים זיין זייערע פליכטן לגבי דעם נייעם פאָטערלאַנד, און האָפן, אַז זייערע בירגערלעכע רעכט וועלן דאָ נישט גערירט ווערן. דער קעניג האָט געענטפערט, אַז די רעגירונג האָט בדעה נישט נאָר איינצוהאַלטן, נאָר נאָך צו פאַרברייטערן די רעכט פון די בירגער אין די אַנעקסירטע

געגנטן, איבערגעפּט אין סאַלאָניקי, וואו דער יידישער עלעמענט שפּילט
אַזאַ וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע ראָלע. אָבער דער רעגירונגס גוטע כוונות
זענען געווען מאַכטלאָז קעגן דער איינגעוואָרצלטער שנאה צו יידן ביי די
אוראייניקלעך פון ביזאַנטינער אין סאַלאָניקי, און די קאָנפליקטן צווישן די
פאַרשידענע גרופּעס באַפעלקערונג זענען ווייטער געגאַנגען. עס איז אפילו
געווען אַ פּרוב צו באַשאַפן אַ ריטואַל=פּראָצעס, אָבער מ'האָט דעם פּרוב
גלייך אויפגעדעקט און עס איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. סאַלאָניקער פּאָליציי
האָט געפּאָדערט, יידן זאָלן נישט טראָגן קיין פעסקעס — דעם סימבאָל פון
טערקישן פּאַטריאָטיזם; האָט דער הויפּט=ראַבינער אָנגעקלאָגט די דאָזיקע
פאַראָרדענונג אַלס אַ קעגן=געזעצלעכע, און דאָס האָט ווידער אַרויסגערופן
ווילדע אנטיסעמיטישע אָנפאַלן אין די אָרטיקע גריכישע צייטונגען.

קאָמפּליצירטער איז געווען די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג
אין דער טעריטאָריע, וואָס איז אנעקסירט געוואָרן צו רומעניע, אָט דעם
לאַנד פון פּרינציפּיעלער רעכטלאָזיקייט. ביזן שליסן דעם בוקאַרעשטער
שלום, ווילאַנג די רומענישע רעגירונג האָט זיך נאָך געניוטיקט אין דער
אינטערנאַציאָנאַלער סאַנקציע פון איר דעראָבערונג, האָט זי געטענהט, אַז
די גלייכבאַרעכטונג פון יידן אין סיליסטריע אָדער ניי=דאָברודזשאַ וועט
אָפּגעהיט ווערן, פּונקט ווי בעת דער ממשלה פון בולגאַרן. בעת דער מאָ=
ביליזאַציע פון רומענישן מיליטער, וואוהין עס זענען אויך אַריין טויזנטער
יידן, האָט די רעגירונג צוגעזאָגט צו נאַטוראַליזירן אַלע קריגסטיילנעמער—
אַ סך האָבן געגלויבט די צוזאָגן, און אין דער אַרמיי זענען אַריין פיל
יידן — פרייוויליקע. אָבער די האָפנונגען האָבן אָפּגענאַרט. נאָכן שליסן דעם
שלום, האָט זיך אין לאַנד אָנגעהויבן אזאַ אגיטאַציע קעגן נאַטוראַליזירן
אָדער שענקען בירגער=רעכט כאָטש איין גרופּע יידן, אַז מאַיאָרעסקוס רע=
גירונג האָט — לויטן פּרעמיערס מעלדונג — זיך נישט דערוואויגן צו גיין
קעגן דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. באַזונדערס האָט אגיטירט די רומע=
נישע „קולטורליגע", וועלכע האָט אין פאַרשידענע שטעט געמאַכט פּראָ=
טעסט־מיטינגען קעגן יידנס גלייכבאַרעכטונג, און ערטערווייז גערופן צו פּאָ=
גראָמען. סטודענטן=אנטיסעמיטן האָבן געדראָט צו שאַפן פאַר יידן, וואָס
שטרעבן צו עמאַנסיפּאַציע, אַזאַ לאַגע אין! רומעניע, וואָס „רוסלאַנד מיט
אירע פּאָגראָמען און ריטואַל=פּראָצעסן וועט זיך קעגן דעם אויסדוכטן ווי אַ
פאַרשפּראָכן לאַנד". און נאָך פרילינג 1914 איז נאָך אַלץ נישט געווען דער=
ליידיקט די פראַגע אפילו וועגן טיילווייז אָפּשוואכן יידישן אומרעכט; נישט
קלאָר איז אויך געווען די לאַגע פון די געוועזענע בולגאַרישע יידן אין
ניי=דאָברודזשאַ, וועגן וואָס די רעגירונג האָט געגרייט אַ געזעץ־פּראָיעקט
פאַרן פּאַרלאַמענט. האַרט פאַרן וועלטקריג, יולי=חודש, האָט מען אין רו=
מעניע נאָך פאַרשפּרייט בלעטלעך מיט פּאָגראָם=רופן אונטערן איראָנישן

קעפּל: „גיט יידן רעכט!“. אזוי האָט דאָס לאַנד, וואָס האָט זיך געגרייט צו ווערן „גרויס־רומעניע“, צוגעגרייט אַ נייעם גיהנום פאַר דער נאַציע, וועלכע זי האָט כּסדר געמאַטערט. אויפן באַלקאַן האָט געקאָכט מיט שלעכטע לײדנ־שאַפטן. אָנשטאָט דעם באַזיגטן אָטאָמאַניזם זענען געקומען דער „פּאַן־העלע־ניזם“, די אידעאַלן פון אַ „גרויס־בולגאַריע“ און אַ „גרויס־סערביע“, און דאָס איז געוואָרן דער ברען־שטאָף פאַרן אַלגעמײן־אײראָפּעאישן בראַנד, וואָס האָט זיך אינגיכן צעפלאַקערט.

## § 50. פּאַלעסטינע

די נייע טערקיי האָט צעשטערט דעם טרוים פון די פּאָליטישע ציוניסטן וועגן א מאַסן־אײנוואַנדערונג פון יידן קיין פּאַלעסטינע אויפן גרונט פון אַ „טשאַרטער“. שוין הערצל האָט צום סוף פון זיין לעבן, נאָך אַ ריי דיפּלאָמאַטישע פּרובן, זיך איבערגעצייגט אין דער אוממעגלעכקייט צו באַקומען א טשאַרטער פונם סולטאַן; די, וואָס זענען געקומען נאָך אים, האָבן זיך נאָך מער איבערצייגט אין דער אוממעגלעכקייט צו באַקומען וועלכע ס'איז הנחות ביי דער מאַכט, וואָס האָט זיך פאַרפעסטיקט אין טערקיי נאָך דער איבערקערעניש פון 1908. בילדן אין פּאַלעסטינע אַ יידישן אויטאָנאָמישן צענטער מיטן הסכּם פון דער טערקישער רעגירונג און אַ אינטערנאַציאָנאַלער גאַראַנטיע, ווי דאָס האָט געפאָדערט די באַזעלער פּראָגראַם, דאָס איז געוואָרן אוממעגלעך ביי דער ממשלה פון די פּאַטריאָטן יונג־טערקן, ווען דער פּאַרלאַמענט פלעגט פאַרציטערט ווערן בלויז פונם געדאַנק וועגן אַזעלכע פּרעטענזיעס און באַרויקט האָט ער זיך ערשט דאַמאָלסט, ווען דער גרויס־וויזיר האָט געמאָלדן, אַז די „רויטע פּעסער“ פאַר געקומענע איז געבליבן ווייטער. איז געבליבן נאָר ווייטער צו פירן די באַשיידענע אַרבעט פון קליין־קאָלאָניזאַציע ביי די אַמאָליקע מעטאָדן פון „אינפילטראַציע“ — אריינדרינגען אין לאַנד איינציקווייז אָדער קליינע גרופּעסווייז, נישט געקוקט אויף פּאָליציייאישע שטערונגען. ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט קיין גרויסע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע נישט געקאָנט זיין. אין די יאָרן פון גאָר שטאַרקער עמיגראַציע אויס רוסלאַנד, ווען קיין אַמעריקע פלעגט יעדעס יאָר אַוועקגיין פון פופציק ביז הונדערט טויזנט יידן, פלעגט זיך אין פּאַלעסטינע באַזעצן דורכשניטלעך ביי 2500 מאַן אַ יאָר (משך 1905—1913 האָט אַהין אויסגעוואַנדערט פון רוסלאַנד סך־הכּל ביי 20.000). פון די דאָזיקע אויסגעוואַנדערטע איז אַ פערט־חלק געווען פּיליגרימען — אַלטע לייט, וואָס זענען געפאָרן שטאַרבן אין הייליקן לאַנד, און דריי פערטל האָט זיך באַזעצט אָדער אין שטעט, אָדער אין קאָלאָניעס אַלס ערדאייגנטימער אָדער לוין־אַרבעטער. די צאָל יידישע לאַנדאַרבעטער איז געוואַקסן, און צוביסלעך

פֿלעגן זיי אַרויסשטויסן פֿון די קאָלאָניעס די אַראַבישע אַרבעטער, און דאָס האָט די קאָלאָניעס צוגעגעבן אַ מער איינהייטלעכן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אָבער פֿון דעם איז נאָך ווייט געווען ביז צום בילדן אַ שטאַרקן נאַציאָנאַלן צענטער אין פּאַלעסטינע: אויף אַ האַלבן מיליאָן מאָהאַמעדאַנער איז דאָ קוים אויסגעקומען אַ הונדערט טויזנט יידן און נאָך אַזוי פֿיל קריסטן (אין דעם אויך קריסטן-אַראַבער). דעם פּאָליטישן איינפֿלוס פֿון יידן אין דער דאָזיקער טערקישער פּראָווינץ האָט נאָך שוואַכער געמאַכט דאָס, וואָס ס'רוב האָבן זיי געהייסן אונטערטאַנען פֿון פֿרעמדע מלוכות, און ביי פּאַרלאַמענט-וואַלן האָבן זיי זיך נישט געקאָנט באַטייליקן. דערמיט איז געווען צו דער-קלערן אַ זאַך, וואָס איז פֿאַרן נאַציאָנאַלן געפֿיל געווען אַ באַליידיגונג: פֿון פּאַלעסטינע, אַפֿילו פֿון ירושלימער קרייז, איז נישט אויסגעוויילט געוואָרן צום טערקישן פּאַרלאַמענט קיין יידישער דעפּוטאַט, נאָר זי האָט אויסגעקליבן אַראַבישע עפֿענדיס, ס'רוב פֿיינטלעכע צו דער יידישער באַפֿעלקערונג פֿון לאַנד.

נאָכן דורכפֿאַל פֿון דיפּלאָמאַטישן ציוניזם, איז פֿאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז עס איז נויטיק אַריבערצוגיין צו עוואָלוציאָנערן ציוניזם. „פֿאַרשטאַרקן אונזערע פּאָזיציעס אין פּאַלעסטינע"—אָט דאָס איז געוואָרן אַלעמענס לאָזונג. בהדרגה פֿאַרגרעסערן די יידישע באַפֿעלקערונג אין דאָרף און שטאָט,— וואָס עס איז מעגלעך אַפֿילו ביי אומגינסטיקע באַדינגונגען, — דערווערבן וואָס מער ערד, צוציען קאַפּיטאַלן אויף צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע, פֿאַרברייטערן די נעץ פֿינאַנציעלע, קאָאָפּעראַטיווע און קולטור-אָרגאַניזאַציעס, — דאָס איז געווען די פּראָגראַם פֿונם נייעם עוואָלוציאָנערן ציוניזם. סוף XIX יאָרהונדערט, אין דער תקופה אידעאָלאָגישע עקספּערימענטן, האָט מען זיך געמיט צו אַנטוויקלען בלויז לאַנד-קאָלאָניזאַציע, אַלס אַ יסוד פֿון קינפֿטיקן צענטער; איצט האָט מען באַשלאָסן צו פֿאַרשטאַרקן דאָס באַזעצן די שטעט און פֿלאַנצן דאָרט אַ אינדוסטריע, וואָס עס האָט מער אַנטשפּראָכן צום שטאָטישן כאַראַקטער פֿון דער יידישער עקאָנאָמישער טעטיקייט. אַלס רעזולטאַט פֿון אָט דער נייער ווענדונג אין קאָלאָניזאַציע איז געקומען אַ באַמערקלעכע אויפֿלעבונג פֿון די שטעט, — דאָס האָט געהאַט צו פֿאַרדאַנקען דעם אָנקום פֿון פֿאַרמעגלעכע משפּחות אויס רוסלאַנד. טויטע אַזיאַטישע ווינקעלעך האָבן באַקומען אַ אייראָפּעישן אויסזען. אין דער האַפֿנשטאָט יפֿו איז, צוגלייך מיט דער אַלטער שמוציקער אַראַביש-יידישער שטאָט, אויסגעוואַקסן אַ ניי אייראָפּעאיש שטעטל תל-אביב, וואָס איז געווען אויסגעבויט און באַזעצט מיט פֿאַרמעגלעכע יידישע פֿאַמיליעס פֿון רוסלאַנד (1909—1914). אין דער דאָזיקער פֿאָרשטאָט — מיט רעגלמעסיקע גאַסן און שיינע הייזער האָט זיך געבילדעט אַ אויטאָנאָמע קהילה מיט אַן ערך 1000 נפֿשות, מיט אַן אייגענעם מוניציפּאַליטעט און שטאָט-פּרעזידענט (אינזשעניער מ. דיזענגאָף). די גאַסן האָבן געטראָגן

יידישע נעמען פון באַרימטע מענער (יהודה הלוי, מאָנטעפיאָרע, הערצל, אחד־
העם א. א.), און אָפט האָט זיך דאָ געלאָזט הערן די העברעאישע שפּראַך.
באַזונדערס אָנגענעם האָט זי געקלונגען אין מויל פון דער לערן־יוגנט, וואָס
האָט זיך דערצויגן אין דער „העברעאישער גימנאַזיע", וועלכע איז געגרינדעט
געוואָרן דורך אַ גרופּע לערער אין 1906. אין דער גימנאַזיע האָבן זיך גע־
לערנט יינגלעך און מיידלעך צוזאַמען; אַלע געגנשטאַנדן האָט מען דאָ אונ־
טעריכטעט אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך, אַ סך עלטערן פון רוסלאַנד און
אַנדערע לענדער האָבן זייערע קינדער געשיקט קיין יפו, כדי זיי זאָלן באַקו־
מען אַ נאַציאָנאַלע דערציונג אין דער דאָזיקער מוסטער־שול (אין 1911 איז דאָ
געווען 342 שילער, שפּעטער איז די צאָל נאָך גרעסער געוואָרן). אין די עלע־
מענטאַר־שולן האָבן זיך אויך געפירט די למודים אין דער העברעאישער שפּראַך.
אַ באַזונדער לערערסעמינאַר האָט געגרייט לערער פאַר די דאָזיקע שולן פון
בייעם טיפּ. „פון מויל פון דער קליינוואַרג" איז די באַנייטע אַלטע שפּראַך
בהדרגה אַריבער אין געברויך פונם עלטערן דור, וועלכער האָט גערעדט אויף
יידיש אָדער שפּאַניאָליש, און אַזוי אַרום האָט זיך באַשאַפן יענע נאַציאָנאַלע
אַטמאָספער, וועגן וועלכער עס האָבן געטרוימט די גייסטיקע ציוניסטן. דאָס
קליינע פאָרשטעטל תל־אביב האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף דער אַלטער
יידישער קהילה אין יפו גופא, וועלכע איז באַשטאַנען פון 10.000 מאַן (צווישן
30.000 מאָהאַמעדאַנער און 10.000 קריסטן). צו דער צייט איז אויך אויסגע־
וואַקסן אַ יידישע קהילה אין אַ צווייטער האַפן־שטאָט — ח י פ ה, צופוסן פון
כרמל (3000 מאַן). א באַזונדערס וויכטיקע האַנדלס־באַדייטונג האָט דאָס שטעטל
באַקומען, ווען עס איז אויסגעבויט געוואָרן די אייזנבאַן חיפה — דמשק.

אויך דאָס אַלטע ירושלים האָט אויפגעלעבט. אַ נעסט פון עולי־
רגל, פּענסיאָנערן פון דער „חלוקה" און קלאָגערס ביים „כותל־מערבי" — איז
די שטאָט אַלץ מער געוואָרן דער צענטער פון באַנייטן פּאַלעסטינע. אין 1912
איז איר באַפעלקערונג דערגאַנגען ביז 100.000 נפשות, צווישן זיי איז געווען
ביי 65.000 יידן, 20,000 קריסטן און 15.000 מאָהאַמעדאַנער. אַ פּועל־יוצא פון
דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג איז אויך געווען דאָס, וואָס די יידישע באַפעל־
קערונג, וועלכע האָט אין 1881 באַטראָפן אַ דריטל פון דער גאַנצער באַפעל־
קערונג אין ירושלים, איז זיך צעוואַקסן ביז צוויי דריטל. די אַלט־פרענקישע
ספרדים און אשכנזים, וואָס זענען פאַרגליווערט געוואָרן אין די טראַדיציעס
פון אַמאָל, האָבן אין צאָל דאָ נאָך אַלץ געהאַט איבערגעוויכט, אָבער אין דער
דינאַמיק פון לעבן האָט זיך מיט יעדן יאָר אַלץ מער געפילט די ווירקונג פון
די נייע מענטשן. פילצאָליקע שולן, וואָס אייראָפּעאישע געזעלשאַפטן האָבן
אויפגעהאַלטן — פּאַריזער „אַליאַנס", בערלינער „הילפספאַריין", — האָבן גע־
געבן אַ מאָדערנע אַלגעמיינע און נאַציאָנאַלע דערציונג טויזנטער קינדער, וועל־
כע האָבן נאָך ביז גישט לאַנג באַקומען אַ איינזייטיקע רעליגיעזע דערציונג

אין ישיבות און חדרים. ספּעציעלע למודים האָט מען אין די דאָזיקע שולן אָפּט געלערנט אין העברעאיש, לויטן מוסטער פון ציוניסטישע שולן. די קונסט־געווערבע־שול „בצלאל" (געגרינדעט אין 1906) האָט אין לאַנד מיט פּרימיטיווע האַנטווערק־מעטאָדן געגרייט געשיקטע מייסטערס. דאָס ערשטע יאָרצענדליק פון XX יאָרהונדערט איז באַמערקלעך אויסגעוואַקסן אויך די יידישע באַפעלקערונג פון די אַלטע שטעט — צפת (10.000), טבריה (8000), חברון (1000); עס זענען אויך אַנטשטאַנען יידישע קהילות אין אַזעלכע שטעט, וואו זיי האָבן פריער געפעלט: אין צידון, עזה, עכו, רמלה, באר־שבע. אין נאַבלוס, אַמאָליקן שכם, האָט געלעבט אַ רעשטל פון אַ האַלב־יידישן שבט שומרונים אין דער צאָל פון 170 מאַן, — דאָס איז געווען אַ רעליגיעזע סעקטע, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויסשטאַרבן, מיט אַ כהן גדול בראש; קיין יידן אָבער איז אין דער שטאָט נישט געווען.

אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס איז די באַפעלקערונג געוואַקסן פּאַמעלעכער. צו די 30 יידישע קאָלאָניעס, וואָס האָבן זיך געבילדעט אין פּאַלעסטינע ביזן אָנפאַנג XX יאָרהונדערט, איז פאַרן ערשטן יאָרצענדליק פונעם דאָזיקן יאָרהונדערט צוגעקומען קאַרגע צען קלענערע ישובים, ס'רוב פערמעס, אין גליל. אין די פריערדיקע קאָלאָניעס, האָט זיך, ווי געזאָגט, פאַרגרעסערט, די צאָל יידישע לוין־אַרבעטער, — צווישן זיי זענען געווען אַ סך אויסוואַנדערער פון תימן („תימנים"), וועלכע האָבן גערעדט אַראַביש און אינגאַנצן פאַרביטן די אָרטיקע פעלאַכן ביי לאַנדאַרבעט. צום אָנפאַנג פונעם וועלטקריג האָט זיך אין אַלע קאָלאָניעס פון יהודה און גליל גערעכנט ביי 12.000 יידישע איינוואוינער.

וואָס מער דער נאַציאָנאַלער סעפּאַראַטיזם אין דער אָטאָמאַנישער מלוכה איז געוואַקסן, האָט זיך אַלץ שטאַרקער געלאָזט פילן די נאַציאָנאַלע באַוועגונג צווישן אַראַבער אין פּאַלעסטינע, סיריע און אַראַביע. פּאַן־אַראַביזם האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן אָטאָמאַניזם, און ער האָט זיך פיינטלעך באַצויגן צו די צענטראַליסטישע שטרעבונגען פון די יונגטערקן. אַזוי ווי גריכן און סלאַווישע פעלקער אין אייראָפּעישער טערקיי, אַזוי האָבן די אַראַבער געשטרעבט צו זיין די ערשטע אין אַזיע, פונוואַנען די אָסמאַנישע טערקן האָבן זיי אַמאָל אַרויסגעשטויסן. צו דער קינפטיקער אַראַבישער מלוכה האָבן זיי צוגערעכנט, אַ חוץ מאַהאַמעדס היים — אַראַביע, גאַנץ סיריע און פּאַלעסטינע, און אויך עגיפּטן, וואו עס האָט זיך געפונען אין קאַירע די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע פון די פּאַן־אַראַביסטן. צום ציוניזם האָבן זיך די דאָזיקע אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן באַצויגן מיט גרויס חשד. די לעצטע יאָרן פאַרן וועלט־קריג האָבן די איינפלוסרייכע פּאַלעסטינע־סירישע אַראַבער, באַזונדערס יענע וואָס האָבן געהערט צום קריסטלעכן גלויבן, אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן ציוניזם. אין חיפה

איז דערשינען אַ אַנטיסעמיטיש בלעטל אין דער אַראַבישער שפּראַך. די געפֿאַר פֿאַרן יידישן צענטער אין פּאַלעסטינע, וואו די אַראַבער זענען געווען אַ געוואַלדיקע מערהייט פֿון דער באַפֿעלקערונג, איז געווען זייער גרויס. די טוער פֿון ציוניזם האָבן זיך געמיט צו אונטערהאַנדלען מיט די פֿירער פֿון דער אַראַבישער באַוועגונג, זיי צו באַרויִקן בנוגע זייערע אמתע כּוונות, און קימען מיט זיי צו אַ הסכּם. די דאָזיקע אונטערהאַנדלונגען זענען איבערגעריסן געוואָרן איבער דעם וועלטקריג.

קיין ניכּרדיקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּעולות האָבן זיך די ציוניסטן אין פּאַלעסטינע נישט דערשלאָגן, אָבער אין געביט פֿון גייסטיקער קולטור האָבן זיי באַוויזן אַ סך אויפֿטוען. „באַשאַפֿן אַ ווינקעלע פֿאַרן יידישן גייסט", פֿאַר אַ ריינער נאַציאָנאַלער קולטור, וואָס איר געווער זאָל זיין די נאַציאָנאַלע שפּראַך — אָט דער אידעאַל אחד-העמס האָט זיך צוביסלעכווייז פֿאַרווירקלעכט. „העבראַיזם", די אויפֿלעבונג פֿון לשון קודש, איז געוואָרן דער קולט פֿון יונג-פּאַלעסטינע. די גימנאַזיעס און לערערקורסן אין יפו און ירושלים, די פֿאָלקשולן אין אַלע שטעט און קאָלאָניעס, די פֿאָלקס-הייזער פֿאַר עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונגען — דאָס זענען געווען פֿלאַנצפּונקטן פֿון העבראַיזם. דער פֿאַריין פֿון העבראַישע לערער האָט אָן אויפֿהער געאַרבעט אין דער דאָזיקער ריכטונג. די ליטעראַרישע אַנטוויקלונג פֿון דער שפּראַך האָט נישט באַוויזן נאָכצוגיין נאָכן וואוקס פֿון דער לעבעדיקער שפּראַך, — זי איז אָפֿט געווען נישט-ריכטיק, קינסטלעך, — אָבער אין דער צוקונפֿט איז געווען צו דערוואַרטן אַ מער נאָרמאַלע אַנטוויקלונג. אין דער פּאַלעסטינער ליטעראַטור איז געווען ווייניק אָריגינעלער שאַפֿונג: זי האָט נישט באַשאַפֿן נאָך קיין אייגענעם צענטער און זיך געשפּייזט מיט די כּוחות פֿון גלות. די שרייבער, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע (בעלעטריסטן ברענער, בן-ציון, א. ז. ראַבינאָוויטש, סמילאַנסקי; פּובליציסטן מרדכי הכּהן א. אַ.) האָבן זייערע ווערק געדרוקט דער עיקר אין פּעריאָדישע אויסגאַבן, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען אין רוסלאַנד. אין ירושלים און יפו זענען אַרויסגעגאַנגען נאָר קליינע צייטונגען אין העבראַיש: די פּראָגרעסיווע „הצבי" אָדער „האור" בן-יהודהס, די אָרטאָדאָקסאַלע „החבצלת" פּרומקינס און דער „הפּועל הצעיר"; צוויי בלעטלעך זענען דערשינען אין יידיש און שפּאַניאָליש („דער פּרדס" און „El Liberal"); אַ קורצע צייט זענען אַרויסגעגאַנגען פּעריאָדישע ליטעראַרישע זאַמלביכער „העומר" (1907—1908). דערווייל האָט זיך ניי-פּאַלעסטינע געקאָנט איבערנעמען בלויז מיט איר סיסטעם שול-דערציונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפֿלעבן העבראַיש אַלס לעבעדיקע שפּראַך. מיט די דאָזיקע קולטור-דעראָבערונגען האָט זי זיך אַזוי איבערגענומען, דאָס זי האָט נישט דערלאָזט, אַז וועלכע ס'איז „גלות-שפּראַך" זאָל קאָנקורירן מיט דער נאַציאָנאַלער אין די שולן, וואָס זענען אַנטשטאַנען אויפֿן פּאַלעסטינער באָדן. די דאָזיקע שטימונג אין דער מלוכה

פון העברעאיזם האָט טאַקע געבראַכט צו אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענשטויס.

דער בערלינער „הילפס-פאַריין", וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַ רייע יידישע שולן אין פּאַלעסטינע, האָט באַשלאָסן צו עפענען אין דער שטאָט חיפה אַ העכערע טעכנישע שול („טעכניקום") אויף צוצוגרייטן ספּעציאַליסטן פאַר די קינפטיקע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. לויט אַ פאַרשטענדעניש מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט דער קאָמיטעט פון פאַריין צונויפגעזאַמלט דעם נויטיקן גרויסן געלט-פאָנד, האָט אויסגעבויט אין חיפה אַ געביידע און שוין געהאַלטן ביים פייערלעכן עפענען די שול פרילינג 1914. ווען מ'האָט אין קוראַטאָריום פון טעכניקום געשטעלט די פראַגע וועגן דער אונטעריכט-שפּראַך, האָבן זיך די מיינונגען צעטיילט: די ציוניסטישע גלידער האָבן געפאָדערט, אַז די ערשטע יאָרן זאָל מען אין העברעאיש אונטעריכטן סיי די ספּעציעלע יידישע קענטענישן סיי אייניקע פון די אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, מיט דער כוונה אַז צוביסלעך זאָל מען צוגרייטן לערער, וואָס וועלן אַלע לימודים קענען לערנען אין העברעאיש; אַנדערע ווידער גלידער, אונטערן איינפלוס פון די ראשי-המדברים אין בערלינער פאַריין דזשעמס סימאָן און פויל נאַטאַן, האָבן מיט אַ מערהייט שטימען אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז אַלע אַלגעמיינע לימודים וועלן געלערנט אין דייטש: עס פעלן צוגעגרייטע צו דעם צוועק העברעאיסטן, און אויך וויסנשאַפטלעכע הילפס-ביכער אין העברעאיש. דאַמאָלסט זענען די ציוניסטישע גלידער (אחד-העם, ש. לעווין און ד"ר טשלענאָוו) אַרויסגעטראָטן פון קוראַטאָריום-באַשטאַנד און דערקלערט, אַז דער אָנגענומענער באַשלוס איז סותר „דעם העכערן אידעאַל פון אויפלעבן דאָס יידישע פאָלק, זיין קולטור און שפּראַך אין פּאַלעסטינע" (אָקט. 1913). די דאָזיקע ידיעה האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג אין פּאַלעסטינע און אין די ציוניסטישע קרייזן אין גלות. דער באַשלוס פון קוראַטאָריום-מערהייט האָט אויסגעוויזן צו זיין אַ טיפע באַליידיקונג פאַר דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די בערלינער טוער, וואָס האָבן פון דער דייטשער רעגירונג באַקומען אַ דערלויבניש צו עפענען אַ טעכניקום אין פּאַלעסטינע בתנאי, אַז די שול זאָל זיין אונטערן שוץ פון דער דייטשער אַמבאַסאַדע אין טערקיי, האָבן צוגעזאָגט, אַז זי וועט טראָגן אַ דייטשן כאַראַקטער; אַזאַ הבטחה האָט געזאָלט געבן דער פּאָרזיצער פון הילפס-פאַריין דזשעמס סימאָן — דעם קייזער ווילהעלם בעת אַ שמועס מיט אים. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל וועגן דעם, אַז די בערלינער „אַסימילאַטאָרס" האָבן פאַראַטן, אַז זיי זענען צוגעשטאַנען צום ענין נאַציאָנאַלער דערציִונג נאָר כדי אים צו באַגראָבן. אַלס פּראָטעסט האָט די מערהייט לערער און שילער אין די פאָלק שולן פון „הילפס-פאַריין" אין יפו און ירושלים דערקלערט אַ שטרייק; קעגן די, וואָס זענען נישט צוגעשטאַנען צום שטרייק, האָט מען אָנגעווענדעט געוואַלט-מיטלען און טעראָר. די מהומה אין

לאַנד איז געווען זייער גרויס, דער אַלטער קעמפער פון העברעאיזם בן-יהודה האָט אין אַ בריוו צו נאַטאַנען דערקלערט, אַז די העברעאיסטן וועלן נישט דערלאָזן מ׳זאָל עפענען אַ טעכניקום מיט דייטשער אונטעריכט-שפּראַך, און אויב מ׳וועט פּרובן עפענען די שול — קאָן עס דערגיין ביז בלוט-פאַרגיסן. די בערלינער קוראַטאָריום-גלידער האָבן געמוזט נאָכגעבן. פעברואַר 1914 איז פאַרגעקומען אַ נייע זיצונג פון די קוראַטאָרס אין מ׳האָט אָנגענומען אַזאַ באַשלוס: צולאָזן דעם אונטעריכט פון פיזיק און מאַטעמאַטיק—אין העברעאיש, די טעכנישע לימודים פירן דערווייל אויף דייטש, אָבער ביים אָפּמאַכן מיט די פּראָפעסאָרן זיי מחייב זיין משך פיר יאָר זיך אויסצולערנען רעדן העברעאיש און דאַמאָלסט באַשליסן, וועלכע נאָך געגנשטאַנדן איז מעגלעך צו אונטעריכטן אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. דאָס האָט שוין געדאַרפט גאָר צופרידנשטעלן די אָפּאָזיציע, און די זאַך וואָלט שוין געקאָנט פאַרהירקלעכט ווערן, אָבער די וועלט-מלחמה האָט צעשטערט די גאַנצע אונטערנעמונג.

די זעלבע וואָכן פאַרן אויסברוך פון וועלטקריג זענען אויך געגאַנגען הייסע ויכוחים איבער דער פראַגע וועגן עפענען אַ יידישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. אום אויסצופירן דעם באַשלוס פונם לעצטן קאָנגרעס (§ 46), האָבן די ציוניסטן געפירט אַ ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע לטובת דער פאַרווירקלעכונג פונם דאָזיקן גראַנדיעזן געדאַנק. עס האָט פּאַסירט גראָד, אַז אין דער זעלבער צייט האָט אַ יידישע אָרגאַניזאַציע אין פּעטערבורג („דער בילדונגס-פאָנד") זיך געגרייט צו פאַרווירקלעכן די לאַנגיאָריקע אידעע — צו עפענען אין איינער פון די שטעט אין מערב-אייראָפּע אַ העכערן לערן-אַנשטאַלט פאַר יידישע סטודענטן, וואָס זענען נישט צוגעלאָזן אין די רוסישע הויכשולן און שטייען פאַר דער סכנה, אַז אויך דייטשע אוניווערזיטעטן זאָלן זיך פאַר זיי שליסן. ציוניסטן האָבן אין דעם דערזען אַ קאָנקורענץ און אויפגעהויבן אַ טומל, פאָדערנדיק דאָס נאָר אין ירושלים זאָל געעפנט ווערן דער איינציקער אַלגעמיין-נאַציאָנאַלער אוניווערסיטעט. זיי האָבן דאָ צונויפגעמישט צוויי זאַכן: די הויכע נאַציאָנאַלע אידעע, וואָס האָט געדאַרפט פאַרקערפּערט ווערן אינם ירושלימער אוניווערסיטעט, און די מער פּראַקטישע און העכסט-נויטיקע אויפגאַבע — געבן העכערע בילדונג יענע, וואָס מ׳לאָזט זיי צו איר נישט צו מיט געוואַלט, אָבער וואָס זענען נישט צוגעגרייט צו הערן לעקציעס אין דער העברעאישער שפּראַך אין קינפטיקן ירושלימער אוניווערזיטעט, וועלכער וואָלט זיך נאָך אַזוי גיך נישט געעפנט. אויך דאָ האָט זיך דער ברען גענומען פון דעם זעלבן קולט העברעאיזם און פּאַלעסטינע, אָבער שוין צום שאָדן פאַרן גלות. אינגיכן איז געקומען דער אייראָפּעאישער שטורעם און האָט אַ סוף געמאַכט מיט די אַלע פּלענער.

## § 51. אַמעריקע

דער יידישער צענטער אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע איז אַלץ געוואַקסן. די לעצטע צוויי יאָרצענטן פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן געבראַכט אַהער פון רוסלאַנד, פּוילן און רומעניע ביז אַ מיליאָן יידן, און פאַר די ערשטע 13 יאָר אין נייעם יאָרהונדערט — נאָך אזוי פיל. צום מאָמענט, ווען עס איז אָנגעקומען דער וועלטקריג, איז אין די פאַר אייניקטע שטאַטן געווען אַ צענטער פון דריי מיליאָן יידן, — דער גרעסטער צענטער נאָך רוסלאַנד. אָפּהענגיק פון די געשעענישן אין רוסלאַנד, האָט זיך די אימיגראַציע דאָס געשטאַרקט, דאָס געפאַלן. אין די פּאָגראָם־יאָרן האָט אַמעריקע אויפגענומען אין דורכשניט ביי הונדערט טויזנט יידישע עמיגראַנטן, און אין די נאָרמאַלע יאָרן — ביי 50.000. אַ שטאַרקער וואוקס פון עמיגראַציע האָט זיך באַנייט נאָכן קישיניעווער פּאָגראָם פון 1903. אין ערגעץ נישט האָט די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע נישט אַרויסגערופן אַזאַ אויפטרייסלונג, ווי אין דער רוסיש־יידישער קאָלאָניע אין אַמעריקע, וועלכע האָט דערפילט די קאָנוואולסן פון דער מעטראָפּאָליע. מענטשן, וואָס האָבן זיך אַליין אַמאָל געראַטעוועט פון רוסישן רעזשים אין דער גרויסער רעפּובליק אַריין, זענען איצט אויפגעציטערט געוואָרן פון די ידיעות וועגן די בלוטיקע פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך באַנייט אין זייער אַלטער היים. דאָס געפיל פון רחמנות צו די אומגליקלעכע ברידער און פון שנאה צו זייערע פייניקער — איז שטורמיש געקומען צום אויסברוך אויף הונדערטער פּראָטעסט־מיטינגען אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ און פיל אַנדערע שטעט, אין די ווייגעשרייען פון דער פּרעסע, וואָס האָט טאָגטעגלעך געבראַכט שרעקלעכע ידיעות פון פּאָגראָמען־לאַנד, אין די רופן צו אָרגאַניזירן הילף די פּאָגראָם־געליטענע און יתומים. אויפן יידישן אומגליק האָט זיך וואָרעם אָפּגערופן אויך די קריסטלעכע געזעלשאַפט, און פאַר־אַלעמען די רעגירונג פון דער רעפּובליק. פּרעזידענט רוזוועלט האָט אויף אַ פאַרזאַמלונג פון יידישן אָרדן „בני־ברית״ דערקלערט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל אין אַמעריקע נישט געזען אַזאַ שטורעם פון אויפגעבראַכטקייט קעגן די שולדיקע אין פאַרברעכן און אַזאַ מיטלייד צו די קרבנות. דער מלוכה־סעקרעטאַר היי, וועלכער האָט ערשט דאָ נישט לאַנג פונאַנדערגעשיקט זיין שטרענגע נאָטע בנוגע דעם אונטערדריקן רומעניער יידן, האָט צוגעשיקט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג מאַקקאָרמיק אַ טעלעגראַפישן אָנפרעג, מיט וואָס קאָנען די „פריינד״ אין אַמעריקע צוהילף קומען די געליטענע קישיניעווער יידן. דעם אַמבאַסאַדאָרס ענטפער (קלאָר: אונטערגעזאָגט דורך פּלעוועס רעגירונג) איז געווען אַזאַ: אַז „לויט אָפיציעלע ידיעות איז קיין שום נויט און ליידן אין דרום־מערב־רוסלאַנד נישטאָ, און יעדע הילף איז איבעריק״. די אַמעריקאַנער האָבן אָבער

געהאַט אַ גרונט נישט צו גלויבן די אָפיציעלע רוסישע ידיעות, און זיי האָבן צוזאַמענגענומען גרויסע סומען נדבות לטובת די געליטענע. דער קאָמיטעט פון אָרדן „בני־ברית" האָט צונויפגעשטעלט אַ פּעטיציע אויפן נאָמען פונם קיסר ניקאָלאַי II וועגן דעם, אַז עס איז נויטיק צו מאַכן אַ סוף מיט די רדיפות אויף יידן; אין דער פּעטיציע איז געווען אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז דער מלך, וואָס רופט צו שלום אַלע פעלקער (האַאַגער קאָנפערענץ), וואָלט אויך געדאַרפט איינשטעלן שלום אין זיין אייגן לאַנד, — דאָס איז געווען אַ דיפּלאָמאַטישע איידלקייט, אין וועלכער עס האָט זיך געהערט טיפע איראָניע. אונטער דער דאָזיקער פּעטיציע האָט מען צונויפגענומען אין 36 שטאַטן העכער 12.000 חתימות — צווישן זיי איז געווען אַ סך גלידער פון סענאַט און דעפּוטאַטן־הויז, גובערנאַטאָרס, בישאָפּס און אַנדערע איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן. דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק רוזוועלט האָט מסכים געווען איבערצושיקן די פּעטיציע צום קיסר, אָבער פון דער רוסישער רעגירונג איז אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז זי קאָן נישט צונעמען אַזאַ דאָקומענט. אויף רוזוועלטס פאַראָרדנונג האָט מען דאַמאָלסט די פּעטיציע־בויגנס מיט אַלע חתימות איינגעבונדן און איבערגעגעבן צו באַהאַלטן אין אַרכיוו פון מלוכה־דעפּאַרטאַמענט, צום אייביקן אָנדענק וועגן דעם, ווי אַזוי די אַמעריקאַנער רעפּובליק האָט רעאַגירט אויף די רוסלענדער רציחות און ווי אַזוי דער רוסישער צאַר מיט זיין רעגירונג האָבן דאָס אויפגענומען.

די קלאַנגען וועגן די שרעקן פון די רוסישע פּאָגראָמען, אָפּט נאָך איבערגעטריבענע דורך די סענסאַציע־מאַכער אין די אַמעריקאַנער צייטונגען האָבן אַזאַ פּחד ארויפגעוואָרפן אויף די עמיגראַנטן, וואָס זענען שוין פון פריער געווען איינגעאָרדנט אין אַמעריקע, אַז אַ סך פון זיי האָבן אַרויסגעשיקט זייערע משפּחות און קרובים אין רוסלאַנד שיפסקאַרטעס מיט אַ איינלאַדונג תיכף אַרויסצופאָרן קיין אַמעריקע און אויף אייביק פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו מען שענדעט פרויען, און קינדער צעהאַקט מען די קעפּלעך אָן שטיינערנע ווענט פון הייזער. עס איז אַנטשטאַנען אַ עמיגראַציע־פיבער. צווישן די האַפנס ליבוי, האַמבורג און ניו־יאָרק האָט זיך געצויגן אַ שורה אָקעאַנישע שיפן, אָנגעפּאַקט מיט פרויען, קינדער, אַלטע לייט, — אַלע האָבן זיך געלאָזט אין דער נייער וועלט. משך איין יאָר, פון יולי 1903 ביז יולי 1904, זיינען אין ניו־יאָרקער האַפן אָנגעקומען 78.000 יידישע עמיגראַנטן, דאָס צווייטע יאָר — 92.000. צו אַן אומגעווייינלעכער הייך איז די יידישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד דערגאַנגען נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען: פאַר צוויי יאָר, פון מיטן 1905 ביז מיטן 1907, זיינען קיין אַמעריקע אַריינגעקומען 240.000 עמיגראַנטן. די ווייטערדיקע תקופה שוואַרצער רעאַקציע און לעגאַלע פּאָגראָמען (1908 — 1914) האָט געגעבן אַמעריקע כמעט נאָך אַ האַלבן מיליאָן אויסגעוואַנדערטע;

פון דעם זענען אַ סך געקומען אַהין נישט דורכן ניו־יאָרקער האַפן, נאָר דורכן דרום־האַפן גאַלוועסטאָן — און מען האָט זיי פאַרטיילט איבער די ווייניקער באַפעלקערטע דרום־מערבדיקע שטאַטן פון דער רעפּובליק.

די אָקטאָבער־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן אויך אַרויסגערופן אין אַמעריקע גרויסע פּראָטעסטן. דעם 4 דעצעמבער 1905 איז אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איינגעאָרדנט געוואָרן אַ טרויער־פּראָצעסיע, איבער די ניו־יאָרקער גאַסן איז געגאַנגען אַ מאַסע פון הונדערט טויזנט מאַן; אויפן וועג פון דער פּראָצעסיע האָט זיך אין אייניקע קריסטלעכע קלויסטערס געלאָזט הערן אַ טרויער־קלינג פון גלעקער. דער וואַשינגטאָנער קאָנגרעס האָט אין ביידע זיינע פּאַלאַטעס איינשטימיק און אָן דעבאַטן אָנגענומען פאָלגנדיקע רעזאָלוציע, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרן דורך די יידישע און קריסטלעכע דעפּוטאַטן: „דאָס פאָלק פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז באַאומרואיקט צוליב די שרעקלעכע ידיעות וועגן הרגענען יידן אין רוסלאַנד, און דריקט אויס זיין האַרציקן מיטגעפיל אַלע, וואָס האָבן געליטן איבער זייער אָפּשטאַם און רעליגיע". די רעזאָלוציע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פּרעזידענט רוזוועלט דעם 26 יוני 1906, נאָכן בלוטיקן פּאָגראָם אין ביאַליסטאָק, וועלכער האָט באַוויזן, אַז די ווילדע אָרגיעס זענען מעגלעך אויך אין קאָנסטיטוציאָנעלן רוסלאַנד בעת דער פּאַרלאַמענט־סעסיע.

צו דער צייט איז אין די מוחות פון די יידישע פּאָליטישע טוער אין אַמעריקע רייף געוואָרן דער געדאַנק, אַז דאָס צופעליקע אָפּרופן זיך אויף די צרות פון די רוסישע ברידער איז נישט גענוג, אַז מ׳דאַרף באַשאַפן אַ שטענדיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל די פאַרפאָלגטע לייסטן פּאָליטישע און פינאַנציעלע אונטערשטיץ. נאָוועמבער 1906 איז אין ניו־יאָרק געגרינדעט געוואָרן דער „אַמעריקאַניש־יידישער קאָמיטעט" (American Jewish Commitee), און שפּעטער האָט ער געעפנט אַ רייע אָפּטיילונגען אין אַנדערע גרעסערע שטעט פון דער רעפּובליק. אין פּרעזידיום און אויספירביוראָ פון קאָמיטעט זענען אַריין דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער, ריכטער אין פילאַדעלפיע מאיר סולצבערגער (פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע), דער ניו־יאָרקער באַנקיר פילאַנטראָפּ יעקב שיף, דער פאָרזיצער פון דער יידישער היסטאָרישער געזעלשאַפט סיירוס אַדלער, דער פּאָפּולערער אַדוואָקאַט לואי מאַרשאַל, דער ניו־יאָרקער ראַבינער־ציוניסט י. מאַגנעס און אַנדערע. אין פּלענום פונם קאָמיטעט און זיינע פּראָווינץ־אָפּטיילן זענען געווען פאַרטרעטער פון די אימיגראַנטן־געמיינדעס גופא. די אויפגאַבע פון דער נייער אָרגאַניזאַציע איז געווען פאָרמולירט קורץ: „נישט דערלאָזן, עס זאָלן פאַרלעצט ווערן די בירגערלעכע און רעליגיעזע רעכט פון יידן און פאַרלייכטערן די לאַגע פון די פאַרפאָלגטע". אַזוי ווי אָבער קיין דירעקטע מעגלעכקייטן „נישט צו דערלאָזן" די פאַרקנעכטונג און פּאָגראָמען אין רוסלאַנד—האָט דער

„יידישער קאמיטעט" נישט געהאט, איז ער צו זיין ציל געגאנגען מיט אומ-וועגן, און דערגרייכט האט ער ס'רוב נאר מאראלע באפרידיקונג. זיין הויפט-פארדינסט איז געווען, וואס ער האט געשטעלט אויפן סדר-היום די „פאס-פארטן-פראגע", וועלכע האט משך עטלעכע יאר געהאלטן אמעריקאנער פא-ליטישע טוער אין שפאנונג און ענדלעך געבראכט צו דעם, אז די פאראיי-ניקטע שטאטן האבן זיך אקטיוו איינגעשטעלט פאר די רעכט פון זייערע יידישע מיטבירגער אין רוסלאנד, אומדירעקט האט עס געהייסן — פאר יידן בכלל אינם לאנד פון פארקנעכטונג.

שוין פון לאנג איז צווישן וואשינגטאן מיט פעטערבורג געגאנגען א דיפלאמאטישע קארעספאנדענץ וועגן די רעכט פון אמעריקאנער בירגער פון יידישער נאציאנאליטעט, וואס בעת זיי קומען קיין רוסלאנד, פאלן זיי ארונטער אונטער אלע פאר יידן איינגעשטעלטע באגרענעצונגען אין וואויגרעכט און אנ-דערע רעכט. די באציונגען צווישן ביידע מלוכות זענען געווען רעגולירט דורכן האנדלס-אפמאך פון 1832. יענע צייט, ווען מ'האט אונטערגעשריבן דעם אפמאך, זענען נאך געווען זעלטן אזעלכע פאלן, אז א ייד זאל קומען פון איין לאנד אין א צווייטן, און אויף דעם באדן זענען קיין צוזאמענשטויסן נישט געווען. שפעטער אבער האט זיך אויפן אנקלאג פון באזונדערע אמעריקאנער יידן, וועלכע מ'האט אין רוסלאנד אונטערגעווארפן די באגרענעצונגען, פארקניפט א בריוו-אויסטויש צווישן די אויסערן-מיניסטעריומס פון ביידע לענדער, און די רעפובליק האט פארגעווארפן, אז מ'האט נישט קיין אכטונג צום „אמעריקאנער פאס", וואס אין יעדער אנדער מלוכה גיט ער זיין באזיצער באשטימטע רעכט. דאך צו קיין שארפע קאנפליקטן איז נישט געקומען: די רוסישע רעגירונג פלעגט אויף די אמעריקאנער אנקלאגעס ענטפערן, אז זי גיט אויסלענדישע יידן די אייגענע רעכט, וואס אירע אייגענע יידישע אונטערטאנען. גאר אבער א וויכטיקן פאליטישן באטייט האט דער דאזיקער אינטערנאציאנאלער קאזוס בא-קומען נאך דער מאסן-עמיגראציע פון רוסישע יידן קיין אמעריקע, ווען עס איז געווארן אן אפטע זאך, אז אמעריקאנער יידן, געוועזענע רוסישע אונטער-טאנען, וואס האבן זיך נאטוראליזירט אין די פאראייניקטע שטאטן, פלעגן קומען קיין רוסלאנד. גאנץ אפט פלעגן די רוסישע קאנסולן אין אמעריקע זיך אינ-גאנצן אפזאגן צו וויזירן די פעסער פון אזעלכע פערזאנען אויף אריינצוקומען קיין רוסלאנד; אבער אפילו אין די פאלן, ווען מ'האט שוין געהאט די דער-לויבניש פון רוסישן אויסערן-מיניסטעריום צו קומען אויף א קורצע צייט אין „תחום", איז דא דער פרייער אמעריקאנער בירגער מיט אמאל פארוואנדלט געווארן אין א מענטשן אן רעכט: אן פרייהייט פון באוועגן זיך, האנדלען, קויפן אומבאוועגלעכע גיטער פאר א האנדלס-אונטערנעמונג און אן ענלעכע עלעמענטארע רעכט. דערמיט איז געבראכן געווארן דער אפמאך פון 1832 וועגן דעם, אז ביידע צדדים זענען גלייך ביים אריבערפארן פון זייערע אונ-

טערטאַנעו אויס איין מלוכה אין דער צווייטער. פֿון 1890־טע יאָרן האָט מען אַלץ אָפֿטער געבראַכט צום וואַשינגטאָנער קאָנגרעס פֿאָרשלאַגן, אַז די רעגירונג פֿון דער רעפּובליק זאָל אַנטשיידן אויפֿפֿאָדערן רוסלאַנד אָפּצושאַפֿן אזעלכע באַליידיקנדיקע באַגרענצונגען. און עס איז אַוועק אויף לאַנגע יאָרן אַ דיפּלאָמאַטישע פּאָלעמיק צווישן דער רעגירונג פֿון דער פֿרייער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און איר פּאָליטישן אַנטיפּאָד אין אייראָפּע. די אַמבאַסאַדאָרס פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן אין פּעטערבורג האָבן געהאַלטן אין איין באַריכטן קיין וואַשינגטאָן, אַז עס איז נישטאָ קיין שום האָפֿנונג זיך צו דערשלאָגן הנחות אין דער יידן־פֿראַגע, וואָרום די דאָגמע פֿון רעכטלאָזיקייט איז אין רוסלאַנד נישט צו רירן פֿון אָרט. די רוסישע רעגירונג איז אין דעם פֿאַל געווען באַזונדערס פֿאַרעקשנט, ווייל זי האָט געהאַט אַ גרונט מורא צו האָבן, אַז אויב זי וועט אָנערקענען די „אַמעריקאַנער פּעסער", וועלן די געוועזענע עמיגראַנטן פֿון רוסלאַנד, וואָס האָבן זיך נאַטוראַליזירט אין אַמעריקע, זיך אומקערן צוריק אין זייער אַלטער היים שוין אַלס גלייכבאַרעכטיקטע מענטשן; אַנדערע וועלן אומישנע אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע און נאָך אַ געוויסן סטאַזש זיך נאַטוראַליזירן דאָרט, כּדי שפּעטער זיך אומצוקערן קיין רוסלאַנד מיט אַ גאַראַנטיע פֿאַר רעכטלאָזיקייט; און בכלל וואָלט געווען אַן אַבסורד פֿאַר דער רוסישער פּאָליטיק, אַז אויסלענדישע יידן זאָל האָבן אַזעלכע רעכט, וואָס די אָרטיקע האָבן זיי נישט. בעת גראַף וויטע איז געווען אין אַמעריקע, אין צוזאַמענהאַנג מיטן שליסן דעם רוסיש־יאַפּאַנישן אָפּמאַך אין פּאָרטסמוט (1905), האָט פּרעזידענט רוזוועלט אים געבעטן אַריינלעגן זיך אין דעם ענין, אָבער דאָס האָט צו קיין זאַך נישט געבראַכט.

אַזוי האָט זיך דער ענין געצויגן ביז וואַנען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער אַמעריקאַניש־יידישער קאָמיטעט; זיינע טוער צוזאַמען מיט אייניקע דעפּוטאַטן פֿון וואַשינגטאָנער קאָנגרעס האָבן באַשלאָסן צו שטעלן די „פּאַספּאָרטן־פֿראַגע" אויפֿן שאַרף פֿון מעסער און פֿאָדערן, אַז אין פֿאַל ווען רוסלאַנד זאָל ווייטער זיין פֿאַרעקשנט — זאָל דער האַנדלס־אָפּמאַך פֿון 1832 צעריסן ווערן. עטלעכע יאָר כּסדר זענען וועגן דעם געגאַנגען אונטערהאַנדלונגען צווישן די גלידער פֿון יידישן קאָמיטעט (סולצבערגער, מאַרשאַל א. אַ.), דעם פּרעזידענט פֿון רעפּובליק טאַפֿט, וואָס איז געקומען נאָך רוזוועלטן, און די מלוכה־סעקרעטאַרן אין וואַשינגטאָן; די רעגירונג האָט פֿאַרצויגן די אונטערהאַנדלונגען, זי האָט אַלץ געוואַרט אויף ידיעות פֿון איר אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג,—אָבער די ידיעות זענען ווייטער געווען נישט קיין גינסטיקע. דער דעפּוטאַט פֿון ניו־יאָרקער יידישן קוואַרטל אין דעפּוטאַטן־הויז, ריכטער גאָלדפֿאָגל, האָט נישט איין מאָל אַריינגעטראָגן אין קאָנגרעס פֿאָרשלאַגן איבער דער פּאַספּאָרטן־פֿראַגע, אָבער צו קיין באַשלוס איז נישט געקומען. דאַמאָלסט האָט דער יידישער קאָמיטעט באַשלאָסן אַפּעלירן צום לאַנד. די גרעסטע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן

דערהאַלטן אינסטרוקציעס, אַז עס איז נויטיק אַרויסצוטרעטן מיט באַשטימטע דעקלאַראַציעס איבער דער פּאַספּאָרטן-פראַגע. דער פאַרבאַנד פון אַמעריקאַניש-יידישע געמיינדעס (Union of American Hebrew Congregations) האָט אין יאַנואַר 1911 אָנגענומען און איבערגעגעבן דעם פרעזידענט פון דער רעפּובליק אַ רעזאָלוציע מיט דער פאָדערונג איבערצורייסן דעם האַנדלס-אָפּמאַך מיט רוסלאַנד, וועלכע פאַרלעצט אויף אַ גראָבן אופן די רעכט פון אַמעריקאַנער בירגער און דערנידריקט דערמיט דעם פּרעסטיזש פון דער אַמעריקאַנער נאַציע [1].

גלייכצייטיק מיט דער דאָזיקער מעלדונג פון די יידישע געמיינדעס האָט מען אַזעלכע רעזאָלוציעס אויך אָנגענומען אין די געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן („לעגיסלאַטורן") פון באַזונדערע שטאַטן און אויף צאָלרייך באַזוכטע מיטינגען אין די שטעט. דאָס אַלץ האָט מען געשיקט קיין וואַשינגטאָן, און די דאָזיקע אַפּעלן האָבן געווירקט. דער פאָרשלאַג וועגן קינדיקן דעם האַנדלס-אָפּמאַך מיט רוסלאַנד איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין וואַשינגטאָנער קאָנגרעס און מען האָט אים הייס דעבאַטירט אין דער קאָמיסיע פאַר אויסערן-ענינים. פרילינג 1911 דאָט דער פאָרזיצער פון דער דאָזיקער קאָמיסיע, ניו-יאָרקער דעפּוטאַט סולצער אַריינגעטראָגן אין דעפּוטאַטן-הויז אַ פּראָיעקט פון אַ מאָטיווירטער רעזאָלוציע וועגן קינדיקן דעם אָפּמאַך, און דעצעמבער דאָס זעלבע יאָר איז די פראַגע באַהאַנדלט געוואָרן אין דער קאַמער און אין סענאַט. עס זענען אַרויסגעטראָטן רעדנער פון ביידע פּאַרטייען — דעמאָקראַטישער און רעפּובליקאַנישער, — ס'האָט זיך געלאָזט הערן אַן אויפגעבראַכטקייט מיט דער רוסישער רעגירונגס-פּאָליטיק, אַ סך דעפּוטאַטן האָבן געצהאַלטן לויב-ווערטער וועגן יידן, אַלס גוטע בירגער און טרייבקראַפט פון דער וועלט-קולטור. די קאַמער האָט כמעט איינשטימיק (301 קעגן 1) אָנגענומען סולצערס פאָלגנדיקע „היסטאָרישע" רעזאָלוציעס: „באַשלאָסן, אַז דאָס פאָלק פון פאַראייניקטע שטאַטן באַשטעטיקט דעם גרונטפּרינציפּ, דאָס די רעכט פון אונזערע בירגער טאָרן נישט ליידן נישט אין דער היים, נישט אין דער פרעמד צוליב זייער ראַסע אָדער

[1] אייניקע פאַלן פון רוסלאַנדס מיאוסער האַנדלונג האָבן דאַמאָלסט באַזונדערס אויפגערעגט די אַמעריקאַנער. דער יידישער פּאָליטישער טוער אָסקאַר שטרויס, מיניסטער פון האַנדל און אַרבעט, וואָס איז צוויי מאָל געווען אַמבאַסאַדאָר פון פאַראייניקטע שטאַטן אין טערקיי, האָט געוואָלט קומען קיין רוסלאַנד און האָט אָנגעפרעגט דורכן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין פּעטערבורג, צי ס'איז מעגלעך אַזאַ נסיעה. איז די זאַך פאָרגעשטעלט געוואָרן דעם רוסישן פּרעמיער סטאָליפּין, און יענער האָט גרויסמוטיק דערלויבט שטרויסן צו קומען אויף אַ קורצע צייט, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ פּשוטער יידישער קאָמי-וואָיאַזשאָר. שטרויס האָט זיך דאַמאָלסט אײַנגאַנצן אָפּגעזאָגט פון דער נסיעה (1911). אָסקאַר שטרויס איז טאַקע געווען איינער פון די, וואָס האָבן בעגרינדעט דעם אַמעריקאַנער-יידישן קאָמיטעט.

רעליגיע; די רעגירונג שליסט אירע אָפּמאַכן אום צו פאַרטיידיקן אַלע עלעמענטן באַפעלקערונג גלייך, נישט־אָפּהענגיק פון זייער ראַסע צי רעליגיע; די רעגירונג וועט נישט שליסן קיין שום אָפּמאַך, וואָס מאַכט אַ אונטערשיד צווישן אַמעריקאַנער בירגער אויפן גרונט פון ראַסע אָדער רעליגיע, אָדער וואָס קאָן אויסגעטייטש ווערן דורך איינעם פון די צדדים אין אַזאַ זינען; די רוסישע רעגירונג האָט געבראָכן דעם אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן פאַראייניקטע שטאַטן און רוסלאַנד אין פעטערבורג דעם 18 דעצעמבער 1832, — דערמיט וואָס זי זאָגט זיך אָפּ פון ראַסע־ אָדער רעליגיע־גרונטן, צו אָנערקענען פעסער, געזעצלעך אַרויסגעגעבענע אַמעריקאַנער בירגער; נאָך דער מיינונג פונם קאָנגרעס דאַרף דער אָנגעוויזענער אָפּמאַך צוליב די אַרומגערעדטע סיבות געקינדיקט ווערן וואָס גיכער, און צוליב דעם צוועק דאַרף דער פרעזידענט מעלדן דער רוסישער רעגירונג, אַז דער אָנגעוויזענער אָפּמאַך איז געקינדיקט און פאַרלירט זיין קראַפט אַ יאָר נאָך דער דאָזיקער מעלדונג". די זעלבע רעזאָלוציע איז אויך אָנגענומען געוואָרן דורכן סענאַט. דאָס אָפּלייגן אויף אַ יאָר די אָפּמאַך־קינדיגונג איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער רעזאָלוציע אַ דאַנק די באַמיונגען פון פרעזידענט טאַפט, וועלכער האָט געהאָפט, אַז די רוסישע רעגירונג וועט זיך פאַר דער צייט באַטראַכטן און נאָכגעבן. אָבער אין ניקאָלאַי II פינסטערער מלוכה האָט מען גאָרנישט געטראַכט וועגן וועלכע ס'איז הנחות, הגם דאָס צערייסן דעם האַנדלס־אָפּמאַך מיט אַמעריקע האָט רוסלאַנד געדראָט מיט גרויסע ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן. ביידע זענען פעסט געשטאַנען פאַר זייער זאַך: אַמעריקע פאַרן פרינציפּ גלייכבאַרעכטונג, רוסלאַנד פאַרן פרינציפּ רעכטלאָזיקייט, — און די האָפנונג אויף אַ נייעם האַנדלס־אָפּמאַך איז געווען פון פאָראויס פאַרשפּילט. קיין פּראַקטישע פעולות האָט אַמעריקעס איינשטעלן זיך פאַר יידן נישט געהאַט, אָבער דער מאָראַלישער ווערט פון אַזאַ אַקט איז געווען זייער גרויס.

אַזאַ מאָראַלישער נצחון האָט עדות געזאָגט וועגן דעם פּאָליטישן איינפלוס, וואָס אמעריקאנער יידן האָבן דערגרייכט אין דער רעפּובליק. דער פאַרבאַנד פון דריי מיליאָן פרייע בירגער האָט שוין געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד — ביי פּאַרלאַמענט־וואַלן, ביי וואַלן פון פּרעזידענט, בײם שטרייט פון ביידע הויפּט־פּאַרטייען -- די רעפּובליקאַנער און דעמאָקראַטן, און אויך אין די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. רוזוועלט, טאַפט, ווילסאָן האָבן גוט געוואוסט דעם ווערט פון יידישע שטימען ביי וואַלן, באַזונדערס אין זייער מיליאָניקן צענטער ניו־יאָרק. אָט מיט דער קראַפט פון אמעריקאַנער יידנטום דערקלערט זיך בלויז דאָס, וואָס אַלע מאָסמיטלען פון דער אַדמיניסטראַציע אין יענער צייט קעגן דער אומגעהויערער אימיגראַציע האָבן אַמווייניקסטן אָנגערירט די יידישע אימיגראַציע.

פון אָנפאַנג XX יאָרהונדערט איז די רעגירונג פון פאַראייניקטע שטאַטן

געווען ערנסט פֿאַרנומען מיטן געדאַנק, ווי אַזוי אָפּצושטעלן דעם אומגעהויערן צושטראָם פון עמיגראַנטן פון פֿאַרשידענע נאַציעס אויס דער אַלטער וועלט, ווייל אין עקאָנאָמישן לעבן פון דער רעפּובליק האָט דאָס אַריינגעבראַכט דעזאָרגאַניזאַציע [1]. ביי די פּראָיעקטן צו באַגרענעצן די אימיגראַציע האָט מען ווייניקער פֿאַר אַלץ אין זינען געהאַט יידן. בכלל גענומען האָט מען זיי געהאַלטן פֿאַר אַ געוואונטשענעם עלעמענט. זיי פּלעגן קומען געוויינלעך נישט אויף צייטווייליקע פֿאַרדינסטן, ווי איטאַליענער, פּאָליאַקן, אָדער אונגאַרן, נאָר צו באַזעצן זיך אויף שטענדיק, גאַנץ אָפּט מיט זייערע משפּחות אָדער מיטן מיין צו אַרויסצורופן אַהער זייערע פֿאַמיליעס נאָך דעם, ווי זיי וועלן זיך פֿאַרזענלעך איינאָרדנען. און דאָך האָבן די אַלגעמיינע שריט צו מאַכן שווערער די אימיגראַציע געמוזט אָנרירן אויך אייניקע קאַטעגאָריעס יידישע אויסוואַנדערער. לכתּחילה זענען אַזעלכע מיטלען באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ'האָט געהעכערט דעם קאָפּשטייער פון יעדן עמיגראַנט (פון איין דאָלאַר געהעכערט אויף צוויי און שפּעטער אויף פיר) און אויך דעם מינימום געלט, וואָס האָט זיך געמוזט געפינען ביים עמיגראַנט צום אָנקומען אין האַפן (ביז 50 דאָלאַר); אָבער שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן צוצוטראַכטן ערנסטערע שטערונגען. אין קאַמף קעגן צוגרויסן צושטראָם פון פרעמדע האָבן זיך פֿאַראייניקט פֿאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס: פון איין זייט די „נאַטיוויסטן" פון דער בורזשואַזיע, די געבוירענע אין לאַנד, פּאַטריאָטן פון „אַמעריקאַנער ראַסע", וועלכע האָבן זיך געשראָקן פֿאַר דער קאָנקורענץ פון די אויסלענדער און פון דער אַנדערער זייט — די „אַמעריקאַנער אַרבעטספעדעראַציע", וועלכע האָט אַרומגענומען פיל אַרבעטער-פֿאַראיינען און געקעמפט קעגן דעם אַראָפּדריקן דעם אַרבעטס-לוין דורך די געקומענע אַרבעטער. אָנפאַנג 1913 האָט זיך די נאַטיוויסטן איינגעגעבן דורכצופירן אַ ריי דראַקאָנישע מאָסמיטלען קעגן דער מאַסן-אימיגראַציע. נאָך לאַנגע און ליידנשאַפטלעכע דעבאַטן אין סענאַט און אין דעפּוטאַטן-הויז האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען דעם ביל פון בערנעט און דילינגהאַם, לויט וועלכן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן וועגן אַריינלאָזן נאָר עמיגראַנטן מיט אַ בילדונגס-צענז, ד. ה. וואָס קאָנען לייענען און שרייבן לפּחות אין זייער מוטער-שפּראַך, און וועלכע באַפרידיקן נאָך אַ גאַנצע ריי באַדינגונגען פון פיזישער און מאָראַלישער געזונטקייט. הגם די פֿאָדערונג פון אַ בילדונגס-צענז — די וויכטיקסטע פון די נייע באַגרענעצן — האָט יידן אָנגערירט אין אַ קלענערער מאָס, איידער די הויפּטמאַסע קריסטלעכע

---

1) אין דורכשניט איז די אַלגעמיינע צאָל אימיגראַנטן יענע תּקופֿה געווען אַ מיליאָן אַ יאָר. אינמיטן ברען פון דער קאַמפּאַניע קעגן אימיגראַציע איז פֿאַרן יאָר אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אָנגעקומען) פון 1 יולי 1912 ביז יולי 1913) — 1.198.000 אימיגראַנטן; יידן זיינען אין דער צאָל געווען 105.000 (74.000 פון רוסלאַנד און 31.000 פון אַנדערע לענדער).

עמיגראַנטן (פאַר יידן איז געווען גענוג קענען לייענען און שרייבן אויף יידיש), — דאָך האָט זי פיל פון זיי געקענט פאַרשטעלן דעם וועג צו אַמעריקע. אַזוי ווי דער אָנגענומענער ביל האָט אָנגערירט די אינטערעסן פון אַ גרויסער מאַסע עמיגראַנטן פון אַלע נאַציעס, האָט דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק נישט געפונען פאַר מעגלעך אים צו באַשטעטיקן און האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ צייטווייליקן וועטאָ (פעבר. 1913); ער האָט דערביי געמאָלדן דעם סענאַט, אַז ער קאָן זיך נישט צווינגען אונטערצושרייבן דעם ביל, ווייל אין זיין הויפּט-פּונקט — אין דער פאָדערונג פון אַ בילדונגסצענז — ברעכט ער דעם אַלטן אַמעריקאַנער פּרינציפּ פון אימיגראַציע-פרייהייט.

אינגיכן איז אויפן אָרט פון טאַפט געוואָרן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק וודראָ ווילסאָן; מ'האָט מורא געהאַט, אַז ער, אַלס אויסגעוויילטער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס איז געווען איבערגעפּולט מיט נאַטיוויסטן, וועט אונטערשטיצן דעם ביל ביים צווייטן מאָל אַריינטראָגן אים אין קאָנגרעס. האָט זיך אויפגעהויבן אין לאַנד זייער אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן דעם ביל, עס האָבן זיך באַטייליקט אין אים די יידישע געמיינדעס און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס: מ'האָט געמאַכט פּראָטעסט-מיטינגען און אַרויסגעטראָגן שאַרפע רעזאָלוציעס. די קעגנער פון אימיגראַציע האָבן פון זייער זייט אַגיטירט און אַריינגעטראָגן אין קאָנגרעס נייע בילן, נאָך שטרענגערע (מ'האָט פאָרגעלייגט, אַז די צאָל עמיגראַנטן זאָל באַמינירט ווערן לויט נאַציאָנאַליטעט, כדי איין פאָלק זאָל נישט באַקומען איבערגעוויכט איבערן צווייטן, אַז מ'זאָל אַריינלאָזן מאַנסלייט נאָר פולקאָם געזונטע, וואָס טויגן צו מיליטער-דינסט וכדומה). אָנפאַנג 1914 האָט די דעפּוטאַטן-קאַמער אין וואַשינגטאָן אָנגענומען דעם פריערדיקן אימיגראַציע-ביל מיט אייניקע פאַרלייכטערונגען: פון בילדונגס-עקזאַמען זענען באַפרייט פערזאָנען, וואָס זענען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זייער היים צוליב רעליגיעזע רדיפות (דאָס איז דער עיקר געמיינט יידן פון רוסלאַנד און רומעניע); אָבער גלייכצייטיק מיט די דאָזיקע פאַרלייכטערונגען האָט מען אַריינגעפירט נייע באַגרענעצן: דער שאַרפסטער פון זיי איז געווען—נישט אַריינלאָזן קיין פּאָליטישע אַגיטאַטאָרס, וואָס רופן צו געוואַלט-איבערקערענישן אָדער טעראָר. דער ביל האָט נאָך געדאַרפט אַדורכגיין דורכן סענאַט און באַקומען די סאַנקציע פון פּרעזידענט ווילסאָן, אָבער באַלד זענען געקומען געשעענישן, צוליב וועלכע מ'האָט פאַרגעסן אין ביל. פרילינג 1914 האָט אויסגעבראָכן די מלחמה פון פאַראייניקטע שטאַטן מיט מעקסיקע, און זומער האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלטקריג, וועלכער האָט אויף אַ רייע יאָרן אָפּגעשטעלט די מאַסן-עמיגראַציע פון אייראָפּע.

אין דער גאַנצער באַוועגונג קעגן אימיגראַציע איז, ווי געזאָגט, נישט

געווען קיין שום יידנפיינטלעכעס. קיין אָרגאַניזירטע אַנטיסעמיטן איז אין
די פֿאַראייניקטע שטאַטן בכלל נישט געווען, אָבער אַ סטיכייאישער, אינדי=
ווידועלער אַנטיסעמיטיזם איז געווען בנמצא. ער האָט זיך געהאַלטן אין
אייניקע קרייזן געזעלשאַפט און זיך געשפּייזט מיט פֿאָראורטיילן, געירשנטע
אָדער געבראַכטע פֿון אייראָפּע. אַזעלכע אַנטיסעמיטן האָבן אָפּט באַקעמפּט
יידן דורך באָיקאָט אָדער אָסטראַקיזם: נישט אָנגענומען קיין יידן פֿאַר גלי=
דער אין זייערע געזעלשאַפֿטן אָדער קלובן, נישט ארייגעלאָזן אין זייערע
האָטעלן, רעסטאָראַנען אָדער קורערטער, און געגעבן צו וויסן וועגן דעם
אין צייטונג אָדער אויפֿן שילד פֿון אַנשטאַלט. אין אייניקע קורערטער און
פענסיאָנען אין שטאַט ניו=יאָרק פֿלעגן זיך טרעפֿן אויפֿשריפֿטן: „דאָ ווערן
יידן נישט אַריינגעלאָזן”. קעגן אַזעלכע גראָבקייטן איז אַרויסגעטרעטן דער
אַמעריקאַניש=יידישער קאָמיטעט. אויף זיין איניציאַטיוו האָט מען וועגן די
דאָזיקע פֿאַקטן פֿון טעגלעכן אַנטיסעמיטיזם אָנגעהויבן רעדן אין דער לע־
גיסלאַטור פֿון ניו=יאָרקער שטאַט. דער יידישער לעגיסלאַטור=גליד ליוואַי
האָט געפֿאָדערט, אַז דאָס געזעץ זאָל פֿאַרווערן אַזעלכע עפֿנטלעכע באַליידי=
קונגען, וואָס רירן אָן די רעכט פֿון אַ געוויסער קאַטעגאָריע בירגער. די
געזעצגעבערישע פֿאַרזאַמלונג האָט אינגאַנצן מסכּים געווען מיטן פֿאָרשלאַג
פֿונם יידישן דעפּוטאַט. מ'האָט אָנגענומען און פֿאַרעפֿנטלעכט אַ „הוספה צום
געזעץ וועגן בירגער=רעכט” (אַפּריל 1913): לויט דעם איז פֿאַרבאָטן אַלע
אייגנטימער פֿון עפֿנטלעכע אַנשטאַלטן אָדער אַגענטן פֿון אונטערנעמונגען—
צו פֿאַרווערן וועמען עס איז דעם אַריינטריט אַהין אָן אַ פֿאָרמעלן געזעצ=
לעכן גרונט, און אויך צו געבן פּובליקאַציעס וועגן דעם אין אַזאַ אָדער
אַנדערער פֿאָרם; די, וואָס וועלן עובר זיין אויף דעם, דאַרף מען צוציען
צום געריכט „פֿאַר פֿאַרקלענערן די רעכט פֿון אַמעריקאַנער בירגער” און
אויף זיי דאַרף אַרויפֿגעלייגט ווערן אַ גרויסע געלט=שטראָף. דער דאָזיקער
דערפֿאָלג איז אויך געווען אַ פּועל=יוצא פֿון יידנס פּאָליטישן און געזעל=
שאַפֿטלעכן איינפֿלוס אין אַמעריקע. אַרויסווייזן אַנטיסעמיטיזם עפֿנטלעך —
דאָס איז געווען שווער אין א לאַנד, וואו אין דער רעגירונג פֿון צענטר
און באַזונדערע שטאַטן האָבן אָנטיילגענומען אַ סך טעטיקע פֿאַרטרעטער פֿון
דער יידישער באַפֿעלקערונג. איינער פֿון די גרינדער אין אַמעריקאַניש=יידישן
קאָמיטעט, אָסקאַר שטרויס, איז צוויי מאָל געווען אַמבאַסאַדאָר פֿון פֿאַראיי=
ניקטע שטאַטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און איין צייט איז ער געווען מיטגליד
אין מיניסטעריום (בעת רוזוועלט, פֿון 1906), אַלס סעקרעטאַר פֿון האנדל
און אַרבעט. ערב דעם וועלטקריג האָט פּרעזידענט ווילסאָן באַשטימט פֿאַר
אַמבאַסאַדאָר אין טערקיי דעם ניו=יאָרקער געזעלשאַפֿטלעכן טוער, דעם ייד
מאָרגענטוי, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיטן געדאַנק וועגן פּאַלעסטינער
קאָלאָניזאַציע.

אינעווייניקסטע אָרגאַניזירטקייט אָדער דאָס שטרעבן צו אזעלכער — דאָס איז געווען דער בעסטער שטריך פון אַמעריקאַנער יידנטום. דאָ האָט טאַקע געשטעקט דער סוד פון יענער קראַפט, וואָס האָט משך דריי יאָרצענטן פונם תוהו ובוהו גרויסע, כסדר וואַקסנדיקע אימיגראַנטן-מאַסן, אויסגעבילדעט עפּעס גאַנצעס, א קערן פון אַ נייעם גלות-צענטער. די גרויסע צאָל קליינע געמיינדעס, חברות און לאַנדסמאַנשאַפטן, אויף וועלכע עס איז זיך צעפאַלן די כמעט מיליאָניקע יידישע באַפעלקערונג פון ניו-יאָרק, האָט זיך אין 1909 פאַראייניקט אין אַ געמיינדע-פאַרבאַנד — „קהילה". אין קהילה-ראַט זענען אַריין פאַרטרעטער פון אלע רעליגיעזע קאָנגרעגאַציעס, קולטור-אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן פון קעגנזייטיקער הילף. אזאַ פאַראייניקונג איז שפּעטער פאָרגעקומען אויך אין פילאדעלפיע — מיט אירע העכער הונדערט טויזנט יידן, און מיט דעם זעלביקן וועג פון צענטראַליזאַציע האָבן זיך געגרייט צו גיין די געמיינדעס פון שיקאַגאָ (ביי 100 טויזנט מאן), באָסטאָן (75.000), באַלטימאָרע (50.000) און אַנדערע גרעסערע שטעט. די קהילות האָבן זיך געשטעלט א ציל — צו פאַרשטאַרקן יידישע אחדות און באַשאַפן אַ נעץ צענטראַלע קולטור-אַנשטאַלטן, וואָס זאָלן באַדינען אַלע גרופּעס יידישער באַפעלקערונג. פאַראייניקנדיק פאַרשידנאַרטיקע געזעלשאַפטלעכע גרופּעס, זענען אַזעלכע פאַרבאַנדן נישט געווען, פאַרשטייט זיך, ביכולת צו פאַרניכטן צווישן זיי די אינעווייניקסטע גייסטיק-קולטורעלע אונטערשידן. עס איז נאָך אַלץ געווען דער חילוק צווישן טערבדיקע אַמעריקאַניזירטע „יאַהודים" און געקומענע מזרח-יידן מיט זייער פאָלקספּראַך און אייגנאַרטיקן לעבנס-סדר. אין די געמיינדעס זענען געשטאַנען באַזונדער איינע פון די אַנדערע — רעפאָרמיסטן און אָרטאָדאָקסן; יעדע גרופּע האָט געהאַט אירע סינאַגאָגעס, שולן, רבנים און לערער. גלייכצייטיק מיט שולן פון מאָדערנעם טיפּ און רעפאָרמירטע „טעאָלאָגישע סעמינאַרן" (אין צינצינאַטי און ניו-יאָרק) זענען נאָך פאַרבליבן אַלטע חדרים, תלמוד-תורות און ישיבות, — אַ ירושה פון רוסלענדער תחום. א שטאַרקע אָרגאַניזאַציע איז געווען דער „פאַרבאַנד אמעריקאַנער ראַבינערס", וואָס פלעגט האָבן זיינע יערלעכע קאָנפערענצן. אַלס קעגנגעוויכט צו דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך צום סוף פון דער תקופה אויסגעבילדעט א פאַריין פון אָרטאָדאָקטישע רבנים, אָבער אין געביט פון ברייטער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז ער נישט אימשטאַנד געווען צו קאָנקורירן מיט זיין קעגנער. און נאָר די נייע נאַציאָנאַל-קולטורעלע באַוועגונג איז געווען אַן ערבות, אַז די באַזונדערע טיילן יידן, וואָס זענען צעשיידט אַ דאַנק דער ווירקונג פון פרעמדע קולטורן, וועלן דערנענטערט ווערן. אַ געוויסע ראָלע האָט אין דעם פּרט געשפּילט דער ציוניזם; אָבער די „פעדעראַציע פון אַמעריקאַנער ציוניסטן" האָט דאָ נישט פאַרנומען אַזאַ צענטראַל אָרט אין דער נאַציאָנאַלער באַ-

וועגונג, ווי עס האָבן ענלעכע אָרגאַניזאַציעס פאַרנומען אין די אייראָפּעאישע לענדער, טיפע וואָרצלען האָט דער נאַציאָנאַלער געדאַנק געלאָזן אין דער אַרבעטער-סביבה: דער גרעסטער טייל יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס האָט געשטרעבט צו פאַרבונדן קלאַסנפּרינציפּ מיט נאַציאָנאַלן. אַ סך אַרבעטער-קרייזן זענען געווען פאַראייניקט אין דער גרויסער אָרגאַניזאַציע „אַרבעטער-רינג”, וועלכער האָט אין יאָר 1914 געציילט ביי פופציק טויזנט גלידער.

דער הויפּט-פאַרבינדונגס-פאַקטאָר איז, פאַרשטייט זיך, געווען די געמיינזאַמע פאָלקס-שפּראַך פון די געקומענע אויס רוסלאַנד, פוילן און רומעניע — יידיש. צענדליקער טאָג-בלעטער און אנדערע פעריאָדישע אויסגאַבן זענען אויף דער שפּראַך דערשינען אין ניו-יאָרק און אַנדערע שטעט. זיי האָבן די געקומענע מאַסע אַריינגעפירט אין קרייז פונם נייעם בירגערלעכן און פּאָליטישן לעבן, און נישט אָפּרייסנדיק זי פון די פאָלקס-וואָרצלען, האָבן זיי איר פאַרלייכטערט דעם פּראָצעס אקלימאַטיזאַציע אויפן אמעריקאַנער באָדן. קיין ליטעראַרישן ווערט האָבן די דאָזיקע צייטונגען פון אַמעריקאַנער טיפּ נישט געהאַט. ערנסטער זענען געווען די חודש-זשורנאַלן „צוקונפט” און באַזונדערס „דאָס נייע לעבן”, וואָס דער טאַלענטירטער פּובליציסט ח. זשיטלאָווסקי האָט אים אַרויסגעגעבן. דאָ פלעגן זיך זעלטן באַווייזן פעריאָדישע אויסגאַבן אויך אין העברעאיש („התורן” פון ר. בריינין א. אַ.), אָבער זיי האָבן זיך אויף דעם באָדן נישט אָנגענומען. די היימישע אַמעריקאַנער יידן האָבן געהאַט זייערע סאָלידע פּרעסע-אָרגאַנען אויף דער ענגלישער שפּראַך (די אַלטע וואָכנשריפטן „American Hebrew” אין ניו-יאָרק, „American Israelite” אין שיקאַגאָ, דער חודש-זשורנאַל „Menora” א. אַ.). פון די זעלבע קרייזן איז אַרויס אַ מאָנומענטאַלע וויסנשאַפטלעך-ליטעראַרישע אויסגאַבע, וואָס אַפילו די מעטראָפּאָליע פון יידישער וויסנשאַפט אין אייראָפּע וואָלט איר געמעגט מקנא זיין: דאָס איז די פילבענדיקע „יידישע ענציקלאָפּעדיע” אין דער ענגלישער שפּראַך („The Jewish Encyclopedia” 12 גרויסע בענד, ניו-יאָרק, 1901—1906). איניציאַטיוו צו דער דאָזיקער אונטערנעמונג האָט געגעבן דער עסטרייכישער ייד, פּובליציסט איזידאָר זינגער, וועלכער האָט עס פריער געפּרובט פאַרווירקלעכן אין פּאַריז אָדער לאָנדאָן; אין אייראָפּע האָט זיך נישט געפונען צוליב אַזאַ זאַך קיין גענוג רייכע פאַרלעגערשע פירמע, און ערשט אין אַמעריקע האָט זיך אַזעלכע אָפּגעזוכט (Funk and Wagnalls). עס איז געבילדעט געוואָרן אַ רעדאַגיר-קאָמיסיע פון אַמעריקאַנישע געלערנטע (ס. אַדלער, ג. דייטש, מ. יאַסטראָוו, ס. שעכטער, ר. גאָטטייל, ק. קאָלער, ד. דזשעקאָבס, ג. ראָזענטאַל א. אַ.), און זי האָט געמאַכט אַלע צוגרייט-אַרבעטן מיט דער הילף פון „רעדאַקטאָרן-קאָנסולטאַנטן” אין אייראָפּע. דער גאַנצער שטאַב מיטאַרבעטער, ס'רוב פון דייטש-

לאַנד, האָט געמאַכט מעגלעך משך עטלעכע יאָר אויפצובויען אזא מאָנומענ-
טאַלן בנין פון יידישער וויסנשאַפט. ביי אַלע חסרונות, וואָס זענען אומפאַר-
מיידלעך פאַר אַ ערשטן פרוב און ביי אַ אויסגאַבע, וואָס איז רעדאַקטירט
ווייט פון די וויסנשאפטלעכע צענטרען, האָט דאָך די „יידישע ענציקלאָפּעדיע“
געהאַט אַ ווערט פון א גרויסן נאַציאָנאַלן דענקמאָל.

## § 52. קיבוצים אויסער אייראָפּע

דער נייער קיבוץ, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט נאָך דער גרויסער
איבערוואַנדערונג פון סוף 19-טן און אָנפאַנג 20-טן יאָרהונדערט, האָט געהאַט
זיין צענטר אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, און אַ פּערי-
פעריע — אין די בריטישע קאָלאָניעס אין אַמעריקע, אויסטראַליע און דרום-
אפריקע; אין די געוועזענע שפּאַנישע פּראָווינצן פון דרום-אַמעריקע איז אַ
אָנגעזעענער נייער קיבוץ געווען אין דער אַרגענטינער רעפּובליק. צווישן די
בריטישע קאָלאָניעס איז אויפן ערשטן פּלאַן געשטאַנען ק א נ א ד ע (§ 29).
צוליב איר נאָנטקייט צו די פאַראייניקטע שטאטן וואָלט זי געקאָנט אָפּציען
פון דאָרט דעם איבערפלוס עמיגראַנטן; זי האָט אָבער פאַרמאָגט צוויי אייגנ-
שאַפטן, וואָס זענען נישט גינסטיק געווען פאַר אַ מאַסן-עמיגראַציע: איינמאָל,
די שטאָטישע אינדוסטריע איז געווען שוואַך אַנטוויקלט און די קליינע בעלי-מלא-
כות און הענדלער איז שווער געווען זיך צו פאַרוואַנדלען אין פאַבריק-אַר-
בעטער; צווייטנס, איז צו יידן געווען אַ פיינטלעכע באַציונג מצד דעם
פראַנצויזישן טייל אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכער איז געווען קאָנצענט-
רירט אינם הויפּט-פונקט פון דער אימיגראַציע — פּראָווינץ קוועבעק מיט
איר הויפּטשטאָט מאָנרעאַל. אָט די דאָזיקע אומשטענדן האָבן יידן דערפילט,
ווען די גרויסע כוואַליע עמיגראַציע פון 1905 און די ווייטערדיקע יאָרן
האָבן קיין קאַנאַדע אַריבערגעוואָרפן גרעסערע ווי ביז אַהער גרופּעס עמי-
גראַנטן. פאַרן ערשטן יאָרצענדליק פונם יאָרהונדערט האָט זיך די יידישע
באַפעלקערונג פון קאַנאַדע פאַרגרעסערט פון 25.000 אויף 75.000 (ביי אַן
אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון זיבן מיליאָן); פון דעם האָט זיך אַ גרויסער
טייל (ביי 30.000) איינגעאָרדנט אין מאָנרעאַל, וועלכער איז געווען דער
אינדוסטריע-צענטר אין לאַנד, אָבער גלייכצייטיק אויך אַ פינסטערע נעסט
פון פראַנצויזישן קלעריקאַליזם. אונטער די פליגלען פון פרייער בריטאַניע,
וועלכע האָט אירע קאָלאָניעס געלאָזן פולע אָרטיקע אויטאָנאָמיע, האָבן די
קאַנאַדער פראַנצויזן-קאַטוילן זיך געקאָנט דערלויבן יענעם וואוילטאָג קלע-
ריקאַליזם, וואָס האָט דעמאָלסט געפעלט זייערע ברידער אין קאָמבס און
קלעמאַנסאָס פראַנקרייך. אַלע שולן, פון עלעמענטאַרע ביז די העכערע,
זענען געווען אונטער דער אפּיטראָפּסות פון קאַטוילישע גייסטלעכע, וועלכע

האָבן דערצויגן די יוגנט אין גייסט פון אויסערסטער רעליגיעזער אומטאָ־לעראַנץ. אויף אייניקע גאַסן אין מאָנרעאַל פלעגן תּלמידים פון יעזואיטישע שולן באַליידיקן און אַפילו שלאָגן יידישע דורכגייער. די קאַטוילישע צייַטונגען האָבן געפירט אַן אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע. בעסער איז שוין געווען די לאַגע פון יידן אין יענע קאַנאַדער פּראָווינצן, וואו די מערהייט איז געווען די ענגלישע באַפעלקערונג — אין די שטעט טאָ־ראָנטאָ (22.000 יידן) און וויניפּעג (12.000), אָבער דאָ האָבן די רעזולטאַטן פון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ געצוואונגען די אָרטיקע מאַכט צו באַגרענעצן די אימיגראַציע. יעדן ניי־אָנגעקומענעם עמיגראַנט האָט מען געלאָזט שטרענג באַטראַכטן מעדיציניש און פאַרהערן אים, מ'האָט געפאָדערט צו באַווייזן אויסלענדישע פּעסער, — און אַזעלכע האָבן אָפט געפעלט ביי די אַנטלאָ־פענע פון רוסישן גיהנום, — און אויך געלט מזומנים, וואָס זאָל קלעקן צו ערשטער איינריכטונג. דאָס אַלץ האָט פאַרהאַלטן דעם וואוקס פון דער יידי־שער קאָלאָניע אין קאַנאַדע.

אָפּגעשטעלט האָט זיך אויך דער וואוקס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין די ענגלישע פּראָווינצן פון ד ר ו ם־אַ פ ר י ק ע—קאַפּלאַנד, נאַטאַל, טראַנסוואַאַל און אָראַנזשרעפּובליק, וועלכע האָבן זיך נאָך דער ענגליש־בורישער מלחמה פאַראייניקט אין אַ דרום־אַפריקאַנישן בונד אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַ ענגלישן גענעראַל־גובערנאַטאָר. פאַרענדיקט האָט זיך דאָ דער פּעריאָד פון באַזעצונג (§ 29) און עס האָט זיך אנגעהויבן אַ תּקופה פון אינעווייַ־ניקסטער איינאָרדנונג. צום אָנפאַנג XX יאָרהונדערט איז דאָ געווען אַ יידי־שע קאָלאָניע פון 50 טויזנט מאַן, מער האָט זי זיך נישט פאַרגרעסערט דורך אַ נייעם צופלוס פון אייראָפּע. אָבער די וואָס האָבן זיך פון פריער באַזעצט האָבן, נאָך דער אומרואיקער קריגסצייט, געקאָנט רואיק בויען זייער פערזענלעך און געזעלשאַפטלעך לעבן. גרויסע אינדוסטרי־ און האַנדלס־אונ־טערנעמונגען האָבן רייך געמאַכט אַ סך מענטשן אינם דאָזיקן לאַנד פון גרובנס, גאָלדמינען, טאַבאַק, און צוקער־פּלאַנטאַציעס, וואָס אָרטיקע קאַפערן האָבן באַאַרבעט. דער געקומענער אייראָפּעאישער אַרבעטער האָט נישט גע־קאָנט קאָנקורירן מיט דער אָרטיקער ביליקער אַרבעט, און דערמיט האָט זיך געלאָזט דערקלערן, וואָס די אימיגראַציע פון אַרבעטער איז קליין געווען. דאָס פאַרמעגלעכע יידישע סוחרטום האָט געגרינדעט אַ רייע גוט איינגעאָר־דענטע געמיינדעס אין די שטעט יאָהאַנעסבורג (ביי 10.000 יידן), קאַפּשטאַט (7000) און פּרעטאָריע. אין 1910 זענען אין יאָהאַנעסבורג אַרויסגעגאַנגען צוויי יידישע צייטונגען (איינע אויף יידיש, אַ צווייטע — אויף ענגליש), און אין דער יידישער שול האָט זיך געלערנט העכער 500 קינדער. אין ציוניס־טישע קרייזלעך האָט מען נאָכגעפאָלגט דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין דער

חייטער אייראָפּע, און מ׳האָט פעריאָדיש געשיקט אַהין דעלעגאַטן צו [illegible] טיי־קאָנגרעסן.

גאָר קליין איז געווען די יידישע קאָלאָניע אין בריטישער אויס־טראַליע (אן ערך 20 טויזנט, שוין איינגעשלאָסן ניי־זעלאַנד). זי איז דער עיקר באַשטאַנען פון אַמאָליקע עמיגראַנטן — געקומענע פון ענגלאַנד און דייטשלאַנד, צוליב איר ווייטקייט האָט זי צוגעצויגן וויניק עמיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע. די געמיינדעס אין די הויפּטשטעט סידניי און מעלבורן (אן ערך צו 6000 אין יעדערער) האָבן דערמאָנט די ענגליש־יידישע קאָנגרע־גאַציעס, און די נייע נאַציאָנאַלע שטימונגען האָבן זיך דאָ שוואַך געלאָזט פילן.

אַ אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיט דער רוסלענדער מעטראָפּאָליע האָט נאָך איינגעהאַלטן די יידישע קאָלאָניע אין אַרגענטינע. די תקופה פאַר־שטאַרקטע עמיגראַציע האָט דאָ פאַרגרעסערט די פריערדיקע יידישע באַ־פעלקערונג, און אין 1911 האָט מען אין אַרגענטינער רעפּובליק געציילט אַן ערך 100.000 יידן. אַקעגן אַ פערט חלק פון דער באַפעלקערונג האָט גע־וואוינט אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס, ביי 30.000 האָט געלעבט אין דער רעזידענץ בוענאָס־איירעס, און די איבעריקע — אין אַנדערע שטעט. די שמערץ־געבוירענע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס (§ 29) האָבן זיך גוט אַנטוויקלט און צוגעגעבן איצט דעם אַרגענטינער צענטער אַזאַ שטאַנדהאַפטיקייט, וואָס איז נאָר מעגלעך ביי אַ שטאַרקן ערד־יסוד. אין די קאָ־לאָניעס האָבן יידן געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן, אין די שטעט ווידער — צווישן אַן אָפּגעשטאַנענער שפּאַנישער באַפעלקערונג, — דעריבער האָבן יידן דאָ נישט דורכגעמאַכט דער פּראָצעס אַסימילאַציע אין אַזאַ מאָס, ווי אין די מער קולטורעלע לענדער. אין בוענאָס־איירעס האָט מען אַרויסגע־געבן צייטונגען אויף יידיש און עס איז געוואַקסן די צאָל קולטור־ און בילדונגס־אַנשטאַלטן. נישט אַקלימאַטיזירט האָט זיך דער נייער קבוץ אין אַ צווייטער דרום־אַמעריקאַנער רעפּובליק — בראַזיליע, וואָס איז אַמאָל געווען אַ צאָלרייכע קאָלאָניע פון ספרדישע איינוואַנדערער. הגם די בראַזי־לישע רעגירונג האָט פּראָטעזשירט אימיגראַציע, פלעגט דאָך מען אַהין וויניק פאָרן, מחמת דער טראָפּישער קלימאַט האָט שלעכט געווירקט אויפן געזונט פון די עמיגראַנטן. אין 1905 האָט זיך געגרינדעט אַ קליינע קהילה אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד ריאָ־דע־זשאַנייראָ. אין 1914 האָט זיך אין דער רעפּובליק גערעכנט סך־הכל ביי 3000 יידן. — אין מעקסיקאַ און אין די שכנישע קלענערע רעפּובליקעס פון צענטראַלאַמעריקע האָט זיך גערעכנט ביי 10 טויזנט יידן, ס׳רוב צופעליקע אויסוואַנדערער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער זיי זענען געווען צעזייט איבער דער גאַנצער מדינה און גע־ווען זייער שוואַך אָרגאַניזירט.

די אַוואַנטוריסטישע קאָלאָניאַל-פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע גרויס-מאַכטן, וואָס איז צו דער גרעסטער אָנשטרענגונג דערגאַנגען אָנפאַנג 20-טן יאָרהונדערט, האָט אָנגעמאַכט אַ שטורם אינם פאַרשלאָפענעם לעבן פון די אַלטע גלות-נעסטן אין צ פ ו ן - אַ פ ר י ק ע. מיט גרויסע שמערצן איז צוגעגאַנגען דער פּראָצעס פון די אייראָפּעערס אַריינדרונגען אין די בערבערישע לענדער; דאָס זענען דאָך פון שטענדיק געווען נעסטן פון מאָהאַמעדאַנישן פאַנאַטיזם, וואו קליינע דעספּאָטן — סולטאַנען און בייס — האָבן נאָר נאָמינעל אָנערקענט דעם סובערעניטעט פון טערקישן סולטאַן, אַלס קאַליף פון די רעכטגלויביקע. די יידישע באַפעלקערונג פון אַלזשיר, טוניס, מאַראָקאָ און טריפּאָלי האָט פאַרזוכט דעם גאַנצן טעם פון דער מוראדיקער לאַגע צווישן די אָקופּאַנטן — אייראָפּעער, וועלכע האָבן פאַר איר געבראַכט באַפרייאונג פון דער אומדערטרעגלעכער קנעכטשאַפט, און די באַזיגטע היימישע פעלקער, וואָס האָבן גרויזאַם נקמה גענומען אין יידן פאַר זייער סימפּאַטיע צו די שונאים פון איסלאַם. אין אַ ל זשי ר, וואָס איז שוין לאַנג געווען אַנעקסירט דורך פראַנקרייך, האָבן יידן דאָס געפילט נאָך אַסך יאָרן נאָכדעם ווי זיי האָבן באַקומען רעכט פון פראַנצויזישער בירגערשאַפט, און בעת דרייפוסעס פּראָצעס זענען זיי געשטאַנען, ווי מיר האָבן עס געזען (§ 22), צווישן צוויי פייערן — צווישן אַנטיסעמיטיזם פון די קריסטן און רעליגיעזן פאַנאַטיזם פון די אַראַבער.—רואיק פאַרהעלטעניסמעסיק איז אַדורך דאָס אַריבערגיין פון ט ו נ י ס אונטער פראַנקרייכס פּראָטעקטאָראַט (1881). די נייע מאַכט האָט דאָ נישט איבערגעחזרט דעם אַלזשירער עקספּערימענט פון דעם יידן-מיניסטער קרעמיע און נישט געשאָנקען די אָרטיקע יידן (אַחוץ איינצעלנע פּערזאָנען) קיין רעכט פון פראַנצויזישער בירגערשאַפט. דערמיט האָט זי אמת באַפרייט יידן פון קנאה און נקמה מצד די מאָהאַמעדאַנער, וועלכע האָבן אויך נישט באַקומען קיין רעכט, אָבער צוגלייך מיט דעם האָט זי פאַרמשפט אויפן אַלטפרענקישן מצב אויסערהאַלב דער בירגערלעכער געזעלשאַפט — אַ באַפעלקערונג פון הונדערט טויזנט יידן (אין 1904 איז אין טוניס געווען 108.000 יידן), וואָס נאָך דורות הינערפלעט האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט דער גייסט פון זייערע אור-אור-עלטערן - די שטאָלצע ספרדים פון שפּאַניע. יידן האָט מען געלאָזן זייער אַלטע קהילה- און אַפילו געריכט-אויטאָנאָמיע און אין פאַראייניקונג מיט בירגערלעכער פרייהייט וואָלט זי געקאָנט ווערן אַ פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר, אָן דעם אָבער איז זי ווייטער געווען נאָר אַ קאָנסערוואַטיווע, פאַרגליווערטע קראַפט. אַ טייל פון דער יידישער יוגנט אין טוניס, וועלכע האָט באַקומען בילדונג אין די אָרטיקע פראַנצויזיש-יידישע שולן פון „אַליאַנס", האָט צוליב דער דאָזיקער לאַגע אינערלעך געליטן און זי האָט אין בענקשאַפט געהאָפט אויף בעסערע צייטן.

דאָך איז די לאַגע פֿון ייִדן אין אַלזשיר און טוניס געווען מקנא צו זײַן אין פֿאַרגלײַך מיטן מצב פֿון זייערע ברידער אין דער דריטער בערבערישער מלוכה — מאַראָקאָ, וועלכע האָט נאָך גענאָסן זעלבשטענדיקייט אונטער דער ממשלה פֿון דעספּאָטן-סולטאַנען, און עס איז איר ערשט פֿאָרגעשטאַנען צו ווערן פֿראַנקרײַכס אָדער שפּאַניעס רויב. דאָס איז געווען דער העסלעכסטער ווינקל פֿון מאָהאַמעדאַנישן מיטלאַלטער, 110.000 אײַניקלעך פֿון די גולי-שפּאַניע האָבן זיך דאָ געמאַטערט אין קלעם פֿון קנעכטשאַפֿט און געמוזט דאָ איבערטראָגן אַלע דערנידערונגען, וואָס עס האָבן נאָר אַמאָל צוגעטראַכט פֿאַר די „דזימי" די היטער פֿון „אָמאַר-געבאָט". מאַראָקער סולטאַנען האָבן זיי גערודפֿט און געראַבעוועט, פֿון צײַט צו צײַט האָט זיי אויך דער מאָהאַמעדאַנישער המון פּאָגראָמירט. אין זייערע געשלאָסענע קוואַרטלען אָדער „מעלאַס" אין די שטעט מאַראַקעש, מאָגאַדאָר, פֿעץ, טאַנזשער און אַנדערע, האָבן ייִדן אין נאָרמאַלער צײַט נאָך גענאָסן זיכערקייט, אָבער מחוץ דער „מעלאַ" זענען זיי געווען רעכטלאָז און אָן שוץ. נאָך אינמיטן 19-טן יאָרהונדערט האָבן זיך די אומגליקלעכע געווענדעט מיט אַ בקשה וועגן שוץ צו זייערע איינפֿלוסרײַכע אייראָפּעאישע ברידער, און דער גרויסער מענטשנפֿרײַנט משה מאָנטעפֿיאָרע האָט זיי נישט איין מאָל אויסגעלייזט פֿון צרות אַדאַנק זײַן דיפּלאָמאַטישער אַרײַנמישונג. וואָס מער עס איז געוואַקסן דער איינפֿלוס פֿון אויסלאַנד אין מאַראָקאָ, זענען ייִדן פֿון די אינעווייניקסטע שטעט אַלץ מער אַריבער אין די האַפֿנס — מאָגאַדאָר און טאַנזשער, כּדי צו זײַן נעענטער צו די אויסלענדישע מיסיעס. די פֿאָרגעשריטענע עלעמענטן אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט — די פֿראַנצויזיש-רעדנדיקע סוחרים, לערער און געוועזענע תּלמידים פֿון די אַליאַנס-שולן (אַזעלכע איז שוין אין מאַראָקאָ געווען אַ גאַנצער דור) — האָבן דורכגעלייגט אַ וועג פֿאַר אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע און בפֿרט פֿאַר פֿראַנצויזישע ווירקונגען אינם דאָזיקן פֿינסטערן ווינקל אַפֿריקע. אָבער די אויסלענדישע סימפּאַטיעס פֿון ייִדן האָבן קעגן זיי אַרויסגערופֿן בײַ די מאַורן אַ באַזונדערע פֿאַרביטערונג אָנפֿאַנג 20-טן יאָרהונדערט, ווען עס האָט געהאַלטן בײַ אויס פּאָליטישער אומאָפּהענגיקייט פֿון מאַראָקאָ און פֿאַרשידענע אייראָפּעאישע מלוכות האָבן געשלעפּט דאָס לאַנד אין זייערע „איינפֿלוס-ספֿערן". בעת פֿראַנקרײַכס באַוואָפֿנטן אַרײַנמיש אין דעם קאַמף צווישן די צוויי קאָנקורירנדיקע סולטאַנען אַבדול-אַזיס און מולײַ-האַפֿיד (1907), האָבן דעם לעצטנס אָנהענגער ראַבירט ייִדן אין קאַזאַ-בלאַנקאָ און אַנדערע שטעט, אַ סך אויסגעהרגעט און אַוועקגענומען אין געפֿאַנגענשאַפֿט. דאָס אײַנשטעלן די פֿראַנצויזישע מאַכט אין מאַראָקאָ האָט ייִדן געקאָסט טײַער. די פֿאַרביטערונג קעגן אויסלענדער האָט זיך אויסגעלאָדן אין אַ דרײַטאָגיקן פּאָגראָם, וואָס די מאַורן האָבן געמאַכט אין ייִדישן קוואַרטל אַפּריל 1912 אין דער שטאָט פֿעץ. אַ יאָר שפּע-

טער האָבן פראַנקרייך און שפּאַניע פאַרטיילט צווישן זיך זייערע „איינפלוס-
ספערן" אין מאראָקאָ; אַ טייל ברעגלאַנד ביים ים מיט טאַנזשער אינדער-
מיט איז אַריבער אונטער שפּאַניעס פּראָטעקטאָראַט, און עס איז געקומען אַ
באַרואיקונג. די נייע רעכטלעכע לאַגע פון יידן איז נאָך איןביידע טיילן
מאַראָקאָ — פראַנצויזישן און שפּאַנישן — נישט אויסגערעגולירט געוואָרן,
אָבער זייער פערזענלעכע זיכערקייט איז געווען גאַראַנטירט. פעברואַר 1914
האָט דער שפּאַנישער קעניג אַלפאָנס אויפגענומען אין מאַדריד אַ דעפּוטאַ-
ציע פון טאַנזשערער יידן, ער האָט זיי פארזיכערט אין זיינע סימפּאַטיעס
צו יידן און זיי צוגעזאָגט שוץ. אָט אזוי איז געשען, אַז 422 יאָר נאָכן גירוש-
שפּאַניע האָט דער שפּאַנישער קעניג אויפגענומען די אייניקלעך פון די אַמאָליקע
אַרויסגעטריבענע—אַלס זייער שיצער און היטער. מ'האָט זיך געקאָנט ריכטן
אויף אַ שלום-אַקט צווישן ביידע היסטאָריש-צעשיידטע פעלקער, דורך די
מאַראָקאַנער ספרדים וואָלט געקאָנט קומען דער ווידערגעבורט פון יידן אין
שפּאַניע (יענע האָבן זיך נאָך פריער געהאַט אָנגעהויבן באַזעצן אין פאַר-
שידענע טיילן מלוכה), — אָבער באַלד איז געקומען דער וועלט-קריג, און
אַלע אינטערנאַציאָנאַלע באַציאונגען זענען צעמישט געוואָרן.

מיט צוויי יאָר פריער האָט איטאַליע פאַרנומען אַן אַנדער געביט
אויפן צפון-ברעג אַפריקע — ט ר י פ אָ ל י ס, וואָס האָט געהערט צו טערקיי.
איטאַליע האָט דאָ געהאַט אירע האנדלס-אינטערעסן און אַ היפּשע צאָל אונ-
טערטאַנען; האָט זי גלייכצייטיק אַוועקגעשיקט אַן אולטימאַטום קיין קאָנ-
סטאַנטינאָפּאָל און דעם קריגס-פלאָט קיין טריפּאָלי. הארבסט 1911 איז דאָס
לאַנד פאַרנומען געוואָרן דורך איטאַליענער, און אין אַ יאָר ארום איז שוין
געווען געשלאָסן מיט טערקיי אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן צו איטאַליע איז אַרי-
בער טריפּאָליס מיט דער דערבייאיקער ק י ר ע נ אַ י ק ע, יידנס אַן אַלט
וואוינאָרט. נאָך דריי צענדליגג טויזנט יידן פון פינסטערער אַפריקע זענען
אַריבער אונטער דער פאַרוואַלטונג פון אַ ציוויליזירטער מדינה. זיי האָבן
פאַרמאָגט קלענערע קהילות אין דער הויפּטשטאָט טריפּאָלי, אין בענגאַזי און
אַנדערע ערטער, און די נייע מאכט האָט אָנערקענט זייער ביז אהעריקע אוי-
טאָנאָמיע, איינגעשלאָסן אויך דאָס רעכט צו האָבן אַן אייגן געריכט, אַזוי
ווי פראַנקרייך האָט דאָס געטאָן אין טוניס.

אַזוי אַרום איז תחילת 20-טן יאָרהונדערט גאַנץ צפון-אַפריקע שוין
געווען אונטער דער פאַרוואַלטונג אָדער פּראָטעקטאָראַט פון די אייראָפּעאישע
מלוכות. ע ג י פּ ט ן איז שוין לאַנג, פון 1882, געווען אונטער ענגלאַנדס פּראָ-
טעקטאָראַט. אין 1907 איז דאָ געווען אַ קליינע יידישע באַפעלקערונג: צוויי
געמיינדעס אין קאַיראָ און אַלעקסאַנדריע, צו צען טויזנט מאַן אין יעדע-
רער, און קלענערע גרופּעס אין אַנדערע ערטער; אָבער די דאָזיקע קאָלאָ-
ניע האָט געהאַט פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט: דער וועלט-האַפן אַלעקסאַנ-

דריע, סועצער קאנאל און די נאָענטקייט פון באַנייטער פּאַלעסטינע — האָבן געדאַרפט צוריקגעבן דעם אַלטן יידישן צענטער אין עגיפּטן זיין אַמאָליקע באַדייטונג. — מיטן אַריינדרונגען פון איטאַליענער קיין אַ ב י ס י נ י ע און מיט זייער פּאַפּעסטיקן זיך אין דעם געביט עריטרעאַ, איז אויפגעקומען ביי די מערב-יידן אַ אינטערעס צום גורל פון די „פאלאשן" — די פאַרלוירענע יידישע איינוואוינער פון דער אַלטער עטיאָפּיע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי ביבלישער רעליגיע געמישט מיט אייגענע מסורות. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די צאָל פאלאשן פאַלט מיט יעדן יאָר, ווייל די אייראָפּעאישע מיסיאָנערן ציען זיי אַריין אין קריסטנטום. וועגן דעם האָט באַקאַנט געמאַכט דער רייזנדער אָריענטאַליסט פייטלאָוויטש (אַ געבוירענער אין רוסיש פּוילן), וועלכער האָט שטודירט מזרח-שפּראַכן אין פּאַריז. אויפן אויפטראָג פון באַראָן עדמאָנד ראָטשילד, איז פייטלאָוויטש געפאָרן קיין אַביסיניע אין 1904 און דאָרט זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די פּאלאשן, וואָס זייער צאָל איז, לויט זיין פעסטשטעלונג געווען ביי 50.000. די יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער אין אייראָפּע האָבן באַשלאָסן נישט צו דערלאָזן, אַז די פאַלאַשן, וואָס האָבן איינגעהאַלטן די יידישע אמונה, — מעגלעך, פון די גאָר-עלטסטע צייטן, זאָלן פאַרשוואונדן ווערן. צו דעם צוועק איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט „Pro Falachas" אין פלאָרענץ, אונטער דער אָנפירונג פון אָרטיקן ראַבינער מארגאָליאָט. אין 1913 האָט דער קאָמיטעט איבערגעגעבן פייטלאָוויטשן צו עפענען אין דער איטאַליענישער קאָלאָניע עריטרעאַ אַ סעמינאַר אויף צוצוגרייטן יינגע פאלאשן אַלס לערער אין די שולן, וואָס מ'וועט עפענען פאַר זייעריקע אין אַביסיניע.

אַלס רעזולטאַט פון דער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק איז געקומען אייראָפּעס נייער אַריינדרינגען קיין אַ ז י ע, און דאָס האָט אויפגעוועקט דעם שוין לאַנג איינגעשלאָפענעם יידישן קבוץ אויך אין דעם טייל וועלט. נאָר איין פּאַלעסטינע איז אויפגעוועקט און טיילווייז באַנייט געוואָרן אַ דאַנק די אָנשטרענגונגען פון יידישע פּיאָנערן; אין די איבריקע פּראָווינצן פון אַזיאַטישער טערקיי — סיריע, קליינאַזיע, מעסאָפּאָטאַמיע — האָט אויסגעטראָגן די קולטורבאַנייאונג די אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטיע, וועלכע האָט דערביי געהאַט אירע פּערזענלעכע אינטערעסן. דער אייראָפּעאישער ריזן-שפּין — באַגדאַדער אייזנבאַן, וואָס האָט זיך געבויט ביי קעגנזייטיקער קאָנקורענץ פון דייטשלאַנד און ענגלאַנד, — האָט שוין זיינע פינגער אויסגעצויגן צו דער מלוכה פון אויסגעלאָשענער קולטור, צו די חורבות פון אַמאָליקן באַגדאַד-קאַליפאַט, וואָס די אָטאָמאַנישע מלוכה איז עס געווען איר אומווירדיקער יורש. ס'האָט אויסגעוויזן צו זיין נאָענט די צייט, ווען די טויטע יידישע קהילות פון באַגדאַד (52.000), סמירנע (18.000), אַלעפּאָ (15.000) דמשק (10.000) וועלן זיך דערמאנען זייער לעבנספולע יוגנט, דעם

